די זעקס סדרים

# מִשְׁנָיוֹת

מיט נקודות

איבערזעצונג און פירוש אין יידיש פון

שמחה פיעטרושקא

פערטער באנד

## סֵדֶר נְזִיקִין



רעווידירטע אויסגאבע

גלעד פארלאג

ניו יארק תשט"ו

# THE MISHNAH

with fully vocalized text

Translation and Commentary in Yiddish by

DR. SYMCHA PETRUSHKA

*volume four: Nezikin*



revised edition

THE GILEAD PRESS

New York 1955

# *Nezikin*

**A HISTORICAL NOTE:**

The Mishna is a collection of teachings opinions and legal decisions covering a wide range of topics—agricultural, legislative, domestic, commercial and philosophical, as well as the rituals and ethics of Jewish tradition. The work of the schools of the Tannaim, it was developed during the first two centuries of the common era, and compiled by Rabbi Judah the Prince (ca. 200). It served as the starting point and basis of the vast Talmudic and Rabbinical literatures. Next to the Bible, it is the most important book of Judaism.

The Mishna consists of six orders, divided into treatises, subdivided into chapters and finally into 4,187 paragraphs.

**NEZIKIN ("damages") is the fourth order of the Mishna. It deals with civil and criminal law, such as property rights and legal proceeding. This order also includes the most well-known section of the Mishna, PIRKEI ABOTH, which contains religio-ethical sayings of the Fathers of the Synagogue.**

# הקדמה

דער משורר התהלים, דער „נעים זמירות ישראל״, זאָגט אונז אָן אין קאַפּיטל קלז דעם „אם לא אעלה ירושלים על ראש שמחתי״, אַז ביי דער גרעסטער שמחה זאָל מען דערמאָנען ירושלים, דעם חורבן ירושלים. עס איז ביי מיר א זייער גרויסע פרייד, א יום טוב, וואָס איך האָב זוכה געווען ארויסצוגעבן דעם פירטן חלק פון משניות, סדר נזיקין, מיט דער איבערזעצונג און פירוש אין יידיש, און „על ראש שמחתי״, אין דער הקדמה וואָס איך שרייב איצט צום סיום פון דאָזיקן סדר, איז עס מיין חוב אָנצוהויבן מיט דעם חורבן האומה פון אונזער דור.

אין די לעצטע חדשים האָב איך באַקומען עטליכע בריף פון א פּאָר באַקאַנטע, וועלכע האָבן זיך ווי דורך א נס געראַטעוועט אין פּוילן פון דעם הרג וחרב ואבדון, פון די מיתות משונות און עינויים קשים, אין וועלכע עס זענען אומגעקומען די מיליאָנען יידן, די טויזנ-טער יידישע קהלות. די דאָזיקע עטליכע באַקאַנטע וועלכע האָבן אליין צוגעזען דעם להשמיד ולהרוג ולאבד, ווי מען האָט געפירט זייערע נאָנטסטע צו דער שחיטה, קאָנען קיין ווערטער ניט געפינען ווי עס אָנצורופן.

דער גרויסער מפרש און מלוכה-מאַן דון יצחק אברבנאל, דער פי-רער פון די מגורשי ספרד, אין זיין הקדמה צום ספר „מעיני הישועה״, איידער ער גיט די מוראדיקע באַשרייבונג פון דעם חורבן פון גירוש שפּאַניען, וועלכן ער אליין האָט איבערגעלעבט, גיט ער צוערשט די באַשרייבונג פון דעם גלאַנץ און פּראַכט פון די יידן אין שפּאַניען, און ער הייבט אָן מיט די ווערטער „כי חלק ה׳ עמו היה גלות ירושלים אשר בספרד״, ווי דאָס שפּאַנישע יידנטום איז געווען דער „עם סגולה לתהלה לשם ולתפארת״, רייך אין חכמה און לומדות און צדקה און מידות טובות, — און ווי דערנאָך איז דאָס אלץ פאַרניכטעט געוואָרן, בחרב ורעב ודבר, א חורבה שממה. דער אברבנאל אליין דערציילט דאָרט, אַז דער גרויסער חורבן האָט אָנגערירט 300 טויזנט יידן בעת דעם גירוש שפּאַניע. ווי אזוי זאָלן מיר אָנהויבן וועגן דעם כליון ואבדון פון זעקס מיליאָן יידן, צען מאָל אזוי פיל ווי די יוצאי מצרים, וועגן דעם בחיר האומה, דאָס שענסטע און בעסטע פון יידישן פאָלק, די מאורים ומורים אין אלע הינזיכטן, אין לומדות און חסידות און חכמה און וויסנשאַפט און געזעלשאַפטליכקייט און נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין, דער

# הקדמה

רוב בנין פון אונזער אומה? און יעדער פון אונז האָט דאָך געהאַט צווישן זיי זיינע סאמע נאָנטסטע און בעסטע קרובים און פריינט און באקאנטע, וועלכע זענען אומגעקומען כצאן לטבח יובל, נאָכדעם ווי מען האָט זיי אָפּגעפּייניקט מיט די מוראדיקסטע עינויים. דון יצחק אברבנאל אין אן אנדער אָרט אין זיין ספר, אין אָנהויב פון זיין פירוש צום ספר מלכים, נאָכדעם ווי ער באשרייבט דעם חורבן פון גירוש מיט די ווערטער „עד כי ספו תמו מן בלהות ונשארו מעט מזעיר״, ענדיקט ער מיט די ווערטער „יהי שם ה׳ מבורך״.

אין דער איבערזעצונג און פירוש פון דאָזיקן פירטן חלק, סדר נזיקין, האָב איך מיך געהאלטן ביי דיזעלביקע כללים, אויף וועלכע איך האָב אָנגעוויזן אין די הקדמות צו די פריערדיקע דריי סדרים „זרעים״, „מועד״, „נשים״, דהיינו, די איבערזעצונג פון יעדן שטיקל משנה ווערט געגעבן מיט דינע אותיות, און דער פירוש ווערט געגעבן מיט דיקערע, שווארצע אותיות. אין פירוש האָב איך מיך געשטיצט אויף די מפרשים ראשונים ואחרונים (רשי, בעלי תוספות, רמבם, ברטנורא, תוספות יום טוב, מלאכת שלמה, און די הגהות פון ר׳ עקיבא איגר, רש״ש און אַנדערע), אויך אין סדר נזיקין האָב איך מיך באמיט צו געבן צוגאָב-דערקלערונגען, פילאָלאָגישע (ווערטער וועלכע שטאמען פון פרעמדע שפראכן, דער עיקר פון גריכיש און לאטיין), היסטאָרישע, און „רעאליע״, דאָס טאָג-טעגליכע לעבן פון יידן אין דער צייט פון דער משנה (מסחר, וואָגן, מאָסן, אגריקולטור, וואוינונגען, מלבושים) כדי דאדורך בעסער צו פארשטיין די ווערטער פון דער משנה.

ביים שרייבן די הקדמה איז מיר אָנגעקומען די ידיעה וועגן טויט פון מיין זייער נאָנטן פריינט ר׳ בן ציון הערץ ז״ל אין ברוקלין, וועל-כער האָט מיר פיל געהאָלפן פינאנציעל צו דער משניות-אויסגאבע. יהי זכרו ברוך.

די דאָזיקע הקדמה שרייב איך היינט אין טאָג פון יאָרצייט פון מיין פאָטער זכרונו לברכה ר׳ ישראל יצחק פיעטרושקא ע״ה, וועלכער איז נפטר געוואָרן אין ארץ-ישראל אין תל אביב ה׳ אייר ת״ש, ויהי זכרו ברוך.

ה׳ אייר תש״ז, מאָנטרעאל.

**שמחה פיעטרושקא.**

# מַפְתְּחוֹת

## פִּרְקֵי הַמִּשְׁנָה הַנִּמְצָאִים בְּסֵדֶר נְזִיקִין עַל פִּי א׳ ב׳.

# סֵדֶר נְזִיקִין
## תוכן—אינהאלט



## מַפְתֵּחַ

**פארצייכנונג פון אלע תנאים דערמאָנט אין דעם משניות.**

**דער נאָמען פון יעדן פרק אין א"ב בוכשטאבן. דער נאָמען פון דער משנה אין נומערן.**

ר' אלעזר בן ערך. אבות ב' 8, 9, 14.

ר' אלעזר בן שמוע. אבות ד' 12.

אנטיגנוס. אבות א' 3.

בית הלל ובית שמאי. ב"מ ג' 12. ב"ב ט' 8, 9. עדיות א' 7—14. ג' 10. ד' 1—12. ה' 1—5.

ביתוס בן זונין. ב"מ ה' 3. ע"ז ה' 2.

בן בג בג. אבות ה' 22.

בן בתירה. ע"ז א' 6.

בן הא הא. אבות ה' 23.

בן זומא. אבות ד' 1.

בן זכאי. סנהדרין ה' 2. s. ר' יוחנן בן זכאי.

בן ננס. ב"ב ז' 3. י' 8. שבועות ז' 5.

בן עזאי. ב"ב ט' 10. אבות ד' 2. הוריות א' 2.

בן ציון. עדיות ח' 7.

ר' גמליאל. ב"מ ה' 8, 10. ב"ב ט' 1. שבועות ו' 3. עדיות ג' 9, 10. ז' 7 (ח' 3) ע"ז ג' 4. אבות א' 16.

ר' גמליאל בנו של ר' יהודה הנשיא. אבות ב' 2.

ר' דוסא בן הרכינס. עדיות ג' 1—6. אבות ג' 11.

ר' דוסתאי בן ינאי. אבות ג' 9.

הלל. ב"מ ה' 9. עדיות א' 1—4. אבות א' 12. ב' 4.

ר' זכריה בן הקצב. עדיות ח' 2.

ר' חלפתא בן דוסא. אבות ג' 6.

ר' חנינא בן גמליאל. ב"ב י' 1.

ר' חנינא בן דוסא. אבות ג' 10.

ר' חנינא סגן הכהנים. עדיות ב' 1, 2. אבות ג' 2.

ר' חנניה בן גמליאל. מכות ג' 15.

ר' חנניה בן חכינאי. מכות ג' 9. אבות ג' 4.

ר' חנניה בן עקשיה. מכות ג' 16.

ר' חנניה בן תרדיון. אבות ג' 2.

ר' טרפון. ב"ק ב' 5. ב"מ ב' 7. ד' 3. מכות א' 10. עדיות א' 10. אבות ב' 15.

ידוע הבבלי. ב"מ ז' 9.

ר' יהודה. ב"ק ב' 4. ג' 1, 9. ד' 2, 7, 9. ו' 5, 6. ח' 3, 6. ט' 4, ב"מ ב' 1, 6. ג' 8, 11. ד' 4, 5, 9, 12. ה' 7. ו' 7. ז' 9. ט' 5, 6. י' 3, 6. ב"ב א' 6. ב' 5, 14. ג' 2, 6. ד' 1. ה' 1, 2, 8, 9. ח' 7. י' 5, 6. סנהדרין א' 3, 6. ב' 1—4. ג' 3, 4. ד' 3. ה' 3. ו' 2, 3. ז' 2, 3, 4. ח' 4. ט' 1, 3. י' 2. י"א 1, 4. מכות א' 5. ב' 3, 6, 8. ג' 4, 10, 14. שבועות א' 4. ד' 1, 2, 3, 6. עדיות א' 6. ג' 12. ד' 6. ה' 1, 6. ח' 7. ע"ז א' 1, 5, 6, 8. ב' 5. אבות ד' 13. הוריות א' 5.

ר' יהודה בן בבא. עדיות ו' 1. ח' 2.

ר' יהודה בן בתירא. שבועות ג' 6. עדיות ה' 3.

ר' יהודה הכהן. עדיות ח' 2.

ר' יהודה בן טבאי. אבות א' 8.

ר' יהודה בן תימא. אבות ה' 20.

ד' יהושע. ב"ב ט' 7. סנהדרין ז' 11. עדיות ב' 7. ג' 7. ו' 2, 3. ז' 1, 5, 6. ח' 3, 5, 6, 7. ע"ז ב' 5. אבות ב' 8, 9, 11.

ר' יהושע בן בתירא. עדיות ח' 1.

ר' יהושע בן לוי. קנין תורה 2.

ר' יהושע בן מתיה. ב"מ ז' 1.

ר' יהושע בן פרחיה. אבות א' 6.

ר' יהושע בן קרחה. סנהדרין ז' 5.

ר' יוחנן בן ברוקא. ב"ק י' 2. ב"ב ה' 5. שבועות ז' 6. אבות ד' 4.

ר' יוחנן בן זכאי. עדיות ח' 3, 7.

ר' יוחנן בן מתיה. ב"מ ז' 1.

ר' יוחנן בן נורי. ב"מ ג' 7. עדיות ב' 10.

ר' יונתן. אבות ד' 9.

ר' יוסי. ב"ק ד' 7. ב"מ ג' 2, 4, 5. ה' 7. ח' 8. י' 2. ב"ב א' 3. ב' 10, 11. ה' 7. י' 5, 6. סנהדרין ג' 4. ה' 1. ו' 4. ח' 2. ט' 4. מכות א' 8, 9. שבועות ז' 4. עדיות א' 2. ה' 2. ע"ז א' 8. ב' 7. ג' 3, 8. אבות ד' 6.

ר' יוסי הגלילי. ב"ק ח' 6. ב"מ ב' 10. סנהדרין י' 6. מכות ב' 7. ע"ז ג' 5. הוריות ב' 5.

ר' יוסי הכהן. עדיות ח' 2. אבות ב' 8, 9, 12.

# ראשי־תיבות — ווערטער־פארקירצונגען

---

| | |
|---|---|
| א״ר | אמר רבי |
| ב״ה | בית הלל |
| בה״א | בית הלל אומרים |
| ב״ש | בית שמאי |
| בש״א | בית שמאי אומרים |
| דב״ה | דברי בית הלל |
| דב״ש | דברי בית שמאי |
| ד״ר | דברי רבי |
| ה׳ | השם |
| הגר״א | הגאון ר׳ אליהו (דער ווילנער גאון) |
| וחכ״א | וחכמים אומרים |
| נ״א | נוסח אחר |
| ע״א | עבודת אלילים |
| ע״ז | עבודה זרה |
| עכו״ם | עבודת כורבים, עובד כוכבים, עובדי כוכבים |
| ר׳ | רבי |
| ראב״ד | רבנו אברהם בן דוד |
| רא״ש | רבנו אשר |
| ריטב״א | רבנו יום טוב בן אברהם אישבלי |
| ר״י | רבנו יצחק, רבנו יהודה, רבנו יצחק בן מלכי צדק |
| ריב״ן | ר׳ יצחק בר נתן, ר׳ יהודה בר נתן |
| ריב״ש | ר׳ יצחק בר ששת |
| רי״ף | ר׳ יצחק אלפסי |
| רמ״א | רבנו משה איסרליס |
| רמב״ם | רבנו משה בן מיימון |
| ר״ן | רבנו נסים |
| ר״ח | רבנו חננאל |
| ר״ש | רבנו שמשון |
| רשב״א | רבנו שלמה בן אדרת |
| רשב״ם | רבנו שמואל בן מאיר |
| רש״י | רבנו שלמה יצחקי |
| ר״ת | רבנו תם |
| ש״ס | ששה סדרים |
| תנך | תורה, נביאים כתובים |

# נְזִיקִין

סדר „נזיקין״ גאָר אַמאָל, אין דער צייט פון דער גמרא, האָט מען מיט „נזיקין״ אָנגערופן ניט נור דעם גאנצן סדר, נאָר אויך די ערשטע דריי מסכתות פון סדר „בבא קמא״, „בבא מציעא״ און „בבא בתרא״ זענען געווען איין מסכתא און זי האָט געהייסן מסכתא „נזיקין״. די גמרא אין בבא קמא ק״ב זאָגט „כולה נזיקין חדא מסכתא היא״, גאנץ נזיקין איז איין מסכתא, און זי מיינט דערמיט די דריי בבות. אויך דער רמבם רעכנט די דריי בבות פאר איין מסכתא. נאָר ווייל די דאָזיקע נזיקין-מסכתא איז געווען צו-לאנג, דרייסיק פרקים, האָט מען זי איינגעטיילט אין דריי באזונדערע מסכתות, צו 10 פרקים אין יעדער פון זיי, און מען האָט אַ נאָמען געגעבן די ערשטע „בבא קמא״ („ערשטער טויער״) און די צווייטע „בבא מציעא״ („מיטלסטער טויער״) און די לעצטע „בבא בתרא״ („לעצטער טויער״).

די ערשטע מסכתא „בבא קמא״ לערנט די הלכות וועגן שאדנס, נזקים, וואָס איין מענטש טוט אַן אַנדערן מענטש און פאר וועלכע דער שאדן-טוער דארף באצאָלן. עס ווערן אין דער דאָזיקער מסכתא אויך געלערנט די דינים וועגן גנבה, וויפיל דער גנב דארף באצאָלן, און וועגן קערפערליכע שאדנס, ווי ווען איינער צעשלאָגט דעם אנדערן.

די צווייטע מסכתא בבא מציעא לערנט אין די ערשטע פרקים די הלכות וועגן „מציאות״, ווען איינער געפינט פארלוירענע זאכן, וואָס ער דארף טאָן מיט זיי. אין דריטן פרק ווערן געלערנט הלכות וועגן פקדונות, ווען איינער גיט צו באהאלטן זאכן צו אן אנדערן און מיט די זאכן איז עפיס געשען. אין פירטן פרק ווערן געלערנט די הלכות וועגן „קנינים״, ווי אַזוי מען קאָן קויפן א זאך און אויך די הלכות וועגן „אונאה״ אז מען טאָרניט אָפּנארן ביים קויפן און פארקויפן זאכן. אין די ווייטערדיקע פרקים ווערן געלערנט די הלכות וועגן פארבאָט צו נעמען פראָצענט (ריבית) פאר באָרגן געלט, וועגן אָפּמאכן און התחייבותן צווישן בעלי בתים (ארבייטס-געבער) און בעלי מלאכות (ארבייטס-נעמער) און שומרים (מענטשן וואָס נעמען זאכן צום היטן), און ארענדאטאָרן („קבלנים״ און „אריסים״, מענטשן וועלכע דינגען פעלדער), און דינגען הייזער צום וואוינען.

די דריטע מסכתא בבא בתרא לערנט די הלכות וועגן שותפים פון הייזער און פעלדער און זייער צעטיילונג; וועגן „שכנים״, וואָס איין מענטש מעג טאָן אָדער טאָרניט טאָן ביי זיך אין פעלד צי אין הויז כדי זיינע שכנים זאָלן דערפון ניט האָבן קיין שאדן; וועגן „חזקות״ (דאָס רעכט וואָס א מענטש האָט, ווייל ער האָט זיך באַנוצט מיט דעם דאָזיקן רעכט א געוויסע צייט). אין די ווייטערדיקע פרקים ווערן גע־לערנט די הלכות וועגן זאכן-פארקויף, ווי למשל אז איינער האָט פארקויפט צו אן אנדערן א הויז צו א פעלד צו א שיף, צו בהמות, וועל־כע זאכן האָט ער מיטפארקויפט דערמיט און וועלכע גייען ניט אין דעם פארקויף. דערנאָך קומען די הלכות וועגן ירושות און וועגן וועקסלען.

די פירטע מסכתא איז „סנהדרין״, און זי לערנט די הלכות וועגן די יידישע געריכטן, פון וויפיל דיינים דארף באשטיין בית דין פאר סכסוכים אין געלט-זאכן און פון וויפיל דארף באשטיין א בית דין פאר אנדערע שטראָפן, און דער עיקר פאר פראָצעסן פון טויט-שטראָפן. אין דער דאָזיקער מסכתא ווערט אויך געלערנט· ווי אזוי מען האָט אויסגעפאָרשט עדות און ווי אזוי עס איז בכלל צוגעגאנגען א פראָצעס אין א יידיש געריכט, און דער צוזאמענשטעל פון גרויסן סנהדרין אין ירושלים. עס ווערן אויך געלערנט וועגן די פיר סאָרטן טויט־שטראָפן וואָס מען האָט געגעבן פאר פארשידענע עבירות.

די פיפטע מסכתא איז מכות, וועלכע לערנט וועגן די שטראָפן פאר פאלשע עדות (זוממין), זוין וועגן דער גלות-שטראָף פאר הרגע־נען א מענטש אומגערן (בשוגג), און וועגן קלעפ-שטראָף (מלקות) פאר פארשידענע עבירות. די מסכתא ווערט גערופן „מלקות״. עס איז פא־ראן א סברא, אז סנהדרין און מכות זענען געווען איין מסכתא.

די זעקסטע מסכתא איז „שבועות״, אין וועלכער עס ווערט גע־לערנט די שטראָפן פאר פארשידענע סאָרטן פאלשע שבועות, ווי סתם פאלשע שבועות, שבועות פון עדות, וועלכע שווערן פאלש אז זיי ווייסן ניט עדות צוזאָגן, פאלשע שבועות וועגן געלט-זאכן. אין אָנ־הויב פון דער מסכתא ווערן געגעבן אגב אורחא הלכות וועגן מענטשן וועלכע זענען געוואָרן טמא און זיי האָבן געגעסן קרבנות אָדער זיי זענען אריינגעגאנגען אין בית המקדש, און די שטראָפן דערפאר.

די זיבעטע מסכתא איז עדיות. דאָס איז א זאמלונג פון הלכות וועגן פארשידענע ענינים, און וועגן א סך פון די דאָזיקע הלכות האָבן תנאים עדות געזאָגט אין דער גרויסער ישיבה אין יבנה נאָכן

חורבן פון צווייטן בית המקדש און אויך שפּעטער ווען די חכמים פון דער ישיבה האָבן זיך צוקריגט מיט דעם נשיא רבן גמליאל און האָבן אַנשטאָט אים געמאכט פאר ראש ישיבה דעם תנא ר׳ אלעזר בן עזריה.

די אכטע מסכתא איז עבודה זרה, און זי לערנט די הלכות וועגן ניט דינען עבודה זרה, ניט פירן קיין האנדל מיט געצנדינער אין די טעג פון זייערע חגאות; וועגן ניט ניצן יין נסך (ווייַן וואָס געצנדינער גיסן פאר זייער עבודה זרה) און סתם גויאישן וויין.

די ניינטע מסכתא איז אבות, דאָס איז א זאמלונג פון ווערטער, דברי מוסר, וועגן דער אויפפירונג פון מענטש, ווי ער זאָל זיך נוהג זיין, גוטע מידות, וועגן דער חשיבות פון לערנען תורה און טאָן מצוות, וועלכע זענען ארויסגעזאָגט געוואָרן דורך א סך תנאים פון דער משנה פון דער עלטערער צייט ביז ר׳ יהודה הנשיא (רבי) דעם מסדר פון דער משנה, און זיין זון רבן גמליאל הנשיא.

די צענטע מסכתא איז „הוריות״, וועלכע לערנט די הלכות וואָס דאַרף געטאָן ווערן ווען דאָס בית דין האָט געפסקנט פאלש מתיר צו זיין א הארבע עבירה; און אגב ווערן אויך געבראכט הלכות וועגן כהן גדול און זיין חשיבות.

וועגן יעדער פון די דאָזיקע מסכתות געבן מיר באזונדער אין דער הקדמה צו יעדער מסכתא.

אויף דעם סדר נזיקין זענען פאראןביידע גמרות, ירושלמי און בבלי, א חוץ אויף די מסכתות עדיות און אבות, אויף וועלכע עס איז ניט פאראן קיין גמרא. תוספתא איז פאראן אויף אלע מסכתות, א חוץ אויף אבות, צו וועלכער עס איז אַנשטאַט תוספתא פאראן א ברייתא אבות דר׳ נתן.

# בבא קמא

## פרק א.



### הקדמה

בבא קמא איז די ערשטע מסכתא אין משניות פון סדר „נזיקין". פון דער גמרא בבא קמא ק״ב („כולה נזיקין חדא מסכתא היא", „גאנץ נזיקין איז איין מסכתא") איז צו זען, אז א חוץ דעם וואס דער גאנצער סדר משניות האט געהייסן „נזיקין", זענען אמאל אלע ערשטע דריי מסכתות („בבא קמא", „בבא מציעא" און „בבא בתרא") געווען איין מסכתא, און די דאזיקע מסכתא האט אויך געהייסן „נזיקין", נאר ווייל זי איז געווען צו-גרויס האט מען זי איינגעטיילט אין דריי טיילן, און מען האט דעם ערשטן טייל א נאמען געגעבן „בבא קמא" („דער ערשטער טויער", „בבא" איז אין אראמעאיש דער טייטש „טויער", און „קמא" — „דער ערשטער"), און דעם צווייטן טייל „בבא מציעא" („דער מיטלסטער טויער") און דעם לעצטן טייל „בבא בתרא" („דער לעצטער טויער").

אין דער דאזיקער ערשטער מסכתא בבא קמא ווערן געלערנט די הלכות וועגן „נזקין", וועגן שאדנס, דאס הייסט, אז אויב איינער טוט א שאדן דעם צווייטן דארף ער באצאלן פאר דעם שאדן. אין חומש שמות כ״א און כ״ב ווערט געלערנט וועגן פארשידענע סארטן שאדנס, וואס א מענטש טוט דעם צווייטן מענטש און ער דארף אים דערפאר באצאלן. און ניט נאר ווען דער מענטש אליין טוט דעם שאדן, נאר אפילו ווען א זאך וואס געהערט צו אים האט געטאן דעם שאדן, דארף ער דערפאר באצאלן. די משנה אין בבא קמא לערנט די פרטים וועגן די דאזיקע שאדנס און וועגן די באצאלונגען דערפאר. אין בבא קמא ווערן אויך געלערנט (אין די פרקים ז׳ און ט׳ און י׳) די דינים וועגן באצאלן פאר גנבה און גזלה, און אין פרק ט׳ וועגן באצאלן פאר פארוואונדן א מענטש.

### פרק א.

א. ארבעה, פיר פאטערס פון שאדנס זענען פאראן: אן אקס (שור), א גרוב (בור), א צאן פון א בהמה (מבעה), און א פייער (הבער). מיט 4 „פאטערס פון שאדנס" (אבות נזיקין) מיינט מען 4 הויפט-סארטן פון שאדנס, וועגן וועלכע עס ווערט געלערנט אין דער תורה, אין חומש שמות כ״א און כ״ב, אז מ׳דארף פאר זיי באצאלן. יעדער פון די דאזיקע פיר סארטן שאדנס הייסט „אב", א „פאטער", ווייל עס זענען פאראן אנדערע שאדנס וואס זענען ענליך צו אים, און זיי זענען ווי זיינע „קינדער" (תול־דות), און מען דארף אויך פאר זיי באצאלן. די משנה זאגט דא, אז די פיר הויפט־שאדנס זענען: א) אן „אקס", „שור", און די גמרא טייטשט, אז דאס מיינט, אז אויב א בהמה אדער יעדע אנדערע לעבעדיקע זאך וואס געהערט צו א מענטש, למשל, צו ראובן, איז אריינגעגאנגען אין דעם הויף (רשות) פון א צווייטן, פון שמעון, און האט דארט מיט דעם פוס („רגל") געטראטן אויף שמעונ׳ס כלים, וואס זענען דארט געשטאנען, דארף ראובן באצאלן שמעונען פאר די כלים. וועגן „רגל", טאן שאדן דורך צעטרעטן מיט די פיס, זאגט די גמרא, אז דאס איז פאראן אין חומש שמות כ״ב, ד׳ „ושלח את בעירה" (און ער וועט שיקן זיין בהמה). און דאסווארט „ושלח" מיינט דעם פוס (א רמז דערצו געפינט די גמרא אין ישעיה ל״ב „משלחי רגל השור והחמור"). דאס איז דער הויפט־סארט פון שאדן, „רגל" צעטרעטן מיטן פוס; אבער אויך אויב די בהמה גייענדיק צעברעכט כלים אדער טוט אנדערע שאדנס, ניט מיטן פוס נאר מיט איר קערפער, אדער פארטשעפנדיק זאכן מיט אירע האר אדער מיט זאכן וואס ליגן אויף איר, דארף מען אויך באצאלן פאר די שאדנס. דאס

אָבוֹת נְזִיקִין, הַשּׁוֹר, וְהַבּוֹר, וְהַמַּבְעֶה, וְהַהֶבְעֵר. לֹא הֲרֵי הַשּׁוֹר כַּהֲרֵי

הַמַּבְעֶה, וְלֹא הֲרֵי הַמַּבְעֶה כַּהֲרֵי הַשּׁוֹר, וְלֹא זֶה וָזֶה שֶׁיֵּשׁ בָּהֶן רוּחַ

איז די „תולדה״ פון „רגל״. ב) דער צווייטער הויפּט־סאָרט פון שאדן אין דער משנה איז „א גרוב״, „בור״. וועגן דעם איז פאראן בפירוש אין חומש שמות כ״א, ל״ג, און די גמרא טייטשט אויס דעם פּסוק, אז איינער, ראובן, גראָבט־אויס א גרוב און האָט אים ניט צוגעדעקט אָדער ער עפנט אויף א פארמאכטן גרוב (די גמרא זאָגט, אז דאָס מיינט מען אין רשות הרבים, אין דער גאס און אין יעדן אָרט, וואָס געהערט צו אלע מענטשן, אלע גייען דאָרטן) און עס איז דאָרט אריינגעפאלן א בהמה צי אן אנדערע לעבעדיקע זאך (א חוץ א מענטש) און זי איז געהרגט געוואָרן, איז אויב דער גרוב איז געווען טיף ניט ווינציקער פון 10 טפחים (6 טפחים זענען א איל ) דארף ראובן באצאָלן פאר דער בהמה. און אויב די בהמה האָט זיך צעקלאַפּט, צעשעדיקט, דארף ראובן באצאָלן אפילו ווען דער גרוב איז ניט טיף קיין 10 טפחים. די „תולדה״ פון „גרוב״ איז אז ראובן שפּייט אויס אויף דער גאס און א בהמה האָט ארויפגעטראָטן אויפן שפּייעכץ און זיך אויסגעגליטשט און זיך צעשעדיקט, דארף ראובן באצאָלן פאר דעם שאדן. ג) דער „צאָן״, „מבעה״, דאָס איז דער דין פון חומש (שמות כ״ב) אז אויב איינעמס א בהמה גייט אריין אין א פרעמד פעלד און עסט דאָרט אָפּ די תבואה דארף דער בעל הבית פון דער בהמה באצאָלן פאר דעם שאדן. דאָס הייסט „שן״, צאן״, אפּעסן. אין דער משנה הייסט עס „מבעה״, ווי די גמרא זאָגט, אזוי ווי אין עובדיה א׳ „נבעו״, אָפּגעדעקט, ווייל דער צאָן איז טיילמאָל צוגעדעקט און טיילמאָל אָפּגעדעקט. אין אונזער פּירוש צו מסכתא פּאה פּרק ד׳ משנה ה׳ (שלש אבעיות ביום) האָבן מיר נאָכגעוויזן פון רש״י אויף ישעיה א׳ צום פּסוק „כמלונה במקשה״ אז „בעה״ איז דער טייטש „אראָפּנעמען תבואה״. די תולדה פון מבעה (פון „שן״) איז יעדער שאדן וואָס די בהמה (אָדער יעדע אנדערע לעבעדיקע זאך) טוט פאר איר הנאה וועגן; למשל ווען א בהמה קראצט זיך אין א וואנט ווייל עס בייסט איר, און זי ווארפט אום די וואנט. ד) „הבער״, פייער. דאָס איז פאראן אין חומש שמות כ״ב אז ווען איינעמס א פייער פארשפּרייט זיך צו א צווייטן אין פעלד און פארברענט דאָרט תבואה, דארף דער בעל הבית פון פייער באצאָלן פאר דעם שאדן. די „תולדה״ דערפון איז, למשל, אויב איינער לייגט ארויף אויף זיין דאך זיינע שטיינער אָדער א מעסער אָדער סתם זאכן, און א געוויינטליכער ווינט האָט זיי אראָפּגעוואָרפן פון דאך, און ביים פאלן האָבן זיי געטאָן שאדן; דאָס איז אזוי וְוי פייער, וואָס טראָגט זיך אריבער פון איין אָרט אויפן אנדערן אָרט. — די גמרא פרעגט, פאר וואָס רעכנט ניט די משנה אויך דעם הויפּט־סאָרט פון שאדן וואָס הייסט „קרן״, ווען אן אָקס שטויסט אַן אנדערן אָקס מיט זיין האָרן, און דאָס איז דאָך פאראן אין חומש שמות כ״א? דערויף ענטפערט די גמרא, אז די משנה רעכנט דאָ נור די שאדנס, וואָס מען דארף באלד, ביים ערשטן מאָל טאָן זיי, באַצאָלן פאר דעם גאנצן שאדן; אָבער ביים שאדן דורך שטויסן מיט א האָרן, דארף מען ביים ערשטן מאָל שאדן טאָן (ביי א „תם״) נור צאָלן א האלבן שאדן, ווי מיר וועלן לערנען ווייטער אין דאָזיקן פּרק משנה ד׳. — לא הרי השור, דער (שאדן פון) אָקס (פוס) איז ניט גלייך צום שאדן פון צאָן (מבעה), און דער (שאדן פון) צאן איז ניט גלייך צום שאדן פון אָקס. די גמרא זאָגט, אז די משנה וויל דאָ פארענטפערן די קשיא, צו וואָס האָט די תורה געדארפט זאָגן באזונדער אז אויב די בהמה האָט געטאָן אַ שאָדן מיט איר פוס דארף מען באצאָלן, און באזונדער אז אויב די בהמה האָט געטאָן א שאדן מיט איר צאָן דארף מען באצאָלן. עס וואָלט דאָך גענוג געווען ווען די תורה זאָגט נור וועגן איינס פון זיי (אָדער וועגן פוס אָדער וועגן צאן) און מען וואָלט שוין געקאָנט אָפּלערנען אז אויך פאר דעם אנדערן דארף מען באצאָלן ? דאַרויף ענטפערט די משנה, אז מען וואָלט ניט געקאָנט אָפּלערנען איינס פון צווייטן,

**חַיִּים, כַּהֲרֵי הָאֵשׁ שֶׁאֵין בּוֹ רוּחַ חַיִּים, וְלֹא זֶה וְזֶה שֶׁדַּרְכָּן לֵילֵךְ וּלְהַזִּיק, כַּהֲרֵי הַבּוֹר שֶׁאֵין דַּרְכּוֹ לֵילֵךְ וּלְהַזִּיק, הַצַּד הַשָּׁוֶה שֶׁבָּהֶן**

**מחמת זיי, דער שאדן מיטן פוס (רגל) און דער שאדן מיטן צאָן (שן), זענען ניט גלייך איינער צום אנדערן. די גמרא דערקלערט, פארוואָס זיי זענען ניט גלייך, דהיינו: אויב די תורה וואָלט געזאָגט נור וועגן שאדן מיטן פוס (רגל), וואָלטן מיר געמיינט, אז נור פאר דעם דאָזיקן שאדן דארף מען באצאָלן ווייל עס טרעפט זיך אָפט אז א בהמה צעטרעט מיט די פיס זאכן, עס איז „היזקה מצוי״ (איר שאדן טרעפט זיך אָפט); אָבער פאר דעם שאדן מיטן „צאָן״ („שן״) דארף מען ניט באצאָלן, ווייל עס טרעפט זיך ניט אָפט. אויב ווידער די תורה וואָלט געזאָגט נור וועגן שאדן מיטן „צאן״ (שן) וואָלטן מיר געמיינט, אז נור דערפאר דארף מען באצאָלן ווייל עס איז „יש הנאה להיזקה״, זי, די בהמה, האָט הנאה פון שאדן טאָן (פון עסן), אָבער פאר צעטרעטן מיטן פוס (רגל) דארף מען ניט באצאָלן ווייל די בהמה האָט ניט קיין הנאה דערפון. דאריבער האָט די תורה געמוזט ברענגען ביידע, אי „שן״ („צאָן״) אי „רגל״ (פוס).** — ולא זה וזה, און ניט דער דאָזיקער (דער שאדן מיטן פוס) און ניט דער דאָזיקער (דער שאָדן מיטן צאָן) וועלכע זענען (ביידע) לעבעדיקע זאכן (שיש בהן רוח חיים, זיי האָבן אין זיך א גייסט פון לעבן), זענען ניט גלייך צום פייער, וואָס איז ניט קיין לעבעדיקע זאך. **דאָ ענטפערט די משנה אויף דער קשיא: די תורה האָט דאָך געקאָנט זאָגן אז מען דארף באצאָלן פאר די שאדנס פון פוס (רגל) און פון צאָן (שן), און מיר וואָלטן פון זיי געקאָנט אָפלערנען אז אויך פאר שאדן דורך א פייער דארף מען באצאָלן ? צו־וואָס־זשע האָט די תורה באזונדער געגעבן וועגן באצאָלן פאר שאדנס דורך פייער ? און די משנה ענטפערט, אז פייער וואָלט מען ניט געקאָנט אפלערנען פון פוס און צאָן, ווייל זיי זענען דאָך ביידע שאדנס דורך לע־בעדיקע באשעפענישן און דאריבער דארף מען באצאָלן, אָבער פאר שאדנס דורך פייער, וואָס איז ניט קיין לעבעדיק באשעפעניש וואָלט מען געמיינט אז מען דארף ניט באצאָלן; דאריבער האָט די תורה געגעבן א באזונדערן פסוק וועגן באצאָלן פאר שאדנס דורך פייער.** ולא זה וזה שדרכן, און ניט דער (שאדן מיטן פוס און מיט צאָן) און ניט דער (שאדן דורכ׳ן פייער), וואָס זייער שטייגער איז צו גיין (פון זייער אָרט אוועק אין אן אנדער אָרט) צו טאָן דעם שאָדן, זענען נישט גלייך צום (שאדן דורך א) גרוב (בור), וואָס עס איז ניט זיין שטייגער צו גיין און צו טאָן שאדן. **דאריבער האָט די תורה געזעכן א באזונדערן פסוק וועגן באצאָלן פארן שאדן דורך א גרוב (בור), ווייל מען וואָלט געקאָנט מיינען אז נור פאר שאדנס מיטן פוס (רגל) אָדער מיטן צאָן (שן) אָדער דורך פייער דארף מען באצאָלן, ווייל זיי גייען און טאָן שאדן (אויך פייער פארשפרייט זיך פון איין אָרט אויפן אַנדערן). און מען וואָלט פון זיי ניט געקאָנט אָפלערנען דעם שאדן דורך א גרוב וועלכע איז דאָך אויף איין אָרט.** הצד השוה, די זייט (די זאך) וואָס איז גלייך ביי זיי (ביי די אלע פיר, ביי „רגל״, „שן״, פייער און גרוב) איז, וואָס זייער שטייגער איז צו טאָן שאדן, און זייער אָפהיטונג איז אויף דיר (אויף דעם בעל הבית פון די זאכן ליגט דער חוב זיי אָפצוהיטן) און (דאריבער) אויב (א זאך, וואָס איז דער שטייגער צו טאָן א שאדן און מען דארף עס אָפהיטן) און עס האָט געטאָן א שאדן, דארף דער שאדן־טוער (דער מזיק, דער בעל הבית פון דער זאך וואָס האָט געטאָן דעם שאדן) באצאָלן די באצאָלונג פאר דעם שאָדן מיט דעם בעסטן פון פעלד. **די תורה (שמות כ״ב) זאָגט, אז פאר א שאָדן איז מען מחויב צו באַצאָלן „מיטב שדהו ומיטב כרמו״, מיט דעם בעסטן פון פעלד און מיט דעם בעסטן פון ווייngאָרטן. די גמרא זאָגט, אז אויב מען וויל באצאָלן ניט מיט פעלד, נאָר מיט מטלטלין, מיט זאכן וואָס מען קאָן איבערטראָגן פון איין אָרט אויף אן אנדערן אָרט, דארף מען ניט געבן דוקא די בעסטע, ווייל יעדע מטלטלין איז לייכט צו פארקויפן.**

שֶׁדַּרְכָּן לְהַזִּיק וּשְׁמִירָתָן עָלֶיךָ. וּכְשֶׁהִזִּיק חָב הַמַּזִּיק לְשַׁלֵּם תַּשְׁלוּמֵי נֶזֶק בְּמֵיטַב הָאָרֶץ: ב כָּל שֶׁחַבְתִּי בִּשְׁמִירָתוֹ הִכְשַׁרְתִּי אֶת נִזְקוֹ. הִכְשַׁרְתִּי בְּמִקְצָת נִזְקוֹ חַבְתִּי בְּתַשְׁלוּמִין (מִי נִזְקוֹ) כְּהֶכְשֵׁר כָּל נִזְקוֹ. נְכָסִים שֶׁאֵין בָּהֶן מְעִילָה, נְכָסִים שֶׁל בְּנֵי בְרִית, נְכָסִים הַמְיוּחָדִים. (וּבְכָל מָקוֹם) חוּץ מֵרְשׁוּת הַמְיוּחָד לַמַּזִּיק וּרְשׁוּת הַנִּזָּק וְהַמַּזִּיק, וּכְשֶׁהִזִּיק חָב הַמַּזִּיק לְשַׁלֵּם תַּשְׁלוּמֵי

ב. כל, אלץ (יעדע זאך) וואָס איך בין מחויב אין זיין אָפּהיטונג (איך דארף עס אָפּהיטן), האָב איך (אויב איך האָב עס ניט אָפּגעהיטן און עס האָט געטאָן א שאדן) צוגעגרייט (גורם געווען) זיין שאדן. די גמרא זאָגט, אז מען מיינט דאָ אז אפילו איינער האָט איבערגעגעבן צו א טויב־שטומען אָדער א נאר אָדער א קליין קינד א בהמה צום היטן, הייסט עס ניט גוט אָפּגעהיטן זי, און אויב די בהמה האָט געטאָן א שאדן דארף ער דערפאר באצאָלן. הכשרתי במקצת, אויב איך (אפילו נאָר) צוגעגרייט (גורם געווען) אין א טייל פון זיין שאדן, דארף איך באצאָלן פונקט ווי פאר דער צוגרייטונג פון זיין גאנצן שאדן. די גמרא זאָגט, אז מען מיינט דאָ אז אויב ראובן האָט געגראָבן אין גאס א גרוב טיף נור 9 טפחים און שמעון האָט צוגעגראָבן אין אים איין טפח מער, און דער גרוב איז געוואָרן 10 טפחים טיף, און א פרעמדנס א בהמה איז דאָרט אריינגעפאלן און איז געהרגעט געוואָרן, דארף שמעון באצאָלן פאר דעם גאנצן שאדן (זע פריער משנה א׳ אז אויב א בהמה פאלט אריין אין א גרוב פון 9 טפחים און ווערט געהרגעט דארף מען אינגאנצן ניט באצאָלן). כאָטש שמעון האָט דאָך נאָר געגראָבן איין טפח, „צוגעגרייט״ א טייל פון שאדן, פונדעסטוועגן איז ער מחויב פאר דעם גאנצן שאדן. נכסים שאין, פארמעגנס, ביי וועלכע עס איז ניט פאראַן קיין מועל זיין. דער דין איז, אז איינער האָט הנאה פון פארמעגנס, וואָס זענען הקדש, געהערן צום בית המקדש, איז ער מועל, ער דארף באצאָלן פינף פערטל, און ער דארף ברענגען א קרבן מעילה. דאָס הייסט מועל געווען (זע אין דער הקדמה צו מסכתא מעילה). דאריבער הייסן זאכן פון הקדש „פארמעגנס אין וועלכע עס איז פאראַן מועל זיין״. זאָגט די משנה אז מען איז מחויב צו באצאָלן נאָר ווען מען טוט א שאדן זאכן, וואָס געהערן צו סתם מענטשן; אָבער פאר טאָן א שאדן זאכן פון הקדש דארף מען ניט באצאָלן (די גמרא לערנט עס אָפּ פון פסוק שמות כ״א „שור רעהו״ אָבער ניט „פון הקדש״). נכסים של, פארמעגנס פון יידן (בני ברית). מיט „בני ברית״ מיינט מען יידן, מחמת זיי געהערן צום „ברית״ צום בונד, וואָס גאָט האָט געשלאָסן מיט דעם יידישן פאָלק. אויב דער שאדן איז געטאָן געוואָרן צו זאכן פון א גוי איז מען פטור צו באצאָלן, ווי די משנה וועט לערנען ווייטער פרק ד׳ משנה ג׳, און דאָרט וועלן מיר געבן מער וועגן דעם ענין. נכסים המיוחדים, פארמעגנס וואָס זענען באשטימט (געהערן צו א מענטשן). די גמרא טייטשט אין דער מסקנא, אז אויב למשל א בהמה פון הפקר, וואָס געהערט ניט צו קיינעם, האָט געטאָן א שאדן צו ראובנ׳ס א זאך, און דערנאָך האָט שמעון זוכה געווען, צוגענומען די הפקר־בהמה, דארף שמעון ניט באצאָלן פאר דעם שאדן. ובכל מקום, און אין יעדן אָרט, א חוץ אין א רשות וואָס געהערט צום מזיק. און (א חוץ) דעם רשות וואָס געהערט צום ניזק און צום מזיק. מיט „מזיק״, שאדן־טוער, מיינט מען דאָ דעם בעל הבית פון דער בהמה, וואָס האָט געטאָן דעם שאדן. „ניזק״ (דער שאדן־ליידנדער) מיינט דער בעל הבית פון דער זאך וואָס די בהמה האָט א שאדן געטאָן. די משנה לערנט דאָ אז אויב ראובן האָט אָן דער דערלויבניש פון שמעון, אריינגעלייגט זיינע כלים אין שמעונ׳ס הויף, און שמעונ׳ס בהמה האָט זיי דאָרט צעבראָכן, איז שמעון פטור צו באצאָלן. נאָכמער, אויב ראובן האָט אָן דער דערלויבניש פון שמעון אריינגעלייגט זאכן אין זייערס א בשותפות׳דיקן הויף (וועלכער געהערט צו ראובן און צו שמעון), אָבער דער אָפּמאך צווישן זיי איז געווען, אז אין דעם הויף מעגן זיי נאָר האלטן זייערע בהמות אָבער ניט אוועקלייגן זייערע זאכן, און שמעונ׳ס בהמה האָט צעבראָכן

נֶזֶק בְּמֵיטַב הָאָרֶץ: **ג** שׁוּם כֶּסֶף וְשָׁוֶה כֶסֶף, בִּפְנֵי בֵית דִּין, וְעַל פִּי עֵדִים בְּנֵי חוֹרִין וּבְנֵי בְרִית, וְהַנָּשִׁים בִּכְלַל הַנֶּזֶק, וְהַנִּזָּק וְהַמַּזִּיק בְּתַשְׁלוּמִין: **ד** חֲמִשָּׁה תַמִּין, וַחֲמִשָּׁה מוּעָדִין. הַבְּהֵמָה אֵינָה מוּעֶדֶת, לֹא לִגַּח,

**ראובנ׳ס זאכן, איז שמעון פטור צו באצאָלן.** וכשהזיק, און אויב ער האָט א שאָדן גע־טאָן דארף דער מזיק (דער בעל הבית פון דער בהמה וואָס האָט געטאָן דעם שאָדן) באצאָלן די באצאָלונג פון שאָדן מיט דעם בעסטן פון פעלד. **דעם דאָזיקן טייל משנה האָבן מיר געהאט פריער צום סוף משנה א׳, און די גמרא זאָגט, אז די משנה ברענגט עס דאָ נאָכאמאָל צו לערנען אז אויך ביי „קרן״, אויב דער אקס פון ראובן האָט געשטויסן דעם אָקס פון שמעון און ראובן דארף באצאָלן פאר דעם שאָדן, דארף ער אויך באצאָלן מיט דעם בעסטן פון זיינע פעלדער.**

ג. שום כסף, (דער שאָדן) ווערט אָפּגעשאצט אין געלט. **די משנה לערנט דאָ, אז אויב למשל ראובנ׳ס בהמה האָט מיט די פיס צעבראָכן שמעונ׳ס א כלי, און שמעונ׳ס א כלי האָט פארוואונדעט ראובנ׳ס בהמה, זאָגט מען ניט, אז ווייל יעדער פון זיי האָט דאָך א שאָדן געטאָן דעם אנדערן, זענען זיי ביידע פטור, נאָר מען שאצט אָפּ וויפיל האָט באטראָפן ראובנ׳ס שאָדן און וויפיל שמעונ׳ס שאָדן און מען דארף באצאָלן דעם אונטערשיד.** ושוה כסף, און (מיט זאכן וואָס זענען) ווערט געלט. **די דאָזיקע משנה ווערט געטייטשט, אז אויב ראובנ׳ס בהמה האָט געטאָן א שאָדן שמעונ׳ס א זאך, און ראובן איז געשטאָרבן, קאָן שמעון אָפּנעמען פון ראובנ׳ס יתומים פאר דעם שאָדן נאָר פון פעלדער אָדער הייזער, וואָס הייסן „שוה כסף״, זיי זענען ווערט געלט; אָבער ער קאָן ניט אָפּנעמען פון די באוועגליכע זאכן, מטלטלים, וועלכע הייסן אליין „כסף״, געלט, מחמת מטלטלים זענען לייכט צום פארקויפן, אויב ניט אין דער שטאָט איז אין אן אנדערער שטאָט.** בפני בית דין, (די אָפּשאצונג זאָל פאָרקומען) פאר בית דין. **די אָפּשאצונג פון שאָדן דארף פאָרקומען נור פאר א בית דין פון דריי דיינים, מומחים, אָבער ניט פאר דריי פשוטע מענטשן.** ועל פי, און דורך עדות פרייע מענטשן, יידישע (בני חורין, בני ברית). **שקלאַפן און גויים זענען ניט באַ־גלויבט צו זיין עדות אין דין תורות וועגן שאָדנס.** והנשים, און פרויען זענען אין כלל פון שאָדן. **אויב א זאך וואָס געהערט צו א פרוי האָט געטאָן א שאָדן, דארף די פרוי באצאָלן; אויב מען האָט געטאָן א שאָדן דער זאך פון א פרוי דארף מען דער פרוי באצאָלן.** והניזק, און דער שאָדן־ליידנדער (דער ניזק) און דער שאָדן־טוער (דער מזיק) זענען (טיילמאָל ביידע מיטבאטייליקט) אין צאָלן פארן שאָדן. **די גמרא טייטשט, אז די משנה מיינט צו זאָגן, אז אויב למשל ראובנ׳ס אָקס האָט דערהרג׳עט שמעון׳ס אָקס, וועלכער איז ווערט געווען 200 גילדן, און די נבלה (שמעונ׳ס טויטער אָקס) איז ווערט למשל פופציק גילדן, אָבער דערנאָך איז די נבלה געוואָרן קאליע און דאדורך ווערט ניט מער פון 10 גילדן, דארף ראובן באצאָלן ניט מער ווי 150 גילדן, כאָטש דאדורך האָט שמעון היזק 40 גילדן. דאָס מיינט, אז אויך דער ניזק, שמעון, איז מיט־באטייליקט אין דער באצאָלונג, מחמת ער ליידט דאָך אויך פון שאָדן.**

ד. חמשה, (עס זענען פאראן) פינף תמ׳ען און פינף מועדין. מיט „תם״ מיינט **מען ווען די בהמה טוט א שאָדן, וואָס איז ניט קיין געוויינטליכע זאך ביי איר, למשל ווען אן אָקס שטויסט מיט זיין האָרן אן אנדערע בהמה. דער דאָזיקער שאָדן ווערט אָנגערופן „קרן״, „האָרן״, און די תורה אין שמות כא, ל״ה זאָגט, אז דער בעל הבית פון אָקס דארף צאָלן ניט מער ווי פאר א העלפט פון דעם שאָדן, פאר א האלבן שאָדן (חצי נזק). אָבער אויב דער אָקס האָט שוין געשטויסן אנדערע בהמות 3 מאָל, הייסט עס, אז ביים דאָזיקן אָקס איז דאָס שטויסן מיטן האָרן געוואָרן א גע־וויינטליכע זאך, ער איז א „מועד״ (פון „יעד״, וואָרנען, מען האָט שוין דעם בעל הבית געוואָרנט אז זיין אָקס איז א שטויסער) און דער בעל הבית האָט אים גע־דארפן היטן, און דעריבער דארף ער אפילו פאר שטויסן באצאָלן פאר דעם גאנצן**

וְלֹא לִגּוֹף, וְלֹא לִשּׁוֹךְ, וְלֹא לִרְבּוֹץ, וְלֹא לִבְעוֹט. הַשֵּׁן מוּעָד לֶאֱכוֹל אֶת הָרָאוּי לָהּ. הָרֶגֶל מוּעֶדֶת לִשְׁבּוֹר בְּדֶרֶךְ הִלּוּכָהּ. וְשׁוֹר הַמּוּעָד, וְשׁוֹר הַמַּזִּיק בִּרְשׁוּת הַנִּזָּק, וְהָאָדָם. הַזְּאֵב, הָאֲרִי, וְהַדּוֹב, וְהַנָּמֵר, וְהַבַּרְדְּלָס, וְהַנָּחָשׁ הֲרֵי אֵלּוּ מוּעָדִין. רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר, בִּזְמַן שֶׁהֵן בְּנֵי תַרְבּוּת אֵינָן

שאדן. דאָס וואָרט „תם" איז אין לשון קודש דער טייטש אויך „נאאיוו", טשעפּעט ניט קיינעם. זאָגט דאָ די משנה, אז עס זיינען פאראן פינף שאדנס, וואָס אז א בהמה טוט זיי די ערשטע דריי מאָל, איז זי א תם און מען דארף נור באצאָלן א האלבן שאדן, און עס זיינען פאראן פינף שאדנס, וואָס ווען די בהמה טוט זיי איז זי א מועד, און מען דארף באצאָלן א גאנצן שאדן. הבהמה, די בהמה איז ניט קיין מועד ניט צו שטויסן (מיטן האָרן, ליגח), און ניט צו געבן א קלאַפּ מיטן קערפּער (ליגוף), און ניט צו בייסן (לישוך), און ניט ארויפצולייגן זיך (אויף זאכן, לרבוץ), און ניט א קאפּע־צו־געבן (מיטן פוס, לבעוט). די אלע דאָזיקע שאדנס זענען א תולדה פון „הארן" (פון „קרן"), ווייל עס איז ניט א געוויינטליכע זאך אז א בהמה זאָל דאָס טאָן, און דעריבער צאָלט מען נור א האלבן שאדן (די ערשטע דריי מאָל). — איצט ווערט די משנה רעכנען די פינף מועדין: השן, דער צאָן, (די בהמה) איז א מועד צו עסן, וואָס איז גוט פאר איר. און ווייל אזא זאך טרעפט זיך אָפט, דעריבער דארף מען באַ־צאָלן באלד דעם ערשטן מאָל פאר דעם גאנצן שאדן. די משנה וועט ווייטער אין פרק ב' משנה ב' דערקלערן וואָס מען מיינט „וואָס איז גוט פאר איר" (הראוי לה). הרגל, דער פוס (די בהמה) איז א מועד צו צעברעכן (זאכן) אין וועג פון איר גאנג (בעת זי גייט). און אויך דאָ דארף מען באצאָלן באלד ביים ערשטן מאָל פאר א גאנצן שאדן. ושור המועד, און אן אָקס, וואָס איז א מועד. דאָס מיינט מען אן אָקס, וואָס האָט געשטויסן מיטן האָרן אָדער געטאָן איינעם פון די אנדערע שאדנס (קלאַפּן מיטן קערפּער, בייסן, ארויפלייגן זיך, א קאפּע־געבן) דריי מאָל, און עדות האָבן געוואָרנט זיין בעל הבית, הייסט ער א מועד, און מען דארף באצאָלן פאר דעם גאנצן שאדן; כאָטש דאָס זענען דאָך 5 סאָרטן שאדנס, רעכנט זיי די משנה פאר איינס, ווייל ער איז דאָך געוואָרן א מועד דורך איין זאך, דורך דעם וואָרנען פון די עדות. ושור המזיק, און דער אָקס וואָס טוט שאדן אין רשות פון ניזק (פון שאדן־ליידנדעם). כאָטש דער דין איז דאָך, אז ווען ראובנ'ס אָקס שטויסט שמעונ'ס אָקס (קרן) דארף ראובן די ערשטע דריי מאָל נור צאָלן א האלבן שאדן, אָבער אויב ראובנ'ס אָקס איז אריינגעגאנגען אין שמעונ'ס הויף (אין רשות הניזק) און האָט דאָרט געשטויסן שמעון'ס אָקס, דארף ראובן צאָלן באלד ביים ערשטן מאָל פאר דעם גאנצן שאדן. דאָס איז נור לויט דער דעה פון ר' טרפון ווייטער אין פרק ב' משנה ה'. והאדם, און א מענטש. אויב א מענטש טוט א שאדן דארף ער באלד ביים ערשטן מאָל באצאָלן פאר דעם גאנצן שאדן. — די משנה האָט ביז איצט אויסגערעכנט די 5 מועדין, וועלכע קומען פאר אָפט אין לעבן. איצט גיט צו די משנה נאָך מועדין, וואָס טרעפן זיך ניט אָפט אין לעבן, און דאָס זענען: הזאב, דער וואָלף, און דער לייב (הארי), און דער בער (הדוב), און דער לעמפּערט (הנמר), און די היענע (ברדלס, אזא חיה), און דער שלאנג (הנחש) זענען מועדין. אויב זיי געהערן צו א בעל הבית און זיי האָבן געטאָן שאדן דארף דער בעל הבית באצאלן ביים ערשטן מאָל פאר דעם גאנצן שאדן. — וועגן „ברדלס" זענען פאראן חקירות וואָס מען מיינט דערמיט. ר' בנימין מוס־פיא אין „מוסף הערוך" מיינט אז דאָס איז דאָס גריכישע וואָרט „פּארדאַליס", די נקבה פון א לעמפּערט. טייל מיינען אז דאָס איז די „היענע" (אזוי מיינט אויך דער ברטנורא וועלכער ברענגט דאָס אראבישע וואָרט „אלצבע", די היענע). ר' אליעזר זאָגט, אז אין דער צייט ווען זיי (די דערמאָנטע ווילדע חיות) זענען דערצויגן (א מענטש האָט זיי דערצויגן און זיי אויסגעלערנט ניט צו טאָן קיין שאדנס, בני תרבות) זענען זיי ניט קיין מועדין; נאָר די שלאנג איז א מועד שטענדיק. מחמת די

מוּעָדִין, וְהַנָּחָשׁ מוּעָד לְעוֹלָם. מַה בֵּין תָּם לְמוּעָד? אֶלָּא שֶׁהַתָּם מְשַׁלֵּם חֲצִי נֶזֶק מִגּוּפוֹ, וּמוּעָד מְשַׁלֵּם נֶזֶק שָׁלֵם מִן הָעֲלִיָּה:

# פרק ב.

**א** כֵּיצַד הָרֶגֶל מוּעֶדֶת לִשְׁבֹּר בְּדֶרֶךְ הִלּוּכָהּ? הַבְּהֵמָה מוּעֶדֶת לְהַלֵּךְ כְּדַרְכָּהּ וְלִשְׁבֹּר. הָיְתָה מְבַעֶטֶת, אוֹ שֶׁהָיוּ צְרוֹרוֹת מְנַתְּזִין מִתַּחַת רַגְלֶיהָ, וְשִׁבְּרָה אֶת הַכֵּלִים, מְשַׁלֵּם חֲצִי נֶזֶק. דָּרְסָה עַל הַכְּלִי וּשְׁבָרַתּוּ,

שלאנג אפילו ווען מען האָט זי דערצויגן און אויסגעלערנט, קאָן מען ניט זיכער זיין מיט איר אז זי וועט ניט טאָן קיין שאדן. „תרבות" איז פון וואָרט „רבה", דערציען, און מיר האָבן דאָס וואָרט אין איכה ב', כ"ב (אשר טפחתי ורביתי), און דאָס וואָרט „תרבות" איז פאראן אין במדבר ל"ב (תרבות אנשים חטאים). דערפון איז אין אראמעאיש א קינד „רביא" (וואָס ווערט דערצויגן). — מה בין, וואָס איז דער אונ־טערשיד צווישן א תם און א מועד? א תם באצאָלט א האלבן שאדן (און נור) פון זיין קערפער, און א מועד באצאָלט א גאנצן שאדן פון דעם בעסטן (מן העלייה). אויב למשל ראובנ'ס אָקס, א תם, האָט געשטויסן שמעונ'ס אָקס, און דער שאדן באטרעפט 200 גילדן, באצאָלט ראובן נור 100 גילדן, און נור פון זיין אָקס, וועלכער האָט געשטויסן. למשל, אויב ראובנ'ס אָקס איז ווערט ניט מער ווי 50 גילדן, באַ־צאָלט ראובן נור 50 גילדן; ער דארף ניט צולייגן. אָבער אויב ראובנ'ס אָקס איז א מועד דארף ראובן באצאָלן דעם גאנצן שאדן, די 200 גילדן, און ניט פון זייַ אָקס, נאָר פון די בעסטע פון זיינע פעלדער, און אויב דער אָקס איז ווערט נור 50 גילדן, דארף ראובן צו־לייגן נאָך 150 גילדן. אזוי טייטשט די גמרא דאָס וואָרט „מן הע־לייה", „מעולה שבנכסיו", דאָס בעסטע פון די פעלדער.

## פרק ב.

א. כיצד, ווי אזוי איז דער פוס א מועד? ווען הייסט א בהמה א מועד (און איר בעל הבית זאָל דארפן באצאָלן דעם גאנצן שאדן) אויב זי טוט א שאדן מיטן פוס (רגל)? וועגן „מועד" און תם זע פריער פרק א' משנה ד'. לשבר (זי איז א מועד) צו צעברעכן (זאכן) ווען זי גייט. און די משנה גיט באלד צו: הבהמה, די בהמה איז א מועד צו גיין ווי איר שטייגער איז און צעברעכן (זאכן). די משנה מיינט דאָ ניט דוקא מיט'ן פוס נאָר אפילו מיטן קערפער און מיט די האָר אָדער מיט דעם פאסעק אויף איר; דאָס זענען „תולדות" פון פוס (פון „רגל"), ווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק א' משנה א' (ביי „שור"). היתה, אויב זי (די בהמה) האָט געקאָפּעט, אָדער שפענדלעך (צרורות) זענען אָפּגעשפרינגען פון אונטער אירע פיס, און זי האָט צע־בראָכן כלים (דורך איר קאָפּען אָדער דורך די שפענדלעך), באצאָלט (דער בעל הבית פון דער בהמה), א האלבן שאָדן. וועגן קאָפּן האָבן מיר געגעבן פריער אין פרק א' משנה ד', אז ווייל דאָס איז ניט קיין געוויינטליכע זאך ביי א בהמה, הייסט עס ווי „קרן" (ווי געשטויסן מיטן האָרן) און זי איז א תם און מען דארף באצאָלן א האלבן שאדן. וועגן „צרורות", שפענדלעך, וואָס שפרינגען־אָפּער, כאָטש דאָס איז יאָ א געוויינטליכע זאך, אז ווען א בהמה גייט און זי טרעט־אָן אויף שפענדלעך זאָלען זיי אָפּער־שפרינגען פון אונטער אירע פיס (און עס איז „רגל"), איז עס א הלכה למשה מסיני אז מען צאָלט נור א האלבן שאדן, און אויך נור ווען דאָס איז פאָרגעקומען אין הויף פון בעל הבית פון די כלים (רשות הניזק) אזוי ווי יעדער שאדן פון רגל, וואָס מען איז מחויב צו באצאָלן נור ווען די בהמה איז אריין אין א פרעמדן הויף. דרסה, אויב זי (די בהמה) האָט (גייענדיק) ארויפגעטרעטן אויף א כלי און האָט זי צעבראָכן, און (די צעבראָכענע כלי איז אָפּגעשפרינגען און) איז ארויפגעפאלן אויף אן אנדערער כלי און האָט זי צעבראָכן, איז פאר דער ערשטער כלי דארף מען באצאָלן פאר א גאנצן שאדן, און פאר דער לעצטער כלי דארף מען

וְנָפַל עַל כְּלִי וּשְׁבָרוֹ. עַל הָרִאשׁוֹן מְשַׁלֵּם נֶזֶק שָׁלֵם, וְעַל הָאַחֲרוֹן מְשַׁלֵּם חֲצִי נֶזֶק. הַתַּרְנְגוֹלִים מוּעָדִין לְהַלֵּךְ כְּדַרְכָּן וּלְשַׁבֵּר. הָיָה דְלִיל קָשׁוּר בְּרַגְלָיו אוֹ שֶׁהָיָה מְהַדֵּס וּמְשַׁבֵּר אֶת הַכֵּלִים, מְשַׁלֵּם חֲצִי נֶזֶק:

**ב** כֵּיצַד הַשֵּׁן מוּעֶדֶת לֶאֱכוֹל אֶת הָרָאוּי לָהּ? הַבְּהֵמָה מוּעֶדֶת לֶאֱכוֹל פֵּירוֹת וִירָקוֹת. אָכְלָה כְּסוּת אוֹ כֵלִים מְשַׁלֵּם חֲצִי נֶזֶק. בַּמֶּה דְבָרִים אֲמוּרִים בִּרְשׁוּת הַנִּזָּק, אֲבָל בִּרְשׁוּת הָרַבִּים פָּטוּר. וְאִם נֶהֱנֵית מְשַׁלֵּם מַה שֶּׁנֶּהֱנֵית.

באצאָלן פאר א האלבן שאדן. מחמת די לעצטע כלי האָט זי דאָך צעבראָכן דורך **„צרורות", שפּענדלעך, דורך דעם אָפּשפּרינגען פון דער ערשטער כלי, און פאר שאדן דורך „צרורות" צאָלט מען נור א האלבן שאדן, ווי מיר האָבן פריער געלערנט.** התרנגולים, די הענער (און הינער) זענען מועדין צו גיין ווי זייער שטייגער איז און צו צעברעכן (זאכן); אויב עס איז געווען א שטריקל (דליל) צוגעבונדן צו זיין (דעם האָנ'ס) פוס, אָדער ער (דער האָן) האָט אונטערגעשפּרינגען (מהדס), און (דורך דעם שפּרינגען איז אָפּגעשפּרונגען א שפּענדל און) האָט צעבראָכן כלים, באצאָלט מען א האלבן שאדן. **די גמרא זאָגט, אז אויך ביים „דליל", ביי דעם שטריקל, מיינט מען אז דאָס שטריקל איז געפאלן אויף א כלי און זי צעבראָכן (דאדייה אדויי) און דאָס איז ווי „צרורות". מיט דעם וואָרט „דליל" זאָל מען מיינען יעדע זאך וואָס איז צוגעבונדן. טייל זענען גורס „דלי", א עמער. „מהדס" דער „ערוך" איז גורס „מחדס" (מיט א „חית"), טרעטן, און אין אראביש איז אויך „חדס" (מיט א „חית") טרעטן.**

ב. כיצד, ווי אזוי איז א צאָן (שן, א בהמה וואָס עסט פרעמדע זאכן) א מועד? צו עסן דאָס וואָס איז גוט פאר איר. **און די משנה דערקלערט באלד וואָס מען מיינט דערמיט.** הבהמה, די בהמה איז א מועד צו עסן פרוכטן און ירקות. **און מען דאַרף דערפאר באצאָלן פאר א גאנצן שאדן.** אכלה, אויב זי (די בהמה) האָט געגעסן א קלייד אָדער זאכן (ניט פרוכטן און ירקות), דאַרף מען באצאָלן א האלבן שאדן. **מחמת דאָס זענען ניט זאכן וואָס א בהמה עסט, און עס איז ניט איר שטייגער.** במה, ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן? **אז דער בעל הבית פון דער בהמה דאַרף באַצאָלן פאר די פרעמדע פרוכטן אָדער די ירקות וואָס זיין בהמה האָט אויפגעגעסן?** ברשות, אין רשות פון שאדן־ליידנדעם (הניזק). **ווען למשל ראובנ'ס בהמה איז אריינגעגאנגען אין הויף פון שמעון (רשות הניזק) און האָט דאָרט געגעסן שמעונ'ס פרוכטן אָדער ירקות.** אבל, אָבער אין רשות הרבים איז ער פטור. **אויב דאָס איז פאָרגעקומען אין דער גאס, וואָס געהערט צו אלע מענטשן, האָט שמעון ניט גע־דאַרפן דאָרט אוועקלייגן זיינע פרוכטן אָדער ירקות, און אויב ראובנ'ס בהמה האָט זיי געגעסן איז ראובן פטור; דאַקעגן פאר קליידער און זאכן, איז ער מחויב צו באַצאָלן דעם האלבן שאדן, ווייל דאָס לייגט מען טיילמאָל יאָ אוועק אין גאס.** אם נהנית, אויב זי (ראובנ'ס בהמה עסנדיק שמעונ'ס פרוכטן אָדער ירקות אין גאס) האָט הנאה געהאט באצאָלט ער וויפיל זי האָט הנאה געהאט. **אויב זי האָט געגעסן טייערע פרוכטן פון שמעון, למשל 10 פונט טייטלען, דאַרף ראובן באצאָלן נור אזוי פיל ווי דאָס וואָלט געווען 10 פונט ביליקע גערשטן (מיט א דריטל ביליקער וויפיל גערשטן קאָסטן אין גאס).** כיצד, ווי אזוי (ווען, אין וועלכע פאלן) באצאָלט מען (נור אזוי פיל) וויפיל זי האָט הנאה געהאט? אויב זי האָט געגעסן פון (פרוכטן און ירקות וואָס זענען געלעגן) אינמיטן דער גאס (רחבה, מארק־פלאץ, גאס) באצאָלט מען (נור) וויפיל זי האָט הנאה געהאט; (אויב זי האָט געגעסן פון פרוכטן און ירקות, וואָס זענען געלעגן) אין דער זייט פון דער גאס, באצאָלט מען וויפיל זי האָט געטאָן שאדן. **מחמת אין דער זייט פון דער גאס דאַרפן בהמות ניט גיין, און דאַריבער קאָנען מענטשן אוועקלייגן זייערע פרוכטן און ירקות, און עס הייסט ווי דער רשות הניזק.** מפתח, (אויב זי האָט געגעסן פון פרוכטן און ירקות וואָס ליגן) פאר דער טיר פון געוועלב, באצאָלט מען (נור) וויפיל זי האָט הנאה געהאט, און אויב (וואָס ליגן) אין געוועלב באַ־

כֵּיצַד (מְשַׁלֵּם) מַה שֶּׁנֶּהֱנֵית? אָכְלָה
מִתּוֹךְ הָרְחָבָה (מְשַׁלֵּם) מַה שֶּׁנֶּהֱנֵית.
מִצִּדֵּי הָרְחָבָה (מְשַׁלֵּם) מַה שֶּׁהִזִּיקָה.
מִפֶּתַח הַחֲנוּת (מְשַׁלֵּם) מַה שֶּׁנֶּהֱנֵית.
מִתּוֹךְ הַחֲנוּת (מְשַׁלֵּם) מַה שֶּׁהִזִּיקָה:

ג הַכֶּלֶב וְהַגְּדִי שֶׁקָּפְצוּ מֵרֹאשׁ הַגַּג
וְשִׁבְּרוּ אֶת הַכֵּלִים, מְשַׁלֵּם נֶזֶק שָׁלֵם,
מִפְּנֵי שֶׁהֵן מוּעָדִין. הַכֶּלֶב שֶׁנָּטַל
חֲרָרָה, וְהָלַךְ לַגָּדִישׁ, אָכַל הַחֲרָרָה,
וְהִדְלִיק הַגָּדִישׁ, עַל הַחֲרָרָה מְשַׁלֵּם
נֶזֶק שָׁלֵם, וְעַל הַגָּדִישׁ מְשַׁלֵּם חֲצִי
נֶזֶק: ד אֵיזֶה הוּא תָם, וְאֵיזֶה הוּא
מוּעָד? מוּעָד כָּל שֶׁהֵעִידוּ בוֹ שְׁלֹשָׁה
יָמִים, וְתָם מִשֶּׁיַּחֲזוֹר בּוֹ שְׁלֹשָׁה יָמִים,
דִּבְרֵי רַבִּי יְהוּדָה. רַבִּי מֵאִיר אוֹמֵר,
מוּעָד שֶׁהֵעִידוּ בוֹ שְׁלֹשָׁה פְעָמִים,
וְתָם כָּל שֶׁיְּהוּ הַתִּינוֹקוֹת מְמַשְׁמְשִׁין

צאָלט מען וויפיל זי האָט געטאָן שאדן. **די פרוכטן־און ירקות־געוועלבער זענען געווען ביידלעך וואָס זענען געשטאַנען אינמיטן מאַרק, און דעריבער גייען דאָרט די בהמות פאַרביי, און אויב דער געוועלב־בעל־הבית האָט ארויסגעלייגט אין פראָנט פון געוועלב די פרוכטן און ירקות, הייסט עס א רשות הרבים, און אויב די בהמה האָט זיי געגעסן באַצאָלט דער בעל הבית פון דער בהמה נור וויפיל זי האָט הנאה געהאַט, ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין דער משנה.**

ג. הכלב, אויב א הונט אָדער א ציגעלע (וועלכע געהערן צו ראובן) זענען אראָפּגעשפרינגען פון שפּיץ דאך (אריין אין שמעון׳ס הויף) און האָבן צעבראָכן (שמעון׳ס כלים), דאַרף ער (ראובן) באַצאָלן פאַר דעם גאנצן שאדן, ווייל זיי זענען מועדין. **ווייל עס איז דער שטייגער פון א הונט און פון א ציג צו שפּרינגען, דאַרף מען באלד ביים ערשטן מאָל צאָלן פארן גאנצן שאדן, און עס איז ווי זיי וואָלטן צעבראָכן כלים גייענדיק („רגל״).** הכלב, אויב א הונט האָט גענומען א קוילן־קיכעלע (חררה, א קיכעלע וואָס ווערט געבאַקן אויף גליענדיקע קוילן, און צום קיכעלע זענען צוגעקלעבט שטיקלעך גליענדיקע קוילן), און איז אוועק דערמיט צו א שייער (גדיש, אן אנגעלייגטער בארג מיט תבואה), און ער (דער הונט) האָט אויפגעגעסן דאָס קיכעלע און (מיט די צוגעקלעפּטע שטיקלעך גליענדיקע קוילן) האָט ער אָנגעצינדן דעם שייער (און אים פאַרברענט), דאַרף (דער בעל הבית פון הונט) באַצאָלן פאַר דעם קיכעלע דעם גאנצן שאדן, און פאַר דעם (פאַרברענטן) שייער (נור) פאַר א האלבן שאדן. **פאַר דעם קיכעלע דאַרף ער באַצאָלן ווי פאַר „שן״, א גאנצן שאדן; אָבער פאַר דעם שייער איז עס ווי „צרורות״, ווי אפּשפּרינגענדיקע שפּענדלעך, און מען באַצאָלט נור פאַר א האלבן שאדן.**

ד. איזו הוא, וועלכער (אָקס) איז א תם, און וועלכער איז א מועד? **מיט דער שאלה „וועלכער איז א תם״, מיינט די משנה וועגן אן אָקס, וואָס איז שוין געווען א מועד, און זי פרעגט: פון ווען אָן ווערט ער צוריק א תם, און אויב ער שטויסט אן אנדערן אָקס באַצאָלט מען נור א האלבן שאדן?** מועד, א מועד (ווערט) יעדער (אָקס) וואָס מען האָט וועגן אים געוואָרנט דריי טעג, און א תם (ווערט ער צוריק) ווען ער האָט אויפגעהערט (צו שטויסן) דריי טעג, אזוי זאָגט ר׳ יהודה. **מיט וואָרנען מיינט מען ווען דער אָקס האָט געשטויסן דריי מאָל אין פאַרלויף פון דריי טעג, און מען האָט געוואָרנט וועגן דעם זיין בעל הבית. א תם ווערט דער אָקס צוריק אויב ער האָט דריי טעג נאָכאַנאַנד געזען אָקסן, און ער האָט זיי ניט געשטויסן. דאָס איז א סימן, אז ער האָט זיך אָפּגעוואוינט פון זיין פריערדיקער געוואוינהייט צו שטויסן.** ר׳ מאיר זאָגט, אז א מועד (ווערט דער אָקס) וואָס מען האָט וועגן אים געוואָרנט (זיין בעל הבית) דריי מאָל (אפילו ער האָט געשטויסן דריי מאָל אין איין טאָג), און א תם (ווערט צוריק) יעדער אָקס (וועלכער איז געווען א מועד) ווען קינדער טאַפּן אים (שפּילן זיך מיט אים) און ער שטויסט ניט. **נאָר דאמאָלס הערט־אויף דער אָקס צו זיין מועד ווען ער ווערט שוין אזוי רואיק, אז קינדער קאָנען זיך מיט אים שפּילן.**

בּוֹ וְאֵינוֹ נוֹגֵחַ: **ה** שׁוֹר הַמַּזִּיק בִּרְשׁוּת הַנִּזָּק כֵּיצַד? נָגַח, נָגַף, נָשַׁךְ, רָבַץ, בָּעַט, בִּרְשׁוּת הָרַבִּים, מְשַׁלֵּם חֲצִי נֶזֶק, בִּרְשׁוּת הַנִּזָּק, רַבִּי טַרְפוֹן אוֹמֵר, נֶזֶק שָׁלֵם. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים חֲצִי נֶזֶק. אָמַר לָהֶם רַבִּי טַרְפוֹן, וּמָה אִם בִּמְקוֹם שֶׁהֵקֵל עַל הַשֵּׁן וְעַל הָרֶגֶל בִּרְשׁוּת הָרַבִּים, שֶׁהוּא פָּטוּר, הֶחֱמִיר עֲלֵיהֶם בִּרְשׁוּת הַנִּזָּק לְשַׁלֵּם נֶזֶק שָׁלֵם, מָקוֹם שֶׁהֶחֱמִיר עַל הַקֶּרֶן בִּרְשׁוּת הָרַבִּים לְשַׁלֵּם חֲצִי נֶזֶק, אֵינוֹ דִין שֶׁנַּחְמִיר עָלֶיהָ בִּרְשׁוּת הַנִּזָּק לְשַׁלֵּם נֶזֶק שָׁלֵם? אָמְרוּ לוֹ דַּיּוֹ לַבָּא מִן הַדִּין לִהְיוֹת כַּנִּדּוֹן. מַה בִּרְשׁוּת

ה. שור, וואָס הייסט, דער אָקס וואָס טוט שאָדן אין רשות פון שאָדן־ליידענ־דעם (רשות הניזק). **מיר האָבן געלערנט אין פרק א׳ משנה ד׳ אז ווען ראובנ׳ס אָקס שטויסט שמעונס אָקס אין שמעונס הויף האָט ער דעם דין פון מועד. זאָגט דאָ די משנה וואָס מען מיינט דערמיט.** נגח, אויב ער (דער אָקס) האָט געשטויסן, אָדער געקלאָפט מיט׳ן קערפּער (נגף), אָדער געביסן (נשך), אָדער זיך ארויפגעלייגט (רבץ) אָדער א קאָפּע געגעבן (בעט), (אויב) אין רשות הרבים (אין גאס) דארף מען באצאָלן (פאר די ערשטע דריי מאָל) א האלבן שאדן. און אויב אין רשות פון ניזק (פון שאדן־ליידנ־דעם) ראובנ׳ס אָקס האָט געשטויסן שמעון׳ס אָקס אין שמעון׳ס הויף) זאָגט ר׳ טרפון, אז מען דארף באצאָלן (אפילו שוין ביים ערשטן מאָל) פאר דעם גאנצן שאדן. **און די סתם משנה פריער פרק א׳ משנה ד׳ איז אזוי ווי ר׳ טרפון.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז (נור) א האלבן שאדן. **זיי האלטן, אז „קרן", פאר דעם שאדן דורך שטויסן מיטן האָרן (אָדער די תולדות פון קרן, ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין פרק א׳ משנה ד׳) דארף מען אפילו אין רשות הניזק צאָלן פאר א תם נור א האלבן שאדן.** אָמר, האָט ר׳ טרפון געזאָגט צו זיי (צו די חכמים): מה־דאָך דאָרט וואו מען האָט גרינגער געמאכט (מיקל געווען) ביים שאדן דורך שן (צאָן, ווען ראובנ׳ס בהמה עסט שמעון׳ס פרוכטן) און דורך רגל (ווען ראובנ׳ס בהמה גייענדיק צעטרעט שמעונ׳ס זאכן) אז אין רשות הרבים (אין גאס) איז מען פטור (דארף ראובן אינ־גאנצן ניט באצאָלן פאר דעם שאדן), האָט מען פונדעסטוועגן זיי שווערער גע־מאכט (מחמיר געווען) אין רשות פון ניזק (אויב די בהמה האָט געגעסן די פרוכטן אָדער צוטרעטן די זאכן אין הויף פון שמעון) אז מען דארף באצאָלן פאר דעם גאנצן שאדן (אפילו ביים ערשטן מאָל), מכל שכן דאָרט וואו מען האָט שווערער גע־מאכט (ביים שאדן) דורך קרן, ווען ראובנ׳ס בהמה שטויסט שמעון׳ס בהמה אין גאס) אז (ראובן) דארף באצאָלן א האלבן שאדן, דארף דאָך אודאי זיין, אז מען זאָל מחמיר זיין (שווער מאכן) אז אויב (ראובנ׳ס בהמה שטויסט שמעון׳ס בהמה) אין רשות הניזק (אין שמעון׳ס הויף) זאָל (ראובן) דארפן באצאָלן פאר דעם גאנצן שאדן (אפילו ביים ערשטן מאָל)? **ר׳ טרפון וויל דאָ אָפּלערנען דורך א „קל וחומר", דאָס „שווערערע פון גרינגערן", אז מה דאָך „שן" און „רגל", פאר וועלכע מען דארף אין רשות הרבים אינגאנצן ניט באצאָלן, באצאָלט מען פאר זיי אין רשות הניזק דעם גאנצן שאדן, דארף מען דאָך פאר דעם „קרן" פאר וועלכן אין רשות הרבים באצאָלט מען דאָך אַ האלבן שאדן, אודאי באצאָלן אין רשות הניזק פאר דעם גאנצן שאדן.** אָמרו לו, האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו ר׳ טר־פון): עס איז גענוג פאר דער (זאך) וואָס מען לערנט אָפּ (דורך דעם קל וחומר) אז זי זאָל גלייך צו דער (זאך) פון וועלכער מען לערנט אָפּ; פונקט ווי אין רשות הרבים (צאָלט מען פאר קרן נור) א האלבן שאדן, אזוי (צאָלט מען אויך אין רשות הניזק נור) א האלבן שאדן. **די חכמים זאָגן, אז ווייל ר׳ טרפון וויל דאָך אפלערנען „קרן" אין רשות הניזק דערפון וואָס „קרן" איז א שווערער שאדן מחמת אין רשות הרבים דארף מען פאר אים צאָלן, קאָן דער קרן אין רשות הניזק ניט זיין שווערער פון קרן**

הָרַבִּים חֲצִי נֶזֶק אַף בִּרְשׁוּת הַנִּזָּק חֲצִי נֶזֶק. אָמַר לָהֶם אֲנִי לֹא אָדוּן קֶרֶן מִקֶּרֶן, אֲנִי אָדוּן קֶרֶן מֵרֶגֶל. וּמָה אִם בְּמָקוֹם שֶׁהֵקֵל עַל הַשֵּׁן וְעַל הָרֶגֶל בִּרְשׁוּת הָרַבִּים, הֶחֱמִיר בַּקֶּרֶן, מָקוֹם שֶׁהֶחֱמִיר עַל הַשֵּׁן וְעַל הָרֶגֶל בִּרְשׁוּת הַנִּזָּק, אֵינוֹ דִין שֶׁנַּחְמִיר בַּקֶּרֶן? אָמְרוּ לוֹ, דַּיּוֹ לַבָּא מִן הַדִּין לִהְיוֹת כַּנִּדּוֹן, מַה בִּרְשׁוּת הָרַבִּים חֲצִי נֶזֶק, אַף בִּרְשׁוּת הַנִּזָּק חֲצִי נֶזֶק:

ו אָדָם מוּעָד לְעוֹלָם, בֵּין שׁוֹגֵג בֵּין מֵזִיד, בֵּין עֵר, בֵּין יָשֵׁן. סִמֵּא אֶת עֵין חֲבֵרוֹ וְשִׁבֵּר אֶת הַכֵּלִים, מְשַׁלֵּם נֶזֶק שָׁלֵם:

**אין רשות הרבים, און פונקט ווי אין רשות הרבים אויב אן אָקס שטויסט דאָס ערשטע מאָל צאָלט מען נור פאר א האלבן שאדן, אזוי צאָלט מען דערפאר אויך אין רשות הניזק נור א האלבן שאדן.** אָמר להם, האָט ער (ר' טרפון) געזאָגט צו זיי (צו די חכמים): איך לערן ניט אָפּ קרן (דעם שאדן דורך שטויסן מיטן האָרן אין רשות הניזק) פון קרן (פון שאדן דורך שטויסן מיטן האָרן אין רשות הרבים); איך לערן־אָפּ „קרן" פון „רגל" (פון שאדן־טאָן דורך טרעטן מיטן פוס אָדער עסן מיטן צאָן): מה דאָך דאָרט וואו מען האָט גרינגער געמאכט ביי שאדנס דורך צאָן און דורך פוס (שן און רגל), (דהיינו) אין רשות הרבים (וואו מען איז אינגאנצן פטור צו באַצאָלן), האָט מען שווערער געמאכט ביי (שאדנס) דורך קרן (אין רשות הרבים צו באַצאָלן), מכל שכן דאָרט וואו מען האָט שווער געמאכט ביי שאדנס דורך שן און דורך פוס (דהיינו) אין רשות הניזק (צו באַצאָלן פאר דעם גאנצן שאדן) דארף מען דאָך אודאי שווערער מאכן ביים שאדן דורך קרן, צו באַצאָלן פאר דעם גאנצן שאדן). **ר' טרפון לערנט אָפּ „קרן" וואָס איז שווער, פון „שן און רגל" וואָס זענען גרינגער.** אָמרו לו, האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו ר' טרפון): עס איז גענוג פאר דער זאך וואָס מען לערנט אָפּ, צו זיין גלייך צו דער זאך, פון וועלכער מען לערנט־אָפּ; אזוי ווי אין רשות הרבים (צאָלט מען פאר דעם שאדן פון קרן נור) האלבן שאדן, אזוי (צאָלט מען פאר קרן) אין רשות הניזק (נור) א האלבן שאדן. **די חכמים זאָגן, אז סוף כל סוף, ווען ניט דאָס וואָס פאר קרן אין רשות הרבים דארף מען בכלל באַצאָלן וואָלט דאָך קיין קל וחומר ניט געווען, ממילא הייסט עס, אז מען לערנט אָפּ קרן אין רשות הניזק פון קרן אין רשות הרבים, און מען דארף דאריבער צאָלן דערפאר ניט מער ווי פאר רשות הרבים, דאָס הייסט, א האלבן שאדן.**

ו. אָדם, א מענטש איז א מועד שטענדיק. **אויך די דאָזיקע משנה איז א פירוש צו דער פריערדיקער משנה ה' פרק א', אז „אדם", א מענטש איז א מועד. זאָגט דאָ די משנה, אז ער איז א מועד שטענדיק.** בין, סיי ווען ער (דער מענטש טוט א שאדן) ניט־ווילנדיק (בשוגג), סיי ווילנדיק (במזיד), סיי ווען ער איז וואך, סיי ווען ער שלאָפט. **די מפרשים זאָגן (אויפן יסוד פון ירושלמי), אז אויב א מענטש, למשל ראובן, האָט זיך געלייגט שלאָפן אין א ליידיק אָרט, און דערנאָך האָט זיך שמעון געלייגט לעבן אים, און ראובן האָט אין מיטן שלאָף א שאדן געטאָן שמעונען, איז ראובן פטור צו באַצאָלן, ווייל בשעת'ן לייגן זיך שלאָפן איז דאָך שמעון לעבן אים ניט געווען. דאקייגן אויב שמעון האָט אין מיטן שלאָף א שאָדן געטאָן ראובנען, דארף שמעון יאָ באַצאָלן. אויב ביידע האָבן זיך געלייגט צוזאמען, דארף דער וועלכער האָט א שאדן געטאָן דעם צווייטן, באַצאָלן פארן שאדן.** סימא, אויב (א מענטש האָט אפילו ניט־ווילנדיק, בשוגג) בלינד געמאכט דאָס אויג פון א צווייטן, אָדער ער האָט צעבראָכן כלים, דארף ער באַצאָלן דעם גאנצן שאדן. **די גמרא זאָגט, אז נור פאר דעם שאדן דארף ער באַצאָלן אפילו בשוגג; אָבער פאר צער, און פאר ניט־קאָנען ארבייטן (שבת), און פאר חרפה (בושת) און פאר היילן (ריפוי) דארף מען ניט באַצאָלן אויב מען האָט עס געטאָן בשוגג. וועגן די דאָזיקע באַצאָלונגען וועלן מיר געבן בפרטות ווייטער אין פרק ח' משנה א'.**

**א** הַמַּנִּיחַ אֶת הַכַּד בִּרְשׁוּת הָרַבִּים, וּבָא אַחֵר וְנִתְקַל בָּהּ וּשְׁבָרָהּ, פָּטוּר, וְאִם הֻזַּק בָּהּ, בַּעַל הֶחָבִית חַיָּב בְּנִזְקוֹ. נִשְׁבְּרָה כַדּוֹ בִּרְשׁוּת הָרַבִּים וְהֻחְלַק אֶחָד בַּמַּיִם, אוֹ שֶׁלָּקָה בַחֲרָסֶיהָ חַיָּב. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, בְּמִתְכַּוֵּן חַיָּב, בְּאֵינוֹ מִתְכַּוֵּן פָּטוּר:

## פרק ג.

א. המניח, אז איינער (ראובן) לייגט אוועק א קרוג אין גאס (רשות הרבים, אן אָרט, וואו אלע מענטשן קאָנען גיין), און עס איז געקומען (פארבייגעגאנגען) אן אנדערער (שמעון) און ער האָט זיך פארטשעפּעט אין איר (אין דער קרוג) און האָט זי צעבראָכן, איז ער פטור. **שמעון דארף ניט באצאָלן ראובנען פאר דער קרוג, ווייל ווען מענטשן גייען אין גאס צי אין וועג איז ניט זייער שטייגער אכטונג צו געבן צי עס ליגט עפּיס.** ואם הוזק, און אויב ער (שמעון) האָט זיך צעשעדיקט אין איר (אָנשטויסנדיק זיך אין דער קריג האָט זיך שמעון צעקלאפּט אָדער זיך געטאָן אן אנדערן שאדן), איז דער בעל הבית פון דער פאס (ראובן) מחויב (אים צו באצאָלן) פאר זיין שאדן. **מחמת ראובן האָט ניט געטאָרט אוועקלייגן זיין קרוג אין אַ רשות הרבים. און אפילו ראובן האָט פריער געהאט מפקיר געווען זיין קרוג, דארף ער אויך באצאָלן; ווארום קוים האָט ער די קרוג ניט געטאָרט אוועקלייגן, הייסט עס ווי ער האָט זי ניט מפקיר געווען. די גמרא פרעגט: „פּתח בכד וסיים בחבית״, די משנה הייבט אָן מיט א קרוג (כד), און פארענדיקט גאָר מיט א פאס (חבית)? און די גמרא זאָגט, אז „קרוג״ און „פאס״ איז דאָסזעלבע. די אמאָליקע פעסער זענען אויך געווען ערדענע, גרויסע קרוגן. מיר געפינען א סך מאָל אין דער משנה ווי „כד״ (קרוג) און חבית (פאס) זענען דיזעלביקע (זע אין פירוש צו מסכת דמאי פרק ז׳ משנה ח׳).** — נשברה, אויב זיין (ראובן׳ס) קרוג איז צעבראָכן געוואָרן אין רשות הרבים (אין גאס, און בכלל אין ערטער וואו אלע מענטשן קאָנען גיין), און אן אנדערער (שמעון) האָט זיך אויסגעגליטשט אין וואסער (פון דער צעבראָכענער קרוג), אָדער ער האָט זיך צעקלאפּט אין אירע (דער קרוג׳ס) שערבלעך, איז ער (ראובן) חייב. **ער דארף באצאָלן שמעונען פאר דעם שאדן. דאָס וואָרט „נשברה״, „זי איז צעבראָכן געוואָרן״, ווערט אייגעטייטשט, אז אפילו ראובן האָט זי ניט צעבראָכן בכוונה, נאָר ראובן האָט טראָגנדיק די קרוג זיך אָנגעשטויסן אין עפּיס (נתקל) און די קרוג איז ארויסגעפאלן און געוואָרן צעבראָכן, דארף אויך ראובן באצאָלן; ווייל מען זאָגט אז „נתקל פושע״, אז דאָס הייסט ניט, אז ראובן איז געווען אן „אונס״, געצווינגען, נאָר ער איז „שולדיג״, „פושע״, און דעריבער דארף ער באצאָלן.** ר׳ יהודה זאָגט, אז אויב ער (ראובן) האָט אינזינען געהאט (במתכוון), דארף ער באצאָלן, און אויב ער האָט ניט אינזינען געהאט, דארף ער ניט באצאָלן. **די גמרא טייטשט, אז אויב ראובן האָט, נאָכדעם ווי די קרוג איז געוואָרן צעבראָכן, אינזינען געהאט זוכה צו זיין, צו האלטן פאר זיינס, די שערבלעך און דאָס וואסער, דארף ער באצאָלן פאר דעם שאדן, ווייל עס הייסט דאָך, אז זיין זאך אין רשות הרבים האָט געטאָן א שאדן (און עס איז ווי „בור״, ווי גראָבן א גרוב אין רשות הרבים, זע פריער פרק א׳ משנה א׳ וועגן די תולדות פון „בור״), אָבער אויב ער האָט ניט אינזינען געהאט זיי זוכה צו זיין, זענען זיי דאָך ניט זיינע, דארף ער ניט באצאָלן. ווייל ר׳ יהודה האלט אז „נתקל לאו פושע הוא״, אז ווייל ראובן האָט דאָך ניט בכוונה צעבראָכן די קרוג איז ער אן אונס, ניט שולדיק, און אזוי ווי די שערבלעך און דאָס וואסער זיינען ניט זיינע, ווייל ער וויל דאָך ניט זוכה זיין אין זיי, זענען זיי דאָך הפקר, און ניט זיינע זאכן האָבן געטאָן א שאדן שמעונען.**

**ב** הַשּׁוֹפֵךְ מַיִם בִּרְשׁוּת הָרַבִּים וְהֻזַּק בָּהֶן אַחֵר, חַיָּב בְּנִזְקוֹ. הַמַּצְנִיעַ אֶת הַקּוֹץ וְאֶת הַזְּכוּכִית, וְהַגּוֹדֵר אֶת גְּדֵרוֹ בְּקוֹצִים, וְגָדֵר שֶׁנָּפַל לִרְשׁוּת הָרַבִּים, וְהֻזְּקוּ בָהֶן אֲחֵרִים, חַיָּב בְּנִזְקָן:

**ג** הַמּוֹצִיא אֶת תִּבְנוֹ וְאֶת קַשּׁוֹ לִרְשׁוּת הָרַבִּים לִזְבָלִים, וְהֻזַּק בָּהֶן אַחֵר חַיָּב בְּנִזְקוֹ. וְכָל הַקּוֹדֵם בָּהֶן זָכָה. רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, כָּל הַמְקַלְקְלִין בִּרְשׁוּת הָרַבִּים וְהִזִּיקוּ,

ב. השופך, אז איינער (ראובן) גיסט אויס זיין וואסער אין רשות הרבים (אין גאס, אין אן אָרט, וואו אלע מענטשן קאָנען גיין), און אן אנדערער (שמעון) איז געוואָרן צושעדיקט דורך דעם (וואסער), איז ער (ראובן) מחויב (צו באצאָלן) פאר זיין שאדן. **אפילו ער האָט געמעגט אויסגיסן זיין וואסער אין רשות הרבים, למשל אין די רעגנס־צייטן פון ווינטער, ווען מען מעג ארויסגיסן דאָס וואסער, פונדעסטוועגן אויב אן אנדערער איז געוואָרן דורך דעם וואסער צעשעדיקט, דארף דער בעל הבית פון וואסער באצאָלן פאר דעם שאדן.** המצניע, אז איינער באהאלט (אין רשות הרבים, אין אן אָרט וואו אלע מענטשן קאָנען גיין) דעם דאָרן און דאָס ולאָז (שטעכעדיקע דערנער און שטיקלאך גלאָז), אָדער איינער וועלכער צוימט ארום זיין צוים (גדרו) מיט (שטעכעדיקע) דערנער (און די שטעכעדיקע דערנער שטעקן ארויס אין רשות הרבים אריין), אָדער א צוים איז אומגעפאלן אריין אין רשות הרבים, און (אין יעדן פון די דריי פאלן) זענען אנדערע מענטשן צעשעדיקט געוואָרן (פון דעם דאָרן, אָדער דעם גלאָז אָדער פון דעם שטעכעדיקן דערנער־צוים, אָדער פון דעם אומגעפאלע־נעם צוים), איז ער (דער באהאלטער פון די דערנער אָדער פון גלאָז אָדער דער בעל הבית פון דעם צוים) מחויב (צו באצאָלן)פאר זייער שאדן. **די גמרא זאָגט, אז אויב ער האָט געמאכט דעם צוים פון שטעכעדיקע דערנער, אָבער ער האָט „מצמצם"־געווען, אז זיי זאָלן ניט ארויסשטעקן אין רשות הרבים, איז ער פטור, ווייל מענטשן דארפן זיך ניט רייבן אין די ווענט.**

ג. המוציא, אז איינער (ראובן) פירט ארויס זיין זאנגן־שטרוי (תבן) און שטרוי (קש) אין רשות הרבים (צו מאכן פון זיי) מיסט, און אן אנדעערר (שמעון) איז געוואָרן צעשעדיקט דורך זיי, איז ער (ראובן) מחויב (צו באצאָלן) פאר זיין שאדן. **„תבן" הייסט די שטרוי וואָס מען שניידט אָפּ מיט די תבואה־זאנגן, און „קש" הייסט די שטיק־לעך שטרוי וואָס בלייבן ביי דער ערד, און מען נעמט זיי אראָפּ דערנאָך (זע שביעית פרק ט' משנה ז'). ווען דער בעל הבית האָט געוואָלט פון דעם שטרוי מאכן מיסט, האָט ער עס ארויסגעלייגט אויפן וועג וואו עס טרעטן מענטשן און בהמות, כדי דאָס שטרוי זאָל פארפוילט ווערן און עס זאָל ווערן מיסט פאר פעלדער און גערטנער. זאָגט די משנה, אז אויב עס האָט זיך איינער צעשעדיקט אין דעם שטרוי דארף דער בעל הבית באצאָלן פאר דעם שאדן.** וכל, און יעדער מענטש וואָס פעדערט זיך (נעמט צו פריער די שטרוי פון רשות הרבים) האָט עס זוכה געווען (עס ווערט זיינס). **דאָס האָבן די חכמים געקנס'נט און מפקיר געווען דאָס שטרוי אין רשות הרבים, אז יעדער קאָן עס צונעמען.** רבן שמעון בן גמליאל זאָגט, אז אלע וואָס מאכן קאליע אין רשות הרבים און זיי טאָן דאדורך א שאדן, דארפן באצאָלן, און יעדער וואָס נעמט זיי צו איז עס זוכה (עס ווערט זיינס). **רשי טייטשט, אז מען מיינט, אז אפילו אין דער צייט ווען עס איז דער מנהג און עס איז דערלויבט ארויסצופירן דאָס שטרוי אין רשות הרבים און עס לאָזן דאָרט ליגן ביז עס ווערט אינגאנצן פארפוילט אויף מיסט, פונדעסטוועגן אויב עס איז איינער געוואָרן צעשעדיקט דאדורך, דארף מען באצאָלן פאר דעם שאָדן. תוספות זאָגט, אז די ווערטער „וכל הקודם בהן זכה" (און יעדער וואָס נעמט זיי פריער צו ווערן זיי זיינס) מיינט ניט, ווען מ'האָט ארויסגעלייגט מיט דערלויבניש, נאָר מען מיינט סתם, ווען מען פירט ארויס שטרוי אין רשות הרבים**

חַיָּבִין לְשַׁלֵּם וְכָל הַקּוֹדֵם בָּהֶן זָכָה. הַהוֹפֵךְ אֶת הַגָּלָל בִּרְשׁוּת הָרַבִּים, וְהֻזַּק בָּהֶן אַחֵר, חַיָּב בְּנִזְקוֹ: ד שְׁנֵי קַדָּרִין שֶׁהָיוּ מְהַלְּכִין זֶה אַחַר זֶה, וְנִתְקַל הָרִאשׁוֹן וְנָפַל, וְנִתְקַל הַשֵּׁנִי בָּרִאשׁוֹן, הָרִאשׁוֹן חַיָּב בְּנִזְקֵי שֵׁנִי: ה זֶה בָא בְחָבִיתוֹ, וְזֶה בָא בְקוֹרָתוֹ, וְנִשְׁבְּרָה כַדּוֹ שֶׁל זֶה בְּקוֹרָתוֹ שֶׁל זֶה, פָּטוּר, שֶׁלָּזֶה רְשׁוּת לְהַלֵּךְ וְלָזֶה רְשׁוּת לְהַלֵּךְ. הָיָה בַּעַל קוֹרָה רִאשׁוֹן וּבַעַל חָבִית אַחֲרוֹן, נִשְׁבְּרָה חָבִית בַּקּוֹרָה, פָּטוּר בַּעַל הַקּוֹרָה, וְאִם עָמַד

**ווען עס איז ניט דערלויבט.** — ההופך, אז איינער (ראובן) דרייט־איבער מיסט (גלל, מיסט פון בהמות) אין רשות הרבים, און אן אנדערער (שמעון) איז געוואָרן דאדורך צעשעדיקט, דארף ער (ראובן) באצאָלן פאר זיין שאדן. **מען מיינט דאָ מיסט פון הפקר און ער האָט דאָס איבערגעדרייט מיט דער כוונה צו נעמען עס פאר זיך און עס ווערט דאדורך זיינס.**

ד. שני, אז צוויי טעפּערס (קדרין, פון וואָרט „קדרה״, טאָפּ, מענטשן, וועלכע טראָגן טעפּ צו פארקויפן) זענען געגאנגען איינער נאָכן אנדערן, און דער ערשטער (טעפּער) האָט זיך אָנגעשטויסן אין עפּיס און ער איז אומגעפאלן, און דער צווייטער (טעפּער) האָט זיך אָנגעשטויסן אין עפּיס און ער איז אומגעפאלן, (און דער צווייטער טעפּער האָט געהאט שאדן) איז דער ערשטער מחויב צו באצאָלן פאר די שאדנס פון צווייטן. **די גמרא זאָגט, אז דאָס איז נור ווען דער ערשטער האָט זיך געקאָנט אויפשטעלן און ער האָט זיך ניט אויפגעשטעלט, און ער הייסט דאריבער א „פושע״, „שולדיק״; אָבער אויב ער האָט זיך ניט געקאָנט אויפשטעלן, איז ער פּטור צו באצאָלן, ווייל דאָס וואָס ער האָט זיך אָנגעשטויסן און איז אומגעפאלן מאכט אים ניט פאר שולדיג (מיר פסקענען אז „נתקל לאו פושע הוא״, זע פריער משנה א׳).**

ה. זה, אויב איינער קומט (גייט, טראָגנדיק) זיין פאס, און איינער קומט (גייט, טראָגענדיק) זיין באלקן, און דעם דאָזיקנ׳ס קרוג איז צעבראָכן געוואָרן דורך (א שטויס פון) דעם דאָזיקנ׳ס באלקן, איז ער (דער באלקן־טרעגער) פטור (צו באצאָלן פאר דעם פאס), ווייל דער דאָזיקער (דער פאס־טרעגער) האָט די דערלויבעניש (רשות) צו גיין, און דער דאָזיקער (דער באלקן־טרעגער) האָט די דערלויבעניש צו גיין. **רש״י זאָגט דאָ „ופגעו זה בזה״, זיי האָבן זיך איינער אין דעם אנדערן אָנגעשטויסן, און ווייל ביידע האָבן עס געטאָן, איז דער באלקן־טרעגער פטור. אויך דאָ זאָגט די משנה קרוג (כד) אנשטאט פאס (חבית) ווי מיר האָבן דערקלערט פריער אין משנה א׳.** היה בעל קורה, אויב דער טרעגער פון באלקן איז געגאנגען צוערשט, און דער טרעגער פון דער פאס איז געגאנגען נאָך אים, און די פאס איז צעבראָכן געוואָרן דורך (א שטויס פון) דעם באלקן, איז דער באלקן־טרעגער פטור (צו באצאָלן). **מחמת דער טרעגער פון באלקן איז דאָך געגאנגען צוערשט קומט דאָך אויס, אז כדי די פאס זאָל זיך אָנשטויסן אין באלקן, איז דער פאס־טרעגער געגאנגען געשווינדער, געלאָפן, איז עס ממילא זיין שולד, וואָס די פאס איז צעבראָכן געוואָרן.** ואם, און אויב דער באלקן־טרעגער האָט זיך אָפּגעשטעלט (און דער פאס־טרעגער האָט אָנגעשטויסן זיין פאס אין דעם באלקן) איז ער (דער באלקן־טרעגער) מחויב (צו באצאָלן פאר דער פאס). **ווייל דער פאס־טרעגער איז געגאנגען ווי געוויינליך, און ער האָט ניט געוואוסט אז דער מענטש מיט דעם באלקן האָט זיך אָפּגעשטעלט.** ואם, און אויב ער (דער באלקן־טרעגער) האָט (אָפּשטעלנדיק זיך) געזאָגט צום פאס־טרעגער: „בלייב שטיין״, (און ער האָט זיך ניט געשטעלט, און זיין פאס איז צעבראָכן געוואָרן דורך דעם באלקן), איז ער (דער באלקן־טרעגער) פטור (פון באצאָלן פאר דער פאס). **ווייל ער האָט דאָך אים געווארנט.** היה בעל חבית, אויב דער פאס־טרעגער איז געגאנגען צוערשט, און דער באלקן־טרעגער איז געגאנגען נאָך אים, און די פאס איז צעבראָכן געוואָרן דורך (א שטויס אין) דעם באלקן, איז ער (דער באלקן־טרעגער)

בַּעַל הַקּוֹרָה, חַיָּב. וְאִם אָמַר לְבַעַל חָבִית עֲמוֹד, פָּטוּר. הָיָה בַּעַל חָבִית רִאשׁוֹן וּבַעַל קוֹרָה אַחֲרוֹן, נִשְׁבְּרָה חָבִית בַּקּוֹרָה חַיָּב. וְאִם עָמַד בַּעַל חָבִית, פָּטוּר. וְאִם אָמַר לְבַעַל קוֹרָה עֲמוֹד, חַיָּב. וְכֵן זֶה בָא בְנֵרוֹ וְזֶה בְּפִשְׁתָּנוֹ: ו שְׁנַיִם שֶׁהָיוּ מְהַלְּכִין בִּרְשׁוּת הָרַבִּים אֶחָד רָץ וְאֶחָד מְהַלֵּךְ, אוֹ שֶׁהָיוּ שְׁנֵיהֶם רָצִים, וְהִזִּיקוּ זֶה אֶת זֶה שְׁנֵיהֶם פְּטוּרִין: ז הַמְבַקֵּעַ בִּרְשׁוּת הַיָּחִיד, וְהִזִּיק בִּרְשׁוּת הָרַבִּים, בִּרְשׁוּת הָרַבִּים וְהִזִּיק בִּרְשׁוּת הַיָּחִיד, בִּרְשׁוּת הַיָּחִיד וְהִזִּיק בִּרְשׁוּת הַיָּחִיד אַחֵר, חַיָּב: ח שְׁנֵי שְׁוָרִים תַּמִּים שֶׁחָבְלוּ

מחויב (צו באצאָלן פאר דער פאס). מחמת דאָ איז דאָך דער באלקן־טרעגער גע־גאנגען געשווינדער, ווייל אנדערש וואָלט דאָך זיין באלקן ניט געקאָנט אנשטויסן די פאס, מחמת דער מענטש מיט דער פאס איז דאָך געגאנגען צוערשט. ואם עמד, און אויב דער פאס־טרעגער האָט זיך אָפּגעשטעלט (און דער באלקן־טרעגער איז און־טערגעקומען און א שטויס געטאָן די פאס) איז ער (דער באלקן־טרעגער) פטור. ווייל ער איז דאָך געגאנגען ווי געוויינטליך, און ער האָט ניט געדאַרפן וויסן, אז דער מענטש מיט דער פאס האָט זיך אָפּגעשטעלט. ואם אמר, און אויב ער (דער פאס־טרעגער, אפשטעלנדיק זיך) האָט געזאָגט צום באלקן־טרעגער: „בלייב שטיין״, (און ער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט און דער באלקן האָט א שטויס געגעבן די פאס און זי צעבראָכן), איז ער (דער באלקן־טרעגער) מחויב (צו באצאָלן פאר דעם פאס). ווייל מען האָט דאָך אים געוואָרנט, אז ער זאָל בלייבן שטיין. וכן, און אזוי (דערזעל־ביקער דין) איז אויך מיט איינעם וועלכער גייט (טראָגנדיק) זיין (ברענענדיקן) ליכט, און איינעם וועלכער גייט (טראָגנדיק) זיין פלאַקס. מען מיינט דאָ, אז דאָס פלאַקס האָט זיך אָנגעצינדן פון דעם ברענענדיקן ליכט. אויך דאביי איז דערזעלביקער דין וואָס פריער מיט די צוויי מענטשן, פון וועלכע איינער האָט געטראָגן א פאס און דער אנדערער א באלקן, און עס איז דער אונטערשיד, ווער עס איז געגאנגען פריער און ווער דערנאָך, און צי איינער פון זיי האָט זיך אָבגעשטעלט, און צי ער האָט געזאָגט דעם אנדערן אז ער זאָל אויך בלייבן שטיין, אזוי ווי די משנה האָט פריער געלערנט.

ו. שנים, אויב צוויי מענטשן זענען געגאנגען אין רשות הרבים (אין גאס, וואו אלע מעגן), איינער פון זיי לויפט און דער אנדערער גייט, אָדער זיי זיינען ביידע גע־לאָפן, און זיי האָבן צעשעדיקט איינער דעם אנדערן, זענען זיי (ביידע) פטור (פון באַצאָלן פאר דעם שאדן). די גמרא זאָגט, אז דער פאל ווען „איינער איז געלאָפן און דער אנדערער איז געגאנגען״ און ביידע זענען פטור, מיינט נור ערב שבת אָדער ערב יום טוב פארנאכט, ווייל דאמאָלס מעגן מענטשן לויפן, איילנדיק זיך אָנצו־גרייטן אויף שבת און יום טוב. אָבער אין געוויינטליכע טעג איז דער מענטש וועל־כער לויפט, יאָ מחויב צו באצאָלן פאר שעדיקן דעם מענטש וועלכער גייט.

ז. המבקע, אז איינער האקט (האָלץ) אין רשות היחיד (אין א פריוואט־אָרט, אין זיין הויף) און (עס איז אָפּגעשפרינגען א שפענדל צי דער אייזן פון דער האק און) עס האָט א שאדן געטאָן (געטראָפן איינעם און צעשעדיקט) אין רשות הרבים (אין גאס, וואו אלע מענטשן גייען), אָדער (ער האָט געהאקט האָלץ) אין רשות הרבים און (ס'איז אָפּגעשפרינגען א שפענדל) אין א רשות היחיד (אין א הויף אריין) און האָט דאָרט א שאדן געטאָן, אָדער (ער האָט געהאקט האָלץ אין א רשות היחיד (אין זיין הויף) און (ס'איז אָפּגעשפרינגען א שפענדל) אין אן אנדערן הויף און דאָרט א שאדן געטאָן, איז ער (דער האָלץ־העקער) מחויב (צו באצאָלן פאר דעם שאדן). ווייל ער דאַרף וויסן אז עס קאָנען אפשפרינגען שפענדלעך, אָדער אז דער אייזן קאָן אפשפרינגען, און ער דאַרף דעריבער אכטונג געבן.

זֶה אֶת זֶה, מְשַׁלְּמִים בַּמּוֹתָר חֲצִי נֶזֶק. שְׁנֵיהֶם מוּעָדִים, מְשַׁלְּמִים בַּמּוֹתָר נֶזֶק שָׁלֵם. אֶחָד תָּם וְאֶחָד מוּעָד, מוּעָד בַּתָּם מְשַׁלֵּם בַּמּוֹתָר נֶזֶק שָׁלֵם, תָּם בַּמּוּעָד מְשַׁלֵּם בַּמּוֹתָר חֲצִי נֶזֶק. וְכֵן שְׁנֵי אֲנָשִׁים שֶׁחָבְלוּ זֶה בָּזֶה מְשַׁלְּמִים בַּמּוֹתָר נֶזֶק שָׁלֵם. אָדָם בַּמּוּעָד וּמוּעָד בָּאָדָם מְשַׁלֵּם בַּמּוֹתָר נֶזֶק שָׁלֵם. אָדָם בַּתָּם וְתָם בָּאָדָם, אָדָם בַּתָּם מְשַׁלֵּם בַּמּוֹתָר נֶזֶק שָׁלֵם, תָּם בָּאָדָם מְשַׁלֵּם בַּמּוֹתָר חֲצִי נֶזֶק. רַבִּי עֲקִיבָא אוֹמֵר, אַף תָּם שֶׁחָבַל בָּאָדָם מְשַׁלֵּם בַּמּוֹתָר נֶזֶק שָׁלֵם: ט שׁוֹר שָׁוֶה מָנֶה שֶׁנָּגַח שׁוֹר שָׁוֶה מָאתַיִם וְאֵין הַנְּבֵלָה יָפָה

ח. שני, אויב צווי אָקסן תמין (יעדער פון זיי איז א תם, האָט נאָכניט געשטויסן דריי מאָל) האָבן צעביילט (חבלו, צעשעדיקט) איינער דעם אנדערן, באצאָלט מען אין דעם אונטערשיד (במותר) א האלבן שאדן. **אויב ראובן׳ס אָקס האָט צעשעדיקט שמעון׳ס אָקס און דער שאדן באטרעפט 100 גילדן, און שמעון׳ס אָקס האָט צעשעדיקט ראובנ׳ס אָקס און דער שאדן באטרעפט 60 גילדן, איז דאָך דער אונטערשיד, דער „מותר״, 40 גילדן, דארף ראובן באצאָלן שמעונען א העלפט פון אונטערשיד, 20 גילדן,** מחמת א תם צאָלט נור א האלבן שאדן, **ווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק א׳ משנה ד׳.** שניהם מועדים, אויב זיי ביידע (די ביידע אקסן) זענען געווען מועדים, דארף מען באצאָלן דעם אונטערשיד דעם גאנצן שאדן. **דארף ראובן צאָלן שמעונען די 40 גילדן.** אחד תם, אויב איינער פון זיי איז א תם און איינער פון זיי איז א מועד, דארף דער מועד אין דעם תם באצאָלן דעם אונטערשיד דעם גאנצן שאדן, און דער תם אין מועד דארף באצאָלן אין אונטערשיד א האלבן שאדן. **די משנה מיינט אזוי. אויב ראובן׳ס אָקס איז געווען א מועד און שמעונ׳ס אָקס א תם, דארף ראובן באצאָלן די גאנצע 40 גילדן אונטערשיד. אויב ראובנ׳ס אָקס איז געווען א תם און שמעונ׳ס אָקס א מועד, דארף ראובן באצאָלן נור 20 גילדן, א העלפט פון דעם אונטערשיד.** וכן, און אזוי איז אויך (דער דין) אז ווען צווי מענטשן האָבן צעשעדיקט איינער דעם אנדערן דארף מען באצאָלן דעם אונטערשיד דעם גאנצן שאדן. **מחמת מיר האָבן געלערנט פריער פרק א׳ משנה ד׳, אז דער מענטש איז שטענדיק א מועד.** אדם במועד, אויב א מענטש האָט צעשעדיקט (אן אָקס) א מועד, און (דער אָקס) דער מועד האָט צעשעדיקט דעם מענטש, דארף מען באצאָלן דעם אונטערשיד דעם גאנצן שאדן. **מחמת זיי זענען דאָך ביידע מועדין.** אדם בתם, אויב א מענטש האָט צעשעדיקט (אן אָקס) א תם, און (דער אָקס) דער תם האָט צעשעדיקט דעם מענטש, דארף דער מענטש אין דעם תם (אויב דעם שאדן וואָס ער האָט געמאכט אין תם איז געווען גרעסער פון שאדן וואָס דער תם האָט אים געטאָן) באצאָלן א גאנצן שאדן (ווייל דער מענטש איז דאָך א מועד), און דער תם אין מענטש (אויב דער שאדן וואָס דער תם האָט געטאָן דעם מענטש איז גרעסער פון שאדן וואָס דער מענטש האָט געטאָן דעם תם) דארף (דער בעל הבית פון אָקס דעם תם) באַצאָלן דעם אונטערשיד א האלבן שאדן **די גמרא לערנט עס אָפּ פון פסוק שמות כ״א „או בן יגח או בת יגח כמשפט הזה יעשה לו״, אז פונקט ווי אן אָקס שטויסט אן אָקס דארף מען פאר א תם צאָלן נור א האלבן שאדן, אזוי איז אויך ווען אן אקס א תם פארוואונדעט א מענטש דארף מען צאָלן נור א האלבן שאדן.** ר׳ עקיבא זאָגט, אז אויך ווען (אן אָקס) א תם האָט פארוואונדעט א מענטש דארף מען באצאָלן א גאנצן שאדן. **ר׳ עקיבא טייטשט, אז דער „כמשפט הזה״ אין דערמאָנטן פסוק גייט ארויף אויף אן אָקס א מועד, און אז דער פסוק לערנט, אז אפילו ווען אן אָקס א תם שטויסט א מענטש דארף מען באצאָלן א גאנצן שאדן, פונקט ווי ער וואָלט געווען אן אָקס א מועד.**

ט. שור, אויב אן אָקס (א תם) וואָס איז ווערט הונדערט גילדן (מנה, הונדערט זוז) האָט געשטויסן אן אָקס וואָס איז ווערט צוויי הונדערט גילדן (און האָט אים גע־

כְּלוּם. נוֹטֵל אֶת הַשּׁוֹר. שׁוֹר שָׁוֶה מָאתַיִם שֶׁנָּגַח שׁוֹר שָׁוֶה מָאתַיִם וְאֵין הַנְּבֵלָה יָפָה כְלוּם, אָמַר רַבִּי מֵאִיר, עַל זֶה נֶאֱמַר, וּמָכְרוּ אֶת הַשּׁוֹר הַחַי וְחָצוּ אֶת כַּסְפּוֹ. אָמַר לוֹ רַבִּי יְהוּדָה וְכֵן הֲלָכָה, קִיַּמְתָּ וּמָכְרוּ אֶת הַשּׁוֹר הַחַי וְחָצוּ אֶת כַּסְפּוֹ, וְלֹא קִיַּמְתָּ וְגַם אֶת הַמֵּת יֶחֱצוּן. וְאֵיזֶה? זֶה שׁוֹר שָׁוֶה מָאתַיִם שֶׁנָּגַח שׁוֹר שָׁוֶה מָאתַיִם וְהַנְּבֵלָה יָפָה חֲמִשִּׁים זוּז. שֶׁזֶּה נוֹטֵל חֲצִי הַחַי וַחֲצִי הַמֵּת, וְזֶה נוֹטֵל חֲצִי הַחַי וַחֲצִי הַמֵּת: י יֵשׁ חַיָּב עַל מַעֲשֵׂה שׁוֹרוֹ וּפָטוּר עַל מַעֲשֵׂה עַצְמוֹ. פָּטוּר עַל מַעֲשֵׂה שׁוֹרוֹ וְחַיָּב עַל

הרגעט) און די נבלה איז גארניט ווערט, נעמט ער (דער בעל הבית פון געהרגעטן אָקס) צו דעם (לעבעדיקן) אָקס. **מחמת דער אָקס איז דאָך ווערט 100 גילדן, וויפיל עס באטרעפט א העלפט פון דעם שאדן.** שור שוה מאתים, אויב אן אָקס (א תם) וועלכער איז ווערט צוויי הונדערט גילדן האָט געשטויסן אן אָקס, וועלכער איז ווערט צוויי הונדערט גילדן (און אים געהרגעט) און די נבלה איז גאָרניט ווערט, זאָגט ר׳ מאיר, אז דארויף ווערט געזאָגט (אין חומש שמות כ״א) „ומכרו את השור החי וחצי את כספו״ (און זיי זאָלן פארקויפן דעם לעבעדיקן אָקס, און זיי זאָלן זיך צעטיילן מיט זיין געלט). **און דער בעל הבית פון געהרגעטן אָקס קריגט פון די 200 גילדן א העלפט, דאָס הייסט 100 גילדן, ווי דער דין איז אז א תם צאָלט א האלבן שאדן.** אָמר לו, האָט צו אים (צו ר׳ מאיר) געזאָגט ר׳ יהודה: אזוי איז טאקע די הלכה, (אָבער אין אזא פאל) האָסטו דו דאָך נור מקיים געווען דעם „און זיי זאָלן פארקויפן דעם לעבעדיקן און זיי זאָלן זיך טיילן מיט זיין געלט״, אָבער דו האָסט דאָך ניט מקיים געווען (די צווייטע העלפט פון זעלביקן פסוק אין שמות כ״א) „וגם את המת יחצון״, „און זיי זאָלן זיך טיילן אויך מיט דעם געהרגעטן (אָקס)״; און וועלכער איז עס (ווען קאָן מען מקיים זיין אויך די צווייטע העלפט פון דעם פסוק)? דאָס איז (דער פאל ווען) אן אָקס וואָס איז ווערט צוויי הונדערט גילדן האָט געשטויסן אן אָקס וואָס איז ווערט צוויי הונדערט גילדן (און האָט אים דערהרגעט) און די נבלה איז ווערט פופציק גילדן, (איז דער דין) אז דער (בעל הבית פון געהרגעטן אָקס) נעמט א העלפט פון לעבעדיקן (אָקס) און א העלפט פון טויטן (אָקס), און דער (בעל הבית פון לעבעדיקן אָקס) נעמט א העלפט פון לעבעדיקן (אָקס) און א העלפט פון טויטן (אָקס). **די גמרא זאָגט, אז דאָ מיינט מען, ווען די נבלה איז צוערשט גאָרניט ווערט געווען, נאָר שפעטער אײדער מען האָט געהאט די דין תורה איז טייער געוואָרן נבלה־פלייש און זי איז ווערט געוואָרן די 50 גילדן. האלט ר׳ מאיר, אז דער „שבח נבלה״, דאָס וואָס די נבלה איז ווערט געוואָרן געלט געהערט אינגאנצן צום ניזק (צום בעל הבית פון טויטן אָקס), און ר׳ יהודה האלט, אז א העלפט פון דעם „שבח נבלה״, פון די 50 גילדן, געהערט צום מזיק (צום בעל הבית פון לעבעדיקן אקס). און ווען ער באצאָלט אים זיין האלבן שאָדן קאָן ער אים אראָפרעכענען א העלפט פון דעם איצטיקן ווערט פון דער נבלה.**

י יש, עס זענען פאראן (פאלן) ווען (א מענטש) איז מחויב (צו באצאָלן) פאר (דעם שאדן) וואָס איז געטאָן געוואָרן דורך זיין אָקס און ער איז פטור (פון באצאָלן) פאר (דעם שאדן) וואָס ער אליין (דער מענטש אליין) האָט געטאָן; (און עס זענען פאראן פאלן ווען) ער איז פטור (צו באצאָלן פאר דעם שאדן) וואָס איז געטאָן געוואָרן דורך זיין אָקס, און ער איז מחויב (צו באצאָלן פאר דעם שאדן) וואָס ער אליין האָט געטאָן **און די משנה רעכנט דאָ אויס די דאָזיקע פאלן.** שורו שבייש, אויב זיין אָקס האָט מבייש געווען (א מענטש, אים פארשמוציקט) איז ער (דער בעל הבית פון אָקס) פטור (צו באצאָלן פאר דער פארשעמונג), און אויב ער (דער מענטש) האָט מבייש געווען (א מענטש) איז ער חייב (צו באצאָלן פאר דער פארשעמונג). **עס זענען**

מַעֲשֵׂה עַצְמוֹ. שׁוֹרוֹ שֶׁבִּיֵּשׁ פָּטוּר, וְהוּא שֶׁבִּיֵּשׁ חַיָּב. שׁוֹרוֹ שֶׁסִּמָּא אֶת עֵין עַבְדּוֹ וְהִפִּיל אֶת שִׁנּוֹ, פָּטוּר, וְהוּא שֶׁסִּמָּא אֶת עֵין עַבְדּוֹ וְהִפִּיל אֶת שִׁנּוֹ חַיָּב. שׁוֹרוֹ שֶׁחָבַל בְּאָבִיו וְאִמּוֹ חַיָּב, וְהוּא שֶׁחָבַל בְּאָבִיו וְאִמּוֹ פָּטוּר. שׁוֹרוֹ שֶׁהִדְלִיק אֶת הַגָּדִישׁ בַּשַּׁבָּת חַיָּב, וְהוּא שֶׁהִדְלִיק אֶת הַגָּדִישׁ בַּשַּׁבָּת פָּטוּר, מִפְּנֵי שֶׁהוּא מִתְחַיֵּב בְּנַפְשׁוֹ: **יא** שׁוֹר שֶׁהָיָה רוֹדֵף אַחַר שׁוֹר אַחֵר וְהֻזַּק, זֶה אוֹמֵר שׁוֹרְךָ הִזִּיק וְזֶה אוֹמֵר לֹא כִּי אֶלָּא בְּסֶלַע

**פאראן צוויי טעמים פאר וואס מען איז פטור פאר מבייש זיין דורך דעם אָקס. איין טעם איז ווייל דער פסוק ויקרא כ״ד „ואיש כי יתן מום בעמיתו״, ווערט געלערנט אז נור „איש״ א מענטש, און ניט אן אָקס. אן אנדערער טעם איז, ווייל פאר מבייש זיין דארף מען באצאָלן נור ווען מען האָט אינזינען יענעם מבייש צו זיין, און אן אָקס האָט דאָך ניט אינזינען יענעם מבייש צו זיין.** שורו שסימא, אויב זיין אָקס האָט (א קלאפּ געגעבן און) בלינד געמאכט דאָס אויג פון זיין שקלאַף אָדער אויסגע־האקט אים (ביים שקלאף) זיין צאָן, איז ער (דער בעל הבית פון אָקס) פטור (און דער שקלאף ווערט ניט באפרייט), און אויב ער אליין (דער מענטש) האָט (א קלאפּ גע־געבן און) בלינד געמאכט דאָס אויג פון זיין שקלאף אָדער אויסגעהאקט אים זיין צאָן, איז ער חייב. מיט „חייב״ מיינט דאָ, **אז דער שקלאף ווערט באפרייט, אויס זיין שקלאף, ווי דער חומש זאָגט אין שמות כ״א „לחפשי ישלחנו״. ביז איצט האָט די משנה געגעבן די פאלן, ווען דער מענטש איז פטור פאר די שאדנס וואָס זיין אָקס האָט געטאָן און ער איז חייב פאר די שאדנס וואָס ער טוט אליין. איצט וועט די משנה געבן די פארקערטע פאלן, ווען דער מענטש איז חייב פאר די שאדנס וואָס זיין אָקס טוט, און ער איז פטור פאר די שאדנס וואָס ער, דער מענטש אליין, טוט.** שורו שחבל, אויב זיין אָקס האָט (געגעבן א קלאפּ און) פארוואונדעט זיין (דעם מענטש׳ס) פאָטער אָדער זיין מוטער, איז ער (דער זון) חייב (צו באצאָלן דעם פא־טער און דער מוטער פאר דעם שאדן), און אויב ער (דער מענטש, דער זון) האָט (געגעבן א קלאפּ און) פארוואונדעט זיין פאָטער אָדער זיין מוטער איז ער פטור (פון באצאָלן געלט פאר דעם שאדן). **מחמת די תורה (שמות כ״א) זאָגט אז ווער עס פאר־וואונדעט זיינע עלטערן קומט אים טויט־שטראָף (מות יומת), און מיר האָבן א כלל אז „אין אדם מת ומשלם״, אז ווען איינער טוט א עבירה (אפילו בשוגג) פאר וועלכער עס קומט (אויב ער טוט זי במזיד) טויט שטראָף, און ער האָט דאביי געטאָן אויך א געלט שאדן, איז ער פטור פון באצאָלן פאר דעם געלט־שאדן.** שורו שהדליק, אויב זיין אָקס האָט אָנגעצינדן א (פרעמדנס) שייער (מיט תבואה) אים שבת, איז ער (דער בעל הבית פון אָקס) חייב (צו באצאָלן פאר דעם שאדן), און אויב ער (דער מענטש אליין) האָט אָנגעצינדן א (פרעמדנס) שייער אים שבת, איז ער פטור (פון באצאָלן פאר דעם שאדן), ווייל ער איז מחויב טויט־שטראָף (מתחייב בנפשו, ער האָט פאר־שולדיקט זיין לעבען). **די ווערטער „מפני שהוא מתחייב בנפשו״ גייען ארויף אויך אויף דעם פריערדיקן דין וועגן פארוואונדן די עלטערן. רשי זאָגט, אז אויב דער אָקס צינדט אָן א שייער דארף מען באצאָלן נור א האלבן שאדן, ווייל עס איז „משונה״, עס איז ניט דער שטייגער אז א בהמה זאָל נעמען פייער און אונטערצינדן עפּיס.**

יא. שור, אויב אן אָקס (פון ראובן) האָט נאָכגעיאָגט נאָך אן אנדערן אָקס (פון שמעון), און ער (שמעון׳ס אָקס) איז געוואָרן צעשעדיקט (און מען האָט ניט געזען, אז ראובן׳ס אָקס זאָל אים האָבן צעשעדיקט), דער (שמעון) זאָגט (צו ראובנען): „דיין אָקס האָט אים צעשעדיקט״ און דער (ראובן) זאָגט: „עס איז ניט אזוי (געווען), נאָר ער האָט זיך צעשעדיקט (קראצנדיק זיך) אין א שטיין״, (איז דער דין) אז ווער

לָקֶה. הַמּוֹצִיא מֵחֲבֵרוֹ עָלָיו הָרְאָיָה. הָיוּ שְׁנַיִם רוֹדְפִין אַחַר אֶחָד, זֶה אוֹמֵר שׁוֹרְךָ הִזִּיק וְזֶה אוֹמֵר שׁוֹרְךָ הִזִּיק, שְׁנֵיהֶם פְּטוּרִין. אִם הָיוּ שְׁנֵיהֶן שֶׁל אִישׁ אֶחָד שְׁנֵיהֶם חַיָּבִים. הָיָה אֶחָד גָּדוֹל וְאֶחָד קָטָן, הַנִּזָּק אוֹמֵר גָּדוֹל הִזִּיק, וְהַמַּזִּיק אוֹמֵר לֹא כִי אֶלָּא קָטָן הִזִּיק, אֶחָד תָּם וְאֶחָד מוּעָד, הַנִּזָּק אוֹמֵר מוּעָד הִזִּיק וְהַמַּזִּיק אוֹמֵר, לֹא כִי אֶלָּא תָּם הִזִּיק, הַמּוֹצִיא מֵחֲבֵרוֹ עָלָיו הָרְאָיָה. הָיוּ הַנִּזּוֹקִין שְׁנַיִם, אֶחָד גָּדוֹל וְאֶחָד קָטָן, וְהַמַּזִּיקִים שְׁנַיִם

עס וויל ארויסנעמען פון אנדערן דארף ברענגען דעם באוויז. **דאָס איז דער כלל פון „המוציא מחברו עליו הראיה", און ווייל שמעון וויל דאָך ארויסנעמען פון ראובנען געלט פאר דעם שאדן, דארף שמעון ברענגען דעם באוויז, אז ראובנ'ס אָקס האָט צעשעדיקט זיין אָקס; דאַקעגן ראובן דארף ניט ברענגען קיין באוויז, אז שמעון'ס אָקס האָט זיך צעשעדיקט אין א שטיין.** היו שנים, אויב צווי אָקסן (איינער פון ראובן און איינער פון לוי) האָבן נאָכגעיאָגט אן אנדערן אָקס (פון שמעון) און (ווען מען האָט געפונען שמעון'ס אָקס צעשעדיקט) זאָגט דער (ראובן צו לוי): „דיין אָקס האָט אים צעשעדיקט", און דער (לוי) זאָגט (צו ראובנען): „דיין אָקס האָט אים צעשעדיקט", זענען ביידע (סיי ראובן און סיי לוי) פטור (פון באצאָלן). **ווייל יעדער פון זיי קאָן אָפּשטופּן שמעון'ס טענה, און זאָגן אז זיין אָקס האָט גאָרניט געטאָן. מען מיינט דאָ, אז עס זענען פאראן עדות, אז ער איז צעשעדיקט געוואָרן דורך אן אקס, און ניט דורך א שטיין, און פונדעסטוועגן קאָן שמעון ניט מאָנען ניט ביי ראובנען און ניט ביי לוי (אזוי טייטשט דער „נימוקי יוסף").** אם היו, אויב זיי (די אָקסן) זענען געווען ביידע פון איין מענטש (זיי האָבן ביידע געהערט צו ראובנען) זענען ביידע חייב: **די גמרא טייטשט, אז מען מיינט ווען ביידע אָקסן זענען תמין, און ווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק א' משנה ד' צאָלט מען פאר א שאדן פון א תם נור „מגופו". נאָר פון אָקס אליין, און דער בעל הבית דארף פון זיין קעשענע ניט צוצאָלן. זאָגט די משנה אז אויב ביידע אָקסן זענען פאראן קאָן שמעון אָפּנעמען דעם האלבן שאדן פון ביידע אקסן. אָבער אויב עס איז פאראן פאר אונז נאָר איין אָקס, און דער צווייטער איז ניטאָ, קאָן שמעון ניט אָפּנעמען פון דאָזיקן אָקס, ווייל ראובן קאָן צו אים טענהן, אז ער זאָל ברענגען עדות אז דער דאָזיקער אָקס האָט געטאָן דעם שאדן.** היה אחד, אויב איינער (פון ראובנ'ס צוויי אקסן) איז געווען א גרויסער (און איז ווערט מער געלט) און איינער א קליינער (און איז ווערט ווינציקער געלט), און דער ניזק (דער געליטענער, שמעון) זאָגט, אז דער גרויסער אָקס האָט צעשעדיקט (זיין אָקס, און ער קאָן אפּנעמען פון גרויסן אָקס דעם האלבן שאדן), און דער מזיק (ראובן, דער וואָס האָט געמאכט דעם שאדן) זאָגט, אז ניט אזוי, נאָר דער קליינער אָקס האָט צעשעדיקט (און אזוי ווי דער קליינער אָקס האָט ניט די ווערט פון דעם האלבן שאדן, דארף שמעון דאָס איבריקע היזק האָבן); אָדער איינער (פון ראובנ'ס צוויי אָקסן איז געווען) א תם און איינער א מועד, און דער ניזק (שמעון) זאָגט, אז דער מועד האָט צעשעדיקט (און אים קומט צו באצאָלן פאר דעם גאנצן שאדן) און דער מזיק (ראובן) זאָגט, אז ניט אזוי, נאָר דער תם האָט צעשעדיקט (און עס קומט אים נאָר א האלבן שאדן), איז (דער דין, אז) ווער עס וויל ארויסנעמען פון אנדערן (געלט) דארף ברענגען דעם באוויז. **און ווייל שמעון וויל דאָך נעמען פון ראובנען מער געלט, דארף ער באווייזן, אז דער גרויסער אָקס האָט מזיק געווען, און אז דער מועד האָט מזיק געווען.** היו הניזוקין, אויב די צעשעדיקטע (אָקסן פון שמעון זענען געווען, ניט איין אָקס, נאָר) צוויי, איינער א גרויסער און איינער א קליינער, און די מזיקים (די אָקסן־שלעגערס, ראובנ'ס אקסן) זענען געווען צוויי, איינער א גרויסער און איי־נער א קליינער, און דער ניזק (שמעון) זאָגט, אז דער גרויסער האָט צעשעדיקט דעם

אֶחָד גָּדוֹל וְאֶחָד קָטָן, הַנִּזָּק אוֹמֵר גָּדוֹל הִזִּיק אֶת הַגָּדוֹל, וְקָטָן אֶת הַקָּטָן, וְהַמַּזִּיק אוֹמֵר, לֹא כִי אֶלָּא קָטָן אֶת הַגָּדוֹל, וְגָדוֹל אֶת הַקָּטָן, אֶחָד תָּם וְאֶחָד מוּעָד, הַנִּזָּק אוֹמֵר, מוּעָד הִזִּיק אֶת הַגָּדוֹל וְתָם אֶת הַקָּטָן, וְהַמַּזִּיק אוֹמֵר, לֹא כִי אֶלָּא תָּם אֶת הַגָּדוֹל וּמוּעָד אֶת הַקָּטָן, הַמּוֹצִיא מֵחֲבֵרוֹ עָלָיו הָרְאָיָה:

# פרק ד.

שׁוֹר שֶׁנָּגַח אַרְבָּעָה וַחֲמִשָּׁה שְׁוָרִים זֶה אַחַר זֶה, יְשַׁלֵּם לָאַחֲרוֹן שֶׁבָּהֶם, וְאִם יֵשׁ בּוֹ מוֹתָר, יַחֲזִיר לְשֶׁלְּפָנָיו, וְאִם יֵשׁ בּוֹ מוֹתָר יַחֲזִיר לְשֶׁלִּפְנֵי פָנָיו, וְהָאַחֲרוֹן אַחֲרוֹן נִשְׂכָּר דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר, רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר

גרויסן און דער קליינער דעם קליינעם (און ממילא קאָן ער אפנעמען פון ראובנ׳ס גרויסן אָקס פאר זיין צעשעדיקטן גרויסן אָקס, און פון קליינעם אָקס איז גענוג פאר דעם צעשעדיגטן קליינעם אָקס), און דער מזיק (ראובן) זאָגט, אז ניט אזוי, נאָר דער קליינער אָקס האָט צעשעדיקט דעם גרויסן און דער גרויסער דעם קליינעם (און אזוי ווי ראובנ׳ס קליינער אָקס האָט ניט די ווערט פון דעם האלבן שאדן פון צעשעדיקטן גרויסע אָקס, דארף שמעון דאָס איבריקע היזק האָבן); אָדער איינער (פון ראובנ׳ס אָקסן) איז געווען א תם און איינער א מועד, און דער ניזק (שמעון) זאָגט, אז דער מועד האָט צעשעדיקט דעם גרויסן אָקס (און ראובן דארף באצאָלן דעם גאנצן גרויסן שאדן) און דער תם האָט צעשעדיקט דעם קליינעם אָקס (און א העלפט פון קליינעם שאדן), און דער מזיק (ראובן) זאָגט, אז ניט אזוי, נאָר דער תם האָט צעשעדיקט דעם גרויסן אָקס (און ער דארף צאָלן נאָר א העלפט פון גרויסן שאדן) און דער מועד האָט צעשעדיקט דעם קליינעם אָקס (און ער דארף צאָלן דעם גאנצן קליינעם שאדן), איז (דער דין) אז ווער עס וויל ארויסנעמען (געלט) ביים אנדערן, דארף ברענגען דעם באַווייז. **דאָס איז אלץ דערזעלביקער כלל פון „המוציא מחברו עליו הראיה", אז דער וואָס מאָנט, אז מען זאָל אים געבן געלט, דארף ברענגען דעם באַ־ווייז, אז זיין טענה איז א ריכטיקע. די גמרא זאָגט דאָ, אז ראובן איז פטור אפילו צו באצאָלן די ווערט פון קלענערן אָקס, און פון תם, ווייל דער דין איז אז ווען איינער מאָנט ביים אנדערן אז ער איז אים שולדיק ווייץ און יענער זאָגט, אז ווייץ איז ער אים ניט שולדיג נאָר ער איז אים שולדיק גערשטן, איז ער פטור אפילו צו באצאָלן פאר די גערשטן („טענו חטין והודה לו בשעורין פטור"), און דאָס בית דין קאָן אים ניט צווינגען צו באצאָלן. אויב אָבער ראובן האָט געכאַפּט פון שמעונען די ווערט פון קליינעם אָקס (וואָס שמעון האָט מודה געווען) נעמט דאָס בית דין ניט צוריק פון אים (אי תפס לא מפקינן מיניה).**

## פרק ד

א. שור שנגח, אויב אן אָקס (א תם) האָט געשטויסן פיר אָדער פינף אָקסן איינעם נאָכן אנדערן, דארף מען באצאָלן (פון דעם אָקס) פאר דעם לעצטן פון זיי (פאר דעם שאדן פון לעצטן געשטויסענעם אָקס), און אויב עס איז פאראן אין אים איבריק געלט, זאָל מען געבן פאר דעם (שאדן פון אָקס) פון פאר אים (פון פאר דעם לעצטן), און אויב עס איז פאראן איבריק (געלט) זאָל מען געבן פאר דעם (שאדן פון דעם אָקס) פון פאר־פאר דעם לעצטן, און דער לעצטער־לעצטער פאָרדינט, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. **כדי צו פארשטיין די משנה דארף מען געדענקען וואָס מיר האָבן גע־לערנט פריער פרק א׳ משנה ד׳ אז א תם באצאָלט נור א האלבן שאדן און נור „מגופו", פון אָקס אליין. למשל, אויב ראובנ׳ס אָקס א תם (וואָס האָט נאָכניט גע־שטויסן דריי אָקסן אָדער מען האָט נאָכניט געוואָרנט ראובנען אז זיין אָקס איז א שטויסער) וועלכער איז ווערט 200 גילדן האָט געהרגעט שמעונ׳ס אָקס, וועלכער איז**

שׁוֹר שָׁוֶה מָאתַיִם שֶׁנָּגַח שׁוֹר שָׁוֶה מָאתַיִם וְאֵין הַנְּבֵלָה יָפָה כְּלוּם, זֶה נוֹטֵל מָנֶה וְזֶה נוֹטֵל מָנֶה. חָזַר וְנָגַח שׁוֹר אַחֵר שָׁוֶה מָאתַיִם, הָאַחֲרוֹן נוֹטֵל מָנֶה, וְשֶׁלְּפָנָיו זֶה נוֹטֵל חֲמִשִּׁים זוּז וְזֶה נוֹטֵל חֲמִשִּׁים זוּז. חָזַר וְנָגַח שׁוֹר אַחֵר שָׁוֶה מָאתַיִם, הָאַחֲרוֹן נוֹטֵל מָנֶה, וְשֶׁלְּפָנָיו חֲמִשִּׁים זוּז, וּשְׁנַיִם הָרִאשׁוֹנִים דִּינַר זָהָב:

ב שׁוֹר שֶׁהוּא מוּעָד לְמִינוֹ וְאֵינוֹ מוּעָד לְשֶׁאֵינוֹ מִינוֹ, מוּעָד לְאָדָם וְאֵינוֹ מוּעָד לִבְהֵמָה, מוּעָד לִקְטַנִּים

**ווערט 200 גילדן, דארף ראובן באצאָלן נור א האלבן שאדן, 100 גילדן. ווי איז אָבער אז ראובנ׳ס אָקס איז נור ווערט 50 גילדן, כאָטש א האלבער שאדן איז דאָך 100 גילדן, קריגט שמעון נור 50 גילדן, ווייל ביי א תם קאָן מען מאָנען דעם שאדן פון אָקס זעלבסט, און ניט פון ראובנ׳ס קעשענע. זאָגט ר׳ מאיר, אז אויב ראובנ׳ס אָקס א תם האָט געשטויסן צוערשט שמעון׳ס אן אָקס, און דערנאָך לוי׳ס אן אָקס, און דערנאָך יוסף׳ס אן אָקס און דערנאָך בנימינס אן אָקס (און ער איז ניט געוואָרן דערווייל קיין מועד ווייל מען האָט ראובנען ניט געהאט געווארנט), דארף מען פון ראובנ׳ס אָקס קודם כל באצאָלן דעם האלבן שאדן בנימינען, דעם לעצטן, און אויב עס בלייבט איבער געלט, צאָלט מען דעם פאר־לעצטן, יוסף׳ן, און אויב עס בלייבט איבער געלט צאָלט מען דעם פאר־פאר־לעצטן, יהודה׳ן, און אזוי כסדר, און וואָס איינער איז מער לעצטער, אלץ מער פארדינט ער, אלץ מער יחסן איז ער. אלץ פריער איז ער צום אָפּנעמען געלט. די גמרא זאָגט, אז מען מיינט, אז שמעון האָט פארכאפּט ראובנ׳ס אָקס, און דערנאָך האָט לוי פארכאפּט דעם אָקס און אזוי כסדר, און ממילא זענען זיי געוואָרן „שומרי שכר", געדינגענע היטערס פון אָקס, און דאריבער נעמט דער לעצטער אָפּ קודם כל זיין שאדן אויפן חשבון פון די פריער־דיקע, ווייל זיי זענען דאָך געוואָרן די בעלי בתים פון אָקס; דאקייגן ראובן דער בעל בעל הבית האָט גאָרניט היזק, ער באקומט זיין האלבן אָקס, ווייל ער האָט דאָך איס ניט מער געדארפן היטן.** ר׳ שמעון זאָגט, אז אויב (ראובנ׳ס) אן אָקס וועלכער איז ווערט צוויי הונדערט (גילדן) האָט געשטויסן (און געהרג׳עט שמעון׳ס) אן אָקס וואָס איז ווערט צוויי הונדערט (גילדן), און די נבלה איז גאָרניט ווערט, נעמט דער (ראובן) הונדערט גילדן (פון דעם לעבעדיקן אָקס) און דער (שמעון) נעמט הונדערט גילדן אויב ער האָט (דערנאָך) געשטויסן אן אנדערן אָקס (לוי׳ס), וואָס איז ווערט צוויי הונדערט גילדן, נעמט דער לעצטער (לוי) הונדערט גילדן, און די פאר איס נעמט דער (שמעון) פופציג גילדן און דער (ראובן) נעמט פופציק גילדן; אויב ער האָט דערנאָך ווידער געשטויסן אן אנדערן אָקס (יהודה׳ס) וואָס איז ווערט צוויי הונ־דערט גילדן, נעמט דער לעצטער (יהודה) הונדערט גילדן, און דער פאר איס (לוי) נעמט פופציק גילדן, און די ערשטע צוויי (שמעון און ראובן) נעמען צו גילדערנע רענדלעך (א גילדן רענדל, דנר זהב, איז פינף און צוואנציק זילבערנע גילדן).
**ר׳ שמעון האלט, אז אויך דער בעל הבית פון אָקס, ראובן, איז פאראנטוואָרטליך פאר די ווייטערדיקע שטויסונגען, און ער איז אזוי ווי א שותף מיט שמעון צום שאדן וואָס דער אָקס האָט געטאָן לוי׳ן, און דערנאָך ווערן זיי ביידע איין שותף צוזאמען מיט לוי אלס שותף צום שאדן וואָס דער אָקס האָט געטאָן יהודהן. ממילא ווען ראובנ׳ס אָקס האָט געשטויסן שמעון׳ס, האָט ראובן 100 און שמעון 100 גילדן. ווען דער אָקס האָט געשטויסן לוי׳ס, גיט יעדע פון זיי צושטייער א העלפט, ממילא האָט לוי 100 און ראובן און שמעון צו 50 גילדן. דערנאָך ווען דער אָקס האָט געשטויסן יהודה׳ס, גיט ווידער יעדער צושטייער א העלפט פון זיין חלק, אזוי אז יהודה קריגט זיינע 100 גילדן, און לוי קריגט נור א העלפט פון זיין חלק, 50 גילדן, און ראובן און שמעון צו העלפט פון זייערע חלקים, צו 25 גילדן.**

ב. שור, אויב אן אָקס איז א מועד צו זיין מין (צו שטויסן אָקס) און ער איז ניט קיין מועד ניט צו זיין מין (למשל צו שטויסן אייזלן), אָדער ער איז א מועד

וְאֵינוֹ מוּעָד לַגְּדוֹלִים, אֶת שֶׁהוּא מוּעָד לוֹ מְשַׁלֵּם נֶזֶק שָׁלֵם, וְאֶת שֶׁאֵינוֹ מוּעָד לוֹ מְשַׁלֵּם חֲצִי נֶזֶק. אָמְרוּ לִפְנֵי רַבִּי יְהוּדָה, הֲרֵי שֶׁהָיָה מוּעָד לַשַּׁבָּתוֹת וְאֵינוֹ מוּעָד לַחוֹל? אָמַר לָהֶם לַשַּׁבָּתוֹת מְשַׁלֵּם נֶזֶק שָׁלֵם, לִימוֹת הַחוֹל מְשַׁלֵּם חֲצִי נֶזֶק. אֵימָתַי הוּא תָּם? מִשֶּׁיַּחֲזוֹר בּוֹ שְׁלֹשָׁה יְמֵי שַׁבָּתוֹת: ג שׁוֹר שֶׁל יִשְׂרָאֵל שֶׁנָּגַח שׁוֹר שֶׁל הֶקְדֵּשׁ וְשֶׁל הֶקְדֵּשׁ שֶׁנָּגַח שׁוֹר שֶׁל יִשְׂרָאֵל, פָּטוּר. שֶׁנֶּאֱמַר שׁוֹר רֵעֵהוּ, וְלֹא שׁוֹר שֶׁל הֶקְדֵּשׁ. שׁוֹר שֶׁל יִשְׂרָאֵל שֶׁנָּגַח לְשׁוֹר שֶׁל נָכְרִי פָּטוּר. וְשֶׁל נָכְרִי שֶׁנָּגַח לְשׁוֹר שֶׁל יִשְׂרָאֵל, בֵּין תָּם בֵּין מוּעָד מְשַׁלֵּם נֶזֶק שָׁלֵם: ד שׁוֹר שֶׁל

צו (שטויסן) מענטשן און ער איז ניט קיין מועד צו (שטויסן) בהמות, אָדער ער איז אַ מועד צו (שטויסן) קליינע, און ער איז ניט קיין מועד צו (שטויסן) גרויסע, איז (אויב ער האָט געשטויסן דאָס) צו וואָס ער איז א מועד, באַצאָלט ער א גאנצן שאדן, און אויב (ער האָט געשטויסן דאָס) צו וואָס ער איז ניט קיין מועד, באַצאָלט ער א האלבן שאדן. **רשי און דער ברטנורא טייטשן „לקטנים", „צו קליינע", צו קעלבער.** אָמרו, האָבן זיי (די תלמידים) געזאָגט פאר ר' יהודה, ווי־זשע איז אויב ער איז א מועד צו שטויסן אין שבתים (־טעג) און ער איז ניט קיין מועד (צו שטויסן) אין וואָכעדיקע (טעג)? האָט ער (ר' יהודה) געזאָגט צו זיי, אז (אויב ער שטויסט) אין שבתים (־טעג) צאָלט ער א גאנצן שאדן, און אויב אין די וואָכעדיקע טעג, צאָלט ער א האלבן שאדן. **רשי זאָגט, ווייל אים שבת ארבייט ניט דער אָקס, האָט ער מער מוט צום שטויסן. לויט דעם פשט מיינט מען אפילו ביים שטויסן אָקסן. דער ירושלמי זאָגט אז מען מיינט וועגן שטויסן מענטשן און ווייל אין שבתים־טעג זעט ער די מענטשן אָנגעטאָן אין שענערע מלבושים און ער דערקענט זיי ניט און ער מיינט אז זיי זענען פרעמדע, דעריבער שטויסט ער זיי.** אימתי, ווען ווערט ער (דער אָקס וועלכער איז אמועד צו שבתים־טעג און איז ניט קיין מועד צו וואָכעדיקע טעג) א תם? פון ווען ער הערט־אויף צו שטויסן דריי שבתים (־טעג). **אויב ער האָט דריי שבתים־טעג ניט געשטויסן ווערט ער צוריק א תם, און אויב ער האָט דערנאָך ווי־דער געשטויסן, צאָלט ער נור א האלבן שאדן.**

ג. שור, אויב אן אָקס פון א ייד האָט געשטויסן אן אָקס פון הקדש (וועלכער געהערט צום בית המקדש), אָדער אן אָקס פון הקדש (וואָס געהערט צום בית המקדש) האָט געשטויסן אן אָקס פון א ייד, איז מען פטור (צו באַצאָלן פאר דעם שאדן), ווארום עס ווערט געזאָגט (שמות כ"א) „שור רעהו" (אויב אן אָקס פון א מענטש האָט צעשעדיקט דעם אָקס פון זיין פריינט), און (דערפון לערנט מען אָפּ אז) ניט דעם אָקס פון הקדש. **„הקדש", דאָס בית המקדש, הייסט ניט „רעהו", זיין פריינט.** שור של ישראל, אויב אן אָקס פון א ייד האָט גע־שטויסן אן אָקס פון א גוי איז ער פטור (צו באַצאָלן פאר דעם שאדן), און אויב אן אָקס פון א גוי האָט געשטויסן אן אָקס פון א ייד, סיי ער (דער אָקס פון גוי) איז א תם און סיי ער איז א מועד, דארף ער באַצאָלן א גאנצן שאָדן.. **די גמרא זאָגט, אז ווייל מען האָט געזען אז די גויים זענען ניט מקיים די זיבן מצוות וואָס אויך גויים דארפן האַלטן (שבע מצוות של בני נח), ווי ניט גזלענען, ניט זיין געצנדינער, האָט מען מתיר געמאכט זייער געלט. דער „תפארת ישראל" זאָגט, אז די גויים, וואָס גלויבן אין גאָט און זיינען נזהר אין די זיבן מצוות און טאָן גמילות חסדים, דארף מען זיי באַצאָלן פאר דעם שאדן וואָס מען טוט זיי.**

ד. שור של פקח, אויב אן אָקס וואָס געהערט צו א געזונטן מענטש האָט גע־שטויסן אן אָקס וואָס געהערט צו א טויב־שטומען אָדער צו א משוגענעם (שוטה) אָדער צו א יינג קינד (קטן) איז ער (דער געזונטער מענטש) מחויב (צו באַצאָלן פאר

פִּקֵּחַ שֶׁנָּגַח שׁוֹר שֶׁל חֵרֵשׁ שׁוֹטֶה וְקָטָן, חַיָּב. וְשֶׁל חֵרֵשׁ שׁוֹטֶה וְקָטָן שֶׁנָּגַח שׁוֹר שֶׁל פִּקֵּחַ פָּטוּר. שׁוֹר שֶׁל חֵרֵשׁ שׁוֹטֶה וְקָטָן שֶׁנָּגַח, בֵּית דִּין מַעֲמִידִין לָהֶן אַפִּיטְרוֹפּוֹס, וּמְעִידִין לָהֶם בִּפְנֵי אַפִּיטְרוֹפּוֹס. נִתְפַּקֵּחַ הַחֵרֵשׁ, נִשְׁתַּפָּה הַשּׁוֹטֶה, וְהִגְדִּיל הַקָּטָן, חָזַר לְתַמּוּתוֹ, דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר, רַבִּי יוֹסֵי אוֹמֵר, הֲרֵי הוּא בְּחֶזְקָתוֹ. שׁוֹר הָאִצְטָדִין אֵינוֹ חַיָּב מִיתָה, שֶׁנֶּאֱמַר כִּי יִגַּח וְלֹא שֶׁיַּגִּיחוּהוּ:

ה שׁוֹר שֶׁנָּגַח אֶת הָאָדָם וָמֵת, מוּעָד מְשַׁלֵּם כּוֹפֶר, וְתָם פָּטוּר מִן הַכּוֹפֶר. וְזֶה וְזֶה חַיָּבִים מִיתָה. וְכֵן בְּבֵן, וְכֵן

דעם שאדן), און אויב אן אָקס וואָס געהערט צו א טויב־שטומען אָדער צו א משוגענעם אָדער צו א יינג קינד, האָט געשטויסן אן אָקס וואָס געהערט צו א געזונטן מענטש, איז ער (דער טויב־שטומער אָדער דער משוגענער אָדער דאָס יינגע קינד) פטור (פון באצאָלן). **מען מיינט דאָ אז דער אָקס איז א תם, וואָס מען נעמט אָפּ פאר דעם שאדן נאָר פון אָקס אליין, און דאָס איז מטלטלין** (ניט קיין ערד) **און פון א טויב־שטומען און פון א משוגענעם און פון א קינד א יתום קאָן מען אָפּנעמען נור פון ערד.** שור של חרש, אויב אן אָקס וואָס געהערט צו א טויב־שטומען אָדער צו א משוגענעם אָדער צו א יינג קינד האָט געשטויסן, באשטימט דאָס בית דין פאר זיי אן אפּיטרופּוס (אן אויפזעער), און מען ווארנט אים (וועגן דעם אָקס) פאר דעם אפּיטרופּוס. **אזוי ארום ווערט דער אָקס א מועד, און אויב ער שטויסט קאָן מען אָפּנעמען פון די יתומים (אָדער פון טויב־שטומען, אָדער פון משוגענעם).** נתפקח, (אויב נאָכדעם ווי מען האָט דעם אקס געמאכט פאר א מועד דורך דעם אפּיטרופּוס) איז דער טויב־שטומער געוואָרן הערעוודיק, אָדער דער משוגענער איז געוואָרן געזונט (מיושב), אָדער דאָס יינגע קינד איז אויפגעוואקסן, ווערט ער (דער אָקס) צוריק א תם, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. **ווייל ער האלט, אז דאָס הייסט, אז דער אָקס האָט באקומען אן אנדערן בעל הבית און אז אויב אן אָקס א מועד באקומט אן אנדערן בעל הבית ווערט ער צוריק א תם, און מען מוז אויפסניי ווארנען דעם נייעם בעל הבית.** ר׳ יוסי זאָגט, אז ער איז אין זיין ביז־איצטיקן צושטאנד (בחזקתו). **ער בלייבט ווייטער א מועד.** שור האצטדין, אן אָקס פון צירק (וועלכן מען צווינגט אין צירק צו קעמפן און שטויסן מענטשן, אויב ער האָט געשטויסן און געהרגעט א מענטש) קומט אים ניט קיין מיתה (קיין טויט־שטראָף) ווארום עס ווערט געזאָגט (שמות כ״א) „כי יגח" (אויב ער וועט שטויסן), און ניט „אויב מען וועט אים מאכן צום שטויסן" **אין חומש שמות כ״א ווערט געזאָגט אז אויב אן אָקס שטויסט און הרגעט א מענטש קומט דעם אָקס צו טויטן דורך פארשטיינען אים. זאָגט די משנה, אז ווייל דעם אָקס אין צירק, אויף דער ארענע, רייצט מען דאָך אָן צום שטויסן, און ניט ער שטויסט פון זיך אליין, קומט אים ניט קיין טויט־שטראָף. „איצטדין" איז דאָס גריכישע וואָרט „סטאַדיאָן", די צירק־אַרענע.**

ה. שור, אויב אן אָקס האָט געשטויסן א מענטש און ער (דער מענטש) איז דערפון געשטאָרבן, אויב דער (אָקס) איז א מועד, דארף (דער בעל הבית פון אָקס באצאָלן אויסלייז־געלט (כופר), און אויב ער איז א תם איז (דער בעל הבית) פטור פון (באצאָלן) אויסלייז־געלט. **מיט „כופר", אויסלייז־געלט מיינט מען, וויפיל דער געהרגעטער מענטש איז ווערט געווען ווען מען וואָלט אים פארקויפט אין גאס אלס קנעכט. אויף דער קשיא, ווי אזוי קאָן אזא אָקס ווערן א מועד, סטייטש ביים ערשטן מאָל שטויסן א מענטש הרגעט מען דאָך אים, — ענטפערט די גמרא, אז נאָכדעם ווי מען האָט געווארנט זיין בעל הבית איז דער אָקס אנטלאָפן.** וזה, און סיי דער (מועד) און סיי דער (תם) זענען מחויב מיתה. **אויב זיי האָבן געהרגעט א מענטש, קומט זיי טויט־שטראָף, דורך פארשטיינען זיי.** וכן הבן, און אזוי איז אויך (אויב דער אָקס האָט גע־

בַּבַּת. נָגַח עֶבֶד אוֹ אָמָה, נוֹתֵן שְׁלֹשִׁים סְלָעִים בֵּין שֶׁהוּא יָפֶה (מְאָה) מָנֶה, וּבֵין שֶׁאֵינוֹ יָפֶה אֶלָּא דִינַר אֶחָד: ו שׁוֹר שֶׁהָיָה מִתְחַכֵּךְ בַּכּוֹתֶל וְנָפַל עַל הָאָדָם, נִתְכַּוֵּן לַהֲרוֹג אֶת הַבְּהֵמָה וְהָרַג אֶת הָאָדָם, לְנָכְרִי וְהָרַג בֶּן יִשְׂרָאֵל, לִנְפָלִים וְהָרַג בֶּן קַיָּמָא, פָּטוּר: ז שׁוֹר הָאִשָּׁה, (שׁוֹר הַיְתוֹמִים), שׁוֹר הָאַפּוֹטְרוֹפּוֹס, שׁוֹר הַמִּדְבָּר, שׁוֹר הַהֶקְדֵּשׁ, שׁוֹר הַגֵּר שֶׁמֵּת וְאֵין לוֹ יוֹרְשִׁין, הֲרֵי אֵלּוּ חַיָּבִים מִיתָה. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, שׁוֹר הַמִּדְבָּר, שׁוֹר הַהֶקְדֵּשׁ, שׁוֹר הַגֵּר שֶׁמֵּת, פְּטוּרִים מִן הַמִּיתָה, לְפִי שֶׁאֵין לָהֶם בְּעָלִים:

הרגעט) א זון (א יינג יינגל) אָדער א טאָכטער (א יינג מיידל). **אויך פאַר הרגענען יינגע קינדער קומט דעם אָקס טויט־שטראָף און זיין בעל הבית דאַרף באַצאָלן אויס־לייז־געלט (כופר).** נגח עבד, אויב ער האָט געשטויסן א שקלאַף אָדער א שקלאַפין (און זיי געטויט), דאַרף ער (דער בעל הבית פון אָקס) באַצאָלן (דעם בעל הבית פון דעם געשטויסענעם און געהרגעטן שקלאַף אָדער פון דער שקלאַפין) דרייסיק סלעים, סיי ער (דער שקלאַף צי די שקלאַפין) איז ווערט געווען הונדערט גילדן, און סיי ער איז ווערט געווען ניט מער ווי איין גילדן. **אין טייל משניות איז די גירסא „סיי ער איז ווערט געווען מאה מנה (הונדערט מאָל הונדערט גילדן)" און די גירסא איז א ריכטיקע, מחמת א סלע איז 4 גילדן, און 30 סלעים איז דאָך 120 גילדן, און די משנה וויל דאָך זאָגן, אז מען גיט 30 סלעים אויך ווען ער איז ווערט געווען מער, און זי קאָן דאָך דאַריבער ניט זאָגן „סיי ווען ער איז ווערט געווען 100 גילדן".**

ו. שור, אויב אן אָקס האָט זיך געקראַצט אין א וואַנט (פאַר זיין הנאה וועגן) **און** (די וואַנט) איז אַרויפגעפאַלן אויף א מענטש (און אים דערהרגעט), אָדער ער (דער אָקס) האָט געוואָלט הרגענען א בהמה און האָט געהרגעט א מענטש, אָדער ער האָט געוואָלט הרגענען א גוי און האָט געהרגעט א ייד, אָדער ער האָט געוואָלט הרגענען א קינד א נפל'ע, און ער האָט געהרגעט א קינד וואָס קאָן לעבן (א בן קיימא), איז ער פטור. **עס קומט ניט דעם אָקס צו טויטן, ווייל ער האָט דאָך ניט מכוון געווען צו טויטן אזא מענטש, פאַר וועלכן עס וואָלט אים געקומען טויט־שטראָף. די גמרא לערנט עס אָפּ פון פסוק שמות כ"א „השור יסקל וגם בעליו יומת", אז מען הרגעט דעם אָקס נור דאַמאָלס, וואָס אויב זיין בעל הבית, דער מענטש, וואָלט אזוי געהרגעט וואָלט אים, דעם מענטש, געקומען טויט־שטראָף. און א מענטש אז ער הרגעט ניט בכוונה קומט אים ניט קיין טויט־שטראָף. אָבער כופר, אויסלייז־געלט, דאַרף דער בעל הבית יאָ באַצאָלן, אויב דער אָקס איז געווען א מועד.**

ז. שור האשה, אן אָקס וואָס געהערט צו א פרוי, אן אָקס פון יתומים (וועלכע האָבן ניט קיין אויפזעער, קיין אפיטרופוס איבער זייער פאַרמעגן), אן אָקס פון אן אפיט־רופוס (פון יתומים, וועלכע האָבן אן אויפזעער איבער זייער פאַרמעגן), אן אָקס פון דער מדבר (פון פעלד, וואָס האָט ניט איבער זיך קיין בעל הבית), אן אָקס פון הקדש (וואָס געהערט צום בית המקדש), אן אָקס פון א גר וועלכער איז געשטאָרבן און האָט ניט איבערגעלאָזט קיין יורשים (און דער אָקס איז הפקר, אָן א בעל הבית), — די דאָזיקע (אָקסן, אויב זיי האָבן געהרגעט א מענטש) זענען חייב מיתה (עס קומט זיי טויט־שטראָף). **די גמרא לערנט עס אָפּ דערפון, וואָס אין דער פרשה אין שמות כ"א אין די פסוקים וועגן אן אָקס וואָס האָט געטויט א מענטש איז פאַראַן 7 מאָל דאָס וואָרט „שור" (אָקס), און דאָס מיינט איין מאָל פאַר סתם אן אָקס און 6 מאָל פאַר די דאָזיקע 6 סאָרטן אָקסן, וועלכע די משנה האָט אויסגערעכנט.** ר' יהודה זאָגט, אז אן אָקס פון מדבר, און אן אָקס פון הקדש, און אן אָקס פון א גר וועלכער איז געשטאָרבן (אָן יורשים) זענען פטור פון טויט־שטראָף, ווייל זיי האָבן ניט קיין

**ח** שׁוֹר שֶׁהוּא יוֹצֵא לְהִסָּקֵל, וְהִקְדִּישׁוֹ בְעָלָיו, אֵינוֹ מֻקְדָּשׁ. שְׁחָטוֹ, בְּשָׂרוֹ אָסוּר. וְאִם עַד שֶׁלֹּא נִגְמַר דִּינוֹ הִקְדִּישׁוֹ בְעָלָיו, מֻקְדָּשׁ. וְאִם שְׁחָטוֹ בְּשָׂרוֹ מֻתָּר: **ט** מְסָרוֹ לְשׁוֹמֵר חִנָּם וּלְשׁוֹאֵל לְנוֹשֵׂא שָׂכָר, וּלְשׂוֹכֵר, נִכְנְסוּ תַּחַת הַבְּעָלִים, מוּעָד מְשַׁלֵּם נֶזֶק שָׁלֵם, וְתָם מְשַׁלֵּם חֲצִי נֶזֶק. קְשָׁרוֹ בְעָלָיו בְּמוֹסֵרָה וְנָעַל בְּפָנָיו (כָּרָאוּי), וְיָצָא וְהִזִּיק, אֶחָד תָּם וְאֶחָד מוּעָד חַיָּב, דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, תָּם חַיָּב, וּמוּעָד פָּטוּר,

בעלי בתים (איבער זיך). **די גמרא זאָגט, אז ר׳ יהודה האלט, אז אפילו דער אָקס האָט צוערשט געהרגעט א מענטש און דערנאָך האָט מען אים מקדיש געווען (צו הקדש), אָדער דער אָקס פון א גר, אויב ער האָט געהרגעט א מענטש, און דערנאָך איז דער גר געשטאָרבן, קומט אויך ניט דעם אָקס קיין טויט־שטראָף.**

ח. שור, אן אָקס (וועלכער האָט געהרגעט א מענטש און דאָס בית דין האָט גע־פסקנט אז מען זאָל דעם אָקס פארשטיינען און) מען דארף אים פארשטיינען, אויב זיין בעל הבית האָט אים מקדיש געווען (צום בית המקדש), איז ער ניט קיין הקדש. **זיין בעל הבית קאָן אים מער ניט מקדיש זיין.** שחטו, אויב מען האָט געשאָכטן אים (אזא אָקס, נאָכדעם ווי דאָס בית דין האָט אים געפסקנט צו פארשטיינען) איז זיין פלייש אסור. **מען טאָר זיין פלייש ניט נאָר ניט עסן נאָר אויך ניט קיין הנאה האָבן דערפון.** ואם, און אויב איידער זיין דין איז געוואָרן פארענדיקט (איידער דאָס בית דין האָט געפסקנט, אז עס קומט דעם אָקס טויט־שטראָף) האָט זיין בעל הבית אים מקדיש געווען איז ער הקדש. **און אויב איינער האָט הנאה פון דעם הקדש־אָקס איז ער מועל; זע פריער פרק א׳ משנה ב׳ וועגן מועל־זיין.** ואם שחטו, און אויב מען האָט געשאָכטן אים (דעם אקס איידער דאָס בית דין האָט אים געפסקנט טויט־שטראָף), איז זיין פלייש מותר. **מען מעג דאָס פלייש עסן, און אודאי הנאה האָבן דערפון.**

ט. מסרו, אויב (דער בעל הבית פון אן אָקס) האָט איבערגעגעבן (דעם אָקס) צו א שומר חנם (א מענטש, וועלכער היט דעם אָקס, נישט נעמענדיק באצאָלט פארן היטן), אָדער צו א שואל (א מענטש וואָס באָרגט דעם אָקס צו טאָן מיט אים אר־בייט), אָדער צו א נושא שכר (א מענטש, וועלכער היט דעם אָקס און קריגט געלט פאר דעם היטן), אָדער צו א שוכר (א מענטש וועלכער דינגט דעם אָקס צו טאָן מיט אים ארבייט און ער באצאָלט דערפאר), זענען זיי (די דאָזיקע מענטשן) געוואָרן אנ־שטאָט דעם בעל הבית. **עס הייסט, אז דער אָקס איז אזוי ווי זייער אָקס, און אויב זיי האָבן פושע געווען, זיי האָבן ניט געהיטן אים, און דער אָקס האָט געטאָן א שאדן, דארפן זיי באצאָלן.** מועד, אויב (דער אָקס) איז א מועד, דארפן זיי באצאָלן א גאנצן שאדן, און אויב ער איז א תם דארפן (זיי באצאָלן א האלבן שאדן. **ווייל זיי, די דאָזיקע שומרים ,היטערס, זענען אזוי ווי דער בעל הבית, אויב זיי האָבן דעם אָקס ניט געהיט.** — קשרו, אויב דער בעל הבית האָט אים (דעם אָקס) צוגעבינדן מיט א שטריק (במוסרה), אָדער ער האָט אים פארשלאָסן (אין א שטאל) ווי עס דארף צו זיין (מיט א גוטער טיר, וואָס א געוויינטליכער ווינט קאָן זי ניט אויפרייסן), און ער (דער אָקס, האָט זיך אָפגעריסן פון שטריק אָדער ארויס דורך דער טיר) און איז ארויס און גע־טאָן א שאדן, איז סיי ער (דער אָקס) איז א תם און סיי ער איז א מועד, איז ער (דער בעל הבית) חייב (צו באצאָלן) פאר דעם שאדן, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. **ווייל ר׳ מאיר האלט, אז אזא אפהיטונג (צובינדן מיט א שטריק אָדער א געוויינטליכע טיר) איז א „שמירה פחותה״, א שלעכטע אָפהיטונג.** ר׳ יהודה זאָגט, אז אויב ער איז תם איז (דער בעל הבית) מחויב (צו באצאָלן פאר דעם שאדן), און אויב ער איז א מועד, איז ער פטור, ווייל עס ווערט געזאָגט (שמות כ״א, ביי א מועד) „ולא ישמרנו בעליו״, „און זיין בעל הבית האָט אים ניט געהיטן״, און דער דאָזיקער (אָקס) איז דאָך געהיטן.

שֶׁנֶּאֱמַר וְלֹא יִשְׁמְרֶנּוּ בְעָלָיו, וְשָׁמוּר הוּא זֶה. רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר, אֵין לוֹ שְׁמִירָה אֶלָּא סַכִּין:

# פרק ה.

**א** שׁוֹר שֶׁנָּגַח אֶת הַפָּרָה, וְנִמְצָא עוּבָּרָהּ בְּצִדָּהּ, וְאֵין יָדוּעַ אִם עַד שֶׁלֹּא נְגָחָהּ יָלְדָה, אִם מִשֶּׁנְּגָחָהּ יָלְדָה, מְשַׁלֵּם חֲצִי נֶזֶק לַפָּרָה, וּרְבִיעַ נֶזֶק לַוָּלָד. וְכֵן פָּרָה שֶׁנָּגְחָה אֶת הַשּׁוֹר וְנִמְצָא וְלָדָהּ בְּצִדָּהּ, וְאֵין יָדוּעַ אִם עַד שֶׁלֹּא נָגְחָה יָלְדָה אִם מִשֶּׁנָּגְחָה יָלְדָה, מְשַׁלֵּם חֲצִי נֶזֶק מִן

**די גמרא זאָגט, אז לויט ר׳ יהודה דארף א מועד באצאָלן אין אזא פאל אזוי פיל וויפיל א תם, א האלבן שאָדן, ווייל „צד תמות במקומה עומדת״, דער דאָזיקער טייל, וואָס דער אָקס איז געווען פריער א תם, בלייבט אפילו דערנאָך ווען ער איז געוואָרן א מועד.** ר׳ אליעזר זאָגט, אז ער (אן אָקס) האָט ניט קיין אנדער שמירה (מען קאָן אים ניט אָפּהיטן) סיידן דורך א מעסער. **דאָס הייסט, נאָר ווען מען שעכט אים. לויט ר׳ אליעזר אפילו דער בעל הבית האָט אָפּגעהיטן דעם אָקס מיט א שמירה מעולה, מיט דער בעסטער אָפּהיטונג, און עס איז פּאָרגעקומען אן אויסערגעוויינט־ליכער פאל און דער אָקס האָט געטאָן א שאָדן, איז אויך דער בעל הבית מחויב צו באצאָלן, ווייל נאָר שעכטן דעם אָקס איז די איינציגע גוטע שמירה, אז ער זאָל ניט טאָן קיין שאָדן.**

## פרק ה.

א. שור, אויב אן אקס (א תם) האָט געשטויסן (און געהרגעט) א (מעוברת׳־דיקע) קי, און מען האָט געפינען (טויט) איר קינד (דעם עובר, דאָס קעלבל) ביי איר זייט, און מען ווייסט ניט, צי איידער ער האָט זי געשטויסן האָט זי געבוירן (דאָס קעלבל, און דער אָקס האָט דאָס קעלבל ניט געטויט, נאָר עס איז געבוירן געוואָרן טויט, און דער בעל הבית פון אָקס דארף פאר דעם שאדן פון קעלבל ניט באצאלן), צי נאָכדעם ווי ער האָט זי געשטויסן האָט זי געבוירן (מפּיל געווען דאָס קעלבל און דער אָקס האָט מיטן שטויס גורם געווען דאָס מפּיל זיין, און מען דארף באצאָלן אויך פאר דעם שאדן פון קעלבל), דארף ער (דער בעל הבית פון אָקס) באצאָלן א האלבן שאדן פאר דער קי (מחמת א תם צאָלט נור א האלבן שאדן) און א פערטל שאדן פאר דעם קעלבל. **אויב דאָס קעלבל איז ווערט געווען 40 גילדן, צאָלט ער נור 10 גילדן. מחמת ווען מען וואָלט געוואוסט אויף זיכער אז דער אָקס האָט גע־הרגעט דאָס קעלבל, וואָלט ער דאָך, ווי א תם, געדארפן צאָלן 20 גילדן; דעריבער ווייל מען ווייסט ניט, טיילט מען דאָס געלט, און ער צאָלט נור א פערטל שאָדן. די גמרא זאָגט, אז דאָס איז לויט דער דעה פון תנא סומכוס, וואָס זאָגט, אז „ממון המוטל בספק חולקין״, אז אויב עס איז א ספק וועגן געלט צי עס געהערט צו ראובנען צי צו שמעונען, זאָלן ראובן און שמעון זיך טיילן מיטן געלט. אָבער די חכמים האלטן** (ווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק ג׳ משנה י״א) **אז „המוציא מחברו עליו הראיה״, אז דער וואָס וויל ארויסנעמען געלט ביים אנדערען דארף ברענגן דעם באווייז, אז זיין טענה איז א גערעכטע, און ווייל דאָ איז א ספק דארף דער בעל הבית פון אָקס גאָרניט צאָלן פאר דעם קעלבל.** וכן, און אזוי איז אויך, אויב א (מעוברת׳דיקע קי, א תם) האָט געשטויסן אן אָקס, און דערנאָך האָט מען געפינען איר קינד (איר קעלבל, לעבעדיק) לעבן איר, און מען ווייסט ניט, צי איידער זי האָט געשטויסן האָט זי געהאַט געבוירן (דאָס קעלבל), צו נאָכן שטויסן האָט זי געבוירן (און די שאלה איז, אז אזוי ווי ביי א תם קאָן מען נעמען פאר דעם שאדן נור פון דער בהמה דער שטויסערין אליין, מגופו, צי קאָן דער בעל הבית פון אָקס אָפּנעמען זיין שאדן אויך פון קעלבל), באצאָלט ער (דער קי־בעל־הבית) א האלבן שאדן פון דער קי, און (אויב דאָס איז ניט גענוג צו באצאָלן פארן שאָדן פון אָקס) א

הַפָּרָה, וּרְבִיעַ נֶזֶק מִן הַוָּלָד: ב הַקַּדָּר שֶׁהִכְנִיס קְדֵרוֹתָיו לַחֲצַר בַּעַל הַבַּיִת שֶׁלֹּא בִרְשׁוּת, וְשִׁבְּרָתָן בְּהֶמְתּוֹ שֶׁל בַּעַל הַבַּיִת, פָּטוּר. וְאִם הֻזְּקָה בָהֶן, בַּעַל הַקְּדֵרוֹת חַיָּב. וְאִם הִכְנִיס בִּרְשׁוּת, בַּעַל חָצֵר חַיָּב. הִכְנִיס פֵּרוֹתָיו לַחֲצַר בַּעַל הַבַּיִת שֶׁלֹּא בִרְשׁוּת, וַאֲכָלָתַן בְּהֶמְתּוֹ שֶׁל בַּעַל הַבַּיִת, פָּטוּר. וְאִם הֻזְּקָה בָהֶן, בַּעַל הַפֵּרוֹת חַיָּב. וְאִם הִכְנִיס בִּרְשׁוּת, בַּעַל חָצֵר חַיָּב: ג הִכְנִיס שׁוֹרוֹ לַחֲצַר בַּעַל הַבַּיִת שֶׁלֹּא בִרְשׁוּת, וּנְגָחוֹ שׁוֹרוֹ שֶׁל בַּעַל הַבַּיִת, אוֹ שֶׁנְּשָׁכוֹ כַּלְבּוֹ שֶׁל בַּעַל הַבַּיִת,

פערטל שאדן פון קעלבל. **אויב די קי איז נאָך געווען מעוברת ווען זי האָט גע־שטויסן, הייסט עס אז דאָס קעלבל איז דאמאָלס געווען א טייל פון איר קערפּער, פון דער קי, און דער בעל הבית פון אָקס קאָן אָפּנעמען זיין האלבן שאדן אויך פון קעלבל. אָבער ווייל מען ווייסט ניט, קאָן ער נעמען פון קעלבל נור א העלפט פון האלבן שאדן, א פערטל, צוליב דעם זעלביקן טעם פון סומכוס אז „חולקין", מען צע־טיילט זיך.**

ב. הקדר, אז א טעפּער (איינער וועלכער פארקויפט טעפּ) האָט אריינגעבראכט זיינע טעפּ אין הויף פון א בעל הבית אָן דער דערלויבעניש (פון בעל הבית) און די בהמה פון בעל הבית האָט זיי צעבראָכן, איז ער (דער בעל הבית) פּטור (צו באַ־צאָלן פאר דעם שאדן); און אויב זי (די בהמה) איז געוואָרן צעשעדיקט דורך זיי (דורך די טעפּ), איז דער מענטש פון די טעפּ (דער טעפּער) חייב (צו באַצאָלן פאר דעם שאדן פון דער בהמה). **די גאנצע שולד איז אויף דער זייט פון טעפּער, ווייל ער האָט אריינגעבראכט זיינע טעפּ אין הויף אָן דער דערלויבעניש.** ואם הכניס, און אויב ער האָט אריינגעבראכט (די טעפּ אין הויף) מיט דער דערלויבניש (פון הויף־בעל הבית), איז דער מענטש פון הויף (דער בעל הבית פון הויף) חייב (צו באַצאָלן פאר דעם שאדן פון די טעפּ). **ווייל מיט'ן געבן די דערלויבעניש האָט אויך דער הויף־בעל הבית גענומען אויף זיך אכטונג צו געבן אז די טעפּ זאָלן ניט צעבראָכן ווערן.** הכניס, אויב איינער האָט אריינגעבראכט זיינע פּרוכטן אין הויף פון א בעל הבית אָן דער דערלויבעניש, און די בהמה פון בעל הבית האָט זיי אויפגעגעסן, איז ער פּטור (צו באַצאָלן פאר די פּרוכטן); און אויב זי (די בהמה) איז געוואָרן צעשעדיקט דורך זיי, איז דער מענטש פון די פּרוכטן חייב (צו באַצאָלן פאר דעם שאדן פון דער בהמה). **די גמרא זאָגט, אז דאָס מיינט מען נור ווען די בהמה איז צעשעדיקט געוואָרן דורך אויסגליטשן זיך צוליב די פּרוכטן; אָבער אויב זי האָט זיך אָנגעגעסן מיט זיי און דערפון איז זי געפּגרט, דאַרף דער פּרוכטן־מענטש ניט באַצאָלן פאר דער בהמה, ווייל זי האָט ניט געדארפט עסן.** ואם, און אויב ער האָט זיי (די פּרוכטן) אריינגע־בראכט מיט דער דערלויבעניש, איז דער בעל הבית פון הויף חייב (צו באַצאָלן פאר דעם שאָדן פון די פּרוכטן). **אויך דאָ נעמט מען אָן, אז מיט געבן די דערלויבעניש האָט דער בעל הבית גענומען אויף זיך אָפּצוהיטן, אז מען זאָל די פּרוכטן ניט שאַדן.**

ג. הכניס, אויב איינער האָט אריינגעפירט זיין אָקס אין הויף פון א בעל הבית אָן דער דערלויבעניש, און דער אָקס פון בעל הבית האָט געשטויסן אים (דעם אריינגעפירטן אָקס), אָדער דער הונט פון בעל הבית האָט אים צעביסן, איז ער (דער הויף־בעל־הבית) פּטור צו באַצאָלן (פאר דעם שאדן). **אויך צוליב דעמזעלביקן טעם, ווייל ער האָט ניט באקומען די דערלויבעניש.** נגח הוא, אויב ער (דער אריינ־געפירטער אָקס) האָט געשטויסן דעם אָקס פון בעל הבית, אָדער ער איז אריינגעפאלן אין ברונעם (אין הויף) און קאַליע געמאכט זיין וואסער, איז ער (דער בעל הבית פון אָקס) חייב (צו באַצאָלן פאר דעם שאדן). אויב אינווייניג (אונטן אין דעם ברונעם) איז געווען דער פאָטער פון בעל הבית אָדער זיין זון (און דער אָקס אריינפאלנדיק

פָּטוּר. נָגַח הוּא שׁוֹרוֹ שֶׁל בַּעַל הַבַּיִת, חַיָּב. נָפַל לְבוֹרוֹ וְהִבְאִישׁ מֵימָיו, חַיָּב. הָיָה אָבִיו אוֹ בְנוֹ לְתוֹכוֹ, מְשַׁלֵּם אֶת הַכּוֹפֶר. וְאִם הִכְנִיס בִּרְשׁוּת, בַּעַל הֶחָצֵר חַיָּב. רַבִּי אוֹמֵר, בְּכֻלָּן אֵינוֹ חַיָּב עַד שֶׁיְּקַבֵּל עָלָיו לִשְׁמוֹר: ד שׁוֹר שֶׁהָיָה מִתְכַּוֵּן לַחֲבֵרוֹ, וְהִכָּה אֶת הָאִשָּׁה וְיָצְאוּ יְלָדֶיהָ, פָּטוּר מִדְּמֵי וְלָדוֹת. וְאָדָם שֶׁהָיָה מִתְכַּוֵּן לַחֲבֵרוֹ, וְהִכָּה אֶת הָאִשָּׁה וְיָצְאוּ יְלָדֶיהָ, מְשַׁלֵּם דְּמֵי וְלָדוֹת. כֵּיצַד מְשַׁלֵּם דְּמֵי וְלָדוֹת? שָׁמִין אֶת הָאִשָּׁה כַּמָּה הִיא יָפָה עַד שֶׁלֹּא יָלְדָה, וְכַמָּה הִיא יָפָה

אהין האָט זיי געהרגעט), דארף ער (דער בעל הבית פון אָקס) באצאָלן אויסלייז געלט. **מיר האָבן פריער פרק ד׳ משנה ה׳ געלערנט, אז אויב א בהמה הרגט א מענטש דארף** מען צאָלן אויסלייז־געלט, כופר. מען מיינט ניט **דאָ דוקא דעם „פּאַטער״ אָדער דעם** „זון״ פון בעל הבית; **דאָס זעלביקע איז דער דין, אויב אין ברונעם איז געווען אן אנדערער** מענטש. **נאָר** די משנה ברענגט ווי דער שטייגער איז, **אז אין ברונעם איז אריינגעפאַלן אן אלטער מאן אָדער א יונג קינד, וואָס האָט ניט אזוי אכטונג געגעבן, און ווייל עס איז אין א פּריוואַטן הויף ברענגט די משנה אַז זיי זיינען געווען די קרובים פון בעל הבית.** ואם, און אויב ער האָט אריינגעפירט (דעם אָקס) מיט דער דערלויבעניש, איז דער בעל הבית פון הויף חייב. **דאָס הייסט, אז ער דארף באצאָלן פאַר דעם שאָדן פון אריינגעפירטן אָקס אויב ער איז געשטויסן געוואָרן דורך דעם אָקס פון בעל הבית אָדער דער הונט האָט אים צעביסן.** רבי זאָגט, אז אין די אלע (פאַלן) איז דער בעל הבית פון הויף ניט חייב (אפילו ער האָט געגעבן די דערלויבעניש אריינצופירן דעם אָקס), סיידן ער האָט גענומען אויף זיך צו היטן. **אָבער אויב דער אָקס האָט געטאָן שאָדן אין הויף איז אויך דער בעל הבית פון אָקס פטור, אפילו מיט דער בלויזער דערלויבעניש, ווייל ער האָט דאָך פאַרט געהאַט די דערלויבניש.**

ד. שור, אויב אן אָקס האָט געוואָלט (געבן א קלאַפּ) זיין חבר (אן אנדערן אָקס), און ער האָט דערלאַנגט א קלאַפּ א (מעוברת׳דיקע) פרוי און עס זענען ארויסגעגאַנגען אירע קינדער (זי האָט גע׳מפּילט), איז ער (דער בעל הבית פון אָקס) פטור (צו באַצאָלן) געלט פאַר די קינדער; (אויב) אָבער א מענטש האָט געוואָלט (א קלאַפּ געבן) זיין חבר (אן אנדערן מענטש) און ער האָט א קלאַפּ־געגעבן א (מעוברת׳דיקע) פרוי און עס זענען ארויסגעגאַנגען אירע קינדער (זי האָט מפּיל געווען) דארף ער באצאָלן דאָס געלט פאַר די קינדער (דמי ולדות). **די גמרא זאָגט, אז אפילו אן אָקס האָט געוואָלט געבן א קלאַפּ דער פרוי און ער האָט איר געגעבן דעם קלאַפּ, איז אויך זיין בעל הבית פטור פון באצאָלן פאַר די קינדער, נאָר ווייל ביים מענטש ווערט געלערנט אז אפילו ער האָט ניט געמיינט צו שלאָגן דער פרוי איז ער מחויב צו באצאָלן, זאָגט די משנה אויך ביים אָקס „לחברו״.** כיצד, ווי אזוי (שאַצט מען אָפּ צו) באצאָלן דאָס געלט פון די קינדער? מען שאַצט אָפּ די פרוי וויפיל זי איז ווערט געווען איידער זי האָט געבוירן (ווען זי איז מעוברת) און וויפיל זי איז ווערט נאָכדעם ווי זי האָט געבוירן. **און דער אונטערשיד איז דאָס געלט פאַר די קינדער.** אמר, האָט רבן שמעון בן גמליאל געזאָגט, אויב אזוי (אויב מען שאַצט אָפּ אזוי) סטייטש, פון ווען א פרוי האָט געבוירן קינדער ווערט זי דאָך גאָר בעסער (משבחת, מער ווערט, ווייל ווען זי איז מעוברת איז זי אין דער סכנה צו שטאַרבן פון די ליידן פון געבורט)? נאָר מען שאַצט אָפּ די קינדער וויפיל זיי וואָלטן ווערט געווען (ווען זיי וואָלטן געלעבט). **און דאָס הייסט דאָס געלט פון די קינדער, דמי ולדות.** ונותן, און דאָס געלט פון די קינדער דארף ער (דער מענטש וואָס האָט א קלאַפּ געגעבן דער פרוי) באצאָלן צו (דער פרוי׳ס) מאַן, און אויב זי האָט ניט קיין מאַן (דער מאַן איז גע־

מִשֶּׁיָּלְדָה. אָמַר רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל, אִם כֵּן מִשֶּׁהָאִשָּׁה יוֹלֶדֶת מְשַׁבַּחַת. אֶלָּא שָׁמִין אֶת הַוְּלָדוֹת כַּמָּה הֵן יָפִין, וְנוֹתֵן לַבַּעַל. וְאִם אֵין לָהּ בַּעַל נוֹתֵן לְיוֹרְשָׁיו. הָיְתָה שִׁפְחָה וְנִשְׁתַּחְרְרָה, אוֹ גִיּוֹרֶת, פָּטוּר:

ה הַחוֹפֵר בּוֹר בִּרְשׁוּת הַיָּחִיד וּפְתָחוֹ לִרְשׁוּת הָרַבִּים, אוֹ בִרְשׁוּת הָרַבִּים וּפְתָחוֹ לִרְשׁוּת הַיָּחִיד, בִּרְשׁוּת הַיָּחִיד וּפְתָחוֹ לִרְשׁוּת הַיָּחִיד אַחֵר, חַיָּב. הַחוֹפֵר בּוֹר בִּרְשׁוּת הָרַבִּים וְנָפַל לְתוֹכוֹ שׁוֹר אוֹ חֲמוֹר וָמֵת, חַיָּב. אֶחָד הַחוֹפֵר בּוֹר, שִׁיחַ, וּמְעָרָה, חֲרִיצִין, וּנְעִיצִין, חַיָּב. אִם כֵּן לָמָּה נֶאֱמַר בּוֹר? מָה בּוֹר שֶׁיֵּשׁ בּוֹ כְּדֵי לְהָמִית, עֲשָׂרָה טְפָחִים, אַף כָּל שֶׁיֵּשׁ

שטאָרבן) דארף ער געבן צו זיינע (דעם מאנ׳ס) יורשים; אויב זי (די פרוי) איז געוועזן א שקלאפין וועלכע איז באפרייט געוואָרן (און איר מאן איז געוועזן א גר אָדער א באפרייטער שקלאף און ער איז געשטאָרבן) אָדער זי איז געוועזן אַ גיורת (א פרוי וואָס האָט זיך מגייר געווען, און איר מאן איז געוועזן א גר, און ער איז געשטאָרבן) איז מען פטור (צו באצאָלן דאָס געלט פאר די קינדער). **מחמת א גר האָט נישט קיין יורשים, און ווער עס פארכאפט די ירושה פון אזא גר איז זי זיינע, און ממילא געהערט דאָס געלט ממילא צו דעם מענטש וואָס איז שולדיק דעם פארשטאָרבענעם גר דאָס געלט פאר די קינדער. די משנה זאָגט „א שקלאפין וואָס איז באפרייט געוואָרן אָדער א גיורת״, ווייל געוויינטליך האָבן אזעלכע חתונה געהאט מיט גרים.**

ה. החופר, אז איינער גראָבט־אויס א גרוב אין א פריוואט־אָרט( רשות היחיד, למשל אין אן הויף) און ער עפנט (דעם גרוב) אריין אין רשות הרבים אריין (אין אן אָרט וואו אלע מענטשן גייען), אָדער (ער האָט דעם גרוב געגראָבן) אין רשות הרבים און אים געעפנט אריין אין רשות היחיד (אין א הויף אריין, און ער האָט דערנאָך מפקיר געווען דעם הויף, אז אלע זאָלן מעגן דאָרט גיין), אָדער (ער האָט געגראָבן דעם גרוב) אין איין רשות היחיד (אין א הויף) און ער האָט אים געעפנט אין אן אנדערן רשות היחיד (אין אן אנדערן הויף אריין), איז ער חייב. **אויב א בהמה איז דאָרט אריינגעפאלן דארף ער באצאָלן פאר דעם שאדן. דאָ מיינט מען אלץ אז ווען די עפנונג פון גרוב איז געווען אין א רשות היחיד, אין דעם גרעבערס הויף, האָט ער מפקיר געווען דעם הויף אז פרעמדע בהמות זאָלן מעגן דאָרט גיין.** החופר, אז איינער גראָבט־אויס א גרוב אין רשות הרבים (אין א גאס, אין אן אָרט וואו יעדנס בהמות מעגן גיין) און עס איז אהין אריינגעפאלן אן אָקס אָדער אן אייזל, און איז געהרגט געוואָרן, איז ער (דער גרעבער) חייב (צו באצאָלן פאר דעם שאדן). **די משנה ווייטער** (משנה ו׳ און ז׳) **וועט לערנען אז ניט דוקא אן אָקס אָדער אן אייזל, נאָר בכלל יעדע לעבעדיקע זאַך, א חוץ א מענטש.** אחד, עס איז אלץ איינס, צי ער האָט געגראָבן א גרוב (א קיילעכיקן גרוב, בור), צי א לענגליכן אָדער א קירצערן גראָבן (שיח), צי א הייל (מערה, א פירקאנטיקע אייל, וואָס איז צוגעדעקט נאָר האָט א עפנונג), צי ברייטע און פיר־קאנטיקע גראָבנס (חריצין), צי לעכער (נעיצין, שמאָלע אונטן און ברייטע אין דער הויך), איז ער חייב. **אויב עס איז דאָרט אריינגעפאלן א לעבעדיקע זאַך, דארף דער גרעבער באצאָלן פאר דעם שאדן.** אם כן, אויב אזוי, פארוואָס־זשע ווערט געזאָגט (אין שמות כ״א) גרוב („בור״)? „כדי צו לערנען), אז אזוי ווי א גרוב האָט אין זיך (איז אזוי טיף) אז עס קאָן דערהרגענען (א לעבעדיקע זאַך, ווען עס פאלט אריין אין אים דהיינו עס איז טיף), צען טפחים, אזוי איז אויך יעדער (אויסגעגראָבענע לאָך) וואָס האָט אין זיך (איז גענוג טיף) צו קאָנען דערהרגענען, (דהיינו) צען טפחים. **די משנה זאָגט, אז פון וואָרט „בור״ אין חומש לערנען מיר אָפּ, אז עס דארף זיין 10 טפחים טיף.** היו, אויב זיי זענען געווען ווינציקער פון צען טפחים, און עס איז אין אים (אין דעם גרוב) אריינגעפאלן אן אָקס

בּוֹ כְּדֵי לְהָמִית עֲשָׂרָה טְפָחִים. הָיוּ פְחוּתִין מֵעֲשָׂרָה טְפָחִים, וְנָפַל לְתוֹכוֹ שׁוֹר אוֹ חֲמוֹר וָמֵת, פָּטוּר וְאִם הֻזַּק בּוֹ חַיָּב: ו בּוֹר שֶׁל שְׁנֵי שֻׁתָּפִין, עָבַר עָלָיו הָרִאשׁוֹן וְלֹא כִסָּהוּ (וְהַשֵּׁנִי וְלֹא כִסָּהוּ), הַשֵּׁנִי חַיָּב. כִּסָּהוּ הָרִאשׁוֹן וּבָא הַשֵּׁנִי וּמְצָאוֹ מְגֻלֶּה וְלֹא כִסָּהוּ, הַשֵּׁנִי חַיָּב. כִּסָּהוּ כָּרָאוּי, וְנָפַל לְתוֹכוֹ שׁוֹר אוֹ חֲמוֹר וָמֵת, פָּטוּר. לֹא כִסָּהוּ כָּרָאוּי, וְנָפַל לְתוֹכוֹ שׁוֹר אוֹ חֲמוֹר וָמֵת, חַיָּב. נָפַל לְפָנָיו מִקּוֹל הַכְּרִיָּה, חַיָּב. לַאֲחוֹרָיו מִקּוֹל הַכְּרִיָּה, פָּטוּר. נָפַל לְתוֹכוֹ שׁוֹר וְכֵלָיו וְנִשְׁתַּבְּרוּ, חֲמוֹר וְכֵלָיו וְנִתְקָרְעוּ, חַיָּב

אָדער אַן אייזל, און ער איז געהרגעט געוואָרן, איז ער (דער גרעבער פון גרוב) פטור (צו באַצאָלן). ווייל **מען נעמט אָן, אז אין א טיפעניש ווינציקער פון 10 טפחים קאָן א בהמה ניט געהרגעט ווערן.** ואם הוזק, און אויב ער איז צעשדיקט געוואָרן (אָבער ער איז ניט געהרגעט געוואָרן) איז ער חייב. **דארף דער גרעבער יאָ באַצאָלן פאר שאדן; ווייל צעשעדיגט ווערן קאָן מען אפילו אין קלענסטן גרובל.**

ו. בור, אויב א גרוב האָט געהערט צו צוויי שותפים, און עס איז פאר אים פארבייגעגאנגן דער ערשטער (איינער פון די שותפים) און ער האָט אים ניט צו־געדעקט, און דערנאָך איז פארבייגעגאנגן דער צווייטער (שותף) און ער האָט אים ניט צוגעדעקט (און עס איז דאָרט אריינגעפאלן א בהמה) איז דער צווייטער (שותף) חייב (צו באַצאָלן פאר דעם שאדן). **מען מיינט דאָ, אז דער ערשטער שותף האָט גע־געבן דעם צווייטן שותף דעם צודעק פון גרוב אז ער זאָל אים צודעקן, און דער צווייטער האָט אים ניט צוגעדעקט.** כסהו, אויב דער ערשטער (שותף) האָט אים צו־געדעקט און דער צווייטער (שותף) איז געקומען און ער האָט געפינען (דעם גרוב) אָפגעדעקט און ער האָט אים ניט צוגעדעקט, איז דער צווייטער חייב. **אויב עס איז אריינגעפאלן א בהמה דארף דער צווייטער שותף באַצאָלן פאר דעם שאדן.** כסהו כראוי, אויב דער (גרוב־גרעבער) האָט צוגעדעקט אים (דעם גרוב) ווי עס געהער צו זיין (גוט, מיט א גוטן צודעק), און עס איז אין אים אריינגעפאלן אן אָקס אָדער אן אייזל, איז ער פטור. **מען מיינט, אז דער צודעק איז געוואָרן פארפוילט פון אינ־ווייניק.** לא כסהו, אויב ער האָט אים צוגעדעקט ניט ווי עס געהער צו זיין (ניט מיט קיין גוטן צודעק) און עס איז אין אים אריינגעפאלן אן אָקס אָדער אן אייזל, איז ער חייב. **דארף ער באַצאָלן פאר דעם שאדן, ווייל ער האָט געדארפן אכטונג געבן, אז דער צודעק זאָל זיין א גוטער.** נפל, אויב (איינער האָט געגראָבן א גרוב און עס איז פארבייגעגאנגן אן אָקס און דערשרעקנדיק זיך) פון קלאנג פון גראָבן (מקול הכריה) איז ער (דער אָקס) געפאלן פאר זיך (אריין אין גרוב אריין) איז (דער גרעבער) חייב (צו באַצאָלן פאר דעם שאדן); אויב אָבער ער איז געפאלן הינטער זיך (אויף דער ערד, ניט אין גרוב אריין) דורך דעם קלאנג פון גראָבן, איז ער פטור. **כאָטש דער אָקס איז געהרגעט געוואָרן פאלנדיק, מחמת ער האָט זיך דערשראָקן דורך הערן דעם קלאפ פון האמער, איז עס ניט מער ווי א „גרמא", א ווייטער גורם צום שאדן, און דער גרעבער פון גרוב איז פטור.** נפל לתוכו, אויב עס איז אין אים (אין א גרוב) אריינגעפאלן אן אָקס מיט זיינע כלים (דעם אקער־אייזן, דעם יאָך) און זיי זענען צעבראָכן געוואָרן, אָדער אן אייזל מיט זיינע כלים (דעם זאָטל און בינטלעך קליידער צו זיצן אויף זיי ביים רייטן) און זיי זיינען צעריסן געוואָרן, איז (דער גרוב־מענטש) חייב (צו באַצאָלן) פאר (דעם שאדן) פון דער בהמה (פון אָקס אָדער פון אייזל, אויב זיי זענען געהרגעט אָדער צעשעדיקט געוואָרן), אָבער ער איז פטור (צו באַ־צאָלן) פאר (דעם שאדן) פון די כלים. **דאָס איז דער דין, וואָס מען לערנט אָפ פון פסוק (שמות כ"א) „ונפל שמה שור או חמור", אז „שור ולא אדם, חמור ולא כלים", אז אן אָקס, ניט א מענטש, אז א מענטש פאלט אריין אין א גרוב און ווערט געהרגעט, איז מען פטור צו באַצאָלן פאר אים, און אז כלים פאלן אריין אין א גרוב**

עַל הַבְּהֵמָה וּפָטוּר עַל הַכֵּלִים. נָפַל לְתוֹכוֹ שׁוֹר חֵרֵשׁ שׁוֹטֶה וְקָטָן, חַיָּב. בֵּן אוֹ בַת עֶבֶד אוֹ אָמָה, פָּטוּר: ז אֶחָד שׁוֹר וְאֶחָד כָּל בְּהֵמָה לִנְפִילַת הַבּוֹר, וּלְהַפְרָשַׁת הַר סִינַי, וּלְתַשְׁלוּמֵי כֶפֶל, וְלַהֲשָׁבַת אֲבֵדָה, לִפְרִיקָה.

**און זיי ווערן צעבראָכן איז מען פטור צו באצאלן פאר דעם שאדן.** שור, אויב אן אָקס, וועלכער איז א טויבער, א משוגענער, א קליינער איז אריינגעפאלן, איז (דער גרוב־מענטש) חייב (צו באצאָלן פארן שאדן). **די גמרא ברענגט דארויף די ברייתא, אז אויב דער אָקס איז א „פיקח״, א קלוגער, און ער גייט בייטאָג און פאלט אריין אין גרוב, איז מען פטור צו באצאָלן פאר דעם שאדן, „דבעי ליה עיוני ומיזל״, ווייל ער האָט געדארפן אכטונג געבן ביים גיין.** — בן או בת, אויב (עס איז אריינגעפאלן אין גרוב) א זון אָדער א טאָכטער (א יינג יינגל אָדער א יונג מיידל), אָדער א שקלאַף אָדער א שקלאפין, איז (דער גרוב־מענטש) פטור. **דאָ לערנט די משנה דעם דין וואָס מיר האָבן פריער געגעבן, „שור ולא אדם״, אז ווען א מענטש פאלט אריין אין גרוב, איז מען פטור. די משנה ברענגט „א יינגל אָדער א מיידל״, צו לערנען, אז אפילו א יינג קינד פאלט אריין איז מען אויך פטור, און ממילא ווייסן מיר אז א דערוואקסענער מענטש פאלט אריין איז מען אודאי פטור, מחמת ער האָט געדארפן אכטונג געבן.**

ז. אחד, סיי אן אָקס און סיי יעדע אנדערע בהמה זענען גלייך (צו די דאָזיקע זאכן): **די משנה לערנט דאָ, אז כאָטש ווען די זאכן, וואָס די משנה וועט באלד געבן, ווערט אין חומש געזאָגט „שור״ (אָקס), אָדער „חמור״ (אייזל), אָדער „בהמה״, מיינט מען ניט דוקא, נאָר מען מיינט יעדע בהמה און יעדע חיה און יעדן עוף. און די משנה רעכנט דאָ אויס:** לנפילת הבור, צום אריינפאלן אין גרוב. **אין חומש שמות כ״א ווערט געזאָגט „שור או חמור״, אָבער ווייל עס ווערט דאָרט אויך געזאָגט „כסף ישיב לבעליו״, מיינט מען, אז יעדע לעבעדיקע זאך וואָס האָט א בעל הבית און עס פאלט אריין אין גרוב דארף מען דערפאר באצאָלן.** ולהפרשת הר סיני, און צום אָפּשיידן פון בארג סיני. **אין שמות י״ט איז אָנגעזאָגט געוואָרן אז ווען די יידן וועלן קומען צום בארג סיני מקבל זיין די תורה, זאָל קיין בהמה און קיין מענטש (אם בהמה אם איש) ניט צוגיין צום בארג; ווערט פון וואָרט „אם״ אָפּגעלערנט אז אויך עופות, און דאָס וואָרט בהמה מיינט אז אויך א חיה.** ולתשלומי כפל, און צו באצאָלן (פאר א גנבה) טאָפּלט. **דאָס ווערט אָפּגעלערנט פון (שמות כ״ב) „על כל דבר פשע״, אז פאר יעדער גנבה (ניט דוקא פאר א לעבעדיקע זאך) דארף דער גנב צאָלן טאָפּלט.** ולהשבת אבדה, אָפּצוגעבן א געפינענע זאך. **דאָס ווערט אָפּגעלערנט פון (דברים כ״ב) „לכל אבדת אחיו״, אז מען דארף צוריקגעבן יעדע געפינענע זאך.** לפריקה, צום אראָפּנעמען א משא. **אין שמות כ״ג ווערט געזאָגט, אז אויב מען זעט אן אייזל (חמור) טראָגן א שווערע משא דארף מען העלפן אראָפּנעמען. לערנט מען אָפּ („חמור־חמור״ פון שבת), אז פונקט ווי אים שבת דארף מען לאָזן רוען יעדע בהמה, אזוי דארף מען אראָפּנעמען די שווערע משא אויך פון יעדער בהמה.** לחסימה, צום (ניט) פארמאכן (דאָס מויל פון דער בהמה). **אין דברים כ״ה ווערט געזאָגט „לא תחסום שור בדישו״, מען זאָל ניט פארשליסן דאָס מויל פון אן אָקס ווען ער דרעשט תבואה, נאָר מען זאָל אים לאָזן עסן. לערנט מען אָפּ („שור־שור״ פון שבת) אז מען מיינט יעדע בהמה.** לכלאים, צו כלאים. **אין ויקרא י״ט ווערט געזאָגט, אז מען טאָרניט צונויפפאָרן, מרביע זיין, א בהמה איין מין מיט אן אנדערן מין; און אין דברים כ״ב ווערט געזאָגט אז מען טאָרניט אקערן מיט אן אקס און אן אייזל צוזאמען. דאָס הייסט כלאים. לערנט מען אָפּ („שור־שור״ פון שבת) אז מען מיינט יעדע בהמה און חיה און עוף.** ולשבת, און צו רוען אים שבת. **אין חומש דברים ה׳ ווערט געזאָגט, אז עס זאָלן רוען אים שבת „ושורך וחמורך וכל בהמתך״, ווערט געלערנט, אז מיט בהמה מיינט מען אויך א חיה, און דאָס וואָרט „וכל״ (און יעדע) מיינט אז אויך עופות.**

לַחֲסִימָה, לַכִּלְאַיִם וְלַשַּׁבָּת. וְכֵן חַיָּה וְעוֹף כַּיּוֹצֵא בָהֶן. אִם כֵּן לָמָּה נֶאֱמַר שׁוֹר אוֹ חֲמוֹר ? אֶלָּא שֶׁדִּבֵּר הַכָּתוּב בַּהוֹוֶה :

# פרק ו.

**א** הַכּוֹנֵס צֹאן לַדִּיר וְנָעַל בְּפָנֶיהָ כָּרָאוּי וְיָצְאָה וְהִזִּיקָה, פָּטוּר. לֹא נָעַל בְּפָנֶיהָ כָּרָאוּי וְיָצְאָה וְהִזִּיקָה, חַיָּב. נִפְרְצָה בַלַּיְלָה, אוֹ שֶׁפְּרָצוּהָ לִסְטִים. וְיָצְאָה וְהִזִּיקָה, פָּטוּר. הוֹצִיאוּהָ לִסְטִים לִסְטִים חַיָּבִים: **ב** הִנִּיחָהּ בַּחַמָּה, אוֹ שֶׁמְּסָרָהּ לְחֵרֵשׁ שׁוֹטֶה וְקָטָן וְיָצְאָה וְהִזִּיקָה, חַיָּב. מְסָרָהּ לְרוֹעֶה,

וכן, און אזוי איז א חיה און א עוף אזוי ווי זיי. **ביי די דערמאָנטע זאכן, כאָטש ביי טייל ווערט געזאָגט, נאָר „שור" און „חמור", אָדער „בהמה", מיינט מען אויך א חיה און א עוף.** אם כן, אויב אזוי צו־וואָס ווערט געזאָגט „שור או חמור" (אן אָקס אָדער אן אייזל)? נאָר דער פסוק (הכתוב, די תורה) האָט גערעדט ווי דער שטייגער איז (בהוה). **דער פסוק האָט גענומען נור אלס משל אן אָקס אָדער אן אייזל, ווייל זיי גייען מער אין די וועגן, און עס איז מער שכיח, אז זיי זאָלן אריינפאלן אין א גרוב. מיט „כתוב" מיינט מען די „תורה", וועלכע איז געווען אמאָל דאָס איינציקע ספר, וואָס מען האָט אויפגעשריבן (תורה שבכתב).**

## פרק ו.

א. הכונס, אז איינער האָט אריינגענומען (זיינע) קליין־פי (צאן, שעפסן, ציגן) אין שטאל(דיר, א שטאל) אריין און ער האָט פערשלאָסן פאר זיי ווי געהעריג, און (די טיר איז געוואָרן אויפגעבראָכן דורך אן אומגעווינטליכן ווינט) און זיי זענען ארויסגעגאנגן און האָבן אָנגעטאָן שאדן (אין א פרעמד פעלד), איז ער (דער בעל־הבית פון די שעפסן און ציגן) פטור (פון באצאָלן פאר דעם שאדן). **מחמת ער האָט זיי דאָך געהיטן ווי געהעריג.** לא נעל, אויב (אָבער) ער האָט פארשלאָסן פאר זיי ניט ווי געהעריג און זיי זענען ארויסגעגאנגן און געטאָן שאדן, איז ער חייב (צו באצאָלן פאר דעם שאדן). **מחמת דאָ איז עס זיין שולד.** נפרצה, אויב זי (די טיר פון דער שטאל) איז אויפגעבראָכן געוואָרן ביינאכט, אָדער רויבער (ליסטים) האָבן זי אויפגעבראָכן, און זיי (די שעפסן און ציגן) זענען ארויס און האָבן אָנגעטאָן שאדן, איז ער פטור ; אויב די רויבער האָבן זיי (די שעפסן און ציגן) ארויסגעפירט (פון דער שטאל, און זיי האָבן אָנגעטאָן שאדן), זענען די רויבער חייב (צו באצאָלן פאר דעם שאדן). **די גמרא זאָגט, אז ניט דווקא ווען די רויבער האָבן זיי ארויסגעפירט מיט די הענט (בידים), נאָר אפילו זיי האָבן זיך געשטעלט פאר זיי ביז זיי זענען ארויס פון שטאל, הייסט עס ווי זיי האָבן זיי ארויסגעפירט. „ליסטים" איז דאָס גריכישע וואָרט „לעסטעס", א רויבער.**

ב. הניחה, אויב ער האָט זי (די בהמה, אָדער די ציגן און שעפסן) אוועקגעשטעלט אין א (ניט־בעדעקטער שטאל) אויף דער זון (און זי האָט אויפגעבראָכן די גוט־פארמאכטע טיר צוליב איר ליידן דורך דער היץ פון דער זון), אָדער ער (דער בעל הבית פון דער בהמה) האָט זי איבערגעגעבן (צום היטן) צו א טויב־שטומען, אָדער צו א משוגענעם אָדער צו א יינג יינגל, און זי איז ארויס און האָט אָנגעטאָן שאדן, איז ער (דער בעל הבית) חייב (צו באצאָלן פאר דעם שאדן). **ווייל עס איז זיין שולד, און ווען די זון ברענט, פייניגט עס אזוי די בהמה, אז זי קאָן אויפברעכן אויך א גוט פארמאכטע טיר. אויך איז דאָס איבערגעבן צו א טויב־שטומען אָדער א משוגענעם אָדער א יינג קינד ניט קיין גוטע אפהיטונג.** מסרה לרועה, אויב ער האָט זי איבערגעגעבן (צום היטן) צו א פאסטוך, איז דער פאסטוך אריין אויף זיין אָרט. **און אויב די בהמה האָט געטאָן שאדן, דארף דער פאסטוך באצאָלן. די גמרא טייטשט,** אז אויב דער פאסטוך האָט איבערגעגעבן די בהמה צו היטן צו אן אנדערן, צו א „גע־

נִכְנַס רוֹעֶה תַחְתָּיו. נָפְלָה לְגִנָּה וְנֶהֱנֵית, מְשַׁלֶּמֶת מַה שֶּׁנֶּהֱנֵית. יָרְדָה כְדַרְכָּהּ וְהִזִּיקָה, מְשַׁלֶּמֶת מַה שֶּׁהִזִּיקָה. כֵּיצַד מְשַׁלֶּמֶת מַה שֶּׁהִזִּיקָה? שָׁמִין בֵּית סְאָה בְּאוֹתָהּ שָׂדֶה. כַּמָּה הָיְתָה יָפָה וְכַמָּה הִיא יָפָה. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, אָכְלָה פֵּירוֹת גְּמוּרִים, מְשַׁלֶּמֶת פֵּרוֹת גְּמוּרִים. אִם סְאָה סְאָה אִם סָאתַיִם סָאתָיִם: ג הַמַּגְדִּישׁ בְּתוֹךְ שָׂדֶה שֶׁל חֲבֵרוֹ שֶׁלֹּא בִּרְשׁוּת

**הילפס־פאסטוך", דארף דער געהילפס־פאסטוך באצאלן פאר דעם שאדן; דער בעל הבית קאן ניט האבן קיין טענה צום ערשטן פאסטוך פארוואס ער האט זי איבערגעגעבן צו א געהילף, מחמת אזוי איז דער שטייגער פון א גרעסערן פאסטוך צו געבן צו א קלענערן פאסטוך.** — נפלה, אויב (פארבייגעענדיק לעבן א גארטן מיט ירקות) איז זי (די בהמה) אריינגעפאלן אין גארטן און זי האט הנאה געהאט (זי האט געגעסן פון די ירקות), דארף ער (דער בעל הבית פון דער בהמה) צאלן וויפיל זי האט הנאה געהאט. **מיר האבן פריער פרק ב' משנה ב' געגעבן אז „וויפיל זי האט הנאה געהאט (מה שנהנית)" מיינט, אז ער באצאלט וויפיל עס באטרעפט ביליקער גערשטן, כאטש זי האט שאדן געטאן אין די ירקות פאר א סך מער. די גערטנער זענען געלעגן נידריק, און לעבן די גערטנער איז געווען אין דער הויך א וועג, און דאס איז דער טייטש, אז זי איז אריינגעפאלן אין גארטן. איין דעה אין דער גמרא זאגט, אז דאס איז נור ווען זי איז אראפגעפאלן ווייל זי האט זיך אויסגעגליטשט, אבער אויב אנדערע בהמות האבן זי אראפגעשטופט, איז דער בעל הבית אינגאנצן שולדיג ווייל ער האט געדארפן פארבייפירן די בהמות איינציקווייז, און ער דארף באצאלן פאר דעם שאדן.** ירדה, אויב זי איז אראפגעגאנגען ווי דער שטייגער איז (אין גארטן אריין, ניט זי איז אראפגעפאלן צוליב אויסגליטשן זיך), דארף מען באצאלן וויפיל זי האט געטאן שאדן. **דאס הייסט וויפיל עס באטרעפן די ירקות וואס זי האט קאליע געמאכט.** כיצד, ווי אזוי באצאלט מען וויפיל זי האט געטאן שאדן? מען שאצט אפ א סאה־שטיק־פעלד אין דאזיקן פעלד וויפיל זי איז ווערט געווען (איידער די בהמה האט דארט קאליע געמאכט) און וויפיל זי איז ווערט (איצט). **„בית סאה" הייסט א שטיק־פעלד וואס צו פארזייען עס דארף מען האבן א סאה (6 טעפ) זריעה, און דאס איז 2500 קוואדראט־איילן. זאגט די משנה אז אויב למשל די בהמה האט קאליע געמאכט א קליינעם בייט, א „ערוגה", (א זאגאן) תבואה, שאצט מען ניט אפ וויפיל דער בייט האט באטראפן, נאר מען נעמט א גאנצן בית סאה, א שטיק־פעלד פון 2500 קוואדראט־איילן אין וועלכן עס זיינען פאראן א סך אזעלכע בייטן, און מען שאצט אפ וויפיל איז דער בית סאה ווערט געווארן ווינציקער. מחמת אזוי ארום דארף מען באצאלן ווינציקער, ווארום ווען איינער גייט קויפן א גאנצן בית סאה מיט תבואה רעכנט ער אראפ נאר עטוואס צוליב איין קאליע־געמאכטן בייט.** ר' שמעון זאגט, אז אויב זי האט אויפגעגעסן פארטיקע פרוכטן (פירות, תבואה, ירקות, פרוכטן) דארף מען באצאלן פאר פארטיקע פרוכטן, צי עס איז א סאה, צי צוויי סאה. **דאביי דארף מען שוין ניט אפשאצן לויט דעם פעלד, נאר וויפיל די פארטיקע (צייטיקע) פרוכטן באטרעפן. מען שאצט אפ לויטן פעלד נאר ווען די פרוכטן זענען נאכניט פארטיק, נאכניט צייטיק.**

ג. המגדיש, אז איינער מאכט א גדיש (א סטערטע, ער לייגט אן א סך בינטלעך פון זיין תבואה אין איין ארט אויפן פעלד) אין פעלד פון אן אנדערן מענטש אן דער דערלויבעניש (פון פעלד־בעל הבית), און די בהמה פון פעלד־בעל־הבית האט אויפגעגעסן זיי (די תבואה־בינטלעך), איז ער פטור (צו באצאלן); און אויב זי (די בהמה) איז געווארן צעשעדיקט דורך זיי (דורך די בינטלעך תבואה) איז דער מענטש פון גדיש (פון די תבואה־בינטלעך) חייב (צו באצאלן פאר דעם שאדן) (פון דער

וַאֲכָלָתַן בְּהֶמְתּוֹ שֶׁל בַּעַל הַשָּׂדֶה, פָּטוּר. וְאִם הִזִּקָה בָהֶן, בַּעַל הַגָּדִישׁ חַיָּב. וְאִם הִגְדִּישׁ בִּרְשׁוּת, בַּעַל הַשָּׂדֶה חַיָּב: ד הַשּׁוֹלֵחַ אֶת הַבְּעֵרָה בְּיַד חֵרֵשׁ שׁוֹטֶה וְקָטָן, פָּטוּר בְּדִינֵי אָדָם, וְחַיָּב בְּדִינֵי שָׁמַיִם. שָׁלַח בְּיַד פִּקֵּחַ, הַפִּקֵּחַ חַיָּב. אֶחָד הֵבִיא אֶת הָאוּר וְאֶחָד הֵבִיא הָעֵצִים, הַמֵּבִיא אֶת הָעֵצִים חַיָּב. אֶחָד הֵבִיא אֶת הָעֵצִים, וְאֶחָד הֵבִיא אֶת הָאוּר, הַמֵּבִיא אֶת הָאוּר חַיָּב. בָּא אַחֵר וְלִבָּה, הַמְלַבֶּה חַיָּב. לִבַּתָּה הָרוּחַ, כֻּלָּן פְּטוּרִין. הַשּׁוֹלֵחַ אֶת הַבְּעֵרָה וְאָכְלָה עֵצִים אוֹ אֲבָנִים אוֹ עָפָר, חַיָּב, שֶׁנֶּאֱמַר כִּי תֵצֵא אֵשׁ וּמָצְאָה קוֹצִים וְנֶאֱכַל גָּדִישׁ אוֹ הַקָּמָה אוֹ

בהמה); אויב אָבער ער האָט געמאכט דעם גדיש מיט דער דערלויבעניש (פון בעל הבית פון פעלד) איז דער בעל הבית פון פעלד חייב. **עס איז דאָסזעלביקע וואָס מיר האָבן געלערנט פריער אין פרק ה׳ משנה ג׳, און כאָטש דאָרט איז רבי מחולק און זאָגט אז דער בעל הבית דאַרף זאָגן, אז ער נעמט אויף זיך צו היטן, אָבער דאָ, זאָגט די גמרא, אז מען מיינט אין א טייל, וואו עס איז דער שטייגער פאר עטליכע מענטשן צו מאכן יעדער זיין גדיש און מען באשטימט א שומר; און דעריבער אויב דער בעל הבית דערלויבט אים צו מאכן דעם גדיש, הייסט עס, ווי ער זאָגט אים צו אָפּ־צוהיטן די בינטלעך תבואה.**

ד. השולח, אז איינער שיקט א פייער (הבערה, דעם בראַנד־פייער) דורך א טויב־שטומען אָדער א משוגענעם אָדער א קליין קינד (און זיי געהייסן אונטערצינדן א פרעמדנס א זאַך און זיי האָבן אונטערגעצונדן) איז ער (דער שיקער) פטור (פון באצאָלן דעם שאָדן) לויט דעם דין פון מענטשן (בדיני אדם), אָבער ער איז מחויב (צו באצאָלן) לויט דעם דין פון הימל (בדיני שמים). **דאָס הייסט, אז דאָס בית דין, דאָס געריכט פון מענטשן, קאָן אים ניט צווינגען צו באצאָלן, מחמת זיי זיינען ניט זיינע שלוחים; אָבער אויב ער וויל יוצא זיין פאר דעם הימל, דאַרף ער באצאָלן, וויל ער האָט דאָך גורם געווען דעם שאָדן, געבנדיק דאָס פייער צו מענטשן וועלכע האָבן ניט קיין דעת.** שלח ביד פקח, אויב ער האָט געשיקט דאָס פייער דורך א בר דעת (פקח, דערוואקסענעם מענטש מיט שכל), איז דער בר דעת חייב (צו באצאָלן פאר דעם שאָדן). **אָבער דער שיקער איז פטור, וויל ער האָט אים ניט געדאַרפן פאָלגן.** אחד, אויב איינער האָט געבראַכט פייער, און דערנאָך האָט איינער געבראַכט האָלץ (און געוואָרפן אויפן פייער און דערפון איז געוואָרן די שריפה וואָס האָט פארברענט זאַכן) איז דער וואָס האָט געבראַכט דאָס האָלץ חייב (צו באצאָלן פאר דעם שאָדן). **וויל ווען ער וואָלט דערנאָך ניט געבראַכט דאָס האָלץ וואָלט דאָס פייער ניט געברענט.** אחד הביא, אויב איינער האָט געבראַכט האָלץ, און דערנאָך האָט איינער געבראַכט פייער (און אָנגעצינדן דאָס האָלץ), איז דער וועלכער האָט געבראַכט דאָס פייער חייב (צו באצאָלן פאר שאָדן) **וויל שטענדיק האָט דער ערשטער גאָרניט געטאָן.** בא אחר, (אויב איינער האָט געבראַכט האָלץ, און איינער פייער, און) עס איז גע־קומען אן אנדערער (א דריטער) און ער האָט אויפגעבלאָזן (דאָס פייער און דאָס האָלץ האָט זיך אָנגעכאַפּט און עס איז געוואָרן די שריפה), איז דער אויפבלאָזער חייב. **אין דער גמרא זענען פאראַן צוויי גירסאות „ליבה“ פון „להב“, פלאַם, אויפפלאַמען, און „ניבה“ פון „ניב“, בלאָזן מיט די ליפּן.** ליבתה, אויב דער ווינט האָט אויפגע־בלאָזן (דאָס פייער) זענען אלע פטור. **דער ירושלמי זאָגט, אז מען מיינט אן אומגע־וויינטליכן ווינט.** השולח, אז איינער צינדט אָן א פייער און עס האָט פארברענט ביי א פרעמדן (אכלה, אויפגעגעסן, פארברענט) האָלץ אָדער שטיינער אָדער ערד (עס האָט **אפּגעזענקט** די אקער־ערד און זי איז קאַליע געוואָרן), איז ער חייב (צו באצאָלן פאר דעם שאָדן), וואָרום עס ווערט געזאָגט (שמות כ״ב) „כי תצא אש ומצאה קוצים ונאכל גדיש או הקמה או השדה“ אויב עס וועט ארויסגיין א פייער און עס וועט אָנטרעפן

הַשָּׂדֶה שִׁלֵּם יְשַׁלֵּם הַמַּבְעִיר אֶת הַבְּעֵרָה. עָבְרָה גָּדֵר שֶׁהוּא גָבוֹהַּ אַרְבַּע אַמּוֹת, אוֹ דֶרֶךְ הָרַבִּים אוֹ נָהָר, פָּטוּר. הַמַּדְלִיק בְּתוֹךְ שֶׁלּוֹ עַד כַּמָּה תַּעֲבוֹר הַדְּלֵקָה? רַבִּי אֶלְעָזָר בֶּן עֲזַרְיָה אוֹמֵר, רוֹאִין אוֹתָהּ כְּאִלּוּ הִיא בְאֶמְצַע בֵּית כּוֹר. רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר, שֵׁשׁ עֶשְׂרֵה אַמּוֹת כְּדֶרֶךְ רְשׁוּת הָרַבִּים. רַבִּי עֲקִיבָא אוֹמֵר, חֲמִשִּׁים אַמָּה. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, שַׁלֵּם יְשַׁלֵּם הַמַּבְעִיר אֶת הַבְּעֵרָה, הַכֹּל לְפִי הַדְּלֵקָה: ה הַמַּדְלִיק אֶת הַגָּדִישׁ וְהָיָה בוֹ כֵלִים וְדָלְקוּ, רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, יְשַׁלֵּם מַה שֶּׁבְּתוֹכוֹ.

אויף דערנער אָדער עס וועט פארברענט ווערן א שייער אָדער שטייענדיקע תבואה אָדער דאָס פעלד), „שלם ישלם המבעיר את ההבערה" (זאָל באצאָלן דער וואָס האָט אָנגעצינדן דאָס פייער). **דערפון לערנט מען אז די תורה הייסט באצאָלן אויך פאר האָלץ (קוצים) און פאר שטיינער און ערד (השדה, די ערד פון פעלד).** עברה, אויב איינער האָט אָיינגעצונדן א פייער און) דאָס פייער איז אריבער א צוים (גדר, א פלויט) וועלכער איז הויך פיר איילן, אָדער א עפנטליכן וועג (וועלכער איז ברייט זעכצן איילן) אָדער א טייך (און האָט דאָרט פארברענט זאכן), איז ער (דער אָנצינדער) פטור (פון באצאָלן פאר דעם שאדן). **מחמת ער האָט ניט געדארפן וויסן, אז דאָס פייער וועט אזוי ווייט אריבערגיין.** המדליק, אז איינער צינדט אָן א פייער אין זיין (רשות, אין זיין פעלד), ביז וואנען זאָל פארשפרייטן זיך דאָס פייער ? **די משנה פרעגט, אויב דאָס פעלד איז נאָענט צו א צווייט פעלד מיט תבואה, ווי ווייט דארף זיין דאָס פייער וואָס ער צינדט אָן ביי זיך אין פעלד, אז אויב עס גייט אריבער אין שכנ'ס פעלד און פארברענט דאָרט תבואה, זאָל ער זיין פטור צו באצאָלן ?** ר' אלעזר בן עזריה זאָגט, אז מען זעט עס (דאָס אָרט פון פייער) ווי עס איז אין דערמיט פון א בית כור. **א „בית כור" הייסט א פעלד וואָס כדי עס צו פארזייען דארף מען האָבן א כור (30 סאה) תבואה. דאָס איז 75 טויזנט קוואדראט איילן. דאָס הייסט, א קוואדראט פעלד וואָס האלט 275 איילן אין יעדער זייט. „אין דערמיט פון א בית כור" הייסט דאריבער א העלפט דערפון דהיינו לערך 137 איילן.** ר' אליעזר זאָגט, אז זעכצן איילן, ווי עס איז די ברייט) פון א עפנטליכן וועג (דרך הרבים) ר' עקיבא זאָגט, אז פופציק איילן. ר' שמעון זאָגט, אז (די תורה זאָגט שמות כ"ב) „שלם ישלם המבעיר את הבערה" (עס זאָל באצאָלן דער וואָס צינדט אָן די פייער), מיינט מען אלץ איז לויט דעם פייער. **אויב איינער צינדט אָן א גרויס און הויך פייער, וואָס פארשפרייט זיך לייכטער, דארף ער דערוויטערן מער פון שכנ'ס פעלד, און אויב א קלענערן און נידריקערן פייער, דארף ער דערווייטערן ווינציקער.**

ה. המדליק, אז איינער צינדט אָן א גדיש (בארג פון אָנגעלייגטע בינטלעך תבואה, ער האָט געמאכט דאָס פייער ביי זיך און עס האָט זיך פארשפרייט און אָנ־געצונדן דעם גדיש) און אין אים (אין גדיש) זענען געווען (באהאלטן) כלים, און זיי זיינען פארברענט געוואָרן, זאָגט ר' יהודה, אז ער זאָל באצאָלן פאר אלץ וואָס איז פאראן אינווייניק (אויך פאר די באהאלטענע כלים), און די חכמים זאָגן, אז ער בא־צאָלט נור (וויפיל עס באטרעפט) דער גדיש פון ווייץ אָדער פון גערשטן. **פאר די באהאלטענע כלים דארף ער ניט באצאָלן, („טמון", באהאלטן), אָבער ער דארף באצאָלן אויך פאר דעם אָרט פון די כלים, ווי דאָרטן וואָלטן אויך געלעגן בינטלעך תבואה; אויב דער גדיש איז פון ווייץ דארף ער באצאָלן פאר בינטלעך ווייץ, און אויב פון גערשטן, דארף ער באצאָלן פאר בינטלעך גערשטן.** די גמרא זאָגט, **אז אויב ער האָט אָנגעצונדן דאָס פייער אין שכנ'ס פעלד, איז אויב די כלים זיינען געווען פעלד־ארבייט־כלים זענען די חכמים אויך מודה, אז ער דארף באצאָלן, מחמת עס איז דער שטייגער זיי צו באהאלטן אין גדיש; און די מחלוקה אין אזא פאל איז נור**

וַחֲכָמִים אוֹמְרִים אֵינוֹ מְשַׁלֵּם אֶלָּא גָּדִישׁ שֶׁל חִטִּין אוֹ שֶׁל שְׂעוֹרִים. הָיָה גְּדִי כָּפוּת לוֹ וְעֶבֶד סָמוּךְ לוֹ, וְנִשְׂרַף עִמּוֹ, חַיָּב. עֶבֶד כָּפוּת לוֹ וּגְדִי סָמוּךְ לוֹ, וְנִשְׂרַף עִמּוֹ, פָּטוּר. וּמוֹדִים חֲכָמִים לְרַבִּי יְהוּדָה בְּמַדְלִיק אֶת הַבִּירָה שֶׁהוּא מְשַׁלֵּם כָּל מַה שֶּׁבְּתוֹכָהּ שֶׁכֵּן דֶּרֶךְ בְּנֵי אָדָם לְהַנִּיחַ בַּבָּתִּים: ו גֵּץ שֶׁיָּצָא מִתַּחַת הַפַּטִּישׁ וְהִזִּיק, חַיָּב. גָּמָל שֶׁהָיָה טָעוּן פִּשְׁתָּן וְעָבַר בִּרְשׁוּת הָרַבִּים וְנִכְנַס פִּשְׁתָּנוֹ לְתוֹךְ הַחֲנוּת, וְדָלְקוּ בְּנֵרוֹ שֶׁל חֶנְוָנִי וְהִדְלִיק אֶת הַבִּירָה, בַּעַל הַגָּמָל חַיָּב. הִנִּיחַ חֶנְוָנִי נֵרוֹ מִבַּחוּץ, הַחֶנְוָנִי חַיָּב. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, בְּנֵר חֲנֻכָּה פָּטוּר:

**וועגן סתם כלים אָדער וועגן א בײטל מיט געלט, און די חכמים האלטן, אז ער איז פּטור, און ר' יהודה זאָגט אז ער איז חייב.** היה, אויב לעבן אים (לעבן דעם גדיש, וואָס ער האָט אָנגעצונדן) איז געווען א געבינדן ציגעלע און א שקלאַף נאָנט צו אים און זיי זענען צוזאמען מיט אים פארברענט געוואָרן, דארף ער (דער אונטערצינדער באצאָלן פאר דעם גדיש און פאר דעם ציגעלע). **מחמת דאָס ציגעלע האָט דאָך ניט געקאָנט אנטלויפן, און מחמת פאר טויטן דעם שקלאַף קומט ניט דעם אונטער־צינדער קיין טויט־שטראָף, ווייל דער שקלאַף איז דאָך ניט געווען געבינדן און ער האָט געקאָנט אנטלויפן.** עבד כפות, אויב אָבער דער שקלאַף איז געלעגן לעבן (דעם גדיש) א געבונדענער, און דאָס ציגעלע איז געווען לעבן אים, און זיי זענען פארברענט געוואָרן צוזאמען מיט אים (מיט דעם גדיש), איז ער (דער אונטערצינדער) פּטור. **ער דארף ניט באצאָלן ניט פאר דעם גדיש און ניט פאר דעם ציגעלע און ניט פאר דעם שקלאַף, ווייל אים קומט טויט־שטראָף פאר טויטן דעם שקלאַף, און מיר האָבן געלערנט פריער פרק ג' משנה י', אז ווען איינער טוט א זאַך, פאר וועלכער עס קומט טויט־שטראָף און ער טוט אָן דאביי א געלט־שאדן, דארף ער ניט באַצאָלן פאר דעם שאדן.** ומודים, און די חכמים זענען מודה צו ר' יהודה, אז אויב איינער צינדט אונטער א פאלאַץ (בירה, א הויז), אז ער דארף באצאָלן פאר אלע (זאכן) וואָס זענען פאראַן אינווייניק. ווייל עס איז דער שטייגער פון מענטשן אוועקצולייגן (זאכן) אין הייזער. **„בירה" מיינט א פאלאַץ, א גרויסער טורם, אָבער מען מיינט דאָ אויך סתם הייזער.**

ו. גץ, אויב (איינער האָט א קלאַפּ געגעבן מיט א גרויסן האמער און) א פונק (פייער) איז ארויס פון אונטער דעם האמער (פטיש) און האָט אָנגעטאָן שאדן (פאר־ברענט זאכן), איז ער חייב (צו באצאָלן פאר דעם שאדן). **„גץ" א פונק פייער ווערט געבראכט אויך אין תרגום (איוב י"ח, ה' אויף „שביב אשו", גיץ נהוריה", לויט א גירסא אין כתב יד).** גמל, אויב א קעמל וועלכער איז געווען אָנגעלאָדן מיט פלאַקס, איז פארבייגעגאנגען אין רשות הרבים (אין מארק־פלאַץ), און זיין פלאַקס (וועלכער האָט ארויסגעשטעקט פון קעמל) איז אריין אין א געוועלב און ער (דער פלאַקס) האָט זיך אָנגעצינדן אין דעם (ברענענדיקן) ליכטל פון געוועלב־בעל־הבית (חנוני), און ער האָט אָנגעצינדן דאָס הויז (בירה), איז דער בעל הבית פון קעמל חייב (צו באצאָלן פאר דעם שאדן). **ווייל ער האָט געדארפן אכטונג געבן, אז דער פלאַקס זאָל ניט אריין אין געוועלב.** הניח, אויב דער געוועלב־בעל־הבית האָט אוועקגעלייגט זיין (ברענענדיק) ליכטל אין דרויסן (פון געוועלב און דער פלאַקס האָט זיך אין אים אָנגעצינדן) איז דער געוועלב־בעל־הבית חייב (צו באצאָלן פאר דעם שאדן); ר' יהודה זאָגט, אז (אויב דאָס ליכטל איז געווען) א חנוכה־ליכטל, איז ער (דער געוועלב־בעל הבית) פּטור. **ווייל ער איז געווען פארנומען מיט דער מצוה צו צינדן דאָס חנוכה־ליכטל און עס איז א מצוה צו האלטן דאָס חנוכה־ליכטל אין דרויסן ווי עס לערנט די ברייתא אין שבת כ"א (נר חנוכה מצוה להניחה על פתח ביתו מבחוץ).**

**א** מְרֻבָּה מִדַּת תַּשְׁלוּמֵי כֶפֶל מִמִּדַּת תַּשְׁלוּמֵי אַרְבָּעָה וַחֲמִשָּׁה, שֶׁמִּדַּת תַּשְׁלוּמֵי כֶפֶל נוֹהֶגֶת בֵּין בְּדָבָר שֶׁיֵּשׁ בּוֹ רוּחַ חַיִּים וּבֵין בְּדָבָר שֶׁאֵין בּוֹ רוּחַ חַיִּים, וּמִדַּת תַּשְׁלוּמֵי אַרְבָּעָה וַחֲמִשָּׁה אֵינָהּ נוֹהֶגֶת אֶלָּא בְּשׁוֹר וָשֶׂה בִּלְבָד, שֶׁנֶּאֱמַר כִּי יִגְנֹב אִישׁ שׁוֹר אוֹ שֶׂה וּטְבָחוֹ אוֹ מְכָרוֹ וְגוֹ'. אֵין הַגּוֹנֵב אַחַר הַגַּנָּב מְשַׁלֵּם תַּשְׁלוּמֵי כֶפֶל. וְלֹא הַטּוֹבֵחַ וְלֹא הַמּוֹכֵר אַחַר הַגַּנָּב מְשַׁלֵּם תַּשְׁלוּמֵי אַרְבָּעָה וַחֲמִשָּׁה: **ב** גָּנַב עַל פִּי שְׁנַיִם וְטָבַח וּמָכַר עַל פִּיהֶם אוֹ עַל פִּי שְׁנַיִם אֲחֵרִים, מְשַׁלֵּם תַּשְׁלוּמֵי אַרְבָּעָה וַחֲמִשָּׁה. גָּנַב וּמָכַר בְּשַׁבָּת, גָּנַב וּמָכַר לַעֲבוֹדָה זָרָה, גָּנַב וְטָבַח

## פרק ז.

א. מרובה, עס איז גרעסער דער דין (מדת, די מאָס, דער דין) צו באַצאָלן כפל (טאָפּלט) פון דעם דין צו באַצאָלן ארבעה וחמשה (פיר אָדער פינף). **די תורה זאָגט (שמות כ״ב) אז ווען איינער גנבעט א זאַך, דאַרף ער באַצאָלן טאָפּלט; דאָס הייסט „כפל״. אויך זאָגט די תורה (שמות כ״א, ל״ז), אז ווען איינער גנבעט אן אָקס אָדער א שעפּס און שעכט אים אָדער ער פאַרקויפט אים דאַרף ער פאַר דעם שעפּס באַצאָלן פיר מאָל אַזוי פיל (ארבעה) און פאַר דעם אָקס פינף מאָל אַזוי פיל (חמשה); דאָס הייסט „ארבעה וחמשה״, מיר וועלן עס דאַריבער כסדר רופן „כפל״ און „ארבעה וחמשה״. זאָגט די משנה אז די פאַלן ווען דער גנב דאַרף צאָלן טאָפּלט, כפל, זענען מער פון די פאַלן, ווען דער גנב דאַרף צאָלן פיר אָדער פינף, ארבעה וחמשה.** שמדת תשלומי, וואָרום דער דין צו באַצאָלן כפל (טאָפּלט) איז נוהג (ווערט אָנגעווענדעט) סיי (ווען מען גנבעט) א זאַך וואָס איז לעבעדיק און סיי א זאַך וואָס איז ניט לעבעדיק, אָבער דער דין צו באַצאָלן ארבעה וחמשה (פיר אָדער פינף) איז נוהג (ווערט אָנגעווענדעט) נאָר (ווען מען גנבעט און מען שעכט אָדער מען פאַרקויפט) אן אָקס אָדער א שעפּס אַליין, וואָרום עס ווערט געזאָגט (שמות כ״א) „כי יגנוב איש שור או שה וטבחו או מכרו״ וגומר, („אויב א מענטש וועט גנבענען אן אָקס אָדער א שעפּס און וועט אים שעכטן אָדער פאַרקויפן״ און אַזוי ווייטער). **מיט „און אַזוי ווייטער״ מיינט מען דעם סוף פון פּסוק, וואו עס ווערט געזאָגט, אז מען זאָל באַצאָלן פינף אָקסן פאַר דעם אָקס און פיר שעפּסן פאַר דעם שעפּס.** אין הגונב, איינער וועלכער גנבעט פון א גנב (אויב ראובן האָט געגנבעט א זאַך פון שמעון, און לוי האָט דיזעלבע זאַך צוגעגנבעט פון ראובן) דאַרף ניט באַצאָלן דעם כפל. **לוי דאַרף נור צאָלן דעם קרן, וויפיל די זאַך באַטרעפט, אָבער ניט טאָפּלט.** ולא, און ווער עס שעכט אָדער פאַרקויפט פון א גנב דאַרף ניט צאָלן ארבעה וחמשה. **אויב ראובן האָט גע־גנבעט אן אָקס אָדער א שעפּס פון שמעון, און לוי האָט צוגעגנבעט דעם אָקס אָדער דעם שעפּס פון ראובן און האָט אים געשאָכטן אָדער פאַרקויפט, דאַרף לוי נור צאָלן פאַר דעם קרן, וויפיל דער אָקס אָדער דער שעפּס באַטרעפט, אָבער ניט פיר אָדער פינף מאָל אַזוי פיל.**

ב. גנב, אויב צוויי עדות האָבן געזאָגט, אז איינער האָט געגנבעט (אן אָקס אָדער א שעפּס), און דיזעלביקע עדות האָבן געזאָגט, אז ער האָט (דעם אָקס אָדער דעם שעפּס) געשאָכטן אָדער פאַרקויפט, אָדער צוויי אַנדערע עדות האָבן געזאָגט (אז ער האָט געשאָכטן אָדער פאַרקויפט), דאַרף ער באַצאָלן ארבעה וחמשה. **„על פי״, מיינט מען „לויט דעם עדות זאָגן״.** גנב ומכר, אויב איינער האָט געגנבעט (אן אָקס אָדער א שעפּס), און ער האָט אים פאַרקויפט אים שבת, אָדער ער האָט גע־גנבעט און פאַרקויפט צו א עבודה זרה, אָדער ער האָט געגנבעט און געשאָכטן אים יום כיפור, אָדער ער האָט געגנבעט ביי זיין פאָטער און ער האָט געשאָכטן אָדער פאַרקויפט און דערנאָך איז זיין פאָטער געשטאָרבן, אָדער ער האָט געגנבעט און

בְּיוֹם הַכִּפּוּרִים, גָּנַב מִשֶּׁל אָבִיו, וְטָבַח וּמָכַר, וְאַחַר כָּךְ מֵת אָבִיו, גָּנַב וְטָבַח וְאַחַר כָּךְ הִקְדִּישׁ, מְשַׁלֵּם תַּשְׁלוּמֵי אַרְבָּעָה וַחֲמִשָּׁה. גָּנַב וְטָבַח לִרְפוּאָה אוֹ לִכְלָבִים, הַשּׁוֹחֵט וְנִמְצָא טְרֵפָה, הַשּׁוֹחֵט חוּלִּין בָּעֲזָרָה, מְשַׁלֵּם תַּשְׁלוּמֵי אַרְבָּעָה וַחֲמִשָּׁה. רַבִּי שִׁמְעוֹן פּוֹטֵר בִּשְׁנֵי אֵלּוּ: ג גָּנַב עַל פִּי שְׁנַיִם וְטָבַח וּמָכַר עַל פִּיהֶם, וְנִמְצְאוּ זוֹמְמִין, מְשַׁלְּמִין הַכֹּל. גָּנַב

געשאָכטן און דערנאָך האָט ער (דאָס פלייש) מקדיש געווען (צום בית המקדש), דארף ער (אין די אלע פאלן) באצאָלן ארבעה וחמשה (פיר אָדער פינף מאָל אזוי פיל). **מחמת פאר פארקויפן אים שבת קומט ניט קיין טויט־שטראָף און פאר שעכטן אים יום כיפור קומט נור כרת און ניט קיין טויט־שטראָף, און דער דין איז אז נור ווען איינער טוט (אפילו בשוגג) א עבירה פאר וועלכער עס קומט טויט־שטראָף און טוט דאביי א שאָדן איז ער פטור פון באצאָלן פאר דעם שאָדן (זע פריער פרק ג׳ משנה י׳). אויב אָבער מען האָט אים יום כיפור געוואָרנט און ער האָט במזיד געשאָכטן, קומט אים מלקות, און ער דארף ניט צאָלן פאר שאָדן, ווייל מיט ביידע, אי מיט מלקות (קלעפּ) אי מיט באצאָלן געלט, קאָן מען ניט באשטראָפן. אויב דער פאָטער איז געשטאָרבן נאָכן שעכטן אָדער פארקויפן, דארף ער באצאָלן ארבעה וחמשה צום פאָטערס אנדערע יורשים ווייל ווען ער האָט געשאָכטן אָדער פארקויפט איז דאָך עס נאָך געווען דעם פאָטערס.** זע ווייטער משנה ד׳. גנב וטבח לרפואה, אויב איינער האָט געגנבעט (אן אָקס אָדער א שעפּס) און געשאָכטן פאר א רפואה וועגן, אָדער פאר הינט (צו געבן דאָס פלייש צו הינט), אָדער אז איינער (דער גנב) האָט געשאָכטן און ער (דער אָקס אָדער דער שעפּס) איז געפונען געוואָרן טריפה (ער האָט געהאט א פעלער צוליב וועלכן ער איז טריפה), אָדער ער (דער גנב) האָט געשאָכטן חולין (ניט קדשים, ניט קרבנות) אין דער עזרה (אין הויף פון בית המקדש), דארף ער צאָלן ארבעה וחמשה. **כאָטש אין די ערשטע פאלן (צו רפואה און פאר הינט) האָט ער ניט אינזינען געהאט צו עסן דאָס פלייש, און אין די לעצטע פאלן (טריפה און חולין אין דער עזרה) טאָר מען דאָס פלייש ניט עסן, פונדעסטוועגן דארף ער באַצאָלן ארבעה וחמשה.** ר׳ שמעון באפרייט (פון באצאָלן) אין די דאָזיקע צוויי (פאלן). **דאָס מיינט ווען די בהמה איז טריפה אָדער חולין אין דער עזרה; ווייל מען טאָר דאָך דאָס פלייש ניט עסן הייסט עס א „שחיטה שאינה ראויה”, די שחיטה מאכט ניט, אז מען זאָל מעגן עסן דאָס פלייש, און ר׳ שמעון האַלט, אז דאָס הייסט ניט קיין שחיטה.**

ג. גנב, אויב צוויי עדות האָבן געזאָגט אז ער האָט געגנבעט (אן אָקס אָדער א שעפּס) און דיזעלביקע עדות האָבן געזאָגט אז ער האָט געשאָכטן אָדער פארקויפט, און זיי (די עדות) זענען געפינען געוואָרן זוממין (פאלשע עדות) דארפן זיי באצאָלן אלץ (די ארבעה וחמשה, די פיר אָדער פינף מאָל אזוי פיל). **עדות הייסן „זוממין”, ווען למשל זיי זאָגן, אז זיי האָבן געזען ראובנען גנבענען אין א געוויסן אָרט אין ערשטן טאָג אין ניסן, און עס קומען אנדערע צוויי עדות און זאָגן, אז דעם ערשטן טאָג אין ניסן זענען די ערשטע געווען מיט זיי צוזאמען גאָר אין אן אנדערן אָרט און זיי האָבן ניט געקאָנט זען ראובנען אין יענעם אָרט אין ערשטן טאָג אין ניסן. ווען עדים זוממין איז דער דין, אז זיי דארפן באצאָלן דעם באשולדיגטן ראובנען אזוי פיל וויפיל זיי האָבן דורך זייער פאלש עדות־זאָגן געוואָלט מאכן אז ראובן זאָל באצאָלן (זע אין הקדמה צו מסכתא מכות). זאָגט דאָ די משנה, אז ווייל די דאָזיקע עדות זוממין האָבן דאָך געוואָלט מיט זייער פאלש עדות מאכן אז ראובן זאָל באַצאָלן ארבעה וחמשה (פיר אָדער פינף מאָל), דאריבער דארפן אויך זיי באצאָלן ראובנען די ארבעה וחמשה.** גנב, אויב צוויי עדות זאָגן (אויף ראובנען) אז ער האָט געגנבעט (אן אָקס אָדער א שעפּס) און אנדערע צוויי עדות זאָגן, אז ער האָט גע־

עַל פִּי שְׁנַיִם וְטָבַח וּמָכַר עַל פִּי שְׁנַיִם אֲחֵרִים. אֵלּוּ וָאֵלּוּ נִמְצְאוּ זוֹמְמִין, הָרִאשׁוֹנִים מְשַׁלְּמִין תַּשְׁלוּמֵי כֶפֶל, וְהָאַחֲרוֹנִים מְשַׁלְּמִין תַּשְׁלוּמֵי שְׁלֹשָׁה. נִמְצְאוּ אַחֲרוֹנִים זוֹמְמִין, הוּא מְשַׁלֵּם תַּשְׁלוּמֵי כֶפֶל, וְהֵן מְשַׁלְּמִין תַּשְׁלוּמֵי שְׁלֹשָׁה. אֶחָד מִן הָאַחֲרוֹנִים זוֹמֵם. בָּטְלָה עֵדוּת שְׁנִיָּה. אֶחָד מִן הָרִאשׁוֹנִים זוֹמֵם בָּטְלָה כָּל הָעֵדוּת, שֶׁאִם אֵין גְּנֵבָה אֵין טְבִיחָה וְאֵין מְכִירָה: ד גָּנַב עַל פִּי שְׁנַיִם, וְטָבַח וּמָכַר עַל פִּי עֵד אֶחָד, אוֹ עַל פִּי עַצְמוֹ, מְשַׁלֵּם תַּשְׁלוּמֵי כֶפֶל וְאֵינוֹ מְשַׁלֵּם תַּשְׁלוּמֵי אַרְבָּעָה

שאָכטן אָדער פאַרקויפט, און די און די (סיי די ערשטע עדות און סיי די אנדערע עדות) זענען געפונען געוואָרן „זוממין" (פאַלשע), דאַרפן די ערשטע (צוויי עדות) באַצאָלן (ראובנען) כפל (טאָפּלט), און די לעצטע (צוויי עדות) דאַרפן באַצאָלן (ראובנען) דריי מאָל. **מחמת די ערשטע עדות האָבן דאָך געוואָלט מאַכן, אז ער זאָל באַצאָלן כפל פאַר דער גנבה, און די לעצטע עדות האָבן אים געוואָלט מאַכן אז ער זאָל צוצאָלן נאָך דריי מאָל אזוי פיל, ווייל כפל וואָלט ער דאָך סיי ווי געמוזט צאָלן צוליב די ערשטע עדות. די משנה מיינט דאָ ביי אן אָקס (ביי וועלכן מען צאָלט פינף מאָל אזוי פיל); דאַקייגן ביי א שעפּס, ביי וועלכן מען צאָלט פיר מאָל אזוי פיל, דאַרפן די לעצטע עדות צאָלן נור צוויי מאָל אזוי פיל און ניט דריי.** נמצאו אח־רונים, אויב נור די לעצטע (צוויי עדות) זענען געפונען געוואָרן זוממין (פאַלש), דאַרף ער (ראובן) צאָלן (דעם בעל הבית פון אָקס) כפל (ווייל די ערשטע עדות זענען דאָך ריכטיקע און ער האָט דאָך דעם אָקס געגנבעט), און זיי (די לעצטע עדות) דאַרפן באַצאָלן (ראובנען) דריי מאָל אזוי פיל. **ווייל זיי האָבן דאָך מיט זייער פאַלש עדות זאָגן געוואָלט מאַכן אז ראובן זאָל אומזיסט צאָלן נאָך דריי מאָל אזוי פיל.** אחד, אויב איינער פון (די צוויי) לעצטע עדות איז געפינען געוואָרן א זומם (פאַלש) איז בטל געוואָרן די לעצטע עדות זאָגן. **מחמת עס איז דאָך נור געבליבן איין כשרער עדות וואָס זאָגט אז ער האָט געזען ראובנען שעכטן אָדער פאַרקויפן, און איין עדות איז ניט באַגלויבט. דעריבער דאַרף ראובן נור צאָלן כפל, מחמת די ערשטע עדות וועגן דער גנבה איז דאָך א גוטע.** אחד מן הראשונים, אויב איינער פון די ערשטע (צוויי עדות איז געפונען געוואָרן א זומם, פאַלש), איז בטל געוואָרן די גאנצע עדות (אויך די לעצטע), ווייל אויב עס איז ניטאָ קיין גנבה, איז דאָך ניט פאַראַן (קיין שולד) פאַר שעכטן אָדער פאַרקויפן. **און ראובן איז דאָך ניט שולדיק פאַר דער גנבה ווייל עס איז דאָך פאַראַן ניט מער ווי איין עדות וועגן דער גנבה, און איין עדות איז ניט באַגלויבט.**

ד. גנב, אויב צוויי עדות זאָגן אז ער (ראובן) האָט געגנבעט (אן אָקס צי א שעפּס) און איין עדות זאָגט אז ער האָט געשאָכטן אָדער פאַרקויפט, אָדער ער אליין (ראובן) איז זיך מודה אז ער האָט געשאָכטן אָדער פאַרקויפט, באַצאָלט ער כפל, אָבער ער באַצאָלט ניט די ארבעה וחמשה. **ווייל איין עדות איז ניט באַגלויבט; און אויך דורך זיין מודה זיין באַצאָלט ער אויך ניט, ווייל ארבעה וחמשה, דאָס באַצאָלן מער וויפיל די גנבה־זאַך באַטרעפט, הייסט „קנס", א שטראָף, און דער דין איז אז „המודה בקנס פטור", אז אויב איינער איז זיך מודה אז ער האָט געטאָן א עבירה פאַר וועלכער ער דאַרף באַצאָלן קנס, און קיין עדות זענען ניטאָ, איז ער פטור צו באַצאָלן דעם קנס (זע אין פירוש צו כתובות פרק ג' משנה ט').** גנב וטבח, אויב איינער האָט געגנבעט (אן אָקס צי א שעפּס) און געשאָכטן אים שבת (און פאַר שעכטן אים שבת קומט מיתה, טויט־שטראָף), אָדער ער האָט געגנבעט און געשאָכטן צו עבודה זרה (און פאַר דינען צו דער עבודה זרה דורך שעכטן צו איר א לעבעדיקע זאַך קומט מיתה, טויט־שטראָף), אָדער ער האָט געגנבעט פון זיין פאָטער און זיין

וַחֲמִשָּׁה. גָּנַב וְטָבַח בְּשַׁבָּת, גָּנַב
וְטָבַח לַעֲבוֹדָה זָרָה, גָּנַב מִשֶּׁל אָבִיו
וּמֵת אָבִיו, וְאַחַר כָּךְ טָבַח וּמָכַר,
גָּנַב וְהִקְדִּישׁ וְאַחַר כָּךְ טָבַח וּמָכַר,
מְשַׁלֵּם תַּשְׁלוּמֵי כֶפֶל וְאֵינוֹ מְשַׁלֵּם
תַּשְׁלוּמֵי אַרְבָּעָה וַחֲמִשָּׁה. רַבִּי
שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, קָדָשִׁים שֶׁחַיָּב
בְּאַחֲרָיוּתָם מְשַׁלֵּם תַּשְׁלוּמֵי אַרְבָּעָה
וַחֲמִשָּׁה, שֶׁאֵין חַיָּב בְּאַחֲרָיוּתָם,
פָּטוּר: ה מְכָרוֹ חוּץ מֵאֶחָד מִמֵּאָה
שֶׁבּוֹ, אוֹ שֶׁהָיְתָה לוֹ בוֹ שֻׁתָּפוּת,
הַשּׁוֹחֵט וְנִתְנַבְּלָה בְּיָדוֹ, הַנּוֹחֵר

פאָטער איז געשטאָרבן און דערנאָך האָט ער געשאָכטן אָדער פארקויפט, אָדער ער האָט געגנבעט (און דער בעל הבית האָט זיך מייאש געווען פון אָקס צי פון שעפס, און ער איז דורך דעם יאוש געוואָרן דעם גנב׳ס) און ער (דער גנב) האָט אים מקדיש געווען (צום בית המקדש) און דערנאָך האָט ער אים געשאָכטן אָדער פארקויפט, דארף ער אין די אלע פאלן) צאָלן כפל, אָבער ער צאָלט נישט ארבעה וחמשה. בײ שבת און עבודה זרה, ווײל ווי מיר האָבן פריער (אין משנה ב׳) געזאָגט איז מען בײ טויט־שטראָף־עבירה (חייבי מיתות, אפילו בשוגג) פטור פון באצאָלן. און בײם גנבענען פון פאָטער און דער פאָטער איז געשטאָרבן, האָט ער דאָך שוין גע־שאָכטן אָדער פארקויפט זײנס. און בײ הקדש האָט ער דאָך געשאָכטן אָדער פאר־קויפט א זאַך פון הקדש, און מיר לערנען אָפּ פון פסוק (שמות כ״ב) „וגונב מבית האיש״, אז ניט „מבית הקדש״ אז ווען מען שעכט אָדער פארקויפט א זאַך פון הקדש צאָלט מען ניט ארבעה וחמשה. ר׳ שמעון זאָגט, אז בײ קרבנות, וואָס ער איז פאראַנטוואָרטליך פאר זײ (שחייב באחריותם) דארף ער צאָלן ארבעה וחמשה, און (בײ קרבנות) וואָס ער איז ניט פאראַנטוואָרטליך פאר זײ, איז ער פטור. ר׳ שמעון לערנט דאָ א גאַנץ באזונדערן דין, און דהיינו, אז אויב ראובן האָט מקדיש געווען אַן אָקס צי א שעפס פאר זײן קרבן (צו ברענגען א קרבן אין בית המקדש), און שמעון האָט צוגעגנבעט דעם קרבן, און האָט אים געשאָכטן אָדער פארקויפט, איז אויב דאָס איז געווען אזא קרבן, וואָס ווען שמעון האָט אים צוגעגנבעט האָט ראובן גע־מוזט ברענגען אַן אנדערן אָקס אָדער שעפס אלס קרבן (ער איז פאראַנטוואָרטליך), דארף שמעון צאָלן די ארבעה וחמשה (ווײל עס הייסט געגנבעט ראובנ׳ס זאַך); אָבער אויב דער קרבן איז אזא, אז אויב שמעון האָט אים אוועקגעגנבעט דארף ראובן ניט ברענגען קיין אנדערן (א קרבן נדבה, ראובן האָט געזאָגט, אז נור דער דאָזיקער אָקס זאָל זײן א קרבן, זע מסכתא מגילה פרק א׳ ו׳), דארף שמעון נישט צאָלן די ארבעה וחמשה, ווײל ער האָט גאָרניט געטאָן ראובנען נאָר צו הקדש, און ווי מיר האָבן פריער געלערנט איז מען בײ הקדש פטור.

ה. מכרו, אויב אײנער (האָט געגנבעט אַן אָקס אָדער א שעפס און ער) האָט אים פארקויפט א חוץ א הונדערטסטייל טייל פון אים (ער האָט נור פארקויפט נײַן־און נײַנציק הונדערטסטעלעך פון אָקס צי פון שעפס), אָדער ער (דער גנב) האָט גע־האָט אין אים (אין אָקס אָדער אין שעפס) א שותפות (א טייל פון אָקס צי פון שעפס האָט געהערט צום גנב), אָדער אז ער האָט געשאָכטן און ער (דער אָקס צי דער שעפס) איז געוואָרן אין זײן האַנט א נבלה (אזוי אז די שחיטה איז ניט קיין שחיטה), אָדער ער האָט אים אויפגעשטאָכן אָדער אויפגעריסן (די טײלן אין האַלדז פון דער בהמה, דעם ושט אָדער דעם קנה, אזוי אז עס איז ניט געווען קיין שחיטה אינ־גאַנצן), דארף ער צאָלן כפל, אָבער ער צאָלט ניט ארבעה וחמשה. אין די ערשטע פאלן איז ער פטור ווײל א טייל פון אָקס האָט ער זיך איבערגעלאָזט, אָדער דער טייל איז געווען זײנער. און אין די לעצטע פאלן איז ער פטור ווײל עס הייסט ניט גע־שאָכטן. די גמרא זאָגט אז מיט „איין הונדערטסטל״ מײנט מען אזא טייל פון אָקס וואָס כדי עס צו עסן דארף מען דעם אָקס שעכטן; אָבער אויב למשל ער האָט זיך איבערגעלאָזט די האָר אָדער די הערנער, הייסט עס יאָ פארקויפט, און ער דארף יאָ

וְהַמְעַקֵּר, מְשַׁלֵּם תַּשְׁלוּמֵי כֶפֶל, וְאֵינוֹ מְשַׁלֵּם תַּשְׁלוּמֵי אַרְבָּעָה וַחֲמִשָּׁה. גָּנַב בִּרְשׁוּת הַבְּעָלִים וְטָבַח וּמָכַר חוּץ מֵרְשׁוּתָם, אוֹ שֶׁגָּנַב חוּץ מֵרְשׁוּתָם וְטָבַח וּמָכַר בִּרְשׁוּתָם, אוֹ שֶׁגָּנַב וְטָבַח וּמָכַר חוּץ מֵרְשׁוּתָם מְשַׁלֵּם תַּשְׁלוּמֵי אַרְבָּעָה וַחֲמִשָּׁה. אֲבָל גָּנַב וְטָבַח וּמָכַר בִּרְשׁוּתָם, פָּטוּר: ו הָיָה מוֹשְׁכוֹ וְיוֹצֵא וָמֵת בִּרְשׁוּת הַבְּעָלִים, פָּטוּר. הִגְבִּיהוֹ אוֹ שֶׁהוֹצִיאוֹ מֵרְשׁוּת הַבְּעָלִים וָמֵת, חַיָּב. נְתָנוֹ לִבְכוֹרוֹת בְּנוֹ, אוֹ לְבַעַל חוֹבוֹ, לְשׁוֹמֵר חִנָּם, וּלְשׁוֹאֵל, לְנוֹשֵׂא שָׂכָר, וּלְשׂוֹכֵר, וְהָיָה מוֹשְׁכוֹ וָמֵת בִּרְשׁוּת הַבְּעָלִים,

**צאָלן די ארבעה וחמשה. וועגן „נבלה", „נחירה", „עיקור" זע אין דער הקדמה צו מסכתא חולין.** גנב ברשות, אויב איינער האָט געגנבעט (אן אָקס אָדער א שעפּס) פון רשות פון בעל הבית (ער האָט אים ארויסגענומען פון אן אָרט וואָס געהערט צום בעל הבית פון אָקס צי פון שעפּס) און ער האָט אים געשאָכטן אָדער פארקויפט אויסער דעם רשות פון בעל הבית (אין אן אָרט וואָס געהערט ניט צום בעל הבית), אָדער ער האָט געגנבעט אויסער דעם רשות פון בעל הבית (למשל, אין גאס), און ער האָט געשאָכטן אָדער פארקויפט אין רשות (למשל, אין הויף) פון בעל הבית, אָדער ער האָט געגנבעט און געשאָכטן אָדער פארקויפט אויסער דעם רשות פון בעל הבית (ער האָט אלץ געטאָן אין גאס) דארף ער באצאָלן ארבעה וחמשה; אָבער אויב ער האָט געגנבעט און געשאָכטן אָדער פארקויפט אין רשות פון בעל הבית (אין זיין הויף), איז ער פטור. **מחמת דער אָקס צי דער שעפּס איז נאָך אלץ געבליבן אין רשות פון בעל הבית. תוספות זאָגט, אז דאָס איז נור אויב דער גנב האָט דעם אקס צי דעם שעפּס ניט אויפגעהויבן; אָבער אויב ער האָט אים אויפגעהויבן אפילו אין הויף פון בעל הבית, דארף ער יאָ באצאָלן.**

ו. היה, אויב ער (דער גנב) האָט געהאלטן אין ארויסשלעפּן זי (די בהמה) פון בעל הבית'ס רשות, (פון הויף ארויס) און זי איז געפּגרט אין בעל הבית רשות (אין הויף) איז ער (דער גנב) פטור. **דער ברטנורא זאָגט (און אזוי זאָגט אויך דער רמבם) אז ער איז פטור פון באצאָלן כפל.** הגביהו, אויב ער (דער גנב) האָט אויפגע־הויבן זי (די בהמה אין הויף פון בעל הבית), אָדער ער האָט זי ארויסגעפירט פון רשות פון בעל הבית (אין דרויסן ארויס) און זי איז געפּגרט, איז ער חייב. **ווייל מיטן אויפהייבן די בהמה אפילו אין בעל הבית'ס הויף, אָדער מיטן ארויספירן זי (אפילו ניט אויפהייבנדיק זי) ארויס פון בעל הבית'ס הויף, האָט דער גנב געוונען (קונה גע־ווען אלס גנבה) די בהמה.** נתנו, אויב ער (דער גנב) האָט געגעבן זי (די בהמה) צו (א כהן) פאר דעם פדיון הבן פון זיין זון (לבכורות בנו, א פאָטער דארף געבן צו א כהן פינף סלעים אָדער א זאַך וואָס איז ווערט פינף סלעים, פאר אויסלייזן זיין זון א בכור), אָדער צו זיין געלט־באָרגער (צו א מענטש וועמען ער איז שולדיק געלט, צו באצאָלן דערמיט דעם חוב), אָדער ער האָט זי געגעבן צו א היטער בחינם (ער נעמט ניט קיין געלט פאר דעם היטן), אָדער צו א באָרגער (ער באָרגט די בהמה צו א מענטש), אָדער צו א היטער פאר געלט (פאר באצאָלונג). אָדער צו איינעם וועלכער דינגט (די בהמה צו ארבייטן און צאָלט דערפאר) און ער (איינער פון די דאָזיקע, דער כהן, צי דער געלט־באָרגער, צי די היטערס, צי דער בהמה־באָרגער צי דער בהמה־דינגער) האָט געהאלטן אין ארויסשלעפּן זי (די בהמה פון בעל הבית'ס רשות) און זי איז געפּגרט אין בעל הבית'ס רשות, איז ער (דער גנב) פטור. **מען מיינט דאָ אז דער גנב האָט צו זיי געזאָגט, אז די בהמה איז זיינע, און ער האָט זיי געהייסן זי נעמען. אָבער ווייל זיי האָבן די בהמה ניט אויפגעהויבן און ניט ארויסגענומען זי פון הויף, הייסט עס נאָכניט ווי געגנבעט, און עס הייסט, אז די בהמה איז געפּגרט נאָך אין רשות פון בעל הבית.** הגביהו, אויב (איינער פון די דאָזיקע מענטשן) האָט

פָּטוּר. הִגְבִּיהוֹ אוֹ שֶׁהוֹצִיאוֹ מֵרְשׁוּת הַבְּעָלִים וּמֵת, חַיָּב: ז אֵין מְגַדְּלִין בְּהֵמָה דַקָּה בְּאֶרֶץ יִשְׂרָאֵל. אֲבָל מְגַדְּלִין בְּסוּרְיָא וּבְמִדְבָּרוֹת שֶׁבְּאֶרֶץ יִשְׂרָאֵל. אֵין מְגַדְּלִין תַּרְנְגוֹלִין בִּירוּשָׁלַיִם, מִפְּנֵי הַקֳּדָשִׁים. וְלֹא כֹּהֲנִים בְּאֶרֶץ יִשְׂרָאֵל מִפְּנֵי הַטָּהֳרוֹת. אֵין מְגַדְּלִין חֲזִירִים בְּכָל מָקוֹם. לֹא יְגַדֵּל אָדָם אֶת הַכֶּלֶב אֶלָּא אִם כֵּן הָיָה קָשׁוּר בְּשַׁלְשֶׁלֶת. אֵין פּוֹרְסִין נִשְׁבִּים לַיּוֹנִים, אֶלָּא אִם כֵּן הָיָה רָחוֹק מִן הַיִּשּׁוּב שְׁלֹשִׁים רִיס:

אויפגעהויבן זי (די בהמה אפילו אין הויף פון בעל הבית) אָדער ער האָט זי ארויסגענומען פון רשות פון בעל הבית און זי איז געפגרט, איז ער (דער גנב) חייב (צו באצאָלן). **ווייל עס הייסט, אז די בהמה איז געפגרט שוין נאָכדעם ווי די גנבה איז פאַרגעקומען.**

ז. אין מגדלין, מען מען טאָרניט האָדעווען קליין־פי (בהמה דקה) אין ארץ ישראל. מיט „בהמה דקה" קליין־פי, מיינט מען שעפּסן, ציגן. **צוליב דעם וואָס זיי רייסן זיך אריין אין פרעמדע פעלדער און מאכן קאליע געוויקסן. און די חכמים האָבן זיך געזאָרגט פאר ישוב ארץ ישראל, אז ארץ ישראל זאָל זיין באזעצט, האָבן זיי גוזר געווען אז מען זאָל אין ארץ ישראל ניט האָדעווען קיין קליין־פי.** אבל, אָבער מען מעג האָדעווען אין סוריא און אין די מדבריות פון ארץ ישראל. **סוריא איז דאָס שכנות־לאנד אין צפון פון ארץ ישראל, וואָס הייסט אויך היינט סיריע, און נור אין טייל זאכן האָט עס די דינים פון ארץ ישראל, ווייל דוד המלך האָט עס געהאט איינגענומען (זע מסכתא שביעית פרק ו' משנה א' און ב'). זאָגט די משנה אז דאָרט מעג מען יאָ האָדעווען, און אויב זיי מאכן שאדן וועט זייער בעל הבית באצאָלן. אויך זאָגט די משנה, אז מען מעג האָדעווען אין די ניט־באזעצטע ערטער, אין די מדבריות אפילו אין ארץ ישראל.** אין מגדלין תרנגולים, מען טאָרניט האָדעווען קיין הענער (און הינער) אין ירושלים צוליב די קרבנות. **ווייל אין ירושלים עסט מען קרבנות־פלייש (שלמים), און הינער פּיקן אויס שטיקלעך עסנווארג אין די מיסטן, און עס איז מורא צו האָבן אז זיי קאָנען געפינען שטיקלעך פון טויטע שרצים און דערנאָך מיט זיי אָנרירן און מטמא זיין די קרבנות־פלייש.** ולא, און אויך (טאָרן) ניט (האָדעווען הינער) כהנים אין (גאנץ) ארץ ישראל צוליב די ריינקייטן. **ווייל כהנים עסן אומעטום אין ארץ ישראל די הייליקע תרומה, און דאָס מוז זיין מיט טהרה (זע אין דער הקדמה צו מסכתא תרומות).** אין מגדלין חזירים, מען טאָרניט (א ייד טאָרניט) האָדעווען חזירים אין קיין שום אָרט (אפילו אויסער ארץ ישראל). **די גמרא זאָגט, אז דאָס האָט מען גוזר געווען אין דער צייט ווען די חשמונאים־מלכים (הורקנוס און זיין ברודער אריסטובלוס) האָבן געקעמפט איינער קעגן צווייטן, און איינעמס זעלנער האָבן באלאגערט ירושלים און פלעגן ארויפשיקן דורך דער שטאָט־מויער יעדן טאָג־שעפּסלעך כדי מען זאָל קאָנען אין בית המקדש מקריב זיין דעם קרבן תמיד. אָבער איינמאָל האָבן זיי ארויפגעשיקט א חזיר, און ארץ ישראל איז אויפגעציטערט געוואָרן. דאמאָלס האָט מען געזאָגט „ארור מגדל חזירים", „פאַרשאָלטן זאָל זיין ווער עס האָדעוועט חזירים".** לא יגדל, א מענטש טאָר ניט האָדעווען (ניט האלטן ביי זיך) דעם הונט, סיידן ער איז צוגעבינדן אויף א קייט, **די גמרא זאָגט, אז דער טעם איז, ווייל ער בייסט און בילט און מעוברת'דיקע פרויען דערשרעקן זיך פאַר אים און זיי זענען טיילמאָל מפיל צוליב דעם. אין דער ברייתא איז פאראן „כלב רע", אז מען טאָרניט האלטן א „שלעכטן הונט". דער תוספות יום טוב טייטשט, אז דאָס מיינט אויך די משנה מיט „הכלב", „דעם הונט", און דאָס מיינט דעם שלעכטן הונט.** אין פורסין, מען טאָרניט אויסשפּרייטן נעצן (צו פאנגן) טויבן, סיידן מען איז ווייט פון ישוב (פון מענטשליכע וואוינונג) דרייסיק ריס. **א ריס איז לערך 266 איילן, און**

א הַחוֹבֵל בַּחֲבֵרוֹ חַיָּב עָלָיו מִשּׁוּם חֲמִשָּׁה דְבָרִים, בְּנֶזֶק, בְּצַעַר, בְּרִפּוּי, בְּשֶׁבֶת, וּבְבוֹשֶׁת. בְּנֶזֶק כֵּיצַד? סִמָּא אֶת עֵינוֹ, קָטַע אֶת יָדוֹ, שִׁבֵּר אֶת רַגְלוֹ, רוֹאִין אוֹתוֹ כְּאִלּוּ הוּא עֶבֶד נִמְכָּר בַּשּׁוּק, וְשָׁמִין כַּמָּה הָיָה יָפֶה וְכַמָּה הוּא יָפֶה. צַעַר, כְּוָאוֹ בְשַׁפּוּד, אוֹ בְמַסְמֵר, וַאֲפִילוּ עַל צִפָּרְנוֹ, מָקוֹם שֶׁאֵינוֹ עוֹשֶׂה חַבּוּרָה אוֹמְדִין כַּמָּה אָדָם כַּיּוֹצֵא בָזֶה רוֹצֶה לִטּוֹל לִהְיוֹת מִצְטַעֵר כָּךְ. רִפּוּי, הִכָּהוּ, חַיָּב לְרַפְּאוֹתוֹ. עָלוּ בוֹ צְמָחִים אִם מֵחֲמַת הַמַּכָּה, חַיָּב. שֶׁלֹּא מֵחֲמַת הַמַּכָּה, פָּטוּר. חָיְתָה וְנִסְתְּרָה, חָיְתָה

**30 ריס איז לערך אכט טויזנט איילן (זע מסכתא יומא פרק ו׳ משנה ד׳, און טייל זע־ נען גורס „רים״ און אויך „רוס״). דער טעם איז כדי די נעצן זאָלן ניט פאנגן טויבן פון ישוב, וואָס מענטשן האָדעווען ביי זיך אין טויבן־שלאָגן. „נישבים״, טייל גירסאות „נישובין״, אין לשון יחיד „נישוב״, מיינט נעצן, א נעץ. אויך אין אראַ־ ביש איז „נשאב״, פאנגן, א נעץ.**

## פרק ח.

א. החובל, אז איינער פארוואונדעט (גיט א קלאפּ און מאכט א וואונד) אַן אנדערן איז ער מחויב (אים צו באצאָלן) פאר פינף זאכן: פאר דעם שאדן (נזק), פאר ליידן (צער), פאר היילן (ריפוי), און פאר זיצן אָן ארבייט (שבת, פאר ניט קאָנען טאָן קיין ארבייט דורך דער צייט פון דער קראנקהייט), און פאר פארשעמען (בושת). **די משנה וועט באלד דערקלערן ווי אזוי מען צאָלט פאר די אלע זאכן.** בנזק, ווי אזוי צאָלט מען פאר שאדן (נזק)? **ווי אזוי שאצט מען אָפּ צו וויסן וויפיל דער שאדן באטרעפט?** סימא, אויב ער האָט בלינד געמאכט זיין (דעם אנדערנס) אויג, אָדער ער האָט אים אָפּגעהאקט זיין האנט, אָדער ער האָט אים צעבראָכן זיין פוס, זעט מען אים (מען באטראכט דעם געליטענעם) ווי ער וואָלט געווען א קנעכט, וועלכן מען פארקויפט אויפן מארק, און מען שאצט אָפּ וויפיל ער איז ווערט געוואָרן (איידער מען האָט אים בלינד געמאכט אָדער אָפּגעהאקט די האנד אָדער צעבראָכן דעם פוס) און וויפיל ער איז ווערט (איצט). **און דעם אונטערשיד דארף מען אים באצאָלן אלס „נזק״, שאדן.** צער, (ווי אזוי שאצט מען אָפּ צו באצאָלן פאר) ליידן? אויב ער האָט אים אָפּגעבריט מיט(אָנגעגליטן) שפּיז אָדער מיט א טשוואָק, און אפילו אויף זיין נאָגל, אויף אן אָרט, וואו עס ווערט ניט קיין בייל (חבורה), שאַצט מען אָפּ וויפיל (געלט) וואָלט א מענטש א שטייגער ווי דער דאָזיקער (געליטענער) געוואָלט נעמען אז ער זאָל האָבן די דאָ־ זיקע ליידן. מיט **„א שטייגער אזוי ווי ער״ מיינט מען, אז ווייל עס זענען פאראַן מענטשן מיט א שטארקערן כאראקטער וואָס אָפּבריען זיך קאָנען זיי לייכטער פאר־ טראָגן און זיי וואָלטן גענומען ווינציקער, דאריבער שאצט מען אָפּ לויט דעם כא־ ראַקטער פון געליטענעם.** ריפוי, היילן? אויב ער האָט אים געגעבן א קלאפּ, דארף ער אים אויסהיילן, (צאָלן אלע קאָסטן פון אויסהיילן). עלו בו, אויב עס זענען אין אים (אויף דעם קערפּער פון געליטענעם) ארויסגעקומען שפּראָצלעך (צמחים, בלאָטער־ לעך), איז אויב דאָס איז געשען צוליב דעם קלאפּ איז ער (דער שלעגער) מחויב (צו באצאָלן אויך פאר אויסהיילן די בלאָטערלעך), און אויב ניט צוליב דעם קלאפּ, איז ער פּטור (פון באצאָלן פאר היילן די בלאָטערלעך). אויב זי (די וואונד) האָט זיך גע־ היילט (חיתה) און דערנאָך איז זי געוואָרן צוריק קראנק (ונסתרה, זי איז צעשטערט געוואָרן), זי האָט זיך געהיילט און זי איז צוריק געוואָרן (אזוי עטליכע מאָל) דארף ער (דער שלעגער) אים היילן. **ער דארף אים באצאָלן כסדר, ווייל די וואונד איז נאָכניט געווען אינגאנצן אויסגעהיילט.** חיתה כל צרכה, אויב זי איז געהאט אויס־ געהיילט געוואָרן אינגאנצן, (און דערנאָך איז זי צוריק קראנק געוואָרן), דארף ער ניט מער היילן. **ווייל מען נעמט אָן, אז די איצט קראנק־געוואָרענע וואונד האָט ניט קיין שייכות מיט דעם פריערדיקן קלאפּ.** שבת, (וויפיל באצאָלט מען פאר) מוזן זיצן אָן

וְנִסְתְּרָה, חַיָּב לְרַפְּאוֹתוֹ. חָיְתָה כָּל צָרְכָהּ, אֵינוֹ חַיָּב לְרַפְּאוֹתוֹ. שֶׁבֶת, רוֹאִין אוֹתוֹ כְּאִלּוּ הוּא שׁוֹמֵר קִשּׁוּאִין, שֶׁכְּבָר נָתַן לוֹ דְּמֵי יָדוֹ, וּדְמֵי רַגְלוֹ. בֹּשֶׁת, הַכֹּל לְפִי הַמְבַיֵּשׁ וְהַמִּתְבַּיֵּשׁ. הַמְבַיֵּשׁ אֶת הֶעָרוֹם, הַמְבַיֵּשׁ אֶת הַסּוּמָא, וְהַמְבַיֵּשׁ אֶת הַיָּשֵׁן, חַיָּב. וְיָשֵׁן שֶׁבִּיֵּשׁ פָּטוּר. נָפַל מִן הַגַּג וְהִזִּיק וּבִיֵּשׁ, חַיָּב עַל הַנֶּזֶק, וּפָטוּר עַל הַבֹּשֶׁת, שֶׁנֶּאֱמַר, וְשָׁלְחָה יָדָהּ וְהֶחֱזִיקָה בִּמְבֻשָׁיו. אֵינוֹ חַיָּב עַל הַבֹּשֶׁת עַד שֶׁיְּהֵא מִתְכַּוֵּן: **ב** זֶה חוֹמֶר בָּאָדָם מִבַּשּׁוֹר, שֶׁהָאָדָם מְשַׁלֵּם נֶזֶק, צַעַר, רִפּוּי, שֶׁבֶת, וּבֹשֶׁת,

ארבעט? מען באטראכט אים (דעם געליטענעם) ווי ער וואלט געווען א היטער פון א פעלד מיט גרינסן (קישואין, קירביסן, א סארט ארבוזן), ווארום ער האט דאך אים שוין באצאלט דאס געלט פאר זיין האנט און דאס געלט פאר זיין פוס. **פריער האט דאך די משנה שוין געזאגט, אז מען באצאלט אים פאר נזק, פאר דעם שאדן פון האנט אדער פון פוס. ממילא נעמט מען אים איצט, ווי ער איז א מענטש אן א האנט צי אן א פוס אבער ער קאן זיצן און אפהיטן א פעלד מיט גרינסן אויב ער איז געזונט. דעריבער דארף ער אים באצאלן פאר דער צייט וואס ער איז קראנק און קאן ניט גיין אפילו היטן דאס גרינס־פעלד.** בושת, (וויפיל דארף ער באצאלן פאר) פארשעמען אים? אלץ (ווערט אפגעשאצט) לויט דעם פארשעמער (דעם שלעגער) און לויט דעם פארשעמטן (דעם געליטענעם). **מחמת אויב דער שלעגער איז א פראסטער מענטש איז די חרפה גרעסער; טייל זאגן אז פארקערט, אז ווען דער שלעגער איז אן אדם חשוב, איז די חרפה גרעסער (זע כתובות פרק ג׳ משנה ז׳). אויך אויב דער געליטענער איז אן אדם חשוב איז די חרפה גרעסער.** המבייש, אז איינער פארשעמט א נאקעטן, אדער ער פארשעמט א בלינדן, אדער ער פארשעמט א מענטש ווען ער שלאפט, איז ער חייב. **ער דארף באצאלן פאר בושת, פאר פארשעמונג.** וישן, און אויב א מענטש ווען ער שלאפט האט פארשעמט (אן אנדערן, ער האט אים געטאן אזא זאך וואס איז פאר אים א חרפה) איז ער פטור. **ער דארף ניט באצאלן פאר בושת, פאר פארשעמונג, ווייל פארשעמען הייסט נור ווען יענער איז מכוון צו פארשעמען.** נפל, אויב איינער איז (ניט ווילנדיק) אראפ געפאלן פון א דאך (און איז ארויפגעפאלן אויף אן אנדערן) און האט אים צעקלאפט (און דאדורך) אים פארשעמט, דארף ער באצאלן פאר דעם שאדן אבער איז פטור (פון צאלן) פאר דער פארשעמונג, ווארום עס ווערט געזאגט (דברים כ״ה) „ושלחה ידה והחזיקה במבושיו (און זי האט אויסגעשטרעקט איר האנט און האט אנגעכאפט אין זיינע פארשעמונגס־טיילן)״, דערפון לערנט מען), אז ער איז ניט מחויב (צו באצאלן) פאר פארשעמען סיידן ער איז מכוון (ער האט עס געטאן ווילנדיק). **מען לערנט עס אפ פון די ווערטער „ושלחה״, „און זי האט אויסגעשטרעקט״ און „והחזיקה״, „און זי האט אנגענומען״, דאס הייסט, אז זי האט עס געוואלט טאן.**

ב. זה חומר, אין די דאזיקע (זאכן, וואס די משנה וועט באלד זאגן), איז הארבער ביי א מענטש (ווען א מענטש טוט דעם שאדן) ווי ביי אן אקס (ווען אן אקס טוט דעם שאדן): ווארום א מענטש (ווען ער פארוואונדעט איינעם) דארף ער באצאלן פאר שאדן, ליידן, אויסהיילן, זיצן אן ארבייט, און פארשעמונג (נזק, צער, ריפוי, שבת און בושת), און (אויב ער האט געטאן א קלאפ א מעוברת׳דיקע פרוי און זי האט געמפילט) דארף ער באצאלן דאס געלט פאר די (געמפילטע) קינדער; אבער אן אקס (אויב ער פארוואונדעט א מענטש) באצאלט (זיין בעל הבית) נאר פאר דעם שאדן (נזק), און אויב (דער אקס האט געטאן א קלאפ א מעוברת׳דיקע פרוי און זי האט געמפילט) דארף ער (זיין בעל הבית) ניט באצאלן דאס געלט פאר די קינדער (דמי ולדות). **וועגן „דמי ולדות״ (געלט פאר די געמפילטע קינדער) זע פריער פרק**

וּמְשַׁלֵּם דְּמֵי וְלָדוֹת. וְשׁוֹר אֵינוֹ מְשַׁלֵּם אֶלָּא נֶזֶק וּפָטוּר מִדְּמֵי וְלָדוֹת:

ג הַמַּכֶּה אֶת אָבִיו וְאֶת אִמּוֹ וְלֹא עָשָׂה בָהֶם חַבּוּרָה, וְחוֹבֵל בַּחֲבֵרוֹ בְּיוֹם הַכִּפּוּרִים, חַיָּב בְּכֻלָּן. הַחוֹבֵל בְּעֶבֶד עִבְרִי, חַיָּב בְּכֻלָּן חוּץ מִן הַשֶּׁבֶת, בִּזְמַן שֶׁהוּא שֶׁלּוֹ. הַחוֹבֵל בְּעֶבֶד כְּנַעֲנִי שֶׁל אֲחֵרִים, חַיָּב בְּכֻלָּן. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, אֵין לַעֲבָדִים בֹּשֶׁת:

ד חֵרֵשׁ שׁוֹטֶה וְקָטָן פְּגִיעָתָן רָעָה, הַחוֹבֵל בָּהֶן חַיָּב, וְהֵם שֶׁחָבְלוּ בַאֲחֵרִים פְּטוּרִין. הָעֶבֶד וְהָאִשָּׁה פְּגִיעָתָן רָעָה, הַחוֹבֵל בָּהֶן חַיָּב, וְהֵם שֶׁחָבְלוּ בַאֲחֵרִים פְּטוּרִין, אֲבָל מְשַׁלְּמִין לְאַחַר זְמַן, נִתְגָּרְשָׁה הָאִשָּׁה, נִשְׁתַּחְרֵר הָעֶבֶד, חַיָּבִין לְשַׁלֵּם:

**ה׳ משנה ד׳. אז אן אָקס דאַרף צאָלן נאָר פאַר שאַדן און ניט פאַר די אַנדערע פיר זאַכן ווערט אָפּגעלערנט פון (ויקרא כ״ד) „איש בעמיתו״ (א מענטש אין זיין פריינט) און ניט „שור בעמיתו״. און אז ער דאַרף ניט צאָלן פאַר „דמי ולדות״ ווערט אָפּגעלערנט פון (שמות כ״א) „כי ינצו אנשים״ (ווען מענטשן וועלן זיך קריגן) אז „אנשים ולא שורים״, נאָר מענטשן אָבער ניט אָקסן.**

ג. המכה, אז איינער גיט א קלאַפּ זיין פאָטער אָדער זיין מוטער און ער האָט זיי ניט געמאַכט קיין בייל, אָדער איינער האָט פאַרוואונדעט (סתם א מענטש) אים יום כפור, איז ער חייב צו באַצאָלן פאַר זיי אַלע. **פאַר שאַדן און צער און היילונג און זיצן אָן אַרבייט און פאַרשעמונג; מחמת נאָר ווען מען מאַכט א בייל א פאָטער אָדער א מוטער קומט טויט־שטראָף (און ווען איינער טוט א עבירה פון טויט־שטראָף קאָן מען אים ניט פסקענען צו באַצאָלן געלט), און ווייל פאַר פאַרוואונדן אים יום כיפור קומט ניט טויט־שטראָף נאָר כרת, דאַריבער דאַרף ער באַצאָלן (זע וועגן דעם דין פריער פרק ג׳ משנה י׳).** החובל, אז איינער פאַרוואונדעט א יידישן קנעכט, דאַרף ער באַצאָלן פאַר אַלע (זאַכן, פאַר שאַדן, צער, היילן און פאַרשעמונג), א חוץ פאַר זיצן אָן אַרבייט (שבת) אויב ער (דער יידישער קנעכט) איז זיינער (דעם שלעגערס). **מחמת ער האָט דאָך אים ניט היזק געמאַכט דעם אַרבייטס־פאַרדינסט, וואָרים ער איז דאָך זיין קנעכט.** החובל בעבד כנעני, אז איינער פאַרוואונדעט אַן אַנדערנס עבד כנעני (א שקלאַף וועלכער איז געווען פריער א גוי, און ער האָט אין טייל זאַכן דעם דין פון א ייד) דאַרף ער באַצאָלן פאַר די אַלע (דערמאָנטע פינף זאַכן); ר׳ יהודה זאָגט, אז שקלאַפן קומט ניט (צו באַצאָלן פאַר) פאַרשעמען זיי. **ר׳ יהודה לערנט כ״ה) „כי ינצו אנשים יחדיו איש ואחיו״ (וואו עס ווערט געלערנט צו באַצאָלן פאַר פאַרשעמען), און א שקלאַף האָט ניט קיין ברודערשאַפט (אחיו, אחוה).**

ד. חרש, א טויב־שטומער און משוגענער און א יינג קינד (קטן) איז דער צוזאַמענשטויס מיט זיי (פגיעתן) א שלעכטע, (ווייל) אויב איינער האָט זיי פאַרוואונדעט, איז ער חייב (צו באַצאָלן), אָבער אויב זיי האָבן פאַרוואונדעט אַנדערע מענטשן זענען זיי פטור (פון באַצאָלן). **ווייל זיי זיינען ניט פאַראַנטוואָרטליך, זיי זענען ניט קיין בני עונשין, מען קאָן זיי ניט באַשטראָפן.** העבד, א שקלאַף און א (פאַרהייראַטעטע) פרוי איז דער צוזאַמענשטויס מיט זיי א שלעכטער, (ווייל) אויב איינער האָט זיי פאַרוואונדעט איז ער חייב (צו באַצאָלן), און אויב זיי האָבן פאַרוואונדעט אַנדערע זענען זיי פטור (צו באַצאָלן). **ווייל אַלץ וואָס א שקלאַף האָט געהערט צו זיין בעל הבית און אַלץ וואָס א פרוי האָט געהערט צו איר מאַן, און זיי האָבן ניט מיט וואָס צו באַצאָלן.** אבל, אָבער זיי דאַרפן באַצאָלן נאָך א צייט, (דהיינו), אויב די פרוי איז געוואָרן געגט און דער שקלאַף איז געוואָרן באַפרייט, דאַרפן זיי באַצאָלן. **מחמת איצט קאָנען זיי דאָך האָבן פאַרמעגנס, און זיי דאַרפן דאַריבער באַצאָלן פאַר דעם שאַדן, וואָס זיי האָבן געטאָן ווען די פרוי איז געווען פאַרהייראַט און דער שקלאַף איז געווען א שקלאַף.**

ה הַמַּכֶּה אָבִיו וְאִמּוֹ וְעָשָׂה בָהֶן חַבּוּרָה, וְהַחוֹבֵל בַּחֲבֵרוֹ בְּשַׁבָּת פָּטוּר מִכֻּלָּן, מִפְּנֵי שֶׁהוּא נִדּוֹן בְּנַפְשׁוֹ. וְהַחוֹבֵל בְּעֶבֶד כְּנַעֲנִי שֶׁלּוֹ פָּטוּר מִכֻּלָּן: ו הַתּוֹקֵעַ לַחֲבֵרוֹ נוֹתֵן לוֹ סֶלַע. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר מִשּׁוּם רַבִּי יוֹסֵי הַגְּלִילִי, מָנֶה. סְטָרוֹ, נוֹתֵן לוֹ מָאתַיִם זוּז. לְאַחַר יָדוֹ, נוֹתֵן לוֹ אַרְבַּע מֵאוֹת זוּז. צָרַם בְּאָזְנוֹ, תָּלַשׁ בִּשְׂעָרוֹ, רָקַק וְהִגִּיעַ בּוֹ רוֹקוֹ, הֶעֱבִיר טַלִּיתוֹ מִמֶּנּוּ, פָּרַע רֹאשׁ הָאִשָּׁה בַּשּׁוּק, נוֹתֵן אַרְבַּע מֵאוֹת זוּז. זֶה הַכְּלָל הַכֹּל לְפִי כְבוֹדוֹ. אָמַר רַבִּי עֲקִיבָא אֲפִלּוּ עֲנִיִּים שֶׁבְּיִשְׂרָאֵל רוֹאִין אוֹתָם כְּאִלּוּ הֵם בְּנֵי חוֹרִין שֶׁיָּרְדוּ מִנִּכְסֵיהֶם, שֶׁהֵם בְּנֵי אַבְרָהָם יִצְחָק וְיַעֲקֹב. וּמַעֲשֶׂה בְאֶחָד שֶׁפָּרַע רֹאשׁ הָאִשָּׁה בַּשּׁוּק, וּבָאת לִפְנֵי רַבִּי עֲקִיבָא

ה. המכה, אז איינער גיט א קלאפּ זיין פאָטער אָדער זיין מוטער און ער האָט זיי געמאכט א בייל, אָדער אז איינער פארוואונדעט אן אנדערן (מענטש) אים שבת, איז ער פטור (פון באצאָלן) די אלע (זאכן, פאר שאדן, צער, היילן, זיצן אָן ארבעט און פאר־שעמונג), ווייל ער ווערט געמשפט וועגן זיין לעבן. **מחמת פאר שלאָגן און מאכן א בייל עלטערן קומט טויט־שטראָף, און פארוואונדן א מענטש אים שבת (און ער שטילט זיך דערמיט דעם כעס קייגן דעם מענטש, און דאריבער הייסט ער א מתקן, ער פאררירכט עפּיס, ער שטילט זיין כעס) קומט טויט־שטראָף, און מען קאָן דאריבער ניט באשטראָפן מיט געלט. זע פריער משנה ג׳.** והחובל בעבד כנעני, און אז איינער פארוואונדעט זיין אייגענעם עבד כנעני (שקלאַף) איז ער פטור פון אלע זאכן. **מחמת אלע געלטער, וואָס דער שקלאַף באקומט, געהערן סיי ווי צום בעל הבית זיינעם.**

ו. התוקע, אז איינער גיט דעם אנדערן א קלאפּ מיט זיין פויסט (התוקע) דארף ער אים באצאָלן א סלע. מיט א סלע מיינט מען דאָ „סלע מדינה״, **א האלבן גילדן. דער רמבם זאָגט, אז די אלע באצאָלונגען וואָס ווערן אויסגערעכנט דאָ אין משנה ו׳ זענען קליינע, און ווייל קיין גרויסער שאדן איז ניט פאראן, און עס איז מער די חרפה און עטוואָס צער און אביסל היילונג וכדומה, האָבן די חכמים פעסטגעשטעלט א באשטימטע סומע געלט.** ר׳ יהודה זאָגט אין נאָמען פון ר׳ יוסי הגלילי, אז (ער דארף באצאָלן) הונדערט גילדן (מנה). **תוספות זאָגט, אז דאָ איז ניט קיין מחלוקה, נאָר אז דער ערשטער תנא האָט געלערנט וועגן אן ארימאן, און ר׳ יהודה לערנט וועגן א נגיד.** סטרו, אויב איינער האָט געגעבן (דעם אנדערן) א פּאַטש (אויף דער באַק), דארף ער אים געבן צוויי הונדערט גילדן; (אויב ער האָט אים געגעבן דעם פּאַטש) מיט דער איבערגעדרייטער זייט פון דער האנט (לאחר ידו) דארף ער אים געבן פיר הונדערט גילדן, **ווייל די חרפה איז דאדורך גרעסער.** צרם, אויב ער האָט א צי (אָדער א ריס) געגעבן ביי זיין אויער, אָדער ער האָט אים געריסן ביי זיינע האָר, אָדער ער האָט א שפּיי געטאָן און דאָס שפּייעכץ איז צוגעקומען צו אים (צום אנ־דערנס קערפּער), אָדער ער האָט אָראָפּגעריסן פון אים זיין קלייד (טלית), אָדער ער האָט אָפּגעדעקט דעם קאָפּ פון א פרוי אין גאַס, דארף ער באצאָלן 400 גילדן; דאָס איז דער כלל (זה הכלל) די דינים וואָס מען האָט געזאָגט זענען לויט זיין כבוד. **די משנה ווערט געטייטשט אז דאָס איז נור אויב דער געליטענער איז געווען אן אנ־געזעענער מענטש; אָבער אויב ער איז געווען א ניט־אָנגעזעענער מענטש, פסקנט מען אים צו ווייניקער.** אמר, האָט ר׳ עקיבא געזאָגט, אז אפילו די אָרימע לייט צווישן יידן באטראכט מען זיי ווי זיי זענען פרייע מענטשן (בני חורין, אדל־לייט) וועלכע האָבן פארלוירן זייערע פארמעגנס, ווייל זיי זיינען די קינדער פון אברהם, יצחק און יעקב. **ר׳ עקיבא האלט, אז מען מאכט ניט קיין אונטערשיד, און יעדער איינער באקומט באצאָלט דיזעלביקע סומע געלט וואָס די משנה האָט פריער געזאָגט.** ומעשה, און עס איז געווען א מעשה מיט איינעם, וועלכער האָט אָפּגעדעקט דעם

וְחִיְּבוֹ לִתֵּן לָהּ אַרְבַּע מֵאוֹת זוּז. אָמַר לוֹ רַבִּי, תֵּן לִי זְמָן, וְנָתַן לוֹ זְמָן. שְׁמָרָהּ עוֹמֶדֶת עַל פֶּתַח חֲצֵרָהּ וְשִׁבֵּר אֶת הַפַּךְ בְּפָנֶיהָ וּבוֹ כְּאִיסָר שֶׁמֶן, גִּלְּתָה אֶת רֹאשָׁהּ וְהָיְתָה מְטַפַּחַת וּמַנַּחַת יָדָהּ עַל רֹאשָׁהּ. הֶעֱמִיד עָלֶיהָ עֵדִים וּבָא לִפְנֵי רַבִּי עֲקִיבָא, אָמַר לוֹ רַבִּי, לָזוֹ אֲנִי נוֹתֵן אַרְבַּע מֵאוֹת זוּז? אָמַר לוֹ, לֹא אָמַרְתָּ כְּלוּם, שֶׁהַחוֹבֵל בְּעַצְמוֹ אַף עַל פִּי שֶׁאֵינוֹ רַשַּׁאי פָּטוּר, אֲחֵרִים שֶׁחָבְלוּ בוֹ חַיָּבִין. הַקּוֹצֵץ נְטִיעוֹתָיו אַף עַל פִּי שֶׁאֵינוֹ רַשַּׁאי פָּטוּר, אֲחֵרִים (שֶׁקָּצְצוּ אֶת נְטִיעוֹתָיו) חַיָּבִים: ז אַף עַל פִּי שֶׁהוּא נוֹתֵן לוֹ, אֵין נִמְחָל לוֹ עַד שֶׁיְּבַקֵּשׁ מִמֶּנּוּ. שֶׁנֶּאֱמַר וְעַתָּה הָשֵׁב אֵשֶׁת וְגוֹ׳. וּמִנַּיִן שֶׁאִם לֹא מָחַל לוֹ שֶׁהוּא (שֶׁלֹּא יְהֵא הַמּוֹחֵל)

קאָפּ פון א פרוי אין גאס, און זי איז געקומען פאר ר׳ עקיבא, און ער האָט אים מחייב געווען (געפסקנט) צו באַצאָלן פיר הונדערט גילדן. האָט ער (דער וואָס האָט געדארפן באַצאָלן) געזאָגט צו אים (צו ר׳ עקיבא): „רבי, געב מיר צייט״: האָט ער אים געגעבן צייט. האָט (דער מענטש) אָפּגעוואַרט איר (די פרוי) ביי דער טיר פון איר הויף, און האָט צעבראָכן פאר איר א קריגל אין וועלכן עס איז געווען פאר אן איסר (א מטבע, א פיר־און צוואנציקסטל פון א גילדן) אייל; האָט זי (די פרוי) אָפּגעדעקט איר קאָפּ און האָט איינגעטונקן (איר האנט אין דעם אייל) און האָט ארויפגעלייגט איר האנט (מיט דעם אייל) אויף איר קאָפּ (צו באַשמירן די האָר). ער (דער מענטש) האָט (פריער געהאט) אָנגעשטעלט דערויף עדות (זיי זאָלן דאָס צו־זען), און ער איז געקומען פאר ר׳ עקיבא, און ער האָט צו אים געזאָגט: „רבי, דער דאָזיקער (פרוי) זאָל איך געבן פיר הונדערט גילדן!״ (סטייטש, זי האָט זיך דאָך אליין אָפּגעדעקט דעם קאָפּ צוליב אביסל אייל פאר א איסר)? האָט ער (ר׳ עקיבא) צו אים געזאָגט: „דו האָסט גאָרניט געזאָגט (דיין טענה איז ניט קיין טענה), ווייל אז איינער פארוואונדעט זיך אליין, כאָטש ער טאָר עס ניט טאָן, איז ער פטור, און אויב אנדערע פארוואונדן אים זענען זיי מחויב (צו באַצאָלן); און אז איי־נער האקט־אָפּ זיינע אייגענע (פרוכטן־) ביימער (נטיעותיו), כאָטש ער טאָרניט עס טאָן, איז ער פטור, אָבער אויב אנדערע האקן־אָפּ זיינע (פרוכטן־) ביימער זענען זיי מחויב צו באַ־צאָלן (פאר דעם שאָדן). **ר׳ עקיבא האָט אים געזאָגט, אז כאָטש די פרוי האָט אליין אָפּגעדעקט אירע האָר כדי צו געניסן פון דעם ביסל אייל, אָבער אויב ער, דער מענטש, האָט איר אָפּגעדעקט דעם קאָפּ, האָט ער זי מבייש געווען, און ער דאַרף באַצאָלן. א מענטש טאָר זיך אליין ניט פארוואונדן, זיך ניט אָנטאָן קיין צער. אויך טאָר מען ניט אָפּהאקן אפילו אייגענע פרוכטן־ביימער, ווייל דאָס איז דער איסור פון בל תשחית (דברים כ״ה) „ניט קאליע מאכן״ א בוים וועלכער ברענגט פרוכטן.**

ז. אף על פי, כאָטש ער (דער מענטש וואָס האָט געשלאָגן אן אנדערן און מען האָט אים געפסקנט אז ער זאָל באַצאָלן געלט) באַצאָלט אים (דאָס געלט), ווערט אים ניט פארגעבן (די עבירה פאר שלאָגן א מענטש) סיידן ער בעט אים (אז ער זאָל אים מוחל זיין), ווארום עס ווערט געזאָגט (בראשית כ׳) „ועתה השב אשת״ און אזוי ווייטער („און איצט געב צוריק די פרוי״ און אזוי ווייטער). **אין חומש דאָרט ווערט געזאָגט, אז גאָט האָט געזאָגט צו אבימלך אז ער זאָל צוריקגעבן צו אברהם אבינו זיין ווייב שרה, און אז אברהם וועט מתפלל זיין פאר אים. דערפון לערנט מען, אז אבימלך האָט געבעטן אברהם אז ער זאָל אים מוחל זיין (אזוי זאָגט דער תוספות יום טוב).** ומנין, און פון וואנען (לערנט מען אָפּ) אז אויב ער האָט אים ניט מוחל געווען איז ער אן אכזר? ווארום עס ווערט געזאָגט (דאָרט, בראשית כ׳) „ויתפלל אברהם אל האלהים וירפא אלהים את אבימלך״ („און אברהם האָט מתפלל געווען צו גאָט, און גאָט האָט אויסגעהיילט אבימלך׳ן״). **דערפון זעט מען, אז אברהם האָט**

אַכְזָרִי? שֶׁנֶּאֱמַר וַיִּתְפַּלֵּל אַבְרָהָם אֶל הָאֱלֹהִים וַיִּרְפָּא אֱלֹהִים אֶת אֲבִימֶלֶךְ וְגוֹ׳. הָאוֹמֵר סַמֵּא אֶת עֵינִי, קְטַע אֶת יָדִי, שַׁבֵּר אֶת רַגְלִי, חַיָּב. עַל מְנָת לִפְטוֹר חַיָּב. קְרַע אֶת כְּסוּתִי שַׁבֵּר אֶת כַּדִּי, חַיָּב. עַל מְנָת לִפְטוֹר פָּטוּר. עֲשֵׂה כֵן לְאִישׁ פְּלוֹנִי, עַל מְנָת לִפְטוֹר, חַיָּב, בֵּין בְּגוּפוֹ בֵּין בְּמָמוֹנוֹ:

# פרק ט

**א** הַגּוֹזֵל עֵצִים וַעֲשָׂאָן כֵּלִים, צֶמֶר וַעֲשָׂאָן (וַעֲשָׂאוֹ) בְּגָדִים, מְשַׁלֵּם כִּשְׁעַת הַגְּזֵלָה. גָּזַל פָּרָה מְעֻבֶּרֶת וְיָלְדָה, רָחֵל טְעוּנָה וּגְזָזָהּ, מְשַׁלֵּם

**מוחל געוועזן אבימלך׳ן. און אנדערע גירסא אין דער משנה איז „שלא יהא אכזרי״, אז דער געליטענער טאָרניט זיין קיין אכזר, און אז ער דאַרף מוחל זיין ווען יענער בעט אים איבער.** האומר, אויב איינער (ראובן) זאָגט (צו אן אנדערן, צו שמעון): „מאַך בלינד מיין אויג (האַק מיר אויס מיין אויג), האַק־אָפּ מיין האַנט, צעברעך מיין פוס״, (און שמעון האָט אזוי געטאָן), איז ער (שמעון) חייב (צו באַצאָלן). **ווייל מען נעמט אָן אז ער האָט עס ניט געמיינט ערנסט.** על מנת, (אויב שמעון האָט געפרעגט ראובנען „צי מיט דעם תנאי אז איך זאָל זיין פטור (פון באַצאָלן״, און ראובן האָט געענטפערט יאָ), איז ער (שמעון, פונדעסטוועגן) חייב (צו באַצאָלן). **ווייל מ׳נעמט אָן, אז דער „יאָ״ איז געווען ווי איינער וואונדערט זיך, און אז ער האָט באמת געמיינט אז ניין, ווארום קיינער איז ניט מוחל אויף׳ן צער פון זיין קערפּער.** קרע, (אויב ראובן האָט געזאָגט צו שמעונען) צערייס מיין קלייד, אָדער צעברעך מיין קריג״, (און שמעון האָט צעריסן דאָס קלייד אָדער צעבראָכן די קרוג), איז ער חייב (צו באַצאָלן); אויב (אָבער שמעון האָט אים געפרעגט) „צי מיט דעם תנאי אז איך זאָל זיין פטור״ (און ראובן האָט גע־ענטפערט: „ניט״ איז ער פטור. **ווייל אויף שאָדנס פון געלט איז א מענטש מוחל, און מיט דעם „ניט״ האָט ער געמיינט צוזאָגן „צי האָב איך דיר דען ניט געזאָגט אז דו זאָלסט צערייסן״?** עשה, כן, אויב (ראובן האָט געזאָגט צו שמעון): טו דאָס צו יענעם מענטש (צו לוי) מיט דעם תנאי אז דו זאָלסט זיין פטור צו באַצאָלן״, (און שמעון האָט אזוי געטאָן) איז ער (שמעון) חייב (צו באַצאָלן), סיי (ווען ער האָט עס געטאָן) אין זיין קערפּער (ראובן האָט געהייסן שמעונען בלינד מאכן לוי צי אָפּהאַקן אים א האַנט, צי צעברעכן א פוס) און סיי אין זיין געלט (צערייסן זיין קלייד אָדער צעברעכן זיין פוס). ווייל „אין שליח לדבר עבירה״, **מען טאָרניט פאָלגן קיינעם, ווען יענער הייסט טאָן א עבירה.**

## פרק ט.

א. הגוזל, אז איינער האָט געגזלט (אוועקגערויבט) האָלץ און ער האָט געמאכט דערפון כלים (זאכן) אָדער (ער האָט געגזלט) וואָל און געמאכט דערפון קליידער, באַצאָלט ער (דער גזלן) לויט דער צייט ווען ער האָט געגזלט. **ער דאַרף ניט באַצאָלן זאכן אָדער קליידער, נאָר ער באַצאָלט צוריק געלט וויפיל עס האָט באַטראָפן האָלץ און וואָל. דער טעם איז, ווייל ער האָט דאָך געמאכט א „ענדערונג״, א „שינוי״, אין דעם האָלץ און דער וואָל, זיי זענען דאָך געוואָרן אנדערע זאכן, דעריבער האָט זיי דער גזלן קונה געווען דורך דער שינוי.** גזל, אז איינער האָט געגזלט א מעוברת׳דיקע קי, און זי האָט (ביים גזלן) געבוירן (א קעלבל), אָדער (ער האָט געגזלט א שעפּס (רחל, א שעפּס א נקבה) וועלכע איז אָנגעלאָדן (טעונה, באדעקט מיט וואָל) און ער (דער גזלן) האָט זי אָפּגעשוירן, באַצאָלט ער געלט וויפיל עס קאָסט א קי וואָס האלט ביים געבוירן (א קעלבל), אָדער געלט וויפיל עס קאָסט א שעפּס וואָס מען האלט ביים אָפּשערן. **ער דאַרף ניט צוריקגעבן די קי און דאָס קעלבל, אָדער דעם שעפּס און די וואָל (מחמת דאָס באַטרעפט מער), נאָר ער גיט צוריק דאָס וואָס ער האָט געגזלט, און דאָס איבעריקע איז זיינס, דעם גזלנ׳ס.** גזל פרה ונתעברה, אויב ער האָט

דְּמֵי פָרָה הָעוֹמֶדֶת לֵילֵד, דְּמֵי רָחֵל הָעוֹמֶדֶת לִגָּזֵז. גָּזַל פָּרָה וְנִתְעַבְּרָה אֶצְלוֹ וְיָלְדָה, רָחֵל וְנִטְעֲנָה אֶצְלוֹ וּגְזָזָהּ, מְשַׁלֵּם כִּשְׁעַת הַגְּזֵלָה. זֶה הַכְּלָל, כָּל הַגַּזְלָנִים מְשַׁלְּמִין כִּשְׁעַת הַגְּזֵלָה: **ב** גָּזַל בְּהֵמָה וְהִזְקִינָה, עֲבָדִים וְהִזְקִינוּ, מְשַׁלֵּם כִּשְׁעַת הַגְּזֵלָה. רַבִּי מֵאִיר אוֹמֵר, בַּעֲבָדִים אוֹמֵר לוֹ הֲרֵי שֶׁלְּךָ לְפָנֶיךָ. גָּזַל מַטְבֵּעַ וְנִסְדַּק, פֵּרוֹת וְהִרְקִיבוּ, יַיִן וְהֶחֱמִיץ, מְשַׁלֵּם כִּשְׁעַת הַגְּזֵלָה. מַטְבֵּעַ וְנִפְסַל, תְּרוּמָה וְנִטְמֵאת, חָמֵץ וְעָבַר עָלָיו הַפֶּסַח,

געגזלט א קי (ניט קיין מעוברת׳דיקע) און זי איז געוואָרן מעוברת ביי אים (ביים גזלן) און זי האָט געבוירן (דאָס קעלבל), אָדער (ער האָט געגזלט) א שעפּס (א לייַ־דיקע, ניט־באַדעקט מיט וואָל) און זי (דער שעפּס) איז געוואָרן באַדעקט (טימ וואָל) ביי אים (ביים גזלן) און ער האָט זי אָפּגעשוירן, באַצאָלט ער (דער גזלן) לויט דער צייט ווען ער האָט געגזלט. **ער גיט צוריק נור א ניט־מעברת׳דיקע קי און א ניט־באַדעקטן שעפּס.** זה הכלל, דאָס איז דער כלל, אז אלע גזלנים באַצאָלן לויט דער צייט ווען זיי האָבן געגזלט. **די גמרא זאָגט, אז מיט „זה הכלל״ מיינט די משנה צוצוגעבן, און דהיינו, אז אויב איינער האָט געגנבעט א שעפּסל און עס איז ביים גנב געוואָרן א ווידער (איל), אָדער ער האָט געגנבעט א קעלבל און עס איז אויפגעוואַקסן ביים גנב און עס איז געוואָרן אן אָקס, און ער האָט עס געשאָכטן אָדער פאַרקויפט, דאַרף ער ניט צאָלן דערפאַר ארבעה וחמשה (פיר און פינף מאָל אזוי פיל, זע פריער פרק ז׳ משנה א׳); ווייל עס איז דאָך געוואָרן אן אנדערע זאַך, הייסט עס אז עס איז שוין דעם גנב׳ס דורך דער ענדערונג, דורך דעם „שינוי״, און ער האָט געשאָכטן און פאַרקויפט זיין אייגנס.**

ב. גזל, אז איינער האָט געגזלט א יינגע בהמה (וועלכע איז ווערט מער געלט) און זי איז געוואָרן (ביים גזלן) אלט (און זי איז איצט ווערט ווייניקער געלט), אָדער (ער האָט געגזלט יינגע) שקלאַפן, און זיי זענען (ביים גזלן) געוואָרן אלט (און זיי זענען ווערט ווינציקער), באַצאָלט ער (דער גזלן) לויט דער צייט ווען ער האָט געגזלט. **ער דאַרף באַצאָלן וויפיל עס זענען ווערט א יינגע בהמה און יינגע שקלאַפן.** ר׳ מאיר זאָגט, אז ביי שקלאַפן (וועלכע זענען געוואָרן אלט) קאָן ער (דער גזלן) זאָגן צו אים (צום נגזל, צום מענטש ביי וועמען ער האָט צוגעגזלט): „אָט איז דאָס דייניקע פאַר דיר״ (הרי שלך לפניך). **דאָס הייסט, „דאָ האָסטו דיינע שקלאַפן״, מחמת שקלאַפן זענען ווי ערד, און וואו זיי געפינען זיך, זענען זיי אין רשות פון זייער בעל הבית, און עס הייסט ווי זיי זענען אלט געוואָרן אין דעם נגזל׳ס רשות.** גזל מטבע, אז איינער האָט געגזלט א מטבע און זי איז געוואָרן צעשפּאַלטן (ביים גזלן, און זי איז ווינציקער ווערט), אָדער (ער האָט געגזלט) פּרוכטן און זיי זענען געוואָרן פאַרפוילט (און ווינציקער ווערט), אָדער (ער האָט געגזלט) וויין און ער איז געוואָרן זויער (און ווינציקער ווערט), דאַרף ער באַצאָלן לויט דער צייט ווען ער האָט געגזלט **ער דאַרף באַצאָלן א גוטע מטבע, גוטע פּרוכטן, ניט־זויער־געוואָרענעם וויין. מחמת די אלע ענדערונגן דערקענט מען (שינוי ניכר) און עס איז געוואָרן אן אנדער זאַך.** מטבע, אויב ער האָט געגזלט א מטבע און זי איז (ביים גזלן) פסול געוואָרן **(די מלוכה האָט** דערקלערט אז די מטבע טויג ניט מער), אָדער (ער האָט געגזלט) תרומה (הייליקע תבואה) און זי איז (ביים גזלן) טמא געוואָרן (זי האָט אָנגערירט א טמא זאַך, א טויטן שרץ, און מען טאָרניט מער די תרומה עסן), אָדער (ער האָט געגזלט פאַר פּסח) חמץ און עס איז אריבער פּסח (און מען טאָר דעם חמץ ניט עסן און ניט הנאה האָבן פון אים), אָדער (ער האָט געגזלט) א בהמה און עס איז געטאָן געוואָרן מיט איר א עבירה (מען האָט מיט איר געדינט צו א עבודה זרה, און מען טאָר זי ניט מער מקריב זיין אין בית המקדש, און זי איז דאַריבער ווינ־

בְּהֵמָה וְנֶעֶבְדָה בָהּ עֲבֵרָה, אוֹ שֶׁנִּפְסְלָה
מֵעַל גַּבֵּי הַמִּזְבֵּחַ, אוֹ שֶׁהָיְתָה יוֹצֵאת
לִסָּקֵל, אוֹמֵר לוֹ הֲרֵי שֶׁלְּךָ לְפָנֶיךָ:
**ג.** נָתַן לְאוּמָּנִים לְתַקֵּן וְקִלְקְלוּ, חַיָּבִים
לְשַׁלֵּם. נָתַן לְחָרָשׁ שִׁדָּה תֵּבָה וּמִגְדָּל
לְתַקֵּן, וְקִלְקֵל, חַיָּב לְשַׁלֵּם. הַבַּנַּאי
שֶׁקִּבֵּל עָלָיו לִסְתּוֹר אֶת הַכּוֹתֶל
וְשִׁבֵּר אֶת הָאֲבָנִים אוֹ שֶׁהִזִּיק, חַיָּב
לְשַׁלֵּם. הָיָה סוֹתֵר מִצַּד זֶה וְנָפַל
מִצַּד אַחֵר, פָּטוּר. וְאִם מֵחֲמַת הַמַּכָּה
חַיָּב: **ד.** הַנּוֹתֵן צֶמֶר לַצַּבָּע וְהִקְדִּיחַתּוּ
יוֹרָה, נוֹתֵן לוֹ דְּמֵי צַמְרוֹ. צְבָעוֹ

ציקער ווערט), אָדער זי איז פסול געוואָרן צו (ברענגן זי אלס קרבן) אויפן מזבח (זי האָט באַקומען א מום, א פעלער, וועלכן מען דערקענט ניט, למשל ביי די אַפּלן פון אויג), אָדער מען האָט זי פאַראורטיילט צום פאַרשטיינען (זי האָט געהרגעט א מענטש), קאָן ער (דער גזלן) זאָגן צו אים (צום נגזל): „אָט איז דיינס פאַר דיר" (הרי שלך לפניך). **מחמת די געגזלטע זאַך האָט זיך דאָך גאָרניט געענדערט, מען דער־קענט ניט אין איר קיין שינוי. וועגן דער מטבע זאָגט די גמרא, אז מען מיינט, אז זי דערקלערט געוואָרן אלס ניט גוט נור אין דעם לאַנד וואו דער גזלן און נגזל גע־פינען זיך, אָבער אין אן אנדער לאַנד, איז זי יאָ גוט, און דער גזלן קאָן זאָגן צום נגזל, אז ער זאָל זי אויסגעבן אין דעם אנדערן לאַנד.**

ג. נתן, אויב איינער האָט געגעבן (זאכן) צו בעלי מלאכות (אומנין) צו פאַר־ריכטן, און זיי (די בעלי מלאכות) האָבן זיי קאַליע געמאַכט, דאַרפן זיי באַצאָלן. **די גמרא זאָגט, אז אויב ער האָט זיי געגעבן האָלץ צו מאַכן א כלי און נאָכדעם ווי זיי האָבן געמאַכט די כלי האָבן זיי זי קאַליע געמאַכט, דאַרפן זיי באַצאָלן וויפיל די כלי האָט באַטראָפן, און ניט בלויז דאָס געלט פאַר דעם האָלץ אליין.** נתן לחרש, אז איינער האָט געגעבן צו א סטאָליאַר (חרש) א וואָגן (שידה) אָדער א קאַסטן (תיבה) אָדער א שאַנק (מגדל) צום פאַרריכטן, און ער האָט קאַליע געמאַכט, דאַרף ער באַצאָלן. **די משנה ברענגט ביידע הלכות כדי צו לערנען אז סיי ער האָט געגעבן דעם בעל מלאכה א פאַרטיקע כלי און ער האָט קאַליע געמאַכט און סיי ער האָט אים געגעבן נור האָלץ און דער בעל מלאכה האָט געמאַכט דערפון א כלי און דערנאָך קאַליע גע־מאַכט, דאַרף ער באַצאָלן פאַר אכלי.** והבנאי, און א בוי־בעל־מלאכה וועלכער האָט זיך אונטערגענומען פונאנדערצונעמען א וואַנט און ער האָט צעבראָכן די שטיינער אָדער (ער האָט געטאָן) אן אנדערן שאדן, דאַרף ער באַצאָלן; אויב אָבער ער האָט פונאנ־דערגענומען (די וואַנט) פון איין זייט, און זי איז אומגעפאַלן אין אן אנדערער זייט, איז ער פטור (פון באַצאָלן). **ווייל דאָס אומפאַלן איז ניט דעם בעל מלאכה'ס שולד.** ואם מחמת, און אויב (די וואַנט איז אומגעפאַלן אין דער אנדערער זייט) צוליב דעם קלאַפּ (וואָס דער בעל מלאכה האָט געגעבן אין דער זייט וואו ער האָט געאַרבייט) דאַרף ער (באַצאָלן). **ווייל עס הייסט, אז ער האָט געטאָן דעם שאדן, מחמת ער האָט געדאַרפן זיין פאָרזיכטיק ביים קלאַפּן.**

ד. הנותן, אז איינער האָט געגעבן וואָל צו א פאַרבער (צום פאַרבן די וואָל) און דער קאָך־קעסל (וואוהין מען טוט אריין די וואָל אין פאַרב) האָט פאַרבּרענט (די וואָל), דאַרף ער (דער פאַרבער) באַצאָלן אים (דעם בעל הבית פון דער וואָל) דאָס געלט פאַר זיין וואָל. **מיט „יורה" מיינט מען דאָ דעם גרויסן קעסל מיט קאָכעדיקער פאַרב אין וועלכען מען טוט אריין די וואָל צום פאַרבן און דאָס וואָרט איז פאַראַן א סך מאָל אין משנה און גמרא (כלים ה' י', און אנדערע ערטער).** צבעו כאור, אויב ער (דער פאַרבער) האָט געפאַרבט (די וואָל) שלעכט (כאור, מיאוס, מיט שלעכטער פאַרב), איז (דער דין אז) אויב די פאַרבעסערונג (שבח, וויפיל די וואָל איז טייערער געוואָרן דורך דעם פאַרבן) באַטרעפט מער פון די אויסגאַבן (יציאה, פון די קאָסטן פון דעם פאַרבן), זאָל ער (דער וואָל־בעל הבית צונעמען ביי אים די געפאַרבטע וואָל און)

כָּאוּר, אִם הַשֶּׁבַח יָתֵר עַל הַיְצִיאָה, נוֹתֵן לוֹ אֶת הַיְצִיאָה, וְאִם הַיְצִיאָה יְתֵרָה עַל הַשֶּׁבַח, נוֹתֵן לוֹ אֶת הַשֶּׁבַח. לִצְבּוֹעַ לוֹ אָדוֹם וּצְבָעוֹ שָׁחוֹר, שָׁחוֹר וּצְבָעוֹ אָדוֹם, רַבִּי מֵאִיר אוֹמֵר, נוֹתֵן לוֹ דְּמֵי צַמְרוֹ. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, אִם הַשֶּׁבַח יָתֵר עַל הַיְצִיאָה, נוֹתֵן לוֹ אֶת הַיְצִיאָה, וְאִם הַיְצִיאָה יְתֵרָה עַל הַשֶּׁבַח נוֹתֵן לוֹ אֶת הַשֶּׁבַח:

ה הַגּוֹזֵל אֶת חֲבֵרוֹ שָׁוֶה פְרוּטָה וְנִשְׁבַּע לוֹ, יוֹלִיכֶנּוּ אַחֲרָיו אֲפִלּוּ לְמָדַי. לֹא יִתֵּן לֹא לִבְנוֹ וְלֹא לִשְׁלוּחוֹ,

אים געבן (נור) די אויסגאבן (די פארבן־קאסטן), און אויב די פארבעסערונג (שבח, דער מער־באטרעף פון וואל) איז ווינציקער פון די (פארבן־) קאָסטן, זאָל ער איס געבן די פארבעסערונג (וויפיל עס באטרעפט די פארבעסערונג). **למשל אויב די וואָל ניט־געפארבט האָט באטראָפן 10 גילדן, און נאָכדעם ווי זי איז געוואָרן שלעכט געפארבט האָט זי באטראָפן 15 גילדן, איז די פארבעסערונג (שבח) 5 גילדן. איז דער דין אזוי. אויב די פארבן־קאָסטן האָבן באטראָפן 3 גילדן, גיט דער וואָל־בעל הבית דעם פאר־בער די 3 גילדן, און אויב די פארבן־קאָסטן האָבן באטראָפן 7 גילדן, גיט ער איס נור 5 גילדן, וויפיל די פארבעסערונג באטרעפט. עס הייסט, אז די ברירה, דאָס אויס־קלויבן צווישן צאָלן די פארבן־קאָסטן און דער פארבעסערונג, געהערט צום וואָל־בעל הבית, ווייל דער בעל מלאכה האָט קאליע געמאכט בכוונה. „כאור“ זאָל זיין אזוי ווי „כעור“, מיאוס.** לצבוע, אויב (ער האָט אים געגעבן וואָל) צו פארבן אויף רויט און ער האָט זי געפארבט שווארץ, אָדער (ער האָט אים געגעבן צו פארבן) שווארץ און ער האָט זי געפארבט רויט, זאָגט ר׳ מאיר אז ער (דער פארבער) דארף אים באצאָלן דאָס געלט פאר דער וואָל. **און דער פארבער נעמט צו די וואָל. אָבער דער וואָל־בעל הבית אויב ער וויל קאָן באצאָלן דעם פארבער זיין באלוינונג און צונעמען די געפארבטע וואָל.** ר׳ יהודה זאָגט, אויב די פארבעסערונג (שבח) איז מער פון די (פארבן־) אויס־גאבן, גיט ער איס די אויסגאבן, און אויב די אויסגאבן זענען מער פון דער פאַרבע־סערונג, גיט ער איס די פארבעסערונג. **ר׳ יהודה האלט אז אויך דאָ איז דער דין ווי פריער אין דער הלכה ביים פארבן מיט שלעכטע פארבן. ר׳ מאיר אָבער האלט, אז ביים פארבן מיט אן אנדערער פארב האָט דער פארבער קונה געווען די וואָל דורך דער ענדערונג (שינוי).**

ה. הגוזל, אז איינער גזלט פון אן אנדערן דעם ווערט פון א פרוטה און (ווען יענער האָט געמאָנט) האָט ער (דער גזלן) אים געשוואוירן (אז ער האָט ניט געגזלט), דארף ער אים אוועקפירן (די גזלה) אפילו קיין מדי. **דער גזלן קאָן ניט באקומען קיין כפרה, קיין פארגעבונג פאר זיין עבירה, סיידן ער זאָל אליין אוועקפירן די גזילה צום נגזל, צום מענטש, ביי וועלכן ער האָט געגזלט, אפילו דער נגזל געפינט זיך אין א ווייט לאנד; מדי (א טייל פון פערסיע) איז זייער ווייט פון ארץ ישראל, וואו די משנה איז געלערנט געוואָרן. דער טעם איז, ווייל ביים שווערן פאלש אויף א גזילה זאָגט די תורה (ויקרא ה׳) „לאשר הוא לו יתננו“, ער זאָל עס אליין אָפגעבן צו דעם, צו וועמען די גזילה־זאך געהערט.** לא יתן, ער זאָל (די גזלה) ניט געבן (אוועקצופירן) ניט צו זיין זון און ניט צו זיין שליח; אָבער ער קאָן זי געבן אוועקצופירן צום שליח פון בית דין. **אויב דאָס בית דין מאכט א שליח, קאָן ער זי יאָ געבן צו אים. דאָס איז געמאכט געוואָרן א תקנה פאר גזלנים, וועלכע ווילן תשובה טאָן, צו פארלייכטערן זיי, אז זיי זאָלן ניט דארפן אויסגעבן א סך הוצאות אויף אָפצוגעבן א קליינע גזילה.** ואם מת, און אויב ער (דער נגזל, ביי וועמען דער גזלן האָט געגזלט) איז געשטאָרבן, זאָל ער (דער גזלן) אָפגעבן (די גזילה) צו זיינע יורשים. **דער תוספות יום טוב זאָגט, אז די משנה לערנט, אז אויך צו די יורשים דארף ער אוועקפירן אפילו אין א ווייטן לאנד. — א פרוטה איז זייער א קליינע מטבע; 196 פרוטות איז איין דינר, איין גילדן.**

אֲבָל נוֹתֵן לִשְׁלִיחַ בֵּית דִּין, וְאִם מֵת יַחֲזִיר לְיוֹרְשָׁיו: ו נָתַן לוֹ אֶת הַקֶּרֶן וְלֹא נָתַן לוֹ אֶת הַחוֹמֶשׁ, מָחַל לוֹ עַל הַקֶּרֶן וְלֹא מָחַל לוֹ עַל הַחוֹמֶשׁ, מָחַל לוֹ עַל זֶה וְעַל זֶה, חוּץ מִפָּחוֹת מִשְּׁוֵה פְרוּטָה בַקֶּרֶן אֵינוֹ צָרִיךְ לֵילֵךְ אַחֲרָיו. נָתַן לוֹ אֶת הַחוֹמֶשׁ וְלֹא נָתַן לוֹ אֶת הַקֶּרֶן, מָחַל לוֹ עַל הַחוֹמֶשׁ וְלֹא מָחַל לוֹ עַל הַקֶּרֶן, מָחַל לוֹ עַל זֶה וְעַל זֶה חוּץ מִשְּׁוֵה פְרוּטָה בַקֶּרֶן, צָרִיךְ לֵילֵךְ אַחֲרָיו: ז נָתַן לוֹ אֶת הַקֶּרֶן וְנִשְׁבַּע לוֹ עַל הַחוֹמֶשׁ, הֲרֵי זֶה מְשַׁלֵּם חוֹמֶשׁ עַל חוֹמֶשׁ, עַד שֶׁיִּתְמַעֵט הַקֶּרֶן פָּחוֹת

ו. נתן לו, אויב ער (דער גזלן) האָט באַצאָלט (דעם נגזל) דעם קרן (וויפיל די גזילה באַטרעפט) אָבער ער האָט אים ניט באַצאָלט דאָס פיפטל (דעם חומש), אָדער ער (דער נגזל) האָט מוחל געווען דעם גזלן דעם קרן אָבער נישט דעם פיפטל, אָדער ער האָט אים מוחל געווען (געשאָנקן) דעם (קרן) און אויך דאָס (פיפטל) א חוץ פון ווינציקער פון דעם ווערט פון א פרוטה פון קרן, דאַרף ער ניט נאָכגיין נאָך אים (אָפּצוגעבן). **כדי צו פאַרשטיין די משנה און אויך די ווייטערדיקע משנות אין דאַזיקן פּרק וועלן מיר דאָ געבן א דערקלערונג. דער דין איז, אז אויב ראובן (דער גזלן) האָט צוגעגזלט ביי שמעון (דעם נגזל) א זאַך און ראובן האָט געשוואוירן (פאַלש) צו שמעונען אז ער האָט ביי אים ניט צוגעגזלט, און ראובן האָט זיך מודה געווען, דאַרף ראובן צאָלן שמעונען וויפיל די זאַך באַטרעפט, דאָס הייסט „קרן", און דאַרף אים נאָך צוגעבן א פערטל פון דער ווערט פון דער זאַך; דאָס הייסט „חומש", א „פיפטל", ווייל צוזאַמען מיט די 4 פערטלעך פון קרן איז עס 5 פערטלעך. א חוץ דעם דאַרף ראובן אויך ברענגען א קרבן אין בית המקדש, א „אשם" (דאָס הייסט אשם גזילות) א ווידער (איל, א שעפּס א זכר עלטער פון איין יאָר און 30 טעג). אָבער דאָס איז נור אז די זאַך האָט די ווערט לפּחות איין פּרוטה. זאָגט די משנה אז דער דין פון דער פריערדיקער משנה ה', אז דער גזלן דאַרף אוועקפירן די גזילה צום נגזל איז נור בנוגע דעם קרן. אויב אָבער דער גזלן האָט דעם נגזל שוין געהאַט באַצאָלט דעם קרן, אָבער ער האָט אים ניט באַצאָלט דאָס פיפטל (דעם „חומש") אָדער דער נגזל האָט אים מוחל געווען (געשאָנקן) דעם קרן אָבער ניט דעם חומש, אָדער אפילו ער איז אים נאָך שולדיק געבליבן פון קרן ווינציקער פון איין פּרוטה, דאַרף ער אים ניט אוועקפירן, ווייל דאָס „פיפטל" אָדער ווינציקער פון א פּרוטה פון קרן דאַרף דער נגזל קומען צום גזלן אפּצונעמען.** נתן לו את החומש, אויב ער (דער גזלן) האָט אים באַצאָלט דאָס פיפטל, אָבער ער האָט אים ניט באַצאָלט דעם קרן, אָדער ער (דער נגזל) האָט אים מוחל געווען (געשאָנקן) דאָס פיפטל אָבער ער האָט אים ניט מוחל געווען דעם קרן, אָדער ער האָט אים מוחל געווען דעם (פיפטל) און דעם (קרן) א חוץ פון דעם ווערט פון א פרוטה פון קרן, דאַרף ער נאָכגיין נאָך אים. **דאָס איז דער דין, אז אפילו איין פּרוטה פון קרן דאַרף ער אים נאָכפירן אין דעם ווייטן לאַנד.**

ז. אויב ער (דער גזלן) האָט אים באַצאָלט דעם קרן און ער האָט געשוואוירן (פאַלש) אז ער האָט אים שוין באַצאָלט דאָס פיפטל, דאַרף ער צוצאָלן א פיפטל פון דעם פיפטל. **ווייל דאָס פיפטל איז געוואָרן אזוי ווי דער קרן און עס הייסט אז ער האָט אים צוגעגזלט און פאַלש געשוואוירן.** עד שיתמעט, ביז דער קרן ווערט ווינציקער פון דעם ווערט פון א פרוטה. די משנה מיינט אזוי. **אויב ראובן האָט געגזלט ביי שמעון 32 פּרוטות, און ער האָט געלייקנט און געשוואוירן פאַלש און זיך מודה געווען, דאַרף ער באַצאָלן די 32 פּרוטות קרן, און דערצו נאָך 8 פּרוטות חומש (פיפטל). אויב ראובן האָט באַצאָלט די 32 פּרוטות און האָט געשוואוירן פאַלש אז ער האָט שוין באַצאָלט די 8 פּרוטות און דערנאָך זיך מודה געווען, דאַרף ער באַצאָלן אויך אויף די 8 פּרוטות נאָך 2 פּרוטות, א „חומש פון חומש", א „פיפטל פון פיפטל"**

מִשָּׁוֶה פְּרוּטָה. וְכֵן בְּפִקָּדוֹן שֶׁנֶּאֱמַר בְּפִקָּדוֹן אוֹ בִתְשׂוּמֶת יָד אוֹ בְגָזֵל, אוֹ עָשַׁק אֶת עֲמִיתוֹ. אוֹ מָצָא אֲבֵדָה וְכִחֶשׁ בָּהּ וְנִשְׁבַּע עַל שָׁקֶר. הֲרֵי זֶה מְשַׁלֵּם קֶרֶן וְחוֹמֶשׁ וְאָשָׁם: **ח** הֵיכָן פִּקְדוֹנִי? אָמַר לוֹ אָבַד. מַשְׁבִּיעֲךָ אֲנִי, וְאָמַר אָמֵן. וְהָעֵדִים מְעִידִין אוֹתוֹ שֶׁאֲכָלוֹ. מְשַׁלֵּם קֶרֶן. הוֹדָה מֵעַצְמוֹ. מְשַׁלֵּם קֶרֶן וְחוֹמֶשׁ וְאָשָׁם. הֵיכָן פִּקְדוֹנִי? אָמַר לוֹ נִגְנַב. מַשְׁבִּיעֲךָ אֲנִי, וְאָמַר אָמֵן. וְהָעֵדִים מְעִידִין אוֹתוֹ שֶׁגְּנָבוֹ. מְשַׁלֵּם תַּשְׁלוּמֵי

(ווי מיר האָבן פריער דערקלערט מיינט עס א פירטל). **אויב ער האָט געלייקענט און געשוואוירן פאַלש אויף די 2 פרוטות, דאַרף ער צו־צאָלן אויך א פיפטל פון די 2 פרוטות, דאָס הייסט א האַלבע פרוטה חומש. אָבער אויב ער האָט געלייקנט און געשוואוירן פאַלש אויף דער האַלבער פרוטה דאַרף ער שוין קיין פיפטל מער ניט צאָלן, ווייל עס איז ווינציקער פון א פרוטה.** — וכן, און אזוי (דאַרף מען אויך באַצאָלן דעם קרן און דאָספיפטל ווען מען לייקנט און מען שווערט פאַלש) ביי א פיקדון. **אויב שמעון האָט געגעבן ראובנען א זאַך צו באַהאַלטן, א פיקדון, און דערנאָך האָט ראובן געשוואוירן אז ער האָט ניט באַקומען דעם פיקדון, און דערנאָך האָט ער זיך מודה געווען, דאַרף ער אויך צאָלן דעם קרן און דאָס פיפטל און ברענגען דעם קרבן אשם.** שנאמר, וואַרום עס ווערט געזאָגט (ויקרא ה׳) „בפקדון או בתשומת יד או בגזל או עשק את עמיתו או מצא אבידה וכחש בה ונשבע על שקר", „ביי (פאַרלייקענען) א פיקדון, אָדער געבאָרגט געלט (תשומת יד, הלואה), אָדער א גזילה, אָדער דאָס ניט באַצאָלן אן אַרבייטער זיין באַלוינונג (עשק את עמיתו) אָדער ביים געפינען א פאַרלוירענע זאַך און לייקענען אין דעם, און שווערן פאַלש", דאַרף מען באַצאָלן דעם קרן און דאָס פיפטל און (ברענגען) דעם (קרבן) אשם. **דער פסוק לערנט אונז אז ניט נור ביי א גזילה, נאָר ביים פאַרהאַלטן א זאַך וואָס געהערט צו אן אנדערן און שווערן אז מען האָט זי ניט און מען איז זיך דערנאָך מודה דאַרף מען באַצאָלן דעם קרן און דאָס פיפטל און ברענגען דעם קרבן אשם. איצט גיט די משנה א ביישפיל דערצו:** היכן, (אויב שמעון זאָגט צו ראובנען): „וואו איז מיין פקדון (די זאַך וואָס איך האָב דיר געגעבן צו באַהאַלטן)?" זאָגט ער (ראובן) צו אים (צו שמעונען): „ער (דער פקדון) איז פאַרלוירן געוואָרן". (זאָגט שמעון צו ראובנען): „איך באַשווער דיך", און ער (ראובן) זאָגט: „אמן" (און „אָמן" זאָגן נאָך אַ שבועה הייסט ווי אליין געשוואוירן) און עדות זאָגן עדות, אז ער (ראובן) האָט אים (דעם פקדון) אויפגעגעסן, באַצאָלט ער (בלויז) קרן; (אויב אָבער עס זענען ניטאָ קיין עדות נאָר) ער (ראובן) האָט זיך אליין מודה געווען (אז ער האָט אים אויפגעגעסן) באַצאָלט ער דעם קרן און דאָס פיפטל און (ער ברענגט דעם קרבן) אשם. **מען לערנט עס אָפּ פון במדבר ה׳ (ביים גזלנען א זאַך פון א גר) וואו עס איז פאַראַן דאָס וואָרט „והתודה", אז נאָר ווען מען איז זיך אליין מודה באַצאָלט מען א חוץ דעם קרן אויך דאָס פיפטל און מען ברענגט דעם קרבן אשם.**

ח. היכן, (אויב שמעון זאָגט צו ראובן): „וואו איז מיין פיקדון?" (און) ער ענטפערט אים: „ער איז געוואָרן צוגעגנבעט", (זאָגט צו אים שמעון): „איך באַשווער דיך", און ער (ראובן) זאָגט: „אמן", און עדות זאָגן עדות אז ער (ראובן אליין) האָט אים צוגעגנבעט, דאַרף ער באַצאָלן כפל (טאָפּלט וויפיל די זאַך באַטרעפט). **דאָס איז דער דין אז „הטוען טענת גנב", אז איינער וועלכער האָט גענומען א זאַך צו באַהאַלטן טענהט אז מען האָט עס צוגעגנבעט, און אין דער אמת האָט ער עס אליין צוגענומען, דאַרף ער באַצאָלן כפל** (וועגן כפל זע פריער פרק ז׳ משנה א׳). הודה מעצמו, אויב ער (ראובן) האָט זיך אליין מודה געווען (אז ער האָט צוגעגנבעט) באַצאָלט ער דעם קרן, דאָס פיפטל און (ברענגט א קרבן) אשם. **ווען מען איז זיך אליין מודה אין גנבה צאָלט מען ניט קיין כפל, ווייל די תורה (שמות כב) זאָגט „אשר ירשיעון**

כֶּפֶל. הוֹדָה מֵעַצְמוֹ, מְשַׁלֵּם קֶרֶן וְחוֹמֶשׁ וְאָשָׁם: **ט** הַגּוֹזֵל אֶת אָבִיו וְנִשְׁבַּע לוֹ, וּמֵת, הֲרֵי זֶה מְשַׁלֵּם קֶרֶן וְחוֹמֶשׁ (וְאָשָׁם) לְבָנָיו אוֹ לְאֶחָיו. וְאִם אֵינוֹ רוֹצֶה אוֹ שֶׁאֵין לוֹ, לֹוֶה, וּבַעֲלֵי הַחוֹב בָּאִים וְנִפְרָעִים:

**י** הָאוֹמֵר לִבְנוֹ קוֹנָם אִי אַתָּה נֶהֱנֶה מִשֶּׁלִּי, אִם מֵת יִרָשֶׁנּוּ. בְּחַיָּיו וּבְמוֹתוֹ, אִם מֵת לֹא יִרָשֶׁנּוּ, וְיַחֲזִיר לְבָנָיו אוֹ לְאֶחָיו. וְאִם אֵין לוֹ, לֹוֶה וּבַעֲלֵי חוֹב בָּאִים וְנִפְרָעִים: **יא** הַגּוֹזֵל אֶת הַגֵּר וְנִשְׁבַּע לוֹ, וּמֵת, הֲרֵי זֶה מְשַׁלֵּם

**אלהים", וואס דאס בית דין וועט אים באשולדיקן, אבער ניט ווען איינער באשול־דיקט זיך אליין (פרט למרשיע את עצמו). זע פריער פרק ז' משנה ד' וועגן „מודה בקנס".**

ט. הגוזל, אז איינער (ראובן) האט געגזלט (א זאך) ביי זיין פאטער, און ער האט אים געשוואוירן (אז ער האט ניט געגזלט), און ער (דער פאטער) איז געשטארבן, דארף ער (ראובן) באצאלן דעם קרן און דאס פיפטל צו זיינע קינדער אדער צו זיינע ברידער. **רשי טייטשט צו די קינדער פון זיין פאטער אדער צו די ברידער פון זיין פאטער. תוספות און דער ברטנורא טייטשן צו זיינע (ראובנ'ס) קינדער אדער צו זיינע (ראובנ'ס) ברידער. ראובן טאר עס ניט פארהאלטן ביי זיך, אפילו ניט זיין אייגענעם חלק ירושה וואס ער האט אין דער געגזלטער זאך, ווייל ער דארף מקיים זיין די מצוה פון השבת הגזילה, צוריקצוגעבן די גזילה (ויקרא ה' „והשיב את הגזלה אשר גזל). איין גירסא האט אויך „ואשם", און דעם אשם, און מען מיינט, אז ער דארף אויך ברענגען א קרבן אשם.** — ואם אינו, און אויב ער וויל ניט (היזק האבן זיין חלק) אדער ער האט ניט (ער איז אן ארימאן און קאן ניט זיך אפזאגן פון זיין חלק), בארגט ער (געלט ביי אנדערע) און די ביי וועלכע ער האט געבארגט געלט קומען און נעמען אפ. **דאס הייסט, זיי נעמען אפ פון זיין חלק, וואס ער האט אוועקגעגעבן צו די זיין אדער צו די ברידער. אדער ווען ער גיט אפ צו די געלט־בארגער דארף ער זיי זאגן, אז דאס איז א גזלה וואס איך האב געגזלט ביי מיין פאטער, כדי ער זאל דערמיט מקיים זיין די מצוה פון השבת גזלה.**

י. האומר, אז איינער זאגט צו זיין זון: „קונם, איך אסר אויף דיר מיט א נדר אז דו זאלסט ניט הנאה האבן פון מיר", איז אויב ער (דער פאטער) איז געשטארבן, מעג ער (דער זון) אים ירשענען ווייל **דער פאטער האט גאסרט זיין פארמעגן נור ווען ער לעבט און עס געהערט צו אים, וועגן „קונם", אסרן דורך א נדר, זע אין דער הקדמה צו מסכתא נדרים.** בחייו, (אויב אבער ער האט אים געאסרט מיט א (נדר) סיי ביי זיין (פאטער'ס לעבן) סיי נאך זיין טויט, איז אפילו ער איז געשטארבן, טאר אים (דער זון) ניט ירשענען, און ער זאל אוועקגעבן (זיין חלק, ויחזיר, „און ער זאל צוריקגעבן", אוועקגעבן) צו זיינע זין אדער צו זיינע ברידער; און אויב ער האט ניט (וואס צו עסן), בארגט ער און די געלט־בארגער קומען און נעמען אפ (פון זיין חלק ירושה). **און דאס הייסט ניט „הנאה געהאט", ווייל מיר לערנען אין נדרים פרק ד' משנה ב' אז אויב איינער האט געאסרט זיין פריינט הנאה צו האבן פון אים, מעג ער צאלן זיינע חובות. די משנה לערנט דא דעם דין ווייל ער איז דערזעלבער וואס פריער וועגן גזלענען ביים פאטער און די געלט־בארגער נעמען אפ.**

יא. הגוזל, אז איינער האט געגזלט (א זאך) ביי א גר (א גוי וואס האט זיך מגייר געווען, און ער האט ניט געהאט קיין קינדער זינט ער איז געווארן א ייד) און ער האט אים געשוואוירן (פאלש, אז ער האט ביי אים ניט געגזלט), און ער (דער גר) איז געשטארבן (און ער האט ניט קיין יורשים, ווייל זיינע קרובים פון דער צייט ווען ער איז געווען א גוי הייסן ניט קיין קרובים), דארף ער באצאלן דעם קרן און דאס פיפטל צו די כהנים און דעם (קרבן) אשם (ברענגט ער מקריב צו זיין אין בית

קֶרֶן וְחוֹמֶשׁ לַכֹּהֲנִים וְאָשָׁם לַמִּזְבֵּחַ, שֶׁנֶּאֱמַר וְאִם אֵין לָאִישׁ גּוֹאֵל לְהָשִׁיב הָאָשָׁם אֵלָיו הָאָשָׁם הַמּוּשָׁב לַה׳ לַכֹּהֵן מִלְּבַד אֵיל הַכִּפּוּרִים אֲשֶׁר יְכַפֶּר בּוֹ עָלָיו. הָיָה מַעֲלֶה אֶת הַכֶּסֶף וְאֶת הָאָשָׁם וּמֵת, הַכֶּסֶף יִנָּתֵן לְבָנָיו, וְהָאָשָׁם יִרְעֶה עַד שֶׁיִּסְתָּאֵב, וְיִמָּכֵר וְיִפְּלוּ דָמָיו לִנְדָבָה: **יב** נָתַן הַכֶּסֶף לְאַנְשֵׁי מִשְׁמָר וּמֵת, אֵין הַיּוֹרְשִׁין יְכוֹלִין לְהוֹצִיא מִיָּדָם שֶׁנֶּאֱמַר אִישׁ אֲשֶׁר יִתֵּן לַכֹּהֵן לוֹ יִהְיֶה. נָתַן הַכֶּסֶף לִיהוֹיָרִיב וְאָשָׁם

המקדש) אויפן מזבח. אז א ייד שטארבט אָן קינדער, האָט ער אנדערע קרובים וועלכע **ירשענען אים, ברידער, פאָטערס ברידער און זייערע קינדער, און אזוי כסדר, ווייל יעדער ייד שטאמט דאָך פון יעקב אבינו. אָבער א גר, ווען ער שטארבט און ער האָט ניט איבערגעלאָזט קיין קינדער וואָס ער זאָל האָבן געבוירן ווען ער איז שוין געווען א ייד, האָט ער ניט קיין יורשים. די קרובים פון דער גויאישער צייט רעכנען זיך ניט פאר קיין קרובים. לערנט די משנה אז „גזל הגר" דארף מען אָפּגעבן צו די כהנים, און די משנה לערנט עס אָפּ:** שנאמר, ווארום עס ווערט געזאָגט (במדבר ה׳) „ואם אין לאיש גואל להשיב האשם אליו, האשם המושב לה׳ לכהן מלבד איל הכפורים אשר יכפר בו עליו", „און אויב דער מענטש (דער נגזל) האָט ניט קיין אויסלייזער (גואל, א יורש) אָפּצוגעבן אים די גזלה (אשם, די שולד, דאָס געגזלטע) זאָל די צוריקגעקערטע גזלה (געהערן) צו גאָט צום כהן, א חוץ דעם (קרבן) ווידער (דעם „איל") פון פארגעבונג, וואָס מיט אים וועט אים ווערן פארגעבן" **די חכמים האָבן איינגעטייטשט אז דאָס מיינט מען נור ביי גזל הגר, וועלכער האָט ניט קיין יורשים. מיט „אשם" דאָ אין פסוק מיינט מען די גזלה, דעם קרן און דאָס פיפטל, און מען דארף עס געבן צו די כהנים. די משנה וועט ווייטער אין משנה י״ב לערנען אז מען דארף עס געבן צו די כהנים אין ירושלים.** היה מעלה, אויב ער (דער גזלן) האָט ארויפגעפירט קיין ירושלים) דאָס געלט (דעם קרן און דאָס פיפטל צו געבן די כהנים) און דעם (איל, ווידער אלס קרבן )אשם, און ער איז געשטאָרבן, זאָל מען דאָס געלט געבן צו זיינע (דעם גזלנ׳ס) קינדער, און דער ווידער אשם זאָל זיך פאשן ביז ער וועט באקומען א פעלער (עד שיסתאב) און מען וועט אים פארקויפן און זיין געלט זאָל גיין (אין בית המקדש) פאר נדבה (צו קויפן דערפאר א קרבן עולה און מקריב זיין אויפן מזבח). **ווען דער גזלן איז געשטאָרבן, און דאָס געלט איז דאָך פון דער גזלה פון גר, גיט מען דאָס געלט דעם גזלנ׳ס קינדער, ווייל ער איז דאָך ניטאָ מער מקיים צו זיין די מצוה פון השבה, כדי ער זאָל האָבן א כפרה. ווערן דעם ווידער אלס קרבן אשם איז דער דין אז אויב דער בעל הבית פון אן אשם שטארבט, לאָזט מען דעם ווידער פאשן זיך ביז ער באקומט א מום, און ערשט דאמאָלס קאָן מען אים פארקויפן (א בהמה פון הקדש אָן א מום קאָן מען ניט פארקויפן). ווערן „נדבה" זע מסכתא שקלים פרק ו׳ משנה ה׳.**

יב. נתן, אויב ער (דער גזלן פון א גר) האָט געגעבן דאָס געלט צו די מענטשן (כהנים) פון משמר, און ער איז געשטאָרבן (איידער ער האָט געברענגט דעם קרבן אשם) קאָנען (זיינע) יורשים ניט צוריק אָפּנעמען (דאָס געלט) פון זיי (פון די כהנים), ווארום עס ווערט געזאָגט (במדבר ה׳) „איש אשר יתן לכהן לו יהיה", דער מענטש, וואָס ער וועט געבן צום כהן, זאָל זיין זיינס (דעם כהנס)". **ווען דאָס בית המקדש איז געשטאַנען זענען אלע כהנים אין ארץ ישראל געווען איינגעטיילט אין 24 משמרות, אָפּטיילונגען, און יעדע וואָך איז אן אנדערער משמר פון כהנים געקו־מען קיין ירושלים און מקריב געווען די קרבנות און געטאָן אלע עבודות אין בית המקדש. יעדער משמר כהנים האָט געהאט א נאָמען, דער ערשטער משמר האָט גע־הייסן „יהויריב", דער צווייטער „ידעיה", און אזוי כסדר (פרטים וועגן די משמרות כהנים זע מסכתא תענית פרק ד׳ משנה ב׳). לערנט דאָ די משנה, אז דעם קרן און**

לִידַעְיָה יָצָא. אָשָׁם לִיהוֹיָרִיב וְכֶסֶף לִידַעְיָה, אִם קַיָּם הָאָשָׁם, יַקְרִיבוּהוּ בְּנֵי יְדַעְיָה, וְאִם לֹא, יַחֲזִיר וְיָבִיא אָשָׁם אַחֵר. שֶׁהַמֵּבִיא גְזֵלוֹ עַד שֶׁלֹּא הֵבִיא אֲשָׁמוֹ, יָצָא הֵבִיא אֲשָׁמוֹ עַד שֶׁלֹּא הֵבִיא גְזֵלוֹ, לֹא יָצָא. נָתַן אֶת הַקֶּרֶן וְלֹא נָתַן לוֹ אֶת הַחוֹמֶשׁ, אֵין הַחוֹמֶשׁ מְעַכֵּב:

# פרק י

**א** הַגּוֹזֵל וּמַאֲכִיל אֶת בָּנָיו, וְהִנִּיחַ לִפְנֵיהֶם פְּטוּרִין מִלְּשַׁלֵּם. וְאִם הָיָה

**דאָס פּיפטל (דאָס געלט פון גזל הגר) דארף מען געבן צו די כהנים פון דעם משמר וואָס טוט די עבודה יענע וואָך ווען דער גזלן־בעל־תשובה קומט קיין ירושלים.** נתן הכסף, אויב ער האָט (צוערשט) געגעבן דאָס געלט צו (די כהנים פון משמר) יהויריב (ווייל עס איז דאמאָלס געווען זייער וואָך) און (דערנאָך, אין דער אנדערער וואָך, האָט ער געגעבן) דעם קרבן אשם צו (די כהנים פון משמר) ידעיה (מקריב צו זיין), האָט ער יוצא געווען. **ווייל דער דין איז, אז ווען ער באצאָלט די גזלה (דעם קרן און דאָס פּיפטל) איידער ער האָט געבראַכט דעם קרבן אשם האָט ער יוצא געווען, ער האָט מקיים געווען די מצוה פון השבת הגזלה.** אשם ליהויריב, (אויב ער האָט צוערשט געגעבן דעם קרבן אשם צו (די כהנים פון משמר) יהויריב, און (דערנאָך האָט ער געגעבן) דאָס געלט צו (די כהנים פון משמר) ידעיה, איז אויב דער אשם (דער ווידער) לעבט נאָך, זאָלן אים מקריב זיין די זין (די כהנים) פון ידעיה, און אויב ניט זאָל ער ברענגען אן אנדערן (ווידער אלס קרבן) אשם (און ער איז ניט יוצא מיט דעם אשם וואָס ער האָט געבראַכט איידער ער האָט באצאָלט דאָס גזילה־געלט), ווייל אז איינער ברענגט זיין גזלה־געלט איידער ער ברענגט זיין (קרבן) אשם האָט ער יוצא געווען, און אויב ער האָט געבראַכט זיין (קרבן) אשם איידער ער האָט געבראַכט זיין גזילה־געלט, האָט ער ניט יוצא געווען. **דאָס ווערט אָפּגעלערנט פון פּסוק במדבר ה׳ וואו צוערשט איז פאראן „האשם אליו״, דאָס גזילה־געלט, און דערנאָך דער „איל הכפורים״, דער קרבן אשם (זע פריער משנה יא).** נתן, אויב ער האָט געגעבן (צו די כהנים) דעם קרן און ער האָט ניט געגעבן דאָס פּיפטל, איז עס ניט מעכב (עס פאַרהאַלט ניט). **ער קאָן ברענגען דעם קרבן אשם כאָטש ער האָט נאָכניט באצאָלט דאָס פּיפטל, אָבער ער דארף שפּעטער באצאָלן דעם חומש (אזוי זאָגט דער רמבם).**

## פרק י.

א. הגוזל, אז איינער גזלט און גיט (פון דער גזילה) צו עסן זיינע קינדער, אָדער ער האָט איבערגעלאָזט די גזילה פאר זיי (און ער איז געשטאָרבן און די קינדער האָבן זי נאָכן פאַטערס טויט אויפגעגעסן), זיינען זיי פטור צו באצאָלן. **ווייל בנוגע זיי הייסט עס א חוב, מחמת זיי האָבן דאָך ניט געגזלט, און ס׳איז א דין (אין דער צייט פון דער גמרא) אז פון מטלטלין (באוועגליכע זאכן) פון יתומים האָט מען ניט געקאָנט אָפּנעמען פאר חוב. אויב אָבער די גזילה־זאך איז פאראן דארפן זיי זי אָפּגעבן.** ואם היה, און אויב עס איז געווען (אויב דער פאָטער האָט זיי איבערגעלאָזט) א זאך וואָס טראָגט פאראנטוואָרטליכקייט (נכסים פון אחריות, אומבאוועגליכע פארמעגנס, פעלדער, הייזער) זענען זיי מחויב צו באצאָלן. **אזוי טייטשט די גמרא די משנה. די גאונים האָבן מתקן געווען, אז אויך פון מטלטלין פון יתומים קאָן מען אָפּנעמען א חוב און דאריבער קאָן מען יאָ אָפּמאָנען פון די ירושה־זאכן פון די יתומים.** אין פורטין, מען טאָרניט אויסטוישן (גרויס געלט אויף קליין געלט) פון דער קאסע (תיבת, דעם קאסטן) פון שטייערן־באאמטע (מוכסין), און אויך נישט פון בייטל פון די שטייערן־אויפמאָנער (גבאים). **אין דער צייט פון דער משנה האָט אין ארץ ישראל געהערשט די רוימישע רעגירונג, וועלכע האָט שטארק געדריקט די יידן**

דָּבָר שֶׁיֵּשׁ בּוֹ אַחֲרָיוּת, חַיָּבִין לְשַׁלֵּם. אֵין פּוֹרְטִין לֹא מִתֵּבַת הַמּוֹכְסִין, וְלֹא מִכִּיס שֶׁל גַּבָּאִין, וְאֵין נוֹטְלִין מֵהֶם צְדָקָה, אֲבָל נוֹטֵל הוּא מִתּוֹךְ בֵּיתוֹ, אוֹ מִן הַשּׁוּק: **ב** נָטְלוּ מוֹכְסִין אֶת חֲמוֹרוֹ, וְנָתְנוּ לוֹ חֲמוֹר אַחֵר, גָּזְלוּ לִסְטִים אֶת כְּסוּתוֹ וְנָתְנוּ לוֹ כְסוּת אַחֶרֶת, הֲרֵי אֵלּוּ שֶׁלּוֹ, מִפְּנֵי שֶׁהַבְּעָלִים מִתְיָאֲשִׁין מֵהֶן. הַמַּצִּיל מִן הַנָּהָר, אוֹ מִן הַגַּיִס, אוֹ מִן הַלִּסְטִים, אִם נִתְיָאֲשׁוּ הַבְּעָלִים הֲרֵי אֵלּוּ שֶׁלּוֹ. וְכֵן נְחִיל שֶׁל דְּבוֹרִים,

**מיט שטייערן (מכס), און די שטייערן־באאמטע האָבן גענומען סתם שטייערן וויפיל זיי האָבן געוואָלט, אָן גרעניץ (מוכס שאין לו קצבה). די חכמים האָבן זיי דאריבער באטראכט ווי גזלנים. דאָסזעלביקע איז געווען מיט די „גבאים״ (פון וואָרט „גבה״, נעמען), זיי פלעגן ארומגיין און אויפמאָנען קאָפּ־שטייערן. מחמת דעם איז ביי „מוכסין״, די באאמטע, וועלכע זענען געזעסן אויף אן אָרט, פאראן דאָס וואָרט „תיבה״, קאסטן, קאסע, און ביי „גבאים״, די ארומגייענדיקע אויפמאָנער איז פאראן „כיס״, בייטל. זאָגט די משנה, אז מען טאָרניט ביי זיי טוישן קיין געלט, ווייל מען באטראכט זייער געלט ווי געגזלט געלט. דער ברטנורא זאָגט, אז היינט, ווען די שטייערן זיינען פעסטע לויט דעם געזעץ פון מלכות, איז ניט דאָס געלט קיין גזילה, און עס איז „דינא דמלכותא דינא״, דאָס געזעץ פון מלכות איז א געזעץ.** ואין, און מען טאָרניט נעמען פון זיי (פון די דאָזיקע שטייערן־באאמטע און פון די אויפמאָנער, קיין געלט) פאר צדקה. **ווייל דאָס געלט אין קאסטן און אין בייטל איז גזילה־געלט.** אָבל, אָבער מען מעג נעמען (צדקה פון דעם באאמטן און פון אויפמאָנער) פון זיין הויז אָדער פון דער גאַס. **אויב ער האָט געלט אין זיין הויז אָדער אין גאַס, מעג מען יאָ פון אים נעמען, און נור פון קאסטן און פון בייטל טאָר מען ניט ווייל דאָס איז פרעמד גזילה־געלט.**

ב. נטלו, אויב שטייערן־באאמטע האָבן צוגענומען ביי איינעם זיין אייזל און זיי האָבן אים געגעבן אן אנדער אייזל (וואָס זיי האָבן צוגענומען ביי אן אנדערן מענטש), אָדער רויבער (לסטים) האָבן צוגענומען זיין קלייד און זיי האָבן אים גע־געבן אן אנדער קלייד (וואָס זיי האָבן צוגענומען ביי אן אנדערן מענטש), זענען זיי (דאָס אייזל און דאָס קלייד) זיינס, ווייל די (פריערדיקע) בעל בתים (פון אייזל און פון קלייד) זענען זיך מייאש פון זיי. **און דער דין איז, אז אויב דער בעל הבית פון א זאך איז זיך מייאש דערפון (יאוש) און די זאך געפינט זיך ביי אן אנדערן (שי־נוי רשות), ווערט די זאך דעם אנדערנס.** המציל, אז איינער ראטעוועט זאכן פון א טייך (וואָס א טייך האָט זיי פארפלייצט) אָדער פון פיינטליכע מחנות (גייס, פיינטליכע זעלנער) אָדער פון רויבער, אויב די בעלי בתים (פון די זאכן) האָבן זיך מייאש גע־ווען (פון זיי), זענען זיי זיינע (זיי געהערן צו דעם וועלכער האָט זיי ארויסגעראטע־וועט). **ווייל די משנה זאָגט דאָ „אם נתיאשו הבעלים״, „אויב זיי האָבן זיך מייאש געווען״, ווערט געטייטשט, אז דאָס איז נור ווען מען הערט בפירוש ווי זיי זאָגן, אז זיי זענען זיך מייאש דערפון. דאָס וואָס פריער אין דער משנה ווערט געזאָגט אז ביי „לסטים״, רויבער, נעמט מען אָן אז די בעלי בתים האָבן זיך מייאש געווען אפילו מען הערט ניט ווי זיי זאָגן דאָס, ווערט דערקלערט, אז דאָס מיינט מען ביי יידישע רויבער וואָס גייען צו א יידישן בית דין, און ביי א יידישן געריכט פארלאנגט מען עדות, און עס איז שווער אָפּצומאָנען, אָבער דאָ מיינט מען גויאישע רויבער, און א גויאיש געריכט פסקנט־צו אָפּצונעמען אפילו אָן עדות. נאָר לויט דער אָפּשאצונג פון דעם מצב.** וכן, און אזוי איז אויך (ביי) א מחנה בינען (נחיל של דבורים) אויב (זיי זע־נען אוועק פון א בינשטאָק און זיי האָבן זיך איבערגעטראָגן אין אן אנדערנס פעלד, איז דער דין, אז אויב) זייער (פריעריקער בעל הבית) האָט זיך מייאש געווען

אִם נִתְיָאֲשׁוּ הַבְּעָלִים הֲרֵי אֵלּוּ שֶׁלּוֹ. אָמַר רַבִּי יוֹחָנָן בֶּן בְּרוֹקָא, נֶאֱמֶנֶת אִשָּׁה אוֹ קָטָן לוֹמַר, מִכָּאן יָצָא נְחִיל זֶה, וּמְהַלֵּךְ בְּתוֹךְ שְׂדֵה חֲבֵרוֹ לְהַצִּיל אֶת נְחִילוֹ, וְאִם הִזִּיק מְשַׁלֵּם מַה שֶּׁהִזִּיק. אֲבָל לֹא יָקוֹץ אֶת שׂוֹכוֹ עַל מְנָת לִתֵּן אֶת הַדָּמִים. רַבִּי יִשְׁמָעֵאל בְּנוֹ שֶׁל רַבִּי יוֹחָנָן בֶּן בְּרוֹקָא אוֹמֵר אַף קוֹצֵץ וְנוֹתֵן אֶת הַדָּמִים: ג הַמַּכִּיר כֵּלָיו וּסְפָרָיו בְּיַד אַחֵר וְיָצָא לוֹ שֵׁם גְּנֵבָה בָּעִיר, יִשָּׁבַע לוֹ לוֹקֵחַ כַּמָּה נָתַן וְיִטּוֹל, וְאִם לָאו לֹא כָּל הֵימֶנּוּ, שֶׁאֲנִי אוֹמֵר מְכָרָן לְאַחֵר וּלְקָחָן זֶה הֵימֶנּוּ: ד זֶה בָּא בְּחָבִיתוֹ שֶׁל יַיִן, וְזֶה בָּא בְּכַדּוֹ שֶׁל דְּבַשׁ. נִסְדְּקָה חָבִית שֶׁל דְּבַשׁ וְשָׁפַךְ זֶה

פון זיי, געהערן זיי צו אים (צום צווייטן בעל הבית). „נחיל״, **א מחנה בינען, געפינט זיך אין עטליכע ערטער אין משנה און גמרא, און אויך אין אראביש הייסט א בינען־מחנה „נחיל״, און די בין הייסט „נחל״.** אָמַר, האָט ר׳ יוחנן בן ברוקא געזאָגט, אז א פרוי און א קינד (קטן, א ניט־דערוואַקסענער) זענען באגלויבט צו זאָגן, אז פון דאנען איז ארויסגעגאנגען די דאָזיקע מחנה בינען. **כאָטש אין ס׳רוב סכסוכים פון געלט־זאכן זענען א פרוי א קינד ניט באגלויבט עדות צו זאָגן, אָבער דאָ (אויב דער בעל הבית יאָגט נאָך די בינען) זענען זיי באגלויבט.** והולך, און ער (דער בעל הבית פון דער מחנה בינען וועלכע זענען פון אים אנטלאָפן און זענען אריין אין אן אנדערנס פעלד) מעג אריינגיין אין דעם פעלד פון אנדערן כדי צו ראטעווען זיין בינען־מחנה; און אויב ער האָט געטאָן שאדן (אין פרעמדן פעלד) באצאָלט ער וואס ער האָט געטאָן שאדן; אָבער ער טאָר ניט אָפּהאקן דעם בוים־צווייג (אין דעם אנדערנס פעלד, אויף וועלכן די מחנה בינען האָט ארויפגעזעצט) (אפילו) מיטן תנאי צו באצאָלן דאָס געלט (פאר דעם צווייג). „שוכו״, **זיין צווייג, און מיר געפינען אין שופטים ט׳, מ״ח, „שוכת עצים״.** ר׳ ישמעאל דער זון פון ר׳ יוחנן בן ברוקא זאָגט, אז ער מעג אויך אָפּהאקן דעם צווייג און געבן דאָס געלט (דערפאר). **די גמרא ברענגט א ברייתא, אז ר׳ ישמעאל זאָגט, אז דאָס בית דין האָט איינגעפירט אז מען זאָל מעגן אָפּהאקן יענעמס צווייג כדי צו ראטעווען די בינען־מחנה, און אז דאָס איז א תקנה נאָך פון יהושע בן נון, ווען ער האָט איינגענומען ארץ ישראל און צעטיילט דאָס לאנד צווישן יידן.**

ג. המכיר, אז איינער (ראובן) דערקענט זיינע זאכן און זיינע ספרים ביי אן אנדערן (ביי שמעון), און עס איז געהאט פריער געווען א שם (א קלאנג) אין שטאָט אז מען האָט אים (ראובנען) באגנבעט, (און שמעון טענהט אז ער האָט די זאכן געקויפט) זאָל דער קויפער (שמעון) שווערן וויפיל ער האָט באצאָלט און ער (ראובן) זאָל אים געבן (דאָס געלט) און נעמען (די זאכן און די ספרים); און אויב ניט (אויב עס איז ניט געווען פריער דער גנבה־קלאנג אין שטאָט), איז ער (ראובן) ניט באגלויבט, ווייל מיר זאָגן, אז ער (ראובן) האָט זיי פארקויפט צו אן אנדערן (צו לוי), און דער דאָזיקער (שמעון) האָט זיי אָפּגעקויפט פון אים (פון לוי). **רשי און דער ברטנורא זאָגן דאָ, אז מען מיינט איידער ראובן האָט זיך מייאש געווען פון די זאכן און די ספרים, ווייל נאָכן מייאש זיין דארף שמעון זיי ניט צוריקגעבן אפילו עס איז געווען דער גנבה־קלאנג אין שטאָט.**

ד. זה בא, אויב איינער (ראובן) איז געגאנגען (און געטראָגן) זיין פאס מיט ווין און דער אנדערער (שמעון) איז געגאנגען (און געטראָגן) זיין קרוג מיט האָניק, און עס איז צעשפאלטן געוואָרן די פאס (קרוג) מיט האָניק, און דער (ראובן) האָט אויסגעגאָסן זיין ווין, און געראַטעוועט (איבערגעגאָסן) דעם האָניק אינווייניק (אין זיין פאס וואס ער האָט אויסגעליידיקט פון ווין), קומט אים ניט מער ווי זיין באלוינונג. **שמעון דארף אים באצאָלן נור אזוי פיל וויפיל מען באצאָלט פאר דער ארבייט און פאר נוצן די פאס; אָבער ער דארף אים ניט באצאָלן פאר דעם אויסגעגאָסענעם**

אֶת יֵינוֹ וְהִצִּיל אֶת הַדְּבַשׁ לְתוֹכָהּ, אֵין לוֹ אֶלָּא שְׂכָרוֹ. וְאִם אָמַר אַצִּיל אֶת שֶׁלְּךָ וְאַתָּה נוֹתֵן לִי דְּמֵי שֶׁלִּי, חַיָּב לִתֵּן לוֹ. שָׁטַף נָהָר חֲמוֹרוֹ וַחֲמוֹר חֲבֵרוֹ, שֶׁלּוֹ יָפֶה מָנֶה וְשֶׁל חֲבֵרוֹ מָאתַיִם, הִנִּיחַ זֶה אֶת שֶׁלּוֹ וְהִצִּיל אֶת שֶׁל חֲבֵרוֹ, אֵין לוֹ אֶלָּא שְׂכָרוֹ. וְאִם אָמַר לוֹ, אֲנִי אַצִּיל אֶת שֶׁלְּךָ וְאַתָּה נוֹתֵן לִי אֶת שֶׁלִּי, חַיָּב לִתֵּן לוֹ: ה הַגּוֹזֵל שָׂדֶה מֵחֲבֵרוֹ, וּנְטָלוּהוּ מַסִּיקִין, אִם מַכַּת מְדִינָה הִיא, אוֹמֵר לוֹ הֲרֵי שֶׁלְּךָ לְפָנֶיךָ. וְאִם מֵחֲמַת הַגַּזְלָן, חַיָּב לְהַעֲמִיד לוֹ שָׂדֶה אַחֵר. שְׁטָפָהּ נָהָר, אוֹמֵר לוֹ

**וויין. האָניק איז טייערער פון וויין,** „דבש" **קאָן זיין מיינט „מעד".** וועגן „כד" און „**חבית", „קרוג" און „פאס" זע פריער פרק ג' משנה א'.** ואם אָמר, און אויב ער (ראובן) האָט (איידער ער האָט געראַטעוועט) געזאָגט (צו שמעונען); „איך וועל ראַ־טעווען דיין (האָניק), און דו זאָלסט מיר באַצאָלן דאָס געלט פון מיין (וויין)", דאַרף ער אים באַצאָלן (פאַר דעם וויין) **ווייל ער האָט דאָך בפירוש אַזוי אויסגענומען.** שטף נהר, אויב אַ טייך האָט פאַרפלייצט (די קוואַליעס וואַסער פון טייך האָבן אַריינ־גענומען) זיין (ראובנ'ס) אייזל, און אויך דאָס אייזל פון אַן אַנדערן (פון שמעון), און זיין (אייזל) איז ווערט הונדערט גילדן און דעם אַנדערענס (שמעון'ס) איז ווערט צוויי הונדערט גילדן, און ער (ראובן) האָט געלאָזט (דערטרינקען) זיין (אייזל) און ער האָט אַרויסגעראַטעוועט דאָס אייזל פון אַנדערן (שמעונ'ס), קומט אים (צו באַצאָלן) ניט מער ווי זיין באַלוינונג. **שמעון באַצאָלט נור אַזוי פיל וויפיל מען באַצאָלט פאַר אַרויסראַטעווען אַן אייזל פון טייך, און ראובן קאָן ניט מאָנען 100 גילדן פאַר זיין אייזל.** ואם, און אויב ער (ראובן) האָט אים (שמעונען) געזאָגט: „איך וועל ראַטעווען דיין (אייזל) און דו באַצאָל מיר (וויפיל עס באַטרעפט) מיין (אייזל)", דאַרף ער (שמעון) אים באַצאָלן (הונדערט גילדן פאַר זיין אייזל). **דאַריבער לערנט די משנהביידע פאַלן** (סיי וועגן וויין און האָניק און סיי וועגן די אייזלען) **ווייל מען וואָלט גע־קאָנט מיינען, אַז ביים וויין האָט ער דאָך מיט די אייגענע הענט אויסגעגאָסן זיין וויין דאַריבער קומט אים צו באַצאָלן אויב ער האָט זיך אויסגערעדט, אָבער ביים אייזל קומט ניט; ווידער אויב מען וואָלט געלערנט דעם דין פון די אייזלען וואָלט מען געמיינט, אַז נור דאָ קומט ניט אויב מען האָט ניט אויסגערעדט, אָבער ביים וויין, וואָס ער האָט אַליין געדאַרפן אויסגיסן קומט יאָ צו באַצאָלן אפילו מען האָט ניט אויסגערעדט. לערנט דעריבער די משנה, אַז עס איז אין ביידע פאַלן דערזעלבי־קער דין.**

ה. הגוזל, אַז איינער (ראובן) גזלט אַ פעלד פון אַן אַנדערן (פון שמעון), און (דערנאָך) האָבן שטאַרקע מענטשן (מסיקין, מענטשן מיט מאַכט) צוגענומען דאָס (פעלד פון דעם גזלן, פון ראובן), אויב דאָס איז אַן אומגליק פון לאַנד (מכת מדינה, זיי האָבן צוגענומען פעלדער ניט נור ביי ראובן נאָר אויך ביי אַנדערע מענטשן), קאָן ער (ראובן) זאָגן צו אים (צו שמעון): „אָט איז עס (דאָס פעלד) פאַר דיר". **ווייל זיי וואָלטן דאָך דאָס פעלד געוועזן צוגענומען אפילו עס וואָלט געוועזן ביי שמעונען; דאַריבער דאַרף ראובן אים ניט באַצאָלן דערפאַר.** ואם, אָבער אויב דאָס (וואָס זיי האָבן צוגענומען דאָס פעלד איז געוועזן) צוליב דעם גזלן (זיי האָבן דוקא געוואָלט נעמען ראובנ'ס פעלד), דאַרף ער (ראובן) צושטעלן (געבן) אים (שמעונען) אַן אַנ־דער פעלד. **ווייל די שולד איז דאָך ראובנ'ס. די גמרא האָט וועגן וואָרט „מסיקין" אויך די גירסא „מצוקין" פון וואָרט „במצוק" (דברים כ"ח), „געדריקט", מענטשן וועלכע דריקן מיט מאַכט אַנדערע מענטשן.** שטפה נהר, (אויב) אַ טייך האָט פאַר־פלייצט דאָס פעלד (ווען עס איז געוועזן ביי ראובן, ביים גזלן), קאָן ער ראובן זאָגן צו אים (צו שמעון): „אָט איז דאָס (פעלד) פאַר דיר". **ווייל ראובן איז דאָך ניט שול־דיק אין דער טייך־פאַרפלייצונג.**

הֲרֵי שֶׁלְּךָ לְפָנֶיךָ: ו הַגּוֹזֵל אֶת חֲבֵרוֹ אוֹ שֶׁלָּוָה הֵימֶנּוּ. אוֹ שֶׁהִפְקִיד לוֹ. בַּיִּשּׁוּב. לֹא יַחֲזִיר לוֹ בַּמִּדְבָּר. עַל מְנָת לָצֵאת בַּמִּדְבָּר. יַחֲזִיר לוֹ בַּמִּדְבָּר: ז הָאוֹמֵר לַחֲבֵרוֹ. גְּזַלְתִּיךָ. הִלְוִיתַנִי. הִפְקַדְתָּ אֶצְלִי. וְאֵינִי יוֹדֵעַ אִם הֶחֱזַרְתִּי לָךְ. אִם לֹא הֶחֱזַרְתִּי לָךְ. חַיָּב לְשַׁלֵּם. אֲבָל אִם אָמַר לוֹ אֵינִי יוֹדֵעַ אִם גְּזַלְתִּיךָ. אִם הִלְוִיתַנִי. אִם הִפְקַדְתָּ אֶצְלִי. פָּטוּר מִלְּשַׁלֵּם: ח הַגּוֹנֵב טָלֶה מִן הָעֵדֶר וְהֶחֱזִירוֹ. וּמֵת אוֹ נִגְנַב. חַיָּב בְּאַחֲרָיוּתוֹ. לֹא יָדְעוּ בְּעָלִים לֹא בִּגְנֵבָתוֹ וְלֹא בַחֲזִירָתוֹ. וּמָנוּ אֶת הַצֹּאן וּשְׁלֵמָה הִיא. פָּטוּר: ט אֵין לוֹקְחִין

ו. הגוזל, אז איינער (ראובן) גזלט צו ביי אן אנדערן (ביי שמעון, א זאך צי געלט) אָדער ער האָט געבאָרגט ביי אים, אָדער ער (שמעון) האָט אים (ראובנען) געגעבן צו באהאלטן (א זאך צי געלט), און (דאָס איז פאָרגעקומען) אין ישוב (אין אן אָרט וואו מענטשן וואוינען), קאָן ער אים ניט צוריקגעבן אין מדבר. **אויב זיי געפינען זיך ביידע אין מדבר קאָן ראובן ניט זאָגן צו שמעונען: „איצט האָסטו דיין געלט, צי דיין זאך". מחמת שמעון קאָן עס אין מדבר ניט גוט אָפּהיטן.** על מנת, (אויב) מיט דעם תנאי אז ער זאָל גיין אין מדבר, קאָן ער אים אָפּגעבן אין מדבר. **די גמרא זאָגט, אז ניט דוקא ווען ער זאָגט בפירוש אז דו קאָנסט גיין אין מדבר און דאָרט עס אָפּגעבן, נאָר אויך ווען שמעון זאָגט צו ראובן ביים געבן צו באהאלטן די זאך, אז ער, שמעון, גייט אוועק אין מדבר, און ראובן, נעמענדיק די זאך, זאָגט אז ער, ראובן גייט אויך אין מדבר. אין אזא פאל מעג ראובן אָפּגעבן די זאך שמעו־נען אין מדבר.**

ז. האומר, אז איינער (ראובן) זאָגט צו אן אנדערן (צו שמעון): „איך האָב ביי דיר געגזלט (א זאך צו געלט") אָדער (ער זאָגט אים): „דו האָסט מיר געבאָרגט", אָדער (ער זאָגט אים): „דו האָסט ביי מיר באהאלטן (א זאך צו געלט)", און (ער גיט־צו): „און איך וויים ניט צו איך האָב דיר אָפּגעגעבן (די גזילה, צי דעם חוב צי דעם פיקדון) צי איך האָב דיר ניט אָפּגעגעבן", איז ער (ראובן) מחויב צו באצאָלן. **דאָס איז נור, אויב שמעון טענה'ט „ברי", אז ער האָט אים זיכער בעגזלט, אָדער געבאָרגט, אָדער געגעבן צו באהאלטן. אָבער אויב שמעון זאָגט אויך, אז ער ווייסט ניט איז ראובן ביי בית דין פטור פון באצאָלן, נאָר אויב ער וויל יוצא „ידי שמים", פאָרן הימל, זאָל ער יאָ באצאָלן.** אבל, אָבער אויב ער (ראובן) זאָגט צו אים (צו שמעון): „איך וויים ניט צי איך האָב ביי דיר געגזלט", אָדער „צי דו האָסט מיר געבאָרגט", אָדער „צי דו האָסט באהאלטן ביי מיר", איז ער פטור (פון באצאָלן). **אָבער ער דאַרף שווערן א „שבועת היסת" (א שבועה מדרבנן, זע אין דער הקדמה צו מסכתא שבו־עות) אז ער ווייסט ניט.**

ח. הגונב אז איינער גנבעט א שעפּסל פון א סטאַדע, און ער האָט עס צוריק־געגעבן (און דער בעל הבית האָט ניט געוואוסט דערפון), און דאָס (שעפּסל) איז גע־פגרט אָדער מען האָט עס צוגעגנבעט, איז ער (דער גנב) שולדיק אין זיין פאראנט־וואָרטליכקייט. **ער דאַרף באצאָלן פאַר דעם שעפּסל, ווייל זינט ער האָט געגנבעט איז דאָס שעפּסל זיינס, און דאָס צוריקגעבן הייסט ניט קיין צוריקגעבן, ווייל דער בעל הבית האָט ניט געוואוסט דערפון.** לא ידעו, אויב דער בעל הבית האָט ניט געוואוסט ניט וועגן דער גנבה און ניט וועגן צוריקגעבן, און (נאָכדעם ווי דער גנב האָט עס צו־ריקגעגעבן) האָט ער (דער בעל הבית) איבערגעציילט (די סטאַדע שעפּסן) און זי איז געווען גאַנץ (אלע שעפּסן זענען געווען, און דערנאָך איז דאָס שעפּסל געפּגרט, אָדער מען האָט עס צוגעגנבעט), איז ער (דער גנב) פטור. **די גמרא טייטשט די משנה אזוי. אויב דער בעל הבית האָט ניט געוואוסט ניט וועגן דער גנבה און ניט וועגן צוריק־געבן, דאַרף דער גנב באצאָלן סיי דער בעל הבית האָט איבערגעציילט אין צווישן**

מִן הָרוֹעִים צֶמֶר וְחָלָב (וּגְדָיִים) וְלֹא מִשּׁוֹמְרֵי פֵירוֹת עֵצִים וּפֵירוֹת. אֲבָל לוֹקְחִים מִן הַנָּשִׁים (כְּלֵי צֶמֶר בִּיהוּדָה), וּכְלֵי פִשְׁתָּן בַּגָּלִיל, וַעֲגָלִים בַּשָּׁרוֹן, וְכֻלָּן שֶׁאָמְרוּ לְהַטְמִין אָסוּר. וְלוֹקְחִין בֵּיצִים וְתַרְנְגוֹלִים מִכָּל מָקוֹם:

י מוֹכִין שֶׁהַכּוֹבֵס מוֹצִיא הֲרֵי אֵלּוּ שֶׁלּוֹ, וְשֶׁהַסּוֹרֵק מוֹצִיא, הֲרֵי אֵלּוּ שֶׁל בַּעַל הַבַּיִת. הַכּוֹבֵס נוֹטֵל שְׁלֹשָׁה חוּטִין וְהֵן שֶׁלּוֹ. יָתֵר מִכֵּן הֲרֵי אֵלּוּ שֶׁל בַּעַל הַבַּיִת. אִם הָיָה הַשָּׁחוֹר עַל גַּבֵּי הַלָּבָן נוֹטֵל אֶת הַכֹּל וְהֵן שֶׁלּוֹ.

**און סיי ער האָט ניט איבערגעציילט. אָבער אויב דער בעל הבית האָט וועגן דער גנבה יאָ געוואוסט, און ער האָט איבערגעציילט און די סטאדע איז געווען גאנץ, איז דער גנב פטור, מחמת דער בעל הבית האָט דאָך געוואוסט, האָט ער געדאַרפן אכ־טונג געבן.**

ט. אין, מען טאָרניט קויפן ביי פאַסטוכער (וועלכע פּאַשן פרעמדע שעפסן) קיין וואָל און קיין מילך (און קיין יינגע ציגעלאך). **ווייל עס קאָן זיין אז זיי האָבן דאָס געגנבעט פון בעל הבית׳ס שעפסן.** ולא משומרי, און פון היטער (אין פרעמדע גערטנער פרוכטן טאָר מען ניט (קויפן) קיין האָלץ און קיין פרוכטן. **צוליב דעמזעל־ביקן טעם, אַז עס קאָן זיין אז זיי גנבענען פון די גערטנער האָלץ און פרוכטן.** אבל לוקחין, אָבער מען מעג קויפן פון פרויען וואָל־זאכן אין יהודה און פלאקסענע זאכן אין גליל, און קעלבער אין שרון. „יהודה״ **הייסט דער דרום־טייל אין ארץ ישראל. „גליל״ הייסט דער צפון־טייל אין ארץ ישראל. „שרון״ הייסט דאָס פלאכע לאנד אין ארץ ישראל פון יפו ביז חיפה ביים ים. דער טעם איז, ווייל אין יהודה פלעגן די פרויען שפּינען וואָל, און אין גליל פלאקס, און אין שרון פלעגן די פרויען האָדעווען די קעלבער, און זייערע מענער האָבן געוואוסט, אז די פרויען פאַרקויפן עס.** וכולן, און די אלע (פרויען פון וואָל־זאכן און פלאקס־זאכן און קעלבער), אויב זיי האָבן גע־זאָגט (צום קויפער) אז ער זאָל עס באהאלטן (קיינער זאָל עס ניט זען), טאָר מען ניט (קויפן ביי זיין). **ווייל דאָס ווייזט אז עס איז גניבה.** ולוקחין, און מען מעג קויפן אייער און הינער פון יעדן אָרט. **דער רמבם זאָגט, אז אויך אייער און הינער, אויב דער פאַרקויפער הייסט באהאלטן, טאָר מען ניט קויפן.**

י. מוכין, שטיקלעך וואָל (מוכין) וואָס דער וועשער קריגט ארויס (פון וואָל בעת ער וואַשט די וואָל, און עס פאַלן ארויס שטיקלעך ווייכע וואָל), געהערן צו אים (צום וועשער). **ווייל עס פאַלט ארויס זייער ווייניק, און דער בעל הבית פון וואָל איז ניט מקפיד דערויף, און עס הייסט ניט קיין גנבה.** ושהסורק, און (די שטיקלעך וואָל) וואָס דער קעמער (דער וועלכער קעמט און קלאַפּט אויס די וואָל) קריגט ארויס, געהערן צום בעל הבית. **ווייל ביים קעמען פאַלן ארויס גרעסערע און מער שטיקלעך וואָל, און דערויף איז דער בעל הבית יאָ מקפיד.** הכובס, דער וועשער מעג נעמען (ביים וואַשן וואָל־סחורה) דריי פעדים און זיי זענען זיינע; מער ווי דאָס (מער פון דריי פעדים) געהער צום בעל הבית. **דער שטייגער איז געווען אז אמאָל ווען מען האָט געוועבט א שטיקל וואָל־סחורה האָט מען ביי דעם ראנד איבערגעלאָזט עטליכע פע־דים, און דער וואַשער ביים וואַשן און שיין־מאַכן דאָס שטיקל סחורה, האָט דאָס אָפּ־געשניטן. זאָגט די משנה אז ביז 3 פעדים געהערן צום וועשער, און מער דערפון גע־הערן צום בעל הבית.** אם היה, אויב דאָס זענען געווען שווארצע (פעדים) אין א ווייס (שטיקל סחורה), נעמט ער (דער וועשער) אלע (פעדים, אפילו מער פון דריי) און זיי זענען זיינע. **ווייל שווארצע פעדים אין א ווייס קלייד מאַכן עס ניט שיין.** החייט, אויב א שניידער האָט איבערגעלאָזט פאָדעם אזוי פיל אז מען קאָן דערמיט געבן א ניי (דאָס שטיקל פאָדעם איז אזוי לאנג ווי די נאָדל), אָדער א שטיקל (סחורה וואָס איז

הַחַיָּט שֶׁשִּׁיֵּר מִן הַחוּט כְּדֵי לִתְפּוֹר בּוֹ, וּמַטְלִית שֶׁהִיא שָׁלֹשׁ עַל שָׁלֹשׁ, הֲרֵי אֵלּוּ שֶׁל בַּעַל הַבָּיִת. מַה שֶּׁהֶחָרָשׁ מוֹצִיא בַּמַּעֲצָד הֲרֵי אֵלּוּ שֶׁלּוֹ, וּבַכַּשִּׁיל, שֶׁל בַּעַל הַבָּיִת. וְאִם הָיָה עוֹשֶׂה אֵצֶל בַּעַל הַבַּיִת, אַף הַנְּסוֹרוֹת שֶׁל בַּעַל הַבָּיִת:

סליק מסכת בבא קמא:

גרויס דריי (פינגער) אויף דריי (פינגער), געהערן זיי צום בעל הבית. **אמאָל איז געווען דער מנהג אז ווען איינער האָט געגעבן צו א שניידער סחורה צו מאכן קליידער האָט ער אים אויך געגעבן פעדים צום נייען. זאָגט די משנה אז אויב עס איז געבליבן א שטיקל פאָדעם גרויס ווי די לענג פון דער נאָדל** (לויט אן אנדערער מיינונג, צוויי מאָל אזוי לאנג ווי די נאָדל) **אָדער א שטיקל סחורה לאנג און ברייט דריי פינגער, איז עס א חשובע זאך און דער שניידער טאָר עס ניט צונעמען, ווייל עס הייסט גנבה.** מה שהחרש, (די שטיקלעך האָלץ) וואָס דער סטאָליאר קריגט ארויס מיט זיין היבל (במעצד), געהערן צו אים, און (וואָס ער קריגט ארויס) מיט דער קליינער האק (בכשיל) געהערט צום בעל הבית. **ווען דער בעל הבית האָט געוואָלט מאכן א זאך פון האָלץ האָט ער געגעבן דעם סטאָליאר דאָס האָלץ. זאָגט די משנה אז די שטיקלעך האָלץ וואָס פאלן אראָפּ ווען דער סטאָליאר היבלעוועט מיטן היבל, געהערן צום סטאָליאר, ווייל זיי זיינען קליינע און דער בעל הבית איז דערויף ניט מקפיד. אָבער די שטיקלעך האָלץ וואָס פאלן אראָפּ ווען ער צעהאקט דאָס האָלץ מיט דער קליינער האק, מיט דעם „כשיל״, געהערן צום בעל הבית, ווייל זיי זענען גרעסערע און דער בעל הבית איז דערויף מקפיד.** אם היה, אויב דער (דער סטאָליאר) ארבייט ביים בעל הבית (אין הויף, און דער בעל הבית צאָלט אים טאָג־לוין), געהערן אויך די דינע שטיקלעך זעגעכץ (הנסרות) צום בעל הבית. **ווייל אלץ איז אין רשות פון בעל הבית.**

(סליק מסכת בבא קמא — געענדיקט די מסכתא בבא קמא)

---

# מסכתא בבא מציעא

## הקדמה

די מסכתא בבא מציעא (דער „מיטלסטער טויער״, וועגן דאָזיקן נאָמען זע אין דער הקדמה צו מסכתא בבא קמא) לערנט פארשידענע דינים. די ערשטע צוויי פרקים לערנען וועגן „געפינענע זאכן״ (אין דער משנה הייסט א געפינענע זאך טיילמאָל „אבידה״ און טיילמאָל מציאה, מיר וועלן עס רופן „מציאה״). דער דין איז, (חומש דברים כ״ב „לא תוכל להתעלם״, „השב תשיבם״) אז ווען איינער געפינט א מציאה טאָר ער זי ניט לאָזן ליגן, נאָר ער דארף זי נעמען און אָפּגעבן זי צו איר אייגנטימער, צו איר בעל הבית. אויב מען ווייסט ניט וועמענס זאך עס איז, דארף מען אויסרופן („מכריז״), און ווער עס קומט און גיט א ריכטיקן סימן, באַקומט ער צוריק די זאך. אויב אָבער די מציאה האָט ניט קיין סימן, נעמט מען אָן, אז דער בעל הבית האָט זיך מייאש געווען פון איר, ווויסנדיק אז ער וועט זי קיינמאָל ניט קאָנען אָפּנעמען, און די מציאה געהערט צו דעם וואָס האָט זי געפינען. די משנה אין די ערשטע 2 פרקים לערנט די דינים וועגן דעם. דער 3־טער פרק לערנט די דינים וועגן געבן צו באהאלטן איינעם א זאך (א פיקדון) און די סכסוכים וואָס קומען פאָר צווישן דעם וואָס האָט געגעבן צו באהאלטן און דעם וואָס האָט גענומען. דער 4־טער פרק לערנט וועגן „קנינים״, ווי אזוי מען קויפט א זאך און אויך וועגן פארבאָט אָפּצונארן אין מסחר. דער פיפטער פרק לערנט וועגן פארבאָט צו נעמען פּראָצענט ווען מען באָרגט איינעם געלט צי זאכן. די פרקים 6 און 7 לערנען וועגן

# מַסֶּכֶת בָּבָא מְצִיעָא

## פרק א.

**א** שְׁנַיִם אוֹחֲזִין בְּטַלִּית זֶה אוֹמֵר אֲנִי מְצָאתִיהָ וְזֶה אוֹמֵר אֲנִי מְצָאתִיהָ, זֶה אוֹמֵר כֻּלָּהּ שֶׁלִּי, וְזֶה אוֹמֵר כֻּלָּהּ שֶׁלִּי. זֶה יִשָּׁבַע שֶׁאֵין לוֹ בָהּ פָּחוּת מֵחֶצְיָהּ וְזֶה יִשָּׁבַע שֶׁאֵין לוֹ בָהּ פָּחוּת מֵחֶצְיָהּ וְיַחֲלוֹקוּ. זֶה אוֹמֵר כֻּלָּהּ שֶׁלִּי, וְזֶה אוֹמֵר חֶצְיָהּ שֶׁלִּי, הָאוֹמֵר כֻּלָּהּ שֶׁלִּי, יִשָּׁבַע שֶׁאֵין לוֹ בָהּ פָּחוּת מִשְּׁלֹשָׁה חֲלָקִים וְהָאוֹמֵר חֶצְיָהּ שֶׁלִּי יִשָּׁבַע שֶׁאֵין לוֹ בָהּ פָּחוּת מֵרְבִיעַ, זֶה נוֹטֵל שְׁלֹשָׁה חֲלָקִים וְזֶה נוֹטֵל רְבִיעַ: **ב** הָיוּ שְׁנַיִם רוֹכְבִין עַל גַּבֵּי בְהֵמָה אוֹ שֶׁהָיָה אֶחָד רוֹכֵב וְאֶחָד מַנְהִיג, זֶה אוֹמֵר כֻּלָּהּ שֶׁלִּי,

**די דינים צווישן בעל הבית און זיינע ארבייטער. דער 8טער פרק לערנט וועגן סכסוכים ביי באָרגן א זאך און אויך וועגן דינגען הייזער. דער 9טער פרק לערנט וועגן נעמען אין ארענדע אָדער דינגען פעלדער, וועגן באצאָלן דעם ארבייטער זיין לוין צו דער צייט, און וועגן משכנות. דער 10טער פרק לערנט וועגן סכסוכים צווישן שותפים פון הייזער. מיר וועלן ביי טייל פרקים געבן קורצן הקדמות וועגן די ענינים וואָס ווערן אין דעם פרק געלערנט.**

### פרק א.

א. שנים, אויב צוויי מענטשן האלטן א קלייד, (און) דער (איינער פון זיי זאָגט: „איך האָב דאָס (קלייד) געפינען", און דער (אנדערער) זאָגט: „איך האָב דאָס געפינען", דער (איינער) זאָגט: „דאָס (קלייד) איז אינגאנצן מיינס", און דער (אנדערער) זאָגט: „דאָס (קלייד) איז אינגאנצן מיינס", זאָל דער (איינער) שווערן, אז ער האָט ניט אין דעם (קלייד) ווינציקער פון א העלפט, (אז לפחות א העלפט איז זיינס), און דער אנדערער זאָל שווערן, אז ער האָט ניט אין דעם (קלייד) ווינציקער פון א העלפט, און זיי זאָלן זיך צעטיילן (מיט דעם קלייד). **די גמרא זאָגט, אז דאריבער ברענגט די משנה טאָפּלט די טענות פון די צוויי מענטשן: „איך האָב דאָס געפינען" און „דאָס איז אינגאנצן מיינס", ווייל די משנה וויל לערנען, אז דערזעלביקער דין איז ניט נור ווען דאָס קלייד איז א געפינענע זאך, א מציאה, נאָר אויך ווען עס איז געקויפט (מקח וממכר), און יעדער פון זיי טענה'ט, אז ער האָט עס געקויפט; און אויך דאביי איז דער דין אז יעדער זאָל שווערן, אז ער האָט עפּיס אין קלייד און אז ניט ווינציקער פון א העלפט פון קלייד איז זיינס, און זיי זאָלן זיך צעטיילן.** זה אומר, אויב דער איינער זאָגט: „דאָס איז אינגאנצן מיינס", און דער אנדערער זאָגט: „א העלפט דערפון איז מיינס", זאָל דער וואָס זאָגט „דאָס איז אינגאנצן מיינס" שווערן אז ער האָט ניט אין דעם ווינציקער פון דריי פערטל, און דער וואָס זאָגט „א העלפט דערפון איז מיינס" זאָל שווערן, אז ער האָט ניט אין דעם ווינציקער פון א פערטל; דער (ערשטער) נעמט דריי טיילן (דריי פערטל פון קלייד) און דער (אנדערער) נעמט איין פערטל. **דער טעם דערפון איז, ווייל אויף איין העלפט איז דאָך אויך דער צווייטער מודה, אז עס געהערט צום ערשטן, איז דאָך זייער סכסוך נור אויף אַ העלפט פון קלייד. דאריבער טיילט מען די דאָזיקע סכסוך־העלפט אויף צוויי, יחלוקו, ממילא האָט דער ערשטער דריי פערטל, און דער אנדערער א פערטל. די גמרא זאָגט, אז אייגענטליך האָבן זיי זיך געקאָנט צעטיילן אָן א שבועה, נאָר די חכמים האָבן מתקן געווען די שבועה, כדי יעדער איינער זאָל ניט קומען און אָנכאפּן דאָס קלייד פון אן אנדערן און טענהן אז עס איז זיינס, ווייסנדיק אז ער וועט באקומען א העלפט דערפון; אָבער אויב ער ווייסט, אז ער וועט דארפן שווערן, וועט ער ניט וועלן שווערן פאלש.**

ב. היו, אויב צוויי מענטשן זיינען געריטן (געזעסן) אויף א בהמה, אָדער איינער (פון זיי) איז געריטן און איינער איז (געגאנגען און) געפירט (די בהמה), דער

וְזֶה אוֹמֵר כֻּלָּהּ שֶׁלִּי. זֶה יִשָּׁבַע שֶׁאֵין לוֹ בָהּ פָּחוֹת מֵחֶצְיָהּ. וְזֶה יִשָּׁבַע שֶׁאֵין לוֹ בָהּ פָּחוֹת מֵחֶצְיָהּ וְיַחֲלוֹקוּ. בִּזְמַן שֶׁהֵן מוֹדִים אוֹ שֶׁיֵּשׁ־לָהֶן עֵדִים, חוֹלְקִים בְּלֹא שְׁבוּעָה: ג הָיָה רוֹכֵב עַל גַּבֵּי בְהֵמָה וְרָאָה אֶת הַמְּצִיאָה, וְאָמַר לַחֲבֵרוֹ תְּנָהּ לִי, נְטָלָהּ וְאָמַר, אֲנִי זָכִיתִי בָהּ. אִם מִשֶּׁנְּתָנָהּ לוֹ אָמַר, אֲנִי זָכִיתִי בָהּ תְּחִלָּה, לֹא אָמַר כְּלוּם: ד רָאָה אֶת הַמְּצִיאָה וְנָפַל עָלֶיהָ וּבָא אַחֵר וְהֶחֱזִיק בָּהּ. זֶה שֶׁהֶחֱזִיק בָּהּ זָכָה בָהּ. רָאָה אוֹתָן רָצִין אַחַר מְצִיאָה. אַחַר צְבִי שָׁבוּר, אַחַר גּוֹזָלוֹת שֶׁלֹּא פָרְחוּ. וְאָמַר זָכְתָה לִי

זאָגט: „זי (די בהמה) איז אינגאנצן מיינע״, און דער זאָגט: „זי איז אינגאנצן מיינע״, זאָל דער (איינער) שווערן אז ער האָט ניט אין איר ווייניקער פון א העלפט, און דער אנדערער זאָל שווערן אז ער האָט ניט אין איר ווייניקער פון א העלפט, און זיי זאָלן זיך צעטיילן. **עס איז דערזעלביקער דין וואָס אין דער פריערדיקער משנה. אין דער גמרא זענען פאראן צוויי דעות, צי מיטן בלויזן ארויפזעצן זיך אויף דער בהמה, זיין א רוכב, ניט רירנדיק די בהמה פון אָרט, איז מען איר קונה, ווערט זי דעם רייטערס, אָדער מען מוז זי רירן פון אָרט. דער ברטנורא ברענגט אין דער רישא (ערשטן טייל פון דער משנה) איין דעה, און אין דער סיפא (לעצטן טייל) די אנדערע דעה.** בזמן, אין דער צייט (אויב) זיי זענען ביידע מודה (אז דאָס קלייד פון משנה א׳ אָדער די בהמה פון משנה ב׳, געהערט צו ביידע), אָדער עס זענען פאראן עדות (וואָס זאָגן אז עס געהערט צו ביידע) צעטיילן זיי זיך אָן א שבועה. **די מפרשים זאָגן אז אפילו זיי האָבן זיך מודה געווען (אָדער ס׳זענען געקומען עדות) נאָכדעם ווי דאָס בית דין האָט זיי געפסקנט צו שווערן, טיילן זיי זיך אָן א שבועה.**

ג. היה, אויב איינער (ראובן) האָט גערייטן אויף א בהמה און ער האָט דערזען (אויף דער ערד) ליגן א מציאה, און ער האָט געזאָגט צו אן אנדערן (צו שמעון): „געב זי מיר״, און ער (שמעון) האָט זי גענומען און געזאָגט: „איך האָב זי גענומען פאר זיך״ („אני זכיתי בה״, „איך האָב זי זוכה געווען״), האָט ער (שמעון) זי זוכה געווען. **זי געהערט צו שמעון. אויב אָבער ראובן האָט געזאָגט צו שמעון ניט „תנה לי״, „גיב זי מיר״, נור „זכה לי״ „זיי זי זוכה פאר מיר״, געהערט זי צו ראובן.** אם משנתנה, אויב נאָכדעם ווי ער (שמעון) האָט זי געהאט געגעבן צו אים (צו ראובן) האָט ער געזאָגט: ‚איך האָב זי צוערשט גענומען פאר מיר״ ( אני זכיתי בה תחילה), האָט ער גאָרניט געזאָגט. **זיינע ווערטער האָבן ניט קיין ווערט, ווייל ווען שמעון האָט געגעבן ראובנען די מציאה איז זי געווען הפקר און ראובן האָט זי זוכה געווען פון הפקר. לאָמיר דאָ באמערקן אז דאָס וואָרט „זכה״, „זוכה זיין״, הייסט אין דער משנה באקומען א זאך אלס אייגנטום, די זאך ווערט זיינס. „ראובן האָט זוכה געווען א זאך״ מיינט, אז די זאך איז געוואָרן ראובנ׳ס.**

ד. ראה, אז איינער האָט געזען ליגן א מציאה און ער איז ארויפגעפאלן אויף איר, און אן אנדערער איז געקומען און ער האָט זי (די מציאה) אָנגענומען, האָט דער וואָס האָט זי אָנגענומען זי זוכה געווען. **די מציאה איז זיינע. דאָס איז נור ווען די מציאה איז געלעגן אין א רשות הרבים, למשל אין גאָס. אָבער אויב אין א זייטיק געסל, אָדער אין דער זייט פון דער גאָס, איז דער דין אז „ארבע אמות של אדם קונות לו״, אז אויב א זאך וואָס איז הפקר (למשל, א מציאה) ליגט אין די 4 איילן פון א מענטש איז דער מענטש קונה די זאך, זי ווערט זיינע. דאָס איז א תקנה פון די חכמים, כדי מענטשן זאָלן זיך ניט קריגן וועגן געפינענע זאכן.** ראה, אויב איי־נער האָט געזען זיי (מענטשן) נאָכלויפן נאָך א מציאה (דהיינו) נאָך א הירש וואָס איז צעבראָכן (האָט צעבראָכענע פיס און קאָן ניט לויפן) אָדער נאָך טייבעלעך

שָׂדִי, זָכְתָה לוֹ. הָיָה צְבִי רָץ כְּדַרְכּוֹ, אוֹ שֶׁהָיוּ גוֹזָלוֹת מַפְרִיחִין וְאָמַר זָכְתָה לִי שָׂדִי, לֹא אָמַר כְּלוּם: ה מְצִיאַת בְּנוֹ וּבִתּוֹ הַקְּטַנִּים, מְצִיאַת עַבְדּוֹ וְשִׁפְחָתוֹ הַכְּנַעֲנִים, מְצִיאַת אִשְׁתּוֹ הֲרֵי אֵלּוּ שֶׁלּוֹ. מְצִיאַת בְּנוֹ וּבִתּוֹ הַגְּדוֹלִים, מְצִיאַת עַבְדּוֹ וְשִׁפְחָתוֹ הָעִבְרִים, מְצִיאַת אִשְׁתּוֹ שֶׁגֵּרְשָׁהּ אַף עַל פִּי שֶׁלֹּא נָתַן כְּתֻבָּתָהּ, הֲרֵי אֵלּוּ שֶׁלָּהֶן: ו מָצָא שִׁטְרֵי חוֹב, אִם יֵשׁ בָּהֶן אַחֲרָיוּת נְכָסִים לֹא יַחֲזִיר, שֶׁבֵּית דִּין נִפְרָעִין מֵהֶן. אֵין בָּהֶן אַחֲרָיוּת נְכָסִים יַחֲזִיר, שֶׁאֵין בֵּית דִּין נִפְרָעִין מֵהֶן, דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר. וַחֲכָמִים

וועלכע קאָנען נאָכניט פליען (און זיי, דער הירש, אָדער די טייבעלעך, זענען אריין אין זיין פעלד), און ער האָט געזאָגט: „זאָל מיין פעלד זוכה זיין (דעם הירש אָדער די טייבעלעך) פאר מיינעטוועגן״, האָט אים דאָס (פעלד) זוכה געווען. **די גמרא זאָגט, אז דאָס איז נור ווען ער שטייט לעבן זיין פעלד און ווען ער וויל קאָן ער זיי נאָכיאָגן און זיי כאפּן ווען זיי זענען נאָך אין פעלד, און ווייל דער הירש קאָן ניט לויפן און די טייבעלעך קאָנען ניט פליען הייסט עס ווי זיי ווערן אָפּגעהיטן אין זיין פעלד.** היה צבי רץ, אויב (אָבער) דער הירש איז געלאָפן ווי זיין שטייגער איז, אָדער די טייבעלעך האָבן געקאָנט פליען, און ער זאָגט: „זאָל מיין פעלד מיר זוכה זיין (דעם הירש אָדער די טייבעלעך)״, האָט ער גאָרניט געזאָגט. **און ער האָט זיי בישט זוכה געווען און זיי זיינען ניט געוואָרן זיינע.**

ה. מציאת, דאָס וואָס עס געפינען זיינע (א מענטש׳ס) קליינער זון און קליינע טאָכטער, דאָס וואָס עס געפינען זיינע גויאישע שקלאף און שקלאפין (כנעניים), דאָס וואָס עס געפינט זיין ווייב, געהערן צו אים. **די גמרא זאָגט, אז אפילו דערוואקסענע קינדער, אויב זיי עסן ביים פאָטער (סמוך על שולחן אביו, זיי ווערן אויסגעהאלטן דורכ׳ן פאָטער) געהערן זייערע מציאות צום פאָטער. די מציאה פון א טאָכטער ביז 12 יאָר מיט 6 חדשים (א נערה) געהערט צום פאָטער. וועגן שקלאפן און שקלא־פינס איז דער דין אז אלץ וואָס זיי האָבן, געהערט צו זייערע בעל הבית. וועגן דער מציאה פון א ווייב האָבן די חכמים מתקן געווען אז זי געהערט צום מאַן כדי עס זאָל ניט קומען צו קריגערייען און צו א שנאה פון מאַן צום ווייב.** מציאת בנו ובתו הג־דולים, דאָס וואָס עס געפינען זיינע גרויסע זין און טעכטער (און זיי ווערן ניט אויס־געהאלטן דורך אים), דאָס וואָס עס געפינען זיינע יידישע קנעכט און דינסט, דאָס וואָס געפינט זיין ווייב וועלכע ער האָט שוין געגט, כאָטש ער האָט איר נאָכניט גע־געבן איר כתובה, געהערן צו זיי. **די גמרא זאָגט, אז מען מיינט דאָ אז אפילו דאָס ווייב איז נור ספק־געגט, למשל דער מאַן האָט איר געוואָרפן דעם גט און מען ווייסט ניט צי דער גט איז נענטער צו דער פרוי צו צום מאַן, געהערן די מציאות צו דער פרוי.**

ו. מצא, אויב איינער האָט געפינען וועקסלן (שטרי חוב, וועקסלן, אז ראובן איז שולדיג שמעונען געלט), איז אויב עס איז אין זיי פאַראַן (איינגעשריבן) די פאַר־אנטוואָרטליכקייט פון פארמעגנס (אחריות נכסים, אז אויב ראובן וועט פארקויפן זיין פעלד צו אנדערע מענטשן זאָל שמעון קאָנען אָפּנעמען זיין חוב פון די פארקויפ־טע פעלדער), זאָל ער (דער געפינער) ניט אָפּגעבן (די וועקסלן צו שמוענען), ווייל דאָס בית דין (דאָס געריכט) נעמט אָפּ פון זיי (נעמט אָפּ פאר שמעון׳ס וועגן די פאַר־קויפטע פעלדער), און אויב עס איז ניט פאַראַן אין זיי (איינגעשריבן) די פאַראַנט־וואָרטליכקייט פון פארמעגנס, זאָל ער אָפּגעבן (צו שמעון), ווייל דאָס בית דין נעמט ניט אָפּ פון זיי, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. **מען מיינט דאָ, אז אפילו ראובן זאָגט אז די וועקסלן זיינען שמעון׳ס און אז ער האָט זיי נאָכניט באצאָלט, טאָר מען אויך ניט צוריקגעבן צו שמעון, אויב עס איז איינגעשריבן, אז שמעון קאָן אָפּנעמען פון**

אוֹמְרִים, בֵּין כַּךְ וּבֵין כַּךְ לֹא יַחֲזִיר, מִפְּנֵי שֶׁבֵּית דִּין נִפְרָעִין מֵהֶן: ז מָצָא גִּטֵּי נָשִׁים וְשִׁחְרוּרֵי עֲבָדִים דְּיַתִּיקֵי, מַתָּנָה, וְשׁוֹבְרִים, הֲרֵי זֶה לֹא יַחֲזִיר. שֶׁאֲנִי אוֹמֵר כְּתוּבִים הָיוּ וְנִמְלַךְ עֲלֵיהֶם שֶׁלֹּא לִתְּנָם: ח מָצָא אִגְּרוֹת שׁוּם, וְאִגְּרוֹת מָזוֹן, שִׁטְרֵי חֲלִיצָה וּמֵאוּנִין, וְשִׁטְרֵי בֵרוּרִין, וְכָל מַעֲשֵׂה

ראובן׳ס פארקויפטע פעלדער. מחמת מען האָט מורא, טאָמער איז דער חוב שוין יאָ באצאָלט, נאָר ראובן און שמעון האָבן געמאכט צווישן זיך א שווינדל־אָפּמאך (א קנוניא) קייגן די פעלדער־קויפער (די „לקוחות״) און ראובן זאָגט אז דער חוב איז ניט באצאָלט, כדי שמעון זאָל אָפּנעמען די פעלדער און ער וועט געבן ראובנען דערפאר עפּיס געלט. וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז סיי אזוי און סיי אזוי (סיי עס איז איינגעשריבן די פעלדער־פאראנטוואָרטליכקייט, און סיי עס איז ניט איינגעשריבן), זאָל ער ניט אָפּגעבן (שמעונען), ווייל דאָס בית דין נעמט אָפּ פון זיי די חכמים האלטן אז אפילו אין א וועקסל איז ניט איינגעשריבן די „אחריות נכסים״, אז די פעלדער זענען פאראנטוואָרטליך, קאָן אויך דער מלוה, שמעון, אָפּנעמען זיין חוב פון ראובן׳ס פארקויפטע פעלדער, ווייל מיר זאָגן „אחריות טעות סופר״, אז דאָס ניט איינשרייבן איז געווען דורך א טעות פון שרייבער. אָבער אויב אין וועקסל איז פאראן בפירוש אז די פעלדער זענען ניט פאראנטוואָרטליך, זענען אויך די חכמים מודה אז מען גיט צוריק דאָס וועקסל.

ז. מצא, אויב איינער האָט געפינען גיטין, אָדער (דאָקומענטן צו) באפרייען שקלאפן, אָדער צוואות (דיתיקי), אָדער מתנות (־דאָקומענטן), אָדער קוויטירונגען (שוברים, אז מען האָט אָפּגענומען א חוב), זאָל ער זיי ניט אָפּגעבן. ער זאָל ניט אָפּגעבן דעם גט צו דער פרוי, דעם באפרייאונגס־דאָקומענט צו דעם שקלאף, און די צוואה צו דעם וואָס דארף נעמען דאָס פארמעגנס, און דעם מתנה־דאָקומענט צו דעם וועלכער וויל נעמען די מתנה, און די שוברים, די חוב־קוויטירונגען צו דעם לווה, דעם געלט־באָרגער, אז ער האָט שוין באצאָלט דעם חוב. שאני, ווייל איך זאָג (מען נעמט אָן) אז זיי זענען אָנגעשריבן געוואָרן אָבער ער האָט חרטה געהאט (און באַשלאָסן) זיי ניט צו געבן. דער מאן האָט טאקע געלאָזט שרייבן דעם גט, און דער בעל הבית דעם באפרייאונגס־דאָקומענט פאר דעם שקלאף, און דער צוואה־מאן די צוואה און אזוי כסדר; נאָר יעדער פון זיי האָט חרטה געהאט און באשלאָסן ניט צו געבן. די משנה רופט אָן א גט „גיטי־נשים״, ווייל טיילמאָל ווערט מיט „גט״ אָנגערופן יעדער דאָקומענט, אויך א וועקסל (זע אין דער הקדמה צו מסכתא גיטין). „דייתיקי״ ווערט געטייטשט אין דער גמרא פון „דאָ תהא למיקם״, אז דאָס זאָל זיין צום באשטעטיקן״. דער רבנו נתן מרומי ווייזט אָן אין „ערוך״ אז אויך אין דער גריכישער שפראך הייסט א צוואה „דיאטעקע״. „שובר״ הייסט קוויטירן, אונטערשרייבן אז מען האָט אָפּגענומען א חוב ; דאָס איז פון „שבר״, צעברעכן א חוב.

ח. מצא, אויב איינער האָט געפינען אָפּשאצונגס־בריף (אגרות שום, ווען ראובן האָט געבאָרגט געלט פון שמעון און האָט אים ניט באצאָלט האָט דאָס בית דין אָפּגעשאצט ראובנ׳ס א פעלד און עס געגעבן צו שמעון און אים ארויסגעגעבן א בריוו אז דאָס פעלד איז זיינס), אָדער שפייז־בריף (אגרות מזון, אז א מאן האָט חתונה מיט א פרוי וועלכע האָט א טאָכטער פון איר פריערדיקן מאן, און ער איז זיך מתחייב אין א בריוו צו שפייזן איר טאָכטער), שטרי חלוצה דאָקומענטן פון חליצה (א כתב פון בית דין אז די אלמנה האָט גענומען חליצה פון איר שוואָגער און זי מעג חתונה האָבן מיט אן אנדערן), ומיאונין (א כתב פון בית דין אז א יינג מיידל, א יתומה, אָן א פאָטער, וועלכע די מוטער האָט חתונה געמאכט פאר א מאן, האָט דערקלערט אז זי איז ממאן, זי וויל ניט דעם מאן, און זי מעג חתונה האָבן מיט אן אנדערן), און דאָקומענטן פון בוררות (א כתב פון בית דין אז ביי א דין תורה האָבן די בעלי דינים

בֵּית דִּין, הֲרֵי זֶה יַחֲזִיר. מָצָא בַחֲפִיסָה, אוֹ בִדְלוֹסְקְמָא, תַּכְרִיךְ שֶׁל שְׁטָרוֹת אוֹ אֲגֻדָּה שֶׁל שְׁטָרוֹת, הֲרֵי זֶה יַחֲזִיר. וְכַמָּה הִיא אֲגֻדָּה שֶׁל שְׁטָרוֹת? שְׁלשָׁה קְשׁוּרִין זֶה בָזֶה. רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, אֶחָד הַלֹּוֶה מִשְּׁלשָׁה יַחֲזִיר לַלֹּוֶה. שְׁלשָׁה הַלֹּוִין מֵאֶחָד יַחֲזִיר לַמַּלְוֶה. מָצָא שְׁטָר בֵּין שְׁטָרוֹתָיו וְאֵינוֹ יוֹדֵעַ מַה טִּיבוֹ, יְהֵא מֻנָּח עַד שֶׁיָּבֹא אֵלִיָּהוּ. אִם יֵשׁ עִמָּהֶן סִמְפּוֹנוֹת, יַעֲשֶׂה מַה שֶּׁבַּסִּמְפּוֹנוֹת:

זיך אויסגעקליבן די און די מענטשן אלס בוררים), און אלע מעשים (דאָקומענטן, כתב וואָס איז אונטערגעשריבן) פון בית דין, זאָל ער אָפּגעבן. **דער געפינער דאַרף עס אָפּגעבן צו דעם מענטש, פאַר וועמען דער כתב איז געשריבן געוואָרן, ווייל מען נעמט אָן אז ווען בית דין האָט אונטערגעשריבן א כתב, האָט בית דין ניט מער חרטה, און האָט עס זיכער געגעבן צו דעם מענטש, און דער דאָזיקער האָט עס פאַרלוירן.** — מצא, אויב איינער האָט געפונען אין א לאָגל (בחפיסה, אין א קליין זעקעלע געמאַכט פון פעל) אָדער אין א לעדער־זעקל (בדלוסקמא) אַ בינטל איינגעוויקלטע איינער אין אנדערן (תכריך) אָדער סתם א בינטל (אגודה) מיט וועקסלן זאָל ער זיי אָפּגעבן. **וועגן חפיסה און דלוסקמא זע אין פירוש צו גיטין פרק ג׳ משנה ג׳. „תכריך" איז פון וואָרט „כרך", איינוויקלען, און מען מיינט דערמיט דריי וועקסלן וועלכע זענען אריינגעוויקלט איינער אין אנדערן. „אגודה", א בינטל, די וועקסלן ליגן גלייך, איינער אויפן אנדערן אין דער לענג. דער טעם איז ווייל ביי די זעקעלך זענען די זעקלעך א סימן, און דער בעל הבית קאָן זאָגן א סימן אז די וועקסלן זענען געלעגן אין אזא זעקל. און אויך די בינטלעך זענען א סימן.** וכמה, און וויפיל הייסט א בינטל מיט וועקסלן? **דריי וועקסלן. מען מיינט לפחות דריי וועקסלן, און מער איז אודאי א סימן.** ר׳ שמעון בן גמליאל זאָגט, אז אויב (דאָס בינטל מיט וועקסלן) זענען פון איינעם וואָס באָרגט (געלט) ביי דריי מענטשן (די דריי וועקסלן האָבן איין לווה און דריי מלווים) דאַרף מען זיי אָפּגעבן צום לווה (דעם וואָס באָרגט דאָס געלט, ווייל עס איז דאָך א סימן אז ער האָט זיי פאַרלוירן), און אויב דריי געלט־באָרגער פון איינעם אוועקבאָרגער (די דריי וועקסלן האָבן דריי לווים און איין מלוה), זאָל מען זיי אָפּגעבן צום מלווה. **ווארום אויב זיי וואָלטן ניט ארויסגעפאַלן פון אים, ווי אזוי וואָלטן זיי געקומען צו אים אין האַנד? דעריבער דאַרף מען זיי געבן צו אים. דאָס איז נור אויב זיי זענען ניט די האַנטשריפט פון איין וועקסל־שרייבער, פון איין סופר; אָבער אויב זיי זענען די האַנטשריפט פון איין סופר, זאָל מען זיי ניט אָפּגעבן צום מלווה, ווייל עס קאָן זיין אז דער סופר האָט זיי פאַרלוירן.** מצא שטר, אויב איינער האָט געפינען א (פרעמד) וועקסל צווישן זיינע וועקסלן און ער ווייסט ניט וואָס איז מיט אים, (צי דער לווה האָט אים געגעבן צו באַהאַלטן, צי דער מלווה, צי ער איז אביסל באַצאָלט) זאָל ער (דער וועקסל) בלייבן ליגן ביז אליהו (הנביא) וועט קומען. **דאָס הייסט, אז ער זאָל ניט געבן צום לווה און אז ער זאָל ניט געבן צום מלווה נאָר עס זאָל בלייבן. מיט דעם קומען פון אליהו מיינט מען, אז אליהו הנביא וועט אויפקלערן אלע ספקות.** אם יש, אויב עס איז פאַראַן מיט זיי (ער האָט געפינען צווישן זיינע וועקסלן) א קוויטל (סימפונות) זאָל ער טאָן וואָס עס איז פאַראַן (געשריבן) אין קוויטל. **מען מיינט דאָ אז אויב ראובן האָט געפונען ביי זיך א וועקסל פון שמעון, אז ער, שמעון האָט געבאָרגט ביי אים געלט און דאַביי איז געלעגן א שובר, א קוויטל פון ראובנען, אז ער באַשטעטיקט אז שמעון האָט אים שוין באַצאָלט. כאָטש דער שובר, דאָס קוויטל דאַרף זיך געפינען ביי שמעון, נעמט מען אָן, אז דאָס איז א קוויטל פון ראובנען, אז ער באַשטעטיקט, אז שמעון האָט אים שוין באַצאָלט, און געלאָזט ביי אים דאָס קוויטל. דער „מוסף הערוך" זאָגט אז „סמפונות, סמפון", איז דאָס גריכישע וואָרט „סימפאָנאָס", אן אָפּמאַך, אן אויסגלייך.**

**א** אֵלּוּ מְצִיאוֹת שֶׁלּוֹ, וְאֵלּוּ חַיָּב לְהַכְרִיז. אֵלּוּ מְצִיאוֹת שֶׁלּוֹ. מָצָא פֵּירוֹת מְפֻזָּרִין, מָעוֹת מְפֻזָּרוֹת, כְּרִיכוֹת בִּרְשׁוּת הָרַבִּים, וְעִגּוּלֵי דְבֵלָה, כִּכְּרוֹת שֶׁל נַחְתּוֹם, מַחֲרוֹזוֹת שֶׁל דָּגִים, וַחֲתִיכוֹת שֶׁל בָּשָׂר, וְגִזֵּי צֶמֶר הַבָּאוֹת (הַלְּקוּחוֹת) מִמְּדִינָתָן, וַאֲנִיצֵי פִשְׁתָּן, וּלְשׁוֹנוֹת שֶׁל אַרְגָּמָן, הֲרֵי אֵלּוּ שֶׁלּוֹ. (דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר). רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, כָּל שֶׁיֵּשׁ בּוֹ שִׁנּוּי, חַיָּב לְהַכְרִיז. כֵּיצַד? מָצָא עִגּוּל וּבְתוֹכוֹ חֶרֶס, כִּכָּר וּבְתוֹכוֹ מָעוֹת. רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן אֶלְעָזָר אוֹמֵר, כָּל כְּלֵי אַנְפּוֹרְיָא אֵינוֹ חַיָּב לְהַכְרִיז: **ב** וְאֵלּוּ חַיָּב לְהַכְרִיז, מָצָא

## פרק ב.

א. אלו מציאות, די דאָזיקע מציאות געהערן צו אים (צו דעם מענטש וועלכער האָט זיי געפינען) און די דאָזיקע דאַרף ער אויסרופן. **אין דער הקדמה צו דער מסכתא בבא מציעא האָבן מיר דערקלערט, אז לויט דעם דין דאַרף מען יעדע געפינענע זאך, יעדע מציאה, אָפּגעבן צו איר בעל הבית. אויב מען ווייסט ניט ווער איר בעל הבית איז, דאַרף מען אויסרופן, מפרסם זיין, און ווער עס קומט און גיט די סמנים פון דער מציאה באַקומט זי. אויב אָבער די געפינענע זאך האָט ניט קיין סימנים, נעמט מען אָן, אז איר בעל הבית האָט זיך מייאש געווען פון איר, און מען דאַרף ניט אויסרופן, און די מציאה געהערט צו דעם וואָס האָט זי געפינען. די משנה וועט דאָ באַלד לערנען וועלכע מציאות האָבן ניט קיין סימנים און זיי געהערן צום געפינער, און וועלכע האָבן יאָ סימנים און מען דאַרף וועגן זיי אויסרופן.** אלו, די דאָזיקע מציאות געהערן צו אים (צום געפינער): אויב ער האָט געפינען פונאַנדערגעוואָרפענע פרוכטן, פונאַנדערגעוואָרפענע געלט (־מטבעות), קליינע בינטלעך (תבואה) אין רשות הרבים (אויפן וועג וואו אלע מענטשן גייען און טרעטן אויף זיי), און קיילעכיקע קנוילן פייגן (געפּרעסטע פייגן אין קנוילן), ברויטן פון א בעקער, שנירלעך פיש (מחרוזות, פיש געצויגן אויף א שנור), און שטיקער פלייש, און וואָל־שטיקער וואָס קומען פון זייערע לענדער (פון די לענדער וואו מען שערט זיי), און שטיקער פלאַקס, און צונגן (לאַנגע שטיקער) פּורפּור־וואָל, — זענען זיי זיינע (זיי געהערן צום געפינער), אזוי זאָגט ר' מאיר. **די אלע זאכן, וואָס די משנה ברענגט דאָ, האָבן ניט קיין באַזונדערע סימנים, ווי פונאַנדערגעוואָרפענע פרוכטן, אָדער פונאַנדערגעוואָרפענע מטבעות געלט, אָדער קליינע בינטלעך תבואה אויף דעם עפנטלעכן וועג, וואו זיי ווערן צעטרעטן און זיי קאָנען קאַליע ווערן. דאָס זעלביקע איז אויך מיט קנוילן פייגן אָדער ברויטן פון א בעקער, צי שנירלעך פיש, צי שטיקער פלייש געשניטן פון קצב; מחמת אלע זעען זיי גלייך אויס. דאָסזעלביקע איז אויך מיט וואָל־שטיקער וואָס קומען פון דעם לאַנד וואו מען שערט זיי, אָדער שטיקער פלאַקס, צי די לאַנגע שטיקער (לשונות, צונגן, ווייל זיי זענען רויט און זעען אויס ווי צונגן) פון פּורפּור־געפאַרבטן וואָל. אין טייל משנות איז ניט פאַראַן די ווערטער „דברי ר' מאיר", „אזוי זאָגט ר' מאיר", און עס ווייזט אויס, אז אויך דער ברטנורא האָט זיי ניט געהאַט אין זיין משנה.** ר' יהודה זאָגט, אז יעדע (זאך) וואָס האָט א ענדערונג (וואָס זעט ניט אויס ווי געוויינטליך אזא זאך זעט אויס), דאַרף מען אויסרופן: ווי אזוי (וואָס מיינט מען א זאך מיט א ענדערונג)? אויב ער האָט געפינען א קנויל (פייגן) און אין אים האָט געשטעקט א (שטיקל) שערבל, אָדער א ברויט און אין אים איז געווען געלט (א מטבע). **מען דאַרף וועגן דעם אויסרופן, ווייל דער בעל הבית קאָן געבן דעם סימן אז עס איז געווען א שערבל אָדער די מטבע.** ר' שמעון בן אלעזר זאָגט, אז אלע נייע קליידער (כלי אנפוריא) דאַרף מען ניט אויסרופן. **די גמרא זאָגט, אז מען מיינט אזעלכע נייע קליידער וואָס זייער בעל הבית האָט נאָכניט זיי גוט אָנגעקוקט און ער קאָן זיי ניט דערקענען, ער האָט ניט אין זיי**

פֵּירוֹת בְּכֵלִי, אוֹ כְלִי כְּמוֹת שֶׁהוּא, מָעוֹת בְּכִיס, אוֹ כִיס כְּמוֹת שֶׁהוּא, צִבּוּרֵי פֵירוֹת, צִבּוּרֵי מָעוֹת, שְׁלֹשָׁה מַטְבְּעוֹת זֶה עַל גַּב זֶה, כְּרִיכוֹת בִּרְשׁוּת הַיָּחִיד, וְכִכָּרוֹת שֶׁל בַּעַל הַבַּיִת, וְגִזֵּי צֶמֶר הַלְּקוּחוֹת מִבֵּית הָאוּמָן, כַּדֵּי יַיִן, וְכַדֵּי שֶׁמֶן, הֲרֵי אֵלּוּ חַיָּב לְהַכְרִיז: ג מָצָא אַחַר הַגַּפָּה, אוֹ אַחַר הַגָּדֵר, גּוֹזָלוֹת מְקֻשָּׁרִין, אוֹ בַּשְּׁבִילִין שֶׁבַּשָּׂדוֹת, הֲרֵי זֶה לֹא יִגַּע בָּהֶן, מָצָא כְלִי בָּאַשְׁפָּה, אִם מְכֻסֶּה לֹא יִגַּע בּוֹ, אִם מְגֻלֶּה נוֹטֵל וּמַכְרִיז.

**קיין „טביעת עין״. דאס וואָרט „אנפוריא״ טייטשט רשי פון „אין פה ראיה״, „עס איז ניט פאראן דאָ קיין זעען״. ר׳ בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך״ זאָגט אז אין גריכיש מיינט עס „קליידער צום האנדל״, און ער מיינט דערמיט מסתמא דאָס וואָרט „עמפּאָריא״. אָבער זיין מיינונג איז ניט זיכער.**

ב. ואלו, און די דאָזיקע דארף ער (דער געפינער) אויסרופן: אויב ער האָט געפינען פרוכטן אין א כלי, אָדער א כלי אזוי ווי זי איז (אָן פרוכטן אינווייניק), געלט אין א בייטל, אָדער א בייטל אזוי ווי ער איז (אָן געלט אינווייניק), בערגלעך פרוכטן אָדער בערגלעך געלט, דריי מטבעות איינע (ליגן) אויף דער אנדערער, קליינע בינטלעך תבואה אין רשות היחיד (אין א זייטיק ווינקל, וואו מענטשן גייען ניט און טרעטן ניט אויף זיי) און ברויטן (וועלכע זענען געבאקן) פון א בעל הבית (א פריוואטן מענטש, ניט פון א בעקער), און שטיקער וואָל וואָס ווערן גענומען פון בעל מלאכה׳ס הויז, קרוגן מיט ווייך און קרוגן מיט אייל, — די דאָזיקע דארף ער (דער געפינער) אויסרופן. **מחמת די כלי האָט א סימן; און בערגלעך פרוכטן אָדער בערגלעך געלט, זענען דאָך אוועקגעלייגט געוואָרן, קאָן דער בעל הבית זאָגן א סימן אָדער דאָס אָרט, וואו ער האָט עס אוועקגעלייגט, אָדער די צאָל, וויפיל פרוכטן און וויפיל מטבעות. דאָס זעלביקע איז ביי דריי מטבעות איינע אויף דער אנדערער, קאָן דער בעל הבית זאָגן אז עס זענען געווען דריי מטבעות און זיי זיינען געלעגן איינע אויף דער אנדערער. אויך בינטלעך תבואה אין א זייטיק ווינקל, ווייל זיי ווערן ניט צעטרעטן האָט דער בעל הבית א סימן אין די בינטלעך. ברויטן פון א בעל הבית האָבן א סימן, ווייל יעדער בעל הבית האָט זיין פאָרם, אין וועלכער ער באקט ברויט. שטיקער וואָל פון א בעל מלאכה׳ס הויז האָבן א סימן, מחמת יעדער בעל מלאכה קנוילט זיי אנדערש. אויך קרוגן וויין און קרוגן אייל האָבן א סימן אין די קרוגן.**

ג. מצא, אויב איינער האָט געפינען הינטער א ווענטל (פון האָלץ צי פון שטעקעלעך), אָדער הינטער א צוים, געבינדענע טייבעלעך (מיט צוגעבינדענע פליגלן, און זיי קאָנען ניט פליען), אָדער (ער האָט זיי געפינען) אין די סטעזשקעלך אין די פעלדער, זאָל ער זיי ניט אָנרירן. **ווייל זיי הייסן אביסל געהיטן, און עס איז מעגליך, אז זייער בעל הבית האָט זיי דאָרט אוועקגעלייגט, און אויב ער וועט זיי נעמען וועט דער בעל הבית ניט קאָנען זיי אָפּנעמען, ווייל ער האָט ניט אין זיי קיין סימן.** מצא כלי, אויב איינער האָט געפינען א כלי אין א מיסט־בערגל (אשפה), איז אויב זי איז צוגעדעקט (מיט דעם מיסט), זאָל ער זי ניט אָנרירן (ניט נעמען). **ווייל דאָס הייסט ניט קיין פארלוירענע זאך, און מסתמא האָט איר בעל הבית זי דאָרט באהאלטן.** אם מגולה, אויב זי איז אָפּגעדעקט, זאָל ער זי נעמען און אויסרופן. **די תורה (דברים כ״ב) זאָגט אז מען זעט א פארלוירענע זאך, טאָר מען זי ניט לאָזן ליגן („לא תוכל להתעלם״), נאָר מען מוז זי נעמען, און באמיען זיך אָפּצוגעבן זי צום בעל הבית. דאָס איז די מצוה פון „השבת אבידה״, אָפּצוגעבן א פארלוירענע זאך. זאָגט די משנה אז אויב די כלי איז אָפּגעדעקט מוז ער נעמען און אויסרופן.** מצא בגל, אויב איינער האָט געפינען (א זאך) אין א (אלטן) הויפן שטיינער (גל, אונטער א חורבה־קופּע) אָדער אין אן אלטער וואנט, געהערט עס צו אים. **אפילו דער הויפן שטיינער**

מָצָא בַגַּל אוֹ בְכוֹתֶל יָשָׁן, הֲרֵי אֵלּוּ שֶׁלּוֹ. מָצָא בְכוֹתֶל חָדָשׁ, מֵחֶצְיוֹ וְלַחוּץ, שֶׁלּוֹ, מֵחֶצְיוֹ וְלִפְנִים, שֶׁל בַּעַל הַבַּיִת. אִם הָיָה מַשְׂכִּירוֹ לַאֲחֵרִים, אֲפִלּוּ מָצָא בְּתוֹךְ הַבַּיִת הֲרֵי אֵלּוּ שֶׁלּוֹ: ד מָצָא בַחֲנוּת הֲרֵי אֵלּוּ שֶׁלּוֹ, בֵּין הַתֵּיבָה וְלַחֶנְוָנִי הֲרֵי אֵלּוּ שֶׁל חֶנְוָנִי, לִפְנֵי שׁוּלְחָנִי הֲרֵי אֵלּוּ שֶׁלּוֹ, בֵּין הַכִּסֵּא וְלַשּׁוּלְחָנִי הֲרֵי אֵלּוּ לַשּׁוּלְחָנִי. הַלּוֹקֵחַ פֵּירוֹת מֵחֲבֵרוֹ,

און די אלטע וואנט געהערן צו אן אנדער מענטש, פונדעסטוועגן געהערט די מציאה צום געפינער. ווייל דער געפינער קאָן טענהן, אז דאָס איז א זאך פון די גאָר אלטע צייטן, ווען די יידן זענען אריינגעקומען קיין ארץ ישראל, און די פריערדיקע גויאי־שע איינוואוינער פון לאנד, די אמוריים, האָבן באהאלטן זאכן אונטער די הורבות און אין ווענט. אָבער דאָס איז נור אז די זאך איז פארזשאווערט און מען דערקענט אז עס ליגט שוין א לאנגע צייט. מצא בכותל חדש, אויב איינער (ראובן) האָט געפי־נען א זאך אין א (לאָך פון) א נייער וואנט (און די וואנט איז פון א הויז וואָס געהערט צו שמעון), איז אויב (די זאך איז געלעגן) פון דער העלפט אין דרויסן ארויס (אין דער העלפט גרעב פון דער וואנט וואָס איז צום דרויסן ארויס) געהערט עס צו אים (צום געפינער), און אויב פון דער העלפט אינווייניק אריין (אין דער העלפט גרעב צום הויז צו) געהערט עס צום בעל הבית. ווייל אויב די זאך איז נענטער צו דער עפנונג פון לאָך אין דרויסן ארויס קאָן זיין, אז די זאך האָט דאָרט אוועקגעלייגט א פרעמדער מענטש פון דער גאס, און זי געהערט דאריבער צום געפינער. אָבער אויב זי איז נענטער צו דער לאָך־עפנונג אין הויז נעמט מען אָן אז ס'איז דעם בעל הבית'ס פון הויז. אם היה, אויב ער (דער בעל הבית) האָט פריער פארדינגן דאָס הויז צו אנדערע מענטשן, איז אפילו ער האָט (די זאך) געפונען אין הויז געהערט עס צו אים (צום געפינער). תוספות זאָגט, אז עס מוז זיין אזוי אז מען זאָל דערקענען, אז די זאך איז א פארלוירענע זאך, און ווייל עס זענען געווען פריער אין הויז אנדערע מענטשן, געהערט עס ניט צום בעל הבית נאָר צום געפינער.

ד. מצא, אז איינער האָט געפונען אין א געוועלב (א זאך וואָס האָט ניט קיין סימן, למשל געלט), געהערט עס צו אים (צום געפינער). מען זאָגט ניט אז דער בעל הבית פון געוועלב, דער קרעמער, האָט עס פארלוירן, נאָר מען נעמט אָן אז איינער פון די פרעמדע מענטשן וואָס קומען איז געוועלב, האָט עס פארלוירן. בין התיבה, אויב ער האָט עס געפונען) צווישן דעם קאסטן און דעם קרעמער, געהערט עס צום קרעמער. אין געוועלב שטייט דער קרעמער הינטער א לאנגן קאסטן, אויף וועלכן ער דערלאנגט די סחורה און נעמט דאָס געלט. ווייל דאָרט, הינטער דעם קאסטן, קומט קיין פרעמדער ניט צו, נעמט מען אָן, אז דער קרעמער האָט עס פארלוירן. לפני שולחני, אויב (איינער האָט געפונען געלט) פאר דעם געלט־טוישער, געהערט עס צו אים (צום געפינער). „שולחני" הייסט איינער וואָס טוישט אויס געלט, גרויסע אויף קליינע, קליינע אויף גרויסע, פרעמדע מטבעות אויף היימישע. דער געלט־טוישער האָט א טיש אויף וועלכן די פרעמדע מענטשן לייגן זייער געלט צום טוישן; דערפון איז דאָס וואָרט „שולחני", פון „שולחן", טיש. אין דער משנה הייסט טיילמאָל דער טיש פון טוישער אויך „כסא", א שטול. זאָגט די משנה אז אויב מ'האָט געפונען געלט פאר דעם געלט־טוישער (די גמרא זאָגט אז אפילו אויפן טיש) געהערט עס צום געפינער, און מען נעמט אָן אז דאָס איז געלט וואָס פרעמדע מענטשן האָבן פאר־געסן, ווייל אויב עס וואָלט געווען דעם געלט־טוישער'ס וואָלט עס געדארפט ליגן צווישן טיש און דעם געלט־טוישער. בין הכסא, (אויב דאָס געלט איז געפונען גע־וואָרן) צווישן דער שטול (דעם טיש) און דעם געלט־טוישער, געהערט עס צום געלט־טוישער. ווייל דאָרט קומען ניט צו די פרעמדע מענטשן. הלוקח, אז איינער

אוֹ שֶׁשָּׁלַח לוֹ חֲבֵרוֹ פֵּירוֹת, וּמָצָא בָהֶן מָעוֹת הֲרֵי אֵלּוּ שֶׁלּוֹ אִם הָיוּ צְרוּרִין נוֹטֵל וּמַכְרִיז: ה אַף הַשִּׂמְלָה הָיְתָה בִּכְלָל כָּל אֵלֶּה, לָמָּה יָצָאת? לְהַקִּשׁ אֵלֶיהָ, לוֹמַר לָךְ, מַה שִּׂמְלָה מְיוּחֶדֶת שֶׁיֵּשׁ בָּהּ סִימָנִים, וְיֵשׁ לָהּ תּוֹבְעִים, אַף כָּל דָּבָר שֶׁיֵּשׁ בּוֹ סִימָנִים, וְיֵשׁ לוֹ תוֹבְעִים, חַיָּב לְהַכְרִיז: ו עַד מָתַי חַיָּב לְהַכְרִיז? עַד כְּדֵי שֶׁיֵּדְעוּ בוֹ שְׁכֵנָיו, דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, שָׁלֹשׁ רְגָלִים. וְאַחַר הָרֶגֶל הָאַחֲרוֹן שִׁבְעָה יָמִים.

(ראובן) קויפט פרוכטן פון אן אנדערן (פון שמעון), אָדער דער אנדערער (שמעון) האָט אים (ראובנען) געשיקט פרוכטן, (און) ער (ראובן) האָט געפונען אין זיי געלט, איז עס זיינס. **די גמרא זאָגט, אז מען מיינט דאָ אז שמעון איז א סוחר און האָט געקויפט די פרוכטן ביי אנדערע מענטשן, און ווייל געלט האָט ניט קיין סימן, קאָן מען ניט וויסן וועמענס געלט עס איז. אָבער אויב שמעון איז א לאנדווירט און די פרוכטן האָט ער גענומען פון זיין פעלד, דארף ראובן אָפּגעבן שמעונען דאָס געלט, ווייל זיי זענען דאָך זיכער שמעון'ס.** אם היו, אויב דאָס געפונענע געלט) איז געווען איינגעבינדן, דארף ער (ראובן) נעמען און אויסרופן. **ווייל דאָס איינבינדן איז א סימן, אָדער עס איז א סימן וויפיל געלט עס איז געווען צוזאמענגעבינדן; דאריבער קאָן קומען דער בעל הבית פון געלט און געבן דעם סימן און אָפּנעמען עס.**

ה. אף השמלה, אויך דאָס קלייד (שמלה) איז געווען אין כלל פון די אלע (זאכן), פארוואָס איז דאָס (קלייד) ארויסגענומען געוואָרן (יצתה, ארויסגעגאנגען פון כלל)? **די תורה זאָגט אין דברים כ"ב, א', אז ווען מען געפינט א פארלוירענע זאך וואָס געהערט צו אן אנדערן, טאָר מען עס ניט לאָזן ליגן און זיך מאכן ניט וויסנדיק („לא תוכל להתעלם"), נאָר מען מוז זי נעמען און אָפּגעבן צו איר בעל הבית („השב תשיבם"). אין פסוק ג' זאָגט דאָרט די תורה „וכן תעשה לשלמתו וכן תעשה לכל אבדת אחיך", „און אזוי זאָלסטו טאָן צו זיין קלייד, און אזוי זאָלסטו טאָן צו יעדער אבידה פון דיין ברודער". פרעגט די משנה די קשיא: סטייטש דאָס קלייד, די „שמלה", איז דאָך אין כלל פון „יעדער אבידה פון דיין ברודער", פארוואָס-זשע האָט די תורה ארויסגענומען דאָס קלייד און עס דערמאָנט באזונדער?** להקיש, (די תורה האָט דערמאָנט קלייד) כדי צוצוגלייכן צו איר (אלע אנדערע זאכן, און) צו זאָגן דיר (צו לערנען), אז אזוי ווי א קלייד איז באקאנט דערמיט, וואָס זי האָט סימנים (יעדעס קלייד האָט א סימן, ווי עס זעט אויס) און האָט מאנערס (א בעל הבית וואָס וויל דאָס קלייד צוריק), אזוי איז (נור) וועגן יעדער זאך, וואָס האָט א סימן און האָט א מאָנער דארף מען אויסרופן: **אָבער אויב מען געפינט א זאך וואָס האָט ניט קיין סימן אָדער מען פארשטייט אז דער בעל הבית האָט זיך דערפון מייאש געווען און דאריבער מאָנט ער עס ניט מער, דארף מען ניט אויסרופן, נאָר זי געהערט צום געפינער.**

ו. ועד מתי, און ביז ווי לאנג דארף ער (דער געפינער) אויסרופן? **די משנה פרעגט, ווי לאנג דארף איינער ווען ער געפינט א פארלוירענע זאך אויסרופן אז ער האָט זי געפונען?** עד שידעו, ביז עס זאָלן וועגן דעם געוואויר ווערן זיינע שכנים, אזוי זאָגט ר' מאיר. **מען מיינט ניט דאָ די שכנים פון דעם מענטשן וועלכער האָט די מציאה געפינען, נאָר די שכנים וועלכע וואוינען ארום דעם אָרט וואו ער האָט די מציאה געפונען; מחמת עס קאָן דאָך זיין א פאל ווען א פרעמדער מענטש פון אן אנדער אָרט האָט דאָס געפונען.** ר' יהודה זאָגט, אז זיבן ימים טובים, און נאָכן לעצטן יום טוב זיבן טעג, כדי ער (דער בעל הבית פון דער פארלוירענער זאך וועלכער וועט הערן אז מען האָט אזא זאך געפונען) זאָל (נאָכן לעצטן יום טוב ווען ער איז געקומען אין בית המקדש עולה רגל זיין און האָט דאָרט געהערט דאָס אויסרופן) אהיימגיין דריי טעג (עס זאָל דויערן דער וועג פון בית המקדש צו אים א היים

**כְּדֵי שֶׁיֵּלֵךְ לְבֵיתוֹ שְׁלשָׁה, וְיַחֲזִיר שְׁלשָׁה, וְיַכְרִיז יוֹם אֶחָד: ז אָמַר אֶת הָאֲבֵדָה וְלֹא אָמַר אֶת סִימָנֶיהָ, לֹא יִתֵּן לוֹ. וְהָרַמַּאי אַף עַל פִּי שֶׁאָמַר סִימָנֶיהָ, לֹא יִתֵּן לוֹ. שֶׁנֶּאֱמַר עַד דְּרֹשׁ אָחִיךָ אוֹתוֹ, עַד שֶׁתִּדְרוֹשׁ אֶת אָחִיךָ אִם רַמַּאי הוּא אִם אֵינוֹ רַמַּאי. כָּל דָּבָר שֶׁעוֹשֶׂה וְאוֹכֵל, יַעֲשֶׂה וְיֹאכֵל. וְדָבָר שֶׁאֵינוֹ עוֹשֶׂה וְאוֹכֵל יִמָּכֵר, שֶׁנֶּאֱמַר וַהֲשֵׁבֹתוֹ לוֹ, רְאֵה הֵיאַךְ תְּשִׁיבֶנּוּ לוֹ. מַה יְּהֵא בַּדָּמִים? רַבִּי טַרְפוֹן אוֹמֵר, יִשְׁתַּמֵּשׁ בָּהֶן, לְפִיכָךְ אִם אָבְדוּ חַיָּב בְּאַחֲרָיוּתָן, רַבִּי עֲקִיבָא אוֹמֵר, לֹא**

דריי טעג) און (ווען ער געפינט אויס אין דער היים אז ער האָט די זאַך פארלוירן) זאָל ער צוריקגיין (אין בית המקדש) דריי טעג, און זאָל אויסרופן (אז ער האָט פאר־לוירן די זאַך) איין טאָג. ר׳ יהודה לערנט דעם דין **ר׳ יהודה לערנט דעם דין ווענן דער צייט ווען דאָס בית המקדש איז געשטאנען און מען פלעגט קומען אויף די ימים טובים, פסח, שבועות און סוכות, אין בית המקדש פון אומעטום. נאָכן חורבן בית המקדש האָט מען מתקן געווען, אז מען זאָל אויסרופן אין די שולן און בתי מדרשים. און זינט עס האָבן זיך באוויזן שלעכטע גוואַלטזאמע מענטשן (אנסים) וועלכע האָבן געזאָגט, אז מען דארף מציאות אוועקגעבן צום מלך, האָט מען מתקן געווען, אז מען זאָל מודיע זיין צו שכנים און באַקאנטע און דערמיט איז מען יוצא.**

ז. אָמר, אויב (דער וועלכער טענה׳ט אז ער האָט פארלוירן די זאַך) האָט געזאָגט די מציאה (וואָס די זאַך איז, למשל אז עס איז א קלייד) אָבער ער האָט ניט געזאָגט אירע סמנים, זאָל ער (דער געפינער) איס ניט געבן. **ווייל עס קאָן זיין אז ער האָט צופעליק געטראָפן וואָס די זאַך איז. אן אנדערער טייטש אין דער גמרא איז, אז ער האָט געזאָגט די סימנים נאָר ניט די שטאַרקע סימנים.** והרמאי, און א שווינדלער (אויב דער וואָס טענה׳ט אז ער האָט פארלוירן די זאַך איז באוואוסט פאר א שווינדלער), איז כאָטש ער האָט געזאָגט אירע סימנים (די סימנים פון דער מציאה) זאָל ער אים ניט געבן, ווארום עס ווערט געזאָגט (דברים כ״ב) „עד דרוש אחיך אותו״ „ביז דיין ברודער וועט אים פארלאנגען״. (טייטשט די משנה אז דאָס מיינט) ביז דו וועסט אויספאָרשן (תדרוש) דיין ברודער צי ער איז א שווינדלער צי ער איז ניט קיין שווינדלער. **מען נעמט אָן אז א שווינדלער האָט צופעליק געקאָנט הערן פון אן אנדערן אז עס איז פארלוירן געוואָרן אזא זאַך מיט אזעלכע סימנים, און ער קומט אָפּנעמען די זאַך.** — כל דבר, יעדע זאַך (וואָס איינער געפינט און ער דארף אויסרופן כדי דער בעל הבית זאָל קומען אָפּנעמען) וואָס ארבייט און עסט (למשל אן אָקס, ארבייט און פארדינט זיין עסן, און עס עסט) זאָל ארבייטן און עסן. **דער געפינער טאָרניט פארקויפן דעם אָקס און דערנאָך אָפּגעבן דעם בעל הבית דאָס געלט, ווייל יעדער מענטש וויל האָבן זיין בהמה, וועלכע ער קען שוין.** ודבר, און א זאַך וואָס ארבייט ניט (און פארדינט זיך ניט דאָס עסן) אָבער עס עסט (למשל קעלבער צום פאשן) זאָל ער פארקויפן, ווארום עס ווערט געזאָגט (דברים כ״ב) „והשבותו לו״, „און דו זאָלסט איס עס (די מציאה) אָפּגעבן״ (און דער טייטש) „גיב אכטונג ווי אזוי דו זאָלסט אים אָפּגעבן״. **מחמת א זאַך וואָס פארדינט ניט און עסט, קאָן זי דאָך אויפעסן וויפיל זי איז ווערט און דער בעל הבית וועט גאָרניט קריגן. דאריבער דארף מען זי פארקויפן. די גמרא ברענגט א ברייתא וואָס לערנט וויפיל איז די צייט פאר יעדער לעבעדיקער זאַך צו האלטן. למשל אן אָקס 12 חדשים, גרויסע קעלבער צום פאשן 3 טעג, און אזוי ווענן אנדערע לעבעדיגע זאַכן.** מה יהא, וואָס זאָל זיין מיט דעם געלט? **די משנה פרעגט, וואָס זאָל דער געפינער פון א לע־בעדיקער זאַך וואָס מען הייסט פארקויפן טאָן מיט דעם געלט?** ר׳ טרפון זאָגט, אז ער מעג נוצן דאָס געלט, דאריבער אויב דאָס (געלט) איז פארלוירן געוואָרן איז ער

יִשְׁתַּמֵּשׁ בָּהֶן, לְפִיכָךְ אִם אָבְדוּ אֵינוֹ חַיָּב בְּאַחֲרָיוּתָן: ח מָצָא סְפָרִים, קוֹרֵא בָהֶן אַחַת לִשְׁלֹשִׁים יוֹם. וְאִם אֵינוֹ יוֹדֵעַ לִקְרוֹת, גּוֹלְלָן. אֲבָל לֹא יִלְמוֹד בָּהֶן בַּתְּחִלָּה, וְלֹא יִקְרָא אַחֵר עִמּוֹ. מָצָא כְסוּת, מְנַעֲרָהּ אַחַת לִשְׁלֹשִׁים יוֹם וְשׁוֹטְחָהּ לְצָרְכָּהּ אֲבָל לֹא לִכְבוֹדוֹ. כְּלֵי כֶסֶף וּכְלֵי נְחוֹשֶׁת מִשְׁתַּמֵּשׁ בָּהֶן לְצָרְכָּן אֲבָל לֹא לְשַׁחֲקָן. כְּלֵי זָהָב וּכְלֵי זְכוּכִית לֹא יִגַּע בָּהֶן עַד שֶׁיָּבֹא אֵלִיָּהוּ. מָצָא שַׂק אוֹ קֻפָּה וְכָל דָּבָר שֶׁאֵין דַּרְכּוֹ

פאר דעם פאראנטוואָרטליך. אפילו ער האָט ניט גענוצט דאָס געלט, נאָר ווייל ער מעג עס נוצן, איז עס אזוי ווי ער וואָלט עס גענוצט, און אויב עס ווערט פארלוירן דארף ער דערפאר באצאָלן. ר׳ עקיבא זאָגט, אז ער זאָל דאָס (געלט) ניט נוצן, דארי־בער אויב ס׳איז געוואָרן פארלוירן איז ער ניט פאראנטוואָרטליך. די גמרא זאָגט אז אויב מען געפינט געלט איז אויך ר׳ טרפון מודה, אז מען טאָר עס ניט נוצן.

ח. מצא, אויב איינער האָט געפונען ספרים (און ער האלט זיי ביז זייער בעל הבית וועט קומען זיי אָפּנעמען, זאָל ער אין זיי ליינען איינמאָל אין דרייסיק טעג. כדי ער זאָל זיי עפנען און זיי זאָלן ניט פארשימלט ווערן. ואם, און אויב ער קען ניט ליינען, זאָל ער זיי אויפוויקלען. אין דער צייט פון דער משנה זענען געווען געשריבן נור די ספרים פון תנך, און געשריבן זענען זיי געווען געוויינטליך אויף פּארמעט און מען האָט זיי איינגעוויקלט, אזוי ווי היינט א ספר תורה אָדער די מגילה. זאָגט די משנה אז איינמאָל אין 30 טעג זאָל ער זיי אויפוויקלען. אָבל. אָבער ער טאָרניט לער־נען אין זיי (א ענין) צום ערשטן מאָל. ער מעג לערנען נור אזא זאך וואָס ער האָט שוין איינמאָל געלערנט. מחמת ביי א נייעם ענין וועט ער זיך מטריח זיין מער און מער באנוצן דאָס ספר און עס וועט קאליע ווערן. ולא יקרא, און אן אנדערער (מענטש) זאָל ניט מיטליינען מיט אים. מחמת ווען 2 מענטשן לערנען צוזאמען פון איין ספר ציט איינער אהער און דער אנדערער אהין, און דאָס ספר וועט צוריסן ווערן. מצא כסות,, אז איינער געפינט א קלייד (א מלבוש) זאָל ער עס אויסשאָקלען (אויסלופטערן, מנערה) איינמאָל יעדע דרייסיק טעג. כדי די מילבן זאָלן עס ניט אויפעסן. ושוטחה, און ער מעג עס אויסשפרייטן פאר דעם (קלייד׳ס) טובה וועגן (כדי עס זאָל זיך אויס־לופטערן), אָבער ניט פאר זיין (דעם געפינער׳ס) טובה וועגן. למשל אויספּוצן זיין שטוב מיט דעם קלייד. כלי כסף, (אויב איינער געפינט) זילבערנע אָדער קופערנע זאכן מעג ער זיי נוצן פאר זייערט וועגן. מחמת כדי אָפּצוהיטן אזעלכע זאכן דארף מען זיי באגראָבן אין דער ערד, און אזוי ווי זיי קאָנען דאָרט פארזשאווערט ווערן, דארף מען זיי פון צייט צו צייט ארויסנעמען און זיי נוצן. אבל לא, אָבער ער טאָר ניט (זיי נוצן צופיל אזוי אז) זיי זאָלן ווערן אויסגעריבן. ער מעג זיי נוצן נאָר אביסל. כלי זהב, אויב ער האָט געפונען) גאָלדענע אָדער גלעזערנע זאכן, זאָל ער זיי ניט אָנרירן (ניט נוצן זיי) ביז אליהו (הנביא) וועט קומען. ווייל גאָלד און גלאָז ווערן ניט פארזשאווערט, און בנוגע גלאָז איז אויך מורא צו האָבן טאָמער וועלן זיי צע־בראָכן ווערן. וועגן אויסדרוק „ביז אליהו וועט קומען״ זע פריער פרק א׳ משנה ט׳. מצא שק, אז איינער האָט געפונען א זאק אָדער א קויש, און (בכלל) יעדע זאך וואָס עס איז ניט זיין (דעם געפינערס) שטייגער צום נעמען (עס פאסט אים ניט דאָס צו טראָגן) זאָל ער ניט נעמען. די משנה לערנט, אז דאָס וואָס די תורה זאָגט (דברים כ״ב) „לא תוכל להתעלם״, אז מען טאָר ניט זיך מאכן ניט וויסנדיק ווען מען זעט ליגן א פארלוירענע זאך, נאָר מען מוז עס נעמען און בעמיען זיך אָפּצוגעבן צום בעל הבית, מיינט מען נור ווען עס איז דער שטייגער פון אזא געפינער צו טראָגן אזא זאך; אָבער א זאך וואָס אים פאסט ניט צו טראָגן ווייל ער איז א אדם חשוב, א עלטערער מאַן, דארף ער ניט נעמען, און די גמרא לערנט עס אָפּ פון פסוק דאָרט „והתעלמת מהם״, אז טיילמאָל קאָן מען זיך מאכן ניט ווילסנדיק.

לִטּוֹל, הֲרֵי זֶה לֹא יִטּוֹל: **ט** אֵיזוֹ הִיא אֲבֵדָה? מָצָא חֲמוֹר אוֹ פָרָה רוֹעִין בַּדֶּרֶךְ, אֵין זוֹ אֲבֵדָה. חֲמוֹר וְכֵלָיו הֲפוּכִין, פָּרָה רָצָה בֵּין הַכְּרָמִים, הֲרֵי זוֹ אֲבֵדָה. הֶחֱזִירָהּ וּבָרְחָה, הֶחֱזִירָהּ וּבָרְחָה, אֲפִלּוּ אַרְבָּעָה וַחֲמִשָּׁה פְעָמִים, חַיָּב לְהַחֲזִירָהּ, שֶׁנֶּאֱמַר הָשֵׁב תְּשִׁיבֵם. הָיָה בָטֵל מִסֶּלַע, לֹא יֹאמַר לוֹ, תֶּן לִי סֶלַע, אֶלָּא נוֹתֵן לוֹ שְׂכָרוֹ כְּפוֹעֵל בָּטֵל. אִם יֵשׁ שָׁם בֵּית דִּין מַתְנֶה בִּפְנֵי בֵית דִּין. אִם אֵין שָׁם בֵּית דִּין בִּפְנֵי מִי

ט. איזו היא, וואָס הייסט א פאַרלוירענע זאַך (אבדה)? **ווי אזוי דערקענט מען אַז די זאַך איז געוואָרן פאַרלוירן, און מען איז מחויב זי צונעמען און צוריקגעבן צום בעל הבית?** מצא, אויב איינער האָט געפינען אן אייזל אָדער א קי פאַשן זיך אויפן וועג, איז עס ניט קיין פאַרלוירענע זאַך. **מען דאַרף ניט זי אוועקפירן צום בעל הבית, ווייל עס איז דער שטייגער פון א בעל הבית צו לאָזן א בהמה פאַשן זיך אויף דעם גראָז אויף דעם וועג.** חמור וכליו, אויב (אָבער ער האָט געטראָפן) אן אייזל און זיינע כלים (דער זאָטל מיט די קישנס) זענען איבערגעדרייט, אָדער א קי לויפט צווישן די גערטנער, הייסט דאָס א פאַרלוירענע זאַך (אן אבידה). **צווישן די גערט־נער זענען פאַראַן זייער שמאָלע סטעשקעס, און די צוימען פון די גערטנער זענען פון שטעכיקע דערנער, און א בעל הבית וועט ניט לאָזן זיין קי לויפן דאָרט ווייל איר פיס און קערפער וועלן זיך צעשטעכן, און עס איז אָנצונעמען אַז זי האָט פאַר־בלאָנדזשעט.** החזירה, אויב ער (דער געפינער) האָט זי (די קי) צוריקגעבראַכט (צו איר בעל הבית) און זי איז (ווידער) אנטלאָפן, און ער (האָט זי ווידער געפינען און) צוריקגעבראַכט און זי איז (ווידער) אנטלאָפן, אפילו פיר און פינף מאָל (און דער־זעלביקער מענטש האָט זי כסדר געפינען) איז ער מחויב צוריקצוברענגען זי (צו איר בעל הבית), ווייל עס ווערט געזאָגט (דברים כ״ב) „השב תשיבם״, „צוריקברענגען זאָלסטו זיי צוריקברענגען״. **די מצוה פון „השבת אבדה״, צוריקצוברענגען אן אבידה האָט ניט קיין גרעניץ (די משנה זאָגט 4 אָדער 5 מאָל, און מיינט „אָן א גרעניץ״). מען לערנט עס דערפון וואָס די תורה באַנוצט א חוץ דעם וואָרט „תשובם״ אויך דעם „השב״, און דאָס מיינט א סך מאָל.** היה בטל, אויב ער (דער געפינער) האָט (אין דער צייט ווען ער איז געווען פאַרנומען מיט צוריקברענגען צום בעל הבית זיין פאַרלוי־רענע זאַך) פאַרלוירן אַרבייט־צייט פאַר א סלע (ער וואָלט דורך דער צייט געקאָנט אַרבייטן און פאַרדינען א סלע), קאָן ער אים (דעם בעל הבית) ניט זאָגן: גיב מיר א סלע״, נאָר ער באַצאָלט אים זיין באַלוינונג ווי א ניט־אַרבייטענדיקן אַרבייטער (כפועל בטל). **א „סלע״ איז געווען 4 דינר, און מען זעצט עס איבער א טאָלער. דער ברטנורא טייטשט „כפועל בטל״, אַז מען שאַצט אָפּ וויפיל וואָלט אן אַרבייטער פון א שווערער מלאכה געוואָלט אַראָפּלאָזן פון זיין פאַרדינסט, אַז ער זאָל די שווע־רע מלאכה ניט טאָן, נאָר ער זאָל טאָן די גרינגע אַרבייט פון צוריקגעבן א פאַרלוירענע זאַך, און מען באַצאָלט אים וויפיל אַזא אַרבייטער וואָלט געוואָלט.** אם יש, אויב דאָרט איז פאַראַן א בית דין (און דער געפינער וויל ניט פאַרלירן דעם סלע וואָס ער וואָלט געקאָנט פאַרדינען) זאָל ער זיך אויסנעמען פאַר דעם בית דין. **ער זאָל דערקלערן פאַר דעם בית דין, אַז ער וועט פאַרלאַנגען פון דעם בעל הבית דעם סלע, וואָס ער וואָלט געקאָנט פאַרדינען.** אם אין, אויב עס איז דאָרט ניט פאַראַן קיין בית דין, פאַר וועמען ער זאָל קאָנען זיך אויסנעמען (מאַכן די דערקלערונג), איז זיינס בילכער. **ער האָט דאָס רעכט צו לאָזן ליגן די פאַרלוירענע זאַך, און זיך פאַרנעמען מיט זיין אַר־בייט. דער ברטנורא זאָגט אַז מיט „בית דין״ מיינט מען סתם 3 מענטשן.**

י. מצאה, אויב ער האָט זי (די קי) געטראָפן אין א שטאַל (אפילו אין א ניט־פאַרמאַכטער שטאַל, און די קי קאָן פון דאָרט אַרויסלויפן) איז ער ניט מחויב (זיך

יִתֶּנָה? שֶׁלּוֹ קוֹדֵם: י מְצָאָהּ בָּרֶפֶת, אֵין חַיָּב בָּהּ. בִּרְשׁוּת הָרַבִּים, חַיָּב בָּהּ. וְאִם הָיְתָה בֵּית (בְּבֵית) הַקְּבָרוֹת לֹא יִטַּמָּא לָהּ. אִם אָמַר לוֹ אָבִיו הִטַּמֵּא אוֹ שֶׁאָמַר לוֹ אַל תַּחֲזִיר, לֹא יִשְׁמַע לוֹ. פָּרַק וְטָעַן, פָּרַק וְטָעַן אֲפִלּוּ אַרְבָּעָה וַחֲמִשָּׁה פְּעָמִים, חַיָּב. שֶׁנֶּאֱמַר עָזוֹב תַּעֲזוֹב. הָלַךְ וְיָשַׁב לוֹ וְאָמַר הוֹאִיל וְעָלֶיךָ מִצְוָה אִם רְצוֹנְךָ לִפְרוֹק פְּרוֹק, פָּטוּר, שֶׁנֶּאֱמַר

צו פארנעמען מיט איר). ווייל דאָס הייסט ניט קיין פארלוירענע זאך. **דאָס וואָרט „רפת" אלס א שטאל פאר אָקסן און קי איז פאראן אין חבקוק ג' „אין בקר ברפתים".** ברשות הרבים, (אויב ער האָט די קי געטראָפן) אין א עפנטליכן פלאַץ (אן אָרט וואָס געהערט צו אַלע מענטשן) איז ער מחויב (איר צו נעמען און אָפּצופירן צו איר בעל הבית). **דער „תוספות יום טוב" זאָגט, אז דאָס איז נור ווען מען דערקענט, אז זי איז געוואָרן פארבלאָנדזשעט.** ואם היתה, און אויב זי (די פארבלאָנדזשעטע קי) איז געווען אויף א בית הקברות (און דער געפינער איז א כהן וועלכער טאָר דאָך ניט ארויפגיין אויף א בית הקברות און טמא ווערן דורך די מתים), טאָר ער זיך ניט מטמא זיין צוליב איר. **כאָטש עס איז דאָך א מצוה פון „השבת אבידה", צוריקצוגעבן די פארלוירענע זאך, אָבער אז א כהן טאָר זיך ניט מטמא זיין צו א מת איז עס א מצות עשה פון „קדושים יהיו", „זיי זאָלן זיין הייליק" (ויקרא כ"א) און א לא תעשה „לנפש לא יטמא", „ניט מטמא צו זיין זיך צו א מת" (דאָרט ויקרא כ"א) און די מצות עשה פון „השבת אבידה" קאָן ניט דוחה זיין, אפּשטיפּן, צונישט מאכן די עשה און די לא תעשה פון כהן ניט מטמא זיין זיך צו מתים.** אם אָמר, אויב א פאָטער זאָגט צו אים (צו זיין זון א כהן) „זיי זיך מטמא (צו א מת)", אָדער (צו סתם א זון) „געב ניט אָפּ (א געפינענע זאך)", זאָל ער (דער זון) אים ניט פאָלגן. **כאָטש עס איז דאָך א מצוה צו פאָלגן א פאָטער, כיבוד, אָבער אויב דער פאָטער הייסט א זון טאָן א עבירה אָדער ניט מקיים זיין א מצוה, דארף ער אים ניט פאָלגן. מען לערנט עס אָפּ פון פסוק** (ויקרא י"ט) „איש אמו ואביו תיראו ואת שבתותי תשמורו", „**יעדער מענטש זאָל מורא האָבן פאר זיין מוטער און פאָטער, און ער זאָל היטן מיינע שבתים", אז אויב דער פאָטער הייסט אים מחלל שבת זיין אָדער טאָן אן אנדערע עבירה זאָל אים דער זון ניט פאָלגן.** — פרק וטען, אויב ער (איינער) האָט געהאָלפן אראָפּנעמען די משא (פון א פרעמדנס אייזל). און ארויפלייגן (די משא אויף א פרעמדנס אייזל), אראָפּנעמען און ארויפלייגן, אפילו פיר אָדער פינף מאָל, איז ער (ווייטער כסדר) מחויב (צו העלפן אראָפּנעמען און ארויפלייגן), ווארום עס ווערט גע־זאָגט (שמות כ"ג) „עזוב תעזוב", „העלפן זאָלסטו העלפן". **דער דאָזיקער דין אין דער משנה איז ניט וועגן א פארלוירענער זאך, נאָר וועגן דער מצוה פון „פריקה וטעינה"** (אראָפּנעמען א משא און ארויפלייגן א משא). **די תורה זאָגט** (שמות כ"ג) **אז מען זעט אן אייזל אפילו פון א שונא ווי עס בייגט זיך אונטער דער שווערער משא דארף מען אים מיטהעלפן** (עזוב תעזוב עמו), **און עס ווערט געטייטשט אז מען מוז העלפן דעם בעל הבית פון אייזל אראָפּנעמען די משא. ס'ווערט געלערנט, אז מען דארף אויך העלפן דעם בעל הבית פון אייזל ארויפלייגן א משא אויף דעם אייזל. זאָגט די משנה, אז מען דארף עס טאָן אפילו א סך מאָל, און זי לערנט עס אָפּ פון „עזוב תעזוב", אזוי ווי פריער פון „השב תשיבם".** הלך, אויב ער (דער בעל הבית פון אייזל, פון וועלכן מען דארף אראָפּנעמען די משא) איז געגאנגן און האָט זיך אוועקגעזעצט און געזאָגט (צום מענטש, וואָס איז פארבייגעגאנגן): „ווייל עס איז אויף דיר די מצוה (אראָפּצונעמען די משא) אויב דו ווילסט אראָפּנעמען נעם אראָפּ" (און דער בעל הבית פון אייזל וויל ניט מיטהעלפן), איז ער (דער פארביי־גייענדיקער מענטש) פטור (פריי פון דער מצוה אראָפּצונעמען), ווייל עס ווערט גע־זאָגט (שמות כ"ג) „עמו", „מיט אים". **דאָס הייסט, אז נור ווען דער בעל הבית אליין**

עִמּוֹ. אִם הָיָה זָקֵן אוֹ חוֹלֶה חַיָּב. מִצְוָה מִן הַתּוֹרָה לִפְרוֹק אֲבָל לֹא לִטְעוֹן. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, אַף לִטְעוֹן. רַבִּי יוֹסֵי הַגְּלִילִי אוֹמֵר, אִם הָיָה עָלָיו יֶתֶר עַל מַשָּׂאוֹ אֵין זָקוּק לוֹ, שֶׁנֶּאֱמַר תַּחַת מַשָּׂאוֹ, מַשָּׂאוֹי שֶׁיָּכוֹל לַעֲמוֹד בּוֹ: **יא** אֲבֵדָתוֹ וַאֲבֵדַת אָבִיו. אֲבֵדָתוֹ קוֹדֶמֶת. אֲבֵדָתוֹ וַאֲבֵדַת רַבּוֹ. שֶׁלּוֹ קוֹדֶמֶת. אֲבֵדַת אָבִיו וַאֲבֵדַת רַבּוֹ, שֶׁל רַבּוֹ קוֹדֶמֶת. שֶׁאָבִיו הֱבִיאוֹ לָעוֹלָם הַזֶּה. וְרַבּוֹ שֶׁלִּמְּדוֹ חָכְמָה מְבִיאוֹ לְחַיֵּי הָעוֹלָם הַבָּא. וְאִם אָבִיו חָכָם (נ״א שָׁקוּל כְּנֶגֶד רַבּוֹ) שֶׁל אָבִיו קוֹדֶמֶת. הָיָה

**נעמט אראָפּ איז מען אים מחויב מיטצוהעלפן; אָבער ניט ווען דער בעל הבית זיצט ליידיק.** אם היה, אויב ער (דער בעל הבית פון אייזל) איז אן אלטער מאן אָדער א קראַנקער, איז ער (דער פארבייגייענדיקער מענטש) מחויב. **דאָס הייסט, אז ער איז מחויב אליין אראָפּצונעמען די משא, כאָטש דער בעל הבית העלפט ניט מיט, ווייל ער האָט ניט קיין כח.** מצוה, עס איז א מצוה פון דער תורה צו העלפן אראָפּנעמען (א משא) אָבער ניט ארויפלייגן. **די גמרא טייטשט, אז אראָפּנעמען א משא איז א מצוה צו העלפן בחינם, אָבער ארויפלייגן איז אויך א מצוה צו העלפן, אָבער מען קאָן דער־פאַר פאָדערן באַצאָלט.** ר׳ שמעון זאָגט, אז אויך ארויפלייגן. **לויט ר׳ שמעון איז א מצוה צו העלפן בחינם אויך ארויפלייגן א משא.** ר׳ יוסי הגלילי זאָגט, אז אויב עס איז פאראַן אויף אים (אויף דעם אייזל ארויפגעלייגט) מער משא וויפיל עס קאָן דערטראָגן, איז ער דער (פארבייגייענדיקער מענטש) ניט מחויב (צו העלפן אראָפּ־נעמען), ווייל עס ווערט געזאָגט (שמות כ״ה) „תחת משאו״ (ווען דאָס אייזל בייגט זיך) „אונטער זיין משא״, (און דאָס מיינט) אז אונטער זיין משא וואָס ער קאָן דער־טראָגן. **אויב אָבער דער בעל הבית האָט ארויפגעלייגט אויף אים א משא וואָס ער קאָן ניט דערטראָגן, דארף אים קיינער ניט העלפן. די הלכה איז ניט ווי ר׳ שמעון און ניט ווי ר׳ יוסי הגלילי.**

יא. אבדתו, (אויב איינער זעט) זיין אייגענע פארלוירענע זאך און א פארלוי־רענע זאך פון זיין פאָטער, איז זיין אייגענע פארלוירענע זאך פריער. **ער דארף ניט צוערשט ראַטעווען זיין פאָטערס זאך, ווייל זיין אייגענע זאך איז פריער. מען לערנט דאָס פון דברים ט״ז „אפס כי לא יהיה בך אביון״ און יעדער דארף זען אז ער זאָל ניט זיין אָרעם.** אבידתו, זיין פארלוירענע זאך און די פארלוירענע זאך פון זיין רבי, איז זיין אייגענע פארלוירענע זאך פריער. **אויך צוליב דעמזעלביקן טעם.** אבידת אביו, די פארלוירענע זאך פון זיין פאָטער און די פארלוירענע זאך פון זיין רבי, איז זיין רבי׳ס פריער. **די גמרא זאָגט, אז דאָ מיינט מען ווען דער רבי איז זיין רבי מובהק, ביי וועמען ער האָט געלערנט דאָס רוב פון זיין תורה.** שאביו, ווייל זיין פאָטער האָט אים געבראַכט אויף דער דאָזיקער וועלט (עולם הזה) און זיין רבי, וועל־כער האָט אים געלערנט חכמה פירט אים צוס לעבן אויף יענער וועלט (עולם הבא). **מיט „חכמה״ מיינט מען דאָ „חכמת התורה״, תורה.** ואם, און אויב זיין פאָטער איז א חכם, איז זיין פאָטערס (פארלוירענע זאך) פריער (פאר זיין רבי׳ס). **מיט „חכם״ מיינט מען א תלמיד חכם. אין דער משנה פון ירושלמי איז פאראַן די גירסא „ואם היה אביו שקול כנגד רבו״, „און אויב זיין פאָטער איז געווען אזוי גרויס (אין לומ־דות) ווי זיין רבי״, און די מפרשים זאָגן, אז דאָס איז די ריכטיקע גירסא.** היה אביו, אויב זיין פאָטער און זיין רבי האָבן געטראָגן משאות, זאָל ער (צוערשט) אראָפּנע־מען (די משא) פון זיין רבי, און דערנאָך (זאָל ער אראָפּנעמען די משא) פון זיין פאָטער. **מען מיינט דאָ אלץ ביי זיין רבי מובהק, דעם הויפּט־רבי.** היה אביו, אויב זיין פאָטער און זיין רבי זענען געווען (געפאנגן) אין געפאנגשאפט (בבית השבי, און מען דארף זיי אויסלייזן), זאָל ער (צוערשט) אויסלייזן זיין רבי (און דערנאָך) לייזט

אָבִיו וְרַבּוֹ נוֹשְׂאִין מַשְׂאוֹי, מַנִּיחַ אֶת שֶׁל רַבּוֹ וְאַחַר כָּךְ מַנִּיחַ אֶת שֶׁל אָבִיו. הָיָה אָבִיו וְרַבּוֹ בְּבֵית הַשֶּׁבִי, פּוֹדֶה אֶת רַבּוֹ וְאַחַר כָּךְ פּוֹדֶה אֶת אָבִיו. וְאִם הָיָה אָבִיו חָכָם, פּוֹדֶה אֶת אָבִיו וְאַחַר כָּךְ פּוֹדֶה אֶת רַבּוֹ:

# פרק ג.

א הַמַּפְקִיד אֵצֶל חֲבֵרוֹ בְּהֵמָה אוֹ כֵלִים, וְנִגְנְבוּ אוֹ שֶׁאָבְדוּ, שִׁלֵּם וְלֹא רָצָה לִשָּׁבַע שֶׁהֲרֵי אָמְרוּ שׁוֹמֵר חִנָּם נִשְׁבָּע וְיוֹצֵא נִמְצָא הַגַּנָּב מְשַׁלֵּם תַּשְׁלוּמֵי כֵפֶל, טָבַח וּמָכַר מְשַׁלֵּם תַּשְׁלוּמֵי אַרְבָּעָה וַחֲמִשָּׁה, לְמִי מְשַׁלֵּם? לְמִי שֶׁהַפִּקָּדוֹן אֶצְלוֹ. נִשְׁבַּע וְלֹא רָצָה לְשַׁלֵּם, נִמְצָא הַגַּנָּב

ער אוים זיין פאָטער; און אויב זיין פאָטער איז געווען א חכם (א תלמיד חכם) זאָל ער (צוערשט) אויסלייזן זיין פאָטער, און (דערנאָך) לייזט ער אויס זיין רבי. **אפילו דער פאָטער איז ניט אזוי גרויס אין לומדות ווי זיין רבי, דאַרף ער אויסלייז, פריער דעם פאָטער, ווייל עס איז סכנת נפשות. אזוי טייטשט דער „נימוקי יוסף״.**

## פרק ג.

א. המפקיד, אז איינער (ראובן) האָט געגעבן אן אנדערן (שמעונען צו באַהאלטן (אָפּצוהיטן בחינם) א בהמה אָדער זאכן, און מען האָט זיי צוגעגנבעט אָדער זיי זיינען פארלוירן געוואָרן, (און) ער (שמעון) האָט (געוואָלט) באצאָלן און ניט שווערן, ווארום זיי (די חכמים) האָבן דאָך געזאָגט. אז א שומר חינם (איינער וואָס היט א פרעמדנס זאכן בחינם און מען האָט די זאכן צוגעגנבעט אָדער זיי זענען פארלוירן געגאנגען) שווערט (אז מען האָט זי׳ צוגעגנבעט אָדער אז זיי זיינען פארלוירן) און ער איז פטור (צו באצאָלן), איז (דאָ ווען שמעון וויל באצאָלן און ניט שווערן) אויב דער גנב איז געפונען געוואָרן, באצאָלט ער טאָפּלט (כפל) און אויב ער האָט געשאָכטן (די בהמה) אָדער ער האָט זי פארקויפט באצאָלט ער פיר אָדער פינף מאָל אזוי פיל; צו וועמען באצאָלט ער? צו דעם ביי וועמען דער פיקדון (די באהאלטענע זאך, די בהמה אָדער די כלים) זענען געווען (צו שמעון). **מיר האָבן געלערנט אין מסכתא בבא קמא פרק ז׳ משנה א׳ אז איינער גנבעט א זאך, דאַרף ער באצאָלן דעם בעל הבית פון דער זאך טאָפּלט, כפל. אויב איינער גנבעט א שעפּסל און שעכט עס אָדער ער פארקויפט עס דאַרף ער באצאָלן 4 מאָל אזוי פיל; אויב ער גנבעט אן אָקס און ער שעכט אים אָדער ער פארקויפט אים דאַרף ער באצאָלן 5 מאָל אזוי פיל. זאָגט די משנה, אז ווייל שמעון האָט באצאָלט ראובנען פאר דער צוגעגנבעטער זאך, הייסט עס אז ער, שמעון, איז איצט דער בעל הבית פון דער זאך, און דעריבער דאַרף דער גנב באצאָלן דעם „טאָפּלט״ (כפל) און דעם „4 און 5 מאָל אזוי פיל״ (די ארבעה וחמשה) ניט ראובנען נאָר שמעונען. די גמרא זאָגט, אז ניט דוקא ווען שמעון האָט שוין באצאָלט, נאָר אפילו ער האָט נור דערקלערט ביים בית דין אז ער וויל באַצאָלן און ניט שווערן, הייסט שוין אויך אז ער איז דער בעל הבית, און ווען דער גנב איז געפונען געוואָרן דאַרף ער באצאָלן כפל און ארבעה וחמשה צו שמעונען.** נשבע ולא רצה, אויב ער (שמעון) האָט געשוואוירן און האָט ניט געוואָלט באצאָלן, (און) דער גנב איז געפונען געוואָרן, באצאָלט ער (דער גנב) טאָפּלט, (און) אויב ער האָט געשאָכטן אָדער פארקויפט, באצאָלט ער פיר־אָדער־פינף מאָל אזוי פיל; צו וועמען באצאָלט ער? צום בעל הבית פון פיקדון (צו ראובנען). **מחמת עס הייסט אז דער גנב האָט געגנבעט ביי ראובנען, ביים בעל הבית. דער „נימוקי יוסף״ זאָגט אז די משנה זאָגט פריער „או שאבדו״ „אָדער זיי זענען פארלוירן געגאנגען״, כאָטש דאביי איז דאָך ניטאָ קיין גנב און עס איז ניטאָ קיין באצאָלן כפל אָדער ארבעה וחמשה, אָבער עס איז אן אונטערשיד בנוגע דעם פאַל אויב די זאך איז שפּעטער געפונען געוואָרן און זי איז טייערער געוואָרן; לערנט די משנה אז אויב**

מְשַׁלֵּם תַּשְׁלוּמֵי כֶפֶל, טָבַח וּמָכַר מְשַׁלֵּם תַּשְׁלוּמֵי אַרְבָּעָה וַחֲמִשָּׁה, לְמִי מְשַׁלֵּם? לְבַעַל הַפִּקָּדוֹן: ב הַשּׂוֹכֵר פָּרָה מֵחֲבֵרוֹ וְהִשְׁאִילָהּ לְאַחֵר וּמֵתָה כְדַרְכָּהּ, יִשָּׁבַע הַשּׂוֹכֵר שֶׁמֵּתָה כְדַרְכָּהּ, וְהַשּׁוֹאֵל יְשַׁלֵּם לַשּׂוֹכֵר. אָמַר רַבִּי יוֹסֵי, כֵּיצַד הַלָּה עוֹשֶׂה סְחוֹרָה בְּפָרָתוֹ שֶׁל חֲבֵרוֹ? אֶלָּא תַּחֲזוֹר פָּרָה לַבְּעָלִים: ג אָמַר לִשְׁנַיִם גָּזַלְתִּי לְאֶחָד מִכֶּם מָנֶה, וְאֵינִי יוֹדֵעַ אֵיזֶה מִכֶּם, אוֹ אָבִיו שֶׁל אֶחָד מִכֶּם הִפְקִיד לִי מָנֶה, וְאֵינִי יוֹדֵעַ אֵיזֶה הוּא, נוֹתֵן לָזֶה מָנֶה וְלָזֶה מָנֶה, שֶׁהוֹדָה מִפִּי עַצְמוֹ: ד שְׁנַיִם

**שמעון האט געוואלט באצאלן, איז די טייערער־געוואָרענע זאך שמעונ׳ס, און אויב ניט, איז זי ראובנ׳ס.**

ב. השוכר, אז איינער (ראובן) האט געדינגען א קי פון אן אנדערן (פון שמעון, ער באצאלט אים געלט, אז ער זאָל קאָנען מיט דער קי ארבייטן עטליכע טעג), און ער (ראובן) האט זי (די קי) אוועקגעבאָרגט צו אן אנדערן (צו לוי), און זי איז גע־פגרט אויף א געוויינטליכן אופן (ניט צוליב דער ארבייט), זאָל דער דינגער (דער שוכר, ראובן) שווערן אז זי איז געפגרט ווי געוויינטליך, און דער באָרגער (לוי) זאָל באצאָלן (פאר דער קי) דעם דינגער (ראובנען). **כדי צו פארשטיין די משנה איז נויטיק צו וויסן דעם דין, אז אויב איינער דינגט (שוכר) א קי, ער באצאָלט פאר ארבייטן מיט איר, און די קי פגרט ביים דינגער, ביים שוכר, איז דער שוכר פטור פון באצאָלן דעם קי־בעל הבית פאר דער קי. אויב אָבער איינער באָרגט (א שואל) א קי (און ער באצאָלט ניט פאר ארבייטן מיט איר), און די קי פגרט ביים באָרגער, דארף דער באָרגער, דער שואל, באצאָלן דעם קי־בעל הבית פאר דער קי. זאָגט די משנה, אז ראובן, ווייל ער איז דאָך א דינגער, א שוכר, שווערט, אז די קי איז גע־פגרט, און ער דארף שמעונען ניט באצאָלן. אָבער לוי האט דאָך געבאָרגט די קי ביי ראובנען, ער איז דאָך א שואל, דארף ער באצאָלן פאר דער קי ראובנען. פרטים וועגן די דינים ווען א היטער בחינם (שומר חינם), א היטער באצאָלט (א שומר שכר), א דינגער (א שוכר), און א באָרגער (א שואל) דארף באצאָלן און ווען ניט און וועגן דעם גאנצן ענין פון שווערן, געפינען זיך ווייטער אין פרק ו׳ און פרק ז׳ משנה ח׳ און פרק ח׳.** אָמר, האט ר׳ יוסי געזאָגט, סטייטש ווי אזוי זאָל דער דאָזיקער (ראובן) מאכן געשעפט (פארדינען) מיט דער קי פון אן אנדערן (פון שמעון)? נאָר די קי (דאָס געלט פאר דער קי) דארף צוריקגעגעבן ווערן צו (איר) בעל הבית (צו שמעון). **ר׳ יוסי האלט, אז לוי דער באָרגער דארף באצאָלן פאר דער קי שמעונען, ווייל עס הייסט ווי ראובן האט אוועקגעבאָרגט די קי צו לוי מיט דער דערלויבניש פון שמעון, און ממילא הייסט עס ווי שמעון וואָלט אוועקגעבארגט די קי צו לוי (אזוי דערקלערט דער רא״ש).**

ג. אָמר, אויב איינער האט געזאָגט צו צוויי (מענטשן): „איך האָב צוגעגזלט פון איינעם פון אייך הונדערט גילדן (מנה) און איך וויים ניט פון וועמען פון אייך״, אָדער „דער פאָטער פון איינעם פון אייך האט ביי מיר באהאלטן הונדערט גילדן און איך וויים ניט וועלכער (וועמענס פאָטער)״, זאָל ער געבן דעם (איינעם) הונדערט גילדן און דעם (אנדערן) הונדערט גילדן, ווייל ער האט זיך אליין מודה געווען. **דאָס איז נור, ווען זיי מאָנען אים ניט ,נאָר ער דער גזלן (צי דער וואָס דער פאָטער האט ביי אים באהאלטן) וויל תשובה טאָן און אָפּגעבן די גזילה. אָבער אויב זיי מאָ־נען אים, דארף יעדער פון זיי שווערן, אז עס איז זיינע 100 גילדן, און ער גיט יעדן פון זיי צו 100 גילדן.**

ד. שנים, אויב צוויי מענטשן האָבן באהאלטן ביי איינעם, דער (איינער) פון **זיי האט באהאלטן ביי אים)** הונדערט גילדן און דער (איינער פון **זיי האט באהאלטן ביי אים)** צוויי הונדערט גילדן, דער איינער זאָגט (ביים קומען אָפּנעמען): „די צוויי

שֶׁהִפְקִידוּ אֵצֶל אֶחָד זֶה מָנֶה וְזֶה מָאתַיִם, זֶה אוֹמֵר שֶׁלִּי מָאתַיִם, וְזֶה אוֹמֵר שֶׁלִּי מָאתַיִם, נוֹתֵן לָזֶה מָנֶה, וְלָזֶה מָנֶה, וְהַשְּׁאָר יְהֵא מֻנָּח עַד שֶׁיָּבֹא אֵלִיָּהוּ. אָמַר רַבִּי יוֹסֵי, אִם כֵּן מָה הִפְסִיד הָרַמַּאי? אֶלָּא הַכֹּל יְהֵא מֻנָּח עַד שֶׁיָּבֹא אֵלִיָּהוּ: ה וְכֵן שְׁנֵי כֵלִים, אֶחָד יָפֶה מָנֶה, וְאֶחָד יָפֶה אֶלֶף זוּז, זֶה אוֹמֵר יָפֶה שֶׁלִּי, וְזֶה אוֹמֵר יָפֶה שֶׁלִּי, נוֹתֵן אֶת הַקָּטָן לְאֶחָד מֵהֶן, וּמִתּוֹךְ הַגָּדוֹל נוֹתֵן דְּמֵי קָטָן לַשֵּׁנִי, וְהַשְּׁאָר יְהֵא מֻנָּח עַד שֶׁיָּבֹא אֵלִיָּהוּ. אָמַר רַבִּי יוֹסֵי אִם כֵּן מָה הִפְסִיד הָרַמַּאי, אֶלָּא הַכֹּל יְהֵא מֻנָּח עַד שֶׁיָּבֹא אֵלִיָּהוּ: ו הַמַּפְקִיד פֵּירוֹת אֵצֶל חֲבֵרוֹ אֲפִלּוּ הֵן אֲבוּדִין,

הונדערט גילדן זענען מיינע״, און דער אנדערער זאָגט: די צוויי הונדערט גילדן זענען מיינע״, דארף ער געבן דעם איינעם הונדערט גילדן און דעם אנדערן הונ־דערט גילדן, און דאָס איבריקע (די איבערגעבליבענע הונדערט גילדן) זאָל בלייבן ליגן ביז אליהו (הנביא) וועט קומען. **דאָס הייסט אז קיינער באקומט זיי ניט און זיי בלייבן ליגן. מען מיינט דאָ אז זיי זענען געווען צוזאמען, ווען זיי האָבן באהאלטן ביי אים דאָס געלט, און ער קאָן צו זיי זאָגן, אז עס איז זייער שולד, ווייל דער פון די 200 גילדן, האָט געדארפן זיך פארזיכערן אז דער אנדערער זאָל ניט טענהן אז זיי זענען זיינע.** אָמר, האָט ר׳ יוסי געזאָגט, אויב אזוי, וואָס האָט דער שווינדלער היזק געהאט? **ער וועט דאָך קיינמאָל ניט מודה זיין אויף דעם אמת, ווארום זיינע 100 גילדן קריגט ער דאָך סיי־ווי־סיי.** אלא, נאָר (זאָגט ר׳ יוסי) אלץ (די גאנצע דריי הונדערט גילדן) זאָל בלייבן ליגן ביז אליהו וועט קומען. **ממילא וועט דער שווינדלער, וועלנ־דיק אָפּנעמען זיינע 100 גילדן, זיך מודה זיין אויף דעם אמת.**

ה. וכן, און אזוי איז אויך (אויב צוויי מענטשן האָבן געגעבן צו באהאלטן ביי איינעם) צוויי כלים, איינע איז ווערט הונדערט גילדן און איינע איז ווערט טויזנט **גילדן,** (און ווען זיי קומען אָפּנעמען) זאָגט דער (איינער פון זיי): „די (כלי) וואָס איז **מער ווערט** איז מיינע״, און דער (אנדערער פון זיי) זאָגט: „די (כלי) וואָס איז מער **ווערט** איז מיינע״, זאָל ער געבן די קלענערע (כלי וועלכע איז ווערט הונדערט **גילדן** צו איינעם פון זיי, און פון דער גרעסערער (כלי, וואָס איז ווערט טויזנט גילדן) **זאָל ער** (פארקויפנדיג זי) געבן דאָס געלט וויפיל די קלענערע איז ווערט (הונדערט גילדן) צום אנדערן, און דאָס איבריקע (די איבערגעבליבענע ניין הונדערט גילדן) זאָל בלייבן ליגן ביז אליהו וועט קומען; האָט ר׳ יוסי געזאָגט, אויב אזוי וואָס וועט דער שווינדלער היזק האָבן? נאָר אלץ זאָל בלייבן ביז אליהו וועט קומען. **עס איז דערזעלביקער דין וואָס פריער ביי די 100 און 200 גילדן, נאָר די משנה וויל לערנען אז אפילו ביי כלים, וואו מען דארף די גרעסערע כלי פארקויפן (אָדער אויב עס איז למשל א שטיק געוואנט צושניידן), און ווען מען וועט שפעטער געוואויר ווערן וועט דאָך דער בעל הבית פון דער גרויסער כלי ניט צוריקקריגן זיינס, פונדעסטוועגן האלטן די חכמים אז מען זאָל מאכן די חלוקה. וועגן אויסדרוק „עס זאָל ליגן ביז אליהו וועט קומען״, זע פריער פרק א׳ משנה ח׳.**

ו. המפקיד, אז איינער (ראובן גיט צו באהאלטן צו אנדערן (שמעונען) פרוכטן, אפילו (שמעון זעט אז די פרוכטן) ווערן קאליע (אויפגעגעסן דורך מייז אָדער זיי ווערן פארפוילט, און ראובן איז ניטאָ) זאָל ער (שמעון) זיי ניט אָנרירן. **ער טאָר זיי ניט פארקויפן אָן ראובנ׳ס וויסן, ווייל עס איז מעגליך, אז ווען ראובן וועט קומען וועט ער זאָגן אז ער וואָלט ליבערשט געוואָלט זיינע אייגענע פרוכטן, אויף וועלכע ער האָט געארבייט, אפילו עס וואָלט געבליבן פון זיי נור א קליינער טייל, איידער געלט צו קויפן זיך אנדערע פרוכטן. די גמרא זאָגט דארויף „רוצה אדם בקב שלו מתשעה קבין של חברו״, א מענטש וויל ליבערשט איין טאָפּ זיינע אייגענע ווי 9**

לֹא יִגַּע בָּהֶן. רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, מוֹכְרָן בִּפְנֵי בֵית דִּין, מִפְּנֵי שֶׁהוּא כְמֵשִׁיב אֲבֵדָה לַבְּעָלִים:

ז הַמַּפְקִיד פֵּירוֹת אֵצֶל חֲבֵרוֹ, הֲרֵי זֶה יוֹצִיא לוֹ חֶסְרוֹנוֹת, לַחִטִּין וְלָאוֹרֶז תִּשְׁעָה חֲצָאֵי קַבִּין לַכּוֹר, לַשְּׂעוֹרִין וְלַדּוֹחַן תִּשְׁעָה קַבִּין לַכּוֹר, לַכֻּסְּמִין וְלִזֶּרַע פִּשְׁתָּן שְׁלֹשָׁה סְאִין לַכּוֹר, הַכֹּל לְפִי הַמִּדָּה, הַכֹּל לְפִי הַזְּמָן. אָמַר רַבִּי יוֹחָנָן בֶּן נוּרִי, וְכִי מָה אִכְפַּת לָהֶן לָעַכְבָּרִין? וַהֲלֹא אוֹכְלוֹת בֵּין מֵהַרְבֵּה וּבֵין מִקִּמְעָא. אֶלָּא אֵינוֹ מוֹצִיא לוֹ חֶסְרוֹנוֹת אֶלָּא לְכוֹר אֶחָד בִּלְבָד. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, אִם הָיְתָה

**טעפּ פרעמדע.** רבן שמעון בן גמליאל זאָגט, אז ער זאָל זיי פארקויפן פאר בית דין, ווייל דאָס הייסט ווי צוריקגעגעבן א פארלוירענע זאך צו איר בעל הבית. **די גמרא זאָגט, אז אויב שמעון זעט, אז די פרוכטן (תבואה וכדומה) ווערן קאליע מער ווי געוויינטליך (יותר מכדי חסרונן) זענען אויך די חכמים מודה אז מען זאָל זיי פארקויפן. וויפיל עס הייסט קאליע ווערן ווי געוויינטליך (חסרונות), וועט די משנה באלד לערנען.**

ז. המפקיד, אז איינער (ראובן) באהאלט פרוכטן (פירות, פרוכטן, תבואות, געוויקסן) ביי אן אנדערן (ביי שמעון און שמעון האָט זיי אויסגעמישט מיט זיינע אייגענע פרוכטן, איז ווען ראובן קומט צוריק אָפּנעמען) קאָן ער (שמעון) אים אראָפּרעכענען פארלוסטן (חסרונות, וויפיל עס גייט געוויינטליך פארלוירן). **אזוי ווי ווען עס ליגן פרוכטן צי תבואות, ווערן זיי ווינציקער, ווייל מייז עסן אויף אביסל, קאָן שמעון ביים געבן ראובנען די פרוכטן אראָפּרעכנען די דאָזיקע פארלוסטן, די חסרונות. די משנה זאָגט דאָ וויפיל:** לחטין, ביי ווייץ און ביי (אָפּגעשיילטן) רייז (קאָן ער אים אראָפּרעכענען) ניין האלבע טעפּ (קבין) פאר יעדן כור. **א „כור" איז 30 סאה, און א סאה האָט 6 קבין („קב" ווערט געטייטשט „א טאָפּ"). א כור האָט אזוי ארום 180 טעפּ. זאָגט די משנה אז ער רעכנט אים אראָפּ 9 האלבע טעפּ, דאָס הייסט 4 און א האלבן טאָפּ פון יעדע 180 טעפּ, דאָס הייסט 2 און א האלבס פון יעדע הונדערט (2 און א האלבס פראָצענט).** לשעורין, ביי גערשטן און ביי הירזש (דוחן) ניין טעפּ פאר יעדן כור. **דאָס איז 5 פון יעדער הונדערט (5 פראָצענט).** לכוסמין, ביי שפּעלץ (כוסמין, אָרקיש) און ביי זאמען (־קערנדלעך) פון פלאקס (אין די שטעקעלעך) דריי סאה (אכצן טעפּ) פאר יעדן כור. **דאָס איז 10 פון יעדע הונדערט (10 פראָצענט).** הכל, אלץ (ווערט אראָפּגערעכנט) לויט דער מאָס און אלץ לויט דער צייט. **„לויט דער מאָס" (לפי המידה) מיינט, אז אויב עס איז געווען מער כורים, רעכנט מען אראָפּ פאר יעדן כור אזוי ווי די משנה האָט פריער געזאָגט. „לויט דער צייט" מיינט, אז מען רעכנט אראָפּ אזוי פיל ווי די משנה האָט פריער געזאָגט פאר איין יאָר, און אויב ער האָט זיי געהאלטן עטליכע יאָר רעכנט מען אראָפּ פאר יעדעס יאָר באזונדער.** אָמר, האָט ר׳ יוחנן בן נורי געזאָגט, צי איז דען די מייז אן אונטערשיד (מה איכפת להן, וואָס ארט זיי וויפיל עס איז פאראן פרוכטן און תבואה)? סטייטש זיי עסן דאָך (אזוי פיל וויפיל זיי ווילן) סיי פון א סך (פרוכטן און תבואה) און סיי פון ווינציק! נאָר ער רעכנט אים אראָפּ (פארלוסטן) ניט מער ווי פאר איין כור אליין. **אפילו עס זענען פאראן מער כורים רעכנט ער אים אראָפּ נאָר פאר איין כור, אזוי פיל ווי די משנה האָט פריער געזאָגט.** ר׳ יהודה זאָגט, אז אויב עס איז געווען א גרויסע מאָס (ער האָט אים געגעבן צו באהאלטן א סך תבואה), קאָן ער אים ניט אראָפּרעכענען קיין פארלוסטן) ווייל זי (די תבואה) קומט־צו (עס ווערט דורכן ליגן מער תבואה). **ר׳ יהודה האלט ווי ר׳ יוחנן בו נורי, אז מ׳רעכנט אראָפּ נור פאר איין כור. אָבער ער האלט, אז אויב עס איז פאראן גאָר א סך, פון 10 כורים און מער, קאָן ער אים גאָר־**

מִדָּה מְרֻבָּה, אֵינוֹ מוֹצִיא לוֹ חֶסְרוֹנוֹת, מִפְּנֵי שֶׁמּוֹתִירוֹת: **ח** יוֹצִיא לוֹ שְׁתוּת לַיַּיִן, רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, חוֹמֶשׁ. יוֹצִיא לוֹ שְׁלֹשֶׁת לוֻגִּין שֶׁמֶן לְמֵאָה, לוֹג וּמֶחֱצָה שְׁמָרִים, לוֹג וּמֶחֱצָה בֶּלַע. אִם הָיָה שֶׁמֶן מְזֻקָּק אֵינוֹ מוֹצִיא לוֹ שְׁמָרִים. אִם הָיוּ קַנְקַנִּים יְשָׁנִים אֵינוֹ מוֹצִיא לוֹ בֶּלַע. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, אַף הַמּוֹכֵר שֶׁמֶן מְזֻקָּק לַחֲבֵרוֹ כָּל יְמוֹת הַשָּׁנָה, הֲרֵי זֶה מְקַבֵּל עָלָיו לוֹג וּמֶחֱצָה שְׁמָרִים לְמֵאָה: **ט** הַמַּפְקִיד חָבִית אֵצֶל חֲבֵרוֹ וְלֹא יִחֲדוּ לָהּ הַבְּעָלִים מָקוֹם, וְטִלְטְלָהּ וְנִשְׁבְּרָה, אִם מִתּוֹךְ יָדוֹ נִשְׁבְּרָה, לְצָרְכּוֹ חַיָּב,

ניט אראָפּרעכענען, **ווייל דאָס וואָס די מייז עסן אויף פון איין כור, קומט־צו אויף די 10 כורים און מער, ווארום מען גיט צו באהאלטן די תבואה־קערנער אין זומער־צייט, ווען זיי זענען טרוקן, און מען נעמט זיי אָפּ אין דער רעגנס־צייט ווען זיי זענען פייכט** (אזוי איז צו זען פון תוספות און פון דער תוספתא). **דער ברטנורא זאָגט, אז די אלע שיעורים זענען נור געווען אין דער צייט פון דער משנה און אין ארץ ישראל, אָבער היינט רעכנט מען אראָפּ לויט ווי עס איז דער שטייגער פון די גע־וויקסן צו האָבן פארלוסטן אין דעם לאנד און לויט דער צייט.**

ח. יוציא, ער זאָל אים אראָפּרעכנען א זעקסטל ביי ווין. **אויב איינער האָט גע־געבן דעם אנדערן צו באהאלטן ווין און ער האָט עס אויסגעמישט מיט זיין אייגע־נעם ווין, רעכנט ער אים אראָפּ א זעקסטל, ווייל די ערדענע קרוגן, אין וועלכן דער ווין איז פאראן, זאפּן־איין אין זיך א זעקסטל.** ר׳ יהודה זאָגט, אז א פיפטל. **די גמרא זאָגט, אז אין ר׳ יהודה׳ס אָרט זענען די קרוגן געמאכט געווען פון אזא ערד, וואָס האָט מער איינגעזאפּט.** יוציא לו, ער קאָן אים אראָפּרעכנען דריי קוואָרט (לוגין) ביי אייל פאר יעדע הונדערט, (דהיינו) איין קוואָרט און א האלב פאר היזון און איין קוואָרט און א האלב פאר איינזאפּן (בלע). **אויך דאָ מיינט מען אז ער האָט אויסגע־מישט דעם פרעמדן אייל מיט זיין אייל.** אם היה, אויב דער אייל איז געווען געליי־טערט (מזוקק, וועלכער האָט שוין ניט קיין היזון), קאָן ער אים ניט אראָפּרעכנען פאר היזון; אויב די קרוגן זענען געווען אלטע קאָן ער אים ניט אראָפּרעכנען פאר איינ־זאפּן. **מחמת אלטע קרוגן, דאָס הייסט אזעלכע אין וועלכע מען האָט שוין פריער געהאלטן אייל, האָבן שוין אין זיך איינגעזאפּט און קאָנען מער ניט איינזאפּן.** ר׳ יהודה זאָגט, אז אויך ווער עס פארקויפט צו אן אנדערן געלייטערטן אייל א גאנץ יאָר, נעמט אויף זיך דער (קויפער) איין קוואָרט און א האלבע פאר היזון פאר יעדע הונדערט (קוואָרט). **ר׳ יהודה׳ס ווערטער ווערן געטייטשט, אז אויב איינער פאר־קויפט אן אנדערן סתם אייל, און ער גיט אים געלייטערטן אייל קאָן ער אים פאר יעדע 100 קוואָרט אראָפּרעכנען אנדערהאלבן קוואָרט פאר הייזון, און אים געבן נור 98 און א האלבע קוואָרט.**

ט. המפקיד, אז איינער (ראובן) האָט באהאלטן א פאס ביי אן אנדערן (ביי שמעון), און דער בעל הבית (פון דער פאס) האָט ניט באשטימט פאר איר קיין אָרט (ער האָט ניט געזאָגט אז דוקא אין דאָזיקן ווינקל זאָל די פאס ליגן), און ער (שמעון) האָט זי (די פאס) גערירט פון אָרט (נאָכדעם ווי זי איז שוין געווען ביי אים) און זי איז צעבראָכן געוואָרן, אויב זי איז צעבראָכן געוואָרן ווען זי איז נאָך געווען אין זיין האנט (איז דער דין אז) אויב (ער האָט גענומען די פאס) פאר זיינעטוועגן (ער האָט געוואָלט נוצן די פאס) איז ער חייב (צו באצאָלן), און אויב (ער האָט גענומען די פאס) פאר אירעטוועגן (ווייל דאָרט וואו זי איז געלעגן האָט זי געקאָנט צעבראָכן ווערן) איז ער פטור צו באצאָלן **מחמת ער האָט געמעגט אוועקנעמען די פאס פון אָרט כדי זי זאָל ניט צעבראָכן ווערן. די אמאָליגע פעסער זענען געווען ערדענע, און זענען לייכט געווען צעבראָכן צו ווערן.** אם משהניחה, אויב זי איז צעבראָכן געוואָרן נאָכ־

לְצָרְכָּהּ פָּטוּר. אִם מִשֶּׁהִנִּיחָהּ נִשְׁבְּרָה, בֵּין לְצָרְכּוֹ בֵּין לְצָרְכָּהּ פָּטוּר. יִחֲדוּ לוֹ הַבְּעָלִים מָקוֹם, וְטִלְטְלָהּ וְנִשְׁבְּרָה, בֵּין מִתּוֹךְ יָדוֹ וּבֵין מִשֶּׁהִנִּיחָהּ לְצָרְכּוֹ חַיָּב. לְצָרְכָּהּ פָּטוּר: י הַמַּפְקִיד מָעוֹת אֵצֶל חֲבֵרוֹ, צְרָרָן וְהִפְשִׁילָן לַאֲחוֹרָיו, אוֹ שֶׁמְּסָרָן לִבְנוֹ וּלְבִתּוֹ הַקְּטַנִּים (אוֹ) וְנָעַל בִּפְנֵיהֶם שֶׁלֹּא כָרָאוּי, חַיָּב, שֶׁלֹּא שָׁמַר כְּדֶרֶךְ הַשּׁוֹמְרִים. וְאִם שָׁמַר

דעם ווי ער האָט זי גענומען איז זיי פאר ווייל (ער האָט זי גענומען) פאר זיינעטוועגן זיי פאר אירעטוועגן איז ער פטור. **די גמרא זאָגט, אז דער דאָזיקער טייל פון דער משנה איז ווי עס לערנט דער תנא ר׳ ישמעאל, אז ווען איינער גנבעט א פרעמדנס א זאך, למשל א שעפּסל פון דער סטאדע, און גיט עס צוריק אין דער סטאדע אָן דעם וויסן פון בעל הבית, הייסט עס צוריקגעגעבן, און ער דאַרף ניט מודיע זיין דעם בעל הבית (דעת בעלים). לערנט די משנה מיט א „לא מיבעיא״, דאָס הייסט ניט נור ווען ראובן דער בעל הבית האָט באשטימט אן אָרט פאר דער פאס, און שמעון האָט די פאס צוריקגעשטעלט אין זעלביקן אָרט איז ער פטור אויב זי איז צעבראָכן געוואָרן ווארום דאָס הייסט דאָך ווי ער האָט זי צוריקגעשטעלט צו איר אָרט (ווי דאָס שעפּסל אין דער סטאדע), נאָר אפילו ווען ראובן האָט ניט פארלאנגט קיין באשטימט אָרט, איז ער אויך פטור, ווייל עס הייסט צוריקגעשטעלט די פאס אין אן אָרט וואו זי ווערט אָפּגעהיטן.** יחדו לה, אויב אָבער איר בעל הבית (ראובן) האָט באשטימט פאר איר אן אָרט (אָפּגערעדט מיט שמעון אז די פאס זאָל שטיין אין דעם דאָזיקן ווינקל), און ער (שמעון) האָט גענומען (די פאס פון אָרט) און זי איז צעבראָכן געוואָרן, סיי (זי איז צעבראָכן געוואָרן) אין זיין האנט, און סיי נאָכדעם ווי ער האָט זי געהאט צוריקגעלייגט, איז (דער דין) אז אויב (ער האָט זי גענומען) פאר זיינעט־וועגן איז ער חייב (צו באַצאָלן) און אויב פאר אירעטוועגן איז ער פטור. **די גמרא זאָגט, אז דער דאָזיקער לעצטער טייל פון דער משנה, די סיפא, איז ווי דער תנא ר׳ עקיבא, וועלכער לערנט, אז ווען א גנב גיט צוריק א זאך דאַרף ער יאָ האָבן „דעת בעלים״, ער דאַרף יאָ מודיע זיין דעם בעל הבית. די משנה זאָגט דאריבער אויך „לא מיבעיא״, ניט נור ווען ראובן האָט ניט באשטימט קיין אָרט איז שמעון חייב אפילו ווען זי איז צעבראָכן געוואָרן נאָכדעם ווי ער האָט זי צוריקגעלייגט, ווייל קוים איז דאָס אָרט ניט באשטימט הייסט דאָס ניט צוריקגעלייגט אין בעל הבית׳ס (ראובן׳ס) אָרט, נאָר אפילו ראובן האָט יאָ באשטימט אן אָרט, איז אויך שמעון חייב, ווייל ווען שמעון האָט גענומען די פאס פאר זיין נוצן וועגן אָן דעם רשות פון ראובן הייסט ער ווי א גנב, און דאָס צוריקשטעלן אויפן אָרט האָט ניט קיין ווערט, ווייל ראובן ווייסט ניט דערפון, און דאריבער איז שמעון חייב אויב זי איז צעבראָכן גע־וואָרן.**

י. המפקיד, אז איינער (ראובן) באהאלט געלט ביי אן אנדערן (ביי שמעון), און ער שמעון) האָט דאָס (געלט) איינגעוויקלט (אין א טוך) און ער האָט פארוואָרפן אויף זיינע פלייצעס (טראָגנדיק עס), אָדער ער האָט עס איבערגעגעבן צו היטן צו זיין קליינעם זון אָדער קליינער טאָכטער, אָדער (ער האָט איבערגעלאָזט דאָס געלט אין שטוב און) ער האָט פארשלאָסן ניט ווי עס דאַרף צו זיין (און מען האָט דאָס געלט אין איינעם פון די אלע פאלן צוגעגנבעט), איז ער (שמעון) חייב (צו באַצאָלן), ווייל ער האָט ניט געהיט ווי דער שטייגער איז פון היטערס. **מחמת געלט ווען מען טראָגט עס איבער פון איין אָרט אין אן אנדער אָרט מוז מען עס האלטן אין דער האנט; און קליינע קינדער זענען ניט קיין גוטע שומרים; און א ניט־ריכטיק־פארשלאָסענע טיר איז ניט קיין שמירה. שמעון הייסט דאריבער א „פושע״, א שולדיקער און ער דאַרף באַצאָלן. טייל גירסאות זענען ניט „או נעל״, נאָר „ונעל״ (און ער האָט פאַרשלאָסן), און דער טייטש איז, אז ער האָט פאר די קליינע קינדער פארשלאָסן די שטוב ניט**

כְּדֶרֶךְ הַשּׁוֹמְרִים פָּטוּר: **יא** הַמַּפְקִיד מָעוֹת אֵצֶל שׁוּלְחָנִי, אִם צְרוּרִין לֹא יִשְׁתַּמֵּשׁ בָּהֶן, לְפִיכָךְ אִם אָבְדוּ אֵינוֹ חַיָּב בְּאַחֲרָיוּתָן, מֻתָּרִין, יִשְׁתַּמֵּשׁ בָּהֶן, לְפִיכָךְ אִם אָבְדוּ חַיָּב בְּאַחֲרָיוּתָן, אֵצֶל בַּעַל הַבַּיִת, בֵּין צְרוּרִין וּבֵין מֻתָּרִין לֹא יִשְׁתַּמֵּשׁ בָּהֶן, לְפִיכָךְ אִם אָבְדוּ אֵינוֹ חַיָּב בְּאַחֲרָיוּתָן, חֶנְוָנִי כְּבַעַל הַבַּיִת דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר, רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, חֶנְוָנִי כְּשׁוּלְחָנִי: **יב** הַשּׁוֹלֵחַ יָד בְּפִקָּדוֹן, בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים יִלְקֶה בְחָסֵר

ווי געהעריק. וואס, און אויב ער האָט געהיט ווי עס איז דער שטייגער פון היטערס (צו היטן) איז ער פטור. **ער דארף ניט באצאָלן אויב מען האָט עס צוגעגנבעט, ווייל ער איז דאָך ניט שולדיק, ער האָט דאָך גוט געהיטן, און ער איז דאָך א שומר חינם, ער נעמט ניט באצאָלט פאר זיין היטן, און א שומר חינם איז פטור ווען די זאך ווערט צוגעגנבעט אָדער פארלוירן.**

יא. המפקיד, אז איינער באהאלט געלט ביי א געלט־טוישער (שולחני, א מענטש וואָס האנדלט מיט געלט, טוישט־אויס גרויסע אויף קליינע און קליינע אויף גרויסע), אויב דאָס (געלט) איז פארבינדן, טאָר ער (דער געלט־טוישער) ניט באַנוצן זיך דערמיט. **ווייל מען נעמט אָן אז דער בעל הבית פון געלט האָט עס פאר־בינדן כדי ער זאָל זיך דערמיט ניט באנוצן. די גמרא זאָגט אז מען מיינט פארבינדן און צוגעחתמעט אָדער פארבונדן מיט א ניט־געוויינטליכן קניפּ. ווענן „שולחני" זע פריער פרק ב' משנה ד'.** לפיכך, דעריבער, אויב דאָס (געלט) איז פארלוירן גע־וואָרן איז ער (דער געלט־טוישער) ניט פאראנטוואָרטליך דערפאר. **ווייל דער געלט־טוישער קאָן דאָך קיין שום נוצן ניט האָבן פון דעם באהאלטענעם געלט, און ער הייסט דעריבער א שומר חינם, און ווי מיר האָבן שוין געלערנט איז א שומר חינם פטור צו באצאָלן ווען די זאך ווערט צוגעגנבעט אָדער פארלוירן (גנבה ואבידה). אין דעם משניות פון ירושלמי זענען די דאָזיקע ווערטער פון „לפיכך" ביז באחריותן" ניט פאראן.** מותרין, אויב (דאָס געלט איז געווען) אויפגעבינדן, מעג ער (דער געלט־טוישער) זיך באנוצן מיט דעם (געלט); דעריבער אויב עס איז פארלוירן געגאנגען איז ער פאראנטוואָרטליך דערפאר. **אפילו ער האָט ניט גענוצט דאָס געלט, נאָר ווייל ער קאָן באנוצן זיך דערמיט, הייסט ער שוין א שומר שכר, און ער איז מחויב צו באצאָלן ווען די זאך ווערט פארלוירן. אויך די דאָזיקע ווערטער פון „לפיכך" ביז באחריותן זענען אין דער משנה פון ירושלמי ניט פאראן.** אצל בעל הבית, אויב (ער האָט באהאלטן דאָס געלט) ביי א בעל א הבית (א געוויינטליכן מענטש, ניט קיין געלט־טוישער), סיי עס איז פארבינדן און סיי עס איז אויפגעבינדן, טאָר ער (דער בעל הבית) ניט באנוצן זיך דערמיט, דעריבער אויב עס איז פארלוירן געוואָרן, איז ער ניט פאראנטוואָרטליך דערפאר. **ער דארף ניט באצאָלן, מחמת ער קאָן דאָך ניט האָבן קיין נוצן פון דעם געלט, און ער הייסט דעריבער א שומר חינם.** חנוני, א קרעמער (איינער וואָס האָט א געוועלב) איז ווי א בעל הבית, אזוי זאָגט ר' מאיר. **ער טאָר דאָס געלט, וואָס מען האָט באהאלטן ביי אים ניט נוצן אפילו עס איז אויפ־געבינדן, און ער איז דעריבער פטור צו באצאָלן אויב עס איז געוואָרן פארלוירן.** ר' יהודה זאָגט, אז א קרעמער איז ווי א געלט טוישער. **ער מעג נוצן דאָס געלט און ער איז פאראנטוואָרטליך דערפאר.**

יב. השולח, אז איינער (שמעון, ביי וועמען ראובן האָט געגעבן צו באהאלטן א זאך) האָט (אָן דער דערלויבניש פון ראובנען) גענומען פון אָרט די באהאלטענע זאך (השולח יד בפיקדון" ער האָט „אויסגעשטרעקט די האנט צום פיקדון", ער האָט זי גענומען אָן דער דערלויבעניש), זאָגן די בית שמאי, אז ער ווערט באשטראָפט (ילקה, געשלאָגן) מיט ווינציקער און מיט מער (בחסר וביתר). **די מפרשים, אויפ'ן**

וּבְיֶתֶר. וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים כִּשְׁעַת הוֹצָאָה. רַבִּי עֲקִיבָא אוֹמֵר, כִּשְׁעַת הַתְּבִיעָה. הַחוֹשֵׁב לִשְׁלֹחַ יָד בְּפִקָּדוֹן, בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים חַיָּב וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים אֵינוֹ חַיָּב עַד שֶׁיִּשְׁלַח בּוֹ יָד (שֶׁנֶּאֱמַר אִם לֹא שָׁלַח יָדוֹ בִּמְלֶאכֶת רֵעֵהוּ). (כֵּיצַד?) הִטָּה אֶת הֶחָבִית וְנָטַל הֵימֶנָּה רְבִיעִית וְנִשְׁבְּרָה, אֵינוֹ מְשַׁלֵּם אֶלָּא רְבִיעִית. הִגְבִּיהַּ וְנָטַל הֵימֶנָּה רְבִיעִית וְנִשְׁבְּרָה, מְשַׁלֵּם דְּמֵי כֻלָּהּ:

# פרק ד.

**א** הַזָּהָב קוֹנֶה אֶת הַכֶּסֶף, וְהַכֶּסֶף אֵינוֹ קוֹנֶה אֶת הַזָּהָב. הַנְּחֹשֶׁת קוֹנָה

**יסוד פון דער גמרא, טייטשן, אז אויב למשל ראובן האט געגעבן שמעון'ען צו באַהאלטן א שעפס־נקבה וואס איז מעוברת אדער זי איז באוואקסן מיט וואל, און נאכדעם ווי שמעון האט זיך באנוצט מיט איר האט זי געבוירן א שעפסל אדער מ'האט זי אפּגעשוירן, דארף שמעון באצאלן ראובנען די שעפס און איר שעפסל און די וואל. דאס הייסט „בחסר", „מיט ווינציקער", כאטש זי איז ווינציקער געווארן ביי אים. אויך אויב ווען ראובן האט געגעבן שמעונען די שעפס איז זי געווען ניט מעוברת און אן וואל, אבער ביי שמעונען איז זי געווארן מעוברת אדער איז געווארן באַוואקסן מיט וואל, דארף שמעון געבן ראובנען די מעוברתדיקע און מיט־וואל־וואקסענע שעפס. דאס הייסט „ביתר", „מיט מער".** ובית הלל, און די בית הלל זאגן, אז (שמעון באצאלט ראובנען) אזוי ווי אין דער צייט פון ארויסנעמען. **אזוי ווי די שעפס איז געווען ווען ער האט זי ארויסגענומען פון ראובנען, ווען ער האט זי באקומען צום באהאלטן.** ר' עקיבא זאגט, אז לויט ווי די צייט פון מאנען. **די מפרשים טייטשן, אז לויט ווי די זאך זעט אויס אין דער צייט ווען ראובן נעמט שמעונען צו דין תורה. די גמרא לערנט עס אפּ פון (ויקרא ה') „לאשר הוא לו יתננו ביום אשמתו", אז ער זאל אים געבן לויט דעם טאג פון „אשמה", פון באשולדיקן אים, פון מאנען אים.** החושב, אז איינער האט אינזינען אויסצושטרעקן זיין האנט (צו באנוצן זיך) מיט א פיקדון (מיט א זאך וואס מען האט אים געגעבן צו באהאלטן, כאטש ער האט זיך ניט באנוצט, נאר ער האט בלויז אינזינען געהאט), זאגן די בית שמאי, אז ער איז חייב (צו באצאלן אויב דערנאך איז עפּיס געשען מיט דער זאך), און די בית הלל זאגן, אז ער איז ניט חייב סיידן ער האט (פריער) אויסגעשטרעקט די האנט (און ניט בלויז אינזינען געהאט), ווארום עס ווערט געזאגט (שמות כ"ב) „אם לא שלח ידו במלאכת רעהו", „אויב ער האט ניט אויסגעשטרעקט זיין האנט צו דער זאך פון אן אנדערן". **רש"י זאגט, אז מיט „אינזינען האבן" (החושב) מיינט מען אז ער האט געזאגט פאר עדות, אז ער גייט עס טאן,** כיצד? ווי אזוי? **וואס מיינט מען אויסגעשטרעקט א האנט?** הטה, את החבית, אויב (שמעון האט געהאט ביי זיך באהאלטן ראובנ'ס פאס מיט וויין און) ער (שמעון) האט איינגעבויגן די פאס און האט גענומען פון איר א קוואטירל (וויין), און (דערנאך ווען די פאס איז שוין צוריק געשטאנען) איז זי צעבראכן געווארן, דארף ער (שמעון) באצאלן נור פאר א קוואטירל (וויין). **אבער ניט פאר דער גאנצער פאס וויין, ווייל „שולח יד" מיינט נור ווען מען הייבט אויף די זאך.** הגביהה, אויב ער האט זי (די פאס) אויפגעהויבן און גענומען פון איר א קוואטירל (וויין) און (דערנאך) איז זי צעבראכן געווארן באצאלט ער דאס געלט פאר דער גאנצער (פאס). **די גמרא זאגט, אז אפילו ער האט גארניט גענומען פון דער פאס, נאר ער האט זי בלויז אויפגעהויבן דארף ער אויך באצאלן פאר דער גאנצער פאר וויין, אויב זי איז דערנאך צעבראכן געווארן.**

## פרק ד.

א. הזהב, גאלד (־מטבעות) זענען קונה זילבער (־מטבעות), און זילבער (־מטבעות) זענען ניט קונה גאלד (־מטבעות). **כדי צו פארשטיין די דאזיקע משנה און אויך**

**אֶת הַכֶּסֶף, וְהַכֶּסֶף אֵינוֹ קוֹנֶה אֶת הַנְּחֹשֶׁת. מָעוֹת הָרָעוֹת קוֹנוֹת אֶת הַיָּפוֹת, וְהַיָּפוֹת אֵינָן קוֹנוֹת אֶת הָרָעוֹת. אֲסִימוֹן קוֹנֶה אֶת הַמַּטְבֵּעַ, וְהַמַּטְבֵּעַ אֵינוֹ קוֹנֶה אֶת אֲסִימוֹן. מִטַּלְטְלִין קוֹנִים אֶת הַמַּטְבֵּעַ, וְהַמַּטְבֵּעַ אֵינוֹ**

**די ווייטערדיקע משנות וועלן מיר דאָ געבן עטליכע דערקלערונגען. קודם וועגן וואָרט ,,קונה־זיין״. ווען מיר זאָגן אז ראובן ,,איז קונה״ א זאך, מיינט מען דערמיט אז די זאך ווערט ראובן׳ס, עס ווערט זיין אייגנטום, זיינס. לויט דעם דין פון דער תורה קאָן מען קונה זיין א זאך, ווען מען גיט דערפאַר געלט. למשל ווען ראובן קויפט ביי שמעון ווייץ פאַר 100 גילדן און ער האָט געגעבן שמעונען די 100 גילדן, כאָטש ראובן האָט נאָכניט צוגענומען די ווייץ, און זיי זענען נאָך ביי שמעון אין שפייכלער, פונדעסטוועגן האָט ראובן ,,קונה געווען״ די ווייץ, זיי זענען געוואָרן זיינס, און אויב שמעון וויל חרטה האָבן קאָן ער ניט. דאָס איז לויט דעם דין פון דער תורה. אָבער די חכמים האָבן מתקן געווען אז דורך געלט־געבן קאָן מען ניט קונה זיין א באַוועג־ליכע זאך (מטלטלין), ווי ווייץ, מלבושים וכדומה, זאכן וואָס מען קאָן איבערטראָגן פון איין אָרט אויפן אנדערן. זיי האָבן מורא געהאַט, אז טאָמער נאָכדעם ווי ראובן האָט געגעבן שמעונען דאָס געלט פאַר דעם ווייץ, וועט אויסברעכן א שריפה ביי שמעון און שמעון וועט ניט באַמיען זיך צו ראַטעווען ראובן׳ס ווייץ. די חכמים האָבן דעריבער מתקן געווען אז מטלטלין, באַוועגליכע זאכן, קאָן מען קונה זיין דורך ,,משיכה״, דורך צונעמען זיי, אפילו מען האָט נאָכניט באַצאָלט דאָס געלט. אויב אָבער ראובן האָט געגעבן געלט שמעונען און ניט צוגענומען דעם ווייץ, קאָנען סיי ראובן און סיי שמעון חרטה האָבן אויף דעם מסחר. איצט איז פאַראַן א שאלה: ווי איז אז ראובן האָט געקויפט ביי שמעונען גאָלדענע רענדלעך, גאָלדענע מטבעות, און ער באַצאָלט אים דערפאַר מיט זילבערנע מטבעות, למשל פאַר יעדן גאָלדן רענדיל גיט ער אים 25 זילבערנע רענדלעך, — וואָס הייסט דאָ די ,,געקויפטע זאך״ און וואָס הייסט דאָס ,,באַצאָלטע געלט״? צי נעמט מען אָן, אז די ,,זאך״ זענען די גאָלדענע מטבעות און דאָס ,,געלט״ זענען די זילבערנע מטבעות, און דעריבער איז ראובן קונה די גאָלדענע מטבעות נאָר דעמאָלס ווען ער נעמט זיי צו פון שמעונען און כאָטש ער האָט נאָכניט געגעבן שמעונען די זילבערנע מטבעות, זענען זיי שוין ראובן׳ס, און קיינער פון זיי קאָן ניט חרטה האָבן? אָדער מען נעמט אָן, אז דאָס ,,געלט״ זענען די גאָלדענע מטבעות, און די ,,זאך״ זענען די זילבערנע מטבעות? אין דער משנה הייסט א ,,זאך״ ,,פירות״, פרוכטן, און די שאלה פון דער משנה איז: צי איז גאָלד ,,פירות״ און זילבער איז ,,געלט״, צי פאַרקערט? לערנט דאָ די משנה, אז גאָלד, אויב ראובן נעמט צו די גאָלדענע מטבעות, מאכט עס שוין שמעו־נען ,,קונה צו זיין״ די זילבער־מטבעות, ווייל דאָס זילבער הייסט ,,געלט״ און גאָלד הייסט א זאך, ,,פירות״. פאַרוואָס? ווייל כאָטש גאָלד איז טייערער פון זילבער, זענען אָבער זילבערנע מטבעות מער ,,חריף״, מער עובר לסוחר, מער אָנגענומען אלס געלט. די משנה לערנט דאביי אויך אז זילבער, אויב שמעון האָט גענומען פון ראוב־נען דאָס זילבער־געלט, מאכט עס נאָכניט ראובנען ,,קונה־צו זיין״ דאָס גאָלד, אויב ראובן האָט עס ניט צוגענומען פון שמעון, ווייל נעמען געלט איז ניט קונה.** הנחושת, קופער (־מטבעות) זענען קונה זילבער (־מטבעות) און זילבער (־מטבעות) זענען ניט קונה קופער (־מטבעות). **אויך צוליב דעמזעלביקן טעם, ווייל זילבערנע מטבעות זענען אלס געלט חשובער פון קופערנע מטבעות, און דעריבער הייסן די קופערנע מטבעות א זאך, פירות.** מעות, שלעכטע געלט (־מטבעות) זענען קונה די גוטע (געלט־מטבעות), און די גוטע זענען ניט קונה שלעכטע (געלט־מטבעות) **מיט ,,שלעכטע מטבעות״ מיינט מען געלט־מטבעות וועלכע טויגן ניט און עס איז שווער אויסצו־געבן (אזוי זאָגט תוספות).** אסימון, אן אָפגעריבענע מטבע איז קונה די (גוטע) מטבע,

קוֹנֶה אֶת הַמִּטַּלְטְלִין, זֶה הַכְּלָל, כָּל הַמִּטַּלְטְלִין קוֹנִין זֶה אֶת זֶה: ב כֵּיצַד? מָשַׁךְ הֵימֶנּוּ פֵּירוֹת וְלֹא נָתַן לוֹ מָעוֹת, אֵינוֹ יָכוֹל לַחֲזוֹר בּוֹ. נָתַן לוֹ מָעוֹת וְלֹא מָשַׁךְ הֵימֶנּוּ פֵּירוֹת, יָכוֹל לַחֲזוֹר בּוֹ. אֲבָל אָמְרוּ, מִי שֶׁפָּרַע מֵאַנְשֵׁי דוֹר הַמַּבּוּל וּמִדּוֹר הַפְּלָגָה הוּא עָתִיד לְהִפָּרַע מִמִּי שֶׁאֵינוֹ עוֹמֵד בְּדִבּוּרוֹ. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, כָּל שֶׁהַכֶּסֶף בְּיָדוֹ, יָדוֹ עַל הָעֶלְיוֹנָה: ג הָאוֹנָאָה אַרְבָּעָה

און די (גוטע) מטבע איז ניט קונה די אָפגעריבענע מטבע. „אסימון" איז דאָס גריכישע וואָרט „אסימאָן", „אָן א סימן", א מטבע, וואָס די צורה איז ניט פאראַן אויף איר. מטלטלין, באוועגליכע זאכן זענען קונה די מטבע (געלט) און געלט איז ניט קונה באוועגליכע זאכן. דאָס איז די דערקלערונג וואָס מיר האָבן געגעבן אין אָנהייב פון דער משנה. זה הכלל, דאָס איז דער כלל, אז אלע באוועגליכע זאכן זענען קונה איינע די אנדערע. אויב למשל ראובן פארקויפט שמעונען ווייץ אז שמעון זאָל אים דערפאר געבן גערשטן, איז ווען ראובן נעמט צו ביי שמעונען דעם ווייץ, האָט שמעון שוין קונה געווען דעם גערשטן, כאָטש דער גערשטן געפינט זיך נאָך ביי שמעון אין שפייכלער. דאָס הייסט „חליפין", אויסטוישן א זאך אויף אן אנדערער זאך. אין טייל משניות איז ניט פאראַן דער „זה הכלל", און עס הייבט זיך אָן מיט „כל המטלטלין".

ב. כיצד, ווי אזוי? די משנה וועט איצט מסביר זיין וואָס מען מיינט, אז מטלטלין, פירות, פרוכטן, זאכן, זענען קונה געלט, און געלט איז ניט קונה זאכן. משך הימנו, אויב ער (ראובן האָט געקויפט פון שמעון פרוכטן פאר געלט און ער, ראובן) האָט צוגענומען פון אים (פון שמעונען) די פרוכטן און האָט אים ניט געגעבן קיין געלט, קאָן ער ניט חרטה האָבן. קיינער פון זיי קאָן ניט חרטה האָבן, ווייל דאָס צונעמען די פירות, זאכן, איז קונה דאָס געלט. נתן לו, אויב ער (ראובן) האָט אים (שמעונען) געגעבן דאָס געלט און האָט פון אים ניט צוגענומען די פרוכטן, קאָן ער חרטה האָבן. סיי ראובן און סיי שמעון קאָנען חרטה האָבן. אָבל אמרו, אָבער זיי (די חכמים) האָבן געזאָגט, אז (גאָט) וועלכער האָט באצאָלט (באשטראָפט) די מענטשן פון דור פון מבול און פון דור הפלגה, ער וועט אויך באצאָלן (באשטראָפן) דעם וואָס האלט ניט זיין וואָרט. אין חומש בראשית ו' און ז' ווערט דערציילט אז גאָט האָט געבראכט דעם מבול אויף די זינדיקע מענטשן פון יענעם דור. אין בראשית י"א ווערט דערציילט ווי גאָט האָט באשטראָפט די זינדיקע מענטשן, וועלכע האָבן געוואָלט בויען א טורם אין הימל אריין, און גאָט האָט זיי צעטיילט, פארנאנדערגעשפרייט איבער דער ערד. דעם דור רופט אָן די משנה דור הפלגה, פון „פלג", צעטיילן. זאָגט די משנה אז גאָט וועט אויך באשטראָפן דעם וועלכער נעמט געלט און האָט חרטה אויפן מסחר. ר' שמעון זאָגט, אז יעדער, וואָס האָט דאָס געלט אין זיין האנט, האָט די אויבערהאנט. די גמרא טייטשט ר' שמעון'ס ווערטער, אז אויב ראובנ'ס שפייכלער איז געווען פארדינגען צו שמעון און שמעון האָט דאָרט געהאלטן זיין ווייץ און ער האָט פארקויפט דעם ווייץ צו ראובנען, און ראובן האָט געגעבן שמעונען דאָס געלט, קאָן ראובן ניט חרטה האָבן. ווייל דער טעם פארוואָס די חכמים האָבן מתקן געווען אז מען מוז האָבן משיכה איז דאָך נור טאָמער מאכט זיך א פייער און שמעון וועט ניט וועלן ראטעווען, און דאָ איז דאָך דער טעם ניט גוט, ווייל ראובן וועט דאָך אליין ראטעווען, מחמת דער שפייכלער איז דאָך ביי אים אין הויף. אזוי טייטשט דער ברטנורא. דער תוספות יום טוב טייטשט אז שמעון, וועלכער האלט דאָס געלט קאָן שטענדיק חרטה האָבן (ניט דוקא ביי א געדונגענעם שפייכלער פון ראובנען), און ראובן דער קויפער קאָן ניט חרטה האָבן, אפילו ער האָט ניט צוגענומען דעם ווייץ.

כֶּסֶף מֵעֶשְׂרִים וְאַרְבָּעָה כֶּסֶף לַסֶּלַע, שְׁתוּת לַמֶּקַח. עַד מָתַי מֻתָּר לְהַחֲזִיר? עַד כְּדֵי שֶׁיַּרְאֶה לְתַגָּר אוֹ לִקְרוֹבוֹ. הוֹרָה רַבִּי טַרְפוֹן בְּלוֹד, הָאוֹנָאָה שְׁמֹנָה כֶּסֶף לַסֶּלַע, שְׁלִישׁ לַמֶּקַח. וְשָׂמְחוּ תַּגָּרֵי לוֹד. אָמַר לָהֶם כָּל הַיּוֹם מֻתָּר לַחֲזוֹר. אָמְרוּ לוֹ, יַנִּיחַ לָנוּ רַבִּי טַרְפוֹן בִּמְקוֹמֵנוּ. וְחָזְרוּ לְדִבְרֵי חֲכָמִים:

ד אֶחָד הַלּוֹקֵחַ וְאֶחָד הַמּוֹכֵר יֵשׁ לָהֶן אוֹנָאָה. כְּשֵׁם שֶׁאוֹנָאָה לַהֶדְיוֹט,

ג. האונאה, דאָס אָפּנארן (אָפּגענאַרט אין מסחר איז ווען דאָס אָפּנארן, די הונאה, באַטרעפט) פיר זילבער (פיר קלענסטע זילבערנע מטבעות, מעות, ביי א מסחר) פון פיר און צוואנציק זילבער (מעות) אין א סלע, א זעקסטל פון מסחר. **די מטבע סלע האָט געהאט 24 זילבער־מעות; די „מעה" איז געווען די קלענסטע זילבערנע מטבע, און דעריבער רופט זי אָן די משנה סתם „כסף", „זילבער". די תורה זאָגט (ויקרא כ"ה) אז אויב מען פאַרקויפט איינעם א זאך אָדער מען קויפט ביי איינעם א זאך זאָל איינער דעם אנדערן ניט אָפּנארן. אויב מען האָט יאָ אָפּגענאַרט זענען פאַראַן פאלן, אין וועלכע אויב איינער האָט אָפּגענאַרט דעם אנדערן, אָדער דער קויפער האָט געצאָלט צופיל, אָדער דער פאַרקויפער האָט גע־נומען צו־ווייניק, קאָן דער אָפּגענאַרטער צד פאַרלאַנגן, אז מען זאָל אים צוריקגעבן דעם אונטערשיד אין פּרייז. די שאלה איז, וויפיל הייסט אָפּגענאַרט און די משנה ענט־פערט דארויף, אז אָפּגענאַרט, „אונאה", הייסט ווען עס באַטרעפט א זעקסטל פון מסחר. די משנה גיט דאָ באַלד א משל דערצו, דהיינו, אז אויב דער מסחר האָט באַ־טראָפן א סלע (24 מעות) און מען האָט זיך אָפּגענאַרט אויף 4 מעות (א זעקסטל פון סלע), הייסט דאָס אָפּגענאַרט, און דער אָפּגענאַרטער צד קאָן פאַרלאַנגן אז מען זאָל אים אָפּגעבן די 4 מעות. אויב אָבער עס באַטרעפט ווינציקער, קאָן מען ניט פאַרלאַנגן צוריקצוגעבן.** עד מתי, ביז ווען קאָן ער (דער אָפּגענאַרטער צד) פאַר־לאַנגן צוריק. (אזוי לאַנג ווי עס געדויערט) ביז ער זאָל קאָנען ווייזן א סוחר (תגר) אָדער צו זיין קרוב. **ער זאָל קאָנען ווייזן די געקויפטע זאך א מבין, א סוחר אָדער א פריינט, און ער זאָל אים קאָנען זאָגן, צי ער האָט ריכטיק געקויפט. אויב אָבער עס איז אריבער די דאָזיקע צייט, הייסט עס אז ער האָט מוחל געווען, און ער קאָן ניט מער מאָנען. דער ברטנורא זאָגט אויפן יסוד פון דער גמרא, אז דער פאַרקוי־פער קאָן שטענדיק פאַרלאַנגן צוריק, ווייל ער האָט דאָך ניט די סחורה צו ווייזן; אָבער אויב עס האָט זיך אים געמאַכט אזא סחורה און עס איז אריבער די צייט פון ווייזן קאָן אויך דער פאַרקויפער ניט מער מאָנען.** הורה, ר׳ טרפון האָט געפּסקנט אין (דער שטאָט) לוד, אז אָפּנארעריי הייסט אכט זילבער אויף (דעם מסחר) פון א סלע, (דאָס הייסט א דריטל פון מסחר) און די סוחרים פון לוד האָבן זיך געפרייט. **מחמת אויב זיי האָבן אָפּגענאַרט דעם קויפער אויף ווינציקער פון א דריטל, האָבן זיי ניט געדאַרפן צוריקגעבן, אפילו עס איז געווען מער ווי א זעקסטל.** אָמר, האָט ער (ר׳ טרפון) געזאָגט צו זיי (צו די סוחרים), אז א גאַנצן טאָג קאָן ער (דער קויפער) צוריקמאָנען (אויב מען האָט אים אָפּגענאַרט). **דאָס הייסט אז די צייט פון צוריקמאָ־נען איז א לענגערע ווי די חכמים האָבן געזאָגט.** אָמרו לו, האָבן זיי (די לוד־סוח־רים) געזאָגט צו אים (צו ר׳ טרפון), זאָל ר׳ טרפון אונז צוריקלאָזן אויף אונזער אָרט (זאָל שוין זיין ווי פריער, א זעקסטל ביי אָפּנארעריי, און א קלענערע צייט פון צוריק־מאָנען), און זיי (די לוד־סוחרים) האָבן זיך צוריקגעקערט (נוהג צו זיין לויט דעם דין פון) די ווערטער פון די חכמים. **מחמת זיי זיינען געווען שאַרפע סוחרים און האָבן פאַרקויפט טייערער פון פּרייז, און זיי האָבן ליבערשט געוואָלט אז א זעקסטל זאָל הייסן אָפּגענאַרט אבי דער קויפער זאָל האָבן א קלענערע צייט חרטה צו האָבן.**

ד. אחד, סיי דער קויפער און סיי דער פאַרקויפער האָבן (דעם דין פון) אָפּ־

כַּךְ אוֹנָאָה לַתַּגָּר. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, אֵין אוֹנָאָה לַתַּגָּר. מִי שֶׁהֻטַּל עָלָיו יָדוֹ עַל הָעֶלְיוֹנָה, רָצָה אוֹמֵר: תֶּן לִי מְעוֹתַי. אוֹ תֶּן לִי מַה שֶּׁאוֹנִיתָנִי: ה כַּמָּה תְהֵא הַסֶּלַע חֲסֵרָה וְלֹא יְהֵא בָהּ אוֹנָאָה? רַבִּי מֵאִיר אוֹמֵר, אַרְבָּעָה אִיסָרִין, אִיסָר לַדִּינָר. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר אַרְבָּעָה פוּנְדְּיוֹנוֹת, פוּנְדְּיוֹן לַדִּינָר. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר. שְׁמֹנָה פוּנְדְּיוֹנוֹת, שְׁנֵי פוּנְדְּיוֹנוֹת לַדִּינָר: ו עַד מָתַי מֻתָּר

נאַרעריי. דאָס הייסט. אז ניט נור ווען דער פארקויפער האָט אָפּגענאַרט און גענומען א צו־גרויסן פרייז, קאָן דער קויפער פארלאנגן צוריק, נאָר אויך אויב דער קויפער האָט אָפּגענארט און געצאָלט א צו־נידריקן פרייז קאָן דער פארקויפער פארלאנגן צוריק. כשם, אזוי ווי ס׳האָט (דאָס רעכט צו פאָדערן צוריק אין פאַל פון) אָפּנאַרע־רי דער געוויינטליכער מענטש (הדיוט, ניט קיין סוחר), אזוי האָט (דאָס רעכט צו פאָדערן צוריק אין פאַל פון) אָפּנארעריי דער סוחר. דאָס וואָרט „תגר״, וואָס מיר האָבן געהאַט אויך פריער אין משנה ג׳, איז דער טייטש א סוחר (אויך אין די שפּראכן סיריש און אראביש). ר׳ יהודה זאָגט, אז א סוחר האָט ניט (דאָס רעכט צו פאָדערן צוריק ביי) אָפּנארעריי. די גמרא זאָגט אז מען מיינט דאָ א הענדלער וועלכער פאר־קויפט און קויפט באלד צוריק, און ממילא ווייסט ער וואָס זיין סחורה איז ווערט, און אויב ער האָט פארקויפט פאר ביליגער, האָט ער מסתמא מוחל געווען. מי שהוטל, דער אויף וועמען עס איז ארויפגעלייגט געוואָרן (וועלכער איז אָפּגענארט געוואָרן) האָט די אויבערהאנט (ידו על העליונה, ער האָט די ברירה, דאָס רעכט אויסצוקלויבן זיך); וויל ער זאָגט ער: „געב מיר צוריק מיין געלט״, אָדער (אויב ער וויל זאָגט ער): „געב מיר וואָס דו האָסט מיך אָפּגענארט״. דער דין בלייבט ניט ווי די דאָזיקע משנה, נאָר אויב די אָפּנארעריי איז א זעקסטל, איז דער מסחר א מסחר נאָר מען קאָן צו־ריקפאָדערן דאָס זעקסטל; אויב אָבער מער ווי א זעקסטל, איז דער מסחר בטל.

ה. כמה, וויפיל קאָן פעלן צו דער סלע (־מטבע) און עס זאָל ניט זיין קיין אָפּ־נארעריי ? עס טרעפט זיך, אז א זילבער־מטבע ווערט אָפּגעריבן און עס פעלט איר צו דער וואָג און זי איז ווינציקער ווערט. פרעגט די משנה: אויב איינער האָט גע־געבן דעם אנדערן א סלע־מטבע, און זי איז געווען אָפּגעריבן, וויפיל קאָן איר פעלן צו דער וואָג, און עס זאָל ניט הייסן אָפּגענארט? ר׳ מאיר זאָגט, אז פיר איסרים, אן איסר צו יעדן דינר. די סלע מטבע איז ווערט געווען 4 דינרים (א דינר איז די אלט־גריכישע און רוימישע מטבע „דענאריאָן״), און יעדער דינר איז ווערט געווען 12 פונדיון־מטבעות (דער „פונדיון״ איז די אלט־רוימישע מטבע „דופּאָנדיום״), און יעדער פונדיון איז ווערט געווען 2 איסר־מטבעות (דער „איסר״ איז דער אלט־רוי־מישער „אס״, אָדער „אסאריאָן״). זאָגט ר׳ מאיר, אז אויב עס פעלט צום סלע 4 איסרים, אן איסר צו יעדן דינר (דאָס הייסט א 24סטל) הייסט שוין אָפּגענארט. ר׳ יהודה זאָגט אז פיר פונדיון־מטבעות, א פונדיון צו יעדן דינר. דאָס הייסט א 12־טל. ר׳ שמעון זאָגט אכט פונדיון־מטבעות, צוויי פונדיון־מטבעות צו יעדן דינר. דאָס הייסט א זעקסטל, אזוי ווי עס איז דער דין ביי אָפּנארעריי פון סחורות, ווי מען האָט גע־לערנט פריער אין משנה ג׳.

ו. עד מתי, ביז ווען קאָן ער (דער וואָס האָט באקומען א סלע פון וועלכן עס פעלט א טייל) צוריקגעבן? אין די גרעסערע שטעט (בכרכים) ביז ער קאָן ווייזן צום געלט־טוישער (שולחני), און אין די דערפער ביז פרייטאָג (ערב שבת). ביי שלעכט געלט האָט מען געגעבן מער צייט ווי ביי סחורות (פריער משנה ג׳), ווייל אויף סחו־רות (א קלייד למשל), איז איטליכער מענטש א מבין, יעדער קאָן זיך דארויף; אָבער אויף געלט קאָן זיך ניט יעדער. וועגן „שולחני״, „געלט־טוישער״ זע פריער פרק ב׳ משנה ד׳. אין די דערפער האָט מען געגעבן צייט ביז ערב שבת, ווייל פרייטאָג

לְהַחֲזִיר? בַּכְּרַכִּים, עַד כְּדֵי שֶׁיַּרְאֶה לְשׁוּלְחָנִי, וּבַכְּפָרִים עַד עַרְבֵי שַׁבָּתוֹת. אִם הָיָה מַכִּירָהּ אֲפִלּוּ לְאַחַר שְׁנֵים עָשָׂר חֹדֶשׁ מְקַבְּלָהּ הֵימֶנּוּ, וְאֵין לוֹ עָלָיו אֶלָּא תַּרְעוֹמֶת. וְנוֹתְנָהּ לְמַעֲשֵׂר שֵׁנִי וְאֵינוֹ חוֹשֵׁשׁ, שֶׁאֵינוֹ אֶלָּא נֶפֶשׁ רָעָה: ז הָאוֹנָאָה אַרְבָּעָה כֶּסֶף, וְהַטַּעֲנָה שְׁתֵּי כֶסֶף, וְהַהוֹדָאָה שָׁוֶה פְרוּטָה. חָמֵשׁ פְּרוּטוֹת הֵן, הַהוֹדָאָה שָׁוֶה פְרוּטָה, וְהָאִשָּׁה

קויפן זיך איין די דאָרפס־מענטשן אויף שבת, און זיי וועלן וויסן צי זיי קאָנען דעם סלע אויסגעבן. אם היה, אויב ער (דער וואָס האָט געגעבן דעם שלעכטן סלע) דער־קענט אים (דעם סלע אז ער האָט דאָס געגעבן, און ער איז א חסיד און וויל טאָן מער ווי דער דין איז) זאָל ער אים צוריקנעמען אפילו נאָך צוועלף חדשים. אזוי טייטשט די גמרא די משנה. ואין לו, און ער (דער וואָס האָט גענומען דעם שלעכטן סלע) האָט אויף אים (אויף דעם סלע־געבער, אויב ער איז ניט קיין חסיד און ער וויל אים ניט צוריקנעמען נאָך א לאנגער צייט) ניט מער ווי תרעומת. ביי דין תורה קאָן ער אים ניט צווינגען צוריקצונעמען דעם סלע; ער קאָן נור האָבן אויף אים פאָראיבל, תרעומת. ונותנה, און ער (דער וואָס האָט א פעלנדיקן סלע) קאָן אים געבן (אויסטוישן) אויף מעשר שני, און ער דארף ניט חושש זיין (ניט האָבן קיין חשש אז ער טוט ניט ריכ־טיק) ווייל ער (דער וואָס וויל ניט נעמען אזא סלע) איז ניט מער ווי א שלעכט־הארציקער (נפש רעה). מיט מעשר שני (זע אין דער הקדמה צו מסכתא פון מעשר שני) מיינט מען דאָס צענטל תבואה און פרוכטן וואָס מען האָט געדארפן פירן קיין ירושלים. מען קאָן די פרוכטן און די תבואה אויסטוישן אויף געלט און דאָס געלט פירן קיין ירושלים. זאָגט די משנה אז מען קאָן אויסטוישן אויך אויף א סלע, וואָס עס פעלט דערפון עפּיס, אויב דער סלע האָט די צורה, דעם סטעמפּל פון א סלע, ווייל באמת איז עס ניט־מער ווי א שלעכט־הארציקייט פון מענטשן אויב זיי ווילן ניט נעמען אזא מטבע.

ז. האונאה, (דער דין פון) אָפּנארעריי איז ביי פיר (מעות־) זילבער. דאָס איז דערזעלביקער דין וואָס פריער אין משנה ג׳, אז ווען מען נארט אָפּ ביי א מסחר פון א סלע (פון 24 זילבער־מעות) אויף 4 זילבער־מעות, דאָס איז א זעקסטל, הייסט עס אונאה, אָפּנארעריי. והטענה, און דאָס מאָנען (דארף זיין לפחות) אויף צוויי (מעות־) זילבער, און דאָס מודה זיין זיך (דארף זיין אויף) די ווערט פון א פרוטה. דאָ לערנט די משנה אן אנדערע זאך, און מיר וועלן עס דאָ דערקלערן. דער דין איז, אז אויב ראובן מאָנט ביי שמעון געלט, און שמעון לייקנט אינגאנצן, ער איז א „כופר הכל״, ער זאָגט, אז ראובנען קומט גאָרניט ביי אים, איז שמעון פטור; ניט נור דארף ער ניט באצאָלן, נאָר ער דארף אויך ניט שווערן, אז ראובנען קומט גאָרניט. א כופר הכל איז פטור אפילו פון א שבועה. אויב אָבער שמעון איז מודה אז אביסל קומט ראובנען פון אים יאָ, נאָר ניט אזוי פיל וויפיל ראובן מאָנט, הייסט שמעון א „מודה במקצת״, ער איז מודה אביסל, און ער דארף שווערן, אז עס קומט ראובן ניט מער ווי דאָס ביסל וואָס ער איז מודה. דאָס הייסט, אז א מודה במקצת איז חייב א שבועה. לערנט די משנה, אז כדי שמעון זאָל מוזן שווערן, מוז די טענה פון ראובנען זיין אויף לפחות צוויי זילבער־מעות, און ניט אויף ווינציקער, און דאָס מודה זיין זיך פון שמעונען מוז זיין אויף לפחות די ווערט פון א פרוטה. א זילבער־מעה האָט 32 פרוטות. חמש, פינף פרוטות זענען פאַראַן: די משנה לערנט דאָ אגב אורחא, אז עס זענען פאַראַן פינף דינים, ביי וועלכע מען מוז האָבן לפחות איין פרוטה, און דאָס זענען זיי: ההודאה, דאָס מודה זיין זיך (דארף זיין לפחות אויף) די ווערט פון א פרוטה. דאָס איז דער דין, וואָס מיר האָבן נור וואָס געלערנט וועגן מודה במקצת. והאשה, און א פרוי קאָן ווערן מקודש (א מאן קאָן זי מקדש זיין) מיט דעם ווערט פון א פרוטה.

מִתְקַדֶּשֶׁת בְּשָׁוֶה פְרוּטָה, וְהַנֶּהֱנֶה בְּשָׁוֶה פְרוּטָה מִן הַהֶקְדֵּשׁ מָעַל, וְהַמּוֹצֵא שָׁוֶה פְּרוּטָה חַיָּב לְהַכְרִיז, וְהַגּוֹזֵל אֶת חֲבֵרוֹ שָׁוֶה פְּרוּטָה וְנִשְׁבַּע לוֹ, יוֹלִיכֶנּוּ אַחֲרָיו אֲפִלּוּ לְמָדַי:

ח חֲמִשָּׁה חֻמְשִׁין הֵן, הָאוֹכֵל תְּרוּמָה, וּתְרוּמַת מַעֲשֵׂר, וּתְרוּמַת מַעֲשֵׂר שֶׁל דְּמַאי, וְהַחַלָּה, וְהַבִּכּוּרִים, מוֹסִיף חוֹמֶשׁ. הַפּוֹדֶה נֶטַע רְבָעִי, וּמַעֲשֵׂר שֵׁנִי שֶׁלּוֹ, מוֹסִיף חוֹמֶשׁ. הַפּוֹדֶה אֶת הֶקְדֵּשׁוֹ, מוֹסִיף חוֹמֶשׁ. הַנֶּהֱנֶה בְּשָׁוֶה פְרוּטָה מִן הַהֶקְדֵּשׁ,

א מאן קאָן מיט געלט מקדש זיין א פרוי, אז זי זאָל דאדורך ווערן זיין ווייב. זאָגט די משנה, אז ס'איז גענוג ווען מען איז מקדש מיט א פרוטה. (פרטים זע מסכתא קידושין פרק א' משנה א'). והנהנה, און אז איינער האָט הנאה פון הקדש וויפיל די ווערט פון א פרוטה, איז ער מועל. דער דין איז, אז אויב א זאך געהערט צום בית המקדש, עס איז הקדש, און א מענטש האָט הנאה פון דער זאך, איז ער מועל, ער דארף ברענגען א קרבן מעילה און ער דארף צאָלן א חוץ דעם קרן, פאר דער הנאה, אויך א חומש, א פיפטל (פרטים אין דער הקדמה צו מסכתא מעילה). זאָגט די משנה אז כדי מען זאָל מועל זיין מוז מען האָבן הנאה געהאט לפחות די ווערט פון א פרוטה. והמוצא, און אז איינער געפינט (א פארלוירענע זאך, וואָס איז לפחות) די ווערט פון א פרוטה, דארף ער אויסרופן. דאָס איז כדי צוריקצוגעבן צום בעל הבית פון דער זאך. אָבער ביי ווייניקער פון א פרוטה איז ער ניט מחויב. והגוזל, און אז איינער גזלט ביי אן אנדערן די ווערט פון א פרוטה און ער (דער גזלן) האָט אים (דעם באגזלטן) געשוואוירן (פאלש, אז ער האָט אים ניט באגזלט) זאָל ער אים נאָכפירן די זאך אפילו קיין מדי. דעם פירוש דערפון האָבן מיר געגעבן פריער מסכתא בבא קמא פרק ט' משנה ה'.

ח. חמשה, פינף פינפטלעך (חומשין) זענען פאראן. עס זיינען פאראן פאלן, אז ווען איינער באצאָלט פאר א זאך, דארף ער באצאָלן ניט נור דעם קרן, וויפיל די זאך באטרעפט, נאָר ער דארף נאָך צולייגן א חומש, א פיפטל. מיט דעם חומש מיינט מען אייגנטליך א פירטל, למשל, ווען איינער דארף באצאָלן פאר 4 גילדן, דארף ער צו־לייגן נאָך א פירטל, איין גילדן, און צוזאמען צאָלט ער פינף פערטל, פינף גילדן, און ווייל איצט איז דאָך דאָס פערטל א פיפטל, דעריבער הייסט עס „חומש", א פיפטל. זאָגט די משנה, אז אין 5 אזעלכע פאלן דארף מען צולייגן דעם חומש. האוכל, אויב איינער (א ישראל ניט קיין כהן) עסט תרומה, אָדער תרומת מעשר, אָדער תרומת מעשר פון דמאי אָדער חלה, אָדער ביכורים (בשוגג, ניט וויסנדיק), דארף ער (באצאָלן דעם כהן דעם קרן דערפון און אויך) צולייגן א פיפטל. דאָס רעכנט די משנה פאר איין פאל, ווען מען דארף צולייגן א פיפטל, ווייל דאָס איז אלץ ווי תרומה וואָס א ישראל טאָרניט עסן. וועגן דעם וואָס איז תרומה, תרומת מעשר, דמאי, חלה און ביכורים זע אין דער הקדמה צו מסכתות דמאי, תרומות, חלה און ביכורים. והפודה, און אז איינער לייזט אויס די פרוכטן פון זיין אייגענעם פיריאָריקן בוים (נטע רבעי) אָדער פון זיין אייגענעם מעשר שני דארף ער צולייגן א פיפטל. דעם פירוש דערפון געבן מיר אין מסכתא מעשר שני פרק ד' משנה ג' און מעשר שני פרק ה' משנה ה' און דאָרט אין דער הקדמה זענען מיר מסביר וואָס איז מעשר שני און וואָס איז „נטע רבעי" (כרם רבעי). הפודה, אז איינער לייזט אויס זיין הקדש (א זאך וואָס האָט געהערט צום דאַזיקן אויסלייזער און ער האָט עס מקדיש געווען צום בית המקדש, און איצט קויפט ער עס אויס פאר געלט) דארף ער צולייגן א פיפטל. אָבער אז איינער לייזט אויס פון הקדש א זאך וואָס אן אנדערער האָט מקדיש געווען, באצאָלט ער בלויז דעם קרן. הנהנה, אז איינער האָט הנאה געהאט פון א הקדש־זאך די ווערט פון א פרוטה דארף ער צולייגן (א חוץ דעם קרן) א פיפטל. דאָס האָבן מיר דערקלערט פריער אין משנה ז'. והגוזל, און אז איינער גזלט פון אן

מוֹסִיף חוֹמֶשׁ. וְהַגּוֹזֵל אֶת חֲבֵרוֹ שָׁוֶה פְּרוּטָה וְנִשְׁבַּע לוֹ, מוֹסִיף חוֹמֶשׁ: **ט** אֵלּוּ דְבָרִים שֶׁאֵין לָהֶם אוֹנָאָה, הָעֲבָדִים, וְהַשְּׁטָרוֹת, וְהַקַּרְקָעוֹת, וְהַהֶקְדֵּשׁוֹת. אֵין לָהֶן תַּשְׁלוּמֵי כֵפֶל וְלֹא תַשְׁלוּמֵי אַרְבָּעָה וַחֲמִשָּׁה. שׁוֹמֵר חִנָּם אֵינוֹ נִשְׁבָּע, וְנוֹשֵׂא שָׂכָר אֵינוֹ מְשַׁלֵּם. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, קָדָשִׁים שֶׁהוּא חַיָּב בְּאַחֲרָיוּתָן יֵשׁ לָהֶן אוֹנָאָה וְשֶׁאֵינוֹ חַיָּב בְּאַחֲרָיוּתָן אֵין לָהֶן

אנדערן די ווערט פון א פרוטה און ער האָט אים (פאלש) געשוואוירן, דארף ער צו־לייגן אויך א פיפטל. **דאָס האָבן מיר דערקלערט פריער אין מסכתא בבא קמא פרק ט׳ משנה ו׳.**

ט. אלו דאָס זענען זאכן, וועלכע האָבן ניט (דעם דין פון) אָפּנארעריי (אונאה). **ביים מסחר פון די דאָזיקע זאכן, אפילו מען האָט גענומען א סך מער אָדער א סך ווינציקער** ווי זיי זענען ווערט, **קאָן מען ניט צוריק מאָנען.** העבדים, שקלאפן, און וועקסלן, און ערד, און הקדש־זאכן. **די גמרא לערנט עס אָפּ פון ויקרא כ״ה „וכי תמכרו ממכר לעמיתך או קנה מיד עמיתך״ אז דער דין פון אָפּנארעריי איז נור ביי אזא זאך וואָס מען קאָן איבערטראָגן פון האנט צו האנד („מיד ליד״) אָבער ערד, נישט מטלטלין, איז ניטאָ דאביי דער דין פון אָפּנארעריי. שקלאפן זענען געגליכן צו ערד. וועקסלן ווערט אָפּגעלערנט פון וואָרט „ממכר״, אז נור אזא זאך, וואָס די זאך אליין ווערט פארקויפט, אָבער א וועקסל איז ניט מער ווי א באווייז אז עס קומט געלד. הקדש־זאכן לערנט מען אָפּ פון „אחיו״ (לא תונו איש את אחיו״) אז נור ביי א ברודער אָבער ניט ביי הקדש.** אין להם, ביי זיי (שקלאפן, ערד, וועקסלן און הקדש־זאכן) דארף מען ניט (אויב איינער האָט זיי געגנבעט) באצאָלן טאָפּלט (כפל) און (אויב איינער האָט געגנבעט א שעפּס אָדער אן אָקס פון הקדש און האָט אים געשאָכטן אָדער פארקויפט דארף ער) ניט (באצאָלן) פיר־און־פינף מאָל אזוי פיל. **וועגן כפל (טאָפּלט) און ארבעה וחמשה (פיר־און־פינף מאָל) זע פריער מסכתא בבא קמא פרק ז׳ משנה א׳.** שומר, אויב (מען האָט די זאכן געגעבן צו באַ־האלטן צו) א שומר חינם (צו היטן זיי בחנם, און מען האָט זיי צוגעגנבעט, דארף דער שומר חינם) ניט שווערן, און (אויב מען האָט זיי געגעבן צו באהאלטן צו) א היטער וועלכער נעמט באצאָלט (נושא שכר, און מען האָט זיי צוגעגנבעט) דארף ער (דער היטער) ניט באצאָלן. **וועגן שומר חינם און שומר שכר (נושא שכר) זע פריער פרק ג׳ משנה א׳.** ר׳ שמעון זאָגט, אז ביי הקדש־זאכן, וואָס ער (דער בעל הבית) איז פאראנטוואָרטליך פאר זיי, איז פאראן (דער דין פון) אפּנארעריי, און (ביי הקדש זאכן) וואָס ער איז ניט פאראנטוואָרטליך פאר זיי, איז ניט פאראן. (דער דין פון) אָפּנאַ־רעריי. **דער דין איז, אז איינער טוט א „נדר״ און זאָגט „הרי עלי עולה״, „איך זאָל ברענגען א קרבן עולה״, און ער האָט אפּגעשיידט (מקדיש געווען) א שעפּסל פאר דעם קרבן און דאָס שעפּסל איז געפּגרט אָדער מען האָט עס צוגעגנבעט, דארף דער מענטש ברענגען אן אנדער שעפּסל. דאָס הייסט, אז ער איז פאראנטוואָרטליך דער־פאר. אָבער אויב איינער טוט א „נדבה״ און ער זאָגט אויף זיינס א שעפּסל „דאָס שעפּסל זאָל זיין א קרבן עולה, „הרי זו עולה״, און עס איז געפּגרט אָדער מען האָט עס צוגעגנבעט, דארף ער ניט ברענגען קיין אנדערע; ער איז ניט פאראנטוואָרטליך דערפאר. זאָגט ר׳ שמעון, אז ביי א נדר־שעפּסל, אויב עס האָט געקראָגן א מום (א פעלער) און עס טויג ניט פאר קרבן און ער האָט עס פארקויפט איז דאביי פאראן דער דין פון אָפּנארעריי, מחמת ער איז פאראנטוואָרטליך און עס הייסט זיינס; אָבער ביי א נדבה־שעפּסל, הייסט עס ניט זיינס, ווייל ער איז דערפאר ניט פאראנטוואָרט־ליך, און דאריבער איז ניטאָ דאביי דער דין פון אָפּנארעריי.** ר׳ יהודה זאָגט, אז אויך ווען איינער פארקויפט א ספר תורה, אָדער א בהמה אָדער א פערל (מרגלות) איז ניטאָ ביי זיי (דער דין פון) אָפּנארעריי. **ווייל ביי א ספר תורה איז ניטאָ קיין שיעור פון**

אוֹנָאָה. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, אַף הַמּוֹכֵר סֵפֶר תּוֹרָה בְּהֵמָה וּמַרְגָּלִיּוֹת, אֵין לָהֶם אוֹנָאָה. אָמְרוּ לוֹ, לֹא אָמְרוּ אֶלָּא אֶת אֵלּוּ: **י** כְּשֵׁם שֶׁאוֹנָאָה בְּמֶקַח וּבְמֶכֶר, כָּךְ אוֹנָאָה בִּדְבָרִים. לֹא יֹאמַר, בְּכַמָּה חֵפֶץ זֶה, וְהוּא אֵינוֹ רוֹצֶה לִקַּח. אִם הָיָה בַּעַל תְּשׁוּבָה, לֹא יֹאמַר לוֹ זְכוֹר מַעֲשֶׂיךָ הָרִאשׁוֹנִים. אִם הָיָה בֶּן גֵּרִים לֹא יֹאמַר לוֹ זְכוֹר מַעֲשֵׂה אֲבוֹתֶיךָ. שֶׁנֶּאֱמַר וְגֵר לֹא תוֹנֶה וְלֹא תִלְחָצֶנּוּ: **יא** אֵין מְעָרְבִין פֵּירוֹת בְּפֵירוֹת אֲפִלּוּ חֲדָשִׁים בַּחֲדָשִׁים. וְאֵין צָרִיךְ לוֹמַר חֲדָשִׁים בִּישָׁנִים. בֶּאֱמֶת בַּיַּיִן הִתִּירוּ

**פרייז. און ביי א בהמה און א פערל וויל א מענטש באצאָלן טיילמאָל מער פון דעם ווערט, ווייל ער וויל זיי צו־פּאָרן צו אן אנדערער בהמה אָדער צו אנדערע פערל.** אָמרו, האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו ר׳ יהודה), אז מען האָט געזאָגט ניט מער ווי די דאָזיקע. **דאָס הייסט, אז מען האָט געזאָגט אז דער דין פון אָפּנאַרע־ריי איז ניט פאראן נאָר ביי שקלאַפן, ערד, וועקסלן און הקדש־זאכן. „מרגלית״, „פערל״, איז דאָס גריכישע וואָרט „מאַרגעליאַן״, און „מאַרגעליס״, פערל, טייערע שטיינער.**

י. כשם, אזוי ווי עס איז פאראן (דער פארבאָט אז מען זאָל ניט) אָפּנאַרן אין קויף און פארקויף (במקח וממכר, אין מסחר), אזוי איז פאראן (דער פארבאָט אז מען זאָל ניט) אָפּנאַרן מיט ווערטער. **אין דער תורה (ויקרא כ״ה) ווערט אָנגעזאָגט „ולא תונו איש את עמיתו ויראת מה׳ אלהיך״, „און איר זאָלט ניט אָפּנאַרן איינער דעם אנדערן און דו זאָלסט מורא האָבן פאר גאָט דיין גאָט״. עס ווערט געלערנט, אז דאָס מיינט מען אָפּנאַרן מיט רייד, וואָס טיילמאָל דערקענט מען ניט די שלעכטע כוונה פון דעם אָפּנאַרער, און דעריבער זאָגט די תורה אז מען זאָל מורא האָבן פאר גאָט, וועלכער ווייסט וואָס דער מענטש האָט אינזינען. איצט גיט די משנה ביישפּילן פון אָפּנאַרן און אויך ווײ־טאָן אן אנדערן מענטש דורך רייד, דורך ווערטער, און אז מען טאָר עס ניט טאָן;** לא יאמר, א מענטש זאָל זיך ניט פרעגן (ביי א פארקויפער) „וויפיל איז (דער פרייז) פון דער דאָזיקער זאך?״, און ער וויל ניט קויפן (ער האלט ניט ביים קויפן עס). **דאָס הייסט אָפּנאַרן מיט רייד.** אם היה אויב איינער (האָט געזינדיקט און) האָט דערנאָך תשובה־געטאָן (איז געוואָרן א בעל תשובה), טאָר מען אים ניט זאָגן. „געדענק דיינע פריערדיקע מעשים״; אויב ער (איינער) איז א זון פון גרים (גויים וועלכע האָבן זיך מגייר געווען) טאָר מען אים ניט זאָגן: „געדענק די מעשים פון דיינע עלטערן״, ווארום עס ווערט געזאָגט (שמות כ״ב) „וגר לא תונה ולא תלחצנו״, „און א גר זאָלסטו ניט אָפּנאַרן און דו זאָלסט אים ניט דריקן״. **דאָס הייסט ווײ־טאָן מענטשן מיט ווערטער, און מען טאָר עס ניט טאָן.**

יא. אין מערבין, מען טאָר ניט אויסמישן פרוכטן מיט פרוכטן, אפילו נייע מיט נייע, און אודאי שוין (טאָר מען ניט) נייע מיט אלטע. **„פירות״, פרוכטן, מיינט מען אויך תבואה, און די משנה לערנט, אז אויב איינער פארקויפט אן אנדערן די תבואה פון א געוויסן פעלד, טאָר ער ניט צו־מישן תבואות פון אן אנדער פעלד, אפילו זיי זיינען ביידע נייע תבואות. און אויב ער האָט אים פארקויפט אלטע, טרוקענע תבואה, וואָס איז בעסער פון נייער, ניט־גוט אויסגעטריקנטער תבואה, טאָר ער אודאי און אודאי ניט צומישן די ערגערע נייע תבואה. דאָס הייסט אלץ אונאה, אָפּנאַרעריי.** באמת, דער אמת איז, אז ביים (פארקויפן) וויין האָט מען מתיר גע־מאכט אויסצומישן (אריינצוגיסן) שטאַרקן (וויין) אין שוואכערן (רך), ווייל ער (דער שטאַרקער וויין) ווען מען מישט אים צו) מאכט אים (דעם שוואכערן וויין) בעסער. **דעריבער ווען ער האָט אים פארקויפט שוואכערן וויין מעג דער פארקויפער צוגיסן שטאַרקערן; אָבער ווען ער האָט אים פארקויפט שטאַרקן, טאָר ער ניט צוגיסן שוואַ־כערן.** אין מערבין שמרים, מען טאָרניט (ביים פארקויפן וויין פון א פאס) אריינ־

לְעָרֵב קָשֶׁה בְרַךְ, מִפְּנֵי שֶׁהוּא מַשְׁבִּיחוֹ. אֵין מְעָרְבִין שִׁמְרֵי יַיִן בְּיַיִן, אֲבָל נוֹתֵן לוֹ אֶת שְׁמָרָיו. מִי שֶׁנִּתְעָרֵב מַיִם בְּיֵינוֹ לֹא יִמְכְּרֶנּוּ בַחֲנוּת, אֶלָּא אִם כֵּן הוֹדִיעוֹ. וְלֹא לַתַּגָּר אַף עַל פִּי שֶׁהוֹדִיעוֹ, שֶׁאֵינוֹ אֶלָּא לְרַמּוֹת בּוֹ. מָקוֹם שֶׁנָּהֲגוּ לְהַטִּיל מַיִם בַּיַּיִן, יַטִּילוּ:

**יב** הַתַּגָּר נוֹטֵל מֵחָמֵשׁ גְּרָנוֹת וְנוֹתֵן לְתוֹךְ מְגוּרָה אֶחָת. מֵחָמֵשׁ גִּתּוֹת, וְנוֹתֵן לְתוֹךְ פִּטָּם אֶחָד, וּבִלְבַד שֶׁלֹּא יְהֵא מִתְכַּוֵּין לְעָרֵב. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, לֹא יְחַלֵּק הַחֶנְוָנִי קְלָיוֹת וֶאֱגוֹזִים לַתִּינוֹקוֹת, מִפְּנֵי שֶׁהוּא מַרְגִּילָן לָבֹא אֶצְלוֹ. וַחֲכָמִים מַתִּירִין; וְלֹא יְפַחוֹת

מישן וויין־היוון (פון אן אנדער פאס) אין וויין אריין, אָבער ער מעג אים געבן זיינע היוון. **די היוון פון דער דאָזיקער פאס וויין, וועלכע ער האָט אים פארקויפט מעג ער אים יאָ געבן, און עס הייסט ניט אָפּגענארט, ווייל דער וועלכער קויפט וויין ווייסט, אז אין דעם וויין איז פאראן די היוון.** מי שנתערב, אויב ביי איינעם האָט זיך אויסגעמישט וואסער מיט זיין וויין, טאָר ער אים (דעם אויסגעמישטן וויין) ניט פארקויפן אין (זיין) געוועלב (צו קונים) סיידן ער איז אים (יעדן קונה) מודיע. **ער זאָגט אים, אז דאָס איז אויסגעמישט מיט וואסער.** ולא, און (ער) טאָרניט (פארקויפן דעם אויסגעמישטן וויין) צו א סוחר (וועלכער דארף ערשט פארקויפן דעם וויין צו קונים), אפילו ער האָט אים (דעם סוחר) מודיע געווען (אז דער וויין איז אויסגעמישט), ווייל ער (דער סוחר) נעמט אים נור אפצונארן דערמיט. **מען האָט מורא, אז דער סוחר וועט זיינע קונים ניט זאָגן דעם אמת.** מקום, אין אן אָרט וואו עס איז דער מנהג אריינצוטאָן וואסער אין וויין, מעג מען אריינטאָן. **ווייל דער קויפער ווערט ניט אָפּגענארט, מחמת ער ווייסט אז אלע וויינען אין דעם אָרט זענען געמישט מיט וואסער.**

יב. התגר, א סוחר מעג קויפן פון פינף (פארשידענע) שייערן, און אריינטאָן אין איין (תבואה־) קאסטן (מגורה, שפייכלער־קאסטן); (ער מעג קויפן וויין) פון פינף קעלטערס (גתות) און אריינטאָן אין איין גרויסער פאס (פיטס), אָבער ער זאָל ניט מכוון זיין אויסצומישן. **ווייל מענטשן ווייסן, אז ער האָט ניט קיין אייגענע פעלדער און קיין אייגענע וויין־קעלטערס און אז ער קויפט די תבואה און וויין פון פארשידענע ערטער, הייסט דאָס ניט אפּגענארט. אָבער ער טאָר ניט בכוונה ארויסלאָזן א קלאנג אז ער האָט געקויפט אלץ פון א גוטן פלאץ, און צומישן פון אנדערע ערטער און מענטשן זאָלן מיינען אז די גאנצע תבואה און דער גאנצער וויין איז פון דאָזיקן גוטן פלאץ. „פיטם", און טייל זענען גורס „פיטס", איז פון גריכישן „פיטאס", א גרויסע פאס.** ר' יהודה זאָגט, אז א קרעמער (חנוני. וועלכער האלט א געוועלב) טאָרנישט צעטיילן (בחינם) צווישן פרעמדע קינדער אָפּגעברענטע ואנגן (קליות) און ניס, ווייל ער געוואוינט זיי צו קומען צו אים קויפן. **לויט ר' יהודה הייסט דאָס ניט־ערליך זיך אויפגעפירט אין האנדל בנוגע צו אנדערע קרעמערס.** וחכמים, און די חכמים זענען מתיר. **זיי האלטן, אז דאָס איז א ערליכע קאָנקורענץ, און זאָל יעגער קרעמער אויך צעטיילן צווישן קינדער זאכן.** ולא יפחות, און ער (א קרעמער) טאָרניט אראָפּלאָזן פון פרייז. **דער קרעמער טאָרניט פארקויפן סחורות ביליגער פון מארק־פרייז** (שער איז דער טייטש דער מארק־פרייז), **ווייל ער ציט דאדורך צו קונים און נעמט צו די פרנסה פון אנדערע קרעמערס.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז זאָל ער (אזא קרעמער) געדענקט ווערן צום גוטן. **מחמת אזוי ארום דערפירט ער אז תבואה און פרוכטן און אנדערע סחורות זאָלן ווערן ביליגער.** לא יבור, ער (דער קרעמער) טאָרניט אויסקלייבן (די פסולת, די שלעכטע) פון די צעהאקטע באָבעס, אזוי זאָגט אבא שאול. „גרוסין" הייסן **בעבלאך צעהאקט אויף דער העלפט.** געוויינטליך איז פאראן אין זיי אָפּפאל (שלעכטע) און גוטע. **טאָר דער קרעמער ניט ארויסקלייבן דעם אָפּפאל,** ווייל דער קויפער מיינט, אז עס איז

אֶת הַשַּׁעַר, וַחֲכָמִים אוֹמְרִים יָבוֹר לְטוֹב. לֹא יָבוֹר אֶת הַגְּרִיסִין, דִּבְרֵי אַבָּא שָׁאוּל. וַחֲכָמִים מַתִּירִין. וּמוֹדִים שֶׁלֹּא יָבוֹר מֵעַל פִּי מְגוּרָה, שֶׁאֵינוֹ אֶלָּא כְגוֹנֵב אֶת הָעַיִן. אֵין מְפַרְכְּסִין, לֹא אֶת הָאָדָם, וְלֹא אֶת הַבְּהֵמָה, וְלֹא אֶת הַכֵּלִים:

# פרק ה.

**א** אֵיזֶהוּ נֶשֶׁךְ וְאֵיזֶהוּ תַּרְבִּית? אֵיזֶהוּ נֶשֶׁךְ? הַמַּלְוֶה סֶלַע בַּחֲמִשָּׁה דִינָרִין, סָאתַיִם חִטִּין בְּשָׁלֹשׁ (אָסוּר), מִפְּנֵי שֶׁהוּא נוֹשֵׁךְ. וְאֵיזֶהוּ תַּרְבִּית?

בלויז גוטע און צאָלט אים א העכערן פרייז ווי עס קומט אפילו נאָכן אראָפּנעמען די שלעכטע. וחכמים, און די חכמים זענען מתיר. זיי זאָגן, אז דער קונה קאָן אָפּשאצן דעם ווערט פון די בעבלאך נאָכן ארויסנעמען די שלעכטע, און אויב ער צאָלט דעם העכערן פרייז איז עס דערפאר ווייל מען ברענגט אים איין ארבייט אליין ארויס־צוקלייבן די שלעכטע. ומודים, און זיי (די חכמים) זענען מודה, אז ער טאָרניט אראָפּקלייבן (די שלעכטע) פון מויל פון קאסטן, וואָרים ער האָט דערמיט נאָר באגנבעט דאָס אויג. מחמת דערמיט נארט דער סוחר אָפּ דעם קונה, דער סוחר האָט נאָר אראָפּגענומען די שלעכטע פון דער הויך („פי המגורה״, „דער מויל פון קאסטן״, פון דער הויך פון קאסטן מיט די צעהאקטע בעבלאך), און דער קונה מיינט אז דער גאנצער קאסטן האָט נור די גוטע צוהאקטע בעבלאך. „גונב את העין״, באגאנבענען דאָס אויג״ מיינט, ער נארט אָפּ דעם בליק פון קונה. אין מפרכסין, מען טאָרניט צו־פוצן (שענער מאכן) ניט א מענטש (א שקלאף, וועלכן מען גייט פארקויפן) און ניט א בהמה, און ניט זאכן. ווייל דערמיט נארט מען אָפּ דעם קויפער, און דאָס טאָר מען ניט. „פרכוס״ הייסט באפארבן, באפוצן מיט פארב, מיט שמינקע, און עס ווערט באנוצט ווען פרויען וואָס פארבן זיך דאָס געזיכט מיט שמינקע (כתובות י״ז פרכס). פון וואנען דאָס וואָרט שטאמט ווייסט מען ניט. ר׳ בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך״ מיינט אז עס איז פון גריכישן וואָרט „פאר־קיס״, פנים־קנייטשן, און „פרכס״ מיינט באזייטיקן די קנייטשן, אָבער דאָס איז ניט זיכער.

## פרק ה.

א. איזהו, וואָס הייסט פראָצענט (נשך) און וואָס הייסט האנדלס־פראָצענט (תרבית, מערונג)? די תורה אין ויקרא כ״ה זאָגט, אז ווען מען באָרגט אוועק איינעם געלט צי עסנווארג טאָר מען פון אים ניט נעמען קיין פראָצענט, „את כספך לא תתן בנשך ובמרבית לא תתן אכלך״, „דיין געלט זאָלסטו ניט געבן אויף פראָ־צענט (נשך, פון „נשך״, „בייסן״) און דיין עסנווארג זאָלסטו ניט געבן אויף מע־רונג (מרבית, צו נעמען דערנאָך מער)״. די משנה וועט אין דעם פרק לערנען די דינים פון „ריבית״, סיי פון פראָצענט סיי פון האנדלס־פראָצענט. איזהו נשך, וואָס הייסט פראָצענט? אז איינער באָרגט־אוועק א סלע פאר (אויף אָפּצונעמען שפּע־טער) פינף דינרים, (אָדער ער באָרגט אוועק) צוויי סאה ווייץ אויף (אָפּצונעמען שפּעטער) דריי סאה, (עס הייסט פראָצענט, נשך) ווייל ער בייסט (נושך). א סלע איז 4 דינר־מטבעות, און דער אוועקבאָרגער וויל דערפאר נעמען 5 דינר־מטבעות, דאָס הייסט 1 דינר פראָצענט. דאָסזעלביקע וויל ער נעמען 1 סאה פראָצענט פאר די געבאָרגטע 2 סאה ווייץ. ער וויל נעמען פון לווה, פון באָרגער דאָס וואָס ער האָט אים ניט געגעבן. דאָס הייסט פראָצענט, און מען טאָר עס ניט נעמען לויט דעם דין פון דער תורה. ואיזהו, און וואָס הייסט תרבית (האנדלס־פראָצענט)? ווען ער מערט (ער וויל נעמען) מער פרוכטן (סחורה). אויך צוריק אָפּנעמען מער סחורה וויפיל מען האָט געגעבן, טאָר מען ניט לויט דעם דין פון דער תורה. אָבער עס איז פאראן אזא האנדלס־פראָצענט וואָס לויט דעם דין פון דער תורה מעג מען אים נעמען,

הַמַּרְבֶּה בַּפֵּירוֹת. כֵּיצַד? לָקַח הֵימֶנּוּ חִטִּין בְּדִינַר זָהָב הַכּוֹר, וְכֵן הַשַּׁעַר, עָמְדוּ חִטִּין בִּשְׁלֹשִׁים דִּינָרִין. אָמַר לוֹ, תֶּן לִי חִטַּי שֶׁאֲנִי רוֹצֶה לְמוֹכְרָן וְלִקַּח בָּהֶן יַיִן. אָמַר לוֹ, הֲרֵי חִטֶּיךָ עֲשׂוּיוֹת עָלַי בִּשְׁלֹשִׁים (דִּינָרִין) וַהֲרֵי לְךָ אֶצְלִי יַיִן, וְיַיִן אֵין לוֹ: **ב** הַמַּלְוֶה אֶת חֲבֵרוֹ לֹא יָדוּר בַּחֲצֵרוֹ חִנָּם, וְלֹא יִשְׂכּוֹר מִמֶּנּוּ בְּפָחוֹת, מִפְּנֵי שֶׁהוּא רִבִּית. מַרְבִּין עַל הַשָּׂכָר, וְאֵין מַרְבִּין עַל הַמֶּכֶר. כֵּיצַד? הִשְׂכִּיר לוֹ אֶת חֲצֵרוֹ וְאָמַר לוֹ, אִם מֵעַכְשָׁיו אַתָּה נוֹתֵן לִי, הֲרֵי הִיא לְךָ בְּעֶשֶׂר סְלָעִים לְשָׁנָה, וְאִם שֶׁל חֹדֶשׁ בְּחֹדֶשׁ בְּסֶלַע

**אָבער די חכמים האָבן אויך דאָס געאסרט צו נעמען. און די משנה גיט דאָ דעם ביישפיל דערצו.** כיצד, ווי אזוי? לקח, אויב ער (ראובן) האָט געקויפט ביי אים (ביי שמעון) ווייץ לויט (דעם פרייז פון) א גאָלדענעם דינר דעם כור (א כור האָט דרייסיק סאה, און א גאָלדענער דינר איז פינף און צוואָנציג זילבערנע דינר־מטבעות), און אזוי איז געווען (דאמאָלס, ביים קויפן) דער מארק־פרייז (השער); דערנאָך איז (א כור) ווייץ געוואָרן דרייסיק (זילבערנע) דינר־מטבעות (דער ווייץ איז טייערער געוואָרן מיט פינף דינר). האָט ער (ראובן, וועלכער האָט פריער ניט געהאט גענומען ביי שמעון דעם ווייץ) געזאָגט צו אים (צו שמעון): „גיב מיר מיין ווייץ, ווייל איך וויל אים פארקויפן און איך וויל קויפן דערפאר ווין". האָט ער (שמעון) געזאָגט צו אים (צו ראובנען): „איך נעם אָן דיין ווייץ מיט דרייסיק (דינר פאר דעם כור) און דו האָסט ביי מיר ווין (און איך דארף דיר פאר דעם געלט צו־שטעלן ווין)", און קיין ווין האָט ער (שמעון, בעת ער זאָגט דאָס) ניט געהאט. **לאָמיר באטראכטן וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. ראובן האָט געגעבן שמעונען 25 דינר פאר א כור ווייץ אָפצונעמען שפעטער, ווייל שמעון האָט קיין ווייץ ניט געהאט. דאָס מעג מען, כאָטש שפעטער ווערט ווייץ טייערער; מחמת דאמאָלס ווען ראובן האָט געקויפט איז דאָס געווען דער פרייז אין מארק, און ער האָט דאמאָלס געקאָנט קויפן ביי אזעלכן וועלכער האָט יאָ געהאט ווייץ. שפעטער ווען ווייץ איז געוואָרן 30 דינר א כור, מעג ראובן נעמען ביי שמעון דעם ווייץ; אָבער שמעון האָט דאָך ניט קיין ווייץ, און ער זאָגט אים צו צו געבן ווין, וועלכן ער, שמעון, האָט ניט. און דאָס טאָר מען ניט, ווייל ראובן האָט דאָך אים איצט ניט געגעבן קיין געלט פאר דעם ווין, נאָר פאר דעם חוב זאָגט שמעון אים צו שפעטער צו געבן ווין, ווען דער ווין וועט טייערער ווערן. ווי מיר האָבן געזאָגט, הייסט דאָס ניט קיין פראָצענט לויט דעם דין פון דער תורה, נאָר די חכמים האָבן אויך דאָס געאסרט.**

ב. המלוה, אז איינער (ראובן) באָרגט אן אנדערן (שמעונען, געלט) טאָר ער (ראובן) ניט וואוינען אין זיין (שמעונ׳ס) הויז בחינם (ניט צאָלנדיק אים קיין דירה־געלט), און ער טאָרניט (אפילו) דינגען ביי אים (דאָס הויז) פאר ווינציקער (דירה־געלט), ווייל דאָס הייסט פראָצענט (ריבית). **שמעון שענקט ראובנען דאָס גאנצע אָדער א טייל פון דירה־געלט דערפאר וואָס ער האָט גענומען ביי אים א הלואה, און דאָס הייסט פראָצענט.** מרבין, מען מעג נעמען מער פאר פארדינגען (און דערפאר וואַרטן מיטן אָפנעמען דאָס געלט) אָבער מען טאָרניט נעמער מער פאר פארקויפן (און דערפאר וואַרטן מיטן אָפנעמען דאָס געלט); ווי אזוי? אויב ער (ראובן) האָט פארדינגען צו אים (צו שמעון) זיין הויף, און ער האָט צו אים געזאָגט: „אויב דו גיסט מיר איצט (דאָס געלט פאר א גאנץ יאָר פאָרויס) איז (דער הויף פארדינגען פאר) צען סלעים א יאָר, און אויב דו וועסט מיר געבן יעדן חודש פאר א חודש, איז (דער הויף פארדינגען פאר) א סלע פאר א חודש (דאָס הייסט צוועלף סלעים א יאָר)", מעג מען (און עס הייסט ניט קיין פראָצענט); אויב ער (ראובן) האָט פארקויפט צו אים (צו שמעון) זיין פעלד, און ער האָט צו אים געזאָגט: „אויב דו גיסט מיר איצט (דאָס געלט) איז דאָס (פעלד) דיינס פאר טויזנט זוז (גילדן), און אויב (דו

לַחֹדֶשׁ, מֻתָּר. מָכַר לוֹ אֶת שָׂדֵהוּ, וְאָמַר לוֹ אִם מֵעַכְשָׁיו אַתָּה נוֹתֵן לִי, הֲרֵי הִיא שֶׁלְּךָ בְּאֶלֶף זוּז. אִם לַגֹּרֶן בִּשְׁנֵים עָשָׂר מָנֶה, אָסוּר: ג מָכַר לוֹ אֶת הַשָּׂדֶה וְנָתַן לוֹ מִקְצָת דָּמִים, וְאָמַר לוֹ, אֵימָתַי שֶׁתִּרְצֶה הָבֵא מָעוֹת וְטוֹל אֶת שֶׁלְּךָ אָסוּר. הִלְוָהוּ עַל שָׂדֵהוּ, וְאָמַר לוֹ, אִם אִי אַתָּה נוֹתֵן לִי מִכָּאן וְעַד שָׁלֹשׁ שָׁנִים, הֲרֵי הִיא שֶׁלִּי. הֲרֵי הִיא שֶׁלּוֹ. וְכָךְ הָיָה בַּיְתוֹס בֶּן זוֹנִין עוֹשֶׂה עַל פִּי חֲכָמִים: ד אֵין מוֹשִׁיבִין חֶנְוָנִי לְמַחֲצִית שָׂכָר,

וועסט מיר געבן דאָס געלט) צום שייער־צייט (לגורן, שפּעטער) איז (דער פּרייז פון פּעלד) צוועלף מנה (צוועלף הונדערט גילדן)״, טאָר מען ניט. **דער טעם איז ווייל „שכירות אינה משתלמת אלא לבסוף״, דירה־געלט צאָלט מען צום סוף פון דער צייט אויף ווען מען דינגט. ממילא הייסט עס אז דער ריכטיקער פּרייז פון פּאַרדינגען פון הויף איז באמת 12 סלעים א יאָר, נאָר ער, ראובן, לאָזט אים אראָפּ 2 סלעים, אויב ער צאָלט אים איצט דאָס געלט פאָרויס, און דאָס הייסט ניט גענומען פּראָצענט. אָבער ביים פאַרקויפן א זאַך דאַרף מען צאָלן באַלד, ממילא איז דאָך דער ריכטיקער פּרייז פון פּעלד 1000 גילדן, און אויב ראובן נעמט 1200 גילדן פאַר וואַרטן מיטן געלט ביז דער צייט פון שייער (לגורן ווען מען נעמט אראָפּ די תבואה), הייסט דאָס גענומען פּראָצענט, און דאָס טאָר מען ניט (מדרבנן, ניט לויט דעם דין פון דער תורה).**

ג. מכר, אויב ער (ראובן) האָט פאַרקויפט איס (שמעונען) א פּעלד, און ער (שמעון) האָט אים געגעבן א טייל פון געלד, און ער (ראובן) האָט געזאָגט צו אים (צו שמעונען): „ווען דו וועסט וועלן, ברענג (דאָס איבריקע) געלט, און דו וועסט (דאַמאָלס) צונעמען דיינס (דיין פּעלד)״, טאָר מען ניט. **מחמת אויב אין דער צייט ביז שמעון וועט צו־ברענגען דאָס איבריקע געלט עסט דערווייל ראובן די פּרוכטן פון פּעלד, וואָס איז דאָך שמעון'ס, הייסט דאָך עס אז ראובן עסט די פּרוכטן דערפאַר וואָס ער וואַרט מיטן נעמען דאָס איבריקע געלט, און דאָס הייסט פּראָצענט. אויב ווידער שמעון האַלט דערווייל דאָס פּעלד און עסט דערפון די פּרוכטן, איז דאָך מורא צו האָבן, טאָמער וועט ער ניט צוצאָלן דאָס געלט און דאָס פּעלד איז ממילא צוריק ראובנ'ס, און עס קומט אויס אז שמעון עסט די פּרוכטן ווייל ער האָט געבאָרגט ראובנען דאָס האַנט־געלט. די גמרא זאָגט, אז מען מיינט דאָ, אז ראובן האָט געזאָגט צו שמעונען אז אויב ער וועט אים צו־ברענגען דאָס איבריקע געלט איז דאָס פּעלד פאַרקויפט צו אים פון איצט אָן.** הלוהו, אויב ער (ראובן) האָט געבאָרגט איס (שמעונען) געלט אויף זיין פּעלד (ראובן האָט גענומען שמעון'ס פּעלד אלס משכון) און ער (ראובן) האָט צו אים געזאָגט: „אויב דו וועסט מיר ניט באַצאָלן (דעם חוב) אין פאַרלויף פון דריי יאָר, איז דאָס (פּעלד) מיינס״, איז עס זיינס; און אזוי האָט בייתוס בן זונין געטאָן (געבאָרגט מענטשן געלט אויף זייערע פּעלדער און אויסגענומען מיט זיי דעם דערמאָנטן תנאי) מיט דער הסכמה פון די חכמים. **דאָס הייסט ניט קיין פּראָצענט; אויך דאָ מיינט מען, אז שמעון האָט געזאָגט צו ראובנען, אז אויב ער וועט אים ניט באַצאָלן דעם חוב אין דריי יאָר, זאָל דאָס פּעלד זיין ראובנ'ס שוין פון איצט אָן. די פּרוכטן פון פּעלד פון די דריי יאָרן דאַרפן ווערן איינגעלייגט ביי א דריטן מענטש (ביי א שליש), און אויב שמעון באַצאָלט דעם חוב דאַרף ער געבן די פּרוכטן צו שמעונען, און אויב ניט דאַרף ער געבן די פּרוכטן צו ראובנען.**

ד. אין, מען טאָר ניט אוועקזעצן א קרעמער (ראובן טאָר ניט געבן פּרוכטן צו שמעון דעם קרעמער צו פאַרקויפן) אויף א העלפט פאַרדינסט (אז ראובן און שמעון זאָלן זיך טיילן מיט דעם פאַרדינסט פון די פאַרקויפטע פּרוכטן), און ער (ראובן) טאָר ניט געבן אים (שמעון דעם קרעמער) געלט צו קויפן פּרוכטן (און דערנאָך צו

וְלֹא יִתֵּן מָעוֹת לִקַּח בָּהֶן פֵּירוֹת לְמַחֲצִית שָׂכָר. אֶלָּא אִם כֵּן נוֹתֵן לוֹ שְׂכָרוֹ כְּפוֹעֵל. אֵין מוֹשִׁיבִין תַּרְנְגוֹלִין לְמֶחֱצָה, וְאֵין שָׁמִין עֲגָלִין וּסְיָחִין לְמֶחֱצָה, אֶלָּא אִם כֵּן נוֹתֵן לוֹ שְׂכַר עֲמָלוֹ וּמְזוֹנוֹ. אֲבָל מְקַבְּלִין עֲגָלִין וּסְיָחִין, לְמֶחֱצָה, וּמְגַדְּלִין אוֹתָן עַד שֶׁיְּהוּ מְשֻׁלָּשִׁין, וַחֲמוֹר עַד שֶׁתְּהֵא

פארקויפן) אויף א העלפט פארדינסט (צוצעטיילן זיך מיט דעם פארדינסט נאָכן פארקויפן די פּרוכטן), סיידן ער (ראובן) גיט (שמעונען) זיין ארבייטס־לוין ווי (מען באצאָלט) אן ארבייטער. דער פּשט פון דער משנה איז אזוי. אויב ראובן האָט פרוכטן, וואס ווען ער זאָל זיי פארקויפן אלע מיט אמאָל, אין הורט, קאָן ער קריגן דערפאר 200 גילדן. זאָגט ראובן צו שמעון דעם קרעמער: „נא דיר די פרוכטן און דו פארקויף זיי ביסלעכווייז, און מיט דעם פארדינסט וואָס וועט זיין מער פון 200 גילדן וועלן מיר זיך טיילן אויף דער העלפט”. אָדער ראובן האָט ניט קיין פרוכטן, נאָר ער האָט געלט 200 גילדן, און ער גיט זיי צו שמעון דעם קרעמער, אז ער זאָל דערפאר קויפן פרוכטן אין הורט, און דערנאָך זאָל ער זיי פארקויפן ביסלעכווייז און מיט דעם פארדינסט זאָלן זיי ביידע זיך טיילן. זאָגט די משנה, אז מען טאָר עס ניט טאָן. פארוואס ? ווייל ביי אזעלכע סאָרט פארדינסט־שותפות־געשעפטן (עיסקא) איז איינגעפירט, אז פאר א העלפט פון די פרוכטן צי פון געלט נעמט שמעון אויף זיך די ריזיקע, און אויב זיי ווערן קאליע אָדער בי־ליקער, איז עס שמעון׳ס היזק אויף א העלפט. ממילא איז דאָך די דאָזיקע העלפט פרוכטן אָדער געלט שמעון׳ס, וועלכער האָט זי גענומען פון ראובנען אויף באָרג. קומט דאָך אויס, אז דערפאר וואָס ראובן האָט אים געבאָרגט די דאָזיקע העלפט, פארנעמט זיך שמעון בחינם, אָן שום באלוינונג, מיט דער העלפט וואָס געהערט צו ראובנען, און דאָס הייסט ריבית, פּראָצענט; שמעון צאָלט ראובנען מיט ארבייט דערפאר וואָס ראובן האָט אים געבאָרגט פרוכטן צי געלט. ווען מעג מען עס יאָ טאָן? זאָגט די משנה, אז מען מעג עס טאָן, אויב ראובן באצאָלט שמעונען זיין אר־בייטס־לוין ווי אן ארבייטער. די גמרא זאָגט, אז מען מיינט ניט ווי א פולשטענדיקן ארבייטער, נאָר ווי א פועל בטל, ווי איינער וועלכער ארבייט שווער, לאָמיר זאָגן ווי א סטאָלאר צי א שמיד, וואָלט גענומען אז ער זאָל ניט ארבייטן זיין שווערע ארבייט נאָר טאָן א לייכטע ארבייט. אין מושיבין תרנגולין, מען טאָרניט אוועקזעצן הינער (ראובן טאָרניט געבן אייער צו שמעון, וועלכער האָט הינער, אז ער זאָל זיי אוועקזעצן אויף די אייער אויסצובריען הינדלעך) צו צעטיילן זיך (מיטן פארדינסט), און מען טאָרניט אָפּשאצן קעלבער און יינגע אייזלן (ראובן טאָרניט געבן שמעונען קעלבער און יינגע אייזלן צום האָדעווען עטליכע יאָר) צו צעטיילן זיך (מיטן פאר־דינסט), סיידן ער (ראובן) גיט אים (שמעונען) זיין לוין פאר דער ארבייט, און די שפּייז (וואָס ער דארף געבן די אויסגעפּיקטע הינדעלעך און די קעלבער און די אייזלן). אויך דאָ מיינט מען ווען שמעון נעמט אויף זיך די ריזיקע, אז אויב זיי וועלן פּגר׳ן צאָלט ער א העלפט; און דאריבער אויב ער באקומט ניט באצאָלט פאר זיין ארבייט און די שפּייז פאר די אויסגעפּיקטע הינדעלעך און קעלבער און יינגע אייזלן, הייסט עס אז ער באצאָלט פּראָצענט פאר דער העלפט וואָס ער האָט געבאָרגט. אבל, אָבער מען מעג אָננעמען (מקבלין, צום דערציען) קעלבער און יינגע אייזלן אויף העלפט פארדינסט (און דער אָננעמער זאָל ניט זיין א שותף צום היזק), און מען דערציט זיי ביז זיי (די קעלבער) ווערן אויפגעוואקסן א דריטל (פון זייער פולן וואוקס), און דאָס אייזל ביז עס וועט קאָנען טראָגן א משא (טוענת). די משנה מאכט דאָ אן אונטערשייד צווישן „שמין, „אָפּשאצן”, און „מקבלין”, „אָננעמען”. מיט „שמין” מיינט מען ווען דער אָננעמער, שמעון, איז א שותף סיי צום פארדינסט און סיי צום היזק, און דאָס טאָר מען ניט, ווי מיר האָבן פריער דערקלערט. אָבער

טוֹעֶנֶת: ה שָׁמִין פָּרָה וַחֲמוֹר, וְכָל דָּבָר שֶׁהוּא עוֹשֶׂה וְאוֹכֵל, לְמֶחֱצָה. מָקוֹם שֶׁנָּהֲגוּ לְחַלֵּק אֶת הַוְּלָדוֹת מִיָּד, חוֹלְקִין, מָקוֹם שֶׁנָּהֲגוּ לְגַדֵּל יְגַדְּלוּ. רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, שָׁמִין עֵגֶל עִם אִמּוֹ, וּסְיָח עִם אִמּוֹ. וּמַפְרִין (ס״א וּמַפְרִיז) עַל שָׂדֵהוּ וְאֵינוֹ חוֹשֵׁשׁ מִשּׁוּם רִבִּית: ו אֵין מְקַבְּלִין צֹאן בַּרְזֶל מִיִּשְׂרָאֵל, מִפְּנֵי שֶׁהוּא רִבִּית. אֲבָל מְקַבְּלִין צֹאן בַּרְזֶל מִן נָכְרִי

**אויב שמעון דער אָננעמער איז א שותף (מקבל) נור צום פארדינסט, מעג מען, ווייל ער באַרגט דאָך גאָרניט פון ראובנען, מחמת אלץ איז דאָך ראובנ׳ס בנוגע דעם היזק.**

ה. שמין, מען מעג אָפּשאַצן (שמין, ראובן מעג געבן שמעונען צום פּאַשן אויף העלפט פארדינסט און העלפט היזק) א קי אָדער אן אייזל (וועלכע זענען שוין דערוואקסן), און יעדע (לעבעדיקע) זאך וואָס ארבייט (פאַרדינט פון זיין ארבייט) און עסט, אויף א העלפט. **דאָ הייסט עס ניט, אז שמעון צאָלט פּראָצענט מיט זיין ארבייט בחינם פאר ראובנ׳ס טייל; ווייל די קי אָדער דאָס אייזל, ווען עס איז ביי שמעונען, ארבייט און פארדינט, און דעם פארדינסט נעמט צו זיך שמעון, און ממילא האָט ער דאָך א באלוינונג פאר זיין ארבייט.** מקום שנהגו לחלק, אין אן אָרט וואו עס איז דער מנהג צו צעטיילן זיך מיט די קינדער (ווען ראובן גיט א קי אָדער אן אייזל שמעונען צום פּאַשן און האָבן קינדער, און עס איז דער מנהג אז ראובן און שמעון טיילן זיך מיט די קעלבלעך און די יינגע אייזלעך) זאָלן זיי זיך טיילן באלד, (און) אין אן אָרט וואו עס איז דער מנהג צו האָדעווען די קינדער, זאָל מען (די קינדער) האָדעווען. **די מפרשים דערקלערן אויפן יסוד פון דער גמרא, אז מיט „באלד׳׳ מיינט מען ביי קליין־פי (שעפּסן, ציגן) 30 טעג, און ביי גרויס פי (קעל־בער, אייזלן) 50 טעג, ווייל אזא צייט דאַרף מען איבערלאָזן די קינדער ביי דער מוטער.** ר׳ שמעון בן גמליאל זאָגט, אז מען שאַצט־אָפּ (מען מעג אָננעמען צו האָ־דעווען אויף שותפות צו פארדינסט און צו היזק) א קעלבל צוזאמען מיט זיין מוטער (מיט דער קי) און א יינג אייזל צוזאמען מיט זיין מוטער (דעם גרויסן אייזל), און מען מעג העכערן דעם ארענדע־לוין צו פארבעסערן זיין פעלד, און מען דאַרף ניט חושש זיין פאר פּראָצענט. **ר׳ שמעון בן גמליאל לערנט דאָ צוויי דינים. ערשטנס אז כאָטש מיר האָבן פריער אין משנה ד׳ געלערנט אז יינגע קעלבער און יינגע אייזלן טאָר מען ניט נעמען אין אפּשאַצונגס־שותפות צוליב דעם איסור פון פּראָצענט, אָבער צוזאמען מיט זייערע מוטערס מעג מען, ווייל דער אָננעמער האָט דאָך דאָס פארדינסט פון דער ארבייט פון זייערע מוטערס (ווי מיר האָבן געלערנט פריער). צווייטנס, אז אויב ראובן האָט פארדינגן צו שמעונען זיין פעלד, למשל, פאר 10 קערץ תבואה א יאָר, מעג ראובן באָרגן שמעונען געלד צו קויפן מיסט צו באַמיסטיקן דאָס פעלד כדי עס זאָל ארויסגעבן מער תבואה, און דערפאר מעג ראובן זיך אויסנעמען אז שמעון זאָל אים צאָלן ניט 10 קערץ נאָר 12 קערץ תבואה. עס הייסט ניט קיין פּראָצענט, נאָר עס הייסט, אז ער דינגט ביי אים א בעסער פעלד. אזוי איז דער טייטש „מפריז׳׳, פון „פרז׳׳, מאכן אָפן, ברייט, בעסער. אן אנדערע גירסא איז „מפרין׳׳, פרה׳׳, פרוכטבאר, און מען מיינט צו באָרגן אים תבואה אויף זריעה, צו באַפרוכטן דאָס פעלד, און דערפאר צו נעמען מער פאר דעם פאר־דינגן.**

ו. אין מקבלין, מען טאָרניט אָננעמען פון א ייד „אייזערנע׳׳ שעפּסן (צום דערציען), **ווייל עס איז פּראָצענט מיט „אייזערנע שעפּסן׳׳, „צאן ברזל׳׳, מיינט מען אז שמעון וועלכער נעמט פון ראובנען די שעפּסן צום דערציען, נעמט אויף זיך צו ליידן דעם גאנצן היזק, אויב די שעפּסן וועלן פגרן אָדער מאָגער ווערן, און פון פארדינסט וועט שמעון נעמען נור א העלפט. דאָס הייסט „צאן ברזל׳׳, „אייזער־נע׳׳, ווייל ראובן פארזיכערט זיך די שעפּסן ווי „אייזן׳׳, ער קאָן גאָרניט היזק האָבן.**

וְלוֹוִין מֵהֶן וּמַלְוִין אוֹתָן בְּרִבִּית. וְכֵן בְּגֵר תּוֹשָׁב. מַלְוֶה יִשְׂרָאֵל מָעוֹתָיו שֶׁל נָכְרִי מִדַּעַת נָכְרִי אֲבָל לֹא מִדַּעַת יִשְׂרָאֵל: ז אֵין פּוֹסְקִין עַל הַפֵּירוֹת, עַד שֶׁיֵּצֵא הַשַּׁעַר. (יָצָא הַשַּׁעַר פּוֹסְקִין, וְאַף עַל פִּי שֶׁאֵין לָזֶה יֵשׁ לָזֶה). הָיָה הוּא תְּחִלָּה לַקּוֹצְרִים פּוֹסֵק עִמּוֹ עַל הַגָּדִישׁ, וְעַל הֶעָבִיט

**דאָס איז דאָך פּראָצענט, ווייל באמת הייסט דאָך עס אז שמעון האָט גענומען די שעפּסן אינגאנצן אויף באָרג (וואָרום ער ליידט דאָך דעם גאנצן היזק), און ער צאָלט ראובנען א העלפט פאַרדינסט פאַר דעם בארגן.** אבל, אָבער מען מעג אָננעמען אייזערנע שעפּסן פון גויים, און מען מעג בארגן פון זיי און באָרגן צו זיי אויף פּראָצענט. **דאָס איז דער דין אז מען מעג צאָלן גויים פּראָצענט און מען מעג נעמען ביי זיי פּראָצענט.** וכן, און אזוי (מעג מען אויך נעמען און געבן פּראָצענט) ביי א גר תושב. **ביי יידן זענען אמאָל געווען אין ארץ ישראל צוויי סאָרטן גרים. איין סאָרט האָט געהייסן „גר צדק“, א אמת׳ר גר. דאָס איז געווען א גוי, וועלכער האָט זיך אינגאנצן מגייר געווען (זיך מל געווען און טובל געווען) און איז געוואָרן א ייד. ער האָט געהאַט דעם דין פון א ייד; ער האָט געדאַרפן מקיים זיין אלע מצוות, און אזעלכן האָט מען ניט געטאָרט געבן פּראָצענט. דער צווייטער סאָרט האָט געהייסן „גר תושב“ (א גר צום וואוינען צווישן יידן). אזעלכער איז געבליבן א גוי, נאָר ער האָט אויפגעהערט צו דינען די עבודה זרה און האָט מקיים געווען 7 מצוות (שבע מצוות של בני נח). ער איז ניט געווען מער קיין געצנדינער, פון אזעלכן האָט מען געמעגט נעמען פּראָצענט און מען האָט אים געמעגט געבן פּראָצענט.** מלוה ישראל, א ייד מעג אוועקבאָרגן (צו אן אנדערן יידן) דאָס געלד פון א גוי (אויף פּראָצענט) מיט דעם וויסן פון גוי, אָבער ניט בלויז מיטן וויסן פון ייד. **אויב ראובן האָט געבאָרגט געלד פון א גוי אויף פּראָצענט, מעג ראובן צוריקגעבן דאָס געלד דעם גוי און אים הייסן געבן דאָס געלד שמעונען און שמעון זאָל צאָלן דעם פּראָצענט; אָבער ראובן טאָרניט דאָס געלד געבן שמעונען און נעמען ביי אים דעם פּראָצענט וואָס ער צאָלט דעם גוי.**

ז. אין פוסקין, מען טאָרניט (געבן געלד און) באשטימען א פּרייז אויף פּרוכטן, (פּירות, פּרוכטן, תבואה, און די תבואה נעמען ערשט שפּעטער), סיידן עס איז שוין פאראַן א מארק־פּרייז (יצא השער, א מארק־פּרייז אויף תבואה). **ראובן טאָרניט געבן שמעונען 25 גילדן פאַר א קערץ תבואה, און שמעון זאָל אים געבן דעם קערץ תבואה ערשט אין א צייט שפּעטער, ווייל טאָמער וועט שפּעטער תבואה קאָסטן 30 גילדן, און עס הייסט אז שמעון צאָלט ראובנען 5 גילדן מער (ער גיט דאָך אים פאַר די 25 גילדן א קערץ תבואה וואָס האָט די ווערט 30 גילדן) דערפאַר וואָס ער האָט פריער געגעבן געלד, און דאָס הייסט געצאָלט פּראָצענט.** יצא, אויב אָבער עס איז שוין ארויס א באשטימטער פּרייז (אויף תבואה) מעג מען באשטימען דעם פּרייז. **אויב דאמאָלס ווען ראובן גיט די 25 גילדן שמעונען, קריגט מען אין גאס תבואה צו 25 גילדן דעם קערץ,** מעג עס **ראובן טאָן.** ואף על פי, און כאָטש דער (שמעון) האָט ניט (איצט קיין תבואה), האָט (אָבער) דער (אנדערער, אנדערע מענטשן). **און ווייל ראובן קאָן איצט קויפן תבואה ביי אנדערע מענטשן, וועלכע האָבן יאָ, צו 25 גילדן דעם קערץ, הייסט עס ניט גענומען קיין פּראָצענט.** היה, אויב ער (שמעון) איז געווען דער ערשטער צום שניידן (תבואה) מעג ער (ראובן) מיט אים באשטימען א פּרייז ביים תבואה־הויפן (גדיש). „גדיש“ הייסט א הויפן, א בארג מיט אפּגעשניטענע תבואה־זאנגען. **די משנה זאָגט, אז כאָטש אין גאס איז נאָכניט פאראַן קיין פּרייז אויף תבואה, אָבער ווייל שמעון האָט דאָך שוין אָפּגעשניטענע זאנגען, מעג אים ראובן געבן געלד און מאַכן מיט אים א פּרייז. דער טעם איז ווייל דער דאָזיקער פּראָצענט־פאַרבאָט ביי מסחר** (ווי מיר האָבן דערקלערט פריער אין משנה א׳) איז נור מדרבנן, און מדאורייתא איז

שֶׁל עֲנָבִים, וְעַל הַמַּעְטָן שֶׁל זֵיתִים, וְעַל הַבֵּצִים שֶׁל יוֹצֵר, וְעַל הַסִּיד מִשֶּׁשְּׁקָעוֹ בַּכִּבְשָׁן, וּפוֹסֵק עִמּוֹ עַל הַזֶּבֶל כָּל יְמוֹת הַשָּׁנָה. רַבִּי יוֹסֵי אוֹמֵר, אֵין פּוֹסְקִין עַל הַזֶּבֶל, אֶלָּא אִם כֵּן הָיְתָה זֶבֶל בָּאַשְׁפָּה. וַחֲכָמִים מַתִּירִין, וּפוֹסֵק עִמּוֹ כְּשַׁעַר הַגָּבוֹהַּ. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, אַף עַל פִּי שֶׁלֹּא פָּסַק עִמּוֹ כְּשַׁעַר הַגָּבוֹהַּ, יָכוֹל לוֹמַר, תֵּן לִי כָזֶה, אוֹ תֵּן לִי אֶת מְעוֹתָי:

**ח** מַלְוֶה אָדָם אֶת אֲרִיסָיו חִטִּין בְּחִטִּין לְזֶרַע, אֲבָל לֹא לֶאֱכוֹל. שֶׁהָיָה

עס מותר, און די חכמים האָבן ניט געמאכט דעם פאַרבאָט ווען שמעון האָט די תבואה. ועל העביט, און (מען מעג געבן געלד און פעסטשטעלן א פרייז) אויף דעם איינלייגונגס־טאָפּ (עביט) מיט וויינטרויבן, און אויף דעם צעבער (מעטן) מיט איילבירטן, און אויף די אייער (ביצים, ערדענע אייער) פון טעפּער, און אויף דעם קאַלך פון זינט מען האָט אים אריינגעלייגט אין קאַלך־אויוון. כאָטש דער וויין פון די וויינטרויבן אין דעם טאָפּ איז נאָכניט פאַרטיג און דער אייל פון די איילבירטן אין דעם צעבער איז נאָכניט פערטיג, און די ערדענע כלים וואָס דער טעפּער ארבייט אויס פון די ערדענע אייער (קיילעכיקע און לענגליכע שטיקר ליים־ערד) זענען נאָכניט פאַרטיק, און דער קאַלך איז נאָכניט איבערגעברענט אין קאַלך־אויוון און ער איז דאריבער נאָכניט פאַרטיק, פונדעסטוועגן מעג מען שוין געבן געלט און פעסטשטעלן א פרייז אויף דעם וויין און אייל און די ערדענע כלים און דעם קאַלך צו נעמען זיי שפּעטער, ווייל עס הייסט ווי דער געלט־נעמער האָט שוין די סחורה. ופוסק, און ער (דער קויפער וואָס גיט דאָס געלט) מעג מאכן א פרייז מיט אים (מיט דעם פאַרקויפער, דעם געלט־נעמער) אויף מיסט א גאַנץ יאָר. ראובן מעג קויפן ביי שמעון יעדע צייט אין יאָר מיסט פאַר א באַשטימטן פרייז און אים געבן געלט, און שמעון זאָל אים שפּעטער צושטעלן דאָס מיסט לויטן דאָזיקן פרייז, ווייל מיסט קריגט מען אומעטום א גאַנץ יאָר. ר׳ יוסי זאָגט, מען טאָרניט מאכן א פרייז אויף מיסט, סיידן ער (דער פאַרקויפער) האָט מיסט אין מיסט־הויפן (אשפה). דאָס מיסט ווערט געזאמלט אין א מיסט־הויפן (אשפה, זע מסכתא שביעית פרק ג׳ משנה א׳).וחכמים, און די חכמים זענען מתיר. די גמרא זאָגט, אז די חכמים זענען מתיר ניט א גאַנץ יאָר, נאָר זומער־צייט, (אפילו ער האָט ניט), ווייל דאַמאָלס האָבן א סך מענטשן מיסט. ופוסק עמו, און ער (דער קויפער, געלט־געבער) מעג מאכן מיט אים (מיט דעם פאַרקויפער, דעם געלט־נעמער) א פרייז לויט דעם ביליקן מארק פרייז. אזוי טייטשן די מפרשים (לויט דער גמרא) „כשער הגבוה״, „לויט דעם הויכן מארק״, אז דאָס מיינט מען דעם ביליקן פרייז, ווען מען קריגט א סך תבואה פאַר ווייניק געלט („גבוה״, „הויך״, מיינט דאָ א סך). ר׳ יהודה זאָגט, אז אפילו ער האָט מיט אים ניט געמאכט א פרייז לויט דעם ביליקן מארק־פרייז קאָן ער (דער קויפער) זאָגן צו אים (צום פאַרקויפער): „געב מיר (תבואה) לויט דעם דאָזיקן (ביליקן) פרייז, אָדער געב מיר מיין געלט״. ווייל ווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק ד׳ משנה א׳, קאָן מען חרטה האָבן, אפילו מען האָט געגעבן דאָס געלט אויב מען האָט ניט צוגענומען די תבואה.

ח. מלוה, א (בעל הבית פון פעלדער, וועלכער פאַרדינגט די פעלדער צו מענטשן) מעג באָרגן זיינע דינגער (אריסיו) ווייץ (אז זיי זאָלן אים שפּעטער אָפּצאָלן) מיט ווייץ, צו פאַרזייען אָבער ניט צום עסן. דער מענטש וואָס דינגט דאָס פעלד, דער אריס, פאַרזייט דאָס פעלד מיט זיין אייגענעם ווייץ. זאָגט די משנה, אז דער אָריס מעג באָרגן פון בעל הבית ווייץ צום זייען און אָפּגעבן אים שפּעטער ווייץ, כאָטש שפּעטער איז דער ווייץ טייערער, און עס הייסט ניט קיין פּראָצענט, ווייל עס הייסט, אז דער בעל הבית נעמט אָפּ צוערשט זיין ווייץ צום פאַרזייען. אָבער אויף צו עסן טאָר מען ניט, מחמת עס הייסט פּראָצענט. די משנה זאָגט, אז מען האָט

רַבָּן גַּמְלִיאֵל מַלְוֶה אֶת אֲרִיסָיו חִטִּין בְּחִטִּין לְזֶרַע, בְּיוֹקֶר וְהֻזְּלוּ, אוֹ בְזוֹל וְהוּקְרוּ. נוֹטֵל מֵהֶן כְּשַׁעַר הַזּוֹל, לֹא מִפְּנֵי שֶׁהֲלָכָה כֵן, אֶלָּא שֶׁרָצָה לְהַחְמִיר עַל עַצְמוֹ: ט לֹא יֹאמַר אָדָם לַחֲבֵרוֹ, הַלְוֵנִי כּוֹר חִטִּים וַאֲנִי אֶתֵּן לְךָ לַגֹּרֶן, אֲבָל אוֹמֵר לוֹ, הַלְוֵנִי עַד שֶׁיָּבֹא בְנִי אוֹ עַד שֶׁאֶמְצָא מַפְתֵּחַ. וְהִלֵּל אוֹסֵר. וְכֵן הָיָה הִלֵּל אוֹמֵר, לֹא תַלְוֶה אִשָּׁה כִּכָּר לַחֲבֶרְתָּהּ עַד שֶׁתַּעֲשֶׂנּוּ דָמִים. שֶׁמָּא יוֹקִירוּ חִטִּים וְנִמְצְאוּ בָאוֹת לִידֵי רִבִּית: י אוֹמֵר אָדָם לַחֲבֵרוֹ, נַכֵּשׁ עִמִּי וַאֲנַכֵּשׁ עִמָּךְ, עֲדוֹר עִמִּי וְאֶעְדּוֹר עִמָּךְ. אֲבָל לֹא

געלערנט די דאָזיקע הלכה, ווייל רבן גמליאל האָט זיך אנדערש אויפגעפירט און ער האָט אויף זיך מחמיר געווען: שהיה רבן גמליאל, ווארום רבן גמליאל פלעגט באָרגן זיינע אריסים (מענטשן וועלכע האָבן געדינגן ביי אים פעלדער) ווייץ (אָפּצו־צאָלן אים) מיט ווייץ, צום פארזייען (און אויב ווייץ איז געווען) טייער און (דערנאָך) איז עס געוואָרן ביליקער, אָדער עס איז געווען ביליק און עס איז געוואָרן טייע־רער, האָט ער גענומען פון זיי לויט דעם ביליקן פרייז (ער האָט זיי פאררעכנט דעם געבאָרגטן ווייץ לויט דעם ביליקן פרייז), ניט דערפאר ווייל אזוי איז די הלכה, נאָר ווייל ער האָט געוואָלט אויף זיך מחמיר זיין. אויב למשל ווען ער האָט זיי געגעבן דעם ווייץ איז געווען 25 גילדן דער קערץ און דערנאָך איז געוואָרן 30 גילדן דער קערץ, האָט ער גענומען ביי זיי נור פינף זעקסטל קערץ ווייץ; אויב דער ווייץ איז געוואָרן 20 גילדן א קערץ, האָט ער גענומען א קערץ ווייץ.

ט. לא יאמר, איינער (ראובן) טאָר ניט זאָגן צום אנדערן (צו שמעון): „באָרג מיר א כור ווייץ, און איך וועל דיר אָפּגעבן (א כור ווייץ) צום שייער״. „לגורן״, „צום „שייער״, מיינט מען אין דער צייט ווען מען נעמט אראָפּ די תבואה פון די פעלדער. דער טעם איז, ווייל עס קאָן זיין אז דער כור ווייץ וועט שפּעטער אין שייער־צייט, טייערער ווערן, און עס הייסט אז מען באצאָלט צוריק מיט מער געלט פאר דעם גע־באָרגטן כור ווייץ. אבל, אָבער ער מעג אים זאָגן: „באָרג מיר ביז מיין זון וועט קומען, אָדער ביז איך וועל געפינען דעם שליסל״. די משנה מיינט אז אויב ראובן האָט זיין אייגענעם כור ווייץ, נאָר ער קאָן ניט צו קומען צו אים ווייל זיין זון האָט דעם שליסל צו זיין תבואה־מאגאזין, אָדער ער האָט פאַרלוירן דעם שליסל, מעג ער באָרגן, און עס הייסט ניט קיין פּראָצענט. והלל, און הלל אסרט. הלל זאָגט, אז מען טאָרניט באָרגן, אפילו ווען מען האָט דעם ווייץ און מען קאָן ניט צוקומען צו אים. וכן, און אזוי האָט הלל געזאָגט, אז א פרוי זאָל ניט באָרגן צו איר חברטע א לאבן ברויט, סיידן זי שאצט אים אָפּ אין געלט, ווייל (עס איז מורא צו האָבן) טאָמער וועט ווייץ טייערער ווערן, און עס וועט קומען צו נעמען פּראָצענט ווייל ווען ווייץ וועט ווערן טייערער וועט אויך דער לאבן ברויט, וואָס די חברטע וועט צוריקגעבן, קאָסטן מער געלט, און דאָס וועט דאָך הייסן אָפּגעצאָלט מיט פּראָצענט. דאריבער ווען די פרוי באָרגט א ברויט, זאָל זי באלד אָפּשאצן וויפיל דער לאבן ברויט קאָסט, און דערנאָך זאָל מען אָפּגעבן ברויט פאר פונקט אזוי פיל געלט.

י. אומר, איינער (א בעל הבית פון א פעלד) קאָן זאָגן צו זיין חבר (אויך א בעל הבית פון א פעלד): „העלף מיר (היינט) אויסרייסן (די שלעכטע גראָזן פון מיין פעלד, נכש), און איך וועל דיר העלפן (אן אנדערן טאָג) אויסרייסן (די שלעכטע גראָזן פון דיין פעלד); העלף מיר (היינט) צו גראָבן (אין מיין פעלד, עדור), און איך וועל דיר העלפן גראָבן. כאָטש ס'איז מעגליך, אז דער טאָג־ארבייט פון רייסן שלעכטע גראָזן אָדער גראָבן אין פעלד קאָסט היינט ביליגער פון דעם טאָג־ארבייט וואָס ער וועט אים אָפּגעבן שפּעטער, אָבער ווייל עס איז דיזעלביקע ארבייט, גראָזן־רייסן און גראָבן, הייסט דאָס ניט קיין פּראָצענט. אָבל, אָבער ער טאָר אים ניט זאָגן: העלף מיר

יֹאמַר לוֹ, נַכֵּשׁ עִמִּי וְאֶעְדּוֹר עִמָּךְ, עֲדוֹר עִמִּי וַאֲנַכֵּשׁ עִמָּךְ. כָּל יְמֵי גָרִיד אֶחָד, כָּל יְמֵי רְבִיעָה אֶחָד. לֹא יֹאמַר לוֹ חֲרוֹשׁ עִמִּי בַּגָּרִיד, וַאֲנִי אֶחֱרוֹשׁ עִמָּךְ בָּרְבִיעָה. רַבָּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, יֵשׁ רִבִּית מֻקְדֶּמֶת, וְיֵשׁ רִבִּית מְאֻחֶרֶת. כֵּיצַד? נָתַן עֵינָיו לְלַווֹת הֵימֶנּוּ, וְהָיָה מְשַׁלֵּחַ לוֹ, וְאוֹמֵר בִּשְׁבִיל שֶׁתַּלְוֵנִי, זוֹ הִיא רִבִּית מֻקְדֶּמֶת. לָוָה הֵימֶנּוּ, וְהֶחֱזִיר לוֹ אֶת מְעוֹתָיו, וְהָיָה מְשַׁלֵּחַ לוֹ, וְאוֹמֵר בִּשְׁבִיל מְעוֹתֶיךָ שֶׁהָיוּ בְטֵלוֹת אֶצְלִי, זוֹ הִיא רִבִּית מְאֻחֶרֶת. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, יֵשׁ רִבִּית דְּבָרִים, לֹא יֹאמַר לוֹ, דַּע כִּי בָא אִישׁ פְּלוֹנִי

אויסרייסן שלעכטע גראָזן (פון מיין פעלד) און איך וועל (דערפאַר) גראָבן מיט דיר (אין דיין פעלד); (אָדער) העלף מיר גראָבן (אין מיין פעלד) און איך וועל (דערפאַר) אויסרייסן די שלעכטע גראָזן מיט דיר (אין דיין פעלד). **ווייל דאָס איז שוין אן אנדערע ארבייט, און טיילמאָל איז די אנדערע ארבייט שווערער (טיילמאָל איז דאָס רייסן גראָז שווערער און טיילמאָל איז דאָס גראָבן ערד שווערער) און עס הייסט דאָריבער** ווי **אָפּגעצאָלט מיט פּראָצענט.** כל ימי, אלע טעג פון דער טרוקענער צייט (גריד) זענען איינס (זענען גלייך), און אלע טעג פון דער רעגנס־צייט (רביעה) זענען איינס (זענען גלייך). „גריד", פון וואָרט „גרד", **קראַצן א האַרטע זאַך, הייסט די צייט אין ארץ ישראל, ווען עס גייט ניט דער רעגן און די ערד איז זייער ניט קלעביק און עס איז לייכטער צו ארבייטן אין פעלד. „רביעה" הייסט די רעגנס־צייט אין ארץ ישראל אים ווינטער** (פון „רבע", און „רבץ", ארויפלייגן זיך, דער רעגן לייגט זיך **אויף דער ערד), ווען די ערד איז קלעביק און עס איז שווערער צו ארבייטן אין פעלד. זאָגט די משנה, אז ראובן מעג אקערן מיט שמעון אין זיין פעלד א טאָג אין דער גריד־צייט, און דערפאַר זאָל שמעון אפּאקערן מיט ראובנען אין זיין פעלד אן אנדערן טאָג אין דער טרוקענער גריד־צייט. דאָס זעלביקע מעג ראובן אקערן מיט שמעונען א טאָג אין דער נאַסער רביעה־צייט, און דערפאַר זאָל שמעון אקערן מיט ראובנען אן אנדערן טאָג אין דער נאַסער רביעה־צייט. מחמת אלע טעג פון דער גריד־צייט זענען גלייך און אלע טעג פון דער רביעה־צייט זענען גלייך, אפילו ווען איין טאָג איז לענגער פון אנדערן.** לא יאמר, ער (איין פעלד־בעל־הבית) טאָר ניט זאָגן צו אים (צום אנדערן פעלד־בעל־הבית): אקער מיט מיר אין מיין פעלד (א טאָג) אין דער טרוקענער גריד־צייט, און איך וועל (דערפאַר) אקערן (א טאָג) מיט דיר (אין דיין פעלד) אין דער רביעה־צייט. **דאָס הייסט אָפּגעצאָלט מיט פּראָצענט, ווארום אין דער רעגנדיקער רביעה־צייט איז שווערער צו ארבייטן אין פעלד.** — רבן גמליאל זאָגט, אז עס איז פאַראַן א פאָרויס־באַצאָלטער פּראָצענט (ריבית מוקדמת) און א דערנאָך־באַצאָלטער פּראָצענט (ריבית מאוחרת); ווי אזוי? אויב ער (ראובן) האָט אינזינען (נתן עיניו, אָנגעשטעלט זיינע אויגן, האָט אינזינען) צו באָרגן פון אים (פון שמעונען, און ער (ראובן) האָט צו אים (צו שמעונען) געשיקט (א מתנה) און האָט צו אים געזאָגט: „(דאָס איז) כדי דו זאָלסט מיר באָרגן", הייסט דאָס א פאָרויס־באַצאָלטער פּראָצענט. **מחמת ער האָט דאָך אים געגעבן דעם פּראָצענט, די מתנה, איידער ער האָט פון אים געבאָרגט.** לוה הימנו, אויב ער (ראובן) האָט (צוערשט) פון אים (פון שמעונען) געבאָרגט, און ער האָט אים (דערנאָך) אָפּגעגעבן זיין געלט (ער האָט דאָס געלט אפילו ניט געהאט גענוצט), און (דערנאָך) האָט ער אים געשיקט (א מתנה) און האָט אים געזאָגט: („דאָס איז) פאַר דיין געלט וואָס איז געווען ניט־באַנוצט (בטלות) ביי מיר", דאָס הייסט א דערנאָך־באַצאָלטער פּראָצענט. **די ביידע דאָזיקע פּראָצענטער זענען פאַרבאָטן.** ר' שמעון זאָגט, אז עס איז פאַראַן א ווערטער־פּראָצענט (ריבית דברים), ער (ראובן דער געלט־באָרגער) טאָר ניט זאָגן צו אים (צו שמעונען דעם געלט־אוועקבאָרגער): „זאָלסט וויסן, אז יענער מענטש איז געקומען

מִמָּקוֹם פְּלוֹנִי: **יא** וְאֵלּוּ עוֹבְרִין בְּלֹא תַעֲשֶׂה, הַמַּלְוֶה, וְהַלֹּוֶה, וְהֶעָרֵב, וְהָעֵדִים. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים אַף הַסּוֹפֵר. עוֹבְרִים מִשּׁוּם לֹא תִתֵּן, וּמִשּׁוּם בַּל תִּקַּח מִמֶּנּוּ, וּמִשּׁוּם לֹא תִהְיֶה לוֹ כְּנוֹשֶׁה, וּמִשּׁוּם וְלֹא תְשִׂימוּן עָלָיו נֶשֶׁךְ, וּמִשּׁוּם וְלִפְנֵי עִוֵּר לֹא תִתֵּן מִכְשׁוֹל וְיָרֵאתָ מֵּאֱלֹהֶיךָ אֲנִי ה׳:

# פרק ו.

**א** הַשּׂוֹכֵר אֶת הָאוּמָנִין וְהִטְעוּ זֶה אֶת זֶה, אֵין לָהֶם זֶה עַל זֶה אֶלָּא

פון יענעם אָרט״. ראובן גיט ניט שמעונען קיין געלט פּראָצענט, נאָר ער טוט אים אָפּ פאר דעם באָרגן געלט א טובה און איז אים מודיע אז א מענטש, מיט וועלכן שמעון וויל זיך טרעפן, איז אָנגעקומען. דאָס הייסט ווערטער־פּראָצענט, און עס איז פארבאָטן.

יא. ואלו עוברין, און די דאָזיקע זיינען עובר אויף א לא תעשה. די מצוות אין דער תורה זענען געטיילט אין „עשה״, „טאָן״, זאכן וואָס מען דארף טאָן, ווי למשל לייגן תפילין, און „לא תעשה״, „ניט טאָן״, ווי למשל ניט עסן קיין טריפות. ווען מען נעמט אָדער מען גיט פּראָצענט איז מען עובר (טוט מען די עבירה) אויף א „לא תעשה״. זאָגט די משנה אז ווען מען באָרגט געלט אויף פּראָצענט זענען די דאָזיקע מענטשן עובר אויף דער לא תעשה: המלוה, דער מענטש וועלכער באָרגט אוועק דאָס געלט, דער וועלכער נעמט דאָס געלט אין באָרג, דער וואָס גיט די גאַראנטיע (דער ערב, וועלכער גאראנטירט אז דער חוב וועט באצאָלט ווערען), און די עדות (די מענטשן וועלכע זענען עדות אז מען האָט געבאָרגט דאָס געלט); און די חכמים זאָגן, אז אויך דער שרייבער (וועלכער שרייבט דאָס וועקסל). די אלע טאָן עבירות ביי א פּראָצענט־הלואה, און די משנה רעכנט אויס וועלכע עבירות: עוברים, זיי זענען עובר אויף „לא תתן״ (זאָלסט ניט נעמען ויקרא כ״ה), און אויף „בל תקח ממנו״ (זאָלסט ניט נעמען פון אים, ויקרא כ״ה), און אויף „לא תהיה לו כנושה״ (דו זאָלסט אים ניט זיין קיין שטרענגער מאָנער שמות כ״ב), און אויף „לא תשימון עליו נשך״ (זאָלסט ניט ארויפלייגן אויף אים קיין פּראָצענט), און אויף „ולפני עור לא תתן מכשול ויראת מאלהיך אני ה׳״ („און פאר א בלינדן זאָלסטו ניט לייגן קיין שטרויכלונג און דו זאָלסט מורא האָבן פאַר דיין גאָט, איך גאָט!״ ויקרא י״ט). די גמרא זאָגט, אז דער געלט־אוועקבאָרגער, דער מלוה, איז עובר אויף אַלע 5 עבירות; דער לוה, דער געלט־באָרגער איז עובר אויף „לא תתן״ און „לא תקח״ (ווייל ער האָט גורם געווען אז דער מלוה זאָל נעמען פּראָצענט) און אויף „לפני עוור״, ווארום ער האָט גורם געווען א שטרויכלונג דעם מלוה, אז ער זאָל טאָן א עבירה. דער ערב און דער סופר און די עדות זענען עובר אויף „לא תשימון״, און טיילמאָל אויך אויף „לפני עוור״ (אויב אָן זיי וואָלט דער מלוה ניט געבאָרגט).

## פרק ו.

א. השוכר, אז איינער (א בעל הבית) דינגט בעלי מלאכות און זיי האָבן פאַרפירט איינער דעם אנדערן, האָבן זיי איינער קייגן דעם אנדערן ניט מער ווי תרעומות. כדי מען זאָל פארשטיין די דאָזיקע משנה און די ווייטערדיקע משנות וועלען מיר געבן א דערקלערונג. אין דער משנה זענען פאראן צוויי ווערטער פאר ארבייטער „אומן, אומנים״, און „פּועל, פּועלים״. אומן, אומנים טייטשן מיר „בעלי מלאכות״, מחמת דאמיט מיינט מען סיי אן ארבייטער, וואָס באקומט באצאָלט פאר דעם טאָג־ארבייט (א „שכיר יום״) און סיי אן ארבייטער וואָס קריגט ארבייט „אויפן שטיק״ (א קבלן), און ער קריגט באצאָלט פאר דער ארבייט וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. די משנה לערנט דאָ אז אויב איינער האָט געדינגן בעלי מלאכות (סיי טאָג־לוין־ארבייטער און סיי א שטיק־ארבייטער) און איידער זיי האָבן אָנגעהויבן די ארבייט האָט איינער פון זיי חרטה געהאט, אָדער דער בעל הבית האָט חרטה געהאט אָדער

תַּרְעוּמֶת. שָׂכַר אֶת הַחַמָּר וְאֶת הַקָּרָר לְהָבִיא פְּרַיְפָּרִין וַחֲלִילִים לַכַּלָּה אוֹ לַמֵּת, וּפוֹעֲלִין לְהַעֲלוֹת פִּשְׁתָּנוֹ מִן הַמִּשְׁרָה, וְכָל דָּבָר שֶׁאָבֵד, וְחָזְרוּ בָהֶן, מָקוֹם שֶׁאֵין שָׁם אָדָם, שׂוֹכֵר עֲלֵיהֶן אוֹ מַטְעָן: ב הַשּׂוֹכֵר אֶת הָאוּמָנִין וְחָזְרוּ בָהֶן, יָדָן עַל הַתַּחְתּוֹנָה. אִם בַּעַל הַבַּיִת חָזַר בּוֹ, יָדוֹ עַל הַתַּחְתּוֹנָה,

די ארבייטער האָבן חרטה געהאט, קאָן קיינער פון זיי ניט מאָנען פון אנדערן צד קיין געלט פאר דעם שאדן, נאָר ער קאָן האָבן א פארדרוס, א תרעומת אויף אים, און ניט מער. און אנדערער טייטש פון דער משנה איז. אז אויב דער בעל הבית האָט געהייסן איינעם פון די בעלי מלאכות מושוה צו ווערן מיט די איבריקע בעלי מלאכות צו 4 גילדן פאר דער ארבייט און ער איז מושווה געוואָרן מיט זיי נאָר צו 3 גילדן פאר דער ארבייט, קאָנען זיי מאָנען ניט מער ווי די 3 גילדן, אָבער זיי קאָנען האָבן אויף אים א פארדרוס, ווייל עס ווערט געזאָגט „אל תמנע טוב מבעליו", מען טאָר ניט שטערן א מענטשן צו האָבן א גוטע זאך. שכר, אויב איינער האָט געדינגען אן אייזל־טרייבער (חמר) אָדער א בעל עגלה („קרר", אָדער „קדר") צו ברענגען חופה־שטאנגען (פריפרין) און פייפעלעך (צו דער חופה) פאר א כלה אָדער (מספיד צו זיין) א טויטן, אָדער (ער האָט געדינגען) ארבייטער ארויסצונעמען זיין פלאקס פון ווייק־וואַסער, אָדער (צו טאָן) (ארבייט) ארום א זאך וואָס קאָן פארלוירן גיין, — און זיי (דער אייזל־טרייבער צו דער בעל עגלה צי די ארבייטער) האָבן חרטה געהאט, אייב דאָס איז אין אן אָרט וואו עס איז ניט פאראן קיין אנדערער מענטש (צו באקומען צו טאָן די זעלביקע ארבייט פאר דעם זעלביקן פרייז), מעג ער (דער בעל הבית) דינגען אויף זיי (אויף זייער חשבון, און צאָלן א טייערן פרייז און אָפּמאָנען פון די ארבייטער דעם אונטערשיד) אָדער ער מעג זיי אָפּנארן (ער מעג זיי צוזאָגן א העכערן פרייז און דערנאָך צאָלן דעם פריערדיקן נידריקן פרייז). ביי סתם אן ארבייט, וואָס אויב זי וועט ניט געטאָן ווערן איצט, וועט גאָרניט פארלוירן גיין, קאָן דער בעל הבית ניט האָבן קיין געלט־טענה צו די געדינגענע ארבייטער אויב זיי האָבן חרטה געהאט, מחמת ער קאָן ווארטן, ביז ער וועט באקומען אנדערע ארבייטער פאר דעמזעלביקן פרייז. אָבער ביי א „דבר האבד", ביי א ארבייט, וואָס מען מוז שוין טאָן, קאָן דער בעל הבית דינגען אנדערע מענטשן און צאָלן א טייערן פרייז און אָפּמאָנען דעם אונטערשיד פון די פריערדיקע ארבייטער, אָדער ער קאָן די פריערדיקע ארבייטער צוזאָגן א טייערן פרייז, און דערנאָך זיי ניט געבן. „קרר" איז פון „קרון" (דאָס גריכישע וואָרט „קאראָן", א קארעטע); אין טייל נוסחאות איז פאראן „קדר" מיט א „דלית", א טעפּער, מחמת די טעפּערס האָבן געפירט זייערע טעפּ אין וועגענער. „פריפרין", זאָגט דער „ערוך" איז דאָס וואָרט „אפריון", א חופה, חופה־שטענגלעך. ר' בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך" מיינט אז עס איז דאָס גריכישע „פעריפעראיא", א קרומער טרומייטער, און דער טייטש איז „פלייטן". עס איז געווען אמאָל דער מנהג, אז ווען מען האָט מספיד געווען א טויטן האָט מען צוגעשפילט אויף פייפערלעך (חלילים) טרויעריקע ניגונים (זע מסכתא שבת פרק כ"ג משנה ד' און מסכתא כתובות פרק ד' משנה ד' אין אונזער פירוש).

ב. השוכר, אז איינער האָט געדינגען בעלי מלאכות (אויפן שטיק, ניט אויף טאָג־לוין), און זיי האָבן חרטה געהאט (אין מיטן פון דער ארבייט) איז זייער האַנט אונ־טערשטעליק (ידן על התחתונה). דאָס הייסט, אויב ארבייט איז טייערער געוואָרן, קאָן דער בעל הבית פארהאַלטן א טייל פון זייער פארדינסט און דינגען דערפאר ארבייטער פאר א טייערן פרייז; אויב ארבייט איז ביליקער געוואָרן, קאָן זיי דער בעל הבית באַצאָלן פאר דער ביז־איצטיקער ארבייט, און פאר דער ווייטערער ארבייט צאָלן ביליקער. אם בעל הבית, אויב דער בעל הבית האָט חרטה געהאט (נאָכדעם ווי די בעלי מלאכות האָבן שוין געהאט אָנגעהויבן די ארבייט), איז זיין האַנט אונטערשטעליק.

כָּל הַמְשַׁנֶּה יָדוֹ עַל הַתַּחְתּוֹנָה, וְכָל הַחוֹזֵר בּוֹ יָדוֹ עַל הַתַּחְתּוֹנָה: ג הַשּׂוֹכֵר אֶת הַחֲמוֹר לְהוֹלִיכָהּ בָּהָר, וְהוֹלִיכָהּ בַּבִּקְעָה, בַּבִּקְעָה וְהוֹלִיכָהּ בָּהָר, אֲפִלּוּ זוֹ עֶשֶׂר מִילִין וְזוֹ עֶשֶׂר מִילִין, וּמֵתָה, חַיָּב. הַשּׂוֹכֵר אֶת הַחֲמוֹר וְהִבְרִיקָה, אוֹ שֶׁנַּעֲשֵׂית אַנְגַּרְיָא אוֹמֵר לוֹ הֲרֵי שֶׁלְּךָ לְפָנֶיךָ. מֵתָה אוֹ נִשְׁבְּרָה חַיָּב

אפילו ער קאָן איצט קריגן ארבייטער צו א ביליקערן פרייז, מוז ער זיי צאָלן דעם פריערדיקן פרייז. דער חילוק צווישן דער איצטיקער משנה און פריער אין משנה א׳, איז אין דעם, וואָס פריער האָבן די ארבייטער נאָכניט געהאט אנגעהויבן די ארבייט, און איצט האָבן זיי שוין געהאט אָנגעהויבן די ארבייט. די גמרא זאָגט אז דאָס איז נור ביי בעלי מלאכות-קבלנים, שטיק-ארבייטער, אָבער ביי „שכירי יום״, ארבייטער אויפן טאָג, קאָנען זיי חרטה האָבן אפילו אין מיטן טאָג פון דער ארבייט, און פאר־לאנגן א העכערן פרייז (פועל יכול לחזור בו אפילו בחצי היום) אויב דערווייל איז ארבייט טייערער געוואָרן. כל המשנה, ווער עס ענדערט איז זיין האנט אונטערשטעטיק, און ווער עס האָט חרטה איז זיין האנט אינטערשטעליק. די גמרא זאָגט, אז מיט „כל המשנה״, ווער עס ענדערט, מיינט מען אויך דעם דין פון דער משנה בבא קמא פרק ט׳ משנה ד׳ אז איינער האָט געגעבן א שטיקל סחורה צו א פארבער צו פארבן עס שוואַרץ און ער האָט עס געפארבט רויט (ער האָט „געענדערט״) גיט ער אים נור דאָס געלט פאר דעם האָלץ (צו קאָכן די פארב) און די פארב־מאטעריאלן, און ער צאָלט אים ניט פאר דער ארבייט. און מיט „כל החוזר״, „ווער עס האָט חרטה״, מיינט מען אויב ראובן האָט פארקויפט שמעונען א פעלד פאר 1000 גילדן און ער האָט גענומען פון אים האַנט־געלט 200 גילדן, און ראובן האָט חרטה געהאט, קאָן שמעון פארלאנגן אָדער די 200 גילדן אָדער פעלד פאר 200 גילדן, און אויב שמעון האָט חרטה געהאט קאָן ראובן אים געבן אָדער די 200 גילדן אָדער פעלד פאר 200 גילדן. דער אויסדרוק „ידו על התחתונה״ האָבן מיר איבערזעצט „זיין האנט איז אונטערשטעליק״; דער טייטש איז „זיין האנט איז אונטן״, דאָס הייסט, אז דער אנ־דערער צד האָט די אויבער־האנט, און דער אנדערער צד קאָן טאָן וואָס ער וויל.

ג. השוכר, אז איינער דינגט אן אייזל צו פירן עס אויפן בארג, און ער האָט עס געפירט אין טאָל, אָדער (ער האָט עס געדינגן) צו פירן אין טאָל און ער האָט עס געפירט אויפן בארג, אפילו דער (איינער וועג) איז געווען צען מיל און דער (אנ־דערער וועג) איז געווען צען מיל, און דאָס (אייזל) איז געפגרט, איז ער (דער דינגער) חייב (צו באצאָלן פאר דעם אייזל). אין ארץ ישראל ווען מען האָט געדארפן פאָרן אָדער פירן סחורה פון איין שטאָט אין אן אנדערער, איז מען געריטן און מען האָט געפירט די סחורות אויף אייזלן. מען פלעגט דינגען דאָס אייזל און דער בעל הבית פון אייזל איז ניט מיטגעפאָרן, נאָר דער מענטש וואָס האָט געדינגען, פלעגט צוריק צו־שטעלן דאָס אייזל אויפן אָרט. אויב דאָס אייזל איז געפגרט אין וועג, ניט צוליב דער שולד פון דעם מענטש וואָס האָט געדינגען, איז דער דינגער, דער שוכר, פטור געווען צו באצאָלן פאר דעם אייזל. לערנט די משנה, אז ווייל דער שוכר האָט געטאָן אנדערש ווי מען האָט אויסגענומען, כאָטש ער איז געפאָרן דערמיט די זעלביקע לענג וועג, צען מיל, אָבער ווייל אנשטאט אין דער בארגיקער געגענט איז ער געפאָרן אין טאָל, אָדער אנשטאט אין טאָל איז ער געפאָרן אין דער בארגיקער געגנט, און דאָס אייזל איז געפגרט צוליב דעם וואָס עס איז ניט צוגעוואוינט צו דער בארג־אָדער טאָל־לופט, הייסט עס אז דער שוכר, דער דינגער איז שולדיק, און ער דארף באצאָלן.

השוכר, אז איינער (ראובן) דינגט (ביי שמעון) אן אייזל (צו פירן משא) און עס איז (אין וועג) געוואָרן בלינד (הבריקה, פון „ברק״, בליץ, שטארקע ליכט) אָדער מען האָט עס צוגענומען פון דער רעגירונג פאר צוואנגס־ארבייט (אנגריא), קאָן ער (שמעון) זאָגן צו אים (צו ראובן): „דאָ האָסטו דיינס פאר דיר״. דאָס הייסט, אז ער דארף אים

לְהַעֲמִיד לוֹ חֲמוֹר. הַשּׂוֹכֵר אֶת הַחֲמוֹר לְהוֹלִיכָהּ בָּהָר, וְהוֹלִיכָהּ בַּבִּקְעָה, אִם הֶחֱלִיקָה פָּטוּר. וְאִם הוּחַמָּה חַיָּב. לְהוֹלִיכָהּ בַּבִּקְעָה וְהוֹלִיכָהּ בָּהָר, אִם הֶחֱלִיקָה חַיָּב, וְאִם הוּחַמָּה פָּטוּר. אִם מֵחֲמַת הַמַּעֲלָה חַיָּב: ד הַשּׂוֹכֵר אֶת הַפָּרָה לַחֲרוֹשׁ בָּהָר, וְחָרַשׁ בַּבִּקְעָה, אִם נִשְׁבַּר הַקַּנְקַן, פָּטוּר. בַּבִּקְעָה וְחָרַשׁ בָּהָר, אִם נִשְׁבַּר הַקַּנְקַן, חַיָּב. לָדוּשׁ בַּקִּטְנִית וְדָשׁ בַּתְּבוּאָה, פָּטוּר. לָדוּשׁ בַּתְּבוּאָה וְדָשׁ בַּקִּטְנִית, חַיָּב, מִפְּנֵי

**ניט צושטעלן מער קיין אנדער אייזל. מען מיינט דאָ, אז ער האָט אים געזאָגט, אז ער פאַרדינגט אים דאָס דאָזיקע אייזל, און ער קאָן אים זאָגן, אז זיין שלעכטער מזל האָט גורם געווען; אָבער אויב ער האָט אים פאַרדינגען סתם אן אייזל, דאַרף ער אים יאָ צושטעלן אן אנדער אייזל. טייל זיינען גורס נישט „הבריקה" נאָר „הבדיקה", און דאָס זאָל מיינען פון „דוקין שבעין", די אפלן פון אויג, און מען מיינט אויך, אז עס איז בלינד געוואָרן. אן אנדערער טייטש איז, אז עס האָט באַקומען ווערעם אין די פיס. „אנגריא" איז דאָס גריכישע וואָרט „אנגאַריא", צוואַנגס־דינסט פאַר דער רעגירונג.** מתה, אויב (אָבער) עס איז געפּגרט אָדער עס האָט צעבראָכן א פוס, דאַרף ער אים צושטעלן אן אנדער אייזל. **אָדער ער דאַרף אים צוריקגעבן דאָס געלט, וואָס ער האָט גענומען ביי אים פאַרן פאַרדינגען דאָס אייזל.** השוכר, אז איינער דינגט אן אייזל צו פירן עס אויפן באַרג און ער האָט עס געפירט אין טאָל, אויב דאָס אייזל האָט זיך אויסגעגליטשט (און עס איז געפּגרט אָדער צובראָכן זיך א פוס), איז ער (דער דינגער) פטור (צו באַצאָלן פאַר דעם אייזל), און אויב עס איז געוואָרן צעהיצט (הוחמה, דאָס אייזל איז געפּגרט צוליב פאַרשוויצן זיך) איז ער (דער דינגער) חייב (צו באַצאָלן פאַר דעם אייזל). **ווייל ווען דאָס אייזל גייט אין א טאָל־וועג איז לייכטער אז עס זאָל זיך פאַרשוויצן ווארום אין טאָל איז הייסער ווי אין באַרג, דעריבער איז ער חייב. דאַקייגן אויסגליטשן זיך איז אויפן באַרג לייכטער ווי אין טאָל, און דעריבער איז ער פטור.** להוליכה, (אויב ער האָט געדינגען דאָס אייזל) צו פירן עס אין טאָל און ער האָט עס געפירט אין באַרג, אויב עס האָט זיך אויסגעגליטשט, איז ער (דער דינגער) חייב, און אויב עס האָט זיך צעהיצט (פאַרשוויצט), איז ער פטור. **ווייל אויסגליטשן זיך קומט־פאָר מער אויף דעם באַרג, און פאַרשוויצן זיך מער אין טאָל.** אם, אויב (דאָס אייזל האָט זיך פאַרשוויצט) צוליב דעם ארויפגיין (אויפן באַרג), איז ער (דער דינגער) חייב. **ווייל אין דאָזיקן פאל האָט דאָך דאָס אייזל געליטן דעם שאָדן צוליב דעם וואָס ער האָט עס ארויפגעפירט אויפן באַרג.**

ד. השוכר, אז איינער האָט געדינגען א קי צו אַקערן מיט איר (די פעלדער) אויפן באַרג, און ער האָט געאַקערט מיט איר אין טאָל, אויב דער אַקער־אייזן־טשוואָק (קנקן) איז צעבראָכן געוואָרן איז ער פטור (צו באַצאָלן פאַר דעם שאָדן). **מען פלעגט דינגען די קי צוזאַמען מיט דעם אַקער־אייזן און אַלע כלים, וואָס געהערן צום אַקערן. לערנט די משנה, אז ווייל אויפ'ן באַרג איז שווערער צו אַקערן און אויפן באַרג טרעפט זיך אָפטער אז דער אַקער־אייזן־טשוואָק זאָל ווערן צעבראָכן, איידער עס טרעפט זיך אין טאָל, דעריבער איז ער פטור צו באַצאָלן ווייל דער שאָדן איז דאָך ניט פאָרגעקומען צוליב דעם וואָס דער דינגער האָט געאַקערט אין טאָל אנשטאָט אויפן באַרג.** בבקעה, (אויב ער האָט געדינגען די קי און דעם אַקער־אייזן) צו אַקערן אין טאָל, און ער האָט געאַקערט אויפן באַרג, און דער אַקער־אייזן־טשוואָק איז צע־בראָכן געוואָרן, איז ער חייב (צו באַצאָלן). **ווייל אויפן באַרג איז שווערער צו אַקערן.** לדוש, (אויב ער האָט געדינגען א קי) צו דרעשן מיט איר הילזן־פּרוכטן (קטנית־אַרבעס, בעבלאַך) און ער האָט געדראָשן מיט איר תבואה (און די קי איז געוואָרן צעשעדיקט ביי דער אַרבייט) איז ער פטור (צו באַצאָלן פאַר דעם שאָדן) **ווייל צו**

שֶׁהַקְּטַנִּית מְחַלְקֶת: ה הַשּׂוֹכֵר אֶת הַחֲמוֹר לְהָבִיא עָלֶיהָ חִטִּים, וְהֵבִיא עָלֶיהָ שְׂעוֹרִים, חַיָּב. תְּבוּאָה וְהֵבִיא עָלֶיהָ תֶּבֶן חַיָּב, מִפְּנֵי שֶׁהַנֶּפַח קָשֶׁה לְמַשְּׂאוֹי. לְהָבִיא לֶתֶךְ חִטִּים וְהֵבִיא לֶתֶךְ שְׂעוֹרִים פָּטוּר. וְאִם הוֹסִיף עַל מַשָּׂאוֹ חַיָּב. וְכַמָּה יוֹסִיף עַל מַשָּׂאוֹ וִיהֵא חַיָּב? סוּמְכוֹס אוֹמֵר מִשּׁוּם

**דרעשן תבואה** (ווייץ, גערשטן) **איז לייכטער ווי צו דרעשן ארבעס און בעבלעך, און דאריבער איז דאָך זיכער, אז דער שאדן איז ניט געקומען צוליב דעם וואָס ער האָט געענדערט דעם אָפּמאַך.** לדוש, (אויב ער האָט גדינגען א קי צו דרעשן מיט איר תבואה (ווייץ, גערשטן), און ער האָט מיט איר געדראָשן הילזן־פּרוכטן (ארבעס, בעבלאַך, און די קי איז ביי דער ארבייט געוואָרן באשעדיקט), איז ער חייב (צו באַצאָלן פאר דעם שאדן), ווייל הילזן־פּרוכטן (קטנית, ארבעס און בעבלעך) מאכן גלי־טשיק (מחלקת). **די קי דרעשט תבואה דאמיט, וואָס זי טרעט אויף דער תבואה און עס ווערן אָפּגעשיילט די קערנער פון די שטרויעלעך. און ווייל הילזן־פרוכטן (אר־בעס, בעבלעך) זענען גליטשיקער, טרעפט זיך גיכער אז די קי ביים דרעשן זאָל ווערן באשעדיקט.**

ה. השוכר, אז איינער האָט גדונגען אן אייזל צו ברענגן אויף אים ווייץ, און ער האָט געבראכט אויף אים גערשטן (און דער אייזל איז פירנדיק די משא געוואָרן באשעדיקט), איז ער חייב (צו באצאָלן פאר דעם שאדן); (אויב ער האָט גדינגען דאָס אייזל) צו ברענגן דארויף תבואה (ווייץ, גערשטן) און ער האָט געבראכט שטרוי (און דאָס אייזל איז געוואָרן באשעדיקט) איז ער חייב (צו באצאָלן פאר דעם שאדן), ווייל דער פארנעם (פון דער משא) איז שווער צו דער משא. **די משנה מיינט אזוי. אויב איינער האָט גדונגען דאָס אייזל צו ברענגן דערויף די וואָג פון א קערץ ווייץ, און ער האָט געבראכט א קערץ גערשטן, אָדער א קערץ תבואה און ער האָט גע־בראכט א קערץ שטרוי, איז ווייל גערשטן איז לייכטער פון ווייץ, און ווייל שטרוי איז לייכטער פון תבואה, האָט דער קערץ גערשטן אָדער שטרוי פארנומען מער אָרט, מער פארנעם, מער „נפח"** (פון וואָרט נפח, אָנגעבלאָזן) **ווי דער קערץ ווייץ אָדער דער קערץ תבואה. דאריבער אויב דאָס אייזל איז געוואָרן באשעדיקט, דארף דער דינגער באצאָלן פאר דעם שאדן, ווייל דער פארנעם איז געווען א גרעסערער, און דער פארנעם מאכט שווערער דאָס טראָגן. אין טייל משניות איז די גירסא „כמשוי", אז דער פארנעם איז אזוי שווער ווי די משא.** להביא לתך, (אויב ער האָט גדינגען דאָס אייזל) צו ברענגן דערויף א לתך (א האלבן כור) ווייץ און ער האָט גע־בראכט א לתך גערשטן (און דאָס אייזל איז געוואָרן באשעדיקט), איז ער פטור (צו באצאָלן פאר דעם שאדן). **„לתך" איז ניט קיין וואָג, נאָר א מאָס, א האלבער כור; א כור איז 30 סאה, און יעדער סאה איז 6 קבים** (6 טעפּ). **זאָגט די משנה, אז ווייל ער האָט געבראכט דעמזעלביקן פארנעם, איז ער פטור, מחמת דער לתך גערשטן איז דאָך גרינגער פון לתך ווייץ, און דער פארנעם איז דערזעלביקער.** ואם הוסיף, און אויב ער (דער מענטש וועלכער האָט גדינגען א בהמה צו ברענגן סחורה) האָט פאר־גרעסערט די משא (ער האָט ארויפגעלייגט מער ווי ער האָט זיך באדינגען, און די בהמה איז געוואָרן באשעדיקט) איז ער חייב (צו באצאָלן פאר דעם שאדן). **די משנה וועט באלד לערנען וואָס מען מיינט פארגרעסערן די משא.** וכמה, און וויפיל זאָל ער האָבן פארגרעסערט די משא, כדי ער זאָל דארפן באצאָלן (אויב די בהמה איז בא־שעדיקט געוואָרן)? **מחמת דער שכל זאָגט, אז אויב ער האָט ארויפגעלייגט אויף אן אייזל למשל מיט א פונט מער, קאָן מען ניט אָננעמען אז צוליב אזא קליינקייט, צוליב א פונט משא מער, איז דאָס אייזל געוואָרן באשעדיקט. די שאלה איז דאריבער וויפיל הייסט פארגרעסערט די משא?** סומכוס זאָגט אין נאָמען פון ר' מאיר, אז א סאה אויף א קעמל, און דריי קבים (טעפּ) אויף אן אייזל. **א קעמל איז א שטארקערע**

רַבִּי מֵאִיר, סְאָה לְגָמָל. שְׁלֹשָׁה קַבִּין לַחֲמוֹר: ו כָּל הָאֻמָּנִין שׁוֹמְרֵי שָׂכָר הֵן. וְכֻלָּן שֶׁאָמְרוּ טוֹל אֶת שֶׁלְּךָ, וְהָבֵא מָעוֹת שׁוֹמֵר חִנָּם. שְׁמוֹר לִי וְאֶשְׁמוֹר לָךְ, שׁוֹמֵר שָׂכָר. שְׁמוֹר לִי, וְאָמַר לוֹ, הַנַּח לְפָנַי, שׁוֹמֵר חִנָּם:

משא־בהמה פון אן אייזל. דעריבער אויב ער האָט ביי א קעמל צוגעלייגט א סאה (6 קבים) מער ווי ער האָט זיך באַדינגען און דער קעמל איז ביים פירן באַשעדיקט געוואָרן, דאַרף ער באַצאָלן פאַרן שאָדן; אָבער אויב ווייניקער פון א סאה איז ער פּטור. און ביי אן אייזל איז ער מחויב צו באַצאָלן אפילו ער האָט צוגעלייגט נור 3 קבים.

ו. כל האומנין, אַלע בעלי מלאכות זענען (האָבן דעם דין פון) היטערס פאַר באַצאָלט (שומרי שכר). דער דין איז, אַז איינער, ראובן, גיט צו אן אנדערן, צו שמעון, א זאַך אָפּצוהיטן, און ראובן באַצאָלט ניט שמעונען פאַר דעם היטן, הייסט שמעון א שומר חינם, א היטער בחינם, און אויב די זאַך איז געוואָרן צוגעגנבעט אָדער זי איז פאַרלוירן געוואָרן, איז שמעון פּטור פון באַצאָלן דערפאַר. דאָס הייסט, אַז א שומר חינם איז פּטור צו באַצאָלן פאַר גנבה ואבידה (אין פאַל פון צוגנבענען אָדער פאַרלירן). אויב אָבער ראובן באַצאָלט שמעונען פאַר דעם היטן, הייסט שמעון א שומר שכר, א היטער פאַר באַצאָלט (טיילמאָל רופט אים די משנה „נושא שכר, וואָס נעמט באַצאָלט) און אויב מען האָט צוגעגנבעט די זאַך אָדער זי איז פאַרלוירן געגאַנגען, דאַרף שמעון באַצאָלן. דאָס הייסט, אַז א שומר שכר איז חייב פאַר גנבה ואבידה. ער איז נור פּטור אין פאַל פון „אונסין״, פון א געצוואונגענעם שאָדן, למשל אויב די זאַך איז צעבראָכן געוואָרן ניט צוליב שמעון׳ס שולד. זאָגט די משנה, אַז איינער גיט א זאַך צו א בעל מלאכה צו מאַכן, און דער בעל מלאכה נעמט עס צו זיך אין הויז, הייסט דער בעל מלאכה א שומר שכר (א היטער פאַר באַצאָלט), ווייל קוים קריגט ער באַצאָלט פאַר דער אַרבייט הייסט עס אויך אַזוי ווי באַצאָלט פאַר היטן די זאַך, און אויב די זאַך איז פאַרלוירן געגאַנגען אָדער מען האָט זי צוגעגנבעט דאַרף דער בעל מלאכה באַצאָלן. וכולן, און זיי אַלע (די בעלי מלאכות) אויב זיי האָבן געזאָגט (צום בעל הבית פון דער זאַך, ווען זי איז שוין פאַרטיק געוואָרן): „נעם צו דיינס (דיין זאַך) און ברענג דאָס געלט״ (און דער בעל הבית האָט זי דערווייל ניט צוגענומען) איז ער (דער בעל מלאכה) א שומר חינם. און פון יענער צייט אָן, אויב מען האָט די זאַך צוגעגנבעט אָדער פאַרלוירן, איז דער בעל מלאכה פּטור. מחמת ער האָט דאָך די זאַך ניט געוואָלט מער פאַרהאַלטן ביי זיך, און ער האָט דאָך אים געהייסן צו נעמען און דערנאָך ברענגען דאָס געלט. שמור לי, אויב ראובן זאָגט צו שמעון): היט מיר (מיין זאַך, היינט) און איך וועל היטן דיר (דיינס א זאַך, מאָרגן), הייסט ער (שמעון) א שומר שכר. מחמת שמעון קריגט דאָך באַצאָלט דערמיט, וואָס צומאָרגנס וועט אים ראובן אָפּהיטן זיינס א זאַך, און דעריבער איז ער חייב פאַר גנבה ואבידה. מיר האָבן צוגעגעבן, אויפן יסוד פון דער גמרא, די ווערטער „היינט״ און „מאָרגן״, ווייל אויב שמעון זאָל היטן ראובנ׳ס זאַך און אין דערזעלביקער צייט היט ראובן שמעונ׳ס א זאַך, איז שמעון פּטור צו באַצאָלן פון גנבה ואבידה, ווייל עס הייסט „שמירה בבעלים״, עס הייסט אַז ראובן, דער בעל הבית, איז אין דערזעלביקער צייט, ווען שמעון היט זיין זאַך, פאַרדינגען צו שמעונען צו היטן שמעונ׳ס זאַך, און שמעון איז אין אַזאַ פאַל יר צו באַצאָלן פאַר דעם שאָדן, ווי מיר לערנען ווייטער פּרק ח׳ משנה א׳. שמור לי, (אויב ראובן זאָגט צו שמעון): „היט מיר (די דאָזיקע זאַך)״, און יענער (שמעון) האָט אים געזאָגט: „לייג (זי) אנידער פאַר מיר״, הייסט ער א שומר חינם. דער טייטש איז, אַז נור ווען שמעון זאָגט אים „לייג זי אנידער פאַר מיר״, און ראובן האָט די זאַך אנידער געלייגט אין שמעונ׳ס רשות, ווערט שמעון א שומר חינם, און ער דאַרף די זאַך היטן. אויב אָבער ער האָט אים געזאָגט סתם: „לייג זי אנידער״, אָדער „לייג זי אנידער פאַר דיר״,

ז הִלְוָהוּ עַל הַמַּשְׁכּוֹן, שׁוֹמֵר שָׂכָר. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, הִלְוָהוּ מָעוֹת, שׁוֹמֵר חִנָּם, הִלְוָהוּ פֵּירוֹת שׁוֹמֵר שָׂכָר. אַבָּא שָׁאוּל אוֹמֵר, מֻתָּר אָדָם לְהַשְׂכִּיר מַשְׁכּוֹנוֹ שֶׁל עָנִי לִהְיוֹת פּוֹסֵק עָלָיו וְהוֹלֵךְ, מִפְּנֵי שֶׁהוּא כְּמֵשִׁיב אֲבֵדָה: ח הַמַּעֲבִיר חָבִית מִמָּקוֹם לְמָקוֹם וּשְׁבָרָהּ, בֵּין שׁוֹמֵר חִנָּם בֵּין שׁוֹמֵר שָׂכָר, יִשָּׁבֵעַ. רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר, זֶה וָזֶה יִשָּׁבֵעַ, וְתָמֵהַּ אֲנִי, אִם יְכוֹלִין זֶה וָזֶה לִשָּׁבַע:

**הייסט ער אפילו קיין שומר חינם ניט.**

ז. הלוהו, אויב ער (שמעון) האָט געבאָרגט אים (ראובנען) אויף א משכון (ראובן האָט געגעבן שמעונען א זאך פאר א משכון ביז ער וועט אים באצאָלן דעם חוב) איז ער (שמעון) א שומר שכר (אויף דעם משכון). **און אויב מען האָט דעם משכון צוגעגנבעט אָדער ער איז געוואָרן פארלוירן, דארף שמעון באצאָלן. די גמרא זאָגט איין טעם, ווייל בעת שמעון באָרגט ראובנען געלט טוט ער א מצוה (באָרגן געלט הייסט געטאָן א מצוה), און אין דער צייט ווען מען טוט איין מצוה איז מען פטור פון טאָן אן אנדערע מצוה (העוסק במצוה פטור מן המצוה), און ווען אין דער דאָזיקער צייט זאָל קומען אן אָרימאַן און בעטן צדקה איז שמעון פטור דאמאָלס פון געבן דעם אָרימאַן דאָס שטיקל ברויט אָדער די פרוטה־מטבע פאר צדקה. דאריבער הייסט עס אז שמעון באקומט באצאָלט דערפאר.** ר' יהודה זאָגט, אז אויב ער האָט אים געבאָרגט געלט (און גענומען דארויף א משכון) איז ער א שומר חינם, און אויב ער האָט אים געבאָרגט פרוכטן איז ער א שומר שכר. **ר' יהודה האלט ניט, אז דער פארדינסט פון טאָן א מצוה הייסט באצאָלט און דאריבער איז שמעון א שומר חינם. אָבער ווען ער באָרגט אים פרוכטן, הייסט שמעון א שומר שכר, ווייל פרוכטן ווען זיי ליגן ווערן זיי פארפוילט, און שמעון פארדינט פון דעם באָרגן, ווייל ער וועט באקומען שפעטער גוטע פרוכטן.** אבא שאול זאָגט, אז א מענטש (וואָס האָט געבאָרגט אן אָרימאַן געלט אויף א משכון) מעג פארדינגן דעם אָרימאַנ'ס משכון, כדי ער זאָל דארויף אראָפּרעכנען (פוסק עליו והולך, אראָפּרעכנען פון חוב דאָס געלט וואָס ער נעמט אָפּ פון פארדינגן) ווייל עס הייסט ווי ער גיט צוריק א פארלוירענע זאך. **די גמרא זאָגט, אז ער מעג נור פארדינגן צו אנדערע מענטשן, אָבער ער אליין טאָרניט זיך באנוצן מיט דעם משכון אפילו ווען ער וויל באצאָלן נוץ־געלט, ווייל מען קאָן אים חושד זיין אז ער צאָלט ניט גענוג.**

ח. המעביר, אז איינער טראָגט איבער (אן אנדערענס) א פאס פון איין אָרט אין אן אנדערן אָרט און ער האָט זי צעבראָכן, סיי ער איז א שומר חינם (יענער האָט אים געגעבן צו היטן די פאס בחינם) און סיי ער איז א שומר שכר (א היטער פאר געלט) זאָל ער שווערן. **ער דארף שווערן, אז ער האָט זי ניט צעבראָכן בכוונה, נאָר עס איז געווען אומגערן און ער איז פטור צו באצאָלן.** ר' אליעזר זאָגט, סיי דער (שומר חינם) און סיי דער (שומר שכר) דארף שווערן, אָבער איך וואונדער מיך, ווי אזוי קאָן דער (שומר חינם) און דער (שומר שכר) שווערן. **אויך ר' אליעזר האָט געהערט פון זיינע רביים דעם דין, אז זיי דארפן שווערן, אָבער ער וואונדערט זיך דארויף. מחמת ער האלט אז דאָס וואָס די פאס איז צעבראָכן געוואָרן איז די שולד פון דעם איבערטראָגער** (עס איז נענטער צו „פשיעה") **און דער איבערטראָגער דארף באצאָלן. אָבער די חכמים האלטן, אז אויב מען וועט פסקענען אז דער איבערטראָגער דארף באצאָלן, וועט קיינער ניט וועלן איבערטראָגן דעם אנדער'ס א זאך; מחמת דעם האָט מען מתקן געווען, אז ער זאָל שווערן אז ער האָט זי ניט צעבראָכן בכוונה, און ער איז פטור.**

# פרק ז

**א** הַשּׂוֹכֵר אֶת הַפּוֹעֲלִים, וְאָמַר לָהֶם לְהַשְׁכִּים וּלְהַעֲרִיב. מָקוֹם שֶׁנָּהֲגוּ שֶׁלֹּא לְהַשְׁכִּים וְשֶׁלֹּא לְהַעֲרִיב, אֵינוֹ רַשַּׁאי לְכוֹפָן. מָקוֹם שֶׁנָּהֲגוּ לָזוּן יָזוּן לְסַפֵּק בִּמְתִיקָה יְסַפֵּק. הַכֹּל כְּמִנְהַג הַמְּדִינָה. מַעֲשֶׂה בְּרַבִּי יוֹחָנָן בֶּן מַתְיָא, שֶׁאָמַר לִבְנוֹ, צֵא שְׂכוֹר לָנוּ פוֹעֲלִים, הָלַךְ וּפָסַק לָהֶם מְזוֹנוֹת, וּכְשֶׁבָּא אֵצֶל אָבִיו, אָמַר לוֹ, בְּנִי אֲפִלּוּ אַתָּה עוֹשֶׂה לָהֶם כִּסְעוּדַת שְׁלֹמֹה בִּשְׁעָתוֹ, לֹא יָצָאתָ יְדֵי חוֹבָתְךָ עִמָּהֶן שֶׁהֵן בְּנֵי אַבְרָהָם יִצְחָק וְיַעֲקֹב, אֶלָּא עַד שֶׁלֹּא יַתְחִילוּ בִמְלָאכָה צֵא וֶאֱמוֹר לָהֶם. עַל מְנָת שֶׁאֵין לָכֶם

## פרק ז.

א. השוכר, אז איינער האָט געדינגן ארבייטער (פועלים, וועלכע ארבייטן אויף טאָג־לוין, זיי באקומען באצאָלט פאר דעם טאָג ארבייט) און ער האָט זיי געזאָגט (ער האָט זיך אויסגערעדט מיט זיי) צו קומען פרי (צו דער ארבייט) און אוועקצוגיין שפעט אין אוונט (פון דער ארבייט), אויב עס איז אין אן אָרט וואו מען איז זיך נוהג ניט צו קומען אזוי פרי (צו דער ארבייט) און ניט אוועקצוגיין אזוי שפעט אין אוונט (פון דער ארבייט), קאָן ער זיי ניט צווינגן. **און די ארבייטער קאָנען קומען צו דער ארבייט און אוועקגיין פון דער ארבייט אין דער צייט צוגלייך מיט די אנדערע מענטשן פון דאָזיקן ארט. די גמרא זאָגט, אז מען מיינט ניט, אז ער האָט בפירוש זיך אויסגענומען מיט זיי צו קומען פרי און אוועקצוגיין שפעט, נאָר מען מיינט אז ער האָט זיך באדינגן מיט זיי, אז ער גיט זיי מער געלט פאר דעם טאָג ארבייט, און ער, דער בעל הבית, טענהט, אז דאָס איז כדי זיי זאָלן ארבייטן מער שעה'ן. אָבער די ארבייטער קאָנען טענהן, אז דער העכערער לוין איז כדי זיי זאָלן אים געבן א בעסערע ארבייט, און ניט אז זיי זאָלן ארבייטן מער שעה'ן.** מקום שנהגו לזון, אין אן אָרט, וואו עס איז דער מנהג צו שפייזן (אז דער בעל הבית גיט צו עסן די געדונגענע ארבייטער) זאָל ער (דער בעל הבית) שפייזן. **אפילו ער האָט עס ניט אויסגערעדט זיך ביים דינגן די ארבייטער, מוז ער עס אויך טאָן.** לספק, (אין אן אָרט וואו עס איז דער מנהג) צו פארזאָרגן (לספק, צו געבן די ארבייטער ביים עסן אויך) זיסקייטן (במתיקה, זאכן וואָס מען עסט צו מיטן ברויט) זאָל ער (דער בעל הבית געבן). **ער קאָן זיי ניט געבן ברויט אליין.** הכל, אלץ איז לויט דעם מנהג פון לאנד (מנהג המדינה). **די גמרא זאָגט, אז מען מיינט דאמיט, אז אין אן אָרט, וואו עס איז דער מנהג צו געבן די ארבייטער צו עסן אין בעל הבית'ס שטוב איידער זיי גייען ארויס אין פעלד צו דער ארבייט, קאָן ער ניט זאָגן, אז זיי זאָלן גיין אין פעלד ארבייטן און ער וועט זיי דאָרט ברענגען דאָס עסן, מחמת עס איז נאָכניט גרייט; ער מוז זיי געבן דאָס עסן פריער.** מעשה, עס איז געווען א מעשה מיט ר' יוחנן בן מתיא, וועלכער האָט געזאָגט צו זיין זון: „גיי און דינג פאר אונז ארבייטער"; איז ער געגאנגען און ער האָט זיי צוגעזאָגט שפייז (מזונות, עסן), און ווען ער איז צוריקגעקומען צו זיין פאָטער (צו ר' יוחנן), האָט ער (דער פאָטער) געזאָגט צו אים: „מיין זון, אפילו דו וועסט זיי געבן ווי די סעודה פון שלמה (המלך) אין זיין צייט (וואָס שלמה האָט געמאכט ווען ער איז געווען מלך) האָסטו נאָכניט יוצא געווען דיין חוב צו זיי, מחמת זיי זענען די קינדער פון אברהם און יצחק און יעקב; נאָר, כל זמן זיי האָבן נאָכניט אָנגעהויבן די ארבייט גיי און זאָג זיי: „מיט דעם תנאי אז איר האָט ביי מיר (איך דארף אייך געבן צו עסן) ניט מער ווי ברויט מיט הילזן ־ פרוכטן (קטנית, ארבעס, בעבלאך) אליין". **די גמרא זאָגט, אז פאר דעם וואָרט „מעשה" פעלן אין דער משנה עטליכע ווערטער, און עס דארף זיין: „אז אין אזא אָרט וואו עס איז דער מנהג סיי ווי צו געבן**

עֲלֵי אֶלָּא פַּת וְקִטְנִית בִּלְבָד. רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, לֹא הָיָה צָרִיךְ לוֹמַר, הַכֹּל כְּמִנְהַג הַמְּדִינָה: **ב** וְאֵלּוּ אוֹכְלִין מִן הַתּוֹרָה, הָעוֹשֶׂה בִמְחֻבָּר לַקַּרְקַע בִּשְׁעַת גְּמַר מְלָאכָה, וּבְתָלוּשׁ מִן הַקַּרְקַע עַד שֶׁלֹּא נִגְמְרָה מְלַאכְתּוֹ, בְּדָבָר שֶׁגִּדּוּלוֹ מִן הָאָרֶץ. וְאֵלּוּ שֶׁאֵין אוֹכְלִין. הָעוֹשֶׂה בִמְחֻבָּר לַקַּרְקַע בְּשָׁעָה שֶׁאֵין גְּמַר מְלָאכָה, וּבְתָלוּשׁ מִן הַקַּרְקַע, מֵאַחַר שֶׁנִּגְמְרָה

**עסן די ארבייטער איז דער דין אז אויב דער בעל הבית האָט אויסגערעדט זיך מיט זיי צו געבן צו עסן, האָט מען געמיינט דערמיט צו געבן זיי א בעסער עסן ווי געוויינטליך". און די משנה ברענגט דאצו די מעשה פון ר' יוחנן בן מתיא, אז ווייל דער זון האָט אויסגערעדט מיט זיי צו געבן צו עסן, האָט ער גאָרניט געקאָנט דערפילן דעם חוב אפילו ער זאָל זיי געבן ווי שלמה המלך'ס סעודה ווען ער איז געווען מלך (בשעתו, אין זיין צייט), ווייל זיי זענען די קינדער פון אברהם און יצחק און יעקב. די גמרא זאָגט, אז ביי שלמה המלך (מלכים א' ח') איז געווען א גרויסע סעודה, אָבער דאָרט זענען געווען יידן „כחול הים", פאר אלע יידן, און ביי אברהם אבינו (בראשית י"ח) ווערט געזאָגט, אז ער האָט געשאָכטן דריי אָקסן פאר דריי מענטשן כדי מקיים צו זיין די מצוה פון הכנסת אורחים.** רבן שמעון בן גמליאל זאָגט, אז ער האָט זיי ניט געדארפן זאָגן (אז זיי באקומען ביי אים נאָר ברויט מיט ארבעס), נאָר אלץ איז לויט דעם מנהג פון לאנד. **און די ארבייטער קאָנען פארלאנגן נור אזא עסן, וואָס מען גיט געוויינטליך אין דעם דאָזיקן אָרט צו ארבייטער.**

ב. ואלו, און די דאָזיקע (ארבייטער) מעגן עסן לויט דעם דין פון דער תורה. **אין דער תורה דברים כ"ג, פסוק כ"ה ווערט געזאָגט, אז אויב איינער קומט אין א וויינגאָרטן מעג ער אָפּרייסן וויינטרויבן און עסן, אָבער ער טאָרניט אריינלייגן אין די קעשענעס. די גמרא טייטשט, אז דאָס מיינט מען, אז אויב אן ארבייטער ארבייט ביי א בעל הבית אין גאָרטן אָדער אין פעלד מעג ער עסן פון די פרוכטן פון גאָרטן אָדער פון פעלד וויפיל ער וויל, און דער בעל הבית טאָר אים ניט שטערן און ניט אראָפּרעכענען דערפאר פון זיין לוין. זאָגט די משנה, אז וועגן די דאָזיקע ארבייטער האָט די תורה געזאָגט אז זיי קאָנען עסן פון דעם בעל הבית פרוכטן ווען זיי אר־ביטן ביי די דאָזיקע פרוכטן:** העושה, דער (ארבייטער) וועלכער ארבייט ביי (פרוכטן און תבואות) וועלכע זענען באהאפטן צו דער ערד. (נאָכניט אָפּגעשניטן) אין דער צייט ווען דאָס איז א סוף־ארבייט, און ביי אָפּגעריסענע (פרוכטן) פון דער ערד, איידער די ארבייט ארום די פרוכטן איז פארענדיקט געוואָרן, (און דאָס נור) ביי א זאַך וואָס וואַקסט פון דער ערד. **די גמרא טייטשט די משנה, אז אויב למשל אן ארבייטער ארבייט ביי אָפּגעריסענע פרוכטן, קאָן ער עסן פון זיי בחינם נאָר ווען די ארבייט איז נאָכניט פארענדיקט געוואָרען ביי זיי אזוי אז מען מעג זיי עסן אומגעמעשרט. די משנה אין מסכתא מעשרות פרק א' און ב' לערנט ביז ווען מען מעג עסן פון אָפּגעריסענע פרוכטן אומגעמעשרט. די משנה זאָגט נאָך א זאַך, און דהיינו, אז נור ביי פרוכטן, וועלכע וואַקסן פון דער ערד, ערד־געוויקסן; אָבער, למשל, אז איינער ארבייט ביי מילך, מאכט פוטער אָדער קעז, קאָן ער דערפון ניט עסן בחינם. — די משנה זאָגט דאָ, אז „די דאָזיקע עסן לויטן דין פון דער תורה", ווייל ווייטער אין משנה ח', לערנט די משנה וועגן ארבייטער, וואָס כאָטש לויט דעם דין פון דער תורה עסן זיי ניט בחינם, אָבער לויט דעם אָנגענומענעם דין פון לאנד (הלכות מדינה) קאָנען זיי יאָ עסן בחינם.** ואלו שאין, און דאָס זענען די (ארבייטער) וועלכע עסן ניט (בחינם אפילו לויט דעם דין פון לאנד): דער (ארבייטער) וואָס טוט ביי באהאָפטענע (פרוכטן) צו דער ערד אין דער צייט ווען עס פארענדיקט ניט (זיי־ער) ארבייט (למשל, ער רייסט אויס די שלעכטע גראזן אין גאָרטן), און ביי אָפּגע־

מְלַאכְתּוֹ, וּבְדָבָר שֶׁאֵין גִּדּוּלוֹ מִן הָאָרֶץ: ג הָיָה עוֹשֶׂה בְּיָדָיו אֲבָל לֹא בְרַגְלָיו, בְּרַגְלָיו אֲבָל לֹא בְיָדָיו, אֲפִלּוּ בִכְתֵפוֹ, הֲרֵי זֶה אוֹכֵל. רַבִּי יוֹסֵי בַּר יְהוּדָה אוֹמֵר, עַד שֶׁיַּעֲשֶׂה בְיָדָיו וּבְרַגְלָיו: ד הָיָה עוֹשֶׂה בַתְּאֵנִים לֹא יֹאכַל בָּעֲנָבִים, בָּעֲנָבִים לֹא יֹאכַל בַּתְּאֵנִים, אֲבָל מוֹנֵעַ אֶת עַצְמוֹ עַד שֶׁמַּגִּיעַ לִמְקוֹם הַיָּפוֹת וְאוֹכֵל. וְכֻלָּן לֹא אָמְרוּ אֶלָּא בִשְׁעַת מְלָאכָה, אֲבָל מִשּׁוּם הָשֵׁב אֲבֵדָה לַבְּעָלִים אָמְרוּ, פּוֹעֲלִין אוֹכְלִין בַּהֲלִיכָתָן מֵאוּמָּן לְאוּמָּן, וּבַחֲזִירָתָן מִן הַגַּת. וּבַחֲמוֹר כְּשֶׁהִיא פוֹרֶקֶת: ה אוֹכֵל פּוֹעֵל

ריסענע (פרוכטן) פון דער ערד פון זינט זייער ארבייט איז שוין פארענדיקט (ווען מען איז שוין מחויב צו מעשרן פון זיי), און ביי א זאך וואס זיין וואוקס איז ניט פון דער ערד. **מיר האָבן שוין פריער געגעבן דעם ביישפיל דאצו, למשל, ווען איינער ארבייט אויס פוטער אָדער קעז פון מילך, קאָן ער ניט עסן בחינם דערפון.**

ג. היה, אויב ער (דער ארבייטער) האָט געארבייט (ביי די פרוכטן) מיט זיינע הענט און ניט מיט זיינע פיס, אָדער מיט זיינע פיס און ניט מיט זיינע הענט, אפילו (ער האָט געארבייט ניט מיט די הענט און ניט מיט די פיס נאָר) מיט זיינע אקסלען, קאָן ער עסן (בחינם); ר׳ יוסי בר יהודה זאָגט, אז (ער קאָן עסן בחינם) נאָר ווען ער ארבייט מיט די הענט און מיט די פיס. **ער דארף ביי דער ארבייט זיך באוועגן מיט די הענט און מיט די פיס.**

ד. היה, אויב ער (דער ארבייטער) האָט געארבעט ביי פייגן (און דאביי זענען **אויך גענוען ווינטרויבן, ביי וועלכע ער האָט ניט געארבייט) זאָל ער ניט עסן די ווינטרויבן; (אויב ער האָט געארבייט) ביי ווינטרויבן, זאָל ער ניט עסן פון די פייגן. אפילו ער איז געדינגען געוואָרן צו ארבייטן ביי בײדע, זאָל ער עסן נור פון דעם מין פרוכטן ביי וועלכע ער ארבייט איצט.** אבל, אָבער ער (דער ארבייטער) מעג זיך אָפּהאלטן (פון עסן) ביז ער קומט צו דעם אָרט פון גוטע פרוכטן און פון זיי עסן. **אויב ער ארבייט ביי שלעכטע פרוכטן, מעג ער זיך אָפּהאלטן און ניט עסן פון זיי, ביז ער קומט צו צו די גוטע פרוכטן, און פון זיי עסן.** וכולן, און וועגן די אלע (אר־בייטער) האָט מען געזאָגט (געלערנט) אז זיי זאָלן עסן נאָר אין דער צייט פון די ארבייט (און ניט נאָכדעם ווי זיי הערן אויף ארבייטן); אָבער צוליב „צוריקצוגעבן א פארלוירענע זאך צו איר בעל הבית" („השב אבידה"), ניט קאליע צו מאכן דעם בעל הבית׳ס פארמעגן אומזיסט), האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט, אז די ארבייטער עסן (ניט ביי דער ארבייט) נאָר ווען זיי גייען (אין גאָרטן אָדער אין פעלד) פון איין בייט (אומן, פון איין שטיקל גאָרטן אָדער פעלד) צום אנדערן בייט, אָדער ווען זיי גייען צוריק פון וויין־קעלטער. **כדי די ארבייטער זאָלן צוליבן עסן ניט באלמיטשן פון דער ארבייט, האָט מען איינגעפירט, אז די ארבייטער זאָלן עסן אויפן וועג נאָכדעם ווי זיי ענדיקן ביי איין בייט, איין שורה פון גאָרטן אָדער פון פעלד, און זיי גייען צו דער אנדערער שורה ארבייטן, אָדער ווען זיי האָבן שוין אָפּגעטאָן זייער ארבייט אין וויין־קעלטער און זיי גייען שוין צוריק.** מיט „השב אבידה לבעלים", **„צוריקגעבן א פארלוירענע זאך צום בעל הבית"**, מיינט מען, ניט קאליע מאכן אומזיסט די **צייט, אין וועלכער דער ארבייטער קאָן ארבייטן פארן בעל הבית.** ובחמור, און ביי אן אייזל (וואָס טראָגט אויף זיך א משא פון עסנווארג, זאָל מען לאָזן דאָס אייזל עסן) אזוי לאַנג ביז מען נעמט אראָפּ פון איר די משא (פורקת, מען לאדנט־אראָפּ).
**עס איז אויך דער דין, אז אויב א בהמה טראָגט א משא זאכן וואָס די בהמה קאָן עסן, ווי תבואה, היי וכדומה, דארף מען לאָזן די בהמה עסן דערפון. לערנט די משנה אז** מען מוז דער בהמה (די משנה זאָגט דאָ אן אייזל, און מען מיינט יעדע בהמה) לאָזן

קִישּׁוּת אֲפִלּוּ בְּדִינָר, וְכוֹתֶבֶת אֲפִלּוּ בְּדִינָר. רַבִּי אֶלְעָזָר (בֶּן) חִסְמָא אוֹמֵר, לֹא יֹאכַל פּוֹעֵל יָתֵר עַל שְׂכָרוֹ, וַחֲכָמִים מַתִּירִים. אֲבָל מְלַמְּדִים אֶת הָאָדָם שֶׁלֹּא יְהֵא רַעַבְתָן, וִיהֵא סוֹתֵם אֶת הַפֶּתַח בְּפָנָיו: ו קוֹצֵץ אָדָם עַל יְדֵי עַצְמוֹ, עַל יְדֵי בְּנוֹ וּבִתּוֹ הַגְּדוֹלִים, עַל יְדֵי עַבְדּוֹ וְשִׁפְחָתוֹ הַגְּדוֹלִים, עַל יְדֵי אִשְׁתּוֹ, מִפְּנֵי שֶׁיֵּשׁ בָּהֶן דַּעַת. אֲבָל אֵינוֹ קוֹצֵץ עַל יְדֵי בְּנוֹ וּבִתּוֹ הַקְּטַנִּים, וְלֹא עַל יְדֵי עַבְדּוֹ וְשִׁפְחָתוֹ הַקְּטַנִּים, וְלֹא עַל יְדֵי בְהֶמְתּוֹ, מִפְּנֵי שֶׁאֵין בָּהֶן דַּעַת: ז הַשּׂוֹכֵר אֶת הַפּוֹעֲלִים לַעֲשׂוֹת בִּנְטַע רְבָעִי שֶׁלּוֹ,

**עסן אויך ווען זי גייט, כל זמן זי טראָגט אויף זיך די משא.**

ה. אוכל, אן ארבייטער מעג עסן א (טייערע) קירבים (קישות, א דיניע, א באניע, אזא ארבוז) אפילו פאר א דינר (א זילבערנער גילדן), און א (טייערן) טייטל (כותבת, טייטל) אפילו פאר א דינר. **די תורה האָט ניט געזאָגט דעם ארבייטער וויפיל ער זאָל עסן ווען ער ארבייט ביי טייערע פרוכטן, און ער מעג עסן אפילו פאר א סך געלט.** ר׳ אלעזר בן חסמא זאָגט, אז אן ארבייטער זאָל ניט עסן מער וויפיל זיין לוין איז. **אויב למשל דער לוין פון טאָג איז ניט מער פון א דינר, זאָל ער אין פארלויף פון טאָג ניט עסן מער פון א דינר.** וחכמים, און די חכמים זענען מתיר (דעם ארבייטער צו עסן מער), אָבער מען לערנט דעם מענטש (דעם ארבייטער) אז ער זאָל ניט זיין קיין פרעסער (רעבתן), כדי ער זאָל נישט פארשליסן די טיר פאר זיך. **ווייל אויב ער וועט עסן א סך פון די פרוכטן, ביי וועלכע ער ארבייט, וועט אים דער בעל הבית מער ניט וועלן דינגען צו דער ארבייט; מיט „פארשליסן פאר זיך די טיר״, מיינט מען, אז מען וועט אים אין ערגיץ ניט ארייַנלאָזן צו דער ארבייט. „רעבתן״ איז פון „רעב״, „הונגעריג״, און מען מיינט דאמיט א „פרעסער״, וועלכער זעט אויס ווי ער איז כסדר הונגעריג, מען קאָן אים ניט זאט מאכן.**

ו. קוצץ, א מענטש (אן ארבייטער) קאָן אָפמאכן (קוצץ, „אָפהאקן״, באשטימען) פאר זיך, פאר זיין דערוואקסענעם זון און טאָכטער, פאר זיין דערוואקסענע שקלאף און שקלאפין און פאר זיין פרוי (אויב זיי הייסן אים), ווייל זיי האָבן פארשטאנד. **די משנה לערנט דאָ, אז אן ארבייטער, וועלכער ארבייט ביי פרוכטן און ער מעג דאָך עסן פון זיי ביי דער ארבייט וויפיל ער וויל, קאָן ער אָפמאַכן מיטן בעל הבית, אז ער זאָל פון די פרוכטן ניט עסן און דערפאר זאָל אים דער בעל הבית באצאָלן א געוויסע סומע געלט. ער קאָן דאָס אויך טאָן אין נאָמען פון זיינע דערוואקסענע קינ־דער און פרוי און שקלאפן, אויב זיי גייען ארבייטן צו א בעל הבית און זיי זענען מסכים אז ער זאָל אָפמאכן וועגן דעם מיטן בעל הבית. „קוצץ״, „אָפהאקן״, באַ־שטימען א געוויסע סומע.** אבל, אָבער ער קאָן ניט אָפמאכן פאר זיין ניט־דערוואקסענע זון און טאָכטער, און ניט פאר זיינע ניט־דערוואקסענע שקלאף און שקלאפין, און ניט פאר זיין בהמה, ווייל זיי האָבן ניט קיין פארשטאנד. **אפילו די קינדער און די שקלאפן זענען מסכים, קאָן ער אויך ניט. מיט „בהמה״ מיינט מען, אז אויב ער פארדינגט א בהמה צו ארבייטן ביי עסנווארג (תבואה וכדומה) קאָן ער ניט אָפמאכן צו נעמען געלט און מען זאָל די בהמה פארשליסן דאָס מויל ביי דער ארבייט און ניט לאָזן זי עסן פון דער תבואה.**

ז. השוכר, אז איינער (א בעל הבית פון א פרוכטן־ביימער־גאָרטן) דינגט אר־בייטער צו ארבייטן אין זיין (גאָרטן) אין פירטן יאָר זינט מען האָט אים געפלאנצט (נטע רבעי) טאָרן זיי ניט עסן (פון די פרוכטן). **דער דין איז, אז די פרוכטן פון ביי־מער אין די ערשטע דריי יאָר זינט מען האָט די ביימער געפלאנצט הייסן ערלה און מען טאָר זיי ניט עסן און ניט הנאה האָבן פון זיי. אין פירטן יאָר הייסן זיי „נטע**

הֲרֵי אֵלּוּ לֹא יֹאכֵלוּ. אִם לֹא הוֹדִיעָן, פּוֹדֶה וּמַאֲכִילָן. נִתְפָּרְסוּ עִגּוּלָיו, נִתְפַּתְּחוּ חָבִיּוֹתָיו, הֲרֵי אֵלּוּ לֹא יֹאכֵלוּ. אִם לֹא הוֹדִיעָן, מְעַשֵּׂר וּמַאֲכִילָן:

**ח** שׁוֹמְרֵי פֵירוֹת אוֹכְלִין מֵהִלְכוֹת מְדִינָה, אֲבָל לֹא מִן הַתּוֹרָה. אַרְבָּעָה

רבעי״ (די פירט־יאָריקע פלאנצונג) און מען דארף זיי אוועקפירן קיין ירושלים און נור דאָרט מעג מען עסן. אויב דער בעל הבית וויל, קאָן ער אויסטוישן (אויס־לייזן) די פרוכטן אויף געלט, און מען מעג דאמאָלס די פרוכטן עסן אומעטום, נאָר דאָס געלט דארף מען פירן קיין ירושלים (פרטים וועגן דעם זע אין מסכתא מעשר שני פרק ה׳). **זאָגט די משנה, אז אויב איינער האָט געדינגען ארבייטער צו ארבייטן אין א פיר־יאָריקן גאָרטן** (נטע רבעי) **און די ארבייטער האָבן געוואוסט אז דאָס איז נטע רבעי, טאָרן זיי ניט עסן פון די פרוכטן ביי דער ארבייט, און דער בעל הבית איז ניט מחויב אויסצולייזן און זיי געבן צו עסן.** אם לא, אויב ער האָט זיי ניט מודיע געווען (אז דאָס זענען נטע־רבעי־פרוכטן) זאָל ער אויסלייזן און זיי געבן צו עסן, **מחמת עס איז די שולד פון בעל הבית.** נתפרסו, אויב זיינע קיילעכיקע (פייגן־קנוילן) זענען געוואָרן פונאנדערגעבראָכן, אָדער זיינע פעסער וויין זענען געוואָרן געעפנט (און דער וויין איז צוריק אריינגעגאָסן געוואָרן אין וויין־קעלטער, און ער האָט נאָכניט געמאכט פון די פייגן קנוילן און מען האָט נאָכניט אָנגעגאָסן דעם וויין אין די פעסער), זאָלן זיי (די ארבייטער) ניט עסן (די פייגן אָדער דעם וויין). **דער דין איז, אז מעשר דארף מען אָפּשיידן און מען טאָרניט עסן אומגעמעשרט נור פון פרוכטן, וואָס די ארבייט ארום זיי איז שוין פארענדיקט (זע מסכתא מעשרות פרק א׳ און ב׳)· פייגן פלעגט מען צוזאמענפרעסן אין קיילעכיקע קנוילן, עיגולים (קיי־לעכיקע), און וויין גיסט מען אָן אין פעסער. איז דער דין אז אזוי לאנג ווי מען האָט ניט געמאכט פון די פייגן קנוילן און מען האָט נאָכניט אָנגעגאָסן דעם וויין אין די פעסער, הייסט נאָכניט די ארבייט ארום זיי פארענדיקט און מען מעג זיי עסן אומגעמעשרט. לערנט די משנה, אז אויב מען האָט שוין געמאכט פון די פייגן קנוילן און מען האָט שוין אָנגעגאָסן דעם וויין אין די פעסער. אָבער די קנוילן זענען צעשיט געוואָרן (נתפרסו, פון „פרס״, א שטיקל, פונאנדערגעבראָכן) אָדער דער וויין איז געוואָרן צוריק אויסגעגאָסן פון די פעסער, און ער האָט באדינגען ארבייטער, אז זיי זאָלן צוריק מאכן פון די פייגן קנוילן און צוריק אָנגיסן דעם וויין אין די פע־סער, און די ארבייטער האָבן געוואוסט דערפון, טאָרן די ארבייטער פון זיי ניט עסן, ווייל זיי דארף מען דאָך שוין מעשרן, מחמת, די ארבייט ארום זיי איז דאָך שוין געווען איינמאָל פארענדיקט. מען צווינגט ניט דעם בעל הבית אז ער זאָל אָפּ־שיידן מעשר פון די פייגן און פון וויין, כדי די ארבייטער זאָלן מעגן דערפון עסן.**

אם לא, אויב ער האָט זיי ניט מודיע געווען (און זיי האָבן געמיינט, אז זיי גייען מאכן פון די דאָזיקע פייגן דאָס ערשטע מאָל קנוילן, און דאָס ערשטע מאָל אָנגיסן דעם וויין אין די פעסער), דארף ער (דער בעל הבית) אָפּשיידן מעשר און זיי געבן צו עסן **דער טעם דערפון איז דערזעלביקער וואָס פריער ביי נטע רבעי.**

ח. שומרי, היטערס פון פרוכטן עסן לויט דעם געזעץ פון לאנד (הלכות מדינה, ווייל עס איז אזא מנהג אין לאנד). אבער ניט (לויט דעם דין) פון דער תורה. **מחמת א היטער טוט דאָך ניט קיין מעשה, און ער הייסט ניט קיין ארבייטער, דארי־בער איז די תורה ניט מחייב דעם בעל הבית צו לאָזן אים עסן נאָר לויט דעם געזעץ פון לאנד** (הלכות מדינה) **דארף מען אים יאָ לאָזן עסן. דאָס איז נור ביים היטן אָפּגעריסענע פרוכטן; אָבער היטערס פון פרוכטן וועלכע זענען באהאפטן צום בוים, עסן ניט אפילו לויט דעם געזעץ פון לאנד. — ביז איצט האָט די משנה געלערנט וועגן דעם רעכט פון ארבייטער צו עסן פון פרוכטן ווען ער ארבייט ביי זיי. איצט**

שׁוֹמְרִין הֵן, שׁוֹמֵר חִנָּם וְהַשּׁוֹאֵל נוֹשֵׂא שָׂכָר, וְהַשּׂוֹכֵר. שׁוֹמֵר חִנָּם נִשְׁבָּע עַל הַכֹּל, וְהַשּׁוֹאֵל מְשַׁלֵּם אֶת הַכֹּל, נוֹשֵׂא שָׂכָר וְהַשּׂוֹכֵר נִשְׁבָּעִים עַל הַשְּׁבוּרָה, וְעַל הַשְּׁבוּיָה, וְעַל הַמֵּתָה, וּמְשַׁלְּמִין אֶת הָאֲבֵדָה וְאֶת הַגְּנֵבָה: **ט** זְאֵב אֶחָד אֵינוֹ אוֹנֶס, שְׁנֵי זְאֵבִים אוֹנֶס. ר' יְהוּדָה אוֹמֵר,

**הייבט אָן די משנה צו לערנען גאנץ אנדערע דינים וועגן שומרים, היטערס פון זאכן, ווען זיי דארפן באצאָלן דעם שאדן אויב מיט די זאכן, וואָס מען האָט זיי גע־געבן צו היטן, איז עפּיס געשן, און די משנה זאָגט:** ארבעה, עס זענען פאראן פיר (סאָרטן) היטערס (שומרים): א שומר חינם (א היטער בחינם, ער נעמט ניט קיין געלט פאר היטן די זאך), און א שואל (א באָרגער, ער באָרגט די זאך צו באנוצן זיך מיט איר, און ער צאָלט ניט קיין נוץ־געלט), נושא שכר (א היטער, וועלכער נעמט געלט פאר היטן די זאך) און א שוכר (א דינגער, ער דינגט די זאך צום נוצן זיך מיט איר, און ער צאָלט דערפאר נוץ־געלט). **מיר ווועלן כסדר אָנרופן די דאָזיקע היטערס מיט זייערע נעמען אין לשון קודש, שומר חינם, שואל, שומר שכר (עס איז דאָסזעלביקע וואָס נושא שכר) און שוכר.** שומר חינם, א שומר חינם שווערט אויף אלץ. **אויב ראובן האָט געגעבן שמעונען א זאך, למשל, א בהמה, צו היטן זי בחינם (שמעון איז א שומר חינם), און מען האָט די בהמה אָדער אוועקגעגנבעט אָדער זי איז פאר־לוירן געגאנגען, אָדער זי האָט צעבראָכן א פוס אָדער זי איז געפּגרט, דארף שמעון שווערן אז אזוי איז עס פאָרגעקומען און אז דאָס איז ניט געווען צוליב זיין שולד (ניט צוליב זיין „פשיעה") און ער איז פטור צו באצאָלן.** והשואל, און דער שואל דארף באצאָלן פאר אלץ. **אויב למשל ראובן האָט געבאָרגט שמעונען א בהמה צום נוצן און ער נעמט ניט ביי אים קיין נוץ־געלט (שמעון איז א שואל) און עס איז געשען מיט דער בהמה איינער פון די פריער־דערמאָנטע שאדנס, דארף שמעון דער שואל באַ־צאָלן. די גמרא זאָגט, אז אויב די בהמה איז געפּגרט צוליב דער ארבייט מיט איר (מתה מחמת מלאכה) דארף דער שואל שווערן אז אזוי איז פאָרגעקומען, און ער דארף ניט באצאָלן, מחמת ער האָט דאָך זי געבאָרגט צו ארבייטן מיט איר.** ונושא שכר, דער שומר שכר און דער שוכר שווערן אויב זי איז צובראָכן געוואָרן אָדער געפאנגען געוואָרן אָדער זי איז געפּגרט, און זיי דארפן באצאָלן אויב זי איז געוואָרן פארלוירן אָדער צוגעגנבעט. **אויב ראובן האָט געגעבן שמעונען א בהמה צום היטן און ער צאָלט שמעונען פאר דעם היטן (שמעון איז א שומר שכר), אָדער ראובן האָט פארדינגען שמעונען א בהמה צום ארבייטן מיט איר און שמעון צאָלט נוץ־געלט (שמעון איז א שוכר), איז דער דין, אז אויב די בהמה האָט צעבראָכן א פוס (שבורה) אָדער מען האָט זי געפאנגען (רויבערס האָבן מיט געוואלט זי אוועקגערויבט), אָדער זי איז געפּגרט, הייסט דאָס „אונס", א געצוואונגענער שאדן, און זיי, דער שומר שכר און דער שוכר, דארפן שווערן, אז אזוי איז עס פאָרגעקומען און אז דאָס איז ניט געווען צוליב זייער שולד, און זיי זענען פטור צו באצאָלן פאר דעם שאדן. אויב אָבער מען האָט די בהמה צוגעגנבעט אָדער זי איז פארלוירן געוואָרן דארפן זיי באַ־צאָלן. עס הייסט אזוי: א שומר חינם איז פטור צו באצאָלן אפילו ביי גנבה ואבידה (צוגעגנבעט און פארלוירן); א שואל איז חייב צו באצאָלן אפילו אויף אונסין (גע־צוואונגענע שאדנס); א שומר שכר און א שוכר זענען חייב ביי גנבה ואבידה, אָבער זיי זיינען פטור ביי אונסין. די דינים ווערן אָפּגעלערנט פון חומש שמות כ"ב פסוקים ו' — י"ד.**

ט. זאב, איין וואָלף הייסט ניט קיין אונס, צוויי וועלף הייסן אן אונס. **אויב מען האָט באצאָלט איינעם פאר היטן בהמות, און עס איז אָנגעקומען איין וואָלף און האָט געהרגעט א בהמה, הייסט עס ניט קיין אונס, און דער היטער, דער שומר שכר, דארף באצאָלן פאר דעם שאדן, ווייל מען נעמט אָן; אז איין וואָלף באפאלט ניט א**

בְּשַׁעַת מִשְׁלַחַת זְאֵבִים אַף זְאֵב אֶחָד אוֹנֶס. שְׁנֵי כְלָבִים אֵינוֹ אוֹנֶס. יַדּוּעַ הַבַּבְלִי (אוֹמֵר) מִשּׁוּם רַבִּי מֵאִיר, מֵרוּחַ אַחַת אֵינוֹ אוֹנֶס, מִשְּׁתֵּי רוּחוֹת אוֹנֶס. הַלִּסְטִים הֲרֵי זֶה אוֹנֶס. הָאֲרִי, וְהַדּוֹב, וְהַנָּמֵר, וְהַבַּרְדְּלָס, וְהַנָּחָשׁ הֲרֵי זֶה אוֹנֶס. אֵימָתַי? בִּזְמַן שֶׁבָּאוּ מֵאֲלֵיהֶן, אֲבָל אִם הוֹלִיכָן לִמְקוֹם גְּדוּדֵי חַיָּה וְלִסְטִים, אֵינוֹ אוֹנֶס: י מֵתָה כְדַרְכָּהּ, הֲרֵי זֶה אוֹנֶס. סִגְּפָהּ וּמֵתָה, אֵינוֹ אוֹנֶס. עָלְתָה לְרָאשֵׁי צוּקִין וְנָפְלָה, הֲרֵי זֶה אוֹנֶס.

**מענטש. אָבער אויב צוויי וועלף זענען אָנגעקומען, הייסט עס אן אונס, ווייל צוויי וועלף באַפאלן יאָ א מענטש און דער היטער איז פטור צו באצאָלן.** ר׳ יהודה זאָגט, אז אין א צייט ווען וועלף פאלן אָן (משלחת, אן אָנשיקעניש פון וועלף), איז אויך איין וואָלף אן אונס. **ווייל דאמאָלס איז דער וואָלף צערייצט און ער באַפאלט איינער אליין א מענטש.** שני כלבים, צוויי הינט זענען ניט קיין אונס. **ווייל קייגן צוויי הינט קאָן דער היטער זיך פארטיידיקן און ער דארף זיי ניט לאָזן הרגענען די בהמות.** ידוע הבבלי (פון בבל) זאָגט אין נאָמען פון ר׳ מאיר אז (צוויי הינט, אויב זיי פאלן־אָן) פון איין זייט הייסן זיי ניט קיין אונס, אויב פון צוויי זייטן (איין הונט פון איין זייט און דער אנדערער הונט פון דער אנדערער זייט) הייסן זיי אן אונס. **ווייל פון צוויי זייטן איז שווער זיך צו פארטיידיקן.** הליסטים, א באוואפנטער גזלן הייסט אן אונס. **און אויב ער איז באפאלן און צוגענומען ביים שומר שכר די זאך, וואָס מען האָט אים געגעבן צו היטן, איז דער שומר שכר פטור צו באצאָלן. „ליסטם״ איז דאָס גריכישע וואָרט „לעסטעס״, א רויבער. אין טייל משניות איז פאראן די גירסא — „ליסטס״, מיט א „סמך״ צום סוף. נאָר אין לשון רבים איז כסדר פאראן אין דער משנה „ליסטים״, רויבער.** הארי, א לייב, און א בער, און א לעמפערט, און א פאנטער, און א שלאנג, זענען אן אונס. **און אויב זיי זענען באפאלן איז דער שומר שכר פטור צו באצאָלן. וועגן „ברדלס״ זע מסכתא בבא קמא פרק א׳ משנה ד׳.** אימתי ? ווען (איז דאָס דער דין אז אויב זיי, דער גזלן צו די ווילדע חיות זענען באפאלן איז עס אן אונס און דער שומר שכר איז פטור צו באצאָלן)? ווען זיי זענען געקומען פון זיך אליין, אָבער אויב ער (דער היטער) האָט זיי (די בהמות) אוועקגעפירט אין אן אָרט (וואו עס זענען פאראן) מחנות חיות און גזלנים (ליסטים), הייסט עס ניט קיין אונס. **און אויב זיי זענען באפאלן די בהמות דארף דער היטער באצאָלן, ווייל ער האָט דאָך גורם געווען אז מען זאָל די בהמות באפאלן.**

י. מתה, אויב זי (די בהמה, וואָס מען האָט געגעבן דעם שומר שכר צו היטן) איז געשטאָרבן ווי געוויינטליך (ניט צוליב דעם היטערס שולד) הייסט עס אן אונס. **און דער שומר שכר איז פטור צו באצאָלן.** סיגפה, אויב ער (דער היטער) האָט זי (די בהמה) געפייניגט (ניט געגעבן איר צו עסן אָדער ער האָט זי אוועקגעשטעלט אים זומער אויף דער הייסער זון, אָדער אין ווינטער אויף דער שטאַרקער קעלט) און זי איז געשטאָרבן, איז עס ניט קיין אונס. **און אפילו זי איז ניט געשטאָרבן באלד, נאָר שפּעטער, און אפילו זי איז געשטאָרבן צוליב אן אנדער זאך, הייסט עס אויך די שולד פון היטער, א פשיעה, און ניט נאָר א שומר שכר דארף באצאָלן נאָר אויך א שומר חינם דארף באצאָלן.** עלתה, אויב זי (די בהמה) איז ארויפגעקראָכן אויף בערג־שפּיצן (ראשי צוקין, ענגע בערג שפּיצן) און זי איז פון דאָרט אראָפּגעפאלן, הייסט עס אן אונס. **מען מיינט דאָ, אז די בהמה איז געווען שטאַרקער פון היטער, און ער האָט זי ניט געקאָנט אָפּהאלטן פון ארויפגיין.** העלה, אויב ער (דער היטער) האָט זי ארויפגעפירט אויף די בערג־שפּיצן, און זי איז אראָפּגעפאלן און געשטאָרבן, הייסט עס ניט קיין אונס. **דער דין איז, אז אפילו ווען די בהמה איז אליין ארויפגעגאנגען אָבער דער היטער האָט געקאָנט זי איינהאלטן און ניט ארויפלאָזן, און ער האָט זי ניט**

הֶעֱלָה לְרָאשֵׁי צוּקִין וְנָפְלָה וּמֵתָה. אֵינוֹ אוֹנֶס. מַתְנֶה שׁוֹמֵר חִנָּם לִהְיוֹת פָּטוּר מִשְּׁבוּעָה. וְהַשּׁוֹאֵל לִהְיוֹת פָּטוּר מִלְּשַׁלֵּם. נוֹשֵׂא שָׂכָר וְהַשּׂוֹכֵר לִהְיוֹת פְּטוּרִין מִשְּׁבוּעָה וּמִלְּשַׁלֵּם:

**יא** כָּל הַמַּתְנֶה עַל מַה שֶּׁכָּתוּב בַּתּוֹרָה תְּנָאוֹ בָטֵל, וְכָל תְּנַאי שֶׁיֵּשׁ מַעֲשֶׂה בִּתְחִלָּתוֹ, תְּנָאוֹ בָטֵל. וְכָל שֶׁאֶפְשָׁר לוֹ לְקַיְּמוֹ בְסוֹפוֹ וְהִתְנָה עָלָיו מִתְּחִלָּתוֹ, תְּנָאוֹ קַיָּם:

# פרק ח.

**א** הַשּׁוֹאֵל אֶת הַפָּרָה וְשָׁאַל בְּעָלֶיהָ עִמָּהּ. אוֹ שָׂכַר בְּעָלֶיהָ עִמָּהּ. שָׁאַל הַבְּעָלִים אוֹ שְׂכָרָן, וּלְאַחַר כָּךְ שָׁאַל אֶת הַפָּרָה וּמֵתָה. פָּטוּר, שֶׁנֶּאֱמַר

איינגעהאלטן, הייסט עס שוין ניט קיין אונס. — מתנה, א שומר חינם קאָן אויסנעמען א תנאי (מיטן בעל הבית וואָס גיט אים צו היטן די בהמה) אז ער זאָל זיין פטור פון שווערן (אויב מען וועט די בהמה צוגנבענען, זאָל דער שומר חינם ניט דארפן שווערן), און דער שואל (קאָן אויסנעמען מיטן בעל הבית א תנאי) אז ער זאָל זיין פטור צו באצאָלן (אויב מען וועט די בהמה צוגנבענען אָדער זי וועט פגרן), און דער שומר שכר און דער שוכר אז זיי זאָלן זיין פטור פון שווערן (אויב די בהמה וועט פגרן) און פון באצאָלן (אויב מען וועט די בהמה צוגנבענען). **כאָטש מיר לערנען ווייטער אין משנה יא, אז „המתנה על מה שכתוב בתורה תנאי בטל", אז איינער נעמט אויס א תנאי קייגן א דין וואָס איז פאראן אין דער תורה, איז דער תנאי בטל, גאָרניט ווערט, פונדעסטוועגן איז דאָ דער תנאי א גוטער תנאי; מחמת עס הייסט, אז אויב ניט אויף דעם דאָזיקן תנאי איז ער ניט געווען קיין שומר, קיין היטער, און ממילא איז ער ניט מחויב צו שווערן אָדער צו באצאָלן, ווייל ער הייסט ניט קיין שומר און האָט ניט גענומען אויף זיך די התחייבות'ן פון א שומר.**

יא. כל המתנה, יעדער וואָס נעמט אויס א תנאי אויף (קייגן) דעם (געבאָט) וואָס איז געשריבן אין דער תורה, איז זיין תנאי בטל. **למשל, אויב א בעל הבית וועלכער דינגט אן ארבייטער צו ארבייטן ביי אים אין גאָרטן ביי די פרוכטן, נעמט אויס מיטן ארבייטער אז ער טאָר ניט עסן פון די פרוכטן, האָט דער תנאי קיין ווערט ניט, און דער ארבייטער מעג עסן, מחמת די תורה זאָגט, אז דער ארבייטער מעג עסן פון די פרוכטן ביי דער ארבייט (זע פריער פרק ז' משנה ד').** וכל תנאי, און יעדער תנאי, וואָס מ'האָט פריער (פאר דעם תנאי געזאָגט) די זאך וואָס דארף געשען (מעשה), איז בטל. **למשל ווען א מאן גט זיין פרוי און ער זאָגט צו איר אז דאָס איז איר גט, און דערנאָך גיט ער צו דעם תנאי, אז דאָס איז נור אויב זי וועט אים געבן געלט, איז דער תנאי בטל (זע וועגן דעם אין מסכתא קידושין פרק ג' משנה ד', וואו מען לערנט דאָס אָפּ פון פסוק במדבר ל"ב).** וכל שאפשר, און (נור) יעדער תנאי וואָס מען קאָן אים צום סוף (דערנאָך) מקיים זיין (מען קאָן אויספירן דעם תנאי) און מען האָט אים אויס־גענומען פריער, איז דער תנאי גוט. **דאָס איז דער דין, אז א תנאי קאָן זיין נור אזעל־כער וואָס עס איז מעגליך מקיים צו זיין אים. אָבער למשל, אז איינער גיט זיין פרוי א גט מיט דעם תנאי אז זי זאָל ארויפגיין אין הימל, הייסט עס ניט מער ווי סתם גערעדט, און דער תנאי איז בטל.**

## פרק ח.

א. השואל, אז איינער (ראובן) באָרגט א קי (פון שמעון) און ער האָט מיטגע־באָרגט איר בעל הבית (שמעונען) צוזאמען מיט איר (מיט דער קי, שמעון זאָל אר־בייטן ביי ראובנען בחינם), אָדער ער האָט גערדינגן איר בעל הבית (שמעונען) צוזאמען מיט איר (מיט דער קי, שמעון זאָל ארבייטן ביי אים פאר געלט), אָדער ער האָט צוערשט געבאָרגט איר בעל הבית (שמעונען צו ארבייטען ביי אים) אָדער ער האָט אים (שמעונען) געדינגן (צו ארבייטן ביי אים) און דערנאָך האָט ער געבאָרגט די קי, און זי (די קי) איז געפגרט, איז ער (ראובן, דער שואל, דער באָרגער פון דער קי)

אם בְּעָלָיו עִמּוֹ לֹא יְשַׁלֵּם. אֲבָל שָׁאַל אֶת הַפָּרָה וְאַחַר כָּךְ שָׁאַל אֶת הַבְּעָלִים, אוֹ שְׂכָרָן וּמֵתָה, חַיָּב. שֶׁנֶּאֱמַר בְּעָלָיו אֵין עִמּוֹ שַׁלֵּם יְשַׁלֵּם: ב הַשּׁוֹאֵל אֶת הַפָּרָה, שְׁאָלָהּ חֲצִי יוֹם וּשְׂכָרָהּ חֲצִי יוֹם, שְׁאָלָהּ הַיּוֹם וּשְׂכָרָהּ לְמָחָר, שָׂכַר אַחַת וְשָׁאַל אַחַת וּמֵתָה. הַמַּשְׁאִיל אוֹמֵר שְׁאוּלָה מֵתָה, בְּיוֹם שֶׁהָיְתָה שְׁאוּלָה מֵתָה, בְּשָׁעָה שֶׁהָיְתָה שְׁאוּלָה מֵתָה, וְהַלָּה אוֹמֵר, אֵינִי יוֹדֵעַ, חַיָּב. הַשּׂוֹכֵר אוֹמֵר, שְׂכוּרָה מֵתָה, בְּיוֹם שֶׁהָיְתָה שְׂכוּרָה

פטור (פון באצאָלן), ווייל עס ווערט געזאָגט (שמות כ״ב) „אם בעליו עמו לא ישלם״ (אויב דער בעל הבית פון דער געבאָרגטער זאך איז מיט אים דאַרף ער ניט באצאָלן). **מיר האָבן געלערנט פריער פרק ז׳ משנה ח׳, אז א שואל, אז איינער באָרגט א בהמה און די בהמה איז געפגרט, דאַרף ער באצאָלן. לערנט די משנה, אז אויב דער בעל הבית פון דער בהמה, שמעון, איז געוואָרן מיטגעבאָרגט אָדער מיטגעדינגן צוזאמען מיט דער בהמה (אין דערזעלביקער צייט ווען ראובן האָט געבאָרגט די בהמה) אָדער שמעון דער בעל הבית איז געבאָרגט אָדער געדינגן געוואָרן פריער, און עס קומט אויס, אז אין דער צייט ווען ראובן האָט געבאָרגט די בהמה איז שמעון שוין געווען אין ראובנ׳ס דינסט, דאַרף ראובן דער שואל ניט באצאָלן אויב די קי איז ביי אים געפגרט. דאָס איז דער דין פון „שאילה בבעלים״ (געבאָרגט צוזאמען מיטן בעל הבית).** אבל, אָבער אויב ער (ראובן) האָט געבאָרגט די קי (פון שמעון) און דערנאָך האָט ער געבאָרגט דעם בעל הבית (שמעונען צו ארבייטן ביי אים בחינם) אָדער ער האָט (דערנאָך) אים (שמעונען) געדינגן (צו ארבייטן ביי אים פאַר געלט), און זי (די קי) איז געפגרט, איז ער (ראובן) מחויב (צו באצאָלן), ווייל עס ווערט געזאָגט (שמות כ״ב „בעליו אין עמו ישלם״ (אויב דער בעל הבית איז ניט פאַראַן מיט אים זאָל ער באצאָלן). **נור ווען דער בעל הבית, שמעון, איז אין ראובנ׳ס דינסט אין דער צייט ווען ראובן באָרגט די בהמה ביי שמעונען, הייסט עס „שאילה בבעלים״. אָבער אויב בעת דעם באָרגן איז שמעון ניט געווען אין ראובנ׳ס דינסט, כאָטש בעת די קי איז געפגרט האָט שמעון יאָ געאַרבייט ביי ראובן, הייסט עס ניט קיין „שאילה בבע־לים״, און ראובן איז מחויב צו באצאָלן.**

ב. השואל, אז איינער (ראובן) באָרגט א קי (פון שמעונען), און ער האָט זי געבאָרגט אויף א האַלבן טאָג און זי געדונגען אויף א האַלבן טאָג (פאַר דעם ערשטן האַלבן טאָג ארבייטן מיט דער קי צאָלט ניט ראובן שמעונען, און פאַר ארבייטן מיט איר דעם אנדערן האַלבן טאָג, צאָלט ראובן שמעונען), אָדער ער האָט זי געבאָרגט אויף היינט (אויף דעם היינטיקן טאָג) און ער האָט זי געדינגען אויף מאָרגן, אָדער ער (ראובן) האָט (גענומען ביי שמעון צווי קי) און איינע (פון זיי) האָט ער געדינגען און איינע האָט ער געבאָרגט, און זי (די קי) איז געפגרט, דער אוועקבאָרגער (דער משאיל, שמעון) זאָגט, אז די געבאָרגטע (קי) איז געפגרט, אָדער אז אין טאָג ווען זי (די קי) איז געווען געבאָרגט איז זי געפגרט, אָדער אז אין דער שעה (אין דעם האַלבן טאָג) ווען זי איז געווען געבאָרגט איז זי געפגרט (און ווי מיר האָבן פריער געלערנט דאַרף א שואל באצאָלן אויב די קי פגרט), און דער דאָזיקער (ראובן) זאָגט, אז ער ווייסט ניט (איני יודע), איז ער (ראובן) חייב (צו באצאָלן פאַר דער קי). **כאָטש עס קאָן דאָך זיין, אז די געדונגענע קי איז געפגרט, אָדער אז די קי איז געפגרט אין דער צייט ווען זי איז געווען געדינגען, און מיר האָבן געלערנט פריער** (פרק ז׳ משנה ח׳) **אז א שוכר, איינער וואָס דינגט א בהמה, דאַרף ניט באצאָלן אויב די בהמה איז געפגרט, פונדעסט־וועגן דאַרף ראובן באצאָלן.** השוכר, אויב דער דינגער (ראובן) זאָגט, אז די געדונגענע (קי) איז געפגרט, אָדער אז אין טאָג ווען זי איז געווען געדונגען איז זי געפגרט, אז אין דער שעה (אין דעם האַלבן טאָג) ווען זי איז געווען געדונגען איז זי געפגרט, און

מֵתָה, בְּשָׁעָה שֶׁהָיְתָה שְׂכוּרָה מֵתָה, וְהַלָּה אוֹמֵר, אֵינִי יוֹדֵעַ, פָּטוּר. זֶה אוֹמֵר שְׁאוּלָה, וְזֶה אוֹמֵר שְׂכוּרָה, יִשָּׁבַע הַשּׂוֹכֵר שֶׁשְּׂכוּרָה מֵתָה. זֶה אוֹמֵר אֵינִי יוֹדֵעַ, וְזֶה אוֹמֵר אֵינִי יוֹדֵעַ, יַחֲלוֹקוּ: ג הַשּׁוֹאֵל אֶת הַפָּרָה וְשִׁלְּחָהּ לוֹ בְּיַד בְּנוֹ, בְּיַד עַבְדּוֹ, בְּיַד שְׁלוּחוֹ, אוֹ בְּיַד בְּנוֹ, בְּיַד עַבְדּוֹ, בְּיַד שְׁלוּחוֹ שֶׁל שׁוֹאֵל, וּמֵתָה, פָּטוּר. אָמַר לוֹ הַשּׁוֹאֵל שַׁלְּחָהּ לִי בְּיַד בְּנִי, בְּיַד עַבְדִּי, בְּיַד שְׁלוּחִי, אוֹ בְּיַד בִּנְךָ בְּיַד עַבְדְּךָ בְּיַד שְׁלוּחֲךָ, אוֹ שֶׁאָמַר לוֹ הַמַּשְׁאִיל, הֲרֵינִי מְשַׁלְּחָהּ לְךָ בְּיַד בְּנִי, בְּיַד עַבְדִּי, בְּיַד שְׁלוּחִי, אוֹ בְּיַד בִּנְךָ, בְּיַד עַבְדְּךָ בְּיַד שְׁלוּחֲךָ, וְאָמַר לוֹ הַשּׁוֹאֵל שַׁלַּח וּשְׁלָחָהּ וּמֵתָה חַיָּב.

דער דאָזיקער (שמעון) זאָגט אז ער ווייסט ניט (איני יודע), איז ער (ראובן) פטור. **די גמרא זאָגט, אז ער, ראובן איז ניט נור פטור צו באַצאָלן געלט, נאָר ער איז אויך פטור צו שווערן אז די געפגרטע קי איז געווען די געדונגענע.** מחמת שמעון טענהט דאָך „שמא", „טאָמער", ווארום ער ווייסט דאָך ניט, און אויף א טענה פון „שמא", פון טאָמער", **דאַרף מען ניט שווערן.** זה אומר, אויב דער (שמעון) זאָגט, אז די געבאָרגטע (קי) איז געפגרט, און דער (ראובן) זאָגט, אז די געדונגענע איז געפגרט, זאָל דער דינגער (ראובן) שווערן אז געפגרט איז די געדונגענע קי (און ער איז פטור צו באַצאָלן). **דאָ דאַרף ראובן יאָ שווערן, ווייל שמעון טענה'ט „ברי", א זיכערע טענה.** זה אומר, אויב דער (ראובן) זאָגט, אז ער ווייסט ניט, און דער (שמעון) זאָגט, אז ער ווייסט ניט, זאָלן זיי זיך צוטיילן. **דאָס הייסט, אז אין אזא פאַל דאַרף ראובן באַצאָלן שמעונען א העלפט פון די קי. דאָס איז דער דין וואָס דער תנא סומכוס לערנט, אז „ממון המוטל בספק חולקין", אז געלט, וועגן וועלכן עס איז א ספק, מען ווייסט ניט, צי עס געהערט צו דעם דאָזיקן מענטש אָדער צו אן אנדערן מענטש, זאָלן די צוויי מענטשן זיך צו־טיילן מיט דעם געלט.**

ג. השואל, אז איינער (ראובן) באָרגט א קי (ביי שמעון), און ער (שמעון) האָט געשיקט זי (די קי צו ראובנען) דורך זיין (שמעון'ס) זון, אָדער דורך זיין קנעכט, אָדער דורך זיין שליח, אָדער (ער האָט זי געשיקט) דורך דעם זון אָדער דורך דעם קנעכט אָדער דורך דעם שליח פון באָרגער (פון ראובן), און די קי איז (אין וועג) געפגרט, איז ער (ראובן) פטור (צו באַצאָלן פאר דער קי). **וועגן שליח פון שואל זאָגט די גמרא צוויי טייטשן. איינער איז, אז מען מיינט דאָ אז דאָס איז א מענטש וועלכער ארבייט ביים שואל, ביי ראובנען, און אז ער האָט אים ניט געמאכט קיין שליח פאר עדות. אן אנדערער טייטש איז, אז אפילו ער האָט אים געמאכט פאר א שליח, האָט ער געמיינט דערמיט צו זאָגן, אז ער איז א ערליכער מאן, אָבער ניט אז ער הייסט אים שיקן דורך אים.** אָמר לו, אויב דער באָרגער (ראובן) האָט געזאָגט צו אים (צו שמעו־נען): „שיק מיר זי (די קי) דורך מיין זון, דורך מיין קנעכט, דורך מיין שליח", אָדער „דורך דיין זון, דורך דיין קנעכט, דורך דיין שליח", אָדער דער אוועקבאָרגער (דער משאיל, שמעון) האָט געזאָגט צו אים (צו ראובנען): „איך שיק זי צו דיר דורך מיין זון, דורך מיין קנעכט, דורך מיין שליח", אָדער „דורך דיין זון, דורך דיין קנעכט, דורך דיין שליח", און דער באָרגער ראובן האָט אים געזאָגט: „שיק", און ער האָט זי געשיקט, און זי איז געפגרט (אין וועג), איז ער (ראובן) חייב (צו באַצאָלן) **ווייל דאָס הייסט, אז די קי איז שוין אין רשות פון ראובן פון זינט זי האָט פאַרלאָזט שמעון'ס רשות.** וכן, און אזוי איז אויך (דערזעלביקער דין) אין דער צייט ווען (ער ראובן) שיקט זי (די קי) צוריק (צו שמעונען). **אויב ראובן האָט צוריקגעשיקט די קי צו שמעונען איידער עס איז געקומען די צייט, ביז ווען ער האָט זי געבאָרגט, און ער האָט זי געשיקט דורך זיין אָדער שמעון'ס זון, קנעכט אָדער שליח, און די קי איז גע־פגרט אין וועג, דאַרף ראובן באַצאָלן; ער איז פטור צו באַצאָלן נור ווען שמעון האָט**

וְכֵן בְּשָׁעָה שֶׁמַּחֲזִירָהּ: ד הַמַּחֲלִיף פָּרָה בַּחֲמוֹר וְיָלְדָה, וְכֵן הַמּוֹכֵר שִׁפְחָתוֹ וְיָלְדָה, זֶה אוֹמֵר עַד שֶׁלֹּא מָכַרְתִּי, וְזֶה אוֹמֵר מִשֶּׁלָּקַחְתִּי, יַחֲלוֹקוּ. הָיוּ לוֹ שְׁנֵי עֲבָדִים, אֶחָד גָּדוֹל וְאֶחָד קָטָן, וְכֵן שְׁתֵּי שָׂדוֹת, אַחַת גְּדוֹלָה וְאַחַת קְטַנָּה, הַלּוֹקֵחַ אוֹמֵר גָּדוֹל לָקַחְתִּי, וְהַלָּה אוֹמֵר אֵינִי יוֹדֵעַ, זָכָה בַגָּדוֹל. הַמּוֹכֵר אוֹמֵר קָטָן מָכַרְתִּי, וְהַלָּה אוֹמֵר אֵינִי יוֹדֵעַ אֵין לוֹ אֶלָּא

**אים בפירוש געזאָגט, אז ער זאָל אים שיקן די קי דורך זיי. אויב אָבער די קי איז געפגרט נאָך דער צייט, ביז ווען ראובן האָט זי געבאָרגט, הייסט ראובן דאמאָלס ניט מער קיין שואל, א באָרגער, נאָר א שומר, א היטער, און איז פטור צו באצאָלן.**

ד. המחליף, אז איינער (ראובן) טוישט אויס א קי אויף אן אייזל (ראובן גיט אוועק שמעונען א קי און נעמט פאר איר ביי שמעונען אן אייזל), און זי (די קי) האָט געבוירן (א קאלב), און אזוי איז אויך אויב איינער (ראובן) האָט פארקויפט (צו שמעונען זיין שקלאפין, און זי (די שקלאפין) האָט געבוירן (א קינד), דער (ראובן) זאָגט: „איידער איך האָב פארקויפט (איז דאָס קאלב אָדער דאָס קינד געבוירן געוואָרן און עס געהערט צו מיר)”, און דער (שמעון) זאָגט, „נאָכדעם ווי איך האָב געקויפט (איז דאָס קאלב אָדער דאָס קינד געבוירן געוואָרן און עס געהערט צו מיר)”, זאָלן זיי זיך טיילן (מיט דעם געלט וואָס דאָס קאלב אָדער דאָס קינד, דער יינגער שקלאף, איז ווערט). **דאָס איז דערזעלביקער דין וואָס אין דער פריערדיקער משנה ב׳, אז ממון המוטל בספק יחלוקו, געלט, וועגן וועלכן עס איז א ספק זאָל מען צוטיילן צווישן די צוויי מענטשן. פארוואָס זאָגט די משנה ביי א קי „המחליף”, „אז איינער האָט אויסגעטוישט”, און ביי א שקלאפין „המוכר” „אז איינער האָט זי פארקויפט”? ווייל אויב ראובן פארקויפט א קי פאר געלט, ווערט די קי שמעון׳ס ערשט ווען שמעון האָט זי צוגענומען צו זיך, (מיט „משיכה”) און ניט פריער, אפילו שמעון האָט שוין געגעבן געלט (זע פריער פרק ד׳ משנה א׳). דעריבער קאָן דאָך ביי פארקויפן א קי ניט זיין קיין ספק ווען זי האָט געבוירן דאָס קאלב, מחמת מען קאָן דאָך זען אין וועמענס רשות די קי האָט געבוירן, צי ווען זי איז געווען ביי ראובן צי ביי שמעון. אָבער ווען מען טוישט אויס איין זאַך אויף אן אנדערער זאַך, ביי „חליפין”, איז דער דין אז ווען ראובן האָט נור צוגענומען שמעון׳ס אייזל ווערט די קי שמעון׳ס אפילו ווען די קי איז נאָך ביי ראובנען. מחמת דעם קאָן זיין דער ספק, צי די קי האָט געבוירן איידער שמעון האָט זי צוגענומען צי נאָכדעם. אָבער א שקלאפין קאָן מען קונה זיין אויך מיט געלט, (זע קידושין פרק א׳ משנה ג׳), און פון ווען שמעון האָט געגעבן ראובנען דאָס געלט איז שוין די שקלאפין געוואָרן שמעון׳ס. ממילא קאָן שוין ביי פארקויפן א שקלאפין יאָ זיין א ספק, צי זי האָט געבוירן (זייענדיק ביי ראובנען) נאָכדעם ווי ראובן האָט גענומען דאָס געלט, צי פריער.** — היו, אויב איינער (ראובן) האָט געהאט צוויי שקלאפן, איינעם א גרויסן (וועלכער איז ווערט מער געלט) און איינעם א קליינעם (וועלכער איז ווערט ווינציקער געלט), און דאָסזעלביקע איז (אויב ער האָט געהאט) צוויי פעלדער, איינס א גרויס און איינס א קליינס, (און ראובן האָט פארקויפט צו שמעונען איינעם פון די שקלאפן אָדער איינס פון די פעלדער), דער קויפער (שמעון) זאָגט: „איך האָב געקויפט דאָס גרויסע (דעם גרויסן שקלאף אָדער דאָס גרויסע פעלד), און דער דאָזיקער (ראובן, דער פארקויפער) זאָגט: „איך ווייס ניט” האָט ער (דער קויפער, שמעון) זוכה געווען דעם גרויסן. **ראובן דאַרף אים צוריק צאָלן דאָס געלט וויפיל עס איז ווערט דער שקלאף אָדער דאָס גרויסע פעלד.** המוכר, אויב (ראובן) דער פארקויפער זאָגט: „איך האָב פארקויפט דעם קליינעם (שקלאף אָדער פעלד), און דער דאָזיקער (שמעון, דער קויפער) זאָגט: „איך ווייס ניט”, קומט אים ניט מער ווי דער קליינער **ראובן גיט אים צוריק נור דאָס געלט וויפיל ס׳איז ווערט** דער קליינער שקלאף **אָדער דאָס קליינע פעלד.** זה, אויב דער (קויפער, שמעון) זאָגט,

קָטָן, זֶה אוֹמֵר גָּדוֹל, וְזֶה אוֹמֵר קָטָן, יִשָּׁבַע הַמּוֹכֵר שֶׁהַקָּטָן מָכַר, זֶה אוֹמֵר אֵינִי יוֹדֵעַ, וְזֶה אוֹמֵר אֵינִי יוֹדֵעַ, יַחֲלוֹקוּ: ה הַמּוֹכֵר זֵיתָיו לָעֵצִים וְעָשׂוּ פְּחוּת מֵרְבִיעִית לִסְאָה, הֲרֵי אֵלּוּ שֶׁל בַּעַל הַזֵּיתִים. עָשׂוּ רְבִיעִית לִסְאָה, זֶה אוֹמֵר זֵיתַי גִּדְּלוּ, וְזֶה אוֹמֵר אַרְצִי גִּדְּלָה, יַחֲלוֹקוּ. שָׁטַף נָהָר זֵיתָיו וּנְתָנָם לְתוֹךְ שְׂדֵה חֲבֵרוֹ, זֶה אוֹמֵר זֵיתַי גִּדְּלוּ, וְזֶה אוֹמֵר אַרְצִי גִּדְּלָה, יַחֲלוֹקוּ: ו הַמַּשְׂכִּיר בַּיִת לַחֲבֵרוֹ בִּימוֹת הַגְּשָׁמִים אֵינוֹ יָכוֹל לְהוֹצִיאוֹ

אז (ער האָט געקויפט) דעם גרויסן, און דער (פאַרקויפער, ראובן) זאָגט, אז דעם קליינעם, זאָל דער פאַרקויפער (ראובן) שווערן אז ער האָט פאַרקויפט דעם קליינעם. **דאָס איז דער דין, וואָס מיר האָבן געלערנט פריער פרק ד' משנה ז' אז „מודה במקצת הטענה ישבע", אז איינער איז מודה אין א טייל פון דעם וואָס דער אנדערער מאָנט בײַ אים, דאַרף ער שווערן.** — זה, אויב דער (ראובן) זאָגט: „איך ווייס ניט", און דער (שמעון) זאָגט: „איך ווייס ניט", זאָלן זיי זיך טיילן. **אזוי ווי מיר האָבן געלערנט פריער, אז** „ממון המוטל בספק חולקין". — **מיר האָבן דאָ כסדר געגעבן אז ראובן זאָל צוריקגעבן געלט וויפיל ס'איז ווערט דער גרויסער שקלאַף אָדער פעלד און וויפיל עס איז ווערט דער קליינער"**, און ניט וועגן שקלאַף און פעלד אליין, **ווייל דאָ לערנט מען דאָך וועגן שווערן,** און מיר האָבן געלערנט פריער פרק ד' משנה ט', **אז אויף פעלדער און שקלאַפן איז ניט פאַראַן קיין שבועה.** מחמת דעם זאָגט דאָ די גמרא, **אז דער סכסוך איז וועגן** „דמי גדול ודמי קטן", וועגן געלט וויפיל דער גרויסער **אָדער דער קליינער איז ווערט.**

ה. המוכר, אז איינער (ראובן, וועלכער האָט א גאָרטן מיט איילבירטן־ביימער, וועלכע זענען שוין אלט און געבן ניט גענוג איילבירטן) האָט פאַרקויפט (צו שמעון) זײַנע איילבירטן־ביימער אויף האָלץ (אָפּצוהאַקן זיי), און (איידער מען האָט אָפּגע־האַקט די ביימער) האָבן זיי ארויסגעגעבן (עשו, זענען אויף זיי געוואַקסן) איילבירטן, וועלכע זײַנען געווען אזוי שלעכט, אז פון א סאה (איילבירטן) האָט מען געקאָנט קריגן (אייל) ווינציקער פון א קוואַרטירל (רביעית, א פערטל לוג), געהערן (די איילבירטן) צום בעל הבית פון די איילבירטן־ביימער (צו שמעון). **א „סאה" איז 6 טעפּ (קבים) און אַ טאָפּ איז 4 לוגים** (קוואַרט), **און אויב פון א סאה איילבירטן קאָן מען אויסקוועטשן ווינציקער פון א פערטל קוואַרט אייל, הייסן זיי זייער שלעכטע, און ראובן, דער בעל הבית פון גאָרטן איז ניט מקפּיד דערויף און ער איז מוחל שמעונען.** עשו, אויב עס זענען געוואַקסן (איילבירטן, פון וועלכע מען קאָן ארויסנעמען אייל) א קוואַרטירל פון א סאה (איילבירטן), דער (שמעון) זאָגט: „אויף מײַנע איילבירטן־ביימער זענען גע־וואַקסן (די איילבירטן, און זיי געהערן דעריבער צו מיר)", און דער (ראובן) זאָגט: „אויף מײַן פעלד זענען זיי געוואַקסן (און זיי געהערן צו מיר") זאָלן זיי זיך צעטיילן (מיט די איילבירטן). — **די אלע הלכות** וועגן „יחלוקו". **צעטיילן זיך מיט געלט, וועגן וועלכן עס איז א ספק, לערנט די משנה צוליב דער הלכה פון „יחלוקו" פריער אין משנה ב'** וועגן **דעם סכסוך צווישן „שואל"** און „משאיל" **וואו דער דין איז אז „יחלוקו".** — שטף נהר, אויב א טײַך האָט אוועקגעריסן (שטף, דאָס וואַסער האָט פאַרפלייצט ראובנ'ס גאָרטן און ארויסגעריסן זײַנע, ראובנ'ס) איילבירטן־ביימער, און ער האָט זיי פאַרוואָרפן אין פעלד פון אן אנדערן (פון שמעון, און דאָרט איז אויף די ביימער געוואַקסן איילבירטן), דער (ראובן) זאָגט: „אויף מײַנע איילבירטן־ביימער זענען זיי געוואַקסן (און זיי זענען מײַנע)", און דער (שמעון) זאָגט: „אויף מײַן ערד זענען זיי געוואַקסן (און זענען מײַנע")", זאָלן זיי זיך צעטיילן. **אלץ צוליב דעמזעלביקן טעם, וואָס פריער אין דער משנה.**

ו. המשכיר, אז איינער (ראובן) פאַרדינגט צו אן אנדערן (צו שמעונען) א הויז

מִן הֶחָג וְעַד הַפֶּסַח. בִּימוֹת הַחַמָּה שְׁלשִׁים יוֹם. וּבַכְּרַכִּים, אֶחָד יְמוֹת הַחַמָּה וְאֶחָד יְמוֹת הַגְּשָׁמִים שְׁנֵים עָשָׂר חֹדֶשׁ. וּבַחֲנֻיּוֹת אֶחָד עֲיָרוֹת וְאֶחָד כְּרַכִּים, שְׁנֵים עָשָׂר חֹדֶשׁ. רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, חֲנוּת שֶׁל נַחְתּוֹמִים וְשֶׁל צַבָּעִים שָׁלשׁ שָׁנִים:

ז הַמַּשְׂכִּיר בַּיִת לַחֲבֵרוֹ, הַמַּשְׂכִּיר חַיָּב בְּדֶלֶת בְּנֶגֶר, וּבְמַנְעוּל, וּבְכָל דָּבָר שֶׁמַּעֲשֵׂה אוּמָן. אֲבָל דָּבָר שֶׁאֵינוֹ מַעֲשֵׂה אוּמָן הַשּׂוֹכֵר עוֹשֵׂהוּ. הַזֶּבֶל שֶׁל בַּעַל הַבַּיִת וְאֵין לַשּׂוֹכֵר אֶלָּא

(א וואוינונג, בית), איז דער דין, אז אין ווינטער (ימות הגשמים, רעגנס־צייט), קאָן ער אים ניט ארויסזעצן (פון דער וואוינונג) פון סוכות ביז פסח. **מען מיינט דאָ, אז ער האָט אים פארדינגען ניט זאָגנדיק אויף ווי לאנג, און די משנה לערנט, אז אים ווינטער קאָן ער אים ניט הייסן זיך ארויסציען פון דער וואוינונג.** בימות החמה, אים זומער (אויב ער וויל אים ארויסזעצן פון דער וואוינונג דארף ער אים אָנזאָגן פריער) מיט דרייסיק טעג. **דער טעם איז ווייל ווינטער איז שווער צו קריגן אן אנדערע וואוינונג, און אים זומער איז לייכטער. די גמרא זאָגט, אז אויב ראובן וויל, אז שמעון זאָל זיך ארויסציען אים ווינטער דארף אים זאָגן דרייסיק טעג פאר ווינטער, פאר סוכות, דאָס הייסט 15 טעג אין אלול. אין ארץ ישראל גייען רעגנס נאָר ווינטער, און אים זומער זענען קיין רעגנס ניט פאראן. דעריבער הייסט ווינטער „ימות הגשמים", די „טעג פון רעגנס", און זומער הייסט „ימות החמה", די זון־טעג.** ובכרכים, און אין גרויסע שטעט, איז סיי אים זומער און סיי אים ווינטער (דארף ער אים אָנזאָגן פריער) מיט צוועלף חדשים. **ווייל אין די גרויסע שטעט איז שטענדיק שווער צו קריגן א וואוינונג. „כרכים" איז פון „כרך", ארומגעוויקלט, ארומגערינגלט, ווייל די גרויסע שטעט זענען געוויינטליך געווען ארומגערינגלט מיט א מויער.** ובחנויות, און ביי געוועלבער, איז סיי אין קלענערע שטעט (עיירות) און סיי אין גרויסע שטעט (דארף ער אים אָנזאָגן פריער) מיט צוועלף חדשים. **ווייל א קרעמער בארגט אוועק סחורות און עס דארף נעמען א לאנגע צייט ביז ער נעמט אָפּ די חובות.** רבן שמעון בן גמליאל זאָגט, אז א געוועלב פון בעקערס און פארבערס (דארף ער אים אָנזאָגן פריער מיט) 3 יאָר. **ווייל זיי בארגן געוויינטליך אוועק אויף גאָר א לאנגער צייט. — אזוי ווי דער בעל הבית וועלכער פארדינגט, דארף אָנזאָגן פריער מיט 12 חדשים (אָדער 30 טעג) ביי וואוינונגען, און 12 חדשים ביי געוועלבער, אזוי דארף דער לאָקאַטאָר, וועלכער האָט געדינגען די וואוינונג דאָס געוועלב אָנזאָגן פריער מיט דער זעלביקער צייט דעם בעל הבית אז ער וועט זיך ארויסציען, כדי ער זאָל קאָנען געפינען א נייעם לאָקאַטאָר.**

ז. המשכיר, אז איינער (ראובן) פארדינגט א הויז (א וואונונג) צו אן אנדערן (צו שמעונען), דארף דער פארדינגער (ראובן) געבן (שמעונען) די טיר, דעם ריגל (נגר) און דעם שלאָס (מנעול) און אלע זאכן, וואָס ווערן געמאכט דורך א בעל־מלאכה (אומן); אָבער א זאך, וואָס ווערט ניט געמאכט דורך א בעל מלאכה (נאָר יעדער מענטש מאכט עס פאר זיך), דארף דער דינגער (שמעון) מאכן. **מחמת דאָס וואָס יעדער מאכט פאר זיך נעמט מען אָן, אז דאָס געהערט צו דעם וועלכער דינגט די וואוינונג.** הזבל, דאָס מיסט (וואָס זאמלט זיך אָן אין הויף) געהערט צום בעל הבית (צו ראובנען); און צום דינגער (צו שמעונען) געהערט נור (דאָס אש) וואָס עס גייט ארויס (זאמלט זיך אָן אין) אויוון און פון דער קיך אליין. **די אמאָליקע אויוונס און קיכן זענען געשטאנען אין הויף, און טיילמאָל באקן דאָרט און קאָכן אויך שכנים פון אנדערע הייזער. לערנט די משנה, אז דאָס מיסט, וואָס האָט זיך אָנגעזאמלט פון פרעמדע בהמות, וואָס זענען אריינגעקומען אין הויף, געהערט צו ראובנען, ווייל עס איז זיין הויף און ער האָט עס זוכה געווען פון הפקר; אָבער דער אויוון און די קיך איז פארדינגען צו שמעונען, דעריבער אפילו ווען פרעמדע האָבן דאָרט געבאקן און געקאָכט, געהערט דאָס אש צו שמעונען.**

הַיּוֹצֵא מִן הַתַּנּוּר וּמִן הַכִּירַיִם בִּלְבָד:
ח הַמַּשְׂכִּיר בַּיִת לַחֲבֵרוֹ לַשָּׁנָה, נִתְעַבְּרָה הַשָּׁנָה נִתְעַבְּרָה לַשּׂוֹכֵר. הִשְׂכִּיר לוֹ לֶחֳדָשִׁים נִתְעַבְּרָה הַשָּׁנָה, נִתְעַבְּרָה לַמַּשְׂכִּיר. מַעֲשֶׂה בְּצִפּוֹרִי בְּאֶחָד שֶׁשָּׂכַר מֶרְחָץ מֵחֲבֵרוֹ בִּשְׁנֵים עָשָׂר זָהָב לַשָּׁנָה, מִדִּינָר זָהָב לַחֹדֶשׁ, וּבָא מַעֲשֶׂה לִפְנֵי רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל וְלִפְנֵי רַבִּי יוֹסֵי, וְאָמְרוּ יַחֲלוֹקוּ אֶת חֹדֶשׁ הָעִבּוּר:
ט הַמַּשְׂכִּיר בַּיִת לַחֲבֵרוֹ וְנָפַל, חַיָּב לְהַעֲמִיד לוֹ בַּיִת. הָיָה קָטָן לֹא יַעֲשֶׂנּוּ גָדוֹל, גָּדוֹל לֹא יַעֲשֶׂנּוּ קָטָן. אֶחָד לֹא יַעֲשֶׂנּוּ שְׁנַיִם, שְׁנַיִם לֹא יַעֲשֶׂנּוּ אֶחָד. לֹא יִפְחוֹת מֵהַחַלּוֹנוֹת, וְלֹא יוֹסִיף עֲלֵיהֶן אֶלָּא מִדַּעַת שְׁנֵיהֶם:

ח. המשכיר, אז איינער (ראובן) פארדינגט א הויז צו אן אנדערן (צו שמעון) אויף א יאָר, אויב דאָס יאָר איז געוואָרן א עיבור־יאָר (נתעברה, עס איז צוגעקומען א 13טער חודש, ואדר), איז עס געוואָרן א עיבור־יאָר פאר דעם דינגער (פאר שמעון). **און שמעון וואוינט אין דעם הויז 13 חדשים. אין דער צייט פון דער משנה איז ניט געווען, ווי מיר האָבן היינט, א פעסטגעשטעלטער לוח, לויט וועלכן מען האָט געוואוסט פריער צי דאָס יאָר וועט זיין א עיבור־יאָר; נאָר דאָס העכסטע בית־דין פלעגט מאכן עיבור־יאָרן. די משנה לערנט, אז פונדעסטוועגן קאָן שמעון וואוינען דאָס גאנצע יאָר צוזאמען מיטן עיבור־חודש.** השכיר, לו, אויב ער (ראובן) האָט אים (שמעונען) פארדינגען אויף חדשים (שמעון דארף צאָלן ראובנען פאר יעדן חודש באזונדער), אויב עס איז געוואָרן א עיבור־יאָר, געהערט דער עיבור־חודש (דער צווייטער אָדר־חודש) צום פארדינגער (צו ראובנען). **און שמעון דארף צאָלן ראובנען באזונדער פאר דעם עיבור חודש, און ניט פאר 12 חדשים פון יאָר און וואוינען 13 חדשים.** מעשה, עס איז געווען א מעשה אין (דער שטאָט ציפורי מיט איינעם, וועלכער האָט געדינגען פון אן אנדערן א באָד (א מרחץ) פאר צוועלף גאָלד־דינר פאר א יאָר, פאר איין גאָלד־דינר פאר יעדן חודש (און דאָס יאָר איז געוואָרן א עיבור־יאָר), און די מעשה (די דין תורה) איז געקומען פאר ר׳ שמעון בן גמליאל און פאר ר׳ יוסי, און זיי האָבן געזאָגט, אז מען זאָל צעטיילן דעם עיבור־חודש (דער דינגער זאָל באצאָלן דעם פארדינגער נאָר א העלפט פאר דעם עיבור־חודש). **דער טעם איז, ווייל דאָ איז געזאָגט געוואָרן ביים דינגען צוויי לשונות, און לויט דעם ערשטן לשון „צוועלף גאָלד־דינר פאר א יאָר״ קומט אויס, אז דער דינגער דארף ניט צאָלן פאר דעם עיבור־חודש, און לויט דעם צווייטן לשון „א גאָלד־דינר פאר יעדן חודש״ קומט אויס, אז דער דינגער דארף יאָ צאלן פאר דעם עיבור־חודש,** און דעריבער **צעטיילט מען דאָס געלט פאר דעם חודש צווישןביידע.**

ט. המשכיר, אז איינער (ראובן) פארדינגט א הויז צו אן אנדערן (צו שמעונען), און דאָס (הויז) איז איינגעפאלן (אין מיטן דער צייט ווען שמעון דארף נאָך וואוינען אין הויז), דארף ער (ראובן) צושטעלן אים (שמעונען) א הויז. **ער קאָן אים ניט זאָגן, אז דאָס איז זיין, שמעון׳ס, שלעכטער מזל געווען.** היה, אויב דאָס (געדינגענע הויז) איז געווען קליין, זאָל ער (ראובן) ניט מאכן עס (ביים צוריק אויפבויען עס) גרויס; (אויב עס איז געווען) גרויס זאָל ער עס ניט מאכן קליין. **אויב שמעון איז ניט מסכים, אז ראובן זאָל ענדערן די גרויס פון הויז, קאָן ראובן עס ניט ענדערן.** אחד, אויב עס איז געווען איין (הויז), זאָל ער ניט מאכן (אנשטאט דעם) צוויי (הייזער), אויב עס איז געווען צוויי (הייזער) זאָל ער ניט מאכן איינס; ער זאָל ניט מאכן ווינציקער פענסטער, און זאָל ניט מאכן מער (פענסטער פון דער צאָל וואָס איז געווען פריער), סיידן מיט דעם ווילן (מיט דער צושטימונג) פון ביידע (עס מוז זיין אויך די צושטימונג פון דינגער). **די גמרא זאָגט, אז דאָס איז נור ווען ער ווייזט אים א הויז און זאָגט אים אז „אזא שטייגער ווי דאָס הויז פארדינג איך דיר א הויז״; אָבער אויב ער זאָגט אים**

# פרק ט.

**א** הַמְקַבֵּל שָׂדֶה מֵחֲבֵרוֹ, מְקוֹם שֶׁנָּהֲגוּ לִקְצוֹר יִקְצוֹר, לַעֲקוֹר יַעֲקוֹר, לַחֲרוֹשׁ אַחֲרָיו יַחֲרוֹשׁ. הַכֹּל כְּמִנְהַג הַמְּדִינָה. כְּשֵׁם שֶׁחוֹלְקִין בַּתְּבוּאָה כַּךְ חוֹלְקִין בַּתֶּבֶן וּבַקַּשׁ. כְּשֵׁם שֶׁחוֹלְקִין בַּיַּיִן כַּךְ חוֹלְקִין בַּזְּמוֹרוֹת

**,,דאָס הויז פארדינג איך דיר״, איז דער דין, אז אויב עס איז איינגעפאלן דארף ער אים ניט אויפשטעלן א הויז.**

## פרק ט.

א. המקבל, אז איינער (ראובן) נעמט (דינגט אָדער נעמט אין ארענדע) א פעלד פון אן אנדערן (פון שמעון), אין אַן ארט, וואו מען איז זיך נוהג צו שניידן די תבואה זאָל ער שניידן, און (וואו מען איז זיך נוהג ניט צו שניידן די תבואה נאָר) אויסצו־רייסן (מיט דעם וואָרצל די זאנגן), זאָל ער אויסרייסן. וואו עס איז דער מנהג נאָכן אראָפּנעמען די תבואה) צו פאראקערן (דאָס פעלד) זאָל ער פאראקערן, אלץ איז לויט דעם מנהג פון לאנד. **מען קאָן דינגען א צווייטנס א פעלד אויף צוויי אופנים. איינער הייסט ,,אריסות״, דאָס הייסט, אז דער דינגער, דער ,,אריס״, צאָלט דעם בעל־הבית פון פעלד אַ דריטל צי אַ פערטל פון דער תבואה וואָס דאָס פעלד גיט ארויס. דער צווייטער אופן הייסט ,,חכירות״, און דער דינגער, דער חוכר, גיט דעם בעל הבית אַ געוויסע צאָל קערץ תבואה אַ יאָר, למשל 100 קערץ תבואה. די משנה לערנט, אז ניט דער אריס צי דער חוכר קאָן ענדערן דעם מנהג פון אָרט, און ניט דער בעל הבית קאָן ענדערן דעם מנהג פון אָרט. כדי צו ענדערן מוז זיין דערויף די הסכמה פון ביידע. למשל, תבואה, ווייץ צי גערשטן צי אנדערע תבואה קאָן מען אָפּשניידן און א טייל פון די זאנגן־שטרוי בלייבן באהאַפטן צו דער ערד, און מען קאָן די תבואה ארויסרייסן די זאנגן מיטן וואָרצל. אויב דער מנהג איז צו שניידן, און דער בעל הבית פארלאנגט אז מען זאָל ענדערן דעם מנהג און מען זאָל אויסרייסן, קאָן דער דינגער זאָגן אז ער וויל ניט, ווייל אויסרייסן איז א שווערערע ארבייט; און אויב דער דינגער וויל ענדערן דעם מנהג און אויסרייסן, קאָן דער בעל הבית זאָגן אז ער וויל ניט, ווייל ביים שניידן בלייבן צום פעלד באהאַפטן שטיקלעך שטרוי און דאָס העלפט צו באמיסטיקן דאָס פעלד און צו מאכן עס בעסער. אויך ווען דער מנהג איז אויסצורייסן, און דער דינגער וויל אפשניידן, קאָן דער בעל הבית ניט מסכים זיין טענה׳נדיק, אז דורך דעם אויסרייסן ווערט זיין פעלד ריינער; און אויב דער בעל הבית וויל, אז מען זאָל אָפּשניידן, קאָן דער דינגער ניט מסכים זיין מיט דער טענה, אז ער באדארף מער שטרוי פאר זיינע בהמות. די גמרא זאָגט, אז מיט ,,אקערן נאָכן אראָפּנעמען די תבואה״ מיינט מען, אז אפילו מ׳האָט פריער אויס־געריסן די שלעכטע גראָזן, קאָן פונדעסטוועגן יעדער פון די צדדים סיי דער בעל הבית און סיי דער דינגער, פארלאנגען אז מען זאָל פאראקערן דערנאָך דאָס פעלד.** כשם, אזוי ווי זיי (דער בעל הבית און דער דינגער) טיילן זיך מיט דער תבואה, אזוי טיילן זיי זיך מיט דעם (אָפּגעשניטענעם) שטרוי (תבן) און מיט דעם (צו דער ערד באהאפטענעם) שטרוי (קש). **,,תבן״ הייסט דאָס שטרוי וואָס מען שניידט אָפּ מיט די תבואה־קערנדלעך, און ,,קש״ הייסט דאָס שטרוי וואָס בלייבט באהאַפטן צו דער ערד ביים שניידן די תבואה, און מען נעמט עס אראָפּ שפּעטער.** כשם שחולקין ביין, (ווען דער דינגער דינגט א וויינגאָרטן פון בעל הבית צו טיילן זיך מיט די פּרוכטן) אזוי ווי זיי טיילן זיך מיטן (יין), אזוי דארפן זיי זיך טיילן מיט די (אָפּגעשני־טענע) צווייגלעך און מיט די שטעקעלעך, און ביידע (דער בעל הבית און דער דינ־גער) דארפן צושטעלן די שטעקעלעך **דער וויינשטאָק, דער בוים, אויף וועלכן עס וואקסן די וויינטרויבן איז אייגנטליך א לאנגער, דינער צווייג, און ער קאָן זיך ניט האלטן, נאָר מען שטעקט אריין אין דער ערד שטעקעלעך** (קנים) **און מען פאר־ציט אויף זיי דעם צווייג. זאָגט די משנה אז די שטעקעלעך געהערן צו ביידע נאָכדעם**

וּבְקָנִים. וּשְׁנֵיהֶם מְסַפְּקִין אֶת הַקָּנִים: **ב** הַמְקַבֵּל שָׂדֶה מֵחֲבֵרוֹ, וְהִיא בֵּית הַשְּׁלָחִין, אוֹ בֵּית הָאִילָן, יָבֵשׁ הַמַּעְיָן, וְנִקְצַץ הָאִילָן, אֵינוֹ מְנַכֶּה לוֹ מִן חֲכוֹרוֹ. אִם אָמַר לוֹ חֲכוֹר לִי שְׂדֵה בֵּית הַשְּׁלָחִין זֶה, אוֹ שְׂדֵה בֵּית הָאִילָן זֶה, יָבֵשׁ הַמַּעְיָן וְנִקְצַץ הָאִילָן, מְנַכֶּה לוֹ מִן חֲכוֹרוֹ: **ג** הַמְקַבֵּל שָׂדֶה מֵחֲבֵרוֹ וְהוֹבִירָהּ, שָׁמִין אוֹתָהּ כַּמָּה רְאוּיָה לַעֲשׂוֹת וְנוֹתֵן לוֹ, שֶׁכָּךְ כּוֹתֵב לוֹ, אִם

**ווי דער דינגער גייט אוועק פון ווייגאָרטן. די גמרא טייטשט די משנה. אז די לעצטע ווערטער („ושניהם מספקין את הקנים“, „אוןביידע דארפן צושטעלן די שטעקעלעך“) איז א טעם צום דין פון דער משנה, דאָס הייסט, אז דאריבער טיילן זיי זיך מיט די שטעקעלעך, ווייל פריער, ווען דער דינגער נעמט איבער דעם ווייגאָרטן, דארפן ביידע געבן די שטעקעלעך, און ממילא געהערן זיי צו זיי ביידן. טייל טייטשן דאָ „יין“, „וויינטרויבן“.**

ב. המקבל, אז איינער (ראובן) נעמט (דינגט) א פעלד פון אן אנדערן (פון שמעון), און דאָס (פעלד) איז א פעלד מיט באוואסערונג (בית השלחין, עס איז ניט גענוג פאר דעם פעלד דאָס רעגן־וואסער נאָר עס האָט א קוואל, און מען מוז באוואסערן דאָס פעלד מיט דעם וואסער פון קוואל), אָדער עס איז (אין דעם פעלד פאראַן) א (פרוכטן)־בוים, (איז דער דין אז) אויב דער קוואל איז געוואָרן אויסגעטריקנט (און האָט ניט קיין וואסער) אָדער דער בוים איז געוואָרן אָפּגעהאקט, קאָן ער (ראובן) ניט אראָפּרעכנען (פארקלענערן) אים (שמעונען) פון זיין שכירות (חכירו; דעם אָפּצאָל פארן דינגען). **אויב ער האָט אָפּגערעדט מיט אים צו צאָלן למשל 50 קערץ תבואה א יאָר שכירות, קאָן ער אים ניט זאָגן אז ער צאָלט אים ווינציקער, ווייל ער האָט ניט דאָס וואסער און ער געניסט ניט פון די פרוכטן פון בוים. דער טעם איז, ווייל ביים דינגען האָט ער ניט ארויסגערעדט בפירוש אז ער דינגט ביי אים א קינסטליך־באוואסערט פעלד אָדער א פעלד מיט א בוים, נאָר סתם „שדה“, א פעלד. וועגן „בית“ השלחין“ זע אין פירוש צו מועד קטן פרק א׳ משנה א׳.** אם אָמר לו, אויב (ביים דינגען) האָט ער (ראובן) געזאָגט צו אים (צו שמעון): „פארדינג מיר דאָס דאָזיקע קינסטלעך־באוואסערטע פעלד“, אָדער „דאָס דאָזיקע פעלד מיט דעם בוים“, (איז דער דין אז) אויב דער קוואל איז געוואָרן אויסגעטריקנט אָדער דער בוים איז געוואָרן אָפּגעהאקט, קאָן ער (ראובן) אים אראָפּרעכנען פון זיין שכירות. **ווייל ער האָט דאָך דאמיט געוויזן, אז ער דינגט עס צוליב דעם קוואל און צוליב דעם בוים.**

ג. המקבל, אז איינער (ראובן) האָט געדינגען ביי אן אנדערן (פון שמעון) א פעלד (צו צאָלן א העלפט צי א דריטל צי א פערטל פון דער תבואה וואָס מען וועט אראָפּנעמען) און ער (ראובן) האָט דאָס (פעלד) ניט באארבייט (הובירה, ער האָט עס געלאָזט שטיין ליידיק, ניט פארזייט), שאצט מען אָפּ דאָס (פעלד) וויפיל עס וואָלט געווען געמאכט (וויפיל תבואה עס וואָלט געווען ארויסגעגעבן ווען מען וואָלט עס יאָ פארזייט), און ער (ראובן) דארף אים (שמעונען) געבן (א העלפט צי א דריטל צי א פערטל דערפון, לויט דעם אָפּמאך), ווארום אזוי שרייבט ער אים (אזוי איז דער מנהג צו שרייבן אין א פעלד־דינגען־אָפּמאך): „אויב איך וועל עס לאָזן שטיין ליידיג און איך וועל עס ניט באארבייטן, זאָל איך באצאָלן מיט דעם בעסטן“. **און אפילו ווען ראובן האָט אין זיין אָפּמאך מיט שמעונען ניט אריינגעשריבן די דאָזיקע ווערטער, איז דער דין אזוי ווי ער וואָלט יאָ געווען געשריבן. „הובירה“, „אוביר“ איז פון „בור“, לאָזן שטיין א פעלד ליידיק, ניט באארבייט. מיט „במיטבא“, „מיט דעם בעסטן“, מיינט מען, אז ער דארף באצאָלן וויפיל דאָס פעלד וואָלט ארויסגעגעבן תבואה ווען עס זאָל זיין פארזייט גוט, ווי עס דארף צו זיין. די ווערטער „אוביר“, „אעביד“, „במיטבא“ זיינען אין אראמעאיש, ווייל די אָפּמאכן זיינען געווען**

אוֹבִיר וְלֹא אַעֲבִיד אֲשַׁלֵּם בְּמֵיטְבָא: ד הַמְקַבֵּל שָׂדֶה מֵחֲבֵרוֹ וְלֹא רָצָה לְנַכֵּשׁ, וְאָמַר לוֹ מָה אִכְפַּת לָךְ? הוֹאִיל וַאֲנִי נוֹתֵן לְךָ חֲכוֹרָה, אֵין שׁוֹמְעִין לוֹ, מִפְּנֵי שֶׁיָּכוֹל לוֹמַר לוֹ, לְמָחָר אַתָּה יוֹצֵא מִמֶּנָּה וּמַעֲלָה לְפָנַי עֲשָׂבִים: ה הַמְקַבֵּל שָׂדֶה מֵחֲבֵרוֹ, וְלֹא עָשְׂתָה, אִם יֶשׁ בָּהּ כְּדֵי לְהַעֲמִיד כְּרִי חַיָּב לְטַפֵּל בָּהּ. אָמַר רַבִּי יְהוּדָה מַה קִּצְבָה בִּכְרִי? אֶלָּא אִם יֶשׁ בָּהּ כְּדֵי נְפִילָה: ו הַמְקַבֵּל שָׂדֶה מֵחֲבֵרוֹ וַאֲכָלָהּ חָגָב אוֹ נִשְׁדְּפָה,

**געשריבן אין אראמעאיש, אין דער שפראך, וועלכע די יידן האָבן אין דער צייט פון דער משנה גערעדט אין ארץ ישראל.**

ד. המקבל, אז איינער (ראובן) האָט געדינגן א פעלד פון אן אנדערן (פון שמעו־נען, צו באצאָלן אים פעסטע שכירות א יאָר, למשל הונדערט גילדן צי צען קערץ תבואה) און ער (ראובן) האָט ניט געוואָלט אויסרייסן די גראָזן (פון פעלד, „לנכש", אויסרייסן די גראָז, און צוליב דעם ניט אויסרייסן וואקסט ווינציקער תבואה), און ער (ראובן) זאָגט צו אים (צו שמעונען): „וואָס אַרט עס דיך (וואָס איך רייס ניט אויס די גראָזן און עס וואקסט ווינציקער תבואה)? סטייטש איך גיב דאָך דיר סיי ווי דיינע שכירות!", הערט מען אים ניט (נאָר שמעון קאָן צווינגען ראובנען יאָ אויסצו־רייסן די גראָזן), ווייל ער (שמעון) קאָן זאָגן צו אים (צו ראובנען): „צומאָרגנס וועסטו אוועקגיין פון דעם (פעלד, און איך וועל עס צוריק איבערנעמען) און עס וועט מיר ארויסגעבן (שלעכטע) גראָזן. **די גמרא זאָגט, אז אפילו ווען ראובן זאָגט, אז ער וועט פאראקערן דאָס פעלד צום לעצט, פארן אוועקגיין, הערט מען אים אויך ניט, נאָר ער מוז יעדעס יאָר אויסרייסן די גראָזן.**

ה. המקבל, אז איינער (ראובן) האָט געדינגן א פעלד פון אן אנדערן (פון שמעונען); (צו געבן אים א העלפט צי א דריטל צי א פערטל פון דער תבואה וואָס מען וועט אראָפנעמען), און דאָס (פעלד) האָט ניט ארויסגעגעבן (ווען די תבואה איז געוואקסן האָט מען געזען, אז זי וואקסט ניט גענוג, און ראובן וויל ניט מער ארבייטן אין פעלד, ווייל עס לוינט זיך אים ניט, אָבער שמעון טענה'ט, אז ראובן זאָל יאָ ארבייטן, כדי ער שמעון זאָל קאָנען באקומען זיין חלק תבואה), אויב עס וועט זיין (תבואה) אין דעם (פעלד) וויפיל מען קאָן מאכן א תבואה־בערגל (כרי) דארף ער (ראובן) זיך פארנעמען דאמיט. **עס ווערט אָנגענומען, אז דער שיעור פון „להעמיד כרי", צו מאכן א תבואה־בערגל איז לערך צוויי סאה (12 טעפּ). אויב מען שאצט אָפּ, אז ווען מען וועט דאָס פעלד ווייטער באארבייטן וועט מען אראָפּנעמען לערך 2 סאה תבואה, קאָן שמעון צווינגען ראובנען צו באארבייטן דאָס פעלד.** אָמר, האָט ר' יהודה געזאָגט: וואָס פאר א שיעור איז פאראן אין א תבואה־בערגל (אין א כרי, צי קאָן מען זאָגן, אז סיי ביי א קליין שטיקל פעלד און סיי ביי א גרויס פעלד איז גענוג א כרי)? נאָר (דער שיעור איז) אויב עס וועט זיין אין דעם (פעלד תבואה) וויפיל מען האָט פארזייט. „כדי נפילה", „וויפיל עס פאלט", „וויפיל מען ווארפט", מיינט, וויפיל מען האָט פארזייט. **אויב למשל דער וואָס האָט געדינגען, ראובן, האָט פארזייט אין פעלד איין סאה, און מען זעט אז ווען מען וועט אפשניידן די תבואה וועט מען אראָפּנעמען לפחות איין סאה, קאָן שמעון צווינגען ראובנען צו באארבייטן דאָס פעלד. וועגן „כדי נפילה" זע אין פירוש צו מסכתא פאה פרק ה' משנה א'.**

ו. המקבל, אז איינער (ראובן) דינגט א פעלד פון אן אנדערן (פון שמעונען, צו צאָלן אים שכירות, למשל הונדערט גילדן צי צען קערץ תבואה א יאָר), און עס האָט דאָס (פעלד מיט תבואה) אויפגעגעסן א היישעריק אָדער עס איז אויסגעקלאפט גע־וואָרן (נשדפה, א ווינט האָט אויסגעקלאפט די קערנדלעך פון די זאנגן), איז אויב דאָס איז אן אומגליק פון לאנד (מכת מדינה, דער היישעריק און דער ווינט האָבן

אִם מַכַּת מְדִינָה הִיא, מְנַכֶּה לוֹ מִן חֲכוּרוֹ. אִם אֵינוֹ מַכַּת מְדִינָה, אֵין מְנַכֶּה לוֹ מִן חֲכוּרוֹ. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, אִם קִבְּלָהּ הֵימֶנּוּ בְמָעוֹת, בֵּין כָּךְ וּבֵין כָּךְ אֵינוֹ מְנַכֶּה לוֹ מֵחֲכוּרוֹ: ז הַמְקַבֵּל שָׂדֶה מֵחֲבֵרוֹ בַּעֲשָׂרָה כּוֹר חִטִּים לַשָּׁנָה, לָקְתָה נוֹתֵן לוֹ מִתּוֹכָהּ. הָיוּ חִטֶּיהָ יָפוֹת לֹא יֹאמַר לוֹ הֲרֵינִי לוֹקֵחַ לְךָ מִן הַשּׁוּק, אֶלָּא נוֹתֵן לוֹ מִתּוֹכָהּ: ח הַמְקַבֵּל שָׂדֶה מֵחֲבֵרוֹ לְזָרְעָהּ שְׂעוֹרִים לֹא יִזְרָעֶנָּה חִטִּים. חִטִּים יִזְרָעֶנָּה שְׂעוֹרִים. רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹסֵר. תְּבוּאָה לֹא יִזְרָעֶנָּה קִטְנִית. קִטְנִית יִזְרָעֶנָּה תְּבוּאָה.

אָנגעטאָן דעם שאָדן אויך אין ס׳רוב פעלדער פון דער געגענט), קאָן ראובן איס (שמעונען) אראָפּרעכנען פון זיין שכירות. **אויב למשל דער היישעריק און דער ווינט האָבן קאליע געמאכט א העלפט תבואה, קאָן ראובן געבן שמעונען נור א העלפט פון דער שכירות. טייל טייטשן „נשדפה״, פארברענט געוואָרן דורך דער זון.** אם אינו, אויב עס איז ניט קיין אומגליק פון לאנד (און נור אין דאָזיקן און אין טייל אנדערע פעלדער איז עס געשען) קאָן ער איס ניט אראָפּרעכנען פון זיין שכירות. **ווייל שמעון קאָן זאָגן צו ראובן: „דיין שלעכטע מזל האָט עס גורם געווען״ (מזלך גרם).** ר׳ יהודה זאָגט, אז אויב ער האָט עס געדינגען ביי איס פאר געלט (צו צאָלן איס שכירות מיט געלט, ניט מיט תבואה), קאָן ער איס סיי אזוי (סיי ווען עס איז א מכת מדינה) און סיי אזוי (ווען עס איז ניט קיין מכת מדינה) ניט אראָפּרעכענען פון זיין שכירות. **ווייל דערמיט, וואָס זיי האָבן אפּגעמאכט צו צאָלן די שכירות מיט געלט און ניט מיט תבואה, האָט שמעון געוויזן, אז איס דארף ניט אָנגיין צי דאָס פעלד וועט ארויס־געבן תבואה צי ניט.**

ז. המקבל, אז איינער (ראובן) דינגט א פעלד ביי אן אנדערן (ביי שמעונען) פאר צען כור ווייץ א יאָר (א כור איז דרייסיק סאה), איז אויב עס (דאָס פעלד, די תבואה פון דאָזיקן פעלד) איז ניט גוט געוואקסן (עס איז ארויסגעקומען שלעכטע ווייץ), קאָן ער (ראובן) איס (שמעונען) געבן פון דעם (דאָזיקן פעלד). **ער דארף ניט קויפן גוטע ווייץ אין מארק און איס געבן. מחמת מען נעמט אָן, אז ווייל דער אָפּ־מאך איז אויף ווייץ, האָט מען געמיינט די ווייץ פון דאָזיקן פעלד.** היו, אויב זיין (דעם פעלד׳ס) ווייץ זענען געווען גוטע (יפות, שיינע, גוטע) קאָן ער (ראובן) ניט זאָגן צו איס (צו שמעונען): „איך וועל דיר קויפן (געוויינטליכע) ווייץ פון מארק (און דיר געבען)״, נאָר ער זאָל איס געבן (די גוטע ווייץ) פון דעם (דאָזיקן פעלד). **אויך דאָ איז דערזעלביקער טעם, ווייל מען האָט געמיינט די ווייץ פון דאָזיקן פעלד.**

ח. המקבל, אז איינער האָט געדינגען ביי אן אנדערן א פעלד צו פארזייען עס מיט גערשטן, זאָל ער עס ניט פארזייען מיט ווייץ, (אויב ער האָט עס געדינגען צו פארזייען) מיט ווייץ, קאָן ער עס פארזייען מיט גערשטן. **מחמת ווייץ ציט ארויס מער זאפט פון פעלד, און עס מאכט דאָס פעלד מאָגערער, און גערשטן מאכט עס ניט אזוי מאָגער. דאריבער אז דער אָפּמאך איז אויף גערשטן האָט דער בעל הבית פון פעלד גע־מיינט, אז דוקא גערשטן; אָבער ווען דער אָפּמאך איז אויף ווייץ, האָט דער בעל הבית זיכער מסכים געווען אויך אויף גערשטן.** ר׳ שמעון בן גמליאל אסרט. **ער זאָגט אז אויך ווען דער אָפּמאך איז צו פארזייען ווייץ, טאָר דער דינגער ניט פארזייען גערשטן, ווייל עס קאָן זיין אז מיט א יאָר צוריק האָט דער בעל הבית פארזייט אין פעלד ווייץ, און ווען מען וועט זייען דאָס היינטיקע יאָר גערשטן, וועט עס קאליע מאכן דאָס פעלד, ווייל דאָס ענדערן די מינים תבואה א יאָר נאָך א יאָר מאכט קאליע דאָס פעלד:** תבואה, (אויב ער האָט געדינגען דאָס פעלד צו פארזייען עס מיט) תבואה, זאָל ער עס ניט פארזייען קטנית (מיט ארבעס, באָבעס), אויב (ער האָט עס געדינגען צו פארזייען מיט) קטניות, מעג ער עס פארזייען מיט תבואה. **„תבואה״ הייסן ווייץ,**

(נ״א בְּהֵיפֶךְ) רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר: **ט** הַמְקַבֵּל שָׂדֶה מֵחֲבֵרוֹ לְשָׁנִים מוּעָטוֹת לֹא יִזְרָעֶנָּה פִּשְׁתָּן וְאֵין לוֹ בְּקוֹרַת שִׁקְמָה. קִבְּלָהּ הֵימֶנּוּ לְשֶׁבַע שָׁנִים, שָׁנָה רִאשׁוֹנָה יִזְרָעֶנָּה פִּשְׁתָּן, וְיֵשׁ לוֹ בְּקוֹרַת שִׁקְמָה:

**י** הַמְקַבֵּל שָׂדֶה מֵחֲבֵרוֹ לְשָׁבוּעַ אַחַת בְּשֶׁבַע מֵאוֹת זוּז, הַשְּׁבִיעִית מִן הַמִּנְיָן. קִבְּלָהּ הֵימֶנּוּ שֶׁבַע שָׁנִים בְּשֶׁבַע מֵאוֹת זוּז, אֵין הַשְּׁבִיעִית מִן הַמִּנְיָן: **יא** שְׂכִיר יוֹם גּוֹבֶה כָּל הַלַּיְלָה. שְׂכִיר לַיְלָה גּוֹבֶה כָּל הַיּוֹם. שְׂכִיר

**גערשטן, קאָרן, האָבער און ארקיש; קטניות הייסן שויטן־פרוכטן, ווי ארבעס, בעב־לאָך. זאָגט די משנה, אז קטניות שוואַכט אָפּ דאָס פעלד מער פון תבואה, אין טייל גירסאות איז פאַראַן פאַרקערט, מחמת לויט דער דאָזיקער מיינונג שוואַכט תבואה אָפּ דאָס פעלד מער פון קטניות.** ר׳ שמעון בן גמליאל אסרט. **אויך דאָ איז דערזעל־ביקער טעם וואָס פריער, ווייל דאָס ענדערן יעדעס יאָר דעם מין זריעה שאַדט דעם פעלד.**

ט. המקבל, אז איינער דינגט ביי אַן אנדערן א פעלד אויף א קליינע צאָל יאָר (לשנים מועטות) טאָר ער עס ניט פאַרזייען מיט פלאַקס. **ווייל פלאַקס שוואַכט אָפּ דאָס פעלד און זיינע וואָרצלען בלייבן אין דער ערד 7 יאָר.** ואין לו, און ער (דער וואָס דינגט דאָס פעלד אויף ווינציקער פון זיבן יאָר) האָט ניט (קאָן ניט נעמען) די קלעצער פון סיקאַמאָר־ביימער (קורת שקמה). **פון סיקאַמאָר־בוים קאָן מען אויסשניידן שטיקער אויף קלעצער, און אין פאַרלויף פון 7 יאָר וואַקסט עס צוריק. דעריבער, ווייל ער האָט געדינגען דאָס פעלד** (מיט דעם סיקאַמאָר־בוים) **אויף ווינציקער פון 7 יאָר, קאָן ער ניט אויסשניידן די קלעצער פון בוים.** קבלה, אויב ער האָט עס (דאָס פעלד) געדינגען אויף זיבן יאָר, מעג ער דאָס ערשטע יאָר פאַרזייען מיט פלאַקס, און ער האָט (ער מעג אויסשניידן) די קלעצער פון סיקאַמאָר־בוים. **מחמת נאָך די 7 יאָר וועט ער דאָך אים צוריקגעבן א פעלד וואָס איז ריין פון די פלאַקס־וואָרצלען, און א סיקאַמאָר־בוים, וואָס איז שוין צוריק גאַנץ. לויט אַן אנדערן פירוש מעג ער אויסשניידן די סיקאַמאָר־קלעצער ערשט אין זייער 7טן יאָר.**

י. המקבל, אז איינער (ראובן) דינגט פון אַן אנדערן (פון שמעון) א פעלד אויף א יאָר־זיבן (שבוע) פאַר זיבן הונדערט גילדן, איז דאָס שמיטה־יאָר (וואָס איז פאַ־ראַן אין די זיבן יאָר און אין וועלכן מען טאָרניט באַארבייטן דאָס פעלד) אריינ־גערעכנט אין צאָל. **מחמת עס הייסט אז ראובן האָט געדינגען דאָס פעלד אויף דעם דאָ־זיקן יאָר־זיבן, אויף דעם דאָזיקן, „שבוע״, און אין דאָזיקן יאָר־זיבן איז פאַראַן אויך א שמיטה־יאָר.** קבלה, אויב ער (ראובן) האָט עס געדינגען פון אים (פון שמעונען) אויף זיבן יאָר פאַר זיבן הונדערט גילדן, איז דאָס שמיטה־יאָר ניט אריינגערעכנט אין צאָל. **מחמת ער האָט געמיינט 7 יאָרן, אין וועלכע מען מעג באַארבייטן דאָס פעלד.**

יא. שכיר, א טאָג־אַרבייטער (שכיר־יום, אַן ארבייטער, וואָס מען דינגט צו ארבייטן איין טאָג, בייטאָג) נעמט אָפּ (זיין ארבייטס־לוין) א גאַנצע נאַכט. **די תורה אין ויקרא י״ט זאָגט אַן דעם בעל הבית וועלכער דינגט אַן ארבייטער צו דער ארבייט „לא תלין פעולת שכיר אתך עד בוקר״, „דו זאָלסט ניט לאָזן איבערנעכטיקן מיט דיר דעם ארבייטס־לוין פון דעם געדונגענעם ארבייטער ביז אין דער פרי״. אין דברים כ״ד ווערט וועגן דעם אָנגעזאָגט „וביומו תתן שכרו״, „און אין זיין טאָג זאָלסטו אים געבן זיין ארבייטס־לוין״.** לערנט די משנה, אז אויב א בעל הבית דינגט אַן ארביי־**טער צו ארבייטן ביי אים א טאָג, קאָן ער אים באַצאָלן זיין ארבייטס־לוין א גאַנצע נאַכט נאָך דעם ארבייטס־טאָג; אויב דער בעל הבית וואַרט ביז צומאָרגנס אין דער פרי מיטן צאָלן איז ער עובר אויף דעם „לא תלין״, ניט לאָזן איבערנעכטיקן.** שכיר לילה,

שָׁעוֹת גּוֹבֶה כָּל הַיּוֹם וְכָל הַלַּיְלָה. שְׂכִיר שַׁבָּת, שְׂכִיר חֹדֶשׁ, שְׂכִיר שָׁנָה שְׂכִיר שָׁבוּעַ, יָצָא בַיּוֹם גּוֹבֶה כָּל הַיּוֹם יָצָא בַלַּיְלָה גּוֹבֶה כָּל הַלַּיְלָה וְכָל הַיּוֹם: **יב** אֶחָד שְׂכַר אָדָם, וְאֶחָד שְׂכַר בְּהֵמָה וְאֶחָד שְׂכַר כֵּלִים, יֵשׁ בּוֹ מִשּׁוּם בְּיוֹמוֹ תִתֵּן שְׂכָרוֹ, וְיֵשׁ בּוֹ מִשּׁוּם לֹא תָלִין פְּעֻלַּת שָׂכִיר אִתְּךָ עַד בֹּקֶר. אֵימָתַי? בִּזְמַן שֶׁתְּבָעוֹ. לֹא תְבָעוֹ אֵינוֹ עוֹבֵר עָלָיו. הִמְחָהוּ אֵצֶל חֶנְוָנִי אוֹ אֵצֶל שֻׁלְחָנִי אֵינוֹ עוֹבֵר עָלָיו. שְׂכִיר בִּזְמַנּוֹ נִשְׁבָּע וְנוֹטֵל. עָבַר

אן ארבייטער אויף ביינאכט (אויב איינער דינגט אן ארבייטער צו ארבייטן ביי אים א נאכט) נעמט ער אָפּ (זיין ארבייטס־לוין) א גאַנצן טאָג. **דער בעל הבית קאָן אים צאָלן דעם לוין א גאנצן טאָג נאָך דער נאכט. אָבער אויב עס גייט אדורך דער טאָג און דער בעל הבית האָט אים ניט באצאָלט, איז ער עובר אויף „לא תלין".** שכיר שעות, אן ארבייטער אויף שעה'ן נעמט אָפּ א גאנצן טאָג (אָדער) א גאנצע נאכט. **אזוי טייטשט די גמרא די משנה, אז א שעה'ן־ארבייטער פון בייטאָג נעמט אָפּ זיין שכירות א גאנצע נאכט, און א שעה'ן־ארבייטער פון ביינאכט נעמט אָפּ צומאָרגנס א גאנצן טאָג.** שכיר שבת, אן ארבייטער אויף א וואָך, אָדער אן ארבייטער אויף א חודש, אָדער אן ארבייטער אויף א יאָר, אָדער אן ארבייטער אויף א יאָר־זיבן, אויב ער גייט ארויס (עס ענדיקט זיך זיין ארבייט) בייטאָג, נעמט ער (קומט אים צו באצאָלן זיין ארבייטס־לוין) א גאנצע נאכט, און אויב ער גייט ארויס (ער פארענדיקט זיין ארבייט) ביי־נאכט, נעמט ער (זיין ארבייטס־לוין) א גאנצע נאכט און א גאנצן טאָג. **די גמרא זאָגט, אז דער לעצטער טייל פון דער משנה, די סיפא, איז ווי ר' שמעון וועלכער זאָגט, אז ווען איינער פארענדיקט זיין שעה'ן־ארבייט ביינאכט קאָן ער אָפּנעמען א גאנצע נאכט און א גאנצן טאָג.**

יב. אחד, סיי דער לוין פון א מענטש (פון א געדונגענעם ארבייטער), און סיי דער לוין פון א בהמה, און סיי דער לוין פון כלים, איז פאראן אין דעם (אויב מען באצאָלט ניט צו דער צייט, איז מען עובר אויף) „ביומו תתן שכרו" (דברים כ"ד, „אין זיין טאָג זאָלסטו אים געבן זיין לוין"), און עס איז דאָ אין אים (מען איז עובר אויף) „לא תלין פעולת שכיר אתך עד בוקר" (ויקרא י"ט, „זאָלסט ניט לאָזן אי־בערנעכטיקן דעם לוין פון געדונגענעם ארבייטער מיט דיר ביז אין דער פרי"). **ניט נאָר ווען ראובן האָט געדינגען שמעונען צו ארבייטן ביי אים, נאָר אויך ווען ראובן דינגט ביי שמעון זיין בהמה אָדער זיינע כלים צו ארבייטן מיט זיי, דאַרף ער אים באצאָלן צו דער צייט, און אויב ער צאָלט אים ניט צו דער צייט איז ער עובר אויף די געבאָטן פון דער תורה.** — אימתי? ווען ? **ווען איז דער בעל הבית עובר א עבירה אויב ער צאָלט ניט דעם ארבייטער צו דער צייט דעם לוין ?** בזמן, אויב ער (דער ארבייטער) האָט ביי אים (ביים בעל הבית) געמאָנט (דעם לוין); אויב ער האָט ביי אים ניט געמאָנט, איז ער (דער בעל הבית) ניט עובר (די עבירה). **אויב ער האָט אים ניט געצאָלט צו דער צייט האָט ער ניט געטאָן קיין עבירה, אויב דער ארבייטער האָט אים ניט געמאָנט.** המחהו, אויב ער (דער בעל הבית) האָט אים (דעם ארבייטער) אָנגעוויזן צו א קרעמער אָדער צו א געלט־וועקסלער (שולחני) איז ער מער ניט עובר. **אויב דער בעל הבית האָט געהייסן א קרעמער געבן דעם ארבייטער שפייז אָדער אנ־דערע זאכן פאר דעם לוין זיינעם, אָדער ער האָט געהייסן א געלט־וועקסלער געבן דעם ארבייטער געלט פאר דעם לוין, איז כאָטש זיי האָבן דעם ארבייטער ניט געגעבן צו דער צייט איז דער בעל הבית ניט עובר די עבירה פון ניט צאָלן צו דער צייט.** **וועגן „שולחני" זע פריער פרק ב' משנה א'.** שכיר בזמנו, א געדונגענער ארבייטער (אויב ער מאָנט זיין ארבייטס־לוין) אין זיין צייט (למשל. אין דער נאכט נאָכן טאָג פון זיין ארבייט) שווערט ער און נעמט (קריגט באצאָלט). **אויב דער ארבייטער מאָנט**

זְמַנּוֹ אֵינוֹ נִשְׁבָּע וְנוֹטֵל. אִם יֵשׁ עֵדִים שֶׁתְּבָעוֹ (בִּזְמַנּוֹ) הֲרֵי זֶה נִשְׁבָּע וְנוֹטֵל. גֵּר תּוֹשָׁב יֵשׁ בּוֹ מִשּׁוּם בְּיוֹמוֹ תִתֵּן שְׂכָרוֹ, וְאֵין בּוֹ מִשּׁוּם לֹא תָלִין פְּעֻלַּת שָׂכִיר אִתְּךָ עַד בֹּקֶר: יג. הַמַּלְוֶה אֶת חֲבֵרוֹ לֹא יְמַשְׁכְּנֶנּוּ אֶלָּא בְּבֵית דִּין, וְלֹא יִכָּנֵס לְבֵיתוֹ לִטּוֹל מַשְׁכּוֹנוֹ, שֶׁנֶּאֱמַר בַּחוּץ תַּעֲמוֹד. הָיוּ לוֹ שְׁנֵי

פון בעל הבית זיין ארבייטס־שכירות איידער ס'איז אריבער די צייט ווען דער בעל הבית איז עובר אויף „לא תלין״, למשל, אין פארלויף פון דער נאכט נאָכן ארבייטס־טאָג, און דער בעל הבית טענה'ט, אז ער האָט שוין דעם ארבייטער באצאָלט, שווערט דער ארבייטער, אז ער האָט נאָכניט באקומען, און דער בעל הבית דארף אים באַצאָלן. ווייל מען נעמט אָן, אז דער בעל הבית איז פארנומען מיט זיינע ארבייטער, געדענקט ער ניט גוט, צי ער האָט באצאָלט. עבר זמנו, אויב די צייט איז שוין אריבער (אויב דער ארבייטער מאָנט, למשל, צומאָרגנס ביי טאָג), שווערט ער ניט און נעמט ניט. ווייל מען נעמט אָן, אז דער בעל הבית וויל ניט עובר זיין אויף די עבירה פון „לא תלין״, ניט צאָלן אין דער צייט, און מסתמא האָט ער אים שוין באצאָלט. מען נעמט אויך אָן, אז דער ארבייטער האָט ניט געלאָזט זיין לוין ביים בעל הבית ביז איבער דער צייט. אם יש, אויב עס זענען פאראן עדות, אז ער (דער ארבייטער) האָט אים געמאָנט אין דער צייט קאָן ער (דער ארבייטער אויך נאָך דער צייט) שווערן און נעמען (זיין לוין). דאָס איז אָבער ווען ער מאָנט ביי אים דעם טאָג צומאָרגנס נאָכן מאָנען דאָס געלט, אָבער אויב ער האָט גענומען מאָנען שפּעטער, קאָן שוין דער ארבייטער ניט שווערן און באקומען באצאָלט. פּרטים וועגן דאָזיקן דין פון ארבייטער צו שווערן און נעמען זיין לוין געפינען מיר אין מסכתא שבועות פּרק ז' משנה א'. — גר תושב, א גר תושב (אויב ער ארבייט ביי א ייד און דער בעל הבית באצאָלט אים ניט אין דער צייט) איז פאראן (איז דער בעל הבית עובר אויף) „ביומו תתן שכרו״ (אין זיין טאָג זאָלסטו אים געבן זיין לוין), און עס איז ניט פאראן (ער איז ניט עובר אויף) „לא תלין פעולת שכיר אתך עד בוקר״ („זאָלסט ניט לאָזן איבערנעכטיקן דעם לוין פון געדונגענעם ארבייטער מיט דיר ביז אין דער פרי״). ביי יידן אין ארץ ישראל זענען געווען צוויי סאָרטן גרים. ווען א גוי האָט זיך מגייר געווען אינגאנצן, ער האָט זיך מל געווען און טובל געווען, האָט ער געהייסן „גר צדק״, און ער האָט געהאט דעם דין פון א ייד, אָבער ווען א גוי האָט זיך ניט מגייר געווען, נאָר ער האָט גענומען אויף זיך אָפּצוהיטן די 7 מצוות וואָס א גוי דארף אָפּהיטן (שבע מצוות של בני נח), ווי למשל ניט דינען עבודה זרה, ניט גזלענען וכדומה, אָבער למשל טריפות מעג ער עסן, האָט אַזאַ גוי געהייסן „גר תושב״ (אן איינוואוינער), און ער האָט ניט געהאט דעם דין פון א ייד, די משנה זאָגט דאָ, אז ביי א גר תושב, אויב ער צאָלט אים ניט זיין לוין אין דער צייט איז מען ניט מקיים די מצוה פון „ביומו״, אָבער מען איז ניט עובר אויף דער עבירה פון „לא תלין״.

יג. המלוה, אז איינער (ראובן) באָרגט דעם אנדערן (שמעונען, געלט) זאָל ער ביי אים ניט נעמען קיין משכון סיידן דורך בית דין. מען מיינט ניט דאָ אז ביים געלט־באָרגן נעמט ראובן א משכון; נאָר מען מיינט, אז ראובן האָט שמעונען געבאָרגט געלט אויף א צייט, און עס איז געקומען די צייט און שמעון האָט ניט באצאָלט, טאָר ראובן ניט צווינגען שמעונען אז ער זאָל אים אליין געבן א משכון, נאָר ער מעג עס טאָן דורך דעם בית דין, דורך דעם יידישן געריכט, און נור דער שליח פון בית דין זאָל נעמען דעם משכון. ולא, און ער (אויך דער שליח פון בית דין) זאָל ניט ארייננגיין צו אים (צו שמעונען) אין זיין הויז צונעמען זיין משכון, ווארום עס ווערט געזאָגט (דברים כ״ד) „בחוץ תעמוד״, „זאָלסט שטיין אין דרויסן״. עס ווערט דערקלערט, אז דאָס מיינט מען נור ביים נעמען א חפץ פאר א משכון צו זיין זיכער מיטן חוב; אָבער אויב כדי אָפּצונעמען דעם חוב, קאָן דער שליח פון בית דין יאָ ארייננגיין אין הויז.

כֵּלִים נוֹטֵל אֶחָד, וּמַנִּיחַ (וּמַחֲזִיר) אֶחָד, וּמַחֲזִיר אֶת הַכַּר בַּלַּיְלָה וְאֶת הַמַּחֲרֵשָׁה בַּיּוֹם, וְאִם מֵת אֵינוֹ מַחֲזִיר לְיוֹרְשָׁיו. רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, אַף לְעַצְמוֹ אֵינוֹ מַחֲזִיר אֶלָּא עַד שְׁלֹשִׁים יוֹם. וּמִשְּׁלֹשִׁים יוֹם וּלְהַלָּן מוֹכְרָן בְּבֵית דִּין. אַלְמָנָה בֵּין שֶׁהִיא עֲנִיָּה בֵּין שֶׁהִיא עֲשִׁירָה, אֵין מְמַשְׁכְּנִין אוֹתָהּ, שֶׁנֶּאֱמַר וְלֹא תַחֲבוֹל בֶּגֶד אַלְמָנָה. הַחוֹבֵל אֶת הָרֵחַיִם עוֹבֵר בְּלֹא תַעֲשֶׂה, וְחַיָּב מִשּׁוּם שְׁנֵי כֵלִים, שֶׁנֶּאֱמַר לֹא יַחֲבוֹל רֵחַיִם וָרָכֶב. וְלֹא רֵחַיִם וָרֶכֶב בִּלְבַד אָמְרוּ, אֶלָּא כָּל דָּבָר שֶׁעוֹשִׂין בּוֹ אוֹכֶל נֶפֶשׁ שֶׁנֶּאֱמַר כִּי נֶפֶשׁ הוּא חוֹבֵל:

היו לו, אויב ער (דער לווה, שמעון) האָט צוויי כלים (און זיי ביידע צוזאמען זענען ווערט וויפיל דער חוב און ראובן נעמט זיי ביידע פאר א משכון) זאָל ער (ראובן) נעמען איינע (פון די כלים) און צוריקגעבן (שמעונען) איינע. **ער דארף אים צוריקגעבן די כלי, די זאך, אין דער צייט, ווען שמעון דארף זי צום נוצן. די משנה דערקלערט באלד וואס מען מיינט דערמיט.** ומחזיר את הכר, און ער דארף צוריקגעבן דעם קושן ביי־נאכט און דעם אקער־אייזן ביי־טאָג. **אויב ראובן האָט גענומען פאר א משכון א קושן און אן אקער־אייזן, דארף ער יעדן אונט צוריקגעבן דעם קושן שמעונען צו שלאָפן דארויף, און יעדן אין דער פרי דארף ער אים צוריקגעבן דעם אקער־אייזן צו אקערן דערמיט.** ואם מת, און אויב ער (שמעון) איז געשטאָרבן, דארף ער ניט צוריקגעבן (די משכנות־זאכן) צו זיינע יורשים. **ער, ראובן, מעג פארקויפן די משכנות און אפּ־נעמען זיין חוב.** ר' שמעון בן גמליאל זאָגט, אז אויך צו אים (שמעונען) אליין דארף ער (ראובן) צוריקגעבן ניט מער ווי ביז דרייסיק טעג, און פון דרייסיק טעג אָן און ווייטער קאָן ער זיי (די משכנות־זאכן) פארקויפן דורך בית דין. **און אפּנעמען דערפון זיין חוב.** אלמנה, אן אלמנה, סיי זי איז אן אָרימע און סיי זי איז א רייכע, טאָר מען ביי איר ניט נעמען קיינע משכנות, ווארום ס'ווערט געזאָגט (דברים י"ז) „ולא תחבול בגד אלמנה", „און דו זאָלסט ניט נעמען פאר א משכון דאָס קלייד פון אן אלמנה". **ניט נור ביי אן אָרימער אלמנה טאָר מען ניט נעמען קיין משכון, מחמת מען מאכט איר א שלעכטן שם ביי אירע שכנטעס, נאָר אויך ניט ביי א רייכער אלמנה.** החובל, אז איינער נעמט פאר א משכון א מיל איז ער עובר אויף א „לא תעשה" („ניט טאָן" א עבירה), און ער איז שולדיק (ער איז חייב, ער טוט צוויי עבירות) צוליב צוויי כלים, ווארום עס ווערט געזאָגט (דברים כ"ד) „לא יחבול רחים ורכב", „און ער זאָל ניט נעמען פאר א משכון א מיל און א רייטנדיקן מילשטיין". **מיט א מיל מיינט מען דאָ די מילעכלעך, וואס מען קאָן איבערטראָגן פון איין אָרט אויף אן אנדערן אָרט. אזא מילכל, אויף וועלכן מען מאָלט ווייץ צי גערשטן, באשטייט פון 2 שטיי־נער, פון אן אונטערשטן שטיין וואס הייסט טיילמאָל „רחים" (טיילמאָל הייסט ער אויך „שכב", דער ליגנדיקער שטיין), און פון אן אויבערשטן שטיין, וואס הייסט „רכב", א רייטנדיקן, ער רייט אויף דעם אונטערשטן שטיין. צווישן די צוויי שטיי־נער ווערט די תבואה צעמאָלן. אין דער צייט פון תנך און פון משנה האָט יעדער בעל הבית געהאט פאר זיך אזא מילכל צו מאָלן מעל. זאָגט די משנה, אז אויב מען נעמט צו פאר א משכון אזא מילכל, טוט מען 2 עבירות, וויל דער חומש זאָגט, אז מען טאָר ניט נעמען ניט דעם אונטערשטן שטיין און ניט דעם אויבערשטן שטיין.** ולא, און ניט נור א מיל און א מילשטיין אליין האָט מען געזאָגט (אז מען טאָר ניט נעמען פאר א משכון), נאָר אויך יעדע זאך, מיט וועלכער מען מאכט עסנוואַרג פאר א מענטש, ווארום עס ווערט געזאָגט (דברים כ"ד) „כי נפש הוא חובל", „וויל ער נעמט פאר א משכון דאָס לעבן". **די גמרא זאָגט, אז אויב מען נעמט א זאך, וואס באשטייט פון צוויי כלים און זיי טאָן איין מלאכה, ווי למשל א פּאָר אָקסן צום אקערן, איז ער עובר פאר נעמען צוויי כלים.**

# פרק י.

**א** הַבַּיִת וְהָעֲלִיָּה שֶׁל שְׁנַיִם שֶׁנָּפְלוּ, שְׁנֵיהֶם חוֹלְקִים בָּעֵצִים וּבָאֲבָנִים וּבֶעָפָר. וְרוֹאִים אֵלּוּ הָאֲבָנִים הָרְאוּיוֹת לְהִשְׁתַּבֵּר. אִם הָיָה אֶחָד מֵהֶן מַכִּיר מִקְצָת אֲבָנָיו, נוֹטְלָן, וְעוֹלוֹת לוֹ מִן הַחֶשְׁבּוֹן: **ב** הַבַּיִת וְהָעֲלִיָּה שֶׁל שְׁנַיִם נִפְחֲתָה הָעֲלִיָּה, וְאֵין בַּעַל הַבַּיִת רוֹצֶה לְתַקֵּן, הֲרֵי בַּעַל הָעֲלִיָּה יוֹרֵד וְדָר לְמַטָּה, עַד שֶׁיְּתַקֵּן לוֹ אֶת הָעֲלִיָּה. רַבִּי יוֹסֵי אוֹמֵר, הַתַּחְתּוֹן נוֹתֵן אֶת הַתִּקְרָה, וְהָעֶלְיוֹן אֶת הַמַּעֲזִיבָה: **ג** הַבַּיִת

## פרק י.

א. הבית, אויב א (אונטערשטע) וואוינונג און אן אויבערשטע וואוינונג (עליה) וועלכע געהערן צו צוויי (מענטשן) זענען איינגעפאלן, צעטיילן זיי זיך ביידע מיט דעם האָלץ און מיט די שטיינער און מיט דער ערד. **מען מיינט דאָ, אז די אונטערשטע וואוינונג פון הויז, דער „בית", האָט געהערט צו איין מענטש, און די אויבערשטע וואוינונג, די עליה, האָט געהערט צו אן אנדערן מענטשן, און דאָס גאנצע הויז איז איינגעפאלן, טיילן זיי זיך מיט די מאטעריאלן פון איינגעפאלענעם הויז, מיט דעם געהילץ און מיט די שטיינער און מיט דער ערד. מען טיילט זיך לויט דער גרויס פון די וואוינונגען. מיט „ערד", עפר, מיינט מען דאָ די ליים, די וואפנע, די ערד.** ורואים, אָבער מען זעט וועלכע שטיינער קאָנען צעבראָכן ווערן. **אויב דאָס הויז איז איינגעפאלן אונטער זיך, פארשטייט מען, אז די שטיינער פון דער אונטערשטער וואוינונג האָבן גיכער געקאָנט צעבראָכן ווערן. אויב דאָס הויז איז איינגעפאלן אין דער זייט, פארשטייט מען, אז די שטיינער פון דער אויבערשטער וואוינונג האָבן גי־כער געקאָנט צעבראָכן ווערן. לויט דעם דאָזיקן איינזען גיט מען מער צעבראָכענע שטיינער דעם מענטש, וואָס פון זיין וואוינונג דארפן זיין מער צעבראָכענע שטיינער. דאָס וואָרט „אלו" איז דאָ אין דער משנה דער טייטש ניט „די דאָזיקע", נאָר „וועלכע". עס איז פאראן א סברא אז אין א סך ערטער אין דער משנה, וואו מען טייטשט „אלו" „די דאָזיקע" איז באמת דער טייטש „וועלכע" ווי למשל פריער פרק ב' משנה א' „אלו מציאות", איז ניט דער טייטש „די דאָזיקע מציאות", נאָר „וועלכע מציאות".** אם היה, אויב איינער פון זיי האָט דערקענט א טייל פון זיינע שטיינער, זאָל ער זיי נעמען, און מען רעכנט זיי אים אראָפּ פון רעכנונג. **די מפרשים דערקלערן, אז אויב איינער דערקענט א טייל פון זיינע שטיינער גאנצע און ער נעמט זיי, זאָל דער אנדערער אויך נעמען אזוי פיל גאנצע שטיינער. נאָר דער דאָזיקער וויל דוקא די שטיינער, וועלכע זענען גרעסערע און בעסערע.**

ב. הבית, אויב אן אונטערשטע וואוינונג און אן אויבערשטע וואוינונג געהערן צו צוויי מענטשן (דאָס גאנצע הויז האָט געהערט צום בעל הבית פון דער אונטער־שטער וואוינונג, צו ראובן, און ער האָט פארדינגען די אויבערשטע וואוינונג צו אן אנדערן, צו שמעון), און די אויבערשטע וואוינונג איז קאליע געוואָרן (די פּאָדלאָגע איז געוואָרן צעבראָכן), און דער בעל הבית (ראובן) וויל ניט פארריכטן, קאָן דער איינוואוינער פון דער אויבערשטער וואוינונג (ראובן) אראָפּגיין און וואוינען אונטן (אין דער אונטערשטער וואוינונג), ביז ער וועט אים פארריכטן די אויבערשטע וואוינונג. ר' יוסי זאָגט, אז דער אונטערשטער (ראובן) דארף געבן (צו פארריכטן די פּאָדלאָגע) די בעלקעס, און דער אויבערשטער (שמעון) דארף געבן די באפעסטיגונג, (די וואפנע און ליים, מעזיבה). **די פּאָדלאָגע פון דער אויבערשטער וואוינונג, איז דער סופיט די „תקרה" פון דער אונטערשטער וואוינונג, און זי באשטייט פון בעלקעס, האָלץ, וועלכע ווערן באפעסטיקט מיט וואפנע און ליים, וואָס הייסט „מעזיבה"** (וועגן

וְהָעֲלִיָּה שֶׁל שְׁנַיִם שֶׁנָּפְלוּ, אָמַר בַּעַל הָעֲלִיָּה לְבַעַל הַבַּיִת לִבְנוֹת, וְהוּא אֵינוֹ רוֹצֶה לִבְנוֹת, הֲרֵי בַּעַל הָעֲלִיָּה בּוֹנֶה אֶת הַבַּיִת וְדָר בְּתוֹכָהּ עַד שֶׁיִּתֵּן לוֹ אֶת יְצִיאוֹתָיו. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, אַף זֶה דָּר בְּתוֹךְ שֶׁל חֲבֵרוֹ צָרִיךְ לְהַעֲלוֹת לוֹ שָׂכָר, אֶלָּא בַּעַל הָעֲלִיָּה בּוֹנֶה אֶת הַבַּיִת וְאֶת הָעֲלִיָּה וּמְקָרֶה אֶת הָעֲלִיָּה, וְיוֹשֵׁב בַּבַּיִת עַד שֶׁיִּתֵּן לוֹ אֶת יְצִיאוֹתָיו: ד וְכֵן בֵּית הַבַּד שֶׁהוּא בָנוּי בַּסֶּלַע וְגִנָּה אַחַת עַל גַּבָּיו וְנִפְחֲתָה, הֲרֵי בַּעַל הַגִּנָּה יוֹרֵד וְזוֹרֵעַ לְמַטָּה עַד שֶׁיַּעֲשֶׂה לְבֵית בַּדּוֹ כִּיפִּין. הַכּוֹתֶל וְהָאִילָן שֶׁנָּפְלוּ לִרְשׁוּת

**וואָרט מעזיבה זע אין אונזער פירוש מסכתא סוכה פרק א׳ משנה ז׳). ר׳ יוסי האלט, אז ווייל מען קאָן דאָך זיין אין א הויז אָן דער „מעזיבה", אָן דער וואַפּנע און ליים, און מען מאכט זי דער עיקר נור כדי אויסצוגלייכן די גריבלעך, דאריבער דארף עס שמעון מאכן.**

ג. הבית, אויב אן אונטערשטע וואוינונג און אן אויבערשטע וואוינונג פון צוויי מענטשן (די אונטערשטע וואוינונג געהערט צו ראובן און די אויבערשטע געהערט צו שמעון) זענען איינגעפאלן, און דער בעל הבית פון דער אויבערשטער וואוינונג (שמעון) זאָגט צום בעל הבית פון דער אונטערשטער וואוינונג (צו ראובן) אז מען זאָל בויען (צוריק אויפבויען דאָס הויז, און שמעון קאָן דאָך ניט אויפבויען זיין אויבערשטע וואוינונג כל זמן ראובן האָט ניט געבויט זיין אונטערשטע וואוינונג), און ער (ראובן) וויל ניט בויען, קאָן דער בעל הבית פון דער אויבערשטער וואוינונג אויפבויען די אונטערשטע וואוינונג און דאָרט וואוינען ביז ער (ראובן) וועט אים געבן זיינע הוצאות. **דאָס הייסט וויפיל עס האָט אים געקאָסט די אונטערשטע וואוינונג, און ערשט דאמאָלס וועט שמעון בויען זיין אויבערשטע וואוינונג.** ר׳ יהודה זאָגט, אז (אויב אזוי) דארף דאָך דער דאָזיקער (שמעון) פארן וואוינען אין דעם אנדערנס (אין ראובן׳ס) וואוינונג אים צאָלן דירה-געלט. **מחמת אויב ער וועט אים ניט צאָלן קיין דירה-געלט, הייסט דאָך עס, אז ער וואוינט בחינם אין א פרעמדנס וואוינונג פאר דאָס וואָס ער האָט אים געבאָרגט געלט (די הוצאות פון אויפבויען זיין וואוינונג) און דאָס הייסט דאָך נעמען פראָצענט, און מען טאָר עס ניט.** אלא, נאָר (זאָגט ר׳ יהודה), דער בעל הבית פון דער אויבערשטער וואוינונג (שמעון) קאָן אויפבויען די אונטערשטע וואוינונג און די אויבערשטע וואוינונג, און ער לייגט ארויף א דאך אויף דער אויבערשטער וואוינונג, און ער וואוינט אין דער אונטערשטער וואוינונג ביז ער (ראובן) באצאָלט אים זיינע הוצאות. **דאָ הייסט עס ניט, אז שמעון וואוינט בחינם מחמת ער האָט דאָך דערפון גאָרניט, ווארום ער קאָן דאָך וואוינען אין זיין אייגענער אויבערשטער וואוינונג. אן אנדערע גירסא איז „ויושב בתוכה", און ער וואוינט אין איר", אין דער אויבערשטער וואוינונג. לויט דער דאָזיקער גירסא, טאָר שמעון אויך אין אזא פאל ניט וואוינען אין דער אונטערשטער וואוינונג, ווייל ער פארדינט דאָך דאָס, וואָס ער דארף ניט גיין ארויף אויף די טרעפ.**

ד. וכן, און אזוי איז אויך מיט אן אייל-פרעס-קעלטער (בית הבד, אן אָרט, וואו מען מאכט אייל פון איילבירטן), וועלכער איז אריינגעבויט אין (א וואנט פון א) פעלז (אין א וואנט פון א בערגל) און איבער אים (אויף דעם דאך פון אייל-פרעס-קעלטער) איז פאראן א גאָרטן (און דער אייל-פרעס-קעלטער געהערט צו ראובן און דער גאָרטן געהערט צו שמעון) און ער (דער דאך פון אייל-פרעס-קעלטער) איז איינגעבראָכן געוואָרן, קאָן דער בעל הבית פון גאָרטן (שמעון) אראָפּגיין און זייען אונטן (אין דעם אייל-פרעס-קעלטער), ביז ער (ראובן) וועט מאכן צו (דעם דאך פון) זיין אייל-פרעס-קעלטער קיילעכיגע שטיין-געוועלבן (כיפין). **דאָס הייסט, אז ראובן מוז פארריכטן דעם דאך און אונטערשטיצן אים מיט קיילעכיקע שטיין-געוועלבן,**

הָרַבִּים וְהִזִּיקוּ. פָּטוּר מִלְּשַׁלֵּם. נָתְנוּ לוֹ זְמַן לָקוֹץ אֶת הָאִילָן וְלִסְתּוֹר אֶת הַכּוֹתֶל וְנָפְלוּ בְּתוֹךְ הַזְּמַן פָּטוּר, לְאַחַר הַזְּמַן חַיָּב: ה מִי שֶׁהָיָה כּוֹתְלוֹ סָמוּךְ לְגִנַּת חֲבֵרוֹ וְנָפַל וְאָמַר לוֹ, פַּנֵּה אֲבָנֶיךָ וְאָמַר לוֹ הִגִּיעוּךָ. אֵין שׁוֹמְעִין לוֹ. מִשֶּׁקִּבֵּל עָלָיו אָמַר לוֹ הֵילָךְ אֶת יְצִיאוֹתֶיךָ וַאֲנִי אֶטּוֹל אֶת שֶׁלִּי, אֵין שׁוֹמְעִין לוֹ. הַשּׂוֹכֵר אֶת הַפּוֹעֵל לַעֲשׂוֹת עִמּוֹ בְּתֶבֶן וּבְקַשׁ, וְאָמַר לוֹ תֶּן לִי שְׂכָרִי וְאָמַר לוֹ טוֹל מַה (נ״א מִמַּה) שֶׁעָשִׂיתָ בִּשְׂכָרְךָ אֵין שׁוֹמְעִין לוֹ. מִשֶּׁקִּבֵּל עָלָיו וְאָמַר לוֹ הֵילָךְ שְׂכָרְךָ וַאֲנִי אֶטּוֹל אֶת שֶׁלִּי,

**כדי דער גאָרטן זאָל ניט אראָפּפאלן. „כיפין״, אין לשון יחיד „כיפה״, מיינט מען די קיילעכיקע שטיין־געוועלבן.** — הכותל, אויב א וואנט אָדער א בוים (פון איינעם, וועלכע זענען געשטאַנען אויף דער גרעניץ פון זיין הויף) זענען אריינגעפאלן אין א רשות הרבים (אין א גאס, אָדער אין א וועג, וואָס געהערט צו אלע מענטשן) און זיי האָבן געטאָן שאדן, איז ער (דער בעל הבית פון דער וואנט אָדער פון בוים) פטור פון באצאָלן (פארן שאדן). **מען מיינט דאָ, אז די וואנט איז געווען געבויט פעסט און דער בוים איז געשטאַנען פעסט.** נתנו, אויב מען האָט אים (דעם בעל הבית פון דער וואנט אָדער פון בוים) געגעבן א צייט (א באשטימטן טערמין) אָפּצוהאַקן דעם בוים אָדער צו צעשטערן די וואנט, און זיי זענען איינגעפאלן, (איז) אויב אין מיטן דער צייט (וואָס מען האָט אים געגעבן אראָפּצונעמען) איז ער פטור (אויב זיי האָבן געטאָן שאדן), אויב נאָך דער צייט (ער האָט זיי ניט אראָפּגענומען צו דער צייט, און זיי זענען דערנאָך איינגעפאלן און געטאָן שאדן) איז ער חייב (צו באצאָלן). **די מפרשים באמערקן אז מיט „געבן צייט אָפּצוהאקן דעם בוים און צו צושטערן די וואנט״ מיינט מען אויך אוועקצונעמען פון רשות הרבים די געהילץ און די שטיינער, כדי זיי זאָלן ניט טאָן שאדן.**

ה. מי שהיה, אויב די וואנט פון איינעם (פון ראובן׳ס א גאָרטן) איז געווען נאָנט צו דעם גאָרטן פון אן אנדערן (פון שמעון) און זי איז איינגעפאלן (אריין אויף שמעון׳ס ערד), און ער (שמעון) האָט צו אים געזאָגט: „נעם צו דײַנע שטיינער״, און ער (ראובן) האָט צו אים (צו שמעונען) געזאָגט: „זאָלן זיי זיין דיינע״ (איך וויל זיך ניט לאָזן קאָסטן זיי אראָפּצורוימען, נאָר איך שענק דיר אוועק די שטיינער), — הערט מען אים ניט. **שמעון קאָן פארלאנגען, אז ראובן זאָל צונעמען די שטיינער.** משקיבל, אויב נאָכדעם ווי ער (שמעון) האָט גענומען אויף זיך (האָט מסכים געווען צו נעמען די שטיינער), האָט ער (ראובן חרטה באקומען און האָט) געזאָגט צו אים: „דאָ האָסטו דיינע הוצאות (פארן אראָפּנעמען די שטיינער) און איך וועל מיר צו־נעמען מיינע (שטיינער)״. הערט מען אים ניט. **און די שטיינער געהערן צו שמעון.** השוכר, אז איינער דינגט אן ארבייטער צו ארבייטן מיט אים ביי שטרוי און זאנגן־שטרוי (תבן וקש) און (ער האָט צוגערעדט צוגעזאָגט דעם ארבייטער א לוין, אָבער נאָך דער ארבייט האָט דער בעל הבית חרטה געהאט) און (ווען) ער (דער ארבייטער) האָט צו אים געזאָגט: „גיב מיר מיין לוין״, האָט ער (דער בעל הבית) צו אים גע־זאָגט: „נעם, וואָס דו האָסט אפּגעארבייט (די שטרוי און די זאנגן־שטרוי) פאר דיין לוין״, הערט מען אים ניט. **נאָר ער מוז באצאָלן דעם ארבייטער וויפיל ער האָט אים צוגעזאָגט, זועגן „תבן״ און „קש״ זע פריער פרק ט׳ משנה א׳.** משקבל, אויב נאָכ־דעם ווי ער (דער ארבייטער) האָט גענומען אויף זיך (האָט מסכים געווען צונעמען פאר זיין לוין די שטרוי) האָט ער (דער בעל הבית) צו אים געזאָגט: „דאָ האָסטו דיין לוין און איך וועל מיר צונעמען מיינס (מיין שטרוי)״, הערט מען אים ניט. **און די שטרוי געהערט צום ארבייטער.** — המוציא, אז איינער פירט־ארויס מיסט אין רשות הרבים (אויף א עפנטליכן אָרט וואָס געהערט צו אלע מענטשן), און פון דאָרט וויל ער

אֵין שׁוֹמְעִין לוֹ. הַמּוֹצִיא זֶבֶל לִרְשׁוּת הָרַבִּים הַמּוֹצִיא מוֹצִיא, וְהַמְזַבֵּל מְזַבֵּל. אֵין שׁוֹרִין טִיט בִּרְשׁוּת הָרַבִּים, וְאֵין לוֹבְנִין לְבֵנִים. אֲבָל גּוֹבְלִין טִיט בִּרְשׁוּת הָרַבִּים. אֲבָל לֹא לְבֵנִים. הַבּוֹנֶה בִּרְשׁוּת הָרַבִּים הַמֵּבִיא אֲבָנִים מֵבִיא וְהַבּוֹנֶה בּוֹנֶה. וְאִם הִזִּיק מְשַׁלֵּם מַה שֶּׁהִזִּיק. רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר אַף מְתַקֵּן הוּא אֶת מְלַאכְתּוֹ לִפְנֵי שְׁלֹשִׁים יוֹם: ו שְׁתֵּי גִנּוֹת זוֹ עַל גַּב זוֹ וְהַיָּרָק בֵּינְתַּיִם. רַבִּי מֵאִיר אוֹמֵר. שֶׁל עֶלְיוֹן. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר שֶׁל תַּחְתּוֹן. אָמַר רַבִּי מֵאִיר. אִם יִרְצֶה הָעֶלְיוֹן לָקַח אֶת עֲפָרוֹ אֵין כָּאן יָרָק. אָמַר רַבִּי יְהוּדָה. אִם יִרְצֶה הַתַּחְתּוֹן לְמַלְּאוֹת אֶת גִּנָּתוֹ

נעמען דאָס מיסט צו באַמיסטיקן זיינע פעלדער, וועלכע ליגן אַרום דעם עפנטליכן אָרט), זאָל דער אַרויספירער אַרויספירן, און דער וואָס מיסטיקט זאָל מיסטיקן. **ער טאָר ניט לאָזן ליגן לאַנג דאָס מיסט אין דעם עפנטליכן אָרט, אין רשות הרבים, נאָר באַלד ווי ער פירט אַרויס זאָל ער עס צונעמען און באַמיסטיקן די פעלדער.** — אין, מען טאָרניט ווייקן ליים אין רשות הרבים (אין אַ עפנטליכן אָרט). **ווען איינער דאַרף האָבן ליים צום בויען אַ הויז אויף זיין פּלאַץ וואָס געפינט זיך לעבן דעם רשות הרבים, טאָר ער דעם ליים ניט ווייקן אין רשות הרבים.** ואין, און מען טאָרניט מאַכן ציגל (לובנין, פאָרמירן, מאַכן דעם ציגל). **אויך דאָ מיינט די משנה, אַז מען טאָר עס ניט טאָן אין רשות הרבים.** אבל, אָבער מען מעג קנעטן ליים אין רשות הרבים, אָבער ניט (מען טאָרניט קנעטן) ציגל. **מחמת קנעטן ליים דויערט ניט לאַנג, מעג מען.** הבונה, אַז איינער בויט אין רשות הרבים (ער בויט אַ הויז אויף זיין אייגענעם פּלאַץ, אָבער ביים בויען לייגט ער דערווייל אַוועק די בוי־זאַכן, די שטיינער אין גאַס, אין רשות הרבים), זאָל דער וואָס ברענגט די שטיינער ברענגען, און דער וועלכער בויט זאָל באַלד בויען. **אויך דאָ מיינט די משנה, אַז מען טאָרניט לאָזן לאַנג ליגן די שטיינער אין רשות הרבים, נאָר גלייך ווי מען ברענגט די שטיינער זאָל מען זיי באַלד צונעמען צום בויען.** ואם הזיק, און אויב ער האָט געטאָן שאָדן (אויב עס האָט איינער למשל זיך צעקלאַפּט אין די אַוועקגעלייגטע שטיינער אין רשות הרבים), דאַרף ער (דער בעל הבית פון די שטיינער) באַצאָלן וואָס ער האָט שאָדן געטאָן; ר׳ שמעון בן גמליאל זאָגט, אַז מען קאָן צוגרייטן די אַרבייט אויף דרייסיק טעג (אין רשות הרבים). **די גמרא טייטשט, אַז אויב עס איז דאַדורך געטאָן געוואָרן אַ שאָדן איז ער פּטור.**

ו. שתי גינות, אויב צוויי גאָרטנס זענען פאַראַן איינער איבער דעם אַנדערן, און אין דער מיטן וואַקסט גרינס, זאָגט ר׳ מאיר, אַז (דאָס גרינס) געהערט צום אויבערשטן (גאָרטן). **אין די באַרגיגע געגענטן אין ארץ ישראל זעט מען אָפט, ווי אויף אַ בערגיל איז פאַראַן פאַרזייט אַ גאָרטן, און דאָס בערגל ענדיקט זיך מיט אַ גלייכער וואַנט, און אונטן אין טאָל, איז פאַראַן אַן אַנדערער גאָרטן. זאָגט ר׳ מאיר אַז אויב דער גאָרטן אין דער הויך געהערט צו איין מענטש, און דער גאָרטן אונטן געהערט צו אַן אַנדערן מענטש, און אין דערמיט וואַנט פון בערגיל וואַקסט גרינס, געהערט עס צום בעל הבית פון אויבערשטן גאָרטן.** ר׳ יהודה זאָגט, אַז (עס געהערט) צום אונטערשטן (גאָרטן). **די משנה וועט באַלד דערקלערן די טעמים פון ר׳ מאיר און פון ר׳ יהודה.** אמר ר׳ מאיר, האָט ר׳ מאיר געזאָגט: אויב דער אויבערשטער (דער בעל הבית פון אויבערשטן גאָרטן) זאָל וועלן צונעמען זיין ערד (אָפּהאַקן די גאַנצע וואַנט) וועט דאָך דאָ קיין גרינס ניט זיין. **דעריבער געהערט דאָס גרינס צום אויבערשטן.** אמר ר׳ יהודה, האָט ר׳ יהודה געזאָגט: אויב דער אונטערשטער (דער בעל הבית פון אונטערשטן גאָרטן) זאָל וועלן אָנפילן זיין גאָרטן מיט ערד (ביז אַרויף

אֵין כַּאן יָרָק. אָמַר רַבִּי מֵאִיר, מֵאַחַר שֶׁשְּׁנֵיהֶן יְכוֹלִין לִמְחוֹת זֶה עַל זֶה, רוֹאִין מֵהֵיכָן יָרָק זֶה חַי. אָמַר רַבִּי שִׁמְעוֹן כָּל שֶׁהָעֶלְיוֹן יָכוֹל לִפְשׁוֹט אֶת יָדוֹ וְלִטּוֹל הֲרֵי הוּא שֶׁלּוֹ. וְהַשְּׁאָר שֶׁל תַּחְתּוֹן:

# מַסֶּכֶת בָּבָא בַּתְרָא.

## פרק א.

**א** הַשֻּׁתָּפִין שֶׁרָצוּ לַעֲשׂוֹת מְחִיצָה בֶּחָצֵר, בּוֹנִין אֶת הַכּוֹתֶל בָּאֶמְצַע.

צום שפיץ פון דער וואנט) וועט דאָך דאָ ניט זיין קיין גרינס. **מחמת דעם געהערט דאָס גרינס צום אונטערשטן.** אָמר ר' מאיר: ווייל ביידע קאָנען שטערן (למחות) איינער דעם אנדערן (דער אויבערשטער קאָן אָפּהאקן די וואנט, און דער אונטערשטער קאָן אָנפילן מיט ערד), דארף מען זען פון וואנען דאָס גרינס לעבט (פון וואנען עס ציט די יניקה). **און ווייל די יניקה ציט עס פון דער ערד פון בעל הבית פון אויבערשטן גאָרטן געהערט עס אים.** אָמר ר' שמעון, האָט ר' שמעון געזאָגט, אז יעדעס (גרינס וואָס וואקסט אין דער וואנט) וואָס דער אויבערשטער (בעל הבית) קאָן אויסציען די האנט און עס נעמען, איז עס זיינס, און דאָס איבריקע (דאָס גרינס, וואָס דער אויבערשטער בעל הבית קאָן ניט אויסציען די האנט און (עס נעמען) געהערט צום אונטערשטן. **די מחלוקה איז נור וועגן די בלעטער פון די גראָזן, וואָס שטעקן ארויס אין דער לופט, און די לופט געהערט דאָך צום אונטערשטן גאָרטן. אָבער וועגן די וואָרצלען פון גרינס, וועלכע זענען דאָך אין דער ערד וואָס געהערט צו דעם אויבערשטן גאָרטן, זענען אלע מודה אז זיי געהערן צום אויבערשטן גאָרטן.**

(סליק מסכת בבא מציעא — געענדיקט מסכתא בבא מציעא)

---

## מסכתא בבא בתרא

### הקדמה

**די מסכתא בבא בתרא („דער לעצטער טויער", זע וועגן די דריי „בבות" אין דער הקדמה צו מסכתא בבא קמא) האָט 10 פּרקים, און עס ווערן אין זיי געלערנט פארשידענע הלכות וועגן געלט־טענות צווישן איין מענטשן און דעם אנדערן. דער ערשטער פּרק לערנט וועגן שותפים, וואָס ווילן זיך צעטיילן. דער צווייטער פּרק לערנט וועגן שכנים, וואָס איינער מעג טאָן ביי זיך און עס זאָל ניט ברענגען שאדן דעם שכן זיינעם. דער דריטער פּרק לערנט וועגן חזקה, וועגן דעם אז איינער האלט א פעלד צי א הויז דריי יאָר, דארף ער מער ניט ברענגען קיין באווייזן אז ס'איז זיינס די פּרקים ד', ה', ו', און ז' לערנען וועגן פארקויף פון הייזער, הייפן, פעלדער, שיפן, בהמות, תבואה און אנדערע זאכן. די פּרקים ח' לערנען די דינים וועגן ירושות און וועגן צוואות. דער פּרק י' לערנט וועגן דעם ווי וועקסלען דארפן זיין געשריבן און די דינים פון א ערב, וועלכער גאראנטירט פאר א צווייטנס א חוב.**

### פרק א.

א. השותפין, אויב (צוויי) שותפין (וועלכע האָבן יעדער א הויז און א בשותפות־דיקן הויף צווישן ביידנס הייזער) האָבן (ביידע) מסכים געווען צו מאכן א שייד־וואנט אין הויף (און צעטיילן זיך מיטן הויף) בויען זיי די וואנט אין דערמיט. **די גמרא זאָגט, אז דאָ מיינט מען, אז דער הויף. נאָכן צעטיילן זיך בלייבט ניט פון אים 4 איילן צו יעדן פון די שותפים, און ביי אזא קליינעם הויף מוז זיין די הסכמה פון ביידע שותפים כדי צוצעטיילן זיך, און איין שותף קאָן ניט צווינגען דעם אנדערן צוצעטיילן (ער האָט ניט קיין „דין חלוקה"). מיט „בויען די וואנט אין דער מיט" מיינט מען, אז יעדער פון די שותפים דארף געבן א העלפט פון אָרט, וויפיל די גרעב פון דער וואנט פארנעמט.** מקום, אין אן אָרט וואו עס איז דער מנהג צו בויען (אזא שייד־וואנט, מחיצה) פון ניט־

מָקוֹם שֶׁנָּהֲגוּ לִבְנוֹת גָּוִיל, גָּזִית, כְּפִיסִין, לְבֵנִים, בּוֹנִים. הַכֹּל כְּמִנְהַג הַמְּדִינָה. בַּגְּוִיל זֶה נוֹתֵן שְׁלֹשָׁה טְפָחִים וְזֶה נוֹתֵן שְׁלֹשָׁה טְפָחִים. בַּגָּזִית זֶה נוֹתֵן טְפָחַיִם וּמֶחֱצָה, וְזֶה נוֹתֵן טְפָחַיִם וּמֶחֱצָה, בִּכְפִיסִין זֶה נוֹתֵן טְפָחַיִם, וְזֶה נוֹתֵן טְפָחַיִם. בַּלְּבֵנִים זֶה נוֹתֵן טֶפַח וּמֶחֱצָה, וְזֶה נוֹתֵן טֶפַח וּמֶחֱצָה. לְפִיכָךְ אִם נָפַל הַכּוֹתֶל, הַמָּקוֹם וְהָאֲבָנִים שֶׁל שְׁנֵיהֶם: **ב** וְכֵן בַּגִּנָּה מָקוֹם שֶׁנָּהֲגוּ לִגְדּוֹר, מְחַיְּבִין אוֹתוֹ. אֲבָל בַּבִּקְעָה מָקוֹם שֶׁנָּהֲגוּ שֶׁלֹּא

ארומגטהאקטע שטיינער (גויל), אָדער (אין אן אָרט וואו מען איז זיך נוהג צו בויען) פון ארומגעהאקטע שטיינער (גזית), אָדער פון האלבע ציגל (כפיסין), אָדער פון גאנצע ציגל (לבנים), זאָלן זיי (די שותפים) בויען, אלץ לויט דעם מנהג פון דער מדינה (פון אָרט, וואו דער הויף געפינט זיך). **איין שותף קאָן ניט זאָגן צום אנדערן, אז מען זאָל בויען די שייד־וואנט פון דינע ברעטלעך, נאָר דער אנדערער שותף קאָן אים צווינגען צו בויען א פעסטע וואנט, אזוי ווי דער מנהג איז. דאָס וואָרט „גויל״ זאָל זיין פון „גל״** (אָדער „גבל״ אין אראביש), **א בערגל, ווייל די שטיינער האָבן שפּיצן, בערגלעך. „גזית״ איז אַ תנך־וואָרט, געהאקטע שטיינער** (שמות כ׳ „לא תבנה אתהן גזית״). **„כפיסין״ זאָל זיין** (ווי ר׳ בנימין מוספיא מיינט, און אזוי האלט אויך דער רד״ק) **פון „וכפיס מעץ יעננה״** (חבקוק ב), **א שטיק פון א זאך, און דאָ מיינט מען א האלבן ציגל.** בגויל, ביי ניט־ארומגעהאקטע שטיינער (אויב מען בויט די וואנט פון זיי) גיט דער (איינער שותף) דריי טפחים, און דער (אנדערער שותף) דריי טפחים. **די וואנט פון ניט־ארומגעהאקטע שטיינער דארף האלטן 6 טפחים, ווייל עס שטעקן ארויס שפּיצן פון די שטיינער. דאריבער דארף יעדער פון די שותפים געבן פון זיין חלק הויף 3 טפחים. א טפח איז א זעקסטל פון אן אייל** (פון א „אמה״). בגזית, ביי ארומגעהאקטע שטיינער, גיט דער (שותף) צוויי טפחים און א האלבן, און דער (אנ־דערער שותף) גיט צוויי טפחים און א האלבן. **מחמת די שפּיצן פון די שטיינער זענען אָגעהאקט און זיי שטעקן ניט ארויס, איז גענוג אז די וואנט פארנעמט דאָס אָרט פון 5 טפחים.** בכפיסין, ביי האלבע ציגל, גיט דער (שותף) צוויי טפחים, און דער (אנדע־רער שותף) גיט צוויי טפחים; ביי (גאנצע) ציגל, גיט דער (שותף) א טפח און א האלבן, און דער (אנדערער שותף) גיט א טפח און א האלבן. **א וואנט פון ציגל איז זייער שטארק, און אזוי ווי א גאנצע ציגל האלט 3 טפחים איז גענוג ווען די גאנצע וואנט איז פון א ציגל די דיק, דאָס הייסט 3 טפחים. אָבער ווען מען מאכט זי פון האלבע ציגל** (כפיסין) **דארף די דיק פון דער וואנט זיין 4 טפחים, ווייל מען מוז אָנלייגן צווישן איין האלבן ציגל און דעם אנדערן האלבן ציגל א טפח ליים אז זיי זאָלן זיך גוט צוקלעבן און האלטן.** לפיכך, דאריבער אויב די וואנט איז איינגעפאלן, געהערט דאָס אָרט (פון דער וואנט) און די שטיינער צו ביידע (שותפים). **אפילו די וואנט איז אריינגעפאלן אין דעם חלק הויף פון איין שותף, און דער אנדערער האָט א געוויסע צייט גאָרניט געמאָנט, קאָן ער דערנאָך מאָנען זיין טייל, ווייל שותפים זענען ניט מקפיד איינער אויף דעם אנדערן צו מאָנען באלד.**

ב. וכן, און אזוי איז אויך ביי א גאָרטן, אין אן אָרט וואו עס איז דער מנהג צו מאכן א צוים, צווינגט מען אים. **אויב עס זענען פאראן צוויי גאָרטנס פון צוויי מענטשן איינער לעבן דעם אנדערן, קאָן דער בעל הבית פון איין גאָרטן צווינגען דעם בעל הבית פון אנדערן גאָרטן צו געבן א טייל פּלאץ און שטיינער צו מאכן א צוים צווישן די צוויי גערטנער, כדי איינער זאָל ניט אריינקוקן אין אנדערנס גאָרטן און זען די פארשידענע ירקות. די גמרא רופט עס אן „היזק ראיה״, דער שאדן וואָס קומט פון אריינקוקן צום אנדערן. די גמרא טייטשט די משנה, אז אין א סתם אָרט פון גערטנער האָט עס דעם דין ווי אין אן אָרט וואו עס איז דער מנהג צו מאכן א צוים.** אבל, אָבער (ביי תבואה־פעלדער) אין א טאָל, אין אן אָרט וואו עס איז דער

לִגְדּוֹר, אֵין מְחַיְּבִין אוֹתוֹ. אֶלָּא אִם רָצָה כּוֹנֵס לְתוֹךְ שֶׁלּוֹ וּבוֹנֶה, וְעוֹשֶׂה חָזִית מִבַּחוּץ, לְפִיכָךְ אִם נָפַל הַכּוֹתֶל, הַמָּקוֹם וְהָאֲבָנִים שֶׁלּוֹ. אִם עָשׂוּ מִדַּעַת שְׁנֵיהֶם בּוֹנִין אֶת הַכּוֹתֶל בָּאֶמְצַע וְעוֹשִׂין חָזִית מִכָּאן וּמִכָּאן, לְפִיכָךְ אִם נָפַל הַכּוֹתֶל הַמָּקוֹם וְהָאֲבָנִים שֶׁל שְׁנֵיהֶם: ג הַמַּקִּיף אֶת חֲבֵרוֹ מִשָּׁלֹשׁ רוּחוֹתָיו, וְגָדַר אֶת הָרִאשׁוֹנָה וְאֶת הַשְּׁנִיָּה וְאֶת הַשְּׁלִישִׁית, אֵין מְחַיְּבִין אוֹתוֹ. רַבִּי יוֹסֵי אוֹמֵר אִם עָמַד וְגָדַר אֶת

מנהג ניט צו מאכן קיין צוים, צווינגט מען אים ניט. **מחמת ביי תבואה־פעלדער קאָן דאָס אריינקוקן ניט טאָן קיין שאדן, דעריבער אפילו ווען איין פעלד־בעל־הבית פארלאנגט, צווינגט מען ניט זיין שכן צו געבן א טייל פלאץ און שטיינער צו מאכן א צוים. די גמרא טייטשט די משנה, אז א סתם אָרט פון תבואה־פעלדער האָט דעם דין פון אן אָרט, וואו עס איז ניט דער מנהג צו מאכן דעם צוים.** אלא, נאָר אויב ער (דער בעל הבית פון א תבואה־פעלד) ווייל (מאכן א צוים) רוקט ער אריין אין זיין פעלד (ער נעמט אָרט אין זיין פעלד) און בויט (דארויף דעם צוים), און ער מאכט פון דרויסן (אויף דעם צוים אין דער זייט, וואָס גייט ארויס צום שכנס פעלד) א צייכן (חזית, פון „חזה", „זען", א קען־צייכן). **דער צייכן איז צו ווייזן אז סיי דאָס אָרט און סיי די שטיינער פון דער צוים זענען זיינע. דער צייכן איז אז ער פארקאלעכט איין אייל אין שפיץ פון דער וואנט מיט קאלך. דעריבער מאכט מען דעם צייכן פון דער אנדערער זייט, ווייל קוים וועט מען אים מאכן פון דער זייט צו זיין אייגן פעלד, קאָן דער שכן בגנבה אויך מאכן אזא צייכן אין זיין אייגענער זייט און זאָגן אז די וואנט האָט ער געבויט. אָבער אין פרעמדן פעלד אריין וועט ער ניט קומען צו מאכן דעם צייכן.** לפיכך, דעריבער (ווייל ער מאכט דאָך אויף זיין אייגן אָרט און פון זיינע אייגענע שטיינער), אויב די וואנט איז איינגעפאלן, געהערן דאָס אָרט און די שטיינער צו אים. **דער אנדערער קאָן ניט טענהן, אז ער איז שותף, מחמת דער צייכן באווייזט.** אם, אויב זיי (ביידע פעלדער־בעלי־בתים) האָבן געמאכט (די וואנט) מיט ביידנס הסכמה, בויען זיי (די וואנט) אין דערמיט (יעדער פון זיי גיט א העלפט פון דעם פלאץ און א העלפט פון די שטיינער) און מען מאכט א צייכן פון דער זייט און פון דער זייט; דעריבער, אויב די וואנט איז איינגעפאלן געהערן דאָס אָרט און די שטיינער צו ביידן. **מחמת די צוויי צייכנס ווייזן אז די וואנט איז געבויט געוואָרן בשותפות. דאָסזעלביקע קאָנען זיי אויך ניט מאכן קיין צייכן ניט אין דער זייט און ניט אין דער אנדערער זייט, און דאדורך וועט מען וויסן, אז די וואנט איז א בשותפות'דיקע.**

ג. המקיף, אז איינער (ראובן) רינגלט־ארום אן אנדערן (שמעון) פון דריי זייטן (ראובן'ס פעלדער ליגן אין דריי זייטן פון שמעון'ס פעלד), און ער (ראובן) האָט ארומגעצוימט די ערשטע (זייט) און די צווייטע (זייט) און די דריטע (זייט), צווינגט מען ניט אים (שמעונען). **מען קאָן ניט אים הייסן באצאָלן ראובנען א העלפט פון די ארומצוימונגען,** ווייל שמעון קאָן טענהן, אז זיין פעלד איז סיי ווי ניט געוואָרן **ארומגעצוימט, מחמת עס איז דאָך אָפן פון דער פירטער זייט. מען מיינט דאָ ניט וועגן אויפבויען א וואנט,** מחמת ביי א הויכער וואנט (4 איילן הויך) קאָן מען סיי ווי ניט **צווינגען א תבואה־פעלד־בעל הבית צו העלפן אויפבויען, ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ב'. נאָר מען מיינט דאָ א קליינע, נידריקע צוים, 10 טפחים די הויך, און דאָס קאָן מען אויך ביי א פעלד הייסן מאכן כדי די בהמות זאָלן ניט אריינגיין און קאליע מאכן די תבואה.** ר' יוסי זאָגט, אז אויב ער איז געגאנגען און ער האָט ארומגעצוימט די פירטע זייט, לייגט מען ארויף אויף אים (מגלגלין עליו, מען קאָליערט ארויף אויף אים) אלץ. **מען הייסט דאמאָלס שמעונען באצאָלן אויך די העלפט פון די פריערדיקע 4 זייטן. מען מיינט, אז אפילו ראובן האָט ארומגעצוימט די 4־טע זייט, און מכל שכן, אז אויב שמעון האָט ארומגעצוימט דארף ער אודאי באצאָלן.**

הָרְבִיעִית, מְגַלְגְּלִין עָלָיו אֶת הַכֹּל:
ד כּוֹתֶל חָצֵר שֶׁנָּפַל, מְחַיְּבִין אוֹתוֹ לִבְנוֹתוֹ. עַד אַרְבַּע אַמּוֹת בְּחֶזְקַת שֶׁנָּתַן עַד שֶׁיָּבִיא רְאָיָה שֶׁלֹּא נָתַן. מֵאַרְבַּע אַמּוֹת וּלְמַעְלָה אֵין מְחַיְּבִין אוֹתוֹ. סָמַךְ לוֹ כּוֹתֶל אַחֵר, אַף עַל פִּי שֶׁלֹּא נָתַן עָלָיו אֶת הַתִּקְרָה, מְגַלְגְּלִין עָלָיו אֶת הַכֹּל, בְּחֶזְקַת שֶׁלֹּא נָתַן עַד שֶׁיָּבִיא רְאָיָה שֶׁנָּתַן:
ה כּוֹפִין אוֹתוֹ לִבְנוֹת בֵּית שַׁעַר וְדֶלֶת לֶחָצֵר. רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, לֹא כָל הַחֲצֵרוֹת רְאוּיוֹת לְבֵית שַׁעַר. כּוֹפִין אוֹתוֹ לִבְנוֹת לָעִיר חוֹמָה דְּלָתַיִם וּבְרִיחַ. רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר,

ד. כותל, אויב די (שייד־) וואנט פון א הויף איז איינגעפאלן, צווינגט מען אים (יעדן איינעם פון די צעטיילטע שותפים) אויפצובויען איר (צוריק). **יעדער מוז געבן זיין חלק און צוריק אויפבויען די וואנט.** עד ארבע, ביז פיר איילן (די קאָסטן פון דער וואנט הויך ביז פיר איילן) איז (יעדער פון די שותפים) אין דער חזקה (מען נעמט אָן זיין טענה) אז ער האָט שוין באצאָלט, ביז ער ברענגט א באוויז אז ער האָט ניט באצאָלט. **אויב איינער פון די שותפים מאָנט ביים אנדערן שותף א העלפט פון די קאָסטן פון דער וואנט וואָס ער האָט אויפגעבויט ביז פיר איילן, און יענער זאָגט, אז ער האָט שוין באצאָלט, גלויבט מען אים אז ער האָט שוין באצאָלט. ווייל ביז דער הויך פון 4 איילן איז יעדער שותף מחויב צו בויען, און מען נעמט אָן, אז מסתמא האָט ער גענומען ביי זיין שותף דעם חלק. אָבער מען נעמט אָן זיין תביעה אויב ער ברענגט א באוויז, למשל עדות, וועלכע זאָגן, אז זינט ער האָט אָנגעהויבן צו בויען די וואנט האָט זיין שותף ניט באצאָלט.** מארבע, פון פיר איילן און העכער (אויב איין שותף, ראובן, האָט אויפגעבויט די וואנט העכער פון פיר איילן) צווינגט מען אים (דעם אנדערן שותף שמעונען) ניט. **דער אנדערער שותף, שמעון, איז ניט מחויב צושטייער צוגעבן זיין חלק אין די קאָסטן וואָס בויען די וואנט קאָסט העכער פון 4 איילן.** סמך, אויב ער (שמעון) האָט צוגעשטעלט אנטקייגן איר (אנטקייגן דער דאָזיקער וואנט וועלכע ראובן האָט אויפגעבויט העכער פון פיר איילן) אַן אנדערע וואַנט (כדי ארויפצולייגן א בעליק פון זיין דאָזיקער וואנט אויף דער בשותפות׳דיקער וואנט), כאָטש ער האָט נאָכ־ניט ארויפגעלייגט דעם בעליק, לייגט מען אויף אים (אויף שמעונען) ארויף אלץ. **ער, שמעון, דארף צאָלן די העלפט פון די קאָסטן פון דער וואנט אויך העכער פון די 4 איילן.** בחזקת, מען נעמט אָן אז ער (שמעון) האָט נאָך ניט באַצאלט, ביז ער ברענגט א באוויז אז ער האָט שוין באצאָלט. **אויב ראובן מאָנט ביי שמעונען א העלפט קאָסטן העכער פון די 4 איילן** (ווען שמעון האָט געבויט אנטקייגן־איבער א וואנט) **און שמעון טענהט, אז ער האָט שוין באצאָלט, גלויבט מען אים ניט, אויב מען ווייסט, אז ער האָט זיך געהאט אפגעזאָגט צו באצאָלן. שמעון** מוז ברענגן א באוויז (עדות, צי א קוויטל), **אז ער האָט שוין באצאָלט.**

ה. כופין, מען צווינגט אים (אויב עטליכע מענטשן וואוינען אין א הויף, וועל־כער געהערט צו זיי אלע, צווינגט מען יעדן איינעם פון זיי) אויפצובויען (צו געבן זיין חלק אין אויפבויען) א טויער־הויז און אַ טיר צום הויף. **בית שער, א טויער־הויז, איז וואו דער הויז־היטער זיצט און גיט אכטונג אז פרעמדע מענטשן זאָלן ניט אריינ־קוקן אין הויף אריין.** ר׳ שמעון בן גמליאל זאָגט, אז ניט אלע הייפן דארפן האָבן א טויער־הויז. **למשל א הויף וואָס גייט ניט ארויס אין א גאַס אריין דארף עס ניט האָבן, און מען קאָן ניט צווינגען יעדן איינוואוינער צו געבן זיין חלק דאצו.** כופין, מען צווינגט אים (יעדן איינוואוינער פון דער שטאָט) (צו געבן זיין חלק אין אויפ־בויען) פאר דער שטאָט א מויער (וואָס רינגלט ארום די שטאָט) און טירן (צו די טויערן אין די מויערן, כדי מען זאָל זיי קאָנען פארשליסן) און א ריגל (צו פארמאכן דאמיט די טירן). **דאָס איז געווען נויטיק כדי צו פארטיידיקן די שטאָט קייגן שונאים.** ר׳ שמעון בן גמליאל זאָגט, אז ניט אלע שטעטלעך דארפן האָבן א מויער. **נאָר שטעט־**

לֹא כָל הֶעָרוֹת רְאוּיוֹת לְחוֹמָה. כַּמָּה יְהֵא בָעִיר וִיהֵא כְאַנְשֵׁי הָעִיר? שְׁנֵים עָשָׂר חֹדֶשׁ. קָנָה בָהּ בֵּית דִּירָה הֲרֵי הוּא כְאַנְשֵׁי הָעִיר מִיָּד: ו אֵין חוֹלְקִין אֶת הֶחָצֵר עַד שֶׁיְּהֵא בָהּ אַרְבַּע אַמּוֹת לָזֶה וְאַרְבַּע אַמּוֹת לָזֶה. וְלֹא אֶת הַשָּׂדֶה עַד שֶׁיְּהֵא בָהּ תִּשְׁעָה קַבִּין לָזֶה וְתִשְׁעָה קַבִּין לָזֶה. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, עַד שֶׁיְּהֵא בָהּ תִּשְׁעָה חֲצָאֵי קַבִּין לָזֶה וְתִשְׁעָה חֲצָאֵי קַבִּין לָזֶה. וְלֹא אֶת הַגִּנָּה, עַד שֶׁיְּהֵא בָהּ חֲצִי קַב לָזֶה וַחֲצִי קַב לָזֶה. רַבִּי עֲקִיבָא אוֹמֵר, בֵּית רוֹבַע. וְלֹא אֶת הַטְּרַקְלִין, וְלֹא אֶת הַמּוֹרָן וְלֹא אֶת הַשּׁוֹבָךְ, וְלֹא אֶת הַטַּלִּית, וְלֹא אֶת הַמֶּרְחָץ, וְלֹא אֶת בֵּית הַבָּד, עַד

**לעך וועלכע שטיין אויף דער גרעניץ און עס איז מורא צו האָבן פאַר א פלוצלימדיקן אָנפאַל פון פרעמדע שונאים דאַרפן האָבן א מויער.** כמה, ווי לאַנג זאָל ער (אַן איינוואוינער) זיין (וואוינען) אין דער שטאָט כדי ער זאָל זיין ווי די שטאָט־מענטשן? **און ער זאָל דאַרפן צושטייער געבן צו אַלע הוצאות פון דער שטאָט?** שנים עשר, צוועלף חדשים. **אויב איינער וואוינט אין א שטאָט 12 חדשים דאַרף ער צושטייער געבן אויף אַלע שטאָטישע הוצאות. עס ווערט געלערנט, אַז בנוגע די הוצאות פון דער שטאָט צו געבן צו עסן אָרימע לייט דאַרף מען צושטייער געבן ווען מען וואוינט נור 30 טעג. די מפרשים זאָגן, אַז היינט ווערט מען בנוגע אַלע הוצאות פון דער שטאָט פאַררעכנט ווי א שטאָט־מענטש ווען מען וואוינט 30 טעג, ווייל מענטשן וואַנדערן איבער אַפט פון איין אָרט אין אַנדערן.** קנה, אויב איינער האָט געקויפט אין איר (אין א שטאָט) א וואוינונגס־הויז (בית דירה) איז ער ווי די שטאָט־מענטשן פון באַלד אָן. **דאָס קויפן דאָס וואוינונגס־הויז מאַכט אים באַלד פאַר א שטאָט־בעל־הבית.**

ו. אין, מען צווינגט ניט (איין שותף) צו צעטיילן זיך מיט א (בשותפות'דיקן) הויף, סיידן עס וועט זיין (נאָכן צעטיילן זיך) פיר איילן פאַר דעם (איינעם שותף) און פיר איילן פאַר דעם (אַנדערן שותף). **עס ווערט געלערנט אַז א חוץ די 8 איילן דאַרף נאָך זיין 4 איילן ביי יעדן טויער פון הויף כדי אַראָפצולייגן דאָרט די משאות.** ולא את השדה, און (איין שותף קאָן) ניט (צווינגן דעם אַנדערן שותף צו צוטיילן זיך מיט דעם בשותפותדיקן) פעלד, סיידן עס וועט זיין (פעלד צו פאַרזייען) ניין קבים (טעפּ) פאַר דעם (איינעם שותף) און ניין קבים (טעפּ) פאַר דעם (אַנדערן שותף). **מחמת א שטיקל פעלד וואָס מען קאָן דאַרויף פאַרזייען ניין טעפּ תבואה־זריעה איז דאָס קלענסטע שטיקל פעלד וואָס הייסט א פעלד. מען האָט אויסגערעכנט אַז אַזא שטיקל פעלד האָט 3750 איילן.** ר׳ יהודה זאָגט, אַז (ביי א פעלד איז גענוג) ביז עס וועט זיין ניין האַלבע טעפּ פאַר דעם (איינעם שותף) און ניין האַלבע טעפּ פאַר דעם (אַנדערן שותף). **די גמרא זאָגט, אַז ר׳ יהודה איז ניט מחולק אויף דעם פריערדיקן דין, נאָר אין ר׳ יהודה'ס געגנט איז די ערד געווען א בעסערע און א פעלד פון ניין האַלבע טעפּ זריעה האָט אַרויסגעגעבן אַזוי פיל ווי אין אַן אַנדער אָרט א פעלד פון ניין טעפּ זריעה.** ולא את הגינה, און ניט א גאָרטן ביז עס וועט זיין (נאָכן צעטיילן) א (שטיקל גאָרטן וואָס צו פאַרזייען עס דאַרף מען האָבן א) האַלבן קב (טאָפּ זריעה־קערנדלעך) פאַר דעם (איינעם שותף), און א (שטיקל גאָרטן פון א) האַלבן קב (זריעה) פאַר דעם (אַנדערן שותף); ר׳ עקיבא זאָגט, אַז א שטיקל גאָרטן פון א פערטל (קב זריעה פאַר יעדן שותף). **א גאָרטן פאַר ירקות, גרינס, פאַרזייט מען קלענערע שטיקלאַך ערד, און דעריבער איז גענוג א שטח פון א האַלבן קב, און לויט ר׳ עקיבא א פערטל קב.** ולא את הטרקלין, און ניט (אויך קאָן איין שותף ניט צווינגן דעם אַנדערן שותף צו צעטיילן זיך מיט) א גרויסן זאַל (טריקלין), און ניט א טורם (מורן), און ניט מיט א טויבן־שלאַג (שובך), און ניט מיט א קלייד (טלית) און ניט מיט א באָד־הויז (מרחץ), און ניט מיט א אייל־פרעסער־קעלטער (בית הבד, אַן אָרט וואו מען פרעסט אויס אייל פון איילבירטן), סיידן אַז (נאָכן צעטיילן זיך) זאָל בלייבן גענוג פאַר דעם איינעם

שֶׁיְּהֵא בָהֶן כְּדֵי לָזֶה וּכְדֵי לָזֶה. זֶה הַכְּלָל כָּל שֶׁיֵּחָלֵק וּשְׁמוֹ עָלָיו חוֹלְקִין. וְאִם לָאו אֵין חוֹלְקִין. אֵימָתַי? בִּזְמַן שֶׁאֵין שְׁנֵיהֶם רוֹצִים. אֲבָל בִּזְמַן שֶׁשְּׁנֵיהֶם רוֹצִים אֲפִלּוּ בְּפָחוֹת מִכַּאן יַחֲלוֹקוּ. וְכִתְבֵי הַקֹּדֶשׁ אַף עַל פִּי שֶׁשְּׁנֵיהֶם רוֹצִים לֹא יַחֲלוֹקוּ:

# פרק ב.

**א** לֹא יַחְפּוֹר אָדָם בּוֹר סָמוּךְ לְבוֹרוֹ שֶׁל חֲבֵרוֹ, וְלֹא שִׁיחַ, וְלֹא מְעָרָה, וְלֹא אַמַּת הַמַּיִם, וְלֹא נִבְרֶכֶת כּוֹבְסִין, אֶלָּא אִם כֵּן הִרְחִיק מִכּוֹתֶל

שותף) און גענוג פאר דעם (אנדערן שותף); דאָס איז דער כלל, יעדע (זאך) וואָס ווען מען צעטיילט זי בלייבט נאָך איבער איר נאָמען (אויף יעדן טייל), צעטיילט מען. **למשל, אויב דער זאַל, דער טרקלין, איז גענוג גרויס, אז ווען מען צעטיילט אים אויף צוויי וועט יעדער שותף האָבן א באַזונדערן זאַל, און דאָסזעלביקע ביי א באָד־הויז, און דאָסזעלביקע ביי א טויבן־שלאַג, קאָן איין שותף צווינגען דעם אנדערן שותף צו צעטיילן זיך. ווענן „טלית" קלייד, איז נויטיק צו וויסן, אז אין די מזרח־לענדער איז דאָס קלייד איין גרויס שטיק געוואַנד, אָן ארבל (ווי אונזערס א „טלית"), אזוי אז ווען מען צע־טיילט איין גרויס קלייד, קאָן זיין דערפון צוויי קלענערע קליידער. דאָס וואָרט „טרקלין" איז דאָס גריכישע „טריקלינאָן", א גרויסער זאַל. ווענן „מורן" איז שווער צו זאָגן פון וואַנען עס שטאַמט. דער „ערוך" טייטשט א קליינער טורם וואָס מען בויט אין גאָרטנער. טייל מיינען אז עס דאַרף זיין די גירסא „מודן" (מיט א „דלית") וואָס איז דער טייטש אין אראביש („מאָדנא") א הילצערנער טורם.** ואם לאו, און אויב ניט (אויב ביים צעטיילן זיך וועט יעדער טייל ניט זיין דאָסזעלביקע וואָס פריער די גאַנצע זאך) צעטיילט מען זיך ניט. **אין אזא פאַל קאָן איין שותף ניט צווינגען דעם אנ־דערן צו צעטיילן זיך. די גמרא זאָגט, אז דער שותף וואָס וויל זיך צעטיילן קאָן צווינגען דעם אנדערן שותף צו „גוד או אגיד", אָדער „קויף דו אָפּ מיין חלק, אָדער איך וועל אָפּקויפן דיין חלק".** אימתי? ווען (איז דאָס געזאָגט געוואָרן? ווען איז דער דין **אז מען צעטיילט ניט?** בזמן, ווען ניט ביידע (שותפים) זענען מסכים (ווען איין שותף זאָגט, אז ער וויל זיך ניט צעטיילן), אָבער ווען ביידע (שותפים) זענען מסכים (צום צעטיילן זיך), אפילו ווינציקער פון דעם (אויב עס בלייבט ניט נאָכן צעטיילן זיך דער שיעור וואָס די משנה האָט פריער געזאָגט) קאָנען זיי זיך צעטיילן; אָבער הייליקע ספרים (כתבי הקודש, תנ"ך געשריבן אויף פאַרמעט און איינגעוויקלט ווי א ספר תורה), כאָטש ביידע (שותפים, וועלכע האָבן דעם תנך) זענען מסכים (צו צעטיילן זיך מיט אים) טאָרן זיי זיך ניט צעטיילן. **ווייל עס איז ניט שיין פאַר די הייליקע ספרים אז מען זאָל זיי צע־שניידן. אויב אָבער זיי זענען געשריבן באַזונדערע ספרים אין באַזונדערע מגילות, קאָנען זיי זיך יאָ צעטיילן אויב ביידע שותפים זענען מסכים.**

## פרק ב.

א. לא יחפור, א מענטש טאָרניט גראָבן זיין ברונעם (א ברונעם ביי זיך אין הויף) —נאָנט צום ברונעם פון אן אנדער (פון זיין שכן), און ניט א לענגליכן שמאָלן וואַ־סער־גרוב (שיח) און ניט קיין הייל (מערה), און ניט קיין וואַסער־קאַנאַל, און ניט קיין וואַסער־בעקן פאַר וועשערס (צו וואַשן וועש), סיידן ער האָט אָפּגערוקט פון דער וואַנט (פון דער גרעניץ) פון אנדערן (פון שכן) דריי טפחים. **אפילו דער שכן האָט ניט ביי זיך קיין ברונעם אָדער אן אנדערן וואַסער גרוב, דאַרף מען אויך אָפּרוקן פון דער גרעניץ פון שכנ'ס הויף דריי טפחים, ווייל טאָמער וועט דער שכן וועלן גראָבן ביי זיך א ברונעם צי א וואַסער־גרוב און דאָס וועט אים קאַליע מאַכן. צוליב דעם וואָס אויך** דער שכן דאַרף אָפּרוקן זיין ברונעם פון דער גרעניץ פון הויף דריי טפחים, קומט אויס אז צווישן דעם חלל פון איין שכנ'ס ברונעם צום חלל פון אנדערן שכנ'ס ברו־נעם וועט זיין 6 טפחים (אן אייל), און דאָס איז דער שיעור אז איין ברונעם זאָל ניט

חֲבֵרוֹ שְׁלֹשָׁה טְפָחִים, וְסָד בְּסִיד. מַרְחִיקִין אֶת הַגֶּפֶת, וְאֶת הַזֶּבֶל, וְאֶת הַמֶּלַח, וְאֶת הַסִּיד, וְאֶת הַסְּלָעִים מִכּוֹתְלוֹ שֶׁל חֲבֵרוֹ שְׁלֹשָׁה טְפָחִים, וְסָד בְּסִיד. מַרְחִיקִין אֶת הַזְּרָעִים וְאֶת הַמַּחֲרֵשָׁה וְאֶת מֵי רַגְלַיִם מִן הַכּוֹתֶל שְׁלֹשָׁה טְפָחִים. וּמַרְחִיקִין אֶת הָרֵחַיִם שְׁלֹשָׁה מִן הַשֶּׁכֶב שֶׁהֵן אַרְבָּעָה מִן הָרֶכֶב, וְאֶת הַתַּנּוּר שְׁלֹשָׁה מִן הַכִּלְיָא שֶׁהֵן אַרְבָּעָה מִן הַשָּׂפָה: **ב** לֹא יַעֲמִיד

קאליע מאכן דעם אנדערן ברונעם. דאָס וואָרט „נברכת״ פון כובסין, א וואסער־גרוב פאר וועשער, געפינט מען אויך אין מועד קטן א׳ ו׳ **(ועושין נברכת במועד) און דאָרט האָבן מיר דערקלערט, אז דאָס האָט א שייכות מיטן וואָרט „ברכה״, א וואסער־באַהעלטער.** וסד, און ער דארף פארקאלכן (די וואנט פון זיין ברונעם און די אנדערע וואסער־גרובנס וואָס די משנה האָט פריער אויסגערעכנט) מיט קאלך. **כדי דאָס וואסער זאָל ניט דורכגיין און ווייכער מאכן די ערד פון זיין שכן.** מרחיקין, מען דארף אָפּרוקן דעם איילבירטן־אָפּפאל (גפת), און מיסט, און זאלץ, און קאלך, און פייערשטיינער (סלעים) פון דער וואנט פון אנדערן (פון שכנ׳ס גרעניץ) דריי טפחים. **„גפת״ איז דער שאָלעכץ פון די איילבירטן, וואָס בלייבט נאָכדעם ווי מען קוועטשט ארויס פון די איילבירטן דעם אייל. דאָס האָט מען געזאמלט אין א גרוב צו נוצן עס פאר מיסט. אויך מיסט האָט מען געזאמלט אין גריבער צו נוצן עס שפּעטער. אויך האָט מען געזאמלט אין גרובער זאלץ, קאלך, פייער־שטיינער, סלעים. זאָגט די משנה, אז די גרובער מיט די אלע זאכן דארפן זיין אָפּגערוקט דריי טפחים פון שכנ׳ס גרעניץ.** וסד, און ער דארף אויסקאלכן (די ווענט פון די גרובער) מיט קאלך. **אויך דאָ איז דער טעם, ווייל זיי מאכן קאליע די ערד ארום.** מרחיקין את הזרעים, מען דארף אָפּרוקן דאָס פארזייען (ירקות אָדער תבואה), און (דאָס אקערן מיטן) אקער־אייזן, און די השתנה (מי־רגלים) פון דער וואנט (פון שכן) דריי טפחים. **דאָס פארזייען דעם הויף מיט ירקות צי תבואה מאכט שטויביק די ערד; און דאָסזעלבע ווערט די ערד צוריבן דורך פאראַקערן. מיט „פאראַקערן״ מיינט מען דאָ ארום ביימער. די השתנה מאכט די ערד נאסליך און קאליע.** ומרחיקין, און מען דארף אָפּרוקן די מיל (פון דער גרעניץ פון שכן) דריי (טפחים) פון (אונטערשטן) ליג־שטיין (שכב), וואָס זענען פיר (טפחים) פון אויבערשטן רייט־שטיין (רכב). **אמאָל האָט יעדער בעל הבית געהאט ביי זיך אין הויף א קליינע מיל צו מאָלן פאר זיך מעל. די מיל (ריחיים) איז באשטאנען פון 2 שטיינער, אן אויבערשטן שטיין, וואָס האָט געהייסן „רכב״ (ער רייט אויף דעם אונטערשטן), און דעם אונטערשטן שטיין, וואָס האָט געהייסן „שכב״ (ער ליגט). די תבואה איז געמאָלן געוואָרן צווישן די 2 שטיינער. דער אונטערשטער שטיין איז געווען ברייטער און דער אויבערשטער שטיין איז געווען שמעלער פון אונטערשטן שטיין מיט איין טפח אין יעדער זייט. זאָגט די משנה אז דער אונטערשטער שטיין דארף זיין אָפּגערוקט פון שכנ׳ס וואנט 3 טפחים, און ממילא איז דער אויבערשטער שטיין אָפּגערוקט 4 טפחים.** ואת התנור, און דעם אויוון (דארף מען אָפּרוקן פון שכנ׳ס גרעניץ) דריי טפחים פון דעם אונטערשטן אויוון־טייל (כוליא), וואָס זענען פיר טפחים פון דעם ראנד (שפה, אויבערשטן טייל פון אויוון). **דעם אויוון האָט מען געקאָנט איבערטראָגן, און ער פלעגט טיילמאָל שטיין אין הויז; אָבער מייסטנס פלעגט ער שטיין אין הויף און דאָרט האָט מען אין אים געבאקן און געקאָכט (זע אין משנה בבא מציעא פרק ח׳ משנה ז׳). דער אונטערשטער טייל פון אויוון דער באָדן, דער יסוד, די „כוליא״ (פון וואָרט „כלה״, ענדיקן זיך) אויף וועלכן דער ריכטיקער אויוון שטייט, איז געווען ברייטער פון אויבערשטן טייל אויוון, פון ריכטיקן אויוון, מיט א טפח ארום און ארום. זאָגט די משנה אז דער אויוון דארף זיין אָפּגערוקט דער אונטערשטער טייל דריי טפחים פון שכנ׳ס גרעניץ, און ממילא וועט דער אויבערשטער טייל אויוון זיין אָפּגערוקט 4 טפחים. דאָס איז ווייל די היץ פון אויוון ברענגט שאדן דער וואנט. און אפילו דער שכן האָט ניט קיין וואנט איצט, קאָן ער שפּעטער וועלן אויפשטעלן א וואנט.**

אָדָם תַּנּוּר בְּתוֹךְ הַבַּיִת, אֶלָּא אִם כֵּן יֵשׁ עַל גַּבָּיו גּוֹבַהּ אַרְבַּע אַמּוֹת. הָיָה מַעֲמִידוֹ בַּעֲלִיָּה, צָרִיךְ שֶׁיְּהֵא תַחְתָּיו מַעֲזִיבָה שְׁלֹשָׁה טְפָחִים וּבַכִּירָה טֶפַח. וְאִם הִזִּיק מְשַׁלֵּם מַה שֶּׁהִזִּיק. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, לֹא אָמְרוּ כָּל הַשִּׁיעוּרִין הָאֵלּוּ, אֶלָּא שֶׁאִם הִזִּיק פָּטוּר מִלְּשַׁלֵּם: **ג** לֹא יִפְתַּח אָדָם חֲנוּת שֶׁל נַחְתּוֹמִין וְשֶׁל צַבָּעִין תַּחַת אוֹצָרוֹ שֶׁל חֲבֵרוֹ, וְלֹא רֶפֶת בָּקָר. בֶּאֱמֶת בַּיַּיִן הִתִּירוּ, אֲבָל לֹא רֶפֶת בָּקָר. חֲנוּת שֶׁבֶּחָצֵר יָכוֹל לִמְחוֹת בְּיָדוֹ וְלוֹמַר לוֹ, אֵינִי יָכוֹל לִישַׁן מִקּוֹל הַנִּכְנָסִין וּמִקּוֹל הַיּוֹצְאִים. (אֲבָל)

ב. לא יעמיד, א מענטש טאָר ניט אוועקשטעלן אן אויוון אין א הויז (אינוויניק אין הויז) סיידן עס איז פאראן איבער אים הויך פיר איילן. **צווישן דעם אויוון און דעם סופיט פון הויז דארף זיין ליידיק אָרט 4 איילן, כדי דאָס פייער זאָל ניט אָנצינדן דעם סופיט. לויט טייל פּירושים איז דאָס דער דין אפילו ווען איבערן סופיט אין דער הויך וואוינט ניט קיינער; מחמת די שטאָט-מענטשן קאָנען דאָס פאַרווערן, מורא האָבנדיק אז דאָס פייער זאָל זיך ניט איבערוואַרפן אויף זייערע הייזער.** היה, אויב ער האָט אים (דעם אויוון) אוועקגעשטעלט אין א אויבערשטער וואוינונג (אויף א צווייטן שטאָק, בעליה, און אונטער אים איז פאַראן א וואוינונג) דארף זיין (אונטער דעם אויוון, די פּאָדלאָגע) ליים-באַפעסטיגונג (מעזיבה) דריי טפחים. וועגן „מעזיבה" **זע בבא מציעא פרק י' משנה ב'.** ובכירה, און אין א קיך (וואו מען באַקט ניט, נאָר מען קאָכט, און מען מאַכט דאריבער ניט קיין גרויסן פייער) א טפח. עס איז גענוג אויב אי-**בער דער קיך ביז צום סופיט איז פאַראן ליידיקער חלל איין טפח, און אויך אונטן די ליים-באַפעסטיגונג פון דער פּאָדלאָגע, איין טפח.** ואם הזיק, און אויב ער האָט גע-טאָן שאדן, דאַרף ער באַצאָלן פאַר דעם שאדן. **אפילו איינער האָט אָפּגערוקט די דריי טפחים, און עס איז פאַרט געוואָרן א שאדן, דאַרף דער בעל הבית (פון דעם אויוון) באַצאָלן פאַר דעם שאדן.** ר' שמעון זאָגט, אז מען האָט (די חכמים האָבן) געזאָגט די דאָזיקע שיעורים (וואָס די משנה דערמאָנט פריער אז מען דאַרף אָפּרוקן) נאָר אז אויב (ער האָט אָפּגערוקט און) עס איז (פאַרט) געוואָרן א שאָדן, איז ער פטור צו באַצאָלן. **מחמת עס איז ניט זיין שולד וואָס דער שאדן איז געשען.**

ג. לא, א מענטש זאָל ניט עפנען א געוועלב פון בעקערס (א בעקעריי) און פון פאַרבערס (א פאַרבעריי) אונטער דעם שפּייכלער פון אן אַנדערן. **מחמת די היץ פון דער בעקעריי און פון דער פאַרב גייט אַדורך דורך דעם סופיט און ברענגט שאדן די תבואה און פּרוכטן אין דעם שפּייכלער. די משנה זאָגט א „געוועלב" (חנות) ווייל אין די מזרח לענדער איז די בעקעריי און די פאַרבעריי אין דעם געוועלב וואו מען פאַרקויפט דאָס געבעקס און מען נעמט אָן די זאַכן צום פאַרבן.** ולא, און אויך ניט (מען טאָר ניט מאַכן אונטערן אַנדערנס שפּייכלער) א שטאַל פון רינדער. **ווייל דער שלעכ-טער ריח פון דער שטאַל דרינגט אַדורך דעם סופיט און שאדט דער תבואה און די פּרוכטן אין שפּייכלער.** באמת, דער אמת איז אז ביי וויין (אויב אין א שפּייכלער איז פאַראַן נור וויין) האָט מען מתיר געמאַכט (צו מאַכן אונטן א בעקעריי און א פאַרבע-ריי), אָבער ניט א שטאַל פון רינדער. **ווייל דעם דאַמאָלסדיקן וויין אין ארץ ישראל האָט היץ ניט נור ניט קאַליע געמאַכט, נאָר האָט אים פאַרבעסערט.** חנות שבחצר, (אויב איין איינוואוינער האָט) א קראָם אין הויף (אין שותפות-הויף פון עטליכע איינ-וואוינער) קאָן ער (יעדער אַנדערער איינוואוינער פון הויף) פאַרווערן אים (צו האַלטן די קראָם) און זאָגן אים: „איך קאָן ניט שלאָפן צוליב דעם ליאַרם (קול) פון די (קונים) וועלכע קומען אַריין און גייען אוועק". **ניט נאָר ווען איינער, וואָס האָט א הויז אין דאָזיקן בשותפותדיקן הויף, גייט עפענען א קראָם קאָן אים יעדער אַנדערער איינ-וואוינער וואָס האָט אויך א הויז אין דאָזיקן הויף, ניט לאָזן עפענען די קראָם, נאָר אפילו**

עוֹשֶׂה כֵלִים יוֹצֵא וּמוֹכֵר בְּתוֹךְ הַשּׁוּק. אֲבָל אֵינוֹ (וְאֵינוֹ) יָכוֹל לִמְחוֹת בְּיָדוֹ וְלוֹמַר לוֹ אֵינִי יָכוֹל לִישַׁן מִקּוֹל הַפַּטִּישׁ, וְלֹא מִקּוֹל הָרֵחַיִם, וְלֹא מִקּוֹל הַתִּינוֹקוֹת: **ד** מִי שֶׁהָיָה כּוֹתְלוֹ סָמוּךְ לְכוֹתֶל חֲבֵרוֹ. לֹא יִסְמוֹךְ לוֹ כּוֹתֶל אַחֵר. אֶלָּא אִם כֵּן הִרְחִיק מִמֶּנּוּ אַרְבַּע אַמּוֹת. וְהַחַלּוֹנוֹת (בֵּין) מִלְמַעְלָן (בֵּין) וּמִלְּמַטָּן (בֵּין) וּמִכְּנֶגְדָּן אַרְבַּע אַמּוֹת: **ה** מַרְחִיקִין אֶת הַסֻּלָּם מִן הַשּׁוֹבָךְ אַרְבַּע אַמּוֹת כְּדֵי שֶׁלֹּא תִקְפּוֹץ הַנְּמִיָּה. וְאֶת הַכּוֹתֶל מִן

ווען די קראָם איז שוין פאראן, קאָן מען אים צווינגן צו פארמאכן. **עושה כלים,** (א בעל מלאכה) וואָס מאכט כלים גייט ארויס פון הויף און פארקויפט (די כלים) אין גאס. **אָבער אריינברענגען קונים קאָן ער ניט, ווייל מען קאָן אים פארווערן, אזוי ווי ביי א געוועלב.** אבל, אָבער ער (דער אנדערער איינוואוינער פון הויף) קאָן ניט פארווערן (דעם בעל מלאכה אויסצואַרבייטן די כלים אין הויף) און זאָגן אים: „איך קאָן ניט שלאָפן ניט פון ליארם פון דעם גרויסן האמער (פטיש, מיט וועלכן מען ארבייט אויס די כלים), און ניט פון ליארם פון דער מיל, און ניט פון ליארם פון די קליינע קינדער". **די משנה לערנט, אז ניט נור קאָן מען ניט שטערן א בעל מלאכה צו ארבייטן אין הויף, נאָר מען קאָן אויך ניט שטערן קיינעם צו מאָלן אויף א מיל מעל אין הויף, און אויך קאָן מען ניט שטערן א מלמד צו לערנען מיט קינדער אין הויף. דער טעם איז, וואָס ביי א קראָם איז דער ליארם, דער גערויש, פון פרעמדע מענטשן, אָבער ביי א בעל מלאכה איז דער גערויש פון בעל מלאכה אליין וועלכער איז דאָך א שותף אין הויף. און כאָטש ביי א מלמד איז דער גערויש פון פרעמדע קינדער, פונדעסטוועגן קאָן מען דאָס ניט שטערן, כדי צו פארשפרייטן תורה צווישן קינדער. אויב אָבער מען לערנט אנדערע זאכן, ניט תורה, קאָן מען יאָ שטערן.**

ד. מי שהיה, אויב איינער האָט אוועקגעשטעלט (ביי זיך אין הויף) א וואנט צו דער וואנט פון אן אנדערן (פון זיין שכן, ווי א דלית „ד"), טאָר ער ניט צושטעלן (צו זיין וואנט נאָך) אן אנדערע וואנט (ווי א חית „ח") סיידן ער זאָל אָפּרוקן פון אים (פון דעם שכנ׳ס וואנט) פיר איילן. **די גמרא זאָגט, אז דער טעם פארוואָס דער שכן האָט אים דערלויבט צו־צו־שטעלן א וואנט צו זיין (דעם שכנ׳ס וואנט) איז ווייל ביי די ווענט גייען מענטשן און זיי טרעטן דאדורך איין די ערד פעסטער און די וואנט האלט זיך דאריבער פעסטער. אָבער אז ער וועט צושטעלן די דריטע וואנט ווי א „ח", און צווישן דער דריטער וואנט און דעם שכנ׳ס וואנט וועט זיין א שמאָל אָרט, ווינציקער פון 4 איילן, וועלן דאָרט מענטשן ניט גיין. דאריבער מוז ער אָפּרוקן 4 איילן.** והחלונות, און פון די פענסטער, סיי פון דער הויך, סיי אין דער נידער און סיי אנטקעגן־איבער (דארף מען אָפּרוקן) פיר איילן. **די משנה ווערט געטייטשט אזוי. אויב איינער, ראובן, האָט א וואנט פון א הויז מיט פענסטער אין דער וואנט, און זיין שכן, שמעון, וויל בויען אנטקעגן איבער א וואנט, איז אויב דאָס פענסטער איז אין דער הויך, און פון שפיץ וואנט ביז צו ראובנ׳ס פענסטער איז ווינציקער פון 4 איילן, קאָן דאריבער שמעון זען וואָס עס טוט זיך ביי ראובן אין שטוב, מחמת דעם דארף שמעון מאכן די וואנט נידריגער. אויב דאָס פענסטער איז אין דער נידער, דארף שמעון מאכן די וואנט העכער מיט 4 איילן פון פענסטער. און אויב דאָס פענסטער איז אין דערמיט, דארף בכלל שמעון אָפּרוקן די וואנט 4 איילן פון פענסטער, כדי עס זאָל ניט פאר־שטעלט ווערן די ליכטיקייט.**

ה. מרחיקין, א מענטש דארף אפּרוקן דעם לייטער (ביי זיך אין הויף) ווייט פון דעם טויבנשלאג (וואָס געפינט זיך ביים שכן אין הויף) פיר איילן, כדי דאָס וויזל־חיה׳לע (נמיה) זאָל ניט ארויפשפּרינגען (דורך דעם לייטער אין דעם טויבנשלאג און הרגענען די טויבן). **דער שפּרונג פון דעם וויזל־חיה׳לע איז אויף 4 איילן דורך דער לופט. דאָס וואָרט נמיה זאָל זיין דאָס זעלביקע וואָס אין אראביש „נמש", דער וויזל.**

הַמַּזְחִילָה אַרְבַּע אַמּוֹת כְּדֵי שֶׁיְּהֵא זוֹקֵף אֶת הַסֻּלָּם. מַרְחִיקִין אֶת הַשּׁוֹבָךְ מִן הָעִיר חֲמִשִּׁים אַמָּה, וְלֹא יַעֲשֶׂה אָדָם שׁוֹבָךְ בְּתוֹךְ שֶׁלּוֹ אֶלָּא אִם כֵּן יֵשׁ לוֹ חֲמִשִּׁים אַמָּה לְכָל רוּחַ. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, בֵּית אַרְבַּעַת כּוֹרִין מְלֹא שֶׁגֶר הַיּוֹנָה. וְאִם לְקָחוֹ אֲפִלּוּ בֵּית רוֹבַע הֲרֵי הוּא בְחֶזְקָתוֹ: ו נִפּוּל הַנִּמְצָא בְּתוֹךְ חֲמִשִּׁים אַמָּה, הֲרֵי הוּא שֶׁל בַּעַל הַשּׁוֹבָךְ. חוּץ מֵחֲמִשִּׁים אַמָּה הֲרֵי הוּא שֶׁל מוֹצְאוֹ. נִמְצָא בֵּין שְׁנֵי שׁוֹבָכוֹת, קָרוֹב לָזֶה שֶׁלּוֹ, קָרוֹב

**אזוי מיינט דער „ערוך השלם״.** ואת הכותל, און די וואנט (ווען איינער וויל בויען א וואנט ביי זיך אין הויף נאָענט צום שכנ׳ס הויז דארף ער זי אָפּרוקן) פון (דעם שכנ׳ס) דאך־רינע („מזחילה״, פון „זחל״, קריכן, די רינע, דורך וועלכע עס רינט אראָפּ דאָס רעגן־וואסער) פיר איילן. כדי ער(דער שכן) זאָל האָבן גענוג אָרט צו קאָנען אוועקשטעלן א לייטער. מרחיקין את השובך, מען דארף דערווייטערן א טויבנשלאג פון דער שטאָט פופציק איילן, און א מענטש זאָל ניט מאכן ביי זיך (אין פעלד א טויבנשלאג) סיידן ער האָט פופציק איילן צו יעדער זייט (פון טויבנשלאג). **דער טעם איז ווייל די טויבן, וועלכע מען האָדעוועט אין טויבנשלאג, פליען ארויס און זיי מאכן קאליע די זריעות־קערנדלעך וואָס מען שפּרייט אויס צו טריקענען. כאָטש די טויבן פליען ווייטער פון 50 איילן, נעמט מען אָן, אז זיי זאמלן זייער עסן נאָר ביז 50 איילן, און ווייטער דערפון ברענגען זיי ניט מער קיין שאדן.** ר׳ יהודה זאָגט, אז (עס מוז זיין אָפּגערוקט פון טויבנשלאג ווי א פעלד (וואָס מען פארזייט דערויף) פיר כור (תבואה), אזוי פיל ווי עס קאָן געבן א פלי די טויב (מלוא שגר היונה). **דאָס הייסט אין יעדער זייט פון טויבנשלאג דארף זיין גרויס וויפיל א פעלד וואָס מען קאָן דאָרט פארזייען איין כור תבואה. די מאָס דערפון איז לערך 273 איילן. ר׳ יהודה האלט, אז ביז אזוי ווייט ברענגט די טויב שאדן. דער אויסדרוק „שגר היונה״ (אין שמות י״ג איז פאראן „שגר בהמה״) איז דער טייטש דער וואָרף פון דער טויב, דער פלי.** ואם לקחו, און אויב איינער האָט אים געקויפט (דעם טויבנשלאג מיט דעם פעלד ארום, און דאָרט איז ניט פאראן אזוי פיל אָפּגערוקט), איז אפילו עס איז ניט מער אָפּגערוקט ווי (א שטיקעל פעלד אויף וועלכן מען קאָן פארזייען) א פערטל (טאָפּ, רובע) האָט ער א חזקה. **ער קאָן עס ווייטער אזוי האלטן, ווייל דער פריערדיקער בעל הבית האָט געהאט דארויף דאָס רעכט און קיינער האָט אים ניט געשטערט. די מאָס א פערטל־טאָפּ־פעלד (בית רובע) איז לערך 10 איילן.**

ו. ניפול, א יינג טייבעלע (וואָס קאָן נאָכניט פליען, און עס שפּרינגט נור אונטער) וואָס איינער האָט געפינען אין די פופציק (ווינציקער פון פופציק) איילן פון א טויבנשלאג, געהערט עס צום בעל הבית פון טויבנשלאג. **אויב דאָס טייבעלע קאָן פליען, געהערט עס צו דעם וועלכער האָט עס געפינען, ווייל מען קאָן דאך אָננעמען, אז עס איז געקומען צופליען פון ערגיץ אנדערש (מעלמא). אָבער ווייל עס קאָן ניט פליען, און דער טויבנשלאג איז נענטער פון 50 איילן נעמט מען אָן אז עס איז פון טויבנשלאג.** חוץ מחמשים, (אויב ער האָט עס געפינען) ווייטער פון פופציק איילן, געהערט עס צו דעם (מענטש) וועלכער האָט עס געפינען. **ווייל עס קאָן זיין אז עס איז געקומען צושפּרינגען פון אן אנדער אָרט.** נמצא בין שני, אויב (דאָס שפּרינגענדיקע טייבעלע) איז געפונען געוואָרן צווישן צוויי טויבנשלאגן (וועלכע געהערן צו צוויי באזונדערע מענטשן), איז אויב עס איז (געפונען געוואָרן) נענטער צו דעם (איינעם טויבנשלאג) געהערט עס צום דאָזיקן, און אויב עס איז (געפונען געוואָרן) נענטער צו דעם (אנדערן טויבנשלאג) געהערט עס צום דאָזיקן (אנדערן); אויב העלפט אויף העלפט (עס איז פונקט אין דערמיט צווישןביידע טויבנשלאגן), זאָלן זיי זיך צוטיילן (מיט דעם טייבעלע)

לָזֶה שֶׁלּוֹ, מֶחֱצָה עַל מֶחֱצָה, שְׁנֵיהֶם יַחֲלוֹקוּ: ז מַרְחִיקִין אֶת הָאִילָן מִן הָעִיר עֶשְׂרִים וַחֲמִשָּׁה אַמָּה. וּבֶחָרוּב וּבַשִּׁקְמָה חֲמִשִּׁים אַמָּה. אַבָּא שָׁאוּל אוֹמֵר כָּל אִילַן סְרָק חֲמִשִּׁים אַמָּה. אִם הָעִיר קָדְמָה, קוֹצֵץ וְאֵינוֹ נוֹתֵן דָּמִים. וְאִם הָאִילָן קָדַם קוֹצֵץ וְנוֹתֵן דָּמִים. סָפֵק זֶה קָדַם וְסָפֵק זֶה קָדַם, קוֹצֵץ וְאֵינוֹ נוֹתֵן דָּמִים: ח מַרְחִיקִין גּוֹרֶן קָבוּעַ מִן הָעִיר חֲמִשִּׁים אַמָּה. לֹא יַעֲשֶׂה אָדָם גּוֹרֶן קָבוּעַ בְּתוֹךְ שֶׁלּוֹ אֶלָּא אִם כֵּן יֵשׁ לוֹ חֲמִשִּׁים אַמָּה לְכָל רוּחַ. וּמַרְחִיק מִנְּטִיעוֹתָיו שֶׁל חֲבֵרוֹ וּמִנִּירוֹ (בִּ)כְדֵי שֶׁלֹּא יַזִּיק: ט מַרְחִיקִין אֶת הַנְּבֵלוֹת וְאֶת הַקְּבָרוֹת וְאֶת הַבּוּרְסְקִי מִן הָעִיר חֲמִשִּׁים אַמָּה.

**די גמרא זאָגט, אז מען מיינט, אז אין ביידע טויבנשלאגן זענען געווען די זעלביקע צאָל טויבן; מחמת אויב אין איינעם איז געווען מער טויבן ווי אין אנדערן, געהערט עס צום דאָזיקן מיט דער גרעסערער צאָל טויבן, כאָטש צום אנדערן איז עס נענטער, ווייל „רוב וקרוב הולכין אחר הרוב", אויב אין איין אָרט איז פאראן מער, און צום אנ־דערן אָרט איז נענטער, נעמט מען אָן אז עס קומט פון אָרט וואו עס איז פאראן מער.**

ז. מרחיקין, מען דארף דערווייטערן א בוים פון דער שטאָט פינף און צוואַנציק איילן. **מען מיינט, אז דאָרט וואו עס ענדיקט זיך די שטאָט זאָל בלייבן ליידיקער פלאץ 25 איילן צוליב דער שענקייט פון דער שטאָט.** ובחרוב, און א באָקסער־בוים און א סיקאמאָר־בוים (זאָל מען דערווייטערן פון דער שטאָט) פופציק איילן. **ווייל זייערע צווייגן זענען מער, און זיי פארשטעלן מער דעם פלאץ פאר דער שטאָט.** אבא שאול זאָגט, אז יעדן בוים וואָס טראָגט ניט קיין פרוכטן (אילן סרק, זאָל מען דערווייטערן פון דער שטאָט) פופציק איילן. **ווייל די ביימער אָן פרוכטן זענען ניט שיין פאַר דער שטאָט.** אם העיר, אויב די שטאָט איז געווען פריער פארן בוים (דער בוים איז גע־פלאנצט געוואָרן נאָכדעם ווי עס איז שוין געווען א שטאָט) האקט מען אָפּ (דעם בוים) און מען גיט ניט קיין געלט, און אויב דער בוים איז געווען פריער, האקט מען אָפּ (דעם בוים) און מען גיט געלט (דעם בעל הבית פון בוים); אויב עס איז א ספק צי די (שטאָט) איז געווען פריער צי דער (בוים) איז געווען פריער, האקט מען אָפּ און מען גיט ניט קיין געלט. **מיט „שטאָט" מיינט מען דאָ ניט דוקא א גרויסע שטאָט, נאָר אויך א קליינע שטאָט; ווי למשל אין עירובין פרק ה' משנה ו', א שטאָט פון דריי הייפן, און אין יעדן הויף צוויי הייזער.**

ח. מרחיקין, מען דארף דערווייטערן א שטענדיקן שייער (וואו מען דרעשט און מען ווינטשויפלט די תבואות) פון דער שטאָט פופציק איילן. **ווייל די פליעוועס פון דער געדראָשענער און געווינטשויפלטער תבואה קומען אריין אין שטאָט און טאָן מענטשן שאדן.** לא יעשה, א מענטש זאָל ניט מאכן ביי זיך א שטענדיקן שייער, סיידן ער האָט (ביז צום שכנ'ס פעלדער) פופציק איילן צו יעדער זייט (פון זיין שייער), און (דאָס איז כדי) ער זאָל דערווייטערן (זיין שייער) פון די פלאנצונגען פון זיין שכן און פון זיין פאראקערט פעלד, כדי ער זאָל ניט טאָן קיין שאדן. **אזוי ווערט געטייטשט די משנה, אז דער „ומרחיק מנטיעותיו" איז א טעם, אז דאריבער דארף ער דערווייטערן אויך פון פעלדער, כאָטש מענטשן זענען ניט פאראן, ווייל זיינע פליעוועס קאָנען שאדן די געוויקסן אין שכנ'ס פעלדער, און אויך די פאראקערטע פעלדער, מחמת עס באַ־שמיצט זיי.**

ט. מרחיקין, מען דארף דערווייטערן נבלות (דאָס אָרט וואו מען זאמלט געפגרטע בהמות) און דאָס בית הקברות (וואו מען איז קובר מתים) און א גארבעריי (וואו מען ארבייט אויס פעל) פון דער שטאָט פופציק איילן. **ווייל זיי געבן ארויס א שלעכטן ריח.** אין עושין, מען זאָל ניט מאכן קיין גארבעריי סיידן אין דער מזרח־זייט פון א שטאָט

אֵין עוֹשִׂין בּוּרְסְקִי אֶלָּא לְמִזְרַח הָעִיר. רַבִּי עֲקִיבָא אוֹמֵר לְכָל רוּחַ הוּא עוֹשֶׂה, חוּץ מִמַּעֲרָבָהּ (וּמַרְחִיק חֲמִשִּׁים אַמָּה): **י** מַרְחִיקִין אֶת הַמִּשְׁרָה מִן הַיָּרָק וְאֶת הַכְּרֵישִׁין מִן הַבְּצָלִים וְאֶת הַחַרְדָּל מִן הַדְּבוֹרִים. רַבִּי יוֹסֵי מַתִּיר בַּחַרְדָּל: **יא** מַרְחִיקִין אֶת הָאִילָן מִן הַבּוֹר עֶשְׂרִים וְחָמֵשׁ אַמָּה. וּבֶחָרוּב וּבַשִּׁקְמָה חֲמִשִּׁים אַמָּה. בֵּין מִלְמַעְלָה בֵּין מִן הַצַּד. אִם הַבּוֹר קָדְמָה קוֹצֵץ וְנוֹתֵן דָּמִים. וְאִם אִילָן קָדַם לֹא יָקוֹץ. סָפֵק זֶה

**ווייל דער מזרח־ווינט בלאָזט ניט שטארק און דאריבער ברענגט ער ניט אין דער שטאָט דעם שלעכטן ריח.** ר׳ עקיבא זאָגט, אז מען קאָן מאכן (א גארבערײ) אין יעדער זייט (פון דער שטאָט) א חוץ אין דער מערב־זייט (און ער דערווייטערט פופציק איילן). **די גמרא זאָגט דעם טעם פארוואָס ניט אין דער מערב־זייט, ווייל די שכינה איז פאראַן אין דער מערב־זייט פון דער וועלט. אין טייל גירסאות איז ניט פאראַן אין די ווערטער פון ר׳ עקיבא „און ער דערווייטערט פופציק איילן״.**

י. מרחיקין, מען דארף דערווייטערן די פלאקס־איינווייקונג (דעם גרוב מיט וואסער אין וועלכן מען ווייקט פלאקס, „משרה״ פון „שרה״, ווייקן) פון (וואקסנדיקע) גרינסן, און קנאָבל־לויך (זאָל מען דערווייטערן) פון (וואקסנדיקע) ציבעלעס, און זענפט (גאָרטשיצע) זאָל מען דערווייטערן פון בינען (פון בינשטאָקן). **מען מיינט דאָ, אז איינער טאָר ביי זיך אין הויף ניט מאכן אזא גרוב צו ווייקן פלאקס לעבן דעם שכנ׳ס גאָרטן מיט גרינס, אָדער פלאנצן ביי זיך אין גאָרטן כרישין, קנאָבל־לויך (אזא גרינער קנאָבל) לעבן דעם שכנ׳ס גאָרטן מיט ציבעלעס, אָדער פלאנצן זענפט (גאָרטשיצע) לעבן דעם שכנ׳ס בינשטאָקן. ווייל דאָס פלאקס־וואסער מאכט קאליע די גרינסן און דער קנאָבל־לויך מאכט קאליע די ציבעלעס, און ווען די בינען פארזוכן די בלימלעך פון דעם זענעפט ווערט זייער האָניק קאליע.** ר׳ יוסי איז מתיר ביי זענפט (צו פלאנצן לעבן בינשטאָק). **די גמרא זאָגט, אז ר׳ יוסי האלט, אז אויך ווייקן פלאקס און פלאנצן קנאָבל־לויך מעג מען, ווייל יעדער קאָן טאָן ביי זיך וואָס ער וויל, און דערווייטערן זאָל זיך דער וועלכער האָט מורא פארן שאדן. נאָר ר׳ יוסי זאָגט, אז אפילו לויט די חכמים וואָס האלטן אז מען טאָר ניט, אָבער ביי זענפט מעג מען, ווייל פונקט ווי דער זענפט שאדט די בינען, שאדן די בינען דעם זענפט.**

יא. מרחיקין, מען דארף דערווייטערן א בוים פון א ברונעם (אויב איינער וויל פלאנצן ביי זיך א בוים און דערלעבן האָט זיין שכן א ברונעם) פינף און צוואנציק איילן. **כדי די וואָרצלן פון בוים וועלכע וועלן זיך אריינציען אין שכנ׳ס הויף אריין זאָלן ניט קאָנען קאליע מאכן דעם ברונעם.** ובחרוב, און ביי א באָקסער־בוים און ביי א סיקאמאָר־בוים (דארף מען דערווייטערן פון ברונעם) פופציק איילן. **ווייל זייערע וואָרצלן זענען גרעסערע.** בין למעלה, סיי ווען זיי (איינער פון זיי, דער בוים אָדער דער ברונעם) זענען העכער (איינער פון זיי איז אויף אַ בערגל און דער אנדערער איז אין טאָל), און סיי ווען זיי זענען אין א זייט (זיי געפינען זיך אויף דער זעלביקער הויכקייט) **אויב דער ברונעם איז נידריקער, גייען די וואָרצלן אריין אין ברונעם און ברענגען אים שאדן. אויב דער ברונעם איז העכער, צעשטערן די וואָרצלן די ערד אונטער דעם באָדן פון ברונעם און מאכן אים קאליע.** אם, אויב דער ברונעם איז געווען פריער, זאָל מען אים (דעם בוים) אָפּהאקן, און ער (דער ברונעם־בעל הבית) גיט געלט (באצאָלט דעם בעל הבית פון בוים פאר דעם בוים), און אויב דער בוים איז געווען פריער (און דערנאָך האָט דער שכן געמאכט דעם ברונעם) זאָל מען ניט אָפּהאקן. **מען קאָן אים ניט צווינגען אָפּצוהאקן, אָבער אויב דער ברונעם איז געווען פריער, קאָן מען אים יאָ צווינגען אָפּצוהאקן, נאָר ער באקומט**

קָדַם וְסָפֵק זֶה קָדַם לֹא יָקוּץ. רַבִּי יוֹסֵי אוֹמֵר, אַף עַל פִּי שֶׁהַבּוֹר קָדַם לָאִילָן, לֹא יָקוּץ שֶׁזֶּה חוֹפֵר בְּתוֹךְ שֶׁלּוֹ, וְזֶה נוֹטֵעַ בְּתוֹךְ שֶׁלּוֹ: **יב** לֹא יִטַּע אָדָם אִילָן סָמוּךְ לִשְׂדֵה חֲבֵרוֹ, אֶלָּא אִם כֵּן הִרְחִיק מִמֶּנּוּ אַרְבַּע אַמּוֹת, אֶחָד גְּפָנִים וְאֶחָד כָּל אִילָן. הָיָה גָדֵר בֵּינְתַיִם, זֶה סוֹמֵךְ לַגָּדֵר מִכָּאן וְזֶה סוֹמֵךְ לַגָּדֵר מִכָּאן. הָיוּ שָׁרָשָׁיו יוֹצְאִים לְתוֹךְ שֶׁל חֲבֵרוֹ מַעֲמִיק שְׁלשָׁה טְפָחִים כְּדֵי שֶׁלֹּא יְעַכֵּב אֶת הַמַּחֲרֵשָׁה. הָיָה חוֹפֵר בּוֹר שִׁיחַ וּמְעָרָה קוֹצֵץ וְיוֹרֵד וְהָעֵצִים שֶׁלּוֹ: **יג** אִילָן שֶׁהוּא נוֹטֶה לִשְׂדֵה חֲבֵרוֹ, קוֹצֵץ מְלֹא הַמַּרְדֵּעַ עַל גַּבֵּי הַמַּחֲרֵשָׁה. וּבֶחָרוּב וּבַשִּׁקְמָה כְּנֶגֶד

געלט, ווייל ער האָט דאָך געפלאַנצט ביי זיך און דער שאדן קאָן דאָך קומען ערשט **שפּעטער.** ספק, אויב עס איז א ספק צי דער איז געווען פריער, צי דער איז געווען פריער, זאָל ער ניט אָפּהאַקן. מען האָט דאָ מיקל געווען, ווייל **עס גייט דאָך נור וועגן א יחיד, אן איינצעלנעם מענטשן; אָבער פריער אין משנה ז׳ וועגן א שטאָט, א רבים. א סך מענטשן, הייסט מען יאָ אָפּהאַקן.** ר׳ יוסי זאָגט, אז אפילו דער ברונעם איז געווען פריער פאַר דעם בוים, זאָל ער ניט אָפּהאַקן, ווייל דער (בעל הבית פון ברונעם) גראָבט (זיין ברונעם) אויף זיין (גרונט), און דער (בעל הבית פון בוים) פלאַנצט אין זיין (גרונט). **און איינער קאָן ניט שטערן דעם אנדערן.**

יב. לא, א מענטש זאָל ניט פלאַנצן (ביי זיך אין פעלד) א בוים נאָנט צו זיין שכנ׳ס פעלד, סיידן ער האָט אָפּגערוקט דערפון פיר איילן, סיי ווײנשטאָקן און סיי יעדן אנדערן (סאָרט) בוים. **דער טעם איז ווייל אין ארץ ישראל איז דער אקער־אייזן, מיט וועלכן מען האָט געאַקערט ארום דיביימער, געווען א לאַנגער, און עס וואָלט אויסגעקומען, אז מען זאָל אריינגיין מיטן אקער־אייזן אין שכנ׳ס פעלד.** היה, אויב עס איז געווען א צוים אין דער מיט (צווישן זיין פעלד און דעם שכנ׳ס פעלד) קאָן דער (איינער פון זיי פלאַנצן דעם בוים) נאָנט צום צוים פון דער זייט, און דער (אַנ־דערער פון זיי קאָן פלאַנצן דעם בוים) נאָנט צום צוים פון דער (אנדערער) זייט. **מחמת דאָ איז דאָך ניטאָ מורא צו האָבן אז מען וועט אריינגיין מיטן אקער־אייזן אין שכנ׳ס פעלד.** היו, אויב זיינע וואָרצלן זענען אריינגעגאַנגען (אונטן אין דער ערד האָבן זיך די וואָרצלן פון בוים פונאַנדערגעוואָקסן אריין) אין (דעם פעלד) פון זיין שכן, מעג ער (דער שכן) האַקן זיי (די וואָרצלן) טיף 3 טפחים, כדי זיי זאָלן ניט שטערן דעם אקער־אייזן. **מען מיינט, אז דער שכן מעג אָפּהאַקן די וואָרצלן פון יענעמ׳ס בוים ביז דריי טפחים אין דער ערד, — כדי ער זאָל קאָנען אקערן ביי זיך מיט זיין אקער־אייזן און ער זאָל ניט פאַרהאַלטן ווערן דורך די וואָרצלן, און ער דאַרף ניט מורא האָבן טאָמער וועט דער בוים קאַליע ווערן.** היה, אויב ער (דער שכן) גראָבט א ברונעם אָדער א לענגליכן און שמאָלן וואַסער־גרוב (שיח) אָדער א הייל (ביי זיך אין פעלד, און טרעפט אָן אויף די וואָרצלן פון יענעמ׳ס בוים, וואָס זענען אריין אין זיין פעלד אריין), מעג ער אָפּהאַקן (אפילו טיפער פון דריי טפחים), און גייט אַראָפּ (און גראָבט ווייטער). **ווייל דאָס איז זיין פעלד.** והעצים, און דאָס האָלץ (וואָס דער שכן האַקט אָפּ די וואָרצלן, סיי ביז די דריי טפחים, סיי מער פון די דריי טפחים), געהערן צו אים (צום שכן). **מחמת זיי ציען דאָך די יניקה פון זיין פעלד. די גמרא זאָגט, אז דאָס איז נור אויב די וואָרצלן זענען ווייט 16 איילן פון בוים־שטאַם, אָבער אויב זיי זיינען נענטער פון 16 איילן, געהערט דאָס האָלץ צום בוים־בעל־הבית, ווייל די וואָרצלן ציען דאַמאָלס זייער יניקה נור פון בוים.**

יג. אילן, אויב א בוים (פון א פריוואַטן מענטשן בייגט זיך (זיינע צווייגן בייגן זיך) אריבער אין שכנ׳ס פעלד, האַקט ער (דער שכן) ביז דער הויך פון שטאַך־אייזן (מרדע) איבער דעם אקער־אייזן. **דער מרדע, דער שטאַך־אייזן, מיט וועלכן מען פירט די אָקסן וואָס זענען איינגעשפּאַנט אין אקער־אייזן, איז הויך. מען דאַרף דאַריבער**

הַמִּשְׁקוֹלֶת. בֵּית הַשְּׁלָחִין כָּל הָאִילָן כְּנֶגֶד הַמִּשְׁקוֹלֶת. אַבָּא שָׁאוּל אוֹמֵר, כָּל אִילָן סְרָק כְּנֶגֶד הַמִּשְׁקוֹלֶת: יד אִילָן שֶׁהוּא נוֹטֶה לִרְשׁוּת הָרַבִּים קוֹצֵץ כְּדֵי שֶׁיְּהֵא גָּמָל עוֹבֵר וְרוֹכְבוֹ. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, גָּמָל טָעוּן פִּשְׁתָּן אוֹ חֲבִילֵי זְמוֹרוֹת. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, כָּל הָאִילָן כְּנֶגֶד הַמִּשְׁקוֹלֶת מִפְּנֵי הַטֻּמְאָה.

# פרק ג.

א חֶזְקַת הַבָּתִּים וְהַבּוֹרוֹת וְהַשִּׁיחִין וְהַמְּעָרוֹת וְהַשּׁוֹבָכוֹת וְהַמֶּרְחֲצָאוֹת וּבֵית הַבַּדִּין וּבֵית הַשְּׁלָחִין וְהָעֲבָדִים וְכָל שֶׁהוּא עוֹשֶׂה פֵּירוֹת תָּדִיר,

אָפּהאַקן די צווייגן ביז דער דאָזיקער הויך, כדי דער שכן וועלכער פירט זיין אקעראייזן זאָל ניט געשטערט ווערן. ובחרוב, און ביי א באַקסער בוים און ביי א סיקאמאָר־בוים (זאָל מען אָפּהאַקן אלץ, לויט דער ליניע) אנטקייגן דער וואָג־שנור. „משקולת" (פון „משקל", געוויכט) מיינט מען א שנור, אין וועלכן מען בינדט אָן א שווער געוויכט, און ווען מען לאָזט אראָפּ דעם געוויכט ציט זיך אויס די שנור גלייך. מען מיינט דאָ, אז דער שכן האַקט אָפּ אלץ לויט דער גלייכער ליניע איבער דער גרעניץ פון פעלד. דער טעם איז ווייל די צווייגן פון באָקסער בוים און פון סיקאמאָר־בוים זענען א סך און זייער שאָטן ברענגט שאדן דעם פעלד. בית השלחין, אין א פעלד, וואָס דאַרף קינסטליכע באוואסערונג (האַקט מען אָפּ די צווייגן) אנטקייגן דער וואָג־שנור. מען האַקט אָפּ אלע צווייגן, ווייל אזא פעלד דאַרף מער זון, און יעדער שאָטן ברענגט שאדן. אבא שאול זאָגט, אז יעדער ניט־פּרוכטן־בוים (אילן סרק, א בוים אויף וועלכן עס וואַקסן ניט קיין פּרוכטן האַקט מען אָפּ) אנטקייגן דער וואָג־שנור מען האַקט אָפּ אלע צווייגן, עס איז ניט אזא שאדן פאַרן בוים, מחמת עס וואַקסן סיי ווי ניט קיין פּרוכטן.

יד. אילן, אויב א בוים (פון א פּריוואטן מענטש) בייגט זיך אריבער (די צווייגן בייגן זיך אריבער) אין רשות הרבים (אין א עפנטליכן אָרט, וואו מענטשן גייען), האַקט מען אָפּ ביז דער הויך, אז עס זאָל קאָנען אַדורכגיין א קעמל און זיין רייטער (דער מענטש וואָס רייט אויף אים). דער קעמל איז אין די מזרח־לענדער די בהמה צו טראָגן משאות און טיילמאָל צו רייטן. די הויך פון א קעמל און אויף אים זיצט א רייטער איז גרויס. ר' יהודה זאָגט, אז (עס איז גענוג אָפּצוהאַקן ביז דער הויך פון) א קעמל, וועלכער איז אָנגעלאָדן מיט פלאַקס אָדער מיט בינטלעך צווייגן. דאָס איז עטוואָס קלענער פון דעם קעמל מיטן רייטער; ר' יהודה האלט, אז דער רייטער קאָן זיך אביסל אראָפּבייגן ווען ער קומט צו אונטער דעם בוים. ר' שמעון זאָגט, אז (מען דאַרף אָפּהאַקן) אלע (צווייגן וואָס בייגן זיך אריבער פון) בוים אנטקייגן דער וואָג־שנור צוליב דער טומאה. דער דין איז אז אויב א מת און אפילו נור א שטיקל פון א מת געפינט זיך מיט א מענטש אונטער איין געצעלט, אונטער איין דאַך, אַיין זאַך באדעקט זיי אין דער הויך, ווערט דער מענטש טמא. זאָגט ר' שמעון, אז מען דאַרף אָפּהאַקן אלע צווייגן, ווייל עס איז מורא צו האָבן טאָמער וועט זיך געפינען אונטער די צווייגן א שטיקל פון א מת, און א מענטש וועט דורכגיין, און די צווייגן וועלן זיין ווי א דאַך איבער דעם שטיקל פון מת און דעם מענטש, און דער מענטש וועט טמא ווערן.

## פרק ג.

א. חזקת, די חזקה אויף הייזער, און ברונעמס, און וואסער־גריבער (שיחין) און היילן, און טויבנשלאָגן, און באָד־הייזער, און אייל־פּרעס־קעלטערס (בית הבדין) און קינסטליך־באוואסערט־פעלד, און שקלאַפן, — איז זייער חזקה דריי יאָר (נאָכאנאנד) פון טאָג צו טאָג. כדי צו פאַרשטיין די משנה און די ווייטערדיקע משנות וועלן מיר דערקלערן וואָס מען מיינט מיט „חזקה". דאָס וואָרט „חזקה" (פון

חֶזְקָתָן שָׁלֹשׁ שָׁנִים מִיּוֹם לְיוֹם. שְׂדֵה הַבַּעַל חֶזְקָתָהּ שָׁלֹשׁ שָׁנִים וְאֵינָהּ מִיּוֹם לְיוֹם. רַבִּי יִשְׁמָעֵאל אוֹמֵר, שְׁלֹשָׁה חֳדָשִׁים בָּרִאשׁוֹנָה וּשְׁלֹשָׁה בָּאַחֲרוֹנָה, וּשְׁנֵים עָשָׂר חֹדֶשׁ בָּאֶמְצַע, הֲרֵי שְׁמוֹנָה עָשָׂר חֹדֶשׁ. רַבִּי עֲקִיבָא אוֹמֵר, חֹדֶשׁ בָּרִאשׁוֹנָה וְחֹדֶשׁ בָּאַחֲרוֹנָה וּשְׁנֵים עָשָׂר חֹדֶשׁ בָּאֶמְצַע.

„החזיק", „האלטן", אָדער פון „חזק", „פעסט") מיינט דאָ „די קראַפט פון רעכט", די רעכט פון א מענטש אויף א זאַך. ווען די משנה זאָגט דאָ אז איינער האָט א חזקה אויף א הויז איז עס דער טייטש, אז דאָס הויז איז זיינס. ווי איז, למשל, ווען מיר ווייסן וועגן א הויז אז עס האָט געהערט צו ראובנען, און איצט, זינט א געוויסע צייט, האָט גאָר שמעון דאָס הויז צי דאָס פעלד, און ראובן קומט און מאָנט ביי שמעונען אז ער זאָל עס אים אָפּגעבן, און שמעון טענהט, אז ראובן האָט עס אים פאַרקויפט, איז דער דין, אז שמעון דאַרף ברענגען דעם שטר־מכירה, דעם פאַרקויפס־קאָנטראַקט, אז ראובן האָט עס אים פאַרקויפט. אויב ער ברענגט ניט אזא שטר, נעמט ראובן צוריק דאָס הויז. ווי איז אז שמעון טענה'ט, אז ער האָט געהאַט א שטר, נאָר ער האָט אים פאַרלוירן, גלויבט מען אים ניט, און ער איז מוז צוריקגעבן דאָס הויז צו ראובנען, ווייל מען נעמט אָן אז א מענטש היט אָפּ א שטר מכירה. לערנט די משנה, אז אויב אָבער עס זענען אריבער דריי יאָר און שמעון האָט די דריי יאָר כסדר געהאַט דאָס הויז צי בכלל יעדע זאַך, וואָס מען האָט דערפון כסדר נוצן (למשל, א בית השלחין, א גאָרטן וואָס ווערט קינסטליך וואַסערט, און עס וואַקסט דאָרט כסדר גרינס, אָדער א ברונעם, אָדער א באָד־הויז, אָדער א פרעסערייע פון אייל, אָדער שקלאַפן) און שמעון האָט עדות אז ער האָט דאָס געהאַלטן 3 יאָר, און ראובן האָט די גאַנצע צייט ניט געמאַכט קיין „מחאה", ניט פּראָטעסטירט קעגן דעם, קאָן שוין שמעון יאָ טענהן אז ער האָט דאָס געקויפט ביי ראובנען און אז ער האָט דעם שטר פאַרלוירן; ווייל מער פון 3 יאָר היט מען ניט דעם שטר, אויב דער פאַרקויפער, ראובן, מאַכט ניט קיין מחאה, פּראָטעסטירט ניט דורך דער צייט. דאָס הייסט „די חזקה פון דריי יאָר". די משנה לערנט דאָ, אז ביי זאַכן, וואָס מען נוצט זיי כסדר (תדיר), דאַרפן די דריי יאָר זיין „פון טאָג צו טאָג", „מיום ליום", דאָס מיינט, אז אויב שמעון האָט איבערגענומען למשל דאָס הויז צי דאָס קינסטליך־באַוואַסערטע פעלד, דעם בית השלחין, דעם 1טן טאָג אין חודש אָדר, האָט ער די חזקה פון 3 יאָר ערשט דעם 1טן טאָג אין חודש אָדר אין דריי יאָר ארום. שדה הבעל, א פעלד וואָס ווערט באַוואַסערט דורך רעגן, איז זיין חזקה דריי יאָר, און זי איז ניט פון טאָג צו טאָג. מחמת אין אזא פעלד וואַקסט ניט כסדר; נאָר עטליכע מאָנאַטן אין יאָר וואַקסט דאָרט תבואה און מען שניידט זי אראָפּ. דעריבער איז גענוג ווען שמעון האָט געהאַלטן דאָס פעלד דעם ערשטן יאָר די עטליכע חדשים, ווען די תבואה וואַקסט דאָרט, און דערנאָך דאָס גאַנצע 2טע יאָר, און דערנאָך די עטליכע חדשים פון 3טן יאָר, ווען עס וואַקסט די תבואה. דער טעם איז, ווייל מען נעמט אָן, אז ווען ראובן זעט ווי ער נעמט אראָפּ תבואה פון פעלד, האָט ער שוין געדאַרפן פּראָטעסטירן, מחמת ער ווייסט דאָך, אז דאָס איז דער נוצן וואָס שמעון האָט פון פעלד. וועגן „בית השלחין" און „שדה הבעל" האָבן מיר געגעבן אין מועד קטן פרק א' משנה א'. די שאלה איז וויפיל חדשים אין דעם 1טן יאָר און וויפיל חדשים אין 3טן יאָר דאַרף שמעון האַלטן דאָס פעלד כדי עס זאָל זיין די חזקה? דערויף וועט די משנה באַלד געבן די מחלוקה פון ר' ישמעאל און ר' עקיבא. ר' ישמעאל זאָגט, אז דריי חדשים אין ערשטן (יאָר), און דריי (חדשים) אין לעצטן (יאָר) און צוועלף חדשים אין דערמיט (אין צווייטן יאָר). דאָס זענען (צוזאַמען) אכצן חדשים. מחמת עס זענען פאַראַן תבואות, ווי גערשטן און האָבער און ארבעס וועלכע וואַקסן אין ארץ ישראל אין 3 חדשים. דעריבער קומט אויס אז ער קאָן אראָפּנעמען פון פעלד דריי תבואות אין 18 חדשים. ר' עקיבא זאָגט, אז איין חודש אין ערשטן (יאָר) און

הֲרֵי אַרְבָּעָה עָשָׂר חֹדֶשׁ. אָמַר רַבִּי יִשְׁמָעֵאל בַּמֶּה דְבָרִים אֲמוּרִים? בְּשָׂדֶה לָבָן, אֲבָל בִּשְׂדֵה אִילָן, כָּנַס אֶת תְּבוּאָתוֹ, מָסַק אֶת זֵיתָיו, כָּנַס אֶת קֵיצוֹ, הֲרֵי אֵלּוּ שָׁלֹשׁ שָׁנִים:

ב שָׁלֹשׁ אֲרָצוֹת לַחֲזָקָה, יְהוּדָה, וְעֵבֶר הַיַּרְדֵּן, וְהַגָּלִיל. הָיָה בִיהוּדָה וְהֶחֱזִיק בַּגָּלִיל, בַּגָּלִיל וְהֶחֱזִיק בִּיהוּדָה, אֵינָהּ חֲזָקָה, עַד שֶׁיְּהֵא עִמּוֹ בַּמְּדִינָה. אָמַר רַבִּי יְהוּדָה, לֹא אָמְרוּ שָׁלֹשׁ שָׁנִים

איין חודש אין לעצטן (יאָר) און צוועלף חדשים אין דערמיט (אין צווייטן יאָר), דאָס זענען (צוזאַמען) פירצן חדשים. **ר׳ עקיבא האַלט, אז ווייל למשל היי וואַקסט אין איין חודש, דעריבער איז גענוג ווען ער נעמט אראָפּ היי אין ערשטן יאָר און היי אין לעצטן יאָר. ר׳ ישמעאל אָבער האַלט, אז היי־אראָפּנעמען מאַכט ניט קיין חזקה, ווייל עס איז ניט קיין חשובע זאַך און דעריבער האָט ראובן ניט מקפיד געווען דאַרויף און ניט פּראָטעסטירט.** אָמר ר׳ ישמעאל, האָט ר׳ ישמעאל געזאָגט, ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן (אז ביי א ניט־באוואַסערט פעלד דאַרף מען האָבן אכצן חדשים)? ביי א ווייס־פעלד (שדה לבן, א פעלד וואָס האָט ניט קיין ביימער, עס איז ,,לבן׳׳ ווייס, האָט ניט קיין שאָטן, עס וואַקסט דאָרט איינמאָל אין יאָר תבואה), אָבער אין א ביימער־פעלד (שדה אילן, א גאָרטן מיט פאַרשידענע ביימער, וואָס יעדנס פּרוכט ווערט צייטיק אין איין יאָר אין אן אנדערער צייט) אויב ער (דער וואָס האַלט דעם גאָרטן) האָט (אין איין יאָר) אראָפּגענומען זיינע ווינטרויבן (תבואות), און אָפּגעשניטן (אין זעלביקן יאָר אין אן אנדערער צייט) זיינע איילבירטן, און אראָפּגענומען (אין זעלביקן יאָר אין א דריטער צייט) זיינע פייגן (קיצו), זענען דאָס (אזוי ווי) דריי יאָר. **און עס הייסט א חזקה, ווייל ראובן האָט דאָך געוואוסט, אז ער האָט שוין דריי מאָל אראָפּגענומען פּרוכטן און ער האָט ניט פּראָטעסטירט. דאָס וואָרט ,,תבואתו׳׳ טייטשן דאָ די מפרשים אין דער משנה ,,ווינטרויבן׳׳ פון פסוק אין חומש (דברים כ״ב) ,,תבואת הכרם׳׳. ,,קיץ׳׳ איז ,,זומער׳׳, און עס האָט אויך דעם טייטש פון ,,פייגן׳׳ וואָס מען נעמט אראָפּ אים זומער** (זע אין נדרים פרק ח׳ משנה ד׳ ,,עד הקיץ׳׳).

ב. שלש, דריי (באַזונדערע) לענדער זענען פאַראַן (אין ארץ ישראל) בנוגע חזקה, (דאָס זענען) יהודה, עבר הירדן און גליל. **,,יהודה׳׳ איז דער דרום־טייל פון ארץ ישראל. ,,גליל׳׳ איז דער צפון טייל פון ארץ ישראל. עבר הירדן (,,יענע זייט פון טייך ירדן׳׳) מיינט מען געוויינטליך דאָס לאַנד אין מזרח פון טייך ירדן, אין ,,יענער זייט׳׳, ניט אויף דער ארץ ישראל זייט. פּרטים וועגן די דאָזיקע דריי ארץ ישראל פּראָווינצן זע אין אונזער פירוש צו שביעית פרק ט׳ משנה ב׳. איצט זאָגט די משנה וואָס מען מיינט, אז דאָס זענען דריי באַזונדערע לענדער בנוגע חזקה.** היה ביהודה, אויב ער (ראובן, דער מאָנער פון פעלד) איז געווען אין יהודה, און ער (שמעון, וועלכער האַלט דאָס פעלד) האָט עס געהאַלטן אין חזקה (די דריי יאָר) אין גליל, אָדער ער (ראובן) איז געווען אין גליל, און ער (שמעון) האָט עס געהאַלטן אין חזקה אין יהודה, הייסט עס ניט קיין חזקה, סיידן ער (ראובן) איז צוזאַמען מיט אים (מיט שמעונען) אין (איין) מדינה. **מחמת אין דער צייט פון דער משנה זענען ניט געגאַנגען אָפט קיין מענטשן־מחנות (שיירות, קאַראַוואַנען) פון איין פּראָווינץ אין דער אנדערער, און דעריבער האָט ראובן ניט פּראָטעסטירט, ווייל כאָטש דער דין איז, אז ,,מחאה שלא בפניו הוה מחאה׳׳, אז ראובן קאָן פּראָטעסטירן אפילו ניט צו שמעונען, נאָר אפילו הינטער זיינע אויגן, פאַר עדות, מחמת ,,חברך חברא אית ליה׳׳, איינער וועט שוין דערציילן דעם אנדערן און עס וועט שוין אָנקומען צו שמעו־נען, אָבער דאָ, אין די באַזונדערע פּראָווינצן, האָט ראובן געקאָנט מיינען אז סיי ווי וועט צו שמעונען ניט אָנקומען זיין מחאה, זיין פּראָטעסט.** אָמר ר׳ יהודה, האָט ר׳ יהודה געזאָגט אז דריי יאָר (הייסט א חזקה) נאָר דערפאַר כדי אז (אויב) ער (ראובן)

אֶלָּא כְּדֵי שֶׁיְּהֵא בְאַסְפַּמְיָא וְיַחֲזִיק שָׁנָה, וְיֵלְכוּ וְיוֹדִיעוּהוּ שָׁנָה, וְיָבֹא לְשָׁנָה אַחֶרֶת: ג כָּל חֲזָקָה שֶׁאֵין עִמָּהּ טַעֲנָה אֵינָהּ חֲזָקָה. כֵּיצַד? אָמַר לוֹ מָה אַתָּה עוֹשֶׂה בְּתוֹךְ שֶׁלִּי? וְהוּא אָמַר לוֹ, שֶׁלֹּא אָמַר לִי אָדָם דָּבָר מֵעוֹלָם, אֵינָהּ חֲזָקָה. שֶׁמָּכַרְתָּ לִי, שֶׁנָּתַתָּ לִי בְמַתָּנָה, אָבִיךָ מְכָרָהּ לִי, אָבִיךָ נְתָנָהּ לִי בְמַתָּנָה, הֲרֵי זוֹ חֲזָקָה, וְהַבָּא מִשּׁוּם יְרֻשָּׁה אֵינוֹ צָרִיךְ טַעֲנָה. הָאֻמָּנִין וְהַשֻּׁתָּפִין וְהָאֲרִיסִין וְהָאַפּוֹטְרוֹפִּין אֵין לָהֶם חֲזָקָה. אֵין

וועט זיין אין לאנד אספמיא (וואָס איז ווייט פון ארץ ישראל איין יאָר פאָרן), זאָל ער (שמעון) האָבן געהאלטן דאָס פעלד איין יאָר, און זיי (מענטשן) זאָלן גיין איין יאָר (קיין אספמיא און דערציילן וועגן דעם ראובנען) און ער (ראובן) זאָל קומען אין איין יאָר ארום (און אפמאָנען דאָס פעלד). ר׳ יהודה האלט ניט, אז דער טעם פון דריי יאָר איז ווייל נאָך דריי יאָר היט שוין ניט דער קויפער זיין שטר; נאָר ער האלט, אז דאָס איז כדי אז ווען ראובן זאָל זיך געפינען אפילו אין דעם ווייטסטע לאנד (אָפּגערוקט פון ארץ ישראל) זאָל ער אין משך פון די דריי יאָר קאָנען געוואויר ווערן און קומען אפמאָנען זיין פעלד. דאריבער איז אפילו ווען ראובן איז למשל אין יהודה און שמעון האלט זיין פעלד אין גליל דריי יאָר הייסט עס אויך א חזקה. לויט ר׳ יהודה, אויב ראובן געפינט זיך מיט שמעון אין דעמזעלביקן דאָרף און שמעון האלט ראובן׳ס פעלד אפילו נור א קורצע צייט (ניט דוקא דריי יאָר) און ראובן האָט אים ניט געמאָנט, הייסט עס שוין א חזקה. וועגן „אספמיא״ מיינען טייל אז מען מיינט דערמיט שפאניען, און אין יענע צייטן ווען שיפן זענען געגאנגען לאנג, און זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין דערמיט, און ווינטער צייט איז בכלל שווער געווען צו קריגן א שיף, האָט מען געקאָנט רעכנען א רייזע פון ארץ ישראל קיין שפאניען לערך א יאָר.

ג. כל חזקה, יעדע חזקה, מיט וועלכער עס איז ניט פאַראַן א טענה (שמעון, וועלכער האלט דאָס פעלד דריי יאָר טענה׳ט ניט אז ער האָט עס געקויפט צי ער האָט עס געקריגן א מתנה) איז ניט קיין חזקה. ווי אזוי? אויב ער (ראובן, דער מאָנער פון פעלד) האָט געזאָגט צו אים (צו שמעון, וועלכער האלט דאָס פעלד דריי יאָר); „וואָס טוסטו אין מיין (פעלד)?״, און ער (שמעון) זאָגט צו אים: „דערפאַר, ווייל עס האָט מיר קיינער גאָרניט וועגן דעם געזאָגט״, הייסט עס ניט קיין חזקה. ווייל ווי מיר האָבן פריער מסביר געווען, ווערט ניט דורך דער דריי־יאָר־חזקה דאָס פעלד שמעונ׳ס; נאָר די דריי יאָר־חזקה באווייזט נור, אז שמעונ׳ס טענה, אז ער האָט דאָס פעלד גע־קויפט און אז ער האָט פאַרלוירן דעם שטר מכירה, איז א ריכטיקע טענה. אָבער אויב שמעון אליין זאָגט ניט, אז ער האָט עס געקויפט, דאַרף ער עס אָפּגעבן ראובנען. שמכרת, (אויב אָבער שמעון ענטפערט, אז דאריבער האָט ער דאָס פעלד): „ווייל דו האָסט עס מיר פאַרקויפט״, אָדער „ווייל דו האָסט עס מיר געגעבן א מתנה״, אָדער „ווייל דיין פאָטער האָט עס מיר פאַרקויפט״, אָדער „ווייל דיין פאָטער האָט עס מיר געגעבן א מתנה״, הייסט דאָס א חזקה. און דאָס פעלד געהערט צו שמעון. והבא, און איינער וועלכער קומט (אויב שמעון וועלכער האלט דאָס פעלד דריי יאָר זאָגט, אז ער האָט דאָס פעלד) צוליב ירושה (ער האָט עס געירשנט פון זיין פאָטער) דאַרף ער ניט האָבן קיין טענה. שמעון דאַרף ניט טענהן אז דאָס פעלד האָט זיין פאָטער געקויפט; עס איז גענוג ווען ער ברענגט עדות, אז זיין פאָטער האָט געהאט דאָס פעלד אין טאָג פון זיין טויט, און דערנאָך, נאָכ׳ן ירשענען עס פון זיין פאָטער, האָט ער, שמעון, עס געהאלטן דריי יאָר, איז עס א חזקה. האומנים, בעלי מלאכות (וועלכע האלטן א פרעמדנס א זאך דריי יאָר), און שותפין (אויב ראובן מיט שמעון זענען געווען שותפים אין א פעלד, און שמעון האלט דאָס פעלד אליין דריי יאָר), און ארענדאטאָרן (אריסים, וועלכע דינגן ביי א בעל הבית א פעלד, און זיי האלטן עס דריי

(לא) לָאִישׁ חֲזָקָה בְּנִכְסֵי אִשְׁתּוֹ, וְלֹא לָאִשָּׁה חֲזָקָה בְּנִכְסֵי בַעְלָהּ וְלֹא לָאָב בְּנִכְסֵי הַבֵּן, וְלֹא לַבֵּן בְּנִכְסֵי הָאָב. בַּמֶּה דְּבָרִים אֲמוּרִים? בַּמַּחֲזִיק, אֲבָל בְּנוֹתֵן מַתָּנָה, וְהָאַחִין שֶׁחָלְקוּ, וְהַמַּחֲזִיק בְּנִכְסֵי הַגֵּר, נָעַל וְגָדַר וּפָרַץ כָּל שֶׁהוּא, הֲרֵי זוֹ חֲזָקָה: ד הָיוּ שְׁנַיִם מְעִידִין אוֹתוֹ שֶׁאֲכָלָהּ שָׁלֹשׁ

יאָר), און אפּוטרופּסים (וועלכע פאַרוואַלטן מיט א פעלד פון יתומים, וואָס מען האָט זיי געגעבן אונטער זייער השגחה, און זיי האַלטן דאָס פעלד דריי יאָר) האָבן ניט קיין חזקה. זיי קאָנען ניט טענהן, אז זיי האָבן דאָס פעלד געקויפט און אז זיי האָבן פאַרלוירן דעם שטר מכירה, און א באַווייז איז וואָס זיי האָבן עס געהאַט דריי יאָר און דער בעל הבית האָט ניט געמאָנט. די דאָזיקע טענה איז ניט קיין טענה, ווייל ביי א בעל מלאכה און א שותף און א אַרענדאַטאָר און אַן אפּוטרופּוס, מאָנט מען ניט וואָרום מען ווייסט דאָך, אז זיי האָבן ניט צוגענומען דאָס פעלד. אין טייל משניות איז ניט פאַראַן דאָס וואָרט „האומנים", „בעל מלאכות". אין לאיש, א מאַן האָט ניט קיין חזקה אין דעם פאַרמעגנס פון זיין ווייב. אויב דאָס ווייב ברענגט אים אריין צו דער חתונה פעלדער, („נכסי מלוג") וואָס ווען ער וועט זי גטן אָדער ווען ער וועט שטאַרבן זאָלן די פעלדער זיין צוריק אירע, און ער, דער מאַן, קריגט נור די פּירות פון די פעלדער, קאָן ער ניט טענהן אז זי האָט זיי אים דערנאָך פאַרקויפט און ברענגען א ראיה די חזקה פון האַלטן דריי יאָר. אפילו ווען דער מאַן האָט ביי דער חתונה אפּגעשריבן דעם ווייב אז ער זאָגט זיך אָפּ פון זיין רעכט צו קריגן די פּירות פון די פעלדער, און דערנאָך האָט ער יאָ גענומען די פּירות דריי יאָר נאָכאַנאַנד, איז עס פונדעסטוועגן ניט קיין חזקה. ולא לאשה, און א פרוי האָט ניט (קיין חזקה) אין די פאַרמעגנס פון איר מאַן. אפילו זי האָט אַראָפּגענומען פאַר זיך די פּירות פון זיינס א פעלד דריי יאָר נאָכאַנאַנד אָן שום רעכט, קאָן זי ניט טענהן, אז דער מאַן האָט איר פאַרקויפט דאָס פעלד. ולא לאב, און א פאָטער האָט ניט (קיין חזקה) אין די פאַרמעגנס פון זיין זון, און א זון האָט ניט (קיין חזקה) אין די פאַרמעגנס פון זיין פאָטער. מען מיינט דאָ אזוי לאַנג ווי זיי זענען צוזאַמען און ניט באַזונדער. — במה, ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן? אז מען דאַרף האָבן דריי יאָר כדי א זאַך זאָל הייסן דאָס אייגנטום פון דעם מענטש, וועלכער האַלט די זאַך? במחזיק, נאָר ביי איינעם, וועלכער האָט די דריי־יאָר־חזקה. דאָס הייסט, ווען שמעון האָט א הויז צי א פעלד, און ראובן טענה'ט, אז שמעון האָט דאָס צוגעגזלט ביי אים, און שמעון טענה'ט אז ער האָט עס געקויפט, און ברענגט א ראיה די דריי־יאָר־חזקה. אָבל, אָבער ווען איינער (ראובן) גיט א מתנה (דאָס פעלד צו שמעון), און ברידער וועלכע האָבן זיך צעטיילט (מיט זייער פאַרשטאָרבענעם פאָטער'ס ירושה, און יעדער האָט גענומען א הויז צי א פעלד), און איינער וועלכער פאַרכאַפּט דאָס פאַרמעגנס פון א גר (וועלכער איז געשטאָרבן אָן יורשים, און ווער עס פאַרכאַפּט פריער זיין פאַרמעגן געהערט עס צו אים), איז (דער דין, אז אפילו) אויב ער האָט נור פאַרשלאָסן, אָדער ער האָט אַרומגעצוימט, אָדער אויפגעבראָכן (אין דעם שוין־פאַראַנענעם צוים), אפילו נור עטוואָס (ניט קיין סך) איז עס א חזקה. ער האָט דאָס דערמיט קונה געווען און עס איז געוואָרן באַלד זיינס, און דער מתנה־שענקער און די אַנדערע יורשים־ברידער קאָנען שוין ניט חרטה האָבן, און קיינער קאָן ניט מער צונעמען דאָס פאַרמעגן פון גר. מחמת דאָ איז דאָך ניט פאַראַן קיין טענה, אז ער האָט פאַרנומען א פרעמדנס א זאַך ווי א גזלן, און אז מען האָט עס אים ניט געגעבן. דאָ איז דאָך די חזקה נור, אז עס זאָל ווערן זיינס, איז דאַריבער גענוג, אז ער האָט נור עפּעס געטאָן אין דעם פאַרנומענעם פאַרמעגן.

ד. היו, אויב צוויי (עדות) האָבן עדות געזאָגט וועגן אים (וועגן שמעון) אז ער האָט דאָס געגעסן (ער האָט אַראָפּגענומען די תבואות פון פעלד) דריי יאָר (און

שְׁנַיִם, וְנִמְצְאוּ זוֹמְמִים, מְשַׁלְּמִין לוֹ אֶת הַכֹּל. שְׁנַיִם בָּרִאשׁוֹנָה וּשְׁנַיִם בַּשְּׁנִיָּה וּשְׁנַיִם בַּשְּׁלִישִׁית, מְשַׁלְּשִׁין בֵּינֵיהֶם. שְׁלֹשָׁה אַחִים וְאֶחָד מִצְטָרֵף עִמָּהֶם, הֲרֵי אֵלּוּ שָׁלֹשׁ עֵדֻיּוֹת, וְהֵן עֵדוּת אַחַת (לַהֲזָמָה): ה אֵלּוּ דְבָרִים שֶׁיֵּשׁ לָהֶן חֲזָקָה וְאֵלּוּ דְבָרִים שֶׁאֵין לָהֶן חֲזָקָה. הָיָה מַעֲמִיד בְּהֵמָה בֶּחָצֵר, תַּנּוּר, וְכִירַיִם, וְרֵחַיִם, וּמְגַדֵּל תַּרְנְגוֹלִין, וְנוֹתֵן זִבְלוֹ בֶּחָצֵר, אֵינוֹ חֲזָקָה. אֲבָל עָשָׂה מְחִיצָה לִבְהֶמְתּוֹ גָּבוֹהַּ עֲשָׂרָה טְפָחִים וְכֵן לְתַנּוּר, וְכֵן

דאָס פעלד געהערט דאריבער צו שמעון, און ניט צו ראובן וועלכער מאָנט דאָס פעלד), און זיי (די עדות) זענען געוואָרן זוממים (מען האָט אויסגעפינען אז זיי האָבן פאלש עדות געזאָגט, און אז די דריי יאָר זענען זיי גאַרניט געווען מיט שמעונען נור אין אן אנדער אָרט), דארפן זיי (די עדות) באצאָלן אים (ראובנען) אלץ. **דאָס הייסט, וויפיל דאָס גאנצע פעלד איז ווערט, א חוץ וואָס ראובן נעמט אָפּ דאָס פעלד אליין פון שמעון. אזוי איז דער דין, אז ווען עדות ווערן זוממים ווערן זיי באשטראָפט צו באַצאָלן וויפיל דער שאָדן וואָס זיי האָבן געוואָלט טאָן דורך זייער פאלש עדות זאָגן. פּרטים וועגן זוממים זע אין דער הקדמה צו מסכת מכות.** שנים, אויב צוויי (עדות האָבן עדות געזאָגט, אז זיי האָבן געזען שמעונען האלטן דאָס פעלד דאָס ערשטע יאָר), און צוויי (אנדערע עדות האָבן עדות געזאָגט אז זיי האָבן געזען שמעונען האלטן דאָס פעלד) דאָס צווייטע יאָר, און צוויי (נאָך אנדערע עדות האָבן עדות געזאָגט וועגן דריטן יאָר, (און זיי זענען אלע געוואָרן זוממים), צעטיילן זיי צווישן זיך אין דרייען. **יעדע פון די פּאָר עדות דאַרף באצאָלן ראובנען א דריטל פון ווערט פון פעלד.** שלשה אחים, אויב עס זענען פאראַן דריי ברידער (לוי, יהודה און זבולון) און א פרעמדער (אברהם) קאָן ער זיך פאראייניקן זיך מיט זיי (צום עדות זאָגן). **דער דין איז אז צוויי ברידער קאָנען צוזאמען ניט זיין קיין עדות, ווייל זיי זענען נאָנטע קרובים צווישן זיך. זאָגט די משנה אז לוי מיט אברהם קאָנען עדות זאָגן אז זיי האָבן געזען שמעונען האלטן דאָס פעלד אין ערשטן יאָר, און יהודה מיט אברהם קאָנען עדות זאָגן וועגן צווייטן יאָר, און זבולון מיט אברהם קאָנען עדות זאָגן וועגן דריטן יאָר, און דאָס איז א גוטע עדות, אז שמעון האָט א חזקה פון דריי יאָר. כאָטש לוי און יהודה און זבולון זענען ברידער, פונדעסטוועגן איז עס א כשרע עדות, ווייל יעדער זאָגט עדות אויף אן אנדער יאָר, און עס הייסט ווי דריי באזונדערע עדות־זאָגן.** והן, אָבער זיי זענען ווי איין עדות־(זאָגן) בנוגע ווערן זוממים. **אויב מען האָט אויסגעפינען אז זיי זענען זוממים, הייסן זיי ווי איין פּאָר עדות, און זיי טיילן צווישן זיך די געלט־שטראָף וואָס זיי דאַרפן באצאָלן.**

ה. אלו, די דאָזיקע זענען זאכן, וואָס מען האָט וועגן זיי חזקה, און די דאָזיקע זענען זאכן וואָס מען האָט וועגן זיי ניט קיין חזקה. **מיר האָבן פריער אין בבא מציעא פרק י' משנה א' געגעבן, אז טייל מפרשים טייטשן אין טייל ערטער אין משנה דאָס וואָרט „אלו" ניט „די דאָזיקע" נאָר „וועלכע?", און אויך דאָ אין דער משנה איז דער טייטש „וועלכע זענען די זאכן וואָס מען האָט וועגן זיי חזקה און וועלכע זענען די זאכן וואָס מען האָט וועגן זיי ניט קיין חזקה?"** היה, אויב איינער האָט אוועקגעשטעלט אין א הויף א בהמה, אָדער אן אויוון אָדער א קיך, אָדער א האַנט־מילכל, אָדער דאָרט געהאָדעוועט הינער, אָדער ער האָט אוועקגעלייגט זיין מיסט אין הויף, הייסט דאָס ניט קיין חזקה. **די משנה מיינט דאָ וועגן א הויף פון צוויי שותפים, און איינער פון די שותפים האָט געטאָן די דאָזיקע זאכן, האָט ער ניט דאַרויף קיין חזקה, מחמת שותפים זענען ניט מקפיד איינער אויפן צווייטן וועגן אזעלכע זאכן און דאריבער האָט דער אנדערער שותף ניט פּראָטעסטירט קייגן דעם. מיט „אן אויוון אָדער א קיך" מיינט אזעלכע וואָס מען קאָן איבערטראָגן פון איין אָרט אויף דעם אנדערן אָרט.** אבל, אָבער אויב ער האָט (אין הויף) געמאַכט פאַר זיין בהמה א שייד־וואַנט (א.

לְכִירַיִם, וְכֵן לְרֵחַיִם. הִכְנִיס תַּרְנְגוֹלִין • לִמְקוֹמוֹ חֲזָקָה. הַמַּזְחִילָה יֶשׁ לָהּ
לְתוֹךְ הַבַּיִת, וְעָשָׂה מָקוֹם לְזִבְלוֹ חֲזָקָה. סֻלָּם הַמִּצְרִי אֵין לוֹ חֲזָקָה,
עָמוֹק שְׁלֹשָׁה אוֹ גָבוֹהַּ שְׁלֹשָׁה הֲרֵי וְלַצּוֹרִי יֶשׁ לוֹ חֲזָקָה, חַלּוֹן הַמִּצְרִית
זוֹ חֲזָקָה: ו הַמַּרְזֵב אֵין לוֹ חֲזָקָה וְיֵשׁ אֵין לָהּ חֲזָקָה, וְלַצּוֹרִית יֵשׁ לָהּ חֲזָקָה.

מחיצה„ פארשטעלט דאָס אָרט פון דער בהמה מיט א וואנט) וואָס איז הויך (לפחות) צען טפחים, און אזוי (אויך אויב ער האָט געמאכט א וואנט פון צען טפחים) פאר דעם אויוון, און אזוי פאר דער קיך און אזוי פאר דעם (האנט־) מילכל, אָדער ער האָט אריינגעבראכט הינער אין הויז (ניט אין הויף), אָדער ער האָט (אין הויף) געמאכט פאר זיין מיסט אן אָרט (א גרוב) טיף דריי טפחים, אָדער (א בערגיל) הויך דריי טפחים, (און אין די אלע זאכן האָט מען איט ניט געשטערט), הייסט דאָס א חזקה. **מחמת א וואנט מאכן אָדער א גרוב אָדער א הויך אָרט, אָדער אריינפירן הינער אין א הויז און זיי זאָלן דאָרט מאכן שמוציק, וואָלט מען אים ניט געלאָזט ווען ער וואָלט ניט געהאט קיין רעכט דאצו.**

ו. המרזב, א קליינע רינגע האָט ניט קיין חזקה, אָבער עס האָט צו זיין אָרט חזקה. **מען טייטשט די משנה אזוי. לענג־אויס צום דאך ציט זיך א לאנגע רינגע וואָס הייסט „מזחילה״** (פון „זחל״, קריכן, ווייל דאָרט רינט, קריכט דאָס וואסער), **און צום סוף פון דער לאנגער רינגע, איז פאראן א קליינע רינגע, וואָס דורך איר גיסט זיך ארויס דאָס וואסער אין הויף, און די קליינע רינגע הייסט „מרזב״; דאָס איז אויך אין אראביש דער טייטש א רינגע, א קאנאל. זאָגט די משנה אז אויב ראובן האָט א הויז וואָס גרעניצט זיך מיט זיין שכן שמעון׳ס הויף, און לענג־אויס דעם דאך, אויף דער זייט וואָס גייט ארויס צו שמעון׳ס הויף ציט זיך ראובנ׳ס לאנגע רינגע, די מזחילה, און צום סוף איז פאראן די קליינע רינגע, דער מרזב, און אזוי איז עס געווען א לאנגע צייט, קאָן שמעון זאָגן, אז ער וויל ניט, אז די קליינע רינגע זאָל זיך געפינען גראד אויף דעם אָרט, נאָר ער קאָן עס איבערדרייען אין אן אנדער אָרט. אָבער אינגאנצן אוועקנעמען די קליינע רינגע קאָן ער ניט, מחמת ראובן האָט שוין א חזקה, אז זיין וואסער זאָל אראָפרינען אין שמעון׳ס הויף.** המזחילה, די גרויסע רינגע האָט א חזקה. **און שמעון קאָן ניט צווינגען ראובנען אוועקצונעמען די גרויס רינגע לענג־אויס דעם דאך וואָס ציט זיך איבער זיין הויף.** סולם המצרי, א עגיפּטישער לייטער (וועלכער האָט ניט קיין פיר טרעפּלעך און האָט ניט קיין פעסט אָרט צום שטיין) האָט ניט קיין חזקה. **און אויב ראובן האָט אים געהאט שטיין ביים אנדערן (ביי שמעונען) הויף כדי ארויפצוקומען דורך אים צו זיך, קאָן אים שמעון באזייטיקן, ווייל דאָס וואָס ער האָט אים ביז איצט יאָ דערלויבט איז עס געווען ווייל ביי אזא קליינעם לייטער האָט ער ניט מקפּיד געווען.** ולצורי, און א צורי׳שער (לייטער) האָט יאָ חזקה. **צור איז געווען א גרויסע האנדלס שטאָט צו צפון פון ארץ ישראל ביים מיטלענדישן ים, און מען פלעגט פון דאָרט ברענגען סחורות קיין ארץ ישראל. דער „צורישער לייטער״, א לייטער לויט דעם מוסטער פון צור, האָט געהאט לפחות פיר טרעפּ און מען האָט אים אוועקגעשטעלט אויף א פעסט אָרט. און ווייל שמעון האָט די גאנצע צייט דערלויבט, איז עס א סימן אז ראובן האָט א חזקה דאַרויף.** חלון המצרית, א עגיפּטישער פענסטער (א קליינער פענסטער, דורך וועלכן דער קאָפּ פון א מענטש קאָן ניט דורכגיין האָט ניט קיין חזקה. **און אויב פון ראובנ׳ס הויז איז געווען א לאנגע צייט האָט דער אנדערער שותף ניט פּראָטעסטירט קעגן דעם. מיט „אן אויוון אָדער א קיך״ מיינט אזעלכע וואָס מען קאָן איבערטראָגן פון איין אָרט אויף דעם אנדערן אָרט.** אבל, אָבער אויב ער האָט (אין הויף) געמאכט פאר זיין בהמה א שייד־וואנט (א
מחיצה„ פארשטעלט דאָס אָרט פון דער בהמה מיט א וואנט) וואָס איז הויך (לפחות) צען טפחים, און אזוי (אויך אויב ער האָט געמאכט א וואנט פון צען טפחים) פאר

אֵי זוֹ הִיא חַלּוֹן הַמִּצְרִית? כָּל שֶׁאֵין רֹאשׁוֹ שֶׁל אָדָם יָכוֹל לִכָּנֵס לְתוֹכָהּ. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, אִם יֵשׁ לָהּ מַלְבֵּן, אַף עַל פִּי שֶׁאֵין רֹאשׁוֹ שֶׁל אָדָם יָכוֹל לִכָּנֵס לְתוֹכָהּ, הֲרֵי זוֹ חֲזָקָה. הַזִּיז עַד טֶפַח יֵשׁ לוֹ חֲזָקָה, וְיָכוֹל לִמְחוֹת, פָּחוֹת מִטֶּפַח אֵין לוֹ חֲזָקָה, וְאֵין יָכוֹל לִמְחוֹת: ז לֹא יִפְתַּח אָדָם חַלּוֹנוֹתָיו לַחֲצַר הַשֻּׁתָּפִין. לָקַח בַּיִת בְּחָצֵר אַחֶרֶת לֹא יִפְתָּחֶנָּה לַחֲצַר הַשֻּׁתָּפִין. בָּנָה עֲלִיָּה עַל גַּבֵּי בֵיתוֹ לֹא יִפְתָּחֶנָּה לַחֲצַר הַשֻּׁתָּפִין, אֶלָּא אִם רָצָה בּוֹנֶה אֶת הַחֶדֶר לִפְנִים מִבֵּיתוֹ וּבוֹנֶה עֲלִיָּה עַל גַּבֵּי בֵיתוֹ, וּפוֹתְחָהּ לְתוֹךְ בֵּיתוֹ.

**דערלויבט.** איזו היא, וועלכעס איז א עגיפּטיש פענסטער? יעדעס (פענסטער) וואָס דער קאָפּ פון א מענטש קאָן אין דעם ניט אריינגיין. **דאָס איז ווי מיר האָבן פריער דערקלערט. עס ווערט געלערנט, אז אויב דאָס פענסטער איז געמאכט געוואָרן כדי אריינצולאָזן ליכט האָט עס יאָ א חזקה. אויך אויב דאָס פענסטער איז נידריקער פון 4 איילן פון דער ערד, איז אפילו עס איז א קליין פענסטער האָט עס חזקה, ווייל ביי אזא נידריק פענסטער קאָן דאָך ראובן זען וואָס ביי שמעון טוט זיך און דאָס הייסט שאדן געטאָן** (היזק ראיה, שאדן דורך זען), **און ווייל שמעון האָט ניט געשטערט איז א סימן אז ראובן האָט געהאט רעכט דארויף.** ר׳ יהודה זאָגט, אז אויב דאָס (קליינע עגיפּטישע פענסטער) האָט א גזשימס, איז כאָטש דער קאָפּ פון א מענטש קאָן ניט אריינ־גיין אין דעם, האָט עס א חזקה. „מלבן", פון וואָרט „לבנה", ציגל, **מיינט מען א לענגליכע, פיר־קאַנטיקע זאַך, און דאָ מיינט מען א גזשימס.** הזיז, אַ ארויס־שטעקער (א גזשימס, א שטיק געבויטער שטיין צי ציגל, צי האָלץ, וואָס שטעקט ארויס פון ראובן׳ס הויז אין שמעון׳ס הויף אריין) אויב ביז (ברייט) א טפח (אָדער מער) האָט עס א חזקה. **אויב דער גזשימס האָט ארויסגעשטעקט א לאנגע צייט, קאָן דערנאָך שמעון אים ניט אפּהאקן, ווייל אויף א טפח־ברייטען גזשימס איז מען מקפּיד, און ווייל שמעון האָט ניט מקפּיד געווען און ניט געשטערט, איז עס א סימן אז ראובן האָט רעכט דארויף.** ויכול, און ער (שמעון) קאָן שטערן. **אויב ראובן וויל ערשט מאכן א טפח־ברייטן גזשימס פון זיין הויז צו שמעון אין הויף, קאָן שמעון שטערן און אים ניט לאָזן.** פחות, אויב ווינציקער (שמעלער) פון א טפח האָט ער ניט קיין חזקה (ווייל מען איז ניט מקפּיד), און (אויב ראובן וויל ערשט מאכן אזא גזשימס) קאָן ער (שמעון) אים ניט שטערן. **לויט דעם דין קאָן ראובן אפילו אויפהענגען אויף אזא שמאָלן גזשימס זיינע זאכן, נאָר דאבײ מוז ראובן אויסדרייען זיין פּנים פון שמעון׳ס הויף.**

ז. לא יפתח, א מענטש זאָל ניט עפנען (ניט מאכן) זיינע פענסטער צום הויף פון שותפין **מען מיינט דאָ, אז אויב ראובן און שמעון האָבן בשותפות א הויף, קאָן ראובן צי שמעון ניט מאכן די פענסטער פון זיין הויז אין הויף אריין אָן דער דער־לויבניש פון אנדערן שותף; און מכל שכן, אז מען קאָן ניט מאכן א פענסטער אין א פרעמדנס הויף אָן דער דערלויבניש פון הויף־בעל־הבית.** לקח, אויב ער (איינער פון די שותפים, ראובן למשל) האָט געקויפט א הויז אין אן אנדער הויף (וואָס ליגט אין שכנות מיט דעם שותפות־הויף) טאָר ער ניט מאכן קיין טיר (אן ארויסגאנג, לא יפתחנה, ניט עפנען עס) אריין אין הויף פון די שותפים (אין שותפות־הויף אריין). **דער אנדערער שותף, שמעון, קאָן אים שטערן, מחמת דאָס מאכט אז מער מענטשן זאָלן דורכגיין דעם שותפות־הויף און שמעון האָט רעכט דאָס ניט צו דערליידן. ער טאָר אפילו ניט פון אנדערן הויז מאכן אן אריינגאנג צו זיך אין הויז אין דעם שותפים־הויף.** בנה עליה, אויב איינער (פון די שותפים, למשל ראובן, וועלכער האָט א הויז אין דעם שותפות־הויף האָט ארויפגעבויט אן אויבערשטע וואוינונג (עליה, א צווייטן שטאָק אויף דעם הויז), זאָל ער דערפון ניט מאכן א טיר צום הויף פון די שותפים. **די טיר טאָר ניט געעפנט ווערן אין הויף אריין.** אלא, נאָר אויב ער וויל קאָן ער בויען א צימער אין זיין הויז און בויען דעם צווייטן שטאָק אויף זיין הויז

**לֹא יִפְתַּח אָדָם לַחֲצַר הַשֻּׁתָּפִין פֶּתַח כְּנֶגֶד פֶּתַח, וְחַלּוֹן כְּנֶגֶד חַלּוֹן, הָיָה קָטָן לֹא יַעֲשֶׂנּוּ גָדוֹל, אֶחָד לֹא יַעֲשֶׂנּוּ שְׁנַיִם. אֲבָל פּוֹתֵחַ הוּא לִרְשׁוּת הָרַבִּים פֶּתַח כְּנֶגֶד פֶּתַח וְחַלּוֹן כְּנֶגֶד חַלּוֹן, הָיָה קָטָן עוֹשֶׂה אוֹתוֹ גָדוֹל, אֶחָד עוֹשֶׂה אוֹתוֹ שְׁנַיִם: ח אֵין עוֹשִׂין חָלָל תַּחַת רְשׁוּת הָרַבִּים, בּוֹרוֹת, שִׁיחִין וּמְעָרוֹת, רַבִּי אֱלִיעֶזֶר מַתִּיר כְּדֵי שֶׁתְּהֵא עֲגָלָה מְהַלֶּכֶת וּטְעוּנָה אֲבָנִים. אֵין מוֹצִיאִין זִיזִין וּגְזוּזְטְרָאוֹת לִרְשׁוּת הָרַבִּים, אֶלָּא אִם רָצָה כּוֹנֵס**

און עפענען אים אין זיין הויז אריין. די מפרשים טייטשן, אז ער מעג דעם צימער **ביי זיך אין הויז איבערטיילן אין דער מיט, דאָס הייסט מאכן אין דער מיט הויך פון צימער א סופיט, און ממילא וועט ער האָבן צוויי צימערן, אן אונטערשטן און אן אויבערשטן, און פון אויבערשטן צימער מאכן אן אריינגאנג אין אונטערשטן צימער. דער טעם איז, ווייל ווען ער וויל קאָן ער סיי ווי אין זיין הויז אריינגעמען איינוואוי־נער וויפיל ער וויל.** לא יפתח, א מענטש טאָר ניט עפענען אין א שותפים־הויף א טיר קייגן א טיר, און א פענסטער קייגן א פענסטער. **אויב ראובן און שמעון האָבן בשות־פות א הויף, און ראובן האָט אין הויף זיין הויז און שמעון האָט אין הויף זיין הויז, קאָן איין שותף, למשל ראובן, ניט עפענען אין זיין הויז א טיר אָדער א פענסטער פונקט קייגנאיבער דער טיר אָדער דעם פענסטער פון אנדערן שותף, פון שמעון. מחמת שמעון קאָן זאָגן, אז דערמיט וועט ראובן קאָנען זען וואָס ביי שמעון אין הויז טוט זיך (דאָס איז „היזק ראיה", דער שאדן פון זען).** היה קטן, אויב עס איז געווען (איינער פון די שותפים, ראובן למשל, האָט געהאַט אין זיין הויז) א קליינע (טיר אָדער פענסטער) טאָר עס ניט מאכן גרעסער. **מחמת שמעון קאָן טענהן אז פון א קליינעם פענסטער צי טיר קאָן ער זיך באהאלטן, און פון א גרעסערן קאָן ער ניט.** אחד, אויב עס איז געווען איין (טיר צי פענסטער) זאָל ער ניט מאכן (דערפון) צוויי. **אפילו ווען די 2 טירן אָדע ר פענסטער זענען צוזאמען ניט גרעסער פון דעם איינעם.** אבל, מען קאָן עפענען אין א רשות הרבים (אין א עפנטליך אָרט, וואָס געהערט צו אלע מענטשן, אין גאס אריין) א טיר קייגן איבער א טיר און א פענסטער קייגן א פענסטער. **אויב ראובן האָט א הויז אין איין זייט גאס און שמעון האָט א הויז קייגנאיבער אויף דער אנדערער זייט גאס, קאָן ראובן עפענען א טיר קייגנאיבער שמעון'ס טיר, און א פענסטער קייגנאיבער שמעון'ס טיר, און א פענסטער קייגנאיביר שמעון'ס פענסטער.** קטן, (אויב ראובן האָט געהאַט אין רשות הרבים אריין) א קליינעם (פענסטער צי טיר) קאָן ער עס מאכן א גרויסן, און אויב עס איז געווען איין (פענסטער צי טיר) קאָן ער דערפון מאַכן צוויי (פענסטער אָדער טירן) **און שמעון וואָס וואוינט קייגן אי־בער קאָן עס אים ניט פארווערן.**

ח. אין, מען טאָרניט מאכן (אויסגראָבן) א חלל (א ליידיקן גרוב) אונטער א רשות הרבים, ברונעמס, לענגליכע גריבער און היילן. **אויב איינער האָט א הויף לעבן א רשות הרבים, לעבן אן אָרט וואָס געהערט צו אלע, למשל לעבן א גאס, טאָר ער ביי זיך אין הויף ניט אָנהייבן גראָבן און ארונטערגראָבן אונטער דער ערד פון דער גאס, און דאָרט מאכן א הויל אָרט, ווי ברונעמס, גריבער, היילן. און אודאי טאָר ער ניט אויסגראָבן אין דער גאס אליין די ברונעמס, גריבער און היילן, אפילו ער דעקט זיי דערנאָך גוט צו.** ר' אליעזר איז מתיר (אויב די ברונעמס און גריבער און היילן זענען אזוי גוט צוגעדעקט) אז (איבער זיי) וועט קאָנען גיין א וואָגן און ער זאָל זיין אָנגעלאָדן מיט שטיינער. **מחמת דאָס היט אָפּ אז עס זאָל ניט געשען קיינעם קיין שאדן.** אין מוציאין, מען טאָרניט (ווען איינער האָט א הויף לעבן א רשות הרבים, לעבן א גאס טאָר ער ניט, ווען ער בויט א הויז) ארויסציען (פון דעם הויז ארויס) גזשימסן און גרעסערע בעלקעס (גזוזטראות, באלקאנען) אין רשות הרבים אריין. **מחמת**

לְתוֹךְ שֶׁלּוֹ וּמוֹצִיא. לָקַח חָצֵר וּבָהּ זִיזִין וּגְזוּזְטְרָאוֹת, הֲרֵי זוֹ בְחֶזְקָתָהּ:

# פֶּרֶק ד.

א הַמּוֹכֵר אֶת הַבַּיִת לֹא מָכַר הַיָּצִיעַ, וְאַף עַל פִּי שֶׁהִיא פְתוּחָה לְתוֹכוֹ, וְלֹא אֶת הַחֶדֶר שֶׁלִּפְנִים מִמֶּנּוּ, וְלֹא אֶת הַגָּג בִּזְמַן שֶׁיֵּשׁ לוֹ מַעֲקֶה גָּבוֹהַּ עֲשָׂרָה טְפָחִים. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, אִם יֵשׁ לוֹ צוּרַת פֶּתַח אַף עַל פִּי שֶׁאֵינוֹ גָבוֹהַּ עֲשָׂרָה טְפָחִים אֵינוֹ מָכוּר: ב לֹא אֶת הַבּוֹר וְלֹא אֶת

מענטשן, וועלכע גייען פאַרביי קאָנען זיך אָנקלאַפּן אין זיי. אָבער אויב אונטער די גזשימסן און באַלקאָנען קאָן אַדורכגיין אַ קעמל מיט אַ רייטער אויף אים, מעג מען, בתנאי אַז עס זאָל ניט פאַרשטעלן די ליכטיקייט אין דער גאַס. אלא, נאָר אויב ער וויל קאָן ער אַריינציען צו זיך (איבערלאָזן ניט־באַבויט זיינס אַ ליידיק שטיקל אָרט צווישן דעם הויז און דער גאַס) און דאָרט אַהין (אין דעם ליידיקן שטיקל אָרט) אַרויסציען (די גזשימסן און באַלקאָנען). מחמת דאָס אָרט איז זיינס און ער קאָן דאָרט טאָן וואָס ער וויל. לקח, אויב איינער האָט געקויפט אַ הויף, און דאָרט זענען פאַראַן (פון הויז אַרויס) גזשימסן און באַלקאָנען (צו דער גאַס צו) איז ער אין זיין חזקה. מען קאָן ניט צווינגען דעם קויפער, אַז ער זאָל די גזשימסן און באַלקאָנען אַראָפּנעמען, ווייל מען נעמט אָן אַז מסתמא האָט דער ערשטער בעל הבית איבערגעלאָזט זיין שטיקל פּלאַץ ליידיק און דאָרט געמאַכט די גזשימסן און באַלקאָנען, און אַ באַווייז דערצו איז דאָך, וואָס מען האָט אים ניט פאַרבאָטן דאָס צו טאָן.

## פרק ד.

א. המוכר, אַז איינער פאַרקויפט אַ הויז, האָט ער ניט פאַרקויפט די גאַלעריע (יציע, גאַלעריע אַרום דעם הויז) כאָטש זי איז אָפן (זי האָט אַ טיר) אַריין אינווייניק (אין הויז אַריין). כדי צו פאַרשטיין די דאָזיקע משנה און אַלע אַנדערע משנות אין דאָזיקן פּרק און אין די ווייטערדיקע פּרקים, דאַרף מען וויסן, אַז אין דער צייט פון דער משנה האָט מען מיט נעמען פון זאַכן געמיינט עפּיס אַנדערש ווי מיר מיינען עס היינט. למשל דאָס וואָרט „בית", אַ הויז. ווען איינער פאַרקויפט היינט דעם אַנדערן אַ „הויז", מיינט עס, אַז ער האָט אים פאַרקויפט דאָס הויז און די גאַלעריעס און דעם דאַך און דעם הויף. אָבער אין דער צייט פון דער משנה זענען די הייזער געווען אַרום איין הויף, איין חצר, און ווען איינער האָט פאַרקויפט דעם אַנדערן אַ „בית", אַ הויז, האָט ער געמיינט נור דאָס הויז אַליין, אין וועלכן מען וואוינט. די משנה לערנט דאָ וואָס ער האָט אַלץ ניט פאַרקויפט, ווען ער פאַרקויפט דאָס הויז. דאָס ערשטע האָט ער ניט געמיינט די גאַלעריע אַרום דעם הויז. ולא את החדר, און אויך ניט דעם צימער וואָס געפינט זיך הינטער אים (הינטער דעם הויז). מחמת אויך דאָס גייט ניט אַריין אין דעם נאָמען פון „בית", פון הויז. ולא את הגג, און אויך ניט דעם דאַך (פון הויז) אויב ער (דער דאַך) האָט אַ גאַניק (איז אַרומגערינגלט מיט אַ צוים) וואָס איז הויך צען טפחים. די דעכער אין די מזרח־לענדער זענען פלאַכע, און מען באַנוצט זיך מיט זיי ווי מיט אַ הויף. אויב דער דאַך איז אַרומגעצוימט מיט אַ 10־טפחים־הויכן גאַניק הייסט עס אַ באַזונדערע זאַך און געהערט ניט צום הויז, און ער האָט עס ניט פאַרקויפט. ר' יהודה זאָגט, אַז אויב ער (דער גאַניק) האָט (אין איין אָרט אַן אַריינגאַנג מיט דער) צורה פון אַ טיר, איז כאָטש ער (דער גאַניק) איז ניט הויך צען טפחים, איז ער (דער דאַך) ניט פאַרקויפט. ווייל די צורה פון אַ טיר מאַכט אים ווי אַ באַזונדערע זאַך.

ב. לא, ניט (אויב ער האָט פאַרקויפט אַ הויז, האָט ער ניט פאַרקויפט) דעם ברו־

הַדּוּת אַף עַל פִּי שֶׁכָּתַב לוֹ עֻמְקָא וְרוּמָא. וְצָרִיךְ לִקַּח לוֹ דֶּרֶךְ, דִּבְרֵי רַבִּי עֲקִיבָא. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים אֵינוֹ צָרִיךְ לִקַּח לוֹ דֶּרֶךְ. וּמוֹדֶה רַבִּי עֲקִיבָא, בִּזְמַן שֶׁאָמַר לוֹ חוּץ מֵאֵלּוּ, שֶׁאֵינוֹ צָרִיךְ לִקַּח לוֹ דֶּרֶךְ. מְכָרָן לְאַחֵר, רַבִּי עֲקִיבָא אוֹמֵר, אֵינוֹ צָרִיךְ לִקַּח לוֹ דֶּרֶךְ, וַחֲכָמִים אוֹמְרִים צָרִיךְ לִקַּח לוֹ דֶּרֶךְ: ג הַמּוֹכֵר אֶת הַבַּיִת מָכַר אֶת הַדֶּלֶת, אֲבָל לֹא אֶת הַמַּפְתֵּחַ, מָכַר אֶת הַמַּכְתֶּשֶׁת הַקְּבוּעָה אֲבָל לֹא אֶת הַמִּטַּלְטֶלֶת, מָכַר אֶת הָאִיצְטְרוֹבִיל

נעם און ניט דעם וואסער־טאנק, כאָטש ער האָט איינגעשריבן אים (דעם קויפער, אין קויפס־שטר אז ער פארקויפט אים) „עומקא ורומא״, „די טיף און די הויך״. **מיט „דות״ מיינט מען דאָ א שטיינערנעם טאנק, איבער דער ערד, און מען האלט אין דעם טאנק וואסער.** וצריך, און ער (דער פארקויפער פון הויז) דארף זיך קויפן א וועג (צוצוקומען צו די ערטער, וואָס ער האָט ניט פארקויפט), אזוי זאָגט ר׳ עקיבא. **אויב ראובן האָט פארקויפט דאָס הויז שמעונען, קאָן שמעון ניט דורכלאָזן דורך זיין הויז ראובנען צום דאך, אָדער צום צימער הינטער דעם הויז אָדער צום ברונעם און צו דעם וואסער־טאנק, און ראובן דארף קויפן ביי שמעונען א וועג כדי צוצוקומען דאָרט. ר׳ עקיבא האלט אז „מוכר בעין יפה מוכר״, ווער עס פארקויפט אן אנדערן א זאך פארקויפט ער עס אים מיט א גוט אויג, מיט דער פריינטליכער איבערגעבנקייט, און ממילא האָט ראובן פארקויפט שמעונען אויך דעם וועג צו די אלע דערמאָנטע זאכן און ער האָט זיך ניט איבערגעלאָזט קיין וועג.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז ער דארף זיך ניט קויפן קיין וועג. **די חכמים האלטן ניט אז „מוכר בעין יפה מוכר״, און ממילא האָט ער זיך איבערגעלאָזט א וועג.** ומודה, און ר׳ עקיבא איז מודה, אז אויב ער (דער פארקויפער, ראובן האָט (ביים פארקויפן דאָס הויז) געזאָגט צו אים (צום קויפער, צו שמעון) „א חוץ די דאָזיקע (זאכן, א חוץ דעם דאך, דעם צימער, דעם ברונעם און דעם טאנק)״, דארף ער ניט קויפן קיין וועג, **ווייל באמת האָט ער דאָך ניט געדארפן זאָגן די ווערטער „א חוץ די דאָזיקע״, ווארום זיי זענען דאָך סיי ווי ניט פארקויפט, און דאריבער ווייל ער האָט דאָס יאָ געזאָגט, איז א סימן אז ער האָט געמיינט דערמיט צו זאָגן, אז ער לאָזט זיך איבער א וועג צו די אלע זאכן.** מכרן, אויב ער (ראובן, דער בעל הבית פון הויז, האָט ניט פארקויפט דאָס הויז, נאָר ער) האָט זיי, דעם דאך, דעם צימער, אָדער דעם ברונעם און דעם טאנק) פארקויפט צו אן אנדערן (צו שמעון), זאָגט ר׳ עקיבא, אז ער (שמעון, דער קויפער) דארף ניט קויפן זיך א וועג. **ווייל ר׳ עקיבא האלט דאָך אז „מוכר בעין יפה מוכר״, האָט מסתמא ראובן פארקויפט שמעונען אויך א וועג צו די זאכן.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז ער (שמעון) דארף זיך קויפן א וועג. **ווייל די חכמים האלטן דאָך ניט אז „מוכר בעין יפה מוכר״, האָט מסתמא ראובן ניט פארקויפט שמעונען דעם וועג.**

ג. המוכר, אז איינער פארקויפט א הויז, האָט ער אויך פארקויפט די טיר. אָבער ניט דעם שליסל. **אפילו דער שליסל איז צו באהאפטן צום הויז, הייסט ער ניט קיין טייל פון הויז.** מכר את המכתשת, ער (דער וועלכער פארקויפט א הויז) האָט פארקויפט (אויך) דעם אריינבאפעסטיקטן מערזשער (מכתשת), אָבער ניט דעם באוועגליכן. **אין הויז פלעגט זיין א גרעסערער מערזשער („מכתשת״, פון „כתוש״, צערייבן). טיילמאָל פלעגט דער מערזשער זיין צובאפעסטיקט צו דער ערד, אריינגעמויערט. דער דאָזיקער מערזשער געהערט אויך צום הויז, אָבער ניט דער מערזשער, וואָס מען קאָן אים איבערטראָגן.** מכר, ער האָט (אויך) פארקויפט דעם פוס־געשטעל (פון דער האנט־מיל, האיצטרובל) אָבער ניט דעם (מעל־) קאַסטן (קלת). **די האנט־מיל האָט מען ארויפגעשטעלט אין הויז אויף א צובאפעסטיקן פוס־געשטעל, וואָס האָט געהייסן „איצטרובל״**

אֲבָל לֹא אֶת הַקֶּלֶת, וְלֹא אֶת הַתַּנּוּר וְלֹא אֶת הַכִּירַיִם (נ״א מָכַר תַּנּוּר מָכַר כִּירַיִם). בִּזְמַן שֶׁאָמַר לוֹ הוּא וְכָל מַה שֶּׁבְּתוֹכוֹ, הֲרֵי כֻלָּן מְכוּרִין: ד הַמּוֹכֵר אֶת הֶחָצֵר, מָכַר בָּתִּים בּוֹרוֹת שִׁיחִין וּמְעָרוֹת. אֲבָל לֹא אֶת הַמִּטַּלְטְלִין. בִּזְמַן שֶׁאָמַר לוֹ הִיא וְכָל מַה שֶּׁבְּתוֹכָהּ הֲרֵי כֻלָּן מְכוּרִין. בֵּין כָּךְ וּבֵין כָּךְ לֹא מָכַר לֹא אֶת הַמֶּרְחָץ וְלֹא אֶת בֵּית הַבַּד שֶׁבְּתוֹכָהּ. רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר, הַמּוֹכֵר אֶת הֶחָצֵר לֹא מָכַר אֶלָּא אֲוִירָהּ שֶׁל חָצֵר: ה הַמּוֹכֵר אֶת בֵּית הַבַּד מָכַר אֶת הַיָּם וְאֶת הַמְּמֵל וְאֶת הַבְּתוּלוֹת. אֲבָל לֹא מָכַר אֶת הָעֲכִירִין וְאֶת הַגַּלְגַּל וְאֶת הַקּוֹרָה. וּבִזְמַן שֶׁאָמַר לוֹ, הוּא וְכָל מַה

(דאָס גריכישע וואָרט „סטראבילאס״). לעבן דעם איז געשטאַנען א באוועגליכער קאַסטן, וואוהין מען האָט אריינגעטאָן דאָס מעל, און דער קאַסטן האָט געהייסן „קלת״ (דאָס איז דאָס גריכישע „קאלאטאס״, קויש, זע מסכתא ביכורים פרק ג׳ משנה ח׳). ולא, און (ער האָט אויך) ניט (פארקויפט) דעם אויוון און ניט די קיך. **מען מיינט דאָ דעם אויוון און די קיך, וועלכע מען קאָן איבערטראָגן. איין גירסא איז אז „מכר״, ער האָט יאָ פארקויפט דעם אויוון און די קיך, און מען מיינט אויב זיי זענען צובאַפעס־טיקט צו דער ערד.** בזמן, אויב ער (דער פארקויפער פון הויז) האָט (ביים פארקויפן) געזאָגט צו אים (צום קויפער) : „דאָס (הויז) און אלץ וואָס איז אין אים אינווייניק״ זענען זיי אלע פארקויפט. **דער פארקויף האָט אריינגענומען אויך די אלע זאכן, וואָס מען באַנוצט זיך דערמיט אין הויז.**

ד. המוכר, אז איינער האָט פארקויפט א הויף (חצר) האָט ער פארקויפט די הייזער (אין הויף), די ברונעמס, די וואסער־גרובנס און די הייל, אָבער ניט די באַ־וועגליכע זאכן (וועלכע זענען פאראַן אין הויף). **מען מיינט דערמיט די זאכן וואָס די משנה האָט פריער אין משנה אויסגערעכנט אז זיי ווערן ניט פארקויפט צוזאמען מיטן הויז, ווי דעם שליסל, דעם באוועגליכן מערזשער, דעם מעל־קאַסטן, דעם באוועגליכן אויוון און קיך.** בזמן, אויב ער האָט אים געזאָגט: „ער (דער הויף) און אלץ וואָס איז פאראַן אין אים״, זענען זיי אלע (אויך די באוועגליכע זאַכן) פארקויפט. **ווייל ער האָט דערמיט אויך געמיינט די דערמאָנטע זאכן וואָס מען באַנוצט זיך דערמיט אין הויף און הויז.** בין כך, סיי אזוי (סיי ער האָט עס ניט געזאָגט) און סיי אזוי (סיי ער האָט עס יאָ געזאָגט) האָט ער ניט פארקויפט ניט דעם מרחץ (דאָס באָד־הויז) און ניט דעם אייל־פּרעסער־קעלטער (דאָס אָרט צו פּרעסן אייל פון איילבירטן, בית הבד) וואָס איז פאראַן אין אים (אין הויף). **מחמת דאָס געהערט ניט צום הויף.** ר׳ אליעזר זאָגט, אז איי־נער פארקויפט א הויף, האָט ער פארקויפט ניט מער ווי די לופט אליין). **דאָס הייסט ער האָט ניט פארקויפט די הייזער און אויך ניט די אלע דערמאָנטע זאכן.**

ה. המוכר, אז איינער פארקויפט אן אייל־פּרעס־קעלטער (בית הבד, וואו מען פּרעסט־אויס איילבירטן און מען באַקומט ארויס פון זיי דעם אייל) האָט ער פארקויפט דעם אייל־בעקן („ים״, דער בעקן אין וועלכן עס רינט אריין דער אייל), און די שטאַמפּ־וואַלץ („ממל״ וועלכע איז צובאַפעסטיקט צו דער ערד און מען צערייבט מיט אים די איילבירטן) און די טראָג־שטאַנגען („בתולות״, שטאַנגען אויף וועלכע מען לייגט ארויף די קלעצער צום פּרעסן די איילבירטן). **די אלע זאכן זענען צובאַ־פעסטיקט, און זיי זענען דעריבער א טייל פון אייל־פּרעס־קעלטער.** אָבל, אָבער ער האָט ניט פארקויפט ניט די פּרעס־ברעטער („עכירין״, ברעטער וועלכע מען לייגט ארויף אויף די זעקלעך מיט די צערייבענע איילבירטן), און ניט דעם ראָד („גלגל״, מיט וועלכן מען דרייט דעם שטיין צו פּרעסן אויף די איילבירטן), און ניט דעם קלאָץ („קורה״,

שֶׁבְּתוֹכוֹ הֲרֵי כֻּלָּן מְכוּרִין. רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר, הַמּוֹכֵר אֶת בֵּית הַבַּד מָכַר אֶת הַקּוֹרָה: ו הַמּוֹכֵר אֶת הַמֶּרְחָץ, לֹא מָכַר אֶת הַנְּסָרִים, וְאֶת הַסַּפְסָלִים, וְאֶת הַוִּילָאוֹת. בִּזְמַן שֶׁאָמַר לוֹ הוּא וְכָל מַה שֶּׁבְּתוֹכוֹ, הֲרֵי כֻּלָּן מְכוּרִין. בֵּין כָּךְ וּבֵין כָּךְ לֹא מָכַר לֹא אֶת הַמְּגוּרוֹת שֶׁל מַיִם וְלֹא אֶת אוֹצָרוֹת שֶׁל עֵצִים: ז הַמּוֹכֵר אֶת הָעִיר מָכַר בָּתִּים בּוֹרוֹת שִׁיחִין וּמְעָרוֹת מֶרְחֲצָאוֹת וְשׁוֹבָכוֹת בֵּית הַבַּדִּין וּבֵית הַשְּׁלָחִין, אֲבָל לֹא אֶת הַמִּטַּלְטְלִין. וּבִזְמַן

וועלכער פרעסט ארויס דעם אייל). ווייל די דאָזיקע זאכן טראָגט מען איבער פון איין אָרט אויפן אנדערן, דאריבער געהערן זיי ניט צום פארקויפטן אייל־פרעס־קעלטער. דאָס וואָרט „ממל״, זאָל זיין פון „מלל״ (צערייבן) ווי „ממש״ איז פון „משש״ (טאפן). וועגן וואָרט „עכירין״ איז פאראן איין מיינונג אז עס איז דאָסזעלביקע, וואָס „הכי־רים״ אין כלים פרק י״ב משנה ח׳ און פון וואנען דאָס וואָרט שטאמט איז ניט קלאָר. ובזמן, אָבער ווען ער (דער פארקויפער) האָט געזאָגט צו אים (צום קויפער): „ער (דער קעלטער) און אלץ וואָס איז פאראן אין אים״, זענען אלע (דערמאָנטע זאכן) פארקויפט. ווייל דערמיט האָט דער פארקויפער געמיינט צו זאָגן אז אויך די באוועג־ליכע זאכן ווערן פארקויפט. ר׳ אליעזר זאָגט, אז איינער פארקויפט א אייל־פרעס־קעלטער האָט ער פארקויפט דעם קלאָץ. ווייל דער קלאָץ איז דער עיקר פון דעם פרעס קעלטער, און אָן אים הייסט עס בכלל ניט קיין „בית הבד״, קיין פרעס־קעלטער.

ו. המוכר, אז איינער פארקויפט א מרחץ (א באָד־הויז) האָט ער ניט פארקויפט די ברעטער („נסרים״, אויף וועלכע די מענטשן לייגן ארויף זייער אָנטועכץ), און ניט די בענק („ספסלים״, אויף וועלכע מען זיצט, אָדער אויף וועלכע מען שטעלט אוועק דאָס וואסער צו וואשן זיך), און אויך ניט די פאָרהאנגן (וילאות). וועגן די „וילאות״ איז פאראן איין טייטש אז דאָס זענען די גרויסע פאָרהאנגן ביי דער טיר פון מרחץ. לויט אן אנדערן טייטש מיינט מען דערמיט די ליילעכער, מיט וועלכע מען ווישט זיך אָפּ. לויט א דריטן טייטש איז דאָס די קליינע האנטוכער, מיט וועלכע מען בינדט זיך ארום, ביים באדן זיך, דעם געשלעכטס־טייל פון קערפער. בזמן, אויב ער (דער פאר־קויפער) האָט צו אים (צום קויפער) געזאָגט: „ער (דער מרחץ) און אלץ וואָס איז פאראן אין אים״, זענען זיי אלע פארקויפט. צוליב דעמזעלביקן טעם וואָס אין די פרי־ערדיקע משנות; מיט זאָגן האָט ער געמיינט אלץ. בין כך, סיי אזוי (ער האָט אים ניט געזאָגט) און סיי אזוי (ער האָט אים יאָ געזאָגט) האָט ער אים נישט פארקויפט ניט די באהעלטערס (מגורות) מיט וואסער (פון וועלכע מען גיסט אריין וואסער אין מרחץ) און ניט די מאגאזינען מיט האָלץ (צו באהייצן דעם מרחץ). ווייל דאָס זענען גאָנץ באזונדערע זאכן. דאָס וואָרט „מגורה״ האָבן מיר אויך אין אנדערע ערטער אין דער משנה (תרומות פרק ד׳ משנה ג׳ „מי שהיו פירותיו במגורה״ און אנדערע ערטער), און דער טייטש איז א מאגאזין.

ז. המוכר, אז איינער האָט פארקויפט א שטאָט. האָט ער פארקויפט (אויך) די הייזער (אין דער שטאָט), די ברונעמס, די וואסער־גרובער און די היילן, די באָד־היי־זער און די טויבנשלאקן, די אייל־פרעס־קעלטערס (בית הבדין) און די קינסטליך־באוואסערטע גערטנער (בית השלחין). עס זענען געווען אין דער צייט פון דער משנה שטעט וועלכע האָבן געהערט צו איין מענטש, צו א יחיד, און מיר געפינען אין מסכתא עירובין פרק ה׳ משנה ו׳ „עיר של יחיד״, א שטאָט וואָס געהערט צו איין מענטש. זאָגט די משנה אז ווען מען האָט פארקויפט א שטאָט האָט מען מיט־פארקויפט די אלע אויסגערעכענטע זאכן. דאָס וואָרט „בית השלחין״ ווערט געוויינטליך געטייטשט אז נור גערטנער, אָבער ניט פעלדער, כאָטש זיי געהערן צו דער שטאָט (זע אין „מועד קטן פרק א׳ משנה א׳ וועגן „בית השלחין״). אבל, אָבער ניט (ער האָט ניט פארקויפט) די

שֶׁאָמַר לוֹ הִיא וְכָל מַה שֶּׁבְּתוֹכָהּ, אֲפִלּוּ הָיוּ בָהּ בְּהֵמָה וַעֲבָדִים הֲרֵי כֻּלָּן מְכוּרִין. רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, הַמּוֹכֵר אֶת הָעִיר מָכַר אֶת הַסַּנְטֵר: **ח** הַמּוֹכֵר אֶת הַשָּׂדֶה מָכַר אֶת הָאֲבָנִים שֶׁהֵם לְצָרְכָּהּ, וְאֶת הַקָּנִים שֶׁבַּכֶּרֶם שֶׁהֵם לְצָרְכּוֹ, וְאֶת הַתְּבוּאָה שֶׁהִיא מְחֻבֶּרֶת לַקַּרְקַע. וְאֶת מְחִיצַת הַקָּנִים שֶׁהִיא פְּחוּתָה מִבֵּית רֹבַע, וְאֶת הַשּׁוֹמֵרָה שֶׁאֵינָהּ עֲשׂוּיָה בְּטִיט וְאֶת הֶחָרוּב שֶׁאֵינוֹ מֻרְכָּב וְאֶת בְּתוּלַת הַשִּׁקְמָה: **ט** אֲבָל לֹא מָכַר לֹא אֶת הָאֲבָנִים שֶׁאֵינָן לְצָרְכָּהּ, וְלֹא אֶת הַקָּנִים שֶׁבַּכֶּרֶם שֶׁאֵינָן לְצָרְכּוֹ, וְלֹא אֶת הַתְּבוּאָה שֶׁהִיא תְלוּשָׁה מִן הַקַּרְקַע. בִּזְמַן שֶׁאָמַר לוֹ הִיא וְכָל מַה

באוועגליכע זאכן (פון דער שטאט). **אפילו די בעוועגליכע זענען גוטיק פאר דער שטאט, האט ער זיי אויך ניט פארקויפט.** ובזמן, אבער אויב ער (דער פארקויפער) האט געזאגט צו אים (צום קויפער): „זי (די שטאט) און אלץ וואס איז פאראן אין איר", איז אפילו עס איז דארט געווען א בהמה און שקלאפן זענען זיי אלע פארקויפט. **ווייל מיטן זאגן די ווערטער האט ער געמיינט, אז אלץ, למשל די שליסלען פון דער שטאט וכדומה, זאל זיין פארקויפט.** ר' שמעון בן גמליאל זאגט, אז איינער האט פארקויפט א שטאט, האט ער פארקויפט דעם שטאט־היטער („סנטר"). **אזוי איז אין טייטש, און „סנטר" זאל זיין דאס גריכישע ווארט „סינטעראן", דער היטער. לויט אן אנדערן טייטש זאל „סנטר" מיינען די פעלדער וואס געהערן צו דער שטאט.**

ח. המוכר, אז איינער האט פארקויפט א פעלד, האט ער פארקויפט (אויך) די שטיינער וואס זיינען פאר דעם נוצן פון דעם (פעלד), און (אויב אין פעלד איז פאראן א ווינגארטן, האט ער אויך פארקויפט דעם ווינגארטן און) די שטעקעלעך אין ווינגארטן, וואס זענען פאר זיין (דעם ווינגארטנס) נוצן. **אין פעלד זענען פאראן שטיינער, וואס מען נוצט זיי צו מאכן אדער צו פארריכטן דעם צוים. אין א ווינגארטן ווערן אריינגעזעצט אין דער ערד שטעקעלעך, כדי אויף זיי ארויפציען די לאנגע, שמאלע ווינשטאקן־שטענגלעך, אז זיי זאלן ניט אראפפאלן אויף דער ערד. זאגט די משנה אז דאס אלץ איז פארקויפט.** ואת התבואה, און (ווען ער האט פארקויפט א פעלד, האט ער אויך פארקויפט) די תבואה וואס איז באהאפטן צו דער ערד (נאכניט אפגעשניטן), און די וואקסנדיקע שטעקעלעך אויב זיי פארנעמען אן ארט ווינציקער פון צו פארזייען עס מיט א פערטל (טאפ) זריעה (בית רובע). „**מחיצת הקנים" מיינט מען דא קזשאקעס, וואקסנדיקע שטעקעלעך, און ווייל זיי פארנעמען ניט קיין ארט פון א „בית רובע" (דאס איז לערך 10 איילן אויף 10 איילן) ווערט עס בטל צום פעלד.** ואת השומרה, און (ער האט אויך פארקויפט) דאס היטער־ביידל וואס איז ניט באפעסטיקט מיט ליים. **אזא ביידל האט ניט קיין גרויס חשיבות, און עס ווערט אויך בטל צום פעלד.** ואת החרוב, און (ער האט אויך פארקויפט) דעם באקסער־בוים, וועלכער איז נאכניט געגרעפטעט (חרוב שאינו מורכב). **דער באקסער־בוים, איידער מען גרעפטעט אים, מען פלאנצט אין אים אריין אן אנדער צווייגל, האט נאכניט קיין חשיבות, און ער ווערט בטל צום פעלד.** ואת בתולת, און דעם יינגן סיקאמאר־בוים. **דער סיקאמאר־בוים (שיקמה) ווען ער איז אלט איז ער א ברייטער און א שטארקער, און מען שנייט פון אים ארויס קלעצער, און דער בוים וואקסט דערנאך ווידער. ער הייסט דאמאלס „סדן השקמה". אבער ווען ער איז יינג קאן מען פון אים קיין קלעצער ניט שניידן, און מען רופט אים, „בתולת השקמה", ווי א מיידל, וואס איז נאכניט בארירט. אזא יינגער סיקאמאר־בוים האט נאכניט קיין חשיבות און ער ווערט בטל צום פעלד.**

ט. אבל, אבער ער (דער וואס האט פארקויפט א פעלד) האט ניט פארקויפט ניט די שטיינער וועלכע זיינען ניט פאר זיין (דעם פעלד'ס) נוצן, און ניט די ווינגארטן־שטעקעלעך וועלכע זענען ניט פאר זיין נוצן, און ניט די תבואה וועלכע איז שוין אפגעריסן (אפגעשניטן) פון דער ערד. ובזמן, אבער אויב ער האט צו אים גע־

שֶׁבְּתוֹכָהּ הֲרֵי כֻּלָּן מְכוּרִין. בֵּין כָּךְ וּבֵין כָּךְ לֹא מָכַר לֹא אֶת מְחִיצַת הַקָּנִים שֶׁהִיא בֵית רוֹבַע וְלֹא אֶת הַשּׁוֹמֵרָה שֶׁהִיא עֲשׂוּיָה בְטִיט. וְלֹא אֶת הֶחָרוּב הַמֻּרְכָּב. וְלֹא אֶת סַדַּן הַשִּׁקְמָה, וְלֹא אֶת הַבּוֹר וְלֹא אֶת הַגַּת, וְלֹא אֶת הַשּׁוֹבָךְ, בֵּין חֲרֵבִין בֵּין יְשׁוּבִין, וְצָרִיךְ לִקַּח לוֹ דֶרֶךְ, דִּבְרֵי רַבִּי עֲקִיבָא. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים אֵינוֹ צָרִיךְ. וּמוֹדֶה רַבִּי עֲקִיבָא בִּזְמַן שֶׁאָמַר לוֹ חוּץ מֵאֵלּוּ, שֶׁאֵינוֹ צָרִיךְ לִקַּח לוֹ דֶרֶךְ. מְכָרָן לְאַחֵר, רַבִּי עֲקִיבָא אוֹמֵר, אֵינוֹ צָרִיךְ לִקַּח לוֹ דֶרֶךְ, וַחֲכָמִים אוֹמְרִים צָרִיךְ לִקַּח לוֹ דֶרֶךְ. בַּמֶּה דְבָרִים אֲמוּרִים? בְּמוֹכֵר, אֲבָל בְּנוֹתֵן מַתָּנָה, נוֹתֵן אֶת כֻּלָּם. הָאַחִין שֶׁחָלְקוּ

זאָגט: דאָס (פעלד) און אלץ וואָס איז פאראן אין אים", זענען זיי אלע פארקויפט, **ווייל דערמיט האָט ער געמיינט אויך זיי ארייננצונעמען אין וואָרט „פעלד"**. בין כך, סיי אזוי (ער האָט ניט געזאָגט) ,און סיי אזוי (ער האָט יאָ געזאָגט) האָט ער ניט פארקויפט ניט די וואקסנדיקע שטעקעלעך וואָס פארנעמען אן אָרט פון א פערטל־(טאָפּ־) זריעה, און ניט דאָס היטער־ביידל, וואָס איז באפעסטיקט מיט ליים, און ניט דעם געגרעפטעטן באָקסער־בוים, און ניט דעם אלטן סיקאמאָר־בוים, און ניט דעם ברונעם, און ניט דעם וויין־קעלטער (גת, וואו מען מאכט וויין פון וויינטרויבן), און ניט דעם טויבנשלאג, סיי ווען ער איז ליידיק (חרבין, עס זענען אין אים ניט פאראן קיין טויבן) סיי ווען ער איז באזעצט (עס זענען אין אים פאראן טויבן). **די אלע זאכן האָבן א באזונדערע חשיבות און זיי ווערן ניט בטל צום פעלד.** וצריך, און ער (דער פארקויפער, ווען ער וויל צוגיין צו די דאָזיקע זאכן, וועלכע ער האָט ניט פארקויפט) דארף זיך קויפן (ביים איצטיקן פעלד־בעל הבית) א וועג (דורכצוגיין דורך דעם פעלד צו די זאכן), אזוי זאָגט ר׳ עקיבא, און די חכמים זאָגן, אז ער דארף ניט (קויפן קיין וועג). און ר׳ עקיבא איז מודה, אז אויב ער (דער פארקויפער) האָט צו אים (צום קויפער) געזאָגט: „אחוץ די דאָזיקע (זאכן)", דארף ער ניט קויפן א וועג. אויב ער (דער פעלד־בעל הבית האָט ניט פארקויפט זיין פעלד, נאָר ער האָט) פאר־קויפט זיי (די דערמאָנטע זאכן) צו אן אנדערן, זאָגט ר׳ עקיבא, אז ער (דער קויפער) דארף זיך ניט קויפן א וועג, און די חכמים זאָגן אז ער דאַרף זיך יאָ קויפן א וועג. **די דאָזיקע מחלוקה פון ר׳ עקיבא און די חכמים האָבן מיר געהאט פריער אין משנה ב׳ און דאָרט האָבן מיר דאָס דערקלערט, אז ר׳ עקיבא האלט אז „מוכר בעין יפה מוכר", אז איינער פארקויפט א זאך פארקויפט ער מיט נדיבות, מיט ברייטהארציקייט, און ער האָט דאריבער פארקויפט אויך דעם וועג, און די חכמים האלטן אז „מוכר בעין רעה מוכר", און ער האָט דעם וועג ניט פארקויפט. זאָל דער לערנער דאָרט מעיין זיין אין פשט.** במה, ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן (אז ווען איינער פארקויפט א פעלד האָט ער זיך איבערגעלאָזט די אלע דערמאָנטע זאכן)? ווען איינער פארקויפט; אָבער ווען איינער שענקט אוועק (דעם אנדערן דאָס פעלד) א מתנה, האָט ער אוועקגע־שאָנקען (אויך) די אלע (זאכן). **אפילו דעם ברונעם, און דעם וויינקעלטער און דעם טויבנשלאג, וועלכע זענען פאראן אין פעלד. דער טעם איז, ווייל ביים קויפן דאָס פעלד שעמט זיך ניט דער קויפער, און אויב ער האָט געמיינט אויך די אלע זאכן, האָט ער געדארפן בפירוש זיך אויסריידן. אָבער ווער עס נעמט א מתנה, שעמט זיך צו פאר־לאנגן אז מען זאָל בפירוש אויסריידן אויך די אלע זאכן, און מען נעמט דאריבער אָן אז אויך זיי זיינען אין כלל פון פעלד, ווייל דער מתנה־געבער גיט „בעין יפה", ברייטהארציק.** האחים, ברידער וועלכע האָבן זיך צעטיילט (מיט זייער פאָטערס ירושה, און טייל פון זיי זענען צוגעפאלן פעלדער, אין וועלכע עס זענען פאראן די אלע זאכען), האָבן זיי זוכה געווען אין די אלע (זאכן). **אויך דאָ מיינט מען אפילו דעם ברונעם**

זָכוּ בַשָּׂדֶה זָכוּ בְכֻלָּם. הַמַּחֲזִיק בְּנִכְסֵי הַגֵּר, הֶחֱזִיק בַּשָּׂדֶה הֶחֱזִיק בְּכֻלָּם. הַמַּקְדִּישׁ אֶת הַשָּׂדֶה, הִקְדִּישׁ אֶת כֻּלָּם. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, הַמַּקְדִּישׁ שָׂדֶה לֹא הִקְדִּישׁ אֶלָּא אֶת הֶחָרוּב הַמֻּרְכָּב וְאֶת סַדַּן הַשִּׁקְמָה:

# פרק ה.

**א** הַמּוֹכֵר אֶת הַסְּפִינָה, מָכַר אֶת הַתֹּרֶן, וְאֶת הַנֵּס, וְאֶת הָעוֹגִין וְאֶת כָּל הַמַּנְהִיגִין אוֹתָהּ. אֲבָל לֹא מָכַר, לֹא אֶת הָעֲבָדִים, וְלֹא אֶת הַמַּרְצוּפִין, וְלֹא אֶת הָאַנְתִּיקִי. וּבִזְמַן שֶׁאָמַר לוֹ, הִיא וְכָל מַה שֶּׁבְּתוֹכָהּ, הֲרֵי כֻלָּן

**און דעם וויך־קעלטער און די טויבנשלאקן.** המחזיק, אז איינער פארנעמט די פאר־מעגנס פון א גר (וועלכער איז געשטאָרבן און האָט ניט איבערגעלאָזט קיין יורשים און ווער עס פארנעמט פריער זיין פארמעגן, געהערט עס צו אים), ווען ער האָט נור פארנומען (געמאכט א חזקה, עפּיס געטאָן) אין פעלד, האָט ער שוין פארנומען זיי אלע. **ניט נור געהערט צו אים דאָס פעלד, נאָר אויך די אלע זאכן וואָס די משנה האָט פריער אויסגערעכנט אז זיי געהערן ניט צום קויפער פון פעלד.** המקדיש, אז איינער איז מקדיש א פעלד (ער זאָגט אז דאָס פעלד זאָל זיין הקדש, זאָל געהערן צום בית המקדש) האָט ער מקדיש געווען זיי אלע. **אויך די אלע זאכן, וואָס די משנה האָט פריער גע־זאָגט אז ווען איינער פארקויפט א פעלד האָט ער די זאכן ניט פארקויפט. דער טעם איז ווייל די חכמים האלטן אז ווען איינער אין מקדיש טוט ער עס „בעין יפה", מיט „ברייטהארציקייט", און ער האָט מקדיש געווען אלץ.** ר' שמעון זאָגט, אז איינער איז מקדיש א פעלד האָט ער (א חוץ דעם פעלד) מקדיש געווען ניט מער ווי דעם גע־גרעפטעטן באקסער־בוים און דעם אלטן סיקאמאָר־בוים. **די גמרא זאָגט, אז אייגנטליך האלט ר' שמעון אז אפילו די דאָזיקעביימער האָט ער אויך ניט מקדיש געווען און אז דער מקדיש האָט זיך איבערגעלאָזט אין פעלד אזוי פיל אז די ביימער זאָלן קאָנען ציען זייער יניקה ניט פון הקדש־פעלד. נאָר ר' שמעון זאָגט, אז לויט די חכמים זענען די ביימער הקדש ווייל זיי ציען זייער יניקה פון הקדש־פעלד.**

## פרק ה.

א. המוכר, אז איינער פארקויפט א שיף, האָט ער פארקויפט (אויך) דעם מאסט־בוים („תורן"), און דעם זעגל („נס", די פלאכטע, וואָס דער ווינט בלאָזט אין איר און טרייבט די שיף), און דעם אנקער („עוגין", דעם אייזן וואָס מען לאָזט אראָפּ אין וואסער צו אנקערן די שיף), און די רודערס („מנהיגין", די וויאסלעס מיט וועלכע מען טרייבט די שיף). **יידן אין יענער צייט זענען געווען פארנומען מיט שיפן האָבן געהאט שיפן און זענען געווען מאטראָזן. די שיפן אין יענער צייט זענען געטריבן געוואָרן אָדער מיט רודערס, וויאסלעס, אָדער מיט זעגלן, אָדער מיטביידע צוזאמען.** אָבל, אָבער ער האָט ניט פארקויפט די שקלאפן (וועלכע ארבייטן אויף דער שיף), און ניט די גרויסע זעק („מרצופין", אין וועלכע מען פּאַקט די סחורות וואָס ווערן גע־פירט אויף דער שיף) און ניט די סחורה („אנתיקי", וואָס געפינט זיך אויף דער שיף). **„מרצופין" איז דאָס גריכישע וואָרט „מארסופיאן", גרויסע זעק. „אנתיקי" איז דאָס גריכישע וואָרט „אינטעקע", די לאדונג, די סחורה.** ובזמן, אָבער אויב ער (דער פארקויפער) האָט צו אים (צום קויפער) געזאָגט (ביים פארקויפן די שיף): „זי (די שיף) און אלץ וואָס איז פאראן אין איר", זענען זיי אלע פארקויפט. **מיט די ווערטער האָט ער געמיינט, אז אויך שיפס־שקלאפן און די גרויסע זעק און די שיפס־לאדונג זענען פארקויפט.** — מכר, אויב איינער האָט פארקויפט א וואָגן, האָט ער ניט (מיט־פארקויפט) די מויל־אייזלן. **„קרון" איז דאָס גריכישע וואָרט „קאראָן", וואָס האָט טיילמאָל דעם טייטש פון א וואָגן צו פירן אויף אים משא. אין דער צייט פון דער משנה און גמרא האָט מען אין ארץ ישראל איינגעשפּאנט אין וואָגנס ניט פּערד (פערד זענען געווען צום רייטן) נאָר מויל־אייזלן (געבוירן פון פערד און אייזלן), פּרדות. זאָגט די**

מְכוּרִין. מָכַר אֶת הַקָּרוֹן, לֹא מָכַר אֶת הַפְּרָדוֹת. מָכַר אֶת הַפְּרָדוֹת, לֹא מָכַר אֶת הַקָּרוֹן. מָכַר אֶת הַצֶּמֶד לֹא מָכַר אֶת הַבָּקָר, מָכַר אֶת הַבָּקָר לֹא מָכַר אֶת הַצֶּמֶד. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, הַדָּמִים מוֹדִיעִין. כֵּיצַד? אָמַר לוֹ, מְכוֹר לִי צִמְדְּךָ בְּמָאתַיִם זוּז, הַדָּבָר יָדוּעַ שֶׁאֵין הַצֶּמֶד בְּמָאתַיִם זוּז. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים אֵין הַדָּמִים רְאָיָה: **ב** הַמּוֹכֵר אֶת הַחֲמוֹר, לֹא מָכַר כֵּלָיו. נַחוּם הַמָּדִי אוֹמֵר, מָכַר כֵּלָיו. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, פְּעָמִים מְכוּרִין וּפְעָמִים אֵינָן מְכוּרִין. כֵּיצַד? הָיָה חֲמוֹר לְפָנָיו וְכֵלָיו עָלָיו, וְאָמַר לוֹ, מְכוֹר לִי חֲמוֹרְךָ זֶה,

משנה. **אז ווען דער פארקויפער זאָגט אז ער פארקויפט דעם „וואָגן“, דעם „קרון“, האָט ער ניט געמיינט אויך די מויל־אייזלן, אויב זיי זענען בעת דעם פארקויף ניט געווען איינגעשפאנט אין וואָגן.** אין טייטש איז „פרדות“, די גרויסע דרענגער, **מיט וועלכע מען שלעפט דעם וואָגן.** מכר, אויב ער פארקויפט די מויל־אייזלן (אָדער די דרענגער, לויט דעם אנדערן טייטש) האָט ער ניט (מיטפארקויפט) דעם וואָגן. **אפילו ווען די מויל־אייזלן (אָדער די דרענגער) זענען געווען איינגעשפאנט אין וואָגן.** מכר את הצמד, אויב איינער האָט פארקויפט דעם אקער־יאָך („צמד“) האָט ער ניט פארקויפט די רינדער („בקר“, די קי צי די אָקסן, וועלכע טראָגן דעם יאָך ביים אקערן); אויב ער האָט פארקויפט די רינדער, האָט ער ניט פארקויפט דעם אקער־יאָך. **מחמת עס זענען פאראַן אין טייל ערטער וואו טייל מענטשן רופן די פּאָר קי צי אָקסן, וועלכע טראָגן דעם יאָך, ניט נור „בקר“, נאָר אויך „צמד“, „די פּאָר“; לערנט די משנה, אז אפילו אין אזא אָרט מיינט מען ביים פארקויפן „צמד“ נאָר דעם יאָך.** ר׳ יהודה זאָגט, אז דאָס געלט (דער קויף־פּרייז) באווייזט (וואָס מען האָט געמיינט ביים פארקויפן); ווי אזוי ? אויב ער (דער קויפער) האָט געזאָגט צו אים (צום פאר־קויפער): „פארקויף מיר דיין „צמד“ פאר צוויי הונדערט גילדן (זוז)“, איז די זאַך דאָך באוואוסט, אז א יאָך קאָסט ניט קיין צוויי הונדערט גילדן. **און מען נעמט אָן, אז מיט „צמד“ האָט ער געמיינט אויך די רינדער, די קי אָדער די אָקסן, וועלכע זענען אין יאָך איינגעשפאנט.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז דאָס געלט (דער קויף־פּרייז) איז ניט קיין באווייז. **און כאָטש דער דין איז דאָך (בבא מציעא פרק א׳ משנה ג׳) אז ווען מען נארט אָפּ אין פרייז א זעקסטל דארף מען צוריקגעבן דעם פארקויפער דאָס אָפּגענארטע געלט, און אויב מער פון א זעקסטל קאָן דער קויפער אינגאנצן חרטה האָבן אויפן מסחר, פונדעסטוועגן אויב מ׳האָט איבערגעצאָלט גאָר א סך אזוי אז דער קויפער האָט זיכער געוואוסט, אז ער צאָלט־איבער, נעמט מען אָן אז ער האָט עס געוואָלט געבן דעם פארקויפער א מתנה, און ער קאָן ניט חרטה האָבן.**

ב. המוכר, אז איינער האָט פארקויפט אן אייזל, האָט ער ניט מיטפארקויפט זיינע (דעם אייזלס) פאק־זאכן. **אויף דעם אייזל פלעגט מען רייטן און דאריבער האָט דאָס אייזל געהאט א זאָטל. אָבער אויף אייזלן פלעגט מען אויך פירן משאות און דאָס אייזל האָט געהאט זעק אריינצולייגן די משאות. די גמרא זאָגט, אז די משנה האלט, אז דעם זאָטל האָט ער זיכער מיטפארקויפט, ווייל סתם אן אייזל קויפט מען צום רייטן. אָבער די זעק, די פאק־זאכן, האָט ער ניט פארקויפט, ווייל סתם אן אייזל קויפט מען ניט אויף פירן משאות.** נחום המדי (פון מדי) זאָגט, אז ער האָט מיטפארקויפט זיינע פאק־זאכן, **ווייל ער האלט, אז סתם אן אייזל קויפט מען אויך צו פירן משאות.** ר׳ יהודה זאָגט, אז טיילמאָל זענען זיי ניט מיטפארקויפט; ווי אזוי? אויב דאָס אייזל איז געשטאנען פאר אים (פאר דעם קויפער) און זיינע פאק־זאכן זענען געווען אויף אים (אויף דעם אייזל, און ער האָט געזאָגט צו אים (צום פארקויפער): „פארקויף מיר דאָס דאָזיקע אייזל דיינס“, זענען זיינע פאק־זאכן מיטפארקויפט. **מחמת מיט „דאָס דאָזיקע אייזל (חמורך זה) האָט ער געמיינט אזוי ווי ער איז מיט די פאק־זאכן.** חמורך הוא, (אויב ער

הֲרֵי כֵּלָיו מְכוּרִין. חֲמוֹרְךָ הוּא׃ אֵין כֵּלָיו מְכוּרִין׃ ג הַמּוֹכֵר אֶת הַחֲמוֹר מָכַר אֶת הַסְּיָח. מָכַר אֶת הַפָּרָה לֹא מָכַר אֶת בְּנָהּ. מָכַר אַשְׁפָּה, מָכַר זִבְלָהּ. מָכַר בּוֹר, מָכַר מֵימָיו. מָכַר כַּוֶּרֶת מָכַר דְּבוֹרִים. מָכַר שׁוֹבָךְ מָכַר יוֹנִים. הַלּוֹקֵחַ פֵּירוֹת שׁוֹבָךְ מֵחֲבֵרוֹ מַפְרִיחַ בְּרֵכָה רִאשׁוֹנָה. פֵּירוֹת כַּוֶּרֶת, נוֹטֵל שְׁלֹשָׁה נְחִילִין, וּמְסָרֵס. חַלּוֹת דְּבַשׁ, מַנִּיחַ שְׁתֵּי חַלּוֹת. זֵיתִים לָקוֹץ,

האָט אים אזוי ווי געפרעגט) „איז ער דיין אייזל?״ (און ער האָט דערנאָך עס געקויפט), זענען זיינע פאַק־זאַכן ניט מיטפאַרקויפט. **ווייל דאָס הייסט ניט אָנגעוויזן אויף דעם אייזל אזוי ווי ער איז מיט די זאַכן, נאָר סתם געקויפט אַן אייזל, און ממילא הייסט עס אַז ער האָט געקויפט אָן די פאַק־זאַכן.**

ג. המוכר, אַז איינער האָט פאַרקויפט אַן אייזל (אַ נקבה) האָט ער מיטפאַרקויפט (איר) יינג אייזעלע (סייח); אַז איינער האָט פאַרקויפט אַ קי האָט ער ניט מיטפאַרקויפט איר קעלבל. **די גמרא זאָגט, אַז מען מיינט דאָ אַז ביים פאַרקויפן האָט דער פאַרקויפער געזאָגט „איך פאַרקויף דיר אַ זייגעדיק אייזל״, און „אַ זייגעדיקע קי״. אזוי ווי מילך פון אַן אייזל טאָר מען דאָך ניט טרינקען, דעריבער נעמט מען אָן אַז מיט די ווערטער „אַ זייגעדיק אייזל״ האָט ער געמיינט אַז ער פאַרקויפט אויך איר יינג אייזעל׳ע און אַז די מוטער האָט עס צוגעבן צו זייגן. אָבער אזוי ווי מילך פון אַ קי מעג מען דאָך טרינקען, דעריבער נעמט מען אַז מיט „אַ זייגעדיקע קי״ האָט ער געמיינט צו זאָגן, אַז ער פאַרקויפט אַ קי וואָס גיט מילך צו טרינקען.** מכר אשפה, אויב איינער האָט פאַרקויפט אַ מיסט־פּלאַץ (אשפה) האָט ער מיטפאַרקויפט זיין מיסט. **דאָס הייסט, דאָס מיסט וואָס געפינט זיך אויף דעם פּלאַץ.** מכר בור, אַז איינער האָט פאַרקויפט אַ ברונעם, האָט ער מיטפאַרקויפט זיין וואַסער. **מען מיינט דאָס וואַסער וואָס איז שוין פאַראַן אָנגעזאַמלט אין ברונעם.** מכר כוורת, אַז איינער האָט פאַרקויפט אַ בינשטאָק, האָט ער מיטפאַרקויפט די בינען. **מחמת מיט „כוורת״, בינשטאָק, מיינט מען אויך די בינען,** מכר שובך, אַז איינער האָט פאַרקויפט אַ טויבנשלאַג האָט ער מיט־פאַרקויפט די טויבן. **אויך דאָ איז דער טעם, וואָס מיט „שובך״, „טויבנשלאַג״, מיינט מען אויך די טויבן.** הלוקח, אַז איינער קויפט ביים אַנדערן די פּרוכטן (פּירות, דעם צו־וואוקס, דאָס וואָס ווערט געבוירן אין פאַרלויף פון אַ יאָר) אין אַ טויבנשלאַג, דאַרף ער איבערלאָזן (מפריח) די ערשטע טויבן־קינדער (ברכה). **דער טעם איז, כדי די טויבן־עלטערן זאָלן האָבן קינדער צו זיין מיט זיי צוזאַמען און זאָלן ניט פאַרלאָזן דעם טויבנשלאַג. „מפריח״, מאַכן אַוועקפליען, מיינט ניט צו־נעמען, נאָר איבערלאָזן. „ברכה״ הייסט די טויבן־קינדער וואָס ווערט געבוירן אין איין צייט. ביי די טויבן פּיקן זיך אויס די קינדער פון די אייער עטליכע מאָל אין יאָר; די ערשטע קינדער פון יאָר הייסן „ברכה ראשונה״, די ערשטע ברכה.** פירות כוורת, (אויב איינער קויפט) די פּרוכטן פון אַ בינשטאָק (די בינען וואָס וועלן אין פאַרלויף פון יאָר געבוירן ווערן אין בינשטאָק) זאָל ער צונעמען די (ערשטע) דריי קינדער־געבורטן (נחילין) און דערנאָך זאָל ער נעמען איינע נאָך דער אַנדערע (מסרס, מיט איבערהיפערונג). **דאָס הייסט ער נעמט איינע און דערנאָך לאָזט איבער די צווייטע, נעמט די דריטע און לאָזט איבער די פערטע און אזוי כסדר, כדי עס זאָלן בלייבן יינגע בינען מיט זייער מוטער אין בינשטאָק. דאָס וואָרט „נחילין״ איז אויך אין בבא קמא פּרק י׳ משנה ב׳ „נחיל של דבורים. „מסרס״ מיינט איבערהיפּערן, פון „סרס״, איבערשטעלן.** חלות דבש, (אַז איינער קויפט) האָניק שטיקער (פון אַ בינשטאָק) זאָל ער איבערלאָזן (אין בינשטאָק) צוויי האָניק־שטיקער. **די האָניק־שטיקער אין אַ בינשטאָק זענען פירקאַנטיק און זעען אויס ווי חלות, און זיי הייסן חלות דבש, מען דאַרף איבערלאָזן צוויי פון זיי כדי די בינען זאָלן האָבן צו עסן ווינטער־צייט.** זיתים, (אַז איינער קויפט) איילבירטן־ביימער אויף אָפּצוהאַקן זיי, זאָל ער איבערלאָזן צוויי צווייגן (גרופיות). **לויט**

מַנִּיחַ שְׁתֵּי גְרוֹפִיּוֹת: ד הַקּוֹנֶה שְׁנֵי אִילָנוֹת בְּתוֹךְ שְׂדֵה חֲבֵרוֹ הֲרֵי זֶה לֹא קָנָה קַרְקַע. רַבִּי מֵאִיר אוֹמֵר קָנָה קַרְקַע. הִגְדִּילוּ לֹא יְשַׁפֶּה וְהָעוֹלֶה מִן הַגֶּזַע שֶׁלּוֹ. וּמִן הַשָּׁרָשִׁים שֶׁל בַּעַל הַקַּרְקַע. וְאִם מֵתוּ. אֵין לוֹ קַרְקַע. קָנָה שְׁלֹשָׁה, קָנָה קַרְקַע. הִגְדִּילוּ יְשַׁפֶּה. וְהָעוֹלֶה מִן הַגֶּזַע וּמִן הַשָּׁרָשִׁין שֶׁלּוֹ. וְאִם מֵתוּ יֵשׁ לוֹ קַרְקַע: ה הַמּוֹכֵר רֹאשׁ בְּהֵמָה גַּסָּה לֹא מָכַר אֶת הָרַגְלַיִם. מָכַר אֶת הָרַגְלַיִם לֹא מָכַר אֶת הָרֹאשׁ. מָכַר אֶת הַקָּנֶה לֹא

**אן אנדער טייטש מיינט מען מיט „גרופיות" אזוי ווי „אגרופיות", פון „אגרוף", א פויסט, און ער זאָל איבערלאָזן דעם שטאם פון דיביימער אזוי הויך ווי צוויי פויסטן (צוויי טפחים) כדי די ביימער זאָלן קאָנען צוריק וואקסן.**

ד. הקונה, אז איינער (ראובן) קויפט אין פעלד פון אן אנדערן (פון שמעון) צוויי ביימער (למשל, פרוכטן־ביימער, אז זיי זאָלן בלייבן אין פעלד און ווייטער וואקסן), האָט ער ניט מיטגעקויפט די ערד (ארום די ביימער); ר' מאיר זאָגט, אז ער האָט געקויפט די ערד. **מען מיינט דאָ, אז ער האָט געקויפט סתם און ער האָט זיך ניט אויסגערעדט, אז ער קויפט אויך די ערד.** הגדילו, אויב זיי (די צווייגן פון די ביימער) זענען גרעסער געוואָרן (צעוואקסן, און זיי פארשפרייטן זיך איבער שמעון'ס פעלד), קאָן ער שמעון, דער פעלד־בעל־הבית) זיי ניט ארומהאקן. **אפילו דער שאָטן פון די צווייגן ברענגט שאדן דעם פעלד, קאָן ער אויך ניט זיי ארומהאקן, ווייל ווען ער האָט פארקויפט ראובנען די ביימער האָט ער אים געגעבן דאָס רעכט פון דער ערד פאר דעם נוצן פון די ביימער.** והעולה, און דאָס (די צווייגן) וועלכע וואקסן ארויס פון בוים־שטאם (גזע, דער בוים שטאם, וואָס געפינט זיך איבער דער ערד) געהערט צו אים (צום קויפער, צו ראובן), און (וואָס עס וואקסט ארויס פון די וואָרצלן פון בוים (פון די שרשים, פון די וואָרצלן אונטער דער ערד, און פון זיי וואקסט ארויס אין דער זייט ביימלעך) געהערט צום ערד־בעל־הבית (צו שמעון). **מחמת עס הייסט אז זיי וואקסן ניט פון ראובנ'ס ביימער נאָר פון שמעון'ס ערד.** ואם מתו, און אויב זיי (די ביימער) זענען געשטאָרבן (זענען פארטריקנט געוואָרן) האָט ער (ראובן, דער קויפער) ניט קיין ערד. **ער האָט ניט קיין רעכטצו זאָגן צו שמעון, אז ער וויל אריינפלאנצן אויף זייער אָרט נייע ביימער.** קנה שלשה, אויב ער (ראובן) האָט געקויפט דריי ביימער, האָט ער מיטגעקויפט די ערד ארום די ביימער; אויב זיי (די ביימער־צווייגן זענען זיך צעוואקסן און זענען אריבער איבער שמעון'ס פעלד) קאָן ער (שמעון) זיי אָפּהאקן. **מחמת איצט האָט דאָך ראובן זיין אייגענע ערד, און ער האָט ניט מער קיין שייכות מיט שמעון'ס פעלד.** והעולה, און וואָס עס וואקסט ארויס סיי פון בוים־שטאם (איבער דער ערד) און סיי פון די וואָרצלן (אונטער דער ערד) געהערט צו אים (צו ראובנען, דעם קויפער); און אויב זיי (די ביימער) זענען געשטאָרבן (פארטריקנט געוואָרן), האָט ער ערד (קאָן ער פלאנצן אנדערע אויף זייער אָרט). **דער שיעור פון דער ערד וואָס ער קריגט מיט די דריי ביימער איז די ערד צווישן די ביימער, און אויסער זיי וויפיל עס קאָן שטיין דער פרוכטן־אראָפּרייסער מיטן קויש. די גמרא זאָגט אז אויב צווישן איין בוים און דעם אנדערן איז פאראן מער פון 6 איילן אָדער ווינציקער פון 4 איילן, האָט ער ניט מיטגעקויפט די ערד.**

ה. המוכר, אז איינער פארקויפט דעם קאָפּ פון א בהמה גסה (גרויס־פי, ווי פון א קי, אן אָקס), האָט ער ניט מיטפארקויפט די פיס; אויב ער האָט פארקויפט די פיס, האָט ער ניט מיטפארקויפט דעם קאָפּ. **ווייל פון א גרויסער בהמה זענען סיי די פיס און סיי דער קאָפּ חשוב, און מען פארקויפט זיי יעדעס באזונדער.** מכר, אויב ער האָט פארקויפט די לונג (קנה, דער גאָרגל וואָס גייט פון האלז צו דער לונג, און מען מיינט דאָ אויך די לונג, און לויט אן אנדערע טייטש אויך דאָס הארץ), האָט ער ניט

מָכַר אֶת הַכָּבֵד, מָכַר אֶת הַכָּבֵד לֹא מָכַר אֶת הַקָּנֶה, אֲבָל בְּדַקָּה. מָכַר אֶת הָרֹאשׁ מָכַר אֶת הָרַגְלַיִם. מָכַר אֶת הָרַגְלַיִם לֹא מָכַר אֶת הָרֹאשׁ. מָכַר אֶת הַקָּנֶה מָכַר אֶת הַכָּבֵד. מָכַר אֶת הַכָּבֵד לֹא מָכַר אֶת הַקָּנֶה: ו אַרְבַּע מִדּוֹת בְּמוֹכְרִין. מָכַר לוֹ חִטִּים יָפוֹת וְנִמְצְאוּ רָעוֹת, הַלּוֹקֵחַ יָכוֹל לַחֲזוֹר בּוֹ. רָעוֹת וְנִמְצְאוּ יָפוֹת, מוֹכֵר יָכוֹל לַחֲזוֹר בּוֹ. רָעוֹת וְנִמְצְאוּ רָעוֹת, יָפוֹת וְנִמְצְאוּ יָפוֹת. אֵין אֶחָד מֵהֶם יָכוֹל לַחֲזוֹר בּוֹ. שְׁחַמְתִּית וְנִמְצֵאת לְבָנָה, לְבָנָה וְנִמְצֵאת שְׁחַמְתִּית. עֲצִים שֶׁל זַיִת וְנִמְצְאוּ שֶׁל שִׁקְמָה שֶׁל שִׁקְמָה וְנִמְצְאוּ שֶׁל זַיִת. יַיִן וְנִמְצָא חוֹמֶץ, חוֹמֶץ וְנִמְצָא יַיִן, שְׁנֵיהֶם יְכוֹלִין לַחֲזוֹר בָּהֶן: ז הַמּוֹכֵר פֵּירוֹת לַחֲבֵרוֹ, מָשַׁךְ וְלֹא מָדַד קָנָה,

מיטפארקויפט די לעבער; אויב ער האָט פארקויפט די לעבער, האָט ער ניט פאר־קויפט די לונג. **ווייל ביי א גרויסער בהמה זענען די לונג און די לעבער צוויי באזונ־דערע חשובע זאכן.** אבל בדקה, ביי א בהמה דקה (קליין־פי, ווי שעפסן, ציגן) אויב ער האָט פארקויפט דעם קאָפּ, האָט ער מיטפארקויפט די פיס; אויב ער האָט פארקויפט די פיס, האָט ער ניט מיטפארקויפט דעם קאָפּ. **דער קאָפּ פון א בהמה דקה איז א חשובע זאך, אָבער די פיס זענען ניט חשוב און זיי ווערן פארקויפט צוזאמען מיטן קאָפּ.** מכר את הקנה, אויב ער האָט פארקויפט די לונג (פון דער בהמה דקה) האָט ער מיט־פארקויפט די לעבער; אויב ער האָט פארקויפט די לעבער, האָט ער ניט מיטפארקויפט די לונג. **ווייל די לונג פון א בהמה דקה איז חשוב, און די לעבער איז ניט חשוב, די מפרשים זאָגן, אז די אלע דינים זענען לויט דעם מנהג פון אָרט, ווי מען איז זיך נוהג אין מסחר, אז מען פארקויפט איין זאך צי מען פארקויפט דערמיט די אנ־דערע זאך צי ניט.**

ו. ארבע, פיר מאָסן (פיר פארשידענע פאלן) זענען פאראן ביי פארקויפער. **און די משנה רעכנט זיי באלד אויס.** מכר לו, אויב ער (ראובן) האָט פארקויפט צו אים (שמעונען) גוטע ווייץ, און זיי זענען געווען שלעכטע, קאָן דער קויפער (שמעון) חרטה האָבן; (אויב ער האָט אים פארקויפט) שלעכטע (ווייץ, דער קויפער, שמעון, האָט איינ־גערעדט ראובנען אז דאָס איז א שלעכטער סאָרט ווייץ) און זיי זענען גוטע, קאָן דער פארקויפער חרטה האָבן; (אויב ער האָט אים פארקויפט) שלעכטע, און זיי זענען שלעכטע, אָדער גוטע, און זיי זיינען גוטע, קאָן קיין איינער פון זיי ניט חרטה האָבן. **כאָטש ביים אָפּנארן אין פרייז קאָן מען חרטה האָבן נור, ווען מען נארט אָפּ מער פון א זעקסטל פון פרייז, אָבער דאָ קאָן מען שטענדיק חרטה קריגן, ווייל עס איז דאָך פאר־קויפט געוואָרן ניט די סחורה וועגן וועלכע מען האָט גערעדט.** שחמתית, (אויב ער האָט פארקויפט) טונקל־רויטע (ווייץ), און זיי זענען ווייסע, (אָדער ער האָט פארקויפט) ווייסע, און זיי זענען טונקל רויטע, (אָדער ער האָט פארקויפט) העלצער פון אן אייל־בירטן־בוים און זיי זענען העלצער פון א סיקאָמאָר־בוים, (אָדער ער האָט פארקויפט) פון א סיקאמאָר־בוים, און זיי זיינען פון אן איילבירטן־בוים, (אָדער ער האָט פאר־קויפט) וויין, און עס איז עסיק, (אָדער ער האָט פארקויפט) עסיק, און עס איז וויין, קאָנען ביידע חרטה האָבן. **מחמת דאָס זענען צוויי באזונדערע מינים, און טייל מענטשן ווילן דוקא די טונקל־רויט ווייץ און אנדערע ווילן די ווייסע, און דאָסזעלביקע איז אויך מיט וויין און עסיק, מחמת טייל דארפן גאָר עסיק און ניט קיין וויין.**

ז. המוכר פירות, אז איינער (ראובן) פארקויפט פרוכטן (פירות, פרוכטן, תבואה, ירקות) צו אן אנדערן (צו שמעונען, און זיי האָבן שוין אָפּגערעדט צווישן זיך דעם פרייז) אויב ער, (דער קויפער, שמעון) האָט גענומען (משך, גענעבן א נעם די פרוכטן) כאָטש ער (ראובן) האָט נאָכניט אָפּגעמאָסטן (וויפיל זיי זענען פאראן) האָט ער (שמעון) קונה געווען (זיי זענען זיינע פרוכטן, און ניט ראובן און ניט שמעון קאָנען חרטה האָבן).

מָדַד וְלֹא מָשַׁךְ לֹא קָנָה. אִם הָיָה פִּקֵּחַ שׂוֹכֵר אֶת מְקוֹמָן. הַלּוֹקֵחַ פִּשְׁתָּן מֵחֲבֵרוֹ הֲרֵי זֶה לֹא קָנָה עַד שֶׁיְּטַלְטְלֶנּוּ מִמָּקוֹם לְמָקוֹם וְאִם הָיָה בַּמְחֻבָּר לַקַּרְקַע וְתָלַשׁ כָּל שֶׁהוּא קָנָה:

**ח** הַמּוֹכֵר יַיִן וָשֶׁמֶן לַחֲבֵרוֹ וְהוּקְרוּ אוֹ שֶׁהוּזְלוּ. אִם עַד שֶׁלֹּא נִתְמַלְּאָה הַמִּדָּה, לַמּוֹכֵר. מִשֶּׁנִּתְמַלְּאָה הַמִּדָּה, לַלּוֹקֵחַ. וְאִם הָיָה סַרְסוּר בֵּינֵיהֶן נִשְׁבְּרָה הֶחָבִית נִשְׁבְּרָה לַסַּרְסוּר.

אויב ער (ראובן) האָט אָפּגעמאָסטן, און ער (שמעון) האָט זיי נאָכניט געצויגן (ניט גענומען), האָט ער (שמעון) ניט קונה געווען. **און סיי ראובן און סיי שמעון קאָנען חרטה האָבן.** ווי מיר האָבן געלערנט אין **בבא מציעא פרק ד׳ משנה א׳ קאָן א קויפער קונה זיין זאכן** (פרוכטן און יעדע באוועגליכע זאכן) **נור מיט משיכה, ווען דער קויפער נעמט די זאכן, אָדער זיי געפינען זיך אין זיין הויף** (חצר)**, אין זיין רשות, אין אן אָרט וואָס געהערט צו אים.** אם היה, אויב (די פרוכטן זענען א גרויסע משא, און ער קאָן זיי ניט באלד נעמען, און שמעון דער קויפער וויל ניט אז ראובן זאָל קאָנען חרטה האָבן, איז אויב) ער (שמעון) איז א קלוגער, דינגט ער אָפּ (ביי ראובנען) זייער אָרט. **ער דינגט דעם פלאץ, וואו די פרוכטן געפינען זיך, ממילא הייסט עס זיין פלאץ, און די פרוכטן זענען שוין אין זיין רשות, און דערמיט האָט ער זיי קונה געווען.** הלוקח, אז איינער קויפט פון אן אנדערן פלאקס, האָט ער עס ניט קונה געווען סיידן ער האָט עס איבערגע־טראָגן פון איין אָרט אויף אן אנדערן אָרט. מען מיינט, **אז ער האָט עס אביסל אויפגע־הויבן, און מיט „הגבהה״, מיט אויפהייבן א זאך איז מען עס קונה. די משנה זאָגט „פון אָרט צו אָרט״, ווייל געוויינטליך ווען מען הויבט אויף עפּיס באוועגט מען עס פון אָרט. די משנה זאָגט „פלאקס״, ווייל פלאקס אפילו ווען עס איז גרויסע משאות קאָן מען עס עפּיס רירן פון אָרט.** ואם, און אויב ער (דער פלאקס) איז געווען באהאפטן צו דער ערד, און ער (דער קויפער) האָט אָפּגעריסן (פון פלאקס אפילו נור) עטוואָס, האָט ער עס קונה געווען. **די משנה מיינט, אז דער פארקויפער האָט געהייסן דעם קויפער טאָן עפּיס אן ארבייט אין דער ערד, ווי אָפּרייסן עטוואָס פלאקס, און דערפאר האָט ער אים פארדינגען די ערד אז ער זאָל קונה זיין מיט דעם פארדינגען אויך דעם ניט־אָפּגעריסענעם פלאקס.**

ח. המוכר, אז איינער פארקויפט צו אן אנדערן ווין אָדער אייל, און זיי זענען געוואָרן טייערער צי ביליקער, איז אויב (דאָס איז געשען) איידער די מאָס (די כלי אין וועלכער דער פארקויפער האָט אריינגעמאָסטן פאר דעם קויפער דעם ווין אָדער דעם אייל) איז פול געוואָרן, איז עס (דאָס טייערער ווערן צי דאָס ביליקער ווערן) צום פארקויפער (מחמת עס הייסט אז עס געהערט נאָך צום פארקויפער), און אויב נאָכדעם ווי די מאָס (די כלי) איז פול געוואָרן, איז עס (דאָס טייערער צי ביליקער ווערן) צום קויפער (ווייל עס איז שוין זיינס). די גמרא זאָגט, **אז אויב די כלי איז געווען דעם פאר־קויפערס, איז אפילו זי איז שוין פול געוואָרן, איז עס אויך דעם פארקויפערס. אויב די כלי איז דעם קויפערס, איז אפילו זי איז נאָכניט פול געוואָרן, איז עס דעם קוי־פערס. נאָר דאָ מיינט מען, אז די כלי איז א פרעמדנס, וועלכער האָט זיי געבאָרגט צו ביידע, און זי איז געבאָרגט צום קויפער איידער זי איז פול, און זי איז געבאָרגט צום פארקויפער פון זינט זי ווערט פול.** ואם היה, און אויב עס איז געווען א צווישן־הענד־לער (סרסור)צווישן זיי (און די כלי, די פאס, אין וועלכער מען גיסט אריין דעם ווין צי אייל איז זיינע) איז אויב די פאס איז צובראָכן געוואָרן, איז זי צובראָכן געוואָרן צום צווישן־הענדלער. **און ער ליידט דעם שאדן.** — וחייב, און (ווען איינער פארקויפט דעם אנדערן ווין צי אייל, און ער גיסט אריין צוערשט אין א מאָס און דערנאָך פון דער מאָס אין דער כלי פון קויפער) דארף ער אים אויסטראָפּיען (אויסנייגן פון דער מאָס) דריי טראָפּנס. „להטיף״, **אויסטראָפּיען, אויסנייגן פון דער מאָס טראָפּנס, איז**

וְחַיָּב לְהַטִּיף לוֹ שָׁלֹשׁ טִפִּין. הִרְכִּינָהּ וּמִצָּהּ, הֲרֵי הוּא שֶׁל מוֹכֵר. וְהַחֶנְוָנִי אֵינוֹ חַיָּב לְהַטִּיף שָׁלֹשׁ טִפִּין. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, עֶרֶב שַׁבָּת עִם חֲשֵׁכָה, פָּטוּר: ט הַשּׁוֹלֵחַ אֶת בְּנוֹ אֵצֶל חֶנְוָנִי וּפוּנְדְּיוֹן בְּיָדוֹ וּמָדַד לוֹ בְּאִסָּר שֶׁמֶן, וְנָתַן לוֹ אֶת הָאִסָּר שֶׁבֵּר אֶת הַצְּלוֹחִית וְאָבַד אֶת הָאִסָּר, הַחֶנְוָנִי חַיָּב. רַבִּי יְהוּדָה פּוֹטֵר שֶׁעַל מְנָת כֵּן שְׁלָחוֹ. וּמוֹדִים חֲכָמִים לְרַבִּי יְהוּדָה, בִּזְמַן שֶׁהַצְּלוֹחִית בְּיַד הַתִּינוֹק וּמָדַד הַחֶנְוָנִי לְתוֹכָהּ חֶנְוָנִי פָּטוּר: י הַסִּיטוֹן מְקַנֵּחַ מִדּוֹתָיו אַחַת לִשְׁלֹשִׁים יוֹם, וּבַעַל הַבַּיִת אַחַת לִשְׁנֵים עָשָׂר חֹדֶשׁ. רַבָּן

**פון וואָרט „טיפה“, א טיפה. די משנה לערנט, אז נאָכדעם ווי ער האָט אים שוין אי־בערגעגאָסן פון דער מאָס, דאַרף ער אויסבייגן די מאָס אז עס זאָל נאָך ארויסרינען דריי טראָפּנס, וועלכע געהערן צום קויפער.** הרכינה, (אויב נאָכדעם ווי ער האָט אים שוין אויסגענייגט די דריי טראָפּנס) האָט ער (דער פארקויפער) אויסגעביגן די כלי און ער האָט עס אויסגעקוועטשט (ארויסגעקריגן נאָך אביסל) געהערט עס צום פאר־קויפער. **ווייל דערפון האָט דער קויפער זיך שוין מייאש געווען,** והחנוני, און דער קרעמער (דער קליינהענדלער) דאַרף ניט אויסטראָפּיען (זיינע קונים) די דריי טראָפּנס. **ווייל דער קליינהענדלער פארקויפט כסדר, און מען איז אים ניט מטריח דאָס צו טאָן.** ר׳ יהודה זאָגט, אז (נור) פרייטאָג פאַרנאַכט איז ער (דער קליינהענדלער) פטור (אויס־צוטראָפּיען די דריי טראָפּנס). **ווייל דעמאָלט איז ער זייער פארנומען, „עם חשיכה“ מיינט „נאָנט, איידער עס ווערט פינסטער“, וועגן „עם חשיכה“ זע שבת פרק א׳ משנה י׳.**

ט. השולח, אז איינער שיקט זיין (קליינעם) זון צו א קרעמער און ער (דאָס יינגל) האָט (דעם פאָטערס) פונדיון (א מטבע, וואָס איז ווערט צוויי איסר־מטבעות) אין זיין האַנט, און ער (דער קרעמער) האָט אים אָפּגעמאָסטן פאר איין איסר אייל און האָט אים (א רעשט) געגעבן איין איסר, און דאָס יינגל האָט צעבראָכן דאָס גלעזל (מיט אייל) און האָט פארלוירן דעם איסר, איז דער קרעמער שולדיג (צו באַצאָלן דעם פאָטער פאר דעם גלעזל און דאָס געלט). **ווייל דער פאָטער האָט געשיקט צו אים דאָס יינגל נאָר מודיע צו זיין אז ער דאַרף אייל, און דער קרעמער האָט אים גע־דאַרפן שיקן דורך א דערוואַקסענעם מענטש, די גמרא זאָגט אויפן יסוד פון די ווייטערדיקע ווערטער אין דער משנה אז דער קרעמער איז מחויב צו באַצאָלן אויך פאר דעם גלעזל נור ווען דער קרעמער האָט גענומען פון יינגל דאָס גלעזל און דערוויל דערמיט אָפּגעמאָסטן אייל צו אנדערע קונים, און עס הייסט ווי ער האָט עס גע־באָרגט, און ער איז פאַראַנטוואָרטליך דערפאר ביז ער גיט עס אָפּ צום פאָטער אליין.** ר׳ יהודה פטרט (דעם קרעמער פון באַצאָלן) ווייל דערצו האָט ער (דער פאָטער) גע־שיקט אים (זיין יינגל). **די כוונה פון פאָטער איז געווען ניט מודיע צו זיין, נאָר אז ער זאָל אים צוריקשיקן דורך זיין יינגל.** ומודים, און די חכמים זענען מודה צו ר׳ יהודה, אז אויב דאָס גלעזל איז געווען אין דער האַנט פון קינד (תינוק) און דער קרע־מער האָט) עס ניט גענומען, נאָר אריינגעמאָסטן, איז ער (דער קרעמער) פטור. **ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, טייטשט די גמרא אז ער איז פטור אפילו ער האָט יאָ גענומען דאָס גלעזל נאָר ער האָט ניט געמאָסטן דערמיט פאר אנדערע קונים.**

י. הסיטון, דער הורט־סוחר דאַרף אויסווישן זיינע מאָס־כלים איינמאָל אין יע־דע דרייסיק טעג, און א בעל הבית איינמאָל אין יעדע צוועלף חדשים. **סיטאָן איז דאָס גריכישע וואָרט „סיטאָנעס“, א הורט סוחר (זע וועגן דעם וואָרט אין דמאי פרק ב׳ משנה ד)׳. מיט „בעל הבית“ מיינט מען א לאַנדווירט, וועלכער מאַכט פאר זיך אייל צי וויין און טיילמאָל פארקויפט ער דערפון צו אנדערע. מען דאַרף אויסווישן די מאָס־כלים ווייל די דער אייל צי דער וויין ווערט פארגליווערט אינווייניק און די מאָס ווערט דאָדורך קלענער. און ווייל א בעל הבית פארקויפט זעלטן, און דאַריבער גע־**

שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, הֲלוּף הַדְּבָרִים. הַחֶנְוָנִי מְקַנֵּחַ מִדּוֹתָיו פַּעֲמַיִם בְּשַׁבָּת, וּמְמַחֶה מִשְׁקְלוֹתָיו פַּעַם אַחַת בְּשַׁבָּת, וּמְקַנֵּחַ מֹאזְנַיִם עַל כָּל מִשְׁקָל (וּמִשְׁקָל): **יא** אָמַר רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל בַּמֶּה דְּבָרִים אֲמוּרִים? בַּלַּח אֲבָל בַּיָּבֵשׁ אֵינוֹ צָרִיךְ. וְחַיָּב לְהַכְרִיעַ לוֹ טֶפַח. הָיָה שׁוֹקֵל לוֹ עַיִן בְּעַיִן נוֹתֵן לוֹ גֵרוּמָיו. אֶחָד לַעֲשָׂרָה בַּלַּח וְאֶחָד מֵעֶשְׂרִים בַּיָּבֵשׁ. מְקוֹם שֶׁנָּהֲגוּ לָמוֹד בְּדַקָּה לֹא יָמוֹד בְּגַסָּה, בְּגַסָּה לֹא יָמוֹד בְּדַקָּה, לִמְחוֹק לֹא יִגְדּוֹשׁ, לִגְדּוֹשׁ לֹא יִמְחוֹק:

**נוג פאר אים אויסצעווישן איינמאָל אין 12 חדשים.** ר׳ שמעון בן גמליאל זאָגט, אז פארקערט זענען די זאכן. **דער גרויסער סוחר, ווייל ער פארקויפט אָפט, ווערט ניט דער ווייַן צי דער אייל אזוי פארגליווערט, און דעריבער איז גענוג פאר אים איינמאָל אין 12 חדשים; אָבער דער בעל הבית ווייל ער פארקויפט ניט אָפט, ווערט עס גיכער פארגליווערט, דעריבער דארף ער איינמאָל אין 30 טעג.** החנוני, דער קרעמער (דער קליינהענדלער) דארף אויסווישן זיינע מאָס־כלים צוויי מאָל אין דער וואָך. **דאָ איז אויך ר׳ שמעון בן גמליאל מודה, ווייל מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ח׳ אז דער קרעמער דארף ניט אויסגייגן די טראָפּנס, דעריבער בלייבט ביי אים מער אין דער מאָס־כלי.** וממחה, און ער (דער קרעמער) דארף אָפּווישן זיינע געוויכטער (מיט וועלכע ער וועגט ביים פארקויפן פייכטע זאכן) איינמאָל אין דער וואָך. „ממחה״, **אָפּווישן; דאָס וואָרט איז פאראן אין תנך „ומחה ה׳ דמעה מעל כל פנים (ישעיה כ״ה).** ומקנח, און ער ווישט־אויס זיין וואָג נאָך יעדן מאָל וועגן **ווייל די וואָג דארף זיין גאָר פינקטליך.**

יא. ר׳ שמעון בן גמליאל האָט געזאָגט: ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן (אז מען דארף אויסווישן)? ביי פייכטע זאכן (לח, מחמת זיי קלעבן זיך צו), אָבער ביי טרו־קענע זאכן דארף מען ניט. **ווייל זיי קלעבן זיך ניט צו.** וחייב, און ער (דער קרעמער ביים אָפּוועגן סחורה צום קונה) דארף אים אריבערבייגן א טפח. **די וואָג דארף זיין אריבערגעבויגן אויף דער זייט פון דער סחורה א טפח. דאָס איז נור וואו דער מנהג איז אריבערצובייגן.** היה, אויב ער האָט אָפּגעמאָסטן אויג אויף אויג (פינקטליך, ער האָט אים ניט אריבערגעבויגן), דארף ער אים געבן זיין איבערוואָג. „גירומיו״, **די איבערוואָג וואָס קומט.** אחד לעשרה, (די איבערוואָג איז) איין צענטל (פונט אויף צען פונט) ביי פייכטע זאכן, און איין צוואַנציקסטל (פונט אויף צען פונט) ביי טרוקענע זאכן. **דאָס הייסט א הונדערטסטל ביי פייכטע און א צוויי הונדערטסטל ביי טרוקענע.** מקום, אין אן אָרט, וואו עס איז דער מנהג צו מעסטן מיט קליינע (מאָסן) זאָל דער (פארקויפער) ניט מעסטן מיט גרויסע מאָסן. **למשל, ער האָט אים פארקויפט צען קוואָרט, און עס איז דער מנהג צו מעסטן מיט אן איין־קוואָרט־מאָס, זאָל ער אים ניט מעסטן מיט א 10־קוואָרט־מאָס, ווייל ער גיט אים נור אויף איין מאָס אן איבערמאָס.** בגסה, (אין אן אָרט וואו דער מנהג איז צו מעסטען) מיט א גרויסער מאָס, זאָל ער ניט מעסטן מיט א קליינער. **אויב דער מנהג איז צו מעסטן מיט א 10־קוואָרט מאָס, זאָל ער אים ניט מעסטן צען מאָל מיט אן איין־קוואָרט מאָס, ווייל יעדעס מאָל בלייבט אין דער מאָס־כלי עפּיס.** למחוק, (אין אן אָרט, וואו עס איז דער מנהג) צו געבן גלייך (ניט אנגעלייגט אין דער הויך, אָן אן איבערמאָס) זאָל ער ניט געבן מיט אן איבערמאָס (לא יגדוש), און (אין אן אָרט, וואו דער מנהג איז) צו געבן מיט אן איבערמאָס, זאָל ער ניט געבן גלייך (אָן אן איבערמאָס). **דער צווייטער דין איז פּשוט, ווייל דער קויפער האָט היזק, וועגן ערשטן דין ווערט געלערנט, אז אפילו דער קוי־פער וויל אים באצאָלן באזונדערס פאר דער איבערמאָס, טאָר דער פארקויפער אויך ניט מעסטן, ווייל טאָמער וועט עס זען א זייטיקער מענטש, וועט ער מיינען אז דער**

# פרק ו.

**א** הַמּוֹכֵר פֵּירוֹת לַחֲבֵרוֹ וְלֹא צָמְחוּ וַאֲפִלּוּ זֶרַע פִּשְׁתָּן אֵינוֹ חַיָּב בְּאַחֲרָיוּתָן, רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, זֵרְעוֹנֵי גִנָּה שֶׁאֵינָן נֶאֱכָלִין חַיָּב בְּאַחֲרָיוּתָן:

**ב** הַמּוֹכֵר פֵּירוֹת לַחֲבֵרוֹ, הֲרֵי זֶה מְקַבֵּל עָלָיו רוֹבַע טִנּוֹפֶת לְסָאָה. תְּאֵנִים, מְקַבֵּל עָלָיו עֶשֶׂר מְתוּלָּעוֹת לְמֵאָה. מַרְתֵּף שֶׁל יַיִן מְקַבֵּל עָלָיו עֶשֶׂר קוֹסָסוֹת לְמֵאָה. קַנְקַנִּים בַּשָּׁרוֹן מְקַבֵּל עָלָיו עֶשֶׂר פִּיטְסִיאוֹת לְמֵאָה:

**מנהג איז צו געבן איבערמאָסן. „למחוק״, פון „מחוק״, אָפּמעקן, מאכן גלייך. „לגדוש״, פון „גדוש״, מאכן א הויפן, א בערגל, און אזוי איז אויך דאָס וואָרט „גדיש״, א הויפן תבואה־בינטלעך.**

## פרק ו.

א. המוכר, אז איינער (ראובן פארקויפט פרוכטן (למשל תבואות צי ירקות) צו אן אנדערן (צו שמעון, און שמעון האָט זיי פארזייט) און זיי האָבן ניט אויפגעשפראָצט (זיי זענען ניט געוואקסן, זיי האָבן ניט געטויגט צום פארזייען), און אפילו דאָס זענען געווען פלאקס־זאמען (וואָס אממייסטן מענטשן קויפן זיי ניט צום עסן נור צום פארזייען), איז ער (ראובן) ניט שולדיק אין זייער פאראנטוואָרטליכקייט. **ער, ראובן, דארף ניט באצאָלן פאר דעם שאדן שמעונען, ווייל ער קאָן טענהן, אז ער האָט זיי פארקויפט ניט צום פארזייען נאָר צום עסן. כאָטש דער רוב מענטשן קויפן דאָך פלאקס־זאמען צום פארזייען, איז אָבער דער דין אז „אין הולכין בממון אחר הרוב״, ארויסנעמען געלט פון אן אנדערן מיט דער טענה פון „רוב״, ווייל „מייסטנס מענטשן״ קויפן צו פארזייען, קאָן מען ניט.** ר׳ שמעון בן גמליאל זאָגט, אז (אויב ער האָט אים פארקויפט) גאָרטן־קערנדלעך (זריעה־קערנדלעך פון ירקות) וועלכע ווערן ניט געגעסן (און זיי זענען ניט געוואָקסן) איז ער שולדיג אין זייער פאראנטוואָרטליכקייט. **די גמרא זאָגט, אז אין דער משנה פעלן צווערשט די ווערטער „אָבער גאָרטן־קערנדלעך וועלכע ווערן ניט געגעסן איז ער יאָ שולדיק״, וואָרום ר׳ שמעון בן גמליאל זאָגט אזוי דעם דין. מיט פירות מיינט ניט נור בוימער־פרוכטן, נאָר אלע עס־געוויקסן.**

ב. המוכר, אז איינער פארקויפט דעם אנדערן פרוכטן, דארף ער (דער קויפער) נעמען אויף זיך א פערטל טאָפּ (א פערטל קב) אָפּפאל (טינופת, אומריייניקע, אָפּפאל, ניט צום נוצן) אויף יעדן סאה. **א סאה איז 6 טעפּ (6 קבים); עס הייסט דאריבער אז א 24סטל קאָן זיין אָפּפאל, און דער קויפער קאָן דערצו קיין טענה נישט האָבן.** תאנים, (אויב ער האָט אים פארקויפט) פייגן, דארף ער (דער קויפער׳ נעמען אויף זיך צען ווערימדיקע אויף יעדע הונדערט. **דאָס הייסט א צענטל.** מרתף, (אויב ער האָט אים פארקויפט) א קעלער וויין (פעסער מיט וויין) דארף ער נעמען אויף זיך צען שלעכטע (קוססות, שוימיקע) אויף יעדע הונדערט. **אויך דאָ איז עס א צענטל. וועגן וואָרט „קוססות״, זע מעשר שני פרק ד׳ ב׳.** קנקנים, (אויב ער האָט אים פארקויפט פלעשער (קרוגן צו וויין) אין שרון (אין שרון־טאָל אין ארץ ישראל) דארף ער נעמען אויף זיך צען שלעכטע קרוגן (פיטסאות) אויף יעדע הונדערט. **„פיטסאות״ איז פון גריכישן וואָרט „פיטאָס״ און איז דער טייטש א פאס, א קרוג (זע בבא מציעא פרק ד׳ משנה י״ב). דאָ מיינט מען שלעכט־פארצויגענע קרוגן, וועלכע לאָזן אדורך דעם וויין דורך די ווענט. שרון איז דער טאָל אין ארץ ישראלביים מיטלענדישן ים צווישן יפו און חיפה און דער דאָרטיקער ליים פון וועלכן מען מאכט די קרוגן דארף ווערן גוט פארצויגן.**

**ג** הַמּוֹכֵר יַיִן לַחֲבֵרוֹ וְהֶחֱמִיץ אֵינוֹ חַיָּב בְּאַחֲרָיוּתוֹ. וְאִם יָדוּעַ שֶׁיֵּינוֹ מַחְמִיץ, הֲרֵי זֶה מֶקַח טָעוּת. וְאִם אָמַר לוֹ, יַיִן מְבֻשָּׂם אֲנִי מוֹכֵר לָךְ. חַיָּב לְהַעֲמִיד לוֹ עַד הָעֲצֶרֶת. וְיָשָׁן, מִשֶּׁל אֶשְׁתָּקַד. מְיֻשָּׁן, מִשֶּׁל שָׁלֹשׁ שָׁנִים: **ד** הַמּוֹכֵר מָקוֹם לַחֲבֵרוֹ (לִבְנוֹת לוֹ בַּיִת וְכֵן הַמְקַבֵּל מֵחֲבֵרוֹ) לִבְנוֹת לוֹ בֵּית חֲתָנוּת לִבְנוֹ. וּבֵית אַלְמָנוּת לְבִתּוֹ, בּוֹנֶה אַרְבַּע אַמּוֹת עַל שֵׁשׁ.

ג. המוכר, אז איינער (ראובן) האָט פארקויפט וויין צו אן אנדערן (צו שמעון) און ער איז זויער געוואָרן (נאָכדעם ווי דער קויפער האָט אים געהאלטן א צייט), איז ער (ראובן דער פארקויפער) ניט שולדיק אין זיין פאראנטוואָרטליכקייט. **ווייל ער קאָן אים זאָגן, אז ער האָט אים פארקויפט באלד אויסצוטרינקן, און ניט צו האלטן עס א לאנגע צייט און צו נוצן דעם וויין ביסלעכוויז ארייגצוטאָן ביים קאָכן מאכלים.** ואם ידוע, און אויב עס איז געווען באוואוסט, אז (ראובן׳ס) וויין (ווען ער שטייט) ווערט זויער (און שמעון האָט אים ביים קויפן געזאָגט, אז ער דארף דעם וויין אריינ־צוטאָן ביים קאָכן אין די מאכלים) איז עס א טעות׳דיקער קויף. **אויב דער וויין איז זויער געוואָרן דארף ראובן צוריקגעבן שמעונען דאָס געלט, מחמת ראובן האָט אים געדארפן זאָגן, אז זיין וויין קאָן ניט שטיין.** ואם, און אויב ער (ראובן ווען ער פאר־קויפט וויין צו שמעון) האָט געזאָגט צו אים: „איך פארקויף דיר געווירצטן וויין (יין מבושם, וויין אין וועלכן מען טוט אריין פארשידענע געווירצן, כדי ער זאָל זיין בע־טעמטער) דארף ער אים צושטעלן וויין (וועלכע זאָל קאָנען שטיין (פון אָנהייב וויין־יאָר) ביז שבועות. **וויין איז געווייינטליך אויסגעארבייט געוואָרן אין ארץ ישראל ארום סוכות־צייט (דאָס האָבן געהייסן די „ימי הגיתות״, די טעג פון מאכן וויין). עס איז געווען אָנגענומען אז געווירצטער וויין דארף זיך קאָנען האלטן ביז שבועות.** וישן, און (אויב ער האָט אים געזאָגט, אז ער פארקויפט אים וויין) אלטן (ישן, דארף ער אים געבן) פון פאראיאָרן. **וויין וואָס איז געמאכט געוואָרן דעם פארגאנגענעם יאָר הייסט שוין „ישן״, אלטער. „אישתקד״, איז דער אראמעאישער קיצור פון „שתא קמייתא״, דאָס פאריקע יאָר.** מיושן, (אויב ער האָט אים געזאָגט, אז ער פארקויפט אים וויין) געעלטערטן (מיושן), דארף ער אים געבן פון פאר דריי יאָר. **מיט „פון פאר 3 יאָר״, „משל שלוש שנים״, מיינט מען וויין פון 2 יאָר צוריק, און צוזאמען מיטן איצטיקן יאָר הייסט עס דריי־יעריקער וויין.**

ד. המוכר, אז איינער פארקויפט אן אנדערן אן אָרט אויפצובויען א חתונה־הויז (און אזוי אויך ווען איינער נעמט זיך אונטער אויפצובויען פאר אן אנדערן א חתונה־הויז) פאר זיין זון, אָדער אן אלמנה־הויז פאר זיין טאָכטער, דארף ער בויען פיר איילן אויף 6 (איילן). אזוי זאָגט ר׳ עקיבא. **אין דער צייט פון דער משנה און גמרא איז געווען דער מנהג, אז דער זון האָט נאָך זיין חתונה געוואוינט מיט זיינע עלטערן, אָבער די טאָכטער איז נאָך דער חתונה אוועק מיט איר מאן פון איר על־טערנס־הויז. אין דער גמרא פסחים קי״ג ווערט געזאָגט וועגן דעם, אז א מאן דארף אכטונג געבן אויף זיין ווייב אז זי זאָל ניט האָבן צו טאָן מיט איר איידעם, און דער עיקר מיט איר ערשטן איידעם; דאריבער פלעגן די טאָכטער און דער איידים ניט וואוינען מיט אירע עלטערן. אָבער אויב דער איידים איז געשטאָרבן און די טאָכ־טער איז געוואָרן אן אלמנה, פלעגט זי צוריקקומען וואוינען צו אירע עלטערן. דעם זון׳ס הויז צו וואוינען מיט די עלטערן נאָך דער חתונה האָט געהייסן „בית חתנות״, און דער טאָכטער׳ס הויז צו וואוינען מיט אירע עלטערן ווען זי ווערט אן אלמנה האָט געהייסן „בית אלמנות״. לערנט ר׳ עקיבא, אז אויב מען האָט אָפּגערעדט סתם וועגן קויפן אן אָרט פאר אזא הויז אָדער אונטערנעמען צו בויען אזא הויז, דארף דער פארקויפער אָדער אונטערנעמער צושטעלן אן אָרט צו א הויז פון 4 איילן אויף 6 איילן.**

דִּבְרֵי רַבִּי עֲקִיבָא. וְרַבִּי יִשְׁמָעֵאל אוֹמֵר, רֶפֶת בָּקָר הוּא זֶה. הָרוֹצֶה לַעֲשׂוֹת רֶפֶת בָּקָר בּוֹנֶה אַרְבַּע אַמּוֹת עַל שֵׁשׁ, בַּיִת קָטָן שֵׁשׁ עַל שְׁמוֹנֶה, גָּדוֹל שְׁמוֹנֶה עַל עֶשֶׂר. טְרַקְלִין עֶשֶׂר עַל עֶשֶׂר, רוּמוֹ כַּחֲצִי אָרְכּוֹ וְכַחֲצִי רָחְבּוֹ. רְאָיָה לַדָּבָר הֵיכָל. רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, (הַכֹּל) כְּבִנְיַן הֵיכָל: ה מִי שֶׁיֵּשׁ לוֹ בּוֹר לִפְנִים מִבֵּיתוֹ שֶׁל חֲבֵרוֹ נִכְנָס בְּשָׁעָה שֶׁדֶּרֶךְ בְּנֵי אָדָם נִכְנָסִין, וְיוֹצֵא בְּשָׁעָה שֶׁדֶּרֶךְ בְּנֵי אָדָם יוֹצְאִין. וְאֵינוֹ מַכְנִיס בְּהֶמְתּוֹ וּמַשְׁקֶה מִבּוֹרוֹ, אֶלָּא מְמַלֵּא וּמַשְׁקֶה מִבַּחוּץ. זֶה עוֹשֶׂה לוֹ פּוֹתַחַת וְזֶה עוֹשֶׂה לוֹ פּוֹתַחַת: ו מִי שֶׁיֵּשׁ לוֹ גִּנָּה לִפְנִים מִגִּנָּתוֹ שֶׁל חֲבֵרוֹ, נִכְנָס בְּשָׁעָה שֶׁדֶּרֶךְ בְּנֵי אָדָם נִכְנָסִין וְיוֹצֵא בְּשָׁעָה שֶׁדֶּרֶךְ בְּנֵי אָדָם יוֹצְאִין, וְאֵינוֹ

ור׳ ישמעאל, און ר׳ ישמעאל זאָגט, אז דאָס איז א שטאל פאר רינדער. **דאָס איז א צו־קליין אָרט.** הרוצה לעשות, אז איינער וויל מאכן א שטאל פאר רינדער בויט ער פיר איילן אויף 6 (איילן). **טייל טייטשן אז דאָס זענען די ווערטער פון ר׳ ישמעאל; אן אנדערער** טייטש **איז אז אויך ר׳ עקיבא זאָגט, אז טיילמאָל וואוינט א מענטש אין א הויז וואָס איז ניט גרעסער פון אַ רינדער־שטאַל.** בית קטן, (אויב איינער פאַרקויפט איינעם) א קליין הויז (דארף עס זיין ניט ווינציקער פון) זעקס (איילן) אויף אכט (איילן); אויב א גרויס הויז (דארף עס זיין) אכט (איילן) אויף צען (איילן); אויב א גרויסן זאל (טרקלין) דארף עס זיין צען (איילן אויף צען (איילן). און זיין הויך (פון יעדן הויז) דארף זיין ווי די העלפט פון זיין לענג און די העלפט פון זיין ברייט, און א באווייז דערצו איז דער היכל. **אזוי ווי ביי א גרויסן זאל זענען די לענג און די ברייט פונקט גלייך** (10 אויף 10), **קומט אויס אז די הויך איז אויך צען איילן. ביי א קליין הויז איז די הויך 7 איילן, און ביי א גרויס הויז 9 איילן, די העלפט פון דער ברייט און פון דער לענג. דער היכל אין ערשטן בית המקדש איז געווען לאנג 40 איילן, ברייט 20 איילן, און די הויך 30** (די העלפט פון 40 און 20, **דאָס הייסט פון 60). אזוי איז פאראן אין מלכים א׳, ו׳, ב׳.** ר׳ שמעון בן גמליאל זאָגט, אז אַלץ דארף זיין ווי די געביידע פון היכל. טייל טייטשן **ר׳ שמעון בן גמליאל׳ס ווערטער ווי ער וואונדערט זיך און ער פרעגט : „צי שוין זשע בויען אלע ווי דער היכל?!״ און עס הייסט, אז ער האלט, אז עס דארף זיין ווי עס איז דער מנהג פון דעם אָרט (מנהג המדינה).**

ה. מי, אויב איינער (ראובן) האָט א ברונעם הינטער דעם הויז פון אן אנדערן (פון שמעון, און ער האָט אן אָפמאך מיט שמעון אז ער קאָן אדורכגיין דורך זיין הויז צום ברונעם נעמען וואסער, קאָן ער אריינגיין (נור) אין א צייט ווען ס׳איז דער שטייגער פון מענטשן אריינצוגיין, און ארויסגיין ווען ס׳איז דער שטייגער פון מענטשן ארויסצוגיין. ואינו, און ער קאָן ניט דאָרט אריינפירן זיין בהמה און אָנטרינקן מיט וואסער פון זיין ברונעם, נאָר ער שעפּט אָן וואסער און טרינקט אָן (די בהמה) אין דרויסן. **די בהמה קאָן ער אהין ניט אריינפירן.** זה, דער (ראובן) מאכט זיך א שלאָס (צום ברונעם) און ער (שמעון) מאכט זיך א שלאָס (צום ברונעם). „**פותחת״, (פון „פתח״, עפנען) הייסט א שלאָס. ראובן מאכט דעם שלאָס, כדי שמעון זאָל ניט קאָנען גנבענען דאָס וואסער; און שמעון מאכט א שלאָס, כדי ראובן זאָל ניט קאָנען קומען ווען שמעון איז ניטאָ, און עס זאָל ניט קומען צו קיין חשד וועגן ראובן מיט שמעון׳ס ווייב.**

ו. מי, אויב איינער (ראובן) האָט א גאָרטן הינטער דעם גאָרטן פון אן אנדערן (פון שמעון, און ער האָט אן אָפמאך מיט שמעונען, אז ער זאָל דורכגיין דורך שמעון׳ס גאָרטן אין זיין גאָרטן אריין), קאָן ער אריינגיין (נור) אין א צייט ווען עס איז דער שטייגער פון מענטשן אריינצוגיין, און ארויסגיין אין א צייט ווען עס איז דער שטיי־

מַכְנִים לְתוֹכָהּ תַּגָּרִין, וְלֹא יִכָּנֵס מִתּוֹכָהּ לְתוֹךְ שָׂדֶה אַחֶרֶת. וְהַחִיצוֹן זוֹרֵעַ אֶת הַדֶּרֶךְ. נָתְנוּ לוֹ דֶרֶךְ מִן הַצַּד מִדַּעַת שְׁנֵיהֶן, נִכְנָס בְּשָׁעָה שֶׁהוּא רוֹצֶה, וְיוֹצֵא בְּשָׁעָה שֶׁהוּא רוֹצֶה, וּמַכְנִים לְתוֹכָהּ תַּגָּרִין, וְלֹא יִכָּנֵס מִתּוֹכָהּ לְתוֹךְ שָׂדֶה אַחֶרֶת. וְזֶה וָזֶה אֵינָם רַשָּׁאִים לְזָרְעָהּ: ז מִי שֶׁהָיְתָה דֶּרֶךְ הָרַבִּים עוֹבֶרֶת בְּתוֹךְ שָׂדֵהוּ, נְטָלָהּ וְנָתַן לָהֶם מִן הַצַּד, מַה שֶּׁנָּתַן נָתַן וְשֶׁלּוֹ לֹא הִגִּיעוֹ. דֶּרֶךְ הַיָּחִיד אַרְבַּע אַמּוֹת. דֶּרֶךְ הָרַבִּים שֵׁשׁ עֶשְׂרֵה אַמָּה. דֶּרֶךְ הַמֶּלֶךְ אֵין לוֹ שִׁיעוּר. דֶּרֶךְ הַקֶּבֶר אֵין לָהּ שִׁיעוּר. הַמַּעֲמָד

גער פון מענטשן ארויסצוגיין. **דאָס איז, לויט דעם מנהג פון אָרט, ווען עס איז די צייט צו קומען אין גאָרטן.** ואינו, און ער קאָן ניט אריינפירן אין אים סוחרים (צו קויפן די גרינסן צי די פרוכטן). **און אויב ער וויל זיי פארקויפן, דארף ער ארויסטראָגן צו זיי.** ולא יכנס, און ער קאָן ניט אריינגיין פון אים (פון גאָרטן) אין אן אנדער פעלד. **ווייל א סתם־אָפּמאך מיינט, אז ער גיט אים רשות נור צו גיין אין גאָרטן.** והחיצון, און דער אויסנווייניקסטער (שמעון, דער בעל הבית פון אויסווייניקסטן גאָרטן) קאָן פארזייען דעם וועג. **ווייל דער וועג געהערט אינגאנצן צו ראובן.** נתנו לו, אויב מען האָט אים (בית דין האָט אים) געגעבן א וועג אין א זייט (אין שמעון׳ס גאָרטן, כדי דורכצוגיין צו זיין גאָרטן) מיט דער צושטימונג פון ביידע, קאָן ער אריינגיין אין דער צייט ווען ער (ראובן) וויל, און ארויסגיין אין א צייט ווען ער וויל, און קאָן דאָרט אריינפירן סוחרים; אָבער ער טאָרניט פון דאָרט אריינגיין אין אן אנדער פעלד, און ניט דער (ראובן) און ניט (שמעון) קאָנען ניט פארזייען (דעם וועג). **קיינער טאָר אים ניט פארזייען; ווייל דער וועג איז אין א זייט, האָט מען אים באשטימט נור צום גיין.**

ז. מי, אויב דורך איינעמ׳ס א פעלד האָט זיך אדורכגעצויגן א עפנטליכער וועג (דרך הרבים, א וועג פאר אלע מענטשן איז געגאנגען דורך זיין פריוואטן פעלד), און ער האָט צוגענומען אים (דעם וועג) און ער האָט זיי (דעם רבים, אלע מענטשן) געגעבן (אן אנדערן וועג) אין דער זייט (פון פעלד), איז וואָס ער האָט געגעבן האָט ער געגעבן (דער נייער וועג געהערט שוין אויך צום רבים, צו אלע מענטשן), און זיינס (דעם פריערדיקן וועג וואָס ער האָט צוגענומען), האָט אים ניט דערגרייכט (האָט ער ניט באקומען). **ביידע וועגן געהערן איצט צו אלע מענטשן.** דרך היחיד, א פריוואטער וועג (איז ברייט) פיר איילן; א עפנטליכער וועג (דרך הרבים איז ברייט) זעכצן איילן. **אויב איינער פארקויפט אן אנדערן, א פריוואטן מענטש א וועג דורך זיין פעלד, דארף אים געבן ברייט 4 איילן, ווי די ברייט פון א וואָגן.** דרך המלך, דער וועג פון קעניג (דורך וועלכן דער קעניג דארף דורכפאָרן און דורכפירן זיינע מענטשן), האָט ניט קיין שיעור. **די משנה אין סנהדרין פרק ב׳ משנה ד׳ זאָגט, אז א קעניג קאָן דורכברעכן פרעמדע צוימען און דורכגיין פרעמדע פעלדער.** דרך הקבר, דער וועג (מיט וועלכן מען פירט א מת) צום קבר (און עס גייען מיט באגלייטער) האָט ניט קיין שיעור. **ס׳הייסט אז דורכברעכן פרעמדע צוימען ביי א לויה קאָן מען ניט, אָבער גייען אויף פארזייטע פעלדער קאָן מען יאָ.** המעמד, א שטיי־פלאץ (מעמד), האָבן די דיינים פון דער שטאָט ציפורי געזאָגט, אז דאָס איז גרויס ווי א פעלד (וואָס צו פארזייען עס דארף מען האָבן) פיר טעפּ (קבים) זריעה. **עס איז געווען אמאָל איינגעפירט, אז ווען מען האָט געפירט אַ מת קובר צו זיין, האָבן די מלוים, די באַגלייטער, אויפן וועג צוריק 7 מאָל זיך אָפּגעשטעלט און 7 מאָל זיך אוועקגעזעצט. יעדעס מאָל פלעגט איינער אויס־רופן „עמדו יקרים, עמודו!״ (שטעלט אייך אָפּ, חשובע, שטעלט אייך אָפּ!), און „שבו, יקרים שבו!״ (זעצט אייך אוועק, חשובע, זעצט אייך אוועק!). דאָס האָט געהייסן 7 מעמדות** (אָפּשטעלונגען) **און 7 מושבות** (אוועקזעצן זיך). **דאָס אָרט וואו דאָס קומט**

דַּיָּנֵי צִפּוֹרִי אָמְרוּ בֵּית אַרְבָּעָה קַבִּין: **ח** הַמּוֹכֵר מָקוֹם לַחֲבֵרוֹ לַעֲשׂוֹת לוֹ קֶבֶר וְכֵן הַמְקַבֵּל מֵחֲבֵרוֹ לַעֲשׂוֹת לוֹ קֶבֶר עוֹשֶׂה תּוֹכָהּ שֶׁל מְעָרָה אַרְבַּע אַמּוֹת עַל שֵׁשׁ, וּפוֹתֵחַ לְתוֹכָהּ שְׁמוֹנָה כוּכִין, שְׁלֹשָׁה מִכָּאן וּשְׁלֹשָׁה מִכָּאן וּשְׁנַיִם מִכְּנֶגְדָּן. וְהַכּוּכִין אָרְכָּן אַרְבַּע אַמּוֹת, וְרוּמָן שִׁבְעָה, וְרָחְבָּן שִׁשָּׁה. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, עוֹשֶׂה תּוֹכָהּ שֶׁל מְעָרָה שֵׁשׁ אַמּוֹת עַל שְׁמוֹנֶה, וּפוֹתֵחַ לְתוֹכָהּ שְׁלֹשָׁה עָשָׂר כּוּךְ, אַרְבָּעָה מִכָּאן וְאַרְבָּעָה מִכָּאן וּשְׁלֹשָׁה מִכְּנֶגְדָּן, וְאֶחָד מִימִין הַפֶּתַח וְאֶחָד מִן הַשְּׂמֹאל. וְעוֹשֶׂה חָצֵר עַל פִּי הַמְּעָרָה שֵׁשׁ עַל שֵׁשׁ כִּמְלֹא הַמִּטָּה (וְקוֹבְרֶיהָ) וּפוֹתֵחַ לְתוֹכָהּ שְׁתֵּי מְעָרוֹת אַחַת מִכָּאן וְאַחַת מִכָּאן. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, אַרְבַּע לְאַרְבַּע רוּחוֹתֶיהָ. רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, הַכֹּל לְפִי הַסֶּלַע:

**פאַר דארף האלטן וויפיל א פעלד וואו מען קאָן פארזייען 4 טעפּ תבואה; דאָס איז לערך 50 איילן די לענג אויף לערך 33 און א דריטל איילן די ברייט (1666 און 2 דריטל איילן).**

ח. ח. המוכר, אז איינער (ראובן) פארקויפט אן אנדערן (שמעונען) אן אָרט צו מאכן אים א קבר, און אזוי איז אויך אויב (ראובן) נעמט זיך אונטער צו מאכן פאר אן אנדערן (שמעונען) א קבר, דארף ער מאַכן דעם אינווייניקסטן (חלל, רוים) פון דער הייל (מערה) פיר (איילן) אויף זעקס (איילן). **כדי צו פארשטיין די משנה (און די ווייטערדיקע ווערטער אין דער משנה) דארף מען וויסן, אז אמאָל זענען די קברים געווען מייסטנס משפחה־קברים. א משפחה האָט געקויפט פר זיך אן אָרט, געוויינטליך אין הארטער, האלב־שטייניקער ערד, און דאָס איז געווען א סאָרט הויף, חצר, און מען האָט אין דער ערד פון הויף אויסגעגראָבן ברייטע היילן, מערות (אזוי ווי די תורה דערציילט וועגן אברהם אבינו מיט דער מערת המכפלה) און אין די ווענט פון יעדער הייל, יעדע מערה, האָט מען טיף אויסגעהאקט קברים, ארייצורוקן אין זיי דעם מת. יעדער קבר האָט געהייסן „כוך" (א הייל־קבר). זאָגט די משנה אז אין אזא משפחה קברים־אָרט האלט די הייל אינווייניק 4 איילן די ברייט אויף 6 איילן די לענג; און די מפרשים זאָגן אויך, אז 4 איילן די הויך.** ופותח, און ער עפנט אין איר (ער גראָבט אויס אין די ווענט פון דער הייל) אכט כוכין, (דהיינו) דריי אין איין זייט (אין איין וואנט פון דער הייל), דריי אין דער אנדערער זייט (אין דער וואנט אנטקייגנאיבער) און צוויי אין דער וואנט אנטקייגנאיבער דער טיר־וואנט. **מען האָט געגראָבן די כוכין אין דריי זייטן פון דער מערה, איז די צוויי זייטיקע ווענט, און אין דער וואנט אנטקייקנאיבער דער טיר, דורך וועלכער מען גייט אריין אין דער הייל, אָבער אין דער טיר־זייט האָט מען ניט געגראָבן קיין כוכין.** הכוכין, און די כוכין איז זייער לענג (זייער טיף) פיר איילן און זייער הויך זיבן (טפחים) און זייער ברייט זעקס טפחים. **אן אייל איז 6 טפחים, און דאָס איז גענוג אז מען זאָל קאָנען דעם מת ארייַנרוקן אין דעם כוך.** ר׳ שמעון זאָגט, אז ער מאכט דעם אינווייניקסטן חלל) פון דער הייל זעקס איילן (די ברייט) אויף אכט (איילן, די לענג), און ער עפנט אין איר דרייצען כוכין. פיר אין איין זייט (אין איין וואנט), און פיר אין דער אנדערער זייט (וואנט), און דריי אין דעם אנטקייגנאיבער, און איינעם (אין דער וואנט פון דער טיר) רעכטס פון דער טיר, און איינעם לינקס (פון דער טיר). **ווייל די ווענט זענען, לויט ר׳ שמעון, לענגער און ברייטער קאָן מען לויט ר׳ שמעון מאכן מער כוכין, און מען קאָן אויך אין דער טיר־**וואנט **מאכן 2 כוכין, איינעם רעכטס און איינעם לינקס פון דער טיר.** ועושה, און ער מאכט א הויף (חצר) איבער דער הייל (און דער הויף האלט זעקס (איילן) אויף זעקס (איילן) וויפיל עס דארפן פארנעמען די מיטה (דאָס טראָג־בעט, אויף וועלכן מען טראָגט דעם מת), און אירע קברנים (די מענטשן וואָס

# פרק ז.

**א** הָאוֹמֵר לַחֲבֵרוֹ בֵּית כּוֹר עָפָר אֲנִי מוֹכֵר לָךְ. הָיוּ שָׁם נְקָעִים עֲמוּקִים עֲשָׂרָה טְפָחִים אוֹ סְלָעִים גְּבוֹהִים עֲשָׂרָה טְפָחִים אֵינָן נִמְדָּדִין עִמָּהּ. פָּחוּת מִכָּאן נִמְדָּדִין עִמָּהּ וְאִם אָמַר לוֹ, כְּבֵית כּוֹר עָפָר, אֲפִלּוּ הָיוּ שָׁם נְקָעִים עֲמוּקִים יוֹתֵר מֵעֲשָׂרָה טְפָחִים אוֹ סְלָעִים גְּבוֹהִין יוֹתֵר מֵעֲשָׂרָה טְפָחִים. הֲרֵי אֵלּוּ נִמְדָּדִין עִמָּהּ׃ **ב** בֵּית כּוֹר עָפָר אֲנִי מוֹכֵר לָךְ מִדָּה בְחֶבֶל, פָּחֵת כָּל שֶׁהוּא, יְנַכֶּה. הוֹתִיר כָּל שֶׁהוּא, יַחֲזִיר. אִם אָמַר הֵן חָסֵר הֵן יָתִיר, אֲפִלּוּ פָּחֵת רוֹבַע לְסָאָה אוֹ הוֹתִיר רוֹבַע לְסָאָה הִגִּיעוֹ. יוֹתֵר מִכָּאן

טראָגן די מיטה), און ער עפנט אין אים (ער גראָבט אויס אין הויף, אין חצר) צוויי היילן (צוויי מערות), איינער פון דער זייט און איינע פון דער (אנדערער זייט); ר׳ שמעון זאָגט, אז (מען עפנט אין א הויף) פיר (היילן) אין אירע פיר זייטן; ר׳ שמעון בן גמליאל זאָגט, אז אלץ איז לויט דעם שטיין. **לויט ר׳ שמעון בן גמליאל ווענדט זיך אלץ פון דער הארטקייט פון דער ערד (סלע, די הארטע ערד). אויב די ערד איז זייער הארט, דארף דער אונטערנעמער מאכן א הייל ניט מער ווי 4 איילן אויף 6 איילן, ווי דער ערשטער תנא, דער תנא קמא זאָגט; און אויב די ערד איז ניט אזוי הארט, דארף ער מאכן די הייל 6 איילן אויף 8 איילן, ווי ר׳ שמעון זאָגט.**

## פרק ז.

א. האומר, אז איינער זאָגט צום אנדערן: „איך פארקויף דיר א כור ערד“ (א שטיק פעלד, וואָס כדי צו פארזייען עס דארף מען האָבן א כור תבואה, אזא שטיק פעלד האלט דריי הונדערט איילן די לענג און צוויי הונדערט און פופציג איילן די ברייט), איז אויב עס זענען דאָרט (אין דעם שטיק פעלד) געווען שפאלטן (נקעים, טיפע ערטער) טיף צען טפחים, אָדער פעלזן־שטיינער (וואָס טויגן ניט צום פארזייען) הויכע צען טפחים, ווערן זיי ניט געמאָסטן מיט דעם (שטיק פעלד). **מיט דעם וואָרט „עפר“, ערד, האָט דער פארקויפער בפירוש געמיינט, אז די ערד דארף זיין גוט צום פארזייען, און דאריבער ווערן די טיפע שפאלטן, און די הויכע פעלזן־שטיינער ניט מיטגערעכנט.** פחות, אויב זיי (די שפאלטן און די פעלזן־שטיינער) זענען ווינ־ציקער דערפון, (ניט טיף קיין צען טפחים און ניט הויך קיין צען טפחים), ווערן זיי מיטגעמאָסטן מיט דעם (שטיק פעלד). **ווייל זיי געהערן צום פעלד און מען קאָן האָבן פון זיי א נוצן.** ואם, און אויב דער פארקויפער האָט אים געזאָגט: „אומגעפער ווי א כור־ערד „כבית כור עפר)“, איז אפילו דאָרט זענען געווען שפאלטן טיף מער פון צען טפחים, אָדער פעלזן־שטיינער העכער פון צען טפחים, ווערן זיי מיטגעמאָסטן מיט דעם (שטיק פעלד). **ווייל מיט „כבית כור עפר“, „אומגעפער ווי א כור ערד“ האָט דער פארקויפער געמיינט, אז עס איז ניט פינקטליך און אז דאָרט זענען פאראַן אזעלכע טיפע שפאלטן אָדער הויכע שטיינער.**

ב. בית כור, (אויב איינער זאָגט צום אנדערן): „איך פארקויף דיר א כור ערד לויט דער מאָס מיטן שטריק (מידה בחבל)“, איז אויב עס איז (אין דעם שטיק פעלד) געווען ווינציקער (אפילו נור) עפיס, זאָל ער אראָפּרעכנען. **דער פארקויפער דארף נעמען ווינציקער געלט וויפיל עס מאכט אויס דאָס דאָזיקע קליין שטיקל פעלד וואָס פעלט.** הותיר, אויב עס איז געווען מער (אפילו נור) עפיס, זאָל ער צוריקגעבן. **דער קויפער דארף צוריקגעבן אפילו דאָס קלענסטע שטיקל פעלד וואָס איז פאראַן מער פון דעם כור ערד.** אם אָמר, אויב ער (דער פארקויפער) האָט געזאָגט: („איך פארקויף דיר) סיי עס וועט זיין ווייניקער, סיי עס וועט זיין מער (אם חסר אם יתיר)“, איז אפילו עס איז געווען ווינציקער פון א פערטל (טאָפּ) אויף א סאה, אָדער עס איז געווען מער מיט א פערטל (טאָפּ) אויף א סאה, איז עס זיינ׳ס (דעם קויפערס). **אַ כור תבואה איז 30 סאה, און א סאה־פעלד הייסט א שטיקל פעלד, וואָס מען פאר־זייט דארויף א סאה תבואה. א סאה האָט 6 טעפּ (קבים); דאָס הייסט 24 פערטל־**

יַעֲשֶׂה חֶשְׁבּוֹן. מָה הוּא מַחֲזִיר לוֹ? מָעוֹת. וְאִם רָצָה מַחֲזִיר לוֹ קַרְקַע. וְלָמָּה אָמְרוּ מַחֲזִיר לוֹ מָעוֹת? לְיַפּוֹת כּוֹחוֹ שֶׁל מוֹכֵר. שֶׁאִם שִׁיֵּר בַּשָּׂדֶה בֵּית תִּשְׁעָה קַבִּין וּבַגִּנָּה בֵּית חֲצִי קַב, וְכִדְבְרֵי רַבִּי עֲקִיבָא בֵּית רוֹבַע, מַחֲזִיר לוֹ אֶת הַקַּרְקַע. וְלֹא אֶת הָרוֹבַע בִּלְבָד הוּא מַחֲזִיר אֶלָּא אֶת כָּל הַמּוֹתָר:

ג מִדָּה בְּחֶבֶל אֲנִי מוֹכֵר לָךְ הֵן חָסֵר הֵן יָתֵר. בִּטֵּל הֵן חָסֵר הֵן יָתֵר מִדָּה בְּחֶבֶל. הֵן חָסֵר הֵן יָתֵר מִדָּה בְּחֶבֶל. בִּטֵּל מִדָּה בְּחֶבֶל הֵן חָסֵר הֵן יָתֵר.

**טעפ (א פערטל־טאָפּ הייסט „רובע״, א פערטל). זאָגט די משנה אז אפילו עס פעלט אָדער עס איז פאראן מער אין פעלד א פערטל טאָפּ אויף א סאה, דאָס הייסט א 24־סטל, און אפילו נור איין סאה־פעלד, און עס פעלט אָדער ס׳איז דאָ מער א 24סטל דערפון, איז עס אלץ דעם קויפערס. אויב עס איז פאראן ווינציקער איז עס זיין שאָדן, אויב עס איז פאראן מער איז עס זיין געווינס. מחמת דאָס איז געווען די כוונה פון די ווערטער „סיי וויניקער סיי מער״.** יותר מכאן, אויב מער ווי דאָס (אויב עס פעלט מער פון א פערטל טאָפּ אויף א סאה, אָדער עס איז פאראן מער פון א פערטל טאָפּ אויף א סאה), זאָל עס בארעכנט ווערן. **אויב ווינציקער דארף דער פאר־קויפער צוריקגעבן דאָס וואָס פעלט, און אויב מער, נעמט דער פארקויפער צוריק.** ומה, און וואָס דארף ער (דער קויפער) אים (דעם פארקויפער) צוריק געבן (אויב עס איז פאראן מער)? געלט, און אויב ער (דער פארקויפער) פארלאנגט דארף ער אים צוריקגעבן עוד. **די ברירה איז ביים פארקויפער; ער קלעבט זיך אויס וואָס ער וויל, געלט צי ערד.** ולמה, און פארוואָס האָבן האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט, אז ער גיט אים צוריק געלט? כדי צו פארבעסערן דעם מצב (ליפות את כחו, אים געבן די פריווילעגיע) פון פארקויפער, ווארום אויב ער האָט איבערגעלאָזט (אויב עס איז פאראן מער) אין א פעלד (פון א כור) ניין טעפּ, און אין א גאָרטן א האלבער טאָפּ, און לויט ר׳ עקיבא א פערטל טאָפּ, גיט ער (דער קויפער) אים צוריק די ערד, און ניט נור דאָס פערטל־טאָפּ (אויף יעדן סאה) גיט ער אים צוריק, נאָר דאָס גאנצע איבריקע (גיט ער אים צוריק). **די משנה מיינט דאָ אזוי. ווי מיר האָבן פריער געזאָגט, האָט א כור 30 סאה, דאָס הייסט 180 טעפּ. קומט אויס אז אויב ביים פארקויפן א כור פעלד האָט זיך ארויסגעוויזן אז עס איז פאראן מער פון א 24סטל, למשל א 24סטל פון א כור איז דאָך 7 מיט א האלבן טאָפּ, און עס איז פאראן מער א שטיקל פעלד פון 8 טעפּ, דארף דער קויפער אים צוריקגעבן דאָס גאנצע שטיקל פעלד פון 8 טעפּ, ווייל עס האָט א חשיבות, און דער קויפער קאָן זיך ניט נעמען פאר זיך ווינציקער פון א 24סטל. למשל, פון שטיקל פעלד קאָן ער נישט נעמען 7 טעפּ, און דאָס איבריקע אים געבן. די משנה לערנט דאביי, אז ביי א גאָרטן, וואו עס וואקסן ירקות און מען פארזייט קלענערע שטיקער ערד, האָט א חשיבות א שטיקל גאָרטן וואָס צו פארזייען עס איז גענוג א האלבער טאָפּ ירקות זריעות, און אז לויט ר׳ עקיבא אפילו נור א פערטל טאָפּ. פריער אין פרק א׳ משנה ו׳ איז פאראן די מחלוקה פון די חכמים און ר׳ עקיבא, און די חכמים זאָגן, אז א שטיקל גאָרטן הייסט פון א האלבן טאָפּ אָן, און ר׳ עקיבא זאָגט פון א פערטל טאָפּ אָן.**

ג. מדה בחבל, (אויב ביים פארקויפן א כור ערד, האָט דער פארקויפער גע־זאָגט): „לויט דער מאָס פון שטריק פארקויף איך דיר, סיי עס וועט זיין וויניקער סיי מער״, האָט דער „סיי וויניקער סיי מער״ צונישט געמאכט (מבטל געווען) דעם „לויט דער מאָס פון שטריק״; (אויב ער האָט געזאָגט): „סיי וויניקער סיי מער, לויט דער מאָס פון שטריק״, האָט דער „לויט דער מאָס פון שטריק״ צונישט געמאכט דעם „סיי וויניקער סיי מער״, אזוי זאָגט בן ננס. **מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ב׳ אז אויב דער פארקויפער האָט ביים פארקויפן געזאָגט „מדה בחבל״, „לויט דער מאָס פון שטריק״, איז אויב עס איז פאראן אפילו נור עטוואָס וויניקער**

דִּבְרֵי בֶּן נַנָּס. בְּסִימָנָיו וּבְמִצְרָיו. פָּחוּת מִשְּׁתוּת הִגִּיעוֹ. עַד שְׁתוּת (נ״א יֶתֶר מִשְּׁתוּת) יְנַכֶּה: ד הָאוֹמֵר לַחֲבֵרוֹ חֲצִי שָׂדֶה אֲנִי מוֹכֵר לָךְ. מְשַׁמְּנִין בֵּינֵיהֶן וְנוֹטֵל חֲצִי שָׂדֵהוּ. חֶצְיָהּ בַּדָּרוֹם אֲנִי מוֹכֵר לָךְ. מְשַׁמְּנִין בֵּינֵיהֶן וְנוֹטֵל חֶצְיָהּ בַּדָּרוֹם. וְהוּא מְקַבֵּל עָלָיו מְקוֹם הַגָּדֵר, חָרִיץ וּבֶן חָרִיץ. וְכַמָּה הוּא חָרִיץ? שִׁשָּׁה טְפָחִים. וּבֶן חָרִיץ, שְׁלֹשָׁה:

צי עטוואָס מער פעלד, דארף מען דערפאר באצאָלן; אויב אָבער ער האָט געזאָגט „הן חסר הן יתר״, „סיי ווייניקער סיי מער״, דארף מען ניט באצאָלן אויב עס איז פאראן ווייניקער אָדער מער א 24סטל. עס איז די שאלה; ווי איז אז דער פארקויפער האָט געזאָגטביידע זאכן „מידה בחבל, הן חסר הן יתר״, אָדער פארקערט „הן חסר הן יתר מידה בחבל״? לערנט בן ננס, אז מען נעמט אָן די לעצטע ווערטער, און אויב די לעצטע ווערטער זענען געווען „הן חסר הן יתר״ מאכט דאָס צו־נישט די ערשטע ווערטער פון „מידה בחבל״, און אויב די לעצטע ווערטער זענען געווען „מידה בחבל״ מאכט דאָס צונישט די ערשטע ווערטער פון „הן חסר הן יתר״. דאָס הייסט „תפוס לשון אחרון״, מען דארף אָנגעמען די לעצטע ווערטער. בסימניו, אויב ביים פארקויפן א כור פעלד האָט ער געזאָגט): „לויט זיינע (דעם פעלדס) סימנים און גרעניצן״, איז אויב עס האָט געפעלט ווינציקער פון א זעקסטל, איז עס (דער שאדן) פון קויפער, און אויב מער פון א זעקסטל, זאָל ער (דער פארקוי־פער) אראָפּרעכנען (נעמען ווינציקער געלט). די גמרא זאָגט אז פונקט א זעקסטל האָט דעם דין ווי ווינציקער פון א זעקסטל, און עס איז דער שאדן פון קויפער.

ד. האומר אז איינער זאָגט צום אנדערן: „איך פארקויף דיר א האלב פעלד״, ווערט דער פעטערער (משמנין, פון „שמן״, פעט, בעסער) טייל פעלד אָפּגעשאַצט צווישן זיי (צווישן דעם פארקויפער און דעם קויפער) און ער (דער פארקויפער) נעמט זיין האלב פעלד (וואו ער וויל). דער פארקויפער האָט דאָס רעכט צו זאָגן, אז ער וויל דעם בעסערן טייל פעלד. למשל אויב דאָס פעלד האָט געהאַט 100 איילן און עס איז ווערט געווען 100 גילדן; אָבער אין דעם פעלד איז געווען 30 איילן בעסערע ערד, וואָס זיינען ווערט געווען 50 גילדן, און די איבריק 70 איילן זענען געווען ערגערע ערד, וואָס זענען אויך ווערט געווען ניט מער פון 50 גילדן, האָט דער פארקויפער דאָס רעכט צוזאָגן, אז ער וויל די 30 איילן פאר די 50 גילדן פאר זיך, און געבן דעם קויפער די 70 איילן פאר 50 גילדן, און מיט „א האלב פעלד״ האָט ער געמיינט צו זאָגן „פעלד וואָס האָט די ווערט א העלפט געלד פון גאנצן פעלד״. חציה בדרום, (אויב דער פארקויפער האָט געזאָגט): „זיין (דעם פעלד׳ס) העלפט אין דרום־זייט פארקויף איך דיר״, ווערט דער פעטערער (בעסערער). טייל פעלד אָפּ־געשאַצט צווישן זיי, און ער (דער קויפער) נעמט א העלפט (פון ווערט פון פעלד) אין דרום. אויף דער משנה זענען פאראן צוויי טייטשן. איינער איז, אז אויך דאָ קאָן דער פארקויפער געבן דעם קויפער א העלפט פון ווערט פון פעלד וויפיל עס איז ווערט אין דרום־זייט, אָבער דאָס פעלד קאָן ער, דער פארקויפער, געבן וואו ער וויל, און מיט „חציה בדרום״ האָט ער געמיינט א העלפט פון ווערט פון פעלד וויפיל עס איז ווערט א האלב פעלד אין דרום־זייט. אן אנדערער טייטש איז, אז מען שאצט אָפּ דאָס גאנצע פעלד און ער גיט אים אין דרום זייט פאר דעם ווערט פון געלט א העלפט פון גאנצן פעלד. והוא, און ער (דער קויפער) נעמט אויף זיך (צו געבן) דאָס אָרט צו מאכן א צוים (צווישן די ביידע העלפטן פון פעלד), און דעם גרובן (חריץ), און דעם קליינעם גרובן (בן חריץ). עס פלעגט זיין טיילמאָל דער מנהג אז מען האָט אָפּגעטיילט די פעלדער פון צוויי שכנים לענג אויס די גרעניץ דורך א צוים (גדר), און א גרובן (חריץ) און א קליינעם גרובן (בן חריץ). דעם פלאץ פאר

**א** יֵשׁ נוֹחֲלִין וּמַנְחִילִין, יֵשׁ נוֹחֲלִין וְלֹא מַנְחִילִין, מַנְחִילִין וְלֹא נוֹחֲלִין, לֹא נוֹחֲלִין וְלֹא מַנְחִילִין. וְאֵלּוּ נוֹחֲלִין וּמַנְחִילִין, הָאָב אֶת הַבָּנִים, וְהַבָּנִים אֶת הָאָב, וְהָאַחִין מִן הָאָב נוֹחֲלִין וּמַנְחִילִין. הָאִישׁ אֶת אִמּוֹ, וְהָאִישׁ אֶת אִשְׁתּוֹ, וּבְנֵי אֲחָיוֹת, נוֹחֲלִין וְלֹא מַנְחִילִין. הָאִשָּׁה אֶת בָּנֶיהָ, וְהָאִשָּׁה אֶת בַּעְלָהּ, וַאֲחֵי הָאֵם מַנְחִילִין וְלֹא נוֹחֲלִין. וְהָאַחִין מִן הָאֵם לֹא נוֹחֲלִין

די דריי זאכן דארף געבן דער קויפער פון זיין טייל פעלד. וכמה, און וויפיל איז (די ברייט) פון א גרובן (חריץ) זעקס טפחים; און פון א קליינעם גרובן (בן חריץ)? דריי טפחים. די מפרשים זאָגן, אז עס איז געווען צווערשט דער צוים, און נאָכן צוים איז געווען דער קלענערער גרובן, און נאָכן קליינעם גרובן איז געווען דער גרויסער גרובן.

## פרק ח.

א. יש נוחלין, טייל (קרובים) ירשענען און מאכן ירשענען; טייל ירשענען און מאכן ניט ירשענען; (טייל) מאכן ירשענען און זיי ירשענען ניט; (טייל) ניט זיי ירשענען און ניט זיי מאכן ירשענען. דער דאָזיגער פרק לערנט די דינים וועגן ירושות, און די משנה זאָגט דאָ, אז עס זענען פאראן פארשידענע סאָרטן קרובים בנוגע ירושות. עס זענען פאראן פאלן ווען, למשל, ראובן און שמעון זענען צווישן זיך אזעלכע קרובים, אז ווען שמעון שטארבט ירשנט ראובן זיין פארמעגן, און ווען ראובן שטארבט „מאכט ער ירשענען" שמעונען זיין פארמעגן, דאָס הייסט שמעון ירשנט דאמאָלס ראובן׳ס פארמעגן. עס זענען אָבער פאראן פאלן, ווען ראובן און שמעון זענען צווישן זיך אזעלכע קרובים אז ווען שמעון שטארבט ירשענט ראובן זיין פארמעגן, אָבער ווען ראובן שטארבט ירשנט אים שמעון ניט. עס זענען אויך פאראן פאלן, ווען עס איז פארקערט, ראובן ירשנט ניט שמעונען אָבער שמעון ירשנט אים. עס זענען אויך פאראן אזעלכע פאלן, ווען כאָטש ראובן און שמעון זענען צווישן זיך קרובים, פונדעסטוועגן ניט ראובן ירשנט שמעונען און ניט שמעון ירשנט ראובנען. די משנה גיט באלד צו דערקלערן די אלע פאלן. ואלו, און די דאָזיקע ירשנען און מאכן ירשענען: א פאָטער די זין (זיינע), און זין (זייער) פאָטער, און ברידער פון איין פאָטער, זיי ירשענען און מאכן ירשענען. ווען א פאָטער שטארבט ירשענען אים זיינע זין (אייגנטליך ירשענען אים אויך זיינע טעכטער אויב עס זענען ניט פאראן קיין זין), און אז א זון שטארבט אָן קינדער ירשנט אים זיין פאָטער. ברידער פון איין פאָטער, אויב עס שטארבט איינער פון זיי אָן קינדער, און אויב דער פאָטער לעבט שוין ניט, ירשענען אים זיינע ברידער. האיש, א מענטש זיין מוטער, און א מאן זיין פרוי, און קינדער פון שוועסטערן, ירשענען אָבער מאכן ניט ירשענען. אויב א פרוי שטארבט ירשענט איר פארמעגן איר זון. אָבער ווען איר זון שטארבט אָן קינדער און אויב דער פאָטער לעבט ניט, ירשנט ניט זיין פארמעגן זיין מוטער. אז א פרוי שטארבט ירשנט איר פארמעגן איר מאן; אָבער אז א מאן שטארבט ירשנט ניט זיין פארמעגן זיין פרוי. אויב ראובן האָט א שוועסטער און די שוועסטער האָט קינדער, און די שוועסטער לעבט ניט; און ראובן איז געשטאָרבן אָן קינדער און אָן א פאָטער און אָן ברידער, נאָר ער האָט בלויז די שוועסטערס קינדער, ירשענען זיי אים, ווייל ווען זייער מוטער וואָלט געלעבט וואָלט זי אים ג׳ירשנט; אָבער ווען זיי, די קינדער שטארבן, קאָן ראובן זיי ניט ירשענען, ווייל זייער מוטער וואָלט אויך זיי ניט געירשנט, ווי מיר האָבן פריער געלערנט. האשה, א פרוי, אירע קינדער, און א פרוי איר מאן, און ברידער פון (איינעמס) מוטער, מאכן ירשענען, אָבער זיי ירשענען ניט. עס איז דאָסזעלביקע וואָס מיר האָבן נור וואָס געלערנט, אז א מוטער ירשענט ניט אירע קינדער, אָבער זיי איר ירשענען; אז א פרוי ירשענט ניט

וְלֹא מַנְחִילִין: **ב** סֵדֶר נַחֲלוֹת כָּךְ הוּא, אִישׁ כִּי יָמוּת וּבֵן אֵין לוֹ וְהַעֲבַרְתֶּם אֶת נַחֲלָתוֹ לְבִתּוֹ, בֵּן קוֹדֵם לְבַת, וְכָל יוֹצְאֵי יְרֵכוֹ שֶׁל בֵּן קוֹדְמִין לַבַּת, בַּת קוֹדֶמֶת לָאַחִין, יוֹצְאֵי יְרֵכָהּ שֶׁל בַּת קוֹדְמִין לָאַחִין. אַחִין קוֹדְמִין לַאֲחֵי הָאָב, יוֹצְאֵי יְרֵכֵי שֶׁל אַחִין קוֹדְמִין לַאֲחֵי הָאָב. זֶה הַכְּלָל, כָּל הַקּוֹדֵם בְּנַחֲלָה יוֹצְאֵי יְרֵכוֹ קוֹדְמִין. וְהָאָב קוֹדֵם לְכָל יוֹצְאֵי יְרֵכוֹ: **ג** בְּנוֹת צְלָפְחָד נָטְלוּ שְׁלֹשָׁה חֲלָקִים בַּנַּחֲלָה חֵלֶק אֲבִיהֶן שֶׁהָיָה עִם יוֹצְאֵי מִצְרַיִם וְחֶלְקוֹ עִם

**איר מאַן, אָבער ער איר ירשענט יאָ; און אַז קינדער פון א שוועסטער ירשענען זייער מוטערס ברידער, אָבער ער זיי ירשנט ניט.** והאחין, און ברידער פון איין מוטער (און ניט פון איין פאָטער) ניט זיי ירשענען און ניט זיי מאַכן ירשענען. **אויב ראובן און שמעון זענען ברידער פון איין מוטער אָבער ניט פון איין פאָטער, איז ניט ראובן ירשענט שמעונען און ניט שמעון ראובנען.**

ב. סדר נחלות, דער סדר פון ירשענען (נחלות, פון ירושה־רעכט) איז אזוי: (אין דער תורה במדבר כ״ז ווערט געזאָגט) „ווען א מענטש שטאַרבט און ער האָט ניט קיין זון, זאָלט איר איבערטראָגן זיין ירושה צו זיין טאָכטער״, (דערפון לערנט מען) אַז א זון איז פריער פאַר א טאָכטער. **אויב איינער שטאַרבט און לאָזט איבער זין און טעכטער קומט די ירושה די זין, און די טעכטער באַקומען ניט קיין ירושה.** וכל יוצאי, און אלע וואָס קומען אַרויס פון זון (יוצאי ירכו, וואָס שטאַמען אָפּ פון אים, קינדער, אייניקלעך, אור־אייניקלעך און אזוי כסדר) זענען פריער פאַר דער טאָכטער. **אויב איינער איז געשטאָרבן און ער האָט געהאַט א זון און א טאָכטער, און דער זון איז געשטאָרבן אפילו ווען דער פאָטער האָט נאָך געלעבט און ער, דער זון, האָט איבערגעלאָזט קינדער, צי אייניקלעך, צי אור־אייניקלעך און אזוי כסדר, קומט זיי די ירושה, און ניט דער טאָכטער.** בת קודמת, די טאָכטער איז פריער פאַר די ברידער. **אויב איינער איז געשטאָרבן און האָט ניט איבערגעלאָזט קיין זון נאָר א טאָכטער, אָבער ער האָט איבערגעלאָזט ברידער, קומט די ירושה דער טאָכטער.** יוצאי ירכה, די וואָס קומען אַרויס פון דער טאָכטער זענען פריער פאַר די ברידער. **אויב די טאָכטער לעבט ניט נאָר זי האָט איבערגעלאָזט קינדער, צי אייניקלעך און אזוי כסדר, קומט זיי די ירושה פון דער טאָכטער׳ס פאָטער, און ניט די ברידער פון דעם פאָטער.** אחין קודמין, ברידער זענען פריער פאַר דעם פאָטערס ברידער. **אויב איינער איז געשטאָרבן אָן קינדער, און אויך זיין פאָטער לעבט ניט, אָבער דער פאַרשטאָרבענער האָט ברידער און ער האָט פעטערס, זיין פאָטערס ברידער, געהערט די ירושה צו זיינע ברידער.** יוצאי ירכם, די וואָס קומען אַרויס פון די ברידער זענען פריער פאַר דעם פאָטערס ברידער. **אויב די ברידער לעבן אויך ניט געהערט די ירושה צו זייערע קינדער, צו אייניקלעך, און ניט צום פאָטערס ברידער.** זה הכלל, דאָס איז דער כלל, אַז ווער ס׳איז פריער (ווער ס׳האָט ס׳ערשטע רעכט) צו נעמען ירושה, זענען אויך די וואָס קומען אַרויס פון אים (אויב ער לעבט ניט) פריער (פאַר אלע אַנדערע (צום נעמען די ירושה). **אזוי ווי די משנה האָט פריער כסדר דערקלערט.** והאב, און דער פאָטער איז פריער פאַר אלע, וואָס שטאַמען אָפּ פון אים. **אויב איינער איז געשטאָרבן אָן קינדער און אָן אייניקלעך און אָן אור־אייניקלעך און אזוי כסדר, און ער האָט איבערגעלאָזט ברידער און א פאָטער, איז דער פאָטער פריער פון אלע, און אים קומט די גאַנצע ירושה. — מיטן וואָרט „קודם״, „פריער״, מיינט די משנה דאָ כסדר, דאָס ערשטע רעכט צו נעמען די ירושה.**

ג. בנות צלפחד, די טעכטער פון צלפחד האָבן גענומען דריי טיילן אין דער ירושה (ביים צעטיילן ארץ ישראל ווען די יידן האָבן איינגענומען דאָס לאַנד, האָבן

אֶחָיו בְּנִכְסֵי חֵפֶר, וְשֶׁהָיָה בְּכוֹר נוֹטֵל שְׁנֵי חֲלָקִים: ד אֶחָד הַבֵּן וְאֶחָד הַבַּת בְּנַחֲלָה, אֶלָּא שֶׁהַבֵּן נוֹטֵל פִּי שְׁנַיִם בְּנִכְסֵי הָאָב, וְאֵינוֹ נוֹטֵל פִּי שְׁנַיִם בְּנִכְסֵי הָאֵם. וְהַבָּנוֹת נִזּוֹנוֹת מִנִּכְסֵי הָאָב, וְאֵינָן נִזּוֹנוֹת מִנִּכְסֵי הָאֵם: ה הָאוֹמֵר אִישׁ פְּלוֹנִי בְּנִי בְּכוֹר לֹא יִטּוֹל פִּי שְׁנַיִם, אִישׁ פְּלוֹנִי בְּנִי לֹא יִירַשׁ עִם אֶחָיו, לֹא אָמַר כְּלוּם, שֶׁהִתְנָה עַל מַה שֶּׁכָּתוּב בַּתּוֹרָה.

זיי געקראָגן דריי חלקים); זייער פאָטער צלפחד׳ס חלק, ווארום ער איז געווען פון די וועלכע זענען ארויסגעגאנגען פון מצרים, און זיין (צלפחד׳ס) חלק מיט זיינע ברי־דער אין דעם פארמעגן פון חפר (צלפחד׳ס פאָטער), און ווייל ער (צלפחד) איז געווען א בכור האָט ער גענומען צוויי חלקים. **אין דער תורה במדבר כ״ז ווערט דערציילט, אז צלפחד דער זון פון חפר איז געשטאָרבן אין דער מדבר, און ווייל ער האָט ניט געהאט קיין זין האָט גאָט געהייסן, אז זיינע טעכטער זאָלן באקומען דעם פאָטערס חלק אין ארץ ישראל. זאָגט די משנה אז זיי האָבן באקומען 3 חלקים; ערשטנס, צלפחד׳ס אייגענעם חלק, צווייטענס, דעם חלק וואָס צלפחד האָט גע‏ירשנט צוזאמען מיט זיינע ברידער פון זיין פאָטער חפר, און דריטנס ווייל צלפחד איז געווען א בכור, דער עלטסטער זון פון חפר, האָט ער געקראָגן צוויי חלקים. די גמרא זאָגט, אז די משנה לערנט צוויי זאכן. ראשית, אז ארץ ישראל איז צעטיילט געוואָרן ניט צו די יידן, וועלכע זיינען אריין קיין ארץ ישראל אין דער צייט פון יהושע בן נון, נאָר זי איז צעטיילט געוואָרן צו די יידן, וועלכע זענען ארויסגעגאנגען פון מצרים (יוצאי מצרים). צווייטנס, אז ארץ ישראל האָט געהערט צו יידן שוין פון דער צייט פון די אבות, אברהם יצחק און יעקב, ווארום אויב ניט, וואָלטן צלפחד׳ס טעכטער ניט געקאָנט נעמען פאר זייער פאָטער צלפחד צוויי חלקים צוליב זיין בכורה, ווייל דער דין איז, אז „אין הבכור נוטל בראוי כבמוחזק״, אז א בכור נעמט צוויי חלקים נור פון דעם וואָס דער פאָטער האָט שוין ממש געהאט ווען ער איז געשטאָרבן, און ניט דערפון וואָס דער פאָטער באקומט נאָך זיין טויט. דערפון לערנען מיר, אז חפר, צלפחד׳ס פאָטער, האָט שוין געהאט א טייל אין ארץ ישראל פון פריער.**

ד. אחד הבן, סיי דער זון און סיי די טאָכטער זענען גלייך צו ירושה, נאָר (דער אונטערשיד איז) וואָס דער זון נעמט צוויי חלקים (אויב ער איז א בכור) אין די (ירושה)־פארמעגנס (נאָך זיין) פאָטער, און ער נעמט ניט צוויי חלקים אין די (ירושה)־פארמעגנס נאָך זיין מוטער, און די טעכטער ווערן געשפייזט (אויסגעהאלטן ביז זיי האָבן חתונה) פון די (ירושה)־פארמעגנס נאָך זייער פאָטער, און זיי ווערן ניט גע־שפייזט פון די (ירושה)־פארמעגנס נאָך זייער מוטער. **באלד דער אָנהויב פון דער משנה איז זייער שווער. ווי אזוי זאָגט די משנה אז דער זון און די טאָכטער זענען גלייך, סטייטש מיר האָבן דאָך פריער געלערנט, אז ווען עס איז פאראן א זון און א טאָכטער נעמט דער זון די גאנצע ירושה, און די טאָכטער באקומט גאָרניט קיין ירושה? די גמרא פארענטפערט די קשיא, אז די משנה מיינט צוזאָגן אז דערזעלבי־קער דין וואָס דער זון און די טאָכטער האָבן אין ירושה־פארמעגן פון פאָטער, האָבן זיי אויך אין ירושה פארמעגן פון דער מוטער, דהיינו, אז דער זון איז פריער פאר דער טאָכטער. דער אונטערשיד צווישן דער ירושה נאָכן פאָטער און דער ירושה נאָך דער מוטער איז נור אין דעם, וואָס ביי דער ירושה נאָך דער מוטער נעמט ניט דער בכור צוויי חלקים, און די טאָכטער ווערט ניט אויסגעהאלטן. עס איז פאראן א דין, אז כאָטש א טאָכטער נעמט ניט קיין ירושה פון פאָטער אויב עס זענען פאראן זין, קומט איר אָבער אויסצוהאלטן פון דעם פאָטערס ירושה ביז נאָך דער חתונה; דאָס ווערט איינגעשריבן אין דער כתובה, זע כתובות פרק ד׳ משנה י״א.**

ה. האומר, אז איינער זאָגט: „יענער מענטש מיין זון דער בכור זאָל ניט

הַמְחַלֵּק נְכָסָיו לְבָנָיו עַל פִּיו, רִבָּה לְאֶחָד וּמִעֵט לְאֶחָד, וְהִשְׁוָה לָהֶן אֶת הַבְּכוֹר, דְּבָרָיו קַיָּמִין. וְאִם אָמַר מִשּׁוּם יְרֻשָּׁה לֹא אָמַר כְּלוּם. כָּתַב בֵּין בַּתְּחִלָּה בֵּין בָּאֶמְצַע בֵּין בַּסּוֹף מִשּׁוּם מַתָּנָה, דְּבָרָיו קַיָּמִין. וְהָאוֹמֵר אִישׁ פְּלוֹנִי יִירָשֵׁנִי בְּמָקוֹם שֶׁיֵּשׁ בַּת, בִּתִּי תִּירָשֵׁנִי, בְּמָקוֹם שֶׁיֵּשׁ בֵּן, לֹא אָמַר כְּלוּם. שֶׁהִתְנָה עַל מַה שֶּׁכָּתוּב בַּתּוֹרָה. רַבִּי יוֹחָנָן בֶּן בְּרוֹקָא אוֹמֵר, אִם אָמַר עַל מִי שֶׁהוּא רָאוּי לְיָרְשׁוֹ, דְּבָרָיו קַיָּמִין. וְעַל מִי שֶׁאֵין רָאוּי לְיָרְשׁוֹ, אֵין דְּבָרָיו קַיָּמִין. הַכּוֹתֵב אֶת נְכָסָיו לַאֲחֵרִים וְהִנִּיחַ אֶת בָּנָיו, מַה שֶּׁעָשָׂה

נעמען (נאָך מיין טויט) צוויי חלקים״, אָדער ער זאָגט. „יענער מענטש מיין זון זאָל ניט ירשענען (מיך נאָך מיין טויט) צוזאמען מיט זיינע ברידער״, האָט ער גאָרניט געזאָגט (זיין זאָגן האָט ניט קיין ווערט), ווייל ער האָט אויסגענומען (ער האָט געהייסן טאָן) קייגן א זאך וואָס איז געשריבן אין דער תורה. **די תורה זאָגט, אז א בכור קומט צוויי חלקים ירושה און אז יעדן זון קומט ירושה, קאָן דאַריבער דער פאָטער ניט הייסן טאָן קייגן דעם וואָס די תורה זאָגט. דאָס איז נור אז ער זאָגט דאָס וואָרט „ירושה״ אָבער אויב ער גיט אוועק זיין פארמעגן א מתנה די איבריקע קינדער, און דעם דאָזיקן זון גיט ער גאָרניט, קאָן דער פאָטער יאָ, ווי די משנה וועט באלד לערנען.** המחלק, אז איינער (וועלכער איז קראנק, און פארן טויט) צעטיילט (ער)זיינע פארמעגנס צו זיינע זון (אפילו בלויז) מיטן זאָגן (על פיו, בעל פה, ניט אָפּגעשריבן), און ער האָט איינעם געגעבן מער און דעם אנדערן געגעבן ווינציקער, און ער האָט אויסגעגלייכט מיט זיי דעם בכור (ער האָט דעם בכור געגעבן ניט צוויי חלקים נאָר א גלייכן חלק מיט אלע), זענען זיינע ווערטער גוט. **ווייל ער האָט דאָס געגעבן א מתנה ניט קיין ירושה. מען מיינט דאָ א קראנקן פארן שטארבן, און דאַריבער איז גענוג אפילו נור ער זאָגט און ער שרייבט ניט אָפּ און גיט ניט אוועק באלד, ווייל „דברי שכיב מרע ככתובין וכמסורין דמי״, די ווערטער פון א קראנקן פארן שטארבן איז אזוי ווי אָפּגעשריבן און איבערגעגעבן, און נאָך זיין טויט דארף מען מקיים זיין וואָס ער האָט געהייסן.** ואם אמר, אָבער אויב ער האָט געזאָגט (ביים צעטיילן דאָס פארמעגנס ניט גלייך צווישן די קינדער) „צוליב ירושה״, האָט ער גאָרניט געזאָגט. **אזוי ווי מיר האָבן פריער געלערנט, ווייל דאָס איז קייגן דער תורה, וואָס זאָגט אז ירושה קומט אלע קינדער גלייך און אז דעם בכור קומט טאָפּלט.** כתב, אויב ער האָט געשריבן סיי אין אָנהויב, סיי אין דער מיט, סיי צום סוף „צוליב מתנה״, זענען זיינע ווערטער גוטע. **מען מיינט אז ער האָט געשריבן „עס זאָל זיין א מתנה און א ירושה״, אָדער „א ירושה און א מתנה און א ירושה״, אָדער א ירושה און א מתנה״, ווייל ער האָט נור איינמאָל דערמאָנט דאָס וואָרט „מתנה״ הייסט עס א מתנה, און זיינע ווערטער זענען גוט.** והאומר, און אז איינער זאָגט: „יענער מענטש זאָל מיר ירשענען״ און ער (דער וואָס זאָגט) האָט א טאָכטער (ער האָט ניט קיין זין און די טאָכטער איז די יורשטע), אָדער (ער זאָגט) „מיין טאָכטער זאָל מיר ירשענען״ און ער האָט א זון, האָט ער גאָרניט געזאָגט, ווייל ער האָט אויסגענומען (ער האָט געהייסן טאָן) קייגן א זאך וואָס איז געשריבן אין דער תורה. **אזוי ווי מיר האָבן פריער געלערנט.** ר׳ יוחנן בן ברוקא זאָגט, אז אויב ער האָט געזאָגט אויף איינעם וועלכער איז ראוי (וועלכער קאָן) אים ירשענען, זענען זיינע ווערטער גוט, און אויב אויף איינעם וועלכער איז ניט ראוי אים צו ירשענען זענען זיינע ווערטער ניט גוט. **לויט ר׳ יוחנן בן ברוקא, אויב ער הייסט אז עס זאָל ירשענען איין זון ווען ער האָט אנדערע זין, אָדער איין טאָכטער ווען ער האָט נור טעכטער, קאָן ער, ווייל דער זון אָדער די טאָכטער איז דאָך א יורש. אָבער ווען ער זאָגט אז עס זאָל אים ירשענען א טאָכטער, אין דער צייט ווען ער האָט זין, אָדער א ברודער ווען ער**

עָשׂוּי. אֲבָל אֵין רוּחַ חֲכָמִים נוֹחָה הֵימֶנּוּ. רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, אִם לֹא הָיוּ בָנָיו נוֹהֲגִין כַּשּׁוּרָה, זָכוּר לַטּוֹב: ו הָאוֹמֵר זֶה בְּנִי, נֶאֱמָן. זֶה אָחִי, אֵינוֹ נֶאֱמָן, וְנוֹטֵל עִמּוֹ בְּחֶלְקוֹ. מֵת, יַחְזְרוּ נְכָסִים לִמְקוֹמָן. נָפְלוּ לוֹ נְכָסִים מִמָּקוֹם אַחֵר, יִירְשׁוּ אֶחָיו עִמּוֹ. מִי שֶׁמֵּת וְנִמְצֵאת דְּיָתֵּיקִי קְשׁוּרָה עַל יְרֵכוֹ, הֲרֵי זוֹ אֵינָה כְלוּם. זִכָּה בָהּ לְאַחֵר בֵּין מִן הַיּוֹרְשִׁין בֵּין

**האט טעכטער, טויג ניט, ווייל די טאכטער צי דער ברודער זענען דאמאלס ניט קיין יורש.** הכותב, אז איינער שרייבט אפ (א מתנה) זיין פארמעגן צו אנדערע מענטשן און לאזט די זין (זיי גיט ער גארניט, ער איז זיי מעביר נחלה), איז וואס ער האט געטאן איז אפגעטאן (און דאס פארמעגן געהערט צו די פרעמדע מענטשן), אבער די חכמים (די געלערנטע אין דער תורה) זענען ניט צופרידן מיט אים. **„אין רוח חכמים נוחה הימנו", דער גייסט פון די חכמים איז ניט צופרידן מיט אים". זיי האלטן, אז ער טוט ניט ריכטיק. אפילו ווען די קינדער פירן זיך ניט אויף ארנטליך, דארף ער עס אויך ניט טאן, ווייל ס'קאן זיין, אז פון זיי וועלן ארויסקומען גוטע קינדער.** ר' שמעון בן גמליאל זאגט, אז אויב זיינע קינדער האבן זיך ניט אויפגעפירט ארנטליך (כשורה), זאל ער זיין געדענקט צום גוטן (זכור לטוב). **דאס הייסט, אז ער האט יא גוט געטאן.**

ו. האומר, אז איינער זאגט (אויף אן אנדערן): „דאס איז מיין זון" איז ער באגלויבט. **און נאך זיין טויט באקומט ער די ירושה, און אויך דארף דעם פאטערס ווייב ניט נעמען קיין חליצה, אפילו ער האט ניט אנדערע קינדער.** זה אחי, (אויב איינער ראובן, זאגט אויף אן אנדערן, אויף שמעון:) „דאס איז מיין ברודער", איז ער ניט באגלויבט. **אויב ער שטארבט אן קינדער, דארף זיין ווייב ניט נעמען קיין חליצה אויב ער האט ניט אנדערע ברידער, און דער דאזיקער ירשנט אים ניט. מען מיינט דא** (אין ביידע הלכות פון דער משנה) **אז מען האט די גאנצע צייט געוואוסט אז ער האט ניט קיין זון, אדער** (אין דער צווייטער הלכה) **אז ער האט ניט קיין ברידער.** ונוטל עמו, און (אויב ראובנ'ס פאטער איז געשטארבן און האט איבערגעלאזט נאך א זון לוי און דריי פעלדער) נעמט ער (שמעון) מיט אים (מיט ראובן) א טייל פון זיין חלק. **לוי קריגט אנדערהאלבן פעלדער, ווייל מען גלויבט ניט אז שמעון איז אויך א זון, אבער פון די אנדערהאלבן פעלדער וואס ראובן קריגט, נעמט שמעון איין האלב פעלד, און ראובן א גאנץ פעלד, ווייל לויט ראובנ'ס רייד איז שמעון דאך יא א זון פון זיין פאטער, איז דאך ביי ראובנען פאראן זיין האלב פעלד.** מת, אויב ער (שמעון) איז געשטארבן גייט צוריק דאס פארמעגן צו זיין ארט. **לוי קאן ניט האבן קיין טענה צו שמעונ'ס האלב פעלד, נאר עס געהערט צוריק צו ראובנען (אויב שמעון האט ניט איבערגעלאזט קיין קינדער).** נפלו, אויב עס איז אים (שמעונען) צוגעפאלן פארמעגן פון אן אנדער ארט (ער האט געהאט אייגן פארמעגן, ניט פון דער ירושה און ער, שמעון, איז געשטארבן אן קינדער) זאלן זיין (ראובנ'ס) ברודער (לוי) מיט ירשענען מיט אים (מיט ראובנען). **ווייל ראובן איז דאך מודה, אז שמעון איז געווען זייער ברודער, קומט דאך לוי'ן א טייל פון דער ירושה. דאס איז נור ווען לוי האט פריער געטענהט, אז ער ווייסט ניט צי שמעון איז א ברורער; אבער אויב ער האט געזאגט, אז ער ווייסט אז שמעון איז ניט קיין ברודער, נעמט ניט לוי קיין ירושה. —** מי שמת, אויב איינער איז געשטארבן און מען האט געפינען א צוואה (דייתיקי) צוגעבינדן צו זיין קערפער (על ירכו, אונטערשטן טייל קערפער), איז עס גארניט. **און אויב ער האט וועמען דארט אפגעשריבן זיין פארמעגן, איז עס גארניט, ווייל ער האט דאך געמיינט אוועקצושענקן דורך דעם דאזיקן געשריבענעם דאקומענט, דורך דעם שטר, און אזוי ווי ביים לעבן האט ער דעם שטר ניט איבערגעגעבן, טויג עס ניט, ווייל „אין שטר לאחר מיתה", נאכן טויט קאן מען ניט איבערגעבן קיין שטר.** זיכה, אויב (אבער) ער (דער וואס איז געשטארבן האט מזכה געווען דערמיט, געגעבן עס)

שֶׁאֵינוֹ מִן הַיּוֹרְשִׁין, דְּבָרָיו קַיָּמִין:
ז הַכּוֹתֵב נְכָסָיו לְבָנָיו, צָרִיךְ שֶׁיִּכְתּוֹב
מֵהַיּוֹם וּלְאַחַר מִיתָה, דִּבְרֵי רַבִּי
יְהוּדָה, רַבִּי יוֹסֵי אוֹמֵר, אֵינוֹ צָרִיךְ.
הַכּוֹתֵב נְכָסָיו לִבְנוֹ לְאַחַר מוֹתוֹ,
הָאָב אֵינוֹ יָכוֹל לִמְכּוֹר מִפְּנֵי שֶׁהֵן
כְּתוּבִין לַבֵּן, וְהַבֵּן אֵינוֹ יָכוֹל לִמְכּוֹר,
מִפְּנֵי שֶׁהֵן בִּרְשׁוּת הָאָב. מָכַר הָאָב,
מְכוּרִין עַד שֶׁיָּמוּת. מָכַר הַבֵּן, אֵין
לַלּוֹקֵחַ בָּהֶן כְּלוּם עַד שֶׁיָּמוּת הָאָב.
הָאָב תּוֹלֵשׁ וּמַאֲכִיל לְכָל מִי שֶׁיִּרְצֶה,
וּמַה שֶּׁהִנִּיחַ תָּלוּשׁ, הֲרֵי הוּא שֶׁל
יוֹרְשִׁין. הִנִּיחַ בָּנִים גְּדוֹלִים וּקְטַנִּים,
אֵין הַגְּדוֹלִים מִתְפַּרְנְסִין עַל הַקְּטַנִּים,

צו אן אנדערן, סיי ער איז פון די יורשים סיי ער איז ניט פון די יורשים, זענען זיינע ווערטער גוט. **די משנה האָט עטליכע טייטשן, איין טייטש איז, אז אויב ער האָט געזאָגט איינעם, למשל צו ראובן, אז ער זאָל נעמען דאָס פארמעגן וואָס איז אָפּגעשריבן אין דער דאָזיקער צוואה, כאָטש די צוואה איז אָפּגעשריבן געוואָרן אויף אן אנדערנס נאָמען, אויף שמעונען, באקומט ראובן דאָס פארמעגן. אן אנדערער טייטש איז, אז אויב ער האָט געזאָגט צו ראובנען: „זיי זוכה דעם דאָזיקן צוואה שטר פאר שמעונען", איז די צוואה גוט, און דאָס פארמעגן געהערט צו שמעון, אפילו ראובן איז איינער פון די יורשים און שמעון איז ניט קיין יורש. א דריטער טייטש איז גורס ניט „לאחר" (צו אן אנדערן) נאָר „לאחד", צו איינעם, און די משנה לערנט, אז אויב אין דעם צוואה־שטר איז דאָס פארמעגן אָפּגעשריבן געוואָרן צו עטליכע מענטשן, און ער האָט מזכה געווען דעם שטר נאָר צו איינעם פון זיי, איז די צוואה גוט אויך פאר די איבריקע מענטשן.**

ז. הכותב, אז איינער שרייבט אָפּ זיין פארמעגן צו זיינע קינדער (אז נאָך זיין טויט זאָלן די קינדער האָבן דאָס פארמעגן, למשל, ער האָט חתונה מיט אן אנדער ווייב און ער שרייבט אָפּ דאָס פארמעגן פאר די קינדער פון ערשטן ווייב, כדי דאָס אנדערע ווייב זאָל ניט מאָנען דערפון איר כתובה), דארף ער שרייבן „פון היינט און און נאָך מיין טויט (מהיום ולאחר מיתה)", אזוי זאָגט ר' יהודה. **דאָס הייסט, אז דאָס פארמעגן געהערט צו די קינדער נאָך זיין טויט, אָבער די מתנה איז גוט שוין פון היינט. דער טעם איז, וואָס נאָכן טויט קאָן מען ניט אוועקשענקן.** ר' יוסי זאָגט, אז מען דארף ניט. ווייל די דאַטע, די צייט, **וואָס איז איינגעשריבן אין דעם צוואה שטר, ווייזט אז די מתנה איז גוט פון יענעם טאָג אָן.** הכותב, אז איינער שרייבט אָפּ זיין פארמעגן צו זיין זון אויף נאָך זיין (דעם פאָטערס) טויט, קאָן דער פאָטער ניט פאר־קויפן (ביי זיין לעבן דאָס פארמעגן), ווייל עס איז אָפּגעשריבן צום זון, און דער זון קאָן ניט פארקויפן (ווען דער פאָטער לעבט) ווייל עס איז נאָך אין רשות פון פאָטער. **מחמת צום זון וועלן זיי דאַך געהערן ערשט נאָך זיין פאָטערס טויט.** מכר האב, אויב דער פאָטער האָט פארקויפט, איז עס פארקויפט ביז ער (דער פאָטער) וועט שטארבן. **דער קויפער קאָן אראָפּנעמען די פרוכטן פון די געקויפטע פעלדער, אָבער ווען דער פאָטער שטארבט, דארף דער קויפער אָפּגעבן די פעלדער דעם זון.** מכר הבן, אויב דער זון האָט פארקויפט (ווען דער פאָטער לעבט), האָט דער קויפער אין דעם (פארמעגן) גאָרניט ביז דער פאָטער וועט שטארבן. **די פרוכטן פון די פעל־דער געהערן צום פאָטער ביז דער פאָטער וועט שטארבן.** האב תולש, דער פאָטער קאָן אָפּרייסן (די פרוכטן) און געבן צו עסן צו וועמען ער וויל, און וואָס ער לאָזט איבער אָפּגעריסן (די אָפּגעריסענע פרוכטן וועלכע בלייבן ווען ער שטארבט) געהערן צו די יורשים. **זיי געהערן ניט דוקא צו דעם זון, וועמען ער האָט אָפּגעשריבן דאָס פעלד, נאָר אויך צו די אנדערע זין וועלכע ירשענען אים. —** הניח, אויב (איינער שטאַרבט און) ער לאָזט איבער א פארמעגן און גרויסע און קליינע זין (גדולים וקטנים), קאָנען ניט די גרויסע זיך מפרנס־זיין (קויפן זיך מלבושים) אויפן חשבון פון די קליינע, און די קליינע קאָנען ניט עסן אויפן חשבון פון די גרויסע,

וְלֹא הַקְּטַנִּים נִזּוֹנִין עַל הַגְּדוֹלִים, אֶלָּא חוֹלְקִין בַּשָּׁוֶה. נָשְׂאוּ הַגְּדוֹלִים, יִשְּׂאוּ הַקְּטַנִּים. וְאִם אָמְרוּ קְטַנִּים, הֲרֵי אָנוּ נוֹשְׂאִים כְּדֶרֶךְ שֶׁנְּשָׂאתֶם אַתֶּם, אֵין שׁוֹמְעִין לָהֶן, אֶלָּא מַה שֶּׁנָּתַן לָהֶם אֲבִיהֶן נָתַן: **ח** הִנִּיחַ בָּנוֹת גְּדוֹלוֹת וּקְטַנּוֹת, אֵין הַגְּדוֹלוֹת מִתְפַּרְנְסוֹת עַל הַקְּטַנּוֹת, וְלֹא הַקְּטַנּוֹת נִזּוֹנוֹת עַל הַגְּדוֹלוֹת אֶלָּא חוֹלְקוֹת בַּשָּׁוֶה. נָשְׂאוּ גְדוֹלוֹת יִשְּׂאוּ קְטַנּוֹת. וְאִם אָמְרוּ קְטַנּוֹת הֲרֵי אָנוּ נוֹשְׂאוֹת כְּדֶרֶךְ שֶׁנְּשָׂאתֶם אַתֶּם אֵין שׁוֹמְעִין לָהֶם. זֶה חוֹמֶר בַּבָּנוֹת מִבַּבָּנִים, שֶׁהַבָּנוֹת נִזּוֹנוֹת עַל הַבָּנִים, וְאֵין נִזּוֹנוֹת עַל הַבָּנוֹת:

נאָר זיי טיילן זיך גלייך. **די מלבושים פון גרויסע מענטשן קאָסטן מער פון די מלבושים פון קליינע; עסן קאָסטן קליינע קינדער מער פון גרויסע, ווייל זיי וואַרפן פונאנדער עסנוואַרג. זאָגט די משנה, אז איידער מען האָט צעטיילט די ירושה קאָנען ניט די גרויסע זיך אראָפּנעמען פון דער ירושה אויף מלבושים פאַר זיך, און די קליינע אויף עסן פאַר זיך, נאָר מען צעטיילט די ירושה גלייך.** נשאו, אויב די גרויסע זין האָבן חתונה געהאט (און האָבן גענומען אויף די חתונה־הוצאות פון דער ירושה איידער מען האָט זי צעטיילט), זאָלן אויך די קליינע (זין) חתונה האָבן (פון דער ירושה). **זיי האָבן דיזעלביקע רעכט.** ואם, און אויב (די גרויסע זין האָבן געהאט חתונה געהאט ווען דער פאָטער האָט געלעבט, און ער האָט זיי געגעבן אויף חתונה־הוצאות, און נאָכן פאָטערס טויט) האָבן די קליינע (זין) געזאָגט (צו די גרויסע): „מיר גייען איצט חתונה האָבן (און נעמען די הוצאות פון דער בשותפות׳דיקער ירושה) אזוי ווי איר האָט חתונה געהאט (און דער פאָטער האָט אייך געגעבן אויף חתונה־הוצאות)״, הערט מען זיי ניט, נאָר וואָס דער פאָטער האָט זיי (די גרויסע זין) געגעבן (ביי זיין לעבן) האָט ער זיי געגעבן. **דאָס איז פאַרפאַלן, און די קליינע זין קאָנען ניט צוליב דעם מאָנען א באַזונדערן טייל פון דער ירושה פאַר זייערע חתונה־הוצאות.**

ח. הניח, אויב איינער (איז געשטאָרבן און) האָט איבערגעלאָזט (א פאַרמעגן און) גרויסע און קליינע טעכטער (און ניט קיין זין), קאָנען די גרויסע זיך ניט מפרנס זיין (קליידן) אויפן חשבון פון די קליינע, און די קליינע קאָנען נישט עסן אויפן חשבון פון די גרויסע, נאָר זיי טיילן זיך גלייך. אויב די גרויסע האָבן (נאָכן פאָטערס טויט) חתונה געהאט (און גענומען די חתונה הוצאות פון דער בשותפות׳דיקער ירושה), קאָנען אויך די קליינע חתונה האָבן (און נעמען די חתונה־הוצאות פון דער בשותפותדיקער ירושה). און אויב (די גרויסע האָבן חתונה געהאט ביים פאָטערס לעבן און דער פאָטער האָט זיי געגעבן די הוצאות, און די קליינע) האָבן געזאָגט (נאָכן פאָטערס טויט): „מיר גייען חתונה האָבן (און נעמען די חתונה הוצאות פון דער בשותפות׳דיקער ירושה) אזוי ווי איר האָט חתונה געהאט (און האָט גענומען די הוצאות ביים פאָטער)״, הערט מען זיי ניט. **עס איז דאָס זעלביקע וואָס מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ז׳ ביי זין. די משנה לערנט דאָ באַזונדער דעם דין ביי טעכטער, ווייל זי וויל באַלד צוגעבן דעם דין וועגן אויסהאַלטן טעכטער נאָכן פאָטערס טויט.** זה חומר, דאָס איז האַרבער ביי טעכטער ווי ביי זין (דהיינו), אז טעכטער ווערן געשפייזט (אויסגעהאַלטן) אויפן חשבון פון זין, אָבער זיי ווערן ניט (אויסגעהאַלטן) אויפן חשבון פון טעכטער. **דער דין איז (מיר האָבן עס געהאט פריער אין משנה ד׳) אז ווען איינער שטאַרבט און לאָזט איבער זין און ניט־חתונה־געהאַטע טעכטער ביז 12 און א האַלב יאָר, איז כאָטש דאָס ירושה־פאַרמעגן געהערט צו די זין, קומט אָבער די טעכטער פון ירושה־פאַרמעגן אויסצוהאַלטן (מזונות, דאָס הייסט מלבושים און שפייז און וואוינונג) ביז צו דער חתונה. לערנט די משנה אז אויב ער האָט איבערגעלאָזט נור טעכטער, און טייל פון זיי זענען יינגער פון 12 און א**

**א** מִי שֶׁמֵּת וְהִנִּיחַ בָּנִים וּבָנוֹת, בִּזְמַן שֶׁהַנְּכָסִים מְרֻבִּין, הַבָּנִים יִירְשׁוּ וְהַבָּנוֹת יִזּוֹנוּ. נְכָסִים מוּעָטִין הַבָּנוֹת יִזּוֹנוּ וְהַבָּנִים יִשְׁאֲלוּ עַל הַפְּתָחִים. אַדְמוֹן אוֹמֵר, בִּשְׁבִיל שֶׁאֲנִי זָכָר הִפְסַדְתִּי? אָמַר רַבָּן גַּמְלִיאֵל, רוֹאֶה אֲנִי אֶת דִּבְרֵי אַדְמוֹן: **ב** הִנִּיחַ בָּנִים וּבָנוֹת וְטוּמְטוּם, בִּזְמַן שֶׁהַנְּכָסִים מְרֻבִּין, הַזְּכָרִים דּוֹחִין אוֹתוֹ אֵצֶל נְקֵבוֹת. נְכָסִים מוּעָטִין הַנְּקֵבוֹת דּוֹחוֹת אוֹתוֹ אֵצֶל זְכָרִים. הָאוֹמֵר, אִם תֵּלֵד אִשְׁתִּי זָכָר, יִטּוֹל מָנֶה, יָלְדָה זָכָר נוֹטֵל מָנֶה, נְקֵבָה מָאתַיִם, יָלְדָה נְקֵבָה נוֹטֶלֶת מָאתָיִם. אִם זָכָר מָנֶה, אִם נְקֵבָה מָאתַיִם, וְיָלְדָה זָכָר וּנְקֵבָה, זָכָר נוֹטֵל מָנֶה, וְהַנְּקֵבָה נוֹטֶלֶת

**האלב יאָר און האָבן נאָכניט חתונה געהאַט, קומט זיי ניט קיין מזונות אויפן חשבון פון די אנדערע טעכטער. דער טעם איז, ווייל ווען עס זענען פאראן בלויז טעכטער, קריגן דאָך די קלענערע טעכטער ירושה און דעריבער קומט זיי ניט קיין מזונות.**

## פרק ט.

א. מי, אויב איינער איז געשטאָרבן און ער האָט איבערגעלאָזט (א פארמעגן און) זין און טעכטער, איז אויב דאָס פארמעגן איז א סך, נעמען די זין ירושה און די טעכטער ווערן געשפייזט; אויב דאָס פארמעגן איז ווייניק, ווערן די טעכטער גע־שפייזט, און די זין זאָלן גיין בעטלן איבער די הייזער (ישאלו על הפתחים, בעטן איבער די טירן). **מיר האָבן געלערנט פריער פרק ח׳ משנה ד׳ און משנה ח׳, אז יינגע טעכטער קומט פון דער ירושה מזונות (אויסהאַלטונג) ביז דער חתונה. לערנט די משנה, אז ווייל דאָס שפייזן די טעכטער איז א חוב וואָס דער פאָטער האָט איינגע־שריבן אין דער כתובה, קומט זיי פריער איידער די זין נעמען ירושה.** אדמון זאָגט, אז (דער זון קאָן זאָגן) „צי דערפאר וואָס איך בין א זכר, דארף איך היזק האָבן? האָט רבן גמליאל געזאָגט : מיר געפעלן די ווערטער פון אדמון. **די משנה האָבן מיר דער־**קלערט מיט מער פרטים אין כתובות פרק יג משנה ג׳.

ב. הניח, אויב איינער (איז געשטאָרבן און האָט איבערגעלאָזט א פארמעגן, און) זין און טעכטער און א טומטום (א קינד, וואָס מען ווייסט ניט צי עס איז א זכר צי א נקבה), איז אויב דאָס פארמעגן איז א סך (און דער ירושה־טייל וואָס יעדער זון באקומט, איז גרעסער פון דעם מזונות־טייל וואָס יעדע טאָכטער באקומט) שטופן אים אָפּ (דעם טומטום) די זכרים (די זין) צו די נקבות (צו די טעכטער). **זיי קאָנען טענהן אז דער טומטום איז א נקבה, א טאָכטער, און עס קומט אים נור מזונות.** נכסים מועטין, אויב דאָס פארמעגן איז קליין (און דער מזונות־טייל פון א טאָכטער איז גרעסער פון דעם ירושה־טייל פון א זון) שטופן אים אָפּ די נקבות (די טעכטער) צו די זכרים (צו די זין). **און ער קריגט נור דעם קלייגעם ירושה־טייל.** — האומר, אז איינער (וועמענס ווייב איז מעוברת) זאָגט: „אויב מיין ווייב וועט געבוירן א יינגל זאָל ער נעמען הונדערט גילדן״, איז אויב זי האָט געבוירן א יינגל נעמט ער הונ־דערט גילדן; האָט ער געזאָגט: „אויב עס וועט זיין א מיידל זאָל זי (דאָס מיידל) נעמען צוויי הונדערט גילדן״, איז אויב זי האָט געבוירן א מיידל נעמט זי (דאָס מיידל) צוויי הונדערט גילדן. **אין דער גמרא (בבא בתרא ט״ז) געפינען מיר אז זין זענען געווען ביי עלטערן טייערער פון מיידלעך. אָבער עס ווייזט אויס, אז דער פאָטער האָט געוואָלט באזאָרגן דאָס געבוירענע מיידל מיט מער געלט ווי דעם יינגל, ווייל א יינגל קאָן גיכער ארבייטן און פארדינען.** אם זכר, האָט ער געזאָגט: „אויב עס וועט זיין א יינגל זאָל ער נעמען הונדערט גילדן און אויב א מיידל צוויי הונדערט גילדן״, און זי (דאָס ווייב) האָט געבוירן א יינגל און א מיידל (א צווילינג) נעמט דאָס יינגל הונדערט גילדן און דאָס מיידל נעמט צוויי הונדערט גילדן. **מען זאָגט ניט, אז ער האָט נור געמיינט אויב עס וועט געבוירן ווערן איין קינד, און ער וועט דארפן**

מָאתַיִם. יָלְדָה טוּמְטוּם אֵינוֹ נוֹטֵל. אִם אָמַר כָּל מַה שֶּׁתֵּלֵד אִשְׁתִּי יִטּוֹל, הֲרֵי זֶה יִטּוֹל. וְאִם אֵין שָׁם יוֹרֵשׁ אֶלָּא הוּא, יוֹרֵשׁ אֶת הַכֹּל: ג הִנִּיחַ בָּנִים גְּדוֹלִים וּקְטַנִּים הִשְׁבִּיחוּ גְדוֹלִים אֶת הַנְּכָסִים, הִשְׁבִּיחוּ לָאֶמְצַע. אִם אָמְרוּ, רְאוּ מַה שֶּׁהִנִּיחַ לָנוּ אַבָּא הֲרֵי אָנוּ עוֹשִׂים וְאוֹכְלִין, הִשְׁבִּיחוּ לְעַצְמָן. וְכֵן הָאִשָּׁה שֶׁהִשְׁבִּיחָה אֶת הַנְּכָסִים, הִשְׁבִּיחָה לָאֶמְצַע. אִם אָמְרָה, רְאוּ מַה שֶּׁהִנִּיחַ לִי בַּעֲלִי, הֲרֵי אֲנִי עוֹשָׂה וְאוֹכֶלֶת, הִשְׁבִּיחָה

געבן נור פאר איין קינד געלד. ילדה טומטום, האָט זי געבוירן א טומטום נעמט ער ניט. **די גמרא זאָגט, אז די דאָזיקע משנה האלט ניט ווי די משנה פריער אז א טומטום איז א ספק, מען ווייסט ניט צי ער איז א זכר צי א נקבה, נאָר אז א טומטום איז א באשעפעניש פאר זיך (בריה בפני עצמה), ניט קיין זכר און ניט קיין נקבה (אזוי האלט ר׳ שמעון בן גמליאל אין פרק ה׳ משנה ב׳ אין תמורה); דעריבער קומט אים גאָרניט.** אם אָמר, אויב ער האָט געזאָגט: „וואָס (וואָסער קינד) מיין ווייב וועט געבוירן, זאָל עס נעמען (באקומען דאָס געלט)״, זאָל ער (דער טומטום) נעמען. **ווייל ער האָט דאָך ניט געזאָגט בפירוש א זכר צי א נקבה.** ואם אין, און (אויב איינער איז גע־שטאָרבן) און עס איז ניטאָ קיין אנדערער יורש (קיין אנדערער זון אָדער טאָכטער) נאָר ער (דער טומטום איז דאָס איינציקע קינד פון דעם פארשטאָרבענעם מענטש) ירשענט ער אלץ (דאָס גאנצע פארמעגן).

ג. הניח, אויב איינער (איז געשטאָרבן און) האָט איבערגעלאָזט (א פארמעגן און) גרויסע און קליינע זין, און די גרויסע זין האָבן (איידער מען האָט זיך צעטיילט מיט דער ירושה) פארבעסערט דאָס פארמעגן (זיי האָבן גערדינגן ארבייטער און זיי האָבן פאראקערט די פעלדער, געפלאנצט, און באצאָלט פון דער ירושה, און דאָס פארמעגן איז געוואָרן גרעסער), איז עס געוואָרן פארבעסערט אין דער מיט (לאמצע, פאר אלע, אויך פאר די קליינע זין). **כאָטש די גרויסע זין האָבן געהאַט דאבײַ א טירחא, נעמט מען אָן אז זיי זענען מוחל די טירחא. אויב אָבער זיי האָבן געהאַט די הוצאות פון זייער אייגן געלט, ניט פון ירושה־געלט, געהערט צו זיי דאָס, וואָס דאָס פארמעגן איז געוואָרן גרעסער.** אם אָמרו, אויב זיי (די גרויסע) האָבן געזאָגט (צו די קליינע, פאר בית דין, אָדער פאר עדות): „זעט, אָט דאָס האָט דער פאָטער פאר אונז (אלע) איבערגעלאָזט, און מיר וועלן דאבײַ ארבייטן און עסן (נעמען פאר אונזער ארבייט דאָס וואָס דאָס פארמעגן וועט מער ווערט זיין)״, האָבן זיי פארבעסערט פאר זיך. **מחמת איצט זאָגן זיי דאָך בפירוש, אז זיי זענען ניט מוחל זייער טירחא.** וכן האשה, און אזוי איז אויך אויב א פרוי (וואָס איר מאן איז געשטאָרבן און האָט איבערגעלאָזט א פארמעגן) האָט פארבעסערט דאָס (ירושה) פארמעגן, האָט זי פארבעסערט אין דערמיט (לאמצע, פאר אלע יורשים); אויב זי האָט געזאָגט: „זעט, אָט דאָס האָט מיין מאן מיר איבערגעלאָזט, און איך וועל ארבייטן און עסן״, האָט זי פארבעסערט פאר זיך. **דאָס איז דער זעלביקער דין וואָס פריער ביי די ברידער. די משנה איז שווער, ווארום מיר האָבן דאָך פריער אין פרק ח׳ משנה א׳ געלערנט, אז א פרוי ירשענט ניט איר מאן. מען טייטשט דעריבער איין די משנה, אז מען מיינט ביי א „אשה יורשת״, א פרוי וועלכער ירשנט יאָ, דהיינו, אויב זי איז איר מאנ׳ס ברודערן טאָכטער, און איר מאן איז געשטאָרבן אָן קינדער; און אויך זיין ברודער לעבט ניט מער און ער האָט איבערגעלאָזט בלויז טעכטער. ממילא קומט ראובן׳ס ירושה צו דעם ברודער׳ס טעכטער, און ממילא אויך צו זיין פרוי, וועלכע איז איינע פון דעם ברודער׳ס טעכטער.**

לְעַצְמָהּ: ד הָאַחִין הַשֻּׁתָּפִין שֶׁנָּפַל אֶחָד מֵהֶן לְאוּמָנוּת, נָפַל לְאֶמְצַע. חָלָה וְנִתְרַפָּא, נִתְרַפָּא מִשֶּׁל עַצְמוֹ. הָאַחִין שֶׁעָשׂוּ מִקְצָתָן שׁוֹשְׁבִנוּת בְּחַיֵּי הָאָב חָזְרָה שׁוֹשְׁבִנוּת, חָזְרָה לְאֶמְצַע, שֶׁהַשׁוֹשְׁבִנוּת נִגְבֵּית בְּבֵית דִּין. אֲבָל הַשּׁוֹלֵחַ לַחֲבֵרוֹ כַּדֵּי יַיִן וְכַדֵּי שֶׁמֶן אֵין נִגְבִּין בְּבֵית דִּין, מִפְּנֵי שֶׁהֵן גְּמִילוּת חֲסָדִים: ה הַשּׁוֹלֵחַ סִבְלוֹנוֹת לְבֵית חָמִיו, שָׁלַח שָׁם מֵאָה מָנֶה וְאָכַל שָׁם סְעוּדַת חָתָן אֲפִלּוּ בְּדִינָר אֵינָן נִגְבִּין, לֹא אָכַל שָׁם סְעוּדַת חָתָן,

ד. האחין השותפין, ברידער שותפים (וועלכע האָבן זיך נאָכניט צעטיילט מיט זייער פאָטערס ירושה) אויב עס האָט איינער פון זיי געקריגן ארבייט פון דער רעגירונג (לאומנות, און האָט פאַרדינט ביי דער ארבייט) געהערט (דער פאַרדינסט) אין דערמיט (צו אלע ברידער). **ווייל מען נעמט אָן, אז די ארבייט האָט ער באַקומען צוליב אלע ברידער, און עס איז אלעמענס; אויב אָבער ער האָט עס באַקומען צוליב זיין אייגענער חשיבות געהערט עס צו אים. טייל זענען גורס „האחים והשותפים״, דאָס הייסט, אז אויך ביי סתם שותפים איז דערזעלביקער דין, און מען נעמט אָן אז דער שותף האָט באַקומען דעם פאַרדינסט צוליב דעם שותפות.** חלה, אויב איינער פון זיי איז קראַנק געוואָרן (צוליב זיין אייגענער שולד, למשל, ער האָט געגעסן מאכלים, וואָס מען ווייסט אז זיי טויגן ניט) און ער האָט זיך געהיילט, האָט ער זיך געהיילט (צאָלט ער די קאָסטן דערפון) פון זיין אייגן (געלט). **ניט פון דער שותפות־ירושה וואָס זיי פירן צוזאַמען. אָבער אויב ער איז קראַנק געוואָרן ניט דורך זיין שולד, נעמט ער די קאָסטן צו היילן זיך פון שותפות.** — האחין, ברידער, וואָס טייל פון זיי האָבן, ווען דער פאָטער האָט נאָך געלעבט, געבראַכט (צו פרעמדע מענטשן) חתונה־מתנות (שושבינות), איז ווען (יענע מענטשן) שיקן אָפּ (איצט נאָכן פאָטערס טויט) חתונה־מתנות, געהערט עס אין דערמיט (צו אלע ברידער). **עס איז געווען אמאָל דער מנהג, אז ווען איינער, למשל, ראובן, האָט געשיקט צו אן אנדערן, צו שמעון, א חתונה־מתנה צו שמעון׳ס קינד׳ס חתונה, איז ווען ראובן האָט חתונה געמאַכט א קינד, האָט שמעון אים געמוזט אָפּשיקן א חתונה־מתנה. די חתונה־מתנה האָט געהערט ניט צום חתן אָדער כלה, נאָר צו שמעון, אויף חתונה־הוצאות. ביים געבן די חתונה מתנה האָט דער איבערברענגער מיטגעגעסן די חתונה־סעודה. דאָס האָט געהייסן „שושבינות״** (אין סיריש „דער פריינט פון דער כלה״). **זאָגט די משנה, אויב דער פאָטער האָט געשיקט חתונה־מתנות צו פרעמדע מענטשן דורך טייל ברידער, און דערנאָך איז דער פאָטער געשטאָרבן, און דערנאָך האָבן יענע מענטשן צוריקגעשיקט חתונה־מתנות צו די ברידער־יורשים, געהערן זיי צו אלע ברידער. די משנה זאָגט דעם טעם דערפון:** שהשושבינות, ווייל חתונה־מתנות קאָן מען אָפּמאָנען דורך בית דין. **עס איז ווי א חוב, און עס הייסט דאַריבער ווי דער פאָטער האָט איבערגעלאָזט א חוב, און ער געהערט צו דער ירושה און אלע ברידער צעטיילן זיך דערמיט.** אבל, אָבער אז איינער שיקט (ניט ביי א חתונה) צו אן אנדערן קרוגן וויין און קרוגן אייל (א מתנה) קאָן מען זיי ניט אָפּמאָנען צוריק דורך דעם בית דין, מחמת דאָס הייסט גוט־הארציקייט (גמילות חסדים). **און מען קאָן ניט פאַרלאַנגן, אז יענער זאָל צוריקשיקן מתנות. עס ווערט געלערנט, אז אפילו מען שיקט מתנות ביי א חתונה, נאָר מען איז ניט מיטגעקומען צו עסן די חתונה־סעודה, הייסט עס ווי סתם א מתנה און מען קאָן עס ניט אָפּמאָנען צוריק.**

ה. השולח, אז איינער (א חתן) שיקט צו זיין שווער׳ס הויז חתן־מתנות (סבלונות), (אפילו) ער האָט געשיקט (מתנות) פאַר הונדערט מאָל הונדערט גילדן (מנה) און ער האָט געגעסן דאָרט (ביים שווער) א חתן־סעודה אפילו נור פאַר איין גילדן (איין דינר), קאָן ער עס צוריק ניט אָפּמאָנען. **אין דער צייט פון דער משנה איז געווען דער מנהג, אז דער חתן האָט מקדש געווען די כלה ניט ביי דער חתונה, אונטער דער חופה,**

הֲרֵי אֵלּוּ נִגְבִּין. שָׁלַח סִבְלוֹנוֹת מְרֻבִּים שֶׁיַּחְזְרוּ עִמָּהּ לְבֵית בַּעְלָהּ, הֲרֵי אֵלּוּ נִגְבִּין. סִבְלוֹנוֹת מוּעָטִין שֶׁתִּשְׁתַּמֵּשׁ בָּהֶן בְּבֵית אָבִיהָ, אֵינָן נִגְבִּין: ו שְׁכִיב מְרַע שֶׁכָּתַב כָּל נְכָסָיו לַאֲחֵרִים וְשִׁיֵּר קַרְקַע כָּל שֶׁהוּא, מַתְּנָתוֹ קַיֶּמֶת. לֹא שִׁיֵּר קַרְקַע כָּל שֶׁהוּא אֵין מַתְּנָתוֹ קַיֶּמֶת. לֹא כָתַב בָּהּ שְׁכִיב מְרַע, הוּא אוֹמֵר שְׁכִיב מְרַע הָיָה, וְהֵן אוֹמְרִין בָּרִיא הָיָה, צָרִיךְ לְהָבִיא רְאָיָה שֶׁהָיָה

**נאָר ביי די תנאים. נאָך די קידושין פון די תנאים, איז דער חתן אוועק צו זיך אין דער היים, און די כלה איז געבליבן אין איר פאָטערס הויז. צומאָרגנס פון די תנאים־קידושין פלעגט דער חתן קומען צום שווער און ברענגען חתן־מתנות, די „סבלונות".** (ווענן וואָרט סבלונות, וואָס זאָל זיין אָדער פון „סבל", „טראָגן" די מתנות, אָדער פון גריכישן וואָרט „סימבאָלעאָן", זע קידושין פרק ב' משנה ו') און דאָרט עסן א חתן־סעודה. **לערנט די משנה, אז אויב דערנאָך איז די כלה געשטאָרבן אָדער ער האָט זי געגט** (צוליב די קידושין האָט זי שוין געדאַרפן האָבן א גט, אויב זיי האָבן זיך צע־שיידט), **קאָן דער חתן ניט אָפּמאָנען די מתנות אפילו זיי זענען ווערט געווען הונדערט מאָל הונדערט גילדן, און די סעודה וואָס ער האָט דאָרט געגעסן איז ווערט געווען ניט מער ווי איין גילדן, ווייל צוליב דער סעודה האָט ער מוחל געווען דאָס געלט.** לא אכל, (אויב ער האָט געשיקט די מתנות און) ער האָט ניט געגעסן דאָרט די חתן־סעודה, קאָן ער זיי יאָ אָפּמאָנען. **מחמת איצט האָט ער ניט געהאַט פאַרוואָס מוחל צו זיין דאָס געלט.** שלח, אָבער (אויב ער האָט אפילו יאָ געגעסן די סעודה נאָר) ער האָט געשיקט גרויסע חתן־מתנות אז (ניט זיי זאָלן בלייבן ביי איר פאָטער, נאָר) זיי זאָלן מיטגיין מיט איר (מיט דער כלה) ווען זי וועט גיין צו איר מאַנ׳ס הויז, קאָן ער זיי אָפּמאָנען. **מחמת די דאָזיקע מתנות האָט ער דאָך ניט געשאָנקען דעם שווער, נאָר ער האָט דאָך געוואָלט זיי האָבן צוריק נאָך דער חתונה.** סבלונות, אויב ער האָט געשיקט קליינע חתן־מתנות אז זי זאָל זיך באַנוצן מיט זיי אין איר פאָטערס הויז (איז אפילו ער האָט ניט געגעסן די חתן־סעודה), קאָן ער אויך ניט אָפּמאָנען צוריק. **מחמת ער האָט דאָך בפירוש געזאָגט. אז ער שענקט זיי אוועק. די מפרשים זאָגן, אז אפילו קליינע מתנות אויב ער האָט בפירוש אויסגענומען, אז זיי זאָלן צוריקקומען צו אים קאָן ער אויך אָפּמאָנען, און גרויסע מתנות אויב ער האָט בפירוש געזאָגט אז ער שענקט זיי אוועק קאָן ער ניט אָפּמאָנען. נאָר די משנה רעדט מיטן לשון ווי דער שטייגער איז, אז געוויינליך נעמט מען זיך אויס ביי גרויסע מתנות צוריק אָפּ־צונעמען, און ביי קליינע מתנות זאָגט מען געוויינטליך אז מען שענקט זיי.**

ו. שכיב מרע, אויב א קראַנקער (וואָס האָט מורא אז ער גייט שטאַרבן) האָט אָפּגעשריבן זיין גאַנץ פאַרמעגן צו אַנדערע, און האָט זיך איבערגעלאָזט (אפילו נור) דאָס קלענסטע שטיקל ערד (כל שהוא), איז זיין מתנה א מתנה. **און אויב ער איז גע־זונט געוואָרן קאָן ער ניט חרטה קריגן. ווייל ער האָט דאָך ניט געזאָגט בפירוש אז מען זאָל זיי געבן נאָך זיין טויט, און ער האָט דאָך איבערגעלאָזט פאַר זיך עפּיס, נעמט מען אָן אז דאָס איז געווען סתם א מתנה.** לא שייר, אויב ער האָט זיך ניט איבערגע־לאָזט קיין שטיקל ערד איז זיין מתנה ניט קיין מתנה. **ווייל קיין מענטש וויל זיך ניט איבערלאָזן מיט גאָרנישט, און מסתמא האָט ער געמיינט אז נור אויב ער וועט שטאַרבן זאָל מען עס זיי געבן** (מצווה מחמת מיתה). **דאָס וואָרט „שכ״ב מרע" איז אַראַמעאיש, און איז דער טייטש ליגן קראַנק.** לא כתב, אויב ער האָט אין דעם (שטר, אין דער שריפט, אין וועלכער ער האָט אַנדערע מענטשן אָפּגעשריבן זיין פאַרמעגן) ניט געשריבן „שכיב מרע" (אז ער איז א קראַנקער), און ער זאָגט, אז ער איז געווען א קראַנקער (און אַזוי ווי ער האָט זיך גאָרניט איבערגעלאָזט, און איצט איז ער געזונט געוואָרן איז די מתנה ניט קיין מתנה), און זיי (די מתנה־מאַנער) זאָגן, אז ער איז גע־ווען א געזונטער (און ווען א געזונטער גיט א מתנה איז זי גוט אפילו ער האָט זיך

שְׁכִיב מְרַע, דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים, הַמּוֹצִיא מֵחֲבֵרוֹ עָלָיו הָרְאָיָה: ז הַמְחַלֵּק נְכָסָיו עַל פִּיו, רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר, אֶחָד בָּרִיא וְאֶחָד מְסֻכָּן נְכָסִים שֶׁיֵּשׁ לָהֶן אַחֲרָיוּת נִקְנִין בְּכֶסֶף וּבִשְׁטָר וּבַחֲזָקָה, וְשֶׁאֵין לָהֶן אַחֲרָיוּת אֵין נִקְנִין אֶלָּא בִמְשִׁיכָה. אָמְרוּ לוֹ, מַעֲשֶׂה בְאִמָּן שֶׁל בְּנֵי רוֹכֵל שֶׁהָיְתָה חוֹלָה וְאָמְרָה, תְּנוּ כְבִנָּתִי לְבִתִּי, וְהִיא בִשְׁנֵים עָשָׂר מָנֶה, וּמֵתָה,

גאָרניט איבערגעלאָזט), דאַרף ער ברענגען אַ באַווייז, אַז ער איז געווען אַ קראַנקער, אַזוי זאָגט ר׳ מאיר. **אין אַ צוואה־שטר פון אַ קראַנקן איז געווען געשריבן דער נוסח אין אַראַמעאיש (אַלע דאָקומענטן זענען געווען אין דער משנה־צייט געשריבן אין אַראַמעאיש, און דערפון האָבן מיר היינט אין אַראַמעאיש אויך דעם גט און די כתובה) „כדקציר ורמי בערסיה״, „ווען ער איז קראַנק און ליגט אין בעט״. און אין אַ מתנה־שטר פון אַ געזונטן איז דער נוסח געווען „כד הלך על רגלוהי בשוקא״, ווען ער גייט אויף זיינע פיס אין גאַס״. אויב עס איז גאָרניט געווען געשריבן, ניט דער נוסח פון אַ קראַנקן און ניט דער נוסח פון אַ געזונטן, זאָגט ר׳ מאיר, אַז ווייל איצט איז ער דאָך געזונט, דאַרף ער ברענגען אַ באַווייז אַז ווען ער האָט געשריבן דעם שטר איז ער געווען קראַנק.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אַז ווער עס וויל אַרויסנעמען פון אַן אַנדערן, דער דאַרף ברענגען דעם באַווייז. **דאָס איז דער כלל פון „המוציא מחבירו עליו הראיה״, אַז דער וואָס מאָנט ביים אַנדערן אַז ער זאָל אים געבן, דאַרף ברענגען דעם באַווייז אַז עס קומט אים.**

ז. המחלק, אַז איינער צעטיילט זיין פאַרמעגן מיטן מויל (בלויז מיטן זאָגן. ער זאָגט, אַז דער טייל פאַרמעגן זאָל געהערן צו דעם מענטש, און יענער טייל צו יענעם מענטש), — זאָגט ר׳ אליעזר אַז סיי ער איז (ביים צוטיילן) געווען געזונט און סיי ער איז געווען געפערליך קראַנק (מסוכן), איז פאַרמעגנס וואָס טראָגן פאַראַנטוואָרטליכקייט (אומבאַוועגליכע זאַכן, ווי פעלדער, הייזער) דאַרף מען (די מענטשן וואָס ער האָט זיי געשאָנקען דאַרפן עס) קונה זיין מיט געלט (געבן דעם מתנה־געבער געלט) אָדער מיט אַ שטר (דער מתנה געבער זאָל זיי געבן אַ געשריבענעם שטר) אָדער מיט חזקה (זיי זאָלן עפּיס טאָן אין פעלד אָדער אין הויז), און די פאַרמעגנס וואָס טראָגן ניט קיין פאַראַנטוואָרטליכקייט (באַוועגליכע זאַכן, מלבושים, צירונג) דאַרפן זיי קונה זיין ניט אַנדערש נאָר מיט צונעמען זיי (מיט משיכה). **ר׳ אליעזר האַלט ניט פון דין, אַז אַ קראַנקער מענטש קאָן אַוועקשענקען זאַכן מיטן בלויזן זאָגן (אַז דברי שכיב מרע כבתובין וכמסורין דמי, וואָס מיר האָבן געלערנט פריער אין פרק ח׳ משנה ה׳). ר׳ אליעזר האַלט, אַז ווען אַ קראַנקער מענטש שענקט אַוועק אַ זאַך, מוז מען עס קונה זיין, פונקט ווי ווען אַ געזונטער מענטש שענקט עס אַוועק, און מיר האָבן געלערנט אין מסכתא קידושין פרק א׳ משנה ה׳ וועגן דעם אַז באַוועגליכע זאַכן איז מען קונה מיט משיכה, און אומבאַוועגליכע זאַכן איז מען קונה דורך געלט, אָדער דורך אַ שטר, אָדער דורך חזקה. זאָל דער לערנער נאָכקוקן אין פירוש צו מסכתא קידושין פרק א׳ משנה ה׳.** אָמרו לו, האָבן זיי (די חכמים, וועלכע האַלטן אַז אַ קראַנקער מענטש קאָן אַוועקשענקען בלויז מיטן זאָגן) געזאָגט צו אים (צו ר׳ אליעזר), אַז עס איז געווען אַ מעשה מיט דער מוטער פון די בני רוכל (די זין פון רוכל), וועלכע איז געווען קראַנק, און זי האָט געזאָגט: „גיט אַוועק מיין שלייער (כבינתי) צו מיין טאָכטער״, און ער (דער שלייער) איז ווערט געווען צוועלף הונדערט גילדן, און זי איז געשטאָרבן, און מען האָט געטאָן ווי זי האָט געהייסן. **דערפון איז אַ באַווייז, אַז אַ קראַנקער קאָן יאָ אַוועקשענקען בלויז מיטן זאָגן. וועגן וואָרט „כבינתי״, מיין שלייער, פון „כבן״, אַרומוויקלען, זע שבת פרק ה׳ משנה ב׳ „הרחלין הכבונות״ (איינגעוויקלטע**

וְקִיְּמוּ אֶת דְּבָרֶיהָ. אָמַר לָהֶן בְּנֵי רוֹכֵל תְּקַבְּרֵם אִמָּן. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים. בַּשַּׁבָּת דְּבָרָיו קַיָּמִין מִפְּנֵי שֶׁאֵין יָכוֹל לִכְתּוֹב, אֲבָל לֹא בַחוֹל. רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ אוֹמֵר, בַּשַּׁבָּת אָמְרוּ. קַל וָחוֹמֶר בַּחוֹל. כַּיּוֹצֵא בוֹ זָכִין לַקָּטָן, וְאֵין זָכִין לַגָּדוֹל. (דִּבְרֵי רַבִּי אֱלִיעֶזֶר). רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ אוֹמֵר, לַקָּטָן אָמְרוּ. קַל וָחוֹמֶר לַגָּדוֹל: **ח** נָפַל הַבַּיִת עָלָיו וְעַל אָבִיו. אוֹ עָלָיו וְעַל מוֹרִישָׁיו, וְהָיְתָה עָלָיו כְּתֻבַּת אִשָּׁה וּבַעַל חוֹב, יוֹרְשֵׁי הָאָב אוֹמְרִים הַבֵּן מֵת רִאשׁוֹן וְאַחַר כָּךְ מֵת הָאָב, בַּעֲלֵי הַחוֹב אוֹמְרִים הָאָב מֵת רִאשׁוֹן וְאַחַר כָּךְ מֵת הַבֵּן, בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים

שעפּסן). אָמר להן, האָט ער (ר׳ אליעזר) געזאָגט צו זיי (צו די חכמים): די זין פון רוכל זאָל זיי זייער מוטער באגראָבן. **ר׳ אליעזר זאָגט אז די בני רוכל זענען געווען רשעים, און דעריבער האָט מען זיי געקנסנט אז מען זאָל אוועקגעבן דעם שלייער דער טאָכטער.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז אויב (דער קראנקער האָט עס אוועקגעשאָנקען) אים שבת, זענען זיינע ווערטער גוטע (און די מתנה איז א מתנה אפילו בלויז מיטן זאָגן), ווייל ער קאָן ניט שרייבן (אים שבת), אָבער ניט אין דער וואכנס. **אויב ער האָט געשאָנקען מיטן מויל אין דער וואָכנס איז עס ניט קיין מתנה.** ר׳ יהושע זאָגט, אז מען האָט געזאָגט אז (א קראנקנס מתנה אפילו מיטן מויל איז גוט) אים שבת, און א קל וחומר אין דערוואָכנס. **דאָס הייסט מה דאָך אים שבת, ווען ער קאָן ניט שרייבן, האָט ער דאָך ניט קיין אנדערע מעגליכקייטן פון אוועקשענקען, פונדעסטוועגן איז גוט ווען ער זאָגט מיטן מויל, מכל שכן אינדערוואָכנס, ווען ער קאָן שרייבן און ער האָט די מעגליכקייט פון אוועקשענקען דארף די מתנה מיטן מויל אודאי גוט זיין.** כיוצא, פונקט אזא שטייגער (האָט מען געלערנט)), אז מ׳קאָן (א דערוואקסענער מענטש קאָן) זוכה זיין א זאך פאר א קליין קינד, אָבער ער קאָן ניט זוכה זיין פאר א דערוואקסענעם מענטש, אזוי זאָגט ר׳ אליעזר. **ווייל א קליין קינד קאָן ניט זוכה זיין אליין, ער קאָן ניט נעמען א זאך אין באזיץ, עס זאָל ווערן זיינס** (אין קנין לקטן). **דעריבער קאָן א דערוואקסענער מענטש עס טאָן פאר זיינעטוועגן; אָבער א דערוואקסענער מענטש קאָן דאָך אליין זוכה זיין פאר זיך, דעריבער קאָן אן אנדערער דערוואקסענער מענטש פאר אים ניט זוכה זיין.** ר׳ יהושע זאָגט, אז מען האָט געזאָגט, אז (א דערוואקסענער מענטש קאָן זוכה זיין א זאך פאר אן אנדערן) פאר א קליין קינד, און מכל שכן פאר א גרויסן. **מחמת, מה דאָך א קינד, וואָס קאָן אליין ניט זוכה זיין פאר זיך, קאָן א דערוואקסענער מענטש דאָס טאָן פאר זיינעטוועגן, מכל שכן א דערוואקסענער מענטש, וועלכער קאָן עס אליין טאָן, קאָן אן אנדערער אודאי עס טאָן פאר זיינעטוועגן.**

ח. נפל, אויב א הויז איז ארויפגעפאלן אויף אים (אויף ראובן) און אויף זיין פאָטער (יעקב, און ביידע, ראובן און יעקב זענען געטויט געוואָרן), אָדער אויף אים (ראובן) און אויף אזעלכע פון וועלכע ער נעמט ירושה (מורישיו, למשל, א ברודער אָן קינדער, שמעון און זענען ביידע געטויט געוואָרן), און ער (ראובן) האָט געדארפן באצאָלן די כתובה צו זיין פרוי אָדער (א חוב צו) איינעם וועלכער האָט אים געבאָרגט געלט, די יורשים פון פאָטער (למשל יעקב׳ס ברודער) זאָגן, אז דער זון (ראובן) איז פריער געטויט געוואָרן און דערנאָך איז דער פאָטער (יעקב) געטויט געוואָרן, (ממילא האָט דאָך ראובן ניט גע׳ירשענט פון יעקב די ירושה און דער פרוי און דעם חוב־מאָנער קומט גאָרניט פון דער ירושה), און די חובות־מאָנער (די פרוי און דער חוב־מאָנער) זאָגן, אז דער פאָטער (יעקב) איז פריער געטויט געוואָרן און דערנאָך איז געטויט געוואָרן דער זון (און ראובן האָט יאָ גע׳ירשענט די ירושה פון יעקב און די חובות־מאָנער קאָנען דערפון אָפּנעמען זייערע חובות), — זאָגן די בית שמאי,

יַחֲלוֹקוּ. וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים נְכָסִין בְּחֶזְקָתָן: **ט** נָפַל הַבַּיִת עָלָיו וְעַל אִשְׁתּוֹ יוֹרְשֵׁי הַבַּעַל אוֹמְרִים, הָאִשָּׁה מֵתָה רִאשׁוֹנָה וְאַחַר כַּךְ מֵת הַבַּעַל, יוֹרְשֵׁי הָאִשָּׁה אוֹמְרִים, הַבַּעַל מֵת רִאשׁוֹן וְאַחַר כַּךְ מֵתָה הָאִשָּׁה, בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים יַחֲלוֹקוּ. וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים נְכָסִים בְּחֶזְקָתָן. כְּתֻבָּה בְּחֶזְקַת יוֹרְשֵׁי הַבַּעַל. נְכָסִים הַנִּכְנָסִים וְהַיּוֹצְאִין עִמָּהּ בְּחֶזְקַת יוֹרְשֵׁי הָאָב: **י** נָפַל הַבַּיִת עָלָיו וְעַל אִמּוֹ אֵלּוּ וָאֵלּוּ מוֹדִין שֶׁיַּחֲלוֹקוּ. אָמַר רַבִּי עֲקִיבָא, מוֹדֶה אֲנִי בָּזֶה שֶׁהַנְּכָסִים בְּחֶזְקָתָן. אָמַר לוֹ בֶּן עַזַּאי, עַל הַחֲלוּקִין אָנוּ מִצְטַעֲרִים, אֶלָּא שֶׁבָּאתָ לְחַלֵּק עָלֵינוּ אֶת הַשָּׁוִין:

אז זיי (יעקב׳ס יורשים און די חובות־מאַנער) זאָלן זיך צעטיילן, און די בית־הלל זאָגן, אז דאָס פאַרמעגן (די ירושה) איז זיין ביז־איצטיקן מצב (אין זיין חזקה). **און ווייל ביז איצט האָט עס געהערט צו יעקב געהערט עס פון איצט אָן צו יעקב׳ס יורשים, און די חובות־מאַנער קאָנען פון זיי ניט ארויסנעמען געלט צוליב א ספק.**

ט. נפל, אויב א הויז איז ארויפגעפאלן אויף אים (דעם מאן, ראובן) און אויף זיין פרוי (און זי האָט ניט קיין קינדער מיט אים), און די יורשים פון מאן (זיינע קינדער פון אן אנדערער פרוי) זאָגן, אז די פרוי איז פריער געטויט געוואָרן און דערנאָך איז געטויט געוואָרן דער מאן (און דער מאן האָט געירשנט דער פרוי׳ס פאַרמעגן, און עס געהערט איצט צו זיי, צום מאנ׳ס יורשים), און די יורשים פון דער פרוי זאָגן, אז דער מאן, איז געטויט געוואָרן פריער און דערנאָך איז געטויט געוואָרן די פרוי (און ממילא האָט די פרוי געהאַט אָפּצונעמען די כתובה־געלט און אויך איר פאַרמעגן, און דאָס געהערט צו אירע יורשים), זאָגן די בית שמאי, אז זיי (די יורשים פון מאן און די יורשים פון דער פרוי) זאָלן זיך צעטיילן, און די בית הלל זאָגן, אז דאָס (ירושה)־פאַרמעגן איז אין זיין ביז־איצטיקן מצב (אין זיין חזקה), די כתובה בלייבט ביי די יורשים פון מאן, און דאָס פאַרמעגן וואָס די פרוי האָט אריינגעבראַכט (צום מאן בעת דער חתונה) און וואָס זי נעמט מיט ווען זי גייט אוועק (פון מאן, ווען ער שטאַרבט אָדער ער גט זי) בלייבן ביי די יורשים פון פאָטער (פון דער פרוי). **ווייל דאָס כתובה־געלט איז דאָך די גאַנצע צייט געווען דער מאנ׳ס, אָבער איר פאַרמעגן איז דאָך איר׳ס. מיט די ווערטער „יורשי האב״, די „יורשים פון פאָטער״, מיינט מען דאָ „די יורשים פון דער פרוי״, מחמת זיי זענען אירע יורשים דורך איר פאָטער.**

י. נפל, אויב א הויז איז ארויפגעפאלן אויף אים און אויף זיין מוטער (און די מוטער האָט פאַרמעגן, און זי האָט נור געהאַט דעם דאָזיקן זון, וועלכער האָט ברידער פון איין פאָטער אָבער ניט פון איין מוטער), זענען ביידע (די בית שמאי און די בית הלל) מודה, אז זיי (די יורשים פון דער מוטער, אירע ברידער, און די יורשים פון זון, זיינע ברידער פון איין פאָטער) זאָלן זיך צוטיילן. **עס איז ניט גלייך צו דער פריעריקער משנה ח׳ מיט דעם פאָטער, וואו די בית הלל זאָגן, אז דאָס פאַרמעגן בלייבט אין ביז איצטיקן מצב, מחמת דאָרט קומט איין צד מיט א תביעה פון ירושה און דער אנדערער צד מיט א חוב, אָבער דאָ קומען ביידע צדדים מיט תביעות פון ירושה.** אָמר, האָט ר׳ עקיבא געזאָגט, איך בין מודה (איך זאָג) אז (אויך) דאָ (האַלטן די בית הלל) אז דאָס פאַרמעגן בלייבט אין זיין ביז־איצטיקן מצב. **און די ירושה געהערט צו דער מוטער׳ס יורשים.** אָמר לו, האָט צו אים (צו ר׳ עקיבא) געזאָגט בן עזאי: מיר זענען זיך מצער צוליב דער מחלוקה (פון די בית שמאי און בית הלל אין די הלכות פון פריער אין משנה ח׳ און משנה ט׳), קומסטו נאָך פונאנדער־טיילן וואו זיי זענען גלייך. **לויט בן עזאי האַלטן די בית הלל, אז ביידע יורשים דאַרפן זיך צעטיילן.**

**א** גֵט פָּשׁוּט עֵדָיו מִתּוֹכוֹ וּמְקֻשָּׁר עֵדָיו מֵאֲחוֹרָיו. פָּשׁוּט שֶׁכָּתְבוּ עֵדָיו מֵאֲחוֹרָיו, וּמְקֻשָּׁר שֶׁכָּתְבוּ עֵדָיו מִתּוֹכוֹ, שְׁנֵיהֶם פְּסוּלִים. רַבִּי חֲנִינָא בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, מְקֻשָּׁר שֶׁכָּתְבוּ עֵדָיו מִתּוֹכוֹ, כָּשֵׁר, מִפְּנֵי שֶׁיָּכוֹל לַעֲשׂוֹתוֹ פָּשׁוּט. רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, הַכֹּל כְּמִנְהַג הַמְּדִינָה: **ב** גֵּט פָּשׁוּט עֵדָיו בִּשְׁנַיִם, וּמְקֻשָּׁר בִּשְׁלֹשָׁה. פָּשׁוּט שֶׁכָּתוּב בּוֹ עֵד אֶחָד, וּמְקֻשָּׁר שֶׁכָּתוּב

## פרק י.

א. גט פשוט, א געוויינטליכער גט (גט פשוט, א געוויינטליכע שריפטליכער דאָקומענט, א גט, א וועקסל, א פאַרקויפס־שטר) זענען זיינע עדות (אונטערגעשריבן) אינווייניק. מיט „גט״ מיינט מען געוויינטליך דער גט פון א מאַן צו זיין פרוי צו גטן זי. אָבער דאָ און אויך אין עטליכע אנדערע ערטער אין דער משנה (גטין א׳ ה׳) מיינט מען מיט גט יעדן געשריבענעם דאָקומענט. מיט „אינווייניק״ מיינט מען אויף דערזעלביקער זייט וואָס דער גט איז געשריבן זענען דאָרט אונטערגעשריבן די עדות. ומקושר, און א צונויפגענייטער (מקושר, געבונדענער גט) זענען זיינע עדות (אונטערגעשריבן) אויף זיין הינטערשטער (אַנדערער זייט). עס איז געווען א סאָרט שרייבן א וועקסל צי א גט וואָס מען האָט גערופן „מקושר״, צונויפגעבינדן, צונויפ־גענייט. מען האָט אויף אזא גט אָנגעשריבן איין שורה צי עטליכע שורות, און אי־בערגעלאָזט ליידיק אזוי פיעל וויפיל די אָנגעשריבענע שורות פאַרנעמען, און מען האָט איינגעלייגט דאָס אָנגעשריבענע אויף דעם ליידיקן, און אין דרויסן, אויף דער אנדערער זייט, האָט איין עדות זיך אונטערגעשריבן. דערנאָך האָט מען ווידער אָנגע־שריבן עטליכע שורות און איינגעלייגט און צוגענייט און איין עדות האָט זיך אונ־טערגעשריבן אויף דער אנדערער זייט. און אזוי האָט מען געטאָן כסדר ביז דער גט איז פאַרענדיקט געוואָרן. די גמרא זאָגט, אז מען האָט איינגעפירט אזא גט צו־ערשט ביי פרויען פון כהנים, מחמת כהנים זענען גרויסע כעסנים (קפדנים) און פלעגן זיך געשווינד צעקריגן מיט די ווייבער און באַלד זיי גטן, און דערנאָך ווען זיי האָבן חרטה געהאַט האָבן זיי ניט געטאָרט מיט זיי צוריק חתונה האָבן, ווייל א כהן טאָר ניט נעמען קיין גרושה. פאַר זיי האָט מען איינגעפירט אזא גט, וואָס דאָס מאַכן אים דויערט לאַנג, און אפשר וועלן זיי זיך דערווייל מיישב זיין און ניט גטן זיך. און דערנאָך האָט מען שוין דאָס איינגעפירט אויך ביי וועקסלען און פאַרקויפס־שטרות. פשוט, א געוויינטליכן גט וואָס זיינע עדות האָבן אים אונטערגעשריבן אין דער אנדערער זייט, און א צונויפגענייטער (מקושר) גט וואָס זיינע עדות האָבן אים אונטערגעשריבן אינווייניק, זענען זיי ביידע פסול. ווייל זיי זענען ניט געמאַכט געוואָרן אזוי ווי די חכמים האָבן מתקן געווען. ר׳ חנינא בן גמליאל זאָגט, אז א צו־נויפגענייטער גט, וואָס זיינע עדות האָבן אים אונטערגעשריבן אינווייניק, איז כשר, ווייל ער קאָן דאָך אים מאַכן פאַר א געוויינטליכן (פאַר א פשוט). ער קאָן אויפטרענען דאָס צוגענייטן און אים אויסגלייכן און ער איז א געוויינטליכער גט. ר׳ שמעון בן גמליאל זאָגט, אז אלץ איז לויט דעם מנהג פון אָרט (מנהג המדינה). די גמרא זאָגט, אז ר׳ שמעון בן גמליאל האַלט, אז אין אן אָרט, וואו עס איז דער מנהג צו מאַכן סיי א פשוט און סיי א מקושר, און דער מאַן האָט געהייסן זיך מאַכן א מקושר און מען האָט אים געמאַכט א פשוט אָדער פאַרקערט, איז ער כשר. און דער ערשטער תנא (דער תנא קמא) האַלט אז ער איז פסול, ווייל ער איז מקפיד דאַרויף.

ב. גט, א געוויינטליכער גט זענען זיינע עדות צוויי. עס מוזן זיין לפחות צוויי עדות אויף א פשוטן גט. ומקושר, און א צונויפגענייטער—דריי (עדות). עס מוזן זיין לפחות דריי עדות. פשוט, א געוויינטליכער, וואָס עס איז אויף אים אונטערגעשריבן איין עדות, און א צונויפגענייטער, וואָס עס זענען אויף אים אונטערגעשריבן צוויי

בּוֹ שְׁנֵי עֵדִים, שְׁנֵיהֶם פְּסוּלִין. כָּתוּב בּוֹ זוּזִין מְאָה דְּאִינוּן סַלְעִין עֶשְׂרִין, אֵין לוֹ אֶלָּא עֶשְׂרִין. זוּזִין מְאָה דְּאִינוּן תְּלָתִין סַלְעִין, אֵין לוֹ אֶלָּא מָנֶה. כֶּסֶף זוּזִין דְּאִינוּן, וְנִמְחַק אֵין פָּחוֹת מִשְּׁתַּיִם. כֶּסֶף סַלְעִין דְּאִינוּן, וְנִמְחַק, אֵין פָּחוֹת מִשְּׁתַּיִם. דַּרְכּוֹנוֹת דְּאִינוּן, וְנִמְחַק, אֵין פָּחוֹת מִשְּׁתַּיִם. כָּתוּב בּוֹ מִלְמַעְלָה מָנֶה וּמִלְּמַטָּה מָאתַיִם, מִלְמַעְלָה מָאתַיִם וּמִלְּמַטָּה מָנֶה, הַכֹּל הוֹלֵךְ אַחַר הַתַּחְתּוֹן. אִם כֵּן לָמָּה כּוֹתְבִין אֶת הָעֶלְיוֹן שֶׁאִם תִּמָּחֵק אוֹת אֶחָד מִן הַתַּחְתּוֹן יִלְמַד מִן הָעֶלְיוֹן: ג כּוֹתְבִין גֵּט לָאִישׁ, אַף עַל פִּי שֶׁאֵין אִשְׁתּוֹ עִמּוֹ וְהַשּׁוֹבֵר לָאִשָּׁה, אַף עַל פִּי שֶׁאֵין בַּעְלָהּ עִמָּהּ, וּבִלְבַד

עדות, זענען ביידע פסול. **די גמרא זאָגט, אז די חכמים האָבן מתקן געווען, אז א מקושר מיט 2 עדות זאָל זיין אזוי פסול ווי א פשוט מיט איין עדות.**—כתוב בו, אויב אין אים (אויף א וועקסל) איז איינגעשריבן (אז ער האָט אוועקגעבאָרגט) הונדערט גילדן, וועלכע זענען צוואנציק סלעים" („זוזין מאה דאינון סלעין עשרין"), קומט אים ניט מער ווי צוואנציק (סלעים). **די מטבע סלע איז געווען 4 מטבעות דינר; דינר איז דאָסזעלביקע וואָס „זוז", און מען טייטשט עס גילדן. קומט אויס אז 100 גילדן זענען 25 סלעים. לערנט די משנה, אז אויב עס איז געשריבן „הונדערט גילדן וועלכע זענען צוואַנציק סלעים", באַצאָלט מען אים ניט 25 סלעים נאָר 20 סלעים. דער טעם איז ווייל עס קאָן זיין אז ער האָט געמיינט שלעכטע גילדן, וואָס יעדער סלע איז ווערט 5 אזעלכע גילדן. די וועקסלן זענען געשריבן געוואָרן** (ווי מיר האָבן דער־קלערט פריער פרק ט' משנה ו'), **אין אראמעאיש, און די משנה ווענט דאָ דאריבער געבן כסדר דעם נוסח פון א וועקסל אין אראמעאיש.** זוזין מאה דאינון תלתין, (אויב ס'איז געווען געשריבן „100 גילדן וועלכע זענען דרייסיק סלעים", קומט אים ניט מער ווי הונדערט גילדן. **כאָטש 100 גילדן איז דאָך ניט מער ווי 25 סלעים, נעמט מען אָן, אז ער האָט געמיינט שלעכטע סלעים.** כסף זוזין, (אויב עס איז געשריבן) „זילבער גילדן וועלכע זענען" (כסף זוזין דאינון") און עס איז אויסגעמעקט (די צאָל, וויפיל גילדן), קומט ניט ווינציקער פון צוויי. **מען דאַרף צאָלן נור 2 גילדן; אָבער 2 גילדן דאַרף מען צאָלן, ווייל עס איז דאָך געשריבן „זוזין", אין לשון רבים, און דאָס קלענסטע איז דעריבער צוויי.** כסף סלעין, (אויב עס איז געשריבן) „זילבער סלעין, וועלכע זענען" (כסף סלעין דאינון), און עס איז אויסגעמעקט (די צאָל, וויפיל סלעים), איז ניט ווינציקער פון צוויי. **אויך צוליב דעם זעלביקן טעם; און ער דאַרף צאָלן 2 סלעים.** דרכונות, אויב עס איז געשריבן „דרכונות, וועלכע זענען (דרכונות דאינון) און עס איז אויסגעמעקט (די צאָל וויפיל דרכונות), קומט ניט ווינציקער פון צוויי (דרכונות). **„דרכון", אין לשון רבים „דרכונות", איז געווען א גאָלדענע מטבע אין אלטן פערסיען (פרס). זע וועגן דעם אין שקלים פרק ב' משנה ד' אין אונזער פירוש.** כתוב בו מלמעלה, אויב עס איז אין אים געשריבן אין דער הויך דער הונדערט גילדן, און אונטן (אין די לעצטע שורות, וואו מען חזרט טיילמאָל איבער נאָכאמאָל וויפיל געלט ער האָט געבאָרגט) צוויי הונדערט (גילדן), אָדער אין דער הויך (איז געשריבן) צוויי הונדערט (גילדן) און אונטן הונדערט גילדן, גייט אלץ לויט דעם פון אונטן; אויב אזוי צו־וואָס־זשע שרייבט מען אין דער הויך (וויפיל געלט)? כדי אויב עס וועט ווערן אויסגעמעקט איין אות אין דעם אונטן, זאָל מען קאָנען עס אפלערנען (געוואָר ווערן וואָס דאָס אות איז געווען) פון דער הויך. **עס איז געווען טיילמאָל דער מנהג אז מען האָט אין דער לעצטער שורה פון וועקסל איבערגעשריבן נאָכאמאָל די סומע געלט, און די משנה לערנט, אז מען נעמט אָן די דאָזיקע לעצטע שורה.**

ג. כותבין, מען שרייבט (א סופר קאָן שרייבן) א גט פאַר דעם מאַן (צו געבן זיין פרוי) כאָטש זיין פרוי איז ניטאָ מיט אים, און מען שרייבט א קבלה־קוויטל

שֶׁיְּהֵא מַכִּירָן. וְהַבַּעַל נוֹתֵן שָׂכָר. כּוֹתְבִין שְׁטָר לַלֹּוֶה אַף עַל פִּי שֶׁאֵין מַלְוֶה עִמּוֹ. וְאֵין כּוֹתְבִין לַמַּלְוֶה עַד שֶׁיְּהֵא לֹוֶה עִמּוֹ. וְהַלֹּוֶה נוֹתֵן שָׂכָר. כּוֹתְבִין שְׁטָר לַמּוֹכֵר אַף עַל פִּי שֶׁאֵין לוֹקֵחַ עִמּוֹ. וְאֵין כּוֹתְבִין לַלּוֹקֵחַ עַד שֶׁיְּהֵא מוֹכֵר עִמּוֹ. וְהַלּוֹקֵחַ נוֹתֵן שָׂכָר:

ד אֵין כּוֹתְבִין שִׁטְרֵי אֵרוּסִין וְנִשּׂוּאִין, אֶלָּא מִדַּעַת שְׁנֵיהֶם. וְהֶחָתָן נוֹתֵן שָׂכָר. אֵין כּוֹתְבִין שִׁטְרֵי אֲרִיסוּת וְקַבְּלָנוּת אֶלָּא מִדַּעַת שְׁנֵיהֶם. וְהַמְקַבֵּל נוֹתֵן שָׂכָר. אֵין כּוֹתְבִין שִׁטְרֵי בֵירוּרִין וְכָל מַעֲשֵׂה בֵית דִּין אֶלָּא מִדַּעַת שְׁנֵיהֶם. וּשְׁנֵיהֶם נוֹתְנִין שָׂכָר.

(שובר) פאר דער פרוי (אז זי האָט אָפּגענומען פון מאן די כתובה אויב ער האָט זי געגט), כאָטש איר מאן איז ניטאָ מיט איר, אָבער ער (דער סופר) זאָל זיי (דעם מאן און די פרוי) קענען. **מען מיינט דאָ ניט נור דעם סופר, נאָר אויך די עדות קאָנען אונטערשרייבן דעם גט און דעם שובר („שובר" איז פון „שבר", „צעברעכן", דאָס איז א קבלה־קוויטל, אז זי האָט באקומען דאָס געלט, און צעבראָכט דעם חוב.) אָבער דער סופר און די עדות דארפן קענען דעם מאן און די פרוי ווייל טאָמער איז פאראן אן אנדער פאָר, א מאן־און־זייַן־פרוי, וואָס זייערע נעמען זענען פונקט דיזעלביקע און עס קאָן קומען צו א שווינדל.** והבעל, און דער מאן באצאָלט דאָס (שרייב־) געלט, **סיי פאר דעם גט און סיי פאר דעם שובר.** כותבין שטר, מען שרייבט א וועקסל פאר דעם לווה (דעם וועלכער נעמט די הלואה) כאָטש דער מלוה (דער הלואה־געבער) איז ניטאָ מיט אים. **מחמת עס איז דאָך ניט מורא צו האָבן, אז ער וועט געבן דעם מלוה דעם וועקסל איידער ער וועט נעמען פון אים געלט.** ואין, אָבער מען שרייבט ניט (קיין וועקסל) דעם מלוה, סיידן דער לווה איז מיט אים. **ווייל דער מלווה קאָן דאָך מאָנען אויפן וועקסל פון לווה דאָס געלט.** והלוה, און דער לווה באצאָלט דאָס (שרייב)־געלט. **די באלוינונג דעם שרייבער פאר דעם וועקסל צאָלט דער הלוואה־נעמער.** כותבין, מען שרייבט א (פארקויפס־) שטר פאר דעם פארקויפער (פון א פעלד צי פון א הויז) כאָטש דער קויפער איז ניטאָ מיט אים, אָבער מען שרייבט ניט (דעם פאר־קויפס־שטר) פאר דעם קויפער, אויב דער פארקויפער איז ניט פאראן מיט אים; און דער קויפער צאָלט דאָס (שרייב־) געלט. **אויך דאָ איז דערזעלביקער טעם, מחמת דער פארקויפער וועט דאָך ניט געבן דעם שטר מכירה דעם קויפער איידער ער וועט ניט האָבן אים פארקויפט; אָבער ווען דער קויפער קריגט אזא שטר קאָן ער טענהן אז ער האָט דאָס פעלד צי דאָס הויז געקויפט.**

ד. אין כותבין, מען שרייבט ניט שטרות (די געשריבענע אפמאכן) פון מקדש זיין (א פרוי) און פון חתונה האָבן מיט א פרוי סיידן מיט דעם וויסן פון זיי ביידע, **(פון דער כלה'ס פאָטער און חתן'ס פאָטער). מיר האָבן געגעבן, אז אמאָל איז געווען דער מנהג אז דער חתן האָט מקדש געווען די כלה ביי די תנאים; דאָס האָט געהייסן אירוסין. ערשט אין חדשים שפּעטער איז פארגעקומען די חתונה; דאָס האָט געהייסן נישואין. ביי דעם מקדש זיין האָט מען איינגעשריבן אין די תנאים וויפיל דעם חתנ'ס פאָטער גיט זיין זון נדן און וויפיל דער כלה'ס פאָטער גיט דער טאָכטער נדן, דאָס האָט געהייסן שטר אירוסין. און ביים חתונה האָבן האָט מען געשריבן די כתובה (שטר נישואין). די משנה לערנט אז די ביידע זאכן שרייבט מען נור מיט דער הסכמה פון ביידע צדדים.** והחתן, און דער חתן באצאָלט דאָס (שרייב־) געלט. **ווייל ער קריגט די פרוי און דעם נדן.** אין, מען שרייבט ניט קיין שטרות (אָבמאכן) פון דינגן (פעל־דער, אריסות) און ארענדירן (פעלדער, קבלנות), סיידן מיט דעם וויסן פון ביידע (צדדים, פון דעם בעל הבית און פון דעם דינגער), און דער ארענדירער (און דער דינגער) באצאָלט דאָס שרייב־געלט. **וועגן חילוק צווישן „אריסות" און קבלנות זע בבא מציעא פרק ט' משנה א'.** אין, מען שרייבט ניט קיין שטרות פון בוררות, און אלע

רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, (לְ)שְׁנֵיהֶם כּוֹתְבִין שְׁנַיִם לָזֶה לְעַצְמוֹ, וְלָזֶה לְעַצְמוֹ: ה מִי שֶׁפָּרַע מִקְצָת חוֹבוֹ וְהִשְׁלִישׁ אֶת שְׁטָרוֹ, וְאָמַר לוֹ, אִם לֹא נָתַתִּי לָךְ מִכָּאן וְעַד יוֹם פְּלוֹנִי, תֵּן לוֹ שְׁטָרוֹ. הִגִּיעַ זְמַן וְלֹא נָתַן רַבִּי יוֹסֵי אוֹמֵר, יִתֵּן. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, לֹא יִתֵּן: ו מִי שֶׁנִּמְחַק שְׁטַר חוֹבוֹ (מַעֲמִיד) מְעִידִין עָלָיו עֵדִים וּבָא לִפְנֵי בֵּית דִּין, וְעוֹשִׂין לוֹ קִיּוּם, אִישׁ פְּלוֹנִי בֶּן פְּלוֹנִי נִמְחַק שְׁטָרוֹ בְּיוֹם פְּלוֹנִי, וּפְלוֹנִי וּפְלוֹנִי עֵדָיו. מִי שֶׁפָּרַע מִקְצָת חוֹבוֹ, רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, יַחֲלִיף. רַבִּי יוֹסֵי אוֹמֵר. יִכְתּוֹב שׁוֹבֵר. אָמַר רַבִּי יְהוּדָה, נִמְצָא זֶה צָרִיךְ לִהְיוֹת שׁוֹמֵר שׁוֹבְרוֹ מִן הָעַכְבָּרִים.

(דין־תורה־) ענינים פון בית דין סיידן מיט דעם וויסן פון ביידע צדדים (דעם מאָנער און דעם געמאָנטן), און ביידע באַצאָלן דאָס (שרייב־) געלט. **שטרי בירורין, בוררות־דאָקומענטן, מיינט מען, אַז ווען 2 מענטשן האָבן אַ דין תורה, קלייבט זיך יעדער אויס זיין בורר, און זיי לייגן פאַר זייערע טענות, און דאָס ווערט אַלץ פאַרשריבן.** ר׳ שמעון בן גמליאל זאָגט, אַז מען שרייבט פאַר זיי ביידע צוויי (בוררות־שטרות) צו דעם (צד) באַזונדער און צו דעם אַנדערן (צד) באַזונדער. **כדי יעדער פון זיי זאָל האָבן פאַר זיך די געשריבענע טענות און קאָנען אין זיי אַריינקוקן.**

ה. מי שפרע, אַז איינער (ראובן), וועלכער איז שולדיק געווען שמעונען געלט אויף אַ וועקסל), האָט באַצאָלט אַ טייל פון חוב, און ער האָט איינגעלייגט (דאָס וועקסל) ביי אַ שליש (ביי אַ דריטן מענטש, ביי לוי), און ער האָט אים געזאָגט: „אויב איך וועל דיר ניט געבן (דאָס איבריקע געלט צו באַצאָלן שמעונען) פון היינט ביז יענעם טאָג (און ער האָט אָנגעגעבן אַ טאָג, ווען ער מוז באַצאָלן) זאָלסטו אים (שמעונען) געבן זיין וועקסל״ (און שמעון וועט קאָנען מאָנען דאָס גאַנצע געלט), און עס איז אָנגעקומען די צייט (יענער טאָג) און ער (ראובן) האָט אים (לוין) ניט געגעבן (דאָס איבריקע געלט), זאָגט ר׳ יוסי, אַז ער (לוי) זאָל געבן (שמעונען) דאָס וועקסל), און ר׳ יהודה זאָגט, אַז ער זאָל אים ניט געבן. **דאָס איז די מחלוקה צי „אַסמכתא קנייא״, מחמת ראובן האָט ביים איינלייגן דאָס וועקסל ביי לוי זיך פאַרלאָזט,** סומך געווען (ער האָט געהאַט די אַסמכתא) **אַז ער וועט קאָנען מקיים זיין דעם צוזאָג צו באַצאָלן דאָס איבריקע געלט אין דער צייט. ר׳ יוסי האַלט, אַז „אַסמכתא קנייא״, אַז איינער זאָגט צו דעם צווייטן אַ זאַך אויב ער וועט ניט מקיים זיין אַ געוויסן צוזאָג, איז יענער די זאַך קונה, אויב דער צוזאָג איז ניט מקוים געוואָרן. און ר׳ יהודה האַלט, אַז „אַסמכתא לא קנייא״, אַז יענער איז ניט קונה די זאַך.**

ו. מי שנמחק, אויב ביי איינעם (וועלכער האָט אַ וועקסל אַז אַן אַנדערער איז אים שולדיק געלט) איז דאָס וועקסל געוואָרן פאַרמעקט (און ער האָט עדות אַז דאָס וועקסל איז ניט צוליב זיין שולד פאַרמעקט געוואָרן), זאָלן עדות (וועלכע ווייסן וואָס אין וועקסל איז געווען געשריבן) עדות זאָגן דערויף און ער קומט פאַר בית דין, און (דאָס בית דין) מאַכט אים (שרייבט אים אָן) אַ באַשטעטיקונג (קיום): „יענער מענטש דער זון פון יענעם מענטש איז זיין וועקסל פאַרמעקט געוואָרן אין יענעם טאָג, און יענער און יענער זענען זיינע עדות״. **אין דער באַשטעטיקונג (קיום) איז אויך איינגעשריבן דער גאַנצער אינהאַלט פון וועקסל.** מי שפרע, אַז איינער (ראובן) האָט באַצאָלט אַ טייל פון זיין חוב (וואָס ער האָט געבאָרגט ביי שמעון, און שמעון האָט פון אים אַ וועקסל) זאָגט ר׳ יהודה, אַז מען זאָל אויסטוישן. **מען זאָל צערייסן דאָס אַלטע וועקסל און אָנשרייבן אַן אַנדער וועקסל אויף דעם איבריקן געלט.** ר׳ יוסי זאָגט, אַז (דער אַלטער וועקסל בלייבט ביי שמעון, און) ער (שמעון) זאָל אים אָנשרייבן אַ קבלה־קוויטל. **אַ שובר, אַ קבלה אַז ער האָט אויף דעם חשבון פון חוב באַקומען אַזאַ סומע געלט.** אָמר, האָט ר׳ יהודה געזאָגט, קומט דאָך אויס, אַז דער דאָזי־

אָמַר לוֹ רַבִּי יוֹסֵי כַּךְ יָפֶה לוֹ, וְלֹא יוֹרֵעַ כֹּחוֹ שֶׁל זֶה: ז שְׁנֵי אַחִין אֶחָד עָנִי וְאֶחָד עָשִׁיר, וְהִנִּיחַ לָהֶן אֲבִיהֶן מֶרְחָץ וּבֵית הַבַּד, עֲשָׂאָן לְשָׂכָר, הַשָּׂכָר לְאֶמְצַע. עֲשָׂאָן לְעַצְמָן, הֲרֵי הֶעָשִׁיר אוֹמֵר לֶעָנִי, קַח לְךָ עֲבָדִים וְיִרְחֲצוּ בַמֶּרְחָץ, קַח לְךָ זֵיתִים וּבֹא וַעֲשֵׂם בְּבֵית הַבַּד. שְׁנַיִם שֶׁהָיוּ בְעִיר אַחַת, שֵׁם הָאֶחָד יוֹסֵף בֶּן שִׁמְעוֹן, וְשֵׁם אַחֵר יוֹסֵף בֶּן שִׁמְעוֹן, אֵין יְכוֹלִין לְהוֹצִיא שְׁטַר חוֹב זֶה עַל זֶה, וְלֹא אַחֵר יָכוֹל לְהוֹצִיא עֲלֵיהֶם שְׁטַר חוֹב. נִמְצָא לְאֶחָד בֵּין שְׁטָרוֹתָיו שְׁטָרוֹ שֶׁל יוֹסֵף בֶּן שִׁמְעוֹן פָּרוּעַ, שְׁטָרוֹת

קער (ראובן) וועט דאַרפן היטן זיין קבלה־קוויטל פון די מייז. **אז די מייז זאָלן עס ניט פאַרניכטן.** אָמר לו, האָט ר׳ יוסי געזאָגט צו אים (צו ר׳ יהודה), דאָס איז גוט אַזוי פאַר אים (פאַר דעם וואָס איז שולדיק דאָס געלט), און מ׳דאַרף ניט ערגער מאַכן דעם כח (דאָס רעכט) פון דאַזיקן (פון שמעון דעם הלואה־געבער). **ווייל אויב ער וועט באַקומען א ניי וועקסל מיט א שפּעטערדיקער צייט, וועט אויסקומען, אז אויב ראובן האָט דערווייל (פאַר דער נייער צייט) פאַרקויפט זיין פאַרמעגן (פעלדער, הייזער) וועט שמעון ניט קאָנען אָפּנעמען פון די קויפער פאַר זיין חוב. דעריבער זאָל ראובן דאַרפן היטן דאָס קבלה־קוויטל און ער וועט זען צו באַצאָלן וואָס גיכער דעם חוב.**

ז. שני, צוויי ברידער, איינער אן אָרימער און איינער א רייכער, און זייער פאָטער האָט זיי איבערגעלאָזט (ירושה) א מרחץ (א באָד־הויז) און אן אייל־פּרעס־קעלטער (בית הבד, וואו מען פּרעסט־אויס אייל פון איילבירטן), איז (דער דין), אויב דער פאָטער האָט זיי (דעם מרחץ און דעם אייל־פּרעס־קעלטער) געמאַכט צו פאַרדינגען (אַנדערע מענטשן זאָלן זיך באָדן און אויספּרעסן זייערע איילבירטן און באַצאָלן דערפאַר), איז דער פאַרדינסט אין דערמיט (לאמצע). **און אויך איצט דאַרף מען עס פאַרדינגען, און די צוויי ברידער טיילן זיך מיטן פאַרדינסט.** עשאָן לעצמו, אויב (אָבער) ער (דער פאָטער) האָט זיי געמאַכט פאַר זיך אליין (אז ער אליין זאָל באַנוצן פאַר זיך דעם מרחץ און דעם אייל־פּרעס־קעלטער, ניט צום פאַרדינגען), קאָן דער רייכער (ברודער) זאָגן צום אָרימען (ברודער): „קויף זיך שקלאַפן און זאָלן זיי זיך באָדן אין מרחץ, נעם דיר איילבירטן און פּרעס זיי אויס אין דעם אייל־קעלטער״. **דער טייטש דערפון איז, אז דער רייכער קאָן ניט לאָזן פאַרדינגען, און ער קאָן זאָגן צום אָרימען אז ער קאָן אויך נוצן דעם מרחץ און דעם אייל־קעלטער פּונקט ווי דער רייכער באַנוצט זיי פאַר זיך און פאַר זיינע שקלאַפן און זיינע איילבירטן. איי, דער אָרימער האָט דאָך דאָס ניט, איז עס ניט דעם רייכנס שולד.**—שנים, אויב צוויי (מענטשן) וואוינען אין איין שטאָט, און דער נאָמען פון דעם (איינעם מענטש) איז „יוסף דער זון פון שמעון״, און דער נאָמען פון דעם (אַנדערן מענטש) איז (אויך) „יוסף דער זון פון שמעון״ (זייערע נעמען און זייערע פאָטערס נעמען זענען דיזעלביקע), קאָנען זיי ניט אַרויסשטעלן א וועקסל איינער אויף דעם אַנדערן. **מען וועט דאָך ניט וויסן ווער עס איז דער הלואה־געבער און ווער עס איז דער הלואה־נעמער, ווייל זיי האָבן דאָך דיזעלביקע נעמען.** ולא אחר, און אויך אן אַנדערער מענטש קאָן ניט אַרויסשטעלן אויף (קיין איינעם פון) זיי א וועקסל. **ווייל אין וועקסל וועט דאָך זיין „יוסף דער זון פון שמעון״ און מען וועט ניט וויסן וועלכער פון זיי עס איז.** נמצא, אויב ביי איינעם (ביי אן אַנדערן מענטש) האָט מען געפינען צווישן זיינע וועקסלען (א קוויטל) אז „א וועקסל וואָס יוסף דער זון פון דער שמעון האָט (אויף אים) איז באַצאָלט״, זענען ביידנס וועקסלען (אויב ביידע יוסף׳ס האָבן אויף אים וועקסלען) באַצאָלט. **מחמת ווער פון זיי עס מאָנט ביי אים, קאָן ער אים אָפּפּטרן מיט דעם קוויטל, אז זיין וועקסל איז שוין באַצאָלט.** כיצד, ווי אַזוי זאָלן זיי טאָן? **וואָס זאָלן זיי טאָן**

שְׁנֵיהֶן פְּרוּעִין. כֵּיצַד יַעֲשׂוּ? יְשַׁלֵּשׁוּ. וְאִם הָיוּ מְשֻׁלָּשִׁים יִכְתְּבוּ סִימָן. וְאִם הָיוּ מְסֻמָּנִין יִכְתְּבוּ כֹּהֵן. הָאוֹמֵר לִבְנוֹ, שְׁטָר בֵּין שְׁטָרוֹתַי פָּרוּעַ, וְאֵינִי יוֹדֵעַ אֵיזֶהוּ. שְׁטָרוֹת כֻּלָּן פְּרוּעִין. נִמְצָא לְאֶחָד שָׁם שְׁנַיִם. הַגָּדוֹל פָּרוּעַ וְהַקָּטָן אֵינוֹ פָּרוּעַ. הַמַּלְוֶה אֶת חֲבֵרוֹ עַל יְדֵי עָרֵב לֹא יִפָּרַע מִן הֶעָרֵב. וְאִם אָמַר עַל מְנָת שֶׁאֶפָּרַע מִמִּי שֶׁאֶרְצֶה, יִפָּרַע מִן הֶעָרֵב. רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, אִם יֵשׁ נְכָסִים לַלֹּוֶה בֵּין כָּךְ וּבֵין כָּךְ לֹא יִפָּרַע מִן

**כדי זיי זאָלן קאָנען אויסשטעלן וועקסלען און מען זאָל דערקענען ווער פון זיי עס איז?** ישלשו, זיי זאָלן אָנגעבן דעם דריטן (נאָמען). **דאָס מיינט, אז זיי זאָלן איינשרייבן אויך די נעמען פון זייערע זיידעס. למשל איינער הייסט „יוסף בן שמעון בן יעקב" און דער אנדערער „יוסף בן שמעון בן אברהם".** ואם, און אויב אויך דער דריטער נאָמען (פון זייערע זיידעס) איז דערזעלביקער, זאָלן זיי שרייבן א סימן. **דאָס מיינט א סימן פון קערפּער, למשל, איינער איז א הויכער און דער אנדערער א נידריקער.** ואם היו מסומנין, און אויב (אויך) זייערע סימנים זענען דיזעלביקע, זאָלן זיי שרייבן „כהן". **אויב איינער פון זיי איז א כהן זאָל מען צוגעבן „כהן". די מפרשים זאָגן, אז אויב אויך ביידע זענען כהנים צי ישראלים, זאָל מען שרייבן די נעמען פון די עלטער זיידעס.** האומר, אז איינער האָט (פאר זיין טויט) געזאָגט צו זיין זון: „איין וועקסל צווישן מיינע וועקסלען (וואָס איך האָב אויף אנדערע מענטשן אז זיי זענען מיר שולדיק געלד) איז באַצאָלט און איך ווייס ניט וועלכער", זענען אלע וועקסלען באַצאָלט. **מען קאָן אויף קיין איינעם פון די וועקסלען ניט מאָנען קיין געלט, סיידן דער הלואה־נעמער איז אליין מודה, אז זיין וועקסל איז ניט באַצאָלט געוואָרן.** נמצא, אויב פון איינעם איז געווען דאָרט צוויי וועקסלען (איינער אויף מער געלט און איינער אויף ווינציקער געלט), איז דער גרעסערער (וועקסל) באַצאָלט, און דער קלענערער איז ניט באַצאָלט. **ווייל ער קאָן דאָך נור טענהן אז איין וועקסל איז א באַצאָלטער.** — המלוה, אז איינער (ראובן) באָרגט אן אנדערן (שמעונען) געלט מיט א ערב (א דריטער, לוי, גאראנטירט פארן חוב) קאָן ער ניט מאָנען (צוערשט) פון ערב. **די גמרא טייטשט, אז דאָס מיינט מען, אז אפילו שמעון האָט ניט קיין באַוואוסטע פארמעגנס (ווי פעלדער, הייזער וכדומה), קאָן ראובן ניט מאָנען דעם חוב צוערשט פון לוי, נאָר ער מוז צוערשט מאָנען שמעונען און ערשט ווען שמעון האָט שוין גאָרניט צו באַצאָלן, קאָן ער מאָנען פון ערב, פון לוי.** ואם אָמר, און אויב ער (ראובן) האָט (ביים באָרגן דאָס געלט) געזאָגט: „מיט דעם תנאי, אז פון וועמען איך וועל וועלן זאָל איך אָפּנעמען", קאָן ער מאָנען (צוערשט) פון ערב (פון לוי). **די גמרא זאָגט, אז דאָ פעלן אין דער משנה עטליכע ווערטער (חסורי מחסרא והכי קתני) און** עס דאַרף צוגעגעבן ווערן אזוי: „דאָס איז נור אויב דער הלואה־נעמער, שמעון, האָט **ניט קיין באַוואוסטע פארמעגנס, אָבער אויב ער האָט באַוואוסטע פארמעגנס, קאָן ער** מאָנען צוערשט פון ערב (פון לוי)". די גמרא זאָגט, אז עס פעלן **נאָך עטליכע ווערטער אין משנה, דהיינו: דאָס איז נור געזאָגט געוואָרן ביי א ערב (א ערב הייסט ווען לוי זאָגט צו ראובנען: „גיב אים און איך בין ערב"), אָבער ביי א ערב קבלן (א „ערב קבלן" הייסט ווען לוי זאָגט צו ראובנען: „גיב אים און איך וועל באַצאָלן")** **איז אפילו דער הלואה־ נעמער, שמעון, האָט באַוואוסטע פארמעגנס, קאָן דער מלווה, ראובן, אויפמאָנען צוערשט פון ערב, פון לוי". דער טעם איז, ווייל עס הייסט ווי ראובן איז געווען א שליח פון לוי צו באָרגן שמעונען געלט. דערצו זאָגט די גמרא, אז ר' שמעון בן גמליאל איז מחולק דארויף, און**—ר' שמעון בן גמליאל זאָגט, אז אויב דער לווה (שמעון) האָט (באַוואוסטע פארמעגנס) איז סיי אזוי (סיי א ערב) און סיי אזוי (סיי א ערב קבלן) קאָן ער ניט מאָנען פון ערב. **ווייל ר' שמעון בן גמליאל וויל העלפן דעם ערב, אז ער זאָל ניט היזק האָבן.** וכן, און אזוי זאָגט (אויך) ר' שמעון בן

הֶעָרֵב. וְכֵן הָיָה רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, הֶעָרֵב לָאִשָּׁה בִּכְתֻבָּתָהּ וְהָיָה בַעְלָהּ מְגָרְשָׁהּ, יַדִּירֶנָּה הֲנָאָה, שֶׁמָּא יַעֲשֶׂה קְנוּנְיָא עַל נְכָסִים שֶׁל זֶה וְיַחֲזִיר אֶת אִשְׁתּוֹ: **ח** הַמַּלְוֶה אֶת חֲבֵרוֹ בִּשְׁטָר, גּוֹבֶה מִנְּכָסִים מְשֻׁעְבָּדִים. עַל יְדֵי עֵדִים גּוֹבֶה מִנְּכָסִים בְּנֵי חוֹרִין. הוֹצִיא עָלָיו כְּתַב יָדוֹ שֶׁהוּא חַיָּב לוֹ. גּוֹבֶה מִנְּכָסִים בְּנֵי חוֹרִין. עָרֵב הַיּוֹצֵא לְאַחַר חִתּוּם שְׁטָרוֹת, גּוֹבֶה מִנְּכָסִים בְּנֵי חוֹרִין. מַעֲשֶׂה (ו)בָּא לִפְנֵי רַבִּי יִשְׁמָעֵאל וְאָמַר, גּוֹבֶה מִנְּכָסִים בְּנֵי חוֹרִין. אָמַר לוֹ בֶּן נַנָּס, אֵינוֹ גוֹבֶה לֹא מִנְּכָסִים מְשׁוּעְבָּדִים וְלֹא מִנְּכָסִים בְּנֵי חוֹרִין. אָמַר לֵיהּ לָמָּה? אָמַר לֵיהּ, הֲרֵי

גמליאל (צו העלפן דעם ערב אז ער זאָל ניט היזק האָבן), אז אויב איינער (לוי) האָט ערב געווען צו א פרוי מיט איר כתובה (וואָס איר מאן ראובן איז מחויב איר צו געבן אויב ער גט זי), און איר מאן (ראובן) גט זי, זאָל (ראובן) איר מאן זיך אסרן מיט א נדר הנאה צו האָבן פון איר. (אויב זי וועט צוריק חתונה האָבן מיט ראובנען), ווייל טאָמער וועט ער (ראובן) מאכן א שווינדלערישע פארשווערונג אויף זיין (לוי'ס פארמעגן) און דערנאָך צוריקנעמען זיין ווייב. **די מורא איז, אז אויב ראובן האָט ניט קיין פארמעגן צו געבן זיין ווייב די כתובה, וועט זיין ווייב אויפמאָנען די כתובה ביים ערב, ביי לוי, און דערנאָך וועט זי צוריק חתונה האָבן מיט ראובנען. „קנוניא" איז דאָס גריכישע וואָרט „קיינאָניא", א שווינדלערישער אָפּמאַך קייגן איינעם.**

ח. המלוה, אז איינער (ראובן) באָרגט דעם אנדערן (שמעונען) אויף א וועקסל, קאָן ער אָפּנעמען (זיין חוב) פון פארזיכערטע (פארקויפטע) פארמעגנס (נכסים משועבדים). מיט „נכסים משועבדים" **(פון וואָרט „משועבד", אונטערטעניק) מיינט מען פעלדער און הייזער** (אומבאוועגליכע גיטער) **וואָס האָבן געהערט צו שמעון אין דער צייט ווען ער האָט** גענומען די הלואה אויפן וועקסל, **און ער האָט זיי דערנאָך פארקויפט צו אן אנדערן, צו לוי. זאָגט די משנה, אז ראובן קאָן צונעמען די דאָזיקע פארקויפטע פארמעגנס פון לוי פאר זיין חוב. אפילו אין וועקסל איז ניט געווען איינגעשריבן, אז די אלע פעלדער זענען א גאראנטיע** (אחריות) **פאר דעם חוב, נעמט מען אָן, אז „אחריות טעות סופר", אז דער שרייבער האָט פארגעסן דאָס ארייינצושרייבן.** על ידי, אויב ער האָט אים געבאָרגט (ניט אויף א וועקסל) נאָר פאר עדות (וועלכע האָבן געזען ווי ער האָט געבאָרגט דאָס געלט), נעמט ער אָפּ (נור) פון פרייע פארמעגנס (בני חורין). מיט „**פרייע פארמעגנס", „בני חורין", מיינט מען אזעלכע וועלכע זענען ביים לווה, ביי שמעונען, ניט פארקויפטע.** הוציא עליו, אויב ער (ראובן) האָט געוויזן אז ער האָט פון שמעונען (א קוויטל מיט) זיין (שמעונ'ס) האנטשריפט (אז ער איז אים שולדיק געלט, און קיין עדות אויף דעם קוויטל זענען ניט אונטערגעשריבן, און עס איז ניט דאריבער קיין וועקסל) נעמט ער אָפּ (נור) פון פרייע פארמעגנס. **אָבער פון פארקויפטע פארמעגנס קאָן ער ניט אָפּנעמען.** ערב, א ערב וועלכער איז אונטערגעשריבן נאָכן אונטערשרייבן פון וועקסל (נאָכדעם ווי די עדות זענען שוין געווען אונטערגעשריבן אויפן וועקסל האָט דער ערב, א דריטער מענטש, זיך אונטערגעשריבן „איך בין א ערב"), קאָן מען ביי אים אָפּנעמען (נור) פון פרייע פארמעגנס. **אָבער פון פארמעגנס, וואָס דער ערב האָט דורך דער צייט פארקויפט קאָן דער הלואה געבער ניט אָפּנעמען.** מעשה, אזא מעשה (מיט א ערב וואָס האָט זיך אונטערגעשריבן נאָך די עדות) איז געקומען פאר ר' ישמעאל, און ער האָט געזאָגט, אז ער קאָן אָפּנעמען פון פרייע פארמעגנס. **אזוי ווי די משנה האָט פריער געלערנט.** אָמר לו, האָט צו אים (צו ר' ישמעאל) געזאָגט בן ננס, אז ער (דער הלואה־געבער) נעמט ניט אָפּ (פון אזא ערב) ניט פון פארקויפטע פארמעגנס און ניט פון פרייע פארמעגנס. **ווייל בן ננס האלט, אז אזא ערב הייסט בכלל ניט קיין ערב.**

הַחוֹנֵק אֶת אֶחָד בַּשּׁוּק וּמְצָאוֹ חֲבֵרוֹ וְאָמַר לוֹ, הַנַּח לוֹ (וַאֲנִי נוֹתֵן לָךְ) פָּטוּר, שֶׁלֹּא עַל אֱמוּנָתוֹ הִלְוָהוּ. אֶלָּא אֵיזֶהוּ עָרֵב שֶׁהוּא חַיָּב? הַלְוֵהוּ וַאֲנִי נוֹתֵן לָךְ, חַיָּב. שֶׁכֵּן עַל אֱמוּנָתוֹ הִלְוָהוּ.

(ו) אָמַר רַבִּי יִשְׁמָעֵאל, הָרוֹצֶה שֶׁיַּחְכִּים יַעֲסוֹק בְּדִינֵי מָמוֹנוֹת, שֶׁאֵין לָךְ מִקְצוֹעַ בַּתּוֹרָה גָּדוֹל מֵהֶן, שֶׁהֵן (וְהֵן) כְּמַעְיָן הַנּוֹבֵעַ. וְהָרוֹצֶה שֶׁיַּעֲסוֹק בְּדִינֵי מָמוֹנוֹת, יְשַׁמֵּשׁ אֶת שִׁמְעוֹן בֶּן נַנָּס:

אָמר ליה, האָט ער (ר׳ ישמעאל) געזאָגט צו אים (צו בן ננס): פאַרוואָס? האָט אים ער (בן ננס) אָפּגעענטפערט: אז איינער (ראובן) דריקט (החונק, פייניקט) איינעם (שמעונען, וועלכער איז אים שולדיק געלט) אין גאַס (אז ער זאָל אים באַצאָלן דעם חוב) און עס האָט אים געטראָפן אן אנדערער (לוי) און ער זאָגט צו אים: „לאָז אים אָפּ און איך וועל דיר באַצאָלן״, איז ער (לוי) פּטור (פון באַצאָלן), ווייל ער (ראובן) האָט אים (שמעונען) ניט געבאָרגט אויף זיין (לוי׳ס) פאַרטרויען. **מחמת דאַמאָלס ווען ראובן האָט געבאָרגט שמעונען דאָס געלט האָט ער עס געטאָן ניט ווייל ער האָט געטרויט לוי׳ס גאַראַנטיע, און דעריבער הייסט לוי ניט קיין ערב.** אלא, נאָר וועלכער ערב איז חייב (צו באַצאָלן)? אויב ער, לוי, זאָגט צו ראובנען, איידער ער האָט גע־באָרגט דאָס געלט: „באָרג אים און איך וועל דיר באַצאָלן״, איז ער חייב (צו באַצאָלן), ווייל ער (ראובן) האָט אים (שמעונען) געבאָרגט אויף זיין (לוי׳ס) פאַר־טרויען. **דאָס זענען אלץ די ווערטער פון בן ננס.** אָמר, האָט ר׳ ישמעאל געזאָגט: ווער עס וויל ווערן קלוג (שיחכים, א חכם, געלערנט) זאָל עוסק זיין אין די דינים וועגן געלט־זאַכן (דיני ממונות, ציוויל־רעכט, די געזעצן וועגן אייגנטום, וועגן „מיין און דיין״), ווייל עס איז ניט פאַראַן אזא ווינקעלע (מקצוע) אין דער תורה וואָס איז גרעסער פון זיי, וואָרום זיי זענען ווי א שפּרודלדיקער קוואַל, און ווער עס וויל עוסק זיין אין דיני ממונות זאָל משמש זיין (לערנען כסדר ביי) שמעון בן ננס. **דאָס וואָרט „מקצוע״ איז א ווינקל, ווי אין יחזקאל מ״ו, כ״א.**

(סליק מסכת בבא בתרא — געענדיקט די מסכתא בבא בתרא)

---

# מסכתא סנהדרין

## הקדמה

**די מסכתא סנהדרין, וועלכע האָט 11 פּרקים, לערנט די דינים ווי אזוי עס דאַרפן פאָרקומען משפטים, פון וויפיל מענטשן דאַרף זיין דאָס בית דין ביי פאַרשידענע משפטים** (געלט־דיני־תורות, טויט־שטראָף־משפטים און אנדערע). **די דאָזיקע די־נים ווערן געלערנט אין פּרק א׳. דער פּרק ב׳ לערנט טייל דינים וועגן א כהן גדול און א מלך. די פּרקים ג׳, ד׳ און ה׳ לערנען וועגן עדות און דער אויספאַרשונג פון עדות סיי ביי געלט־ענינים און סיי ביי טויט־שטראָפן־משפטים, און ווי אזוי דאָס בית דין גיט ארויס דעם פּסק דין. די פּרקים ו׳, ז׳, ח׳, ט׳, י׳ און י״א לערנען וועגן די פאַרשידענע טויט־שטראָפן און פאַר וועלכע עבירות מען פּסקנט טויט־שטראָף. אין פּרק י׳** („כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא״), **וואָס אין דער משנה פון דער גמרא איז ער דער פּרק י״א, ווערט אויך געלערנט וועגן דעם ווער עס האָט א חלק אין עולם הבא. — מיטן סתם נאָמען סנהדרין האָט מען אָנגערופן דעם העכסטן בית דין אין ירושלים אין דער צווייטער העלפט פון דער צייט פון צווייטן בית המקדש** (בית שני), **און די משנה זאָגט** (פּרק א׳ משנה ו׳) **אז עס זענען געווען אויך קלענערע סנהדרינס. דער נאָמען „סנהדרין״ איז פון גריכישן וואָרט „סינעד־ריאָן״, וואָס איז דער טייטש א געריכט־פאַרזאַמלונג, און אויך אין די היסטאָרישע ספרים פון יוסף בן מתתיהו הכהן פלאוויוס** (יוסיפון לרומיים) **וועלכע זענען גע־שריבן אין דער גריכישער שפּראַך, ווערט דער העכסטער בית דין אין ירושלים**

# פרק א.

**א** דִּינֵי מָמוֹנוֹת בִּשְׁלֹשָׁה. גְּזֵלוֹת וַחֲבָלוֹת בִּשְׁלֹשָׁה. נֶזֶק וַחֲצִי נֶזֶק, תַּשְׁלוּמֵי כֶפֶל וְתַשְׁלוּמֵי אַרְבָּעָה וַחֲמִשָּׁה בִּשְׁלֹשָׁה. הָאוֹנֵס וְהַמְפַתֶּה וְהַמּוֹצִיא שֵׁם רַע בִּשְׁלֹשָׁה. דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים מוֹצִיא שֵׁם רַע בְּעֶשְׂרִים וּשְׁלֹשָׁה מִשּׁוּם שֶׁיֵּשׁ בּוֹ דִּינֵי נְפָשׁוֹת: **ב** מַכּוֹת

**אַנגערופן מיטן גריכישן נאָמען „סינעדריאָן". די משנה זאָגט, אַז דאָס גרויסע סנהדרין אין ירושלים איז געווען פון 71 דיינים, און די קלענערע סנהדרינס זענען געווען פון 23 דיינים.**

## פרק א.

א. דיני ממונות, געלט־משפטים (דיני תורות וועגן געלט ווערן געפסקנט) דורך דריי (מענטשן). **מיט דיני ממונות, געלט־משפטים, מיינט מען דאָ סכסוכים וועגן גע־באָרגטע געלטער וואָס איינער מאָנט ביים אנדערן. די גמרא זאָגט, אַז מיט „דריי מענטשן" מיינט מען דאָ פּראָסטע מענטשן, „הדיוטות", און ניט קיין דיינים (מומ־חים), ווייל ביי דיני תורות וועגן געבאָרגטע געלטער קאָן אויך איין דיין, איין מומחה פּסקענען, ווארום אויב מען וועט דארפן האָבן א בית דין פון דריי דיינים, וועט איי־נער דעם אנדערן ניט וועלן באָרגן קיין געלט צוליב דער שוועריקייט אָפּצומאָנען דעם חוב (שלא תנעל דלת בפני לוין).** גזלות וחבלות, (משפטים וועגן) גזלות און קערפּער־ליכע צעשעדיגונגען (איינער מאָנט ביים אנדערן אַז ער האָט אים צוגעגזלט א זאַך, אָדער אַז ער האָט אים צעשלאָגן, ווערן געפסקנט) דורך דריי (דיינים). **אזוי זאָגט די גמרא, אַז דאָ (און אויך ווייטער אין דער משנה) מיינט מען „בשלשה" (דורך דריי) ניט פּראָסטע מענטשן, נאָר מומחים, דיינים.** נזק, שאָדנס און האַלבן שאָדן, דאָס באַ־צאָלן טאָפּלט און דאָס באַצאָלן פיר אָדער פינף מאָל אזוי פיל, (ווערט געמשפּט) דורך דריי (דיינים). א „האַלבער שאָדן" **(חצי נזק) ווערט געצאָלט ווען אַן אָקס א תם, וועל־כער האָט נאָכניט געשטויסן דריי מאָל, האָט געשטויסן און געטאָן שאָדן (זע בבא קמא פּרק א' משנה ד'). באַצאָלן טאָפּלט („כפל") און פיר־און פינף מאָל אזוי פיל (ארבעה וחמשה) מיינט, אַז א גנב דאַרף באַצאָלן טאָפּלט וויפיל די געגנבעטע זאַך באַטרעפט; און אויב ער האָט געגנבעט א שעפּסל און ער האָט עס געשאָכטן אָדער פאַרקויפט, דאַרף ער צאָלן פיר מאָל אזוי פיל, און אויב עס איז געווען אַן אָקס דאַרף ער צאָלן פינף מאָל אזוי פיל.** האונס, (משפטים פון) דעם וואָס פאַרגוואַלדיקט (מאַנס געוועזן א מיידל), און דעם וואָס פאַרפירט (א מיידל) און (פון) דעם וואָס מאַכט א שלעכטן נאָמען (וואָס באַשולדיקט פאַלש זיין פרוי נאָך דער חופּה־נאַכט אַז זי האָט מזנה געווען מיט אַן אנדערן מאַן), קומען פאַר דורך דריי (דיינים), אזוי זאָגט ר' מאיר. **די אלע דריי, דער אונס, דער מפתה און דער מוציא־שם רע דאַרפן צאָלן געלט־שטראָפן (זע כתובות פּרק ג' משנה ד' און פּרק ד' משנה ג'). זאָגט ר' מאיר אַז דער משפט וועגן די דאָזיקע געלט־שטראָפן ווערט געפסקנט דורך דריי דיינים.** וחכמים, און די חכמים זאָגן אַז דער וואָס מאַכט א שלעכטן נאָמען (אויף זיין פרוי, מוציא שם רע, ווערט געמשפּט) דורך (א בית דין) פון דריי און צוואַנציק (דיינים), ווייל עס (קאָן) זיין דאַביי א טויט־שטראָף־משפּט (דיני נפשות). **ווייל אויב עס זאָל זיך ארויסווייזן ביים משפּט, אַז דעם מאַנ'ס באַשולדיקונג איז אמת און אַז די פרוי האָט מזנה געווען, קומט דאָך דער פרוי טויט־שטראָף (אַן אשת איש קומט טויט־שטראָף פאַר מזנה זיין), דאַריבער מוז אזא משפּט פאַרקומען פאַר א בית דין פון 23 דיינים.**

ב. מכּות, (משפטים וועגן עבירות פאַר וועלכע עס קומט) מלקות (39

בִּשְׁלֹשָׁה. מִשּׁוּם רַבִּי יִשְׁמָעֵאל אָמְרוּ, בְּעֶשְׂרִים וּשְׁלֹשָׁה. עִבּוּר הַחֹדֶשׁ בִּשְׁלֹשָׁה. עִבּוּר הַשָּׁנָה בִּשְׁלֹשָׁה, דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר. רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, בִּשְׁלֹשָׁה מַתְחִילִין, וּבַחֲמִשָּׁה נוֹשְׂאִין וְנוֹתְנִין, וְגוֹמְרִין בְּשִׁבְעָה. וְאִם גָּמְרוּ בִשְׁלֹשָׁה מְעֻבֶּרֶת: ג סְמִיכַת זְקֵנִים וַעֲרִיפַת עֶגְלָה בִּשְׁלֹשָׁה, דִּבְרֵי רַבִּי שִׁמְעוֹן. וְרַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר. בַּחֲמִשָּׁה. הַחֲלִיצָה וְהַמֵּאוּנִין בִּשְׁלֹשָׁה.

קלעפּ) דורך דריי (דיינים); משום, אין נאָמען פון ר׳ ישמעאל האָט מען געזאָגט, אז (מלקות-משפטים) דורך דריי און צוואנציק (דיינים). **וועגן מלקות זע אין דער הקדמה און פּרק ג׳ פון מסכתא מכות.** עיבור החודש, דאָס דערקלערן ווען עס איז ראש חודש איז דורך דריי (דיינים). **אין דער צייט פון דער משנה און אויך שפּעטער אין דער צייט פון דער גמרא** (ביזן יאָר ד׳ אלפים קי״ט) **איז ניט געווען איינגעאָרדנט א לוח אזוי ווי מיר האָבן היינט, וואָס גיט אונז ווען ס׳איז ראש חודש און ווען א חודש האָט 29 טעג און ווען 30 טעג, און ווען עס דאַרף זיין א עיבור יאָר** (עס קומט צו א 13טער חודש ואדר). **אין יענער צייט האָט דאָס בית דין דערקלערט דעם טאָג פאַר ראש חודש ווען מען האָט געזען די נייע לבנה, און א עיבור יאָר האָט דאָס בית דין געמאַכט ווען מען האָט געזען, אז דער ווינטער וועט זיך אריינציען שפּעט איבער דעם האלבן חודש ניסן. זאָגט די משנה, אז דאָס דערקלערן ראש חודש האָט געדאַרפט זיין דורך א בית דין פון דריי דיינים.** עבור השנה, דאָס מאַכן א עיבור-יאָר (איז) דורך דריי דיינים, אזוי זאָגט ר׳ מאיר; ר׳ שמעון בן גמליאל זאָגט, אז מיט דריי (דיינים) הייבט מען אָן, און מיט פינף קומט פאַר די פאַרהאַנדלונג, און מיט זיבן פאַרענדיקט מען, און אויב מען האָט פאַרענדיקט מיט דריי איז דאָס יאָר א עיבור-יאָר. **די ווערטער פון ר׳ שמעון בן גמליאל ווערן געטייטשט אזוי. צום אָנהויב זעצט מען אוועק א בית דין פון דריי דיינים, וועלכע דאַרפן באַטראַכטן, צי מען זאָל אוועקזעצן א גרעסער בית דין כדי צו מאַכן א עיבור יאָר. אויב אפילו נור צוויי פון די דריי זאָגן אז מען דאַרף ניט, ווערט דער גאַנצער ענין בטל. אויב אָבער אפילו נור צוויי זאָגן, אז מען דאַרף יאָ, גיט מען צו צו די ערשטע דריי נאָך צוויי דיינים, און זיי באַטראַכטן** (נושאין ונותנין), **צי מען דאַרף מאַכן א עיבור יאָר. אויב דריי פון זיי זאָגן, אז מען דאַרף ניט ווערט דער ענין בטל. אויב אָבער דריי זאָגן אז מען דאַרף, זעצט מען צו נאָך צוויי דיינים, צוזאַמען זיבן, און זיי פאַרענדיקן די זאַך. אויב אָבער די דריי פון אָנהויב האָבן גלייך געמאַכט דאָס יאָר פאַר א עיבור יאָר איז עס א עיבור-יאָר.**

ג. סמיכת, דאָס ארויפלייגן די הענט פון די זקנים, און דאָס אָפּהאַקן (דעם קאָפּ) פון א עגלה ערופה (פון דעם קאַלב) איז דורך דריי. אזוי זאָגט ר׳ שמעון. ר׳ יהודה זאָגט, אז דורך פינף. „זקנים״ מיינט מען דאָ די דיינים פון בית דין, **און דער דין איז, אז אויב בית דין האָט א טעות געהאַט און געפּסקנט פאַלש אויף א שווערע עבירה פון כרת, אז מען מעג זי טאָן, און דאָס פאָלק, דער ציבור, האָט געטאָן די עבירה, דאַרף מען ברענגען אן אָקס פאַר א קרבן חטאת** (פר העלם דבר של ציבור, **זע אין** מסכתא הוריות פּרק א׳ משנה ג׳), **און די זקנים לייגן ארויף זייערע הענט אויף דעם קרבן. זאָגט** ר׳ שמעון אז עס דאַרפן זיין דריי זקנים. **און ר׳ יהודה זאָגט אז פינף. די גמרא זאָגט, אז מען מיינט אויך,** אז ווען מען האָט גאָר אמאָל **אין דער צייט פון דער משנה און גמרה) געגעבן אין ארץ ישראל סמיכה איינעם ער זאָל ווערן א דיין, האָט מען געדאַרפט האָבן דריי מוסמכים אז זיי זאָל געבן דעם נייעם מוסמך די סמיכה.** וועגן „עגלה ערופה״ ווערט געלערנט (זע סוטה ט׳ משנה א׳) **אז אויב מען געפינט א געהרגעטן מענטש און מען ווייסט ניט ווער דער רוצח איז זאָל מען מעסטן פון דעם אָרט, וואו מען האָט דעם הרוג געפינען, און זען וועלכע עס איז די נאָנטסטע שטאָט, און די דאָזיקע שטאָט דאַרף ברענגען א קאַלב, וועלכן מען האַקט אָפּ דעם קאָפּ. זאָגט** ר׳ שמעון, אז דאָס מעסטן קומט פאַר דורך **דריי דיינים, און**

נֶטַע רְבָעִי וּמַעֲשֵׂר שֵׁנִי שֶׁאֵין דָּמָיו יְדוּעִין בִּשְׁלֹשָׁה. הַהֶקְדֵּשׁוֹת בִּשְׁלֹשָׁה. הָעֲרָכִין הַמִּטַּלְטְלִין בִּשְׁלֹשָׁה. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, אֶחָד מֵהֶן כֹּהֵן. וְהַקַּרְקָעוֹת תִּשְׁעָה וְכֹהֵן, וְאָדָם כַּיּוֹצֵא בָהֶן: ד דִּינֵי נְפָשׁוֹת בְּעֶשְׂרִים וּשְׁלֹשָׁה. הָרוֹבֵעַ וְהַנִּרְבָּע בְּעֶשְׂרִים וּשְׁלֹשָׁה, שֶׁנֶּאֱמַר, וְהָרַגְתָּ אֶת הָאִשָּׁה וְאֶת

ר׳ יהודה זאָגט אז דורך פינף. החליצה, חליצה־געבן, און ממאן־זיין (א יינג מיידל וואָס איר מוטער האָט זי חתונה־געמאכט קאָן ממאן־זיין, זאָגן אז זי וויל ניט דעם מאן און זי ווערט פריי אָן א גט) דארף פאָרקומען פאר דריי (דיינים). חליצה דארף נעמען אן אלמנה וואָס איר מאן איז געשטאָרבן אָן קינדער, און דעם מאנ׳ס ברודער גיט איר חליצה. זע אין דער הקדמה צו מסכתא יבמות. נטע, (דאָס אויסלייזן) די פרוכטן פון א פיר־יאָריקן בוים און פון פרוכטן פון מעשר שני וואָס זייער געלט־ווערט איז ניט באוואוסט, דארף פאָרקומען פאר דריי. די פרוכטן וואָס וואקסן אויף א בוים אין די ערשטע דריי יאָר פון זיין פלאנצן זענען „ערלה״ און מען טאָר ניט זיי עסן און ניט הנאה האָבן פון זיי. די פרוכטן פון פירטן יאָר הייסן „נטע רבעי״ (אויך „כרם רבעי״) און מען דארף זיי פירן קיין ירושלים און דאָרט זיי עסן. מען קאָן זיי אויך אויסלייזן פאר געלט, און דאָס געלט פירן קיין ירושלים און דאָרט דערפאר קויפן עסנוואַרג און עסן. פרוכטן מעשר שני, דאָס צווייטע צענטל, דארף מען אויך פירן קיין ירושלים, אָדער אויסלייזן פאר געלט (זע אין דער הקדמה צו מסכתא מעשר שני). זאָגט די משנה, אז אזעלכע פרוכטן, וואָס זייער געלט־ווערט איז ניט באקאנט, דארף דאָס אויסלייזן פאָרקומען פאר דריי מענטשן. ההקדשות, (דאָס אויסלייזן) הקדש זאכן דארף זיין פאר דריי מענטשן. ווען איינער זאָגט אויף א זאך אז עס זאָל זיין „הקדש״ (הייליק) געהערט זי צום בית המקדש, און מען טאָר די זאך ניט נוצן. אָבער מען קאָן זי אויסלייזן מיט געלט, און דאָס דארף פאָרקומען פאר דריי מענטשן. הערכין, (דאָס באצאָלן צו הקדש פון) אָפּשאצונג־נדרים מיט באוועגליכע זאכן דארף זיין דורך דריי מענטשן. דער דין איז, אז איינער זאָגט „ערך פלוני עלי״, „איך בין מנדר צום בית מקדש וויפיל יענער מענטש איז ווערט״, דארף ער באצאָלן צום בית המקדש געלט לויט וויפיל דער מענטש איז אלט (זע אין דער הקדמה צו מסכתא ערכין). ער קאָן דאָס באצאָלן מיט באוועגליכע זאכן, מטלטלין, לויט זייער ווערט. דאָס דארף פאָרקומען פאר דריי מענטשן. ר׳ יהודה זאָגט, אז איינער פון זיי (פון די דריי מענטשן דארף זיין) א כהן. והקרקעות, און (אויב דערזעלביקער וויל באצאָלן מיט) אומבאַוועגליכע זאכן (פעלדער, הייזער) דארף זיין דורך ניין מענטשן און א כהן (צוזאמען צען מענטשן), און א מענטש איז אויך אזוי ווי זיי (ווי פעלדער, הייזער). אויב איינער זאָגט אויף אן אנדערן „דמי פלוני עלי״, „איך בין מנדר צום בית המקדש וויפיל יענער איז ווערט צו פארקויפן פאר געלט״, שאצט מען אָפּ וויפיל מען קאָן אָפּנעמען פאר יענעם ווען מען זאָל אים פארקויפן אין גאס פאר א קנעכט, און אזוי פיל דארף דער דאָזיקער באצאָלן צום בית המקדש (זע אין הקדמה צו מסכתא ערכין). אויך די דאָזיקע אָפּשאצונג דארף פאָרקומען דורך 10 מענטשן, און איינער פון זיי זאָל זיין אַ כהן.

ד. דיני נפשות, משפטים פון טויט־שטראָף דארפן זיין פאר א בית דין פון דריי און צוואַנציק (דיינים). עס זענען פאראן עבירות, וואָס ווען א מענטש טוט זיי קומט אים טויט־שטראָף, מיתה. אין די ווייטערדיקע פרקים ז׳־יא ווערן אויסגערעכנט די דאָזיקע עבירות. די משפטים פאר אזעלכע עבירות הייסן דיני נפשות (פון „נפש״, נשמה, לעבן). זאָגט די משנה, אז ווען א מענטש ווערט געמשפט פאר אזא עבירה דארפן אין בית דין זיין 23 דיינים. והרובע, און א רובע (א בהמה, מיט וועלכער א פרוי לעבט געשלעכטליך), און א נרבע (א בהמה מיט וועלכער א מאן לעבט געשלעכט־

הַבְּהֵמָה. וְאוֹמֵר, וְאֶת הַבְּהֵמָה תַּהֲרֹגוּ. שׁוֹר הַנִּסְקָל בְּעֶשְׂרִים וּשְׁלֹשָׁה, שֶׁנֶּאֱמַר, הַשּׁוֹר יִסָּקֵל וְגַם בְּעָלָיו יוּמָת. כְּמִיתַת בְּעָלִים כָּךְ מִיתַת הַשּׁוֹר. הַזְּאֵב, וְהָאֲרִי, וְהַדּוֹב, וְהַנָּמֵר, וְהַבַּרְדְּלָס, וְהַנָּחָשׁ, מִיתָתָן בְּעֶשְׂרִים וּשְׁלֹשָׁה. רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר, כָּל הַקּוֹדֵם לְהוֹרְגָן זָכָה. רַבִּי עֲקִיבָא אוֹמֵר, מִיתָתָן בְּעֶשְׂרִים וּשְׁלֹשָׁה: ה אֵין דָּנִין לֹא אֶת הַשֵּׁבֶט, וְלֹא אֶת נְבִיא הַשֶּׁקֶר, וְלֹא אֶת כֹּהֵן גָּדוֹל, אֶלָּא עַל פִּי בֵית דִּין שֶׁל שִׁבְעִים וְאֶחָד, וְאֵין מוֹצִיאִין לְמִלְחֶמֶת הָרְשׁוּת, אֶלָּא עַל פִּי בֵית דִּין שֶׁל שִׁבְעִים וְאֶחָד. אֵין מוֹסִיפִין

לעך) איז זייער משפט פאר א בית דין פון דריי און צוואנציק (דיינים). **די פרוי און דעם מאן קומט טויט שטראָף, אָבער אויך די בהמות דארף מען הרגענען, און די משנה זאָגט, אז אויך דער משפט פון די בהמות דארף זיין פאר 23 דיינים.** שנאמר, ווארום עס ווערט געזאָגט (ויקרא כ׳, ט״ז) „והרגת את האשה ואת הבהמה („און דו זאָלסט הרגענען די פרוי און די בהמה״, דאָס איז דער רובע) און ער (דער פסוק) זאָגט אויך (ויקרא כ׳, ט״ו) „ואת הבהמה תהרגו״ („און די בהמה זאָלסטו הרגענען״, דאָס איז דער נרבע). **די משנה לערנט פון דעם פסוק אז פונקט ווי ווען מען משפט א מענטש דארף זיין א בית דין פון 23 דיינים, אזוי איז אויך דער משפט פון דער בהמה, מיט וועלכער דער מענטש האָט געזינדיגט.** שור הנסקל, אן אָקס וועלכער (האָט גע־הרגעט א מענטש און דער אָקס) דארף ווערן געטויט דורך פארשטיינען אים, דארף (זיין משפט) זיין פאר דריי און צוואָנציק (דיינים), ווארום עס ווערט געזאָגט (שמות כ״א) „השור יסקל וגם בעליו יומת״ (דער אָקס זאָל פארשטיינערט ווערן, און אויך זיין בעל הבית זאָל געטויט ווערן), אזוי ווי דאָס טויטן פון בעל הבית אזוי דארף זיין דאָס טויטן פון אָקס. **און אזוי ווי די טויט־שטראָף אויף א מענטש קאָן געגעבן ווערן נור דורך א בית דין פון 23 דיינים, אזוי איז אויך די טויט־שטראָף אויף אן אָקס.** הזאב, א וואָלף, און א לייב, און א בער, און א טיגער און א פאנטער (ברדלס), און א שלאנג (אויב זיי האָבן געטויט א מענטש) דארף זייער טויט (־שטראָף ארויסגעגעבן ווערן) דורך דריי און צוואָנציק (דיינים). **וועגן „ברדלס״ זע אין אונזער פירוש בבא קמא פרק א׳ משנה ד׳.** ר׳ אליעזר זאָגט, אז ווער עס איילט זיך (הקודם, פע־דערט זיך) זיי צו הרגענען, האָט געווינען ((זכה, האָט געטאָן א גוטע זאך). **און מען דארף ניט אויף זיי קיין משפט פון בית דין, נאָר ווער עס קאָן זאָל זיי באלד הרגענען.** ר׳ עקיבא זאָגט, אז זייער טויט (־שטראָף) איז דורך דריי און צוואָנציק דיינים. **די גמרא זאָגט, אז אויך ר׳ עקיבא איז מודה, אז א שלאנג דארף מען הרגענען אָן א משפט, ווייל זי איז שעדליך און געפערליך.**

ה. אין, מען משפט ניט א שבט (וואָס דער גרעסטער טייל מענטשן פון אים האָט געדינט עבודה־זרה), און ניט א פאלשן נביא (וועלכער זאָגט נביאות אין נאָ־מען פון גאָט, און גאָט האָט דאָס אים ניט געזאָגט, און אזא פאלשן נביא קומט טויט־שטראָף) און ניט א כהן גדול, סיידן דורך דעם בית דין פון איין־און־זיבציק (דיינים). **מיר זען פון די ביז־איצטיקע משנות אז עס זענען געווען פיר סאָרטן בתי־דין, געריכטן, ביי יידן. דער קלענסטער בית דין איז געווען אָדער פון 3 פראָסטע מענטשן, ניט קיין דיינים מומחים, אָדער פון איין דיין מומחה. א העכערער בית דין פון אים איז געווען פון 3 דיינים. נאָך א העכערער בית דין איז געווען פון 23 דיינים; ווייטער אין משנה ט׳ וועלן מיר זען, אז די קליינע סנהדרינס האָבן געהאט צו 23 דיינים. און דער העכסטער בית דין איז געווען. פון 71 דיינים, און דאָס איז געווען דאָס גרויסע סנהדרין.** ואין מוציאין, און מען גייט ניט ארויס אין (מען הייבט ניט אָן) א ניט־געצוואונגענע מלחמה (מלחמת רשות) סיידן דורך דעם בית דין פון איין־און־זיבציק. **מען האָט פריער געמוזט האָבן די הסכמה דערצו פון סנהדרין. „מלחמת**

עַל הָעִיר וְעַל הָעֲזָרוֹת, אֶלָּא עַל פִּי בֵית דִּין שֶׁל שִׁבְעִים וְאֶחָד. אֵין עוֹשִׂין סַנְהֶדְרִיּוֹת לַשְּׁבָטִים, אֶלָּא עַל פִּי בֵית דִּין שֶׁל שִׁבְעִים וְאֶחָד. אֵין עוֹשִׂין עִיר הַנִּדַּחַת אֶלָּא עַל פִּי בֵית דִּין שֶׁל שִׁבְעִים וְאֶחָד. וְאֵין עוֹשִׂין עִיר הַנִּדַּחַת בַּסְּפָר, וְלֹא שָׁלֹשׁ, אֲבָל עוֹשִׂין אַחַת אוֹ שְׁתַּיִם: ו סַנְהֶדְרִין גְּדוֹלָה הָיְתָה שֶׁל שִׁבְעִים וְאֶחָד, וּקְטַנָּה שֶׁל עֶשְׂרִים וּשְׁלֹשָׁה. וּמִנַּיִן לַגְּדוֹלָה שֶׁהִיא שֶׁל שִׁבְעִים וְאֶחָד? שֶׁנֶּאֱמַר, אֶסְפָה לִּי שִׁבְעִים אִישׁ מִזִּקְנֵי יִשְׂרָאֵל, וּמֹשֶׁה עַל גַּבֵּיהֶן, הֲרֵי שִׁבְעִים וְאֶחָד. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר שִׁבְעִים. וּמִנַּיִן לִקְטַנָּה

הרשות״ מיינט מען דאָ, לויט די מפרשים, אלע מלחמות, א חוץ דער ערשטער מלחמה פון די יידן קייגן די 7 פעלקער אין ארץ ישראל און דער מלחמה קייגן עמלק. וועגן „מלחמת רשות״ און „מלחמת מצוה״ און „מלחמת חובה״ זע סוטה פרק ח׳ משנה ז׳. אין מוסיפין, מען פארגרעסערט ניט די שטאָט (העיר, דאָס מיינט מען ירושלים) און די עזרות (דעם בית המקדש־הויף) סיידן דורך דעם בית דין פון איין־און־זיבציק. די שטאָט ירושלים איז הייליק בנוגע א סך זאכן: מען האָט דאָרט געמעגט עסן קרבנות־פלייש פון קדשים קלים (שלמים, פסח), און אויך מעשר שני, און נאָך אנדערע הייליקייטן. אויב מען האָט געוואָלט צו געבן צו ירושלים א שטיק פלאץ וואָס איז ביז איצט געווען אויסער איר, האָט עס געמוזט געשען דורך דעם סנהדרין. דער בית־המקדש־הויף איז געווען נאָך הייליקער, מען האָט דאָרט געמעגט עסן קרבנות־פלייש פון קדשי קדשים (חטאת, אשם) און אנדערע הייליקייטן. אויך פארגרעסערן די עזרה האָט געמוזט געשען דורך דעם סנהדרין. אין עושין, מען מאכט ניט סנהדרינס (קלענערע סנהדרינס) פאר שבטים (יעדער שבט האָט געקאָנט האָבן א סנהדרין) סיידן דורך דעם בית דין פון איין־און זיבציק. דאָס האָט געהערט צום גרויסן סנהדרין. אין עושין עיר, מען מאכט ניט קיין אָפגעשטויסענע שטאָט (עיר הנידחת) סיידן דורך דעם בית דין פון איין־און־זיבציק. „עיר הנידחת״, אן אָפגעשטויסענע שטאָט, האָט געהייסן א יידישע שטאָט אין ארץ ישראל, וואו דער גרעסטער טייל יידישע איינוואוינער האָט געדינט צו עבודה זרה. אזא שטאָט האָט מען חרוב געמאכט. זע וויטער פרק י׳ משנות ד׳, ה׳ און ו׳. דער משפט קייגן אזא שטאָט האָט געמוזט זיין פאר דעם סנהדרין. ואין עושין, און מען מאכט ניט קיין אָפגעשטויסענע שטאָט (מען מאכט ניט חרוב א שטאָט ווייל זי איז א עיר הנידחת) לעבן דער גרעניץ (בספר). דער טעם איז כדי די גויים אין יענער זייט פון דער גרעניץ זאָלן ניט הערן וועגן דעם און קומען חרוב מאכן ארץ ישראל. ולא, און מען מאכט ניט דריי (אָפגעשטויסענע שטעט, איינע לעבן דער אנדערער), אָבער מען מאכט איינע אָדער צוויי. די גמרא זאָגט, אז נור דערזעלביקער בית דין קאָן ניט מאכן דריי ערי הנידחת, אָבער אויב איין בית דין האָט געמאכט צוויי שטעט, און דאָס בית דין איז געשטאָרבן, קאָן דאָס נייע בית דין מאכן די דריטע שטאָט פאר א עיר הנידחת.

ו. סנהדרין, דאָס גרויסע סנהדרין איז געווען פון איין־און־זיבציק, און דאָס קליינע (סנהדרין) פון דריי און צוואַנציק. אזוי ווי מיר האָבן פריער דערקלערט. ומנין, און פון וואנען (לערנט מען אָפּ) אז דאָס גרויסע (סנהדרין) דארף זיין פון איין־און זיבציק? ווייל עס ווערט געזאָגט (במדבר י״א) „אספה לי שבעים איש מזקני ישראל״, „נעם מיר צונויף זיבציק מענטשן פון די עלטסטע פון ישראל״, און משה איז געווען איבער זיי, איז צוזאמען איין־און־זיבציק. אין חומש ווערט דאָרט געזאָגט, אז גאָט האָט געזאָגט צו משה, אז ער זאָל נעמען 70 מענטשן און זיי זאָלן אים, משה׳ן, העלפן פירן דאָס פאָלק ישראל. דאָס איז געווען, ווי די משנה זאָגט דאָ, דאָס ערשטע סנהדרין, און האָט געהאט, צוזאמען מיט משה, 71 מענטשן. ר׳ יהודה זאָגט, אז (נור) זיבציק. מחמת א חוץ משה זענען געווען נור 70 זקנים. ומנין, און פון וואנען (לערנט

שֶׁהִיא שֶׁל עֶשְׂרִים וּשְׁלֹשָׁה? שֶׁנֶּאֱמַר, וְשָׁפְטוּ הָעֵדָה וְהִצִּילוּ הָעֵדָה. עֵדָה שׁוֹפֶטֶת, וְעֵדָה מַצֶּלֶת. הֲרֵי כָּאן עֶשְׂרִים. וּמִנַּיִן לָעֵדָה שֶׁהִיא עֲשָׂרָה? שֶׁנֶּאֱמַר, עַד מָתַי לָעֵדָה הָרָעָה הַזֹּאת? יָצְאוּ יְהוֹשֻׁעַ וְכָלֵב. וּמִנַּיִן לְהָבִיא עוֹד שְׁלֹשָׁה? מִמַּשְׁמַע שֶׁנֶּאֱמַר, לֹא תִהְיֶה אַחֲרֵי רַבִּים לְרָעוֹת, שׁוֹמֵעַ אֲנִי שֶׁאֶהְיֶה עִמָּהֶם לְטוֹבָה. אִם כֵּן לָמָּה נֶאֱמַר, אַחֲרֵי רַבִּים לְהַטּוֹת. לֹא כְּהַטָּיָתְךָ לְטוֹבָה, הַטָּיָתְךָ לְרָעָה. הַטָּיָתְךָ לְטוֹבָה עַל פִּי אֶחָד, הַטָּיָתְךָ לְרָעָה עַל פִּי שְׁנַיִם, וְאֵין בֵּית דִּין שָׁקוּל, מוֹסִיפִין עֲלֵיהֶם עוֹד אֶחָד. הֲרֵי כָּאן עֶשְׂרִים

מען אָפּ) אז דאָס קליינע (סנהדרין) דארף זיין פון דריי און צוואנציק? ווייל עס ווערט געזאָגט (במדבר ל״ה) „ושפטו העדה והצילו העדה („דער קהל, די עדה, זאָל משפטן, די עדה זאָל מציל זיין", און מען מיינט דאָ וועגן טויט־שטראָף־משפטים), איין עדה משפט און איין עדה איז מציל, איז צוזאמען צוואנציק (מענטשען). **די משנה וועט באלד ווייטער דערקלערן, פארוואָס מען גיט צו צו די צוואנציק נאָך דריי מענטשן.** ומנין לעדה, און פון וואנען (ווייסן מיר) אז „עדה" איז צען (מענטשן)? ווייל עס ווערט געזאָגט (במדבר י״ד), וועגן די מרגלים), „עד מתי לעדה הרעה הזאת?" („ביז וואנען נאָך וועט עס אזוי אָנגיין דער דאָזיקער שלעכטער עדה,"), און עס גייען אראָפּ (פון די 12 מרגלים) יהושע און כלב (וועלכע זענען געווען צדיקים). **עס בלייבן דאריבער איבער צען שלעכטע מרגלים, און דערפון לערנען מיר, אז עדה מיינט צען מענטשן.** ומנין להביא, און פון וואנען (ווייסן מיר) אָפּצולערנען אז מען דארף צוגעבן (צו די צוואנציק דיינים) נאָך דריי? דערפון וואָס עס ווערט געזאָגט (שמות כ״ג) „לא תהיה אחרי רבים לרעות" (זאָלסט ניט זיין נאָך דער מערהייט צום שלעכטן), ווייסן מיר דאָך דערפון, אז מיר דארפן זיין מיט זיי (מיט דער מערהייט) צום גוטן; אויב אזוי צו־וואָס־זשע ווערט (דאָרט) געזאָגט „אחרי רבים להטות" (מען זאָל נאָכגיין נאָך דער מערהייט)? (דערפון לערנען מיר אָפּ אז), דיין נאָכגיין (נאָך דער מערהייט) צום שלעכטן (ווען די מערהייט פאראורטיילט איינעם) זאָל ניט גלייך זיין צו דיין נאָכגיין נאָך דער מערהייט צום גוטן (ווען די מערהייט באפרייט איינעם), און (דהיינו), דיין נאָכגיין צום גוטן זאָל זיין (אפילו) דורך איינעם (אויב עס איז דאָ א מערהייט אפילו נור פון איין מענטש), און דיין נאָכגיין נאָך דער מערהייט צום שלעכטן זאָל זיין דורך צוויי. **ממילא קאָן דאָך דאָס בית דין ניט זיין פון צוואנציק מענטשן, ווייל מען מוז דאָך האָבן די מעגליכקייט אז 10 דיינים, א עדה (צען דיינים) זאָלן אים ראטעווען** (ווי דער פסוק האָט פריער געזאָגט „והצילו העדה"), **און כדי מען זאָל קאָנען דעם באשולדיקטן פאראורטיילן דארף זיין א מערהייט פון 2 איבער די 10, ממילא איז עס נאָך 12, און צוזאמען 22 דיינים. איז דאָך די קשיא, פארוואָס גיט מען צו נאָך איינעם, דעם 23סטן? זאָגט די משנה: ואין בית דין שקול,** און א בית דין קאָן ניט זיין (פון) א גראַד־צאָל, „שקול" גלייך־געוואויגן, **א גראַד־צאָל פון 2, צי 4, צי 6, און אזוי כסדר. בית דין מוז זיין אן אומצאָל, וואָס טיילט זיך נישט אויף צוויי, ווי דריי, פינף, זיבן און אזוי כסדר. ממילא קאָן דאָך דאָס בית דין ניט זיין פון 22 דיינים, ווייל 22 טיילט זיך דאָך אויף 2.** מוסיפין, (דעריבער) לייגט מען צו צו זיי נאָך איינעם, אזוי אז עס איז דריי און צוואנציק. **דער טעם פארוואָס א בית דין טאָר ניט זיין פון א גראַד־צאָל דיינים איז ווייל טאָמער טיילן זיך זייערע דעות העלפט אויף העלפט וועט מען ניט קאָנען האָבן דעם פסק דין.** וכמה, און וויפיל דארפן זיין (איינוואוינער) אין א שטאָט, און זי זאָל זיין ראוי צו האָבן א סנהדרין? הונדערט און צוואנציק (איינוואוינער). **עס דארפן זיין 23 מענטשן דאָס קליינע סנהדרין, דריי שורות צו 23 תלמידי חכמים צו זיצן פאר זיי** (זע ווייטער פרק ד' משנה ד'), **10 בטלנים וועלכע זיצן כסדר אין בית המדרש** (זע מגילה פרק א' משנה ג'), **2 בית־דין־שריי־**

וּשְׁלֹשָׁה, וְכַמָּה יְהֵא בָעִיר וּתְהֵא רְאוּיָה לְסַנְהֶדְרִין? מֵאָה וְעֶשְׂרִים. רַבִּי נְחֶמְיָה אוֹמֵר, מָאתַיִם וּשְׁלֹשִׁים כְּנֶגֶד שָׂרֵי עֲשָׂרוֹת:

# פרק ב.

א כֹּהֵן גָּדוֹל דָּן וְדָנִין אוֹתוֹ. מֵעִיד וּמְעִידִין אוֹתוֹ. חוֹלֵץ וְחוֹלְצִין לְאִשְׁתּוֹ וּמְיַבְּמִין אֶת אִשְׁתּוֹ. אֲבָל הוּא אֵינוֹ מְיַבֵּם מִפְּנֵי שֶׁהוּא אָסוּר בְּאַלְמָנָה. מֵת לוֹ מֵת, אֵינוֹ יוֹצֵא אַחַר הַמִּטָּה, אֶלָּא הֵן נִכְסִין וְהוּא נִגְלֶה, הֵן נִגְלִין וְהוּא נִכְסֶה. וְיוֹצֵא עִמָּהֶן עַד פֶּתַח הָעִיר, דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר. רַבִּי יְהוּדָה

**בער, וועלכע פארשרייבן די ווערטער פון די באשולדיקער און פון די פארטיידיקער, 2 בית־דין־שמשים, די 2 בעלי דינים, וועלכע קומען האָבן די דין תורה, 2 עדות, 2 מענטשן וועלכע זאָלן קאָנען מאכן די עדות פאר זוממים, (פאר פאלש, זע אין הקדמה צו מסכתא מכות), 2 מענטשן וועלכע זאָלן קאָנען מאכן פאר זוממים (פאר פאלש) די פריערדיקע זוממים־מאכערס (דאָס איז כדי די עדות זאָלן מורא האָבן און ניט זאָגן קיין ליגן), 2 צדקה־גבאים און א דריטער גבאי צו צעטיילן די צדקה** (זע פאה פרק ח׳ משנה ז׳ „הקופה נגבית בשנים ומתחלקת בשלשה"), **איין פעלט־שער צו לאָזן בלוט פון די אָדערן (וואָס איז געווען א רפואה), 1 סופר צו שרייבן ספרים און 1 מלמד פון קינדער.** ר׳ נחמיה זאָגט, אז (עס דאַרפן זיין אין שטאָט) צוויי הונדערט און דרייסיק (איינוואוינער) קייגן די עלטסטע איבער צען (שרי עשרות). **דאָס הייסט אז יעדער פון די 23 דיינים זאָל קאָנען זיין א שר, א עלטסטער איבער צען מענטשן (23 מאָל 10 איז 230), און אין חומש זענען די קלענסטע שרים די „שרי עשרות", און ווינציקער דערפון הייסט מען ניט קיין שר.**

## פרק ב.

א. כהן גדול, א כהן קאָן משפטן (אנדערע מענטשן, ער קאָן זיין א דיין, איינער פון בית דין), און מען קאָן אים משפטן. **אויב דער כהן גדול טוט א עבירה קאָן אים דאָס בית דין משפטן. די משנה זאָגט עס דאָ, ווייל ווייטער וועט די משנה זאָגן, אז א מלך קאָן ניט זיין קיין דיין און מען קאָן אים ניט משפטן.** מעיד, ער (דער כהן גדול) קאָן עדות זאָגן (זיין א עדות)), און מען קאָן קייגן אים עדות זאָגן. **די גמרא זאָגט, אז א כהן גדול זאָגט עדות נור ווען עס איז א משפט פון אזא חשובן מענטש, ווי א בן מלך, דער זון פון מלך; אָבער אין משפטים פון געוויינטליכע מענטשן רופט מען ניט דעם כהן גדול פאר א עדות, צוליב דעם כבוד פון כהן גדול.** חולץ, ער (דער כהן גדול) גיט חליצה (אויב זיין ברודער איז געשטאָרבן אָן קינדער קאָן ער געבן דער אלמנה־שוועגערין חליצה) און מען גיט חליצה זיין ווייב (אויב ער שטאַרבט אָן קינדער); מען איז מייבם זיין ווייב (אויב דער כהן גדול שטארבט אָן קינדער קאָן זיין ברודער מייבם זיין זיין ווייב, חתונה האָבן מיט איר), אָבער ער (דער כהן גדול) קאָן ניט מייבם זיין (אויב זיין ברודער שטארבט אָן קינדער קאָן דער כהן גדול ניט חתונה האָבן מיט דער אלמנה־שוועגערין) ווייל ער (א כהן גדול) איז אסור (טאָר ניט חתונה האָבן מיט) אן אלמנה. **וועגן חליצה און מייבם זיין זע אין דער הקדמה צו מסכתא יבמות. אויב איינער שטאַרבט אָן קינדער, קאָן זיין ברודער אָדער געבן דער אלמנה חליצה אָדער זי מייבם זיין (חתונה האָבן מיט איר).** מת לו, אויב עס איז אים (דעם כהן גדול) געשטאָרבן איינער (א נאָנטער קרוב), גייט ער ניט ארויס נאָך דער מיטה (אויף וועלכער מען טראָגט דעם מת), נאָר ווען זיי (די מיטה־טרעגער) פאר־שווינדן (פון געסל), באַווייזט ער זיך (דער כהן גדול), און ווען זיי באַווייזן זיך (אין געסל) פארשווינדט ער (דער כהן גדול). **דאָס הייסט, ער גייט באַגלייטן דעם מת, אָבער ניט גלייך נאָך דער מיטה, כדי ער זאָל ניט פארגעסן און אָנרירן די מיטה און טמא ווערן.** ויוצא, און ער גייט מיט זיי (ווען ער באַגלייט די מיטה מיט דעם מת

אומֵר. אֵינוֹ יוֹצֵא מִן הַמִּקְדָּשׁ שֶׁנֶּאֱמַר, וּמִן הַמִּקְדָּשׁ לֹא יֵצֵא. וּכְשֶׁהוּא מְנַחֵם אֲחֵרִים דֶּרֶךְ כָּל הָעָם עוֹבְרִין בָּזֶה אַחַר זֶה וְהַמְּמֻנֶּה מְמַצְּעוֹ בֵּינוֹ לְבֵין הָעָם. וּכְשֶׁהוּא מִתְנַחֵם מֵאֲחֵרִים, כָּל הָעָם אוֹמְרִים לוֹ, אָנוּ כַּפָּרָתְךָ. וְהוּא אוֹמֵר לָהֶן הִתְבָּרְכוּ מִן הַשָּׁמַיִם. וּכְשֶׁמַּבְרִין אוֹתוֹ. כָּל הָעָם מְסֻבִּים עַל הָאָרֶץ, וְהוּא מֵסֵב עַל הַסַּפְסָל: **ב** הַמֶּלֶךְ לֹא דָן וְלֹא דָנִין אוֹתוֹ לֹא מֵעִיד וְלֹא מְעִידִין אוֹתוֹ. לֹא חוֹלֵץ וְלֹא חוֹלְצִין לְאִשְׁתּוֹ. לֹא מְיַבֵּם וְלֹא

ביז דער טיר (דעם טויער) פון דער שטאָט, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. **אין שטאָט זענען פאראן געסלעך, קאָן דער כהן גדול זיך באהאלטן און ניט באוויזן צוזאמען מיט דער מיטה. אָבער אויסער דער שטאָט איז דאָך ליידיקער פלאץ, און עס זעט אויס ווי דער כהן גדול גייט צוזאמען מיט דער מיטה. דאריבער טאָר ער ניט ארויסגיין פון דער שטאָט.** ר׳ יהודה זאָגט, אז ער גייט ניט ארויס פון בית־המקדש (מן המקדש) ווארום עס ווערט געזאָגט (ויקרא כ״א) „ומן המקדש לא יצא״ „און ער זאָל ניט ארויסגיין פון מקדש״. **דאָס אלץ מיינט מען נור ווען עס שטארבט זיינס א נאָנטער קרוב; אָבער א פרעמדן מת מעג דער כהן גדול באגלייטן אפילו ארויס פון דער שטאָט, מחמת עס איז ניט מורא צו האָבן אז פון עגמת נפש וועט ער פארגעסן און אָנרירן די מיטה.** וכשהוא מנחם, און ווען ער טרייסט אנדערע (מענטשן וועלכע זענען אבלים), איז דער שטייגער אז דאָס גאנצע פאָלק (אלע מענטשן וועלכע זענען מנחם אבל) גייען פארביי (פאר די אבלים) איינער נאָכן אנדערן, און ער (דער כהן גדול איז צווישן דעם געהילף (פון כהן גדול, ממונה) און דעם פאָלק (ממצעו, פון וואָרט „אמצע״ אין דערמיט). ס׳הייסט אזוי, **אז דאָס פאָלק איז אין דער לינקער זייט פון כהן גדול, און דער ממונה איז אין זיין רעכטער זייט, אזוי אז דער כהן גדול קומט אויס אין דער מיט. ווען „ממונה״, געהילף (סגן) פון כהן גדול זע יומא פרק ג׳ משנה א׳, אָמר להם הממונה).** וכשהוא, און ווען ער (דער כהן גדול, איז אן אבל און ער) ווערט געטרייסט פון אנדערע), זאָגט צו אים דאָס גאנצע פאָלק (אלע וועלכע זענען אים מנחם אבל): „מיר זאָלן זיין דיין כפרה״. **דאָס הייסט, אז אויב עס האלט ביי געשען שלעכטס דעם כהן גדול, זאָל עס גלייכער געשען זיי, און זיי זאָלן זיין זיין אויסלייזונג, זיין כפרה.** והוא, און ער זאָגט צו זיי: „ווערט געבענטשט פון הימלו״ **דאָס הייסט, אז אויך דער כהן גדול טוט זיי אָן כבוד און בענטשט זיי.** וכשמברין אותו, און ווען מען גיט אים (דעם כהן גדול ווען ער איז אן אָבל) צו עסן די ערשטע סעודה (די סעודת הבראה, פרעמדע מענטשן געבן צו עסן די אבלים פון פרעמדע שפייז דאָס ערשטע עסן נאָך דער קבורה), איז דאָס גאנצע פאָלק אָנגעלענט אויף דער ערד, און ער (דער כהן גדול) איז אָנגעלענט אויף א בענקל (ספסל). **ווען „סעודת הבראה״ זע מועד קטן פרק ג׳ משנה ז׳.**

ב. המלך, א מלך ניט ער קאָן משפטן (מענטשן, ער טאָר ניט זיין קיין דיין) און ניט מען קאָן אים משפטן. **די גמרא זאָגט, אז דאָס איז נור געווען ביי די יידישע מלכים, וועלכע זענען ניט געווען פון דוד המלך׳ס אפשטאמונג (מלכי בית דוד), און איינגעפירט האָט מען עס צוליב א מעשה מיט ינאי המלך (אין דערמיט פון דער צייט פון 2טן בית המקדש) וועלכן מען האָט גערופן צום משפט פאר דעם סנהדרין ווייל זיין קנעכט האָט געהרגעט א מענטש, און דאָס סנהדרין האָט זיך דערשראָקן פאר אים. אָבער די מלכי בית דוד האָבן אליין געמשפט מענטשן.** לא מעיד, ניט ער (דער מלך) זאָגט עדות (פאר אנדערע מענטשן) און ניט מען קאָן עדות זאָגן קייגן אים; ניט ער גיט חליצה (זיין ברודער׳ס אלמנה) און ניט מען גיט חליצה זיין (דעם מלך׳ס) ווייב (אויב דער מלך איז געשטאָרבן אָן קינדער); ניט ער איז מייבם (האָט חתונה מיט זיין פארשטאָרבענעם ברודערס אלמנה) און ניט מען איז מייבם זיין (דעם מלך׳ס) ווייב, (אויב ער איז געשטאָרבן אָן קינדער). **דאָס איז אלץ צוליב דעם כבוד פון מלך.**

מְיַבְּמִין לְאִשְׁתּוֹ. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, אִם רָצָה לַחֲלוֹץ אוֹ לְיַבֵּם, זָכוּר לְטוֹב. אָמְרוּ לוֹ אֵין שׁוֹמְעִין לוֹ. וְאֵין נוֹשְׂאִין אַלְמָנָתוֹ. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, נוֹשֵׂא הַמֶּלֶךְ אַלְמָנָתוֹ שֶׁל מֶלֶךְ, שֶׁכֵּן מָצִינוּ בְּדָוִד שֶׁנָּשָׂא אַלְמָנָתוֹ שֶׁל שָׁאוּל, שֶׁנֶּאֱמַר וָאֶתְּנָה לְךָ אֶת בֵּית אֲדוֹנֶיךָ וְאֶת נְשֵׁי אֲדוֹנֶיךָ בְּחֵיקֶךָ: ג מֵת לוֹ מֵת אֵינוֹ יוֹצֵא מִפֶּתַח פַּלְטְרִין שֶׁלּוֹ. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, אִם רוֹצֶה לָצֵאת אַחַר הַמִּטָּה יוֹצֵא, שֶׁכֵּן מָצִינוּ בְדָוִד שֶׁיָּצָא אַחַר מִטָּתוֹ שֶׁל אַבְנֵר, שֶׁנֶּאֱמַר, וְהַמֶּלֶךְ דָּוִד הוֹלֵךְ אַחַר הַמִּטָּה. אָמְרוּ לוֹ, לֹא הָיָה הַדָּבָר אֶלָּא לְפַיֵּס אֶת הָעָם. וּכְשֶׁמַּבְרִין אוֹתוֹ כָּל הָעָם סְמוּכִין עַל הָאָרֶץ, וְהוּא מֵסֵב עַל הַדַּרְגָּשׁ: ד וּמוֹצִיא לַמִּלְחֶמֶת הָרְשׁוּת עַל פִּי בֵּית דִּין שֶׁל שִׁבְעִים וְאֶחָד

ר׳ יהודה זאָגט, אז אויב ער (דער מלך) וויל געבן חליצה אָדער מייבם זיין, געדענקט מען אים צום גוטן; האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו ר׳ יהודה), אז מען הערט אים ניט. **אפילו דער מלך וויל טאָן איינס פון די ביידע, דערלויבט מען אים ניט. ביי געבן חליצה דאַרף די אלמנה שפייען אים אין פנים** (זע יבמות פרק י״ב) **און דאָס איז אודאי ניט שיין פאַר דעם מלך. און אויך מייבם זיין טאָר ער ניט, ווייל ווער עס קאָן ניט געבן קיין חליצה קאָן אויך ניט מייבם זיין.** ואין, און מען טאָרניט חתונה האָבן מיט זיין (דעם מלך׳ס) אלמנה. **ווייל עס איז ניט קיין כבוד פאַר דעם פאַר־שטאָרבענעם מלך, אז אַן אנדערער מענטש זאָל האָבן זיין פרוי.** ר׳ יהודה זאָגט, אז א מלך קאָן חתונה האָבן מיט דער אלמנה פון א מלך, ווארים אזוי געפינען מיר ביי דוד (המלך), אז ער האָט חתונה געהאַט מיט דער אלמנה פון (פאַרשטאָרבענעם) שאול (המלך), ווארום עס ווערט געזאָגט (שמואל ב׳, י״ב) „ואתנה לך את בית אדוניך ואת נשי אדוניך בחיקך״ („און איך האָב דיר געגעבן דאָס הויז פון דיין האַר און די ווייבער פון דיין האַר אין דיין שויס״). **דערפון איז צו זען, אז דוד האָט גענומען די „נשי אדוניו״, די פרויען פון שאול.**

ג. מת, אויב עס איז אים (דעם מלך) געשטאָרבן איינער (א נאָענטער קרוב), גייט ער ניט אַרויס פון דער טיר פון זיין פּאַלאַץ (פלטרין). **ווייל עס איז ניט שיין פאַר דעם מלך צו ווייזן פאַר אַלע זיין עגמת נפש.** ר׳ יהודה זאָגט, אז אויב ער וויל גיין נאָך דער מיטה (מיט דעם מת) מעג ער גיין, ווארום אזוי געפינען מיר ביי דוד (המלך), אז ער איז אַרויסגעגאַנגען נאָך דער מיטה פון אבנר, ווארים עס ווערט געזאָגט (שמואל ב׳, ג׳) „והמלך דוד הולך אחר המטה״ („און דער מלך דוד גייט נאָך דער מיטה״). **דאָס איז געווען ווען יואב, דוד המלך׳ס חיילות־פירער, האָט דער־הרגעט אבנרן.** אמרו לו, האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו ר׳ יהודה), דאָס (וואָס דוד איז געגאַנגען נאָך אבנר׳ס מיטה) איז געווען ניט מער ווי איבערצובעטן דאָס פאָלק (מפייס צו זיין דאָס פאָלק, צו באַרוהיגן די מענטשן). **כדי אַלע זאָלן וויסן, אז ניט דוד האָט געהייסן יואב׳ן הרגענען אבנר, נאָר יואב האָט עס אַליין געטאָן.** וכשמברין, און ווען מען גיט אים (דעם מלך ווען ער איז אַן אבל) די הבראה־סעודה, זיצט דאָס גאַנצע פאָלק (די מענטשן וועלכע זענען אים מנחם אבל) אויף דער ערד, און ער איז אָנגעלענט אויף א קליין בעטל (דרגש). **וועגן „דרגש״, א קליין בעטל, זע נדרים פרק ז׳ משנה ה׳.**

ד. ומוציא, און ער (דער מלך) קאָן אַרויספירן צו (אָנהויבן) א ניט־געצוואונגענע מלחמה (מלחמת רשות) דורך (מיט דער הסכמה פון) בית דין פון איין און זיבציק (פון סנהדרין). **וועגן מלחמת רשות און דעם סנהדרין זע פריער פרק א׳ משנה ה׳.** ופורץ, און ער קאָן איבערברעכן (צוימען פון פריוואַטע פעלדער און גערטנער און הייפן) כדי צו מאַכן זיך א וועג, און מען טאָר אים ניט שטערן. **די מפרשים זאָגן, אז דאָס איז ניט דוקא ווען ער דאַרף א וועג פאַר זיינע חיילות, נאָר אויך אפילו פאַר**

וּפוֹרֵץ לַעֲשׂוֹת לוֹ דֶרֶךְ וְאֵין מְמַחִין בְּיָדוֹ. דֶּרֶךְ הַמֶּלֶךְ אֵין לָהּ שִׁיעוּר. וְכָל הָעָם בּוֹזְזִין וְנוֹתְנִין לְפָנָיו. וְהוּא נוֹטֵל חֵלֶק בָּרֹאשׁ. לֹא יַרְבֶּה לוֹ נָשִׁים אֶלָּא שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, מַרְבֶּה הוּא לוֹ וּבִלְבַד שֶׁלֹּא יְהוּ מְסִירוֹת אֶת לִבּוֹ. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר אֲפִלּוּ אַחַת וּמְסִירָה אֶת לִבּוֹ, הֲרֵי זֶה לֹא יִשָּׂאֶנָּה. אִם כֵּן לָמָּה נֶאֱמַר לֹא יַרְבֶּה לוֹ נָשִׁים? אֲפִלּוּ כַּאֲבִיגַיִל. לֹא יַרְבֶּה לוֹ סוּסִים. אֶלָּא כְּדֵי מֶרְכַּבְתּוֹ. וְכֶסֶף וְזָהָב לֹא יַרְבֶּה לוֹ מְאֹד, אֶלָּא כְּדֵי לִתֵּן אַסְפַּנְיָא. וְכוֹתֵב לוֹ סֵפֶר תּוֹרָה לִשְׁמוֹ. יוֹצֵא לַמִּלְחָמָה מוֹצִיאָהּ עִמּוֹ. נִכְנָס מַכְנִיסָהּ עִמּוֹ. יוֹשֵׁב בַּדִּין הִיא עִמּוֹ.

**זיינס אייגענעם נוצן, למשל צו זיינע פעלדער און גערטנער.** דרך המלך, דער וועג פון מלך האָט ניט קיין שיעור. **ער קאָן אים מאכן אזוי ברייט וויפיל ער וויל. זע בבא בתרא פרק ו׳ משנה ז׳.** וכל העם, און דאָס גאנצע פאָלק (אלע מענטשן וואָס זענען אין דער מלחמה וועלכע) פארכאפּן מלחמה־רויב, לייגן עס פאַר אים (פאַר דעם מלך) און ער נעמט דעם בעסטן חלק (דערפון). **„חלק בראש״, דער בעסטער חלק, געפינען מיר אויך אין יומא פרק א׳ משנה ב׳.** לא ירבה, ער (דער מלך) טאָרניט חתונה האָבן מיט א סך פרויען, ניט מער פון אכצן; ר׳ יהודה זאָגט, אז ער מעג (חתונה האָבן) מיט א סך (פרויען, אפילו מער פון אכצן), אָבער זיי זאָלן ניט אוועקפירן זיין הארץ (פון גאָטס וועג); ר׳ שמעון זאָגט, אז אויב אפילו איינע (איין פרוי) און זי פירט אים אוועק (פון גאָטס וועג) טאָר ער מיט איר ניט זותונה האָבן; אויב אזוי, צו־וואָס־זשע ווערט געזאָגט (דברים י״ז, וועגן מלך) „לא ירבה לו נשים״ (ער זאָל ניט נע־מען קיין סך ווייבער)? אפילו (ווען זיי זענען אזוי פרום) ווי אביגיל. **דער ערשטער תנא האלט, אז דער פסוק אין דער תורה „לא ירבה לו נשים״ מיינט, אז ניט קיין סך, אכצן פרויען, מעג דער מלך נעמען אפילו זיי זענען פרוצות, פארשייטע, און מער פון 18 טאָר ער ניט נעמען אפילו פרומע. די צאָל 18 ווערט גענומען פון דוד המלך וועל־כער האָט געהאט 6 פרויען און נתן הנביא האָט אים געזאָגט אז ער קאָן נאָך נעמען „כהנה וכהנה״, דאָס הייסט נאָך טאָפּלט, נאָך 12. ר׳ יהודה האלט, אז אכצן מעג ער נעמען אפילו פארשייטע, און מער פון 18 מעג ער נעמען נור פרומע, אָבער ניט פארשייטע. ר׳ שמעון האלט, אז פארשייטע טאָר ער אפילו איינע ניט נעמען, און פרומע מעג ער נעמען נור 18. אביגיל איז געווען דוד המלך׳ס ווייב.** לא ירבה לו סו־סים, ער (דער מלך) טאָר נישט האלטן א סך פערד, נאָר וויפיל ער דארף האָבן פאר זיין רייטוואָגן. **מיט „מרכבתו״, רייטוואָגן מיינט מען ניט נור פאר זיין אייגענעם געברויך, נאָר אויך פאר די אמאָליקע מלחמה־רייטוועגענער כדי מלחמה צו האלטן קייגן דעם שונא. אויך דאָס איז פאראן דאָרט אין חומש דברים י״ז.** וכסף, און ער זאָל נישט אָנזאמלן זייער א סך זילבער און גאָלד, נאָר וויפיל ער דארף האָבן צו צאָלן זיינע חיילות (אספניא). **אויך דאָס איז פאַראַן דאָרט אין דברים י״ז. „אספניא״ איז דאָס גריכישע וואָרט „עפּסאָניאָן״, דאָס געלט פאר באאמטע, חיילות. די אלע פאַרבאָטן פאר דעם מלך זענען כדי ער זאָל ניט זיין ביי זיך צו־געהויבן.** וכותב לו, און ער לאָזט זיך שרייבן (אלס א מלך) א ספר תורה, ווען ער גייט ארויס אין מלחמה, זאָל ער זי מיט־ארויסנעמען; ווען ער קומט צוריק (א היים) זאָל ער זי מיט־אריינגעמען מיט זיך: ווען ער זיצט צו משפטן (מענטשן), זאָל זי ליגן אנטקייגן אים, ווארום עס ווערט געזאָגט (דברים י״ז) „והיתה עמו וקרא בו כל ימי חייו״ („און זי זאָל זיין מיט אים און ער זאָל ליינען אין איר אלע טעג פון זיין לעבן״). **די קשיא איז, ווי אזוי זאָגט דאָ די משנה אז דער מלך איז „יושב בדין״ צו משפטן מענטשן, און פריער אין משנה ב׳ ווערט דאָך געזאָגט אז „המלך לא דן״, א מלך משפט ניט? ·דערויף ענטפערט מען, אז מען מיינט יענע מלכים, וועלכע האָבן יאָ געמשפט, ווי די מלכי בית דוד, אָדער אפילו אנדערע יידישע מלכים וועלכע זענען געווען פאר דער מעשה מיט ינאי המלך.**

מֵסֵב הִיא כְּנֶגְדּוֹ. שֶׁנֶּאֱמַר וְהָיְתָה עִמּוֹ וְקָרָא בוֹ כָּל יְמֵי חַיָּיו: ה אֵין רוֹכְבִין עַל סוּסוֹ. וְאֵין יוֹשְׁבִים עַל כִּסְאוֹ. וְאֵין מִשְׁתַּמְּשִׁין בְּשַׁרְבִיטוֹ. וְאֵין רוֹאִין אוֹתוֹ כְּשֶׁהוּא מִסְתַּפֵּר. וְלֹא כְּשֶׁהוּא עָרוֹם. וְלֹא בְּבֵית הַמֶּרְחָץ. שֶׁנֶּאֱמַר. שׂוֹם תָּשִׂים עָלֶיךָ מֶלֶךְ. שֶׁתְּהֵא אֵימָתוֹ עָלֶיךָ:

# פרק ג.

א דִּינֵי מָמוֹנוֹת בִּשְׁלשָׁה. זֶה בּוֹרֵר לוֹ אֶחָד. וְזֶה בּוֹרֵר לוֹ אֶחָד. וּשְׁנֵיהֶן בּוֹרְרִין לָהֶן עוֹד אֶחָד. דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים שְׁנֵי דַיָּנִין בּוֹרְרִין לָהֶן עוֹד אֶחָד. זֶה פּוֹסֵל דַּיָּנוֹ שֶׁל זֶה וְזֶה פּוֹסֵל דַּיָּנוֹ שֶׁל זֶה. דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים אֵימָתַי? בִּזְמַן שֶׁמֵּבִיא עֲלֵיהֶן רְאָיָה שֶׁהֵן קְרוֹבִין אוֹ

ה. אין רוכבין, מען טאָרניט רייטן אויף זיין פערד. **די משנה ווערט דאָ אויסרעכענען עטליכע זאכן וואָס מענטשן טאָרן ניט טאָן בנוגע דעם מלך, ווייל מען דאַרף פאר דעם מלך האָבן „אימה", עהר־פורכט.** ואין יושבים, און מען טאָרניט זיצן אויף זיין שטול, און מען טאָר זיך ניט באנוצן מיט זיין סצעפטער (שרביט, דעם קעניגליכן שטאָק), און מען טאָרניט (זייטיקע מענטשן טאָרן ניט) אים זען ווען ער שערט **זיך** אָפּ, און ניט ווען ער איז נאקעט, און ניט ווען ער איז אין באד־הויז (כדי ער זאָל ניט ווערן מבוזה ביי זיי), וואָרום עס ווערט געזאָגט (דברים י"ז) „שום תשים עליך מלך" (זאָלסט מאכן איבער זיך א מלך), אז זיין עהר־פורכט (זיין אימה) זאָל זיין אויף דיר. **און דעריבער דאַרף מען ארויסווייזן צו אים חשיבות, און ניט זען אים אין ניט־שיינע צושטאנדן (ווען ער איז נאקעט, אין באד, ווען ער שערט זיך), און ניט באַנוצן זיך מיט זיינע זאכן.**

## פרק ג.

א. דיני ממונות, געלט־משפטים (ווערן געפסקנט) דורך דריי (מענטשן). **דאָס האָט די משנה שוין געזאָגט פריער פרק א' משנה א'; אָבער דאָרט האָט די משנה געמיינט וועגן דריי מענטשן, וואָס זענען באַשטימט צו זיין די שופטים פאר געלט־סכסוכים פון אלע מענטשן. אָבער דאָ לערנט די משנה, אז אויב ביידע צדדים זענען מסכים, קאָנען זיי האָבן א בוררות־בית דין פון דריי מענטשן.** זה בורר, דער דאָזיקער (איין צד, דער מאָנער, דער תובע) קלייבט זיך אויס איינעם (צו זיין א דיין) און דער אנדערער צד (ביי וועלכן מען מאָנט, דער נתבע), קלייבט זיך אויס איינעם, (צו זיין א דיין), און זיי ביידע (דער תובע און דער נתבע) קלייבן צוזאמען אויס נאָך איינעם (א דריטן דיין), אזוי זאָגט ר' מאיר; און די חכמים זאָגן, אז די צוויי דיינים (וועלכע זענען אויסגעקליבן געוואָרן דורך די צוויי צדדים) קלייבן זיך אויס נאָך איינעם (דעם דריטן דיין). **די גמרא זאָגט, אז אויך ר' מאיר האלט אז מען מוז האָבן די הסכמה פון די צוויי דיינים אויף דעם דריטן דיין; נאָר ר' מאיר האלט, אז מען מוז האָבן אויף אים אויך די הסכמה פון די צוויי צדדים, און די חכמים האלטן, אז מען דאַרף ניט.** זה פוסל, דער (איינער צד, דער מאָנער, דער תובע) קאָן פסלענען דעם דיין פון דעם (אנדערן, פון נתבע), און דער (אנדערער) קאָן פסלענען דעם דיין פון דעם (תובע), אזוי זאָגט ר' מאיר. **יעדער פון זיי קאָן זאָגן וועגן צווייטנס אויסגעקליבענעם דיין, אז ער געפעלט אים ניט.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז ווען (קאָן איינער פסלענען דעם אנדערנס דיין)? ווען ער ברענגט אויף זיי (אויף די מענטשן וואָס דער אנדערער וויל האָבן פאר א דיין) א באווייז אז זיי זענען קרובים אָדער זיי זענען פסול (זיי טאָרן בכלל ניט זיין קיין דיינים, און ניט ווייל ער וויל זיי ניט), אָבער אויב זיי זענען כשר (צו זיין דיינים) אָדער מומחים (געלערנטע דיינים), קאָן ער זיי ניט פסלענען. **די גמרא טייטשט די ווערטער „כשרים או מומחים", אז די חכמים זאָגן אזוי: אויב זיי זענען כשרע, אפילו זיי זענען פראָסטע מענטשן, האָבן זיי דעם**

פְּסוּלִין. אֲבָל אִם הָיוּ כְשֵׁרִין אוֹ מוּמְחִין אֵינוֹ יָכוֹל לְפוֹסְלָן. זֶה פוֹסֵל עֵדָיו שֶׁל זֶה, וְזֶה פוֹסֵל עֵדָיו שֶׁל זֶה, דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים אֵימָתַי בִּזְמַן שֶׁמֵּבִיא עֲלֵיהֶן רְאָיָה שֶׁהֵן קְרוֹבִין אוֹ פְסוּלִין, אֲבָל אִם הָיוּ כְשֵׁרִים אֵינוֹ יָכוֹל לְפוֹסְלָן: **ב** אָמַר לוֹ, נֶאֱמָן עָלַי אַבָּא, נֶאֱמָן עָלַי אָבִיךָ, נֶאֱמָנִין עָלַי שְׁלֹשָׁה רוֹעֵי בָקָר, רַבִּי מֵאִיר אוֹמֵר, יָכוֹל לַחֲזוֹר בּוֹ. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים אֵינוֹ יָכוֹל לַחֲזוֹר בּוֹ. הָיָה חַיָּב לַחֲבֵרוֹ שְׁבוּעָה וְאָמַר לוֹ, דּוֹר לִי בְּחַיֵּי רֹאשְׁךָ, רַבִּי מֵאִיר אוֹמֵר, יָכוֹל לַחֲזוֹר בּוֹ. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים אֵינוֹ יָכוֹל לַחֲזוֹר בּוֹ: **ג** וְאֵלּוּ הֵן הַפְּסוּלִין, הַמְשַׂחֵק בְּקֻבְיָא, וְהַמַּלְוֶה בְרִבִּית וּמַפְרִיחֵי יוֹנִים,

**דין ווי מומחים, און דער אנדערער צד קאָן זיי ניט פסלענען.** זה פוסל עדיו, דער (איינער צד) קאָן פסלענען די עדות פון דעם (אנדערן צד) און דער אנדערער צד קאָן פסלענען די עדות פון דעם (צד), אזוי זאָגט ר׳ מאיר: און די חכמים זאָגן, אז ווען (קאָן איינער פסלענען דעם אנדערענס עדות)? ווען ער ברענגט אויף זיי א באַווייז אז זיי זענען קרובים אָדער (זיי זענען בכלל) פסול (צו זיין עדות), אָבער אויב זיי זענען כשר, קאָן ער זיי ניט פסלענען. **די משנה איז שווער, מחמת ווי קאָן ר׳ מאיר זאָגן, אז אויב איינער ברענגט כשרע עדות, קאָן דער אנדערער צד זאָגן אז זיי געפעלן אים ניט? מען טייטשט דעריבער, אז די משנה מיינט דאָ אז למשל איין צד, ראובן, זאָגט אז ער האָט צוויי פאָר עדות, און פון זיי האָט ער געבראַכט נור איין פאָר, און דער אנדערער צד, שמעון, צוזאַמען מיט נאָך א פרעמדן מענטש לוי זאָגן עדות, אז די דאָזיקע פאָר זענען בכלל פסולע עדות** (ווי די משנה רעכנט אויס ווייטער אין **משנה ג׳ און ד׳ ווער איז פסול צו זיין א דיין צי עדות). זאָגט ר׳ מאיר, אז כאָטש ער,** שמעון, איז דאָך א נוגע בדבר, ער איז דאָך א פאַראינטערעסירטער צד, אָבער ווייל **ראובן זאָגט, אז ער האָט נאָך אַן אנדערע פאָר עדות און ער קאָן זיי ברענגען, הייסט שמעון נישט קיין נוגע בדבר, און ער קאָן פסלענען. די חכמים זאָגן אז ווייל ראובן קאָן חרטה האָבן און זאָגן, אז ער האָט ניט מער ווי די דאָזיקע פאָר, הייסט שמעון א נוגע בדבר און ער קאָן זיי ניט פסלענען.**

ב. אמר, אויב (צוויי מענטשן, ראובן און שמעון, האָבן א דין־תורה און איינער פון זיי, למשל ראובן) זאָגט צו אים (צו שמעונען): „איך פאַרלאָז מיך אויף מיין פאָ־טער״ (אז ער זאָל זיין א דיין, צי א עדות, כאָטש א קרוב טאָר דאָך ניט זיין קיין דיין צי א עדות), אָדער „איך פאַרלאָז מיך אויף דיין פאָטער״ (אז ער זאָל זיין דער דיין אָדער דער עדות), אָדער „איך פאַרלאָז מיך אויף דריי פאַסטוכער פון רינדער״ (רועי בקר, אז זיי זאָלן זיין די דיינים), זאָגט ר׳ מאיר, אז ער קאָן חרטה האָבן. **אפילו די דין־תורה איז שוין געווען פאַרענדיקט, עס איז שוין געווען דער גמר דין, אָדער מען האָט שוין געהאַט אויסגעהאָרכט די עדות, קאָן ער חרטה האָבן.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז ער קאָן ניט חרטה האָבן. **אָבער איידער ס׳איז געווען דער גמר דין, אָדער איידער מען האָט אויסגעהאָרכט די עדות, האַלטן אויך די חכמים, אז ער קאָן חרטה האָבן.** היה, אויב איינער איז שולדיק געווען דעם אנדערן א שבועה (ראובן האָט גע־מאָנט ביי שמעונען געלט און דאָס בית דין האָט געפסקנט אז שמעון דאַרף שווערן) און ער (ראובן) האָט געזאָגט צו אים (צו שמעונען): שווער מיר ביים לעבן פון דיין קאָפּ (ביי דיין אייגן לעבן און איך וועל דאָס אָננעמען פאַר א שבועה, כאָטש דאָס איז ניט די ריכטיקע פאָרם פון א ריכטיקע שבועה), זאָגט ר׳ מאיר, אז ער (ראובן) קאָן חרטה האָבן, און די חכמים זאָגן, אז ער קאָן ניט חרטה האָבן. **און די שבועה איז א ריכ־טיקע שבועה ווייל ראובן האָט מסכים געווען דערצו.**

ג. ואלו, און די דאָזיקע זענען פסול (מדרבנן, צו זיין דיינים אָדער עדות): דער וואָס שפילט אין ביינדלעך (משחק בקוביא), און דער וואָס באָרגט (וואָס גיט די הלוואה און אויך דער וואָס נעמט די הלוואה) אויף פראָצענט, און די וואָס מאַכן פליען

וְסוֹחֲרֵי שְׁבִיעִית. אָמַר רַבִּי שִׁמְעוֹן, בַּתְּחִלָּה הָיוּ קוֹרִין אוֹתָן אוֹסְפֵי שְׁבִיעִית, מִשֶּׁרַבּוּ הָאַנָּסִין חָזְרוּ לִקְרוֹתָן סוֹחֲרֵי שְׁבִיעִית. אָמַר רַבִּי יְהוּדָה, אֵימָתַי? בִּזְמַן שֶׁאֵין לָהֶן אוּמָנוּת אֶלָּא הוּא, אֲבָל יֵשׁ לָהֶן אוּמָנוּת שֶׁלֹּא הוּא, כְּשֵׁרִין: ד וְאֵלּוּ הֵן הַקְּרוֹבִין. (אָבִיו) וְאָחִיו, וַאֲחִי אָבִיו, וַאֲחִי אִמּוֹ, וּבַעַל אֲחוֹתוֹ, וּבַעַל אֲחוֹת אָבִיו, וּבַעַל אֲחוֹת אִמּוֹ, וּבַעַל אִמּוֹ וְחָמִיו, וְגִיסוֹ, הֵן וּבְנֵיהֶן וַחֲתָנֵיהֶן, וְחוֹרְגוֹ לְבַדּוֹ. אָמַר רַבִּי יוֹסֵי, זוֹ מִשְׁנַת רַבִּי עֲקִיבָא, אֲבָל מִשְׁנָה רִאשׁוֹנָה, דּוֹדוֹ וּבֶן דּוֹדוֹ, וְכָל הָרָאוּי לְיוֹרְשׁוֹ וְכָל הַקָּרוֹב לוֹ בְּאוֹתָהּ

טויבן (מפריחי יונים, שפילן צווישן זיך אין טויבן, וועמענס טויב וועט שפעטער אָנקומען דער דארף צאָלן דעם אנדערן געלט), און די וועלכע האנדלן מיט שמיטה (־פרוכטן). **וועגן דעם וואָרט „קוביא״ זע אין אונזער פירוש ראש השנה פרק א׳ משנה ח׳. די אלע אָדער זיי טוען עבירות ווארים מען טאָר ניט באָרגן אויף פראָצענט און מען טאָר ניט האנדלן מיט שמיטה־פרוכטן, אָדער זיי זענען ניט עוסק אין ערנס־טע זאכן ווי לערנען, מסחר, מלאכה (בישובו של עולם) זיי פארנעמען זיך מיט געלט־שפילן ווי די שפילער אין ביינדלעך אָדער אין טויבן, דאריבער קאָנען זיי ניט זיין ניט קיין דיינים און ניט קיין עדות.** אָמר ר׳ שמעון, האָט ר׳ שמעון געזאָגט, אז צו־ערשט האָט מען זיי גערופן (האָט מען געזאָגט אז עס זענען פסול, אויך) די וועלכע זאמלן (נעמען אראָפּ פון די פעלדער) שמיטה ־ פרוכטן (אויספי שביעית), אָבער ווען עס האָבן זיך פארמערט די צוואנג־הערשער (אנסין, די באאמטע וואָס האָבן ארויפגעלייגט שווערע מסים, שטייערן אויף די פעלדער־בעלי בתים, און זיי האָבן געמוזט אויך אים שמיטה אראָפּנעמען די פרוכטן כדי צו באצאָלן די שטייערן) האָט מען גענומען זיי (די פסולע צו דיינים און עדות) רופן סוחרים פון שמיטה־פרוכטן. **און מען האָט געזאָגט, אז נור די סוחרים דערמיט זענען פסול, אָבער די וועלכע נעמען אראָפּ די פרוכטן זענען כשר.** אָמר ר׳ יהודה, האָט ר׳ יהודה געזאָגט, אז ווען (האָט מען געזאָגט אויף די מענטשן, וועלכע שפילן אין ביינדלעך צי אין טויבן, אז זיי זענען פסול)? ווען זיי האָבן ניט קיין אנדערע באשעפטיקונג (אומנות) נאָר די דאָ־זיקע, אָבער אויב זיי האָבן אן אנדערע באשעפטיקונג (מסחר צו מלאכה) א חוץ די דאָזיקע (א חוץ שפילן אין ביינדלעך צי אין טויבן), זענען זיי כשר. **מחמת זיי באַ־שעפטיקן זיך דאָך אויך מיט א ענין פון ישוב העולם.**

ד. ואלו, און די דאָזיקע זענען קרובים (און זענען פסול צו זיין דיינים צי עדות): (זיין פאָטער), און זיין ברודער, און דער ברודער פון זיין פאָטער, און דער ברודער פון זיין מוטער, און דער מאן פון זיין שוועסטער, און דער מאן פון זיין פאָטערס שוועסטער, און דער מאן פון זיין מוטער (זיין שטיף־פאָטער) און זיין שווער (זיין פרוי׳ס פאָטער), און זיין שוואָגער (גיסו, זיין פרוי׳ס שוועסטערס מאן), זיי און זייערע זין און זייערע איידעמס (פון די אלע אויסגערעכנטע מענטשן, הייסן קרובים), און דער שטיף־זון (חורגו) נאָר ער אליין. **אָבער דעם שטיף־זונ׳ס זין און איידעמס הייסן ניט קיין קרובים. אין טייל משניות איז ניט פאראן אין אָנהויב משנה דאָס וואָרט „אביו״, „זיין פאָטער״, ווייל דער פאָטער איז דער יסוד פון קרובהשאפט, און די משנה דארף עס ניט רעכנען, פונקט ווי זי רעכנט ניט קיין „זין״.** אָמר ר׳ יוסי, האָט ר׳ יוסי געזאָגט, אז דאָס איז די משנה פון ר׳ עקיבא, אָבער די פריערדיקע משנה (משנה ראשונה, פון פאר ר׳ עקיבא, האָט געלערנט), אז זיין פעטער (דודו) און זיין פעטערס זון (בן דודו״). **דאָס זענען די ווערטער פון דער פריערדיקע משנה. איצט גיט די משנה ווייטער די ווערטער פון ר׳ עקיבא׳ס משנה :** וכל, און (עס הייסט א קרוב) יעדער וואָס קאָן אים ירשענען, און ער איז אין דער דאָזיקער צייט זיין קרוב; אויב ער איז געווען א קרוב און ער איז געוואָרן אויס קרוב (נתרחק, דערוויי־

שָׁעָה, הָיָה קָרוֹב וְנִתְרַחֵק כָּשֵׁר. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, אֲפִלּוּ מֵתָה בִתּוֹ וְיֵשׁ לוֹ בָנִים מִמֶּנָּה הֲרֵי זֶה קָרוֹב: ה הָאוֹהֵב וְהַשּׂוֹנֵא אוֹהֵב זֶה שׁוֹשְׁבִינוֹ, שׂוֹנֵא כָּל שֶׁלֹּא דִבֶּר עִמּוֹ שְׁלשָׁה יָמִים בְּאֵיבָה. אָמְרוּ לוֹ, לֹא נֶחְשְׁדוּ יִשְׂרָאֵל עַל כָּךְ: ו כֵּיצַד בּוֹדְקִים אֶת הָעֵדִים? הָיוּ מַכְנִיסִין אוֹתָן (לְחֶדֶר) וּמְאַיְּמִין עֲלֵיהֶן, וּמוֹצִיאִין (אֶת כָּל הָאָדָם) (נ״א אוֹתָן) לַחוּץ, וּמְשַׁיְּרִין אֶת הַגָּדוֹל שֶׁבָּהֶן, וְאוֹמְרִים לוֹ, אֱמוֹר הֵיאַךְ אַתָּה יוֹדֵעַ שֶׁזֶּה חַיָּב לָזֶה. אִם אָמַר, הוּא אָמַר לִי שֶׁאֲנִי חַיָּב לוֹ, אִישׁ פְּלוֹנִי אָמַר לִי שֶׁהוּא חַיָּב לוֹ, לֹא אָמַר

טערט געוואָרן) איז ער כשר. למשל לוי איז געווען שמעון׳ס איידעם, און איידער **שמעון האָט געבאָרגט ביי ראובנען געלט איז לוי׳ס ווייב, שמעון׳ס טאָכטער, געשטאָרבן, קאָן לוי זיין א עדות אין דער דין־תורה.** ר׳ יהודה זאָגט, אז אפילו זיין (שמעון׳ס) טאָכטער איז געהאט געשטאָרבן און ער (לוי) האָט פון איר קינדער הייסט ער א קרוב. **מיר האָבן דאָ איינגעטייטשט, אז עס גייט ניט לויט דער צייט ווען די דין תורה קומט פאָר, נאָר ווען דער עדות־זאָגער האָט געזען די זאך וועגן וועלכער ער וויל זאָגן עדות.**

ה. האוהב, (עס זענען אויך פסול) א גוטער פריינד (אוהב) און א שונא. **אויך זיי זענען פסול צו זיין עדות אָדער דיינים.** אוהב, א גוטער פריינט הייסט זיין חתונה־פריינט (שושבינו). **מיר האָבן פריער אין בבא בתרא פרק ט׳ משנה ד׳ דערקלערט דעם ענין פון „שושבינות״, און „שושבין״ הייסט דער וואָס ברענגט מיט צו דער חופה־סעודה די חתונה־מתנה. ער איז פסול אין פארלויף פון די חופה־טעג.** שונא, א שונא הייסט יעדער מיט וועלכן ער האָט ניט גערעדט דריי טעג צוליב פיינטשאפט; האָבן זיי (די חכמים געזאָגט) צו אים (צו ר׳ עקיבא), אז יידן זענען ניט חשוד דערויף. **צוליב ניט רעדן מיט איינעם דריי טעג מחמת פיינטשאפט קאָן מען ניט חושד זיין א יידן, אז ער זאָל דאדורך זאָגן אויף יענעם פאלש עדות. אָבער צו זיין א דיין האלטן אויך די חכמים, אז ער איז פסול, ווייל א דיין דארף דאָך זיך באמיען צו זען דעם זכות פון יעדן בעל דין, און אויב ער האָט אים פיינט, קאָן ער עס ניט זען.**

ו. כיצד, ווי אזוי פרעגט מען אויס די עדות? מען פירט זיי אריין אין צימער, און מען ווארפט אויף זיי אָן א אימה. **אין דעם צימער פון בית דין געפינען זיך דאַמאָלס אלע זייטיקע מענטשן. „מאיימין עליהן״, מען ווארפט אויף זיי אָן אן אימה, איז בעסער צו טייטשן, מען זאָגט זיי וועגן דער ערנסטקייט צו זאָגן עדות נור דעם אמת. מען זאָגט זיי, אז אפילו די מענטשן וועלכע דינגען די פאלשע עדות, זענען זיי אליין מבזה און רופן זיי אָן רשעים.** ומוציאין, און (דערנאָך) הייסט מען אלע מענטשן ארויסגיין אין דרויסן, און מען לאָזט איבער (אין צימער) דעם עלטסטן פון זיי (פון די עדות), און מען זאָגט צו אים: „זאָג, ווי אזוי ווייסטו אז דער (שמעון) איז שולדיק (געלט) צו דעם (צו ראובנען)?״ **מיט „אלע מענטשן״ מיינט מען דאָ די איבריקע עדות און סתם מענטשן; אָבער די צוויי צדדים, ראובן און שמעון, בלייבן.** אם אָמר, אויב ער (דער עדות) האָט געזאָגט: „ער (שמעון אליין) האָט מיר געזאָגט, אז ער (שמעון) איז אים (ראובנען) שולדיג״, אָדער אז „יענער מענטש (לוי) האָט מיר געזאָגט, אז ער (שמעון) איז אים (ראובנען) שולדיק״, האָט ער (דער עדות) גאָרניט געזאָגט (זיין עדות זאָגן האָט ניט קיין ווערט), סיידן ער (דער עדות) זאָל זאָגן, אז „פאר אונז (אין דער געגנווארט פון אונז עדות) האָט ער (שמעון) מודה געווען צו אים (צו ראובנען) אז ער איז אים שולדיק צוויי הונדערט גילדן״. **אויב שמעון האָט ניט מודה געווען צו ראובנען, נאָר ער האָט דאָס געזאָגט בלויז צום עדות, קאָן שמעון טענהן, אז ער האָט געוואָלט בכוונה פארשפרייטן אזא קלאנג, כדי מען זאָל אים ניט האלטן פאר**

כלום, עד שיאמר בפנינו הודה לו שהוא חיב לו מאתים זוז. ואחר כך מכניסין את השני ובודקים אותו. אם נמצאו דבריהם מכונים, נושאין ונותנים בדבר. שנים אומרים זכאי, ואחד אומר חיב, זכאי. שנים אומרים חיב, ואחד אומר זכאי חיב. אחד אומר זכאי (ואחד אומר חיב), ואפלו שנים מזכין או שנים מחיבין ואחד אומר איני יודע, יוסיפו הדינין:

ז גמרו את הדבר היו מכניסין אותן הגדול שבדינים אומר, איש פלוני אתה זכאי, איש פלוני אתה חיב. ומנין לכשיצא אחד מן הדינים, לא יאמר אני מזכה וחברי מחיבים, אבל מה אעשה שחברי רבו עלי? על זה

א נגיד. אויך אויב א פרעמדער, לוי, האָט געזאָגט צום עדות, טויג ניט, ווייל עס הייסט א „עד מפי עד‟, איין עדות האָט געהערט פון אן אנדערן עדות, און דאָס איז גאָרניט. אָבער ווען די עדות הערן ווי שמעון איז מודה צו ראובנען, צום געלטמאָנער, אז עס קומט אים דאָס געלט, איז עס א גוטע עדות. ואחר כך, און דערנאָך ברענגט מען אריין דעם צווייטן (עדות) און מען פרעגט אים אויס; אויב זייערע ווערטער (די ווערטער פון ביידע עדות) זענען גלייכע (מכוונים, שטימען צווישן זיך), הויבט מען אָן (הויבן אָן די דיינים) ארומצורעדן די זאך. „נושאים ונותנים בדבר‟, צו פארהאנדלען, יעדער פון זיי זאָגט ארויס זיין מיינונג און מען פרובט איינער צו ווייזן דעם אנדערן אז ער איז גערעכט. שנים, אויב צוויי (פון די דריי דיינים) זאָגן: „אומשולדיק‟ (זכאי, אז שמעון, ביי וועמען ראובן מאָנט דאָס געלט, איז אומשולדיק), און איינער (דער דריטער דיין) זאָגט: „שולדיק‟, איז ער (שמעון) אומשולדיק; אויב צוויי זאָגן „שולדיק‟, און איינער זאָגט „אומשולדיק‟, איז ער שולדיג (און שמעון דארף באצאָלן); אויב איינער זאָגט „אומשולדיק‟, און איינער זאָגט „שולדיק‟, אפילו ווען צוויי זאָגן „אומשולדיק‟ אָדער זיי זאָגן „שולדיק‟, און איינער (דער דריטער דיין) זאָגט „איך וויים ניט‟, גיט מען צו נאָך דיינים. מען פארגרעסערט דאמאָלס די צאָל דיינים, און מען פירט ווייטער די דין תורה. כאָטש אפילו ווען דער איינער, וועלכער זאָגט, אז ער ווייסט ניט, זאָל יאָ זאָגן זיין דעה קאָן ער סיי ווי ניט מכריע זיין, אויב די אנדערע צוויי זאָגן „אומשולדיק‟, אָדער „שולדיק‟, נאָר ווייל ער זאָגט „איך וויים ניט‟, הייסט עס, ווי ער איז גאָרניט קיין דיין, ער איז ניטאָ, און עס קומט אויס, אז די דין תורה זאָל געפסקנט ווערן דורך 2 דיינים, און דאָס טאָר מען ניט. דאריבער גיט מען צו נאָך דיינים.

ג. גמרו, נאָכדעם ווי זיי (די דיינים) האָבן פארענדיקט די זאך (זיי האָבן שוין געהאט דעם פסק דין), האָט מען אריינגעלאָזט זיי (אלע מענטשן). אין דער צייט ווען די דיינים פירן צווישן זיך די פארהאנדלונגן, טאָר קיינער ניט זיין אין צימער, ניט די צוויי צדדים, ראובן און שמעון, ניט די עדות, און ניט אנדערע מענטשן, כדי מען זאָל ניט וויסן, ווער פון די דיינים האָט גע׳פסקנט „שולדיק‟ און ווער „אומשולדיק‟, און עס זאָל ניט קומען ביי מענטשן צו קיין שנאה צו דיינים. אָבער נאָכדעם ווי זיי האָבן שוין באשלאָסן דעם פסק דין, האָט מען אריינגעלאָזט אלע מענטשן, כדי זיי זאָלען הערן דעם פסק דין. הגדול, דער גרעסטער (גדול, דער אנגעזעענטסטער) פון די דיינים זאָגט: „יענער מענטש (ער רופט אים ביים נאָמען, שמעון), דו ביזט אומשולדיק‟, אָדער „יענער מענטש (רופט אים ביים נאָמען, שמעון) דו ביזט שולדיק‟. דערמיט איז דער פסק דין געוואָרן ארויסגעגעבן. ומנין, און פון וואנען (לערנען מיר), אז ווען איינער פון די דיינים גייט ארויס (פון בית דין־שטוב) זאָל ער ניט זאָגן: „איך האָב געזאָגט אז אומשולדיק, און מיינע חברים (די אנדערע צוויי דיינים) האָבן געזאָגט אז שולדיק, אָבער וואָס האָב איך געקאָנט טאָן, אז מיינע חברים זענען געווען מער פון מיר (און דאריבער איז דער פסק דין געווען שולדיק‟? דערויף

נֶאֱמַר, לֹא תֵלֵךְ רָכִיל בְּעַמֶּךָ וְאוֹמֵר, הוֹלֵךְ רָכִיל מְגַלֶּה סּוֹד: ח כָּל זְמַן שֶׁמֵּבִיא רְאָיָה סוֹתֵר אֶת הַדִּין. אָמְרוּ לוֹ כָּל רְאָיוֹת שֶׁיֵּשׁ לְךָ הָבֵא מִכָּאן עַד שְׁלֹשִׁים יוֹם, הֵבִיא בְּתוֹךְ שְׁלֹשִׁים יוֹם, סוֹתֵר. לְאַחַר שְׁלֹשִׁים יוֹם אֵינוֹ סוֹתֵר. אָמַר רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל, מַה יַּעֲשֶׂה זֶה שֶׁלֹּא מָצָא בְּתוֹךְ שְׁלֹשִׁים וּמָצָא לְאַחַר שְׁלֹשִׁים? אָמְרוּ לוֹ הָבֵא עֵדִים. וְאָמַר אֵין לִי עֵדִים. אָמְרוּ הָבֵא רְאָיָה, וְאָמַר אֵין לִי רְאָיָה, וּלְאַחַר זְמַן מָצָא רְאָיָה, וּמָצָא עֵדִים, הֲרֵי זֶה אֵינוֹ כְלוּם. אָמַר רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל, מַה יַּעֲשֶׂה זֶה שֶׁלֹּא הָיָה יוֹדֵעַ שֶׁיֵּשׁ לוֹ עֵדִים וּמָצָא עֵדִים, לֹא הָיָה יוֹדֵעַ שֶׁיֵּשׁ לוֹ רְאָיָה וּמָצָא רְאָיָה? (אָמְרוּ לוֹ הָבֵא עֵדִים, אָמַר אֵין לִי עֵדִים, הָבֵא רְאָיָה, וְאָמַר אֵין לִי רְאָיָה). רָאָה שֶׁמִּתְחַיֵּב בַּדִּין, וְאָמַר קִרְבוּ פְּלוֹנִי וּפְלוֹנִי וְהָעִידוּנִי, אוֹ שֶׁהוֹצִיא רְאָיָה מִתּוֹךְ (מִתַּחַת) אֲפוּנְדָּתוֹ הֲרֵי זֶה אֵינוֹ כְלוּם:

ווערט געזאָגט (וועגן אזא מענטש, אין ויקרא י״ט, ט״ז) „לא תלך רכיל בעמיך״ (זאָלסט ניט טרייבן קיין רכילות אין דיין פאָלק), און ס׳ווערט געזאָגט (משלי י״א) הולך רכיל מגלה סוד״ (א רכילות־טרייבער איז דער וואָס זאָגט־אויס א סוד״) **און די דיעות פון די דיינים זענען דאָך געווען א סוד, א געהיימניס, מחמת ווי מיר האָבן געלערנט פריער איז קיין זייטיקער מענטש ניט פאראן אין בית־דין־צימער ווען די דיינים באטראכטן צווישן זיך די דין תורה.**

ח. כל זמן, אזוי לאנג ווי ער (דער וואָס האָט פארשפילט די דין תורה) ברענגט א באוויז (א געשריבענעם דאָקומענט, א שטר), קאָן ער אומוואָרפן דעם פסק דין. **ער קאָן קומען צו בית דין און זאָגן, אז ער האָט געפינען דעם שטר וואָס באווייזט, אז זיינע טענות זענען ריכטיקע, און די דין תורה דארף פארקומען נאָכאמאָל.** אמרו לו, אויב זיי (די דיינים) האָבן געזאָגט צו אים: „אלע באווייזן וואָס דו האָסט, ברענג פון היינט אָן ביז דרייסיק טעג״, איז אויב ער האָט געבראַכט אין די דרייסיק טעג, וואָרפט ער אום (דעם פסק דין), און (אויב ער האָט געבראַכט) נאָך די דרייסיק טעג, קאָן ער ניט אומוואָרפן (דעם פסק דין). **ווייל מען האָט אים געגעבן א צייט, און די צייט איז אריבער.** אמר, האָט ר׳ שמעון בן גמליאל געזאָגט: וואָס זאָל טאָן דער דאָזיקער (מענטש) וועלכער האָט ניט געפינען (דעם באוויז) אין די דרייסיק טעג, און ער האָט (אים) געפינען נאָך די דרייסיק טעג? **לויט ר׳ שמעון בן גמליאל קאָן ער אומוואָרפן דעם פסק דין ווען נור ער ברענגט דעם געשריבענעם באוויז.** אמרו לו, אויב זיי (די דיינים) האָבן צו אים געזאָגט: „ברענג עדות״, און ער האָט דערויף געזאָגט: „איך האָב ניט קיין עדות״, אָדער זיי האָבן אים געזאָגט: „ברענג א באוויז״, און ער האָט (דערויף) געזאָגט: „איך האָב ניט קיין באוויז״, און נאָך א צייט האָט ער געפינען א באוויז, אָדער ער האָט געפינען עדות, איז עס גאָרניט. **ווייל קוים האָט ער געזאָגט פריער, אז ער האָט ניט, נעמט מען אָן אז דער באוויז איז א געפעלשטער און אז די עדות זענען פאלשע געדונגענע עדות.** אמר ר׳ שמעון בן גמליאל, האָט ר׳ שמעון בן גמליאל געזאָגט: וואָס זאָל טאָן דער וואָס האָט ניט געוואוסט, אז ער האָט עדות, און (דערנאָך) האָט ער געפונען עדות, אָדער ער האָט ניט געוואוסט, אז ער האָט א באוויז, און (דערנאָך) האָט ער געפינען א באוויז? **דאריבער דארף מען יאָ אננעמען די עדות און דעם באוויז.** אמרו לו, אויב זיי האָבן אים (בעת דער דין תורה) געזאָגט: „ברענג עדות״, און ער האָט געזאָגט: „איך האָב ניט קיין עדות״, אָדער (זיי האָבן אים געזאָגט): „ברענג א באוויז״ און ער האָט זיי געזאָגט: „איך האָב ניט קיין באוויז״, (אָבער) ווי ער האָט געזען אז ער האָט פארשפילט די דין תורה, האָט ער געזאָגט: „קומט־אהער, יענע און יענע מענטשן (אנרופנדיק מענטשן ביי זייערע נעמען)

**א** אֶחָד דִּינֵי מָמוֹנוֹת וְאֶחָד דִּינֵי נְפָשׁוֹת בִּדְרִישָׁה וּבַחֲקִירָה, שֶׁנֶּאֱמַר, מִשְׁפַּט אֶחָד יִהְיֶה לָכֶם. מַה בֵּין דִּינֵי מָמוֹנוֹת לְדִינֵי נְפָשׁוֹת? דִּינֵי מָמוֹנוֹת בִּשְׁלֹשָׁה, וְדִינֵי נְפָשׁוֹת בְּעֶשְׂרִים וּשְׁלֹשָׁה. דִּינֵי מָמוֹנוֹת פּוֹתְחִין בֵּין לִזְכוּת בֵּין לְחוֹבָה, וְדִינֵי נְפָשׁוֹת פּוֹתְחִין לִזְכוּת, וְאֵין פּוֹתְחִין לְחוֹבָה. דִּינֵי מָמוֹנוֹת מַטִּין עַל פִּי אֶחָד בֵּין לִזְכוּת בֵּין לְחוֹבָה, וְדִינֵי נְפָשׁוֹת מַטִּין עַל פִּי אֶחָד לִזְכוּת, וְעַל פִּי שְׁנַיִם לְחוֹבָה. דִּינֵי מָמוֹנוֹת מַחֲזִירִין בֵּין לִזְכוּת בֵּין

און זאָגט פאר מיר עדות", אָדער ער האָט ארויסגעצויגן א (געשריבענעם) באוויז פון זיין גארטל, איז עס גאָרניט. **דאָ איז אויך ר' שמעון בן גמליאל מודה, אז מען דארף אָננעמען, אז דאָס זענען פאלשע עדות און א געפעלשטער דאָקומענט, ווארים ער האָט דאָך נור־וואָס געזאָגט אז ער האָט ניט. "אפונדתו", זיין גארטל, איז דאָס לאטייניש וואָרט "פונדא", א גארטל.**

## פרק ד.

א. אחד, סיי געלט־משפטים און סיי טויט־שטראָף־משפטים (דיני נפשות) זיי־נען גלייך (דארפן ביידע האָבן) אונטערזוכונג און אויספאָרשונג (דרישה וחקירה, מען דארף די עדות גוט אויספאָרשן) ווארים עס ווערט געזאָגט (ויקרא כ"ד) "משפט אחד יהיה לכם" (איין רעכט זאָלט איר האָבן). **אין דער משנה האָבן מיר צוויי זאכן "בדיקה" (אויספרעגן) און "דרישה וחקירה" (אונטערזוכן און אויספאָרשן). מיט דרישה וחקירה מיינט מען אויספאָרשן די זאך אליין, למשל ביי געלט־משפטים ווי־פיל האָט ער געבאָרגט, ווען איז עס געשען; און מיט "בדיקה", אויספרעגן, מיינט מען זייטיקע פרטים, למשל, אין וואָסער מלבוש איז דער געלט־באָרגער געווען אָנגעטאָן, צי איז ער געשטאנען, צי געזעסן. די משנה זאָגט, אז משפטים וועגן געלט־זאכן און משפטים וועגן טויט־שטראָף זענען גלייך איינע צו די אנדערע דערמיט וואָס ביי ביידע דארף מען אויספאָרשן די עדות. דאָס איז לויט דעם דין פון דער תורה. אָבער די חכמים האָבן מתקן געווען, אז ביי געלט־משפטים זאָל מען ניט מאריך זיין אין אויספאָרשן, כדי מענטשן זאָלן ניט מורא צו האָבן צו געבן הלוואות. מען דארף מאריך זיין ביים אויספאָרשן ווען די דיינים זען אז עס איז א דין מרומה, אז עס קומט דאָ פאָר א שווינדל.** מה בין, וואָס איז (יאָ) דער אונטערשיד צווישן געלט־משפטים און טויט־שטראָף־משפטים? **די משנה וועט דאָ אויסרעכענען די זאכן, אין וועלכע די משפטים וועגן געלט זענען גרינגער, און די משפטים וועגן עבירות, פאר וועלכע עס קומט טויט־שטראָף, זענען שווערער.** דיני ממונות בשלשה, געלט־משפטים (קומען פאָר) פאר דריי (דיינים), און טויט־שטראָף־משפטים פאר דריי און צוואָנציק (דיינים). **דעם דין האָבן מיר געהאט פריער אין אָנהויב פרק א'.** דיני ממונות פותחין, אין געלט־משפטים הייבט מען אָן סיי מיט (די טעמים צו מאכן) אומשולדיק (לזכות) און סיי מיט (די טעמים צו מאכן) שולדיק; און ביי טויט־שטראָף־משפטים הייבט מען אָן מיט (די טעמים צו מאכן) אומשולדיק, און מען הייבט ניט אָן מיט (די טעמים צו מאכן) שולדיק. **דאָס בית דין ביי טויט־שטראָף־משפטים הויבט אָן דעם משפט מיט זאָגן צום אָנגעקלאָגטן מענטש, אז אויב ער האָט ניט געטאָן די עבירה זאָל ער גאָר־ניט מורא האָבן, און מען הערט אויס צוערשט די טעמים פארוואָס מען דארף דעם אָנגעקלאָגטן האלטן פאר אומשולדיק.** דיני ממונות מטין, ביי געלט־משפטים פסקנט מען (מטין, מען נייגט, מען גייט נאָך) מיט דעם רוב פון איין (דיין) סיי צו זאָגן אומ־שולדיק (פטור צו באצאָלן) סיי צו זאָגן שולדיג; דאקייגן ביי טויט־שטראָף משפטים פסקנט מען מיט דעם רוב פון איין דיין נאָר צו זאָגן אומשולדיק (צו באפרייען דעם אָנגעקלאָגטן) אָבער (נאָר מיט דעם רוב פון) צוויי צו זאָגן שולדיק. **למשל ביי געלט־משפטים ווען 2 דיינים זאָגן אז ער איז שולדיק און ער דארף באצאָלן און איין דיין זאָגט אז ער איז אומשולדיק, פסקנט מען ווי די צוויי**

לְחוֹבָה, וְדִינֵי נְפָשׁוֹת מַחֲזִירִין לִזְכוּת וְאֵין מַחֲזִירִין לְחוֹבָה. דִּינֵי מָמוֹנוֹת הַכֹּל מְלַמְּדִין זְכוּת וְחוֹבָה, דִּינֵי נְפָשׁוֹת הַכֹּל מְלַמְּדִין זְכוּת וְאֵין הַכֹּל מְלַמְּדִין חוֹבָה. דִּינֵי מָמוֹנוֹת הַמְלַמֵּד חוֹבָה מְלַמֵּד זְכוּת. וְהַמְלַמֵּד זְכוּת מְלַמֵּד חוֹבָה, דִּינֵי נְפָשׁוֹת הַמְלַמֵּד חוֹבָה מְלַמֵּד זְכוּת, אֲבָל הַמְלַמֵּד זְכוּת אֵינוֹ יָכוֹל לַחֲזוֹר וּלְלַמֵּד חוֹבָה. דִּינֵי מָמוֹנוֹת דָּנִין בַּיּוֹם וְגוֹמְרִין בַּלַּיְלָה, דִּינֵי נְפָשׁוֹת דָּנִין בַּיּוֹם וְגוֹמְרִין בַּיּוֹם. דִּינֵי מָמוֹנוֹת גּוֹמְרִין בּוֹ בַּיּוֹם בֵּין לִזְכוּת בֵּין לְחוֹבָה.

**דיינים, כאָטש דער רוב איז ניט מער ווי איינער** (2 קייגן איינעם). **און ביי טויט־שטראָף־משפטים, אויב 12 דיינים זאָגן אז ער איז שולדיק און 13 דיינים זאָגן אומשולדיק, פסקנט מען לויט דעם רוב פון איינעם** (13 קייגן 12), **אָבער פאַרקערט אויב 13 זאָגן שולדיק און 12 זאָגן אומשולדיק פסקנט מען ניט ווי די 13, ווייל ס'איז א רוב נאָר פון איינעם, און ארויסצוגעבן דעם פסק דין שולדיק אין טויט־שטראָף־משפטים מוז מען האָבן א רוב פון צוויי.** דיני ממונות מחזירין, ביי געלט־משפטים באַנייט מען (דעם משפט אפילו נאָכן פסק דין, מחזירין, מען באַטראַכט נאָכאַמאָל דעם משפט, אויב עס זענען אָנגעקומען נייע באַווייזן) סיי צו זאָגן שולדיק און סיי צו זאָגן אומשולדיק; און ביי טויט־שטראָף משפטים באַנייט מען דעם משפט (אויב עס זענען אָנגעקומען נייע באַווייזן) נאָר אויף צו זאָגן אומשולדיק אָבער ניט אויף צו זאָגן שולדיק. **למשל, אויב מען האָט געפסקנט איינעם אז ער איז שולדיג און עס קומט אים טויט־שטראָף, און דערנאָך זענען אָנגעקומען נייע באַווייזן, באַטראַכט מען נאָכאַמאָל דעם משפט. אָבער אויב מען האָט צוערשט געפסקנט אז ער איז אומשולדיק, און דערנאָך זענען אָנגעקומען נייע באַווייזן וועגן זיין שולדיקייט, באַטראַכט מען ניט דעם משפט נאָכאַמאָל.** דיני ממונות הכל, ביי געלט־משפטים קאָן יעדער (מענטש, וועלכער איז ביי דער דין תורה, אפילו ניט איינער פון די דיינים) לערנען (זאָגן זיין סברא) סיי פאַר אומשולדיק און סיי פאַר שולדיק; און ביי טויט־שטראָף־משפטים קאָן יעדער (מענטש) לערנען (זאָגן זיין סברא) פאַר אומשולדיק, און ניט יעדער קאָן לערנען (זאָגן זיין סברא) פאַר שולדיק. **דאָס קאָן טאָן אין טויט־שטראָף־משפטים נור איינער פון די דיינים.** דיני ממונות המלמד, ביי געלט־משפטים איז דער (דיין) וועלכער האָט פריער געלערנט (ארויסגעזאָגט זיין סברא) פאַר שולדיק, קאָן דערנאָך (אין מיטן משפט) לערנען (זאָגן זיין סברא) פאַר אומשולדיק, און דער (דיין) וואָס האָט פריער געלערנט (געזאָגט זיין סברא) פאַר אומשולדיק, קאָן דערנאָך לערנען (זאָגן זיין סברא) פאַר שולדיק; און ביי טויט־שטראָף־משפטים איז דער (דיין) וואָס האָט געלערנט (געזאָגט זיין סברא) פאַר שולדיק, קאָן דערנאָך לערנען פאַר אומשולדיק, אָבער דער (דיין) וואָס האָט געלערנט פאַר אומשולדיק קאָן ניט דערנאָך (אין מיטן משפט) חרטה האָבן און לערנען (זאָגן זיין סברא) פאַר שולדיק. **דאָס איז נור אין מיטן משפט, ווען עס קומט פאָר דער משא ומתן צווישן די דיינים, אָבער צום סוף משפט ביים ארויסגעבן דעם פסק דין, קאָן דער דיין וואָס האָט פריער געהאלטן, אז דער אָנגעקלאָגטער איז אומשולדיק, ענדערן זיין מיינונג און זיך ארויסזאָגן פאַר שולדיק.** דיני ממונות דנין, געלט־משפטים קאָן מען באַטראַכטן בייטאָג און פאַרענדיקן (ארויסגעבן דעם פסק דין) ביינאַכט : און טויט־שטראָף־משפטים באַטראַכט מען בייטאָג און מען ענדיקט (מען גיט ארויס דעם פסק דין נאָר) בייטאָג. **די משנה וועט באַלד זאָגן, אז טיילמאָל מוז מען דעם פסק דין ביי טויט־שטראָף־משפטים ארויסגעבן ערשט צומאָרגנס בייטאָג.** דיני ממונות גומרין, געלט־משפטים קאָן מען פאַרענדיקן (ארויסגעבן דעם פסק דין) אין זעלביקן טאָג (ווען מען האָט אָנגעהויבן די דין תורה) סיי פאַר שולדיק סיי פאַר אומשולדיק; און טויט־שטראָף־משפטים קאָן מען פאַרענדיקן (ארויסגעבן דעם פסק דין אין זעלביקן טאָג (ווען מען האָט דעם משפט אָנגעהויבן) נור פאַר אומשול־

דִּינֵי נְפָשׁוֹת גּוֹמְרִין בּוֹ בַּיּוֹם לִזְכוּת, וּבַיּוֹם שֶׁל אַחֲרָיו לְחוֹבָה. לְפִיכָךְ אֵין דָּנִין לֹא בְעֶרֶב שַׁבָּת וְלֹא בְעֶרֶב יוֹם טוֹב: ב דִּינֵי (מָמוֹנוֹת) הַטֻּמְאוֹת וְהַטְּהָרוֹת מַתְחִילִין מִן הַגָּדוֹל. דִּינֵי נְפָשׁוֹת מַתְחִילִין מִן הַצַּד. הַכֹּל כְּשֵׁרִין לָדוּן דִּינֵי מָמוֹנוֹת. וְאֵין הַכֹּל כְּשֵׁרִין לָדוּן דִּינֵי נְפָשׁוֹת. אֶלָּא כֹּהֲנִים לְוִיִּם וְיִשְׂרְאֵלִים הַמַּשִּׂיאִין לִכְהֻנָּה: ג סַנְהֶדְרִין הָיְתָה כַּחֲצִי גֹרֶן עֲגֻלָּה,

דיק (ווען דער פסק דין באפרייט דעם אָנגעקלאָגטן); אָבער (מען קאָן ארויסגעבן דעם פסק נור) דעם טאָג דערנאָך, ווען (דער פסק דין איז) פאר שולדיק. די אלע זאכן זענען כדי צו געבן די דיינים די מעגליכקייט בעסער צו באטראכטן דעם משפט לטובת דעם אָנגעקלאָגטן אין א טויט־שטראָף־עבירה. לפיכך, דאריבער משפט מען ניט (הויבט מען ניט אָן א טויט־שטראָף־משפט) ניט ערב שבת (פרייטאָג) און ניט ערב יום טוב. ווייל אויב דער פסק דין וועט זיין, אז ער איז שולדיק און עס קומט אים טויט־שטראָף וועט מען דאָך דעם פסק דין מוזן ארויסגעבן ערשט צומאָרגנס, אים שבת אָדער אים יום טוב. און שבת און יום טוב קאָן מען דעם מענטש ניט טויטן, וועט אויסקומען צו טויטן אים מיט א טאָג שפּעטער, און דאָס טאָר מען ניט, ווייל דאָס הייסט „עינוי הדין", לאָזן איבערנעכטיקן א פסק דין. ווידער שבת צונאכטס טויטן טאָר מען ניט, ווייל דאָס מוז זיין „נגד השמש", בייטאָג. אויך קאָן מען ניט אָנהייבן דעם משפט פרייטאָג, און ארויסגעבן דעם פסק דין זונטאָג, ווייל כאָטש די בית־דין־שרייבערס פארשרייבן די דיינימ׳ס סברות, פונדעסטוועגן קאָנען די דיינים פארגעסן אין די 2 טעג זייערע סברות און טעמים און ניט זיין גוט אריינגעטאָן אין דעם ענין. דאריבער קומען ניט פאָר טויט־שטראָף־משפטים ניט פרייטאָג און ניט ערב־יום־טוב.

ב. דיני, (געלט־משפטים), שאלות וועגן טומאה און טהרה (צי א זאך איז געוואָרן טמא צי עס איז טהור) הייבט מען אָן (ביים אויסהערן די מיינונגען פון די דיינים) פון דעם אָנגעזעהענסטן (דיין). מיט „גדול", דעם גרעסטן, מיינט מען דאָ דעם אָנגעזעהענסטן אין חשיבות און לומדות. דיני נפשות, ביי טויט־שטראָף־משפטים, הייבט מען אָן פון דעם קלענסטן (דיין). „מן הצד", „פון דער זייט", מיינט פון קלענסטן דיין, ווייל דער חשובסטער דיין זיצט אין דער מיט, און די קלענערע דיינים אין דער זייט. דער טעם איז, ווייל טאָמער וועט דער אָנגעזעענער דיין זאָגן זיין מיינונג אז דער אָנגעקלאָגטער איז שולדיק קאָן דאָס זיין א רעה פאר דעם אָנגעקלאָגטן, מחמת די קלענערע דיינים קאָנען דאדורך ניט האָבן די דרייסטקייט צו זאָגן קלאָר זייערע מיינונגען לטובת דעם אָנגעקלאָגטן. אָבער ביי סתם שאלות האָט מען דערפאר ניט קיין מורא. אין טייל משניות איז ניט פאראן דאָס וואָרט „ממונות" (געלט־משפטים). הכל כשרים, אלע זענען כשר צו פסקענען (מעגן זיין דיינים אין) געלט־משפטים; און ניט אלע זענען כשר צו פסקענען (מעגן זיין דיינים) אין טויט־שטראָף־משפטים, סיידן נור כהנים און לויים און ישראלים, וועמענס (טעכטער) קאָנען חתונה האָבן מיט כהנים. דאָס זענען געווען מיוחסדיקע משפחות (זע קידושין פרק ד׳ משנה ה׳). דערמיט פארענדיקט די משנה די הלכות וועגן די אונטערשידן צווישן געלט־משפטים און די משפטים וועגן טויט־שטראָף. איצט וועט די משנה געבן דעם סדר ווי אזוי א משפט וועגן טויט־שטראָף פלעגט פאָרקומען, מחמת ווי אזוי א געלט־שטראָף־משפט איז פאָרגעקומען האָט די משנה געגעבן פריער פרק ג׳ משנות ו׳, ז׳ און ח׳.

ג. סנהדרין, דאָס סנהדרין (דאָס קליינע סנהדרין פון דריי און צוואנציק דיינים, וואָס האָבן דן־געווען טויט־שטראָף־משפטים) איז געווען ווי א האלב־שייער קיילעכיק (חצי גורן עגולה). דער שייער, גורן, אין וועלכן מען האָט געזאמלט די תבו־

כְּדֵי שֶׁיְּהוּ רוֹאִין זֶה אֶת זֶה. וּשְׁנֵי סוֹפְרֵי הַדַּיָּנִין עוֹמְדִין לִפְנֵיהֶן, אֶחָד מִיָּמִין וְאֶחָד מִשְּׂמֹאל, וְכוֹתְבִין דִּבְרֵי הַמְזַכִּין וְדִבְרֵי הַמְחַיְּבִין. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, שְׁלֹשָׁה. אֶחָד כּוֹתֵב דִּבְרֵי הַמְזַכִּים, וְאֶחָד כּוֹתֵב דִּבְרֵי הַמְחַיְּבִים וְהַשְּׁלִישִׁי כּוֹתֵב דִּבְרֵי הַמְזַכִּין וְדִבְרֵי הַמְחַיְּבִין:

ד וְשָׁלֹשׁ שׁוּרוֹת שֶׁל תַּלְמִידֵי חֲכָמִים יוֹשְׁבִין לִפְנֵיהֶם כָּל אֶחָד וְאֶחָד מַכִּיר אֶת מְקוֹמוֹ. הָיוּ צְרִיכִים לִסְמוֹךְ, סוֹמְכִין מִן הָרִאשׁוֹנָה. אֶחָד מִן הַשְּׁנִיָּה בָּא לוֹ לָרִאשׁוֹנָה וְאֶחָד מִן הַשְּׁלִישִׁית בָּא לוֹ לַשְּׁנִיָּה. וּבוֹרְרִין לָהֶן עוֹד אֶחָד מִן הַקָּהָל, וּמוֹשִׁיבִין אוֹתוֹ בַּשְּׁלִישִׁית.

אות, איז געווען קיילעכיק. **זאָגט די משנה אז די 23 דיינים זענען געזעסן אין א האלבן ראָד, א העלפט פון דעם קיילעכיקן ראָד, וואָס איז ווי א שייער.** כדי, (דאָס איז געווען כדי זיי (די דיינים) זאָל (בעסער) זען איינער דעם אנדערן.. **ווידער זיי זאָלן זיצן אין א גאנצן ראָד טויג אויך ניט ווייל די בעלי דינים און די עדות דארפן קאָנען שטיין און רעדן פאר אלע דיינים, און ביי א גאנצן קיילעכיקן ראָד איז דאָס אוממעגליך.** וועגן קליינעם סנהדרין **פון 23 דיינים זע פריער פרק א׳ משנה ו׳.** ושני, און צוויי דיינים־שרייבערס (בית־דין־שרייבערס) שטייען פאר זיי (פאר די דיינים), איינער אין דער רעכטער זייט און איינער אין דער לינקער זייט, און זיי פארשרייבן די ווערטער פון די (דיינים וועלכע געבן סברות) פאר אומשולדיק, און די ווערטער פון די (דיינים וועלכע געבן סברות) פאר שולדיק. **יעדער פון די שרייבער פארשרייבט ביידנס סברות, כדי טאָמער וועט איינער א טעות האָבן זאָל מען פון צווייטנס כתב קאָנען עס פאררעכטן.** ר׳ יהודה זאָגט, אז דריי (שרייבערס): איינער פארשרייבט די ווערטער פון די (דיינים) פאר אומשולדיק, און איינער פארשרייבט די ווערטער פון די (דיינים) פאר שולדיק, און דער דריטער (שרייבער) פארשרייבט (סיי) די ווערטער פון די (דיינים) פאר אומשולדיק און (סיי) די ווערטער פון די (דיינים) פאר שולדיק. **מיט ווערטער מיינט מען דאָ די סברות וואָס די דיינים זאָגן ארויס בשעת דעם משא ומתן. ר׳ יהודה האלט, אז אויף די ערשטע צוויי שרייבערס טאָר מען ניט ארויפלייגן צופיל ארבייט, ווייל זיי קאָנען דאדורך מאכן טעותים. דאריבער זאָל יעדער פון זיי פארשרייבן נור די ווערטער פון איין צד, און פון דריטנס כתב וועט מען קאָנען פאררעכטן די טעותים פון די דאָזיקע ערשטע צוויי שרייבערס.**

ד. ושלש, און דריי שורות מיט תלמידי חכמים זיצן פאר זיי (פאר די סנהדרין־דיינים). **די גמרא זאָגט, אז אין יעדער שורה זענען געווען 23 תלמידי חכמים.** כל אחד, יעדער איינער (פון די תלמידי חכמים) האָט געקענט זיין אָרט. **יעדער האָט געהאַט זיין באשטימטן אָרט; לויט זייער חשיבות זענען זיי געזעסן.** היו צריכים, אויב מען האָט געדארפן צושטעלן (לסמוך, צוגעבן א דיין, ווייל איין דיין פון די דריי און צוואַנציק איז געשטאָרבן), האָט מען צוגעזעצט (א תלמיד חכם) פון דער ערשטער שורה. **מען האָט אים געמאכט פאר א דיין, און ער האָט זיך אוועקגעזעצט צווישן די סנהדרין.** אחד מן, איינער (איין תלמיד חכם) פון דער צווייטער (שורה) האָט זיך אוועקגעזעצט אין דער ערשטער שורה. **מחמת אין דער ערשטער שורה איז דאָך געוועזן איצט נור 22 תלמידי חכמים, און עס האָבן געדארפן זיין 23.** ואחד מן, און איינער (איין תלמיד חכם) פון דער דריטער שורה האָט זיך אוועקגעזעצט אין דער צווייטער שורה, און מען האָט אויסגעקליבן איינעם פון קהל (פון די מענטשן וואָס זענען נאָכניט געזעסן אין די שורות) און מען האָט אים אוועקגעזעצט אין דער דריטער שורה. **אזוי ארום האָט יעדע שורה ווידער געהאַט 23 תלמידי חכמים. „איינעם פון קהל" מיינט מען אויך א תלמיד חכם, ניט סתם א פשוטן מענטש.** ולא היה, און ער (יעדער איינער וואָס האָט זיך איבערגעזעצט פון דער ערשטער שורה צו די סנהדרין און פון דער צווייטער שורה אין דער ערשטער, און פון דער דריטער אין דער

וְלֹא הָיָה יוֹשֵׁב בִּמְקוֹמוֹ שֶׁל רִאשׁוֹן, אֶלָּא יוֹשֵׁב בַּמָּקוֹם הָרָאוּי לוֹ: ה כֵּיצַד מְאַיְּמִין אֶת הָעֵדִים עַל עֵדֵי נְפָשׁוֹת? הָיוּ מַכְנִיסִין אוֹתָן וּמְאַיְּמִין עֲלֵיהֶם. שֶׁמָּא תֹאמְרוּ מֵאוֹמֶד, וּמִשְּׁמוּעָה, עֵד מִפִּי עֵד, וּמִפִּי אָדָם נֶאֱמָן שְׁמַעְנוּ. אוֹ שֶׁמָּא אֵין אַתֶּם יוֹדְעִין שֶׁסּוֹפֵנוּ לִבְדּוֹק אֶתְכֶם בִּדְרִישָׁה וּבַחֲקִירָה. הֱווּ יוֹדְעִין שֶׁלֹּא כְדִינֵי מָמוֹנוֹת דִּינֵי נְפָשׁוֹת. דִּינֵי מָמוֹנוֹת אָדָם נוֹתֵן מָמוֹן וּמִתְכַּפֵּר לוֹ, דִּינֵי נְפָשׁוֹת דָּמוֹ וְדַם זַרְעִיּוֹתָיו תְּלוּיִין בּוֹ עַד סוֹף הָעוֹלָם. שֶׁכֵּן מָצִינוּ בְקַיִן שֶׁהָרַג אֶת אָחִיו, שֶׁנֶּאֱמַר דְּמֵי אָחִיךָ צוֹעֲקִים, אֵינוֹ אוֹמֵר, דַּם אָחִיךָ אֶלָּא

צווייטער, און פון קהל אין דער דריטער שורה) האָט זיך ניט געזעצט אויף דעם אָרט פון דעם פריערדיקן (אויף דעם פלאַץ, וואָס איז געוואָרן ליידיק), נאָר ער האָט זיך געזעצט אויף דעם אָרט וואָס קומט אים. **דער תלמיד חכם פון דער ערשטער שורה האָט זיך אוועקגעזעצט צום סוף פון דער סנהדרין־שורה; דער פון דער 2טער האָט זיך אוועקגעזעצט צום סוף פון דער ערשטער; דער פון דער 3טער האָט זיך אוועקגעזעצט צום סוף פון דער 2טער, און דער פון קהל האָט זיך אוועקגעזעצט צום סוף פון דער 3טער שורה.**

ה. כיצד, ווי אזוי האָט מען (האָט דאָס סנהדרין) אָנגעוואָרפן אַן אימה אויף די עדות ביי עדות אין טויט־שטראָף־משפטים? **ווי אזוי מען האָט עס געטאָן ביי געלט משפטים האָט די משנה געגעבן פריער אין פרק ג' משנה ו'. איצט גיט די משנה וועגן דעם וואָס דאָס סנהדרין האָט געזאָגט צו די־ עדות אין טויט־שטראָף משפטים.** היו, מען האָט אַריינגעפירט זיי (די עדות, אין סנהדרין־צימער) און מען האָט אויף זיי אָנגעוואָרפן אַן אימה. **מען האָט צו זיי געזאָגט:** שמא, אפשר זאָגט איר (אייער עדות) פון בלויז אפשאצונג ? **ניט איר האָט געזען, נאָר איר זענט זיך אזוי משער, „מאומד״, פון אפשאצונג ?** ומשמועה, (אָדער) פון א קלאַנג (וואָס איר האָט געהערט), (אָדער), א עדות פון א עדות (איר האָט געהערט וואָס אַן אַנדערער עדות האָט דערציילט) ? (אָדער) וואָס איר האָט געהערט פון א באַגלויבטן מענטש ? **די אלע זאַכן טאָר א עדות ניט זאָגן, און ער מוז זאָגן נור דאָס וואָס ער האָט אליין געזען.** או שמא, אָדער טאָמער ווייסט איר ניט, אז מיר וועלן אייך אויספרעגן מיט אַן אונטערזוכונג און אויספאָרשונג (בדרישה וחקירה)? **איצט הייבט אָן דאָס סנהדרין צו רעדן צו די עדות מוסר־ווערטער וועגן דער הארבקייט פון אַן עבירה צו זאָגן פאַלש עדות און טויט־שטראָף־משפטים, צוליב וואָס א מענטש קאָן אומקומען אומ־שולדיק. זיי זאָגן צו זיי:** הוו יודעין, איר זאָלט וויסן, אז טויט־שטראָף־משפטים זע־נען ניט גלייך צו געלט־משפטים: ביי געלט־משפטים (ווען א עדות זאָגט פאַלש עדות איז עס אויך א עבירה, אָבער) דער מענטש (דער עדות) קאָן געבן געלט (דעם מענטש, וועלכער האָט צוליב זיין פאַלש עדות זאָגן היזק געהאַט געלט) און די עבירה ווערט אים פאַרגעבן. (אָבער) ביי טויט־שטראָף־משפטים (ווען א עדות זאָגט פאַלש עדות און צוליב דעם האָט מען אַן אומשולדיקן מענטשן געטויט), איז זיין בלוט און דאָס בלוט פון זיינע קינדער ביזן סוף פון דער וועלט (פון די קינדער, וואָס ער וואָלט געקאָנט האָבן און פון זיינע אייניקלעך און אור־אייניקלעך, ביזן סוף פון דער וועלט) אָנגעהאָנגען אויף אים (אויפן פאַלשן עדות). ס'הייסט, **אז ער האָט געטויט ניט נור דעם דאָזיקן מענטש אליין, נאָר אויך די קינדער און אייניקלעך און אזוי כסדר דורות וואָס ער וואָלט געקאָנט ארויסגעבן.** שכן מצינו, ווארום אזוי געפינען מיר ביי קין וועלכער האָט געהרגעט זיין ברודער (הבל), וואָס עס ווערט געזאָגט (בראשית ד׳) „דמי אחיך צועקים״ (די בלוטן פון דיין ברודער שרייען); ער זאָגט ניט „דם אחיך״ (דאָס בלוט פון דיין ברודער), נאָר „דמי אחיך״ („די בלוטן פון דיין ברודער״, אין לשון רבים, א סך בלוטן), זיין (הבל'ס) בלוט, און דאָס בלוט פון זיינע קינדער

דְּמֵי אָחִיךָ. דָּמוֹ וְדַם זַרְעִיּוֹתָיו. דָּבָר אַחֵר, דְּמֵי אָחִיךָ, שֶׁהָיָה דָּמוֹ מֻשְׁלָךְ עַל הָעֵצִים וְעַל הָאֲבָנִים. לְפִיכָךְ נִבְרָא אָדָם יְחִידִי לְלַמֶּדְךָ שֶׁכָּל הַמְאַבֵּד נֶפֶשׁ אַחַת מִיִּשְׂרָאֵל, מַעֲלֶה עָלָיו הַכָּתוּב כְּאִלּוּ אִבֵּד עוֹלָם מָלֵא, וְכָל הַמְקַיֵּם נֶפֶשׁ אַחַת מִיִּשְׂרָאֵל מַעֲלֶה עָלָיו הַכָּתוּב כְּאִלּוּ קִיֵּם עוֹלָם מָלֵא. וּמִפְּנֵי שְׁלוֹם הַבְּרִיּוֹת. שֶׁלֹּא יֹאמַר אָדָם לַחֲבֵרוֹ אַבָּא גָּדוֹל מֵאָבִיךָ. וְשֶׁלֹּא יְהוּ הַמִּינִים אוֹמְרִים, הַרְבֵּה רְשׁוּיוֹת בַּשָּׁמַיִם. וּלְהַגִּיד גְּדֻלָּתוֹ שֶׁל הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא. שֶׁאָדָם טוֹבֵעַ כַּמָּה מַטְבְּעוֹת בְּחוֹתָם אֶחָד, וְכֻלָּן דּוֹמִין זֶה לָזֶה, וּמֶלֶךְ מַלְכֵי הַמְּלָכִים הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא טָבַע כָּל אָדָם בְּחוֹתָמוֹ

(וואָס ער וואָלט געקאָנט האָבן). **דאָס זאָגט אלץ דאָס סנהדרין צו די עדות. איצט גיט די משנה אליין צו נאָך א ענטפער אויף דער קשיא, פארוואָס עס ווערט געזאָגט „דמי אחיך” אין לשון רבים.** דבר אחר, אן אנדער וואָרט (אן אנדער טייטש ) איז „דמי אחיך” (די בלוטן פון דיין ברודער) ווייל זיין בלוט (איז ניט געווען אויף איין אָרט נאָר עס) איז געווען פונאנדערגעוואָרפן (פונאנדערגעגאָסן) אויף העלצער און שטיי־נער. **דאריבער איז עס אזוי ווי א סך בלוטן שרייען. איצט גיט די משנה ווייטער די מוסר־ווערטער פון דעם סנהדרין צו די עדות; די דיינים רעדן צו זיין וועגן דער גרוי־סער חשיבות פון לעבן אפילו נור פון איין מענטש.** לפיכך, דאריבער איז אדם (דער ערשטער מענטש, אדם הראשון) באשאפן געוואָרן אן איינציקער (און עס איז ניט באשאפן געוואָרן עטליכע אדם הראשונס) כדי צו לערנען דיך, אז יעדער איינער וועלכער ברענגט־אום (אפילו נור) איין נפש (איין לעבעדיקן מענטש) פון יידן (פון ישראל) פאררעכנט עס אים די תורה (הכתוב, די געשריבענע הייליקע תורה) אזוי ווי ער וואָלט אומגעבראכט א גאנצע (פולע) וועלט (מיט מענטשן). **ווארום מיר זען דאָך אז פון איין אָדם הראשון איז ארויסגעקומען די גאנצע וועלט מיט מענטשן.** וכל, און יעדער איינער, וועלכער דערהאלט (איז מקיים, דערהאלט ביים לעבן) איין נפש פון יידן, פאררעכנט עס אים די תורה ווי ער וואָלט דערהאלטן (ביים לעבן) א גאנצע (פולע) וועלט (מיט מענטשן). **דאָס אלץ ווערט אָפּגעלערנט דערפון וואָס אדם הראשון איז געווען איינער און פון אים זענען ארויסגעקומען אלע מענטשן.** ומפני, און (נאָך א טעם איז פאראן פארוואָס אדם הראשון איז געווען נור איינער, און עס איז ניט געווען עטליכע אדם הראשונס) צוליב דעם שלום צווישן מענטשן, כדי איין מענטש זאָל ניט זאָגן צום אנדערן: „מיין פאָטער איז גרעסער פון דיין פאָטער”. **קיינער זאָל זיך ניט קאָנען בארימען, אז ער קומט ארויס פון א חשובערן אדם הרא־שון, נאָר אלע זאָלן וויסן, אז זיי קומען ארויס פון איין ערשטן מענטש.** ושלא, און (נאָך א טעם איז פאראן) כדי די מינים (די אָפּטריניקע, וועלכע זאָגן אז עס זענען פאראן עטליכע געטער) זאָלן ניט זאָגן, אז אין הימל זענען פאראן א סך הערשאפטן (רשויות). **און זיי וועלן פרובן ברענגען א ראיה דערפון וואָס עס זענען באשאפן גע־וואָרן עטליכע אדם הראשונס, און עס הייסט, אז יעדער גאָט האָט באשאפן זיין אדם הראשון; אָבער ווייל עס איז באשאפן געוואָרן נור איין ערשטער מענטש איז דאָס א באווייז אז עס איז פאראן נור איין גאָט.** ולהגיד, און (נאָך א טעם דערצו איז) כדי צו דערציילן (פאר דער וועלט) די גרויסקייט פון גאָט (הקדוש ברוך הוא, דער הייליקער, געבענטשט איז ער), ווארים א מענטש אז ער פאָרעמט־אויס מיט איין סטעמפל א סך מטבעות זענען זיי אלע גלייך איינע צו דער אנדערער; אָבער דער מלך פון די מלכים איבער אלע מלכים, דער הייליקער געבענטשט איז ער (גאָט) האָט אויסגעפאָרעמט יעדן מענטש (וואָס קומט אויף דער וועלט) מיט דעם סטעמפל פון אדם הראשון (אלע זענען ענליך צו אים), און פון דעסטוועגן איז קיין איין מענטש ניט גלייך (אינ־גאנצן) צום אנדערן (מענטש). **דאָס איז די וואונדערליכקייט פון דער באשאפונג פון**

שֶׁל אָדָם הָרִאשׁוֹן. וְאֵין אֶחָד מֵהֶן דּוֹמֶה לַחֲבֵרוֹ. לְפִיכָךְ כָּל אֶחָד וְאֶחָד חַיָּב לוֹמַר בִּשְׁבִילִי נִבְרָא הָעוֹלָם. וְשֶׁמָּא תֹאמְרוּ מַה לָּנוּ וְלַצָּרָה הַזֹּאת? וַהֲלֹא כְּבָר נֶאֱמַר. וְהוּא עֵד אוֹ רָאָה אוֹ יָדָע אִם לֹא יַגִּיד וְגוֹמֵר. וְשֶׁמָּא תֹאמְרוּ מַה לָּנוּ לָחוֹב בְּדָמוֹ שֶׁל זֶה? וַהֲלֹא כְּבָר נֶאֱמַר. בַּאֲבוֹד רְשָׁעִים רִנָּה.

# פרק ה.

**א** הָיוּ בוֹדְקִין אוֹתָן בְּשֶׁבַע חֲקִירוֹת. בְּאֵיזוֹ שָׁבוּעַ. בְּאֵיזוֹ שָׁנָה. בְּאֵיזוֹ חֹדֶשׁ.

**מענטש, די פארשידנארטיקייט אין דער ענליכקייט.** לפיכך, דאריבער איז יעדער איי־נער (יעדער מענטש) מחויב צו זאָגן: „צוליב מיר איז די וועלט באשאפן געוואָרן״. **דאָס הייסט, אז דאָס לעבן פון יעדן מענטש איז פון דער גרעסטער חשיבות. דאָס אלץ זאָגט דאָס סנהדרין צו די עדות, כדי זיי זאָלן ניט זאָגן פאלש עדות און ניט דערפירן צום טויטן אן אומשולדיקן מענטש. איצט זאָגט דאָס סנהדרין צו די עדות ווערטער, אז אויב זיי זאָגן אמת, זאָלן זיי ניט מורא האָבן און זאָגן.** ושמא, און טאָמער וועט איר זאָגן (טראכטן ביי זיך): וואָס טויג אונז (צו האָבן צו טאָן) מיט דעם דאָזיקן אומגליק ? **צו וואָס דארפן מיר עדות זאָגן אפילו אמת, און ברענגען צום טויטן א מענטש ?** והלוא כבר, דערויף איז שוין געזאָגט געוואָרן (ויקרא ה׳) „והוא עד או ראה או ידע אם לא יגיד״ און אזוי ווייטער (און ער איז א עדות אָדער ער האָט געזען אָדער ער האָט געוואוסט, אויב ער וועט ניט זאָגן״ און אזוי ווייטער. **ווייטער ווערט געזאָגט אין פסוק אז ער, דער עדות, וועט האָבן א עבירה אויב ער וועט ניט עדות זאָגן. דאָס איז די עבירה פון „אם לא יגיד״ (אויב ער וועט ניט עדות זאָגן).** ושמא תאמרו, און אפשר וועט איר זאָגן (טראכטן ביי זיך): וואָס טויג אונז שולדיג צו זיין אין דעם בלוט פון דאָזיקן (אָנגעקלאָגטן)? **זיי, די עדות וועלן טראכטן ביי זיך אז אפילו דעם אָנגעקלאָגטן קומט טויט־שטראָף, פארוואָס זאָלן מיר דאָס גורם זיין דורך אונזער עדות זאָגן, און עס איז אפשר גלייכער אז מיר זאָלן עובר זיין אויף דער עבירה פון „אם לא יגיד״, און מיר זאָלן ניט דערפירן צו זיין טויט ?** והלוא, דארויף איז שוין געזאָגט געוואָרן (משלי י״א) „באבוד רשעים רינה״ (ווען רשעים ווערן פארלוירן איז א פרייד). **דאָס הייסט, אז אויב ער איז א רשע און אים קומט טויט־שטראָף, דארפט איר גאָרניט מורא האָבן און עדות זאָגן. — דאָס זענען גע־ווען די ווערטער פונם סנהדרין צו די עדות. פון איין זייט זיי צו ווארנען אז זיי זאָלן ניט פאלש באשולדיקן א מענטש, און פון דער צווייטער זייט, אז אויב עס איז אמת זאָלן זיי ניט מורא האָבן און זיי זאָלן זאָגן זייער עדות.**

## פרק ה.

א. היו, מען האָט זיי (די עדות) אויסגעפרעגט מיט זיבן אויספאָרשונגען. **נאָכדעם ווי דאָס סנהדרין האָט צו די עדות אין טויט־שטראָף־משפטים (דיני נפשות) געזאָגט די מוסר־ווערטער (פריער פרק ד׳ משנה ה׳), האָט דאָס סנהדרין זיי גענוי־מען אויספאָרשן אין 7 זאכן, דהיינו:** באיזו שבוע, אין וועלכער שמיטה, אין וועלכן יאָר, אין וועלכן חודש, דעם וויפלטן אין חודש, אין וועלכן טאָג (פון דער וואָך), אין וועלכער שעה, און אין וואסער אָרט. **די צייט זינט בריאת העולם, זינט דער באַ־שאפונג פון דער וועלט איז איינגעטיילט אין יובלות; יעדע 50 יאָר איז א יובל. יעדער יובל איז איינגעטיילט אין שמיטות; יעדע 7 יאָרן איז א שמיטה. יעדע שמיטה איז איינגעטיילט אין יאָרן, ווי דאָס ערשטע יאָר פון דער שמיטה, דאָס צווייטע יאָר און אזוי כסדר ביז דאָס 7טע יאָר. יעדעס יאָר איז איינגעטיילט אין חדשים (ניסן, אייר און אזוי כסדר). יעדער חודש איז איינגעטיילט אין טעג (דער 1טער טאָג אין ניסן, דער 2טער טאָג און אזוי כסדר). יעדע וואָך איז איינגעטיילט אין טעג (זונטאָג, מאָנ־טאָג). יעדער טאָג איז איינגעטיילט אין שעה׳ן. מען האָט די עדות געפרעגט, אין**

בְּכַמָּה בְחֹדֶשׁ, בְּאֵיזוֹ יוֹם בְּאֵיזוֹ שָׁעָה, בְּאֵיזוֹ מָקוֹם. רַבִּי יוֹסֵי אוֹמֵר בְּאֵיזוֹ יוֹם, בְּאֵיזוֹ שָׁעָה, בְּאֵיזוֹ מָקוֹם. מַכִּירִין אַתֶּם אוֹתוֹ, הִתְרֵיתֶם בּוֹ, הָעוֹבֵד עַ"ז, אֶת מִי עָבַד וּבַמֶּה עָבַד: ב כָּל הַמַּרְבֶּה בִּבְדִקוֹת הֲרֵי זֶה מְשֻׁבָּח. מַעֲשֶׂה וּבָדַק בֶּן זַכַּאי בְּעוּקְצֵי תְאֵנִים. וּמַה בֵּין חֲקִירוֹת לִבְדִיקוֹת? חֲקִירוֹת אֶחָד אוֹמֵר אֵינִי יוֹדֵעַ, עֵדוּתָן בְּטֵלָה. בְּדִיקוֹת, אֶחָד אוֹמֵר אֵינִי יוֹדֵעַ, וַאֲפִלּוּ שְׁנַיִם אוֹמְרִים,

וועלכער שמיטה פון יובל דאָס איז פּאָרגעקומען, אין וועלכן יאָר פון שמיטה, אין וועלכן חודש פון יאָר, אין וועלכן טאָג פון חודש, אין וועלכן טאָג פון דער וואָך, אין וועלכער שעה, און אין וואָסער אָרט. דאָס פרעגט מען. כדי אויב זיי זאָגן פאלשע עדות, זאָל מען זיי קאָנען מאכן פאר זוממים, דאָס הייסט, אז צוויי אנדערע מענטשן זאָלן קאָנען זאָגן, אז גראד אין יענער שעה פון יענעם טאָג אין יענעם חודש אין יענעם יאָר אין יענער שמיטה זענען די עדות געווען מיט זיי אין אן אנדער אָרט, און האָבן ניט געקאָנט זען דעם אָנגעקלאָגטן טאָן די עבירה אין דעם אָרט וואָס זיי דערציילן (וועגן זוממים זע אין דער הקדמה צו מסכתא מכות). רשי זאָגט, אז כאָטש מען האָט זיי געפרעגט וועגן וויפילטן טאָג אין חודש, פרעגט מען זיי פונדעסטוועגן וועגן טאָג פון דער וואָך, ווייל עס קאָן אויסקומען אז די אנדערע מענטשן, וואָס ווילן זיי מאכן פאר זוממים, זאָלן ניט גענוג געדענקן דעם טאָג פון חודש, אָבער ווען זיי הערן וועגן טאָג פון דער וואָך דערמאָנען זיי זיך בעסער. ר' יוסי זאָגט, אז (מען האָט זיי נור געפרעגט) אין וועלכן טאָג (פון דער וואָך), אין וועלכער שעה, אין וועלכן אָרט. מחמת קוים למשל זאָגן זיי אז עס איז געשען נעכטן, איז דאָך איבריק זיי צו פרעגן וועגן שמיטה, צי יאָר צי חודש. מכירין, (מען האָט זיי אויך געפרעגט): צי קענט איר אים? די מפרשים טייטשן, אז למשל ביי א משפט וועגן הרגענען א מענטש דארפן די עדות קאָנען דעם געהרגטן, צי ער איז ניט איינער פון די וואָס אפילו ווען מען האָט אים געהרגעט איז מען פטור (זע ווייטער פרק ט' משנה ב').
התריתם בו, צי האָט איר אים (דעם עבירה־טוער) מתרה־געווען (געווארנט)? עס איז דער דין, אז טויט־שטראָף (דאָס זעלביקע אויך מלקות) קומט נור אויב בעת טאָן די עבירה האָבן די עדות אים געגעבן די „התראה", געווארנט אים, אז עס וועט אים קומען די שטראָף. מען פרעגט זיי דאריבער, צי זיי האָבן אים מתרה־געווען, געווארנט, געגעבן די התראה. העובד, (ביים משפט פון) איינעם וועלכער האָט געדינט צו עבודה זרה (צו אן אָפּגאָט, און דערפאר קומט טויט־שטראָף, פרעגט מען די עדות): וועמען האָט ער געדינט (וועלכער עבודה זרה), און מיט וואָס האָט ער געדינט? דאָס הייסט, צי האָט ער מקריב געווען צו איר א קרבן, אָדער ער האָט זיך געבוקט צו איר.

ב. כל המרבה יעדער (יעדעס בית דין) וואָס מאכט מער אויספרעגעכצן (בדיקות) איז געלויבט (משובח, אלץ בעסער איז). מיר האָבן שוין פריער אין פרק ד' משנה א' געזאָגט דעם אונטערשיד צווישן חקירות (אויספאָרשונגען) און בדיקות (אויספרעגן). חקירות זענען וועגן דער עצם עבירה, ווי וועגן דער צייט, וועגן דעם ווי אזוי איז די עבירה געטאָן געוואָרן; בדיקות (אויספרעגעכצן) איז וועגן זייטיקע זאכן, ווי למשל וואָסער מלבוש האָט ער געטראָגן בשעתן טאָן די עבירה, וכדומה.
מעשה, עס איז געווען א מעשה און בן זכאי האָט אויסגעפרעגט (די עדות) וועגן די האָלץ־שפּיצלעך פון די פייגן. די עדות האָבן געזאָגט, אז איינער האָט געהרגעט א מענטש אונטער א פייגנבוים; האָט זיי בן זכאי געפרעגט ווי האָבן אויסגעזען די האָלץ־שפּיצלעך (דאָס שטיקל האָלץ, מיט וועלכן די פייגן זענען באהאָפטן צום בוים, די עוקצים), צי זיי זענען געווען דיקע צי דינע. די גמרא זאָגט, אז מיט בן זכאי מיינט מען רבן יוחנן בן זכאי, נאָר דאָס איז געווען איידער ער האָט באקומען סמיכה, און ער איז נאָך געווען א תלמיד און מען האָט אים גערופן בלויז בן זכאי. ומה, און

אֵין אָנוּ יוֹדְעִין, עֵדוּתָן קַיֶּמֶת. אֶחָד חֲקִירוֹת וְאֶחָד בְּדִיקוֹת, בִּזְמַן שֶׁמַּכְחִישִׁין זֶה אֶת זֶה, עֵדוּתָן בְּטֵלָה: ג אֶחָד אוֹמֵר בִּשְׁנַיִם בַּחֹדֶשׁ, וְאֶחָד אוֹמֵר בִּשְׁלֹשָׁה בַּחֹדֶשׁ, עֵדוּתָן קַיֶּמֶת שֶׁזֶּה יוֹדֵעַ בְּעִבּוּרוֹ שֶׁל חֹדֶשׁ, וְזֶה אֵינוֹ יוֹדֵעַ בְּעִבּוּרוֹ שֶׁל חֹדֶשׁ. אֶחָד אוֹמֵר בִּשְׁלֹשָׁה, וְאֶחָד אוֹמֵר בַּחֲמִשָּׁה, עֵדוּתָן בְּטֵלָה. אֶחָד אוֹמֵר בִּשְׁתֵּי שָׁעוֹת, וְאֶחָד אוֹמֵר בְּשָׁלֹשׁ שָׁעוֹת, עֵדוּתָן קַיֶּמֶת. אֶחָד אוֹמֵר בְּשָׁלֹשׁ, וְאֶחָד אוֹמֵר בְּחָמֵשׁ, עֵדוּתָן בְּטֵלָה, רַבִּי

וואָס איז דער אונטערשיד צווישן חקירות (אויספאָרשונגען) און בדיקות (אויספרעגעכצן)? (ביי) חקירות אויב איין (עדות) זאָגט: „איך ווייס ניט", איז זייער עדות־זאָגן בטל (עס טויג ניט), (אָבער ביי) בדיקות, אויב איינער זאָגט: „איך ווייס ניט", און אפילו ביידע (עדות) זאָגן: „מיר ווייסן ניט", איז זייער עדות־זאָגן גוט. **ווייל ביי חקירות, אויב למשל אפילו איינער פון די עדות זאָגט, אז ער ווייסט ניט, אין וועלכן טאָג עס איז פאָרגעקומען, קאָן מען דאָך דעם עדות ניט מאכן פאר א „זומם", וואָרום אנדערע מענטשן קאָנען דאָך ניט קומען זאָגן, אז אין דעם טאָג איז דער עדות מיט זיי געווען אויף אן אנדער אָרט. דער דין איז אז עדות וואָס מ'קאָן זיי ניט מאכן פאר זוממים (עדות שאי אתה יכול להזימה) טויג ניט. אָבער ביי בדיקות איז דאָך ניט שייך צו מאכן פאר זוממים, ווייל די אויספרעגעכצן זענען דאָך וועגן זייטיקע זאכן.** אחד חקירות, סיי חקירות (אויספאָרשונגען) און סיי בדיקות (אויספרעגעכצן), אויב זיי (די עדות) לייקענען אָפּ איינער דעם אנדערן (זיי זענען זיך סותר) איז זייער עדות בטל (טויג ניט זייער עדות זאָגן). **אפילו זיי זענען דריי עדות, און איינער פון זיי זאָגט אנדערש פון די אנדערע 2 עדות, ווערט דאָס גאנצע עדות זאָגן בטל, אומגילטיק און מען באשטראָפט ניט דעם אָנגעקלאָגטן.**

ג. אחד, (אויב) איין (עדות) זאָגט, אז (די עבירה איז געטאָן געוואָרן) אין צווייטן (טאָג) אין חודש, און איין (דער אנדערער עדות) זאָגט, אז אין דריטן (טאָג) אין חודש, איז זייער עדות גוט, ווייל דער (ערשטער עדות) האָט געוואוסט, אז דער (פריערדיקער) חודש איז געווען מעובר (האָט געהאַט דרייסיק טעג, און ממילא איז ראש חודש געווען מיט א טאָג שפּעטער, און צומאָרגנס פון ראש חודש איז געווען דער צווייטער טאָג), און דער (אנדערער עדות) האָט ניט געוואוסט, אז דער (פריערדיקער) חודש איז געווען מעובר (און ער האָט געמיינט, אז ער האָט נור געהאַט ניין און צוואַנציק טעג, און ראש חודש איז געווען מיט א טאָג פריער, און דעריבער איז עס געווען אין דריטן טאָג). מען מיינט דאָ **אז זיי האָבן ביידע געזאָגט דעמזעלביקן טאָג, אין דער וואָך, למשל זונטאָג. זע פריער פרק א' משנה ב' וועגן עיבור החודש.** אחד אומר, אויב איין (עדות) זאָגט אז אין דריטן (טאָג) אין חודש, און איין דער אנדערער עדות) זאָגט, אז אין פיפטן (טאָג) אין חודש, איז זייער עדות בטל. **מחמת דאָ איז דאָך זיכער פאראַן א סתירה צווישן זייערע ביידנס עדות־זאָגן, ווייל עס איז דאָך אן אונטערשיד מיט 2 טעג.** אחד אומר, אויב איין (עדות) זאָגט, אז (די עבירה איז געטאָן געוואָרן) אין דער צווייטער שעה (פון טאָג), און איין (דער אנדערער עדות) זאָגט, אז אין דער דריטער שעה, איז זייער עדות א גוטע; (אָבער) אויב איין (עדות) זאָגט, אז אין דער דריטער (שעה), און איין (דער אנדערער עדות) זאָגט, אז אין דער פיפטער (שעה) איז זייער עדות בטל. **ווייל אין 1 שעה קאָן א מענטש א טעות האָבן, אָבער אין 2 שעה קאָן ער ניט א טעות האָבן.** ר' יהודה זאָגט, אז זייער עדות־זאָגן איז גוט (ווייל אויך אין 2 שעה קאָן א מענטש א טעות האָבן); (אָבער) אויב איין (עדות) זאָגט, אז אין דער פיפטער (שעה), און איין (דער אנדערער עדות) זאָגט, אז אין דער זיבעטער (שעה) איז זייער עדות־זאָגן (יאָ) בטל (טויג ניט), ווייל אין דער פיפטער (שעה) איז די זון אין דער מזרח זייט (אויפן הימל), און אין דער

יְהוּדָה אוֹמֵר קַיֶּמֶת. אֶחָד אוֹמֵר בְּחָמֵשׁ, וְאֶחָד אוֹמֵר בְּשֶׁבַע, עֵדוּתָן בְּטֵלָה, שֶׁבְּחָמֵשׁ חַמָּה בַּמִּזְרָח, וּבְשֶׁבַע חַמָּה בַּמַּעֲרָב: ד וְאַחַר כָּךְ מַכְנִיסִים אֶת הַשֵּׁנִי וּבוֹדְקִין אוֹתוֹ. אִם נִמְצְאוּ דִבְרֵיהֶם מְכֻוָּנִין פּוֹתְחִין בִּזְכוּת. אָמַר אֶחָד מִן הָעֵדִים, יֵשׁ לִי לְלַמֵּד עָלָיו זְכוּת, אוֹ אֶחָד מִן הַתַּלְמִידִים, יֵשׁ לִי לְלַמֵּד עָלָיו חוֹבָה, מְשַׁתְּקִין אוֹתוֹ. אָמַר אֶחָד מִן הַתַּלְמִידִים יֵשׁ לִי לְלַמֵּד עָלָיו זְכוּת, מַעֲלִין אוֹתוֹ וּמוֹשִׁיבִין אוֹתוֹ בֵינֵיהֶם. וְלֹא הָיָה יוֹרֵד מִשָּׁם כָּל הַיּוֹם כֻּלּוֹ. אִם יֵשׁ מַמָּשׁ בִּדְבָרָיו, שׁוֹמְעִין לוֹ. וַאֲפִלּוּ הוּא

זיבעטער (שעה) איז די זון אין דער מערב־זייט (אויפן הימל). **אין דער צייט פון דער משנה האט מען אנגעהויבן די שעה'ן פון טאג ניט ווי מיר היינט אינמיטן טאג, נאר אין דער פרי. ווען דער טאג האט זיך אנגעהויבן אין דער פרי האט זיך אנגעהויבן די ערשטע שעה. אין מיטן טאג (ווען אויף אונזער זייגער היינט איז 12 א זייגער) האט זיך געענדיקט די 6־טע שעה. ווען עס איז היינט אויף אונזער זייגער 1 אזייגער בייטאג, איז געווען אין דער משנה־צייט 7 שעה (7 א זייגער). ווען עס איז אויף אונזער זייגער היינט 11 א זייגער אין דער פרי, איז אין דער משנה צייט געווען 5 שעה (5 א זייגער). זאגט ר' יהודה, אז אויב איין עדות זאגט אז אין דער 5־טער שעה און דער אנדערער עדות זאגט אז אין דער 7־טער שעה, טויג ניט זייער עדות, ווייל כאטש דא איז אויך אן אונטערשיד ניט מער ווי 2 שעה, אבער אין דער 5טער שעה, פארמיטאג, איז די זון אין מזרח־זייט, און אין דער 7־טער שעה, נאך מיטאג, איז די זון אין מערב־זייט, און דאביי קאן ניט זיין קיין טעות.**

ד. ואחר כך, און דערנאך (נאכדעם ווי מען האט אויסגעפרעגט דעם ערשטן עדות) האט מען אריינגעפירט דעם צווייטן (עדות) און מען האט אים אויסגעפרעגט. **די עדות האט מען ניט אויסגעפרעגט ווען זיי זיינען ביידע צוזאמען, כדי דער אנדערער זאל ניט הערן וואס דער ערשטער האט געזאגט און זאל ניט נאכזאגן. נאר מען האט אויסגעפרעגט צוערשט איין עדות, און דער אנדערער איז ניט געווען דאביי, און דערנאך האט מען אריינגעפירט דעם אנדערן און מען האט אים אויסגעפרעגט.** אם נמצאו, אויב זייערע ווערטער זענען געווען גלייך (זיי האבן זיך ניט סותר געווען), האט מען אנגעהויבן מיט (ארויסזאגן טעמים) פאר אומשולדיק (לזכות). **דאס בית דין האט דאס ערשטע אויסגעהערט די סברות צוליב וועלכע מען דארף זאגן אז דער אנגעקלאגטער איז אומשולדיק און מען דארף אים באפרייען.** אמר אחד, אויב איינער פון די עדות האט געזאגט: „איך האב (א סברא) מלמד זכות צו זיין אויף אים (לטובת דעם אנגעקלאגטן צו פארטיידיקן אים) אדער איינער פון די תלמידים (וועלכע זיצן פאר דעם בית דין, ווי מיר האבן געלערנט פריער פרק ד' משנה ד') האט געזאגט: „איך האב (א סברא) צו באווייזן זיין שולד (מלמד חובה, לרעה פון אנגעקלאגטן)". הייסט מען זיי שטיל־שווייגן. **ווייל די עדות טארן ניט ארויסזאגן זייער מיינונג, ניט נור פאר דער שולד פון דעם אנגעקלאגטן נאר אויך ניט פאר זיין טובה וועגן. אבער די תלמידים קאנען נור ניט ארויסזאגן זייער מיינונג צום שלעכטן פון דעם אנגעקלאגטן.** אמר אחד מן התלמידים, אויב איינער פון די תלמידים האט געזאגט: „איך האב (א סברא) מלמד זכות צו זיין אויף אים (אויף דעם אנגעקלאגטן, צו פארטיידיקן אים)", נעמט מען אים (דעם תלמיד) ארויף (צום ארט וואו דאס בית דין זיצט) און מען זעצט אים צווישן זיי (צווישן די דיינים), און ער (דער תלמיד) איז ניט מער אראפגעגאנגן פון דארט א גאנצן טאג; אויב עס איז עפיס (פאראן אין זיינע ווערטער (אויב זיי האבן עפיס א ממש), הערט מען אים. **אויב זיינע ווערטער האבן ניט געהאט קיין ממש, איז ער נור דעם דאזיקן טאג גע־**

אוֹמֵר יֶשׁ לִי לְלַמֵּד עַל עַצְמִי זְכוּת, שׁוֹמְעִין לוֹ, וּבִלְבַד שֶׁיְּהֵא מַמָּשׁ בִּדְבָרָיו: ה אִם מָצְאוּ לוֹ זְכוּת, פְּטָרוּהוּ, וְאִם לָאו מַעֲבִירִין דִּינוֹ (אוֹתוֹ) לְמָחָר. הָיוּ מִזְדַּוְּגִין זוּגוֹת זוּגוֹת, וּמְמַעֲטִין בְּמַאֲכָל, וְלֹא הָיוּ שׁוֹתִין יַיִן כָּל הַיּוֹם, וְנוֹשְׂאִין וְנוֹתְנִין כָּל הַלַּיְלָה, וּלְמָחֳרָת מַשְׁכִּימִין וּבָאִין לְבֵית דִּין. הַמְזַכֶּה אוֹמֵר, אֲנִי מְזַכֶּה וּמְזַכֶּה אֲנִי בִּמְקוֹמִי, וְהַמְחַיֵּב אוֹמֵר, אֲנִי מְחַיֵּב וּמְחַיֵּב אֲנִי בִמְקוֹמִי. הַמְלַמֵּד חוֹבָה מְלַמֵּד זְכוּת, אֲבָל הַמְלַמֵּד זְכוּת אֵינוֹ יָכוֹל לַחֲזוֹר וּלְלַמֵּד חוֹבָה. טָעוּ בְדָבָר, שְׁנֵי סוֹפְרֵי הַדַּיָּנִין מַזְכִּירִים אוֹתָן. אִם מָצְאוּ לוֹ זְכוּת, פְּטָרוּהוּ, וְאִם לָאו עוֹמְדִים לַמִּנְיָן. שְׁנַיִם עָשָׂר מְזַכִּין

**זעסן צווישן בית דין; אָבער אויב זיינע ווערטער האָבן יאָ געהאַט א ממש איז ער שוין כסדר געזעסן צווישן בית דין, אָבער ער האָט ניט געהאַט קיין רעכט צו שטימען ביים פסק דין.** ואפילו, און אפילו ווען ער אליין (דער אָנגעקלאָגטער אליין) זאָגט: „איך האָב מלמד זכות צו זיין אויף מיר (צו זאָגן עפּיס פאַר מיין פאַרטיידיקונג), הערט מען אים אויס, נאָר עס מוז זיין עפּעס אין זיינע ווערטער (זיי מוזן האָבן א ממש). **מיט „ממש", „עפּיס", מיינט מען, אז עפּיס אזעלכעס וואָס זאָל קאָנען אויסגענוצט ווערן לטובת דעם אָנגעקלאָגטן.**

ה. מצאו, אויב זיי (די דיינים פון בית דין) האָבן געפונען פאַר אים (פאַר דעם אָנגעקלאָגטן) א זכות (אז ער איז אומשולדיק), האָט מען אים באַפרייט (פטרוהו); און אויב ניט, האָט מען אָפּגעלייגט זיין משפט ביז צומאָרגנס. **אזוי ווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק ד' משנה א', אז ביי טויט־שטראָף־משפטים (דיני נפשות) טאָר מען ניט אים זעלביקן טאָג ארויסגעבן דעם שלעכטן פסק דין, נאָר מ'לייגט אים אָפּ ביז צומאָרגנס.** היו זיי (די דיינים) האָבן זיך צונויפגעפּאָרט פּאָר־ווייז (זוגות, זוגות, צו באַטראַכטן דעם ענין), און האָבן געגעסן ווייניק, און זיי האָבן דעם גאַנצן טאָג ניט געטרינקען קיין וויין (כדי צו זיין ביים קלאָרן רעיון); און זיי האָבן באַטראַכט (נושאין ונותנין, יעדער דיין פאַר זיך האָט באַטראַכט דעם ענין) א גאַנצע נאַכט, און צומאָרגנס זענען זיי באַלד אין דער פרי געקומען אין בית־דין (־הויז). **דאָס אלץ איז געווען, כדי דער פסק דין זאָל ניט ארויסגעגעבן ווערן אין איילעניש.** המזכה, (צו מאָרגנס, ווען דאָס בית דין האָט ווידער אָנגעהויבן דעם משפט) האָט דער (דיין) וועלכער האָט (נעכטן) געהאַלטן אז ער איז אומשולדיק (המזכה) געזאָגט: „איך בין געווען מזכה (געהאַלטן אז „אומשולדיק"), און איך בין אויך איצט מזכה („במקומי", „אין מיין אָרט", אויך איצט האַלט איך אים פאַר אומשולדיק)"; און דער (דיין) וואָס האָט געהאַלטן (נעכטן) אז ער איז שולדיק (המחייב), זאָגט: „איך בין געווען דער מחייב (געהאַלטן אז „שולדיק") און אויך איצט (במקומי) בין איך מחייב (האַלט אז „שולדיק"). **יעדער דיין האָט געדאַרפט נאָכאַמאָל זאָגן זיין מיינונג.** המלמד חובה, דער (דיין) וואָס האָט (נעכטן) געבראַכט טעמים פאַר „שולדיק" (מלמד חוב־געווען) קען איצט ברענגען טעמים פאַר „אומשולדיק" (מלמד־זכות־זיין), אָבער דער וועלכער האָט נעכטן געבראַכט טעמים פאַר „אומשולדיק" קאָן (איצט) ניט חרטה האָבן און ברענגען טעמים פאַר שולדיק". **מיר האָבן שוין געגעבן פריער פרק ד' משנה א', אז ביים פסק דין קאָן אויך דער מלמד זכות ענדערן זיין מיינונג און זאָגן „שולדיק".** טעו, אויב זיי (די דיינים) האָבן זיך טועה געווען (און ניט געדענקט ווער איז געווען דער מלמד זכות און ווער מלמד חובה), האָבן די דיינים־שרייבער זיי דערמאָנט. **פריער אין פרק ד' משנה ג' זאָגט די משנה אז די דיינים־שרייבער האָבן פאַרשריבן די ווערטער פון די דיינים.** אם מצאו, אויב זיי (די דיינים) האָבן אים (דעם אָנגעקלאָגטן) געפונען פאַר אומשולדיק, האָבן זיי אים באַפרייט; און אויב ניט, האָבן זיי זיך געשטעלט צום ציילן. **מען האָט גענומען אפשטימען, ציילן די מיינונגען פון די דיינים.**

וְאַחַד עָשָׂר מְחַיְּבִין, זַכַּאי. שְׁנֵים עָשָׂר מְחַיְּבִין וְאַחַד עָשָׂר מְזַכִּין, וַאֲפִלּוּ אַחַד עָשָׂר מְזַכִּין וְאַחַד עָשָׂר מְחַיְּבִין, וְאֶחָד אוֹמֵר אֵינִי יוֹדֵעַ, וַאֲפִלּוּ עֶשְׂרִים וּשְׁנַיִם מְזַכִּין אוֹ מְחַיְּבִין וְאֶחָד אוֹמֵר אֵינִי יוֹדֵעַ יוֹסִיפוּ הַדַּיָּנִין. עַד כַּמָּה מוֹסִיפִין? שְׁנַיִם שְׁנַיִם עַד שִׁבְעִים וְאֶחָד. שְׁלשִׁים וְשִׁשָּׁה מְזַכִּין וּשְׁלשִׁים וַחֲמִשָּׁה מְחַיְּבִין, זַכַּאי. שְׁלשִׁים וְשִׁשָּׁה מְחַיְּבִין, וּשְׁלשִׁים וַחֲמִשָּׁה מְזַכִּין, דָּנִין אֵלּוּ כְּנֶגֶד אֵלּוּ. עַד שֶׁיִּרְאֶה אֶחָד מִן הַמְחַיְּבִין דִּבְרֵי הַמְזַכִּין:

# פרק ו.

**א** נִגְמַר הַדִּין מוֹצִיאִין אוֹתוֹ לְסָקְלוֹ. בֵּית הַסְּקִילָה הָיָה חוּץ לְבֵית

שנים עשר, אויב צוועלף (פון די דריי און צוואנציק דיינים אין קליינעם סנהדרין, וועלכע זיצן אין א טויט־שטראָף־משפט, זע פריער פרק א׳ משנה ד׳) זאָגן „אומשולדיק״ און עלף זאָגן „שולדיק״, איז ער (דער אָנגעקלאָגטער) אומשולדיק. **באפרייט מען אים.** שנים עשר מחייבין, אויב צוועלף זאָגן „שולדיק״, און עלף זאָגן „אומשולדיק״, און אפילו עלף זאָגן „אומשולדיק״ און עלף זאָגן „שולדיק״, און איינער זאָגט „איך ווייס ניט״, און אפילו צוויי־און־צוואנציק זאָגן „אומשולדיק״, אָדער זיי זאָגן „שולדיק״, און איינער (דער דריי און צוואָנציקסטער) זאָגט „איך ווייס ניט״, זאָל מען צוגעבן (צו די דריי און צווינציק, נאָך) דיינים. וווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק ד׳ משנה א׳ **דאַרף ביים ארויסגעבן דעם פסק דין שולדיק זיין א רוב פון צוויי. אויך האָבן מיר געלערנט פריער פרק ג׳ משנה ו׳, אז אויב איינער פון דיינים זאָגט „איך ווייס ניט״, קאָנען די איבריקע דיינים ניט ארויסגעבן קיין פסק דין. זע דאָרט אין פירוש דעם טעם דערפון.** עד כמה, ביז וויפיל גיט מען צו (דיינים)? צו צוויי (שנים, שנים) ביז איין און זיבציק. **מען גיט צו צוערשט 2 דיינים; אויב מיט זייער דעה איז פאראַן א רוב, ווערט דער פסק דין ארויסגעגעבן, און אויב ניט גיט מען צו נאָך 2 דיינים, אזוי ביז 71, מחמת דאָס גרויסע סנהדרין איז אויך ניט מער ווי 71 דיינים (זע פריער פרק א׳ משנה ו׳).** שלשים וששה, אויב (פון די איין־און־זיבציק דיינים) זאָגן זעקס און דרייסיק „אומשולדיק״, און פינף און דרייסיק זאָגן „שולדיק״, איז ער אומשולדיק; אויב זעקס און דרייסיק זאָגן „שולדיק״, און פינף און דרייסיק זאָגן „אומשולדיק״ (און מיט א רוב פון איינעם טאָר מען דאָך ניט פסקענען שולדיק ביי טויט־שטראָף, ווי מיר האָבן פריער געלערנט), זאָלן דן־זיין (זיך מתווכח זיין) די איינע (דיינים) קיגן די אנדערע, ביז איינער פון די „שולדיק־זאָגער ווועט דערזען (וועט מסכים צו די) ווערטער פון די „אומשולדיק״־זאָגער **דאָס זעלביקע איז אויך פאַרקערט, אויב איינער פון די אומשולדיק־זאָגער וועט זאָגן „שולדיק״; נאָר די משנה נעמט־אָן דעם ביישפיל פון זכות, פון אומשולדיק. אויב אבער קיינער פון די דיינים האָט ניט געענדערט זיין מיינונג, ווערט דער אָנגעקלאָגטער באפרייט.**

## פרק ו.

א. נגמר, ווי עס האָט זיך געענדיקט דער משפט (מען האָט ארויסגעגעבן דעם פסק דין, אז דער אָנגעקלאָגטער אין דיני נפשות, אין א טויט־שטראָף־משפט, איז שולדיק) האָט מען אים (דעם פאראורטיילטן) ארויסגעפירט צום פארשטיינען (לסקלו). **עס זענען געווען פיר סאָרטן טויט־שטראָפן: „סקילה״ (דורך פארשטיינען), „שריפה״ (דורך פארברענען), „הרג״ (דורך אָפהאקן דעם קאָפּ), און „חנק״ (דערשטיקן). די משנה דאָ הויבט אָן מיט „סקילה״, מיט טויט־שטראָף דורך פארשטיינען; אָבער די אלע זאכן וואָס די משנה וועט דאָ באלד אויסרעכנען ביי סקילה (ווי מען האָט נאָך געפּרובט ראטעווען דעם פארמשפּטן, ווי מען האָט אים געהייסן זאָגן ווידוי) איז אויך פאָרגעקומען ביי די אנדערע טויט־שטראָפן.** בית הסקילה, דאָס אָרט וואו מען האָט

דִּין שֶׁנֶּאֱמַר הוֹצֵא אֶת הַמְקַלֵּל. אֶחָד עוֹמֵד עַל פֶּתַח בֵּית דִּין וְהַסְּדָרִין בְּיָדוֹ (וְאָדָם אַחֵר רוֹכֵב) הַסּוּס רָחוֹק מִמֶּנּוּ, כְּדֵי שֶׁיְּהֵא רוֹאֵהוּ. אָמַר אֶחָד יֶשׁ לִי לְלַמֵּד עָלָיו זְכוּת, הַלָּה מֵנִיף בַּסְּדָרִין וְהַסּוּס רָץ וּמַעֲמִידוֹ. וַאֲפִלּוּ הוּא אוֹמֵר, יֶשׁ לִי לְלַמֵּד עַל עַצְמִי זְכוּת, מַחֲזִירִין אוֹתוֹ אֲפִלּוּ אַרְבָּעָה וַחֲמִשָּׁה פְּעָמִים וּבִלְבַד שֶׁיְּהֵא מַמָּשׁ בִּדְבָרָיו. מָצְאוּ לוֹ זְכוּת, פְּטָרוּהוּ. וְאִם לָאו יוֹצֵא לִסָּקֵל. וְכָרוֹז יוֹצֵא לְפָנָיו, אִישׁ פְּלוֹנִי בֶּן פְּלוֹנִי יוֹצֵא לִסָּקֵל, עַל שֶׁעָבַר עֲבֵרָה פְּלוֹנִית, וּפְלוֹנִי וּפְלוֹנִי עֵדָיו, כָּל מִי שֶׁיּוֹדֵעַ לוֹ זְכוּת יָבֹא וִילַמֵּד עָלָיו: **ב** הָיָה רָחוֹק מִבֵּית הַסְּקִילָה כְּעֶשֶׂר אַמּוֹת, אוֹמְרִים לוֹ

פאַרשטיינט (דעם פאַרמשפּטן) איז געווען אין דרויסן (ווייט פון) בית־דין־הויז, ווארים עס ווערט געזאָגט (ויקרא כ״ד) „הוצא את המקלל״ („פיר ארויס דעם שעלטער״). **עס ווערט אָנגעגעבן אז דאָס אָרט, וואו מען האָט אויסגעפירט די טויט־שטראָפן איז געווען ווייט פון בית דין־הויז לערך 6 מילים, דאָס הייסט, ביי 12 טויזנט איילן, כדי ביז מען וועט אהינפירן דעם פאַרמשפּטן זאָל מען נאָך האָבן צייט אים צו ראַטעווען.** אחד, איין (מענטש) איז געשטאַנען ביי דער טיר פון בית־דין־הויז און ער האָט געהאַלט טיכלעך (סודרין) אין דער האַנט, און אן אַנדערער מענטש, רייטנדיק אויף א פערד, איז געווען אזוי ווייט פון אים (פון ערשטן מענטש) אז ער זאָל אים קאָנען זען. **די משנה וועט באַלד דערקלערן, צו וואָס דאָס איז געווען.** אָמר אחד, אויב איינער (אין בית דין־הויז) האָט געזאָגט: „איך האָב געפינען) צו לערנען אויף **אים** (אויף דעם פאַרמשפּטן) א זכות״ (אז מען דאַרף אים באַפרייען), האָט דער (ערשטער מענטש ביי דער טיר פון בית־דין־הויז) געפאָכעט (מניף) מיט די טיכלעך, און (דער מענטש אויף) דעם פערד (זעענדיק דעם צייכן מיט די טיכלעך) איז (גלייך) געלאָפן, און אים אָפּגעשטעלט. **ער האָט אָפּגעשטעלט דאָס פירן דעם פאַרמשפּטן צום טויט־שטראָף־אָרט.** ואפילו, און אפילו אויב ער אליין (דער פאַרמשפּטער) זאָגט: „איך האָב צו לערנען אויף מיר א זכות (צו באַווייזן אז איך בין אומשולדיק)״, פירט מען אים צוריק (צום בית דין), אפילו פיר־פינף מאָל, אָבער עס מוז זיין עפּיס (א ממש) אין זיינע ווערטער. **די ערשטע 2 מאָל פירט מען אים צוריק אפילו עס איז ניט פאַראַן קיין ממש אין זיינע ווערטער, נאָר דערנאָך פירט מען אים צוריק נאָר ווען עס איז פאַראַן א ממש אין זיינע ווערטער. עס גייען מיט מיט אים צוויי תלמידי חכמים, וועלכע זאָלן אויסהערן וואָס ער זאָגט.** מצאו, אויב זיי (די דיינים פון בית דין) האָבן געפינען פאַר אים א זכות (צו באַפרייען אים), האָבן זיי אים באַפרייט, און אויב ניט ווערט ער ארויסגעפירט פאַרשטיינט צו ווערן; און אן אויסרופער (כרוז) גייט פאַר אים פאַרויס (און ער רופט אויס): „יענער מענטש (און זאָגט דעם נאָמען פון פאַרמשפּטן) דער זון פון יענעם מענטש (און זאָגט זיין פאָטערס נאָמען) ווערט ארויסגעפירט פאַרשטיינט צו ווערן, ווייל ער האָט עובר געווען אויף יענער עבירה (און ער זאָגט וואָס די עבירה איז) און יענער און יענער זענען זיינע עדות, ווער עס ווייסט צו זאָגן אויף אים אַ זכות (פאַרוואָס מען זאָל אים באַפרייען) זאָל קומען און לערנען (אויף אים דעם זכות)״. **מען האָט אויך אויסגערופן די נעמען פון די עדות און אויך ווען און וואו די עבירה איז געטאָן געוואָרן, כדי טאָמער וועלן זיך געפינען מענטשן, וועלכע וועלן מאַכן די עדות פאַר „זוממים״, זיי וועלן אויפווייזן, אז די עדות זענען פאַלשע, ווייל אין דער דאָזיקער צייט האָבן די מענטשן געזען די עדות אין אן אנדער אָרט.**

ב. היה, ווען ער (דער פאַרמשפּטער) איז ווייט פון פאַרשטיינונגס־אָרט (בית הסקילה) אומגעפער צען איילן, זאָגט מען צו אים: „זיי זיך מתוודה!״, ווארום דער שטייגער איז פון די וועלכע גייען געטויט ווערן, אז זיי זאָלן זיך מתוודה זיין (זאָגן

הִתְוַדֵּה. שֶׁכֵּן דֶּרֶךְ הַמּוּמָתִין מִתְוַדִּין. שֶׁכָּל הַמִּתְוַדֶּה יֶשׁ לוֹ חֵלֶק לָעוֹלָם הַבָּא. שֶׁכֵּן מָצִינוּ בְּעָכָן, שֶׁאָמַר לוֹ יְהוֹשֻׁעַ, בְּנִי שִׂים נָא כָבוֹד לַה׳ אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל וְתֶן לוֹ תוֹדָה וגו׳. וַיַּעַן עָכָן אֶת יְהוֹשֻׁעַ וַיֹּאמַר, אָמְנָה אָנֹכִי חָטָאתִי, כָּזֹאת וְגוֹ׳. וּמִנַּיִן שֶׁכִּפֵּר לוֹ וִידּוּיוֹ? שֶׁנֶּאֱמַר, וַיֹּאמֶר יְהוֹשֻׁעַ לָמָה עֲכַרְתָּנוּ יַעְכָּרְךָ ה׳ הַיּוֹם הַזֶּה הַיּוֹם הַזֶּה אַתָּה עָכוּר וְאִי אַתָּה עָכוּר לָעוֹלָם הַבָּא. וְאִם אֵינוֹ יוֹדֵעַ לְהִתְוַדּוֹת אוֹמְרִים לוֹ, אֱמוֹר, תְּהֵא מִיתָתִי כַּפָּרָה עַל כָּל עֲוֹנוֹתַי. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, אִם הָיָה יוֹדֵעַ שֶׁהוּא מְזֻמָּם, אוֹמֵר תְּהֵא מִיתָתִי כַּפָּרָה עַל כָּל עֲוֹנוֹתַי חוּץ מֵעָוֹן זֶה. אָמְרוּ לוֹ, אִם כֵּן יְהוּ כָל אָדָם (אוֹמֵר) אוֹמְרִים כַּךְ כְּדֵי לְנַקּוֹת אֶת עַצְמָן(ו):

ג הָיָה רָחוֹק מִבֵּית הַסְּקִילָה אַרְבַּע אַמּוֹת, מַפְשִׁיטִין אוֹתוֹ בְּגָדָיו. הָאִישׁ מְכַסִּין אוֹתוֹ מִלְּפָנָיו, וְהָאִשָּׁה מִלְּפָנֶיהָ וּמֵאַחֲרֶיהָ. דִּבְרֵי רַבִּי יְהוּדָה וַחֲכָמִים אוֹמְרִים הָאִישׁ נִסְקָל עָרוֹם וְאֵין הָאִשָּׁה נִסְקֶלֶת עֲרוּמָּה:

ד בֵּית הַסְּקִילָה הָיָה גָּבוֹהַּ שְׁתֵּי קוֹמוֹת. אֶחָד

וידוי, מודה זיין זיך אז זיי האָבן געטאָן די עבירה), מחמת יעדער וואָס איז זיך מתוודה, האָט א חלק אין יענער וועלט (עולם הבא), ווארום אזוי געפינען מיר ביי עכן, וואָס יהושע (בן נון) האָט צו אים געזאָגט (יהושע ז׳) „בני שים נא כבוד לה׳ אלהי ישראל ותן לו תודה" („מיין זון, גיב אָפּ כבוד צו גאָט דעם גאָט פון ישראל און זיי זיך מודה פאַר אים) און אזוי ווייטער, „ויען עכן את יהושע ויאמר, אמנה אנכי חטאתי כזאת" (און עכן האָט געענטפערט צו יהושע, און געזאָגט, באמת, איך האָב געזינדיקט, דאָס און דאָס האָב איך געטאָן") און אזוי ווייטער. און פון וואנען (לערנען מיר) אז צוליב זיין מתודה־זיין־זיך האָט מען אים (אין הימל) מוחל געווען (די עבירה)? ווייל עס ווערט געזאָגט „ויאמר יהושע, למה עכרתני, יעכרך ה׳ ביום הזה" (און יהושע האָט געזאָגט, פאַרוואָס האָסט אונז בייז פאַרשמוציקט. זאָל גאָט דיר בייז פאַרשמוציקן היינטיקן טאָג), נאָר „היינטיקן טאָג" ביזטו פאַרשמוציקט, אָבער דו ביזט ניט פאַר־שמוציקט אין יענער וועלט (לעולם הבא). **די משנה לערנט עס אָפּ פון „היום הזה" „היינטיקן טאָג", און אז יהושע האָט צו עכן דערמיט געזאָגט, אז ווייל ער האָט זיך מתוודה געווען וועט ער האָבן א חלק לעולם הבא.** ואם אינו, און אויב ער (דער פאַר־משפטער) ווייסט ניט ווי אזוי זיך מתוודה צו זיין, זאָגט מען אים, זאָג : „מיין טויט זאָל זיין א כפרה אויף אלע מיינע עבירות". **און אין די אלע עבירות איז שוין אריינגערעכנט אויך די עבירה פאַר וועלכער מען האָט אים פאַרמשפּט.** ר׳ יהודה זאָגט, אז אויב ער ווייסט אז מען האָט אים פאַרמשפּט דורך פאַלשע עדות (אז ער איז „מזומם"), זאָגט ער: „מיין טויט זאָל זיין א כפרה אויף אלע מיינע עבירות א חוץ דער דאָזיקער עבירה"; האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו ר׳ יהודה) אז אויב אזוי וועט יעדער מענטש (יעדער פאַרמשפּטער) אזוי זאָגן, כדי זיך ריין צו מאַכן. **כדי מענטשן זאָלן מיינען, אז מען האָט אים געטויט אומשולדיק און זיי זאָלן האָבן טענות צו די דיינים און צו די עדות.**

ג. היה, ווען ער איז ווייט פון פאַרשטיינונגס־אָרט פיר איילן, טוט מען אים אויס זיינע קליידער. **דאָס איז כדי דער טויט זאָל קומען געשווינדער.** האיש, א מאַנס־פּערזאָן דעקט מען אים צו פון פאָרנט, און א פרוי (דעקט מען זי צו) פון פאָרנט און פון הינטן, אזוי זאָגט ר׳ יהודה; און די חכמים זאָגן, אז (נור) א מאַנספּערזאָן ווערט פאַרשטיינט נאַקעטערהייט, אָבער א פרוי ווערט נישט פאַרשטיינט נאַקע־טערהייט. **ווייל זי ווערט דאדורך פאַרשעמט.**

ד. בית הסקילה, דאָס פאַרשטיינונגס־אָרט איז געווען הויך צוויי שטאָק. **מיט „שתי קומות", צוויי שטאָק, מיינט מען דאָ אזוי הויך ווי צוויי מענטשן, און ווייל**

מִן הָעֵדִים דּוֹחֲפוֹ עַל מָתְנָיו. נֶהֱפַךְ עַל לִבּוֹ, הוֹפְכוֹ עַל מָתְנָיו, אִם מֵת בָּהּ יָצָא, וְאִם לָאו, הַשֵּׁנִי נוֹטֵל אֶת הָאֶבֶן וְנוֹתְנָהּ עַל לִבּוֹ. אִם מֵת בָּהּ, יָצָא, וְאִם לָאו רְגִימָתוֹ בְּכָל יִשְׂרָאֵל, שֶׁנֶּאֱמַר יַד הָעֵדִים תִּהְיֶה בּוֹ בָרִאשׁוֹנָה לַהֲמִיתוֹ וְיַד כָּל הָעָם בָּאַחֲרוֹנָה. כָּל הַנִּסְקָלִין נִתְלִין, דִּבְרֵי רַבִּי אֱלִיעֶזֶר. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים אֵינוֹ נִתְלֶה אֶלָּא הַמְגַדֵּף, וְהָעוֹבֵד עֲ"זָ. הָאִישׁ תּוֹלִין אוֹתוֹ פָּנָיו כְּלַפֵּי הָעָם, וְהָאִשָּׁה פָּנֶיהָ כְּלַפֵּי הָעֵץ, דִּבְרֵי רַבִּי אֱלִיעֶזֶר. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים הָאִישׁ נִתְלֶה, וְאֵין הָאִשָּׁה נִתְלֵית. אָמַר לָהֶן רַבִּי אֱלִיעֶזֶר, וַהֲלֹא שִׁמְעוֹן בֶּן שָׁטָח תָּלָה (נָשִׁים) בְּאַשְׁקְלוֹן. אָמְרוּ לוֹ, שְׁמוֹנִים נָשִׁים תָּלָה, וְאֵין דָּנִים שְׁנַיִם בְּיוֹם. אֶחָד. כֵּיצַד תּוֹלִין אוֹתוֹ?

**דער פארמשפטער אליין שטייט אויף דעם דאָזיקן הויכן אָרט, איז ממילא זיין קאָפּ הויך פון דער ערד ווי די הויך פון דריי מענטשן.** אחד, איינער פון די עדות גיט אים א שטויס אויף זיינע לענדן (הינטן אין קערפער) און ער (פאלט אראָפּ) איבערגעדרייט אויף זיין הארץ. (דערנאָך) דרייט אים איבער (דער עדות) אויף זיין לענדן, (מיטן הארץ ארויף). אויב ער איז געטויט געוואָרן (מיטן דאָזיקן אראָפּפאלן) האָט מען יוצא געווען (איז די טויט שטראָף אויסגעפירט געוואָרן), און אויב ניט נעמט דער צווייטער (עדות) א שטיין און וואַרפט אים אויף זיין הארץ. אויב ער איז דערמיט געטויט געוואָרן, האָט מען יוצא געווען, און אויב ניט פארשטיינט אים (באוואַרפט אים מיט שטיינער) דאָס גאנצע פאָלק (כל ישראל, אלע מענטשן, וועלכע זענען דאביי), ווארום עס ווערט געזאָגט (דברים י"ז) „יד העדים תהיה בו בראשונה להמיתו ויד כל העם באחרונה" (די האנט פון די עדות זאָל זיין אין אים צום ערשט צום טייטן אים, און די האנט פון גאנצן פאָלק זאָל זיין צום לעצט). **דאָס איז געווען דער סדר פון טויטן דורך פארשטיינען, סקילה.** — כל הנסקלין, אלע (פארמשפטע) וועלכע ווערן פארשטיינט, ווערן (נאָך זייער טויט) אויפגעהאָנגען, אזוי זאָגט ר' אליעזר; און די חכמים זאָגן, אז עס ווערן אויפגעהאָנגען ניט מער ווי דער (גאָט־) לעסטערער (מגדף) און דער וועל־כער האָט געדינט צו עבודה זרה. „מגדף", **מיינט איינער וואָס לעסטערט גאָט.** האיש, א מאנספערזאָן הענגט מען אויף מיט זיין פנים צום פאָלק, און א פרוי (הענגט מען אויף) מיט איר פנים צום האָלץ (צום באלקן אויף וועלכן מען הענגט זי), אזוי זאָגט ר' אליעזר; און די חכמים זאָגן, אז א מאנספערזאָן הענגט מען אויף, אָבער א פרוי (אפילו זי לעסטערט גאָט אָדער זי דינט צו דער עבודה זרה) הענגט מען ניט אויף. **נאָר מען איז זי קובר באלד נאָכן פארשטיינען.** אָמר להן, האָט ר' אליעזר גע־זאָגט צו זיי (צו די חכמים): סטייטש שמעון בן שטח האָט דאָך אויפגעהאָנגען זיבציק פרויען אין (דער שטאָט) אשקלון? **שמעון בן שטח איז געווען פון די זוגות, פון די צוויי חכמים וועלכע האָבן אָנגעפירט מיטן סנהדרין; ער האָט געלעבט לערך 150 יאָר פארן חורבן פון 2טן בית המקדש.** אָמרו לו, האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו ר' אליעזר): ער (שמעון בן שטח) האָט אויפגעהאָנגען אכציק פרויען, און מען הענגט דאָך ניט אויף צוויי (מענטשן) אין איין טאָג: **דערפון איז געדרונגען, אז פון שמעון בן שטח'ס אויפפירונג אין אשקלון קאָן מען ניט ברענגען קיין ראיה פאר דער הלכה ווייל דאָרט איז געווען אן אויסערגעוויינטליכע פאסירונג, א „הוראת שעה", וואָס מען האָט געטאָן קייגן דין נאָר פאר דעם פאל אליין, און ניט אפצולערנען דערפון לדורות, אויף שפּעטער. די גמרא זאָגט, אז דאָס זענען געווען 80 מכשפות, און שמעון בן שטח האָט מורא געהאט אז זייערע קרובים זאָלן ניט מאכן א בונט זיי צו באפרייען.**
—כיצד, ווי אזוי הענגט מען אים אויף? **מען מיינט דאָ דעם פארמשפטן צום פאר־שטיינען נאָכדעם ווי מען האָט אים פארשטיינט און ער איז שוין טויט (לויט ר' אליעזר ביי אלע פארשטיינטע און לויט די חכמים נור ביים גאָט־לעסטערער און**

מְשַׁקְּעִין אֶת הַקּוֹרָה בָּאָרֶץ, וְהָעֵץ יוֹצֵא (מִמֶּנָּה) וּמַקִּיף שְׁתֵּי יָדָיו זוֹ עַל גַּב זוֹ וְתוֹלֶה אוֹתוֹ. רַבִּי יוֹסֵי אוֹמֵר, הַקּוֹרָה מֻטָּה עַל הַכּוֹתֶל וְתוֹלֶה אוֹתוֹ, כְּדֶרֶךְ שֶׁהַטַּבָּחִין עוֹשִׂין. וּמַתִּירִין אוֹתוֹ מִיָּד. וְאִם לָן עוֹבֵר עָלָיו בְּלֹא תַעֲשֶׂה, שֶׁנֶּאֱמַר לֹא תָלִין נִבְלָתוֹ עַל הָעֵץ כִּי קָבוֹר תִּקְבְּרֶנּוּ כִּי קִלְלַת אֱלֹהִים תָּלוּי וְגוֹמֵר, כְּלוֹמַר, מִפְּנֵי מָה זֶה תָּלוּי? מִפְּנֵי שֶׁבֵּרַךְ אֶת הַשֵּׁם, וְנִמְצָא שֵׁם שָׁמַיִם מִתְחַלֵּל: ה אָמַר רַבִּי מֵאִיר, בְּשָׁעָה שֶׁאָדָם מִצְטַעֵר שְׁכִינָה מָה הַלָּשׁוֹן אוֹמֶרֶת? (כִּבְיָכוֹל) קַלַּנִי מֵרֹאשִׁי קַלַּנִי מִזְּרוֹעִי. אִם כֵּן הַמָּקוֹם מִצְטַעֵר עַל דָּמָם שֶׁל רְשָׁעִים שֶׁנִּשְׁפַּךְ, קַל וָחוֹמֶר עַל דָּמָם שֶׁל

**עבודה־זרה־דינער).** משקעין, מען זעצט אריין דעם באלקן (א הויכן קלאָץ, קורה) אין דער ערד, און פון אים (פון באלקן אין דער הויך) שטעקט ארויס א האָלץ, און מען בינדט אים צו (דעם פארשטיינטן מענטש) זיינע ביידע הענט איינע אויף דער אנדערער, און מען הענגט אים (אזוי) אויף. **דאָס הייסט, מען הענגט אים אויף אויף דעם ארויסגעשטעקטן האָלץ.** ר׳ יוסי זאָגט,אז דער קלאָץ ליגט קרום (פון דער ערד ארויף) ביז צו דער וואנט, און מען הענגט אים אויף (אויף דעם קלאָץ אין דער מיט) אזוי ווי די קצבים טאָן. **ווי זיי הענגען אויף די געשאָכטענע בהמות אויף אזעלכע קרום־ליגנדיקע קלעצער.** ומתירין, און מען בינדט אים באלד אויף. **מען נעמט אים באלד אראָפּ פון דער תליה.** ואם לן, און אויב מען האָט אים געלאָזט איבערנעכטיקן (הענגענדיק אויף דער תליה) איז מען עובר אויף א „לא תעשה״ (אויף א פארבאָט אין דער תורה דאָס נישט צו טאָן), ווארום עס ווערט געזאָגט (דברים כ״א) „לא תלין נבלתו על העץ, כי קללת אלהים תלוי״ (דו זאָלסט ניט לאָזן זיין טויטן גוף איבערנעכטיקן אויפן האָלץ; נאָר דו זאָלסט אים קובר זיין, ווארום דער געהאָנגענער איז גאָט׳ס קללה) און אזוי ווייטער ; דאָס הייסט (כלומר), פארוואָס האָט מען דעם דאָזיקן אויפגעהאָנגען, ווייל ער האָט געלעסטערט (בירך) גאָט, און עס קומט אויס, אז גאָטס נאָמען ווערט פארשוועכט. **ווייל ווען מען לאָזט אים הענגען דערמאָנט מען זיך, אז דער דאָזיקער האָט געשאָלטן גאָט. „ברך את השם״ („געבענטשט דעם נאָמען״) איז דער טייטש „געשאָלטן גאָט״, און די משנה באנוצט דאָס וואָרט „ברך״, בענטשן״ אָנשטאט „שעלטן״, און אזוי געפינען מיר אויך אין תנך אין עטליכע ערטער, (מלכים א׳ כ״א „ברך נבות אלהים ומלך״). „שם שמים״, „דער נאָמען פון הימעל״. איז פאראן עטליכע מאָל אין דער משנה אנשטאט „דער נאָמען פון גאָט״.**

ה. אָמר, האָט ר׳ מאיר געזאָגט, אז אין דער צייט ווען דער מענטש ליידט (מצטער, ליידט פאר זיינע זינד, מען טויט אים צוליב טאָן א עבירה), וואָס איז דאָס לשון וואָס די שכינה זאָגט דערויף ? מיט „שכינה״ (רוען) **מיינט מען די געטליכקייט, און מיר געפינען א סך מאָל אין תנך, ווי גאָט זאָגט, אז ער רוט צווישן די יידן (שמות כ״ה „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם״).** כביכול, (גאָט זאָגט, אויב מען קאָן אזוי זאָגן): „איך בין גרינגער (קלני, אזוי ווי „קל אני״) פון מיין קאָפּ, איך בין גרינגער פון מיין ארם״. עס הייסט א שטייגער ווי גאָט זאָגט, **אז דער קאָפּ איז אים שווער און דער ארם איז אים שווער פון גרויס צער. דאָס וואָרט „כביכול״ ווערט געווייִנטליך געטייטשט „אזוי ווי ביי איינעם וואָס מען קאָן וועגן אים אזוי זאָגן״ („כ״ אזוי ווי, „ב״ ביי איינעם, „יכול״, קאָן). מחמת דאָ ווערט געזאָגט וועגן גאָט ווערטער ווי וועגן א מענטש, „דער קאָפּ איז אים שווער״.** אם כן, אויב גאָט (המקום) איז זיך אזוי מצער אויף דעם (פארגאָסענעם) בלוט פון רשעים, מכל שכן (קל וחומר) אז (ער איז זיך מצער) אויף דעם (פארגאָסענעם) בלוט פון צדיקים. **וועגן וואָרט „מקום״, „אָרט״, אָנשטאט „גאָט״, זע אין אונזער פירוש ברכות פרק ה׳ משנה א׳.**

ולא זה, און ניט נור ביים דאָזיקן אליין (ביי א געהאָנגענעם) האָט מען געזאָגט (אז מען טאָר אים ניט לאָזן איבערנעכטיקן, נאָר מען מוז אים אין זעלביקן טאָג קובר

צַדִּיקִים, וְלֹא זוֹ בִּלְבַד (אָמְרוּ) אֶלָּא כָּל הַמֵּלִין אֶת מֵתוֹ עוֹבֵר בְּלֹא תַעֲשֶׂה. הֱלִינוֹ לִכְבוֹדוֹ, לְהָבִיא לוֹ אָרוֹן וְתַכְרִיכִים, אֵינוֹ עוֹבֵר עָלָיו. וְלֹא הָיוּ קוֹבְרִין אוֹתוֹ בְּקִבְרוֹת אֲבוֹתָיו. אֶלָּא שְׁנֵי בָתֵּי קְבָרוֹת הָיוּ מְתֻקָּנִין לְבֵית דִּין, אַחַת לַנֶּהֱרָגִין וְלַנֶּחֱנָקִין, וְאַחַת לַנִּסְקָלִין וְלַנִּשְׂרָפִין: ו נִתְעַכֵּל הַבָּשָׂר מְלַקְּטִין אֶת הָעֲצָמוֹת וְקוֹבְרִין אוֹתָן בִּמְקוֹמָן, וְהַקְּרוֹבִים בָּאִים וְשׁוֹאֲלִין בִּשְׁלוֹם הַדַּיָּנִין, וּבִשְׁלוֹם הָעֵדִים, כְּלוֹמַר, שֶׁאֵין בְּלִבֵּנוּ עֲלֵיכֶם כְּלוּם, שֶׁדִּין אֱמֶת דַּנְתֶּם. וְלֹא הָיוּ מִתְאַבְּלִין, אֲבָל אוֹנְנִין שֶׁאֵין אֲנִינוּת אֶלָּא בַלֵּב:

זיין), נאָר אויך יעדער וואָס לאָזט איבערנעכטיקן זיינס א מת איז ער עובר אויף א לא תעשה (אויף א פארבאָט פון דער תורה „ניט צו טאָן״). **מען מוז קובר זיין א מת אין זעלביקן טאָג, ווען ער איז געשטאָרבן, און מען טאָר אים ניט לאָזן איבער־נעכטיקן אָן קבורה.** הלינו, אויב ער (איינער) האָט געלאָזט אים (זיינס א מת) איבער־נעכטיקן (און ניט קובר געווען אים אין זעלביקן טאָג) צוליב זיין (דעם מת׳ס) כבוד׳ס וועגן, צו ברענגען פאר אים אן ארון (א קאסטן, אריינצולייגן אים) אָדער תכרי־כים, איז ער ניט עובר אויף אים. **האָט ער ניט געטאָן א עבירה, ווייל דאָס איז דאָך פארן כבוד פון מת. —** ולא היו, און מען האָט אים (דעם פארמשפּטן צום טויט, נאָכן טויטן אים) ניט קובר געווען אין די קברים פון זיינע עלטערן, נאָר צוויי בית עלמינס זענען געווען איינגעפירט פאר (די וואָס זענען פארמשפּט געוואָרן דורך) דעם בית דין, איינער פאר די געטויטעטע מיט דער שווערד (נהרגין) און פאר די דערשטיקטע (נחנקין), און איינער פאר די פארשטיינטע (נסקלין) און פאר די פארברענטע (נשרפין). **מען האָט אים ניט באלד קובר געווען לעבן זיינע עלטערן, ווייל מען טאָר־ניט קובר זיין א רשע לעבן א צדיק. מען האָט אויך געדארפט האָבן 2 בית עלמינס, ווייל „הרג״ און „חנק״** קומט פאַר קלענערע עבירות, „סקילה״ און „שריפה״, **קומט פאַר הארבערע עבירות און מען טאָרניט קובר זיין א גרעסערן רשע לעבן א קלענערן רשע.**

ו. נתעכל, נאָכדעם ווי דאָס פלייש (פונם גוף פון פארמשפּטן דורך בית דין) איז געוואָרן צעפוילט (ער איז שוין געלעגן א לאנגע צייט אין דעם בית־עלמין פאר פאר־משפּטע), קלייבט מען צונויף זיינע ביינער, און מען איז זיי קובר אין זייער אָרט. **דאָס הייסט, מען איז די ביינער קובר לעבן די קברים פון די עלטערן, אין דעם משפּחה־קבר. דער טעם איז ווייל דאמאָלס האָט מען אים, צוליב דעם בזיון, שוין מוחל געווען די עבירה, און מען מעג אים שוין קובר זיין לעבן ערליכע מענטשן. והקדונים,** און (נאָכדעם ווי מען טויט דעם פארמשפּטן) קומען די קרובים (פון דעם פארמשפּטן) און באגריסן (שואלין בשלום, זיי זאָגן שלום, זיי באגריסן) די דיינים און די עדות, א שטייגער ווי זיי זאָגן (דערמיט): אז מיר האָבן אין אונזער הארץ גאָרניט קייגן אייך, מחמת איר האָט ארויסגעגעבן אן אמת׳ן פסק דין (דין אמת). **וואָרים ניט זיי, די עדות און דיינים, האָבן אים געטויט, נאָר דער דין, די תורה, האָט אים געהייסן טויטן.** ולא היו, און זיי (די קרובים) האָבן ניט אָפּגעהאלטן אבלות (ניט געזעסן שבעה און אנדערע אבלות נאָך דעם פארמשפּטן), אָבער זיי האָבן געמעגט טרויערן (אוננים), ווייל טרויער איז נור אין הארץ. **„אבלות״ איז דאָך זאכן וואָס אַלע זעען, אָבער אינערליכן טרויער זעט דאָך ניט קיינער.**

## פרק ז.

א. ארבע, פיר (סאָרטן) טויט־שטראָפן זענען איבערגעגעבן געוואָרן צום בית דין: פארשטיינען (סקילה), פארברענען (שריפה), אָפּהאקן דעם קאָפּ מיט א שווערט (הרג), און דערשטיקן (חנק). **דער סדר פון די פיר טויט־שטראָפן איז לויט זייער הארבקייט; סקילה איז אמשטארקסטן, דער נאָך גייט שריפה, און דערנאָך הרג און דערנאָך חנק.**

# פרק ז.

**א** אַרְבַּע מִיתוֹת נִמְסְרוּ לְבֵית דִּין, סְקִילָה, שְׂרֵפָה, הֶרֶג, וָחֶנֶק. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר שְׂרֵפָה, סְקִילָה, חֶנֶק, וָהֶרֶג. זוֹ מִצְוַת הַנִּסְקָלִין: **ב** מִצְוַת הַנִּשְׂרָפִין, הָיוּ מְשַׁקְּעִין אוֹתוֹ בַּזֶּבֶל עַד אַרְכֻּבּוֹתָיו, וְנוֹתְנִים סֻדָּר קָשָׁה לְתוֹךְ הָרַכָּה וְכוֹרֵךְ עַל צַוָּארוֹ, זֶה מוֹשֵׁךְ אֶצְלוֹ, וְזֶה מוֹשֵׁךְ אֶצְלוֹ עַד שֶׁפּוֹתֵחַ אֶת פִּיו, וּמַדְלִיק אֶת הַפְּתִילָה, וְזוֹרְקָהּ לְתוֹךְ פִּיו וְיוֹרֶדֶת לְתוֹךְ מֵעָיו, וְחוֹמֶרֶת אֶת בְּנֵי מֵעָיו. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, אַף הוּא אִם מֵת בְּיָדָם, לֹא הָיוּ מְקַיְּמִין בּוֹ מִצְוַת שְׂרֵפָה. אֶלָּא פּוֹתְחִין אֶת פִּיו בִּצְבָת שֶׁלֹּא בְטוֹבָתוֹ, וּמַדְלִיק אֶת הַפְּתִילָה וְזוֹרְקָהּ לְתוֹךְ פִּיו, וְיוֹרֶדֶת לְתוֹךְ מֵעָיו, וְחוֹמֶרֶת אֶת

**למשל אויב איינער איז פארמשפט געוואָרן פאר 2 עבירות צו 2 סאָרטן טויט־שטראָפן, טויט מען אים מיט דער הארבערער.** ר׳ שמעון זאָגט, אז פארברענען (שריפה), פאר־שטיינען (סקילה), דערשטיקן (חנק), און אָפּהאַקן דעם קאָפּ מיט א שווערט (הרג). **לויט ר׳ שמעון איז שריפה הארבער פון סקילה, און חנק איז הארבער פון הרג.** זו מצות, דאָס איז דער דין (די מצוה) פון די פארשטיינטע. **דאָס הייסט, אז די משנה האָט פריער אין פרק ו׳ משנות ג׳ און ד׳ געגעבן ווי אזוי עס איז פאָרגעקומען דאָס פארשטיינען.**

ב. מצות, (דאָס איז) דער דין (די מצוה) פון די פארברענטע (הנשרפין). **די משנה וועט דאָ געבן ווי אזוי עס איז פאָרגעקומען די טויט־שטראָף דורך פאר־ברענען.** היו, מען האָט אים (דעם פארמשפטן) אריינגעשטעלט (משקעין, ארײנגע־שטעקט) אין מיסט ביז צו זיינע קני, און מען ליינט אריין א הארטן טוך אין א ווייכן (טוך) און מען וויקלט (דערמיט) ארום זיין האלז, און דער (איינער עדות) ציט (איין עק טוך) צו זיך, און דער (אנדערער עדות) ציט (דעם אנדערן עק טוך) צו זיך ביז ער (דער פארמשפטער) עפנט זיין מויל; און מען צינדט אָן (מדליק, מען מאכט הייס) בליי (פתילה, א בלייערנעם קנויט), און מען ווארפט עס (דעם הייסן צעלאָזע־נעם בליי, (זורק, מען גיסט עס אריין) אין זיין מויל, און דאָס (בליי) גייט אראָפּ אין זיינע געדערים און פארברענט (וחומרת) זיינע געדערים. **אויך דאָ, פונקט ווי פריער פרק ו׳ משנה ד׳ ביים פארשטיינען, האָבן די 2 עדות, וועלכע האָבן מיט זייער עדות זאָגן דערפירט אז מען זאָל אים פארמשפטן צום טויט, געהאָלפן ביים פארברענען. מען האָט אריינגעלייגט א הארטע טוך אין א ווייכער ווייל א הארטע טוך איז שווער ארומצעוויקלן ארום דעם האלז, און א ווייכע דריקט ניט פעסט אז ער זאָל מוזן עפנען דאָס מויל.** ר׳ יהודה זאָגט, אז (מען האָט ניט ארומגעוויקלט דעם האלז מיט א טוך ווייל) אויב ער וואָלט (דורך דריקן אים דעם האלז) געשטאָרבן אונטער זייערע הענט, וואָלט מען דאָך אין אים ניט מקיים געווען די מצוה צו פארברענען אים (מצות שריפה); נאָר מען עפנט זיין מויל מיט א צוואנג קייגן זיין ווילן (שלא בטובתו, ניט מיט זיין טובה, נאָר מיט גוואלט), און מען צינדט אָן דעם בליי און מען ווארפט אים אריין אין זיין מויל און דאָס (בליי) גייט אראָפּ אין זיינע געדערים און פארברענט זיינע געדערים. **דער אונטערשיד צווישן ר׳ יהודה און דעם תנא קמא (דעם פריער־דיקן תנא) איז נור אין דעם ווי מען עפנט דאָס מויל; אָבער ביידע האלטן אז דאָס פארברענען איז פאָרגעקומען דורך אריינגיסן אין מויל אריין הייס, צעלאָזן בליי.** אָמר, האָט ר׳ אלעזר בן צדוק געזאָגט, עס איז געווען א מעשה מיט דער טאָכטער פון א כהן (א אשת איש) וועלכע האָט מזנה געווען (און עס קומט איר דערפאר צו פארברענען), און מען האָט ארום איר ארומגעלייגט בינטלעך צווייגן (און מען האָט אָנגעצינדן א פייער) און מען האָט זי פארברענט. **פון דער מעשה וויל ר׳ אלעזר בן צדוק** (וועלכער האָט געלעבט אויך אין דער צייט פון חורבן פון 2טן בית המקדש **און האָט שפּעטער דערציילט וואָס ער האָט געדענקט פון די צייטן פון די סנהדרין**

בְּנֵי מֵעָיו. אָמַר רַבִּי אֱלִיעֶזֶר בֶּן צָדוֹק, מַעֲשֶׂה בְּבַת כֹּהֵן אַחַת שֶׁזִּנְּתָה, וְהִקִּיפוּהָ חֲבִילֵי זְמוֹרוֹת וּשְׂרָפוּהָ. אָמְרוּ לוֹ, מִפְּנֵי שֶׁלֹּא הָיָה בֵּית דִּין שֶׁל אוֹתָהּ שָׁעָה בָּקִי: ג מִצְוַת הַנֶּהֱרָגִים, הָיוּ מַתִּיזִין אֶת רֹאשׁוֹ בְּסַיִף כְּדֶרֶךְ שֶׁהַמַּלְכוּת עוֹשָׂה. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, נִוּוּל הוּא זֶה (לוֹ), אֶלָּא מַנִּיחִין אֶת רֹאשׁוֹ עַל הַסַּדָּן וְקוֹצִין בְּקוֹפִיץ. אָמְרוּ לוֹ, אֵין מִיתָה מְנֻוֶּלֶת מִזּוֹ. מִצְוַת הַנֶּחֱנָקִין, הָיוּ מְשַׁקְּעִין אוֹתוֹ בְּזֶבֶל עַד אַרְכֻּבּוֹתָיו, וְנוֹתְנִים סוּדָר קָשָׁה לְתוֹךְ הָרַכָּה וְכוֹרֵךְ עַל צַוָּארוֹ, זֶה מוֹשֵׁךְ אֶצְלוֹ וְזֶה מוֹשֵׁךְ אֶצְלוֹ עַד שֶׁנַּפְשׁוֹ יוֹצְאָה: ד אֵלּוּ הֵן הַנִּסְקָלִין, הַבָּא עַל הָאֵם וְעַל אֵשֶׁת הָאָב, וְעַל הַכַּלָּה, וְעַל הַזְּכוּר, וְעַל הַבְּהֵמָה, וְהָאִשָּׁה הַמְּבִיאָה אֶת הַבְּהֵמָה, וְהַמְגַדֵּף, וְהָעוֹבֵד עַ"ז וְהַנּוֹתֵן מִזַּרְעוֹ לַמֹּלֶךְ, וּבַעַל אוֹב, וְיִדְּעוֹנִי, וְהַמְחַלֵּל

אין ירושלים) אפּלערנען, **אז די מצוה פון שריפה איז אנצינדן א פייער און צו פארברענען דעם פארמשפטן.** אמרו לו, האבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו ר׳ אלעזר בן צדוק), דעריבער (האָט יענער בית דין אזוי געטאָן) ווייל דאָס בית דין פון דער דאָזיקער צייט איז ניט געווען בקי (האָט ניט געהאלטן פון דין). **דאָס בית דין איז גראד דאמאָלס געווען פון דער סעקטע צדוקים, וועלכע האָבן ניט געהאלטן פון תורה שבעל פה, פון איינטייטשן דעם פסוק ווי די חכמים האָבן געלערנט, און די צדוקים האָבן געטייטשט „שריפה״, אז מען מיינט פשוט פארברענען אין פייער.**

ג. מצות הנהרגים, (דאָס איז) דער דין (די מצוה) פון די וואָס ווערן געטויט דורך אָפּהאקן דעם קאָפּ (הנהרגין): מען האָט אָפּגעהאקט זיין קאָפּ מיט א שווערט, אזוי ווי דאָס מלכות טוט. ווען דאָס מלכות, די רעגירונג (מען מיינט דאָ **די רוימישע רעגירונג, וועלכע האָט דאמאָלס געהערשט אין ארץ ישראל) פארמשפּט איינעם צום טויט דורך אָפּהאקן דעם קאָפּ, האקט מען אים אָפּ מיט א שווערט, ווען ער שטייט.** ר׳ יהודה זאָגט, אז דאָס איז א בזיון (ניוול) פאר אים (צו הרגענען אים שטייענדיק), נאָר מען לייגט אנידער זיין קאָפּ אויף א קלאָץ (סדן, קאָוואדלע, א הארטן קלאָץ) און מען האקט אים אָפּ מיט א האק־מעסער. „קופיץ״ **איז דאָס גריכישע וואָרט „קאָפּיס״, א האק־מעסער.** אמרו לו, האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו ר׳ יהודה), אז עס איז ניט פאראן קיין מער בזיון׳דיקער טויט ווי דאָס. **זיי האלטן דעריבער, אז מען האָט אים אָפּגעהאקט מיט א שווערט דעם קאָפּ ווען ער איז געשטאנען.** מצות הנחנקין, (דאָס איז) דער דין (די מצוה) פון די וואָס ווערן דערשטיקט (הנחנקין): מען האָט אים ארייגעשטעלט אין מיסט ביז צו זיינע קני, און מען לייגט אריין א הארטן טוך אין א ווייכן (טוך) און מען וויקלט אים (דערמיט) ארום זיין האלז, און דער (איין עדות) ציט (איין עק טוך) צו זיך, און דער (אנדערער עדות) ציט ( דעם אנדערן עק טוך) צו זיך, ביז זיין נשמה גייט אויס. **זע פריער ביי שריפה, פארוואָס מען האָט ארייגעלייגט דאָס הארטע טוך אין א ווייכן טוך.**

ד. אלו, די דאָזיקע זענען וועלכע ווערן פארשטיינט (הנסקלין). **די וועלכע האָבן עובר געווען אויף די עבירות וואָס די משנה וועט באלד אויסרעכענען, ווערן באַשטראָפט מיט טויט־שטראָף דורך פארשטיינען, דורך סקילה.** הבא, אז איינער קומט אויף (לעבט געשלעכטלעך מיט) זיין מוטער; אָדער אויף זיין פאָטערס פרוי (שטיף־מוטער); אָדער אויף זיין שנור; אָדער אויף א זכר (משכב זכר); אָדער אויף א בהמה; אָדער א פרוי וועלכע ברענגט א בהמה אויף זיך (לעבט געשלעכטלעך מיט א בהמה); און דער וועלכער לעסטערט גאָט (מגדף, ער שעלט גאָט); און דער וועלכער דינט צו אן עבודה זרה (צו אן אָפּגאָט); און דער וועלכער גיט אוועק פון זיינע קינדער צום מולך (דורכצופירן זיי דורך א פייער); און דער וועלכער מאכט כישוף דורך טויטע (בעל אוב), אָדער ער זאָגט נביאות מיט א ביינדל פון א ידעוני־חיה; און דער

אֶת הַשַּׁבָּת. וְהַמְקַלֵּל אָבִיו וְאִמּוֹ, וְהַבָּא עַל נַעֲרָה הַמְאוֹרָסָה וְהַמֵּסִית, וְהַמַּדִּיחַ. וְהַמְכַשֵּׁף וּבֵן סוֹרֵר וּמוֹרֶה. הַבָּא עַל הָאֵם חַיָּב עָלֶיהָ מִשּׁוּם אֵם וּמִשּׁוּם אֵשֶׁת אָב. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, אֵינוֹ חַיָּב אֶלָּא מִשּׁוּם הָאֵם בִּלְבָד. הַבָּא עַל אֵשֶׁת אָב חַיָּב (עָלֶיהָ) מִשּׁוּם אֵשֶׁת אָב וּמִשּׁוּם אֵשֶׁת אִישׁ. בֵּין בְּחַיֵּי אָבִיו בֵּין לְאַחַר מִיתַת אָבִיו, בֵּין מִן הָאֵרוּסִין, בֵּין מִן הַנִּשּׂוּאִין. הַבָּא עַל כַּלָּתוֹ חַיָּב עָלֶיהָ מִשּׁוּם כַּלָּתוֹ וּמִשּׁוּם אֵשֶׁת אִישׁ. בֵּין בְּחַיֵּי בְנוֹ בֵּין לְאַחַר מִיתַת בְּנוֹ, בֵּין מִן הָאֵרוּסִין בֵּין מִן הַנִּשּׂוּאִין, הַבָּא עַל הַזָּכוּר וְעַל הַבְּהֵמָה, וְהָאִשָּׁה הַמְּבִיאָה אֶת הַבְּהֵמָה (בִּסְקִילָה). אִם אָדָם

וועלכער איז מחלל דעם שבת (טוט א מלאכה אים שבת); און דער וואָס שעלט זיין פאָטער אָדער זיין מוטער; און דער וועלכער קומט אויף א נערה המאורסה (א מיידל וואָס איר חתן האָט זי מקדש געווען אָבער ער האָט נאָכניט מיט איר חתונה געהאַט); און דער וועלכער רעדט־אָן (איינצעלנע מענטשן) צו דינען עבודה זרה (מסית); אָדער ער מאַכט אָפטריניג א שטאָט מענטשן צו דינען עבודה זרה (מדיח); און א מכשף; און א זון וואָס ווידערשפעניקט זיין פאָטער און זיין מוטער. **די משנה וועט באלד געבן דערקלערונגען וועגן יעדער פון די דאָזיקע אויסגערעכנטע עבירות פאר וועל־כע עס קומט טויט־שטראָף דורך פארשטיינען** (סקילה). הבא על האם, אז איינער קומט אויף זיין מוטער איז ער שולדיק דאדורך צוליב (דער עבירה פון) מוטער און צוליב (דער עבירה פון) דעם פאָטערס פרוי. **מחמת די מוטער איז דאָך אויך זיין פאָטערס פרוי. מען מיינט דאָ, אז ער האָט עס געטאָן בשוגג, ניט וויסנדיק, און ער דאַרף ברענגען צוויי קרבנות חטאת. די משנה מיינט דאָ, אז ער האָט עס געטאָן נאָכן פאָ־טערס טויט אָדער נאָכדעם ווי דער פאָטער האָט זי געגט, ווארום אויב ניט האָט ער געטאָן נאָך א דריטע עבירה, פון אשת איש, א פארהייראַטעטער פרוי.** ר' יהודה זאָגט, אז ער איז שולדיק נאָר צוליב (דער עבירה פון) מוטער אליין. **אָבער ניט צוליב זיין פאָטערס פרוי.** הבא על אשת, אז איינער קומט אויף זיין פאָטערס פרוי (שטיף־מוטער, ווען דער פאָטער לעבט נאָך און ער האָט זי ניט געגט), איז ער שולדיק צוליב (דער עבירה פון) דעם פאָטערס פרוי און פון אשת איש. **אויך דאָ מיינט מען, אז ער האָט עס געטאָן בשוגג, ניט וויסנדיק, און ער דאַרף ברענגען צוויי קרבנות.** בין בחיי, (די עבירה ווען מען קומט אויף דער שטיף־מוטער איז) סיי ווען זיין פאָ־טער לעבט און סיי נאָך זיין פאָטערס טויט, סיי ווען דער פאָטער האָט זי געהאַט נור מקדש געווען (מן האירוסין, און נאָכניט חתונה געהאַט מיט איר) און סיי ווען ער האָט שוין חתונה געהאַט מיט איר (מן הנישואין). **אין דער צייט פון דער משנה איז געווען דער מנהג, אז דער חתן האָט מקדש געווען די כלה ביי די תנאים, און די חתונה איז פארגעקומען אין חדשים שפעטער. די תנאים־קידושין האָבן געהייסן „אירוסין"** (און די כלה האָט נאָך די קידושין געהייסן „ארוסה"), **און די חתונה האָט געהייסן „נישואין"** (און די פרוי, נאָך דער חתונה, האָט געהייסן „נשואה"). הבא על כלתו, אז איינער קומט אויף זיין שנור (און זיין זון לעבט און ער האָט זי ניט געגעט) איז ער שולדיק צוליב (דער עבירה פון) זיין שנור, און צוליב (דער עבירה פון) אשת איש. **אויך דאָ מיינט מען, אז ער האָט עס געטאָן בשוגג, ניט וויסנדיק, און ער דאַרף ברענגען צוויי קרבנות.** בין בחיי בנו, (די עבירה פון קומען אויף דער שנור איז) סיי ווען זיין זון לעבט און סיי נאָכן טויט פון זיין זון, סיי ווען דער זון האָט זי נור מקדש געווען (מן האירוסין), סיי ווען ער האָט שוין מיט איר חתונה געהאַט. **אזוי ווי מיר האָבן דערקלערט פריער ביי אשת האב** (ביי דער שטיף־מוטער). — הבא על הזכור, אז איינער קומט אויף א זכר, אָדער אויף א בהמה, און א פרוי וועלכע ברענגט אויף זיך א בהמה (קומט סקילה, פארשטיינונג). **די משנה לערנט דאָ, אז ניט נור דאַרף מען פארשטיינען די מענטשן, נאָר אויך די בהמה, און די**

חָטָא, בְּהֵמָה מֶה חָטָאת? אֶלָּא לְפִי שֶׁבָּאת לָאָדָם תַּקָּלָה עַל יָדָהּ, לְפִיכָךְ אָמַר הַכָּתוּב תִּסָּקֵל. דָּבָר אַחֵר, שֶׁלֹּא תְּהֵא בְּהֵמָה עוֹבֶרֶת בַּשּׁוּק, וְיֹאמְרוּ, זוֹ הִיא שֶׁנִּסְקַל פְּלוֹנִי עַל יָדָהּ:

ה הַמְגַדֵּף אֵינוֹ חַיָּב עַד שֶׁיְּפָרֵשׁ הַשֵּׁם. אָמַר רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ בֶּן קָרְחָה בְּכָל יוֹם דָּנִין אֶת הָעֵדִים בְּכִנּוּי, יַכֶּה יוֹסֵי אֶת יוֹסֵי. נִגְמַר הַדִּין לֹא הָיוּ הוֹרְגִים בְּכִנּוּי, אֶלָּא מוֹצִיאִים כָּל אָדָם לַחוּץ, וְשׁוֹאֲלִים אֶת הַגָּדוֹל שֶׁבָּהֶן וְאוֹמְרִים לוֹ, אֱמוֹר מַה שֶּׁשָּׁמַעְתָּ בְּפֵרוּשׁ, וְהוּא אוֹמֵר, וְהַדַּיָּנִין עוֹמְדִין עַל רַגְלֵיהֶן וְקוֹרְעִין וְלֹא מְאַחִין. וְהַשֵּׁנִי אוֹמֵר,

**משנה פרעגט:** אס אדם, אויב דער מענטש האָט געזינדיקט, וואָס אָבער האָט די בהמה געזינדיקט? נאָר (מען פארשטיינט זי) ווייל דער מענטש איז דורך איר געשטרויכלט געוואָרן, דאריבער האָט דער פסוק (די תורה) געזאָגט אז מען זאָל זי פארשטיינען. **די תורה זאָגט עס אין ויקרא כ׳ „והרגת את האשה ואת הבהמה״, און „ואת הבהמה תהרגו״.** דבר אחר, אן אנדערע זאך (נאָך א טעם, פארוואָס מען פארשטיינט אויך די בהמה), כדי די בהמה זאָל נישט גיין אין גאס און מען זאָל ניט זאָגן: דאָס איז די בהמה, צוליב וועלכער יענער מענטש איז פארשטיינט געוואָרן. **די בהמה קומט צו פארשטיינען איןביידע פאלן, סיי ווען א מאנספערזאָן קומט אויף איר, און סיי ווען א פרוי ברענגט די בהמה אויף זיך.**

ה. המגדף, דער וועלכער לעסטערט גאָט (שעלט גאָט, און די משנה האָט פריער אין משנה ד׳ געלערנט אז עס קומט אים סקילה, צו פארשטיינען) איז ניט שולדיק סיידן ווען ער (אליין) זאָגט־ארויס (דאביי) בפירוש דעם נאָמען (פון גאָט). **אויב אָבער ער האָט ניט ארויסגעזאָגט גאָטס נאָמען, נאָר ער האָט געהערט אנדערע דערמאָנען גאָטס נאָמען, און ער האָט אים געשאָלטן, קומט אים ניט צו פארשטיינען.** אמר, האָט ר׳ יהושע בן קרחה געזאָגט, אז יעדן טאָג (ווען דאָס בית דין האָט אויסגעפאָרשט די עדות פון א מגדף, פון איינעם וועלכער האָט געשאָלטן גאָט) האָט מען אויסגעפרעגט (דנין) די עדות מיט א צונאָמען (כינוי). **די עדות האָבן ניט געטאָרט דערמאָנען גאָטס נאָמען ווען זיי האָבן איבערגעגעבן וואָרט ביי וואָרט, ווי אזוי דער מגדף האָט געשאָלטן; נאָר זיי האָבן דערמאָנט א צונאָמען פאר גאָט, דהיינו:** יכה יוסי את יוסי, יוסי זאָל שלאָגן יוסי. דאָס הייסט, **אויב דער מגדף האָט געזאָגט „גאָט זאָל שלאָגן גאָט״ (און ביים וואָרט „גאָט״ האָט ער דערמאָנט גאָטס נאָמען), האָבן די עדות אין בית דין ביים אויספרעגן זיי, געזאָגט, אז ער האָט געזאָגט: יוסי זאָל שלאָגן יוסי. ווייל גאָטס נאָמען באשטייט פון 4 אותיות (דער שם „הויה״) און יוסי באשטייט פון 4 אותיות (אויך באטרעפט „יוסי״, ווי „אלהים״, גאָט), דאריבער האָט מען גענומען דאָס וואָרט „יוסי״.** נגמר הדין, ווען דער משפט האָט זיך געענדיקט (און דאָס בית דין האָט געדארפן ארויסגעבן דעם פסק דין, און דאמאָלס האָט דאָס בית דין געמוזט הערן פון די עדות ווי אזוי דער מגדף האָט אָנגערופן דעם ריכטיקן נאָמען פון גאָט), האָט מען אים (דעם אָנגעקלאָגטן) ניט געהרגט (אויף דעם עדות זאָגן) מיט א צונאָמען, נאָר מען האָט געהייסן אלע מענטשן ארויסגיין (כדי זיי זאָלן ניט הערן ווי די עדות חזרן איבער די קללה אויף גאָט מיט גאָטס נאָמען), און זיי (דאָס בית דין) האָט געפרעגט דעם עלטסטן פון זיי (פון די עדות), און זיי זאָגן צו אים: „זאָג וואָס דו האָסט געהערט בפירוש״ און ער זאָגט. **דאָ זאָגט דער עדות ארויס בפירוש די קללה מיט גאָטס נאָמען.** והדיינין, און די דיינים (פון בית דין) שטעלן זיך אויף זייערע פיס (זיי זיצן ניט) און זיי רייסן זיך קריעה (זייערע מלבושים, ווי עס איז דער דין אז איינער הערט שעלטן גאָט) און זיי טאָרן ניט פארנייען (שפעטער די קריעה־געריסענע מלבושים). **די גמרא זאָגט, אז זיי טאָרן נור ניט שטארק פארנייען („תפירת אלכסנדריה״, ווי מען פארנייט אין דער שטאָט אלכסנדריה של מצרים, אז מען דערקענט ניט) אָבער סתם פארנייען מעג מען יאָ.** והשני, און דער אנדערער (עדות) זאָגט:

אַף אֲנִי כָּמוֹהוּ. וְהַשְּׁלִישִׁי אוֹמֵר, אַף אֲנִי כָּמוֹהוּ: ו הָעוֹבֵד עֲ"זָ, אֶחָד הָעוֹבֵד, וְאֶחָד הַזּוֹבֵחַ, וְאֶחָד הַמְקַטֵּר, וְאֶחָד הַמְנַסֵּךְ, אֶחָד הַמִּשְׁתַּחֲוֶה, וְאֶחָד הַמְקַבְּלוֹ עָלָיו לֶאֱלוֹהַּ, וְהָאוֹמֵר לוֹ אֵלִי אַתָּה. אֲבָל הַמְגַפֵּף, וְהַמְנַשֵּׁק, וְהַמְכַבֵּד, וְהַמְרַבֵּץ, וְהַמַּרְחִיץ וְהַסָּךְ, וְהַמַּלְבִּישׁ, וְהַמַּנְעִיל, עוֹבֵר בְּלֹא

„אויך איך (האָב געהערט) אזוי ווי ער". **דער אנדערער עדות חזרט שוין ניט איבער די קללה נאָר ער זאָגט: „אף אני כמוהו", אז ער האָט געהערט דיזעלביקע ווער־טער וואָס דער ערשטער עדות.** והשלישי, און דער דריטער (עדות) זאָגט: „אויך איך (האָב געהערט) אזוי ווי ער". **מען מיינט דאָ אויב עס איז געווען א דריטער עדות, ווייל עס זענען גענוג אויך צוויי עדות.**

ו. העובד, אז איינער דינט צו א עבודה זרה (צו אן אָפּגאָט, און די משנה האָט פריער אין משנה ד' געזאָגט, אז אים קומט סקילה, צו פארשטיינען) איז סיי ער דינט (צו דער עבודה זרה, ווי עס איז אָנגענומען דער שטייגער צו דינען צו דער דאָ־זיקער עבודה זרה) און סיי איינער שעכט (זובח, א לעבעדיקע זאך צו איר), און סיי איינער איז מקטיר (רויכערט ווײַרויך־בשמים צו איר), און סיי איינער גיסט (מנסך, וויין צי אן אנדערער משקה צו איר) און סיי איינער בוקט זיך (צו איר, משתחווה), און סיי איינער נעמט זי אָן אויף זיך פאר א גאָט, און סיי איינער זאָגט צו איר „דו ביזט מיין גאָט". **עס זענען געווען אפגעטער, עבודה זרהס, וואָס צו יעדער פון זיי האָבן זייערע גלויביקע געדינט אויף אן אנדערן אופן. למשל צום אָפּגאָט „מרקוליס" האָט מען געדינט דערמיט, וואָס דער מענטש האָט געוואָרפן פאר אים א שטיין. דאָס הייסט „עבודתו", „די באזונדערע דינסט" פון דאָזיקן אָפּגאָט. לערנט די משנה, אז עס הייסט געדינט עבודה זרה, אויב מען דינט צום אפגאָט מיט זיין באזונדערן אופן דינען, למשל, ווארפן א שטיין צום מרקוליס; אָבער אויב מען האָט געוואָרפן א שטיין צו אן אנדערן אָפּגאָט (למשל צום „בעל פעור") הייסט ניט גע־דינט עבודה זרה, ווייל דעם בעל פעור איז ניט דער מנהג צו דינען דורך ווארפן א שטיין. אָבער עס זענען פאראן 4 עבודות, 4 סאָרטן פון דינען, וואָס אויב מען טוט איינע פון זיי צו יעדן אָפּגאָט (אפילו עס איז ניט דער מנהג אים צו דינען דער־מיט) הייסט געדינט עבודה זרה. די 4 עבודות זענען: שעכטן, מקטיר זיין, גיסן, און בוקן זיך; א חוץ דעם הייסט געדינט עבודה זרה, ווען איינער נעמט אים אָן פאר א גאָט, און ער זאָגט (סיי ביי דעם אָפּגאָט און סיי ניט ביים אָפּגאָט, „שלא בפניו") אז ער איז זיין גאָט. פאר די אלע זאכן קומט סקילה, טויט־שטראָף דורך פארשטיינען.** אָבל, ווער עס נעמט־ ארום („מגפף", ארומהאלזן דעם אָפּגאָט), און ווער עס קושט, און ווער עס קערט־אויס (מכבד, מאכט ריין דעם שטויב פאר דער עבודה זרה), און ווער עס באשפריצט מיט וואסער (פאר דער עבודה זרה כדי אָפּצו־ריייניקן דעם שטויב), און ווער עס וואשט אָפּ (די עבודה זרה, דעם אָפּגאָט), און ווער עס באשמירט (דעם אָפּגאָט מיט אייל), און ווער עס טוט־אָן קליידער (דעם אָפּגאָט), און ווער עס טוט (אים) אָן שיך (המנעיל), איז עובר אויף א „לא תעשה". **ער טוט א עבירה, ער איז עובר אויף א פארבאָט אין דער תורה אז מען זאָל עס ניט טאָן (לא תעשה), אָבער „געדינט" די עבודה זרה דערמיט האָט ער ניט און קיין טויט־שטראָף דורך פארשטיינען (סקילה) קומט אים ניט. דאָס איז דער פארבאָט און שמות כ', ה' „ולא תעבדם", און דו זאָלסט צו זיי ניט דינען, און ווייל דער דאָזיקער „ולא תעבדם" איז איבריק, ווייל עס איז שוין געזאָגט געוואָרן אז מען זאָל ניט דינען צו אן עבודה זרה, ווערט דערפון געלערנט, אז מען טאָר ניט טאָן אויך די זאכן וואָס די משנה האָט דאָ פריער אויסגערעכנט.** הנודר, ווער ס'טוט א נדר אין זיין (דעם אָפּגאָטס) און ווער ס'שווערט אין זיין (דעם אָפּגאָטס) נאָמען איז עובר אויף א „לא תעשה". **דאָס איז דער פארבאָט אין שמות כ"ג, י"ג „ושם אלהים אחרים לא תזכירו לא ישמע על פיך"**

תַעֲשֶׂה. הַנּוֹדֵר בִּשְׁמוֹ וְהַמְקַיֵּם בִּשְׁמוֹ, עוֹבֵר בְּלֹא תַעֲשֶׂה. הַפּוֹעֵר עַצְמוֹ לְבַעַל פְּעוֹר, זוֹ הִיא עֲבוֹדָתוֹ. הַזּוֹרֵק אֶבֶן לְמַרְקוּלִיס זוֹ הִיא עֲבוֹדָתוֹ: ז הַנּוֹתֵן מִזַּרְעוֹ לַמּוֹלֶךְ, אֵינוֹ חַיָּב עַד שֶׁיִּמְסוֹר לַמּוֹלֶךְ, וְיַעֲבִיר בָּאֵשׁ. מָסַר לַמּוֹלֶךְ וְלֹא הֶעֱבִיר בָּאֵשׁ, הֶעֱבִיר בָּאֵשׁ וְלֹא מָסַר לַמּוֹלֶךְ אֵינוֹ חַיָּב, עַד שֶׁיִּמְסוֹר לַמּוֹלֶךְ וְיַעֲבִיר בָּאֵשׁ. בַּעַל אוֹב, זֶה פִּיתוֹם, הַמְדַבֵּר מִשֶּׁחְיוֹ.

(און דעם נאָמען פון פרעמדע געטער זאָלט איר ניט דערמאָנען. ער זאָל ניט געהערט ווערען פון דיין מויל). אויך דאָ קומט ניט קיין טויט־שטראָף, קיין סקילה. הפוער, אז איינער דעקט זיך אָפּ פאר דעם (אָפּגאָט) בעל פעור, איז דאָס זיין דינען. דער אָפּגאָט בעל פעור ווערט דערמאָנט אין במדבר כ״ה, אז די טעכטער פון מואב האָבן אָנגערעדט טייל יידן אין דער מדבר צו דינען צו אים. די משנה זאָגט אז דאָס דינען צום בעל פעור איז באשטאנען אין דעם, וואָס דער מענטש וואָס האָט אים געוואָלט דינען האָט זיך „פוער״־געווען, אָפּגעדעקט די מלבושים, און די גמרא טייטשט עס, אז ער האָט געטאָן דאביי קערפּערליכע געברויכן פון האָבן שטולגאנג און משתין זיין. די משנה לערנט, אז אפילו ווען דער וואָס האָט עס געטאָן האָט געמיינט דערמיט מבזה צו זיין דעם אָפּגאָט, הייסט עס געדינט צו אים, ווייל אזוי איז געווען דער שטייגער צו דינען דעם בעל פעור. הזורק, ווער עס ווארפט א שטיין צום (אָפּגאָט) מרקוליס, איז דאָס זיין דינען. ווייל דאָס דינען צום מרקוליס איז באַשטאנען אין ווארפן צו אים א שטיין; דעריבער אפילו ווען דער וואָס האָט עס געטאָן האָט געמיינט דערמיט מבזה צו זיין דעם אָפּגאָט, הייסט עס געדינט אים. — וועגן „מרקוליס״ מיינען טייל חוקרים, אז דאָס איז געווען דער רוימישער אָפּגאָט „מער־קוריוס״, וועלכער איז געווען אויסגעשטעלט אויף די וועגן, וואו די וועגן צעשיידן זיך, כדי צו וויזן וואוהין די וועגן פירן. די משנה אין עבודה זרה פרק ד׳, א׳ און די גמרא זאָגט, אז דער מרקוליס־אָפּגאָט איז געווען פון דריי שטיינער, פון וועלכע צוויי שטיינער זענען געלעגן אויף דער ערד און איין שטיין איז אויף זיי.

ז. הנותן, אז איינער גיט אוועק פון זיינע קינדער (א קינד) צום אָפּגאָט מולך, איז ער ניט שולדיק (עס קומט אים ניט קיין סקילה, פארשטיינען, ווי די משנה האָט געלערנט פריער אין משנה ד׳), סיידן ער גיט אוועק צום מולך און מען פירט דאָס קינד אדורך דורך פייער. דאָס דינען צום אָפּגאָט מולך, וועלכער ווערט דערמאָנט אין א סך ערטער אין תנך, איז באשטאנען אין דעם וואָס די כומרים פון מולך האָבן אדורכגעפירט קינדער דורך פייער. עס זענען פאראן וועגן דעם צוויי דעות. איין דעה איז, אז מען האָט אדורכגעפירט דאָס קינד, און עס איז ניט פארברענט געוואָרן, אן אנדערע דעה איז אז עס איז יאָ פארברענט געוואָרן. מסר, אויב ער האָט איבערגע־געבן (דאָס קינד) צו (די כומרים פון) דעם מולך, און מען האָט עס ניט אדורכגעפירט דורך פייער, אָדער ער האָט עס אדורכגעפירט דורך פייער אָבער ער האָט עס (פרי־ער) ניט געהאט איבערגעגעבן צום מולך, איז ער ניט שולדיק (קומט אים ניט קיין סקילה), סיידן ווען ער גיט איבער צום מולך און מען פירט עס דורך פייער. עס מוזן האָבן געטאָן געוואָרן ביידע זאכן, כדי עס זאָל אים קומען סקילה. — בעל אוב, דער מכשף דורך טויטע (וואָס די משנה ד׳ לערנט אז עס קומט אים סקילה) מיינט מען דער „פיטאָן״ (פיתום) וועלכער לאָזט טויטע רעדן דורך זיין אקטל (משחיו). אין שמואל א׳, כ״ח ווערט דערציילט וועגן דער בעלת אוב, וועלכע האָט ארויפגעבראכט שמואל הנביא, וועלכער איז שוין געווען געשטאָרבן, אז ער זאָל זאָגן נביאות צו שאול המלך, דערפון איז צו זען, אז דער בעל אוב איז א מכשף וועלכער ברענגט ארויף טויטע מענטשן און לאָזט זיי זאָגן נביאות וועגן דער צוקונפט. „פיתום״ איז דאָס גריכישע וואָרט „פיטאָן״, א בויכרעדנער, א נביאות־זאָגער. וידעוני, און דער מכשף מיט דעם ביינדל פון דער ידעוני־חיה (וועגן וועלכן

וְיִדְּעוֹנִי, זֶה הַמְדַבֵּר בְּפִיו. הֲרֵי אֵלּוּ בִסְקִילָה, וְהַנִּשְׁאָל בָּהֶם בְּאַזְהָרָה: ח הַמְחַלֵּל אֶת הַשַּׁבָּת בְּדָבָר שֶׁחַיָּבִין עַל זְדוֹנוֹ כָּרֵת וְעַל שִׁגְגָתוֹ חַטָּאת. הַמְקַלֵּל אָבִיו וְאִמּוֹ, אֵינוֹ חַיָּב עַד שֶׁיְּקַלְּלֵם בַּשֵּׁם. קִלְּלָם בְּכִנּוּי, רַבִּי מֵאִיר מְחַיֵּב, וַחֲכָמִים פּוֹטְרִין: ט הַבָּא עַל נַעֲרָה הַמְאוֹרָסָה, אֵינוֹ חַיָּב עַד שֶׁתְּהֵא נַעֲרָה, בְּתוּלָה, מְאוֹרָסָה, וְהִיא בְּבֵית אָבִיהָ. בָּאוּ

די משנה לערנט פריער אין משנה ד׳ אז עס קומט אים סקילה), איז דער וועלכער רעדט מיט זיין מויל. **ער לייגט אריין דאָס ביינדל אין מויל, און זאָגט די נביאות. די גמרא זאָגט, אז די ידעוני־חיה איז די חיה „ידוע״ וואָס זעט אויס ווי א מענטש און זי וואקסט אין פעלד און איז מיטן נאָפּל צוגעוואקסן צו דער ערד. זע אין כלאים פרק ח׳ משנה ה׳ וועגן „אדני השדה״.** הרי אלו, די דאָזיקע (מכשפים) קומט סקילה (פארשטיינען), און דער וואָס פרעגט ביי זיי (וועלכער קומט צו זיי אז זיי זאָלן אים זאָגן נביאות) איז עובר אויף א וואָרנונג (באזהרה, א פארבאָט פון דער תורה). **דאָס איז דער פארבאָט אין ויקרא י״ט, ל״א „אל תפנו אל האבות ואל הידעונים״ (איר זאָלט זיך ניט ווענדן צו די אובות און צו די ידעונים).**

ח. המחלל, אז איינער איז מחלל שבת (וואָס די משנה האָט פריער געלערנט אין משנה ד׳ אז עס קומט אים סקילה) איז מיט אזא זאך (ער האָט געטאָן אזא ארבייט, אזא מלאכה), וואָס אויב מען טוט זי במזיד קומט כרת (ווערט מען פארשניטן פון הימל) און אויב בשוגג (מען האָט ניט געוואוסט אז עס איז שבת) דארף מען ברענגען א קרבן. **דאָס זענען די 39 מלאכות (און זייערע תולדות, ארבייטן וועלכע זענען ענליך צו זיי) וועלכע זענען אויסגערעכנט אין שבת פרק ז׳ משנה ב׳ (זע דאָרט). אָבער עס זענען פאראן זאכן וואָס טייל תנאים האלטן, אז די תורה האָט אָנגעזאָגט אז מען טאָר זיי ניט טאָן אים שבת, אָבער קיין כרת און קיין קרבן חטאת און ממילא אויך קיין סקילה קומט ניט פאר זיי. למשל ר׳ עקיבא האלט, אז עס איז א פארבאָט פון דער תורה ניט צו גיין שבת ווייטער פון תחום שבת (2000 איילן) פון דער שטאָט; אָבער אז מען גייט יאָ, קומט ניט קיין סקילה און קיין כרת און קיין קרבן חטאת.** — המקלל, ווער עס שעלט זיין פאָטער אָדער זיין מוטער (וואָס די משנה האָט פריער אין משנה ד׳ געלערנט אז עס קומט אים סקילה) איז ניט שולדיק (קומט אים ניט סקילה) סיידן ער שעלט (זיי) מיטן נאָמען (פון גאָט). **אָבער פאר סתם א קללה, ניט באנוצנדיק דאביי גאָטס נאָמען, קומט אים ניט קיין סקילה.** קללם, אויב ער האָט זיי געשאָלטן מיט א ביי־נאָמען פון גאָט (בכינוי), האלט ר׳ מאיר, אז ער איז שולדיק (און עס קומט אים סקילה), און די חכמים פטרן (אים, זאָגן אז עס קומט אים ניט קיין סקילה). **מיט „כינוי״, דעם ביי־נאָמען פון גאָט, מיינט מען די מידות, מיט וועלכע גאָט ווערט אָנגערופן אין תנך, ווי „רחום״, „חנון״, „ארך אפים״ („דער בארמהערציקער״, „דער לייטזעליקער״, „דער וואָס האלט איין זיין כעס״).**

ט. הבא, דער וואָס קומט אויף א נערה המאורסה (א כלה, וועלכע איז א נערה, אלט פון צוועלף יאָר ביז צוועלף יאָר מיט זעקס חדשים, און וועלכע דער חתן האָט מקדש געווען אָבער נאָכניט חתונה געהאט מיט איר) קומט אים (סקילה, ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ד׳) נאָר ווען זי איז א נערה (ניט יינגער פון צוועלף יאָר און ניט עלטער פון צוועלף יאָר מיט זעקס חדשים), א בתולה (זי האָט די מיידלשאפט), א מקודש־געוואָרענע (דער חתן האָט זי מקדש געווען אָבער נאָכניט חתונה געהאט מיט איר), און זי איז נאָך אין איר פאָטערס הויז (זי איז נאָכניט אריבער צום חתן אין הויז). **אויב אָבער זי האָט שוין געהאט חתונה געהאט, אָדער זי איז שוין אוועק פון פאָטערס הויז, אָדער זי איז ניט קיין נערה, אָדער ניט געווען**

עֲלֶיהָ שְׁנַיִם, הָרִאשׁוֹן בִּסְקִילָה וְהַשֵּׁנִי בְּחֶנֶק: י הַמֵּסִית, זֶה הֶדְיוֹט. וְהַמֵּסִית אֶת הַהֶדְיוֹט. אָמַר לוֹ, יֵשׁ יִרְאָה בְּמָקוֹם פְּלוֹנִי, כָּךְ אוֹכֶלֶת, כָּךְ שׁוֹתָה, כָּךְ מְטִיבָה, כָּךְ מְרִיעָה. כָּל חַיָּבֵי מִיתוֹת שֶׁבַּתּוֹרָה אֵין מַכְמִינִין עֲלֵיהֶן חוּץ מִזּוֹ. אָמַר לִשְׁנַיִם וְהֵן עֵדָיו, מְבִיאִין אוֹתוֹ לְבֵית דִּין וְסוֹקְלִין אוֹתוֹ. אָמַר לְאֶחָד, הוּא אוֹמֵר, יֵשׁ לִי חֲבֵרִים רוֹצִים בְּכָךְ. אִם הָיָה עָרוּם וְאֵינוֹ יָכוֹל לְדַבֵּר בִּפְנֵיהֶם. מַכְמִינִין לוֹ עֵדִים אֲחוֹרֵי הַגָּדֵר. וְהוּא אוֹמֵר לוֹ, אֱמוֹר מַה שֶּׁאָמַרְתָּ לִי בְּיִחוּד. וְהַלָּה אוֹמֵר לוֹ. וְהוּא אוֹמֵר לוֹ הֵיאַךְ נַנִּיחַ אֶת

קיין מיידל, קומט אים ניט סקילה נאָר חנק (טויט־שטראָף דורך דערשטיקן), ווי איי־**נער וועלכער לעבט מיט אן אשת איש (ווארום דאדורך וואָס דער חתן האָט זי מקדש געווען איז זי אן אשת איש).** באָו, אויב עס זענען געקומען אויף איר (אויף דער נערה המאורסה) צוויי (מענטשן), קומט דעם ערשטן סקילה, און דעם צווייטן חנק. ווייל **דערמיט וואָס דער ערשטער איז געקומען אויף איר איז זי געוואָרן אויס בתולה. — וועגן „אירוסין" האָבן מיר גערעבן פריער אין משנה ד׳.**

י. המסית, דער וועלכער רעדט־צו (איינצלנע מענטשן צום דינען עבודה זרה, און מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה אז עס קומט אים סקילה), דאָס איז (נור) א פשוטן מענטש (הדיוט), אָדער ווען איינער רעדט־צו א פשוטן מענטש. **אויב אָבער א נביא רעדט־צו צו דינען עבודה זרה קומט אים טויט־שטראָף ניט דורך סקילה, נאָר דורך חנק (דערשטיקן).** אָמר לו, (א מסית הייסט ווען) ער האָט געזאָגט צו אים (צו א מענטש): „עס איז פאראן אן אָפּגאָט (יראה) אין יענעם אָרט, אזוי עסט ער, אזוי טרינקט ער, אזוי טוט ער גוט (צו מענטשן), אזוי טוט ער שלעכטס (צו מענטשן)". **די משנה גיט דאָ, ווי אזוי מען ווערט געוואויר וועגן איינעם אז ער איז א מסית, אן אָנרעדער צו דינען א עבודה זרה. און די משנה זאָגט, אז אויב דער מסית דערציילט איינעם, אז עס איז פאראן ערגיץ אזא אָפּגאָט („יראה", פון „ירא", מורא האָבן), וואָס עסט און טרינקט און קאָן טאָן טובות מענטשן אָדער זיי טאָן שלעכטס, דאַרף מען זען, אז דער מסית, זאָל צו־רעדן פאר עדות, אז מען זאָל גיין דינען דעם אָפּגאָט, כדי מען זאָל אים קאָנען באשטראָפן.** כל חייבי, אלע וואָס טאָן עבירות פאר וועלכע עס קומט לויט דער תורה טויט־שטראָף, שטעלט מען ניט אונטער אין באהעלטניש עדות אויף זיי, א חוץ דער דאָזיקער עבירה (פון צורעדן צו דינען די עבודה זרה). **למשל, זוען מען ווערט געוואויר, אז איינער איז מחלל שבת, טוט א מלאכה אים שבת, נאָר ער באהאלט זיך דערמיט, ער טוט עס ניט פאר עדות, כדי מען זאָל אים ניט באשטראָפן, — פארשטעקט מען ניט מענטשן־עדות אין א באהעלטניש כדי זיי זאָלן זען ווי ער איז מחלל שבת און מען זאָל אים טויטן דורך סקילה. פארקערט, די עדות טאָרן ניט זיין אין באהאלטעניש, נאָר ער, דער מחלל שבת, דאַרף זיי זען, און זיי דאַרפן אים וואָרנען (געבן א התראה, מתרה זיין). אָבער דאָ, ביי א מסית, שטעלט מען יאָ אונטער עדות אין א באהעלטעניש, ווייל א מסית דאַרף מען ניט וואָרנען. „מכמי־נין", מען באהאלט, מען שטעלט אונטער אין א באהאלטן אָרט.** אמר לשנים, אויב ער (דער מסית) האָט געזאָגט צו צוויי (מענטשן), אז זיי זאָלן דינען עבודה זרה), און זיי זענען זיינע עדות (אפילו זיי וואָרנען אים ניט), ברענגט מען אים צו בית דין, און מען פארשטיינט אים. **דאָ דאַרף מען ניט אונטערשטעלן אין באהעלטעניש אנדערע עדות, ווייל די דאָזיקע צוויי מענטשן זענען דאָך עדות.** אמר לאחד, אויב ער (דער מסית) האָט געזאָגט (נור) צו איין (מענטש, אז ער זאָל דינען די עבודה זרה, און אויף דאָס עדות זאָגן פון איין עדות קאָן מען דאָך ניט פארמשפטן), זאָל (דער עדות) זאָגן צו אים „כ'האָב חברים וואָס ווילן עס אויך (דינען די עבודה זרה, און רעד אויך זיי צו)". אויב ער (דער מסית) איז קלוג (ערום, כיטרע־קלוג) און ער וויל ניט זאָגן פאר זיי

אֱלֹהֵינוּ שֶׁבַּשָּׁמַיִם וְנֵלֵךְ וְנַעֲבוֹד עֵצִים וַאֲבָנִים? אִם חָזַר בּוֹ מוּטָב, וְאִם אָמַר כַּךְ הִיא חוֹבָתֵינוּ וְכַךְ יָפֶה לָנוּ, הָעוֹמְדִים מֵאֲחוֹרֵי הַגָּדֵר מְבִיאִין אוֹתוֹ לְבֵית דִּין וְסוֹקְלִין אוֹתוֹ. הָאוֹמֵר אֶעֱבוֹד, אֵלֵךְ וְאֶעֱבוֹד, נֵלֵךְ וְנַעֲבוֹד, אֲזַבֵּחַ, אֵלֵךְ וַאֲזַבֵּחַ, נֵלֵךְ וְנִזְבַּח, אַקְטִיר, אֵלֵךְ וְאַקְטִיר, נֵלֵךְ וְנַקְטִיר, אֲנַסֵּךְ, אֵלֵךְ וַאֲנַסֵּךְ, נֵלֵךְ וּנְנַסֵּךְ, אֶשְׁתַּחֲוֶה, אֵלֵךְ וְאֶשְׁתַּחֲוֶה, נֵלֵךְ וְנִשְׁתַּחֲוֶה. הַמַּדִּיחַ זֶה הָאוֹמֵר נֵלֵךְ וְנַעֲבוֹד עַ"ז:

**יא** הַמְכַשֵּׁף הָעוֹשֶׂה מַעֲשֶׂה חַיָּב, וְלֹא הָאוֹחֵז אֶת הָעֵינַיִם. רַבִּי עֲקִיבָא

(פאר די חברים, ווייל ער האָט מורא אז זיי וועלן זיין עדות קייגן אים), שטעלט מען אים אונטער עדות באהאלטן הינטער דעם צוים (גדר, א צוים, א ווענטל), און ער זאָגט צו אים (צום מסית): „זאָג מיר נאָכאמאָל וואָס דו האָסט מיר געזאָגט שוין איינמאָל“, און ווען ער (דער מסית) זאָגט אים, זאָל ער צו אים אָפּענטפערן: „ווי אזוי קאָנען מיר פארלאָזן אונזער גאָט אין הימל און גיין דינען צו העלצער און שטיינער?“ **מען פּרוּווט נאָך צו פועלן ביים מסית אז ער זאָל מער ניט טאָן די עבירה פון צורעדן מענטשן צו דינען דער עבודה זרה.** אם חזר, אויב ער (דער מסית) האָט חרטה באקומען, איז גוט (באשטראָפט מען אים ניט); און אויב (אָבער) ער האָט גע־זאָגט (דערויף): „אזוי איז אונזער חוב (צו דינען דער עבודה זרה), און אזוי איז גוט פאר אונז“, דארפן די (עדות) וועלכע שטייען (באהאלטן) הונטער דעם צוים, ברענגען אים (דעם מסית) צום בית דין, און מען פארשטיינט אים. **ווי מיר האָבן פריער גע־לערנט דארפן די עדות אים ניט געבן קיין התראה, קיין ווארנונג, ניט מתרה־זיין אים.** האומר, אז איינער זאָגט (צו איינצעלנע מענטשן): „איך וועל דינען (דער עבודה זרה)“, אָדער „איך וועל גיין און דינען“, אָדער „לאָמיר גיין און דינען“, אָדער „איך וועל שעכטן (א קרבן פאר דער עבודה זרה)“, אָדער „איך וועל גיין און שעכטן“, אָדער „לאָמיר גיין און שעכטן“, אָדער „איך וועל מקטיר זיין (רויכערן ווייריך, בשמים, פאר דער עבודה זרה)“, אָדער „איך וועל גיין און מקטיר־זיין“, אָדער „לאָמיר גיין און מקטיר זיין“, אָדער „איך וועל גיסן (וויין פאר דער עבודה זרה)“, אָדער „איך וועל גיין און גיסן“, אָדער „לאָמיר גיין און גיסן“, אָדער „איך וועל מיך בוקן (צו דער עבודה זרה)“, אָדער „איך וועל גיין און מיך בוקן“, אָדער „לאָמיר גיין און זיך בוקן“ (הייסט ער א מסית). **די משנה פארענדיקט ניט דאָ די ווערטער „הייסט ער א מסית“, ווייל דאָס איז דער המשך פון דעם אָנהייב אין דער משנה „המסית“. די משנה לערנט דאָ, אז כאָטש ער זאָגט „איך וועל גיין און דינען“, און עס קאָן זיין אז ער וועט ניט גיין, אָדער אפילו ער זאָגט „לאָמיר גיין און דינען“ און עס קאָן זיין אז אויב די אנדערע מענטשן וועלן ניט גיין וועט אויך ער ניט גיין, פונדעסטוועגן הייסט ער א מסית.** המדיח, ווער איז א מדיח? **די משנה האָט פריער אין משנה ד׳ גע־לערנט אז א מדיח, אן אָפּשטויסער, וועלכער רעדט צו אנדערע צו דינען עבודה זרה, קומט סקילה. פרעגט דאָ די משנה ווער איז א מדיח? און זי זאָגט:** זה האומר, דאָס איז דער וועלכער זאָגט (ניט צו איינצלנע מענטשן, נאָר צו א גאנצער שטאָט): „לאָמיר גיין און דינען דער עבודה זרה“. **און אויב ער רעדט צו א סך מענטשן הייסט ער א מדיח נור ווען ער זאָגט צו זיי אין לשון רבים „לאָמיר גיין און דינען“.**

יא. המכשף, דער מכשף (וואָס די משנה האָט פריער אין משנה ד׳ געלערנט, אז עס קומט אים סקילה), איז שולדיג (קומט אים סקילה) נור ווען ער טוט א זאך (דורך כישוף, אָבער ניט ווען ער פארבלענדט די אויגן (אוחז את העינים). **אויב דורך דעם כישוף ווערט געטאָן די זאך הייסט ער א מכשף; אָבער אויב ער פארבלענדט נור די אויגן פון די מענטשן, אז זיי זאָל זיך דאכטן, אז ער טוט א זאך, און באמת האָט ער גאָרניט געטאָן, הייסט ער ניט קיין מכשף און עס קומט אים ניט קיין**

אוֹמֵר מִשּׁוּם רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ. שְׁנַיִם לוֹקְטִין קִישׁוּאִין אֶחָד לוֹקֵט פָּטוּר. וְאֶחָד לוֹקֵט חַיָּב. הָעוֹשֶׂה מַעֲשֶׂה חַיָּב, הָאוֹחֵז אֶת הָעֵינַיִם פָּטוּר:

# פרק ח.

**א** בֵּן סוֹרֵר וּמוֹרֶה, מֵאֵימָתַי נַעֲשֶׂה בֵּן סוֹרֵר וּמוֹרֶה? מִשֶּׁיָּבִיא שְׁתֵּי שְׂעָרוֹת וְעַד שֶׁיַּקִּיף זָקָן הַתַּחְתּוֹן וְלֹא הָעֶלְיוֹן, אֶלָּא שֶׁדִּבְּרוּ חֲכָמִים בְּלָשׁוֹן נְקִיָּה, שֶׁנֶּאֱמַר כִּי יִהְיֶה לְאִישׁ בֵּן, בֵּן וְלֹא בַת, בֵּן וְלֹא אִישׁ. הַקָּטָן פָּטוּר, שֶׁלֹּא בָא לִכְלַל מִצְוֹת: **ב** מֵאֵימָתַי חַיָּב? מִשֶּׁיֹּאכַל טַרְטִימָר בָּשָׂר, וְיִשְׁתֶּה

סקילה. ר׳ עקיבא זאָגט אין ר׳ יהושע׳ס נאָמען, אז (עס איז פאראן פאלן ווען) צוויי מכשפים) רייסן אָפּ אוגערקעס (דורך כשוף, אין אן אָרט וואו עס וואקסן ניט קיין אוגערקעס), איז איינער פון זיי, וועלכער רייסט, איז אומשולדיג (ער הייסט ניט קיין מכשף), און איינער (דער אנדערער) וועלכער רייסט, איז שולדיג (איז יאָ א מכשף); דער וואָס טוט א זאך (ער רייסט באמת אָפּ אוגערקעס) איז ער שולדיק (ווייל ער טוט דאָך כישוף), און דער וואָס פארבלענדט די אויגן (ער רייסט גאָרניט קיין אוגערקעס נאָר ער מאכט אזוי אז די מענטשן ארום דאכט זיך אז ער טוט עס) איז ער אומשולדיג. **דאָס איז אזוי ווי די משנה האָט פריער געלערנט.**

## פרק ח.

א. בן, דער זון וועלכער פאָלגט ניט און ווידערשפעניקט (זיינע עלטערן, בן סורר ומורה, וועגן וועלכן מיר האָבן געלערנט פריער אין פרק ז׳ משנה ד׳ אז עס קומט אים סקילה), פון ווען אן ווערט ער א בן סורר ומורה? **ווי אלט דארף ער זיין, אז ער זאָל קאָנען הייסן א בן סורר ומורה? ווארום עס איז דאָך זיכער, אז א גאָר יינג קינד אָדער א שוין דערוואקסענער מענטש קאָן ניט זיין קיין בן סורר ומורה.** משיביא, פון זינט ער ברענגט (עס וואקסן אויף אים) די צוויי האָר, ביז עס רינגלט אים ארום א באָרד (זקן). **דער ברטנורא גיט דאָ צו אז מען מיינט אויך פון זינט ער איז 13 יאָר מיט א טאָג, ווייל פריער זענען די 2 האָר ניט קיין סימן.** התחתון, (מיטן וואָרט „זקן״, באָרד, מיינט מען) די אונטערשטע (די האָר וואָס וואקסן ארום דעם גיד), און ניט די אויבערשטע (באָרד, אויפן פנים), נאָר די חכמים (האָבן אָנגערופן די אונטערשטע האָר „באָרד״ ווייל זיי) האָבן גערעדט מיט א ריינער שפּראך. **„בלשון נקיה״, מיט א ריינער, אן איידעלער שפּראך, מיט א שיינעם אויס־דרוק.** שנאמר, ווארום עס ווערט געזאָגט (ביים בן סורר ומורה אין דברים כ״א) „כי יהיה לאיש בן (אויב א מענטש וועט האָבן א זון״), „זון״ (בן) און ניט קיין „טאָכ־טער״, א „זון״ (בן, א יינגער זון) און ניט א דערוואקסענער מענטש. **דערפון ווערן אָפּגעלערנט צוויי זאכן, אז ניט א מיידל און ניט א דערוואקסענער מענטש ווערן ניט געמשפט פאר א בן סורר ומורה; און א דערוואקסענער מענטש הייסט פון זינט ער איז אונטן ארומבאוואקסן מיט האָר.** הקטן, דער קליינער (דער גאָר יינגער, וועל־כער האָט נאָכניט די 2 האָר) איז פטור (קאָן ניט געמשפט ווערן פאר א בן סורר ומורה) ווייל ער איז נאָכניט געקומען (מחויב צו ווערן) אין מצוות. **מען שטראָפט אים בכלל ניט; ער האָט ניט אויף זיך קיינע פליכטן.**

ב. מאימתי, פון ווען אן איז ער (דער זון) חייב (משפט מען אים פאר א בן סורר ומורה)? פון זינט ער עסט אויף פלייש (די וואָג פון) א טרטימר (א האלבע מנה, וויפיל עס וועגן פופציק דינר) און ער טרינקט אויס א האלבן לוג (האלבע קוואָרט) איטאליענישן וויין; ר׳ יוסי זאָגט, אז א מנה (די וואָג פון הונדערט דינר) פלייש און א לוג (א קוואָרט) וויין. **די משנה מיינט דערמיט אז ער האָט געגנבט פון די עלטערן און ער האָט דאָס אויפגעגעסן און געטרינקען אין אן אנדער אָרט און ער האָט ניט געפאָלגט די עלטערן, און די עלטערן אליין האָבן אים געברענגט צום בית**

חֲצִי לוֹג יַיִן הָאִיטַלְקִי. רַבִּי יוֹסֵי אוֹמֵר, מָנֶה בָשָׂר, וְלוֹג יַיִן. אָכַל בַּחֲבוּרַת מִצְוָה, אָכַל בְּעִבּוּר הַחֹדֶשׁ, אָכַל מַעֲשֵׂר שֵׁנִי בִּירוּשָׁלַיִם, אָכַל נְבֵלוֹת, וּטְרֵפוֹת, שְׁקָצִים וּרְמָשִׂים, (אָכַל טֶבֶל וּמַעֲשֵׂר רִאשׁוֹן שֶׁלֹּא נִטְּלָה תְרוּמָתוֹ, וּמַעֲשֵׂר שֵׁנִי וְהֶקְדֵּשׁ שֶׁלֹּא נִפְדּוּ), אָכַל דָּבָר שֶׁהוּא מִצְוָה וְדָבָר שֶׁהוּא עֲבֵרָה, אָכַל כָּל מַאֲכָל וְלֹא אָכַל בָּשָׂר, שָׁתָה כָּל מַשְׁקֶה וְלֹא שָׁתָה יַיִן, אֵינוֹ נַעֲשֶׂה בֵּן סוֹרֵר וּמוֹרֶה, עַד שֶׁיֹּאכַל בָּשָׂר וְיִשְׁתֶּה יַיִן, שֶׁנֶּאֱמַר, זוֹלֵל וְסֹבֵא. וְאַף עַל פִּי שֶׁאֵין רְאָיָה לַדָּבָר, זֵכֶר לַדָּבָר, שֶׁנֶּאֱמַר אַל תְּהִי בְסֹבְאֵי יַיִן בְּזֹלְלֵי

**דין, אז מען זאָל אים משפטן פאר א בן סורר ומורה. דער דין איז, אז ער דארף האָבן געגעסן דאָס פלייש האלב רוי, ווי די גזלנים אין וואלד עסן. „טרטימר״, זאָגט ר׳ בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך״ איז דאָס גריכישע וואָרט „טריטעמאריאן״, א דריטל פון א געוויכט, און די גמרא טייטשט א האלבע מנה, ווייל עס קאָן זיין אז צוויי גריכישע „מינעס״ (מנה) זענען געווען ווי דריי ארץ־ישראל׳דיקע מנהס. „יין איטלקי״, איטאליענישער וויין, ווייל ער ציט צום טרינקן מער.** אָכל, אויב ער (דער בן סורר, ומורה) האָט (דאָס פלייש אָדער דעם וויין) געגעסן אין א סעודה פון א מצוה. (אָדער) ער האָט געגעסן (אין דער סעודה וואָס מען מאכט ווען מען איז) מקדש ראש חודש (בעיבור החודש), אָדער ער האָט געגעסן מעשר שני (דעם צווייטן מעשר) אין ירושלים (און דאָס איז א מצוה צו עסן אין ירושלים), אָדער (ער האָט געגעסן א זאך וואָס איז א עבירה, דהיינו) נבלות וטריפות (פלייש פון א געפגרטער בהמה, אָדער פון טריפה ־ געוואָרענער בהמה און מען טאָר עס ניט עסן), אָדער פון שקצים ורמשים (שרצים און ווערעם), אָדער ער האָט געגעסן טבל (וואָס מען האָט נישט אָפּגעשיידט דערפון תרומה אָדער מעשר), אָדער ערשטן מעשר (מעשר ראשון) פון וועלכן מען האָט ניט אָפּגעשיידט זיין תרומה (תרומת מעשר) אָדער מעשר שני און הקדש (וואָס געהערט צום בית המקדש) וואָס מען האָט זיי ניט אויסגעלייזט, אָדער ער האָט געגעסן א זאך וואָס איז א מצוה אָדער א זאך וואָס איז א עבירה, אָדער ער האָט געגעסן אלע מאכלים נאָר ער האָט ניט געגעסן קיין פלייש, אָדער ער האָט געטרינקן אלע משקאות נאָר ער האָט ניט געטרונקן קיין וויין, ווערט ער ניט קיין בן סורר ומורה ביז ער עסט פלייש און טרינקט וויין, ווארום עס ווערט געזאָגט (דברים כ״א) „זולל וסובא״ (א פרעסער און א זויפער). **מיר וועלן דאָ כסדר דערקלערן די ווערטער אין דער משנה „עיבור החודש״ הייסט ווען בית דין האָט געמאכט ראש חודש (זע פריער פרק א׳ משנה א׳) און דאמאָלס האָט דאָס בית דין געמאכט אן אָרימע סעודה פאר די דיינים, בלויז פון קארן־ברויט מיט ארבעס. זאָגט די משנה אז אפילו דער בן סורר ומורה האָט דאָרט געגעסן געגנבעט פלייש און גע־טרונקן געגנבטען וויין ווערט ער ניט באשטראָפט, ווייל די סעודה איז דאָך א מצוה. וועגן מעשר שני, טבל, מעשר ראשון און תרומת מעשר און „אויסלייזן״ זע אין די הקדמות צו מסכתא פאה און מעשר שני. וועגן א מצוה זאך זאָגט די גמרא אז מען מיינט אפילו ביים מנחם אבל זיין, און א עבירה־זאך, אפילו א תענית מדרבנן. אויב ער עסט א עבירה־זאך, קאָן ער דאדורך ניט ווערן א בן סורר ומורה ווייל די עלטערן זאָגן פארן בית דין (דברים כ״א) „איננו שומע בקולנו״ (ער פאָלגט אונז ניט), אָבער דאָ פאָלגט ער דאָך ניט אויך די געבאָטן פון גאָט.** ואף על פי, און כאָטש עס איז ניט פאראן קיין ראיה צו דער זאך (אז מיט „זולל וסובא״, א פרעסער און א זויפער, מיינט מען דוקא פלייש און וויין) איז אָבער פאראן א רמז (זכר, א דערמאָנונג, אן אָנדייטונג) דערצו, ווארום עס ווערט געזאָגט (אין משלי כ״ג) „אל תהי בסובאי יין בזוללי בשר למו״ (דו זאָלסט ניט זיין צווישן די זויפערס פון וויין און די וועלכע פרעסן זיך אָן מיט פלייש). **דערפון זעט מען אז „זולל״ מיינט מיט פלייש און „סובא״ מיט וויין. אין טייל משניות איז ניט פאראן וועגן טבל, מעשר ראשון און ניט־אויסגע־**

בָּשָׂר לָמוֹ: ג גָּנַב מִשֶּׁל אָבִיו וְאָכַל בִּרְשׁוּת אָבִיו. מִשֶּׁל אֲחֵרִים וְאָכַל בִּרְשׁוּת אֲחֵרִים. מִשֶּׁל אֲחֵרִים וְאָכַל בִּרְשׁוּת אָבִיו. אֵינוֹ נַעֲשֶׂה בֵּן סוֹרֵר וּמוֹרֶה, עַד שֶׁיִּגְנוֹב מִשֶּׁל אָבִיו וְיֹאכַל בִּרְשׁוּת אֲחֵרִים. רַבִּי יוֹסֵי בַּר רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר. עַד שֶׁיִּגְנוֹב מִשֶּׁל אָבִיו וּמִשֶּׁל אִמּוֹ: ד הָיָה אָבִיו רוֹצֶה וְאִמּוֹ אֵינָהּ רוֹצָה. אָבִיו אֵינוֹ רוֹצֶה וְאִמּוֹ רוֹצָה. אֵינוֹ נַעֲשֶׂה בֵּן סוֹרֵר וּמוֹרֶה, עַד שֶׁיְּהוּ שְׁנֵיהֶם רוֹצִים. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר. אִם לֹא הָיְתָה אִמּוֹ רְאוּיָה לְאָבִיו. אֵינוֹ נַעֲשֶׂה בֵּן סוֹרֵר וּמוֹרֶה. הָיָה אֶחָד מֵהֶם גִּדֵּם. אוֹ חִגֵּר. אוֹ אִלֵּם. אוֹ סוּמָא אוֹ חֵרֵשׁ אֵינוֹ נַעֲשֶׂה בֵּן סוֹרֵר וּמוֹרֶה. שֶׁנֶּאֱמַר וְתָפְשׂוּ בוֹ

לייזטן מעשר שני, און דער תוספות יום טוב זאָגט, ווייל דורך עסן תבואה און פרוכטן ווערט מען דאָך ניט קיין סורר ומורה, נאָר מען מוז דאָך עסן פלייש, און ביי פלייש איז דאָך ניט שייך טבל און מעשר ראשון. **אָבער עס קאָן זיין אז די משנה מיינט מיט „אכל" (ער האָט געגעסן) אז ער האָט געטרינקן, און ביי ווייַן קאָן דאָך יאָ זיין טבל און מעשר ראשון.**

ג. גנב, אויב ער האָט געגנבעט פון זיין פאָטער און ער האָט געגעסן אין זיין פאָטערס רשות (הויז, הויף) אָדער (ער האָט געגנבעט) פון פרעמדע (מענטשן) און געגעסן אין רשות פון פרעמדע (מענטשען), אָדער (ער האָט געגנבעט) פון פרעמדע און געגעסן אין רשות פון זיין פאָטער, ווערט ער ניט קיין בן סורר ומורה, סיידן ער גנבעט פון זיין פאָטער און ער עסט אין רשות פון פרעמדע. **דער טעם איז, ווייל דער בן סורר ומודה ווערט געמשפט צוליב דער מורא טאָמער וועט עס אים אזוי ציען כסדר צו זיינע שלעכטע מעשים, און ער וועט ווייטער אזוי טאָן. דעריבער נעמט מען אָן אז אויב ער גנבעט ביי פרעמדע וועט ער מורא האָבן נאָכאמאָל צו גנבענען; אָבער ביים פאָטער וועט עס אים מושך־זיין, ציען, אז ער זאָל נאָכאמאָל גנבענען. אויך אויב ער עסט עס ביים פאָטער אין הויז, האָט ער אויך מורא, טאָמער וועט אים דער פאָטער כאפּן, און ער וועט דאָס נאָכאמאָל ניט טאָן, אָבער ווען ער עסט עס ביי פרעמדע האָט ער ניט קיין מורא.** ר' יוסי בר' ר' יהודה זאָגט, אז (ער ווערט ניט געמשפט) סיידן ער גנבעט פון זיין פאָטער און פון זיין מוטער. **דאָס וואָס ער האָט גע־גנבעט דאַרף האָבן געהערט צוביידע. די גמרא זאָגט, אז מען מיינט, אז די מוטער האָט באקומען א פאַרמעגן א פרעמדן פון א פרעמדן מיט דעם תנאי, אז עס זאָל ניט געהערן צו איר מאַן, וואָרום אויב ניט, געהערן דאָך די פאַרמעגנס פון דער מוטער אויך צום פאָטער** (מה שקנתה אשה קנה בעלה).

ד. היה, אויב זיין פאָטער האָט געוואָלט (ברענגען דעם זון צו בית דין און משפטן אים פאר א בן סורר ומורה) און זיין מוטער האָט ניט געוואָלט, אָדער זיין פאָטער האָט נישט געוואָלט און זיין מוטער האָט געוואָלט, ווערט ער ניט קיין בן סורר ומורה, ביז זיי ביידע ווילן. **ווייל אין חומש (דברים כ"א) ווערט געזאָגט: „ותפשו בו אביו ואמו"** (און עס וועלן אים אָננעמען זיין פאָטער און זיין מוטער), **אזוי זאָגט דער רמבם.** ר' יהודה זאָגט, אז אויב זיין מוטער איז ניט געווען גלייך (ראויה, צוגעפּאסט, גלייך) צו זיין פאָטער, ווערט ער ניט קיין בן סורר ומורה. **די גמרא טייטשט ר' יהודה'ס ווערטער, אז דער פאָטער און מוטער דאַרפן האָבן די־זעלביקע שטימע, ווייל דער חומש זאָגט „בקולנו", „און אונזער שטימע", און ניט „בקולותינו" „אין אונזערע שטימען", איז דערפון געדרינגען אז זיי האָבן דיזעלביקע שטימע, דערפון לערנט מען אויך, אז זיי מוזן זיין גלייך אין אויסזען און אין דער הויך.** היה אחד, אויב איינער פון זיי (פון די עלטערן) האָט אן אָפּגעהאקטע האנט (גידם, האָט נור איין האנט), אָדער איז לאַם, אָדער שטים, אָדער בלינד, אָדער

אָבִיו וְאִמּוֹ, וְלֹא גִדְמִין וְהוֹצִיאוּ אוֹתוֹ, וְלֹא חִגְּרִין וְאָמְרוּ, וְלֹא אִלְּמִין בְּנֵנוּ זֶה, וְלֹא סוּמִין אֵינֶנּוּ שׁוֹמֵעַ בְּקוֹלֵנוּ, וְלֹא חֵרְשִׁין, מַתְרִין בּוֹ בִּפְנֵי שְׁלשָׁה, וּמַלְקִין אוֹתוֹ, חָזַר וְקִלְקֵל, נִדּוֹן בְּעֶשְׂרִים וּשְׁלשָׁה וְאֵינוֹ נִסְקָל עַד שֶׁיְּהוּ שָׁם שְׁלשָׁה הָרִאשׁוֹנִים, שֶׁנֶּאֱמַר, בְּנֵנוּ זֶה, זֶהוּ שֶׁלָּקָה בִּפְנֵיכֶם. בָּרַח עַד שֶׁלֹּא נִגְמַר דִּינוֹ, וְאַחַר כָּךְ הִקִּיף זָקָן הַתַּחְתּוֹן, פָּטוּר. וְאִם מִשֶּׁנִּגְמַר דִּינוֹ בָּרַח וְאַחַר כָּךְ הִקִּיף זָקָן הַתַּחְתּוֹן, חַיָּב: ה בֵּן סוֹרֵר וּמוֹרֶה נִדּוֹן עַל שֵׁם

טויב, קאָן ער (דער זון) ניט ווערן קיין בן סורר ומורה, ווארום עס ווערט געזאָגט (דברים כא) „ותפשו בו אביו ואמו", „און עס האָבן אים אָנגעכאַפּט זיין פאָטער און זיין מוטער", אָבער ניט אז זיי זענען) מיט אַן אָפּגעהאַקטער האַנט. **מחמת זיי קאָנען אים ניט אָנכאַפּן. די משנה וועט כסדר אָפּלערנען פון די ווערטער אין חומש די הלכה.** „והוציאו אותו", „און זיי וועלן אים אַרויסנעמען", אָבער ניט אז זיי זענען לאמע. **מחמת זיי קאָנען דאָך ניט גיין.** „ואמרו, און זיי וועלן זאָגן", אָבער ניט אז זיי זענען שטומע. **מחמת זיי קאָנען דאָך ניט זאָגן.** „בננו זה, אונזער דאָזיקער זון", אָבער ניט אז זיי זענען בלינדע. **מחמת זיי קאָנען דאָך ניט זען דעם זון און זאָגן אויף אים „דער דאָזיקער זון".** „איננו שומע בקולנו, ער הערט ניט צו אונזער שטומע", אָבער ניט ווען זיי זענען טויב. **מחמת זיי קאָנען דאָך ניט הערן פון אים די ווערטער, אז ער זאָגט צו זיי אז ער וועט זיי ניט פאָלגן. און אפילו זיי זען שפעטער, אז ער פאָלגט זיי ניט, אָבער בשעת זיי זאָגן צו אים הערן זיי דאָך ניט אז ער וועט זיי ניט פאָלגן.** מתרין, מען וואָרנט אים פאַר דריי מענטשן און מען גיט אים קלעפּ (מלקות). **די גמרא טייטשט, אז מען וואָרנט אים, מען איז מתרה פאַר צוויי מענטשן, פאַר צוויי עדות, אז ער זאָל דאָס מער ניט טאָן, און אויב ער פאָלגט ניט גיט מען אים די קלעפּ פאַר דריי דיינים, פאַר א בית דין.** חזר, אויב ער האָט (נאָכן באַקומען די מלקות) נאָכאַמאָל געזינדיקט (קלקל, קאַליע געוואָרן) משפט מען אים פאַר (א בית דין פון) דריי און צוואנציק (דיינים). **מחמת איצט קומט אים טויט-שטראָף, און מיר האָבן געלערנט פריער פרק א' משנה ד' אז ביי „דיני נפשות", טויט-שטראָף-משפטים, דאַרפן זיין 23 דייָנים.** ואינו, און מען קאָן אים ניט פאַרשטיינען (די דריי און צוואנציק דיינים קאָנען אים ניט פסקענען טויט-שטראָף דורך סקילה) סיידן עס זענען דאָרט (צווישן זיי) פאַראַן די ערשטע דריי דיינים (וועלכע האָבן אים גע-פסקנט פריער מלקות, די קלעפּ) ווארים עס ווערט געזאָגט (דברים כ"א) „בננו זה, אונזער דאָזיקער זון", (דאָס מיינט) „דער דאָזיקער איז עס, וואָס ער האָט פאַר אייך באַקומען מלקות" **מיט „דער דאָזיקער" מיינט מען, אז די עלטערן זאָגן צום בית דין, דאָס איז דערזעלביקער זון, וועלכן איר קענט שוין פון פריער, און דעריבער מוזן זיין דאָביי די ערשטע דריי דיינים.** ברח, אויב ער (דער זון, וועלכן די עלטערן האָבן געבראַכט צום בית דין צו משפטן פאַר א בן סורר ומורה) איז אַנטלאָפן איי-דער זיין משפט האָט זיך געענדיקט, און דערנאָך איז אים אָנגעוואַקסן די אונטערש-טע באָרד (און ער איז שוין א דערוואַקסענער מענטש) איז ער פּטור. **דאָס בית דין קאָן ניט אַרויסגעבן אויף אים דעם פסק דין צו טויטן אים.** ואם משנגמר, און אויב ער איז אַנטלאָפן נאָכדעם ווי זיין משפט האָט זיך געהאַט פאַרענדיקט (נאָכן אַרויסגעבן דעם פסק דין), און דערנאָך איז אים אָנגעוואַקסן די אונטערשטע באָרד, איז ער חייב. **עס קומט אים די טויט-שטראָף, ווייל ער הייסט שוין א פאַרמשפּטער.**

ה. בן, דער בן סורר ומורה ווערט געמשפּט (מען באַשטראָפט אים) צוליב זיין סוף (צוליב זיין צוקונפט). **ווארים געוויינטליך וואָלט מען פאַר אזא זאַך, ווי ניט פאָלגן פאָטער און מוטער און גנבענען פלייש און וויין און עס עסן און טרינקען, ניט געדאַרפן באַשטראָפן מיט טויט-שטראָף. אָבער מען נעמט אָן, אז אזא יינגל מיט**

סוֹפוֹ, אָמְרָה תוֹרָה יָמוּת זַכַּאי וְאַל יָמוּת חַיָּב. שֶׁמִּיתָתָן שֶׁל רְשָׁעִים הֲנָאָה לָהֶן וַהֲנָאָה לָעוֹלָם, וְלַצַּדִּיקִים רַע לָהֶן וְרַע לָעוֹלָם. יַיִן וְשֵׁינָה לָרְשָׁעִים הֲנָאָה לָהֶן וַהֲנָאָה לָעוֹלָם, וְלַצַּדִּיקִים רַע לָהֶן וְרַע לָעוֹלָם. פִּזּוּר לָרְשָׁעִים הֲנָאָה לָהֶן וַהֲנָאָה לָעוֹלָם, וְלַצַּדִּיקִים רַע לָהֶן וְרַע לָעוֹלָם. כִּנּוּס לָרְשָׁעִים רַע לָהֶן וְרַע לָעוֹלָם, וְלַצַּדִּיקִים הֲנָאָה לָהֶן וַהֲנָאָה לָעוֹלָם. שֶׁקֶט לָרְשָׁעִים רַע לָהֶן וְרַע לָעוֹלָם וְלַצַּדִּיקִים הֲנָאָה לָהֶן וַהֲנָאָה לָעוֹלָם: ו הַבָּא בַּמַּחְתֶּרֶת

**אזעלכע שלעכטע נייגונגען וועט צוערשט באגנבענען די עלטערן זייער גאנץ פארמעגן און דערנאָך וועט ער באראבעווען און הרגענען מענטשן.** אָמרה, די תורה האָט געזאָגט: „זאָל ער (דער בן סורר ומורה) שטארבן ווען ער איז נאָך זכאי (ער האָט נאָך ניט געהרגעט מענטשן), און ער זאָל ניט שטארבן ווען ער וועט שוין זיין שולדיק״. ווארום דער טויט פון רשעים איז גוט פאר זיי און גוט פאר דער וועלט. **מחמת זיי זינדיקן ניט מער און זיי ברענגען ניט קיין שאדן אנדערע מענטשן.** ולצדיקים, און (דער טויט) פון צדיקים איז שלעכט פאר זיי און שלעכט פאר דער וועלט. **מחמת זיי קאָנען ניט טאָן קיין מצוות, און זיי קאָנען ניט זאָגן די מענטשן דברי מוסר און מתפלל זיי אויף זיי און מגין זיין אויף זיי.** יין ושינה, (טרינקען) וויין און שלאָפן פון רשעים איז גוט פאר זיי און גוט פאר דער וועלט, און פון צדיקים איז שלעכט פאר זיי און שלעכט פאר דער וועלט. **די רשעים ווען זיי שיכורן זיך אָן און שלאָפן זינדיקן זיי ניט און טאָן קיינעם קיין שלעכטס; אָבער צדיקים, ווען זיי שלאָפן, טאָן זיי ניט קיין מצוות, און אויף דער וועלט קומט פורעניותן.** פזור, די פונאנדערטיילונג פון רשעים (אז זיי זענען ניט צוזאמען) איז גוט פאר זיי און גוט פאר דער וועלט, אָבער פון צדיקים איז שלעכט פאר זיי און שלעכט פאר דער וועלט. **ווייל ווען די רשעים קומען זיך ניט צוזאמען, טראכטן זיי ניט אויס קיין שלעכטע זאכן; אָבער ווען צדיקים קומען זיך ניט צוזאמען, זענען זיי ניט מתקן גוטע זאכן.** כינוס, די פארזאמלונג (דאָס צוזאמענקומען) פון רשעים איז שלעכט פאר זיי און שלעכט פאר דער וועלט (ווייל זיי טראכטן אויס צוזאמען שלעכטע זאכן). און פון צדיקים איז גוט פאר זיי און גוט פאר דער וועלט. **ווייל זיי זענען מתקן גוטע זאכן.** שקט, די רוהיקייט (האָבן מנוחה) פון רשעים איז שלעכט פאר זיי און שלעכט פאר דער וועלט, און פון צדיקים איז גוט פאר זיי און גוט פאר דער וועלט. **ווייל ווען די רשעים האָבן מנוחה, האָבן זיי צייט אויסצוקלערן שלעכטע זאכן. אָבער ווען צדיקים האָבן מנוחה, קאָנען זיי זיצן און לערנען און מתקן זיין גוטע זאכן פאר דער וועלט.**

ו. הבא, דער (גנב) וועלכן מען כאַפּט ביים אונטערגראָבן זיך (אריינברעכן זיך אין א פרעמדנס הויז צו גנבענען) ווערט געמשפט (ווערט באשטראָפט) צוליב זיין סוף (צוליב דער צוקונפט). **דער דין איז, אז ווען א בעל הבית הרגעט א גנב, וועמען ער כאַפּט ביים אריינברעכן זיך אין זיין הויז, קומט אים ניט קיין שטראָף. כאָטש פאר גנבה קומט דאָך ניט דעם גנב קיין טויט־שטראָף, אָבער מען נעמט אָן, אז אויב דער בעל הבית וואָלט זיך סתם אנטקייגנגעשטעלט, וואָלט אים דער גנב געהרגעט. דער דין פון „מחתרת״, (פון „חתר״, אונטערגראָבן זיך) איז פאראן אין שמות כ״ב, און עס זענען פאראן וועגן דעם צוויי דיעות. דער רמבם פסקנט, אז אפילו ווען דער גנב קומט אריין דורכן הויף צי דורך דעם דאך און דער בעל הבית הרגעט אים, קומט אים ניט קיין שטראָף, אפילו ער האָט אים פריער ניט געווארנט, אז ער וועט אים הרגענען. אָבער רש״י זאָגט, אז מען מיינט דוקא „מחתרת״, אונטערגראָבן זיך, ווייל קוים האָט דער גנב זיך פארנומען צו טאָן אפילו אזא שווערע ארבייט ווי אונטערגראָבן זיך אונטער יענעמס הויז, איז ער גרייט צו הרגענען דעם בעל הבית אויב ער וועט זיך אנטקייגנשטעלן, און ער ווייסט אויך אז דער בעל הבית וועט**

נִדּוֹן עַל שֵׁם סוֹפוֹ. הָיָה בָא בַמַּחְתֶּרֶת וְשָׁבַר אֶת הֶחָבִית, אִם יֶשׁ לוֹ דָּמִים חַיָּב, אִם אֵין לוֹ דָּמִים פָּטוּר: ז וְאֵלּוּ הֵן שֶׁמַּצִּילִין אוֹתָן בְּנַפְשָׁן. הָרוֹדֵף אַחַר חֲבֵרוֹ לְהָרְגוֹ, אַחַר הַזָּכָר, וְאַחַר הַנַּעֲרָה הַמְאוֹרָסָה. אֲבָל הָרוֹדֵף אַחַר בְּהֵמָה, וְהַמְחַלֵּל אֶת הַשַּׁבָּת, וְהָעוֹבֵד עֲ״זָ, אֵין מַצִּילִין אוֹתָן בְּנַפְשָׁן:

# פרק ט.

**א** וְאֵלּוּ הֵן הַנִּשְׂרָפִין. הַבָּא עַל אִשָּׁה וּבִתָּהּ. וּבַת כֹּהֵן שֶׁזִּנְּתָה. יֵשׁ

**אים הרגענען אויב ער וועט קאָנען (מחתרתו היא התראתו); אָבער סתם א גנב דארף מען צורשט ווארנען.** היה בא, אויב איינער (א גנב) האָט זיך אריינגעגראָבן (במחתרת, אין א פרעמדנס הויז, צו גנבענען) און דאביי האָט ער צעבראָכן א פאס, איז אויב ער האָט בלוט (אויב ווען דער בעל הבית הרגעט דעם גנב, קומט דעם בעל הבית צו באשטראָפן) איז ער (דער גנב) מחויב (צו באצאָלן פאר דער פאס), און אויב ער האָט ניט קיין בלוט (אויב ווען דער בעל הבית הרגעט אים איז ער פטור פון שטראָף), איז ער (דער גנב) פטור (פון באצאָלן פאר דער פאס). **דער דין איז, אז אויב א פאָ־טער רייסט זיך אריין אין זיין זונ׳ס הויז צו באגנבענען, טאָר אים דער זון ניט הרגענען, ווייל מען ווייסט, אז א פאָטער האָט רחמנות אויף א זון, און ער וועט אים ניט הרגענען אין פאל ווען דער זון וועט זיך אים אנטקייגנשטעלן. נאָך א דין איז פאראן אז „אין אדם מת ומשלם״, אז ווען א מענטש טוט א עבירה, פאר וועלכער מען קאָן אים טויטן, און דאביי טוט ער אויך א שאדן פרעמד געלט, איז ער פטור פון צו באצאָלן פאר דעם שאדן. זאָגט די משנה, אז אויב א סתם גנב האָט ביים אריינברעכן זיך צעבראָכן א פאס איז ער פטור צו באצאָלן פאר דער פאס, ווייל מען האָט דאָך אים געקאָנט הרגענען. אָבער אויב א פאָטער א גנב האָט זיך אריינגעבראָכן אין זיין זון׳ס הויז און האָט דאביי צעבראָכן א פאס, דארף ער באצאָלן, ווייל דער זון האָט אים ניט געטאָרט הרגענען. דער אויסדרוק „דמים״ איז פאראן אין חומש שמות כ״ב ביים דין פון „מחתרת״.**

ז. ואלו, און דאָס זענען די, וואָס מען דארף זיי ראטעווען (ניט לאָזן זיי טאָן די עבירה, אפילו ניט שוינענדיק) זייער לעבן: **אויב מען זעט זיי גיין טאָן די עבירה, מעג מען זיי אפילו הרגענען, און ניט לאָזן טאָן די עבירה. און דאָס זענען די עבירות:** הרודף, ווען איינער יאָגט נאָך אן אנדערן צו הרגענען אים, אָדער (ווען איינער יאָגט נאָך) א זכר (א מאנספערזאָן, צו לעבן מיט אים געשלעכטליך, משכב זכור), אָדער (אויב איינער יאָגט נאָך) א פאראייראטעטע יונגפרוי (א נערה המאורסה, צו לעבן מיט איר געשלעכטלעך). **מען מעג דעס נאָכיאָגער הרגענען, און ניט לאָזן אים טאָן די עבירה. דאָס ווערט אָפּגעלערנט פון חומש דברים כ״ב וועגן „נערה המאורסה״ זע פריער פרק ז׳ משנה ד׳. דאָסזעלביקע מעג מען הרגענען אויב ער יאָגט נאָך א „ערוה״, א פרוי וואָס פאר לעבן מיט איר געשלעכטלעך קומט כרת אָדער טויט־שטראָף.** אבל, אָבער אויב איינער יאָגט נאָך א בהמה (צו לעבן מיט איר געשלעכט־לעך) אָדער איינער וועלכער גייט מחלל שבת זיין (טאָן א מלאכה אים שבת), אָדער איינער וועלכער גייט דינען צו א עבודה זרה, טאָר מען זיי ניט ראטעווען (פון דער עבירה) דורך זייער לעבן (דורך הרגענען זיי). **זיי טאָר מען ניט הרגענען פריער; נאָר ערשט אויב זיי האָבן געטאָן די עבירה און עדות האָבן זיי פריער געוואָרענט, קומט זיי טויט־שטראָף.**

## פרק ט.

א. ואלו, און דאָס זענען די וועלכע ווערן פארברענט .(עס קומט זיי טויט־שטראָף דורך פארברענען): אז איינער קומט אויף א פרוי און (ער האָט פריער חתונה געהאט מיט) איר טאָכטער, און א טאָכטער פון א כהן (אן אשת איש) וועלכע האָט מזנה געווען.

בִּכְלָל אִשָּׁה וּבִתָּהּ בִּתּוֹ וּבַת בִּתּוֹ, וּבַת בְּנוֹ, וּבַת אִשְׁתּוֹ וּבַת בִּתָּהּ, וּבַת בְּנָהּ, חֲמוֹתוֹ, וְאֵם חֲמוֹתוֹ וְאֵם חָמִיו. וְאֵלּוּ הֵן הַנֶּהֱרָגִים, הָרוֹצֵחַ, וְאַנְשֵׁי עִיר הַנִּדַּחַת. רוֹצֵחַ שֶׁהִכָּה אֶת רֵעֵהוּ בְּאֶבֶן אוֹ בְּבַרְזֶל, וְכָבַשׁ עָלָיו לְתוֹךְ הַמַּיִם אוֹ לְתוֹךְ הָאוּר וְאֵינוֹ יָכוֹל לַעֲלוֹת מִשָּׁם, וּמֵת, חַיָּב. דְּחָפוֹ לְתוֹךְ הַמַּיִם אוֹ לְתוֹךְ הָאוּר וְיָכוֹל לַעֲלוֹת מִשָּׁם וּמֵת פָּטוּר. שִׁסָּה בּוֹ אֶת הַכֶּלֶב, שִׁסָּה בּוֹ אֶת הַנָּחָשׁ, פָּטוּר. הִשִּׁיךְ בּוֹ אֶת הַנָּחָשׁ, רַבִּי יְהוּדָה מְחַיֵּב, וַחֲכָמִים

**א סתם אשת איש אויב זי איז מזנה מיט א פרעמדן מאנספערזאָן קומט איר טויט־שטראָף דורך חנק** (דערשטיקן), **אָבער א טאָכטער פון א כהן קומט שריפה.** יש בכלל, אין דעם כלל פון „א פרוי און איר טאָכטער" (פאר וועלכע עס קומט טויט־שטראָף דורך פארברענען) גייען אריין: זיין טאָכטער (אויב איינער לעבט מיט זיין אייגענער טאָכטער), און זיין טאָכטערס טאָכטער, און זיין זון׳ס טאָכטער, און זיין פרוי׳ס טאָכטער (פון אן אנדערן מאן) און איר (זיין פרוי׳ס) טאָכטערס טאָכטער, און איר (זיין פרוי׳ס) זון׳ס טאָכטער, זיין שוויגער (זיין פרוי׳ס מוטער), און זיין שוויגערס מוטער און זיין שווערס מוטער. **פאר לעבן מיט איינער פון די דאָזיקע פרויען קומט טויט־שטראָף דורך פארברענען. —** ואלו הן הנהרגים, און די דאָזיקע (קומט טויט־שטראָף) דורך אָפּהאַקן דעם קאָפּ (הרג). **די משנה האָט פריער פרק ז׳ משנה ג׳ געלערנט ווי אזוי עס קומט פאר „הרג", דאָס אָפּהאַקן דעם קאָפּ. איצט זאָגט די משנה, פאר וועלכע עבירות מען באשטראָפט דערמיט:** הרוצח, דער רוצח (וועד עס הרגעט א מענטש צום טויט), און די מענטשן פון א אָפּגעשטויסענער שטאָט (עיר הנידחת). **מיט „עיר הנידחת", „אן אָפּגעשטויסענער שטאָט", מיינט מען, ווען ס׳רוב איינוואוינער פון דער שטאָט האָבן געדינט עבודה זרה. די משנה וועט ווייטער פרק י׳ משנה ד׳ לערנען די דינים וועגן עיר הנידחת. דאָ וועט די משנה באלד לערנען די דינים פון א רוצח, פון איינעם וועלכער האָט געהרגעט א מענטש.** רוצח שהכה, א רוצח, וועלכער האָט אַ קלאַפּ געגעבן אן אנדערן מענטש מיט א שטיין אָדער מיט אן אייזן, אָדער ער האָט אים אריינגעדריקט („כבש", אריינגעדריקט) אין וואסער, אָדער אין פייער („אור", פייער), און יענער האָט ניט געקאָנט ארויסגיין פון דאָרט (פון וואסער אָדער פון פייער) — און ער איז געשטאָרבן, איז ער (דער רוצח) שולדיק. **מיט „און ער איז געשטאָרבן" גייט ארויף אויף די אלע פאלן, ווי ער האָט אים א קלאַפּ געגעבן מיט א שטיין אָדער אן אייזן, אָדער ער האָט אים אריינגעדריקט אין וואסער צי אין פייער. ער הייסט א רוצח און עס קומט אים טויט־שטראָף.** דחפו, אויב ער (דער רוצח) האָט אים (אן אנדערן) אריינגעשטופּט אין וואסער אָדער אין פייער, און יענער קאָן ארויסגיין פון דאָרט (אָבער יענער איז ניט ארויסגעגאנגען) און ער איז געשטאָרבן, איז ער (דער רוצח) פטור. **עס קומט אים ניט קיין טויט־שטראָף פאר הרגענען א מענטש, ווייל יענער האָט דאָך געקאָנט ארויסגיין און זיך ראַטעווען.** שיסה, אויב ער (דער רוצח) האָט אָנגערייצט אויף אים דעם הונט, אָדער ער האָט אויף אים אָנגערייצט די שלאנג (און זיי האָבן אים צוביסן און געהרגעט), איז ער (דער רוצח) פטור. **עס קומט אים ניט קיין טויט־שטראָף, ווייל ער האָט דאָך נור אָנגערייצט.** השיך, אויב ער (דער רוצח) האָט געמאכט די שלאנג אָנצובייסן אים (ער האָט צוגערירט די שלאנג צום קערפּער פון דעם אנדערן און די שלאנג האָט אים א ביס געטאָן און געהרגעט), איז ר׳ יהודה מחייב (ער זאָגט אז דעם רוצח קומט דערפאַר טויט־שטראָף), און די חכמים פטרן (זאָגן אז עס קומט אים ניט קיין טויט־שטראָף). **די גמרא זאָגט, אז ר׳ יהודה האלט, אז דער גיפט פון שלאנג געפינט זיך אין זיינע ציין, און דעריבער אז דער רוצח האָט צוגערירט די ציין פון דער שלאנג צום קערפּער פון אנדערן מענטש, הייסט עס ווי ער האָט אים גלייך אריינגעטאָן דעם גיפט. אָבער די חכמים האלטן, אז די שלאנג שפּייט־אויס פון זיך דעם גיפט, און עס הייסט דעריבער ניט אז דער רוצח האָט אים פארגיפטעט.** המכה, אז איינער גיט א קלאַפּ אן

פּוֹטְרִין. הַמַּכֶּה אֶת חֲבֵרוֹ בֵּין בְּאֶבֶן בֵּין בְּאֶגְרוֹף וַאֲמָדוּהוּ לְמִיתָה, וְהֵקֵל מִמַּה שֶׁהָיָה וּלְאַחַר מִכָּאן הִכְבִּיד וּמֵת חַיָּב. רַבִּי נְחֶמְיָה אוֹמֵר פָּטוּר, שֶׁרַגְלַיִם לַדָּבָר: **ב** נִתְכַּוֵּן לַהֲרוֹג אֶת הַבְּהֵמָה וְהָרַג אֶת הָאָדָם לַנָּכְרִי וְהָרַג אֶת יִשְׂרָאֵל. לַנְּפָלִים וְהָרַג בֶּן קַיָּמָא, פָּטוּר. נִתְכַּוֵּן לְהַכּוֹתוֹ עַל מָתְנָיו, וְלֹא הָיָה בָהּ כְּדֵי לְהָמִית עַל מָתְנָיו. וְהָלְכָה לוֹ עַל לִבּוֹ וְהָיָה בָהּ כְּדֵי לְהָמִית עַל לִבּוֹ, וּמֵת, פָּטוּר. נִתְכַּוֵּן לְהַכּוֹתוֹ עַל לִבּוֹ, וְהָיָה בָהּ כְּדֵי לְהָמִית עַל לִבּוֹ, וְהָלְכָה לוֹ עַל מָתְנָיו וְלֹא הָיָה בָהּ כְּדֵי לְהָמִית עַל מָתְנָיו, וּמֵת, פָּטוּר. נִתְכַּוֵּן לְהַכּוֹת אֶת הַגָּדוֹל וְלֹא הָיָה בָהּ כְּדֵי לְהָמִית הַגָּדוֹל,

אנדערן סיי מיט א שטיין און סיי מיט דער פויסט, (און דער איז ניט געהרגעט גע־וואָרן נאָר ער איז געוואָרן דאדורך קראנק), און מען האָט אים אָפּגעשאצט צום שטארבן (אז ער וועט שטארבן פון דער קראנקייט), אָבער עס איז אים (דערנאָך) בעסער געוואָרן פון דעם וואס איז געווען (און מען האָט אים אָפּגעשאצט אז ער וועט שוין לעבן), און דערנאָך איז אים געוואָרן שווערער (הכביד, ערגער) און ער איז גע־שטאָרבן, איז ער דער רוצח חיב. **ווייל עס הייסט, אז ער איז געשטאָרבן פון דעם קלאַפּ.** ר' נחמיה זאָגט, אז ער איז פטור, ווייל עס איז א באוויז (רגלים לדבר, „פיס צו דער זאך"). **דאס וואס איז אים בעסער געוואָרן באווייזט, אז ער איז-ניט געשטאָרבן פון דעם דאָזיקן קלאַפּ. די דאָזיקע משנה איז פאראן צום סוף פון מסכתא נזיר און דאָרט האָבן מיר זי דערקלערט.**

ב. נתכוין, אויב איינער האָט אינזינען געהאט (געוואָלט) הרגענען די בהמה (ער האָט למשל געוואָרפן א שטיין צו הרגענען א בהמה) און ער האָט געהרגעט א מענטש (דער שטיין האָט געטראָפן א מענטש און אים דערהרגעט), אָדער (ער האָט געוואָלט הרגענען) א גוי און ער האָט געהרגעט א ייד, אָדער (ער האָט געוואָלט הרגענען) א נפלע (א קינד וואס קאָן ניט לעבן) און ער האָט געהרגעט א לעבעדיק קינד (א בן קיימא, וואס קאָן לעבן), איז ער פטור. **עס קומט אים ניט קיין טויט־שטראָף, ווייל ער האָט דאָך געוואָלט הרגענען אזעלכן פאר וועלכן עס קומט אים ניט קיין טויט־שטראָף.** נתכוין להכותו, אויב ער (דער רוצח) האָט געוואָלט אים געבן א קלאַפּ אויף זיינע (דעם אנדערן מענטשס) לענדן, און עס איז ניט געווען אין אים (אין דעם קלאַפּ, למשל דער שטיין וואס ער האָט אים געוואָרפן איז ניט געווען גענוג) צו דערהרגענען אים אויף זיינע לענדן, אָבער ער (דער שטיין) איז גאָר אוועק (געפאלן) אויף זיין הארץ, און עס איז געווען אין אים גענוג צו דערהרגענען אים אויף זיין הארץ, און ער איז געשטאָרבן, איז ער (דער רוצח) פטור. **ווייל דער קלאַפּ וואס דער רוצח האָט אים געוואָלט געבן אויף די לענדן, האָט דאָך אים אויף די לענדן ניט געקאָנט הרגענען.** נתכוין להכותו על לבו, אויב ער (דער רוצח) האָט געוואָלט א קלאַפּ געבן אים (געוואָרפן אים א שטיין) אויף זיין הארץ און אין אים (אין דעם קלאַפּ מיט דעם שטיין) איז געווען גענוג כדי צו הרגענען אים אויף זיין הארץ, אָבער ער (דער שטיין) איז אוועק אויף זיינע לענדן, און עס איז אין אים (אין דעם קלאַפּ מיטן שטיין) ניט געווען גענוג צו הרגענען אים אויף זיינע לענדן, אָבער ער איז געשטאָרבן, איז ער (דער רוצח) פטור. **די משנה דאָ און אין דער פריערדיקער הלכה לערנט, אז כדי דעם רוצח זאָל קומען טויט־שטראָף מוזן זיין בײדע זאכן: דער רוצח מוז האָבן מכוון געווען, געוואָלט געבן אים אזא קלאַפּ וואס זאָל אים דערהרגענען (מכה שיש בה כדי להמית), און אז דער קלאַפּ זאָל אים האָבן טאקע דערהרגעט.** נתכוין, אויב ער האָט געוואָלט געבן א קלאַפּ א גרויסן מענטש (א שטארקן מענטש) און אין אים (אין דעם שטיין וואס ער האָט אים געוואָרפן) איז ניט געווען גענוג צו דערהרגענען דעם גרויסן מענטש, און ער (דער שטיין) איז אוועק (געפאלן) אויף

וְהָלְכָה לוֹ עַל הַקָּטָן וְהָיָה בָהּ כְּדֵי לְהָמִית אֶת הַקָּטָן וּמֵת, פָּטוּר. נִתְכַּוֵּן לְהַכּוֹת אֶת הַקָּטָן, וְהָיָה בָהּ כְּדֵי לְהָמִית אֶת הַקָּטָן, וְהָלְכָה לָהּ עַל הַגָּדוֹל וְלֹא הָיָה בָהּ כְּדֵי לְהָמִית אֶת הַגָּדוֹל, וּמֵת, פָּטוּר. אֲבָל נִתְכַּוֵּן לְהַכּוֹת עַל מָתְנָיו וְהָיָה בָהּ כְּדֵי לְהָמִית עַל מָתְנָיו, וְהָלְכָה לָהּ עַל לִבּוֹ וּמֵת, חַיָּב. נִתְכַּוֵּן לְהַכּוֹת אֶת הַגָּדוֹל, וְהָיָה בָהּ כְּדֵי לְהָמִית אֶת הַגָּדוֹל, וְהָלְכָה לָהּ עַל הַקָּטָן, וּמֵת חַיָּב. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, אֲפִלּוּ נִתְכַּוֵּן לַהֲרוֹג אֶת זֶה וְהָרַג אֶת זֶה פָּטוּר: ג רוֹצֵחַ שֶׁנִּתְעָרֵב בַּאֲחֵרִים, כֻּלָּן פְּטוּרִין. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, כּוֹנְסִין אוֹתָם לַכִּיפָּה. כָּל חַיָּבֵי מִיתוֹת שֶׁנִּתְעָרְבוּ זֶה בְזֶה נִדּוֹנִין בַּקַּלָּה.

א קליינעם (שוואכערן) מענטש, און עס איז געווען אין אים (אין דעם שטיין) גענוג צו דערהרגענען דעם קליינעם מענטש און ער (דער קליינער מענטש) איז גע־שטאָרבן, איז ער (דער רוצח) פטור; אויב ער האָט געוואָלט געבן א קלאַפּ א קליינעם מענטש, און עס איז געווען אין אים (אין דעם שטיין וואָס ער האָט צו אים געוואָרפן) גענוג צו דערהרגענען דעם קליינעם מענטש, אָבער ער (דער שטיין) איז אוועק (געפאלן) אויף א גרויסן מענטש, און עס איז ניט געווען אין אים (אין דעם שטיין) גענוג צו דערהרגענען דעם גרויסן מענטש, און ער (דער גרויסער מענטש) איז גע־שטאָרבן, איז ער (דער רוצח) פטור. **אלץ צוליב דעמזעלביקן טעם, וואָס עס מוזן זיין ביידע זאכן, אי אז ער זאָל וועלן דערלאנגען א טויט־קלאַפּ, אי אז דער טויט זאָל האָבן געשען צוליב דעם קלאַפּ.** אבל, אָבער אויב ער האָט געוואָלט א קלאַפּ געבן אויף זיינע לענדן און אין אים (אין דעם שטיין וואָס ער האָט געוואָרפן) איז געווען גענוג צו דערהרגענען אים אויף זיינע לענדן און ער (דער שטיין) איז געפאלן אויף זיין הארץ, און ער איז געשטאָרבן, איז ער (דער רוצח) שולדיק. **ווייל ביידע זאכן זענען דאָ פאראַן, אי ער האָט מכוון געווען צו געבן א טויט־קלאַפּ, אי דער טויט־קלאַפּ איז געשען, ווארים דאָס הארץ איז שוואכער פון די לענדן.** נתכוין, אויב ער האָט געוואָלט א קלאַפּ געבן א גרויסן מענטש, און עס איז געווען אין אים (אין דעם שטיין וואָס ער האָט געוואָרפן) גענוג צו דערהרגענען א גרויסן מענטש, און ער (דער שטיין) איז געפאלן אויף א קליינעם מענטש, און ער איז געשטאָרבן, איז ער (דער רוצח) שולדיק. **ווייל אויך דאָ זענען געווען ביידע זאכן.** ר׳ שמעון זאָגט, אז אפילו איינער האָט מכוון געווען (געוואָלט) הרגענען דעם (איין מענטש) און ער האָט געהרגעט אן אנ־דערן מענטש (למשל, דער שטיין וואָס ער האָט געוואָרפן צו איין מענטש איז גע־פאלן אויף אן אנדערן און האָט אים דערהרגעט), איז ער (דער רוצח) פטור. **עס קומט אים ניט קיין טויט שטראָף. דער תנא קמא פון אָנהויב משנה זאָגט דאָך, אז נור אויב ער האָט געוואָלט הרגענען א בהמה און ער האָט געהרגעט א מענטש, איז ער פטור; אָבער אויב ער האָט געוואָלט הרגענען איין מענטש און ער האָט געהרגעט אן אנדערן מענטש איז ער יאָ שולדיק. זאָגט ר׳ שמעון אז אויך דאָ איז ער ניט שולדיק.**

ג. רוצח, אויב א רוצח, (וואָס האָט געהרגעט א מענטש) האָט זיך אויסגעמישט מיט אנדערע מענטשן (און מען ווייסט ניט ווער פון זיי איז דער רוצח) זענען זיי אלע פטור. **באפרייט מען זיי אלע. אפילו אין אזא פאל, ווען עס זענען געשטאַנען 2 מענטשן און איינער פון זיי האָט געשאָסן מיט א פייל און געהרגעט א מענטש, און מען ווייסט ניט ווער פון זיי האָט עס געטאָן, און אפילו איינער פון זיי איז באוואוסט פאר א פרומען ייד און עס איז אָנצונעמען אז ער האָט עס ניט געטאָן, פונ־דעסטוועגן זיינען ביידע פטור, און מען קאָן ניט פאראורטיילן צום טויט דעם אנ־דערן מענטשן צוליב דעם.** ר׳ יהודה זאָגט, אז מען נעמט זיי (די אלע אויסגעמישטע אריין) אין א געפענגניס (כיפה). **כיפה איז דער טייטש א תפיסה־געביידע, א גע־**

הַנִּסְקָלִין בַּנִּשְׂרָפִין. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, נִדּוֹנִין בִּסְקִילָה, שֶׁהַשְּׂרֵפָה חֲמוּרָה. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים נִדּוֹנִין בִּשְׂרֵפָה, שֶׁהַסְּקִילָה חֲמוּרָה. אָמַר לָהֶן רַבִּי שִׁמְעוֹן, אִלּוּ לֹא הָיְתָה שְׂרֵפָה חֲמוּרָה, לֹא נִתְּנָה לְבַת כֹּהֵן שֶׁזִּנְּתָה. אָמְרוּ לוֹ, אִלּוּ לֹא הָיְתָה סְקִילָה חֲמוּרָה, לֹא נִתְּנָה לַמְגַדֵּף וְלָעוֹבֵד עֲ"ז. הַנֶּהֱרָגִין בַּנֶּחֱנָקִין, רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, בְּסַיִף, וַחֲכָמִים אוֹמְרִים בְּחֶנֶק: ד מִי שֶׁנִּתְחַיֵּב בִּשְׁתֵּי מִיתוֹת בֵּית דִּין נִדּוֹן בַּחֲמוּרָה. עָבַר עֲבֵרָה שֶׁנִּתְחַיֵּב שְׁתֵּי

פענגניש (אין דער מיטל־גריכישער שפּראַך „קופּא", א געפענגניש). **די גמרא זאָגט, אז עס פעלן אין דער משנה עטליכע ווערטער פאר די ווערטער פון ר׳ יהודה, און עס דאַרף זיין, אז אויב אן אָקס האָט געהרגעט א מענטש און עס קומט דעם אָקס צו פאַרשטיינען** (שור הנסקל), **און דער אָקס האָט זיך אויסגעמישט מיט אנדערע אָקסן, דאַרף מען זיי אלע פאַרשטיינען; אָבער ר׳ יהודה זאָגט, אז מען נעמט זיי אלע אריין אין א געפענגניס** (אין אן אָפּגעצוימט אָרט) **און מען גיט זיי ניט צו עסן און זיי פגרן פון הונגער.** — כל חייבי, אויב מענטשן, וואָס זענען פאַראורטיילט צום טויט (צו פאַרשידענע טויט־שטראָפן) זענען אויסגעמישט געוואָרן, ווערן זיי געמשפּט (טויט מען זיי) מיט דעם גרינגסטן טויט. **ווענן די 4 טויט־שטראָפן האָבן מיר געגעבן פריער פרק ז׳ משנה א׳.** הנסקלין, אויב עס האָבן זיך אויסגעמישט אזעלכע וועלכע דאַרפן געטויט ווערן דורך פאַרשטיינען, מיט אזעלכע וועלכע דאַרפן געטויט ווערן דורך פאַרברענען, זאָגט ר׳ שמעון אז מען דאַרף זיי פאַרשטיינען, ווייל פאַרברענען איז הארבער (איז א הארבערער טויט־שטראָף), און די חכמים זאָגן, אז מען דאַרף זיי פאַר־ברענען, ווייל פאַרשטיינען איז הארבער. **און ווי מיר האָבן פריער געלערנט דאַרף מען די אויסגעמישטע טויטן מיט דער לייכטערער טויט־שטראָף.** אמר להן, האָט ר׳ שמעון געזאָגט צו זיי (צו די חכמים), ווען פאַרברענען וואָלט ניט געווען הארבער, וואָלט מען עס דאָך ניט געגעבן (ניט באַשטראָפט דערמיט) די טאָכטער פון א כהן, וואָס האָט מזנה געווען. **דער דין איז אז א ישראל׳ס א טאָכטער אן אשת איש איז מזנה קומט איר טויט־שטראָף דורך דערשטיקן** (חנק). **אויב זי איז מזנה ווען זי איז א נערה המאורסה** (נאָך די קידושין און פאר דער חתונה) **קומט איר צו פאַרשטיינען. אָבער אויב זי איז די טאָכטער פון א כהן, קומט איר א הארבערע שטראָף צו פאַר־ברענען, און ר׳ שמעון האַלט, אז דאָס איז אויך ווען די טאָכטער פון כהן איז אן ארוסה. ממילא איז דאָך דערפון געדרינגען, אז פאַרברענען איז הארבער פון פאַר־שטיינען.** אמרו לו, האָבן זיי (די חכמים געזאָגט צו אים (צו ר׳ שמעון), ווען פאַר־שטיינען וואָלט ניט געווען הארבער, וואָלט מען דאָך דאָס ניט געגעבן (ניט געטויט דערמיט) דעם לעסטערער פון גאָט (מגדף) און דעם וואָס דינט עבודה זרה. **מחמת דאָס זענען דאָך די הארבע זינד. און וועגן דער טאָכטער פון א כהן, האַלטן די חכמים, אז אויב זי איז געווען אן ארוסה קומט איר סקילה, צו פאַרשטיינען.** — הנהרגין, אויב עס האָבן זיך אויסגעמישט אזעלכע וועלכע עס קומט טויט־שטראָף דורך הרג (אָפּ־האַקן דעם קאָפּ), מיט אזעלכע וועלכע עס קומט טויט־שטראָף דורך חנק (דערשטיקן), זאָגט ר׳ שמעון, אז (עס קומט זיי) מיט א שווערט (בסייף, מען דאַרף זיי אָפּהאַקן דעם קאָפּ), און די חכמים זאָגן, אז (עס קומט זיי) חנק (דורך דערשטיקן). **ר׳ שמעון האַלט אז הרג איז גרינגער, און די חכמים האַלטן אז חנק איז גרינגער.**

ד. מי שנתחייב, ווער עס איז שולדיק געוואָרן צו צוויי (פאַרשידענע) טויט־שטראָפן (ער האָט געטאָן א עבירה פאר וועלכער דאָס בית דין האָט אים געפסקנט א לייכטערע טויט־שטראָף, און ער איז אנטלאָפן, און ער האָט געטאָן א עבירה פאר וועלכער עס קומט אים א שווערערע טויט־שטראָף), זאָל ער ווערן געמשפּט פאר דער שווערערער (עבירה). **מען וואָלט געקאָנט מיינען, אז ווייל ער איז דאָך שוין פאַר־משפּט צום טויט, זאָל מען אים מער ניט משפּטן, לערנט די משנה אז מען משפּט**

מִיתוֹת נָדוֹן בַּחֲמוּרָה. רַבִּי יוֹסֵי אוֹמֵר, נָדוֹן בַּזִּיקָה הָרִאשׁוֹנָה שֶׁבָּא עָלָיו:
ה מִי שֶׁלָּקָה וְשָׁנָה, בֵּית דִּין מַכְנִיסִים אוֹתוֹ לַכִּיפָּה, וּמַאֲכִילִין אוֹתוֹ שְׂעוֹרִין עַד שֶׁכְּרֵסוֹ מִתְבַּקַּעַת. הַהוֹרֵג נֶפֶשׁ שֶׁלֹּא בְעֵדִים, מַכְנִיסִין אוֹתוֹ לַכִּיפָּה וּמַאֲכִילִין אוֹתוֹ לֶחֶם צַר וּמַיִם לַחַץ:
ו הַגּוֹנֵב אֶת הַקַּסְוָה, וְהַמְקַלֵּל בַּקּוֹסֵם, וְהַבּוֹעֵל אֲרַמִּית, קַנָּאִין פּוֹגְעִין בּוֹ. כֹּהֵן שֶׁשִּׁמֵּשׁ בְּטֻמְאָה, אֵין אֶחָיו

אים יא. עבר, אויב איינער האָט עובר געווען (איין) עבירה, פאר וועלכער ער איז שולדיק צוויי טויט־שטראָפן, ווערט ער געמשפט פאר דער שווערערער. למשל ער האָט געלעבט מיט אן אשת איש, וועלכע איז גלייכצייטיק זיין שוויגער, און פאר לעבן מיט אן אשת איש קומט חנק, דערשטיקן, וואָס איז א לייכטערע טויט־שטראָף, און פאר לעבן מיט א שוויגער קומט די שווערע טויט־שטראָף דורך פארברענען (שריפה), ווערט ער געמשפט מיט שריפה. ר׳ יוסי זאָגט, אז ער ווערט געמשפט פאר דער ער־שטער צוגעבינדענקייט (זיקה) וואָס קומט אויף אים. למשל, אויב די שוויגער האָט א מאן און זי איז דאריבער אן אשת איש און דערנאָך האָט ער חתונה געהאט מיט איר טאָכטער און זי איז געוואָרן דאַדורך זיין שוויגער, ווערט ער געמשפט פאר לעבן מיט אן אשת איש, ווייל דאָס איז געווען דער פריערדיקער איסור, וואָס האָט אים געבינדן ניט צו לעבן מיט איר, די ערשטע זיקה. אויב אָבער ווען ער האָט חתונה געהאט מיט איר טאָכטער איז די שוויגער געווען אן אלמנה צי א גרושה, און דער־נאָך האָט זי חתונה געהאט, געוואָרן אן אשת איש, משפט מען אים פאר לעבן מיט א שוויגער, ווייל דער דאָזיקער איסור איז געווען פריער. ווייל ר׳ יוסי האלט, אז „אין איסור חל על איסור״, אויב א זאך איז שוין אסור אפילו מיט א קלענערן איסור, קאָן שוין דערויף דערנאָך ניט צוקומען אן אנדערער איסור אפילו א הארבערער.

ה. מי שלקה, אויב איינער (האָט געטאָן א עבירה און ער) האָט באקומען (פון בית דין) קלעפ (מלקות) און ער האָט נאָכאמאָל געטאָן (די זעלביקע עבירה און ווי־דער באקומען מלקות, און ער האָט א דריטן מאָל געטאָן דיזעלביקע עבירה) זעצט אים דאָס בית דין אריין אין א געפענגניש (כיפה) און מען גיט אים צו עסן גערשטן ביז זיין בויך ווערט אויפגעפלאצט. מען מיינט דאָ נור אויב די עבירה איז געווען אזא פאר וועלכער עס קומט כרת (פארשניטן דורכן הימל), און ווייל עס הייסט, אז עס קומט אים מיתה (כרת) דורך דעם הימל, דאריבער זאָל מען אים ביים דריטן מאָל אריינזעצן אין געפענגניש. וועגן „כיפה״ זע פריער אין משנה ג׳. ההורג, אז איי־נער הרגעט א מענטש אָן עדות (דאָס בית דין ווייסט אויף זיכער אז ער האָט אים גע־הרגעט, נאָר מען קאָן אים ניט באשטראָפן מיט טויט ווייל די עדות איז ניט גענוג, אָדער מען האָט אים ניט געווארנט, ניט מתרה־געווען) זעצט מען אים אריין אין געפענגניש און מען גיט אים צו עסן ווייניג ברויט און (צו טרינקן) ווייניק וואסער. און דערנאָך, ווען זיינע געדערים ווערן דאדורך איינגעשרומפן גיט מען אים צו עסן גערשטן, כדי דער בויך זאָל ווערן ביי אים אויפגעפלאצט.

ו. הגונב, אז איינער גנבעט (פון בית המקדש) א הייליקע כלי (קסוה, א כלי שרת, מיט וועלכער מען טוט די עבודה אין בית המקדש), אָדער איינער וועלכער שעלט (גאָט) מיטן נאָמען פון אן אָפגאָט („קוסם״), אָדער איינער וועלכער לעבט געשלעכטלעך מיט א גויה, איז קנאים הרגענען אים. לויט דעם דין קומט ניט פאר די דאָזיקע עבירות קיין טויט־שטראָף. נאָר „קנאים״, וועלכע נעמען נקמה פאר עובר זיין אויף גאָטס געבאָט, אויב זיי הרגענען דעם מענטש, קומט זיי ניט קיין שטראָף פאר הרגענען א מענטש. „קסוה״ זאָל זיין פון וואָרט אין במדבר ד׳ „קשות הנסך״, א כלי שרת אין בית המקדש. „קוסם״ מיינט אן אָפגאָט, פון „קסם״, כישוף. „קנאים״ איז פון במדבר כ״ה ווי פינחס האָט דערשטאָכן זמרי׳ן וועלכער האָט געלעבט מיט כזבי, און גאָט זאָגט אויף פינחסן „בקנאו את קנאתי״. „פוגעין״ מיינט הרגענען, און

הַכֹּהֲנִים מְבִיאִין אוֹתוֹ לְבֵית דִּין, אֶלָּא פִּרְחֵי כְהֻנָּה מוֹצִיאִין אוֹתוֹ חוּץ לָעֲזָרָה, וּמַפְצִיעִין אֶת מוֹחוֹ בִּגְזִירִין. זָר שֶׁשִּׁמֵּשׁ בַּמִּקְדָּשׁ, רַבִּי עֲקִיבָא אוֹמֵר, בְּחֶנֶק, וַחֲכָמִים אוֹמְרִים בִּידֵי שָׁמָיִם:

# פרק י.

**א** כָּל יִשְׂרָאֵל יֵשׁ לָהֶם חֵלֶק לְעוֹלָם הַבָּא, שֶׁנֶּאֱמַר, וְעַמֵּךְ כֻּלָּם צַדִּיקִים, לְעוֹלָם יִרְשׁוּ אָרֶץ נֵצֶר מַטָּעַי מַעֲשֵׂה יָדַי לְהִתְפָּאֵר. וְאֵלּוּ שֶׁאֵין

דאָס וואָרט איז פאראן א סך מאָל אין תנך (מלכים א׳, ב׳, „פגע בו״, „ויפגע בו וימת״). **דער דין איז, אז קנאים מעגן הרגענען דעם וועלכער לעבט מיט א גויה נור בעת מעשה ווען ער לעבט מיט איר געשלעכטליך און ווען ער טוט עס בפרהסיה פאר 10 יידן** (דאָס לערנט מען אָפּ פון פינחס). כהן, אויב א כהן האָט געטאָן די עבודה (ששמש, האָט געדינט) אין בית המקדש און ער איז געווען טמא, ברענגן אים ניט זיינע ברידער די כהנים צום בית דין, נאָר די יינגע כהנים (פרחי כהונה, די בליעכצן פון דער כהונה) נעמען אים ארויס אין דרויסן פון דער עזרה (פון בית המקדש הויף) און שפּאלטן אים זיין קאָפּ (מוחו, זיין מוח, זיין קאָפּ) מיט שטיקער האָלץ (גזרין). **כאָטש פאר טאָן די עבודה אין בית המקדש במזיד ווען מען איז טמא קומט נור מיתה בידי שמים, דער הימל באשטראָפט אים מיט טויט און ניט דאָס בית דין, און דאָס בית דין גיט איהם נאָר מלקות, קלעפּ, אָבער די כהנים הרגענען אים. דאָס וואָרט „פרחי כהונה״ זאָל זיין פון „פרח״, בליען, שפּראָצן, דאָס הייסט, די יינגע כהנים ביי וועלכע די באָרד הייבט ערשט אָן צו שפּראָצן.** זר, אויב א פרעמדער (ניט קיין כהן, נאָר א ישראל אָדער א לוי) האָט געטאָן די עבודה אין בית המקדש, זאָגט ר׳ עקיבא, אז עס קומט אים (טויט־שטראָף דורך) חנק (דערשטיקן אים), און די חכמים זאָגט, אז (די טויט־שטראָף איז) דורכן הימל. **אָבער דאָס בית דין באַ־שטראָפט אים ניט מיט טויט.**

## פרק י.

דער דאָזיקער פּרק, וועלכער ווערט גערופן „חלק״ (פון די ערשטע ווער־טער „כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא״), **איז אין דער גמרא בבלי דער לעצטער** (עלפטער) **פּרק פון מסכתא סנהדרין. אָבער אין די משניות׳ן און אין ירושלמי איז ער דער צענטער פּרק. דער טעם איז, ווייל די משנה לערנט דאָ כסדר די דינים פון די וועלכע עס קומט „הרג״ (פריער פּרק ט׳ משנה א׳), און אין פריעריקן פּרק האָט מען געלערנט וועגן רוצח און אין דעם איצטיקן פּרק לערנט די משנה ווייטער וועגן די מענטשן פון עיר הנידחת, וועלכע עס קומט „הרג״. אויך דער רמבם האָט ווייזט אויס געהאט דעם דאָזיקן פּרק פריער פאר דעם קומענדיקן פּרק „אלו הן הנחנקין״.**

א. כל, יעדער ייד (כל ישראל, אלע יידן) האָבן א חלק אין עולם הבא (אין דער קומענדיקער וועלט), ווארום עס ווערט געזאָגט (ישעיה ס׳) „ועמך כולם צדי־קים, לעולם ירשו ארץ, נצר מטעי מעשה ידי להתפאר״, „און דיין פאָלק זענען אלע צדיקים, זיי וועלן אויף אייביק ירשענען די ערד, (זיי זענען) די צווייג פון מיינע פלאנצונגן, דאָס ווערק פון מיינע הענט צום רום״. **„עולם הבא״, „די קומע־דיקע וועלט״, ווערט אין משנה און גמרא אין א סך ערטער דערמאָנט אלס היפּוך צו „עולם הזה״, צו דער איצטיקער וועלט. דער ברטנורא טייטשט, אז דאָ אין דער משנה מיינט מען מיט עולם הבא, די וועלט וואָס וועט זיין נאָך „תחיית המתים״, נאָך דעם ווי די מתים וועלן צוריק לעבעדיק ווערן, און כאָטש די מענטשן וועלן דאמאָלס האָבן קערפּערס, גופים, וועט מען אָבער ניט עסן און ניט טרינקן נאָר ווי די גמרא זאָגט אין ברכות ט״ז, די צדיקים וועלן זיצן מיט קרוינען אויף די**

לָהֶם חֵלֶק לָעוֹלָם הַבָּא הָאוֹמֵר אֵין תְּחִיַּת הַמֵּתִים מִן הַתּוֹרָה, וְאֵין תּוֹרָה מִן הַשָּׁמַיִם, וְאֶפִּיקוֹרוֹס. רַבִּי עֲקִיבָא אוֹמֵר, אַף הַקּוֹרֵא בִּסְפָרִים הַחִיצוֹנִים. וְהַלּוֹחֵשׁ עַל הַמַּכָּה, וְאוֹמֵר כָּל הַמַּחֲלָה אֲשֶׁר שַׂמְתִּי בְמִצְרַיִם לֹא אָשִׂים עָלֶיךָ כִּי אֲנִי ה׳ רֹפְאֶךָ. אַבָּא שָׁאוּל אוֹמֵר, אַף הַהוֹגֶה אֶת הַשֵּׁם

**קעפ און הנאה האבן פון דעם שיין פון דער שכינה** (זיו השכינה). **דער רמבם אבער זאגט אז מיט „עולם הבא" מיינט מען די וועלט פון די נשמות, וואו די נשמה געפינט זיך נאכדעם ווי דער מענטש שטארבט און די נשמה פארלאזט דעם גוף. די משנה ברענגט די ראיה דערצו, אז יעדער ייד** (אויך די דאזיקע וואס האבן געטאן עבירות און מען האט זיי געפסקנט טויט־שטראף) **וועט האבן א חלק אין עולם הבא, פון פסוק „כולם צדיקים", און „ירשו ארץ", וואס מען מיינט „דאס לאנד פון יענער וועלט"** (זע אין קידושין סוף פרק א׳). **דאסווארט „חלק" טייטשט דער ברטנורא, אז מען מיינט דערמיט, אז ניט יעדער האט גלייך עולם הבא, נאר דער גרעסערער אין צידקות האט א גרעסערן חלק, און דער קלענערער האט א קלענערן חלק. דער רמבם האט דא צו דער דאזיקער משנה געגעבן א זייער גרויסן פירוש און מברר געווען דעם ענין פון עולם הבא און אויך פון די דרייצן עקרים פון דער יידישער אמונה.** ואלו, און די דאזיקע זענען די וועלכע האבן ניט קיין חלק אין עולם הבא: דער וועלכער זאגט אז עס איז ניט פאראן קיין תחית המתים פון דער תורה. **תחיית המתים איז די אמונה אז די וועלכע זענען געשטארבן וועלן צוריק לעבעדיק ווערן, וועלן אויפשטיין תחיית המתים. זאגט די משנה** (ווי רשי טייטשט) **אז אפילו איינער גלויבט אין תחיית המתים, נאר ער זאגט, אז אין דער תורה איז ניט פאראן קיין ווארט וועגן תחיית המתים, וועט ניט האבן קיין עולם הבא. אין טייל משניות זענען ניט פאראן די ווערטער „מן התורה".** ואין תורה, און (דער וואס זאגט) אז די תורה איז ניט געגעבן געווארן פון הימל. **דאס הייסט, ער גלויבט ניט, אז גאט האט געגעבן די תורה; און אויך ער האט ניט קיין עולם הבא.** ואפיקורס און אן אפיקורס. **אויך דער אפיקורס האט ניט קיין עולם הבא. אין דער גמרא ווערט געזאגט, אז אן אפיקורס איז דער וועלכער איז מבזה תלמידי חכמים, און מכל שכן אויב ער איז מבזה די תורה. דער רמבם זאגט, אז דאס ווארט „אפיקורס" איז פון אראמעאישן ווארט „אפקר". און דער ברטנורא אין מסכתא אבות פרק ב׳ משנה יד זאגט אויך אז עס איז פון ווארט „הפקר". ר׳ בנימין מוספיא אין „מוסף הערוך" זאגט, אז דאס איז נאכן נאמען פון גריכישן פילאזאף עפיקור, וועמענס שיטה איז געווען ניט צו גלויבן אין השארת הנפש** (אז די נשמה פון מענטש לעבט נאכן טויט פון קערפער), **געטליכער השגחה, און די חכמים פון דער משנה און גמרא האבן מיט דעם נאמען אויך אנגערופן די וואס זענען מבזה תלמידי חכמים.** ר׳ עקיבא זאגט, אז אויך דער וואס לייענט אין ספרים חיצונים, און דער וואס שפרעכט אפ אויף א מכה (און שפייט אויס) און ער זאגט (דאביי דעם פסוק פון שמות ט״ו) „כל המחלה אשר שמתי במצרים לא אשים עליך כי אני ה׳ רופאיך" (יעדע קראנקייט וואס איך האב געטאן אין מצרים וועל איך אויף דיר ניט טאן ווארים איך בין דיין גאט וואס היילט דיך). **וועגן דעם וואס מיינט „לייענען ספרים חיצונים", „דרויסנדיקע ביכער" זענען פאראן עטליכע טייטשן. דער ברטנורא זאגט, אז דאס מיינט די פילאזאפישע ווערק פון אריסטו היוני** (אריסטאטעלעס) **און זיינע חברים, און די היסטאריע פון פעלקער און אויך ליבעס־לידער און אנדערע דברי חשק, אין וועלכע עס איז ניט פאראן קיין חכמה און קיין נוצן נאר עס איז סתם איבוד זמן, מען פארלירט די צייט. דער „תפארת ישראל" זאגט, אז די היסטאריעס פון פעלקער הייסן ניט קיין ספרים חיצונים. און אז אמאל** (באקראי) **אריינקוקן אין זיי מעג מען.** אבא שאול זאגט, אז אויך ווער עס רעדט

בְּאוֹתִיּוֹתָיו: **ב** שְׁלשָׁה מְלָכִים וְאַרְבָּעָה הֶדְיוֹטוֹת אֵין לָהֶן חֵלֶק לָעוֹלָם הַבָּא. שְׁלשָׁה מְלָכִים, יָרָבְעָם, אַחְאָב, וּמְנַשֶּׁה. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, מְנַשֶּׁה יֵשׁ לוֹ חֵלֶק לָעוֹלָם הַבָּא, שֶׁנֶּאֱמַר, וַיִּתְפַּלֵּל אֵלָיו וַיֵּעָתֶר לוֹ וַיִּשְׁמַע תְּחִנָּתוֹ וַיְשִׁיבֵהוּ יְרוּשָׁלַיִם לְמַלְכוּתוֹ. אָמְרוּ לוֹ, לְמַלְכוּתוֹ הֱשִׁיבוּ וְלֹא לְחַיֵּי הָעוֹלָם הַבָּא הֱשִׁיבוּ. אַרְבָּעָה הֶדְיוֹטוֹת, בִּלְעָם, וְדוֹאֵג,

ארויס דעם נאָמען (פון גאָט, דעם שם הויה) מיט זיינע אותיות. דעם שם הויה רעדן מיר ניט ארויס נאָר מיר זאָגן „אדני". דער רמבם זאָגט, אז די אלע, וואָס די משנה לערנט וועגן זיי אז זיי האָבן ניט קיין חלק אין עולם הבא, איז נור אויב זיי האָבן ניט געטאָן קיין תשובה; אויב אָבער זיי האָבן געטאָן תשובה האָבן זיי חלק לעולם הבא. — דאָס וואָרט „חיצונים", „דרויסנדיקע", געפינען מיר אין מגילה פרק ד' משנה ח' „דרך החיצונים", דער וועג פון די דרויסנדיקע, און דאָרט מיינט מען דערמיט מענטשן, וועלכע זענען אוועק פון דער יידישער רעליגיעזער טראַדיציע, זיי זענען אין דרויסן פון יידישקייט.

ב. שלשה, דריי מלכים, און פיר געוויינטליכע מענטשן (הדיוטות, ניט קיין מלכים) האָבן ניט קיין חלק אין עולם הבא. כאָטש זיי זענען געווען גרויסע מענטשן, אָבער זיי האָבן ניט געהאַט די גאנצע אמונה. שלשה, די דריי מלכים זענען: ירבעם, אחאב און מנשה. ירבעם איז געווען דער ערשטער מלך פון מלכות ישראל, וועלכער האָט נאָך שלמה המלך'ס טויט אָפּגעריסן די 10 שבטים און איז געוואָרן איבער זיי מלך, און דער פסוק (מלכים א', יג) זאָגט אז פאר זיינע זינד וועט זיין הויז פאר־שניטן און פארניכטעט ווערן (להכחיד ולהשמיד). און מען מיינט דערמיט אויך פון עולם הבא. אחאב איז געווען מלך איבער ישראל אין דער צייט פון אליהו הנביא, און אויך וועגן אים זאָגט דער פסוק (מלכים א' כ"א) אז ער האָט געזינדיקט און אז ער וועט אינגאנצן פארניכטעט ווערן, און מען מיינט דערמיט אויך אין עולם הבא. וועגן מנשה דעם מלך איבער יהודה ווערט דערציילט אין מלכים ב' כ"א, אז ער האָט געזינדיקט אזוי ווי אחאב, און אזוי ווי אחאב האָט ניט קיין חלק אין עולם הבא, אזוי האָט אויך ניט מנשה. ר' יהודה זאָגט, אז מנשה האָט א חלק אין עולם הבא, וואָרום עס ווערט געזאָגט (דברי הימים ב' ל"ג) „ויתפלל אליו ויעתר לו וישמע תחנתו וישיבהו ירושלים למלכותו, און ער (מנשה) האָט מתפלל געווען צו אים (צו גאָט) און ער האָט געבעטן צו אים, און ער (גאָט) האָט געהערט זיין געבעט און ער האָט אים צוריקגעקערט קיין ירושלים צו זיין מלוכה". דערפון לערנט ר' יהודה, אז גאָט האָט מוחל געווען מנשה'ן און אז ער האָט חלק אין עולם הבא. אָמרו, האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו ר' יהודה): ער (גאָט) האָט אים נור צוריקגעקערט צו זיין מלוכה אָבער ער האָט אים ניט צוריקגעקערט צום לעבן אין עולם הבא (לחיי עולם הבא). און מנשה האָט ניט קיין עולם הבא. ארבעה, די פיר געוויינטליכע מענטשן (וועלכע האָבן ניט קיין עולם הבא) זענען: בלעם, דואג אחיתופל און גחזי. וועגן בלעם ווערט דערציילט אין במדבר סדרה בלק ווי ער האָט געגעבן דעם מלך בלק פון מואב די עצה ווי אזוי שלעכטס צו טאָן א יידן, און כאָטש חסידים פון ניט־יידישע פעלקער (חסידי אומות העולם) האָבן עולם הבא, אָבער בלעם האָט ניט. וועגן דואג ווערט דערציילט אין שמואל א', כ"ב ווי ער האָט צוגערעדט שאול המלך צו הרגענען די כהנים פון דער שטאָט נוב. וועגן אחיתופל ווערט דערציילט אין שמואל ב', י"ז ווי ער האָט געגעבן אבשלום'ן די עצה צו באפאלן זיין פאָטער דוד המלך, וועגן גחזי ווערט דערציילט אין מלכים ב', ה' אז ער איז געווען דער דינער פון אלישע הנביא און ער האָט ניט געפאָלגט די ווערטער פון נביא.

וַאֲחִיתוֹפֶל וְגֵיחֲזִי: ג דּוֹר הַמַּבּוּל אֵין לָהֶם חֵלֶק לְעוֹלָם הַבָּא, וְאֵין עוֹמְדִין בַּדִּין, שֶׁנֶּאֱמַר, לֹא יָדוֹן רוּחִי בָאָדָם לְעוֹלָם, לֹא דִין, וְלֹא רוּחַ. דּוֹר הַפְלָגָה, אֵין לָהֶם חֵלֶק לְעוֹלָם הַבָּא, שֶׁנֶּאֱמַר, וַיָּפֶץ ה' אוֹתָם מִשָּׁם עַל פְּנֵי כָל הָאָרֶץ, וַיָּפֶץ ה' אוֹתָם, בָּעוֹלָם הַזֶּה, וּמִשָּׁם הֱפִיצָם ה', בָּעוֹלָם הַבָּא. אַנְשֵׁי סְדוֹם אֵין לָהֶם חֵלֶק לְעוֹלָם הַבָּא, שֶׁנֶּאֱמַר, וְאַנְשֵׁי סְדוֹם רָעִים וְחַטָּאִים לַה' מְאֹד, רָעִים בָּעוֹלָם הַזֶּה, וְחַטָּאִים לְעוֹלָם הַבָּא, אֲבָל עוֹמְדִין בַּדִּין. רַבִּי נְחֶמְיָה אוֹמֵר, אֵלּוּ וָאֵלּוּ אֵין עוֹמְדִין בַּדִּין, שֶׁנֶּאֱמַר עַל כֵּן לֹא יָקוּמוּ רְשָׁעִים בַּמִּשְׁפָּט וְחַטָּאִים בַּעֲדַת צַדִּיקִים, עַל כֵּן לֹא יָקוּמוּ רְשָׁעִים בַּמִּשְׁפָּט, זֶה דּוֹר הַמַּבּוּל, וְחַטָּאִים בַּעֲדַת צַדִּיקִים אֵלּוּ אַנְשֵׁי סְדוֹם. אָמְרוּ לוֹ, אֵינָן עוֹמְדִין בַּעֲדַת צַדִּיקִים אֲבָל עוֹמְדִין בַּעֲדַת רְשָׁעִים. מְרַגְּלִים

ג. דור, דער דור (די מענטשן פון דור) פון מבול האָבן ניט קיין חלק אין עולם הבא, ווארים עס ווערט געזאָגט (בראשית ו׳) „לא ידון רוחי באדם לעולם, עס וועט ניט משפטן מיין גייסט אין מענטש אויף אייביק״, ניט קיין משפט (דין) און ניט קיין גייסט (רוח). **דאָס הייסט ניט זיי וועלן שטיין פאַר א משפט און ניט זיי וועלן האָבן גייסט, רוח, זיי וועלן ניט לעבן אין עולם הבא. מיט „דור המבול״ מיינט מען די מענטשן וועלכע האָבן געזינדיקט און גאָט האָט געבראַכט אויף זיי דעם מבול, ווי עס שטייט אין חומש בראשית ז׳.** דור הפלגה, דער דור הפלגה (די מענטשן פון דאָזיקן דור) האָבן ניט קיין חלק אין עולם הבא. **מיט דור הפלגה מיינט מען די מענטשן וועגן וועלכע עס איז פאַראַן אין חומש בראשית י״א אז זיי האָבן געוואָלט בויען א הויכן טורם און ארויפגיין אין הימל, און גאָט האָט זיי צוטיילט און צע־שפרייט איבער דער ערד; „פלגה״, „הפלגה״, איז פון „פלג״, צעטיילן. די דאָזיקע מענטשן האָבן ניט קיין עולם הבא.** שנאמר, ווארום עס ווערט געזאָגט (בראשית י״א) „ויפץ אותם ה׳ משם על פני כל הארץ, און גאָט האָט זיי פונאנדערגעשפרייט פון דאָרט איבער דער גאנצער ערד״, (לערנט מען דעם פסוק) „און גאָט האָט זיי פונאנדערגעשפרייט״ דאָס מיינט מען אויף דער דאָזיקער וועלט (בעולם הזה), און „פון דאָרט איבער דער גאנצער ערד״ מיינט מען אויף יענער וועלט (עולם הבא). **דערפון איז געדרונגען אז זיי האָבן ניט קיין עולם הבא.** אנשי סדום, די מענטשן פון סדום האָבן ניט קיין חלק אין עולם הבא, ווארום עס ווערט געזאָגט (בראשית יג) „ואנשי סדום רעים וחטאים לה׳ מאוד, און די מענטשן פון סדום (זענען געווען) שלעכטע און זינדיקע פאַר גאָט זייער״, „שלעכטע״ מיינט אויף דער וועלט (עולם הזה) און „זינדיקע״ מיינט אויף יענער וועלט (עולם הבא). **אין בראשית י״ג און י״ח ווערט דערציילט וועגן די סדום-מענטשן און זייער שלעכטסקייט און ווי גאָט האָט איבערגעקערט סדום.** אבל עומדין בדין, אָבער זיי (די סדום מענטשן) וועלן שטיין פאַר א משפט (אין הימל). **מען וועט זיי משפטן פאַר זייער שלעכטקייט.** ר׳ נחמיה זאָגט, אז סיי די (פון דור המבול) און סיי די (מענטשן פון סדום) וועלן ניט שטיין פאַר א משפט, ווארום עס ווערט געזאָגט (תהלים א׳) „על כן לא יקומו רשעים במשפט וחטאים בעדת צדיקים, דעריבער וועלן ניט שטיין די רשעים אין משפט, און די זינדיקע (וועלן ניט זיין) אין דער עדה פון צדיקים״ מיט „דעריבער וועלן ניט שטיין די רשעים אין משפט״, מיינט מען דעם דור פון מבול און מיט „און די זינדיקע וועלן נישט זיין אין עדה פון צדיקים״ מיינט מען די מענטשן פון סדום״; האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו ר׳ נחמיה) אז (דער פסוק מיינט אז) זיי וועלן ניט שטיין (צום משפט) אין דער עדה פון צדיקים, אָבער אין דער עדה פון רשעים וועלן זיי יאָ שטיין. **דער תוספות יום טוב טייטשט אין די ווערטער פון די**

אֵין לָהֶם חֵלֶק לְעוֹלָם הַבָּא שֶׁנֶּאֱמַר, וַיָּמוּתוּ הָאֲנָשִׁים מוֹצִיאֵי דִבַּת הָאָרֶץ רָעָה בַּמַּגֵּפָה לִפְנֵי ה׳, וַיָּמוּתוּ בָּעוֹלָם הַזֶּה׳ בַּמַּגֵּפָה לָעוֹלָם הַבָּא. דּוֹר הַמִּדְבָּר אֵין לָהֶם חֵלֶק לָעוֹלָם הַבָּא וְאֵין עוֹמְדִין בַּדִּין שֶׁנֶּאֱמַר׳ בַּמִּדְבָּר הַזֶּה יִתַּמּוּ וְשָׁם יָמוּתוּ, דִּבְרֵי רַבִּי עֲקִיבָא. רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר, עֲלֵיהֶם הוּא אוֹמֵר׳ אִסְפוּ לִי חֲסִידָי כֹּרְתֵי בְרִיתִי עֲלֵי זָבַח. עֲדַת קֹרַח אֵינָהּ עֲתִידָה לַעֲלוֹת, שֶׁנֶּאֱמַר וַתְּכַס עֲלֵיהֶם הָאָרֶץ בָּעוֹלָם הַזֶּה, וַיֹּאבְדוּ מִתּוֹךְ הַקָּהָל׳ בָּעוֹלָם הַבָּא, דִּבְרֵי רַבִּי עֲקִיבָא. רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר, עֲלֵיהֶם הוּא אוֹמֵר, ה׳ מֵמִית וּמְחַיֶּה׳ מוֹרִיד שְׁאוֹל וַיָּעַל. עֲשֶׂרֶת הַשְּׁבָטִים אֵינָן עֲתִידִין לַחֲזוֹר, שֶׁנֶּאֱמַר׳ וַיַּשְׁלִיכֵם אֶל אֶרֶץ אַחֶרֶת כַּיּוֹם הַזֶּה׳ מַה הַיּוֹם הַזֶּה הוֹלֵךְ וְאֵינוֹ

**חכמים פריער „אבל עומדין בדין״ אויך אויף דעם דור הפלגה, אז אויך די מענטשן פון דור הפלגה וועלן שטיין צום משפט.** מרגלים, די מרגלים (וועלכע משה רבנו האָט געשיקט פון דער מדבר אויסצוקוקן ארץ ישראל און זיי זענען צוריקגע־קומען און אויסגערעדט שלעכטס אויף ארץ ישראל) האָבן ניט קיין חלק אין עולם הבא, ווארום עס ווערט געזאָגט (במדבר י״ד) „וימותו האנשים מוציאי דבת הארץ רעה במגפה לפני ה׳, און עס זענען געשטאָרבן די מענטשן וועלכע האָבן אויסגע־רעדט שלעכטס אויפן לאנד אין א מגפה פאר גאָט״, מיט „און זיי זענען געשטאָרבן״ מיינט מען אין דער וועלט (עולם הזה), און מיט „אין א מגפה״ מיינט מען אין יענער וועלט (עולם הבא). **אין טייל משניות זענען די דאָזיקע ווערטער וועגן די מרגלים ניט פאראַן.** דור המדבר (די יידן וועלכע זענען ארוים פון מצרים און זענען געווען אין דער מדבר און האָבן כסדר ווידערגעשפעניקט קיגן גאָט און גאָט האָט זיי באַ־שטראָפט אז זיי זאָלן אויסשטארבן אין דער מדבר און נישט קומען קיין ארץ ישׂ־ראל) האָבן ניט קיין חלק אין עולם הבא, און זיי וועלן ניט שטיין פאר א **משפט, ווארים** עס ווערט געזאָגט (במדבר י״ד) „במדבר הזה יתמו ושם ימותו. אין דאָזיקן מדבר וועלן זיי זיך ענדיקן, און דאָרט וועלן זיי שטארבן״, אזוי זאָגט ר׳ עקיבא. **אויך דאָ לערנט עס ר׳ עקיבא פון די טאָפּלטע ווערטער „יתמו״ און „ימותו״, אז מיט איינס מיינט מען די וועלט און מיט דעם אנדערן מיינט מען עולם הבא.** ר׳ אליעזר זאָגט, אז אויף זיי זאָגט ער (דער פסוק אין תהלים נ׳) „אספו לי חסידי כורתי בריתי עלי זבח. זאמלט מיר איין מיינע חסידים, וועלכע שניידן מיט מיר א בונד איבער א קרבן״. **מיט דעם דאָזיקן פסוק מיינט מען די יידן פון דער מדבר וועלכע האָבן מקריב געווען א קרבן צו גאָט און כורת ברית געווען מיט גאָט** (**שמות כ״ד „ויזבחו זבחים, — הנה דם הברית״). ר׳ אליעזר האלט, אז זיי האָבן יאָ עולם הבא.** עדת קורח, די עדה פון קורח (וועלכע האָבן געקריגט אויף משה רבנו און אהרן הכהן און זיי זענען איינגעזונקן געוואָרן אין דער ערד) וועלן ניט אויפשטייגן (און האָבן ניט קיין עולם הבא) ווארום עס ווערט געזאָגט (במדבר ט״ז) „ותכס עליהם הארץ, און די ערד האָט זיך איבער זיי צוגעדעקט״, דאָס מיינט מען אין דער וועלט, און „ויאבדו מתוך הקהל, און זיי זענען פארלוירן געגאנגען פון דעם קהל״ מיינט מען אין יענער וועלט (עולם הבא), אזוי זאָגט ר׳ עקיבא; ר׳ אליעזר זאָגט, אז אויף זיי זאָגט ער (דער פסוק אין שמואל א׳, ב׳) „ה׳ ממית ומחיה מוריד שאול ויעל, גאָט טויטעט און מאכט לעבעדיק, פירט אראָפּ אין אָפּגרונט און ברענגט ארויף״. **דאָס הייסט, אז אויך די מענטשן פון קורח׳ס עדה וועלכע זענען אראָפּ אין אָפּגרונט (אין שאול) ברענגט גאָט צוריק ארויף אין עולם הבא.** עשרת, די צען שבטים (וועלכע זענען פארטריבן געוואָרן אין גלות) וועלן ניט צוריקקומען, ווארום עס ווערט געזאָגט (דברים כ״ט) „וישליכם אל ארץ אחרת כיום הזה, און ער וועט זיי אוועקוואַרפן אין אן אנדער לאנד ווי דער דאָזיקער טאָג״. פונקט ווי דער דאָזיקער

חוֹזֵר, אַף הֵם הוֹלְכִין וְאֵינָם חוֹזְרִים, דִּבְרֵי רַבִּי עֲקִיבָא. רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר, מָה הַיּוֹם מַאֲפִיל וּמֵאִיר, אַף עֲשֶׂרֶת הַשְּׁבָטִים שֶׁאָפַל לָהֶן, כָּךְ עָתִיד לְהָאִיר לָהֶן: ד אַנְשֵׁי עִיר הַנִּדַּחַת אֵין לָהֶם חֵלֶק לָעוֹלָם הַבָּא, שֶׁנֶּאֱמַר, יָצְאוּ אֲנָשִׁים בְּנֵי בְלִיַּעַל מִקִּרְבֶּךָ וַיַּדִּיחוּ אֶת יוֹשְׁבֵי עִירָם. וְאֵינָן נֶהֱרָגִים עַד שֶׁיִּהְיוּ מַדִּיחֶיהָ מֵאוֹתָהּ הָעִיר וּמֵאוֹתוֹ הַשֵּׁבֶט, וְעַד שֶׁיִּדַּח רֻבָּהּ, וְעַד שֶׁיַּדִּיחוּם אֲנָשִׁים. הִדִּיחוּהָ נָשִׁים וּקְטַנִּים, אוֹ שֶׁהֻדַּח מִיעוּטָהּ אוֹ שֶׁהָיוּ

טאָג גייט אוועק און קומט ניט צוריק, אזוי גייען אויך זיי אוועק און קומען ניט צוריק, אזוי זאָגט ר׳ עקיבא. **רשי זאָגט, אז מען מיינט נור די וועלכע זענען פארטריבן געוואָרן, ווייל זיי זענען געוועזן רשעים גמורים; אָבער זייערע קינדער און אייניקלעך וועלן יאָ צוריקקומען.** ר׳ אליעזר זאָגט, אז אזוי ווי דער טאָג ווערט טונקל און ווידער ליכטיק, אזוי וועט אויך די צען שבטים, וואָס אזוי ווי זיי איז געוואָרן טונקל, אזוי וועט זיי ווידער ווערן ליכטיק. **רשי גיט דאָ צו אז זיי וועלן האָבן עולם הבא.**

ד. אנשי, די מענטשן פון אַ עיר הנידחת (פון אַ שטאָט וועלכע האָבן געדינט עבודה זרה) האָבן ניט קיין חלק אין עולם הבא, ווארום עס ווערט געזאָגט (דברים יג) „יצאו אנשים בני בליעל מקרבך וידיחו את יושבי עירם, עס זענען ארויסגעגאנגען פון דיר אומווירדיקע מענטשן און האָבן פארפירט (אָפגעשטויסן פון גאָט) די איינוואוינער פון זייער שטאָט״. **„בליעל״ ווערט אייגעטייטשט ווי „בלי עולה״, וועלכע גייען ניט אויף, שטייען ניט אויף אין תחיית המתים. — די ביז איצטיקע משנות וועגן עולם הבא זענען דאָ געלערנט געוואָרן צוליב דעם דין פון די מענטשן פון דער עיר הנידחת, וועגן וועלכע די משנה האָט פריער אין פרק ט׳ משנה א׳ געזאָגט, אז זיי קומט טויט־שטראָף דורך הרג, הרגענען זיי מיט אַ שווערט. „עיר הנידחת״ הייסט אַ שטאָט, וואו מען האָט צוגערעדט ס׳רוב איינוואוינער (יידן) צו דינען צו עבודה זרה און דער רוב איינוואוינער האָבן געדינט דער עבודה זרה. די תורה אין דברים י״ג זאָגט, אז מען דאַרף די אַלע איינוואוינער וועלכע דינען צו דער עבודה זרה הרגענען מיט אַ שווערט; אָבער די איינוואוינער וועלכע דינען ניט הרגעט מען ניט. אָבער דאָס פארמעגן פון דער גאנצער שטאָט, אפילו פון די צדיקים, ווערט פארניכטעט. איצט לערנט די משנה די פרטים פון די דינים פון עיר הנידחת.** — ואינן, און זיי (די איינוואוינער וועלכע האָבן געדינט דער עבודה זרה) ווערן ניט געהרגעט (מיט אַ שווערט) סיידן אז זייערע פארפירער (די וועלכע האָבן זיי צוגערעדט צו דינען עבודה זרה) זענען פון דערזעלביקער שטאָט און פון זעלביקן שבט, און סיידן אז עס זענען פארפירט געוואָרן (עס האָבן געדינט דער עבודה זרה) איר רוב (ס׳רוב מענטשן פון דער שטאָט), און סיידן אז עס האָבן זיי פארפירט מאנספערשוינען. **די גמרא לערנט עס ארויס פון פסוק אין חומש דברים י״ג, וואו עס ווערט געלערנט וועגן דער עיר הנידחת, און עס ווערט געזאָגט „וידיחו יושבי עירם״, דאָס הייסט אז די מדיחים, די פארפירער, דארפן האָבן פארפירט די מענטשן פון זייער שטאָט (עירם). דאָרט איז אויך פאראַן „מקרבך״ (פון צווישן דיר), און דאָס מיינט פון זעלביקן שבט. די ווערטער „יושבי עירם״ מיינען דער ישוב פון דער שטאָט, דאָס הייסט דער רוב איינוואוינער. און דאָס וואָרט „אנשים״ (יצאו אנשים) מיינט דערוואקסענע מאנספערשוינען, און ניט פרויען און ניט קינדער.** הדיחוה, אויב עס האָבן זיי פארפירט פרויען אָדער קליינע קינדער (קטנים), אָדער עס איז פארפירט געוואָרן אַ מינדערהייט (דער מיעוט) פון דער שטאָט (און דער רוב האָט ניט געדינט דער עבודה זרה), אָדער אירע פארפירער זענען געוועזן פון דרויסן פון איר (ניט פון דערזעלביקער שטאָט), הייסן זיי (די וועלכע דינען דער עבודה זרה, ניט ווי אַ עיר הנידחת, נאָר) ווי יחידים (איינצלנע מענטשן וועלכע דינען דער עבודה זרה). **און די**

מְדִיחֶיהָ חוּצָה לָהּ. הֲרֵי אֵלּוּ כִּיחִידִים. וּצְרִיכִין שְׁנֵי עֵדִים וְהַתְרָאָה לְכָל אֶחָד וְאֶחָד. זֶה חוֹמֶר בַּיְּחִידִים מִבַּמְּרֻבִּים. שֶׁהַיְּחִידִים בִּסְקִילָה. לְפִיכָךְ מָמוֹנָם פָּלֵט. וְהַמְּרֻבִּים בְּסַיִף. לְפִיכָךְ מָמוֹנָם אָבֵד: ה הַכֵּה תַכֶּה אֶת יוֹשְׁבֵי הָעִיר וְגוֹ'. הַחַמֶּרֶת. וְהַגַּמֶּלֶת. הָעוֹבֶרֶת מִמָּקוֹם לְמָקוֹם. הֲרֵי אֵלּוּ מַצִּילִין אוֹתָהּ. שֶׁנֶּאֱמַר. הַחֲרֵם אוֹתָהּ וְאֶת כָּל אֲשֶׁר בָּהּ וְאֶת בְּהֶמְתָּהּ לְפִי חָרֶב.

משנה וועט ווייטער זאָגן אז אויב איינצלנע מענטשן דינען דער עבודה זרה קומט זיי טויט־שטראָף דורך סקילה (פארשטיינען) אָבער זייער פארמעגן ווערט ניט פארניכטעט. וצריכים, זיי (די מענטשן פון דער עיר הנידחת וואָס האָבן געדינט די עבודה זרה) דארפן האָבן עדות און התראה פאר יעדן איינעם באזונדער. עס מוזן זיין עדות וועגן יעדן איינעם אז ער האָט געדינט, און אויך האָבן די עדות געדארפן האָבן מתרה געווען, געווארנט יעדן איינעם אז ער זאָל ניט דינען דער עבודה זרה. און אויב עס איז פאראן א רוב פון אזעלכע מיט עדות און התראה הייסט די שטאָט א עיר הנידחת. זה חומר, דאָס איז ביי יחידים (איינצלנע מענטשן וועלכע האָבן געדינט דער עבודה זרה) הארבער פון א סך (דעם רוב מענטשן פון א שטאָט אויב זיי האָבן געדינט דער עבודה זרה), ווארום איינצלנע מענטשן (אויב עס איז ניט פארפירט געוואָרן דער רוב פון דער שטאָט) קומט זיי סקילה (פארשטיינען), דאריבער ווערט זייער געלט (זייער פארמעגן) געראטעוועט (מען פארניכטעט עס ניט), אָבער ביי א סך (ביי מרובים, אויב ס'רוב מענטשן פון דער שטאָט האָבן געדינט דער עבודה זרה) קומט זיי (צו הרגענען) מיט א שווערט, דאריבער ווערט זייער געלט (זייער פארמעגן) פארלוירן (פארניכטעט). די הארבקייט פון די יחידים איז, וואָס ווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק ז' משנה א' איז סקילה הארבער פון הרג (פון הרגענען מיט א שווערט), אָבער דערפאר איז הארבער ביי מרובים דערמיט, וואָס זייער פארמעגן ווערט פארניכטעט.

ה. „הכה תכה את, און אזוי ווייטער, דו זאָלסט שלאָגן די״, און אזוי ווייטער. די משנה גייט דאָ לערנען הלכות פון דער עיר הנידחת, און זי נעמט דאריבער כסדר די פסוקים וועגן עיר הנידחת ווי זיי זענען פאראן אין חומש דברים יג, און גיט צו זיי צו די הלכות. מיט „און אזוי ווייטער״ מיינט מען, אז די משנה פארענדיקט ניט דעם גאנצן פסוק, נאָר זי גיט דעם אָנהייב פון פסוק. אויף דעם פסוק „הכה תכה את״, לערנט די משנה די דאָזיקע הלכה: החמרת, א מחנה פון אייזלן־טרייבערס אָדער פון קעמלן־טרייבערס, וועלכע גייט פון איין אָרט אין אן אנדערן אָרט (און האָט זיך דערווייל אָפגעשטעלט אין דער עיר הנידחת) ראטעוועט זי. מיר האָבן פריער געלערנט, אז עס ווערט א עיר הנידחת נאָר אויב דער רוב איינוואוינער פון דער שטאָט האָט געדינט דער עבודה זרה. לערנט די משנה, אז אויב למשל אין שטאָט האָבן געוואוינט 100 מענטשן, און 51 פון זיי (דער רוב) האָבן געדינט דער עבודה זרה, און זי וואָלט געדארפן דאריבער זיין א עיר הנידחת, אָבער צופעליק האָבן זיך געפינען אין שטאָט לאָמיר זאָגן דריי מענטשן וואָס טרייבן אייזלן אָדער קעמלן מיט סחורה, וועלכע וואנדערן פון אָרט צו אָרט, און זיי זענען געווען אין שטאָט 30 טעג, און זיי האָבן ניט געדינט דער עבודה זרה, ווערן זיי צוגערעכנט צו די 49 ניט־דינער, און ממילא זענען זיי צוזאמען 52, און עס הייסט, אז דער רוב פון שטאָט האָט ניט געדינט, און די שטאָט הייסט דאריבער ניט קיין עיר הנידחת, און מען פארניכטעט ניט איר פארמעגנס. „חמרת״ איז פון „חמור״ (אייזל), און „גמלת״ איז פון „גמל״ (קעמל), און דאָס איז א „שם קיבוצי״, און עס הייסט א מחנה פון אייזלן־טרייבערס אָדער קעמל־טרייבערס. „החרם אותה ואת כל אשר בה ואת בהמתה לפי חרב, דו זאָלסט פארטיליקן זי (די שטאָט) און אלץ וואָס

מִכָּאן אָמְרוּ, נִכְסֵי צַדִּיקִים שֶׁבְּתוֹכָהּ אוֹבְדִין, שֶׁבְּחוּצָה לָהּ פְּלֵטִין. וְשֶׁל רְשָׁעִים בֵּין שֶׁבְּתוֹכָהּ, בֵּין שֶׁבְּחוּצָה לָהּ הֲרֵי אֵלּוּ אוֹבְדִים: ו (שֶׁנֶּאֱמַר) וְאֶת כָּל שְׁלָלָהּ תִּקְבּוֹץ אֶל תּוֹךְ רְחוֹבָהּ וְגוֹ'. אִם אֵין לָהּ רְחוֹב עוֹשִׂין לָהּ רְחוֹב, הָיְתָה רְחוֹבָהּ חוּצָה לָהּ כּוֹנְסִין אוֹתָהּ לְתוֹכָהּ, (שֶׁנֶּאֱמַר) וְשָׂרַפְתָּ בָאֵשׁ אֶת הָעִיר וְאֶת כָּל שְׁלָלָהּ כָּלִיל לַה' אֱלֹהֶיךָ. שְׁלָלָהּ וְלֹא שְׁלַל שָׁמַיִם, מִכָּאן אָמְרוּ הַהֶקְדֵּשׁוֹת שֶׁבָּהּ יִפָּדוּ, וּתְרוּמוֹת יֵרָקְבוּ. מַעֲשֵׂר שֵׁנִי וְכִתְבֵי הַקֹּדֶשׁ יִגָּנְזוּ. כָּלִיל לַה' אֱלֹהֶיךָ, אָמַר רַבִּי שִׁמְעוֹן, אָמַר הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא, אִם אַתֶּם עוֹשִׂין דִּין בָּעִיר הַנִּדַּחַת, (מַעֲלֶה אֲנִי עֲלֵיכֶם) כְּאִלּוּ אַתֶּם

איז פאראן אין איר, און אירע בהמות, מיט א שווערט" (דברים י"ג), — פון דאנען האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט, אז די פארמעגנס פון די צדיקים (פון דעם מיעוט מענטשן וועלכע האָבן ניט געדינט דער עבודה זרה) וואָס זיי (די פארמעגנס) געפינען זיך אין דער שטאָט גייען פארלוירן (ווערן פארניכטעט), און (זייער פארמעגנס) וואָס געפינט זיך אויסער דער שטאָט ווערן געראטעוועט; אָבער (די פארמעגנס) פון די רשעים (פון די דינערס צו דער עבודה זרה), סיי זיי געפינען זיך אין שטאָט סיי אין דרויסן פון דער שטאָט, ווערן פארניכטעט. **די גמרא ברענגט אז ר' שמעון פרעגט: פארוואָס פארניכטעט מען די פארמעגנס אין דער שטאָט אויך פון די צדי־קים? און ער זאָגט: ווייל דאָס פארמעגן האָט דאָך גורם געווען אז די צדיקים זאָלן וואוינען צוזאמען מיט די רשעים, דעריבער זאָל עס פארניכטעט ווערן.**

ו. שנאמר, (עס ווערט געזאָגט אין דברים יג) ואת כל שללה תקבוץ אל תוך רחבה, און איר גאנצן פארמעגן זאָלסטו איינזאמלן אין איר פלאץ", אויב זי (די שטאָט) האָט ניט קיין פלאץ (רחוב, א עפנטליכן ברייטן פלאץ) מאכט מען איר א פלאץ; אויב איר פלאץ איז געווען אויסער דער שטאָט, נעמט מען אים אריין אינ־וויניג (אין דער שטאָט). **אין טייל משניות איז ניט פאראן אין אָנהייב משנה דאָס וואָרט „שנאמר", נאָר זי הייבט זיך אָן גלייך מיטן פסוק** שנאמר, (עס ווערט געזאָגט דברים יג) „ושרפת באש את העיר ואת כל שללה כליל לה' אלהיך, און זאָלסט פאר־ברענען מיט פייער די שטאָט און איר גאנץ פארמעגן אינגאנצן פאר גאָט דיין גאָט", נאָר „איר פארמעגן" (שללה) אָבער ניט דאָס „פארמעגן פון הימל"; דערפון האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט (דעם דין), אז די הקדש־זאכן (זאכן וואָס מען האָט מקדיש געווען און זיי געהערן צום בית המקדש) וואָס זענען פאראן אין איר (אין דער שטאָט) זאָל מען אויסלייזן (און מען פארברענט זיי ניט), און תרומות (תבואה צי פרוכטן, וואָס זענען תרומה און זיי געהערן צום כהן) זאָלן פארפוילט ווערן. **עסן טאָר מען ניט די דאָזיקע תרומה ווייל זי איז דאָך פון דער עיר הנידחת נאָר פארברענען זי זאָל מען ניט, ווייל זי האָט א הייליקייט פון תרומה. אויב אָבער די תרומה איז נאָך געווען אין רשות פון א ישראל, און ער דארף זי ערשט געבן צום כהן, הייסט עס אז זי געהערט צום הימל, און זי ווערט ניט אסור, און מען דארף זי אוועקגעבן צו א כהן צום עסן.** מעשר שני, תבואה און פרוכטן וואָס זענען מעשר שני (מען דארף זיי פירן קיין ירושלים און דאָרט עסן), און הייליקע ספרים (תורה, נביאים און כתובים, וואָס זענען פאראן אין דער עיר הנידחת) זאָל מען באהאלטן: **ווייל סיי מעשר שני און סיי די כתבי הקודש, די הייליקע ספרים, האָבן א קדושה.** „כליל לה' אלהיך, אינגאנצן פאר גאָט דיין גאָט", האָט ר' שמעון געזאָגט, אז דער הייליקער געבענטשטער איז זיין נאָמען (הקדוש ברוך הוא, גאָט) האָט געזאָגט: „אויב איר מאכט א משפט (איר באַ־שטראָפט) די עיר הנידחת, איז עס אזוי ווי איר ברענגט א (קרבן) עולה אינגאנצן פאר מיר". **א קרבן עולה הייסט אזא קרבן וואָס מען איז אינגאנצן מקריב אויפן מזבח, און קיינער עסט ניט איר פלייש. דאָס הייסט „כליל", אינגאנצן. דער ברטנורא**

מַעֲלִים עוֹלָה כָּלִיל לְפָנַי. וְהָיְתָה תֵּל עוֹלָם (לֹא תִבָּנֶה עוֹד) לֹא תֵעָשֶׂה (אֲפִלּוּ) גַּנּוֹת וּפַרְדֵּסִים. דִּבְרֵי רַבִּי יוֹסֵי הַגְּלִילִי. רַבִּי עֲקִיבָא אוֹמֵר, לֹא תִבָּנֶה עוֹד לִכְמוֹ שֶׁהָיְתָה אֵינָהּ נִבְנֵית, אֲבָל נַעֲשֵׂית הִיא גַנּוֹת וּפַרְדֵּסִים. וְלֹא יִדְבַּק בְּיָדְךָ מְאוּמָה מִן הַחֵרֶם, שֶׁכָּל זְמַן שֶׁהָרְשָׁעִים בָּעוֹלָם, חֲרוֹן אַף בָּעוֹלָם. אָבְדוּ רְשָׁעִים מִן הָעוֹלָם נִסְתַּלֵּק חֲרוֹן אַף מִן הָעוֹלָם:

# פרק יא.

**א** אֵלּוּ הֵן הַנֶּחֱנָקִין. הַמַּכֶּה אָבִיו וְאִמּוֹ. וְגוֹנֵב נֶפֶשׁ מִיִּשְׂרָאֵל, וְזָקֵן מַמְרֵא עַל פִּי בֵית דִּין, וּנְבִיא הַשֶּׁקֶר, וְהַמִּתְנַבֵּא בְּשֵׁם עֲבוֹדָה זָרָה, וְהַבָּא עַל אֵשֶׁת אִישׁ, וְזוֹמְמֵי בַת כֹּהֵן וּבוֹעֲלָהּ. הַמַּכֶּה אָבִיו וְאִמּוֹ. אֵינוֹ חַיָּב עַד שֶׁיַּעֲשֶׂה בָהֶן חַבּוּרָה, זֶה חוֹמֶר בִּמְקַלֵּל מִבְּמַכֶּה שֶׁהַמְקַלֵּל לְאַחַר

איז ניט גורס פאר „אָמר ר׳ שמעון״ די ווערטער „שנאמר, **כליל לה׳ אלהיך״**, ווייל די משנה האָט שוין פריער געבראַכט די ווערטער. „והיתה תל עולם לא תבנה עוד, און זי זאָל זיין א חורבה אייביק, זי זאָל ניט געבויט ווערען מער״ (דברים י״ג), מען זאָל ניט מאַכן (ניט פלאַנצן אויף דעם אָרט פון דער פארברענטער עיר הנידחת) קיין פרוכטן־גערטנער און גערטנער (גנות ופרדסים), אזוי זאָגט ר׳ יוסי הגלילי. **ווייל דאָס וואָרט „עוד״, „מער״, מיינט, אז קיין שום זאַך זאָל אויף דעם אָרט ניט זיין.** ר׳ עקיבא זאָגט, „לא תבנה עוד, זי זאָל ניט געבויט ווערן מער״, (דאָס מיינט) אז זי זאָל ניט געבויט ווערן אזוי ווי זי איז געווען (א שטאָט מיט הייזער), אָבער מ׳מעג דאָרט מאַכן פרוכטן־גערטנער און גערטנער״. **ר׳ עקיבא לערנט עס ווייטער „לא תבנה״, זי זאָל ניט ווערן געבויט״, דאָס הייסט אז „זי״, אזוי ווי זי איז געווען, א שטאָט, זאָל זי ניט געבויט ווערן; אָבער גערטנער מעג מען דאָרט מאַכן.** — „ולא ידבק בידך מאומה מן החרם, און עס זאָל זיך ניט צוקלעבן צו דיין האַנט פון דעם פאַראורטיילטן פארמעגן״ (דברים י״ג), — ווייל כל זמן די רשעים זענען אויף דער וועלט, איז פאַראַן דער צאָרן (פון גאָט) אויף דער וועלט; אָבער ווי די רשעים ווערן פארלוירן פון דער וועלט, גייט אוועק דער צאָרן (פון גאָט) פון דער וועלט. **די גמרא זאָגט, אז מיט רשעים מיינט מען דאָ „גנבי״, די וואָס גנבענען צו עפּיס פון דעם פארמעגן פון דער עיר הנידחת, כדי מען זאָל עס ניט פארברענען, און זיי נעמען עס פאר זיך.**

## פרק י״א

א. אלו, די דאָזיקע (די מענטשן וועלכע טאָן די דאָזיקע עבירות) ווערן דער־שטיקט. **זיי ווערן באַשטראָפט מיט טויט דורך חנק, דורך דערשטיקן. דאָס זענען:** המכה, דער וואָס שלאָגט זיין פאָטער אָדער זיין מוטער; און דער וואָס גנבעט א יידישן מענטש (נפש מישראל); און א געלערנטער (זקן) וואָס פסקנט אנדערש (ממרא) פון בית דין (פון סנהדרין אין ירושלים); און א פאלשער נביא; און ווער ס׳זאָגט נביאות אין נאָמען פון א עבודה זרה (פון אן אָפּגאָט); און ווער עס קומט אויף אן אשת איש (לעבט מיט א פרעמדער פארהייראַטעטער פרוי); און די פאלשע עדות פון א כהנ׳ס א טאָכטער (וואָס זאָגן פאלש עדות אז זי, אן אשת איש, האָט מזנה געווען), און אויך איר בועל (איינער וואָס האָט מזנה געווען מיט א כהנ׳ס א טאָכטער אן אשת איש). **די משנה וועט באלד כסדר דערקלערן די הלכות פון יעדן איינעם פון די מענטשן וואָס האָבן געטאָן די דאָזיקע עבירות, און ביי יעדן איינעם פון זיי וועלן מיר געבן די נויטיקע דערקלערונגען.** — המכה, דער וואָס שלאָגט זיין פאָטער אָדער זיין מוטער, איז ניט חייב (קומט אים ניט קיין טויט־שטראָף) סיידן ער מאַכט זיי א בייל (חבורה, א וואונד). **אָבער אויב ער גיט זיי א קלאַפּ און ער מאַכט זיי ניט דאַביי קיין וואונד קומט אים ניט קיין טויט־שטראָף.** זה חומר, דאָס איז הארבער ביי דעם וועלכער

מִיתָה חַיָּב, וְהַמַּכֶּה לְאַחַר מִיתָה פָּטוּר. הַגּוֹנֵב נֶפֶשׁ מִיִּשְׂרָאֵל אֵינוֹ חַיָּב עַד שֶׁיַּכְנִיסֶנּוּ לִרְשׁוּתוֹ. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, עַד שֶׁיַּכְנִיסֶנּוּ לִרְשׁוּתוֹ וְיִשְׁתַּמֵּשׁ בּוֹ, שֶׁנֶּאֱמַר, וְהִתְעַמֶּר בּוֹ וּמְכָרוֹ. הַגּוֹנֵב אֶת בְּנוֹ, רַבִּי יִשְׁמָעֵאל בְּנוֹ שֶׁל רַבִּי יוֹחָנָן בֶּן בְּרוֹקָא מְחַיֵּב, וַחֲכָמִים פּוֹטְרִין. גָּנַב מִי שֶׁחֶצְיוֹ עֶבֶד וְחֶצְיוֹ בֶּן חוֹרִין, רַבִּי יְהוּדָה מְחַיֵּב, וַחֲכָמִים פּוֹטְרִין: **ב** זָקֵן מַמְרֵא עַל פִּי בֵית דִּין, שֶׁנֶּאֱמַר, כִּי יִפָּלֵא מִמְּךָ דָבָר לַמִּשְׁפָּט, וְגוֹמֵר. שְׁלֹשָׁה בָתֵּי דִינִין הָיוּ שָׁם,

שעלט (זיין פאָטער און מוטער און עס קומט אים דערפאר טויט־שטראָף) ווי ביי דעם וועלכער שלאָגט (זיין פאָטער אָדער מוטער, דהיינו) דער וואָס עס שעלט נאָכן טויט (נאָכדעם ווי דער פאָטער אָדער די מוטער איז געשטאָרבן) איז חייב (קומט אים טויט־שטראָף), אָבער דער וואָס שלאָגט נאָכן טויט (ער שלאָגט דעם טויטן גוף פון זיין פאָטער אָדער זיין מוטער) איז פטור (קומט אים ניט קיין טויט־שטראָף). **די גמרא לערנט עס אָפּ פון פסוק אין ויקרא כ׳א׳ „אביו ואמו קלל״, מחמת די ווערטער זע־נען דאָרט איבריק, און די תורה ברענגט זיי כדי צו לערנען אז אויך ווען מען שעלט עלטערן נאָך זייער טויט קומט מיתה. אָבער ביים שלאָגן עלטערן איז מען דאָך חייב נאָר ווען מען מאכט זיי א וואונד, און נאָכן טויט איז ניט שייך מאכן א וואונד. —** הגונב, דער וואָס גנבעט א יידישן מענטש (נפש מישראל) איז ניט חייב (קומט אים ניט קיין טויט־שטראָף) סיידן ער ברענגט אים אריין צו זיך אין רשות; ר׳ יהודה זאָגט, אז נור ווען ער ברענגט אים אריין צו זיך אין רשות און מ׳ארבייט מיט אים (וישתמש בו, ער באדינט זיך מיט אים), ווארים עס ווערט געזאָגט (דברים כ״ד) „והתעמר בו ומכרו, און ער וועט הערשן מיט אים און וועט אים פארקויפן״. **דאָס וואָרט „והתעמר״ (פון „עמר״, דערדריקן, פארניכטן) מיינט אז ער ארבייט מיט אים. אויך דער ערשטער תנא (דער תנא קמא) האלט, אז ער איז חייב נור ווען ער ארבייט מיט אים. אָבער דער תנא קמא האלט, אז אפילו ער ארבייט מיט אים נור פאר דעם ווערט ווייניקער פון א פרוטה קומט אויך טויט־שטראָף, און ר׳ יהודה האלט, אז נור ווען די ארבייט איז ווערט א פרוטה. אזוי זאָגט די גמרא. דער אויסדרוק „נפש מישראל״ איז פון חומש דברים כ״ד כי ימצא איש גונב נפש מאחיו מבני ישראל.** הגונב את בנו, אז איינער גנבעט זיין אייגענעם זון, איז ר׳ ישמעאל בנו של ר׳ יוחנן בן ברוקא מחייב (ער האלט אז עס קומט דעם פאָטער טויט־שטראָף), און די חכמים פטרן (האלטן אז עס קומט אים ניט קיין טויט־שטראָף). **דער טעם פון די חכמים איז ווייל דער פסוק זאָגט אין דברים כ״ד „כי ימצא״, „אז עס וועט געפינען ווערן״, אָבער א זון ביי א פאָטער איז „מצוי״, ער טרעפט זיך ביי אים אָפּט.** גנב, אויב איינער האָט געגנבעט א מענטש וועלכער איז א העלפט שקלאף און א העלפט א פרייער מענטש (חציו עבד וחציו בן חורין), האלט ר׳ יהודה אז ער איז חייב, און די חכמים פטרן. **אז מען גנבעט א שקלאף האלט אויך ר׳ יהודה, אז ער איז פטור, ווייל ער הייסט ניט קיין „נפש מישראל״. א „העלפט שקלאף און העלפט פריי״ מיינט, אז דער שקלאף האָט געהערט צו 2 שותפים, און איין שותף האָט באַ־פרייט זיין חלק.**

ב. זקן ממרא, א געלערנטער וואָס פסקנט אנדערש פון בית דין (פון סנהדרין אין ירושלים, קומט אים טויט־שטראָף) ווארים עס ווערט געזאָגט (דברים י״ז) „כי יפלא ממך דבר למשפט, אויב עס וועט פארהוילן זיין פון דיר א זאַך פון דין״ און אזוי ווייטער. **מיר וועלן דאָ געבן עטליכע דערקלערונגען וועגן „זקן ממרא״. דאָס וואָרט „זקן״, וואָס איז געוויינטליך דער טייטש אן אלטער, איז אויך געווען א טיטל פאר א געלערנטן, א חכם, וואָס האָט געהאַט סמיכה. „ממרא״ איז דער טייטש „ער ווידערשפעניקט״, ער זאָגט אנדערש** (ווי אין דברים ט׳ „ממרים הייתם״). **די**

אֶחָד יוֹשֵׁב עַל פֶּתַח הַר הַבַּיִת וְאֶחָד יוֹשֵׁב עַל פֶּתַח הָעֲזָרָה וְאֶחָד יוֹשֵׁב בְּלִשְׁכַּת הַגָּזִית. בָּאִים לָזֶה שֶׁעַל פֶּתַח הַר הַבַּיִת, וְאוֹמֵר כַּךְ דָּרַשְׁתִּי וְכַךְ דָּרְשׁוּ חֲבֵרַי, כַּךְ לִמַּדְתִּי וְכַךְ לִמְּדוּ חֲבֵרַי, אִם שָׁמְעוּ, אוֹמְרִים לָהֶם, וְאִם לָאו, בָּאִין לָהֶם לְאוֹתָן שֶׁעַל פֶּתַח הָעֲזָרָה, וְאוֹמֵר. כַּךְ דָּרַשְׁתִּי, וְכַךְ דָּרְשׁוּ חֲבֵרַי, כַּךְ לִמַּדְתִּי, וְכַךְ לִמְּדוּ חֲבֵרַי. אִם שָׁמְעוּ אוֹמְרִים לָהֶם, וְאִם לָאו. אֵלּוּ וָאֵלּוּ בָּאִים לְבֵית דִּין הַגָּדוֹל שֶׁבְּלִשְׁכַּת הַגָּזִית, שֶׁמִּמֶּנּוּ יוֹצֵאת תּוֹרָה

תורה דאָרט אין דברים י״ז זאָגט, אז אויב מען וועט ניט וויסן א דין זאָל מען פרעגן דעם העכסטן בית דין; שפּעטער האָט מען געמיינט מיט דעם העכסטן בית דין די סנהדרין וואָס זענען געזעסן אין ירושלים אין דער „לשכת הגזית״, אין דער האַליע פון געהאַקטע שטיינער לעבן בית המקדש. מיט „זקן ממרא״ מיינט מען א געלערנטן חכם, וואָס האָט סמיכה, און ער פסקנט א דין אנדערש ווי עס פסקנט דאָס סנהדרין אין דער לשכת הגזית. אזא זקן ממרא קומט טויט־שטראָף דורך חנק, דערשטיקן. שלשה, דריי בתי־דינים זענען געווען דאָרט. אין ירושלים לעבן בית המקדש זענען געווען דריי בתי דינים, וועלכע האָבן געפּסקנט שאלות און דינים. אחד, איינער (איין בית דין) איז געזעסן ביי דער טיר פון הר הבית. דאָס בית המקדש איז געשטאנען אויף א בארג, וועלכער האָט געהייסן „הר הבית״, „דער בארג פון הויז״, פון בית, פון בית המקדש. לעבן טויער ביים אריינגאנג צום דאָזיקן הר הבית איז געזעסן א בית דין. רשי זאָגט, אז אויך דאָס דאָזיקע בית דין איז געזעסן ניט אין דרויסן פון הר הבית, נאָר אינעווייניק, ביים מזרח־טויער. דער רמבם אָבער ברענגט (אין יד החזקה פרק א׳ הלכות ממרים) בלויז די ווערטער פון דער משנה. ואחד, און איינער (איין בית דין פון די דריי) איז געזעסן ביים טויער פון דער עזרה (פון בית המקדש־הויף). מען מיינט דאָ ביים טויער פון דער עזרה וואוהין עס האָבן געמעגט אריינקומען ישראלים, אינעווייניק פון דער עזרה פאר ווייבער (עזרת נשים). ואחד, און איינער (איין בית דין, דער העכסטער) איז געזעסן אין דער האַליע פון געהאַקטע שטיינער (לשכת הגזית). די דאָזיקע לשכת הגזית איז געווען געבויט אין בית המקדש־הויף, א העלפט דערפון אין הייליקן אָרט, און א העלפט דערפון אין ניט־הייליקן אָרט (חציה בקודש וחציה בחול). דאָס איז געווען, כדי די דיינים פון דעם בית דין, די סנהדרין, זאָלן קאָנען זיצן אין דער ניט־הייליקער העלפט, מחמת אין דעם הייליקן אָרט האָט מען ניט געטאָרט זיצן (אין ישיבה בעזרה). באים, (אויב דער זקן, דער געלערנטער פסקנט א דין, און זיינע חברים, דאָס בית דין פון זיין שטאָט, זענען ניט מסכים מיט זיין פסק) קומען זיי צו דעם (בית דין אין ירושלים) וועלכער זיצט ביים טיר פון הר הבית, און ער (דער זקן) זאָגט: „אזוי האָב איך געדרשנט (אזוי האָב איך ארויסגעלערנט מיין פסק הלכה) און אזוי האָבן געדרשנט מיינע חברים, אזוי האָב איך געלערנט (צו אנדערע) און אזוי האָבן געלערנט מיינע חברים״. דאָס הייסט מען ברענגט די דאָזיקע מחלוקה וועגן דין צום בית דין פאר דער טיר פון הר הבית, און די דיינים פון דאָזיקן בית דין זאָלן זאָגן ווער עס איז גערעכט. אם שמעו, אויב זיי (די דיינים פון דאָזיקן בית דין) האָבן געהערט (שמעו, דעם דין) זאָגן זיי (אים, דעם דין) צו זיי און אויב ניט (זיי ווייסן אויך ניט) קומען זיי צו די דאָזיקע (צום בית דין) וואָס זיצט ביים טיר פון דער עזרה, און ער (דער זקן) זאָגט: „אזוי האָב איך געדרשנט און אזוי האָבן געדרשנט מיינע חברים, אזוי האָב איך געלערנט צו אנדערע און אזוי האָבן געלערנט מיינע חברים״. אויב זיי (די דיינים פון דאָזיקן בית דין) האָבן געהערט (דעם דין) זאָגן זיי צו זיי, און אויב ניט (אויב זיי ווייסן אויך ניט), קומען די דאָזיקע און די דאָזיקע (דער זקן און זיינע חברים און אויך די דיינים) צום גרויסן בית דין (בית דין הגדול, דאָס סנהדרין) וואָס איז אין דער לשכת הגזית, וואָס פון אים גייט ארויס תורה פאר אלע יידן, ווארום עס ווערט געזאָגט (דברים

לְכָל יִשְׂרָאֵל שֶׁנֶּאֱמַר מִן הַמָּקוֹם הַהוּא אֲשֶׁר יִבְחַר ה׳. חָזַר לְעִירוֹ וְשָׁנָה וְלִמֵּד כְּדֶרֶךְ שֶׁהָיָה לָמֵד פָּטוּר. וְאִם הוֹרָה לַעֲשׂוֹת חַיָּב. שֶׁנֶּאֱמַר, וְהָאִישׁ אֲשֶׁר יַעֲשֶׂה בְזָדוֹן, אֵינוֹ חַיָּב עַד שֶׁיּוֹרֶה לַעֲשׂוֹת. תַּלְמִיד שֶׁהוֹרָה לַעֲשׂוֹת פָּטוּר. נִמְצָא חוּמְרוֹ קוּלּוֹ:

ג חוֹמֶר בְּדִבְרֵי סוֹפְרִים מִבְּדִבְרֵי תוֹרָה. הָאוֹמֵר, אֵין תְּפִלִּין. כְּדֵי לַעֲבוֹר עַל דִּבְרֵי תוֹרָה, פָּטוּר. חָמֵשׁ טוֹטָפוֹת

י״ז) „מן המקום ההוא אשר יבחר ה׳, פון דאָזיקן אָרט, וואָס גאָט וועט אויסוויילן״. **און דאָס גרויסע סנהדרין אין לשכת הגזית זאָגט ארויס דעם פסק הלכה, און אַלע מוזן אים פאָלגן. די ערשטע צוויי בתי דינים, ביים טויער פון הר הבית און ביים טויער פון די עזרה, זענען געווען נור פון 23 דיינים, די סנהדרין קטנה, און דאָס בית דין הגדול אין לשכת הגזית איז געווען פון 71 דיינים, די סנהדרין גדולה (זע פריער פרק א׳ משנה ו׳), און דעם פסק דין פון דער סנהדרין גדולה מוז מען פאָלגן.** חזר, אויב ער (דער זקן ממרא) איז צוריקגעקומען אין זיין שטאָט, און ער האָט ווידער געלערנט (צו אנדערע) אזוי ווי ער האָט פריער געלערנט (כאָטש דאָס סנהדרין האָט געפסקנט אנדערש), איז ער פטור. **עס קומט אים ניט קיין טויט־שטראָף, ווייל ער האָט נור געלערנט, אָבער ער האָט ניט געפסקנט, אז מען זאָל טאָן ווי ער לערנט.** ואם, אָבער אויב ער האָט געפסקנט צו טאָן (הורה לעשות, ער האָט געהייסן אנדערע מענטשן אז זיי זאָלן טאָן ווי ער, אנדערש פונם סנהדרין) איז ער חייב (קומט אים טויט־שטראָף), ווארים עס ווערט געזאָגט (דברים ט״ז, ביים זקן ממרא) „והאיש אשר יעשה בזדון, און דער מענטש וואָס וועט טאָן בייזוויליק״ (דערפון לערנט מען אז ער (דער זקן ממרא) איז ניט חייב סיידן ער פסקנט צו טאָן. **דאָס ווערט געלערנט פון „אשר יעשה״, „וועלכער וועט טאָן״, און מען מיינט דאָמיט, אז דער זקן ממרא וועט פסקענען אז מען זאָל טאָן ווי ער לערנט.** תלמיד, אויב א תלמיד (ניט א זקן, נאָר א תלמיד וואָס האָט ניט קיין סמיכה צו פסקענען שאלות, א תלמיד שלא הגיע להוראה) האָט געפסקנט צו טאָן (קיגן דעם פסק דין פון דעם סנהדרין אין ירושלים), איז ער פטור. **דער טעם איז ווייל זיינע שטאָט־לייט דאַרפן זיך ניט פאַרלאָזן אויף זיין פסק דין, ווארים ער האָט דאָך נאָך ניט קיין רעכט צו פסקענען שאלות.** נמצא, עס קומט אוים אז זיין הארבקייט איז זיין לייכטקייט. **די משנה מיינט צו זאָגן, אז דער דאָזיקער תלמיד טוט דאָך א הארבע עבירה, ווארום ער פסקנט א שאלה אין דער צייט וואָס ער טאָרניט, ער האָט ניט קיין סמיכה, אָבער דוקא דערפאַר איז אים לייכטער, גרינגער אין דער עבירה פון „זקן ממרא״, ווייל עס קומט דאריבער ניט קיין מיתה.**

ג. חומר, עס איז הארבער ביי די ווערטער פון די סופרים (פון די חכמים, די הלכות וואָס די חכמים לערנען אָפּ און וועלכע זענען ניט פאראַן בפירוש אין דער תורה) ווי ביי די ווערטער פון דער תורה (די הלכות וואָס די תורה זאָגט זיי בפירוש). **די משנה זאָגט דאָ, אז דאָס וואָס א זקן ממרא קומט טויט־שטראָף אויב ער פסקנט אנדערש פון דעם פסק דין פון די סנהדרין אין ירושלים, איז נור אויב די שאלה איז וועגן א הלכה וואָס שטייט ניט בפירוש אין דער תורה, און נור די חכמים, די סופרים, לערנען עס אָפּ פון דער תורה דורך א דרש, אָדער זיי האָבן עס בקבלה הלכה למשה מסיני. אָבער אויב דער זקן ממרא פסקנט א הלכה אנדערש ווי עס שטייט בפירוש אין דער תורה קומט אים ניט קיין מיתה, מחמת קיינער וועט זיך ניט פאַרלאָזן אויף זיין פסק, ווארים די תורה זאָגט דאָך בפירוש אנדערש. און די משנה גיט דאָ באַלד דעם ביישפּיל דאצו:** האומר, אז איינער (א זקן ממרא) זאָגט, אז עס איז ניט פאראַן קיין (מצוה צו לייגן) תפילין, כדי עובר צו זיין אויף די ווערטער פון דער תורה, איז ער פטור (קומט אים ניט קיין טויט־שטראָף). **ווארים די תורה זאָגט דאָך בפירוש דברים ו׳, און דברים י״א „וקשרתם לאות״ און „והיו לטוטפות״ און**

לְהוֹסִיף עַל דִּבְרֵי סוֹפְרִים חַיָּב׃ ד אֵין מְמִיתִין אוֹתוֹ לֹא בְּבֵית דִּין שֶׁבְּעִירוֹ, וְלֹא בְּבֵית דִּין שֶׁבְּיַבְנֶה, אֶלָּא מַעֲלִין אוֹתוֹ לְבֵית דִּין הַגָּדוֹל שֶׁבִּירוּשָׁלַיִם, וּמְשַׁמְּרִין אוֹתוֹ עַד הָרֶגֶל, וּמְמִיתִין אוֹתוֹ בָּרֶגֶל, שֶׁנֶּאֱמַר, וְכָל הָעָם יִשְׁמְעוּ וְיִרָאוּ וְלֹא יְזִידוּן עוֹד, דִּבְרֵי רַבִּי עֲקִיבָא. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, אֵין מְעַנִּין אֶת דִּינוֹ שֶׁל זֶה אֶלָּא מְמִיתִין אוֹתוֹ מִיָּד, וְכוֹתְבִין וְשׁוֹלְחִין שְׁלוּחִים בְּכָל הַמְּקוֹמוֹת, אִישׁ פְּלוֹנִי בֶּן אִישׁ פְּלוֹנִי נִתְחַיֵּב מִיתָה בְּבֵית דִּין׃

שמות י״ג „והיה לך לאות על ידך ולטוטפות בין עיניך״, אז מען זאָל לייגן תפילין. חמש, (אויב אָבער דער זקן ממרא זאָגט, אז מען דארף לייגן תפילין מיט) פינף פּרשיות (טוטפות, פינף תפילין, פינף פּרשיות), צוצוגעבן אויף די ווערטער פון די סופרים (פון די חכמים, וועלכע זאָגן, אז אין די תפילין דארפן זיין נור פיר פּרשיות), איז ער חייב (קומט אים מיתה). אין די תפילין זענען פאראַן געשריבן אויף פּארמעט די פיר פּרשיות פון דער תורה: „שמע״ (דברים ו׳), „והיה אם שמוע״ (דברים יא), און „קדש״ און והיה כי יביאך (שמות י״ג). די חכמים האָבן עס אָפּגעלערנט פון וואָרט „לטטפת״, וואָס איז פאראַן אין דער תורה דריי מאָל, — 2 מאָל אָן א „ו״ נאָך דער „ט״ און 1 מאָל מיט א „ו״, און דאָס איינע מאָל מיט א „ו״ ווערט פאררעכנט פאר 2 מאָל, און צוזאמען איז עס 4 פּרשיות (מנחות ל״ד). מיט „סופרים״ האָט מען אָנגערופן די חכמים וואָס זענען געווען אין אָנהויב פון דער צייט פון 2טן בית המקדש, און איינער פון זיי עזרא ווערט אָנגערופן סופר (עזרא ז׳, ו׳). זיי זענען געווען די אנשי כנסת הגדולה, און זיי האָבן מסדר געווען די אלע קבלות וואָס זיי האָבן געהאט וועגן די פּרטים פון די מצוות.

ד. אין ממיתין, מען טויט אים (דעם זקן ממרא) ניט ביים בית דין אין זיין שטאָט, און אויך ניט ביים בית דין אין (דער שטאָט) יבנה, נאָר מען פירט אים ארויף צום גרויסן בית דין אין ירושלים. אין דער שטאָט יבנה איז געווען דאָס סנהדרין נאָכדעם ווי עס איז פארטריבן געוואָרן פון ירושלים נאָכן חורבן פון 2טן בית המקדש. טייל ווילן האָבן אז אין יבנה איז געווען א סנהדרין אויך אין דער צייט פון 2טן בית המקדש, ווען דאָס גרויסע סנהדרין איז נאָך געווען אין ירושלים. רש״י און דער ברטנורא טייטשן, אז אויב דאָס סנהדרין אין לשכת הגזית אין ירושלים האָט געזאָגט דעם פּסק דין, און דער זקן ממרא איז צוריקגעגאנגען אין זיין שטאָט און דערווייל איז דאָס גרויסע סנהדרין פארטריבן געוואָרן פון ירושלים קיין יבנה, און ערשט דאמאָלס האָט דער זקן ממרא ווייטער געפּסקנט קייגן דעם דין פון די סנהדרין, קומט אים ניט אין יבנה קיין טויט־שטראָף, כאָטש דאָס סנהדרין איז דאָרט פאראַן. און אפילו דאָס בית המקדש שטייט, נאָר דאָס סנהדרין איז ניט פאראַן אין לשכת הגזית, קומט ניט דעם זקן ממרא קיין טויט־שטראָף. ומשמרין, און מען האַלט אים (ארעסטירט) ביז א יום טוב (רגל, ביז איינעם פון די ימים טובים פּסח, שבועות, סוכות, די שלש רגלים, ווען יידן האָבן עולה רגל געווען קיין ירושלים), און מען טויטעט אים אים יום טוב, ווארים עס ווערט געזאָגט (דברים י״ז) „וכל העם ישמעו ויראו ולא יזידון עוד, און דאָס גאנצע פאָלק זאָל הערן און זאָל מורא האָבן און זאָל ניט מער זיין בייזוויליק״, אזוי זאָגט ר׳ ר׳ עקיבא. און דאָס גאנצע פאָלק קאָן עס הערן נור אין א רגל, אין איינעם פון די דריי ימים טובים ווען די יידן קומען קיין ירושלים. מ׳מיינט ניט אז מען הרגט אים אים יום טוב, ווארים יום טוב טאָר מע ניט הרגענען; נאָר מען מיינט אים חול המועד אָדער אין א טאָג נאָך יום טוב. ר׳ יהודה זאָגט, אז מען לייגט ניט אָפּ (דאָס אויספירן) דעם פּסק־דין (די טויט־שטראָף) פון דאָזיקן (פון זקן ממרא), נאָר מען טויטעט אים באלד, און מען שרייבט (בריף) און מען שיקט פונאנדער שליחים אין אלע ערטער, אז יענער מענטש דער זון פון יענעם מענטש (מען רופט אָן דעם זקן ממרא מיט זיין נאָמען און מיט זיין פאָטערס נאָמען) איז באַ־

ה נָבִיא הַשֶּׁקֶר הַמִּתְנַבֵּא מַה שֶּׁלֹּא שָׁמַע, וּמַה שֶּׁלֹּא נֶאֱמַר לוֹ מִיתָתוֹ בִּידֵי אָדָם. אֲבָל הַכּוֹבֵשׁ אֶת נְבוּאָתוֹ, וְהַמְוַתֵּר עַל דִּבְרֵי נָבִיא וְנָבִיא שֶׁעָבַר עַל דִּבְרֵי עַצְמוֹ, מִיתָתוֹ בִּידֵי שָׁמַיִם, שֶׁנֶּאֱמַר, אָנֹכִי אֶדְרוֹשׁ מֵעִמּוֹ:

ו הַמִּתְנַבֵּא בְּשֵׁם עֲ"ז וְאוֹמֵר כַּךְ אָמְרָה עֲ"ז, אֲפִלּוּ כִּוֵּן אֶת הַהֲלָכָה,

שטראָפט געוואָרן מיט טויט דורך דעם בית דין. **אזוי ארום איז מען מקיים די ווערטער פון פסוק ,,און דאָס גאנצע פאָלק זאָל הערן''. די גמרא זאָגט, אז די הארבע שטראָף פאר א זקן ממרא איז ,,כדי שלא ירבו מחלוקות בישראל'', עס זאָלן ניט ווערן א סך מחלוקות ביי יידן.**

ה. נביא השקר, דער פאַלשער נביא (וואָס די משנה האָט פריער אין משנה א' געזאָגט אז עס קומט אים טויט־שטראָף דורך דערשטיקן, מיינט : ווער עס זאָגט נביאות וואָס ער האָט ניט געהערט (וואָס גאָט האָט ניט געזאָגט אויך ניט צו קיין אנדערן נביא), אָדער וואָס איז ניט געזאָגט געוואָרן צו אים (כאָטש גאָט האָט עס יאָ געזאָגט צו אן אנדערן נביא, אָבער ניט צו אים, און ער זאָגט, אז גאָט האָט עס אים געזאָגט), קומט אים זיין טויט־שטראָף דורך מענטשן (בידי אדם). **דאָס בית דין הייסט אים טויטן און מענטשן טויטן אים. דאָס לערנט מען אָפּ פון פסוק (דברים י"ח) אך הנביא אשר יזיד לדבר דבר בשמי, ,,אָבער דער נביא וואָס וועט בייזוויליק זאָגן א וואָרט אין מיין נאָמען'', דאָס מיינט מען, א נבואה וואָס איז צו קיינעם ניט געזאָגט געוואָרן; ,,אשר לא צויתיו, וואָס איך האָב אים ניט געהייסן'', דאָס מיינט מען א נבואה וואָס איז געזאָגט געוואָרן צו אן אנדערן נביא און ניט צו אים. און דער פסוק זאָגט ,,ומת הנביא ההוא, און דער דאָזיקער (פאַלשער) נביא זאָל ווערן געטויט''.** אבל, אָבער (א נביא) וועלכער האַלט־איין זיין נביאות (כובש נביאותו, דערדריקט אין זיך די נביאות, גאָט האָט צו אים געזאָגט א נבואה, און געהייסן אים זאָגן צו אנדערע, און ער זאָגט ניט), און ווער עס גרינגשעצט די ווערטער פון א נביא (אייער וואָס טוט ניט ווי דער נביא הייסט אים טאָן), און א נביא וואָס איז עובר אויף זיינע אייגענע ווערטער (ער איז ניט מקיים די נבואה וואָס גאָט האָט אים געהייסן), איז זיין טויט־שטראָף דורכן הימל (בידי שמים, ניט מענטשן טויטן אים, נאָר דער הימל וועט אים באשטראָפן מיט א פרי־צייטיקן טויט), ווארים עס ווערט געזאָגט (דברים י"ח) ,,אנכי אדרוש מעמו, איך (גאָט) וועל עס פאָדערן פון אים''. **פאר דעם דאָזיקן פסוק איז פאראן דאָרט ,,והיה האיש אשר לא ישמע אל דברי, ,,און עס וועט זיין, אז דער מענטש וואָס וועט ניט האָרכן צו מיינע ווערטער''. דאָס וואָרט ,,לא ישמע'' ווערט איינמאָל געטייטשט ווי עס וואָלט געווען ,,לא ישמיע, וועט ניט מאכן הערן'', און דאָס הייסט, דער נביא וועט ניט דערציילן אנדערע זיין נביאות; און עס ווערט אויך געטייטשט ,,לא ישמע, וועט ניט פאָלגן'', דאָס הייסט, סיי אן אנדערער וועט ניט פאָלגן דעם נביא'ס ווערטער, און סיי דער נביא אליין וועט ניט פאָלגן זיין נביאות.**

ו. המתנבא, אז איינער זאָגט נביאות אין נאָמען פון א עבודה זרה (פון אן אָפּגאָט, און די משנה זאָגט פריער אין משנה א', אז עס קומט אים טויט־שטראָף דורך דערשטיקן), און ער זאָגט: ,,אזוי האָט געזאָגט דער אָפּגאָט'', אפילו ער האָט (אין נאָמען פון דער עבודה זרה) געזאָגט ריכטיק די הלכה (כיון את ההלכה), מטמא־צו זיין א טמא־זאך און מטהר צו זיין א טהור־זאך (קומט אים טויט־שטראָף). **די משנה לערנט, אז אפילו ער האָט געזאָגט, אז דער אָפּגאָט זאָגט, אז א זאך וואָס איז לויט דעם יידישן דין טמא** (למשל א נבלה צי א שרץ) איז טמא, אָדער א זאך וואָס איז לויט דעם יידישן דין טהור, איז טהור, הייסט עס אז ער זאָגט נביאות אין נאָמען פון אָפּגאָט, און עס קומט אים מיתה. **די גמרא לערנט עס אָפּ פון דברים י"ח ,,ואשר ידבר בשם**

לְטַמֵּא אֶת הַטָּמֵא, וּלְטַהֵר אֶת הַטָּהוֹר. הַבָּא עַל אֵשֶׁת אִישׁ כֵּיוָן שֶׁנִּכְנְסָה לִרְשׁוּת הַבַּעַל לַנִּשּׂוּאִין אַף עַל פִּי שֶׁלֹּא נִבְעֲלָה, הַבָּא עָלֶיהָ הֲרֵי זֶה בְּחֶנֶק. וְזוֹמְמֵי בַת כֹּהֵן וּבוֹעֲלָהּ שֶׁכָּל הַזּוֹמְמִין מַקְדִּימִין לְאוֹתָהּ מִיתָה, חוּץ מִזּוֹמְמֵי בַּת כֹּהֵן וּבוֹעֲלָהּ:

סליק מסכת סנהדרין.

אלהים אחרים, און וועלכער וועט זאָגן אין נאָמען פון פרעמדע געטער". — הבא על, אז איינער קומט אויף אן אשת איש (ער לעבט געשלעכטליך מיט א פרעמדער פאר־הייראַטעטער פרוי), פון ווען זי איז אָנגעקומען אין רשות פון (איר) מאן כדי חתונה צו האָבן מיט אים, כאָטש (איר מאן) האָט נאָכניט געהאט געלעבט מיט איר געש־לעכטליך, איז (א פרעמדער מאן) ווער עס קומט אויף איר, קומט אים (טויט־שטראָף דורך) חנק (דערשטיקן). כדי צו פארשטיין די משנה ווען מיר געבן נאָכאמאָל וואָס מיר האָבן געזאָגט פרק ז' משנה ד' און משנה ט'. אין דער צייט פון דער משנה איז געווען דער מנהג אז דער חתן האָט מקדש געווען זיין כלה ביי די תנאים. די כלה איז געבליבן דערנאָך ביי איר פאָטער אין הויז ביז צו דער חתונה, וועלכע איז פאָרגעקומען מיט 12 חדשים שפעטער. אין דער דאָזיקער צייט הייסט די כלה א „ארוסה", און אויב די כלה איז א יינג מיידל, א נערה, איז אויב א פרעמדער מאן לעבט מיט איר קומט אים טויט־שטראָף דורך סקילה, פארשטיינען. אָבער ווען די כלה גייט ארויס פון איר פאָטערס הויז און קומט אריין אין רשות פון מאן כדי חתונה צו האָבן מיט אים, הייסט זי א „נשואה", א חתונה־געהאטע, און אויב א פרעמדער מאן לעבט מיט איר קומט אים טויט־שטראָף דורך דערשטיקן, חנק. — וזוממי, און (עס קומט טויט־שטראָף דורך חנק, ווי די משנה האָט געלערנט פריער אין משנה א') די פאלשע עדות וועגן א (פערהייראַטעטער) טאָכטער פון א כהן, און ווער (א פרעמ־דער מאן) עס לעבט מיט איר. מיר האָבן פריער פרק ט' משנה א' געלערנט, אז אויב אַ טאָכטער פון א כהן, וועלכע איז אן אשת איש (פארהייראט), האָט מזנה געווען, קומט איר טויט־שטראָף דורך פארברענען. מיר וועלן אויך לערנען (אין דער הקדמה צו מסכתא מכות), אז אויב עדות זאָגן עדות אויף איינעם אז ער האָט אין א געוויסן טאָג און א געוויסן אָרט געטאָן א עבירה פאר וועלכער עס קומט אים טויט־שטראָף, למשל דורך חנק, דורך דערשטיקן, און דערנאָך זענען געקומען אנדערע עדות און האָבן געזאָגט אז די ערשטע עדות זיינען זוממים, פאלשע עדות, אז אין דער דאָזיקער צייט זענען די ערשטע עדות געווען מיט די אנדערע עדות אין אן אנדער אָרט, קומט די ערשטע עדות טויט־שטראָף דורך חנק, אזוי ווי זיי האָבן געוואָלט מיט זייער עדות־זאָגן באשטראָפן דעם מענטש. זאָגט דאָ די משנה אז אן אויסנאַם איז מיט די פאלשע עדות וועגן דער פארהייראַטעטער כהנ'ס טאָכטער אז זי האָט מזנה געווען, און דהיינו: כאָטש זיי האָבן איר געוואָלט דערפירן צום טויט דורך פארברענען, פונדעסטוועגן קומט אירע פאלשע עדות טויט־שטראָף דורך דערשטיקן, חנק. אויך אויב א פרעמדער מאן לעבט מיט א פארהייראַטעטער טאָכטער פון א כהן, קומט אים טויט־שטראָף ניט דורך פארברענען, נאָר דורך חנק, דורך דערשטיקן. שכל, וואריס אלע זוממין (אלע פאלשע זוממים־עדות) פעדערט מען זיך צו באשטראָפן זיי מיט דערזעלביקער טויט־שטראָף (וואָס זיי האָבן געוואָלט באשטראָפן דעם מענטש, קייגן וועלכן זיי האָבן פאלש עדות געזאָגט), א חוץ די זוממין פון א כהנ'ס א טאָכטער, און דעם מענטש וואָס האָט געלעבט מיט איר. דאָס איז אזוי ווי מיר האָבן דער־קלערט. דאָס וואָרט „מקדימין", „מען פעדערט זיך" מיינט, אז אויב מען קאָן די זוממים־עדות באשטראָפן מיט דערזעלביקער טויט־שטראָף, באשטראָפט מען זיי; אָבער אויב מען קאָן ניט, באשטראָפט מען זיי מיט יעדער אנדערער טויט־שטראָף וואָס מען קען יאָ.

(סליק מסכת סנהדרין — געענדיקט די מסכתא סנהדרין).

# מַסֶּכֶת מַכּוֹת.

## פרק א.

**א** כֵּיצַד הָעֵדִים נַעֲשִׂים זוֹמְמִין? מְעִידִין אָנוּ בְּאִישׁ פְּלוֹנִי שֶׁהוּא בֶּן

## מסכתא מכות

### הקדמה

די מסכתא מכות (וועלכע ווערט אַנגערופן ניט מיט דעם לשון־קודש־וואָרט מכות, נאָר מיט דעם אַראַמעאישן „מלקות") איז געווען אַמאָל איין מסכתא צוזאַמען מיט סנהדרין, נאָר דערנאָך האָט מען געמאַכט פון איר אַ באַזונדערע מסכתא. „מכות", „מלקות" איז דער טייטש „קלעפּ", און אין דריטן פּרק „אלו הן הלוקין" ווערט געלערנט, פאַר וועלכע עבירות (אויב איינער האָט זיי געטאָן במזיד, בייזוויליק, וויסנדיק אַז מען טאָר עס ניט טאָן) האָט מען באַשטראָפט מיט קלעפּ. די תורה זאָגט (דברים כ"ה, ג') זאָגט, אַז די קלעפּ דאַרפן זיין 40, ניט מער. די חכמים האָבן אָפּגעלערנט בקבלה אַז די תורה האָט געמיינט נור 39 קלעפּ.

דער ערשטער פּרק לערנט די דינים וועגן באַשטראָפן עדים זוממין. די תורה זאָגט (דברים י"ט) אַז אויב עדות האָבן עדות־געזאָגט אויף אַ מענטש (אַז ער האָט געטאָן אַ עבירה, אָדער אַז ער דאַרף צאָלן אַן אַנדערן געלט) און דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די עדות זענען פאַלשע, זאָל מען די עדות באַשטראָפן, און מען זאָל זיי טאָן דאָס זעלביקע וואָס זיי האָבן געוואָלט אַז מען זאָל טאָן מיט דעם מענטש (ועשיתם לו כאשר זמם). פון וואָרט „זמם" „טראַכטן שלעכטס צו טאָן", ווערן אַזעלכע עדות „זוממים". די משנה וועט לערנען, אַז „זוממים" הייסן נור אַזעלכע פאַלשע עדות, וואָס אַנדערע עדות זאָגן אַז אין דעם זעלביקן טאָג און שעה וועגן וועלכן די ערשטע עדות האָבן געזאָגט אַז זיי האָבן געזען דעם באַשולדיקטן מענטש טאָן אַ עבירה אין דעם אָרט, זענען גאָר די ערשטע עדות געווען צוזאַמען מיט די אַנדערע עדות אין אַן אַנדערן אָרט, און זיי האָבן עס גאָרניט געקאָנט זען. אויב אָבער די אַנדערע עדות זאָגן, אַז דער באַשולדיקטער מענטש איז געווען מיט זיי דאַמאָלס אין אַן אַנדער אָרט, הייסט עס ניט „מזים־געווען", ניט געמאַכט די ערשטע עדות פאַר „זוממים", נאָר דאָס הייסט מכחיש געווען, אָפּגעלייקנט די גאַנצע עדות, און די ערשטע פאָר עדות ווערן ניט באַשטראָפט ווי עדים זוממים. די הלכות וועגן זוממים ווערן געלערנט אין ערשטן פּרק. זאָל דער לערנער געדענקען גוט וואָס מען מיינט זוממים.

אין צווייטן פּרק ווערן געלערנט די דינים וועגן איינעם וואָס האָט געהרגעט אַ צווייטן מענטש בשוגג, ניט ווילנדיק, און די תורה זאָגט (במדבר ל"ה) אַז עס קומט אים גלות, פאַרטריבן צו ווערן אין איינעם פון די ערי מקלט, אַנטרינונגס־שטעט. אויב דער דאָזיקער מענטש גייט אַרויס פון דער מקלט־שטאָט, קאָן דער גואל הדם, אַ קרוב פון דערהרגעטן מענטש, אים טויטן, און עס קומט אים דערפאַר גאָרניט.

דער דריטער פּרק, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, לערנט די הלכות וועגן מלקות, וועגן די קלעפּ, פאַר וועלכע עבירות מען גיט זיי און ווי אַזוי מען האָט געגעבן די קלעפּ.

### פרק א.

**א.** כיצד, ווי אַזוי ווערן עדים זוממים? די גמרא טייטשט, אַז די משנה פרעגט, ווי אַזוי באַשטראָפט מען די עדות, וועלכע זענען געפינען געוואָרן אַז זיי זענען זומ־

גְּרוּשָׁה אוֹ בֶן חֲלוּצָה. אֵין אוֹמְרִין, יֵעָשֶׂה זֶה בֶן גְּרוּשָׁה אוֹ בֶן חֲלוּצָה תַּחְתָּיו. אֶלָּא לוֹקֶה אַרְבָּעִים. מְעִידִין אָנוּ בְאִישׁ פְּלוֹנִי שֶׁהוּא חַיָּב לִגְלוֹת. אֵין אוֹמְרִים יִגְלֶה זֶה תַּחְתָּיו. אֶלָּא לוֹקֶה אַרְבָּעִים. מְעִידִין אָנוּ בְאִישׁ פְּלוֹנִי שֶׁגֵּרַשׁ אֶת אִשְׁתּוֹ וְלֹא נָתַן לָהּ כְּתֻבָּתָהּ. וַהֲלֹא בֵּין הַיּוֹם וּבֵין מָחָר סוֹפוֹ לִתֵּן לָהּ כְּתֻבָּתָהּ. אוֹמְדִין כַּמָּה אָדָם רוֹצֶה לִתֵּן בִּכְתֻבָּתָהּ שֶׁל זוֹ,

מים (פאלשע, זע אין דער הקדמה) **אָבער מען קאָן זיי ניט באשטראָפן מיט דערזעל־ביקער שטראָף וואָס זיי האָבן מיט זייער פאלש עדות זאָגן געוואָלט טאָן צו דעם מענטש קייגן וועלכן זיי האָבן עדות געזאָגט? און די משנה גיט באלד א ביישפיל דאצו, און זי זאָגט אויך וואָס מען טוט מיט די עדות.** מעידין, (אויב עדות האָבן גע־זאָגט): „מיר זאָגן עדות וועגן יענעם מענטש (א כהן) אז ער איז דער זון פון א געגטער פרוי (פון א גרושה) אָדער פון א פרוי וואָס האָט גענומען חליצה (און זיין פאָטער דער כהן האָט מיט איר ניט געטאָרט חתונה האָבן, און דער געבוירענער זון און זיינע קינדער זענען דעריבער פסולע כהנים)", זאָגט מען ניט אז דער דאָזיקער (יעדער פון די עדות, אויב זיי זענען געוואָרן זוממים, זיי האָבן פאלש עדות געזאָגט) זאָל ווערן א זון פון א גרושה אָדער א זון פון א חליצה אנשטאָט אים (אויב די עדות זענען כהנים, זאָל מען זיי באשטראָפן און זיי זאָלן ווערן פסולע כהנים), נאָר זיי קריגן פירציק קלעפּ (מלקות). **די גמרא זאָגט, אז דער טעם איז ווייל ביי א זומם זאָגט דער פסוק (דברים י"ט) אז מען זאָל טאָן צו אים (לו), און אויב מען וועט אים מאכן פאר א פסולן כהן ווערן דאָך אויך זיינע קינדער פסולע כהנים, און דאָס טאָר מען ניט (לו, ולא לזרעו). ווידער מאכן אים אליין פאר א פסולן כהן און ניט זיינע קינדער, קאָן מען אויך ניט, מחמת ער האָט דאָך געוואָלט מאכן פאר פסולע כהנים אויך די קינדער פון דעם כהן, קייגן וועלכן ער האָט עדות געזאָגט. דעריבער פסקנט מען אים קלעפּ, מלקות.** — מעידין, (אויב די עדות זאָגן): „מיר זאָגן עדות וועגן יענעם מענטש אז (ער האָט געהרגעט א מענטש בשוגג, ניט ווילנדיק און אז) ער איז מחויב גלות (ער דאַרף פאַרטריבן ווערן אין א מקלט־שטאָט)", זאָגט מען ניט (אויב די עדות האָבן זיך ארויסגעוויזן פאלשע, זוממים) אז דער (יעדער פון די פאלשע עדות) זאָל פארטריבן ווערן (אין גלות, אין דער מקלט־שטאָט) אנ־שטאָט אים, נאָר עס קומט אים פירציק קלעפּ (מלקות). **די גמרא לערנט עס פון פסוק (דברים י"ט) „הוא ינוס, ער (דער רוצח) בשוגג זאָל אנטלויפן (אין דער מקלט־שטאָט)", אז נור „הוא" „ער" דער רוצח בשוגג, אָבער ניט זיינע זוממים, זיינע פאל־שע עדות.** — מעידין, (אויב די עדות האָבן געזאָגט): „מיר זאָגן עדות וועגן יענעם מענטש אז ער האָט געגעט זיין פרוי און ער האָט איר נאָכניט געגעבן איר כתובה (־געלט)", און זיי האָבן זיך ארויסגעוויזן דערנאָך פאר פאלשע עדות, זוממים), אָבער דער סוף איז דאָך אז סיי היינט סיי מאָרגן (אויב דער מאן וועט שטארבן אָדער ער וועט איר גטן) מוז ער דאָך איר געבן איר כתובה, שאצט מען אָפּ, וויפיל וואָלט א מענטש (א פרעמדער מענטש געוואָלט באצאָלן (דער פרוי) פאר (אָפּקויפן) איר כתובה, און אויב זי וועט ווערן אן אלמנה אָדער זי וועט באקומען א גט (זאָל דער פרעמדער קויפער אָפּנעמען איר כתובה), און אויב זי וועט שטארבן (ביים לעבן פון איר מאן און זי וועט ניט האָבן גענומען א גט) וועט איר מאן איר ירשענען (און דער פרעמדער קויפער וועט גאָרניט האָבן). **די משנה מיינט אזוי. לאָמיר זאָגן אַז די כתובה פון דער פרוי איז 200 גילדן, און עס זעט אויס ווי די עדות האָבן מיט זייער פאלש עדות זאָגן געוואָלט היזק מאכן דעם מאן 200 גילדן. אָבער באמת האָבן זיי דאָך אים ניט געוואָלט היזק מאכן גאנצע 200 גילדן, מחמת עס קאָן דאָך זיין אז דער מאן זאָל היינט צי מאָרגן צי ווען עס איז שטארבן און די פרוי זאָל לעבן, אָדער ער זאָל זי גטן, און ער זאָל סיי ווי איר דאַרפן באצאָלן דאָס כתובה געלט (נאָכן מאנס**

שֶׁאִם נִתְאַלְמְנָה אוֹ נִתְגָּרְשָׁה וְאִם מֵתָה יִירָשֶׁנָּה בַעְלָהּ. מְעִידִין אָנוּ בְּאִישׁ פְּלוֹנִי שֶׁהוּא חַיָּב לַחֲבֵרוֹ אֶלֶף זוּז עַל מְנָת לִתְּנוֹ לוֹ מִכָּאן וְעַד שְׁלֹשִׁים יוֹם, וְהוּא אוֹמֵר מִכָּאן וְעַד עֶשֶׂר שָׁנִים, אוֹמְדִים כַּמָּה אָדָם רוֹצֶה לִתֵּן וְיִהְיוּ בְיָדוֹ אֶלֶף זוּז, בֵּין נוֹתְנָן מִכָּאן וְעַד שְׁלֹשִׁים יוֹם, בֵּין נוֹתְנָן מִכָּאן וְעַד עֶשֶׂר שָׁנִים: **ב** מְעִידִין אָנוּ בְּאִישׁ פְּלוֹנִי שֶׁחַיָּב לַחֲבֵרוֹ מָאתַיִם זוּז, וְנִמְצְאוּ זוֹמְמִין, לוֹקִין וּמְשַׁלְּמִין, שֶׁלֹּא הַשֵּׁם הַמְּבִיאוֹ לִידֵי מַכּוֹת מְבִיאוֹ לִידֵי תַשְׁלוּמִין, דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים כָּל הַמְשַׁלֵּם אֵינוֹ לוֹקֶה: **ג** מְעִידִין אָנוּ בְּאִישׁ פְּלוֹנִי שֶׁהוּא חַיָּב מַלְקוּת אַרְבָּעִים, וְנִמְצְאוּ

טויט נעמט די פרוי אָפּ דאָס כתובה־געלט פון מאנס איבערגעבליבענעם ירושה־פארמעגן). **דאריבער שאצט מען אָפּ וויפיל וואָלט א פרעמדער מענטש געוואָלט איצט באצאָלן דער פרוי פאר דער כתובה, לאָמיר זאָגן, אז נור 80 גילדן, און ריזיקירן, אז אויב די פרוי וועט שטארבן פאר דעם מאן און ניט האָבן גענומען קיין גט זאָל דער קויפער היזק האָבן דאָס געלט. דעם אונטערשיד פון דעם וויפיל דער קויפער וויל באצאָלן דער פרוי פאר דער כתובה האָבן די עדות געוואָלט היזק מאכן דעם מאן, און אזוי פיל — די דאָזיקע 120 גילדן, דארפן זיי אים באצאָלן. — מעידין.** (אויב די עדות זאָגן): „מיר זאָגן עדות וועגן יענעם מענטש (ראובן) אז ער איז שולדיק צו אן אנדערן טויזנט גילדן אויף צו באצאָלן אים פון איצט ביז דרייסיק טעג״, און ער (ראובן) זאָגט, אז (ער דארף צאָלן דעם חוב ערשט) פון איצט ביז צען יאָר, (און די עדות האָבן זיך ארויסגעוויזן פאר זוממים־פאלשע), שאצט מען אָפּ, וויפיל וואָלט א מענטש געוואָלט באצאָלן כדי ער זאָל האָבן אין זיין האנט טויזנט גילדן, דעם אונטערשיד צווישן ער זאָל דארפן זיי אוועקגעבן פון איצט ביז דרייסיק טעג, און צווישן ער זאָל זיי דארפן אוועקגעבן פון איצט ביז צען יאָר. **אויב מען שאצט אָפּ אז א מענטש וואָלט פאר קריגן טויזנט גילדן מיט דעם רעכט צו האלטן זיי 10 יאָר ווינציקער דרייסיק טעג באצאָלט 200 גילדן, הייסט עס אז די עדות האָבן אים געוואָלט היזק מאכן 200 גילדן, און אזוי פיל דארפן זיי אים באצאָלן.**

ב. מעידין, (אויב די עדות זאָגן): „מיר זאָגן עדות וועגן יענעם מענטש (ראובן) אז ער איז שולדיק צו אן אנדערן צוויי הונדערט גילדן״ און זיי (די עדות) האָבן זיך ארויסגעוויזן זוממים (פאלשע), קריגן זיי קלעפּ (מלקות) און זיי דארפן באצאָלן (ראובנען, די צוויי הונדערט גילדן), ווייל דער נאָמען (השם, דער פסוק אין דער תורה) וואָס ברענגט אים (מאכט אז דער פאלשער עדות זאָל קריגן) קלעפּ (מלקות) איז ניט (דערזעלביקער פסוק וואָס) ברענגט אים (מאכט אים) צו באצאָלן, אזוי זאָגט ר' מאיר. **מחמת מלקות באקומט דער פאלשער עדות, ווייל ער האָט עובר געווען אויף דעם לאו (דעם פארבאָט) אין דער תורה (שמות כ' אין די עשרת הדברות) „לא תענה ברעך עד שקר, זאָלסט ניט זאָגן קייגן אן אנדערן פאלש עדות״; און באצאָלן דארף דער פאלשער זומם־עדות ווייל דער פסוק (דברים י״ט) זאָגט „ועשיתם לו כאשר זמם, און זאָלסט טאָן צו דעם (פאלשן עדות) וואָס ער האָט געוואָלט טאָן (צו דעם קייגן וועלכן ער האָט עדות געזאָגט)״.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז ווער עס באצאָלט קריגט ניט קיין מלקות. **זיי לערנען עס אָפּ פון פסוק דברים כ״ה „כדי רשעתו, ווי זיין שלעכטקייט״, אז נור „על רשעה אחת״, מען באשטראָפט אים נור פאר איין שלעכטקייט און ניט פאר צוויי שלעכטקייטן.**

ג. מעידין, (אויב עדות זאָגן): „מיר זאָגן עדות וועגן יענעם מענטש אז עס קומט אים פירציק קלעפּ (מלקות, ווייל ער האָט געטאָן א עבירה)״ און זיי (די עדות האָבן זיך ארויסגעוויזן) פאר פאלשע (זוממים), קומט זיי (יעדן פון די עדות) אכציק

זוֹמְמִין, לוֹקִין שְׁמוֹנִים. מִשּׁוּם לֹא תַעֲנֶה בְרֵעֲךָ עֵד שָׁקֶר, וּמִשּׁוּם וַעֲשִׂיתֶם לוֹ כַּאֲשֶׁר זָמַם, דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים אֵין לוֹקִין אֶלָּא אַרְבָּעִים. מְשַׁלְּשִׁין בְּמָמוֹן, וְאֵין מְשַׁלְּשִׁין בְּמַכּוֹת. כֵּיצַד? הֵעִידוּהוּ שֶׁהוּא חַיָּב לַחֲבֵרוֹ מָאתַיִם זוּז, וְנִמְצְאוּ זוֹמְמִין, מְשַׁלְּשִׁין בֵּינֵיהֶם. אֲבָל אִם הֵעִידוּהוּ שֶׁהוּא חַיָּב מַלְקוּת אַרְבָּעִים, וְנִמְצְאוּ זוֹמְמִין, כָּל אֶחָד וְאֶחָד לוֹקֶה אַרְבָּעִים: ד אֵין הָעֵדִים נַעֲשִׂים זוֹמְמִין עַד שֶׁיָּזוֹמּוּ אֶת עַצְמָן. כֵּיצַד? אָמְרוּ מְעִידִין אָנוּ בְּאִישׁ פְּלוֹנִי שֶׁהָרַג אֶת הַנֶּפֶשׁ. אָמְרוּ לָהֶן הֵיאַךְ אַתֶּם מְעִידִין, שֶׁהֲרֵי נֶהֱרָג זֶה, אוֹ הַהוֹרֵג (זֶה) הָיָה עִמָּנוּ אוֹתוֹ הַיּוֹם בְּמָקוֹם פְּלוֹנִי? אֵין

קלעפ (צוויי מאָל מלקות), צוליב (עובר זיין אויף דעם פאַרבאָט אין שמות כ׳) „לא תענה ברעך עד שקר, זאָלסט ניט זאָגן קייגן אן אנדערן פאלשע עדות״, און צוליב (דברים י״ט) „ועשיתם לו כאשר זמם, „און איר זאָלט טאָן צו אים (צום פאלשן עדות) וואָס ער האָט געוואָלט טאָן״, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. **ווארום א חוץ וואָס דער פאלשער עדות האָט עובר געווען אויפן לאו פון „לא תענה״, האָט ער נאָך געוואָלט אז דער באשולדיקטער קייגן וועלכן ער האָט פאלש עדות געזאָגט זאָל באקומען מלקות.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז עס קומט אים ניט מער ווי פירציק קלעפּ. **די מלקות זענען בלויז פאר דעם „כאשר זמם״** — משלשין, מען צעטיילט (די שטראָף צווישן די עדות) ביי געלט, אָבער מען צעטיילט ניט ביי קלעפּ (ביי מלקות). **„משלשין״ זאָל זיך פון וואָרט „שלש״** (דריי), **און מען מיינט, אז אויב עס זענען געווען דריי עדות וועלכע האָבן עדות געזאָגט וועגן ראובן אז ער איז שולדיק 300 גילדן, און עס האָט זיך ארויסגעוויזן אז זיי זענען זוממים, פאלשע, דארף יעדער עדות באצאָלן אויף זיין חלק 100 גילדן. דאָסזעלביקע אויב עס זענען געווען 2 עדות, דארף יעדער עדות באצאָלן א העלפט, 150 גילדן, כדי ראובן זאָל קריגן פון אלע עדות די 300 גילדן וואָס זיי האָבן אים געוואָלט היזק מאכן. אָבער אויב די דריי האָבן עדות געזאָגט אז ראובנען קומט מלקות** (39 קלעפּ), **און זענען געווען זוממים־פאלשע, זאָגט מען ניט אז יעדער עדות קריגט א דריטל קלעפּ, 13 קלעפּ, אזוי אז אלע דריי צוזאמען זאָלן קריגן די 39 קלעפּ. און די משנה דערקלערט עס באלד.** כיצד, ווי אזוי? אויב זיי האָבן עדות געזאָגט קייגן אים (קייגן ראובנען) אז ער איז שולדיק אן אנדערן צוויי הונ־דערט גילדן, און זיי (די עדות) זענען געפונען געוואָרן זוממים (פאלשע), צעטיילט מען צווישן זיי (צו באצאָלן צוזאמען די 200 גילדן) אָבער אויב זיי האָבן עדות געזאָגט קייגן אים, אז ער דארף באקומען פירציק קלעפּ (מלקות, ווי מיר האָבן גע־געבן אין דער הקדמה צו דער מסכתא איז עס נור ניין און דרייסיק קלעפּ), און זיי זענען געפונען געוואָרן זוממים, קריגט יעדער (פון די עדות) פירציק (ניין און דרייסיק) קלעפּ. **דער טעם איז ווייל דאָס געלט נעמט זיך צונויף, און ראובן קריגט דאָך די 200 גילדן, אָבער קלעפּ נעמען זיך ניט צונויף.**

ד. אין, עדות ווערן ניט קיין זוממים, סיידן ווען די פאלשקייט (דאָס ווערן זומ־מים) איז אין זיי אליין. **די משנה וועט באלד דערקלערן וואָס מען מיינט דאמיט.** כיצד, ווי אזוי? אויב זיי (די עדות) האָבן געזאָגט: „מיר זאָגן עדות וועגן יענעם (וועגן ראובן) אז ער האָט (אין יענעם טאָג און יענעם אָרט) געהרגעט א מענטש (שמעונען)״; האָבן זיי (אנדערע עדות) געזאָגט צו זיי (צו די ערשטע עדות): „ווי אזוי זאָגט איר עדות, סטייטש דער דאָזיקער געהרגעטער (שמעון), אָדער דער באשולדיק־טער אין הרגענען (ראובן), איז דאָך געווען מיט אונז אין יענעם טאָג אין אן אנדער אָרט״, — הייסן די ערשטע עדות ניט קיין זוממים. **ווייל די אנדערע פאָר עדות באַ־וויזן די פאלשקייט פון דער ערשטער פאָר עדות ניט אין די עדות אליין, נאָר גאָר**

אֵלּוּ זוֹמְמִין. אֲבָל אָמְרוּ לָהֶם הֵיאַךְ אַתֶּם מְעִידִין, שֶׁהֲרֵי הֱיִיתֶם עִמָּנוּ אוֹתוֹ הַיּוֹם בְּמָקוֹם פְּלוֹנִי? הֲרֵי אֵלּוּ זוֹמְמִין וְנֶהֱרָגִין עַל פִּיהֶם: ה בָּאוּ אֲחֵרִים וְהִזִּימוּם, בָּאוּ אֲחֵרִים וְהִזִּימוּם, אֲפִלּוּ מֵאָה, כֻּלָּם יֵהָרֵגוּ. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, אִסְטְטָסִית הִיא זוֹ וְאֵינָהּ נֶהֱרֶגֶת אֶלָּא כַּת הָרִאשׁוֹנָה בִּלְבָד: ו אֵין הָעֵדִים זוֹמְמִין נֶהֱרָגִין עַד שֶׁיִּגָּמֵר הַדִּין, שֶׁהֲרֵי הַצְּדוּקִין אוֹמְרִים עַד שֶׁיֵּהָרֵג, שֶׁנֶּאֱמַר

**דורך באוויזן אז דער הרוג צי דער הורג איז גאָרניט געווען אין יענעם אָרט אין יענעם טאָג. דאָס הייסט „הכחשה", די אנדערע עדות לייקענען אָפּ דאָס עדות זאָגן פון דער ערשטער פּאָר עדות; און עס הייסט ניט קיין הזמה.** אָבער אויב זיי (די אנדערע פּאָר עדות) האָבן געזאָגט צו זיי (צו דער ערשטער פּאָר עדות): „ווי אַזוי זאָגט איר עדות, סטייטש איר (אליין) זענט דאָך געווען מיט אונז אין יענעם טאָג אין אן אנדער אָרט (און איר האָט ניט געקאָנט דאַמאָלס זען ווי ראובן זאָל האָבן געהרגעט שמעונען אין יענעם אָרט וואָס איר זאָגט)", זענען זיי (די ערשטע פּאָר עדות) זוממים, און זיי קומט צו הרגענען דורך זייער זאָגן (על פיהם, דורך זייער מויל, דורך דעם זאָגן פון די אנדערע עדות). ווייל **דאָ זענען די אנדערע עדות מזים די ערשטע עדות אין זייאַליין, אַז די עדות אליין זענען געווען מיט זיי אין אן אנדער אָרט. דאָס ווערט אָפּגעלערנט פון דברים י"ט „והנה עד שקר העד", אַז דער שקר דאַרף באַוויזן ווערן אין די עדות אַליין.**

ה. באו. אויב (נאָכדעם ווי די צווייטע פּאָר עדות האָט געמאַכט פאַר זוממים די ערשטע פאַר עדות) זענען געקומען אן אנדערע פּאָר עדות, (וועלכע האָבן געזאָגט עדות ווי די ערשטע) און זיי (דיזעלביקע צווייטע פּאָר עדות) האָבן אויך זיי געמאַכט פאַר זוממים (זיי האָבן געזאָגט אַז אויך זיי זענען מיט זיי אין יענעם טאָג געווען אין אן אנדער אָרט), דערנאָך איז ווידער געקומען אן אנדערע פּאָר עדות, און זיי (די צווייטע פּאָר עדות) האָבן (אויך) זיי געמאַכט פאַר זוממים, אפילו הונדערט (פּאָר עדות זענען געקומען, און די צווייטע פּאָר עדות האָבן אַלע געמאַכט פאַר זוממים), קומט אַלע טויט־שטראָף. **אַלע הונדערט פּאָר עדות זענען זוממים, און מען מיינט דאָ, אַז זיי האָבן עדות געזאָגט וועגן איינעם אַז ער האָט געהרגעט אַ מענטש, און די זוממים־עדות קומט דעריבער צו הרגענען.** ר' יהודה זאָגט, אַז די (די דאָזיקע צווייטע פּאָר עדות) איז אַ קריגערישע (איסטסית), און עס ווערט געהרגעט נור די ערשטע פּאָר עדות אַליין. ווייל **ר' יהודה האַלט, אַז נאָכדעם ווי די ערשטע פּאָר עדות זענען געוואָרן זוממים נעמט מען שוין ניט אָן דאָס עדות־זאָגן פון די אנדערע פּאָרן עדות, און ממילא האָבן זיי דאָך ניט געקאָנט דערפירן אַז מען זאָל דעם מענטש הרגע־נען, און דעריבער הרגעט מען ניט אויך זיי (אַזוי טייטשן דער רמבם און דער בר־טנורא). אויף דעם וואָרט „איסטסית" זענען פאַראַן עטליכע טייטשן. איינער איז אַז עס איז פון אַראַמעאישן וואָרט „סטיא", אָפּנייגן, אָפּוואַרפן, און אַז מען מיינט, אַז די עדות האָבן ביי זיך אָפּגעמאַכט אָפּצוואַרפן און צו מאַכן פאַר זוממים אַלע עדות וואָס וועלן קומען. אַ צווייטער פּירוש איז אַז עס איז פון „איסאַטיס", דאָס איז דער נאָמען פון אַ געוויקס וואָס מען מאַכט דערפון פאַרב (אינדיגאָ־פאַרב, ווערט געבראַכט אין דער משנה עטליכע מאָל), און עס הייסט, אַז די פּאָר עדות זענען ווי אַ קעסל מיט פאַרב, וואָס יעדע פּאָר עדות וואָס רירט זיך אָן אין איר ווערט באַפאַרבט אַלס זוממים. איין גירסא איז „אסטסיס", און דאָס זאָל זיין דאָס גריכישע וואָרט „סטאַ־סיס", אָן אָפּמאַך פון מענטשן צו טאָן איינעם שאַדן. פון פירוש פון רבינו חננאל (ר"ח) איז צו זען אַז ער האָט גענומען עס פון גריכישן וואָרט „אסטאַטאַס", ניט־זיכער („לא נכון"). ר' בנימין מוספיא מיינט אַז עס איז פון גריכישן וואָרט „סטאַ־סיאַטעס", קריגעריש.**

ו. אין, די זוממים (פאַלשע)־עדות ווערן ניט דערהרגעט (עס קומט זיי ניט קיין

נֶפֶשׁ תַּחַת נָפֶשׁ. אָמְרוּ לָהֶם חֲכָמִים, וַהֲלֹא כְּבַר נֶאֱמַר, וַעֲשִׂיתֶם לוֹ כַּאֲשֶׁר זָמַם לַעֲשׂוֹת לְאָחִיו, וַהֲרֵי אָחִיו קַיָּם. אִם כֵּן לָמָּה נֶאֱמַר נֶפֶשׁ תַּחַת נָפֶשׁ? יָכוֹל מִשָּׁעָה שֶׁקִּבְּלוּ עֵדוּתָן יֵהָרְגוּ, תַּלְמוּד לוֹמַר, נֶפֶשׁ תַּחַת נָפֶשׁ הָא אֵינָן נֶהֱרָגִין עַד שֶׁיִּגָּמֵר הַדִּין: ז עַל פִּי שְׁנַיִם עֵדִים אוֹ שְׁלֹשָׁה עֵדִים יוּמַת הַמֵּת. אִם מִתְקַיֶּמֶת הָעֵדוּת בִּשְׁנַיִם, לָמָּה פֵּרַט הַכָּתוּב בִּשְׁלֹשָׁה? אֶלָּא לְהַקִּישׁ שְׁלֹשָׁה לִשְׁנַיִם. מַה שְּׁלֹשָׁה מְזִמִּין אֶת הַשְּׁנַיִם אַף הַשְּׁנַיִם יָזוֹמּוּ

מיתה, אויב זיי האָבן פאלש עדות געזאָגט קיגן איינעם אז יענעם קומט מיתה), סיידן דער משפט (קיגן יענעם באשולדיקטן) איז שוין פארענדיקט געוואָרן. **מיט „פארענדיקט געוואָרן דער משפט" מיינט אז דאָס בית דין האָט שוין ארויסגעגעבן דעם פסק דין; נאָר דאמאָלס קומט זיי שטראָף.** שהרי, ווארום די צדוקים זאָגן, אַז (די עדות ווערן נישט באשטראָפט ווען זיי זענען געוואָרן זוממים) סיידן ווען ער איז שוין געהרגעט געוואָרן, ווייל עס ווערט געזאָגט (דברים י"ט) „נפש תחת נפש, א לעבן פאר א לעבן". **אין דער צייט פון 2טן בית המקדש איז געווען ביי יידן א סעקטע מיטן נאָמען „צדוקים", וועלכע האָבן נישט געהאלטן פון תורה שבעל פה, פון די איינטייטשונגען אין דער תורה וואָס די חכמים האָבן געהאַט בקבלה.** אָמרו, האָבן די חכמים געזאָגט צו זיי (צו די צדוקים): סטייטש, עס ווערט דאָך שוין געזאָגט (ביים עד זומם אין דברים י"ט) „ועשיתם לו, און זאָלסט טאָן צו אים וואָס ער האָט געוואָלט טאָן צו זיין ברודער" און (דאָס הייסט) אַז זיין ברודער לעבט נאָך! איי, אויב אזוי פאר וואָס זשע ווערט געזאָגט „נפש תחת נפש, א לעבן פאר א לעבן", כדי טאָמער קאָן מען מיינען, אז מען זאָל שוין זיי (די פאלשע עדות) הרגענען זינט מען האָט (דאָס בית דין האָט) געהערט זייער עדות זאָגן (און זענען געוואָרן זוממים איידער מען האָט ארויסגעגעבן אויף דעם באשולדיגטן דעם פסק דין), דעריבער לערנט (דער פסוק) צו זאָגן „נפש תחת נפש, א לעבן פאר א לעבן", (צו ווייזן) דערפון, אז זיי ווערן ניט געהרגעט, סיידן דער משפט איז שוין געווען פארענדיקט. **ווייל קוים האָט דאָס בית דין שוין ארויסגעגעבן דעם טויט-אורטייל אויף דעם פארמשפטן, הייסט עס ווי זיי האָבן אים שוין געהרגעט, און זיי האָבן צוגענומען ביי אים דעם „נפש", דאָס לעבן. די גמרא ברענגט דאָ די ברייתא, „לא הרגו נהרגין, הרגו אינן נהרגין", אז אויב מען האָט שוין געהרגעט דעם באשולדיקטן און דערנאָך האָט זיך ארויסגעוויזן אז די עדות זענען זוממים, קומט די עדות ניט צו הרגענען. דאָס איז דער כלל אין דער גמרא „כאשר זמם ולא כאשר עשה" נאָר „ווי ער (דער פאלשער זומם-עדות) האָט געוואָלט טאָן, און ניט ווי ער האָט שוין אָפגעטאָן". עס איז צו באמערקן אז אין דברים י"ט איז פאראן ניט „נפש תחת נפש" נאָר „נפש בנפש".**

ז. על פי, (אין דברים י"ז ווערט געזאָגט) „על פי שנים עדים או שלשה עדים יומת המת, דורך צוויי עדות אָדער דורך דריי עדות זאָל געטויט ווערן דער (זינדיקער וואָס איז פארמשפט צום) טויט", (איז דאָך די קשיא) אויב דאָס עדות ווערט באשטעטיקט (איז גוט) דורך צוויי (עדות), צו וואָסזשע האָט דער פסוק געזאָגט דייטליך (פרט) אז אויך מיט דריי עדות? **די קשיא איז אז דער „בשלשה עדים" איז איבריק, ווארים אויב צוויי עדות איז גוט, זענען דאָך דריי אודאי גוט.** אלא, נאָר (דער פסוק האָט דאָס געגעבן) כדי צו פארגלייכן דריי עדות צו צוויי עדות, און פונקט ווי דריי (אנדערע) עדות קאָנען מאכן פאר זוממים (די ערשטע) צוויי עדות (אויב די דריי עדות זאָגן, אז די צוויי עדות זענען אין יענעם טאָג געווען מיט זיי אויף אן אנדער אָרט), אזוי קאָנען צוויי עדות מאכן פאר זוממים (די ערשטע) דריי עדות (אויב די צוויי עדות זאָגן אז די דאָזיקע דריי עדות זענען געווען מיט זיי אין יענעם טאָג אויף אן אנדער אָרט). **מען וואָלט געקאָנט מיינען, אז נור דריי עדות קאָנען מאכן פאר**

אֶת הַשְּׁלֹשָׁה. וּמִנַּיִן אֲפִלּוּ מֵאָה? תַּלְמוּד לוֹמַר עֵדִים. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, מַה שְּׁנַיִם אֵינָן נֶהֱרָגִין עַד שֶׁיִּהְיוּ שְׁנֵיהֶם זוֹמְמִין, אַף שְׁלֹשָׁה אֵינָן נֶהֱרָגִין עַד שֶׁיִּהְיוּ שְׁלָשְׁתָּן זוֹמְמִין. וּמִנַּיִן אֲפִלּוּ מֵאָה? תַּלְמוּד לוֹמַר, עֵדִים. רַבִּי עֲקִיבָא אוֹמֵר, לֹא בָא הַשְּׁלִישִׁי אֶלָּא לְהַחְמִיר עָלָיו, וְלַעֲשׂוֹת דִּינוֹ כַּיּוֹצֵא בָאֵלּוּ. וְאִם כֵּן עָנַשׁ הַכָּתוּב לַנִּטְפָּל לְעוֹבְרֵי עֲבֵרָה, כְּעוֹבְרֵי עֲבֵרָה, עַל אַחַת כַּמָּה וְכַמָּה יְשַׁלֵּם שָׂכָר לַנִּטְפָּל לְעוֹשֵׂי מִצְוָה כְּעוֹשֵׂי מִצְוָה:

ח מַה שְּׁנַיִם נִמְצָא אֶחָד מֵהֶן קָרוֹב אוֹ פָסוּל עֵדוּתָן בְּטֵלָה, אַף שְׁלֹשָׁה,

זוממים צוויי עדות, ווייל זיי זיינען מער; אָבער צוויי קאָנען ניט מאכן פאר זוממים דריי. דאריבער לערנט דער פסוק אז אויך צוויי קאָנען מאכן דריי פאר זוממים. ומנין, און פון וואנען ווייסן מיר, אז אפילו הונדערט? דאס הייסט, אז אויב 100 מענטשן זאָגן אויף איינעם אז ער האָט געהרגעט א מענטש, קאָנען קומען 2 עדות און מאַכן די 100 פאר זוממים? תלמוד, דערויף לערנט (דער פסוק) צו זאָגן „עדים". דאס וואָרט „עדים" זאָגט, אז אפילו זיי זענען הונדערט עדות האָבן זיי דעם דין פון צוויי עדות (אזוי טייטשט דער „נימוקי יוסף"). ר' שמעון זאָגט, אז (דאריבער זאָגט דער פסוק „צוויי" און „דריי" כדי צו לערנען) אז אזוי ווי צוויי עדות ווערן ניט געהרגעט סיידן ביידע זענען געוואָרן זוממים, אזוי ווערן אויך דריי עדות ניט געהרגעט סיידן אלע דריי זענען געוואָרן זוממים. מען וואָלט געקאָנט מיינען אז אויב צוויי עדות פון די דריי זענען געוואָרן זוממים קומט זיי יאָ צו הרגענען, מחמת אויך אָן דעם דריטנס עדות־זאָגן איז דאָך זייער עדות געווען א גוטע און זיי האָבן געוואָלט מיט זייער עדות־זאָגן הרגענען דעם באשולדיקטן, — דאריבער לערנט דער פסוק, אז אלע דריי מוזן ווערן זוממים. דער דין איז אז דאָס איז נור ווען דער דריטער האָט עדות געזאָגט אין „תוך כדי דיבור" באלד נאָכן עדות זאָגן פון די צוויי (תוך כדי דיבור הייסט אזוי לאנג ווי א תלמיד זאָגט צום רבי „שלום עליך רבי"). אָבער אויב ער האָט עדות געזאָגט שפּעטער הייסט ער ווי א באזונדערער עדות, און די ערשטע צוויי קאָנען געהרגעט ווערן אלס זוממים אָן אים. ומנין, און פון וואנען לערנען מיר אז אפילו הונדערט (עדות קאָנען טייל פון זיי ניט ווערן זוממים) לערנט דעריבער (דער פסוק) צו זאָגן „עדים". אויך דאָ איז דערזעלביקער טעם וואס פריער, אז הונדערט עדות זענען דאָסזעלביקע וואס צוויי עדות. ר' עקיבא זאָגט אז דער דריטער (עדות קומט (ווערט דערמאָנט אין פסוק) כדי מחמיר צו זיין אויף אים. „מחמיר צו זיין", „צו מאכן הארב", און דער טייטש איז, אז מען וואָלט געקאָנט מיינען, אז ווייל אָן דעם דריטנס עדות זאָגן וואָלטן דאָך די צוויי עדות אליין אויך געניג, זאָל מען דאריבער אים ניט הרגענען אויב ער איז געוואָרן א זומם, — מחמת דעם לערנט דער פסוק, „הארב צו מאכן", אז אויך אים קומט צו הרגענען. ואם כן, און (זאָגט ווייטער ר' עקיבא), אויב די תורה (הכתוב) האָט אזוי באשטראָפט איינעם וועלכער שטייט־צו (נטפל) צו די וועלכע טאָן א עבירה (דער דריטער עדות האָט זיך צוגעטשעפּעט צו די ערשטע צוויי פאלשע עדות), אזוי ווי זי באשטראָפט, די וואס זענען עובר אויף א עבירה, מכל שכן אז א סך מער וועט (גאָט) באצאָלן באלוינונג צו דעם וועלכער שטייט־צו צו די וועלכע טאָן א מצוה, פונקט ווי (ער באצאָלט באלוינונג) די וועלכע טאָן די מצוה. דער אויסדרוק „על אחת כמה וכמה", „אויף איינס א סך און א סך" מיינט דאָ, אז פאר העלפן די וואס טאָן א מצוה איז דער שכר גרעסער, ווי עס וואָלט געווען גרויס דער עונש פאר העלפן די וואס טאָן א עבירה.

ח. מה, (די משנה לערנט ווייטער פון פסוק, וועלכער זאָגט „צוויי" און „דריי", אזוי ווי ביי צוויי (עדות) אויב איינער פון זיי איז געפונען געוואָרן (אז ער איז) א קרוב צי א פסול (איינער וועלכער טאָרניט זיין קיין עדות) איז זייער עדות בטל

נִמְצָא אֶחָד מֵהֶן קָרוֹב אוֹ פָּסוּל עֵדוּתָן בְּטֵלָה. מִנַּיִן אֲפִלּוּ מֵאָה? תַּלְמוּד לוֹמַר עֵדִים. אָמַר רַבִּי יוֹסֵי, בַּמֶּה דְּבָרִים אֲמוּרִים? בְּדִינֵי נְפָשׁוֹת, אֲבָל בְּדִינֵי מָמוֹנוֹת תִּתְקַיֵּם הָעֵדוּת בַּשְּׁאָר. רַבִּי אוֹמֵר, אֶחָד דִּינֵי מָמוֹנוֹת וְאֶחָד דִּינֵי נְפָשׁוֹת. (וְאֵימָתַי) בִּזְמַן שֶׁהִתְרוּ בָהֶן, אֲבָל בִּזְמַן שֶׁלֹּא הִתְרוּ בָהֶן, מַה יַּעֲשׂוּ שְׁנֵי אַחִין שֶׁרָאוּ בְאֶחָד שֶׁהָרַג אֶת הַנֶּפֶשׁ? **ט** הָיוּ שְׁנַיִם רוֹאִין אוֹתוֹ מֵחַלּוֹן זֶה, וּשְׁנַיִם רוֹאִין אוֹתוֹ מֵחַלּוֹן זֶה, וְאֶחָד מַתְרֶה בּוֹ בְּאֶמְצַע,

(טויג ניט ביידנס עדות זאָגן, מחמת עס בלייבט דאָך ניט מער ווי איין כשרער עדות, און עס מוזן דאָך זיין צוויי עדות), אזוי איז ביי דריי (עדות) אויב איינער פון זיי איז געפונען געוואָרן (אז ער איז) א קרוב אָדער א פסול, איז זייער (אלע דריי׳ס עדות זאָגן) בטל. **כאָטש דאָ זענען דאָך געבליבן צוויי כשרע עדות, פונדעסטוועגן איז אלעמענס עדות־זאָגן בטל, וואָס הייסט א „קרוב" און א „פסול" זע סנהדרין פרק ג׳ משנות ג׳ און ד׳.** מנין, פון וואנען לערנען מיר, אז אפילו ביי הונדערט (עדות, אויב איינער איז א קרוב אָדער א פסול ווערט אלעמענס עדות־זאָגן בטל)? לערנט (דער פסוק) צו זאָגן „עדים". **אזוי ווי מיר האָבן דערקלערט אין דער פריערדיקער משנה, אז 100 עדות האָבן דעם דין ווי 2 עדות.** אָמר, האָט ר׳ יוסי געזאָגט, ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן? **אז אויב ביי דריי עדות איז איינער פון זיי א קרוב אָדער א פסול, ווערט דאָס עדות זאָגן פון אלע דריי בטל?** בדיני, ביי משפטים וועגן נפשות (ביי טויט־שטראָף אָדער קלעפּ), אָבער ביי געלט־משפטים (דיני ממונות) קאָן דאָס עדות־זאָגן גוט זיין דורך די איבריקע (כשרע צוויי עדות). **ווייל ביי דיני נפשות, טויט־שטראָף־און קלעפּ־משפטים, ווערט געזאָגט אין במדבר ל״ה „והצילו העדה", אז מען זאָל זיך באמיען מציל צו זיין דעם באשולדיקטן, דאריבער פסלט מען אפילו ווען איין עדות פון די דריי איז א קרוב אָדער א פסול.** רבי (ר׳ יהודה הנשיא) זאָגט, אז סיי געלט־משפטים, סיי נפשות־משפטים (אויב איינער פון די דריי איז א קרוב אָדער א פסול, איז אלעמענס עדות בטל), אָבער (ביי נפשות־משפטים) איז נור אויב ער (דער קרוב־עדות אָדער דער פסול־עדות) האָט אים (דעם באשולדיקטן) געווארנט (מתרה געווען, געגעבן אים א ווארנונג, אז ער זאָל ניט טאָן די עבירה), אָבער אויב ער (דער קרוב אָדער דער פסול) האָט אים ניט געווארנט (איז גוט די עדות פון די איבריקע צוויי כשרע עדות, ווארום אויב ניט), וואָס זאָלן טאָן צוויי ברידער, וועלכע האָבן געזען איינעם הרגענען א מענטש **דער דין איז, אז איינער טוט א עבירה קומט אים א שטראָף (טויט־שטראָף צי קלעפּ) נאָר ווען די עדות וועלכע האָבן אים געזען טאָן די עבירה, האָבן אים מתרה געווען, געווארנט, געזאָגט אים אז פאר דער עבירה וועט ער באשטראָפט ווערן. זאָגט די משנה, אז נור ווען דער קרוב־אָדער פסול־עדות האָט אים געווארנט, גייט ער אריין אין כלל פון עדות זאָגן, און ער פסלט די אנדערע 2 כשרע עדות. אָבער אויב ער האָט אים ניט געווארנט, און נור די אנדערע 2 כשרע עדות האָבן אים געווארנט, איז דער קרוב אָדער פסול ניט אין כלל פון עדות, און ער פסלט ניט די אנדערע צוויי עדות. א קרוב הייסט ניט נור ווען דער עדות איז א קרוב צום באשולדיקטן, נאָר אויך ווען אן עדות איז א קרוב (למשל א ברודער) פון אנדערן עדות. זאָגט רבי, אז למשל ווען דריי מענטשן, צווישן זיי זענען צוויי ברידער, זען איינעם הרגענען א מענטש, קאָן איינער פון די ברידער ניט מתרה זיין, ניט ווארנען דעם רוצח, און נור דער אנדערער ברודער און דער פרעמדער זאָלן אים ווארנען, ממילא וועט זייער עדות זאָגן זיין גוט.**

ט. היו, אויב צוויי (מענטשן) האָבן פון איין פענסטער אים געזען (טאָן די עבירה פאר וועלכער עס קומט אים טויט־שטראָף) און צוויי (אנדערע מענטשן) האָבן אים געזען פון אן אנדערן פענסטער, און איינער (א פיפטער מענטש) אין דערמיט האָט אים געווארנט (דער פיפטער איז געשטאנען אין דערמיט צווישן די ביידע פענסטער),

בִּזְמַן שֶׁמִּקְצָתָן רוֹאִין אֵלּוּ אֶת אֵלּוּ, הֲרֵי אֵלּוּ עֵדוּת אַחַת. וְאִם לָאו הֲרֵי אֵלּוּ שְׁתֵּי עֵדֻיּוֹת. לְפִיכָךְ אִם נִמְצֵאת אַחַת מֵהֶן זוֹמֶמֶת, הוּא וְהֵן נֶהֱרָגִין, וְהַשְּׁנִיָּה פְּטוּרָה. רַבִּי יוֹסֵי אוֹמֵר לְעוֹלָם אֵין נֶהֱרָגִין עַד שֶׁיְּהוּ (פִּי) שְׁנֵי עֵדָיו מַתְרִין בּוֹ שֶׁנֶּאֱמַר, עַל פִּי שְׁנַיִם עֵדִים. דָּבָר אַחֵר, עַל פִּי שְׁנַיִם עֵדִים, שֶׁלֹּא תְהֵא סַנְהֶדְרִין שׁוֹמַעַת מִפִּי הַתּוּרְגְּמָן: י מִי שֶׁנִּגְמַר דִּינוֹ וּבָרַח וּבָא לִפְנֵי אוֹתוֹ בֵּית דִּין, אֵין סוֹתְרִים אֶת דִּינוֹ. כָּל מָקוֹם שֶׁיַּעַמְדוּ שְׁנַיִם וְיֹאמְרוּ מְעִידִין אָנוּ בְּאִישׁ פְּלוֹנִי שֶׁנִּגְמַר דִּינוֹ בְּבֵית דִּין שֶׁל פְּלוֹנִי, וּפְלוֹנִי וּפְלוֹנִי עֵדָיו, הֲרֵי זֶה יֵהָרֵג. סַנְהֶדְרִין נוֹהֶגֶת בָּאָרֶץ, וּבְחוּצָה לָאָרֶץ.

איז אויב א טייל פון די דאָזיקע (למשל דער מיטלסטער) זעט א טייל פון די דאָ־זיקע (ער זעט די צוויי און די אנדערע צוויי) זענען זיי אלע איין עדות, און אויב ניט זענען זיי צוויי באזונדערע עדות (־פּאָרן). **אזוי טייטשט דער רמבם און דער ברטנורא די משנה. די תוספות טייטשט אנדערש.** לפיכך, דעריבער (ווייל זיי זענען צוויי באזונ־דערע עדות־פּאָרן), אויב איינע פון זיי (אויב איין עדות־פּאָר) איז געפינען געוואָרן זוממים,ווערט ער (דער טוער פון דער עבירה) און זיי (די זוממים־עדות) ווערן גע־הרגעט, און די צווייטע (עדות־פּאָר) איז פּטור. **דער עבירה־טוער ווערט געהרגעט, ווייל די אנדערע פּאָר עדות זענען דאָך ניט קיין זוממים, און די ערשטע עדות־פּאָר ווערט געהרגעט, ווייל זיי זענען זוממים.** ר׳ יוסי זאָגט, אז זיי (די עדות) ווערן ניט גע־הרגעט (אויב זיי זענען געפינען געוואָרן זוממים), סיידן זיינע ביידע עדות האָבן אים מתרה־געווען, וואָרום עס ווערט געזאָגט (דברים י״ז) „על פי שנים עדים יקום דבר, דורך צוויי עדות זאָל די זאַך באשטעטיקט ווערן״. **פון די מפרשים איז צו זען אז ר׳ יוסי האלט, אז אויך דעם עבירה־טוער הרגעט מען ניט, סיידן אז ביידע עדות האָבן אים מתרה געווען (געוואָרנט).** — דבר, אן אנדערע זאַך (אן אנדער טייטש איז) „על פי שנים עדים, דורך דעם מויל פון צוויי עדות״, אז דאָס סנהדרין (דאָס בית דין) זאָל ניט הערן (דאָס עדות זאָגן) דורך אן איבערזעצער (מתורגמן). **די דיינים פון סנהדרין דאַרפן קענען די שפּראַך פון די עדות, ווייל אן איבערזעצער קאָן פאַרדרייען די נעמען און די ווערטער, און עס איז אויך שווער אויסצופאָרשן די עדות. די גמרא ברענגט א ברייתא, אז די סנהדרין־דיינים האָבן געקאָנט 70 לשונות.**

י. מי, אויב איינער (וואָס האָט געטאָן א עבירה) איז פאַרענדיקט געוואָרן זיין משפּט (דאָס בית דין האָט ארויסגעגעבן דעם פּסק דין) און ער איז אנטלאָפן, און ער איז (דערנאָך) צוריקגעקומען פאַר דעמזעלביקן בית דין, צעשטערט מען ניט זיין פּסק דין. **מען באטראַכט ניט נאָכאמאָל זיין משפּט, טאָמער וועט מען אים קאָנען באַ־פרייען, נאָר מען פירט אויס דעם פריערדיקן פּסק דין.** — כל מקום, אין יעדן אָרט, וואו עס וועלן זיך אוועקשטעלן צוויי מענטשן און זאָגן: „מיר זאָגן עדות וועגן יענעם מענטש (און רופן אים אָן ביים נאָמען), אז עס איז אויף אים ארויסגעגעבן געוואָרן א (טויט שטראָף)־פּסק דין ביי יענעם בית דין, און יענער און יענער זענען געווען די עדות (קייגן אים)״, קומט אים צו הרגענען. **זיי מוזן זאָגן ווער עס זענען געווען די עדות, כדי טאָמער וועלן אנדערע עדות זיי קאָנען מאכן פאַר זוממים אָדער אָפּליי־קענען זיי.** סנהדרין, דאָס סנהדרין איז פאַראַן אין ארץ ישראל און אין חוץ לארץ. **מיט סנהדרין מיינט מען דאָ דאָס קליינע סנהדרין, פון 23 דיינים, וואָס קאָנען ארויס־געבן א פּסק דין פון טויט־שטראָף אוז אנדערע שטראָפן. זע מסכתא סנהדרין פרק א׳ משנה ד׳ און משנה ו׳. די גמרא זאָגט, אז דאָס איז נור געווען ווען דאָס גרויסע סנ־הדרין פון 71 דיינים זענען געזעסן אין ירושלים אין דער לשכת הגזית (אין דער האליע פון געהאַקטע שטיינער ביים בית המקדש).** — סנהדרין ההורגת, א סנהדרין

סַנְהֶדְרִין הַהוֹרֶגֶת אֶחָד בְּשָׁבוּעַ נִקְרֵאת חוֹבְלָנִית. רַבִּי אֶלְעָזָר בֶּן עֲזַרְיָה אוֹמֵר, אֶחָד לְשִׁבְעִים שָׁנָה. רַבִּי טַרְפוֹן וְרַבִּי עֲקִיבָא אוֹמְרִים, אִלּוּ הָיִינוּ בַסַּנְהֶדְרִין לֹא נֶהֱרַג אָדָם מֵעוֹלָם. רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, אַף הֵן מַרְבִּין שׁוֹפְכֵי דָמִים בְּיִשְׂרָאֵל:

# פרק ב.

**א** אֵלּוּ הֵן הַגּוֹלִין. הַהוֹרֵג נֶפֶשׁ בִּשְׁגָגָה. הָיָה מְעַגֵּל בְּמַעְגִּילָה, וְנָפְלָה עָלָיו וַהֲרָגַתּוּ. הָיָה מְשַׁלְשֵׁל בֶּחָבִית, וְנָפְלָה עָלָיו וַהֲרָגַתּוּ. הָיָה יוֹרֵד בַּסֻּלָּם

(א בית דין פון 23 דיינים) וואָס הרגעט (פסקנט טויט־שטראָף) איינמאָל אין א שמיטה (בשבוע, אין 7 יאָר), הייסט א שלאַגנדיקע (חובלנית). **ווייל דאָס סנהדרין האָט גע־דאַרפן זיין געלאַסן אין אזא טויט־שטראָף־משפט און באַמיען זיך צו באַפרייען דעם באַשולדיקטן פון טויט.** ר׳ אליעזר בן עזריה זאָגט, אז איין (טויט־שטראָף) אין זיבציק יאָר (הייסט שוין דאָס סנהדרין א חובלנית). **אזוי איז איין קלער אין דער גמרא, וועלכע זאָגט, אז אפשר מיינט ר׳ אלעזר בן עזריה, אז איין טויט שטראָף אין 70 יאָר איז יאָ דער שטייגער.** ר׳ טרפון און ר׳ עקיבא זאָגן: ווען מיר וואָלטן געווען אין סנהדרין, וואָלט קיין מענטש ניט געהרגעט געוואָרן. **זיי וואָלטן אויסגעזוכט אזעלכע טעמים, אז מען זאָל ניט פסקענען קיין טויט־שטראָף. למשל, זיי וואָלטן אויסגעפרעגט די עדות וועגן איינעם, וועלכער האָט געהרגעט א מענטש, צי ווייסן זיי אויף זיכער אז דער הרוג האָט ניט געהאַט אינווייניק אין קערפּער אזא קראַנקהייט (געלעכערטע לונגען), אז ער איז געווען א טריפה און ער וואָלט סיי ווי געשטאָרבן.** רבן שמעון בן גמליאל זאָגט, אז זיי (ר׳ טרפון און ר׳ עקיבא) וואָלטן (דאדורך) פאַרגרעסערט די צאָל פון בלוט־פאַרגיסערס צווישן יידן. **אויב זיי וואָלטן דערפירט, אז מען זאָל ניט אַרויסגעבן קיין טויט־פסק־דין אויף רוצחים, וואָלט זיך פאַרגרעסערט די צאָל רוצחים.**

## פרק ב.

א. אלו, די דאָזיקע ווערן פאַרטריבן: דער וועלכער הרגעט א מענטש בשוגג. **מיר האָבן וועגן דעם געשריבן אין דער הקדמה צו דער מסכתא מכות. אויב איינער האָט ניט־ווילנדיק,** בשוגג, געהרגעט א מענטש, **דאַרף ער פאַרטריבן ווערן, זיין אין גלות, אין איינעם פון די עררי־מקלט, אנטרינונגס־שטעט, וועלכע זענען גע־ווען דריי אין ארץ ישראל און דריי אין עבר הירדן. אויב ער איז אַרויס פון דער מקלט־שטאָט, האָט דער גואל הדם, דער קרוב פון דערהרגעטן, געמעגט אים הרגע־נען. דאָס ווערט געלערנט אין במדבר ל״ה פון פסוק ט׳ ביז צום סוף קאַפּיטל. די משנה וועט דאָ לערנען די הלכות וועגן דעם, און די גמרא לערנט אָפּ די הלכות פון די פסוקים אין חומש.** — היה מעגל, אויב ער (ראובן) האָט גלייכגעמאַכט (די וואַנט) מיט א פּאַליר־שטיין (מעגלה, ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם שווערן שטיין אויף דער וואַנט, כדי אויסצוגליטען די גריבעלעך פון קאַלך אויף דער וואַנט), און ער (דער שטיין) איז אַראָפּגעפאַלן אויף אים (אויף שמעונען, וועלכער איז געשטאַנען אונטן) און האָט אים דערהרגעט; אָדער אויב ער (ראובן) האָט אַראָפּגעלאָזט א פאַס (משלשל, אַראָפּלאָזן א פאַס וואָס איז אָנגעבינדן אין א שטריק), און זי (די פאַס) איז אַראָפּגע־פאַלן אויף אים (אויף שמעונען) און זי האָט אים דערהרגעט; אָדער ער (ראובן) איז אַראָפּגעגאַנגען אויף א לייטער און ער איז אַראָפּגעפאַלן אויף אים (אויף שמעון) און ער האָט אים דערהרגעט — קומט אים (ראובנען) גלות. **ווייל ראובן האָט ניט ווילנ־דיק דערהרגעט שמעונען, ווען ער, ראובן, האָט געצויגן דעם שטיין אַראָפּ, אָדער ער האָט געצויגן די פאַס אַראָפּ, אָדער ער איז אליין געגאַנגען אויף דעם לייטער אַראָפּ** (דרך ירידה). **וועגן „מעגלה״ האָבן מיר געגעבן אין פירוש צו מועד קטן פרק א׳**

וְנָפַל עָלָיו וַהֲרָגוֹ, הֲרֵי זֶה גוֹלֶה. אֲבָל אִם הָיָה מוֹשֵׁךְ בַּמַּעְגִּילָה, וְנָפְלָה עָלָיו וַהֲרָגַתּוּ, הָיָה דוֹלֶה בֶחָבִית וְנִפְסַק הַחֶבֶל וְנָפְלָה עָלָיו וַהֲרָגַתּוּ, הָיָה עוֹלֶה בַסֻּלָּם וְנָפַל עָלָיו וַהֲרָגוֹ הֲרֵי זֶה אֵינוֹ גוֹלֶה. זֶה הַכְּלָל, כָּל שֶׁבְּדֶרֶךְ יְרִידָתוֹ, גּוֹלֶה, וְשֶׁלֹּא בְדֶרֶךְ יְרִידָתוֹ, אֵינוֹ גוֹלֶה. נִשְׁמַט הַבַּרְזֶל מִקַּתּוֹ וְהָרַג, רַבִּי אוֹמֵר אֵינוֹ גוֹלֶה, וַחֲכָמִים אוֹמְרִים גּוֹלֶה. מִן הָעֵץ הַמִּתְבַּקֵּעַ, רַבִּי אוֹמֵר, גּוֹלֶה. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים אֵינוֹ גוֹלֶה:

**ב** הַזּוֹרֵק אֶבֶן לִרְשׁוּת הָרַבִּים וְהָרַג, הֲרֵי זֶה גוֹלֶה. רַבִּי אֱלִיעֶזֶר בֶּן יַעֲקֹב אוֹמֵר, אִם מִשֶּׁיָּצְאָתָה הָאֶבֶן מִיָּדוֹ

**משנה י׳.** אבל, אָבער אויב ער (ראובן) האָט ארויפגעצויגן צו זיך דעם פאָליר־שטיין, און ער (דער שטיין) איז ארויפגעפאלן אויף אים (שמעונען) און אים דערהרגעט; אָדער ער (ראובן) האָט ארויפגעצויגן (דולה) די פאס, און דער שטריק האָט זיך אי־בערגעריסן און זי (די פאס) איז ארויפגעפאלן אויף אים (שמעונען) און אים דער־הרגעט; אָדער ער (ראובן) איז ארויפגעגאנגן אויף דעם לייטער און ער איז אראָפגע־פאלן אויף אים (אויף שמעונען) און אים דערהרגעט — קומט אים (ראובנען) ניט קיין גלות. **און די משנה גיט דאָ דעם כלל דערפון:** — זה הכלל, דאָס איז דער כלל, אלץ וואָס (האָט געהרגעט דעם מענטש) ביים אראָפגיין (אין וועג פון זיין אראָפגיין, בדרך ירידתו), קומט אים (דעם שולדיקן בשוגג) גלות; אָבער וואָס (האָט געהרגעט דעם מענטש) ניט ביים אראָפגיין (ניט אין וועג פון זיין אראָפגיין, שלא בדרך ירידתו), קומט אים (דעם שולדיקן בשוגג) ניט קיין גלות. **די גמרא לערנט עס אָפּ פון פסוק אין במדבר ל״ה „ויפל עליו״, אז עס מוז זיין „דרך נפילה״, ווען עס איז אין אָנהייב געווען געצילט אראָפּ, אין וועג צום מענטש, וועלכער איז אומגעקומען. די סברא דערפון איז אויך, ווייל ווען איינער לאָזט אראָפּ דעם שטיין אָדער די פאס, אָדער ער גייט אליין אראָפּ אויפן לייטער, דארף ער זיין מער פאָרזיכטיק, מחמת עס קומט דאָך נאָך צו די קראַפט פון אראָפּלאָזן, און עס טרעפן זיך מער אומגליקן דאביי (אזוי זאָגט דער רמבם אין יד החזקה הלכות רוצח פרק ו׳).** — נשמט, (אויב איינער האָט געהאקט האָלץ מיט א האק) און דער אייזן איז ארויסגעשפרינגען פון דעם (הילצערנעם) האק־הענטל און האָט (געטראָפן און) געהרגעט (א מענטש), זאָגט רבי אז עס קומט אים ניט קיין גלות, און די חכמים זאָגן, אז עס קומט אים גלות; (אויב עס איז אָפּגעשפרינגען א שטיקל פון האָלץ) וואָס ער האקט (און ס׳האָט געטראָפן א מענטש און אים געהרגעט), זאָגט רבי אז עס קומט אים גלות, און די חכמים זאָגן, אז עס קומט אים ניט קיין גלות. **דער חומש אין דברים י״ט, ה׳ זאָגט, אז איינער האקט האָלץ „ונשל הברזל מן העץ, און עס האָט זיך ארויסגערוקט דער אייזן פון האָלץ״ און האָט געטראָפן א מענטש און אים געהרגעט, קומט דערפאר גלות. זאָגט די גמרא, אז רבי טייטשט „ונשל הברזל מן העץ״ מיינט, אז עס איז אָפּגעשפרינגען א שטיקל האָלץ פון דעם האָלץ וועלכן ער האקט, און „ונשל״ איז ניט דער טייטש אז ער, דער אייזן, איז אָפּגעשפרינגען, ארויסגעגליטשט זיך פון הענטל, נאָר אז דער אייזן האָט געמאכט אָפּשפּרינגען א שטיק האָלץ (ווי „ונשל גוים רבים מפניך״ אין דברים ז׳), און די רבנן טייטשן „מן העץ״ מיינט מען פון דעם הילצערנעם האק־הענטל, און „ונשל״ מיינט אז דער אייזן איז אָפּגעשפרינגען.**

ב. הזורק, אז איינער ווארפט א שטיין אין א רשות הרבים אריין (אין אַן אָרט וואָס געהערט צו אלע מענטשן, יעדער קאָן דאָרט גיין) און (דער שטיין האָט געטראָפן א מענטש און) האָט אים געהרגעט, קומט אים גלות. **די גמרא זאָגט, אז אין א גאס הייסט דער שטיין־ווארפער כמעט ווי א מזיד ווייל מענטשן גייען דאָך דאָרט; נאָר דאָ מיינט מען אין א עפנטליכן מיסט־אָרט, וואו מענטשן קומען צו געוויינטליך נאָר ביינאכט צוצונעמען דאָס מיסט, אָבער עס טרעפט זיך אז עס קומען דאָרט מענטשן אויך בייטאָג, און ער האָט אהינגעוואָרפן דעם שטיין בייטאָג.** — ר׳ אליעזר

הוֹצִיא הַלָּז אֶת רֹאשׁוֹ וְקִבְּלָהּ הֲרֵי זֶה פָּטוּר. זָרַק אֶת הָאֶבֶן לַחֲצֵרוֹ, וְהָרַג אִם יֵשׁ רְשׁוּת לַנִּזָּק לִכָּנֵס לְשָׁם, גּוֹלֶה, וְאִם לָאו אֵינוֹ גוֹלֶה, שֶׁנֶּאֱמַר, וַאֲשֶׁר יָבֹא אֶת רֵעֵהוּ בַיַּעַר, מָה הַיַּעַר רְשׁוּת לַנִּזָּק וְלַמַּזִּיק לִכָּנֵס לְשָׁם. יָצָא חֲצַר בַּעַל הַבַּיִת שֶׁאֵין רְשׁוּת לַנִּזָּק (וְלַמַּזִּיק) לִכָּנֵס לְשָׁם. אַבָּא שָׁאוּל אוֹמֵר, מַה חֲטָבַת עֵצִים רְשׁוּת, (אַף כָּל רְשׁוּת). יָצָא הָאָב הַמַּכֶּה אֶת בְּנוֹ, וְהָרַב הָרוֹדֶה אֶת תַּלְמִידוֹ, וּשְׁלִיחַ בֵּית דִּין: ג הָאָב גּוֹלֶה עַל יְדֵי הַבֵּן,

בן יעקב זאָגט, אז אויב נאָכדעם ווי ער (ראובן דער שטיין־ווארפער) האָט געוואָרפן דעם שטיין, האָט דער דאַזיקער (שמעון) אויסגעשטרעקט זיין קאָפּ און צוגענומען אים (דעם שטיין, ערשט דאמאָלס האָט דער שטיין אים געטראָפן), איז ער (ראובן) פּטור (פון גלות). **די גמרא לערנט עס אָפּ פון דברים י״ט ומצא את רעהו״, אז דער אייזן צי דאָס האָלץ צי דער שטיין, האָט געטראָפן דעם מענטש, אָבער ניט ווען דער מענטש האָט זיך אליין אונטערגעשטעלט (פּרט לממציא את עצמו).** — זרק, אויב (ראובן) האָט געוואָרפן א שטיין אין זיין (ראובנ׳ס) הויף און האָט דערהרגעט (שמעונען), איז אויב דער באשעדיקטער (ניזק, שמעון, דער הרוג) האָט געהאט די דערלויבניש (רשות, ראובן האָט אים דערלויבט) ארייננצוקומען דאָרט אהין, קומט אים (ראובנען) גלות, און אויב ניט (ער האָט ניט געהאט די דערלויבעניש), קומט אים ניט קיין גלות, ווארים עס ווערט געזאָגט (דברים י״ט) „ואשר יבא את רעהו ביער, און וועלכער וועט קומען מיט זיין פריינט אין וואלד״, אזוי ווי אין א וואלד איז דערלויבט סיי דעם באַשעדיקטן (דעם ניזק) און סיי דעם שעדיקער (דעם מזיק, דעם וואָס האָט געהרגעט בשוגג) ארייננצוקומען (אזוי דארף זיין אויך יעדעס אנדערע אָרט), אָבער עס איז ארויסגענומען דערפון א הויף פון א בעל הבית, וואוהין דער ניזק האָט ניט די דערלויבניש ארייננצוקומען. **אין טייל משניות איז די גירסא צום סוף אין דער משנה „לניזק ולמזיק״, און מען מיינט דאָ, אויב ראובן האָט אריינגעוואָרפן א שטיין אין א פרעמדן הויף.** — אבא שאול זאָגט, אז אזוי ווי האקן האָלץ איז א רשות (אז מען וויל האַקט מען האָלץ און אז מען וויל ניט האַקט מען ניט, און עס איז ניט פאראן קיין מצוה צו האקן האָלץ), אָבער אן אויסנאַם איז ווען א פאָטער שלאָגט זיין זון (צו שטראָפן אים אז ער זאָל ניט גיין אין שלעכטן וועג), און א רבי וואָס שלאָגט (הרודה) זיין תלמיד, און דער שליח פון בית דין (וואָס גיט קלעפּ, מלקות פאר טאָן א עבירה). **אין חומש דברים י״ט ברענגט די תורה אז איינער וואָס דערהרגעט א צווייטן מענטש בשוגג, קומט אים דערפאר גלות, און ברענגט א ביישפּיל דערצו, אז איינער וואָס האָט געהאקט האָלץ אין וואלד, און דער אייזן איז אים ארויסגעשפּרינגען און האָט געהרגעט א מענטש. לערנט דאָ די משנה דערפון 2 זאכן, ערשטנס, אז עס דארף זיין אַזאַ אָרט, ווי א שטייגער א וואלד, וואו סיי דער וואָס האָט געהרגעט, און סיי דער געהרגעטער האָבן געהאט א רעכט ארייננצוקומען. צווייטנס לערנט אבא שאול, אז דאריבער נעמט די תורה אלס ביישפּיל האקן האָלץ, צו לערנען אז דאָס איז נור, ווען מען טוט ניט קיין מצוה־זאכן, מחמת האקן האָלץ איז א רשות, ניט קיין מצוה; אָבער אויב ראובן, דער רוצח בשוגג, האָט געטאָן א מצוה־זאך, ווי למשל א פאָטער שטראָפט זיין זון און שלאָגט אים כדי ער זאָל גיין אין גוטן וועג, אָדער א רבי שלאָגט זיין תלמיד אז ער זאָל גוט לערנען, אָדער א שליח פון בית דין שלאָגט איינעם מלקות פאר האָבן געטאָן א עבירה, און דער זון אָדער דער תלמיד אָדער דער עובר עבירה איז געשטאָרבן פון די קלעפּ, קומט ניט דעם פאָטער צי דעם רבי צי דעם שליח פון בית דין קיין גלות.**

ג. האָב גולה, א פאָטער קומט גלות דורך זיין זון, **אויב ער האָט בשוגג געהרגעט זיין זון, ניט ווען ער האָט אים געשלאָגן צו לערנען תורה אָדער מוסר אָדער**

והבן גולה על ידי האב, הכל גולים על ידי ישראל. וישראל גולין על ידיהן, חוץ (מגר) מעל ידי גר תושב. וגר תושב אינו גולה, אלא על ידי גר תושב. הסומא אינו גולה, דברי רבי יהודה, רבי מאיר אומר, גולה. השונא אינו גולה, רבי יוסי בר יהודה אומר, השונא נהרג מפני שהוא כמועד. רבי שמעון אומר, יש שונא גולה, ויש שונא שאינו גולה. זה הכלל, כל שהוא יכול לומר לדעת הרג, אינו גולה. ושלא לדעת הרג, הרי זה גולה: ד להיכן גולין? לערי מקלט. לשלש שבעבר הירדן, ולשלש שבארץ כנען, שנאמר את שלש הערים תתנו מעבר לירדן ואת שלש הערים תתנו בארץ כנען וגו'. עד שלא נבחרו שלש שבארץ

א **מלאכה.** והבן, און א זון קומט גלות דורך זיין פאטער. **אויב ער האט בשוגג גע־הרגעט זיין פאטער קומט אים גלות.** הכל, אלע מענטשן קומט גלות דורך א ייד, און א ייד קומט גלות דורך זיי. **די גמרא זאגט, אז מען מיינט דא אפילו א שקלאף און א כותי, מיט כותי מיינט מען איינעם פון די שומרונים, וואס זענען באטראכט גע־ווארן פאר האלבע יידן. זאגט די משנה אז אויב א ייד הרגעט א שקלאף אדער א כותי בשוגג, אדער אויב א שקלאף אדער א כותי הרגעט א ייד בשוגג, קומט דעם רוצח בשוגג גלות.** חוץ, אן אויסנאם איז א גר תושב. מיט גר תושב **(א פרעמדער איינגע־זעסענער) האט מען געמיינט א גוי וואס האט געוואוינט צווישן יידן אין ארץ ישראל, און ער האט זיך ניט מגייר געווען, נאר ער האט ניט געדינט דער עבודה זרה. זאגט די משנה אז א גר תושב אויב ער הרגעט בשוגג א ייד קומט אים דערפאר ניט קיין גלות, נאר מיתה.** וגר תושב, און א גר תושב קומט ניט קיין גלות סיידן דורך א גר תושב. **אויב א גר תושב האט בשוגג געהרגעט א גר תושב קומט אים יא גלות.** הסומא, א בלינדער (אויב ער האט געהרגעט בשוגג) קומט אים ניט קיין גלות, אזוי זאגט ר' יהודה; ר' מאיר זאגט, אז עס קומט אים גלות. **זיי זענען מחולק אין די ווער־טער פון במדבר ל"ה „בלא ראות" (ניט זעענדיק) צי דאס מיינט אז א בלינדער איז ניט אין כלל, צי דאס מיינט אז אויך א בלינדער.** השונא, אז איינער (ראובן) איז א שונא (פון שמעונען און ער האט אים געהרגעט בשוגג) קומט אים (ראובנען) ניט קיין גלות; ר' יוסי בר' יהודה זאגט, אז א שונא (וועלכער האט געהרגעט בשוגג) ווערט געהרגעט ווייל ער איז ווי א מזיד (מועד); ר' שמעון זאגט, אז עס איז פאראן א שונא וועלכן עס קומט גלות און עס איז פאראן א שונא, וועלכן עס קומט ניט קיין גלות, דאס איז דער כלל, אויב מען קאן זאגן אז ער האט געהרגעט וויסנדיק (לדעת), קומט אים ניט קיין גלות, און אויב אז ער האט געהרגעט ניט וויסנדיק (שלא לדעת, ניט ווילנדיק) קומט אים גלות. **אין סנהדרין פרק ג' משנה ה' זאגט די משנה אז א שונא הייסט איינער וואס רעדט ניט מיט'ן אנדערן דריי טעג צוליב שנאה.**

ד. להיכן, וואוהין ווערן זיי (די וועלכע האבן געהרגעט א מענטש בשוגג) פאר־טריבן? אין די אנטרינונגס־שטעט (ערי מקלט), אין דריי (מקלט־שטעט) אין עבר הירדן (אין יענער זייט פון טייך ירדן) און אין די 3 אין ארץ ישראל, ווארום ס'ווערט געזאגט (במדבר ל"ה) „את שלש הערים תתנו מעבר לירדן, ואת שלש הערים תתנו בארץ כנען, די דריי שטעט (מקלט) זאלט איר געבן אין עבר הירדן, און די דריי (מקלט־) שטעט זאלט איר געבן אין לאנד כנען (אין ארץ ישראל"). **אין יהושע כ' ווערט געזאגט, אז די דריי שטעט אין עבר הירדן זענען געווען „בצר" אין דעם טייל וואס האט געהערט צו שבט ראובן, „ראמות" אין גלעד וואס האט געהערט צו שבט גד, און גולן אין בשן וואס האט געהערט צו שבט מנשה; און די 3 שטעט אין ארץ ישראל זענען געווען „קדש" אין גליל אין הר נפתלי, „שכם" אין בארג אפרים, און חברון אין בארג יהודה.** עד שלא, כל זמן מען האט ניט געהאט אויסגעקליבן די דריי

יִשְׂרָאֵל, לֹא הָיוּ שָׁלֹשׁ שֶׁבְּעֵבֶר הַיַּרְדֵּן קוֹלְטוֹת, שֶׁנֶּאֱמַר שֵׁשׁ עָרֵי מִקְלָט תִּהְיֶינָה, עַד שֶׁיִּהְיוּ שִׁשְׁתָּן קוֹלְטוֹת כְּאֶחָד: ה וּמְכֻוָּנוֹת לָהֶן דְּרָכִים מִזּוֹ לְזוֹ, שֶׁנֶּאֱמַר תָּכִין לְךָ הַדֶּרֶךְ, וְשִׁלַּשְׁתָּ וְגוֹ'. וּמוֹסְרִים לוֹ שְׁנֵי תַלְמִידֵי חֲכָמִים, שֶׁמָּא יַהַרְגֶנּוּ בַדֶּרֶךְ, וִידַבְּרוּ אֵלָיו, רַבִּי מֵאִיר אוֹמֵר, אַף הוּא מְדַבֵּר עַל יְדֵי עַצְמוֹ, שֶׁנֶּאֱמַר, וְזֶה דְּבַר הָרוֹצֵחַ: ו רַבִּי יוֹסֵי בַּר יְהוּדָה אוֹמֵר, בַּתְּחִלָּה אֶחָד שׁוֹגֵג וְאֶחָד מֵזִיד מַקְדִּימִין לְעָרֵי מִקְלָט, וּבֵית דִּין

שטעט אין ארץ ישראל, האָבן די דריי שטעט אין עבר הירדן נישט קולט־געווען. די יידן איידער זיי זענען אריין קיין ארץ ישראל, זענען געווען אין עבר הירדן; פונדעסטוועגן האָבן די דאָרטיקע דריי שטעט נאָכניט קולט געווען, ניט געראַטעוועט דעם רוצח בשוגג, און זיי זענען געוואָרן ערי מקלט, רעטונגס־שטאָט, ערשט ווען מען האָט באַשטימט אויך די דריי שטעט אין ארץ ישראל. שנאמר, ווארום עס ווערט געזאָגט (במדבר ל"ה) „שש ערי מקלט תהיינה, זעקס אנטרינונגס־שטעט זאָלן זיי זיין", ביז זיי אַלע זעקס (שטעט) זאָלן קולט זיין צוזאַמען. די גמרא לערנט ארויס פון במדבר ל"ה (ועליהם תתנו ארבעים ושתים עיר) אז אויך נאָך 42 שטעט וועלכע האָבן געהערט צו די לויים, האָבן קולט געווען, געראַטעוועט דעם רוצח בשוגג. דער אונטערשיד צווישן די 6 און די 42 איז געווען דאָס וואָס די 6 שטעט האָבן געראַטעוועט אפילו ווען דער רוצח האָט ניט געוואוסט אז זיי ראַטעווען אים, אָבער די 42 האָבן געראַטעוועט נור ווען דער רוצח האָט געוואוסט דערפון און איז אהין אנטלאָפן צוליב רעטונג.

ה. ומכוונות, און מען האָט געמאַכט גלייך וועגן פון דער שטאָט צו דער שטאָט. מען מיינט דערמיט, אז פון אַלע ערטער אין ארץ ישראל זענען געווען וועגן צו די אנטרינונגס־שטעט, כדי דער רוצח בשוגג זאָל ניט בלאָנדזשען אין וועג נאָר ער זאָל טרעפן גלייך צו זיי. שנאמר, ווארים עס ווערט געזאָגט (דברים י"ט) „תכין לך הדרך ושלשת, זאָלסט זיך מאַכן גלייך דעם וועג, און זאָלסט טיילן אין דרייען". מיט טיילן אין דרייען מיינט מען, אז מען האָט ניט געמאַכט אַלע דריי שטעט אין איין געגנט אין ארץ ישראל, נאָר למשל חברון אין דרום, שכם אין צענטער פון לאַנד, און קדש אין צפון, און פון חברון קיין שכם איז אזוי ווייט ווי פון שכם קיין קדש. די גמרא זאָגט, אז אויף די ערטער וואו די וועגן האָבן זיך צעשיידט (פרשת דרכים) זענען געווען אויפשריפטן „מקלט", אז דער דאָזיקער וועג פירט צו דער אנטרינונגס־שטאָט, כדי דער רוצח בשוגג זאָל ניט בלאָנדזשען. ומוסרים, און מען גיט אים (דעם רוצח בשוגג) מיט צוויי תלמידי חכמים (אין וועג), טאָמער (וועט אים דער גואל הדם, דער קרוב פון געהרגעטן טרעפן און) ער וועט אים הרגענען אין וועג, און זיי (די תלמידי חכמים) זאָלן רעדן צו אים (צום גואל הדם). זיי זאָלן אים זאָגן, אז ער זאָל ניט פאַרגיסן קיין בלוט, ווייל ער האָט עס געטאָן בשוגג, ניט ווילנדיק. ר' מאיר זאָגט, אז אויך ער אליין (דער רוצח בשוגג) רעדט (צום גואל הדם) וועגן זיך, ווארים עס ווערט געזאָגט (דברים י"ט) „וזה דבר הרוצח", און דאָס איז דאָס וואָרט (די זאַך) פון רוצח". פון רמבם און ברטנורא איז צו זען, אז זיי זענען ניט גורס דאָס וואָרט „אף" (אויך), און זיי האַלטן, אז ער האָט ניט געדאַרפן אז די תלמידי חכמים זאָלן רעדן וועגן אים, נאָר ער אליין האָט גערעדט.

ו. ר' יוסי ברבי יהודה זאָגט, אז צוערשט (באַלד אין אָנהייב, ווען מען הערט אז איינער האָט געהרגעט א מענטש), איז סיי ער איז געווען א שוגג (ער האָט עס געטאָן ניט ווילנדיק) סיי א מזיד (ער האָט עס געטאָן ווילנדיק) גייען זיי אוועק אין דער אנטרינונגס־שטאָט. מקדימין לערי מקלט, זיי „פעדערן זיך", זיי איילן זיך באַלד צו קומען אהין, ובית דין, און דאָס בית דין שיקט און מען ברענגט זיי פון דאָרט; וועֶר (פון זיי) עס איז מחויב געוואָרן (מען האָט אים צוגעפסקנט) טויט־שטראָף דורך

שוּלְחִין וּמְבִיאִין אוֹתוֹ מִשָּׁם. מִי שֶׁנִּתְחַיֵּב מִיתָה בְּבֵית דִּין, הֲרָגוּהוּ. שֶׁלֹּא נִתְחַיֵּב מִיתָה, פְּטָרוּהוּ. מִי שֶׁנִּתְחַיֵּב גָּלוּת מַחֲזִירִין אוֹתוֹ לִמְקוֹמוֹ. שֶׁנֶּאֱמַר, וְהֵשִׁיבוּ אוֹתוֹ הָעֵדָה אֶל עִיר מִקְלָטוֹ וְגוֹ'. אֶחָד מָשׁוּחַ בְּשֶׁמֶן הַמִּשְׁחָה, וְאֶחָד הַמְרֻבֶּה בִּבְגָדִים, וְאֶחָד שֶׁעָבַר מִמְּשִׁיחָתוֹ, (מַחֲזִירִין אֶת הָרוֹצֵחַ). רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, אַף מְשׁוּחַ מִלְחָמָה מַחֲזִיר אֶת הָרוֹצֵחַ. לְפִיכָךְ אִמּוֹתֵיהֶן שֶׁל כֹּהֲנִים מְסַפְּקוֹת לָהֶן מִחְיָה וּכְסוּת, כְּדֵי שֶׁלֹּא יִתְפַּלְּלוּ עַל בְּנֵיהֶם שֶׁיָּמוּתוּ. מִשֶּׁנִּגְמַר דִּינוֹ, מֵת כֹּהֵן גָּדוֹל, הֲרֵי זֶה אֵינוֹ גוֹלֶה. אִם

דעם בית דין האָט מען אים געהרגעט, און ווער עס איז ניט מחויב געוואָרן (מען האָט אים ניט צוגעפסקנט) טויט־שטראָף האָט מען אים באפרייט; וועמען מ'האָט צו־געפסקנט גלות, האָט מען אים צוריקגעפירט אין זיין אָרט (אין דער מקלט־שטאָט, פון וואנען מען האָט אים געבראכט), ווארום עס ווערט געזאָגט (במדבר ל"ה) „והשי־בו אותו העדה אל עיר מקלטו, און די עדה זאָל אים צוריקפירן אין זיין אנטרינונגס־שטאָט". **פון דעם וואָרט „והשיבו" „און זיי זאָלן אים צוריקפירן", איז צו לערנען אז ער איז שוין דאָרט פריער געווען.**—אחד, סיי (דער כהן גדול), וועלכער איז געזאלבט געוואָרן מיט זאלבונגס־אייל (שמן המשחה), און סיי דער (כהן גדול), וועלכער (איז געוואָרן כהן גדול דורך) אָנטאָן א סך קליידער (אכט קליידער צום טאָן די עבודה אין בית המקדש), און סיי דער (כהן גדול) וועלכער איז געוואָרן אויס כהן גדול (שעבר ממשיחתו), ברענגן צוריק (באפרייען פון גלות) דעם רוצח (אויב איינער פון זיי שטאַרבט). **די תורה זאָגט אין במדבר ל"ה, אז אויב איינער הרגעט א מענטש בשוגג, ניט ווילנדיק, זאָל ער זיך ראטעווען אין א מקלט־שטאָט, און דאָרט זאָל ער זיצן „עד מות הכהן הגדול, ביז עס וועט שטארבן דער כהן גדול". ווען דער כהן גדול איז געשטאָרבן האָט דער רוצח בשוגג פארלאָזט די מקלט־שטאָט, און דער גואל הדם, דער קרוב פון הרוג, האָט אים מער ניט געטאָרט הרגענען. אין דער צייט פון ערשטן בית המקדש איז א געוויינטליכער כהן געוואָרן כהן גדול ווען מען האָט אים געזאלבט מיט דעם זאלבונגס־אייל** (שמן המשחה) **וואָס משה רבנו האָט געמאכט. אזא כהן גדול האָט געהייסן „כהן שנמשח". אָבער אין דער צייט פון 2טן בית המקדש איז דער שמן המשחה, דאָס זאלבונגס־אייל, ניט מער געווען, און א כהן איז געוואָרן כהן גדול דאדורך וואָס ער האָט אָנגעטאָן אכט קליידער צום טאָן די עבודה אין בית המקדש** (א געוויינטליכער כהן האָט געטראָגן נור 4 קליידער). **אזא כהן גדול האָט געהייסן „מרובה בגדים"** (מיט א סך קליידער). **עס האָט זיך געטראָפן א מאָל ווען איינער איז געוואָרן א כהן גדול** (אויף א צייט), **למשל יום כיפור, ווען דער שטענ־דיקער כהן גדול איז טמא געוואָרן, און דערנאָך איז דער צייטווייליקער כהן גדול געוואָרן אויס כהן גדול; דער האָט געהייסן „כהן שעבר". זאָגט די משנה, אז ווען איינער פון די דאָזיקע כהנים גדולים איז געשטאָרבן, איז דער רוצח בשוגג באפרייט געוואָרן פון זיין גלות.** ר' יהודה זאָגט, אז אויך דער כהן משוח מלחמה (וואָס האָט אָנגעפירט מיט דעם יידישן מיליטער אין א מלחמה־צייט) האָט באפרייט דעם רוצח (בשוגג, פון גלות אויב ער, דער כהן משיח מלחמה, איז געשטאָרבן) **וועגן כהן משיח מלחמה זע מסכתא סוטה פרק ח' משנה א'.** — לפיכך, דעריבער פלעגן די מוטערס פון די כהנים (גדולים) צושטעלן זיי (די רוצחים בשוגג ווען זיי זענען געזעסן אין די מקלט־שטעט) צו עסן (מחיה) און קליידונג (כסות), כדי זיי זאָלן ניט מתפלל זיין אויף זייערע קינדער אז זיי זאָלן שטארבן. **די גמרא זאָגט, אז דעריבער איז געווען מורא צו האָבן פאר זייער תפילה, ווייל א כהן גדול האָט געדארפן מתפלל זיין אז אין זיין דור זאָל זיך ניט טרעפן אזא פאל ווי א רציחה אפילו בשוגג.** משנגמר, אויב נאָכדעם ווי עס איז ארויסגעגעבן געוואָרן זיין פסק דין (נגמר דינו, זיין משפט איז געוואָרן פארענדיקט, דער פסק דין אויפן רוצח בשוגג אז ער דארף גיין אין גלות) איז דער

עַד שֶׁלֹּא נִגְמַר דִּינוֹ מֵת כֹּהֵן גָּדוֹל, וּמִנּוּ אַחֵר תַּחְתָּיו, וּלְאַחַר מִכֵּן נִגְמַר דִּינוֹ, חוֹזֵר בְּמִיתָתוֹ שֶׁל שֵׁנִי: ז נִגְמַר דִּינוֹ בְּלֹא כֹהֵן גָּדוֹל, וְהַהוֹרֵג כֹּהֵן גָּדוֹל, וְכֹהֵן גָּדוֹל שֶׁהָרַג, אֵינוֹ יוֹצֵא מִשָּׁם לְעוֹלָם. וְאֵינוֹ יוֹצֵא לֹא לְעֵדוּת מִצְוָה, וְלֹא לְעֵדוּת מָמוֹן, וְלֹא לְעֵדוּת נְפָשׁוֹת, וַאֲפִלּוּ יִשְׂרָאֵל צְרִיכִים לוֹ, וַאֲפִלּוּ שַׂר צְבָא יִשְׂרָאֵל כְּיוֹאָב בֶּן צְרוּיָה, אֵינוֹ יוֹצֵא מִשָּׁם לְעוֹלָם, שֶׁנֶּאֱמַר, אֲשֶׁר נָס שָׁמָּה, שָׁם תְּהֵא דִירָתוֹ, שָׁם תְּהֵא מִיתָתוֹ, שָׁם תְּהֵא קְבוּרָתוֹ. כְּשֵׁם שֶׁהָעִיר קוֹלֶטֶת, כַּךְ תְּחוּמָהּ קוֹלֵט. רוֹצֵחַ שֶׁיָּצָא חוּץ לַתְּחוּם וּמְצָאוֹ גוֹאֵל הַדָּם, רַבִּי יוֹסֵי הַגְּלִילִי אוֹמֵר, מִצְוָה בְּיַד גּוֹאֵל הַדָּם וּרְשׁוּת בְּיַד כָּל אָדָם, רַבִּי עֲקִיבָא אוֹמֵר, רְשׁוּת בְּיַד גּוֹאֵל הַדָּם, וְכָל

כהן גדול געשטאָרבן (און דער רוצח איז נאָכניט געהאַט אוועק אין גלות), קומט אים ניט קיין גלות. ווייל קוים איז שוין פאַראַן **דער פסק דין הייסט עס ווי ער איז שוין אין גלות, און דער טויט פון כהן גדול באַפרייט אים פון דאָרט.** אם עד, אויב דער כהן גדול איז געשטאָרבן איידער מען האָט ארויסגעגעבן זיין פסק דין (צו גיין אין גלות) און מען האָט באַשטימט אַן אַנדערן כהן גדול און דערנאָך האָט מען ארויסגעגעבן זיין פסק דין, ווערט ער באַפרייט מיט'ן טויט פון צווייטן. **ערשט ווען דער ניי־באַשטימטער כהן גדול שטאַרבט ווערט דער רוצח בשוגג באַפרייט פון גלות.**

ז. נגמר, אויב זיין פסק דין איז געוואָרן ארויסגעגעבן אָן אַ כהן גדול (עס איז דאַמאָלס אינגאַנצן ניט געווען קיין כהן גדול), אָדער אויב איינער האָט געהרגעט אַ כהן גדול (בשוגג), אָדער אויב אַ כהן גדול האָט געהרגעט (אַ מענטש בשוגג), גייט ער פון דאָרט (פון דער מקלט־שטאָט) ניט ארויס קיינמאָל. **כאָטש שפּעטער איז געוואָרן אַן אַנדערער אַ כהן גדול, ווערט דער רוצח בשוגג ניט באַפרייט פון גלות דורך דעם טויט פון דעם נייעם כהן גדול.** — ואינו, און ער (דער רוצח בשוגג וועלכער איז פאַרטריבן געוואָרן אין אַ מקלט־שטאָט) טאָר ניט ארויסגיין פון דאָרט ניט צו זאָגן עדות אין אַ מצוה־זאַך. **למשל, אַז ער האָט געזען ראש חודש די נייע לבנה און אַז מען דאַרף מאַכן דעם דאָזיקן טאָג פאַר ראש חודש.** ולא, און אויך ניט צו זאָגן עדות אין אַ געלט־משפט, און אויך ניט צו זאָגן עדות אין אַ משפט פון טויט־שטראָפן (עדות נפשות). **און אויב ער גייט ארויס פון דאָרט קאָן אים דער גואל הדם הרגענען.** ואפילו, און אפילו דאָס יידישע פאָלק (ישראל) דאַרף אים האָבן, און אפילו ער איז אַזאַ שר איבער דעם מיליטער ביי יידן (שר צבא ישראל) ווי יואב בן צרויה, טאָר ער אויך פון דאָרט (פון דער מקלט־שטאָט) קיינמאָל ניט ארויסגיין, וואָרום עס ווערט געזאָגט (במדבר ל"ה) „אשר נס שמה, וואָס ער איז אַנטלאָפן דאָרט", דאָרט זאָל זיין זיין וואוינונג, דאָרט זאָל זיין זיין טויט, און דאָרט זאָל זיין זיין קבורה. **יואב בן צרויה איז געווען דער מיליטער־פירער פון יידן אין דער צייט פון דוד המלך ווי עס ווערט דערציילט אין שמואל ב', און ער האָט געפירט די יידישע מלחמות.** כשם, אַזוי ווי די (מקלט־) שטאָט ראַטעוועט, אַזוי ראַטעוועט אויך איר תחום. **„קולט", נעמט־אויף, ראַטעוועט. מיט תחום מיינט מען די 2000 איילן ווייט אַרום דער שטאָט, ביז וועלכע מען מעג גיין אים שבת (תחום שבת). אויב דער רוצח בשוגג איז אַריין אין די 2000 איילן טאָר אים דער גואל הדם ניט הרגענען.** רוצח, אויב אַ רוצח (בשוגג) איז ארויס אויסער דעם תחום (פון דער מקלט־שטאָט, ווייטער פון די צוויי טויזנט איילן) און דער גואל הדם (דער קרוב פון הרוג) האָט אים געטראָפן, זאָגט ר' יוסי הגלילי אַז עס איז אַ מצוה פאַר דעם גואל הדם (צו הרגענען אים), און יעדער (אַנדערער) מענטש האָט דאָס רעכט (רשות אים צו הרגענען); ר' עקיבא זאָגט, אַז **דער גואל הדם** האָט דאָס רעכט (רשות, אים צו הרגענען), און יעדער (אַנדערער)

אָדָם אֵין חַיָּבִים עָלָיו. אִילָן שֶׁהוּא עוֹמֵד בְּתוֹךְ הַתְּחוּם וְנוֹפוֹ נוֹטֶה חוּץ לַתְּחוּם אוֹ עוֹמֵד חוּץ לַתְּחוּם וְנוֹפוֹ נוֹטֶה לְתוֹךְ הַתְּחוּם. הַכֹּל הוֹלֵךְ אַחַר הַנּוֹף. הָרַג בְּאוֹתָהּ הָעִיר. גּוֹלֶה מִשְּׁכוּנָה לִשְׁכוּנָה. וּבֶן לֵוִי גּוֹלֶה מֵעִיר לְעִיר: ח (כַּיּוֹצֵא בוֹ) רוֹצֵחַ שֶׁגָּלָה לְעִיר מִקְלָטוֹ. וְרָצוּ אַנְשֵׁי הָעִיר לְכַבְּדוֹ. יֹאמַר לָהֶם, רוֹצֵחַ אָנִי. אָמְרוּ לוֹ אַף עַל פִּי כֵן, יְקַבֵּל מֵהֶן, שֶׁנֶּאֱמַר, וְזֶה דְּבַר הָרוֹצֵחַ. מַעֲלִים הָיוּ שָׂכָר לַלְוִיִּם, דִּבְרֵי רַבִּי יְהוּדָה. רַבִּי מֵאִיר אוֹמֵר, לֹא הָיוּ מַעֲלִים לָהֶן שָׂכָר. וְחוֹזֵר לַשְּׂרָרָה שֶׁהָיָה בָהּ, דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, לֹא הָיָה חוֹזֵר לַשְּׂרָרָה שֶׁהָיָה בָהּ:

מענטש איז ניט שולדיק (אויב ער הרגעט אים). **דאָס הייסט, אז יעדער אנדערער מענטש האָט ניט קיין רעכט אים צו הרגענען, נאָר אויב ער האָט אים יאָ געהרגעט ווערט ער ניט באשטראָפט.** אילן, א בוים וועלכער שטייט אין תחום (אין די צוויי טויזנט איילן פון דער מקלט־שטאָט) און זיינע צווייגן גייען אריבער אויסער דעם תחום (אויסער די צוויי טויזנט איילן), אָדער ער (דער בוים) שטייט אויסער דעם תחום (אויסער די צוויי טויזנט איילן) און זיינע צווייגן גייען אריבער אריין אין תחום (אין די צוויי טויזנט איילן), גייט עס (ווערט עס פארעכנט אויך) לויט די צווייגן. **אזוי טייטשט די גמרא אז „אחר הנוף" מיינט „אף אחר הנוף", און סיי דער בוים איז אויסער דעם תחום און די צווייגן אין תחום, און סיי דער בוים איז אין תחום און די צווייגן אויסער דעם תחום, הייסט עס אלץ ווי ער איז אינגאנצן אין תחום, און ווען דער רוצח בשוגג איז אונטער די צווייגן, אָדער ביים בוים־שטאם טאָר אים שוין דער גואל הדם ניט הרגענען.** — הרג, אויב איינער (וואָס איז פארטריבן געוואָרן אין א מקלט־שטאָט), האָט געהרגעט (א מענטש בשוגג) אין דער דאָזיקער (מקלט־שטאָט), ווערט ער פארטריבן פון איין שטאָט־טייל אין אן אנדערער שטאָט־טייל. „שכונה" (פון וואָרט „שכן", וואוינען) מיינט א שטאָט־טייל. **ער בלייבט אין דער זעלביקער שטאָט ווייל ער טאָר פון דאָרט ניט ארויסגיין.** ובן לוי, און א לוי (וואָס וואוינט שטענדיק אין איינער פון די מקלט־שטעט) האָט געהרגעט (א מענטש בשוגג) ווערט ער פארטריבן פון דער שטאָט אין (אן אנדערער מקלט־) שטאָט. **ער ווערט פארטריבן אין אן אנדערער שטאָט, מחמת ער מעג דאָך ארויסגיין פון זיין שטאָט.**

ח. כיוצא בו, א שטייגער ווי דאָס, אויב א רוצח (בשוגג) איז פארטריבן געוואָרן אין זיין מקלט־שטאָט, און די מענטשן פון דעם אָרט (פון דער דאָזיקער שטאָט) ווילן אים אָנטאָן כבוד, זאָל ער זיי זאָגן: „איך בין א רוצח"; אויב זיי האָבן אים געזאָגט: „פונדעסטוועגן", זאָל ער אָננעמען פון זיי (דעם כבוד), ווארום עס ווערט געזאָגט (דברים י"ט) „וזה דבר הרוצח, און דאָס איז דאָס וואָרט (די זאַך) פון רוצח". **די משנה לערנט עס פון „דבר", א „וואָרט", אז עס איז גענוג ווען ער זאָגט זיי. די ערשטע ווערטער פון דער משנה „כיוצא בו", „א שטייגער ווי דאָס", נאָך אזא ענליכער דין, שטאמען פון מסכתא שביעית פרק י' משנה ח', וואו עס גייען עטליכע הלכות וועלכע זענען ענליך איינע צו דער אנדערער. אין טייל משניות פעלן דאָ די ווערטער „כיוצא בו".** מעלים, זיי (די רוצחים בשוגג, וועלכע זענען פארטריבן געוואָרן אין די מקלט־שטעט) האָבן באצאָלט דירה־געלט (מעלים שכר) צו די לויים, אזוי זאָגט ר' יהודה. **צו די לויים האָבן געהערט די מקלט־שטעט, סיי די 6 און סיי די 42 וועגן וועלכע מיר האָבן געגעבן פריער אין משנה ד'.** ר' מאיר זאָגט, אז זיי האָבן זיי ניט געצאָלט קיין דירה־געלט. **די גמרא זאָגט, אז אין די 6 שטעט האלט אויך ר' יהודה אז זיי האָבן זיי ניט געצאָלט, און די מחלוקה איז נאָר וועגן די 42 שטעט.** וחוזר, און ער (דער רוצח בשוגג וועלכער איז פארטריבן געוואָרן אין א מקלט־שטאָט, און דערנאָך ווען דער כהן גדול איז געשטאָרבן איז ער צוריק אהיימגעקומען), קומט ער צוריק צום אמט (שררה) וואָס ער האָט (פריער) פארנומען, אזוי זאָגט ר'

**א** וְאֵלּוּ הֵן הַלּוֹקִין. הַבָּא עַל אֲחוֹתוֹ, וְעַל אֲחוֹת אָבִיו, וְעַל אֲחוֹת אִמּוֹ, וְעַל אֲחוֹת אִשְׁתּוֹ, וְעַל אֵשֶׁת אָחִיו, וְעַל אֵשֶׁת אֲחִי אָבִיו, וְעַל הַנִּדָּה. אַלְמָנָה לְכֹהֵן גָּדוֹל, גְּרוּשָׁה וַחֲלוּצָה לְכֹהֵן הֶדְיוֹט, מַמְזֶרֶת וּנְתִינָה לְיִשְׂרָאֵל, בַּת יִשְׂרָאֵל לְנָתִין וּלְמַמְזֵר. אַלְמָנָה וּגְרוּשָׁה חַיָּבִין עָלֶיהָ מִשּׁוּם

מאיר; ר׳ יהודה זאָגט, אז ער קומט ניט צוריק צום אמט וואָס ער האָט פארנומען. **מיט „שררה״, אמט, מיינט מען אויב ער איז געווען א נשיא אָדער דער משפחה־פירער (ראש בית אב); אזוי טייטשט רשי.**

## פרק ג.

ואלו, און די דאָזיקע (מענטשן, וועלכע האָבן עובר געווען אויף איינער פון די עבירות, וואָס ווערן דאָ אויסגערעכנט) קומט מלקות. „לוקין״, „**ווערן געשלאָגן״, עס קומט זיי קלעפּ, מלקות. ווי מיר האָבן דערקלערט אין דער הקדמה צו מסכתא מכות איז די גרעסטע צאָל קלעפּ וואָס מען גיט פאר עובר זיין א עבירה 39, און די משנה רופט עס אָן ארבעים, 40 און ווייטער משנה י׳ וועלן מיר עס דערקלערן. די משנה רעכנט דאָ ניט אויס אלע עבירות פאר וועלכע עס קומט מלקות. זי גיט די חייבי כריתות, די עבירות פאר וועלכע עס קומט כרת, פארשניטן ווערן פון הימל, און עס קומט פאר זיי מלקות אויב מען האָט דעם עבירה־טוער מתרה געווען, גע־ווארנט. די משנה רעכנט אויס אויך עטליכע חייבי לאווין, וואָס עס איז וועגן זיי פאראן אין דער תורה נור א לאוו, א פארבאָט, אָן כרת; זי טוט עס צוליב דעם חי־דוש, דעם נייעס וואָס אין יעדן פון זיי איז פאראן. איצט הויבט אָן די משנה אויסצו־רעכענען:** הבא, אז איינער קומט אויף (לעבט געשלעכטליך מיט) זיין שוועסטער, אָדער אויף זיין פאָטערס שוועסטער, אָדער אויף זיין מוטערס שוועסטער, אָדער אויף זיין פרויס שוועסטער, אָדער אויף זיין ברודערס פרוי, אָדער אויף דער פרוי פון זיין פאָטערס ברודער, אָדער אויף א נידה (א פרוי אין איר מאָנאטליכער בלוטי־גונגס־צייט). **פאר יעדער פון די דאָזיקע עבירות קומט כרת.** אלמנה, אויב א כהן גדול (לעבט) מיט אן אלמנה, אָדער א געוויינטליכער כהן (כהן הדיוט) לעבט מיט א גרושה (א געגטער פרוי) צי מיט א חלוצה (א פרוי וועלכע האָט גענומען חליצה), אָדער א ייד לעבט מיט א ממזרת צי מיט א נתינה, אָדער א נתין צי א ממזר לעבט מיט א טאָכטער פון א ייד. **נתין הייסט איינער וועלכער שטאמט פון די גבעונים, וואָס אין ספר יהושע ט׳ ווערט דערציילט וועגן זיי אז זיי האָבן זיך מגייר געווען, נאָר יידן האָבן ניט געטאָרט חתונה האָבן מיט זיי ווייל זיי שטאמען פון די 7 פעלקער אין ארץ־ישראל. ביי די אלע אויסגערעכנטע עבירות איז נור א פארבאָט פון א „לאוו״, ניט קיין כרת; און די משנה רעכנט זיי דאָ ווייל זי וויל באלד לערנען דעם דין וועגן אן אַלמנה וועלכע איז אויך א גרושה ; און ווייל זי לערנט שוין וועגן דעם לערנט זי שוין וועגן כהן הדיוט און ממזר און נתין, מחמת זיי גייען אין דער משנה אָפּט צוזאמען (זע יבמות פרק ב׳ משנה ד׳).** אלמנה וגרושה, אויב א פרוי איז געווען אן אלמנה (פון איין מאן) און א גרושה (פון אן אנדערן מאן, און א כהן גדול האָט געלעבט מיט איר) איז מען (דער כהן גדול איז) חייב צוליב איר פאר צוויי עבירות (שני שמות, צוויי נעמען, צוויי עבירות). **עס קומט אים צוויי מאָל מלקות, ווייל ער האָט עובר געווען אויף צוויי לאווין אין דער תורה, כאָטש ער האָט דאָך געטאָן נור איין מעשה, ער האָט גע־לעבט מיט איר נור איינמאָל.** גרושה וחלוצה, אויב (א געוויינטליכער כהן האָט גע־לעבט מיט א פרוי וועלכע איז) א גרושה (פון איין מאן). און זי האָט גענומען חליצה (נאָך אן אנדערן מאן) איז ער חייב נור צוליב איין נאָמען אליין (צוליב איין עבירה). **צוליב גרושה; ווייל דער איסור פאר א כהן צו לעבן מיט א חלוצה איז נור מדרבנן, און מדאורייתא מעג ער, אזוי טייטשט תוספות. אָבער רשי און דער ברטנורא זאָגן, ווייל**

שְׁנֵי שֵׁמוֹת. גְּרוּשָׁה וַחֲלוּצָה אֵינוֹ חַיָּב, אֶלָּא מִשֵּׁם אֶחָד בִּלְבָד: ב הַטָּמֵא שֶׁאָכַל אֶת הַקֹּדֶשׁ, וְהַבָּא אֶל הַמִּקְדָּשׁ טָמֵא, וְהָאוֹכֵל חֵלֶב, וְדָם, וְנוֹתָר, וּפִגּוּל, וְטָמֵא. הַשּׁוֹחֵט, וְהַמַּעֲלֶה בַחוּץ, וְהָאוֹכֵל חָמֵץ בְּפֶסַח, וְהָאוֹכֵל וְהָעוֹשֶׂה מְלָאכָה בְּיוֹם הַכִּפּוּרִים. וְהַמְפַטֵּם אֶת הַשֶּׁמֶן, וְהַמְפַטֵּם אֶת הַקְּטֹרֶת, וְהַסָּךְ בְּשֶׁמֶן הַמִּשְׁחָה. וְהָאוֹכֵל נְבֵלוֹת וּטְרֵפוֹת, שְׁקָצִים וּרְמָשִׂים. אָכַל טֶבֶל וּמַעֲשֵׂר רִאשׁוֹן שֶׁלֹּא נִטְּלָה תְרוּמָתוֹ, וּמַעֲשֵׂר שֵׁנִי וְהֶקְדֵּשׁ שֶׁלֹּא נִפְדּוּ. כַּמָּה יֹאכַל מִן הַטֶּבֶל וִיהֵא חַיָּב? רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, כָּל שֶׁהוּא. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים כַּזַּיִת. אָמַר לָהֶם רַבִּי שִׁמְעוֹן, אֵין אַתֶּם מוֹדִים לִי בְּאוֹכֵל נְמָלָה כָּל

**דער איסור פון חלוצה איז ניט פאראן בפירוש אין דער תורה און מען לערנט עס אָפּ פון דעם וואָרט „ואשה".**

ב. הטמא, אויב א מענטש וועלכער איז געוואָרן טמא (למשל ער האָט אָנגערירט א נבלה) האָט געגעסן קרבנות (קודש, הייליקע קרבנות־זאכן, למשל, פלייש פון קרבנות), אָדער איינער איז אריינגעקומען אין בית המקדש (מקדש, אפילו אין הויף פון בית המקדש) ווען ער איז טמא, אָדער ווער עס עסט חלב אָדער בלוט, אָדער ווער עס שעכט (א קרבן) אָדער איז (אים) מקריב (המעלה) אין דרויסן (בחוץ, אין דרויסן פון בית המקדש־הויף), אָדער ווער עס עסט חמץ אים פסח, אָדער ווער עס עסט צי ער טוט א מלאכה (אן ארבייט) אים יום כיפור, אָדער ווער עס ווירצט (גרייט צו מיט געווירצן) זאלבונגס־אייל (אזוי ווי משה רבינו האָט געמאכט דעם שמן המשחה, דעם זאלבונגס־אייל), אָדער ווער עס ווירצט (מישט צוזאמען די בשמים) פון די קטורת (די בשמים וועלכע מען האָט געריכערט אין בית המקדש), אָדער ווער עס שמירט מיט דעם זאלבונגס־אייל (שמן המשחה, וואָס משה רבנו האָט געמאכט). **פאר טאָן די דאָזיקע עבירות קומט כרת, ווי עס לערנט די משנה אין כריתות פרק א' משנה א', און די משנה דאָ לערנט אז אויב מען האָט געוואָרנט דעם עבירה־טוער קומט אים מלקות.** — והאוכל, און ווער עס עסט נבילות אָדער טריפות (א בהמה צי א עוף וואָס מען האָט געשאָכטן נאָר זי איז געפונען געוואָרן טריפה), אָדער שקצים, (שרצים, ווערם) אָדער קריכנדיקע חיהלעך (רמשים); איינער וועלכער האָט געגעסן טבל (תבואה צי פרוכטן וואָס מען האָט ניט אראָפּגענומען דערפון תרומה צי מעשר), אָדער (איינער האָט געגעסן) מעשר ראשון (ערשטער מעשר) פון וועלכן מען האָט ניט אראָפּגענומען זיין תרומה (די תרומת מעשר), אָדער (ער האָט געגעסן) מעשר שני (דעם צווייטן מעשר, וועלכער איז טמא געוואָרן, אפילו ער איז אין ירושלים) אָדער הקדש (א זאך וואָס מען האָט מקדיש געווען צום בית המקדש) וועלכע מען האָט ניט פריער אויסגעלייזט. **וועגן טבל, מעשר ראשון, תרומת מעשר, מעשר שני און זיין אויסלייזן זע אין דער הקדמה צו מסכתא פאה. די משנה לערנט די דאָזיקע עבירות** (כאָטש פאר זיי קומט ניט קיין כרת), **ווייל זי וויל לערנען באלד דעם דין וויפיל מען דארף עסן פון טבל אז מען זאָל זיין חייב מלקות.** כמה, וויפיל זאָל איינער עסן טבל און עס זאָל אים קומען (דערפאר) מלקות? **דער דין איז אז ווען איינער עסט א זאך וואָס מען טאָר ניט עסן, קומט אים מלקות נאָר אויב ער האָט געגעסן ניט ווינ־ציקער פון א כזית** (אזוי גרויס פון אן איילבירט); **אָבער פאר ווינציקער פון א כזית קומט ניט קיין מלקות.** עס זענען אָבער פאראן דאביי עטליכע אויסנאמען. **זאָגט דאָ די משנה, אז וועגן עסן טבל איז פאראן א מחלוקה צווישן ר' שמעון און די חכמים.** ר' שמעון זאָגט, אז (אפילו) עטוואָס (כל שהוא, אפילו ווינציקער פון א כזית), און די חכמים זאָגן, אז (ניט ווינציקער פון) א כזית. האָט ר' שמעון געזאָגט צו זיי (צו די חכמים): צי זענט איר דען מיר ניט מודה, אז איינער עסט א מילב וואָס איז גרויס נור

שֶׁהוּא (שֶׁהוּא) חַיָּב. אָמְרוּ לוֹ: מִפְּנֵי שֶׁהִיא כִבְרִיָּתָהּ. אָמַר לָהֶם אַף חִטָּה אַחַת כִּבְרִיָּתָהּ: ג הָאוֹכֵל בִּכּוּרִים עַד שֶׁלֹּא קָרָא עֲלֵיהֶן, קָדְשֵׁי קָדָשִׁים חוּץ לַקְּלָעִים, קָדָשִׁים קַלִּים וּמַעֲשֵׂר שֵׁנִי חוּץ לַחוֹמָה, הַשּׁוֹבֵר אֶת הָעֶצֶם בַּפֶּסַח הַטָּהוֹר, הֲרֵי זֶה לוֹקֶה אַרְבָּעִים. אֲבָל הַמּוֹתִיר בַּטָּהוֹר וְהַשּׁוֹבֵר בַּטָּמֵא,

עטוואָס (ניט קיין כזית) אז ער איז חייב (עס קומט אים מלקות)? **מחמת די תורה אין ויקרא י״א האָט עס פאַרבאָטן (שרץ השורץ על הארץ).** אָמרו לו, האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו ר׳ שמעון), דאָס (וואָס עס קומט מלקות פאַר עסן א מילב, כאָטש עס איז ניט פאַראַן א כזית איז דערפאַר), ווייל זי איז ווי זי איז באַשאַפן געוואָרן. **זי איז א „בריה״, א באַשעפעניש, און האָט א חשיבות, אפילו ווען עס איז ניט פאַראַן א כזית.** אָמר להן, האָט ער (ר׳ שמעון) געזאָגט צו זיי (צו די חכמים): אויך איין ווייץ (פון טבל) איז אויך אַזוי ווי זי איז באַשאַפן געוואָרן. **און מען דאַרף אפילו פאַר עסן איין ווייץ קריגן מלקות. אָבער די חכמים האַלטן (און אַזוי איז די הלכה) אַז „בריה״, באַשעפעניש, הייסט נור א זאַך וואָס האָט געלעבט.**

ג. האוכל, אַז איינער עסט ביכורים (די ערשטע תבואות און פרוכטן, וואָס מען דאַרף ברענגען קיין ירושלים) איידער ער האָט געליינט איבער זיי (די פרשה פון „ארמי אובר אבי״ פון ביכורים), אָדער ער האָט געגעסן קדשי־קדשים־קרבנות (למשל פלייש פון א חטאת אָדער א אשם) אויסער די פאַרהאַנגן (אויסער דער מויער פון דעם בית המקדש הויף, פון דער עזרה), אָדער קדשים־קלים־קרבנות (למשל פלייש פון שלמים) אָדער מעשר שני אויסער דער מויער (פון ירושלים), אָדער איי־נער צעברעכט א ביין פון א ריינעם קרבן פסח, — קומט אים פירציק קלעפּ מלקות. **ביכורים האָט מען געבראַכט קיין ירושלים אין בית המקדש און געליינט איבער זיי די פרשה פון „ארמי אובד אבי״, און דערנאָך זיי אוועקגעגעבן צום כהן. עס קומט מלקות נאָר ווען מען עסט די בכורים נאָכדעם ווי מען האָט זיי געבראַכט קיין ירו־שלים און איידער מען האָט געליינט די פרשה. אָבער אויב מען האָט זיי געגעסן איי־דער מען האָט זיי געבראַכט קיין ירושלים אָדער נאָכן לייענען די פרשה קומט ניט קיין מלקות, ווייל נאָכן לייענען געהערן זיי צום כהן. דאָס איז די דעה פון ר׳ עקיבא, אָבער די חכמים זאָגן, אַז פון זינט מען לייגט זיי אוועק אין בית המקדש הויף, אפילו פאַרן לייענען, געהערן זיי שוין צום כהן און עס קומט ניט קיין מלקות. וועגן ביכורים זע אין דער הקדמה צו מסכתא ביכורים. וועגן מעשר שני זע אין דער הקדמה מסכתא מעשר שני.** „בפסח הטהור״ מיינט מען, אַז מען האָט געבראַכט דעם קרבן פסח ווען מען איז טהור, ניט טמא. אבל, אָבער ווער עס לאָזט איבער (פלייש פון קרבן פסח ביז צומאָרגנס פון דער ערשטער פסח־נאַכט, און מען טאָר עס מער ניט עסן) אָדער ווער עס צעברעכט (א ביין) פון (קרבן פסח וועלכער איז) טמא, קומט אים ניט קיין פירציק (קלעפּ, קיין מלקות). **די תורה זאָגט (שמות י״ב) וועגן קרבן פסח „לא תותירו ממנו עד בוקר״, מען זאָל ניט איבערלאָזן פון אים ביז צומאָרגנס אין דער פרי (ביז אין דער פרי פון 15טן טאָג אין ניסן); און אויב מען לאָזט איבער זאָל מען עס פאַרברענען אין פייער (באש תשרופו). לערנט די משנה אַז אויב מען האָט יאָ עובר געווען און איבערגעלאָזט, קומט ניט קיין מלקות. די גמרא ברענגט דאַ־רויף צוויי טעמים. איינער זאָגט, אַז ווייל עס איז א „לאו הניתק לעשה״, א „פאַר־באָט מיט א מצות עשה דערנאָך״, דהיינו אַז אויב מען האָט איבערגעלאָזט זאָל מען עס פאַרברענען, און אויף א „לאו הניתק לעשה״ קומט ניט קיין מלקות. אַן אנדע־רער זאָגט, אַז דער טעם איז ווייל עס איז א „לאו שאין בו מעשה״, א פאַרבאָט, וואָס ביים עובר זיין דעם פאַרבאָט טוט מען גאָרניט; ביים איבערלאָזן פלייש טוט מען ניט קיין שום פעולה. און דעריבער קומט ניט אויף אַזא לאו קיין מלקות.** „פסח טמא״ מיינט מען ווען ס׳רוב יידן זענען טמא (אָדער די כהנים צי די כלי־שרת זענען טמא) **ברענגט מען דעם קרבן פסח און מען עסט אים. אָבער אויב מען צעברעכט א ביין פון**

**אֵינוֹ לוֹקֶה אַרְבָּעִים: ד הַנּוֹטֵל אֵם עַל הַבָּנִים רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, לוֹקֶה וְאֵינוֹ מְשַׁלֵּחַ. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים מְשַׁלֵּחַ וְאֵינוֹ לוֹקֶה. זֶה הַכְּלָל כָּל מִצְוַת לֹא תַעֲשֶׂה שֶׁיֵּשׁ בָּהּ קוּם עֲשֵׂה, אֵין חַיָּבִין עָלֶיהָ: ה הַקּוֹרֵחַ קָרְחָה בְּרֹאשׁוֹ וְהַמַּקִּיף פְּאַת רֹאשׁוֹ וְהַמַּשְׁחִית פְּאַת זְקָנוֹ וְהַשּׂוֹרֵט שְׂרִיטָה**

**אזא טמא פסח, קומט ניט קיין מלקות. די גמרא לערנט עס אָפּ פון (שמות י״ב) „ועצם לא תשברו בו״, אז „בו״ מיינט נור ווען ער איז טהור און ניט ווען ער איז טמא.**

ד. הנוטל, אז איינער (געפינט א נעסט מיט פייגל, א מוטער מיט קינדער, און ער) נעמט צו די מוטער צוזאמען מיט די קינדער, — זאָגט ר׳ יהודה, אז עס קומט אים קלעפּ (מלקות), און ער דאַרף ניט אוועקשיקן (פריי לאָזן די מוטער), און די חכמים זאָגן, אז ער דאַרף פריילאָזן (די מוטער) און עס קומט אים ניט קיין מלקות. **אין דברים כ״ב זאָגט די תורה אז מען געפינט א נעסט פון פייגל און די מוטער זיצט אויף די קינדער, „לא תקח האם על הבנים, שלח תשלח את האם ואת הבנים תקח לך, זאָלסטו ניט צונעמען די מוטער צוזאמען מיט די קינדער; זאָלסט אוועקשיקן (פריילאָזן) די מוטער, און די קינדער קאָנסטו נעמען פאַר זיך״, זאָגט ר׳ יהודה, אז „שלח תשלח״ (מעיקרא משמע) מיינט, אז איידער מען נעמט צו די קינדער־פייגעלעך זאָל מען פריילאָזן די מוטער. דאריבער אויב איינער נעמט יאָ צו די מוטער, האָט ער עובר געווען אויפן פאַרבאָט פון „לא תקח״, אָבער דערנאָך דאַרף ער די מוטער ניט מער אוועקשיקן. דאקייגן די חכמים זאָגן, אז „שלח תשלח״ מיינט אויך דערנאָך, אז אויב מען האָט יאָ עובר געווען און גענומען די מוטער איז פאַראַן א די מצווה אוועקצושיקן די מוטער, און דאריבער הייסט עס א „לאו הניתק לעשה״, מען דאַרף טאָן א מצוה נאָכן עובר זיין אויפן לאו, (ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ג׳ וועגן נותר פון קרבן פסח) און עס קומט ניט קיין מלקות. די משנה דערקלערט עס באַלד.** זה הכלל, דאָס איז דער כלל, יעדע מצוה פון ניט טאָן (לא תעשה, פון א לאו, יעדער פאַרבאָט ניט צו טאָן עפּיס), וואָס אין איר איז פאַראַן (א מצוה) יאָ צו טאָן (קום עשה, מען דאַרף, נאָכן עובר זיין די עבירה, טאָן א מצוה) איז מען ניט חייב אויף איר. **מען קריגט ניט קיין מלקות פאַר עובר זיין אויף אזא „לאו הניתק לעשה״, ווי מיר האָבן פריער דערקלערט.**

ה. הקורח, ווער עס שערט זיך אויס א שטיק אָרט אויף זיין קאָפּ (צוליב טרויער נאָך א פאַרשטאָרבענעם), און ווער עס שערט זיך אָפּ (דעם קאָפּ האָר מיט) דער פאה (דעם עק) פון קאָפּ און ווער עס פאַרדאַרבט די פאה פון זיין באָרד (ער גאָלט זיך אָפּ די באָרד) און ווער עס שניידט זיך איין איין שניט (אין זיין קערפּער) צוליב (טרויער נאָך) א פאַרשטאָרבענעם איז חייב. **פאַר יעדן איינעם פון די דאָזיקע עבירות קומט מלקות. די משנה לערנט עס, ווייל זי וויל זאָגן, אז מען איז חייב מלקות פאַר יעדן שטיק וואָס מען שערט אויס אין קאָפּ צוליב א פאַרשטאָרבענעם, אָדער פאַר יעדע פאה, און פאַר יעדן שניט. דאקייגן, למשל, ווען איינער עסט עטליכע שטיקלעך חלב קומט אים נור איינמאָל מלקות. „קרחה״, איז א ליידיק אָרט, און דאָ מיינט מען אָפּשערן א שטיקל קאָפּ האָר אז עס זאָל בלייבן ליידיק. „שריטה״ איז אן איינשניט, טיפער קראַץ. דער ברטנורא ברענגט דאָ עטליכע הלכות וועגן דעם איסור פון „הקפת פאת הראש״ („אַרומרינגלען די פאה פון קאָפּ״, מאַכן קיילעכיק אַרום, אָפּשערן זיך אויך די פיאות), און דעם איסור פון אָפּגאָלן זיך די באָרד, וועלכע זענען פאַראַן אין חומש (ויקרא י״ט) „לא תקיפו פאת ראשכם ולא תשחית את פאך זקנך״. אָפּשערן די פאות צוזאמען מיט דעם קאָפּ קיילעכיק אַרום און אַרום טאָר מען ניט אפילו מיט א שערל. אָבער די באָרד טאָר מען נאָר ניט אָפּגאָלן זיך מיט א גאָל־מעסער (בתער), ווייל די תורה זאָגט „לא תשחית״, „זאָלסט ניט פאַרניכטן די**

אַחַת עַל הַמֵּת, חַיָּב. שָׂרַט שְׂרִיטָה אַחַת עַל חֲמִשָּׁה מֵתִים, אוֹ חָמֵשׁ שְׂרִיטוֹת עַל מֵת אֶחָד, חַיָּב עַל כָּל אַחַת וְאֶחָת. עַל הָרֹאשׁ שְׁתַּיִם, אַחַת מִכָּאן וְאַחַת מִכָּאן. וְעַל הַזָּקָן שְׁתַּיִם מִכָּאן, וּשְׁתַּיִם מִכָּאן, וְאַחַת מִלְּמַטָּה. רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר, אִם נְטָלוֹ כֻלּוֹ כְּאַחַת אֵינוֹ חַיָּב אֶלָּא אֶחָת. וְאֵינוֹ חַיָּב עַד שֶׁיִּטְּלֶנּוּ בְתַעַר. רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר, אֲפִלּוּ לְקָטוֹ בְמַלְקֵט אוֹ בִרְהִיטְנִי, חַיָּב: ו הַכּוֹתֵב כְּתֹבֶת קַעֲקַע, כָּתַב וְלֹא קִעְקַע, קִעְקַע וְלֹא

**האר פון באָרד״, און דאָס איז נור מיט א גאָל־מעסער), אָבער מיט א שערל איז ביטאָ דער איסור.** שרט, אויב איינער האָט איינגעשניטן (אין זיין קערפּער) איין שניט צוליב (טרויער נאָך) פינף פארשטאָרבענע (פינף מתים), אָדער ער האָט געמאכט פינף שניטן צוליב (טרויער נאָך) איין פארשטאָרבענעם (איין מת), איז ער חייב (באזונדערע מלקות) פאר יעדן איינעם (שניט, אָדער פאר יעדן מת). **דער ברטנורא גיט דאצו, אַז אפילו עס איז מער ניט געווען ווי איין התראה, איין ווארנונג, מען האָט דעם טוער פון דער עבירה געזאָגט נור איינמאָל אז ער זאָל עס ניט טאָן.** על הראש, (מען איז מחויב מלקות פאר אָפּשערן דעם עק קאָפּ, די פּאה) פאר איינער פון דער (רעכטער) זייט (פון קאָפּ) און פאר איינער פון דער (לינקער) זייט. **אויב מען שערט זיך אָפּ ביידע פּיאות קומט צוויי מאָל מלקות.** ועל הזקן, (און עס קומט מלקות פאר (אָפּגאָלן זיך) די באָרד, פאר צוויי פון דער (רעכטער) זייט, און פאר צוויי פון דער (לינקער) זייט, און פאר איינער פון אונטן. **די באָרד האָט 5 עקן, דהיינו: צוויי אויף יעדער באַק, דער סוף פון ביין פון דער באַק אין דער הויך און דער סוף פון ביין פון דער באַק אונטן, דאָס איז צוזאמען פיר, און איינע אונטן, דער שפּיץ פון דער גאָמבע, איז צוזאמען פינף. עס קומט דעריבער 5 מאָל מלקות פאר אָפּגאָלן זיך די גאנצע באָרד.** ר׳ אליעזר זאָגט, אז אויב ער האָט אראָפּגענומען אינגאנצן מיט איינמאָל, קומט נור איינמאָל (מלקות). **ווייל עס איז נור איין לאו אין דער תורה, און עס איז ווי איינער עסט צוויי כזיתים חלב און מען האָט אים געווארנט נור איין מאָל (איין התראה) און עס קומט אים דערפאר נאָר איינמאָל מלקות.** ואינו, און ער (דער וואָס גאָלט זיך אָפּ די באָרד) איז ניט חייב (קומט אים ניט קיין מלקות) סיידן ער נעמט זי (די באָרד) אראָפּ מיט א גאָל־מעסער (בתער). **מיר האָבן שוין פריער געגעבן דעם טעם דערפון, ווייל נור מיט א גאָל־מעסער איז פאראן „השחתה״, פאר־ניכטונג.** ר׳ אליעזר זאָגט, אז אפילו ער האָט זי (די באָרד) אראָפּגענומען (לקטו, ארויסגעריסן) מיט א האָר־צווענגל (במלקט) אָדער מיט א היבל (ברהיטני) איז ער חייב (קומט אים מלקות). **ווייל אויך דערמיט פארניכטעט מען די האָר. אָבער די חכמים האלטן, אז ווייל עס איז ניט דער שטייגער דערמיט צו שערן זיך (עס איז ניט דרך גילוח בכך) איז מען פטור. „מלקט״ איז דער טייטש א האָר־צווענגל; אין דער אראבישער שפּראך איז „מילקאט״ א צווענגל בכלל. אויך דער תרגום יונתן אויפן וואָרט אין שמות כ״ה „מלקחיה״ (אירע צווענגלעך) זעצט עס איבער „מלקטייהא״. „רהיטני״ ווערט געוויינטליך געטייטשט א היבל. דאָס וואָרט געפינט זיך עטליכע מאָל אין דער גמרא (שבת צ״ז. „שתלקט במלקט ורהיטני״ און אין אנדערע ערטער). רשי פארטייטשט עס (דאָרט אין שבת) מיט „פליינא״, דאָס זאָל זיין דאָס מיטל־דייטשע וואָרט „פיילן״, א פייל, מיט וועלכן מען פיילט אייזן. דער „ערוך השלם״ זאָגט אז עס איז פון גריכישן וואָרט „רינע״, א פייל; אָבער די מיינונג איז ניט זיכער, עס איז אפשר פון וואָרט „רהט״ לויפן, שנעל איבערגיין, ווייל מען גייט מיט דער פייל (מיט דעם היבל) שנעל אריבער דעם אייזן (אזוי טייטשט דער ר״ן).**

ו. הכותב, אז איינער שרייבט א איינגעשטאָכענע שריפט (אין זיין קערפּער, קומט אים מלקות). **אין חומש ויקרא י״ט ווערט געזאָגט „וכתובת קעקע לא תתנו בכם, אני ה׳״, אז מען טאָרניט אויסשטעכן זיך אין לייב אותיות און אָנפילן די אותיות מיט פארב, דאָס הייסט „כתובת קעקע״, „אויסגעשטאָכענע שריפט״.** כתב,

כָּתַב, אֵינוֹ חַיָּב עַד שֶׁיִּכְתּוֹב וְיִקַעְקַע, בִּדְיוֹ וּבִכְחוֹל, וּבְכָל דָּבָר שֶׁהוּא רוֹשֵׁם. רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן יְהוּדָה מִשּׁוּם רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר אֵינוֹ חַיָּב עַד שֶׁיִּכְתּוֹב שָׁם (אֶת) הַשֵּׁם שֶׁנֶּאֱמַר וּכְתֹבֶת קַעֲקַע לֹא תִתְּנוּ בָּכֶם, אֲנִי ה': ז נָזִיר שֶׁהָיָה שׁוֹתֶה בַיַּיִן כָּל הַיּוֹם, אֵינוֹ חַיָּב אֶלָּא אַחַת. אָמְרוּ לוֹ אַל תִּשְׁתֶּה, אַל תִּשְׁתֶּה, וְהוּא שׁוֹתֶה, חַיָּב עַל כָּל אַחַת וְאַחַת: ח הָיָה מִטַּמֵּא לְמֵתִים כָּל הַיּוֹם אֵינוֹ חַיָּב אֶלָּא אַחַת. אָמְרוּ לוֹ, אַל תִּטַּמָּא אַל תִּטַּמָּא, וְהוּא מִטַּמֵּא, חַיָּב עַל כָּל אַחַת וְאַחַת. הָיָה מְגַלֵּחַ כָּל הַיּוֹם אֵינוֹ

אויב ער האָט אָנגעשריבן (אויפֿן קערפּער אותיות) אָבער ער האָט ניט אויסגעשטאָכן (מיט א מעסער די אותיות), אָדער ער האָט אויסגעשטאָכן (קעקע, די אותיות) אָבער ער האָט זיי ניט איינגעשריבן (ניט אָנגעפּילט מיט פאַרב) איז ער ניט חייב (קיין מלקות) סיידן ער שרייבט־איין און שטעכט אויס. **דער ברטנורא זאָגט, אז מען מיינט, אז צוערשט שטעכט מען אויס און דערנאָך שרייבט מען איין; אָבער טייל אנדערע מפרשים (דער ריב״ן) האלט, אז צוערשט שרייבט מען אויפֿן לייב און דערנאָך שטעכט מען אויס.** בדיו, (דאָס איינשרייבן מוז האָבן געווען) מיט טינט אָדער פאַרב (כחול) אָדער מיט יעדער זאַך וואָס לאָזט איבער א צייכן (רושם). **אָבער למשל פאַר שרייבן מיט א וואַסערדיקער פאַרב, וואָס לאָזט ניט איבער קיין צייכן, קומט ניט קיין מלקות.** ר׳ שמעון זאָגט, אז ער איז ניט חייב (עס קומט אים ניט קיין מלקות) סיידן ער שרייבט אריין דאָרט (אין קערפּער) דעם נאָמען (השם, דעם נאָמען פון און אָפּ־גאָט), ווארים עס ווערט געזאָגט (ויקרא י״ט) „וכתובת קעקע לא תתנו בכם, אני ה׳, און אן אויסגעשטאָכענע שריפט זאָלט איר ניט געבן אין אייער לייב, איך בין גאָט״. **אזוי טייטשט די גמרא, אז מיט „השם״ מיינט מען דאָ דעם נאָמען פון אן אָפּגאָט, און דער טייטש פון פּסוק איז „אני ה׳, ווייל איך בין גאָט״, און מען טאָר ניט מאכן קיין אנדערן פאַר א גאָט.**

ז. נזיר, א נזיר, וועלכער האָט געטרינקען ווין א גאַנצן טאָג, איז ער שולדיק (קומט אים מלקות) נאָר פאַר איינמאָל. **ווען איינער זאָגט: „איך זאָל זיין א נזיר״, ווערט ער א נזיר, און ער טאָר ניט טרינקען ווין, טאָרניט מטמא זיין זיך (אָנרירן אָדער טראָגן אָדער געפינען זיך אונטער איין דאַך מיט מתים), און טאָר זיך ניט אָפּשערן. ווען א נזיר גייט טרינקען ווין, און מען וואָרנט אים אז ער זאָל ניט טרינקען, און ער טרינקט באלד דערנאָך (תוך כדי דבור) א קוואַרטירל ווין, קומט אים מלקות. זאָגט די משנה אז אויב מען האָט אים געוואָרנט נאָר איינמאָל, איז אפילו ער האָט דערנאָך געטרינקען א גאַנצע כלי מיט א סך קוואַרטירלעך ווין, קומט אים נור איינ־מאָל מלקות.** אָמרו לו, אויב מען האָט אים געזאָגט: „זאָלסט ניט טרינקען״, „זאָלסט ניט טרינקען״, און ער האָט געטרינקען קומט אים (מלקות) פאַר יעדן (קוואַרטירל) באזונדער. **דער רמבם אין פּירוש ברענגט דעם טייטש פון ירושלמי (און אזוי ברענגט אויך דער ברטנורא) אז מען מיינט, אז אויב מען האָט אים געזאָגט: „זאָלסט ניט טרינקען די כלי מיט אזוי פיל קוואַטירלעך ווין, ווייל דו וועסט באקומען מלקות פאַר יעדן קוואַרטירל״, און ער האָט געטרונקען, קומט אים מלקות פאַר יעדן קוואַר־טירל.**

ח. היה, אויב ער (דער נזיר) האָט זיך מטמא געווען צו מתים (למשל, זיי אָנגערירט) א גאַנצן טאָג, איז ער חייב נור איינמאָל (מלקות); אויב אָבער זיי (מענטשן) האָבן אים געזאָגט: „ זיי זיך ניט מטמא״, „זיי זיך ניט מטמא״ און ער האָט זיך מטמא געווען, איז ער חייב מלקות פאַר יעדעס מאָל. **דאָס איז ווי מיר האָבן דער־קלערט אין דער פריערדיקער משנה.** היה מגלח, אויב ער (דער נזיר) האָט זיך אָפּגע־שוירן (די האָר) א גאַנצן טאָג, איז ער חייב נור איינמאָל (מלקות); אויב אָבער זיי

חַיָּב אֶלָּא אַחַת. אָמְרוּ לוֹ, אַל תְּגַלַּח, אַל תְּגַלַּח וְהוּא מְגַלֵּחַ, חַיָּב עַל כָּל אַחַת וְאַחַת. הָיָה לָבוּשׁ בִּכְלְאַיִם כָּל הַיּוֹם, אֵינוֹ חַיָּב אֶלָּא אַחַת. אָמְרוּ לוֹ, אַל תִּלְבַּשׁ, אַל תִּלְבַּשׁ, וְהוּא פוֹשֵׁט וְלוֹבֵשׁ, חַיָּב עַל כָּל אַחַת וְאַחַת:

**ט** יֵשׁ חוֹרֵשׁ תֶּלֶם אֶחָד וְחַיָּב עָלָיו מִשּׁוּם שְׁמוֹנָה לָאוִין, הַחוֹרֵשׁ בְּשׁוֹר וּבַחֲמוֹר וְהֵן מֻקְדָּשִׁים, בִּכְלְאַיִם בַּכֶּרֶם, וּבַשְּׁבִיעִית, וְיוֹם טוֹב, וְכֹהֵן, וְנָזִיר בְּבֵית הַטֻּמְאָה. חֲנַנְיָה בֶּן חֲכִינַאי אוֹמֵר, אַף הַלּוֹבֵשׁ כִּלְאַיִם. אָמְרוּ לוֹ, אֵינוֹ מִן

(מענטשן) האָבן אים געזאָגט: „זאָלסט זיך ניט שערן״, זאָלסט זיך ניט שערן״, און ער האָט זיך געשוירן, איז ער חייב (מלקות) פאר יעדעס מאָל. **אויך דאָ איז אזוי ווי מיר האָבן פריער דערקלערט.** היה לבוש אויב איינער (ניט א נזיר, נאָר יעדער מענטש) איז געווען אָנגעטאָן כלאים-קליידער (שעטנז, קליידער פון וואָל און פלאַקס, וואָס מען טאָרניט אנטאָן, און אויב מען טוט עס אָן קומט מלקות), א גאַנצן טאָג, קומט אים נור איינמאָל מלקות; אויב אָבער זיי (מענטשן) האָבן אים געזאָגט: „זאָלסט ניט אָנ־טאָן״, זאָלסט ניט אָנטאָן״, און ער האָט אויסגעטאָן (די שעטנז-קליידער) און זיי אָנ־געטאָן, איז ער חייב (מלקות) פאר יעדעס מאָל. **דער ברטנורא ברענגט דאָ צוויי פירושים פון דער גמרא. איינער איז, אז מיט „פושט ולובש״, מיינט מען ניט דוקא אז ער האָט אינגאנצן אויסגעטאָן און דערנאָך צוריק אָנגעטאָן, נאָר אויך אויב ער האָט נור ארויסגעצויגן דעם קאָפּ פון קלייד און צוריק אריינגעצויגן איז ער שוין חייב. דער צווייטער טייטש איז, אז אפילו ער האָט בכלל ניט אויסגעטאָן דאָס קלייד נאָר ער האָט געוואַרט פון איין ווארנונג, איין התראה (ווען מען האָט אים געזאָגט „טראָג ניט דאָס קלייד״) ביז דער צווייטער ווארנונג אזוי לאנג ווי עס דויערט דאָס אויסטאָן און צוריק אָנטאָן פון קלייד, איז ער שוין חייב פאר יעדעס מאָל וואָס מען האָט אים געוואָרנט.**

ט. יש חורש, עס איז פאראן (א פאל) ווען איינער אקערט איין בייט (תלם, איין שורה אין פעלד) און ער איז חייב דארויף (ער איז עובר, און עס קומט אים מלקות) פאר אכט לאווין. **ער איז עובר אכט פארבאָטן אין דער תורה, און עס קומט אים אכט מאָל מלקות. דהיינו:** החורש, אז איינער אקערט מיט אַן אָקס און אַן אייזל (צוזאמען), און זיי זענען הקדש (מען האָט זיי מקדיש געווען צום בית המקדש), און דאָס איז כלאים אין וויינגאָרטן (ביים אקערן האָט ער פארדעקט מיט דער ערד א ווייץ און א גערשטן און א קערנדל פון וויינטרויבן, און ער האָט אזוי ארום פארזייט תבואה מיט א וויינשטאָק צוזאמען, וואָס איז כלאים אין א וויינגאָרטן), און דאָס איז געווען אים שמיטה־יאָר, און אים יום טוב, און ער (דער וואָס אקערט) איז א כהן און א נזיר (און דאָס פעלד מיט דעם בייט איז) אין א בית הקברות (און א כהן און א נזיר טאָרניט אריינגיין ווייל ער איז זיך מטמא צו א מת). **מיטן דאָזיקן אקערן האָט ער עובר געווען אויף 8 עבירות, ער האָט געאקערט מיט אַן אָקס און אייזל, וואָס איז כלאים פון בהמות; ער האָט געאקערט מיט צוויי הקדש־בהמות, און מען טאָרניט הנאה האָבן פון א הקדש זאך, און ער האָט אזוי ארום געטאָן צוויי עבירות, און צוזאמען מיט דער עבירה פון כלאים פון א בהמה איז עס דריי עבירות. ער האָט פארזייט כלאים אין וויינגאָרטן איז עס א פערטע עבירה. ער האָט געאקערט אים שמיטה־יאָר, איז עס א פיפטע עבירה. ער האָט געטאָן א מלאכה אים יום טוב, איז עס א זעקסטע עבירה. ער איז א כהן און א נזיר און איז אריינגעגאנגען אין א בית הקברות און מטמא געווען זיך צו מתים איז דאָס ווידער צוויי עבירות (איינע ווייל ער איז א כהן און איינע ווייל ער איז א נזיר), איז עס צוזאמען 8 עבירות. דער רמבם רעכנט דאָס פארזייען כלאים אין וויינגאָרטן פאר 2 עבירות (איינס פאר וויינגאָרטן־כלאים, און איינס פאר תבואה כלאים), און ער רעכנט דאָס אקערן מיט די הקדש־בהמות פאר איין עבירה.** חנניא בן חכינאי זאָגט, אז אויך אויב ער (דער

הַשֵּׁם. אָמַר לָהֶם, אַף לֹא הַנָּזִיר הוּא הַשֵּׁם: י כַּמָּה מַלְקִין אוֹתוֹ? אַרְבָּעִים חָסֵר אַחַת, שֶׁנֶּאֱמַר בְּמִסְפָּר אַרְבָּעִים, מִנְיָן שֶׁהוּא סָמוּךְ לְאַרְבָּעִים. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר אַרְבָּעִים שְׁלֵמוֹת הוּא לוֹקֶה, וְהֵיכָן הוּא לוֹקֶה אֶת הַיְתֵרָה? בֵּין כְּתֵפָיו: יא אֵין אוֹמְדִין אוֹתוֹ אֶלָּא בְּמַכּוֹת הָרְאוּיוֹת לְהִשְׁתַּלֵּשׁ. אֲמָדוּהוּ לְקַבֵּל אַרְבָּעִים, לָקָה מִקְצָת, וְאָמְרוּ אֵינוֹ יָכוֹל לְקַבֵּל אַרְבָּעִים, פָּטוּר. אֲמָדוּהוּ לְקַבֵּל שְׁמֹנָה עֶשֶׂר מִשֶּׁלָּקָה אָמְרוּ, יָכוֹל הוּא לְקַבֵּל אַרְבָּעִים.

וואס אקערט) איז געגאנגן אָנגעטאָן כלאים (א מלבוש פון שעטנז, פון וואָל און פלאקס). און עס קומט צו א ניינטע עבירה פאר טראָגן קליידער־כלאים (כלאי־בגדים). אָמרו לו, האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו חנניא), אז דאָס געהערט ניט צום נאָמען (מן השם, דאָס געהערט ניט צו דערזעלביקער עבירה). **די חכמים זאָגן, אז דאָס טראָגן קליידער־כלאים האָט ניט קיין שייכות מיטן אקערן, און זיי רעכנען נור אזעלכע 8 עבירות וואָס קומען צוליב דעם אקערן.** אָמר, האָט ער (חנניא) געזאָגט צו זיי (צו די חכמים), אז אויך דער נזיר (די עבירה דערפאר וואָס דער נזיר, און אויך דער כהן, איז אין בית הקברות) געהערט אויך ניט צום זעלביקן נאָמען. **מחמת אויך דאָס וואָס דער אקערער, וועלכער איז א כהן און א נזיר, איז אויפ'ן בית הקברות, האָט ער דאָך געטאָן דערמיט א עבירה ניט דורך'ן אקערן נאָר דורך אריינגיין אויפן בית הקברות. אָבער די חכמים האלטן, אז ווייל ביים אקערן גייט ער מיט די אקער־בהמות און ער איז ארויף דאדורך אויפן בית הקברות, געהערט עס יאָ צום אקערן.**

י. כמה, וויפיל קלעפ גיט מען אים (דעם וועלכער טוט א עבירה און עס קומט אים מלקות)? פירציק ווינציקער איינס (ניין און דרייסיק קלעפ), וואָרים עס ווערט געזאָגט (דברים כ״ה) „במספר ארבעים, ביי דער צאָל פון פירציג", א צאָל וואָס איז נאָענט צו פירציג. דאָס וואָרט „במספר" טייטשן די חכמים „ביי דער צאָל", **נאָענט צו דער צאָל פון 40,** (די צאָל וואָס מאכט אז דערנאָך זאָל זיין 40), און דאָס **איז 39.** ר' יהודה זאָגט, אז גאנצע פירציק קלעפ גיט מען אים; און וואו (אין וועלכן אָרט פון קערפער) גיט מען דעם איבריקן (דעם פירציקסטן קלאפּ)? צווישן זיינע אקסלען. **די משנה וועט ווייטער (אין משנה י״ג) לערנען אז די קלעפּ טיילט מען אויף דריי חלקים, און איין דריטל גיט מען אים פון פאָרנט, און די איבריקע צוויי דריטל גיט מען אים פון הינטן, איין דריטל אויף איין אקסל און איין דריטל אויפן צווייטן אקסל. זאָגט ר' יהודה אז דעם 40טן קלאפּ גיט מען צווישן די אקסלען.**

יא. אין אומדין, מען שאצט ניט אָפּ אים סיידן מיט (א צאָל) קלעפּ וועלכע מען קאָן איינטיילן אין דריי טיילן. **דער דין איז, אז די צאָל 39 קלעפּ איז די העכסטע צאָל וואָס מען גיט א מענטש. צוערשט באטראכט מען דעם מענטש און מען שאצט וויפיל קלעפּ ער קאָן אויסהאלטן, און מען גיט נאָר אזוי פיל וויפיל ער קאָן אויסהאלטן. אויב למשל, מען האָט אָפּגעשאצט אז ער קאָן אויסהאלטן ניט מער ווי 30 קלעפּ, קריגט ער נור 30. אויב אָבער מען האָט אָפּגעשאצט אז ער קאָן אויסהאלטן, למשל, 60 קלעפּ, קריגט ער ניט מער ווי 39, ווייל 39 איז די גרעסטע צאָל. זאָגט די משנה, אז אויב למשל מען האָט אים אָפּגעשאצט, אז ער קאָן אויסהאלטן 20 קלעפּ, איז ווייל 20 קאָן מען ניט צוטיילן אויף 3, קריגט ער נור 18, די נאָענטסטע צאָל וואָס איז קלענער פון 20 און וועלכע מען קאָן יאָ צעטיילן אויף 3 (6 מאָל 3 איז 18).** — אמדוהו, אויב מען האָט אים אָפּגעשאצט אז ער קאָן קריגן פירציק (ניין און דרייסיק קלעפּ), און (נאָכדעם ווי) מען האָט אים געגעבן אביסל (עטליכע קלעפּ), האָבן זיי (די שאצערס) געזאָגט, אז ער קאָן ניט קריגן קיין פירציק (ער קאָן מער

**פָּטוּר. עָבַר עֲבֵרָה שֶׁיֵּשׁ בָּהּ שְׁנֵי לָאוִין, אֲמָדוּהוּ אוֹמֶד אֶחָד, לוֹקֶה וּפָטוּר. וְאִם לָאו, לוֹקֶה וּמִתְרַפֵּא וְחוֹזֵר וְלוֹקֶה: יב כֵּיצַד מַלְקִין אוֹתוֹ? כּוֹפֵת שְׁתֵּי יָדָיו עַל הָעַמּוּד הֵילָךְ וְהֵילָךְ, וְחַזַּן הַכְּנֶסֶת אוֹחֵז בִּבְגָדָיו, אִם נִקְרְעוּ נִקְרָעוּ, וְאִם נִפְרְמוּ נִפְרָמוּ, עַד שֶׁהוּא מְגַלֶּה אֶת לִבּוֹ. וְהָאֶבֶן נָתוּן מֵאַחֲרָיו, חַזַּן הַכְּנֶסֶת עוֹמֵד עָלָיו. וּרְצוּעָה שֶׁל עֵגֶל בְּיָדוֹ כְּפוּלָה, אֶחָד לִשְׁנַיִם, וּשְׁנַיִם לְאַרְבָּעָה, וּשְׁתֵּי רְצוּעוֹת עוֹלוֹת וְיוֹרְדוֹת בָּהּ: יג יָדָהּ טֶפַח, וְרָחְבָּהּ**

ניט נעמען קלעפ), איז ער פטור. **מען גיט אים ניט מער.** אמדוהו, אויב מען האָט אים אָפּגעשאַצט אז ער קאָן קריגן (נור) אכצן (קלעפּ), און נאָכדעם ווי מען האָט אים געגעבן די (אכצן) קלעפּ, האָבן זיי (די שאצערס) געזאָגט, אז ער קאָן קריגן פירציק (די ניין און דרייסיק) איז ער פטור. **אויך דאָ גיט מען אים ניט מער.** עבר עבירה, אויב ער (איינער) האָט עובר געווען א עבירה וואָס האָט צוויי לאווין (און עס קומט אים צוויי מאָל מלקות) און מען האָט אים אָפּגעשאַצט איין אפשאצונג (פאר ביידע מלקות, למשל מען האָט אים געשאצט אז ער קאָן קריגן צוויי און פירציק קלעפּ), קריגט ער די קלעפּ איינמאָל און ער איז פטור; און אויב ניט (אויב מען האָט אים ניט אָפּגעשאַצט איין אָפּשאַצונג פאר ביידע עבירות, נאָר מען האָט אים אָפּגעשאַצט פאר איין עבירה), קריגט ער די קלעפּ און ער היילט זיך אויס (פון זיי), און ער קריגט נאָכאמאָל קלעפּ. **אזוי טייטשט דער ברטנורא די משנה לויט דער גמרא.**

יב. כיצד, ווי אזוי גיט מען אים די קלעפּ? מען בינדט צו זיינע (דעם עבירה־טוערס) ביידע הענט אהין און אהער אויף א עמוד (עמוד, א שטענדער וועלכער איז אריינגעשטעקט אין דער ערד און איז הויך און איינגעבויגן כדי מען זאָל דעם עבירה־טוער קאָנען ארויפלייגן אויף אים אנגעלענטערהייט), און דער שמש פון דער שול (חזן, דער שמש פון בית דין) נעמט אים אָן ביי זיינע מלבושים, און (גיט זיי א צי) און אויב זיי ווערן צעריסן זאָלן זיי ווערן צעריסן, און אויב זיי טרענען זיך אויף, זאָלן זיי זיך אויפטרענען (נפרמו), ביז ער דעקט אים אָפּ זיין הארץ, און מען לייגט אים אונטער א שטיין. **אזוי ליגט דער עבירה־טוער איינגעבויגן אויף דעם עמוד ניט אינגאנצן מיטן פנים ארויף. נאָר אין דער זייט, כדי מען זאָל אים קאָנען געבן די קלעפּ אויפן פאָרנט און אויפן הינטן. דאָס וואָרט „חזן" מיינט קיינמאָל ניט אין דער משנה דער דאַוונער פארן עמוד, נאָר דער שמש.** חזן, דער חזן פון דער שול (פון בית דין) שטייט איבער אים (לעבן דעם צוגעבינדענעם עבירה־טוער), און א פאסעק פון א קאַלב (פון קאַלב־לעדער) האַלט ער (דער שמש) אין זיין האַנט, ער (דער פאסעק) איז צוזאמענגעלייגט (כפולה) איינס אויף צוויי, און צוויי אויף פיר. **דער ברטנורא טייטשט די משנה, אז מען האָט צוגעניַיט פיר פאסיקעס איינעם אויף דעם אנדערן:** ושני, און צוויי פאסיקעס (פון לעדער פון אן אייזל) ציען זיך (אויף דעם עוּשטן איינגעלייגטן פאסיק) ארויף און אראָפּ. **מען מיינט דאָ, אז פון דעם גראָבן איינגעלייגטן פאסיק גייען ארויין אין צוויי לעכלעך צוויי דינע פאסיקעס. די גמרא זאָגט, אז דאריבער דארפן זיי זיין פון אייזל־לעדער, כדי צו מוסרן דעם עבירה־טוער, אז וועגן דעם אייזל ווערט געזאָגט (אין ישעיה א') אז ער קען דעם „אבוס בעליו", די קאָריטע פון זיין האר, זאָל ער באַצאָלן דעם עבירה־טוער וועלכער קען ניט זיין האר, דעם רבונו של עולם.**

יג. ידה, זיין הענטל (דאָס הענטל פון גראָבן פאסיק) האַלט א טפח (די ברייט פון א האַנט, א זעקסטל פון אן איל), און זיין ברייט (די ברייט פון פאסיק) האַלט א טפח; זיין שפּיץ (פון פאסיק) מוז קאָנען דערגרייכן צום בויך (צום נאַפּל). **דאריבער דארף אין הענטל פון פאסיק זיין א לעכל כדי דער שמש זאָל קאָנען קלענער מאכן**

טֶפַח, וְרֹאשָׁהּ מַגַּעַת עַל פִּי כְרֵסוֹ, וּמַכֶּה אוֹתוֹ שְׁלִישׁ מִלְּפָנָיו וּשְׁתֵּי יָדוֹת מִלְּאַחֲרָיו. וְאֵינוֹ מַכֶּה אוֹתוֹ, לֹא עוֹמֵד וְלֹא יוֹשֵׁב, אֶלָּא מֻטֶּה, שֶׁנֶּאֱמַר, וְהִפִּילוֹ הַשֹּׁפֵט. וְהַמַּכֶּה מַכֶּה בְיָדוֹ אַחַת בְּכָל כֹּחוֹ: יד וְהַקּוֹרֵא קוֹרֵא, אִם לֹא תִשְׁמֹר לַעֲשׂוֹת וְגוֹ'. וְהִפְלָא ה' אֶת מַכֹּתְךָ וְאֵת מַכּוֹת וְגוֹ'. וְחוֹזֵר לִתְחִלַּת הַמִּקְרָא. (וּשְׁמַרְתֶּם אֶת דִּבְרֵי הַבְּרִית הַזֹּאת וְגוֹ'. וְחוֹתֵם וְהוּא רַחוּם יְכַפֵּר עָוֹן וְגוֹ', וְחוֹזֵר לִתְחִלַּת הַמִּקְרָא). וְאִם מֵת תַּחַת יָדוֹ פָּטוּר. הוֹסִיף לוֹ עוֹד רְצוּעָה אַחַת וָמֵת, הֲרֵי זֶה גוֹלֶה עַל יָדוֹ. נִתְקַלְקֵל בֵּין בְּרֵיעִי בֵּין בְּמַיִם,

**אָדער גרעסער מאכן דעם פאסיק, ווי ער וועט דארפן.** ומכה, און ער (דער שמש) גיט אים די קלעפ. איין דריטל אויפן פאָרנט און צוויי דריטל אויפן הינטען. **אויב למשל מען האָט אים אָפגעשאצט 18 קלעפ, גיט ער אים 6 קלעפ (איין דריטל) פון פאָרנט, און 12 קלעפ (צוויי דריטל) פון הינטן, אויף די פלייצעס.** ואינו, און ער גיט אים ניט די קלעפ ווען ער (דער עבירה טוער) שטייט, און ניט ווען ער זיצט, נאָר ווען ער איז איינגעבויגן, ווארים עס ווערט געזאָגט, (דברים כ״ה) „והפילו השופט, און דער ריכטער זאָל אים אומווארפן״. **איינגעבויגען הייסט שוין ווי אומגעוואָרפן.** והמכה, און דער וועלכער גיט די קלעפ, שלאָגט מיט איין האנט מיט זיין גאנצן כח. **אָבער ביים אויפהייבן דעם פאסעק הייבט ער אויף מיט ביידע הענט.**

יד. והקורא, און דער ליינער ליינט. **עס איז דער דין, אז די דריי דיינים שטייען דאַביי, ווען מען גיט דעם עבירה־טוער די מלקות, און דער עלטסטער פון די דיינים ליינט פסוקים פון דער פרשה אין דברים כ״ח פסוקים נ״ח און נ״ט און דער צווייטער דיין ציילט די קלעפ „איינס״, „צוויי״, „דריי״ און אזוי ווייטער, און דער דריטער דיין זאָגט ביי יעדן קלאפ „גיב א קלאפ!״ דער עלטסטער דיין ליינט די פסוקים:** „אם לא תשמור לעשות, אויב דו וועסט ניט אָפהיטן צו טאָן״ און אזוי ווייטער (ביז צום סוף פון פסוק נ״ח) און „והפלא ה׳ את מכותיך ואת מכות, און גאָט וועט מאכן וואונדערלעך דיינע קלעפ און די קלעפ״ און אזוי ווייטער (ביז צום סוף פסוק נ״ט), און (אויב דורך דער צייט האָבן די מלקות זיך נאָכניט געענדיקט) גייט ער (דער ליינער) צוריק צום אָנהויב פון פסוק. **ער הייבט אָן נאָכאמאָל ליינען דעם פסוק נ״ח ביז די מלקות ווערן פארענדיקט. דאָ קומט אין דער משנה אז ער זאָגט נאָך עטליכע פסוקים, דהיינו דעם פסוק אין דברים כ״ט, ח׳:** ושמרתם את דברי הברית הזאת, און איר זאָלט היטן די ווערטער פון דאָזיקן בונד״ און אזוי ווייטער (ביזן סוף פון פסוק) און ער ענדיקט (מיטן פסוק תהלים ע״ח) והוא רחום יכפר עון, און ער דער בארמהארציקער (גאָט) זאָל פארגעבן די זינד״ און אזוי ווייטער (ביז צו דעם סוף פון פסוק), און (אויב די מלקות האָבן זיך נאָכניט געענדיקט) גייט ער צוריק צום אָנהייב פון ליינען. **אין א גרויסן טייל פון משניות זענען די ווערטער אין דער משנה ניט פאראן, און אויך דער רמבם אין פרק ט״ז פון הלכות סנהדרין ברענגט זיי ניט.** ואם מת, און אויב ער (דער וועלכער קריגט די קלעפ) איז געשטאָרבן אונטער זיין (דעם קלעפ־געבער׳ס) האנט, איז ער (דער קלעפ־געבער) פטור. **ווייל ער האָט דאָך אים געשלאָגן לויטן באפעל פון בית דין.** הוסיף לו, אויב (אָבער) ער האָט אים געגעבן איין קלאפ (רצועה, איין פאסיק, איין קלאפ) מער (ווי עס איז געקומען) און ער איז געשטאָרבן, קומט אים (דעם קלעפ־געבער) גלות. **ווייל ער האָט אים געהרגעט בשוגג. מען מיינט דאָ, אז דער קלעפ־געבער האָט א טעות געהאט אין דער צאָל קלעפ און ניט אז ער האָט אים בכוונה געגעבן איין קלאפ מער, ווייל דאמאָלס הייסט עס ווי ער האָט אים געהרגעט במזיד.** נתקלקל, אויב ער (וועלכער קריגט די קלעפ) איז (אין מיטן באקומען די קלעפ) קאליע געוואָרן (נתקלקל, די קלעפ האָבן

פְּטוּר. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר הָאִישׁ בְּרֵיעִי וְהָאִשָּׁה בְּמַיִם: **מַן** כָּל חַיָּבֵי כְרִיתוּת שֶׁלָּקוּ, נִפְטְרוּ יְדֵי כְרִיתָתָן, שֶׁנֶּאֱמַר וְנִקְלָה אָחִיךָ לְעֵינֶיךָ. כְּשֶׁלָּקָה הֲרֵי הוּא כְאָחִיךָ. דִּבְרֵי רַבִּי חֲנַנְיָא בֶּן גַּמְלִיאֵל. וְאָמַר רַבִּי חֲנַנְיָא בֶּן גַּמְלִיאֵל, מָה אִם הָעוֹבֵר עֲבֵרָה אַחַת נוֹטֵל נַפְשׁוֹ עָלֶיהָ, הָעוֹשֶׂה מִצְוָה אַחַת, עַל אַחַת כַּמָּה וְכַמָּה שֶׁתִּנָּתֵן לוֹ נַפְשׁוֹ. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, מִמְּקוֹמוֹ הוּא לָמֵד, שֶׁנֶּאֱמַר, וְנִכְרְתוּ הַנְּפָשׁוֹת הָעֹשֹׂת וְגוֹ׳. וְאוֹמֵר אֲשֶׁר יַעֲשֶׂה אוֹתָם הָאָדָם וָחַי בָּהֶם. הָא כָּל הַיּוֹשֵׁב וְלֹא עָבַר עֲבֵרָה, נוֹתְנִין לוֹ שָׂכָר כְּעוֹשֶׂה

אים קאליע געמאכט אז ער האָט אינמיטן געלאָזט) אָדער שטילגאנג (בריעי, נקבים גדולים) אָדער וואסער (משתין געווען), איז ער פטור. **קריגט ער ניט מער די רעשט קלעפּ וואס ער האָט געדארפן נאָך באקומען. די גמרא לערנט עס פון דברים „ונקלה אחיך לעיניך", און דער דאָזיקער איז שוין געוואָרן פארשעמט.** ר' יהודה זאָגט, אז א מאנספּערזאָן איז (פטור נאָר ווען ער איז קאליע געוואָרן) מיט שטילגאנג, (אָבער ניט מיט וואסער לאָזן), און א פרוי (אויך) מיט וואסער־לאָזן. **ווייל ביי א פרוי איז די פארשעמונג גרעסער.**

טו. כל, אלע מענטשן וועלכע זענען מחויב כרת (זיי האָבן געטאָן א עבירה פאר וועלכער עס קומט כרת, פארשניטן צו ווערן דורכן הימל) אויב זיי האָבן געקריגן מלקות (קלעפּ) זענען זיי פטור געוואָרן (באפרייט געוואָרן אין הימל) פון זייער כרת־שטראָף, ווארום עס ווערט געזאָגט (דברים כ"ה) „ונקלה אחיך לעיניך", און (דורכן קריגן די מלקות) ווערט דיין ברודער פארשעמט ווערן פאר דיינע אויגן". (דערפון לערנען מיר אז) ווי נור ער האָט געקריגן די קלעפּ איז ער ווי דיין ברודער („אחיך"), אזוי זאָגט ר' חנינא בן גמליאל. **מען מיינט דאָ אז ער האָט געקריגן די קלעפּ און ער האָט געטאָן תשובה.** אָמר, האָט ר' חנינא בן גמליאל געזאָגט: מה־דאָך אויב איינער טוט איין עבירה קאָסט עס אים זיין לעבן, איז דאָך נאָך א סך מער, אז איינער טוט א מצוה אז מען זאָל אים געבן זיין לעבן (שתינתן לו נפשו). **דארויף זענען פאראן צוויי טייטשן, איין טייטש איז, אז מה־דאָך אז איינער טוט א עבירה קאָסט עס אים זיין לעבן (כרת), מכל שכן אז ער טוט א כרת־עבירה און דערנאָך קריגט ער קלעפּ (און ער טוט תשובה) און ער האָט געטאָן א מצוה וואס ער האָט מקבל געווען די קלעפּ, שענקט מען דאָך אים אין הימל זיכער די כרת־שטראָף. דאָס איז דאריבער א טעם פארוואס ר' חנינא האלט, אז די חייבי כריתות נאָכן באקומען קלעפּ ווערן באפרייט פון דער כרת־שטראָף. און אנדערער טייטש איז, אז דאָס איז א באזונדערער מאמר פון ר' חנינא, אז פון דער שטראָף וואס מען קריגט פאר א עבירה איז צו לערנען אז פאר א מצוה קריגט מען א גרויסן שכר.** ר' שמעון זאָגט, אז פון זיין אָרט (פון דעם פסוק אין חומש וואו עס ווערט געזאָגט וועגן דער כרת־שטראָף) לערנט מען אָפּ, וואָרום עס ווערט געזאָגט (ויקרא י"ח) „ונכרתו הנפשות העושות, און עס וועלן פארשניטן ווערן (באקומען כרת) די מענטשן וואָס טאָן (די כרת־עבירה)" און אזוי ווייטער (ביז צום סוף פון פסוק), און ער (דער פסוק זאָגט דאָרט (אין ויקרא י"ח) „אשר יעשה האדם אותם וחי בהם, (די מצוות) וואָס דער מענטש וועט זיי טאָן און ער וועט לעבן דורך זיי", דערפון (לערנט מען) אז ווער עס זיצט און טוט ניט קיין עבירה באקומט ער שכר ווי ער וואָלט געטאָן א מצוה. **דער ברטנורא גיט דאָ צו, אז דאָס איז נור ווען איינעם קומט אונטער דער האנט צו טאָן א עבירה און ער איז גובר דעם יצר הרע און טוט זי ניט, למשל ווי ביי יוסף הצדיק וואָס די תורה דער־ציילט, אז פּוטיפר'ס ווייב האָט אים צוגערעדט צו א עבירה און ער איז בייגעשטאַ־נען דעם נסיון און ניט געטאָן די עבירה.** ר' שמעון בר רבי (דער זון פון ר' יהודה

מִצְוָה. רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר רַבִּי אוֹמֵר, הֲרֵי הוּא אוֹמֵר, רַק חֲזַק לְבִלְתִּי אֲכֹל הַדָּם כִּי הַדָּם הוּא הַנֶּפֶשׁ וְגוֹ׳, וּמָה אִם הַדָּם שֶׁנַּפְשׁוֹ שֶׁל אָדָם קָצָה מִמֶּנּוּ, הַפּוֹרֵשׁ מִמֶּנּוּ מְקַבֵּל שָׂכָר, גָּזֵל וַעֲרָיוֹת שֶׁנַּפְשׁוֹ שֶׁל אָדָם מִתְאַוָּה לָהֶן וּמְחַמַּדְתָּן, הַפּוֹרֵשׁ מֵהֶן עַל אַחַת כַּמָּה וְכַמָּה שֶׁיִּזְכֶּה לוֹ וּלְדוֹרוֹתָיו וּלְדוֹרוֹת דּוֹרוֹתָיו עַד סוֹף כָּל הַדּוֹרוֹת: **מתן** רַבִּי חֲנַנְיָא בֶּן עֲקַשְׁיָא אוֹמֵר, רָצָה הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא לְזַכּוֹת אֶת יִשְׂרָאֵל, לְפִיכָךְ הִרְבָּה לָהֶם תּוֹרָה וּמִצְוֹת שֶׁנֶּאֱמַר ה׳ חָפֵץ לְמַעַן צִדְקוֹ יַגְדִּיל תּוֹרָה וְיַאְדִּיר:

סליק מסכת מכות.

הנשיא) זאָגט, עס ווערט געזאָגט (אין פסוק דברים י״ב) „רק חזק לבלתי אכול הדם כי הדם הוא הנפש, זיי נור שטארק ניט צו עסן דאָס בלוט ווארום דאָס בלוט איז דאָס לעבן״ און אזוי ווייטער (ביז צום סוף פון פסוק), מה־דאָך בלוט, וואָס דער מענטש (נפשו של אדם) מיאוסט זיך דערמיט (וויל עס ניט עסן, קצה ממנו) פונדעסט־וועגן ווער עס שיידט זיך אָפּ דערפון קריגט דערפאר שכר (כאָטש עס איז אים לייכט ניט צו טאָן די עבירה פון ניט עסן בלוט, מחמת ער מיאוסט זיך דערפון סיי־ווי־סיי), מכל שכן גזלה (צו גזלענען זאכן פון פרעמדע מענטשן) און עריות (לעבן געשלעכטלעך מיט פרויען וואָס זענען פארבאָטן) וואָס דער מענטש האָט תאוה צו זיי און גלוסט זיי (צו פרעמדנס פארמעגנס און צו פארבאָטענע פרויען) איז דאָך א סך מער אז ווער עס שיידט זיך פון זיי (טוט ניט די עבירה פון גזילה און עריות) אז ער פארדינט זיך א זכות פאר זיך און פאר זיינע דורות (פאר זיינע קינדער) און פאר זיינע דורות דורות (קינדס קינדער) ביז צום סוף פון אלע דורות (פאר אלע וואָס וועלן פון אים אפשטאמען). **דער רמבם ברענגט דארויף דעם פסוק אין דברים י״ב „למען ייטב לך ולבניך אחריך עד עולם כי תעשה הטוב והישר בעיני ה׳ אלהיך, כדי ער זאָל דיר גוטס טאָן דיר און דיינע קינדער נאָך דיר ביז אייביק, אויב דו וועסט טאָן וואָס איז גוט און רעכטפארטיק אין די אויגן פון גאָט דיין גאָט״. מיט „עד עולם״, „ביז אייביק״, מיינט פאר קינדס־קינדס־קינדער, פאר אלע דורות.**

ט״ז. ר׳ חנניא בן עקשיא זאָגט, אז דער הייליקער געבענטשטער איז ער (גאָט) האָט געוואָלט מזכה זיין דאָס פאָלק ישראל (טאָן אים אַ טובה, געבן אים א זכות, מאכן אים גליקליך) דאריבער האָט ער אים געגעבן א סך תורה און מצוות, ווארום עס ווערט געזאָגט (ישעיה מ״ב) „ה׳ חפץ למען צדקו יגדיל תורה ויאדיר, גאָט האָט אים (דעם פאָלק ישראל) באוויליקט פאר זיין גערעכטיקייט וועגן (דאריבער) האָט ער געמאכט גרויס און פרעכטיק די תורה״. **מחמת וואָס מער מצוות מען איז מקיים און וואָס מער תורה מען לערנט קריגט מען מער שכר. דער ברטנורא גיט דאָ צו אז די ווערטער פון ר׳ חנניא בן עקשיא איז פארבונדן מיט דער פריערדיקער משנה, דהיינו, אז גאָט האָט געגעבן למשל די מצווה ניט צו עסן שקצים ורמשים, קריכנדיקע חיהלעך און ווערים, כאָטש דער מענטש מיאוסט זיך סיי ווי דאָס צו עסן, אָבער ער האָט עס געטאָן כדי די יידן זאָלן האָבן שכר פאר ניט עסן זיי.**

(סליק מסכת מכות — פארענדיקט די מסכתא מכות)

---

# מסכת שבועות

## הקדמה

**די מסכתא שבועות, וועלכע האָט 8 פרקים, לערנט די דינים פון שבועות. „שבועה״ הייסט „שווערן״, געבן א שבועה. עס זענען פאראן פארשידענע סאָרטן שבועות, און די מסכתא שבועות לערנט די דינים וועגן זיי. אין די ערשטע צוויי**

# מַסֶּכֶת שְׁבוּעוֹת.

## פֶּרֶק א.

**א שְׁבוּעוֹת שְׁתַּיִם שֶׁהֵן אַרְבַּע, יְדִיעוֹת הַטֻּמְאָה שְׁתַּיִם שֶׁהֵן אַרְבַּע.**

**פרקים ווערן געלערנט די דינים וועגן דער עבירה פאר א טמא מענטש צו עסן קרבנות־פלייש און אנדערע קרבנות („קודש”) אָדער אריינצוגיין אין בית המקדש. די דאָזיקע דינים ווערן דאָ געלערנט ווייל די ערשטע משנה הייבט זיך אָן מיט די ווערטער אז ביי פאלש זווערן זענען פאראן 4 סאָרטן ווי אזוי די עבירה ווערט געטאָן שתים שהן ארבע, צוויי סאָרטן וועלכע זענען פיר), און אויך ביים טמא מענטש וועלכער טוט די עבירה ווען ער עסט קרבנות־פלייש אָדער גייט אריין אין בית המקדש זענען פאראן 4 סאָרטן. — מיר וועלן ביי יעדן פרק געבן די דערקלערונגען וועגן דער „שבועה”, וועגן וועלכער עס ווערט געלערנט אין דאָזיקן פרק.**

### פרק א.

א. שבועות, עס זענען פאראן 2 (פאלן פון טאָן עבירות) ביים שווערן (פאלש), וועלכע זענען פיר. די תורה זאָגט אין ויקרא ה׳ אז עס איז א עבירה צו שווערן פאלש (לבטא בשפתים, זיך אויסצודריקן מיט די לעפצן) „להרע או להטיב”, צום גוטן אָדער צום שלעכטן. מען טייטשט אויך, אז דער פסוק מיינט דאָ, אז אויב איינער טוט א שבועה, שווערט, אז ער זאָל ניט טאָן א זאך, ווי למשל ניט עסן עפּיס (להרע), אָדער אז ער זאָל יאָ טאָן א זאך, למשל, יאָ עסן עפּיס (להטיב), און ער איז נישט מקיים די שבועה טוט ער א עבירה. דאָס הייסט א שבועה אויף להבא, אויף דעם וואָס וועט זיין שפּעטער, און זי איז פון צוויי סאָרטן: א שבועה יאָ צו טאָן עפּיס אָדער ניט צו טאָן עפּיס. אָבער דיזעלביקע שבועות סיי אויף ניט און סיי אויף יאָ, קאָן אויך זיין אויף „לשעבר”, אויף דער פאַרגאַנגענהייט, אויף דעם וואָס איז שוין געווען פריער. למשל איינער שווערט אז ער האָט ניט געגעסן, אָדער איינער שווערט אז ער האָט יאָ גע־געסן. דאָס זאָגט די משנה, אז די שבועות זענען צוויי (יאָ טאָן, שפּעטער, און ניט טאָן שפּעטער) וועלכע זענען, קאָנען זיין פיר, יאָ געטאָן פריער און ניט געטאָן פריער. וועגן די דינים פון די דאָזיקע שבועות ווערט געלערנט ווייטער אין פרק ג׳.

ידיעות הטומאה, דאָס געוואוּר־ווערן וועגן טומאה איז צוויי וואָס זענען פיר. די תורה זאָגט אין ויקרא ה׳, אז אויב א מענטש איז טמא און עסט קרבנות (פלייש, צי אנדערע קרבנות־זאכן) אָדער ער גייט אריין אין בית המקדש, איז אויב ער טוט עס במזיד, ער האָט געוואוּסט אז ער איז טמא און אז ער עסט קרבנות און אז ער גייט אריין אין בית המקדש, קומט אים כרת, פארשניטן צו ווערן דורך דעם הימל; און אויב ער האָט עס געטאָן בשוגג, ער האָט ביים טאָן די עבירה ניט געדענקט, נאָר ער איז שפּעטער דערפון געוואויר געוואָרן, דאַרף ער ברענגען א קרבן. זאָגט די משנה אז דאָס דאָזיקע טאָן עבירה בשוגג, ניט וויסנדיק, און דאָס דערנאָך געוואויר ווערן, קאָן זיין אויף צוויי אופנים, וועלכע זענען פיר אופנים. די צוויי אופנים זענען, אז ער האָט ניט געדענקט אז ער איז טמא אָבער ער האָט געוואוּסט אז דאָס פלייש וואָס ער עסט איז פון קר־בנות (דאָס איז איין פאַל), אָדער ער האָט געוואוּסט אז דאָס אָרט וואוהין ער גייט אריין איז דאָס בית המקדש (דאָס איז דער צווייטער פאַל). דאָס זענען צוויי פאלן פון „העלם טומאה”, ער האָט ניט געדענקט אז ער איז טמא. עס זענען אָבער פאראן אנ־דערע צוויי פאלן, דהיינו, ער האָט געוואוּסט, אז ער איז טמא, אָבער ער האָט ניט געוואוּסט אז דאָס פלייש וואָס ער עסט איז פון קרבנות (דאָס איז איין פאַל, „העלם קודש”), אָדער ער האָט ניט געוואוּסט, אז דאָס אָרט וואוהין ער גייט אריין איז דאָס

יְצִיאוֹת הַשַּׁבָּת שְׁתַּיִם שֶׁהֵן אַרְבַּע, מַרְאוֹת נְגָעִים שְׁנַיִם שֶׁהֵם אַרְבָּעָה:

ב כָּל שֶׁיֵּשׁ בָּהּ יְדִיעָה בַּתְּחִלָּה וִידִיעָה בַּסּוֹף וְהֶעְלֵם בֵּינְתַיִם הֲרֵי זֶה בְּעוֹלֶה וְיוֹרֵד. יֵשׁ בָּהּ יְדִיעָה בַּתְּחִלָּה וְאֵין בָּהּ יְדִיעָה בַּסּוֹף, שָׂעִיר הַנַּעֲשֶׂה

**בית המקדש (דאָס איז דער צווייטער פאַל „העלם מקדש").** — יציאות דאָס ארויס־טראָגן אים שבת (דאָס איבערטראָגן אים שבת א זאַך פון הויף אין גאס אָדער פון גאס אין הויף) זענען צוויי וועלכע זענען פיר. די משנה ווערט דערקלערט אין מסכתא **שבת פרק א' משנה א'. די צוויי זענען: דער מענטש, וועלכער שטייט אין דרויסן (אין גאס) און נעמט מיט דער האַנט א זאַך פון הויף און טראָגט עס מיט דער האַנט ארויס אין גאס (און אליין רירט ער זיך ניט פון אָרט), און דער מענטש וועל־כער שטייט אינווייניק (אין הויף) און טראָגט מיט דער האַנט ארויס א זאַך אין גאס אריין. די אנדערע צוויי זענען: ווען דיזעלביקע מענטשן טראָגן אריין א זאַך פון גאס אין הויף (הכנסה). פרטים וועגן דעם זע דאָרט אין מסכתא שבת.** — מראות, דאָס אויסזען (קאָלירן) פון נגעים (פון קרעציקע פלעקן אויף א מענטש'ס קערפּער) זענען צוויי, וועלכע זענען פיר. די תורה (ויקרא י"ג) זאָגט, **אז ווען ביי א מענטש באווייזט זיך א קרעציקער פלעק (נגע צרעת) און ער זעט־אויס ווי „שאת" אָדער ווי „בהרת", דאַרף אים דער כהן באַטראַכטן און אויב דער פלעק פאַרגרעסערט זיך שפּעטער ווערט דער מענטש א מצורע, טמא. דאָס זענען צוויי פלעקן־קאָלירן („שאת" און „בהרת"), אָבער יעדער פון די קאָלירן האָט נאָך א צוגאָב־קאָליר, א תולדה, (א קינד, א קאָליר וואָס איז ענליך צום פאָטער־קאָליר). „שאת" האָט א צוגאָב־קאָליר (א „תולדה"), און „בהרת" האָט א צוגאָב־קאָליר. צוזאַמען זענען זיי פיר קאָלירן. וועגן „שאת" און „בהרת" און זייערע צוגאָב־קאָלירן לערנט די משנה בפרטות אין מסכתא נגעים פרק א' משנה א', און דאָרט געבן מיר א גרויסן פירוש וועגן דעם.**

ב. כל, יעדער (טמא־מענטש, וועלכער עסט קרבנות אָדער ער גייט אריין אין בית המקדש, און ער טוט עס בשוגג, ניט געדענקנדיק אז ער איז טמא), איז (דער דין) אז אויב ער האָט פריער געוואוסט (ער האָט געהאַט א „ידיעה בתחילה", ער האָט פריער געוואוסט אז ער איז טמא), און ער האָט געוואוסט צום סוף (זאַכן עסן קרבנות אָדער נאָכן זיין אין בית המקדש האָט ער זיך דערמאָנט אז ער איז טמא) און אין דערמיט (ביים עסן אָדער ביים זיין אין בית המקדש) האָט ער ניט געוואוסט (העלם בינתיים), דאַרף ער ברענגען א (קרבן) פון טייערער און ביליקער (עולה ויורד). **דער דין איז אז ווען איינער טוט בשוגג א עבירה, פאַר וועלכער עס קומט כרת (אויב ער טוט זי במזיד), דאַרף ער ברענגען א קרבן חטאת א שעפּסל (א בהמה). עס איז ניט קיין אונטערשיד צי דער עבירה־טוער איז א רייכער מאַן, צי אן ארימער, צי גאָר א גרויסער אָרימאַן; יעדער פון זיי ברענגט א שעפּסל. דאָס הייסט „חטאת קבועה", א פעסטער חטאת. אָבער ווען א טמא מענטש עסט בשוגג קרבנות אָדער גייט אריין בשוגג אין בית המקדש (מטמא מקדש וקדשיו) און אויך פאַר נאָך עטליכע עבירות איז דער דין, אז מען מאַכט אן אונטערשיד צווישן א רייכן און אן אָרימאַן. א רייכער מאַן ברענגט א שעפּסל, אן אָרימאַן (בדלות) ברענגט א פּאָר טויבן (איינס פאַר א חטאת און איינס פאַר א עולה), און גאָר א גרויסער אָרימאַן (בדלי דלות) ברענגט א מעסטל מעל (עשירית האיפה, א צענטל פון א איפה, א צענטל פון 3 סאה, פון 18 טעפּ) פאַר א קרבן. די דאָזיקע קרבנות הייסן עולה ויורד", „עס גייט ארויף, און עס גייט אראָפּ", „א טייערער און א ביליקערער".** יש בה, אויב ער האָט פריער גע־וואוסט (און דערנאָך פאַרגעסן אז ער איז טמא און האָט געגעסן קרבנות אָדער ער איז אריינגעגאַנגען אין בית המקדש) און ער האָט צום סוף זיך אויך ניט דערמאָנט (און דער מענטש ווייסט גאָרניט אז ער האָט געטאָן א עבירה) איז דער ציגנבאָק (דער שעיר, וועלכן דער כהן גדול איז מקריב אים יום כיפור און ער ווערט) גע־

בִּפְנִים וְיוֹם הַכִּפּוּרִים תּוֹלֶה עַד שֶׁיִּוָּדַע לוֹ וְיָבִיא בְּעוֹלֶה וְיוֹרֵד: ג אֵין בָּהּ יְדִיעָה בַּתְּחִלָּה אֲבָל יֵשׁ בָּהּ יְדִיעָה בַּסּוֹף, שָׂעִיר הַנַּעֲשֶׂה בַחוּץ וְיוֹם הַכִּפּוּרִים מְכַפֵּר, שֶׁנֶּאֱמַר מִלְּבַד חַטַּאת הַכִּפּוּרִים, עַל מַה שֶּׁזֶּה מְכַפֵּר זֶה מְכַפֵּר מַה הַפְּנִימִי אֵין מְכַפֵּר אֶלָּא עַל דָּבָר שֶׁיֵּשׁ בָּהּ יְדִיעָה, אַף הַחִיצוֹן אֵין מְכַפֵּר אֶלָּא עַל דָּבָר שֶׁיֵּשׁ בָּהּ יְדִיעָה: ד וְעַל שֶׁאֵין בָּהּ יְדִיעָה לֹא בַתְּחִלָּה וְלֹא בַסּוֹף שְׂעִירֵי הָרְגָלִים וּשְׂעִירֵי רָאשֵׁי חֳדָשִׁים מְכַפְּרִים, דִּבְרֵי

מאכט (מען שפריצט זיין בלוט) אינעווייניק (אין קדשי קדשים, אין דער בית־המקדש־געביידע) צוזאמען מיט דעם טאג פון יום כיפור מאכן הענגען (תולה, זיי לאָזן ניט, אז דער מענטש זאָל פון הימל באשטראָפט ווערן מיט יסורים פאר דער עבירה בשוגג), ביז ער וועט געוואויר ווערן (ער וועט זיך דערמאָנען אז ער איז געווען טמא און האָט געטאָן א עבירה) און ער וועט (דאמאָלס) ברענגען דעם (קרבן) עולה ויורד. **וועגן דעם „שעיר הנעשה בפנים", דעם ציגנבאָק, דעם שעיר, וועמענס בלוט מען שפריצט אויפן אינעווייניקסטן מזבח, זע מסכתא יומא פרק ה' משנה ד'.**

ג. אין בה, אויב ער האָט (קיינמאָל) פריער ניט געוואוסט (איידער ער האָט געגעסן די קרבנות אָדער איז אריינגעגאנגען אין בית המקדש האָט ער ניט געוואוסט אז ער איז טמא געוואָרן) נאָר ער האָט געוואוסט (ער איז געוואויר געוואָרן וועגן דעם) צום סוף (נאָכן עסן אָדער נאָכן אריינגיין), איז דער באָק (דער קרבן מוסף) וואָס מען איז מקריב אין דרויסן (אויפן מזבח, וועלכער שטייט אין הויף פון בית המקדש) צוזאמען מיטן טאָג פון יום כיפור זענען זיי מכפר (אויף דער דאָזיקער עבירה). **דאָס איז דער דין, אז אויב דער מענטש האָט פריער ניט געוואוסט, אז ער איז טמא, דארף ער קיין קרבן ניט ברענגען, און אין הימל ווערט אים פארגעבן (מען איז אים מכפר) די עבירה דאדורך וואָס דער כהן גדול איז מקריב דעם קרבן מוסף אים יום כיפור און אויך דער טאָג יום כיפור, וועלכער איז מכפר אויף דער עבירה.** שנאמר, ווארום עס ווערט געזאָגט (במדבר כ"ט) „מלבד חטאת הכיפורים, (אז מען זאָל מקריב זיין אים יום כיפור איין שעיר, איין באָק, פאר א קרבן מוסף) א חוץ דעם (שעיר) חטאת פון פארגעבונג" (דאָס הייסט א חוץ דעם שעיר פון אינעווייניק). **און ווייל די תורה פארגלייכט דאָ די דאָזיקע ביידע קרבנות, דעם שעיר פון אינעווייניק מיט דעם שעיר (קרבן מוסף) פון דרויסן, לערנט די משנה אז: על מה,** אויף וואָס (אויף דער ענליכער עבירה) וואָס דער דאָזיקער (דער אינעווייניקסטער שעיר) איז מכפר, איז אויך דער דאָזיקער (דער דרויסנדיקער שעיר) מכפר; אזוי ווי דער אינעווייניקסטער איז מכפר נור אויף א זאך (אויף דער עבירה) וואָס עס איז פאראן דאָביי א וויסן (ווי מיר האָבן פריער אין משנה ב' געלערנט, אז דער שעיר מאכט הענגען די עבירה אויב ער האָט געוואוסט פריער), אזוי איז אויך דער דרויסנדיקער (שעיר) מכפר נור אויף א זאך (אויף דער עבירה), וואָס עס איז פאראן דאביי א וויסן. **און דאָס איז אויב דער מענטש האָט פריער ניט געוואוסט, אז ער איז טמא, אָבער ער איז געוואויר געוואָרן וועגן דעם דערנאָך.**

ד. ועל, און ווען עס איז ניט פאראן קיין וויסן ניט פריער און ניט צום סוף (דער מענטש האָט פריער ניט געוואוסט אז ער איז טמא, און ער איז אויך דערנאָך ניט געוואויר געוואָרן וועגן דעם), זענען די שעירים (די ציגנבאָקן) פון ימים טובים (וועלכע מען איז מקריב פאר קרבנות מוסף אים יום טוב) און די שעירים (וועלכע מען איז מקריב פאר קרבנות מוסף) אין ראשי חדשים (ראש חודש) מכפר (אויף דער עבירה), אזוי זאָגט ר' יהודה. **די גמרא זאָגט, אז ביים שעיר פאר א קרבן מוסף אים ראש חודש ווערט געזאָגט „לחטאת לה'", פאר א חטאת צו גאָט", און דאָס ווערט געטייטשט, אז עס איז מכפר אויף א עבירה, וואָס נור גאָט ווייסט וועגן איר, מחמת דער מענטש האָט דאָך ניט געוואוסט וועגן דעם ניט פריער און ניט צום סוף. און די שעירים פון ימים טובים זענען גליך צום שעיר פון ראש חודש, ווייל דאָרט**

רַבִּי יְהוּדָה. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, שְׂעִירֵי הָרְגָלִים מְכַפְּרִין, אֲבָל לֹא שְׂעִירֵי רָאשֵׁי חֳדָשִׁים. וְעַל מַה שְּׂעִירֵי רָאשֵׁי חֳדָשִׁים מְכַפְּרִין? עַל הַטָּהוֹר שֶׁאָכַל אֶת הַטָּמֵא. רַבִּי מֵאִיר אוֹמֵר, כָּל הַשְּׂעִירִים כַּפָּרָתָן שָׁוָה, עַל טֻמְאַת מִקְדָּשׁ וְקָדָשָׁיו. הָיָה רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, שְׂעִירֵי רָאשֵׁי חֳדָשִׁים מְכַפְּרִין עַל הַטָּהוֹר שֶׁאָכַל אֶת הַטָּמֵא, שֶׁל רְגָלִים מְכַפְּרִין עַל שֶׁאֵין בָּהּ יְדִיעָה לֹא בַתְּחִלָּה וְלֹא בַסּוֹף, וְשֶׁל יוֹם הַכִּפּוּרִים מְכַפֵּר עַל שֶׁאֵין בָּהּ יְדִיעָה בַתְּחִלָּה אֲבָל יֵשׁ בָּהּ יְדִיעָה בַסּוֹף. אָמְרוּ לוֹ, מַהוּ שֶׁיִּקְרְבוּ זֶה בָזֶה, אָמַר לָהֶן יִקְרָבוּ. אָמְרוּ לוֹ הוֹאִיל וְאֵין כַּפָּרָתָן שָׁוָה הֵיאַךְ קְרֵבִין זֶה בָזֶה?

**(אין במדבר כ״ח און כ״ט) ווערט ביי יעדן יום טוב געזאָגט „ושעיר, און א שעיר״.** ר׳ שמעון זאָגט, אז דארויף זענען מכפר די שעירים פון ימים טובים, אָבער ניט פון ראשי חדשים; און אויף וואָס זענען די שעירים וועלכע מען איז מקריב אין ראשי חדשים (טעג) מכפר? אויף (דער עבירה פון) א טהור (מענטש) וועלכער האָט געגעסן (בשוגג) טמא (קרבנות). **אויב איינער האָט געגעסן קרבנות־פלייש וועלכע זענען טמא געוואָרן, און ער האָט ניט געוואוסט דערפון, איז דער קרבן מוסף פון ראש חודש מכפר.** ר׳ מאיר זאָגט, אז אלע שעירים (אלע קרבנות מוספין, סיי פון ראש חודש, סיי פון ימים טובים און סיי דער קרבן מוסף פון יום כיפור) איז זייער כפרה גלייך (זענען מכפר אויף דערזעלביקער עבירה, דהיינו) אויף די טומאה פון בית המקדש און פון זיינע קרבנות (טומאות מקדש וקדשיו). **סיי ער האָט ניט געוואוסט ניט פריער און ניט צום סוף, און סיי ער האָט געוואוסט פריער און צום סוף ניט, און סיי אויף א טהור וועלכער האָט געגעסן טמא־קרבנות, זענען די קרבנות־מוספים מכפר. די נפקא מינה דערפון איז, וואָס אויב די עבירה איז געטאָן געוואָרן צווישן א ראש חודש און א יום טוב אָדער א יום כיפור, איז דער קרבן מוסף פון זיי, וועלכן מ׳האָט מקריב געווען דעם ערשטן, איז ער מכפר.** היה, האָט ר׳ שמעון געזאָגט, אז די שעירים (די קרבנות מוסף) פון ראש חודש זענען מכפר אויף א טהור וועלכער האָט געגעסן טמא(־קרבנות), און די (קרבנות מוסף) פון די ימים־טובים זענען מכפר אויף (איינעם א טמא וועלכער האָט געגעסן טהור־קרבנות אָדער איז אריינגעגאנגן איז בית המקדש) און ער האָט ניט געוואוסט ניט פריער און ניט שפעטער; און (דער קרבן מוסף) פון יום כיפור איז מכפר אויף (דערזעלביקער עבירה) אויב ער האָט פריער ניט געוואוסט און ער האָט געוואוסט צום סוף. **די משנה ברענגט דאָ נאָכאמאָל ר׳ שמעון׳ס ווערטער, ווייל זי וויל באלד ברענגען וואָס די חכמים האָבן צו אים געזאָגט און וואָס ער האָט זיי געענטפערט.** אָמרו לו, האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו ר׳ שמעון): ווי איז, אז מען זאָל זיי מקריב זיין דעמ׳ס אין דעמ? **אויב א שעיר, וואָס מען האָט אָפּגעשיידט מקריב צו זיין אלס דעם קרבן מוסף אים יום כיפור, איז פארלוירן געגאנגען, און מען האָט מקריב געווען אן אנדערן שעיר, צי זאָל מען אים (אויב מען האָט אים געפונען) מקריב זיין אים ראש חודש צי אין אן אנדערן יום טוב?** אָמר להם, האָט ער (ר׳ שמעון) צו זיי (צו די חכמים) געזאָגט: זאָל מען מקריב זיין; האָבן זיי צו אים געזאָגט: אויב זייער כפרה איז ניט גלייך, ווי אזוי קאָן מען מקריב זיין דעמ׳ס (דעם שעיר פון יום כיפור) אין דעם (אין ראש חודש צי אין יום טוב)? האָט ער (ר׳ שמעון) זיי געזאָגט: אלע (קרבנות מוסף) קומען מכפר צו זיין אויף די טומאה פון בית המקדש און פון קרבנות. **רשי און דער ברטנורא זאָגן אז דער „אמרו״, „זיי האָבן געזאָגט, מיינט מען, אז ר׳ מאיר האָט דאָס געזאָגט צו ר׳ שמעון, מחמת ר׳ מאיר האַלט דאָך אז די כפרה פון אלע איז אינגאנצן גלייך, און דאריבער האָט ער געפרעגט ר׳ שמעונען, ווי אזוי זאָגסטו אז מען קאָן מקריב זיין איינס אין אנדערן, סטייטש לויט דיר איז דאָך די כפרה פון קרבן מוסף פון די ימים טובים אן אנדערע**

אָמַר לָהֶן, כֻּלָּן בָּאִין לְכַפֵּר עַל טֻמְאַת מִקְדָּשׁ וְקָדָשָׁיו: ה רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן יְהוּדָה אוֹמֵר מִשְּׁמוֹ, שְׂעִירֵי רָאשֵׁי חֳדָשִׁים מְכַפְּרִין עַל הַטָּהוֹר שֶׁאָכַל אֶת הַטָּמֵא. מוּסִיף עֲלֵיהֶם שֶׁל רְגָלִים שֶׁמְּכַפְּרִין עַל הַטָּהוֹר שֶׁאָכַל אֶת הַטָּמֵא, וְעַל שֶׁאֵין בָּהּ יְדִיעָה לֹא בַּתְּחִלָּה וְלֹא בַּסּוֹף. מוּסִיף עֲלֵיהֶן שֶׁל יוֹם הַכִּפּוּרִים שֶׁהֵן מְכַפְּרִין עַל הַטָּהוֹר שֶׁאָכַל אֶת הַטָּמֵא, וְעַל שֶׁאֵין בָּהּ יְדִיעָה לֹא בַּתְּחִלָּה וְלֹא בַּסּוֹף, וְעַל שֶׁאֵין בָּהּ יְדִיעָה בַּתְּחִלָּה, אֲבָל יֵשׁ בָּהּ יְדִיעָה בַּסּוֹף. אָמְרוּ לוֹ מַהוּ (נ"א אוֹמֵר הָיָה רַבִּי) שֶׁיִּקָּרְבוּ זֶה בְּזֶה. אָמַר לָהֶם, הֵן. אָמְרוּ לוֹ, אִם כֵּן יִהְיוּ שֶׁל יוֹם הַכִּפּוּרִים קְרֵבִים בְּרָאשֵׁי חֳדָשִׁים, אֲבָל הֵיאַךְ שֶׁל רָאשֵׁי חֳדָשִׁים קְרֵבִים בְּיוֹם הַכִּפּוּרִים לְכַפֵּר כַּפָּרָה שֶׁאֵינָהּ שֶׁלָּהּ? אָמַר לָהֶן, כֻּלָּן בָּאִין לְכַפֵּר עַל טֻמְאַת מִקְדָּשׁ וְקָדָשָׁיו: ו וְעַל זְדוֹן טֻמְאַת מִקְדָּשׁ וְקָדָשָׁיו שָׂעִיר הַנַּעֲשֶׂה בִּפְנִים וְיוֹם הַכִּפּוּרִים מְכַפְּרִין. עַל

און פון יום כיפור אן אנדערע און פון ראש חודש אן אנדערע. **דארויף האט אים ר' שמעון געענטפערט, אז זיי זענען גלייך דערמיט, וואס זיי זענען מכפר אויף די עבירות פון עסן בטומאה קרבנות אדער אריינגיין אין בית המקדש בטומאה.**

ה. ר' שמעון בן יהודה זאגט אין זיין (ר' שמעון'ס נאמען, אז ר' שמעון האט געזאגט) אז די שעירים (קרבנות מוסף) פון ראש חודש זענען מכפר אויף א טהור וועלכער האט געגעסן טמא־קרבנות; די (קרבנות מוסף) פון ימים טובים זענען מער פון זיי (פון ראש־חודש־מוספים) דערמיט וואס זיי זענען מכפר סיי אויף א טהור וועלכער האט געגעסן טמא (קרבנות) און סיי אויף (א טמא וועלכער האט געגעסן טהור קר־בנות אדער איז אריינגעגאנגען אין בית המקדש) און האט ניט געוואוסט ניט פריער און ניט צום סוף; דער (קרבן מוסף) פון יום כיפור איז מער פון זיי (פון ראש חודש און פון ימים טובים) דערמיט וואס ער איז מכפר סיי אויף א טהור וועלכער האט געגעסן טמא (קרבנות) און סיי אויף (א טמא וועלכער האט געגעסן טהור־קרבנות אדער ער איז אריינגעגאנגען אין בית המקדש און) האט ניט געוואוסט ניט פריער און ניט צום סוף, און סיי ווען ער האט ניט געוואוסט פריער אבער ער האט געוואוסט צום סוף. האבן זיי (די חכמים) צו אים (צו ר' שמעונען) געזאגט: ווי איז אז מען זאל מקריב זיין דעמ'ס אין דעמ? האט ער (ר' שמעון) צו זיי געזאגט: זאל מען מקריב זיין. האבן זיי צו אים געזאגט: אויב אזוי זאל מען (דעם שעיר וואס איז געווען באַשטימט פאר דעם קרבן מוסף) פון יום כיפור קאנען מקריב זיין אים ראש חודש, אבער ווי אזוי זאל מען (די שעירים) פון ראש חודש מקריב זיין אים יום כיפור, מכפר צו זיין אויף א כפרה וואס איז ניט זייערס (ווארום די פון ראש חודש זענען דאך ניט מכפר אויף א טמא וואס האט געגעסן טהור קרבנות אדער איז אריינגע־גאנגען אין בית המקדש)? האט ער (ר' שמעון) צו זיי געזאגט: אלע קומען מכפר זיין אויף די טומאה פון בית המקדש און זיינע קרבנות. **עס איז די זעלביקע משנה וואס פריער, נאר ר' שמעון בן יהודה זאגט, אז ר' שמעון (אומעטום אין דער משנה ר' שמעון סתם איז ר' שמעון בן יוחאי) האלט, אז די מוספים פון ימים טובים זענען אויך מכפר אויף א טהור וואס האט געגעסן טמא קרבנות, און דער מוסף פון יום כיפור איז אויך מכפר אויף ניט וויסן סיי פריער און סיי צום סוף.**

ו. ועל, און אויף (טאן עבירות) במזיד (וויסנדיק אז מען טוט א עבירה) אין טומאה פון בית המקדש און פון זיינע קרבנות (אריינגיין ווען מען איז טמא אין בית המקדש אדער עסן קרבנות ווען מען איז טמא אדער עסן טמא קרבנות) זענען דער שעיר (דער באק) וואס מען מאכט (מען שפריצט זיין בלוט אים יום כיפור) אינווייניק (אין דער געביידע פון בית המקדש) און אויך דער טאג יום כיפור מכפר. **דאס לערנט ניט ר' שמעון נאר אלע חכמים, די סתם משנה.** על שאר, אויף די איבריקע עבירות

שְׁאָר עֲבֵרוֹת שֶׁבַּתּוֹרָה הַקַּלּוֹת וְהַחֲמוּרוֹת, הַזְּדוֹנוֹת וְהַשְּׁגָגוֹת, הוֹדַע וְלֹא הוֹדַע, עֲשֵׂה וְלֹא תַעֲשֶׂה, כְּרֵיתוֹת וּמִיתוֹת בֵּית דִּין, שָׂעִיר הַמִּשְׁתַּלֵּחַ מְכַפֵּר: ז אֶחָד יִשְׂרְאֵלִים, וְאֶחָד כֹּהֲנִים, וְאֶחָד כֹּהֵן מָשׁוּחַ. מַה בֵּין יִשְׂרְאֵלִים לְכֹהֲנִים וּלְכֹהֵן מָשׁוּחַ? אֶלָּא שֶׁדַּם הַפָּר מְכַפֵּר עַל הַכֹּהֲנִים עַל טֻמְאַת מִקְדָּשׁ וְקָדָשָׁיו. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, כְּשֵׁם שֶׁדַּם הַשָּׂעִיר הַנַּעֲשֶׂה בִּפְנִים מְכַפֵּר עַל יִשְׂרָאֵל, כָּךְ דַּם הַפָּר מְכַפֵּר עַל הַכֹּהֲנִים. כְּשֵׁם שֶׁוִּדּוּיוֹ שֶׁל שָׂעִיר הַמִּשְׁתַּלֵּחַ מְכַפֵּר עַל יִשְׂרָאֵל, כָּךְ וִדּוּיוֹ שֶׁל פָּר מְכַפֵּר עַל הַכֹּהֲנִים:

פון דער תורה (אויב איינער איז עובר אויף א זאך פון דער תורה), די גרינגע (עבירות) און די הארבע (עבירות), די במזיד (געטוענע עבירות) און די בשוגג (געטוענע עבירות), סיי ער (דער עבירה־טוער) איז דערנאָך געוואויר געוואָרן (אז ער האָט געטאָן די עבירה בשוגג) סיי ער איז ניט געוואויר געוואָרן (דערנאָך), סיי אויף א מצות עשה (די תורה זאָגט אז מען זאָל טאָן, עשה, למשל די תורה זאָגט אז מען זאָל לייגן תפילין, און ער האָט ניט געלייגט), און סיי א לא תעשה (ניט טאָן, די תורה למשל זאָגט אז מען זאָל ניט עסן טריפות און ער האָט יאָ געגעסן) סיי (אויף עבירות) פאר וועלכע עס קומט כרת (פארשניטן ווערן פון הימל, למשל עסן חלב), און סיי (עבירות) פאר וועלכע עס קומט טויט־שטראָף דורך בית דין (למשל טאָן א מלאכה אים שבת), איז דער שעיר המשתלח (דער באָק וואָס מען שיקט אוועק אים יום כיפור אין דער מדבר) מכפר. **וועגן שעיר המשתלח און ווי דורך אים ווערן פארגעבן די עבירות פון יידן זע אין מסכתא יומא פרק ו' משנה ב'. די ווערטער צום סוף פון דער משנה „עשה ולא תעשה" און „כריתות און מיתות בית דין" זענען א פירוש צו די פריערדיקע ווערטער „קלות" (גרינגע) און „חמורות (הארבע), דאָס הייסט, אז די גרינגע זענען די „עשה ולא תעשה", און די הארבע זענען „כריתות ומיתות בית דין".**

ז. אחד, סיי ישראלים און סיי כהנים, און סיי דער כהן גדול (כהן משיח). **זיי אלע זענען גלייך, אז דער שעיר המשתלח איז מכפר אויף אלע זייערע איבריקע עבירות. „כהן משיח", דער געזאלבטער כהן, האָט געהייסן דער כהן גדול, ווייל אין דער צייט פון ערשטן בית המקדש האָט מען אים געזאלבט (משיח, דער געזאלבטער) מיט דעם הייליקן הייל, מיט שמן המשחה, זע פריער מסכתא מכות פרק ב' משנה ה'.** מה בין, וואָס איז (יאָ דער אונטערשיד) צווישן ישראלים און כהנים און דעם כהן גדול? (דער אונטערשיד איז) נאָר וואָס דאָס בלוט פון אָקס (וועלכן דער כהן גדול האָט מקריב געווען אים יום כיפור און האָט אויף אים געזאָגט וידוי פאר זיך און פאר די כהנים) איז מכפר אויף די כהנים (און אויפן כהן גדול אין די עבירות וואָס זיי האָבן עובר געווען) ביי דער טומאה פון בית המקדש און פון עסן קרבנות. **אָבער אויף ישראלים זענען דארויף מכפר דער שעיר, דער באָק, וואָס מען שפריצט זיין בלוט אים יום כיפור אינווייניק, און דער קרבן מוסף, ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין די משנות. וועגן דעם אָקס וואָס מען האָט מקריב געווען יום כיפור און דעם וידוי זע מסכתא יומא פרק ג' משנה ח' און פרק ד' משנה ב'.** ר' שמעון זאָגט, אז אזוי ווי דאָס בלוט פון שעיר וואָס ווערט געמאַכט אינווייניק (מען שפריצט אים יום כיפור זיין בלוט אינווייניק און מען זאָגט ניט קיין וידוי אויף אים) איז מכפר אויף ישראלים, אזוי איז דאָס בלוט פון אָקס (אים יום כיפור) מכפר אויף כהנים (אויף די עבירות פון טומאה פון בית המקדש און פון קרבנות, אָן שום וידוי), און אזוי ווי דער וידוי (וואָס דער כהן גדול זאָגט אים יום כיפור) אויף דעם שעיר המשתלח (פאר אלע יידן, פאר ישראל) איז מכפר אויף ישראלים (אויף אלע אנדערע עבירות), אזוי איז דער וידוי (וואָס דער כהן גדול זאָגט אים יום כיפור) אויף דעם אָקס מכפר (אויף אלע אנדערע עבירות) פון די כהנים. **וועגן דעם וידוי וואָס דער**

א יְדִיעוֹת הַטֻּמְאָה שְׁתַּיִם שֶׁהֵן אַרְבַּע. נִטְמָא וְיָדַע וְנֶעֶלְמָה מִמֶּנּוּ הַטֻּמְאָה, וְזָכוּר אֶת הַקֹּדֶשׁ. נֶעְלַם מִמֶּנּוּ הַקֹּדֶשׁ וְזָכוּר אֶת הַטֻּמְאָה, נֶעֶלְמוּ מִמֶּנּוּ זֶה וָזֶה וְאָכַל אֶת הַקֹּדֶשׁ וְלֹא יָדַע וּמִשֶּׁאָכַל יָדַע, הֲרֵי זֶה בְּעוֹלֶה וְיוֹרֵד. נִטְמָא וְיָדַע וְנֶעֶלְמָה מִמֶּנּוּ טֻמְאָה וְזָכוּר אֶת הַמִּקְדָּשׁ. נֶעְלַם מִמֶּנּוּ מִקְדָּשׁ וְזָכוּר אֶת הַטֻּמְאָה, נֶעְלַם מִמֶּנּוּ זֶה וָזֶה וְנִכְנַס לַמִּקְדָּשׁ וְלֹא יָדַע וּמִשֶּׁיָּצָא יָדַע, הֲרֵי זֶה בְּעוֹלֶה וְיוֹרֵד: ב אֶחָד הַנִּכְנָס לָעֲזָרָה, וְאֶחָד הַנִּכְנָס לְתוֹסֶפֶת הָעֲזָרָה, שֶׁאֵין מוֹסִיפִין עַל הָעִיר וְעַל הָעֲזָרוֹת, אֶלָּא

**כהן גדול האט געזאגט אויף דעם שעיר המשתלח פאר די זינד פון ישראל זע מסכתא יומא פרק ו' משנה ב'. ר' שמעון האלט, אז די כהנים'ס עבירות ווערן ניט פארגעבן דורך דעם שעיר המשתלח נאר דורך דעם וידוי אויף דעם אקס.**

## פרק ב.

א. ידיעות, דאס געוואויר ווערן וועגן טומאה (די עבירה וואס א מענטש טוט בשוגג ווען ער איז טמא און עסט קרבנות אדער גייט אריין אין בית המקדש) קאן זיין אין צוויי (פאלן) וועלכע זענען פיר פאלן. **מיר האבן דאס געהאט פריער אין פרק א' משנה א' און מיר האבן עס דארט דערקלערט. דא דערקלערט עס די משנה בפירוש, דהיינו:** נטמא וידע, אויב ער איז טמא געווארן און ער האט געוואוסט (אז ער איז טמא געווארן) און ער האט (דערנאך) פארגעסן די טומאה (אז ער איז טמא), אבער ער האט געוואוסט אז דאס (פלייש צי אנדערע זאך וואס ער גייט עסן) איז קרבנות, אדער ער האט פארגעסן אז דאס איז קרבנות אבער ער האט געדענקט אז ער איז טמא, אדער ער האט פארגעסן דאס און דאס (אז ער איז טמא און אז דאס איז קרבנות), און ווען ער האט אפגעגעסן איז ער געוואויר געווארן, דארף ער (ברענגען א קרבן) עולה ויורד. **מיר האבן שוין פריער פרק א' משנה ב' דערקלערט אז א קרבן „עולה ויורד", מיינט „טייערער און ביליקער", א רייכער מאן ברענגט א שעפסל, אן ארימאן א פאר טויבן און גאר א גרויסער ארימאן ברענגט א מעסטל מעל (מנחה).** נטמא וידע, אויב ער איז טמא געווארן און ער האט געוואוסט און ער האט (דערנאך) פארגעסן אז ער איז טמא, אבער ער האט געדענקט אז דאס (ארט וואו ער גייט אריין) איז דאס בית המקדש, אדער ער האט פארגעסן אז דאס (ארט) איז דאס בית המקדש אבער ער האט געדענקט אז ער איז טמא, אדער ער האט פארגעסן דאס (אז ער איז טמא) און דאס (אז דאס ארט איז דאס בית המקדש), און ער איז אריינגעגאנגען אין בית המקדש און ער האט ניט געוואוסט, און נאכדעם ווי ער איז ארויסגעגאנגען (פון בית המקדש) איז ער געוואויר געווארן, דארף ער (ברענגען א קרבן) עולה ויורד. **דאס האבן מיר דערקלערט פריער אין פרק א' משנה א', און די משנה גיט דא אויך צו אז אפילו ער האט געהאט פארגעסן אלץ, סיי ער איז טמא און סיי אז דאס וואס ער עסט איז קרבנות, אדער אז דאס ארט וואוהין ער גייט אריין איז דאס בית המקדש, דארף ער ברענגען דעם קרבן עולה וירד.**

ב. אחד, (די עבירה פון א מענטש, וואס גייט אריין אין בית המקדש ווען ער איז טמא, איז) סיי ווען איינער גייט אריין אין דער עזרה (אין הויף פון בית המקדש) סיי ווען איינער גייט אריין אין דעם צוגאב צו דער עזרה (תוספת העזרה). **טיילמאל ווען מען האט געזען, אז דער בית המקדש הויף, די עזרה, איז צו קליין האט מען גענומען א שטיקל שטח פון דרויסן, וואס איז ניט געווען הייליק, און מען האט עס צוגעגעבן צו דער עזרה, און אויך דאס געמאכט פאר הייליק.** שאין, (דאריבער איז אויך דער צוגאב הייליק) ווייל מען גיט ניט צו (מען פארגרעסערט ניט) די שטאט (ירושלים) און די עזרות (די הויפן פון בית המקדש) סיידן דורך א מלך און נביא און (דורך אנפרעגן זיך אין) די אורים ותומים און דורך די סנהדרין פון איין און

בְּמֶלֶךְ וְנָבִיא וּבְאוּרִים וְתוּמִּים, וּבְסַנְהֶדְרִין שֶׁל שִׁבְעִים וְאֶחָד וּבִשְׁתֵּי תוֹדוֹת וּבְשִׁיר, וּבֵית דִּין מְהַלְּכִין. וּשְׁתֵּי תוֹדוֹת אַחֲרֵיהֶם וְכָל יִשְׂרָאֵל אַחֲרֵיהֶם, הַפְּנִימִית נֶאֱכֶלֶת וְהַחִיצוֹנָה נִשְׂרֶפֶת, וְכָל שֶׁלֹּא נַעֲשָׂה בְּכָל אֵלּוּ, הַנִּכְנָס לְשָׁם אֵין חַיָּבִין עָלֶיהָ: ג נִטְמָא בָּעֲזָרָה וְנֶעְלְמָה מִמֶּנּוּ טֻמְאָה וְזָכוּר אֶת הַמִּקְדָּשׁ. נֶעְלַם הֵימֶנּוּ מִקְדָּשׁ וְזָכוּר לְטֻמְאָה. נֶעְלַם מִמֶּנּוּ זֶה וָזֶה וְהִשְׁתַּחֲוָה אוֹ שֶׁשָּׁהָה בִּכְדֵי הִשְׁתַּחֲוָאָה, בָּא לוֹ בָּאֲרוּכָּה חַיָּב.

זיבציק (דיינים). **אויך די שטאָט ירושלים האָט א באַזונדערע הייליקייט, מען מעג דאָרט עסן לייכטע קרבנות קדשים קלים און אנדערע זאכן. די משנה זאָגט „עזרות", בית־המקדש־הויפן, ווייל עס זיינען געווען עטליכע עזרות, א הויף פאַר פרויען (עזרת נשים), א הויף פאַר ישראלים, א הויף פאַר לויים, און פאַר כהנים. וועגן אורים ותומים זע מסכתא יומא פרק ז' משנה ה'.** ובשתי, און מיט צוויי (ברויטן פון) קרבן תודה, און מיט געזאנג. **ביים פאַרגרעסערן ירושלים אָדער די עזרה האָט מען געפירט צוויי ברויטן פון א קרבן תודה (א דאנק־קרבן) און מען האָט געזונגען דאָס קאַפּיטל תהלים ל' „ארוממך ה' כי דליתנו" (איך וועל דיך הייבן גאָט, ווייל דו האָסט מיך אויפגעהויבן). וועגן די צוויי תודות לערנען מיר אָפּ פון נחמיה ביים אָנהויבן פון** 2טן בית המקדש (נחמיה י"ב ואעמידה שתי תודות גדולות"). **ביים 2טן בית המקדש איז נישט געווען קיין מלך און קיין אורים ותומים; אָבער עס ווערט דערקלערט, אז דאמאָלס האָט מען עס געמאכט סתם פאַר אן אנדענקונג, ווייל די קדושה וואָס שלמה המלך האָט געהייליקט דעם בית המקדש און ירושלים ביים ערשטן בית המקדש איז שוין אויף שטענדיק (קדושה ראשונה קדשה לשעתה וקדשה לעתיד לבוא).** ובית דין, און דאָס בית דין גייט (פאַרויס) און די צוויי (ברויטן פון דער) תודה (ווערן געטראָגן) נאָך זיי, און גאַנץ ישראל (גייט) נאָך זיי. **די גמרא זאָגט, אז אין דער משנה ווערט געטייטשט אז צוערשט האָט מען געטראָגן די תודה־ברויטן און דערנאָך איז געגאנגען דאָס בית דין, ווייל אזוי ווייזט אויס פון נחמיה י"ב.** הפנימית, דאָס אינווייניקסטע (תודה־ברויט) ווערט געגעסן, און דאָס אויסנווייניקסטע (תודה־ברויט) ווערט פאַרברענט. **די צוויי ברויטן האָט מען געטראָגן ניט צוזאמען, נאָר צוערשט האָט מען געטראָגן איין ברויט און דערנאָך האָט מען געטראָגן א צווייט ברויט. אין דער גמרא איז פאַראַן צוויי טייטשן. לויט איין טייטש איז דאָס ערשטע ברויט געווען דאָס אויסנווייניקסטע, און דאָס צווייטע דאָס אינווייניקסטע. לויט אן אנדערן טייטש איז דאָס ערשטע געווען דאָס אינווייניקסטע, און דאָס צווייטע דאָס אויסנווייניקסטע. —** וכל, און אלץ (יעדעס שטיקל אָרט וואָס מען האָט צוגעגעבן צו דעם בית המקדש־הויף און) עס איז ניט געמאכט געוואָרן מיט די אלע זאכן (מיט דעם מלך און נביא און אורים ותומים און סנהדרין און די צוויי ברויטן און געזאַנג), איז דער (א טמא מענטש) וואָס גייט דאָרט אריין, ניט חייב. **האָט ער ניט געטאָן קיין עבירה, ווייל דאָס אָרט האָט ניט די הייליקייט פון בית המקדש.**

ג. נטמא, אויב איינער איז טמא געוואָרן אין דער עזרה (ווען ער איז שוין געווען אין בית־המקדש־הויף) און ער האָט (באלד דערנאָך) פאַרגעסן אז ער איז טמא און ער האָט געדענקט אז דאָס (אָרט) איז דאָס בית המקדש, אָדער ער האָט פאַרגעסן אז דאָס (אָרט) איז דאָס בית המקדש און ער האָט געדענקט אז ער איז טמא, אָדער ער האָט פאַרגעסן אי דאָס (אז ער איז טמא) אי דאָס (אז דאָס אָרט געהערט צום בית המקדש), און ער האָט זיך געבוקט (והשתחוה, ער האָט געקניט) אָדער ער האָט געזוימט זיך (אין בית המקדש הויף) אזוי לאנג ווי עס דויערט דאָס בוקן זיך (דאָס הייסט, ער איז ניט גלייך ארויסגעגאנגען פון בית המקדש־הויף), אָדער (ער איז יאָ גלייך ארויסגעגאנגען אָבער) ער איז געגאנגען מיט א לאנגן וועג (און עס איז געווען א קורצערער וועג ארויסצוגיין פון דאָרט), — איז ער חייב. **ער איז שולדיק פאַר טאָן די עבירה און ער דאַרף ברענגען א קרבן, פונקט ווי א טמא מענטש, וואָס**

בְּקִצְרָה פָּטוּר. זוֹ הִיא מִצְוַת עֲשֵׂה שֶׁבַּמִּקְדָּשׁ שֶׁאֵין חַיָּבִין עָלֶיהָ: ד וְאֵיזוֹ הִיא מִצְוַת עֲשֵׂה שֶׁבַּנִּדָּה שֶׁחַיָּבִין עָלֶיהָ? הָיָה מְשַׁמֵּשׁ עִם הַטְּהוֹרָה, וְאָמְרָה לוֹ נִטְמֵאתִי, וּפֵרַשׁ מִיָּד, חַיָּב, מִפְּנֵי שֶׁיְּצִיאָתוֹ הֲנָאָה לוֹ כְּבִיאָתוֹ: ה רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר: הַשֶּׁרֶץ וְנֶעְלַם מִמֶּנּוּ. עַל הֶעְלֵם שֶׁרֶץ חַיָּב, וְאֵינוֹ

**קומט אריין אין בית־המקדש־הויף.** בקצרה, אויב (אבער ער האט זיך ניט געבוקט און ער האט ניט געזוימט זיך ווי לאנג עס דויערט דאס בוקן זיך און ער איז באלד ארויסגעגאנגען) מיט דעם קורצן וועג, איז ער פטור. **ער האט ניט געטאן קיין עבירה און ער דארף ניט ברענגען קיין קרבן. די גמרא זאגט אז די צייט וואס דויערט אזוי לאנג ווי בוקן זיך איז די צייט וואס דויערט צו זאגן פאמעלעך דעם פסוק אין דברי הימים ב׳, ז׳ „וכל בני ישראל רואים ברדת האש וכבוד ה׳ על הבית ויכרעו אפים ארצה על הרצפה וישתחוו והודות לה׳ כי טוב כי לעולם חסדו״; אן אנדערע מיינונג אין דער גמרא (און אזוי פסקנט דער רמב״ם) איז אז ווי לאנג עס דויערט פון ווארט „ויכרעו (אין זעלביקן פסוק) ביז צום ווארט „חסדו״ אין סוף פון פסוק.** זו היא, דאס איז די מצות עשה אין בית המקדש אויף וועלכע מען (דאס בית דין, וואס האט א טעות געהאט און געפסקנט ניט ריכטיק אז מען מעג) איז ניט חייב דערויף (קיין קרבן). **אין מסכתא הוריות פרק א׳ משנה א׳ לערנען מיר, אז אויב דאס בית דין האט וועגן א הארבער כרת־עבירה געפסקנט בטעות אז מען מעג זי טאן, און מען האט זי געטאן, דארף בית דין ברענגען א קרבן. זאגט די משנה אז כאטש אויב א טמא מענטש בלייבט אין בית המקדש־הויף און גייט ניט באלד ארויס פון דארט מיט א קורצן וועג טוט ער א עבירה, פאר וועלכער עס קומט כרת, פון דעסטוועגן אויב דאס בית דין האט געפסקנט אז ער דארף ניט מקיים זיין די „מצוות עשה״, באלד ארויסצוגיין מיטן קורצן וועג, נאר האט געפסקנט אז מען מעג ארויסגיין מיט דעם לענגערן וועג, דארף דאס בית דין ניט ברענגען קיין קרבן.**

ד. ואיזו, און וועלכע איז די מצוות עשה ביי א נידה (א פרוי אין איר מאָנאטליכער בלוטיגונג־צייט) וואס מען (דאס בית דין אויב עס האט געפסקנט ניט ריכטיק) איז חייב (צו ברענגען א קרבן? אויב איינער האט געלעבט (געשלעכטליך) מיט (א פרוי) א ריינער (ניט קיין נידה) און (אין מיטן לעבן מיט איר) האט זי אים געזאגט: „איך בין טמא געווארן״ (זי האט דערפילט בלוט און זי איז געווארן א נידה), און ער (דער מאן) האט זיך אפגעשיידט (פון איר) גלייך, איז ער חייב. **ער האט געטאן א עבירה פאר לעבן מיט א נידה (פאר דער דאזיקער עבירה במזיד קומט כרת).** מפני, ווייל דאס ארויסגיין גיט אים (פארשאפט דעם מאן) אזא הנאה ווי דאס אריינקומען. **ווייל ווען ער שיידט זיך אפ פון דער פרוי, האבנדיג קישוי אבר, האט ער דערפון הנאה ווי ווען ער לעבט געשלעכטליך מיט דער פרוי. ער דארף דאריבער ווארטן ביז ער האט ניט מער קיין קישוי אבר, און דאמאלס זאל ער זיך אפשיידן. לערנט די משנה אז אויב דאס בית דין פסקנט בטעות אז ער מעג זיך יא אפשיידן באלד (מיט דעם קישוי אבר) איז דאס בית דין יא חייב צו ברענגען א קרבן.**

ה. ר׳ אליעזר זאגט, אז (אין פסוק ויקרא ה׳ ווערט געזאגט וועגן דעם טמא מענטש וואס גייט אריין בשוגג אין בית המקדש אז ער דארף ברענגען א קרבן) „השרץ ונעלם ממנו״ (דערפון לערנען מיר), אז ער איז נור מחויב (צו ברענגען א קרבן) ווען ער האט פארגעסן (אז ער איז טמא געווארן דורך אנרירן) דעם שרץ, אבער ער איז ניט מחויב (צו ברענגען א קרבן) אויב ער האט פארגעסן (אז דאס ארט וואוהין ער גייט אריין איז) דאס בית המקדש. **דאסזעלביקע איז אויך וועגן עסן קרבנות־שפייזן. די גמרא זאגט, אז ר׳ אליעזר האלט, אז ער מוז האבן פריער געוואוסט (ידיעה בתחילה, זע פריער אין פרק א׳ משנה ג׳) דורך וועלכער זאך ער איז טמא געווארן, דורך א שרץ צו דורך א נבלה, און דערנאך האט ער פארגעסן, אבער**

חַיָּב עַל הֶעְלֵם מִקְדָּשׁ. רַבִּי עֲקִיבָא אוֹמֵר, וְנֶעְלַם מִמֶּנּוּ וְהוּא טָמֵא. עַל הֶעְלֵם טֻמְאָה חַיָּב וְאֵינוֹ חַיָּב עַל הֶעְלֵם מִקְדָּשׁ. רַבִּי יִשְׁמָעֵאל אוֹמֵר, וְנֶעְלַם וְנֶעְלַם שְׁתֵּי פְעָמִים, לְחַיֵּב עַל הֶעְלֵם טֻמְאָה וְעַל הֶעְלֵם מִקְדָּשׁ:

# פרק ג.

**א** שְׁבוּעוֹת שְׁתַּיִם שֶׁהֵן אַרְבַּע. שְׁבוּעָה שֶׁאוֹכַל וְשֶׁלֹּא אוֹכַל.

אויב ער האָט פריער נור געוואוסט סתם אז ער איז טמא געוואָרן אָבער ער האָט ניט געוואוסט דורך וועלכער זאך ער איז טמא געוואָרן, צי דורך א שרץ, צי דורך א נבלה, דאַרף ער ניט ברענגען קיין קרבן, ווייל עס הייסט ניט קיין „ידיעה בתחילה״. ר׳ עקיבא זאָגט, אז (ווייל דאָרט אין ויקרא ה׳ ווערט געזאָגט) „ונעלם ממנו והוא טמא, און ער האָט עס פאַרגעסן און ער איז טמא״, (לערנען מיר דערפון), אז ער איז חייב (א קרבן) אויב ער האָט פאַרגעסן אז ער איז טמא אָבער ניט אז ער האָט פאַר־געסן (אז דאָס אָרט וואוהין ער גייט אריין איז) דאָס בית המקדש. לויט ר׳ עקיבא איז גענוג אז ער זאָל האָבן געוואוסט פריער אז ער איז טמא געוואָרן, און ער מוז ניט האָבן געוואוסט דורך וועלכער זאך ער איז טמא געוואָרן, דורך א שרץ צי דורך א נבלה. אָבער ביידע, סיי ר׳ אליעזר און סיי ר׳ עקיבא האלטן, אז אויב ער האָט פאַר־געסן אז עס איז דאָס בית המקדש, דאַרף ער ניט ברענגען קיין קרבן. ר׳ ישמעאל זאָגט אז (דאריבער ווערט דאָרט אין ויקרא געזאָגט) „ונעלם, און ער האָט עס פאַרגעסן״, „ונעלם, און ער האָט עס פאַרגעסן״, צוויי מאָל (עס איז פאַראַן צוויי מאָל דאָס וואָרט „ונעלם״, כדי צו לערנען דערפון) אז מען איז מחויב (צו ברענגען א קרבן) סיי ווען מען האָט פאַרגעסן אז מען איז טמא, סיי אז מען האָט פאַרגעסן אז עס איז דאָס בית המקדש. ר׳ ישמעאל איז מחולק אויף ר׳ אליעזר און ר׳ עקיבא, און ער האלט אז אויך אויף „העלם מקדש״ אז מען האָט פאַרגעסן אז דאָס אָרט איז דאָס בית המקדש, איז מען מחויב צו ברענגען א קרבן.

## פרק ג.

א. שבועות, עס זענען פאַראַן צוויי שבועות, וועלכע זענען פיר. מיר האָבן די דאָזיגע ווערטער פון דער משנה שוין געהאַט פריער אין פרק א׳ משנה א׳ און מיר האָבן דאָרט דערקלערט וואָס די משנה מיינט. אָבער ווייל דער גאנצער פרק לערנט דאָ די הלכות וועגן דער עבירה פון פאלש שווערן, וועלן מיר דאָ געבן עטליכע דערקלערונגען. ווען איינער שווערט צו טאָן אָדער ניט צו טאָן א זאך, און ער האָט עובר געווען אויף דער שבועה, למשל ער האָט געשוואוירן צו עסן א ברויט און ער האָט אים ניט געגעסן, אָדער ער האָט געשוואוירן אז ער זאָל אים ניט עסן און ער האָט אים יאָ געגעסן, האָט ער עובר געווען א עבירה. אויב ער האָט עס געטאָן בשוגג, ער האָט ניט געוואוסט אז ער טאָר די עבירה ניט עובר זיין, דאַרף ער ברענגען א קרבן „עולה ויורד״ (א רייכער מאן ברענגט א שעפסל, אן אָרימאן ברענגט א פאָר טויבן און א גרויסער אָרימאן ברענגט א מעסטל מעל, זע פריער פרק א׳ משנה ב׳). אזא שבועה הייסט „שבועת ביטוי״, פון פסוק אין ויקרא ה׳, ד׳ „או נפש כי תשבע לבטא בשפתים להרע או להיטיב, אָדער ווען א מענטש וועט שווערן, אַרויס־רעדנדיק מיט די לעפצן צו שלעכטס אָדער צו גוטס״. פון וואָרט „לבטא״ ווערט זי אָנגערופן „שבועת ביטוי״, און ס׳ווערט געטייטשט „להרע״ (צום שלעכטן) אז דער מענטש האָט געשוואוירן ניט צו טאָן א זאך, און „להיטיב״ (צום גוטן) מיינט אז ער האָט געשוואוירן יאָ צו טאָן א זאך. דאָס זענען די צוויי פאלן, ווען ער שווערט אז ער זאָל שפּעטער, „להבא״, יאָ טאָן עפּעס אָדער ניט טאָן עפּיס. אָבער עס זענען פאַראַן נאָך 2 פאלן, אויף „לשעבר״, אויף וואָס עס איז שוין געווען, דהיינו: אויב איינער

שֶׁאָכַלְתִּי וְשֶׁלֹּא אָכַלְתִּי. שְׁבוּעָה שֶׁלֹּא אוֹכַל, וְאָכַל כָּל שֶׁהוּא, חַיָּב, דִּבְרֵי רַבִּי עֲקִיבָא. אָמְרוּ לוֹ לְרַבִּי עֲקִיבָא וְכִי הֵיכָן מָצִינוּ בְּאוֹכֵל כָּל שֶׁהוּא שֶׁהוּא חַיָּב, שֶׁזֶּה חַיָּב? אָמַר לָהֶן רַבִּי עֲקִיבָא, וְכִי הֵיכָן מָצִינוּ בִּמְדַבֵּר וּמֵבִיא קָרְבָּן, שֶׁזֶּה מְדַבֵּר וּמֵבִיא קָרְבָּן? שְׁבוּעָה שֶׁלֹּא אוֹכַל, וְאָכַל וְשָׁתָה, אֵינוֹ חַיָּב אֶלָּא אַחַת. שְׁבוּעָה שֶׁלֹּא אוֹכַל וְשֶׁלֹּא אֶשְׁתֶּה, וְאָכַל וְשָׁתָה חַיָּב שְׁתַּיִם: ב שְׁבוּעָה שֶׁלֹּא אוֹכַל וְאָכַל פַּת חִטִּין וּפַת

שווערט אז ער האָט געטאָן א זאך, למשל, אז ער האָט געגעסן, אָדער אז ער האָט ניט געטאָן א זאך, למשל אז ער האָט ניט געגעסן, און עס האָט זיך ארויסגעוויזן אז ער האָט פאלש געשוואוירן, איז אויב ער האָט עס געטאָן בשוגג (ער האָט געמיינט, אז מען מעג שווערן פאלש) דארף ער ברענגען א קרבן. דאָס זענען די אנדערע צוויי פאלן, און צוזאמען זענען עס 4 פאלן. און די משנה דערקלערט דאָס באלד. שבועה, (די פיר פאלן זענען אויב איינער זאָגט): „שבועה (איך שווער), אז איך וועל עסן", אָדער „אז איך וועל ניט עסן", אָדער „אז איך האָב געגעסן", אָדער „אז איך האָב ניט געגעסן". דאָס איז אזוי ווי מיר האָבן פריער דערקלערט. שבועה שלא, (אויב איינער זאָגט) „איך שווער אז איך זאָל ניט עסן", און ער האָט געגעסן עפּיס (כל שהוא, ווינציקער ווי די גרויס פון אן איילבירט, ווינציקער פון א כזית), איז ער חייב (צו ברענגען א קרבן), אזוי זאָגט ר' עקיבא. ביי אזעלכע עבירות ווי למשל עסן חלב, ברענגט מען ניט קיין קרבן סיידן מען עסט אזוי גרויס ווי אן איילבירט (כזית); אָבער דאָ זאָגט ר' עקיבא איז ער מחויב צו ברענגען א קרבן אפילו ווען ער עסט א כל-שהוא, עפּיס. אָמרו לו, האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו ר' עקיבא: וואו געפינען מיר אז איינער זאָל עסן א כל שהוא (עפּיס, ווינציקער פון א כזית) און ער זאָל זיין חייב (צו ברענגען א קרבן), אז אויך דער דאָזיקער (וועלכער איז עובר אויף זיין שבועה און עסט א כל שהוא) זאָל זיין חייב? האָט צו זיי (צו די חכמים) געזאָגט (אָפּגעענטפערט) ר' עקיבא: און וואו געפינען מיר אז איינער רעדט (מדבר, ער זאָגט א וואָרט און דורך דעם זאָגן אסרט ער אויף זיך עפּיס) און ער זאָל ברענגען א קרבן (אויב ער איז עובר אויף דעם איסור), אָבער דער דאָזיקער (ביי דער שבועה) רעדט (אסרט אויף זיך בלויז דורך זיין זאָגן די שבועה) און ברענגט א קרבן (פאר עובר זיין דארויף)! די מפרשים טייטשן, אז ר' עקיבא מיינט צו זאָגן, אז ווייל דעם קרבן ברענגט ער צוליב דעם וואָס ער האָט עובר געוועזן אויף זיין אייגן זאָגן, דאריבער האָט ער מיט זיין עסן אפילו נאָר עפּיס, א כל שהוא, ווינציקער פון א כזית, עובר געוועזן אויף זיין זאָגן, מחמת ווען ער האָט געשוואוירן אז ער זאָל ניט עסן, האָט ער געמיינט אז ער זאָל אפילו עפּיס אויך ניט עסן. — שבועה, (אויב איינער זאָגט): „איך שווער אז איך זאָל ניט עסן", און ער האָט געגעסן און געטרונקען, איז ער שולדיק (מחויב צו ברענגען) ניט מער ווי איין (קרבן)· ווייל טרינקען הייסט אזוי ווי געגעסן, און עס איז אזוי ווי ער וואָלט געגעסן 2 מאָל, און ער איז מחויב צו ברענגען נור איין קרבן. שבועה, אויב ער האָט געזאָגט) „איך שווער אז איך זאָל ניט עסן און איך זאָל ניט טרינקען", און ער האָט געגעסן און ער האָט געטרינקען איז ער מחויב (צו ברענגען) צוויי (קרבנות). ווייל דערמיט וואָס ער האָט צוגעגעבן „און איך זאָל ניט טרינקען", האָט ער דערקלערט אז מיט די פריערדיקע ווערטער „איך זאָל ניט עסן" האָט ער געמיינט עסן און ניט „טרינקען", און ממילא זענען דאָס צוויי באזונדערע שבועות, „ניט צו עסן", און ניט „טרינקען".

ב. שבועה, (אויב איינער זאָגט): „איך שווער אז איך זאָל ניט עסן", און ער האָט געגעסן ברויט פון ווייץ (פון ווייצנמעל) און ברויט פון גערשטן (־מעל) און

שְׂעוֹרִין וּפַת כּוּסְמִין, אֵינוֹ חַיָּב אֶלָּא אַחַת. שְׁבוּעָה שֶׁלֹּא אוֹכַל פַּת חִטִּין וּפַת שְׂעוֹרִין וּפַת כּוּסְמִין וְאָכַל, חַיָּב עַל כָּל אַחַת וְאַחַת: ג שְׁבוּעָה שֶׁלֹּא אֶשְׁתֶּה וְשָׁתָה מַשְׁקִין הַרְבֵּה, אֵינוֹ חַיָּב אֶלָּא אַחַת. שְׁבוּעָה שֶׁלֹּא אֶשְׁתֶּה יַיִן וְשֶׁמֶן וּדְבַשׁ, וְשָׁתָה חַיָּב עַל כָּל אַחַת וְאַחַת: ד שְׁבוּעָה שֶׁלֹּא אוֹכַל, וְאָכַל אוֹכָלִים שֶׁאֵינָן רְאוּיִן לַאֲכִילָה, וְשָׁתָה מַשְׁקִין שֶׁאֵינָן רְאוּיִן לִשְׁתִיָּה, פָּטוּר. שְׁבוּעָה שֶׁלֹּא אוֹכַל, וְאָכַל נְבֵלוֹת וּטְרֵפוֹת שְׁקָצִים וּרְמָשִׂים חַיָּב, רַבִּי שִׁמְעוֹן פּוֹטֵר. אָמַר קוֹנָם אִשְׁתִּי נֶהֱנֵית לִי אִם אָכַלְתִּי הַיּוֹם, וְהוּא

ברויט פון שפעלץ(־מעל, כוסמין, אָרקיש), איז ער מחויב (צו ברענגן) ניט מער ווי איין (קרבן); אויב (אָבער ער האָט געזאָגט): „איך שווער אז איך זאָל ניט עסן ברויט פון ווייץ (פון ווייצן־מעל), און ברויט פון גערשטן (־מעל) און ברויט פון שפעלץ (־מעל), און ער האָט געגעסן (ווייצן־ברויט און גערשטן־ברויט און שפעלץ־ברויט), איז ער מחויב פאר יעדן באזונדער. **ער דאַרף ברענגען דריי קרבנות, איינעם פאר דעם ווייצן־ברויט און איינעם פאר דעם גערשטן־ברויט און איינעם פאר דעם שפעלץ־ברויט. מחמת דורך דעם ארויסזאָגן בפירוש ביי יעדן פון די דריי זאכן דאָס וואָרט „פת", ברויט (פת חטין, ופת שעורין ופת כומסין), האָט ער געמיינט אָפצוטיילן זיי, אז זיי זאָלן זיין דריי באזונדערע שבועות.**

ג. שבועה, (אויב איינער זאָגט): „איך שווער אז איך זאָל ניט טרינקען", און ער האָט געטרינקען א סך (פארשידענע) געטראַנקען (למשל וויין, אייל און האָניק), איז ער חייב ניט מער ווי איין (קרבן). **ווייל עס איז איין שבועה.** שבועה, (אויב אָבער ער האָט געזאָגט): „איך שווער אז איך זאָל ניט טרינקען וויין און אייל און האָניק (דבש) און ער האָט געטרינקען (וויין, אייל און האָניק) איז ער חייב פאר יעדן באזונדער. **דאָס הייסט, דריי באזונדערע קרבנות. די גמרא זאָגט, אז כאָטש דאָ איז דאָך ניט פאראַן דער טעם וואָס אין דער פריערדיקער משנה (וואו ער האָט געזאָגט אויף יעדן באזונדער דאָס וואָרט „פת", „ברויט"), אָבער דאָ מיינט מען, אז זיין פריינט האָט אים שטארק געבעטן צו טרינקען מיט אים, און ער האָט אים אָפגעזאָגט און געשוואוירן ניט צו טרינקען וויין, אייל און האָניק (כאָטש ער האָט געקאָנט שווערן סתם ניט צו טרינקען) האָט ער מיט אויסרעכנען די דריי געטראַנקען געמיינט זיי פונאנדערצוטיילן אין דריי באזונדערע שבועות. „דבש" מיינט האָניג, אָבער עס קאָן זיין אויך „מעד". זע קי־דושין פרק ב' משנה ב'.**

ד. שבועה, (אויב איינער זאָגט): „איך שווער אז איך זאָל ניט עסן", און ער האָט געגעסן עסנווארג וואָס טויגן ניט צום עסן, אָדער ער האָט געטרינקען געטראַנקען וועלכע טויגן ניט צום טרינקען, איז ער פטור. **ער ברענגט ניט קיין קרבן, ווייל דאָס הייסט ניט געגעסן אָדער געטרינקען.** שבועה, (אויב איינער זאָגט): „איך שווער אז איך זאָל ניט עסן", און ער האָט געגעסן נבלות אָדער טריפות אָדער קריכנדיקע חיה'לעך אָדער ווערים (שקצים ורמשים), איז ער חייב (צו ברענגען א קרבן). **כאָטש די תורה האָט סיי ווי געאסרט דאָס צו עסן, אָבער זיי זענען עסנווארג וואָס מען קאָן, זענען ראוי צום עסן, נאָר מען טאָר זיי ניט עסן.** ור' שמעון, און ר' שמעון פטרט. **ר' שמעון האַלט, אז ווייל זיי זענען דאָך סיי ווי אסור, קאָן דער איסור פון שבועה ניט חל זיין (ארויפגיין) אויף דעם פריערדיקן אסור וואָס די תורה האָט שוין געגעבן; „אין איסור חל על איסור", איין איסור קאָן ניט חל זיין אויף א זאך וואָס האָט שוין אויף זיך אן אנדערן איסור. די גמרא זאָגט, אז דאָ מיינט מען ווען ער האָט געשוואוירן אז ער זאָל ניט עסן כשרע זאכן און טריפה־זאכן („כולל דברים המותרים עם דברים האסורים"), און דאריבער האַלט דער ערשטער תנא, דער תנא קמא, אז ווייל דער איסור פון שבועה קאָן ארויפגיין אויף די כשרע מאכלים, קאָן ער שוין ארויפגיין אויך אויף די טריפה מאכלים (אסור כולל).** — אָמר, אויב איינער האָט געזאָגט:

אָכַל נְבֵלוֹת וּטְרֵפוֹת שְׁקָצִים וּרְמָשִׂים, הֲרֵי אִשְׁתּוֹ אֲסוּרָה: ה אֶחָד דְּבָרִים שֶׁל עַצְמוֹ וְאֶחָד דְּבָרִים שֶׁל אֲחֵרִים, וְאֶחָד דְּבָרִים שֶׁיֵּשׁ בָּהֶן מַמָּשׁ, וְאֶחָד דְּבָרִים שֶׁאֵין בָּהֶן מַמָּשׁ. כֵּיצַד? אָמַר שְׁבוּעָה שֶׁאֶתֵּן לְאִישׁ פְּלוֹנִי וְשֶׁלֹּא אֶתֵּן, שֶׁנָּתַתִּי וְשֶׁלֹּא נָתַתִּי, שֶׁאִישַׁן וְשֶׁלֹּא אִישַׁן, שֶׁיָּשַׁנְתִּי וְשֶׁלֹּא יָשַׁנְתִּי, שֶׁאֶזְרוֹק צְרוֹר לַיָּם וְשֶׁלֹּא אֶזְרוֹק, שֶׁזָּרַקְתִּי וְשֶׁלֹּא זָרַקְתִּי. רַבִּי יִשְׁמָעֵאל אוֹמֵר, אֵינוֹ חַיָּב אֶלָּא עַל הֶעָתִיד לָבֹא, שֶׁנֶּאֱמַר, לְהָרַע אוֹ לְהֵטִיב. אָמַר לוֹ רַבִּי עֲקִיבָא, אִם כֵּן אֵין לִי אֶלָּא דְּבָרִים שֶׁיֵּשׁ בָּהֶן הֲרָעָה וַהֲטָבָה, דְּבָרִים שֶׁאֵין בָּהֶן הֲרָעָה וַהֲטָבָה מִנַּיִן? אָמַר לוֹ, מֵרִבּוּי הַכָּתוּב. אָמַר לוֹ,

„קונם, איך טו א נדר אז מיין ווייב זאָל ניט הנאה האָבן פון מיר. אויב איך האָב היינט געגעסן“, און ער האָט געגעסן נבלות אָדער טריפות, אָדער שקצים אָדער רמשים, איז דאָס ווייב אסור (הנאה צו האָבן פון אים). **דאביי איז אויך ר' שמעון מודה, מחמת דער מאן האָט דאָך געגעסן, זאָל זיין טריפה־זאכן. פריער האָלט ר' שמעון אז ער איז פטור ניט דערפאר** ווייל טריפות הייסט ניט קיין עסן נאָר ווייל **דער איסור פון שבועה קאָן ניט חל־זיין אויף דעם איסור פון טריפה.**

ה. אחד, (די עבירה צו שווערן פאלש איז) סיי ביי זאכן וועגן זיך אליין און סיי ביי זאכן וועגן אנדערע, און סיי ביי זאכן וואָס האָבן א ממש און סיי ביי זאכן וואָס האָבן ניט קיין ממש. **די משנה וועט באלד דערקלערן וואָס מען מיינט דערמיט.** כיצד, ווי אזוי ? אויב איינער האָט געזאָגט: „איך שווער אז איך זאָל עפּיס געבן צו יענעם מענטש, אָדער „איך זאָל אים ניט געבן“, אָדער „אז איך האָב געגעבן“, אָדער „אז איך האָב ניט געגעבן“. **דאָס מיינט מען „זאכן וועגן אנדערע“. די „זאכן וועגן זיך“ האָט די משנה ניט געדאַרפן מפרש זיין, ווייל אלע ביישפּילן אין די פריערדיקע משנות זענען געווען „זאכן וועגן זיך“, ווי למשל „איך זאָל עסן“.** שאישן, (אויב איינער זאָגט: „איך שווער) אז איך זאָל שלאָפן“, אָדער „אז איך זאָל ניט שלאָפן“, אָדער אז „איך בין געשלאָפן“, אָדער „אז איך בין ניט געשלאָפן“, אָדער „אז איך וועל וואַרפן א שטיינדל (צרור) אין ים“, אָדער אז איך וועל ניט וואַרפן“, אָדער „אז איך האָב געוואָרפן“, אָדער „אז איך האָב ניט געוואָרפן“. **די משנה גיט דאָ צוויי ביישפּילן פון „דברים שאין בהם ממש“, זאכן וועלכע האָבן ניט קיין ממש, איינער איז „שלאָפן“, מחמת שלאָפן טוט דאָך ניט דער מענטש עפּיס מיט א זאך וואָס האָט א ממש, ווי למשל עסן, וואָס ער עסט ברויט. דער צווייטער ביישפּיל איז „וואַרפן א שטיינדל אין ים“, וואָס האָט ניט קיין ממש, ווייל דער מענטש האָט ניט דערפון קיין הנאה, עס גיט אים גאָרניט.** ר' ישמעאל זאָגט, אז ער איז חייב (פאַר פאלש שווערן) ניט מער ווי אויף דעם וואָס דאַרף קומען (עתיד לבוא) ווארום עס ווערט גע־זאָגט (ויקרא ה') „להרע או להיטיב, צו טאָן שלעכטס אָדער גוטס“. **לויט ר' ישמעאל איז מען חייב נור ווען איינער שווערט אז ער וועט טאָן אָדער אז ער וועט ניט טאָן שפּעטער א זאך, און ער האָט עובר** געווען אויף דער שבועה, **אָבער אויב למשל ער האָט פאלש געשוואוירן אויף פריער** (לשעבר), **למשל, אז ער האָט געטאָן אָדער ניט געטאָן, און די שבועה איז געווען א פאלשע, איז ער ניט חייב. ר' ישמעאל לערנט עס אָפּ פון פסוק** „צו טאָן (שפּעטער) שלעכטס **אָדער** גוטס“. אמר, האָט צו אים (צו ר' ישמעאל) געזאָגט ר' עקיבא, אויב אזוי (אויב מיר נעמען אָן די ווערטער פון פסוק „להרע או להיטיב“ אזוי ווי זיי זענען, קומט דאָך אויס) אז מיר האָבן נור (דאָס שווערן פאלש איז נור בנוגע) זאכן וועלכע האָבן אין זיך „שלעכטס־טאָן“ און „גוטס־טאָן“, און פון וואַנען ווייסן מיר (אז אויף פאלש שווערן איז מען חייב אויך בנוגע) זאכן וועלכע האָבן ניט אין זיך שלעכטס־טאָן און גוטס־טאָן? **און מיר ווייסן דאָך אז אויך ביי אלע אנדערע זאכן איז מען עובר אויף א פאלשע שבועה.** אמר, האָט ער (ר' ישמעאל) געזאָגט צו אים (צו ר' עקיבא), אז (מען איז עובר אויף פאלש שווערן אויך

אם רִבָּה הַכָּתוּב לְכָךְ, רִבָּה הַכָּתוּב לְכָךְ: ו נִשְׁבַּע לְבַטֵּל אֶת הַמִּצְוָה, וְלֹא בִטֵּל, פָּטוּר. לְקַיֵּם אֶת הַמִּצְוָה, וְלֹא קִיֵּם, פָּטוּר. שֶׁהָיָה בַדִּין שֶׁיְּהֵא חַיָּב, כְּדִבְרֵי רַבִּי יְהוּדָה בֶּן בְּתֵירָא. אָמַר רַבִּי יְהוּדָה בֶּן בְּתֵירָא מָה אִם (שְׁבוּעוֹת) הָרְשׁוּת שֶׁאֵינוֹ מֻשְׁבָּע עָלֶיהָ מֵהַר סִינַי, הֲרֵי הוּא חַיָּב עָלֶיהָ, (שְׁבוּעוֹת) מִצְוָה שֶׁהוּא מֻשְׁבָּע עָלֶיהָ מֵהַר סִינַי, אֵינוֹ דִין שֶׁיְּהֵא חַיָּב עָלֶיהָ? אָמְרוּ לוֹ לֹא אִם אָמַרְתָּ בִּשְׁבוּעַת הָרְשׁוּת, שֶׁכֵּן עָשָׂה בָהּ לָאו

ביי זאכן ניט פון שלעכטס און גוטס, לערנען מיר אָפּ) פון דעם וואָס דער פסוק (הכתוב, די תורה) האָט פאַרמערט (מרבה גווען). **די ווערטער פון פסוק דאָרט אין ויקרא ה׳ „לכל אשר יבטא״, און דאָס וואָרט „לכל״, „אלץ״, מיינט מען אלע זאכן. אָמר,** האָט ער (ר׳ עקיבא) געזאָגט צו אים (צו ר׳ ישמעאל), אז אויב די תורה האָט פאַר־מערט (מרבה געווען) דאָס (אויך זאכן וואָס זענען נישט גוטס און שלעכטס) האָט זי פאַרמערט אויך דאָס (זאכן וואָס זיינען אויף פריער). **די גמרא זאָגט, אז ר׳ עקיבא לערנט אז די ווערטער פון פסוק דאָרט ויקרא ה׳ „או נפש כי תשבע״ מיינט אלע זאכן (ריבה, אלץ), און „להרע או להיטיב״ מיינט נור זאכן פון גוטס־טאָן און שלעכטס טאָן און נור אויף שפּעטער (מיעט, נור דאָס) און דערנאָך „לכל אשר יבטא״ מיינט מען ווידער אלץ (ריבה). און ר׳ עקיבא האלט, אז „ריבה ומועט וריבה״ מיינט מען אלץ, אז סיי זאכן וואָס זענען ניט גוטס און שלעכטס און סיי זאכן וואָס זענען ניט אויף שפּעטער נאָר אויך אויף פריער; און דער פסוק מיינט ממעט־צו זיין (ארויסצונעמען) אז עס איז נישט שייך פאלש שווערן נאָר בנוגע א דבר מצוה, בנוגע מצוה זאכן, ווי מיר וועלן באלד לערנען אין משנה ו׳. אָבער ר׳ ישמעאל לערנט דעמזעלביקן פסוק ניט לויט „ריבה ומועט וריבה״, נאָר לויט „כלל ופרט וכלל״ (צוערשט אלגעמיין, דערנאָך נור א פרט, און דערנאָך ווידער אלגעמיין), און מען טייטשט עס אז דער כלל, די אלגעמיינע זאכן, זאָלן זיין ענליך צום פרט, און פונקט ווי „להרע או להיטיב״ מיינט אז נור אויף שפּעטער, אזוי דאַרפן אלע אנדערע זאכן (וועלכע האָבן ניט קיין שלעכטס־טאָן און גוטס־טאָן) אויך נור זיין אויף שפּעטער.**

ו. נשבע, אויב איינער האָט געשוואוירן מבטל צו זיין (ניט צו טאָן) א מצוה (וואָס די תורה האָט געהייסן יאָ טאָן), און (ער האָט עובר געווען אויף דער שבועה און) ער האָט ניט מבטל געווען (ער האָט געטאָן די מצוה) איז ער פּטור. **קומט אים ניט קיין מלקות (אויב ער האָט געטאָן במזיד) פאַר עובר זיין אויף זיין שבועה (שבו־עת ביטוי). אָבער עס קומט אים מלקות (קלעפּ) פאַר א „שבועת שוא״, „אַן אומ־זיסטע שבועה״, מחמת ער האָט געשוואוירן אויף א זאַך וואָס ער האָט גאָרניט גע־קאָנט מקיים זיין די שבועה.** לקיים, (אויב איינער האָט געשוואוירן) צו טאָן א מצוה און ער האָט ניט געטאָן איז ער פּטור (קומט אים ניט קיין מלקות פאַר עובר זיין אויף דער שבועה, און מען לערנט דאָס) ווייל מען וואָלט געקאָנט (מיינען אז מען זאָל אָפּלערנען דורך א דין (דורך א קל וחומר, פון א גרינגערער זאַך אויף א הארבערער זאַך) אז ער זאָל זיין חייב, אזוי ווי ר׳ יהודה בן בתירה זאָגט. **די משנה וועט באלד געבן ווי אזוי ר׳ יהודה בן בתירה האָט דאָס אָפּגעלערנט פון א קל וחומר.** אָמר, האָט ר׳ יהודה בן בתירה געזאָגט, מה־דאַך (א שבועה אויף א זאַך וואָס איז) א רשות (ניט קיין מצוה, נאָר אויב ער וויל טוט ער עס און אויב ער וויל ניט טוט ער עס ניט), וואָס ער איז ניט דאַרויף באַשוואוירן פון באַרג סיני (ווען מען האָט מקבל געווען די תורה אויפן באַרג סיני האָט מען עס ניט געשוואוירן צו טאָן), פונדעסטוועגן (אויב דער מענטש שווערט צו טאָן די זאַך) איז ער חייב דאַרויף (אויב ער טוט זי ניט איז ער חייב פאַר עובר זיין די שבועה), מכל שכן א מצוה־זאַך, וואָס ער איז

כֹּהֵן, תֹּאמַר בִּשְׁבוּעַת מִצְוָה שֶׁלֹּא עָשָׂה בָהּ לָאו כֹּהֵן, שֶׁאִם נִשְׁבַּע לְבַטֵּל וְלֹא בִטֵּל פָּטוּר: ז שְׁבוּעָה שֶׁלֹּא אוֹכַל כִּכָּר זוֹ, שְׁבוּעָה שֶׁלֹּא אוֹכְלֶנָּה, שְׁבוּעָה שֶׁלֹּא אוֹכְלֶנָּה, וַאֲכָלָהּ, אֵינוֹ חַיָּב אֶלָּא אַחַת. זוֹ הִיא שְׁבוּעַת בִּטּוּי שֶׁחַיָּבִין עַל זְדוֹנָהּ מַכּוֹת, וְעַל שִׁגְגָתָהּ קָרְבָּן עוֹלֶה וְיוֹרֵד.

באשוואוירן אויף איר פון בארג סיני (צי טאָן זי), דארף דאָך אודאי זיין א דין אז ער זאָל חייב זיין דארויף (אויב ער האָט געשוואוירן צו טאָן די מצוה און ער האָט זי ניט געטאָן)? די גמרא זאָגט (שבועות ל״ט) אז משה רבנו האָט (אין דברים כ״ט) געזאָגט צו די יידן אז ניט נור באשווערט ער זיי אז זיי זאָלן האלטן די תורה, נאָר אויך אלע קו־מענדיקע יידישע דורות (את אשר איננו פה). דעריבער זאָגט די משנה אז יעדער ייד איז א „מושבע ועומד מהר סיני״ צו היטן די מצוות פון דער תורה. אָמרו לו, האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו ר׳ יהודה בן בתירה): ניין, אויב דו האָסט געזאָגט ביי א שבועה איבער א רשות־זאך (אז אויב ער האָט עובר געווען אויף דער שבועה איז ער חייב, איז עס דערפאר) ווייל ער (דער פסוק, די תורה) האָט געמאכט ביי איר דעם „יאָ״ אזוי ווי דעם „ניט״ (ער איז חייב סיי אויב ער האָט גע־שוואוירן יאָ צו טאָן און ער האָט ניט געטאָן, סיי אויב ער האָט געשוואוירן ניט צו טאָן און ער האָט יאָ געטאָן), צי קאָנסטו דאָס זאָגן ביי א שבועה איבער א מצוה־זאך, וואָס ער האָט דאָך ניט געמאכט דאביי דעם „יאָ״ ווי דעם „ניט״, ווארום אויב איי־נער האָט געשוואוירן מבטל צו זיין (א מצוה, ניט צו טאָן א מצוה) און ער האָט ניט מבטל געווען (ער האָט יאָ געטאָן די מצוה) איז ער דאָך פטור! **און ווייל די תורה זאָגט „להרע או להיטיב״, אז מען איז עובר אויף א שבועה, נאָר ווען מען קאָן די שבועה טאָן סיי אויף „ניט״ (להרע) און סיי אויף יאָ (להיטיב), דעריבער איז אפילו ווען איינער שווערט צו טאָן א מצוה און ער איז עובר אויף איר קומט אים ניט קיין מלקות פאר עובר זיין אויף דער שבועה.**

ז. שבועה, (אויב איינער זאָגט): „איך שווער אז איך זאָל ניט עסן (פון) דאָזיקן ברויט, אז איך זאָל אים ניט עסן (שלא אוכלנה), אז איך זאָל אים ניט עסן״, און ער האָט אים געגעסן, איז (כאָטש ער האָט דאָך געשוואוירן דריי מאָל) איז ער חייב ניט מער ווי איין (קרבן אָדער איין מאָל מלקות פאר עובר זיין די שבועה). **די גמרא זאָגט, אז דערפון וואס די משנה זאָגט ניט אז עס איז ניט מער ווי איין שבועה, נאָר זי זאָגט אז „ער איז חייב ניט מער ווי איין״ שבועה, איז געדרונגען, אז די אנדערע צוויי שבועות העגגן, און זיי קאָנען ניט ארויף אויף דעם ברויט, ווייל „אין שבועה חלה על שבועה״ ווייל עס איז שוין פאראן אויף אים די ערשטע שבועה. אָבער אויב דער שווערער איז געגאנגען צו א דיין און האָט זיך געלאָזט מתיר שבועה זיין אויף דער ערשטער שבועה גייט ארויף אויף דעם ברויט די 2־טע שבועה, און אויב ער האָט זיך געלאָזט מתיר שבועה זיין אויף דער 2־טער שבועה, גייט ארויף אויף דעם ברויט די 3טע שבועה, ווייל „חכם עוקר הנדר מעיקרו״, ווען מען לאָזט זיך מתיר שבועה זיין, הייסט עס ווי די שבועה איז פון אָנהויב אָן ניט געווען. די גמרא זאָגט אויך אז אויב ער האָט פריער געזאָגט „שבועה שלא אוכלנה״ („איך זאָל ניט עסן אים), און דערנאָך האָט ער געזאָגט „שלא אוכל ככר זו״ (איך זאָל ניט עסן דאָס דאָזיקע ברויט), זענען יאָ חלביידע שבועות, ווייל ווען ער זאָגט „שלא אוכלנה״ מיינט עס אז ער טאָר דעם ברויט ניט אויפעסן אינגאנצן, און ווען ער זאָגט „שלא אוכל ככר זו״, מיינט עס, אז ער טאָר אפילו א כזית פון אים אויך ניט עסן, ממילא איז ער דאָך עובר אויף דער צווייטער שבועה אפילו ווען ער האָט געגעסן פונם ברויט נור א כזית, און דערנאָך ווען ער עסט אויף דעם גאנצן ברויט איז ער עובר אויף דער ערשטער שבועה.** — זו היא, דאָס (אויב איינער שווערט אז ער זאָל ניט עסן און ער

שְׁבוּעַת שָׁוְא חַיָּבִין עַל זְדוֹנָהּ מַכּוֹת וְעַל שִׁגְגָתָהּ פָּטוּר: ח אֵיזוֹ הִיא שְׁבוּעַת שָׁוְא? נִשְׁבַּע לְשַׁנּוֹת אֶת הַיָּדוּעַ לָאָדָם. אָמַר עַל הָעַמּוּד שֶׁל אֶבֶן שֶׁהוּא שֶׁל זָהָב, וְעַל הָאִישׁ שֶׁהוּא אִשָּׁה, וְעַל הָאִשָּׁה שֶׁהִיא אִישׁ.

נִשְׁבַּע עַל דָּבָר שֶׁאִי אֶפְשָׁר. (אִם לֹא) רָאִיתִי גָמָל שֶׁפּוֹרֵחַ בָּאֲוִיר. וְאִם לֹא רָאִיתִי נָחָשׁ כְּקוֹרַת בֵּית הַבַּד. אָמַר לָעֵדִים בּוֹאוּ וְהַעִידוּנִי. שְׁבוּעָה שֶׁלֹּא נְעִידְךָ. נִשְׁבַּע לְבַטֵּל אֶת הַמִּצְוָה, שֶׁלֹּא לַעֲשׂוֹת סֻכָּה, וְשֶׁלֹּא

עסט) איז די שבועת ביטוי, וואס אויב מען איז (עובר) אויף איר במזיד קומט מלקות (קלעפּ), און אז מען איז (עובר) אויף איר בשוגג (ניט וויסנדיק) דארף מען (ברענגען) א קרבן עולה ויורד. וועגן „שבועת ביטוי" **זע פריער משנה א׳. וועגן „מלקות" זע אין דער הקדמה צו מסכתא מכות. וועגן קרבן עולה ויורד זע פריער פרק א׳ משנה ב׳. די גמרא זאָגט, אז די משנה לערנט דאָ, אז אויב אָבער ער האָט געשוואוירן אז ער זאָל עסן, און ער האָט ניט געגעסן, קומט אים ניט קיין מלקות, ווייל מיט דעם ניט עסן האָט ער דאָך ניט געטאָן קיין מעשה, ס׳איז א לאו שאין בו מעשה, און עס קומט ניט דערפאר קיין מלקות. זע מסכתא מכות פרק ג׳ משנה ג׳ און ד׳.** שבועת שוא, אן אומזיסטע שבועה, אויב מען טוט זי במזיד איז מען חייב מלקות, און אויב מען טוט זי בשוגג איז מען פטור (קומט ניט צו ברענגען קיין קרבן). **די משנה וועט באלד דערקלערן וואס מען מיינט „אן אומזיסטע שבועה", א „שבועת שוא".**

ח. איזו, וועלכע איז אן אומזיסטע שבועה (א שבועת שוא)? אויב איינער שווערט (און ער זאָגט) אנדערש ווי עס איז באוואוסט צו מענטשן. **אויב איינער שווערט, למשל, אז ער האָט געזען א זאַך, און מענטשן (מען מיינט לפחות דריי מענטשן) ווייסן אז אזא זאַך איז גאָרניט בנמצא, עס קאָן גאָרניט זיין, אָדער אז די זאַך איז ניט אזוי ווי ער האָט געשוואוירן וועגן איר, הייסט עס אז ער האָט געשוואוירן אומזיסט, לשוא. די משנה גיט דאָ די ביישפּילן דערצו.** אמר, אויב ער האָט געזאָגט (און געשוואוירן) אויף א זייל פון שטיין, אז דאָס איז פון גאָלד, אָדער אויף א מאנספּערזאָן אז דאָס איז א פרוי אָדער אויף א פרוי אז דאָס איז א מאַנספּערזאָן. **די דאָזיקע שבועה איז א שבועת שוא, אן אומזיסטע. די משנה וועט באלד געבן ביישפּילן פון א שבועה וועגן א זאַך וואס איז אוממעגליך.** נשבע, אויב ער האָט געשוואוירן אויף א זאַך, וואס איז אוממעגליך, (דהיינו): „אויב איך האָב ניט געזען א קעמל וועלכער פליט אין דער לופט", אָדער „אויב איך האָב ניט געזען א שלאנג וועלכער איז (זעט אויס, אזוי קאָרבירט אויפן רוקן) ווי דער באלקן פון אן אייל־בירטן־קעלטער (קורת בית הבד, וואו מען פרעסט־אויס אייל פון איילבירטן). **דער ברטנורא טייטשט, לויט דער גמרא, אז מען מיינט דאָ אז ער האָט געאסרט אויף זיך עפּיס (און תוספות זאָגט, אז מיט א שבועה) אויב ער האָט ניט געזען די דאָזיקע זאַכן. און ווייל אזא קעמל און אזא שלאנג זענען דאָך ניט בנמצא, הייסט עס אן אומזיסטע שבועה. איצט רעכנט די משנה נאָך ביישפּילן פון שבועת שוא, דהיינו, ווען מען שווערט עובר צו זיין אויף א מצוה.** אמר, אויב איינער (וועלכער האָט געמאָנט ביי אן אנדערן געלט און ער האָט געהאט דאַרויף עדות, און ער) האָט געזאָגט צו די עדות: „קומט (צום בית דין) און זאָגט פאר מיר עדות". (און די עדות האָבן אים אָפּגעענטפערט): „מיר שווערן, אז מיר וועלן ניט זאָגן עדות פאר דיר", (דאָס איז, ער שווערט מבטל צו זיין (ניט צו טאָן) א מצוה. **מחמת די תורה זאָגט אין ויקרא ה׳ „ואם לא יגיד ונשא עוונו", אויב איינער ווייסט עדות צו זאָגן און ער זאָגט ניט האָט ער א עבירה. אזוי טייטשט דער תוספות יום טוב די משנה, אז די ווערטער פון „נשבע לבטל את המצוה" זענען דער המשך פון די פריערדיקע ווערטער „שבועה שלא נעידך", „מיר שווערן אז מיר וועלן ניט עדות זאָגן פאר דיר", איצט גיט די**

לִטּוֹל לוּלָב. וְשֶׁלֹּא לְהָנִיחַ תְּפִלִּין, זוֹ הִיא שְׁבוּעַת שָׁוְא שֶׁחַיָּבִין עַל זְדוֹנָהּ מַכּוֹת וְעַל שִׁגְגָתָהּ פָּטוּר: ט שְׁבוּעָה שֶׁאוֹכַל כִּכָּר זוֹ, שְׁבוּעָה שֶׁלֹּא אוֹכְלֶנָּה, הָרִאשׁוֹנָה שְׁבוּעַת בִּטּוּי, וְהַשְּׁנִיָּה שְׁבוּעַת שָׁוְא. אֲכָלָהּ עָבַר עַל שְׁבוּעַת שָׁוְא, לֹא אֲכָלָהּ עָבַר עַל שְׁבוּעַת בִּטּוּי: י שְׁבוּעַת בִּטּוּי נוֹהֶגֶת בַּאֲנָשִׁים וּבְנָשִׁים, בָּרְחוֹקִים וּבַקְּרוֹבִים בַּכְּשֵׁרִין וּבַפְּסוּלִין, בִּפְנֵי בֵית דִּין וְשֶׁלֹּא בִּפְנֵי בֵית דִּין, מִפִּי עַצְמוֹ. וְחַיָּבִין עַל זְדוֹנָהּ

**משנה נאָך עטליכע ביישפּילן פון שבועת שוא אויב מען שווערט ניט צו טאָן א מצוה.** שלא, (אויב ער שווערט) ניט צו מאכן קיין סוכה, אדער ניט צו נעמען קיין לולב, אָדער ניט צו לייגן קיין תפילין. מיט „ניט צו מאכן קיין סוכה" מיינט מען: **ניט צו זיצן אין סוכה אים סוכות. די אלע דריי זאכן** (סוכה, לולב, תפילין) **זענען דאָך מצוות, און אויב ער שווערט זיי ניט צו טאָן איז עס אן אומזיסטע שבועה, מחמת ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ו' האָט די שבועה קיין ווערט ניט.** זו היא, דאָס (די אלע פאלן וועלכע די משנה האָט פריער אויסגערעכנט) איז אן אומזיסטע שבועה, אויף וועלכע אויב מען טוט זי במזיד איז מען חייב מלקות, און אויב מען טוט זי בשוגג איז מען פטור (מען דאַרף ניט ברענגען קיין קרבן). **מחמת א קרבן איז מען אויף א שבועת שוא ניט מחויב, ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ז'.**

ט. שבועה, (אויב איינער זאָגט): „איך שווער אז איך זאָל עסן דעם דאָזיקן ברויט, איך שווער אז איך זאָל אים ניט עסן" (ער האָט געזאָגט צוויי שבועות וואָס איינע איז פאַרקערט פון דער אנדערער), איז די ערשטע א שבועת ביטוי, און די צווייטע (שבועה) איז א שבועת שוא. **מחמת קוים האָט ער געשוואוירן די ערשטע שבועה אז ער זאָל עסן דאָס ברויט, מוז ער דאָך עס עסן, איז דאָך די צווייטע שבועה אן אומזיסטע, פונקט ווי איינער שווערט אז ער זאָל ניט לייגן קיין תפילין.** אכלה, אויב ער האָט דאָס (ברויט) געגעסן (האָט ער די ערשטע שבועה מקיים געווען און) ער איז עובר אויף (עס קומט אים מלקות פאר) דער שבועת שוא; (אויב אָבער) ער האָט דאָס (ברויט) ניט געגעסן, איז ער עובר (קומט אים מלקות אויך) אויף שבועת ביטוי. **אזוי טייטשט די גמרא, מחמת אויף שבועת שוא איז ער עובר סיי ער עסט און סיי ער עסט עס ניט. דעריבער ווען ער עסט עס ניט קומט אים צוויי מאָל מלקות.**

י. שבועת ביטוי, די (דאָס נישט טאָרן עובר זיין אויף דער) שבועת ביטוי (ווען איינער שווערט יאָ צו טאָן אָדער ניט צו טאָן עפּיס) איז סיי ביי מענער און סיי ביי פרויען (סיי ווען עס שווערן מענער און סיי ווען עס שווערן פרויען), סיי ביי פרעמדע (רחוקים, ווייטע) און סיי ביי קרובים (למשל, אויב מען שווערט מען זאָל געבן יענעם מענטש עפּעס, מוז מען עס מקיים זיין סיי יענער איז א פרעמדער, סיי א קרוב), סיי ביי כשרע (ווען יענער מענטש איז כשר עדות צו זאָגן) סיי ביי פּסולע (ווען יענער איז פסול עדות צו זאָגן), סיי פאר בית דין (ווען מען שווערט פאר א בית דין פון דריי דיינים) און סיי ניט פאר בית דין, (און נור) פון זיין אייגן מויל (ווען איינער שווערט מיט זיין אייגן מויל). **אויב אָבער אן אנדערער למשל ראובן, האָט באשוואוירן שמעונען, צי ער האָט געגעסן, און ער זאָגט, אז ער האָט ניט געגעסן, און באמת האָט ער יאָ געגעסן, האָט שמעון ניט עובר געווען אויף קיין שבועה, ווייל ער שמעון האָט דאָך ניט געשוואוירן. אָבער אויב שמעון האָט אויף ראובנ'ס שבועה געזאָגט „אמן", הייסט עס ווי שמעון אליין האָט געשוואוירן. די משנה לערנט דאָ די אלע זאכן, אז שבועת ביטוי איז ביי מענער און פרויען און פרעמדע און קרובים און כשרע און פסולע און אזוי כסדר, ווייל ווי מיר וועלן לערנען ווייטער אין פרק ד' משנה א' איז ביי שבועת העדות (ביים באשווערן עדות אז זיי זאָלן גיין עדות זאָגן) יאָ פאַראַן אן אונטערשיד.** וחייבין, און מען איז חייב, אויב מען

מַכּוֹת וְעַל שִׁגְגָתָהּ קָרְבָּן עוֹלֶה וְיוֹרֵד: **יא** שְׁבוּעַת שָׁוְא נוֹהֶגֶת בָּאֲנָשִׁים וּבְנָשִׁים בָּרְחוֹקִים וּבַקְּרוֹבִים. בַּכְּשֵׁרִים וּבַפְּסוּלִים. בִּפְנֵי בֵית דִּין וְשֶׁלֹּא בִּפְנֵי בֵית דִּין. וּמִפִּי עַצְמוֹ. וְחַיָּבִין עַל זְדוֹנָהּ מַכּוֹת וְעַל שִׁגְגָתָהּ פָּטוּר. אַחַת זוֹ וְאַחַת זוֹ הַמֻּשְׁבָּע מִפִּי אֲחֵרִים חַיָּב. כֵּיצַד? אָמַר, לֹא אָכַלְתִּי הַיּוֹם, וְלֹא הִנַּחְתִּי תְּפִלִּין הַיּוֹם. מַשְׁבִּיעֲךָ אֲנִי, וְאָמַר אָמֵן, חַיָּב:

# פרק ד.

**א** שְׁבוּעַת הָעֵדוּת נוֹהֶגֶת בָּאֲנָשִׁים וְלֹא בְנָשִׁים. בָּרְחוֹקִין וְלֹא בַקְּרוֹבִין.

איז עובר אויף איר (אויף דער שבועת ביטוי) במזיד, מלקות, און אויב מען איז עובר אויף איר בשוגג, א קרבן עולה ויורד, (דאָס איז פאראַן פריער אין משנה ז׳).

יא. שבועת שוא, אן אומזיסטע שבועה איז נוהג (זענען עובר אויף איר, אויב זיי טאָן זי) סיי מאנספערזאָנען און סיי פרויען, סיי פרעמדע און סיי קרובים, סיי כשרע און סיי פסולע, סיי פאר א בית דין און סיי ניט פאר א בית דין, און נור פון זיין אייגענעם מויל, און מען איז מחויב (אויב מען איז עובר אויף איר) במזיד מלקות, און אויב בשוגג איז מען פטור. **דאָס איז אזוי ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ח׳, אז אויב מען איז עובר בשוגג אויף א שבועת שוא דארף מען ניט ברענגען קיין קרבן.** אחת זו, סיי די דאָזיקע (די שבועת ביטוי) און סיי די דאָזיקע (די שבועת שוא, די אומזיסטע שבועה) איז (פאראַן א פאַל) אז אויב מען ווערט באשוואוירן דורך אנדערע איז מען אויך חייב (איז מען שולדיק פאר עובר זיין אויף דער שבועה); ווי אזוי? אויב ער האָט געזאָגט: „איך האָב היינט נישט געגעסן, איך האָב היינט ניט געלייגט קיין תפילין״, (און אן אנדערער מענטש האָט צו אים געזאָגט דערויף): „איך באשווער דיך (צו דאָס איז אמת)״, און ער האָט געזאָגט (אָפּגעענטפערט) אמן, איז ער חייב. **מיר האָבן דאָס שוין געזאָגט פריער אין משנה י׳, אז דער טעם איז, ווייל ווען ער ענטפערט „אמן״ איז עס אזוי ווי ער וואָלט אליין געשוואוירן. דער תוספות יום טוב ברענגט, אז עס איז געענוג איינמאָל „אמן״, און הגם דער דין אז ענטפערן אָמן הייסט ווי אליין געשוואוירן ווערט אָפּגעלערנט פון במדבר ה׳ ביי דער סוטה „ואמרה האשה אמן ואמן״ און דאַרט דאַרף זי זאָגן צוויי מאָל אמן** (ווי די משנה לערנט עס אין מסכתא סוטה פרק ב׳ משנה ה׳) **פונדעסטוועגן ביי אַלע אַנדערע שבועות איז גענוג אַז מען זאָגט איין מאָל אמן.**

## פרק ד.

א. שבועת העדות, די שבועה פון עדות איז פאראַן ביי מאנספערזאָנען אָבער ניט ביי פרויען. **כדי צו פארשטיין די משנות אין דאָזיקן פרק ד׳ איז נויטיק צו געבן א דערקלערונג וואָס עס איז שבועת העדות, די שבועה פון עדות. די תורה זאָגט אין ויקרא ה׳ אז אויב איינער, למשל ראובן, ווייסט עדות צו זאָגן וועגן שמעון (אז למשל עס קומט אים געלט ביי לוי) און שמעון זאָגט צו ראובנען אז ער זאָל קומען צום בית דין און עדות זאָגן, און ראובן שווערט זיך, אז ער ווייסט ניט די דאָזיקע זאַך, ער ווייסט ניט אז עס קומט אים געלט, און באמת האָט ער יאָ געוואוסט, האָט ראובן געטאָן א עבירה. ראובן דאַרף ברענגען דערפאר א קרבן „עולה ויורד״, דאָס הייסט, אויב ראובן איז רייך ברענגט ער א שעפסל פאר א קרבן חטאת, און אויב ער איז ארים ברענגט ער א פאָר טויבן** (איינע פאר א קרבן חטאת און איינע פאר א קרבן עולה), **און אויב ער איז גאָר אָרעם ברענגט ער א מעסטל מעל פאר א קרבן מנחה** (זע וועגן עולה ויורד פריער פרק א׳ משנה ב׳). **דאָס דארף ראובן ברענגען סיי ער איז געווען א מזיד, ער האָט געוואוּסט אז ער שווערט פאלש און אז מען טאָרניט שווערן פאלש און אז ער וועט דארפן דערפאר ברענגען א קרבן, און סיי ער איז געווען א שוגג, ער האָט ניט געוואוסט אז ער וועט דארפן דערפאר ברענגען**

בִּכְשֵׁרִין וְלֹא בִּפְסוּלִין, וְאֵינָהּ נוֹהֶגֶת אֶלָּא בָּרְאוּיִן (לְהָעִיד). בִּפְנֵי בֵית דִּין וְשֶׁלֹּא בִּפְנֵי בֵית דִּין, מִפִּי עַצְמוֹ. וּמִפִּי אֲחֵרִים אֵין חַיָּבִין עַד שֶׁיִּכְפְּרוּ בָהֶן בְּבֵית דִּין, דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים בֵּין מִפִּי עַצְמוֹ וּבֵין מִפִּי אֲחֵרִים אֵינָן חַיָּבִין עַד שֶׁיִּכְפְּרוּ בָהֶן בְּבֵית דִּין: ב וְחַיָּבִין עַל זְדוֹן הַשְּׁבוּעָה,

א קרבן. אָבער, אויב ער האָט בשעת מעשה פארגעסן אינגאנצן אז ער ווייסט אים עדות צו זאָגן, דארף ער ניט ברענגען קיין קרבן. מיר וועלן כסדר באנוצן אין דאָזיקן פרק דעם אויסדרוק שבועת־עדות פאר דער דאָזיקער שבועה. זאָגט דאָ די משנה אז די שבועת־עדות, דער חוב צו ברענגען א קרבן אויב א עדות שווערט א פאלשע שבועת עדות (ער שווערט, אז ער ווייסט ניט עדות צו זאָגן, און באמת ווייסט ער יאָ) איז נוהג נור ביי מענער, און ניט ביי פרויען. דער טעם איז, וואָס פרויען זענען פסול עדות צו זאָגן; דאָס לערנט מען אָפּ פון דברים י״ט „ועמדו שני האנשים, און עס וועלן זיך אוועקשטעלן (עדות צו זאָגן) די צוויי מענטשן״, לערנט מען אנשים (מאנספערזאָנען), און ניט נשים (פרויען). און אזוי ווי די תורה זאָגט ביי שבועת עדות (ויקרא ה׳) „והוא עד, און ער (דער פאלש־שווערער) איז א עדות״, לערנט מען דערפון, אז דאָס איז נור „בראוי להעיד״, ביי אזעלכן וועלכער איז גוט עדות צו זאָגן, אָבער ניט ביי א פרוי וועלכע קאָן ניט עדות זאָגן. ברחוקים, ביי ווייטע (פרעמדע מענטשן) און ניט ביי קרובים, ביי כשרע (עדות צו זאָגן) און ניט ביי פסולע (עדות צו זאָגן). קרובים, למשל, א ברודער, קאָן ניט זיין א עדות. דאָס זעלביקע קאָנען ניט זיין קיין עדות, למשל, גזלנים וכדומה (זע סנהדרין פרק ג׳ משנה ג׳ און משנה ד׳). דאריבער אפילו די פרויען אָדער די קרובים אָדער די גזלנים האָבן געוואוסט עדות צו זאָגן און האָבן געשוואוירן אז זיי ווייסן ניט, דארפן זיי ניט ברענגען קיין קרבן, ווייל דאָס בית דין וואָלט סיי ווי ניט אָנגענומען זייער עדות. ואינה, און זי (די שבועת עדות) איז נור פאראן ביי די וואָס זענען ראוי (קאָנען) עדות־זאָגן. די גמרא ברענגט איין מיינונג אז מען מיינט דאמיט צו לערנען אז א מלך דארף ניט ברענגען קיין קרבן פאר א פאלשע שבועת עדות, ווייל ער דארף ניט עדות זאָגן (זע מסכתא סנהדרין פרק ב׳ משנה ב׳). אן אנדערע מיינונג איז, אז די משנה וויל דאמיט לערנען, אז אפילו איינער איז פסול נור מדרבנן עדות צו זאָגן (למשל א משחק בקוביא, א שפּילער אין ביינדלעך) ברענגט ער שוין אויך ניט קיין קרבן פאר א פאלשער שבועת עדות, ווייל ער קאָן דאָך ניט קומען עדות זאָגן. בפני, (מען איז מחויב צו ברענגען א קרבן פאר א פאלשער שבועת עדות, סיי ווען דער עדות האָט געשוואוירן) פאר א בית דין און (סיי) ניט פאר א בית דין, אויב ער (דער עדות האָט געשוואוירן מיט זיין מויל (מפי עצמו), און אויב אנדערע האָבן זיי (די עדות) באשוואוירן (למשל ראובן האָט געזאָגט צו שמעון און לוי די עדות: „איך באשווער אייך אז איר זאָלט קומען און עדות זאָגן פאר מיר״, און שמעון און לוי האָבן געזאָגט: „מיר ווייסן ניט עדות צו זאָגן) זענען זיי ניט מחויב (צו ברענגען א קרבן) סיידן זיי האָבן געלייקנט פאר א בית דין, אזוי זאָגט ר׳ מאיר, ווייל אין פסוק (ויקרא ה׳) ווערט געזאָגט, „אם לא יגיד ונשא עוונו, אויב ער (דער עדות) וועט ניט זאָגן וועט ער האָבן א עבירה״, מיינט מען דאמיט, אז דאָס איז נור אין אזא אָרט, וואו ער קאָן עדות זאָגן, און דאָס מיינט מען ביים בית דין. און ר׳ מאיר טייטשט איין אז דער פסוק מיינט ניט ווען דער עדות אליין שווערט, נאָר ווען אנדערע באשווערן אים. וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז סיי ווען (די עדות) שווערן אליין און סיי ווען אנדערע באשווערן זיי זענען זיי ניט מחויב (צו ברענגען א קרבן) סיידן זיי לייקענען פאר א בית דין. ווייל די חכמים האלטן, אז דער פסוק פון שבועת עדות זאָגט דאָך אז מען איז מחויב נור אין אזא אָרט, וואו דעם עדות׳ס עדות־זאָגן וואָלט געהאָלפן, און דאָס איז נור פאר א בית דין, און דאריבער איז ניט קיין אונטערשיד צי אנדערע בשווערן אים צי ער שווערט אליין.

וְעַל שִׁגְגָתָהּ עִם זְדוֹן הָעֵדוּת. וְאֵינָן חַיָּבִין עַל שִׁגְגָתָהּ. וּמַה הֵן חַיָּבִין עַל זְדוֹן הַשְּׁבוּעָה? קָרְבָּן עוֹלֶה וְיוֹרֵד:

ג שְׁבוּעַת הָעֵדוּת כֵּיצַד? אָמַר לִשְׁנַיִם בּוֹאוּ וְהָעִידוּנִי. שְׁבוּעָה שֶׁאֵין אָנוּ יוֹדְעִין לְךָ עֵדוּת. אוֹ שֶׁאָמְרוּ לוֹ: אֵין אָנוּ יוֹדְעִין לְךָ עֵדוּת. מַשְׁבִּיעַ אֲנִי עֲלֵיכֶם. וְאָמְרוּ אָמֵן הֲרֵי אֵלּוּ חַיָּבִין. הִשְׁבִּיעַ עֲלֵיהֶן חֲמִשָּׁה פְּעָמִים חוּץ לְבֵית דִּין, וּבָאוּ לְבֵית דִּין וְהוֹדוּ. פְּטוּרִים. כָּפְרוּ. חַיָּבִים עַל כָּל אַחַת וְאַחַת. הִשְׁבִּיעַ עֲלֵיהֶן חֲמִשָּׁה פְּעָמִים בִּפְנֵי בֵית דִּין וְכָפְרוּ. אֵינָן חַיָּבִין אֶלָּא אַחַת. אָמַר רַבִּי שִׁמְעוֹן, מַה טַּעַם?

ב. וחייבין, און זיי (די עדות) זענען מחויב (צו ברענגען א קרבן פאר שווערן א פאלשע שבועת עדות) אויב זיי האָבן געשוואוירן (פאלש) במזיד (זדון השבועה), אָדער זיי זענען געווען בשוגג בנוגע דער שבועה (אויב זיי האָבן געמיינט אז מען דארף ניט ברענגען קיין קרבן ווען מען שווערט פאלש) אָבער זיי זענען געווען מזידים בנוגע דעם עדות־זאָגן. **דאָס הייסט, זיי האָבן בשעת דער שבועה געוואוסט, אז זיי האָבן יאָ וואָס עדות צו זאָגן** (אזוי ווי מיר האָבן דערקלערט פריער אין משנה א׳). ואינן, אָבער זיי זענען ניט מחויב (צו ברענגען קיין קרבן) אויב זיי זענען געווען שוגגים אויך בנוגע דעם עדות־זאָגן. **דאָס הייסט, אויב זיי האָבן בעת דעם שווערן פארגעסן אז זיי ווייסן אים עדות צו זאָגן.** ומה, און וואָסער (קרבן) זענען זיי מחויב (צו ברענגען) אויף דעם במזיד שווערן פאלש (די שבועת עדות)? א קרבן עולה ויורד· **דאָס אלץ האָבן מיר דערקלערט פריער אין משנה א׳.**

ג. שבועת, ווי אזוי איז שבועת עדות? **די משנה גייט איצט דערקלערן ווי אזוי הייסט פאלש שווערן א שבועת עדות, אז מען זאָל דארפן דערפאר ברענגען א קרבן.** אָמר, אויב ער (איינער, ראובן) האָט געזאָגט צו צוויי (מענטשן, צו שמעון און לוי): „קומט און זאָגט פאר מיר עדות״, (און זיי האָבן אים געענטפערט): „מיר שווערן אז מיר ווייסן ניט פאר דיר קיין עדות״, אָדער זיי האָבן אים (ראובנען) געזאָגט: „מיר ווייסן ניט פאר דיר קיין עדות״, (און ער, ראובן האָט צו זיי געזאָגט: „איך באשווער אייך״, און זיי האָבן געזאָגט (אָפּגעענטפערט אויף דער שבועה) : „אמן״, זענען זיי חייב. **אויב עס האָט זיך ארויסגעוויזן אז זיי האָבן יאָ געוואוסט עדות צו זאָגן וועגן אים, דארף זיי ברענגען א קרבן פאר א פאלשער שבועת עדות.** השביע, אויב ער האָט זיי באשוואוירן פינף מאָל אויסער דעם בית דין (דאָס בית דין איז ניט געווען דאביי) און (זיי האָבן געלייקנט אז זיי ווייסן ניט עדות צו זאָגן און) זיי זענען געקומען צום בית דין און זיי האָבן זיך מודה געווען (אז זיי ווייסן יאָ עדות צו זאָגן) זענען זיי פטור. ווייל **דאָס וואָס זיי האָבן געלייקנט אויסער דעם בית דין איז גאָרנישט, ווייל ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה א׳ האלט אויך ר׳ מאיר, אז אויב די עדות האָבן ניט געשוואוירן נאָר ער האָט זיי באשוואוירן, זענען זיי פטור, אויב דאָס איז געווען אויסער דעם בית דין.** כפרו, אויב זיי האָבן געלייקנט (ביים בית דין) זענען זיי מחויב (צו ברענגען א קרבן) פאר יעדער שבועה. **און ווייל ער האָט זיי באשוואוירן 5 מאָל, דארפן זיי ברענגען 5 קרבנות. די גמרא לערנט אָפּ פון פסוק (ויקרא ה׳) „והיה כי יאשם לאחת מאלה״, אז זיי זענען מחויב אויף יעדער שבועה באזונדער.** השביע, אויב ער האָט זיי באשוואוירן פינף מאָל פאר דעם בית דין און זיי האָבן געלייקנט, (אפילו זיי האָבן געשוויגן נאָך יעדער שבועה, און געלייקנט ערשט צום סוף) זענען זיי מחויב נור איין (קרבן); האָט ר׳ שמעון געזאָגט: וואָס איז דער טעם (דערפון וואָס אויב ביים בית דין זענען זיי מחויב צו ברענגען נור איין קרבן)? ווייל זיי קאָנען ניט חרטה האָבן און זיך מודה זיין. **ווייל דער דין איז אז אויב עדות האָבן עדות געזאָגט פאר א בית דין קאָנען זיי ניט חרטה האָבן און זאָגן אנדערש** (כיון שהגיד שוב אינו חוזר ומגיד)**, און ווייל אויב זיי וואָלטן געלייקנט אויף דער ערשטער שבועה**

הוֹאִיל וְאֵינָם יְכוֹלִין לַחֲזוֹר וּלְהוֹדוֹת׃ ד כִּפְּרוּ שְׁנֵיהֶם כְּאַחַת, שְׁנֵיהֶן חַיָּבִין, בָּזֶה אַחַר זֶה, הָרִאשׁוֹן חַיָּב, וְהַשֵּׁנִי פָּטוּר. כָּפַר אֶחָד וְהוֹדָה אֶחָד, הַכּוֹפֵר חַיָּב. הָיוּ שְׁנֵי כִתֵּי עֵדִים, כָּפְרָה הָרִאשׁוֹנָה וְאַחַר כָּךְ כָּפְרָה הַשְּׁנִיָּה, שְׁתֵּיהֶן חַיָּבוֹת, מִפְּנֵי שֶׁהָעֵדוּת יְכוֹלָה לְהִתְקַיֵּם בִּשְׁתֵּיהֶן׃ ה מַשְׁבִּיעַ אֲנִי עֲלֵיכֶם אִם לֹא תָבוֹאוּ וּתְעִידוּנִי שֶׁיֵּשׁ לִי בְּיַד פְּלוֹנִי פִּקָּדוֹן וּתְשׂוּמֶת יָד

וואָלטן זיי דאָך שוין מער ניט געקאָנט עדות זאָגן, דאריבער אפילו זיי האָבן געשוויגן קאָן אויף זיי ניט זיין מער ווי די ערשטע שבועה, ווארום ממה נפשך: איז זייער שווייגן ווי זיי וואָלטן געלייקנט (געזאָגט אז זיי ווייסן ניט קיין עדות) קאָנען זיי דאָך שפּעטער ניט עדות זאָגן; איז עס ווידער ניט געלייקנט, זענען דאָך די אנדערע שבועות סיי ווי גאָרניט.

ד. כפרו, אויב ביידע (עדות) האָבן געלייקנט מיטאמאָל (צוזאמען, זיי האָבן צו־זאמען געשוואוירן, אז זיי ווייסן ניט עדות צו זאָגן) זענען זיי ביידע חייב (א קרבן פאר דער פאלשער שבועת עדות)· מיט „צוזאמען" מיינט מען דאָ „תוך כדי דיבור", אז עס האָט ניט געדויערט פון ערשטנס שווערן ביזן צווייטנס שווערן אזוי פיל צייט ווי א תלמיד זאָגט צו זיין רבי „שלום עליך רבי". בזה אחר זה, אויב איינער נאָכן אנדערן (צוערשט האָט איין עדות, ראובן, געשוואוירן, און דערנאָך מיט א הפסקה פון מער ווי תוך כדי דיבור האָט דער אנדערער עדות, שמעון, געשוואוירן), איז דער ערשטער (ראובן) חייב (צו ברענגן א קרבן), און דער צווייטער (שמעון) איז פטור. דער טעם איז, ווייל איין עדות איז ניט באגלויבט אין געלט־זאכן, אז מען זאָל אויף זיין עדות זאָגן פאַרמשפּטן א מענטש צו באצאָלן געלט; עס מוזן זיין 2 עדות. דאַ־ריבער, ווייל דער ערשטער עדות, ראובן, האָט שוין געהאט געשוואוירן אז ער ווייסט ניט עדות צו זאָגן, איז דאָך דער אנדערער עדות, שמעון, געבליבן ניט מער ווי איין עדות, און זיין עדות זאָגן וואָלט סיי ווי ניט געקאָנט מחייב זיין קיין געלט, און מחמת דעם איז ער פטור פאר דער פאלשער שבועת עדות. היו, אויב עס זענען געווען צוויי פאָר (צוויי כיתות) עדות (ראובן און שמעון איין פאָר, און לוי און יהודה די אנדערע פאָר), איז אויב די ערשטע פאָר האָט געלייקנט (ווען מען האָט זיי באשוואוירן) און דערנאָך האָט געלייקנט די אנדערע פאָר (ווען מען האָט זיי באשוואוירן) זענען ביידע פאָר חייב (צו ברענגן קרבנות), ווייל דאָס עדות קאָן באשטעטיקט ווערן דורך (יעדע איינע פון די) ביידע (פאָרן). די גמרא פרעגט, פארוואָס זאָלן די ערשטע פאָר זיין חייב, סטייטש זיי האָבן דאָך גאָרניט געמאכט היזק דעם בעל דין קיין געלט, מחמת עס איז דאָך נאָך פאראן די אנדערע פאָר? און די גמרא ענטפערט דארויף, אז מען מיינט דאָ ווען די ווייבער פון די צוויי אנדערע פאָר עדות, פון לוי און יהודה, זענען געווען צווישן זיך קרובים, למשל, שוועסטער, און די אנדערע פאָר האָבן דאריבער ניט געקאָנט עדות זאָגן ווייל זיי האָבן געהייסן קרובים. אָבער די דאָזיקע ווייבער זענען גוסס, געהאלטן ביים שטארבן, און מען וואָלט דאריבער געקאָנט מיינען אז ווייל ס'רוב גוסס'דיקע מענטשן שטארבן (רוב גוססים למיתה) זאָל די ערשטע פאָר עדות פטור זיין, ווייל די אנדערע עדות וועלן דאָך ווערן כשר עדות צו זאָגן, דאריבער לערנט אונז די משנה אז זיי זענען יאָ חייב, ווייל בעת זייער עדות זאָגן זענען זיי געווען אליין. די אנדערע פאָר עדות זענען חייב אויב זיי האָבן געלייקנט נאָכדעם ווי זייערע ווייבער זענען שוין געהאט געשטאָרבן, און זיי זענען שוין געווען כשרע עדות.

ה. משביע, (אויב איינער, ראובן, האָט געזאָגט צו צוויי עדות) „איך באשווער אייך, אויב איר וועט ניט קומען און עדות זאָגן, אז איך האָב ביי יענעם (אז מיר קומט ביי שמעונען) א פקדון (א זאך וואָס איך האָב אים געגעבן צו באהאלטן), און א

וְגָזֵל וַאֲבֵדָה, שְׁבוּעָה שֶׁאֵין אָנוּ יוֹדְעִין לָךְ עֵדוּת, אֵין חַיָּבִין אֶלָּא אֶחָת. שְׁבוּעָה שֶׁאֵין אָנוּ יוֹדְעִין שֶׁיֵּשׁ לָךְ בְּיַד פְּלוֹנִי פִּקָּדוֹן וּתְשׂוּמֶת יָד וְגָזֵל וַאֲבֵדָה, חַיָּבִין עַל כָּל אַחַת וְאֶחָת. מַשְׁבִּיעַ אֲנִי עֲלֵיכֶם אִם לֹא תָבוֹאוּ וּתְעִידוּנִי שֶׁיֵּשׁ לִי בְּיַד פְּלוֹנִי פִּקָּדוֹן חִטִּין, וּשְׂעוֹרִין, וְכֻסְּמִין, שְׁבוּעָה שֶׁאֵין אָנוּ יוֹדְעִין לָךְ עֵדוּת, אֵין חַיָּבִין אֶלָּא אֶחָת. שְׁבוּעָה שֶׁאֵין אָנוּ יוֹדְעִין לָךְ עֵדוּת שֶׁיֵּשׁ לָךְ בְּיַד פְּלוֹנִי חִטִּין וּשְׂעוֹרִין וְכֻסְּמִין חַיָּבִין עַל כָּל אַחַת וְאֶחָת: ו מַשְׁבִּיעַ אֲנִי עֲלֵיכֶם אִם לֹא תָבוֹאוּ וּתְעִידוּנִי שֶׁיֵּשׁ לִי בְּיַד פְּלוֹנִי

הלואה (תשומת יד, געלט וואָס איך האָב אים געגעבן אין האנט), און א גזלה (א זאך וואָס ער האָט ביי מיר צוגעגזלט) און א אבידה (א זאך וואָס איך האָב פארלוירן און ער, שמעון האָט זי געפונען)״, און (די עדות האָבן דארויף געזאָגט): „מיר שווערן אז מיר ווייסן דיר ניט עדות צו זאָגן״ (און באמת האָבן זיי יאָ געוואוסט), זענען זיי מחויב נור איינס (צו ברענגן נור איין קרבן פאר דער פאלשער שבועת עדות). **כאָטש עס זענען דאָך 4 זאכן, א פקדון, א הלואה, א גזלה, און א אבידה, פונדעסטוועגן איז עס איין שבועה.** שבועה, (אויב אָבער די עדות האָבן אים אָפגעענטפערט): „מיר שווערן, אז מיר ווייסן ניט (עדות צו זאָגן), אז דו האָסט ביי יענעם (ביי שמעונען) א פיקדון און א הלואה און א גזלה און א אבידה״, זענען זיי מחויב פאר יעדער באזונדער. **זיי דארפן ברענגן 4 קרבנות; ווייל דאמיט וואָס זיי האָבן אויסגערעכנט יעדע זאך באזונדער הייסט עס, ווי זיי וואָלטן געשוואוירן 4 באזונדערע שבועות.** משביע, (אויב ראובן האָט געזאָגט צו די עדות): „איך באשווער אייך אויב איר וועט ניט קומען און עדות זאָגן פאר מיר, אז איך האָב ביי יענעם (עס קומט מיר ביי יענעם, ביי שמעון) א פקדון (איך האָב אים געגעבן צו באהאלטן) ווייץ און גערשטן און שפעלץ (כוסמין, אזא תבואה)״, און (די עדות האָבן אים אָפגעענטפערט): „מיר שווערן, אז מיר ווייסן דיר ניט עדות צו זאָגן״, זענען זיי מחויב נור איינס. **זיי דארפן ברענגן נור איין קרבן אויב זייער שבועה איז א פאלשע און זיי האָבן יאָ געוואוסט עדות צו זאָגן.** שבועה, (אויב די עדות האָבן אָפגעענטפערט): „מיר שווערן אז מיר ווייסן ניט דיר עדות צו זאָגן, אז דו האָסט ביי יענעם ווייץ און גערשטן און שפעלץ״, זענען זיי מחויב אויף יעדן באזונדער. **זיי דארפן ברענגן דריי קרבנות** (**באזונדער פאר ווייץ, און באזונדער פאר גערשטן און באזונדער פאר שפעלץ**), **ווייל דאדורך וואָס זיי האָבן ארויסגעזאָגט אלע דריי הייסט ווי דריי באזונדערע שבועות.**

ו. משביע, אויב איינער, ראובן, זאָגט צו די עדות): „איך באשווער אייך, אויב איר וועט ניט קומען און מיר עדות זאָגן, אז איך האָב ביי יענעם (אז עס קומט מיר ביי שמעון) א שאדן (נזק, שמעון האָט מיר אָנגעטאָן א שאדן און ער דארף מיר דער־פאר באצאָלן), אָדער א האלבן שאדן (חצי נזק, שמעון'ס א בהמה איז ארויפגעטרעטן אויף שפענדלעך צרורות, און זיי זענען אָפגעשפרונגן און מיר געטאָן א שאָדן, און ער דארף מיר באצאָלן א האלבן שאדן), אָדער טאָפלט־גנבה (כפל, שמעון האָט געגנבעט ביי מיר א זאך און ער דארף מיר באצאָלן טאָפלט), אָדער פיר־אָדער־פינף (ארבעה וחמשה, שמעון האָט ביי מיר געגנבעט א שעפס אָדער אן אָקס און אים געשאָכטן צי פארקויפט, און ער דארף פאר דעם שעפס צאָלן פיר מאָל אזוי פיל און פאר דעם אָקס פינף מאָל אזוי פיל), אָדער אז יענער מענטש (שמעון) האָט פארגוואלדיקט (מאנס־גוועט) מיין (יינגער) טאָכטער אָדער ער האָט געלעבט מיט מיין טאָכטער מיט איר ווילן (פיתה, אָנגערעדט, און אין ביידע פאלן דארף ער באצאָלן פאר בושת, פגם, פאר מאכן זי ווינציקער ווערט), אָדער אז מיין זון האָט מיר געשלאָגן (און ער דארף מיר באצאָלן געלט), אָדער אז מיין פריינט (שמעון) האָט מיך פארוואונדעט (געמאכט א בייל) אָדער אונטערגעצונדן מיין שייער אים יום כיפור, און ער דארף מיר באצאָלן פאר דער וואונד אָדער פאר דעם שייער)״ — זענען זיי (די עדות) חייב. **אויב זיי האָבן**

נֶזֶק וַחֲצִי נֶזֶק, תַּשְׁלוּמֵי כֶפֶל, תַּשְׁלוּמֵי אַרְבָּעָה וַחֲמִשָּׁה, וְשֶׁאָנַס אִישׁ פְּלוֹנִי אֶת בִּתִּי, וּפִתָּה אֶת בִּתִּי, וְשֶׁהִכַּנִי בְנִי, וְשֶׁחָבַל בִּי חֲבֵרִי וְשֶׁהִדְלִיק אֶת גְּדִישִׁי בְּיוֹם הַכִּפּוּרִים, הֲרֵי אֵלּוּ חַיָּבִין:

ז מַשְׁבִּיעַ אֲנִי עֲלֵיכֶם אִם לֹא תָבוֹאוּ וּתְעִידוּנִי שֶׁאֲנִי כֹהֵן, שֶׁאֲנִי לֵוִי, שֶׁאֵינִי בֶן גְּרוּשָׁה, שֶׁאֵינִי בֶן חֲלוּצָה, שֶׁאִישׁ פְּלוֹנִי כֹּהֵן, שֶׁאִישׁ פְּלוֹנִי לֵוִי, שֶׁאֵינוֹ בֶן גְּרוּשָׁה, שֶׁאֵינוֹ בֶן חֲלוּצָה, שֶׁאָנַס אִישׁ פְּלוֹנִי אֶת בִּתּוֹ, וּפִתָּה אֶת בִּתּוֹ, וְשֶׁחָבַל בִּי בְנִי, וְשֶׁחָבַל בִּי חֲבֵרִי,

געלייקנט אז זיי ווייסן ניט עדות צו זאָגן, און דער אמת איז אז זיי ווייסן יאָ אים עדות צו זאָגן, און פאלש געשוואוירן, דארפן זיי ברענגען א קרבן. דער טעם איז ווייל אין די אלע פאלן ווען די עדות זאָלן עדות זאָגן ריכטיק, וואָלט שמעון געדארפן באַצאָלן ראובנען. די גמרא טייטשט ביי „חצי נזק", א האלבער שאדן, אז מען מיינט ביי שפּענדלעך (צרורות), ווייל נור דעם דאָזיקן האלבן שאדן דארף שמעון באַצאָלן אלס „ממונא", געלט, און ניט אלס „קנס", אלס שטראָף. ווארום אויב עס וואָלט גע־ווען „קנס", איז דער דין אז „מודה בקנס פטור", און די עדות האָבן ראובנען ניט היזק געמאַכט קיין געלט, מחמת שמעון האָט סיי ווי זיך געקאָנט באַפרייען פון געלט־שטראָף דורך מודה זיין זיך. ביי „כפל" און „ארבעה וחמשה" זענען די עדות חייב, ווייל כאָטש „כפל" און „ארבעה וחמשה" זענען „קנס", אָבער אין זיי איז דאָך אויך פאַראַן דער „קרן", וויפיל די גנבה באַטרעפט. אויך דער בושת און „פגם" וואָס מ'דארף צאָלן ביי „אונס" און מפתה", איז געלט און ניט קיין „קנס". די משנה זאָגט „שהכני בני", „מיין זון האָט מיך געשלאָגן", אָבער ניט פאַרוואונדעט, ניט געמאַכט קיין בייל, און ממילא קומט ניט דעם זון קיין טויט־שטראָף פאַר שלאָגן דעם פאָטער (זע סנהדרין פרק י"א משנה א') און דאריבער דארף ער באַצאָלן. ווארום אויב ער וואָלט דעם פאָטער געמאַכט א בייל, וואָלט דעם זון געקומען מיתה, טויט־שטראָף, און דער דין איז אז חייבי מיתות דארפן ניט צאָלן קיין געלט. אויך ביי שלאָגן אָדער אונטער־צינדן דעם שייער אים יום כיפּור קומט ניט קיין מיתה, נאָר כרת (פאַרשניטן ווערן דורכן הימל), און חייבי כריתות דארפן יאָ באַצאָלן.

ז׳ משביע, אויב ראובן זאָגט צו די עדות: „איך באַשווער אייך אויב איר וועט ניט קומען און מיר עדות זאָגן אז איך בין א כהן, אָדער אז איך בין א לוי, אָדער איך (א כהן) בין ניט דער זון פון א גרושה (א געגעטער פרוי) צי פון א חלוצה (א פרוי וועלכע האָט גענומען חלוצה, און איך בין ניט קיין פּסולער כהן), אז יענער מענטש (שמעון) איז א כהן, אָדער אז יענער מענטש איז א לוי, אָדער אז ער איז ניט דער זון פון א גרושה צי פון א חלוצה, אָדער אז יענער מענטש (שמעון) האָט מאנס געווען די טאָכטער פון יענעם מענטש (פון לוי) אָדער ער האָט אָנגערעדט זיין (לוי'ס) טאָכטער, אָדער אז מיין זון האָט מיך פאַרוואונדעט (געשלאָגן מיך און געמאַכט א בייל), אָדער אז מיין פריינט האָט אים שבת מיך פאַרוואונדעט (געמאַכט א בייל) צי אונטערגעצונדן מיין שייער, — זענען זיי (די עדות פּטור). אויב די עדות האָבן פאלש געלייקנט אז זיי ווייסן אים ניט עדות צו זאָגן, זיינען זיי פּטור פון ברענגען דעם קרבן. די טעמים זענען דאָ עטליכע. ביי כהן און לוי און זון פון א גרושה און א חלוצה איז דער טעם, ווייל ער מאַנט ניט ביי קיינעם קיין געלט (תביעת ממון), און עדות זענען נור שולדיק ווען זיי לייקענען אין א געלט־זאַך־עדות. ביי שמעון האָט מאנס געווען צי אָנגערעדט לוי'ס טאָכטער איז דער טעם ווייל די עדות זענען ניט באַשוואוירן גע־וואָרן דורך דעם געלט־מאָנער, דורך דעם תובע, דורך לוי, נור דורך א פרעמדן, דורך ראובן. און ביי די פאלן „דער זון האָט מיך פאַרוואונדעט", אָדער „יענער האָט מיך פאַרוואונדעט צי אונטערגעצינדן דעם שייער אים שבת", קומט דאָך דעם זון מיתה (פאַר פאַרוואונדן א פאָטער) און יענעם קומט מיתה פאַר מחלל שבת זיין, און ממילא

וְשֶׁהִדְלִיק גְּדִישִׁי בַּשַּׁבָּת, הֲרֵי אֵלּוּ פְּטוּרִין: **ח** מַשְׁבִּיעַ אֲנִי עֲלֵיכֶם, אִם לֹא תָבוֹאוּ וּתְעִידוּנִי, שֶׁאָמַר אִישׁ פְּלוֹנִי לִתֵּן לִי מָאתַיִם זוּז וְלֹא נָתַן לִי, הֲרֵי אֵלּוּ פְּטוּרִים, שֶׁאֵין חַיָּבִין אֶלָּא עַל תְּבִיעַת מָמוֹן כְּפִקָּדוֹן: **ט** מַשְׁבִּיעַ אֲנִי עֲלֵיכֶם כְּשֶׁתֵּדְעוּן לִי עֵדוּת שֶׁתָּבוֹאוּ וּתְעִידוּנִי, הֲרֵי אֵלּוּ פְּטוּרִים, מִפְּנֵי שֶׁקָּדְמָה שְׁבוּעָה לְעֵדוּת: **י** עָמַד בְּבֵית הַכְּנֶסֶת וְאָמַר מַשְׁבִּיעַ אֲנִי עֲלֵיכֶם שֶׁאִם אַתֶּם יוֹדְעִים לִי עֵדוּת, שֶׁתָּבוֹאוּ וּתְעִידוּנִי, הֲרֵי אֵלּוּ פְּטוּרִין (עַד שֶׁיִּהְיֶה מִתְכַּוֵּן לָהֶם): **יא** אָמַר לִשְׁנַיִם מַשְׁבִּיעַ אֲנִי עֲלֵיכֶם, אִישׁ פְּלוֹנִי וּפְלוֹנִי, שֶׁאִם אַתֶּם יוֹדְעִין לִי עֵדוּת שֶׁתָּבוֹאוּ וּתְעִידוּנִי, שְׁבוּעָה שֶׁאֵין אָנוּ יוֹדְעִין לְךָ עֵדוּת, וְהֵן יוֹדְעִין לוֹ עֵדוּת, עַד

**זענען זיי פטור צו באצאָלן, און דאריבער זענען אויך די עדות פטור, ווייל זיי האָבן ראובנען ניט היזק געמאַכט קיין געלט דורך זייער לייקענען.**

ח. משביע, (אויב ראובן האָט געזאָגט צו די עדות): „איך באשווער אייך אויב איר וועט ניט קומען און מיר עדות זאָגן, אז יענער מענטש (שמעון) האָט צוגעזאָגט מיר צו געבן (א מתנה) צוויי הונדערט גילדן, און ער האָט (זיי) מיר ניט געגעבן", זענען זיי (די עדות) פטור. **אויב זיי האָבן פאַלש געלייקנט און געזאָגט, אז זיי ווייסן ניט, זענען זיי פטור פון ברענגען א קרבן פאַר שבועת עדות. און די משנה זאָגט באלד דעם טעם דערפון:** שאין, וואָרום זיי (די עדות) זענען ניט שולדיג (זיי דאַרפן ניט ברענגען א קרבן פאַר שווערן א פאַלשע שבועת עדות) סיידן אויף א תביעה פון געלט ווי א שטייגער א פיקדון. **דאָ קומט דאָך ניט ראובנען קיין געלט, מחמת שמעון איז דאָך אים גאָרניט שולדיק, א שטייגער ווי ער וואָלט אים שולדיק געווען, אויב ראובן וואָלט געגעבן שמעונען צו באהאַלטן א זאַך, א פיקדון; נאָר שמעון האָט אים צו־געזאָגט צו געבן א מתנה. דאריבער זענען די עדות פטור, מחמת אפילו זיי זאָלן עדות זאָגן, אז שמעון האָט צוגעזאָגט, קאָן אויך ראובן דאַרויף ניט אָפּמאָנען ביי שמעונען דאָס געלט.**

ט. משביע, (אויב ער האָט געזאָגט צו די עדות): „איך באשווער אייך אז אויב איר וועט ווייסן מיר עדות צו זאָגן (אויב איר וועט שפּעטער נאָך דער שבועה זען ווי איך גיב איינעם געלט) זאָלט איר קומען און עדות זאָגן פאַר מיר", זענען זיי פטור (אויב זיי האָבן דערנאָך פאַלש געלייקנט אז זיי ווייסן ניט עדות צו זאָגן), ווייל די שבועה איז געווען פאַר דעם (פאַר דער זאַך צו קאָנען דאַרויף זאָגן) עדות. **אזוי טייטשט די דאָ־זיקע שווערע משנה ר' עקיבא איגר. די גמרא לערנט עס אָפּ פון פסוק אין ויקרא ה' „ושמעה קול אלה והוא עד", אז דאָס עדות־ווערן דאַרף זיין פאַר דער „אלה", פאַר דער שבועה.**

י. עמד, אויב איינער האָט זיך אוועקגעשטעלט אין שול (וואו עס זענען פאַראַן א סך מענטשן) און האָט געזאָגט: „איך באשווער אייך אז אויב איר ווייסט מיר עדות צו זאָגן, זאָלט איר קומען און מיר עדות זאָגן", (און דאָרט זענען געווען צוויי מענטשן וועלכע האָבן יאָ געוואוסט עדות צו זאָגן), זענען זיי פטור (סיידן ער, דער באשווערער, איז מכוון די שבועה צו זיי, צו די דאָזיקע צוויי עדות). **דאָס לערנט מען אָפּ פון פסוק „והוא עד", אז ער מוז ביים שווערן אָנווייזן די עדות. אין דער משנה אין ירושלמי זענען ניט פאַראַן די לעצטע ווערטער „עד שיהיה מתכוין להם".**

יא. אויב ער (ראובן) האָט געזאָגט צו צוויי (מענטשן): איך באשווער אייך יענע און יענע מענטשן (לוי און יהודה) אז אויב איר ווייסט מיר עדות צו זאָגן זאָלט איר קומען און מיר עדות זאָגן" (און זיי האָבן אים געזאָגט): „מיר שווערן אז מיר ווייסן ניט דיר עדות צו זאָגן", און (דער אמת איז אז) זיי ווייסן אים (יאָ) עדות צו זאָגן א עדות פון מויל פון אן אנדערן עדות (עד מפי עד, לוי און יהודה האָבן אליין

מִפִּי עֵד, אוֹ שֶׁהָיָה אֶחָד מֵהֶן קָרוֹב אוֹ פָּסוּל, הֲרֵי אֵלּוּ פְּטוּרִין: **יב** שָׁלַח בְּיַד עַבְדּוֹ, אוֹ שֶׁאָמַר לָהֶן הַנִּתְבָּע, מַשְׁבִּיעַ אֲנִי עֲלֵיכֶם שֶׁאִם אַתֶּם יוֹדְעִין לוֹ עֵדוּת שֶׁתָּבוֹאוּ וְתְעִידוּהוּ, הֲרֵי אֵלּוּ פְּטוּרִים, עַד שֶׁיִּשְׁמְעוּ מִפִּי הַתּוֹבֵעַ: **יג** מַשְׁבִּיעַ אֲנִי עֲלֵיכֶם, מְצַוֶּה אֲנִי עֲלֵיכֶם, אוֹסַרְכֶם אָנִי, הֲרֵי אֵלּוּ חַיָּבִין, בַּשָּׁמַיִם וּבָאָרֶץ, הֲרֵי אֵלּוּ פְּטוּרִין, בְּאָלֶ״ף דָּלֶ״ת בְּיוּ״ד הֵ״י, בְּשַׁדַּי, בִּצְבָאוֹת, בְּחַנּוּן וְרַחוּם, בְּאֶרֶךְ אַפַּיִם וְרַב חֶסֶד, וּבְכָל הַכִּנּוּיִן, הֲרֵי

ניט געזען נאָר זיי האָבן עס געהערט פון אנדערע עדות וועלכע האָבן עס געזען), אָדער איינער פון זיי (לוי צי יהודה) איז געווען א קרוב (צו ראובנען אָדער צום מענטש ביי וועמען ראובן מאָנט דאָס געלט) אָדער ער (לוי צי יהודה) איז געווען א פסול (א מענטש וואָס איז פסול עדות צו זאָגן, למשל א גזלן), זענען זיי (ביידע) פטור. **ווייל סיי ווי וואָלט דאָך זייער עדות זאָגן גאָרניט געהאָלפן, ווארים א „עד מפי עד" הייסט ניט קיין עדות, און אויך ווען איינער איז נור א קרוב אָדער א פסול טויג שוין ניט די גאנצע עדות.**

יב. שליח, אויב ער (ראובן, וועלכער מאָנט געלט ביי שמעון) האָט געשיקט צו זיי (צו לוי און יהודה) דורך זיין שקלאף (צו באשווערן זיי), אָדער דער געלט־געמאָנטער (דער נתבע, שמעון) האָט צו זיי (צו לוי און יהודה געזאָגט): „איך באשווער אייך אויב איר ווייסט אים (ראובנען) עדות צו זאָגן, זאָלט איר קומען און אים זאָגן עדות", זענען זיי פטור, סיידן זיי הערן (די שבועה) פון געלט־מאָנער אליין (פון ראובנען). **די גמרא לערנט עס אָפּ פון פסוק אין ויקרא ה' „אם לוא יגיד" (אויב ער, דער עדות, וועט ניט עדות זאָגן). דאָס ווערט „לוא" איז געשריבן מיט א „ו" און מיט א „א", און עס ווערט געטייטשט ווי עס וואָלט געשטאַנען „אם לו לא יגיד", אויב ער וועט אים, דעם מאָנער, ניט זאָגן, אָבער אויב דער עדות וועט לייקענען צו אן אנדערן איז ער פטור פון קרבן.**

יג. משביע, (אויב ער זאָגט צו די עדות): „איך באשווער אייך (משביע)", אָדער „איך באפעל (מצווה) אויף אייך (מיט א שבועה)", אָדער „איך בינד (אוסרכם) אייך (מיט א שבועה)", זענען זיי (די עדות) חייב. **אויב ער האָט זיי באשוואוירן מיט איינעם פון די דאָזיקע דריי נוסחאות אז אויב זיי ווייסן אים עדות צו זאָגן זאָל זיי עדות זאָגן, הייסט עס א שבועה. די גמרא זאָגט, אז ער האָט אויך צו די ווערטער „מצווה" און „אוסרכם" צוגעלייגט דאָס וואָרט „בשבועה", מיט א שבועה.** בשמים, (אויב ער האָט געזאָגט צו די עדות): „ביי הימל און ערד" (אז אויב זיי ווייסן אים עדות צו זאָגן זאָלן זיי קומען און אים עדות זאָגן), זענען זיי פטור. **ווייל דאָס הייסט ניט קיין ריכטיקער נוסח פון א שבועה.** באלף דלית, (אויב ער האָט צו זיי געזאָגט): ביי דעם „אלף דלית" (דאָס איז גאָטס נאָמען פון „אדני") אָדער „ביי יוד הא" (דאָס איז גאָטס נאָמען דער שם „הויה") אָדער „ביי שדי" (גאָטס נאָמען „שדי") אָדער „ביים צבאות", אָדער „ביים חנון ורחום" (ביי דעם לייטזעליקן און בארמהארציקן), אָדער „ביים ארך אפים ורב חסד" (ביי דעם וועלכער האלט איין לאנג זיין צאָרן און איז א סך מיט חסד), אָדער „ביי איינעם פון די אלע באצייכנונגען" (כינויים, מידות מיט וועלכע גאָט ווערט אָנגערופן אין תנך), — זענען זיי (די עדות) חייב. **ווייל דאָס הייסט באשוואוירן זיי ביי גאָט. עס זענען פאראן אין תנך נעמען פון גאָט, ווי דער שם הויה, אלהים, אל און אנדערע, און זיי הייסן „שמות", גאָטס „נעמען". און עס ענען פאראן אין תנך באצייכנונגען פון גאָט צוליב זיינע מידות, ווי „חנון ורחום", ארך אפים ורב חסד", און זיי ווערן אָנגערופן „כינויים", באצייכנונגען פון גאָט. אָגט די משנה אז סיי ער באשווערט די עדות מיט גאָטס נעמען און סיי מיט די**

**אֵלּוּ חַיָּבִין, הַמְקַלֵּל בְּכֻלָּן חַיָּב, דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר, וַחֲכָמִים פּוֹטְרִין. הַמְקַלֵּל אָבִיו וְאִמּוֹ בְּכֻלָּן חַיָּב, דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר, וַחֲכָמִים פּוֹטְרִין. הַמְקַלֵּל עַצְמוֹ וַחֲבֵרוֹ בְּכֻלָּן עוֹבֵר בְּלֹא תַעֲשֶׂה, יַכְּכָה אֱלֹהִים, וְכֵן יַכְּכָה אֱלֹהִים, זוֹ הִיא אָלָה הַכְּתוּבָה בַּתּוֹרָה. אַל יַכְּךָ, וִיבָרֶכְךָ, וְיֵיטִיב לָךְ, רַבִּי מֵאִיר מְחַיֵּב, וַחֲכָמִים פּוֹטְרִין:**

„כינויים“, **איז עס א שבועה.** המקלל, אז איינער שעלט (גאָט) מיט (איינעם פון) די אלע (אָנרופנדיק גאָט בלויז מיט די כינויים, ווי „חנון ורחום“) איז ער חייב, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. **עס קומט דעם שעלטער סקילה, טויט דורך פארשטיינען, ווייל ער האָט געשאָלטן גאָט,** וחכמים, און די חכמים פטרן. **זיי האלטן, אז עס קומט סקילה נאָר ווען ביים שעלטן ווערט דערמאָנט גאָטס נאָמען.** המקלל אביו, אז איינער שעלט זיין פאָטער אָדער זיין מוטער מיט (איינעם פון) די אלע (כינויים), איז ער חייב (קומט אים טויט־שטראָף), אזוי זאָגט ר׳ מאיר, און די חכמים פטרן. **די חכמים האלטן, אז עס קומט אים טויט־שטראָף נור ווען ער שעלט זיי מיט גאָטס נאָמען, און ניט מיט די כינויים (זע סנהדרין פרק ז׳ משנה ח׳).** המקלל עצמו, אז איינער שעלט זיך אליין אָדער אן אנדערן (מענטש) מיט (איינעם פון) די אלע (אפילו נור מיט די כינויים פון גאָט) איז ער עובר אויף א „לא תעשה“. **ער איז עובר א עבירה, מחמת די תורה זאָגט „לא תעשה“, מען זאָל עס ניט טאָן. דער פארבאָט ניט צו שעלטן זיך אליין ווערט אָפּגעלערנט פון דברים ד׳ „השמר לך ושמור נפשך מאוד, זאָלסט זיך היטן און היט דיין לעבן זייער“, און עס איז א כלל אין דער גמרא אז דאָס וואָרט „השמר“, מיינט א „לא תעשה“. דער פארבאָט צו שעלטן אן אנדערן ווערט אָפּגעלערנט פון ויקרא י״ט „לא תקלל חרש, זאָלסט ניט שעלטן א טויבן“, און מען לערנט דערפון אָפּ, אז מה־דאָך א טויבן מענטש, וועלכער הערט דאָך ניט די קללה, טאָר מען ניט שעלטן, מכל שכן אז מען טאָרניט שעלטן מענטשן ניט־טויבע, וועלכע הערן די קללה און עס רעגט זיי אויף** — יככה, (אויב איינער זאָגט צו די עדות) „יככה אלהים“ (גאָט זאָל דיך שלאָגן, אויב דו וועסט ניט קומען מיר עדות זאָגן) אָדער (אויב ער האָט געהערט ווי מען האָט געליינט אין דער תוכחה דברים כ״ט „יככה ה׳“, און ער האָט געזאָגט צו די עדות): „וכן יככה אלהים“ (און אזוי זאָל דיר שלאָגן גאָט אויב דו וועסט מיר ניט עדות זאָגן), איז דאָס די שבועה („אלה“) וואָס איז פאראן אין דער תורה. **דאָס הייסט א שבועה, און די עדות זענען חייב. רשי זאָגט אז ווייל נאָך דער תוכחה (אין דברים כ״ט) ווערט געזאָגט „ככל אלות הברית“, מיינט עס, אז אלץ וואָס איז געזאָגט געוואָרן אין דער תוכחה איז א „אלה“, א שבועה.** אל יכך, (אויב ער זאָגט צום עדות): גאָט זאָל דיך ניט שלאָגן (אויב דו וועסט קומען מיר עדות זאָגן)“, אָדער „יברכך, גאָט זאָל דיר בענטשן (אויב דו וועסט קומען מיר עדות זאָגן)“, אָדער „ייטב לך, גאָט זאָל דיר גוטס טאָן (אויב דו וועסט קומען מיר עדות זאָגן)“, איז ר׳ מאיר מחייב. **מחמת ר׳ מאיר האלט, אז „מכלל לאו אתה שומע הן“ פון „ניט“ ווייסט מען דעם „יאָ“ דאָס הייסט, ווי ער וואָלט געזאָגט צו די עדות, „און אויב איר וועט מיר ניט עדות זאָגן זאָל אייך גאָט יאָ שלאָגן, אָדער שעלטן, אָדער שלעכטס טאָן“, און דעריבער אויב די עדות לייקנען האָבן זיי געשוואוירן א פאלשע שבועת עדות און דארפן ברענגען א קרבן.** וחכמים, און די חכמים פטרן. **דער ר״ן ברענגט דעם רמב״ם טייטש, אז די חכמים האלטן, אז ווייל דער פסוק זאָגט (ויקרא ה׳) „ושמעה קול אלה“, מיינט מען אז דער עדות מוז האָבן געהערט א קללה־שבועה („אלה“) און ניט א ברכה־שבועה, פון וועלכער מען זאָל ערשט פארשטיין, אז אויב ניט, וועט זיין דערפון א קללה. דעריבער האלטן זיי אז דאָס הייסט ניט קיין שבועת עדות.**

# פרק ה.

א שְׁבוּעַת הַפִּקָּדוֹן נוֹהֶגֶת בָּאֲנָשִׁים וּבַנָּשִׁים, בָּרְחוֹקִים וּבַקְּרוֹבִים בַּכְּשֵׁרִים | וּבַפְּסוּלִים, בִּפְנֵי בֵית דִּין וְשֶׁלֹּא בִּפְנֵי בֵית דִּין, מִפִּי עַצְמוֹ, וּמִפִּי אֲחֵרִים

## פרק ה.

א. שבועת הפקדון, די שבועה וועגן פקדון איז פאראן ביי מאנספערזאָנען און ביי פרויען. כדי צו פארשטיין די משנות אין דאָזיקן פרק וועלן מיר דערקלערן, וואָס מען מיינט מיט „שבועת הפקדון", די פקדון־שבועה, ווי מיר וועלן זי רופן כסדר אין גאנצן פרק. „פקדון" הייסט א זאך וואָס מען גיט א צווייטן צו באהאלטן. אויב ראובן גיט שמעונען א זאך צו באהאלטן, דארף שמעון ראובנען צוריקגעבן די זאך. אויב ראובן מאָנט ביי שמעונען די זאך, און שמעון לייקנט און ער זאָגט אז ראובנען קומט גאָרניט פון אים אזא זאך, און ער, שמעון, שווערט דארויף, הייסט דאָס שבועת הפיקדון, די פקדון שבועה, און אויב שמעון האָט זיך מודה געווען, אז ער האָט פאלש געשוואוירן, דארף ער באצאָלן ראובנען די זאך און דערצו נאָך א פערטל פון דעם וויפיל די זאך איז ווערט (דאָס הייסט צוזאמען פינף פערטל, און דאָס פיפטע פערטל הייסט דער „חומש", דאָס פיפטל) און שמעון דארף ברענגען אין בית המקדש א באראן (א שעפּס א זכר) וואָס קאָסט 2 טאָלער (2 סלעים, 2 שקלים, ווי די מטבע הייסט אין חומש). דער דאָזיקער קרבן הייסט אן „אשם" (שולד־קרבן). אָבער ניט נור ווען ראובן מאָנט ביי שמעונען א פיקדון, א זאך וואָס ער האָט אים געגעבן צו באהאלטן, נאָר אויך ווען ראובן מאָנט ביי שמעונען סתם געלט וואָס עס קומט אים, למשל ער האָט אים געבאָרגט (א הלואה, וואָס הייסט אויך „תשומת יד", ער האָט אים געגעבן, אריינגעטאָן אין דער האנט), אָדער שמעון האָט צוגעגזלט ביי ראובן עפּיס (א גזלה), אָדער שמעון האָט געפונען ראובנ׳ס א פארלוירענע זאך (א אבידה). אין די אלע דאָזיקע פאלן, אויב שמעון לייקנט און שווערט, און דערנאָך איז ער זיך מודה אז ער האָט פאלש געשוואוירן, דארף ער באצאָלן ראובנען דאָס געלט (צי די זאך) צוזאמען מיט דעם „פיפטל", און אויך ברענגען דעם קרבן אשם. לאָמיר זשע גוט געדענקן: א פיקדון־שבועה הייסט ווען איינער, שמעון, שווערט, אז ראובנען קומט ניט ביי אים קיין געלט צי א זאך. דער יסוד פאר די אלע דינים וועגן דער פקדון־שבועה איז פאראן אין ויקרא ה׳ פסוקים כ״א־כ״ו. — זאָגט דאָ די משנה אז די פיקדון־שבועה, דער דין אז אויב איינער שווערט פאלש א פיקדון־שבועה דארף ער צאָלן דעם חומש און ברענגען א קרבן, איז נוהג ביי מאנספערזאָנען און ביי פרויען. ברחוקים, ביי ווייטע (פרעמדע מענטשן) און ביי נאָנטע (ביי קרובים, אויב ראובן איז א קרוב צו שמעונען), ביי כשרע (ביי מענטשן וועלכע זענען כשר עדות צו זאָגן) און ביי פסולע (ביי מענטשן וועלכע זענען פסול עדות צו זאָגן). די משנה לערנט עס (כאָטש מען פארשטייט דאָך עס אליין), נאָר ווייל אין פאָריגן פרק ד׳ משנה א׳ ביי דער עדות־שבועה האָט דאָך די משנה יא געמאכט אן אונטערשיד צווישן פרעמדע און קרובים, כשרע און פסולע, דאריבער לערנט דאָ די משנה אז ביי דער פיקדון־שבועה איז ניט קיין אונטערשיד. בפני, (סיי ער, שמעון, האָט געשוואוירן) פאר א בית דין און (סיי ער האָט געשוואוירן) ניט פאר א בית דין, אויב ער (שמעון) האָט (געשוואוירן) אליין. אָדער אז ראובן האָט אים באשוואוירן און שמעון האָט באַכגעענטפערט אמן, ווארום אויב ער ענט־פערט „אָמן" הייסט עס ווי ער אליין האָט געשוואוירן, ווי מיר האָבן געלערנט פריער צום סוף פרק ג׳. ומפי אחרים, און (ווען ער, שמעון, ווערט באשוואוירן) פון אנדערע (ראובן האָט אים באשוואוירן) איז ער (שמעון) ניט חייב (צו ברענגען דעם קרבן פאר א פאלשער פיקדון־שבועה) סיידן ער האָט אים געלייקנט פאר א בית דין, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. אָדער אויב ראובן האָט געזאָגט צו שמעון: „איך באשווער דיר אז דו זאָלסט מיר אָפּגעבן מיין געלט", און שמעון ענטפערט ניט קיין „אָמן", אָבער ער לייקנט

אֵינוֹ חַיָּב עַד שֶׁיִּכְפּוֹר (בּוֹ) בְּבֵית דִּין, דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים בֵּין מִפִּי עַצְמוֹ בֵּין מִפִּי אֲחֵרִים, כֵּיוָן שֶׁכָּפַר בּוֹ חַיָּב. וְחַיָּב עַל זְדוֹן הַשְּׁבוּעָה, וְעַל שִׁגְגָתָהּ עִם זְדוֹן הַפִּקָּדוֹן, וְאֵינוֹ חַיָּב עַל שִׁגְגָתָהּ. וּמָה חַיָּב עַל זְדוֹנָהּ? אָשָׁם בְּכֶסֶף שְׁקָלִים: **ב** שְׁבוּעַת הַפִּקָּדוֹן כֵּיצַד? אָמַר לוֹ, תֵּן לִי פִּקְדוֹנִי שֶׁיֵּשׁ לִי בְּיָדֶךָ. שְׁבוּעָה שֶׁאֵין לְךָ בְּיָדִי. אוֹ שֶׁאָמַר לוֹ אֵין לְךָ בְּיָדִי, מַשְׁבִּיעֲךָ אֲנִי, וְאָמַר אָמֵן, הֲרֵי זֶה חַיָּב. הִשְׁבִּיעַ עָלָיו חֲמִשָּׁה פְּעָמִים בֵּין בִּפְנֵי בֵית דִּין וּבֵין שֶׁלֹּא בִּפְנֵי בֵית דִּין, וְכָפַר, חַיָּב עַל כָּל אַחַת וְאֶחָת. אָמַר

**פאר א בית דין, אז ראובנען קומט געלט, איז שמעון יאָ חייב צו ברענגען דעם קרבן.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז סיי ער (שמעון) אליין (שווערט), סיי דורך אנדערע (ראובן באשווערט אים), ווי נור ער (שמעון) האָט געלייקנט (אפילו ניט פאר א בית דין) איז ער חייב. **שמעון דארף ברענגען דעם קרבן.** וחייב על, און ער (שמעון) איז חייב (צו ברענגען א קרבן) אויב ער האָט געשוואוירן (פאלש) במזיד (ער האָט ביים שווערן געדענקט אז ראובנען קומט דאָס געלט און אז פאר פאלש שווערן דארף מען ברענגען א קרבן), און אויך אויב ער האָט בשוגג (געשוואוירן פאלש, ער האָט ניט געדענקט אז פאר פאלש שווערן קומט צו ברענגען א קרבן) אָבער ער איז געווען א מזיד בנוגע דעם פיקדון. **שמעון האָט בעת דעם שווערן געדענקט, אז ראובנען קומט ביי אים געלט; ער האָט נור ניט געדענקט, אז פאר פאלש שווערן קומט א קרבן.** ואינו חייב, אָבער ער איז ניט חייב (דארף ניט ברענגען קיין קרבן) אויב ער איז א שוגג בנוגע דעם (פיקדון). **אויב שמעון האָט ביים שווערן געהאט פארגעסן אז ראובנען קומט ביי אים געלט, און דערנאָך האָט ער זיך דערמאָנט, דארף ער ניט ברענגען קיין קרבן פאר דער פאלשער פיקדון־שבועה.** ומה, און וואָס איז ער חייב אויף איר מזיד (אויב ער שווערט א פאלשע פיקדון־שבועה במזיד)? א (קרבן) אשם פאר געלט פון (צוויי) זילבער־שקלים. **די מטבע „שקל" וואָס איז פאראן אין חומש, האָט אין דער משנה געהייסן „סלע", און דאריבער זענען די צוויי שקלים, וואָס דער באראן (דער שעפּס א זכר) דארף קאָסטן צו ברענגען אים פאר א קרבן אשם, לויט די געלטער אין משנה, 2 סלעים; א שקל אין משנה איז א העלפט פון סלע, דאָס הייסט א העלפט פון שקל פון דער תורה). אָבער ווייל דער חומש אין ויקרא ה' רופט עס אָן שקלים, רופט עס אויך די משנה דאָ אָן שקלים. די משנה זאָגט דאָ ניט בפירוש „צוויי", נאָר „שקלים" איז דער לשון רבים, און דאָס קלענסטע פון א סך איז צוויי.**

ב. שבועת, ווי אזוי הייסט די פיקדון־שבועה? **וואָס מיינט מען מיט א פאלשער פיקדון־שבועה?** אָמר, אויב ער (ראובן) האָט געזאָגט צו אים (צו שמעונען): גיב מיר דעם פיקדון (די זאך) וואָס איך האָב ביי דיר (וואָס מיר קומט ביי דיר)", (און שמעון ענטפערט אים): „איך שווער אז דיר קומט ניט ביי מיר", אָדער (שמעון) האָט אים געזאָגט: „דיר קומט ניט ביי מיר", (און ער, ראובן, האָט צו אים געזאָגט ) : „איך באשווער דיך", און ער (שמעון) האָט געזאָגט „אָמן", — איז ער (שמעון) חייב. **אויב ראובנען קומט יאָ ביי שמעונען און שמעון האָט נאָכן פאלש שווערן זיך מודה געווען דארף ער ברענגען דעם קרבן.** השביע, אויב ער (ראובן) האָט אים (שמעונען) באשוואוירן פינף מאָל, סיי פאר א בית דין און סיי ניט פאר א בית דין, און ער (שמעון) האָט געלייקנט, איז ער (שמעון) חייב אויף יעדער (שבועה) באזונדער. **ער דארף ברענגען 5 קרבנות, פאר 5 מאָל פאלש שווערן.** אָמר ר' שמעון, האָט ר' שמעון געזאָגט: וואָס איז דער טעם דערפון (פארוואָס דארף ער ברענגען פינף קר־בנות)? ווייל ער (שמעון) קאָן חרטה האָבן און זיך מודה זיין. **נאָך יעדן מאָל שווערן פאלש קאָן שמעון זיך מודה זיין אז ער איז יאָ שולדיק ראובנען דעם פיקדון, און**

רַבִּי שִׁמְעוֹן מַה טַּעַם? מִפְּנֵי שֶׁיָּכוֹל לַחֲזוֹר וּלְהוֹדוֹת: ג הָיוּ חֲמִשָּׁה תוֹבְעִין אוֹתוֹ אָמְרוּ לוֹ, תֵּן לָנוּ פִּקָּדוֹן שֶׁיֵּשׁ לָנוּ בְּיָדְךָ, שְׁבוּעָה שֶׁאֵין לָכֶם בְּיָדִי, אֵינוֹ חַיָּב אֶלָּא אֶחָת. שְׁבוּעָה שֶׁאֵין לְךָ בְּיָדִי, וְלֹא לְךָ, חַיָּב עַל כָּל אַחַת וְאֶחָת. רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר, עַד שֶׁיֹּאמַר שְׁבוּעָה בָּאַחֲרוֹנָה. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, עַד שֶׁיֹּאמַר שְׁבוּעָה לְכָל אֶחָד וְאֶחָד. תֵּן לִי פִּקָּדוֹן וּתְשׂוּמֶת יָד גָּזֵל וַאֲבֵדָה, שֶׁיֵּשׁ לִי בְּיָדְךָ, שְׁבוּעָה שֶׁאֵין לְךָ בְּיָדִי, אֵינוֹ חַיָּב אֶלָּא אֶחָת. שְׁבוּעָה שֶׁאֵין לְךָ בְּיָדִי פִּקָּדוֹן וּתְשׂוּמֶת יָד וְגָזֵל וַאֲבֵדָה, חַיָּב עַל כָּל אַחַת וְאֶחָת. תֵּן לִי חִטִּין וּשְׂעוֹרִין וְכֻסְּמִין שֶׁיֵּשׁ לִי בְּיָדְךָ, שְׁבוּעָה שֶׁאֵין לְךָ בְּיָדִי, אֵינוֹ חַיָּב אֶלָּא אֶחָת. שֶׁאֵין לְךָ בְּיָדִי חִטִּין

**ווייל ער איז זיך ניט מודה נאָר ער לייקנט נאָך יעדער שבועה, הייסט עס אז ביי יעדער שבועה לייקנט ער ראובנען געלט, און דעריבער איז ער חייב אויף יעדער שבועה באזונדער.**

ג. היו, אויב פינף (מענטשן) האָבן געמאָנט ביי אים (ביי שמעונען), זיי האָבן אים געזאָגט: „געב אונז אָפּ דעם פיקדון וואָס מיר האָבן ביי דיר“, (און שמעון האָט זיי אָפּגעענטפערט): „איך שווער אז אייך קומט ניט ביי מיר“, — איז ער חייב נור איינס. **ער דאַרף ברענגען נור איין קרבן פאַר איין פאלשער פיקדון־שבועה.** שבועה, (אויב אָבער שמעון האָט אָפּגעענטפערט): „איך שווער אז עס קומט ניט דיר, און ניט דיר, און ניט דיר“, (אזוי האָט ער אָנגעוויזן צו יעדן איינעם פון די מאָנערס), איז ער חייב אויף יעדן באזונדער. **ער דאַרף ברענגען 5 קרבנות, ווייל מיטן זאָגן צו יעדן איינעם פון די מאָנערס „ולא לך“, „און ניט דיר“, האָט ער עס געמאַכט פאַר באזונדערע שבועות.** ר׳ אליעזר זאָגט, אז ער איז ניט חייב (באזונדערע קרבנות) סיידן ער זאָגט צום סוף (דאָס וואָרט) שבועה. **נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעזאָגט די אלע „ולא לך“ (און ניט דיר) האָט ער צוגעגעבן דאָס וואָרט „שבועה“, „איך שווער“, און דערמיט האָט ער געוויזן אז די שבועה גייט אַרויף אויף יעדן „ולא לך“ באזונדער.** ר׳ שמעון זאָגט, אז (ער איז ניט חייב באזונדערע קרבנות) סיידן ער זאָגט „שבועה“ צו יעדן איינעם. **ער מוז האָבן געזאָגט צו יעדן איינעם „שבועה ולא לך“ „איך שווער אז אויך ניט דיר“, ערשט דאַמאָלס הייסט יעדעס א באזונדערע שבועה.** — תן לי, (אויב ראובן האָט געזאָגט צו שמעונען): „געב מיר דעם פיקדון (די זאַך וואָס איך האָב דיר געגעבן צו באהאלטן), און די הלואה (תשומת יד, געלט וואָס איך האָב דיר געבאָרגט), און א גזילה (א זאַך וואָס דו האָסט צוגעגנבעט אָדער צוגעגזלט ביי מיר), און א אבידה (א זאַך וואָס איך האָב פארלוירן און דו האָסט זי געפינען), וואָס איך האָב ביי דיר“, (און שמעון האָט אים אָפּגעענטפערט): „איך שווער אז דיר קומט ניט ביי מיר“, איז ער חייב נור איינס. **שמעון דאַרף ברענגען נור איין קרבן פאַר איין פיקדון־שבועה, כאָטש ראובן האָט ביי אים געמאָנט 4 זאַכן, א פיקדון, א הלואה, א גזילה און אן אבידה.** שבועה, (אויב אָבער שמעון האָט אָפּגעענטפערט): „איך שווער, אז עס קומט דיר ניט ביי מיר קיין פיקדון, און קיין הלואה און קיין גזילה און קיין אבידה“, איז ער חייב אויף יעדער באזונדער. **ווייל דערמיט וואָס שמעון האָט ביים שווערן אויסגערעכנט יעדע זאַך באזונדער, האָט ער געמיינט דערמיט צו זאָגן, אז יעדע זאַך איז א באזונדערע שבועה. זע דאָסזעלביקע פריער פרק ג׳ משנה ג׳ און פרק ד׳ משנה ה׳.** — תן לי חטין, (אויב ראובן זאָגט צו שמעונען): גיב מיר די ווייץ און די גערשטן און דעם שפעלץ (כוסמין, אזא מין תבואה) וואָס מיר קומט ביי דיר“ (און שמעון האָט אים אָפּגעענטפערט): „איך שווער אז דיר קומט ניט ביי מיר קיין ווייץ, און קיין גערשטן און קיין שפעלץ“, איז ער חייב אויף יעדעס באזונדער. **דער טעם איז דערזעלביקער וואָס פריער, ווייל שמעון האָט ביים שווערן אויסגערעכנט יעדעס באזונ־**

וּשְׂעוֹרִין וְכֻסְּמִין, חַיָּב עַל כָּל אַחַת וְאַחַת. רַבִּי מֵאִיר אוֹמֵר, אֲפִלּוּ אָמַר חִטָּה וּשְׂעוֹרָה וְכֻסֶּמֶת, חַיָּב עַל כָּל אַחַת וְאַחַת: ד אָנַסְתָּ וּפִתִּיתָ אֶת בִּתִּי, וְהוּא אוֹמֵר לֹא אָנַסְתִּי וְלֹא פִתִּיתִי, מַשְׁבִּיעֲךָ אֲנִי, וְאָמַר אָמֵן, חַיָּב. רַבִּי שִׁמְעוֹן פּוֹטֵר, שֶׁאֵינוֹ מְשַׁלֵּם קְנָס עַל פִּי עַצְמוֹ. אָמְרוּ לוֹ, אַף עַל פִּי שֶׁאֵינוֹ מְשַׁלֵּם קְנָס עַל פִּי עַצְמוֹ, מְשַׁלֵּם בֹּשֶׁת וּפְגָם עַל פִּי עַצְמוֹ: ה גָּנַבְתָּ אֶת שׁוֹרִי, וְהוּא אוֹמֵר לֹא גָנַבְתִּי, מַשְׁבִּיעֲךָ אֲנִי, וְאָמַר אָמֵן,

דער. ר׳ מאיר זאָגט, אז אפילו ער האָט געזאָגט „ווייץ״ (חטה, אין לשון יחיד), גערשט (שעורה), שפעלץ (כוסמת), איז ער חייב אויף יעדע באַזונדער. **ווייל ר׳ מאיר האַלט, אז „חטה״, „שעורה״, „כוסמת״ מיינט נישט איין קערנדל ווייץ, איין קערנדל גערשטן, איין קערנדל שפעלץ, נאָר מען מיינט דערמיט דעם מין, א סך ווייץ און גערשטן און שפעלץ, און דעריבער איז ער מחויב צו ברענגען א קרבן, ווייל ער האָט געלייקנט א זאַך וואָס איז ווערט לפחות א פרוטה. אָבער ווען ער זאָל מאָנען איין קערנדל, וואָס האָט דאָך ניט די ווערט פון א פרוטה, וואָלט ער ניט מחויב געווען דריי קרבנות, ווייל יעדעס קערנדל פאַר זיך איז דאָך ניט ווערט קיין פרוטה.**

ד. אנסת, (אויב ראובן האָט געזאָגט צו שמעונען): „דו האָסט פאַרגוואַלדיקט אָדער פאַרפירט (און געלעבט מיט) מיין טאָכטער״, און ער (שמעון) האָט געזאָגט: „איך האָב ניט פאַרגוואַלדיקט און ניט פאַרפירט״, (און ראובן זאָגט צו אים): „איך באַשווער דיר״, און ער (שמעון) האָט געזאָגט: „אמן״, איז ער (שמעון) חייב. און ר׳ שמעון פטרט (זאָגט, אז ער איז פטור). **מיר האָבן שוין פריער פרק א׳ משנה ו׳ דערקלערט, אז דער דין איז, אז אויב איינער, שמעון, פאַרגוואַלדיקט (מאנס) אָדער פאַרפירט (מפתה געווען, צו גערעדט) א יינג מיידל, די טאָכטער פון ראובן, דאַרף שמעון באַצאָלן ראובנען „קנס״, א שטראָף 50 טאָלער (סלעים), און אויך בושת און פגם, וויפיל עס באַטרעפט דאָס פאַרשעמען דאָס מיידל און מאַכן דאָס מיידל ווינציקער ווערט. ביי „קנס״ איז דער דין אז אויב שמעון האָט זיך אליין מודה געווען, דאַרף ער פאַר דעם קנס ניט באַצאָלן; אָבער פאַר דעם בושת און פגם, וואָס איז געלט (ממונא), דאַרף ער באַצאָלן, אפילו ווען ער האָט זיך מודה געווען. דער דין איז אויב שמעון שווערט א פאַלשע פיקדון־שבועה ביי קנס איז ער פטור צו ברענגען דעם קרבן, ווייל ווען שמעון וויל איז ער זיך מודה און ער דאַרף דעם קנס ניט צאָלן. האַלטן די חכמים, אז מסתמא האָט דאָ ראובן געמאָנט ניט דעם קנס נאָר דעם בושת און פגם, ווייל עס איז ניט דער שטייגער פון איינעם צו מאָנען א זאַך וועגן וועלכער ער איז ני טזיכער, ווי קנס (וואָס אויב דער אנדערער איז זיך מודה צאָלט ער ניט). אין דער צייט ווען ער קאָן מאָנען א זיכערע זאַך. אָבער ר׳ שמעון האַלט, אז א מענטש וועט ניט מאָנען א זאַך וואָס איז ניט באַשטימט (ווי בושת ופגם וואָס מען דאַרף ערשט אָפּשאַצן וויפיל עס באַטרעפט) אין דער צייט ווען ער קאָן מאָנען א באַשטימטע זאַך, ווי קנס, וואָס באַטרעפט 50 סלעים; און דעריבער נעמט מען אָן אז ראובן האָט געמאָנט דעם קנס, און מחמת דעם איז שמעון פטור. די משנה גיט באַלד דעם דאָזיקן טעם פון ר׳ שמעון:** שאינו משלם, ווייל ער באַצאָלט ניט קיין קנס דורך זיך אליין. **ווייל אויב ער איז זיך אליין מודה איז ער פטור פון באַצאָלן קנס, אזוי ווי מיר האָבן דערקלערט.** אָמרו לו, האָבן זיי (די חכמים) צו אים (צו ר׳ שמעון) געזאָגט: כאָטש ער באַצאָלט ניט קיין קנס דורך זיך אליין, באַצאָלט ער אָבער פאַר פאַרשעמען און פאַר ווינציקער ווערט מאַכן (בושת און פגם) דורך זיך אליין. **און דעריבער הייסט עס אז ער האָט געלייקנט ניט קנס נאָר געלט, און ער איז חייב פאַר דער פאַלשער פיקדון־שבועה.**

ה. גנבת, (אויב ראובן האָט געזאָגט צו שמעונען): „דו האָסט געגנבעט מיין אָקס״, און ער (שמעון) זאָגט: „איך האָב ניט געגנבעט״, (און ראובן זאָגט צו אים):

חַיָּב. גָּנַבְתִּי אֲבָל לֹא טָבַחְתִּי וְלֹא מָכַרְתִּי. מַשְׁבִּיעֲךָ אֲנִי, וְאָמַר אָמֵן, פָּטוּר. הֵמִית שׁוֹרְךָ אֶת שׁוֹרִי, וְהוּא אוֹמֵר לֹא הֵמִית, מַשְׁבִּיעֲךָ אֲנִי וְאָמַר אָמֵן, חַיָּב. הֵמִית שׁוֹרְךָ אֶת עַבְדִּי וְהוּא אוֹמֵר לֹא הֵמִית, מַשְׁבִּיעֲךָ אֲנִי, וְאָמַר אָמֵן, פָּטוּר. אָמַר לוֹ, חָבַלְתָּ בִּי וְעָשִׂיתָ בִּי חַבּוּרָה, וְהוּא אוֹמֵר, לֹא חָבַלְתִּי וְלֹא עָשִׂיתִי בְךָ חַבּוּרָה, מַשְׁבִּיעֲךָ אֲנִי וְאָמַר אָמֵן, חַיָּב. אָמַר לוֹ עַבְדּוֹ, הִפַּלְתָּ אֶת שִׁנִּי, וְסִמִּיתָ אֶת עֵינִי, וְהוּא אוֹמֵר לֹא הִפַּלְתִּי, וְלֹא סִמִּיתִי, מַשְׁבִּיעֲךָ אֲנִי, וְאָמַר אָמֵן, פָּטוּר. זֶה הַכְּלָל כָּל הַמְשַׁלֵּם עַל פִּי עַצְמוֹ, חַיָּב, וְשֶׁאֵינוֹ מְשַׁלֵּם עַל פִּי עַצְמוֹ, פָּטוּר:

„איך באשווער דיך״, און ער (שמעון) האָט געזאָגט „אָמן״, איז ער חייב. **מחמת כאָטש פאר גנבענען באצאָלט דאָך שמעון טאָפּלט, כפל (זע פריער פּרק ד׳ משנה ו׳), למשל, אויב דער אָקס איז ווערט 100 גילדן, באצאָלט שמעון 200 גילדן, זענען דאָך די אנדערע 100 גילדן קנס, אָבער ווייל ער באצאָלט דאָך אויך דעם קרן, די ערשטע 100 גילדן, און דאָס איז דאָך ניט קיין קנס נאָר געלט, דאריבער הייסט עס אז שמעון האָט געשוואוירן א פאלשע פיקדון־שבועה אויף געלט, און ער איז חייב א קרבן.** גנבתי, (אויב שמעון האָט געזאָגט) „איך האָב געגענבעט, אָבער איך האָב (דעם אָקס) ניט געשאָכטן און ניט פארקויפט (און איך דארף נור צאָלן טאָפּלט אָבער ניט פינף מאָל אזוי פיל, חמשה), און ער (ראובן האָט צו אים געזאָגט): „איך באשווער דיך״, און ער (שמעון) האָט געזאָגט: „אָמן״, — איז ער (שמעון) פטור. **ווייל ער האָט דאָך געשוואוירן פאלש נאָר אויף דעם קנס, אויף די צוגאָב 4־מאָל אזוי פיל. זע פריער פּרק ד׳ משנה ו׳.** המית, (אויב ראובן זאָגט צו שמעונען): „דיין אָקס האָט געהרגעט מיין אָקס (און דו דארפסט מיר באצאָלן)״, און ער (שמעון) זאָגט: „ער האָט ניט געהרגעט״, (און ראובן זאָגט צו אים): „איך באשווער דיך״, און ער (שמעון) האָט געזאָגט: „אָמן״, איז ער (שמעון) חייב. **ווייל דאָס באצאָלן פאר דעם אָקס איז דאָך ניט קיין קנס נאָר געלט.** המית שורך את עבדי, (אויב ראובן זאָגט צו שמעונען) : „דיין אָקס האָט דערהרגעט מיין שקלאַף (און דו דארפסט מיר באצאָלן דערפאר דרייסיק סלעים, טאָלער״, ווי די תורה זאָגט אין שמות כ״א לב), און ער (שמעון) זאָגט: „ער האָט ניט געהרגעט״, און (ראובן זאָגט צו אים): „איך באשווער דיך״, און ער (שמעון) זאָגט: „אמן״, איז ער פטור. **מחמת די 30 סלעים דארף מען באצאָלן אפילו ווען דער שקלאַף איז ווערט געווען נור איין גילדן (א פירטל פון א סלע), דאריבער הייסט עס ניט געלט נאָר קנס, א שטראָף. זע כתובות פּרק ג׳ משנה ט׳.** אָמר לו, אויב ער (ראובן) האָט געזאָגט צו אים (צו שמעון): „דו האָסט מיר געגעבן א קלאַפּ (צעביילט) און מיר געמאכט א וואונד (חבורה)״, און ער (שמעון) זאָגט צו אים : „איך האָב דיר ניט צעביילט און ניט געמאכט קיין וואונד (און איך דארף דיר ניט באצאָלן דערפאר)״, און (ראובן זאָגט צו אים): „איך באשווער דיך״, און ער (שמעון) זאָגט: „אָמן״, איז ער (שמעון) חייב. **מחמת ווען מען פארוואונדעט איינעם דארף מען באצאָלן געלט, און עס איז ניט קיין קנס.** אָמר לו, אויב זיין (ראובנ׳ס) שקלאַף זאָגט צו אים (צו ראובנען) : דו האָסט מיר אויסגעהאקט מיין צאָן״, אָדער „דו האָסט מיר בלינד געמאכט מיין אויג״ (און איך דארף ווערן דאדורך פריי, אויס דיין שקלאַף״, ווי די תורה זאָגט אין שמות כ״א, כ״ו), און ער (ראובן) זאָגט: „איך האָב ניט אויסגעהאקט״, אָדער „איך האָב ניט בלינד געמאכט״, (און דער שקלאַף זאָגט צו ראובנען): „איך באשווער דיך״, און ער (ראובן) זאָגט: „אָמן״, איז ער (ראובן) פטור. **מחמת ביים דין אז אויב איינער האקט אויס דעם צאָן אָדער מאכט בלינד אן אויג פון זיין שקלאַף ווערט דער שקלאַף דאדורך פריי, איז דאָס פריי ווערן ניט קיין באצאָלונג פאר דעם צאָן צי דעם אויג, נאָר עס איז קנס, א שטראָף, און עס הייסט**

**א** שְׁבוּעַת הַדַּיָּנִין, הַטַּעֲנָה שְׁתֵּי כֶסֶף, וְהַהוֹדָאָה בְּשָׁוֶה פְרוּטָה, וְאִם אֵין הַהוֹדָאָה מִמִּין הַטַּעֲנָה, פָּטוּר. כֵּיצַד? שְׁתֵּי כֶסֶף לִי בְיָדְךָ. אֵין לְךָ בְּיָדִי אֶלָּא פְרוּטָה, פָּטוּר. שְׁתֵּי כֶסֶף וּפְרוּטָה לִי בְיָדְךָ, אֵין לְךָ בְּיָדִי אֶלָּא

**דאריבער אז ראובן האט געשוואוירן א פאלשע שבועה ניט אויף געלט נאר אויף קנס, און ער איז דאריבער פטור צו ברענגען דעם קרבן.**

## פרק ו.

א. שבועת הדיינין, די שבועה פון דיינים (אויב ראובן מאָנט ביי שמעונען געלט, און שמעון זאָגט, אז עס קומט אים ניט, און דאָס בית דין פסקנט, אז שמעון זאָל שווערן) איז ביי מאָנען (לפחות) צוויי זילבער־שטיק (שתי כסף, צוויי זילבערנע מעה־מטבעות) און דאָס לייקענען זאָל זיין (לפחות) די ווערט פון א פרוטה. **מיר האָבן די דאָזיקע משנה געהאט פריער אין בבא מציעא פרק ד׳ משנה ז׳, און מיר האָבן עס דאָרט דערקלערט. מיט „שבועת הדיינין" מיינט מען אזא שבועה, וואָס דאָס בית דין קאָן צופסקענען, אז אויב איינער, ראובן, מאָנט געלט ביי שמעונען און שמעון לייקנט און זאָגט אז עס קומט אים ניט, זאָל שמעון דארפן שווערן, אז עס קומט ניט ראובנען פון אים דאָס געמאָנטע געלט. לויט דעם דין פון דער תורה קומט א שבועה נאָר ביי א „מודה במקצת", ווען שמעון איז מודה אין אביסל; למשל אויב ראובן מאָנט ביי שמעונען 100 גילדן און שמעון איז מודה אז עס קומט אים 10 גילדן, אָבער די איבריקע 90 גילדן לייקנט ער, און ער זאָגט אז עס קומט אים ניט, דאַרף שמעון שווערן אז די 90 גילדן איז ער ניט שולדיק, און ער איז פטור צו באַצאָלן זיי. אויב אָבער שמעון לייקנט די גאנצע 100 גילדן, ער איז א כופר הכל, איז ער לויט דעם דין פון דער תורה, מדאורייתא, פטור פון שווערן. ערשט שפעטער, אין די צייטן פון די אמוראים אין בבל האָט מען מתקן געווען אז אויך א כופר הכל דאַרף שווערן. אָבער אין דער צייט פון דער משנה האָט נור א מודה במקצת געדאַרפן שווערן. לערנט דאָ די משנה אז די סומע געלט וואָס ווערט געמאָנט דורך ראובנען פון שמעונען מוז זיין ניט ווינציקער פון צוויי זילבערנע מעה־מטבעות, און שמעון מוז האָבן זיך מודה געווען ניט ווינציקער ווי א פרוטה. א דינר איז געווען 6 מעה־מטבעות, און א פרוטה איז געווען א 32סטל פון א מעה. דער ברטנורא זאָגט אז א מעה איז זילבער וויפיל עס וועגט 16 גערשטן. אויב ראובן האָט געמאָנט ווינציקער פון 2 מעות אָדער שמעון האָט מודה געווען ווינציקער פון א פרוטה, דאַרף שמעון ניט שווערן.** — ואם אין, און אויב דאָס מודה זיין זיך איז געווען ניט פון דעמזעלביקן מין וואָס דאָס מאָנען (ראובן האָט געמאָנט איין מין זאַך און שמעון האָט מודה געווען אז עס קומט אים אן אנדערע זאַך) איז ער (שמעון) פטור (פון דער שבועה). ווי אזוי? (אויב ראובן זאָגט צו אים): „מיר קומט ביי דיר (זילבער וויפיל עס וועגן) צוויי זילבער (־מעות), און (שמעון ענטפערט אים): „דיר קומט ביי מיר נור (קופער וויפיל עס וועגט) א פרוטה", איז ער (שמעון) פטור (פון שווערן). **מחמת ראובן טענהט, אז ער האָט שמעונען געגעבן זילבער, און שמעון זאָגט אז ער האָט באַקומען פון ראובנען קופער, און דאָס איז ניט דער מין וואָס ראובן האָט ביי אים געמאָנט. אויב אָבער ראובן טענהט אז ער האָט געגעבן שמעונען געלט 2 מעות, און שמעון זאָגט, אז ער האָט באַקומען געלט נור א פרוטה, דאַרף שמעון יאָ שווערן, ווייל דאָס הייסט מודה געווען אין זעלביקן מין, ווארים אלע מטבעות הייסן איין מין. אזוי טייטשן די משנה רשי און דער ברטנורא לויט איין דעה אין דער גמרא (פון שמואל).** שתי כסף, (אויב ראובן זאָגט צו אים) „מיר קומט ביי דיר (זילבער וויפיל עס וועגן) צוויי מעות, און (קופער וויפיל עס וועגט) א פרוטה" (און שמעון ענטפערט אים) : „דיר קומט ביי מיר נור (קופער וויפיל עס וועגט) א פרוטה", איז ער (שמעון) חייב (צו שווערן). **דאָס איז דער דין אז ווען ראובן מאָנט צוויי מינים און שמעון איז מודה אין איינעם פון די 2 מינים. דאַרף שמעון שווערן. דאָס איז דער**

פְּרוּטָה, חַיָּב. מָנֶה לִי בְיָדְךָ, אֵין לְךָ בְיָדִי, פָּטוּר. מָנֶה לִי בְיָדְךָ, אֵין לְךָ בְיָדִי אֶלָּא חֲמִשִּׁים דִּינָר, חַיָּב. מָנֶה לְאַבָּא בְיָדְךָ, אֵין לְךָ בְיָדִי אֶלָּא חֲמִשִּׁים דִּינָר, פָּטוּר. מִפְּנֵי שֶׁהוּא כְּמֵשִׁיב אֲבֵדָה: ב מָנֶה לִי בְיָדְךָ, אָמַר לוֹ (בִּפְנֵי עֵדִים) הֵן, לְמָחָר אָמַר לוֹ תְּנֵהוּ לִי, נְתַתִּיו לְךָ, פָּטוּר. אֵין לְךָ בְיָדִי, חַיָּב. מָנֶה לִי בְיָדְךָ, אָמַר לוֹ הֵן, אַל תִּתְּנֵהוּ לִי אֶלָּא בְעֵדִים, לְמָחָר אָמַר לוֹ, תְּנֵהוּ לִי, נְתַתִּיו לְךָ, חַיָּב, מִפְּנֵי שֶׁצָּרִיךְ לִתְּנוֹ (לוֹ) בְעֵדִים:

**כלל אין דער גמרא, אז „טענו חטין ושעורין והודה לו באחד מהם חייב, אויב ער מאָנט ביי אים ווייץ און גערשטן און ער איז מודה אין ווייץ צי גערשטן איז ער חייב".** מנה, (אויב ראובן זאָגט צו אים): „מיר קומט ביי דיר הונדערט גילדן", (און שמעון ענטפערט אים): דיר קומט ניט ביי מיר גאָרניט", איז ער פטור (פון שווערן)· **ווייל שמעון איז דאָך א כופר הכל, לייקנט אינגאנצן.** מנה, (אויב ראובן זאָגט צו אים): „מיר קומט ביי דיר הונדערט גילדן", (און שמעון ענטפערט אים): דיר קומט ביי מיר נור פופציק גילדן", איז ער (שמעון) חייב (צו שווערן). **ווייל ער איז דאָך א מודה במקצת, ער איז מודה אין א טייל.** מנה לאבא, (אויב ראובן זאָגט צו שמעון: „מיר דאכט זיך אז) מיין פאָטער קומט ביי דיר הונדערט גילדן (און אזוי ווי מיין פאָטער איז געשטאָרבן און איך בין דער יורש דארפסטו מיר באצאָלן)", און (שמעון ענטפערט): דיין פאָטער קומט ביי מיר נור פופציק גילדן", איז ער (שמעון) פטור (פון שווערן), ווייל עס הייסט ווי ער (שמעון) גיט צוריק (א פארלוירענע זאך) א אבידה. **די משנה אין גטין פרק ה' משנה ג' זאָגט, אז די חכמים האָבן מתקן געווען, אז שמעון געפינט ראובנס געלט, און גיט עס אים צוריק און ראובן טענהט אז עס איז געווען מער געלט, דארף שמעון ניט שווערן, כדי מענטשן זאָלן וועלן אָפּגעבן אבידות, גע־פינענע זאכן. און אזוי ווי דאָ טענהט דאָך ראובן „מיר דאכט זיך". דאריבער ווען שמעון איז מודה אז 50 גילדן קומט יאָ דעם פאָטער, הייסט עס ווי ער וואָלט אָפּ־געבן ראובנען א פארלוירענע זאך. אזוי טייטשט די גמרא די משנה, אז מען מיינט דאָ ביי א טענה פון „שמא", „מיר דאכט זיך".**

ב. מנה, (אויב ראובן האָט געזאָגט צו שמעון): „מיר קומט ביי דיר הונדערט גילדן", און ער (שמעון) האָט אים געענטפערט (פאר עדות) „יאָ", און צומאָרגנס האָט ער (ראובן) צו אים געזאָגט: גיב זיי (די הונדערט גילדן) מיר", (און שמעון זאָגט צו אים): איך האָב זיי דיר שוין אָפּגעגעבן", — איז ער פטור (פון א שבועה). **ווייל ער הייסט א כופר הכל; ווי מיר האָבן שוין פריער אין משנה א' דערקלערט האָט מען שפּעטער מתקן געווען אז אויך א כופר הכל דארף שווערן.** אין לך, (אויב שמעון האָט צומאָרגנס געזאָגט צו ראובנען): „דיר קומט גאָרניט ביי מיר", איז ער חייב. **ער דארף באצאָלן ראובנען די 100 גילדן, ווייל ער האָט זיך דאָך נעכטן מודה געווען פאר עדות· די גמרא זאָגט אז דאָס איז נור ווען ער האָט געזאָגט צו די עדות „אתם עדי", „איר זאָלט זיין עדות"; אויב ניט, קאָן שמעון טענה'ן „משטה אני בד", איך האָב פון דיר חוזק געמאכט ווען איך האָב דיר נעכטן געזאָגט אז עס קומט דיר ביי מיר די 100 גילדן. מיט „דיר קומט ביי מיר ניט" מיינט אז שמעון טענהט, אז „לא היה דברים מעולם", אז עס איז ראובנען אויך נעכטן ניט געקומען.** מנה לי, (אויב ראובן האָט געזאָגט צו שמעונען): „מיר קומט ביי דיר הונדערט גילדן", און ער (שמעון) האָט אים געזאָגט: „יאָ", (דערויף האָט ראובן צו אים גע־זאָגט): „זאָלסט זיי מיר געבן (באצאָלן) נאָר פאר עדות" און צומאָרגנס האָט ער (ראובן) צו אים געזאָגט: „גיב זיי מיר", (און שמעון האָט אים אָפּגעענטפערט): „איך האָב זיי דיר שוין געגעבן" (ניט פאר עדות), איז ער (שמעון) חייב (צו באצאָלן), ווייל ער האָט זיי אים געדארפן געבן פאר עדות. **און שמעון זאָגט ליגן.**

ג. לִטְרָא זָהָב יֵשׁ לִי בְיָדְךָ, אֵין לְךָ בְיָדִי אֶלָּא לִיטְרָא כֶסֶף, פָּטוּר. דִּינַר זָהָב יֵשׁ לִי בְיָדְךָ, אֵין לְךָ בְיָדִי אֶלָּא דִּינַר כֶּסֶף, וּטְרֵיסִית, וּפוּנְדְיוֹן, וּפְרוּטָה, חַיָּב, שֶׁהַכֹּל מִין מַטְבֵּעַ אֶחָת. כּוֹר תְּבוּאָה יֵשׁ לִי בְיָדְךָ, אֵין לְךָ בְיָדִי אֶלָּא לֶתֶךְ קִטְנִית, פָּטוּר. כּוֹר פֵּירוֹת יֵשׁ לִי בְיָדְךָ, אֵין לְךָ בְיָדִי אֶלָּא לֶתֶךְ קִטְנִית, חַיָּב, שֶׁהַקִּטְנִית בִּכְלַל פֵּירוֹת. טְעָנוֹ חִטִּין וְהוֹדָה לוֹ בִשְׂעוֹרִים פָּטוּר, וְרַבָּן גַּמְלִיאֵל מְחַיֵּב. הַטּוֹעֵן לַחֲבֵרוֹ בְּכַדֵּי שֶׁמֶן וְהוֹדָה לוֹ בְקַנְקַנִּים, אַדְמוֹן אוֹמֵר, הוֹאִיל וְהוֹדָה לוֹ מִקְצַת מִמִּין הַטַּעֲנָה יִשָּׁבַע. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים אֵין הַהוֹדָאָה מִמִּין הַטַּעֲנָה. אָמַר רַבָּן גַּמְלִיאֵל, רוֹאֶה אֲנִי אֶת דִּבְרֵי אַדְמוֹן, טְעָנוֹ כֵלִים וְקַרְקָעוֹת, וְהוֹדָה בְכֵלִים וְכָפַר בְּקַרְקָעוֹת, בְּקַרְקָעוֹת וְכָפַר

ג. ליטרא, (אויב ראובן האָט געזאָגט צו שמעון): „מיר קומט ביי דיר א פונט (ליטרא) גאָלד", (און ער האָט אים אָפּגעענטפערט): „עס קומט דיר ביי מיר נור א פונט זילבער", איז ער (שמעון) פטור (פון שווערן). **ווייל ער האָט אים מודה געווען ניט פון דעמזעלביקן מין, וואָס ער האָט אים געמאָנט, און מיר האָבן פריער אין משנה א' געלערנט, אז ער מוז מודה זיין פון זעלביקן מין.** — דינר. (אויב ראובן האָט צו אים געזאָגט): „מיר קומט ביי דיר א גאָלדענער גילדן", (און ער האָט אים אָפּגעענטפערט): „דיר קומט ביי מיר נור א זילבערנער גילדן (דינר) און א טריסית (אזא מטבע) און א פונדיון (אזא מטבע) און א פרוטה" — איז ער שמעון חייב (צו שווערן). **ווייל אלץ (זיי אלע) זענען איין מטבע. ווי מיר האָבן דערקלערט פריער אין משנה א' הייסן אלע מטבעות איין מין, און עס הייסט אז ער האָט אים מודה געווען פון זעלביקן מין, א גאָלדענער דינר איז געווען ווערט 25 זילבערנע דינרים. „טריסית" איז געווען א רוימישע מטבע „טרעסיס" און האָט געהאַט די ווערט ווי א אכטל פון א זילבערנעם דינר. „פונדיון" איז געווען די רוימישע מטבע „דיופאָנדיום", און האָט געהאַט די ווערט פון א צוועלפטל פון א זילבערנעם דינר.** כור. (אויב ראובן האָט געזאָגט צו אים): „מיר קומט ביי דיר א כור תבואה", (און ער האָט אים אָפּגעענטפערט): „דיר קומט ביי מיר נור א לתך (א האלבער כור) קטניות (ארבעס, באָבעס, ניט קיין תבואה)", איז ער (שמעון פטור (פון שווערן). **ווייל ער האָט אים מודה געווען ניט פון זעלביקן מין. „תבואה" מיינט ווייץ, גערשטן, האָבער, קאָרן און שפּעלץ (ארקיש).** כור פירות. (אויב ער האָט אים געזאָגט): „מיר קומט ביי דיר א כור פירות", (און ער האָט אים אָפּגעענטפערט): „דיר קומט ביי מיר נור א לתך (א האלבער כור) קטניות", איז ער חייב (צו שווערן), ווייל קטניות זענען אין כלל פון פירות". **מיט „פירות" האָט מען אָנגערופן אלע עסנווארג וואָס וואַקסן פון דער ערד. זע ברכות פרק ו' משנה א' („פירות האילן", „פירות הארץ").** — טענו. אויב ער (ראובן) האָט געמאָנט ביי אים (ביי שמעונען) ווייץ, און ער (שמעון) האָט מודה געווען (אז עס קומט ראובנען) גערשטן, איז ער פטור. **דאָס איז דער דין וואָס מיר האָבן פריער געלערנט, אז דאָס מודה זיין דארף זיין פון זעלביקן מין וואָס מען האָט געמאָנט.** ורבן. און רבן גמליאל איז מחייב. **ער האלט אז אפילו ווען שמעון איז מודה ניט פון זעלביקן מין דארף אויך שמעון שווערן.** הטוען. אז איינער (ראובן) מאָנט ביי אן אנדערן (ביי שמעונען) קרוגן אייל, און ער (שמעון) איז מודה אין די קרוגן (אז ער קומט ראובנען די קרוגן), זאָגט אדמון, אז ווייל ער האָט מודה געווען אין א טייל פון דער תביעה (פון דעם געמאָנטן), דארף ער (שמעון) שווערן; און די חכמים זאָגן, אז דאָס מודה זיין איז ניט געווען פון דעם מין פון דער תביעה; האָט רבן גמליאל געזאָגט: מיר געפעלן די ווערטער פון אדמון. **דעם פירוש צו דער דאָזיקער משנה האָבן מיר גע־געבן אין כתובות פרק י"ג משנה ה'.** טענו כלים, אויב ער (ראובן) האָט געמאָנט ביי אים (ביי שמעון) זאכן און פעלדער, און ער (שמעון) האָט מודה געווען אין די זאכן און געלייקנט די פעלדער, אָדער ער האָט מודה געווען אין די פעלדער און געלייקנט

בְּכֵלִים, פָּטוּר. הוֹדָה בְמִקְצָת הַקַּרְקָעוֹת, פָּטוּר. בְּמִקְצָת הַכֵּלִים, חַיָּב, שֶׁהַנְּכָסִים שֶׁאֵין לָהֶן אַחֲרָיוּת, זוֹקְקִין אֶת הַנְּכָסִים שֶׁיֵּשׁ לָהֶן אַחֲרָיוּת לִשָּׁבַע עֲלֵיהֶן: ד אֵין נִשְׁבָּעִין עַל טַעֲנַת חֵרֵשׁ שׁוֹטֶה וְקָטָן. וְאֵין מַשְׁבִּיעִין אֶת הַקָּטָן. אֲבָל נִשְׁבָּעִין לַקָּטָן וְלַהֶקְדֵּשׁ: ה וְאֵלּוּ דְבָרִים שֶׁאֵין נִשְׁבָּעִין עֲלֵיהֶם, הָעֲבָדִים, וְהַשְּׁטָרוֹת, וְהַקַּרְקָעוֹת וְהַהֶקְדֵּשׁוֹת.

אין די זאכן, איז ער פטור (פון שווערן). ווי מיר וועלן לערנען ווייטער אין משנה ה' קומט ניט קיין שבועה ווען די תביעה איז אויף פעלדער, קרקעות, אומבאוועגליכע פארמעגנס (פעלדער, הייזער וכדומה). דעריבער איז שמעון דאָ פטור ווייל כדי מען זאָל אים מחייב זיין צו שווערן דארף שמעון האָבן מודה געווען און געלייקנט אין זאכן, כלים, באוועגליכע זאכן, מטלטלין. הודה במקצת, אויב ער האָט מודה געווען אין א טייל פון די פעלדער, איז ער פטור. ווייל ער האָט דאָך מודה געווען נור אין פעלדער. במקצת הכלים, אויב ער האָט מודה געווען אין א טייל פון די זאכן איז ער חייב א שבועה (אויך אויף די פעלדער), ווייל פארמעגנס, וועלכע טראָגן ניט קיין פאראנטוואָרטליכקייט (מטלטלין, באוועגליכע פארמעגנס) ציען מיט זיך (זוקקין, מאכן אז אויך) פארמעגנס וועלכע טראָגן יאָ פאראנטוואָרטליכקייט (אומבאוועגליכע פארמעגנס) צו שווערן אויף זיי. זאכן, מטלטלין, הייסן „נכסים שאין להם אחריות“, „פארמעגן אָן פאראנטוואָרטליכקייט“, „אָן גאראנטיע“. מחמת אויב ראובנען קומט ביי שמעונען געלט אויף א וועקסל, און שמעון האָט געהאַט זאכן, למשל, קליידער, און ער האָט זיי פארקויפט, קאָן ראובן זיי ניט אָפּנעמען פון די קויפערס פאר זיין חוב. אָבער פעלדער און בכלל אומבאוועגליכע פארמעגנס (הייזער וכדומה) הייסן „נכסים שיש להן אחריות“, פארמעגנס מיט פאראנטוואָרטליכקייט“ „מיט גאַראנטיע“, מחמת ווען שמעון פארקויפט קאָן ראובן זיי אָפּנעמען פון די קויפערס פאר זיין חוב. זאָגט די משנה אז כאָטש ווען ראובן מאָנט פון שמעונען פעלדער און שמעון לייקענט די פעלדער דארף שמעון ניט שווערן, אָבער אויב ער מאָנט פעלדער און זאכן, און שמעון איז מודה אויף א טייל זאכן, דארף דאָך שמעון שווערן אויף דעם איבריקן טייל זאכן, וואָס ער האָט געלייקנט, דעריבער דארף ער שוין אויך שווערן אויף די פעלדער. „זוקקין“ מיינט זיי בינדן ־מיט, זיי ציען־מיט, זיי שלעפּן־מיט.

ד. אין, מען דארף ניט שווערן אויף דער תביעה פון (ווען עס מאָנט א) טויב־שטומער, א משוגענער און א יינג קינד (יינגער פון דרייצן יאָר מיט א טאָג). דער טעם איז ווייל די תורה אין שמות כ״ב זאָגט וועגן שבועה „כי יתן איש אל רעהו“, און אַ יינג קינד הייסט ניט קיין „איש“ און זיין „נתינה“, זיין געבן איז גאָר־ניט. און א טויב־שטומער און א משוגענער האָבן דעם דין ווי א יינג קינד. דער דין איז, אז א „שבועת היסת“, א שבועה מדרבנן גיט מען יאָ אויף דער תביעה פון א יינג קינד. ואין משביעין, און מען מאכט ניט שווערן (מען הייסט ניט שווערן) א יינג קינד; אָבער מען שווערט צו א יינג קינד און צו הקדש. אויב איינער מאָנט א חוב פון דעם פארמעגן וואָס געהערט צו א יינג קינד, אָדער אז איינער האָט מקדיש געווען זיין פארמעגן צום בית המקדש, און אַן אנדערער קומט און מאָנט א חוב פונם ערשטן און וויל אָפּנעמען זיין חוב פון דאָזיקן פארמעגן, דארף ער שווערן, אז עס קומט אים.

ה. ואלו דברים, און דאָס זענען זאכן, וועגן וועלכע מען שווערט ניט. אויב ראובן מאָנט ביי שמעונען די דאָזיקע זאכן, וואָס די משנה וועט באלד אויסרעכנען, און שמעון איז מודה אז א טייל פון זיי קומט ראובנען און א טייל ניט, דארף שמעון ניט שווערן. די זאכן זענען: העבדים, שקלאַפן, און וועקסלן, און ערד (פעלדער און הייזער) און הקדש־זאכן: און מ׳איז ניט מחויב צו באצאָלן פאר זיי (אויב איינער האָט זיי

אֵין בָּהֶן תַּשְׁלוּמֵי כֵפֶל, וְלֹא תַשְׁלוּמֵי אַרְבָּעָה וַחֲמִשָּׁה. שׁוֹמֵר חִנָּם אֵינוֹ נִשְׁבָּע, נוֹשֵׂא שָׂכָר אֵינוֹ מְשַׁלֵּם. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, קָדָשִׁים שֶׁחַיָּב בְּאַחֲרָיוּתָן נִשְׁבָּעִין עֲלֵיהֶן, וְשֶׁאֵינוֹ חַיָּב בְּאַחֲרָיוּתָן אֵין נִשְׁבָּעִין עֲלֵיהֶם:

ו רַבִּי מֵאִיר אוֹמֵר, יֵשׁ דְּבָרִים שֶׁהֵן כְּקַרְקַע וְאֵינָן כְּקַרְקַע. וְאֵין חֲכָמִים מוֹדִים לוֹ. כֵּיצַד? עֶשֶׂר גְּפָנִים טְעוּנוֹת מָסַרְתִּי לָךְ, וְהַלָּה אוֹמֵר אֵינָן אֶלָּא חָמֵשׁ, רַבִּי מֵאִיר מְחַיֵּב שְׁבוּעָה. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים כָּל הַמְחֻבָּר לַקַּרְקַע, הֲרֵי הוּא כְקַרְקַע. אֵין נִשְׁבָּעִין אֶלָּא עַל דָּבָר שֶׁבְּמִדָּה וְשֶׁבְּמִשְׁקָל וְשֶׁבְּמִנְיָן. כֵּיצַד? בַּיִת מָלֵא מָסַרְתִּי לָךְ, כִּיס מָלֵא מָסַרְתִּי לָךְ, וְהַלָּה אוֹמֵר,

געגנבעט) טאָפּלט (כפל) און ניט פיר־אָדער־פינף (ארבעה וחמשה), און א שומר חנם (א היטער בחנם) דארף (וועגן זיי) ניט שווערן און א שומר שכר (א היטער פאר געלט) דארף ניט באצאָלן (אויב נוען האָט זיי פון די שומרים אוועקגעגנבעט). **די דאָזיקע משנה און די טעמים דערפון האָבן מיר דערקלערט פריער אין בבא מציעא פרק ד׳ משנה ט׳.** ר׳ שמעון זאָגט, אז קדשים (הקדש־זאכן) וואָס ער איז חייב אין זייער פאראנטוואָרטליכקייט (ער איז פאראנטוואָרטליך פאר זיי, און אויב זיי ווערן צוגעגנבעט דארף ער געבן צו הקדש אנדערע זאכן), שווערט מען וועגן זיי, און (הקדש־זאכן) וואָס ער איז ניט חייב אין זייער פאראנטוואָרטליכקייט (ער איז ניט פאראנטוואָרטליך פאר זיי) שווערט מען ניט וועגן זיי. **אויך די ווערטער פון ר׳ שמעון האָבן מיר דערקלערט פריער אין בבא מציעא פרק ד׳ משנה ט׳.**

ו. ר׳מאיר זאָגט, אז עס זענען פאראן זאכן וועלכע זענען אזוי ווי ערד אָבער זיי זענען ניט אזוי ווי ערד (און מען דארף שווערן וועגן זיי); און די חכמים זענען ניט מודה צו אים (צו ר׳ מאיר). **זיי האלטן אז מען דארף שווערן וועגן אזעלכע זאכן.** כיצד, ווי אזוי ? (וואָס זענען די דאָזיקע זאכן)? עשר גפנים, אויב ראובן זאָגט צו שמעון) איך האָב דיר איבערגעגעבן (כדי מיר דערנאָך אָפּצוגעבן) צען אָנגעלאָדענע וויינשטאָקן (טעונות, מיט ווינטרויבן אויף די ווינשטאָקן, אויף די ביימער)״, און דער דאָזיקער (שמעון) זאָגט, אז זיי זענען געווען ניט מער ווי פינף (ער איז מודה אז ער האָט באקומען פינף, און ער לייקנט אין די אנדערע פינף), איז ר׳ מאיר מחייב צו שווערן (ער זאָגט, אז שמעון דארף שווערן), און די חכמים זאָגן, אז יעדע זאך וואָס איז באהאפטן צו דער ערד האָט דעם דין ווי די ערד. **די מחלוקה איז וועגן די ווינטרויבן, וועלכע זענען שוין צייטיק און מען וועט זיי דאָך באלד אָפּשניידן און זיי וועלן דאָך ניט זיין מער באהאפטן צו דער ערד. ר׳ מאיר האלט, אז אזעלכע ווינטרויבן הייסן שוין ווי אָפּגעשניטענע („ענבים העומדות ליבצר כבצורות דמיין״) און זיי זיינען ניט ווי ערד און מען דארף שווערן וועגן זיי; און די חכמים האלטן, אז זיי זענען ניט ווי אפּגעשניטענע און מען דארף ניט שווערן וועגן זיי. דער ברטנורא ברענגט דאָ, אז דאָס איז נור ווען ער האָט זיי אים געגעבן צום היטן (ביי שומרים), אָבער ווען די טענה איז ביים פארקויפן זיי, ביי מקח וממכר, הייסן אזעלכע וויינ־טרויבן ניט ווי ערד און מען דארף שווערן וועגן זיי** אין נשבעין, מען שווערט ניט סיידן וועגן א זאך וואָס איז געמאָסטן, אָדער געוואויגן אָדער געציילט;; ווי אזוי? (וואָס מיינט מען דערמיט) ? **און די משנה גיט באלד א ביישפּיל דערצו:** בית, (אויב ראובן זאָגט צו שמעון): „איך האָב דיר איבערגעגעבן א פול הויז (מיט זאכן, למשל מיט פרוכטן)״ אָדער : „א פולן בייטל (מיט געלט) האָב איך דיר איבערגעגעבן״, און דער דאָזיקער (שמעון) זאָגט: „איך ווייס ניט (צי עס איז געווען א פול הויז, צי ניט פול), וואָס דו האָסט איבערגעלאָזט (וואָס דו האָסט מיר געגעבן) דאָס נעם״, איז ער (שמעון) פטור (פון שווערן). **ווייל ער האָט דאָך אים ניט מודה געווען לויט א מאָס, אָדער לויט א וואָג אָדער לויט א צאָל. ער האָט אים געזאָגט סתם, וויפיל עס איז**

אֵינִי יוֹדֵעַ, אֶלָּא מַה שֶּׁהִנַּחְתָּ אַתָּה נוֹטֵל, פָּטוּר. זֶה אוֹמֵר עַד הַזִּיז, וְזֶה אוֹמֵר עַד הַחַלּוֹן, חַיָּב: ז הַמַּלְוֶה אֶת חֲבֵרוֹ עַל הַמַּשְׁכּוֹן וְאָבַד הַמַּשְׁכּוֹן. אָמַר לוֹ, סֶלַע הִלְוִיתִיךָ עָלָיו, וְשֶׁקֶל הָיָה שָׁוֶה. וְהַלָּה אוֹמֵר לֹא כִי, אֶלָּא סֶלַע הִלְוִיתַנִי עָלָיו, וְסֶלַע הָיָה שָׁוֶה, פָּטוּר. סֶלַע הִלְוִיתִיךָ עָלָיו וְשֶׁקֶל הָיָה שָׁוֶה, וְהַלָּה אוֹמֵר לֹא כִי, אֶלָּא סֶלַע הִלְוִיתַנִי עָלָיו וּשְׁלֹשָׁה דִינָרִים הָיָה שָׁוֶה, חַיָּב. סֶלַע הִלְוִיתַנִי עָלָיו וּשְׁתַּיִם הָיָה שָׁוֶה, וְהַלָּה אוֹמֵר לֹא כִי אֶלָּא סֶלַע הִלְוִיתִיךָ עָלָיו וְסֶלַע הָיָה שָׁוֶה, פָּטוּר. סֶלַע הִלְוִיתַנִי עָלָיו וּשְׁתַּיִם

**פאראן, אזוי פיל איז דיינס.** זה, (אָבער) אויב דער דאַזיקער (ראובן) זאָגט (אז עס איז געווען (אין הויז פרוכטן) ביז צום גזשימס (זיז, ביז דעם שטיקל באלקן וואָס שטעקט ארויס פון הויז אין דרויסן ארויס), און דער דאַזיקער (שמעון) זאָגט אז עס איז געווען ביז צום פענסטער, איז ער (שמעון) מחויב (צו שווערן). **ווייל ער האָט דאָך אים מודה געווען לויט א מאָס, ביז צום פענסטער.**

ז. המלוה, אז איינער (ראובן) באָרגט דעם אנדערן (שמעונען) אויף א משכון (שמעון האָט געגעבן ראובנען א זאַך א משכון) און דער משכון איז פארלוירן געוואָרן: **און ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין בבא מציעא פרק ו׳ משנה ז׳ האָט ראובן דעם דין פון א שומר שכר** (א היטער פאר באלוינונג) **אויף דעם משכון און אויב דער משכון ווערט פארלוירן דארף ראובן באצאָלן שמעונען וויפיל ער איז ווערט געווען.** אָמר לו, האָט ער (ראובן) געזאָגט צו אים (צו שמעונען): „איך האָב דיר געבאָרגט אויף אים א סלע, און ער (דער משכון) איז ווערט געווען (נור) א שקל (א האלבער סלע, און מיר קומט דאריבער פון דיר דער אונטערשיד, א האלבער סלע)״, און דער דאַזיקער (שמעון) זאָגט: „עס איז ניט אזוי, נאָר דו האָסט מיר געבאָרגט אויף אים א סלע און ער (דער משכון) איז ווערט געווען א סלע (און דאריבער קומט דיר גאָרניט מער)״ — איז ער (שמעון) פטור (פון שווערן). **ווייל ער איז א כופר הכל, ער לייקנט אינגאנצן, ער טענהט, אז עס קומט ראובנען גאָרניט, און ווי מיר האָבן געלערנט פריער איז א כופר הכל פטור פון א שבועה. כדי צו פארשטיין די משנה און אויך די ווייטערדיקע ווערטער פון דער משנה דארף מען וויסן, אז א סלע האָט 2 שקלים, און א שקל האָט 2 דינר־מטבעות, און ממילא האָט א סלע 4 דינר־מטבעות** (דינרים). **דאָס וואָרט „לא כי״, איז ווי „לא כן״, „ניט אזוי״.** סלע הלוי־תיך, (אויב ראובן טענהט): „איך האָב דיר געבאָרגט אויף אים א סלע, און ער (דער משכון איז ווערט געווען (נור) א שקל (און מיר קומט דאריבער ביי דיר א שקל)״, און דער דאַזיקער (שמעון) זאָגט: „עס איז ניט אזוי, נאָר דו האָסט מיר געבאָרגט אויף אים א סלע, און ער איז ווערט געווען דריי דינרים (און דיר קומט דאריבער ניט א שקל, צוויי דינרים, נאָר איין דינר)״, איז ער (שמעון) מחויב (צו שווערן). **ווייל ער איז דאָך א „מודה במקצת״, ער איז מודה אז „אביסל״ (איין דינר) קומט יאָ ראוב־נען, און מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה א׳ אז א מודה במקצת איז מחוייב צו שווערן.** סלע, (אויב עס איז פארקערט, שמעון טענהט גאָר צו ראובנען): „דו האָסט מיר געבאָרגט אויף אים א סלע, און ער איז ווערט געווען צוויי (סלעים, און מיר קומט דאריבער ביי דיר דער אונטערשיד, א סלע)״, און דער דאַזיקער (ראובן) זאָגט: „עס איז ניט אזוי, נאָר איך האָב דיר געבאָרגט א סלע, און ער (דער משכון) איז ווערט געווען (ניט מער ווי) א סלע (און דיר קומט דאריבער גאָרניט)״, איז ער פטור (פון שווערן). **ווייל ער לייקנט אינגאנצן, ער זאָגט אז עס קומט שמעונען גאָרניט: ער איז א כופר הכל.** סלע הלויתני, (אויב שמעון זאָגט): „דו האָסט מיר גע־באָרגט אויף אים א סלע, און ער איז ווערט געווען צוויי (סלעים, און מיר קומט דא־ריבער ביי דיר א סלע)״, און דער דאַזיקער (ראובן) זאָגט: „עס איז ניט אזוי, נאָר איך האָב דיר געבאָרגט אויף אים א סלע, און ער (דער משכון) איז ווערט געווען פינף

הָיָה שָׁוֶה, וְהַלָּה אוֹמֵר לֹא כִי, אֶלָּא סֶלַע הִלְוִיתִיךָ עָלָיו וַחֲמִשָּׁה דִינָרִים הָיָה שָׁוֶה, חַיָּב. וּמִי נִשְׁבָּע? מִי שֶׁהַפִּקָּדוֹן אֶצְלוֹ. שֶׁמָּא יִשָּׁבַע זֶה וְיוֹצִיא הַלָּה אֶת הַפִּקָּדוֹן:

# פרק ז.

**א** כָּל הַנִּשְׁבָּעִין שֶׁבַּתּוֹרָה נִשְׁבָּעִין וְלֹא מְשַׁלְּמִין. וְאֵלּוּ נִשְׁבָּעִים וְנוֹטְלִין. הַשָּׂכִיר, וְהַנִּגְזָל, וְהַנֶּחְבָּל, וְשֶׁכְּנֶגְדּוֹ חָשׁוּד עַל הַשְּׁבוּעָה, וְהַחֶנְוָנִי עַל פִּנְקָסוֹ. הַשָּׂכִיר כֵּיצַד? אָמַר לוֹ, תֵּן לִי שְׂכָרִי שֶׁיֵּשׁ לִי בְיָדְךָ, הוּא אוֹמֵר

דינרים (און דיר קומט ניט מער ווי איין דינר)״, איז ער (ראובן) מחויב (צו שווערן)״. **ווייל ער איז דאָך א מודה במקצת, די גמרא זאָגט, אז אין פריערדיקן פאל, ווען שמעון איז מודה אז ראובנען קומט א דינר און שמעון דאַרף שווערן, אז עס קומט ראובנען ניט מער ווי דער דינר, דאַרף אָבער אויך ראובן שווערן אז דער משכון איז געוואָרן פארלוירן, אז ער האָט אים ניט. דאָס הייסט די „שבועה שאינו ברשותו״, אז ער האָט ניט דעם משכון. ווייל עס קאָן זיין, אז ראובנען איז געפעלן געוואָרן די משכון־זאַך** (עיניו נתן בו) **און ער וויל דעם משכון פארהאַלטן פאר זיך און ער טענהט די פאלשע טענה אז ער האָט אים פארלוירן. איצט פרעגט די משנה** (לויט דעם פשט אין דער **גמרא): ומי נשבע, און ווער שווערט** (צום ערשטן) ? **צי ראובן דאַרף צוערשט שווערן אז ער האָט ניט דעם משכון, צי שמעון דאַרף צוערשט שווערן, אז ראובנען קומט ביי אים ניט מער ווי איין דינר? מי,** (עס דאַרף שווערן צוערשט) דער ביי וועמען דער פיקדון (דער משכון איז (געווען) ביי אים (דאָס הייסט, ראובן), ווייל טאָמער וועט דער (שמעון) שווערן (צוערשט, אז דער משכון איז ווערט געווען דריי דינרים) און (דערנאָך) וועט דער דאָזיקער (ראובן) ארויסברענגען דעם פיקדון (דעם משכון). **און ער וועט ווייזן אז שמעון האָט פאלש געשוואוירן, און גאָטס נאָמען וועט ווערן פארשוועכט, עס וועט זיין א חילול השם** (אזוי טייטשט דער רי״ף). **אָבער ווען ראובן שווערט צוערשט אז ער האָט ניט דעם משכון, וועט ער אים דערנאָך ניט מער ווייזן.**

## פרק ז.

א. כל הנשבעין, אלע מענטשן, וועלכע שווערן (לויט דעם דין) פון דער תורה (ווייל די תורה זאָגט, אז זיי דאַרפן שווערן), שווערן זיי און זיי באַצאָלן ניט. **עס זענען פאראַן משפטים, ווען איינער, למשל, ראובן, מאָנט ביי א צווייטן ביי שמעונען געלט, און די תורה זאָגט אז מען דאַרף שווערן. זאָגט די משנה אַז אין די אַלע דאָזיקע משפטים שווערט דער מענטש, ביי וועמען מען מאָנט געלט, שמעון, און דורך דער שבועה ווערט ער פטור צו באַצאָלן דאָס געלט. אָבער עס איז ניט פאראַן קיין איין פאַל, ווען די תורה זאָל זאָגן, אז דער מאָנער, ראובן, זאָל שווערן און ער זאָל קריגן דאָס געלט ביי שמעון. אָבער ביי שבועות, וואָס ניט די תורה האָט געהייסן, נאָר די רבנן, די חכמים, האָבן זיי מתקן געווען זענען פאראַן טייל פאלן, ווען דער מאָנער, ראובן, שווערט און נעמט געלט. און דאָס זאָגט די משנה:** ואלו, און די דאָזיקע (מענטשן, וועלכע די חכמים האָבן געהייסן שווערן), שווערן זיי און זיי נעמען געלט. (דאָס זענען): א געדונגענער ארבייטער (השכיר), און א באַגזלטער (א מענטש ביי וועמען מען האָט צוגעגזלט זאַכן), א פארוואונדעטער (א מענטש, וועמען אַן אנדע־רער האָט צעשלאָגן) און איינער וואָס זיין געגנער (שכנגדו, דער מענטש ביי וועמען ער מאָנט געלט) איז חשוד (פארדעכטיקט) צו שווערן (פאלש), און א קרעמער אויף זיין האַנדלס־בוך (פנקסו). **די משנה וועט באַלד דערקלערן בפרטות יעדן איינעם פון די דאָזיקע פאלן.** השכיר כיצד, וואָס מיינט א געדונגענער ארבייטער ? אויב ער (דער ארבייטער) זאָגט צו אים (צום בעל הבית): „גיב מיר מיין לוין וואָס עס קומט מיר ביי דיר (פאר מיין ארבייט)״, און ער (דער בעל הבית) זאָגט: „איך האָב (דיר) שוין

נָתַתִּי. וְהַלָּה אוֹמֵר לֹא נָטַלְתִּי, הוּא נִשְׁבָּע וְנוֹטֵל. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, עַד שֶׁתְּהֵא שָׁם מִקְצָת הוֹדָאָה. כֵּיצַד? אָמַר לוֹ, תֶּן לִי שְׂכָרִי חֲמִשִּׁים דִּינָר שֶׁיֵּשׁ לִי בְיָדֶךָ. וְהוּא אוֹמֵר, הִתְקַבַּלְתָּ דִּינַר זָהָב: ב הַנִּגְזָל כֵּיצַד? הָיוּ מְעִידִין אוֹתוֹ שֶׁנִּכְנַס לְבֵיתוֹ לְמַשְׁכְּנוֹ שֶׁלֹּא בִרְשׁוּת. הוּא אוֹמֵר, כֵּלַי נָטַלְתָּ, וְהוּא אוֹמֵר לֹא נָטַלְתִּי, (הֲרֵי זֶה) נִשְׁבָּע וְנוֹטֵל. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, עַד שֶׁתְּהֵא שָׁם מִקְצָת הוֹדָאָה. כֵּיצַד? אָמַר לוֹ שְׁנֵי כֵלִים נָטַלְתָּ, וְהוּא אוֹמֵר לֹא נָטַלְתִּי אֶלָּא אֶחָד: ג הַנֶּחְבָּל כֵּיצַד? הָיוּ מְעִידִים אוֹתוֹ שֶׁנִּכְנַס תַּחַת יָדוֹ שָׁלֵם וְיָצָא חָבוּל, וְאָמַר לוֹ, חָבַלְתָּ בִּי. וְהוּא אוֹמֵר לֹא חָבַלְתִּי.

געגעבן״, און דער דאָזיקער (דער ארבייטער) זאָגט: „איך האָב נישט באקומען״, שווערט ער (דער ארבייטער אז ער האָט נאָכניט באקומען) און ער נעמט. **און דער בעל הבית דארף אים באצאָלן זיין ארבייטס־לוין. ווייל מען נעמט אָן, אז דער בעל הבית איז פארנומען מיט זיינע ארבייטער, און ער געדענקט ניט גענוי צי ער האָט שוין באצאָלט** (בעל הבית טרוד בפועליו). **די משנה אין בבא מציעא פרק ט׳ משנה י״ב זאָגט, אז דאָס איז נור ווען דער ארבייטער מאָנט אין דער צייט (בזמנו), דאָס הייסט, א טאָג־ארבייטער אין פארלויף פון דער נאכט דערנאָך, און א נאכט־ארבייטער אין פארלויף פון מאָרגנדיקן טאָג** (זע בבא מציעא פרק ט׳ משנה יא), **אָבער אויב ער מאָנט נאָך דער צייט, שווערט דער בעל הבית אז ער האָט שוין געגעבן, און ער איז פטור.** ר׳ יהודה זאָגט, (אז דער ארבייטער שווערט און נעמט באצאָלט) נאָר ווען עס איז דאָרט פאראן דאָס מודה זיין זיך אויף אביסל (ווען דער בעל הבית איז זיך מודה אז אביסל איז ער אים יאָ שולדיק); ווי אזוי? אויב ער (דער ארבייטער) האָט אים געזאָגט: „גיב מיר מיין לוין פופציק (זילבערנע) גילדן, וואָס עס קומט מיר ביי דיר״, און ער (דער בעל הבית) זאָגט: דו האָסט שוין אָפּגענומען א גאָלדענעם גילדן״. **איין גאָלדענער גילדן איז ווערט געווען 25 זילבערנע גילדן, דער בעל הבית איז דאריבער מודה, אז 25 זילבערנע גילדן קומט נאָך דעם ארבייטער. אָבער אויב דער בעל הבית איז גאָרניט מודה איז דער בעל הבית פטור צו באצאָלן.**

ב. הנגזל, וואָס מיינט מען מיט „א באגזלטער״? אויב מען האָט (מענטשן האָבן) עדות געזאָגט וועגן אים (וועגן שמעונען), אז ער איז אריינגעגאנגען אין זיין (ראובנ׳ס) הויז כדי צו נעמען ביי אים אָן דערלויבניש א משכון (פאר א חוב וואָס שמעונען קומט ביי ראובנען). ער (ראובן) זאָגט (צו שמעונען): „דו האָסט ביי מיר גענומען א זאך (א כלי)״, און ער (שמעון) זאָגט: „איך האָב ניט גענומען״, זאָל ער (ראובן) שווערן (וויפיל שמעון האָט גענומען) און קריגט באצאָלט (פאר דער זאך וואָס שמעון האָט גענומען אָן דערלויבניש). **די גמרא זאָגט, אז די עדות האָבן געזען אז ווען שמעון איז אריינגעגאנגען האָט ער גאָרניט געטראָגן און ווען ער איז ארויס־געגאנגען האָט ער געטראָגן א זאך אונטער זיין מאנטל.** ר׳ יהודה זאָגט, אז דאָס (וואָס ראובן שווערט און נעמט באצאָלט) איז נור ווען ער (שמעון) איז זיך מודה אין אביסל. ווי אזוי? אויב ער (ראובן) האָט צו אים (צו שמעונען) געזאָגט: „דו האָסט גענומען צוויי זאכן״ און ער (שמעון) זאָגט צו אים: „איך האָב גענומען ניט מער ווי איין זאך״, **און ווייל שמעון איז זיך מודה אז איין זאך האָט ער יאָ גענומען, דאריבער שווערט ראובן און קריגט באצאָלט. אָבער אויב שמעון לייקענט אינגאנצן איז ער פטור.**

ג. הנחבל, וואָס מיינט מען מיט „א צעשלאָגענער״? אויב מען האָט (מענטשן האָבן) עדות געזאָגט וועגן אים (וועגן ראובנען אז ער איז אריינגעגאנגען צו אים (תחת ידו, אונטער זיין האנט, צו אים, צו שמעונען) א גאנצער, און ער איז ארויסגעגאנגען (פון אים) א צעשלאָגענער (חבול, א צעביילטער), און ער (ראובן) האָט געזאָגט צו אים (צו שמעונען): „דו האָסט מיר צעשלאָגן״, און ער (שמעון) זאָגט: „איך האָב (דיך)

הֲרֵי זֶה נִשְׁבָּע וְנוֹטֵל. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר עַד שֶׁתְּהֵא שָׁם מִקְצַת הוֹדָאָה. כֵּיצַד? אָמַר לוֹ חָבַלְתָּ בִּי שְׁתַּיִם. וְהַלָּה אוֹמֵר, לֹא חָבַלְתִּי בְךָ אֶלָּא אַחַת: ד וְשֶׁכְּנֶגְדּוֹ חָשׁוּד עַל הַשְּׁבוּעָה. כֵּיצַד? אַחַת שְׁבוּעַת הָעֵדוּת וְאַחַת שְׁבוּעַת הַפִּקָּדוֹן, וַאֲפִלּוּ שְׁבוּעַת שָׁוְא. הָיָה אֶחָד מֵהֶן מְשַׂחֵק בְּקוּבְיָא וּמַלְוֶה בְּרִבִּית, וּמַפְרִיחֵי יוֹנִים, וְסוֹחֲרֵי שְׁבִיעִית, שֶׁכְּנֶגְדּוֹ נִשְׁבָּע וְנוֹטֵל. הָיוּ שְׁנֵיהֶן חֲשׁוּדִין, חָזְרָה שְׁבוּעָה לִמְקוֹמָהּ, דִּבְרֵי רַבִּי יוֹסֵי. רַבִּי מֵאִיר

ניט צעשלאָגן", זאָל ער (ראובן) שווערן( אז ער האָט אים צעשלאָגן) און ער נעמט באַצאָלט (פאַר דער וואונד וואָס שמעון האָט אים געמאַכט). **דאָס איז נור ווען די וואונד איז אין אזא אָרט וואָס מען קאָן זאָגן, אז ראובן האָט זיך אליין צעקלאַפּט. אָבער אויב למשל ער איז ארויסגעגאנגען מיט א ביס אין רוקן, און קיין אנדערער מענטש, אויסער שמעון, איז ניט געווען אין שטוב, דאַרף ראובן ניט שווערן, נאָר ער קריגט באַצאָלט אָן א שבועה.** ר' יהודה זאָגט, אז (דאָס וואָס ראובן שווערט און נעמט באַצאָלט) איז נור ווען ער (שמעון) איז זיך מודה אין אביסל; ווי אזוי? אויב ער (ראובן) האָט צו אים (צו שמעונען) געזאָגט: „דו האָסט מיר געמאַכט צוויי וואונדן", און ער (שמעון) זאָגט: „איך האָב דיר געמאַכט ניט מער ווי איין וואונד". **נור אין אזא פאַל האַלט ר' יהודה אז ראובן שווערט און נעמט באַצאָלט. אָבער אויב שמעון איז גאָרניט מודה, איז ער פטור צו באַצאָלן.**

ד. ושכנגדו, וואָס מיינט מען מיט „און ווען דער געגנער (שמעון, ביי וועמען ראובן מאָנט געלט) איז חשוד (פאַרדעכטיקט) צו שווערן (פאַלש)"? סיי ער (שמעון) האָט אמאָל געשוואוירן א פאַלשע עדות־שבועה, און סיי ער האָט אמאָל געשוואוירן א פאַלשע פּיקדון־שבועה, און אפילו נור אן אומזיסטע־שבועה (שבועת שוא). **אויב עס איז געווען אמאָל איינער פון די אַלע פאַלן איז דער דין אז שמעון איז מער ניט באַגלויבט צו שווערן, און אויב ראובן מאָנט ביי אים געלט און שמעון איז זיך מודה אין אביסל (א מודה במקצת), זאָגט מען ניט, אז שמעון זאָל שווערן און זיין פּטור צו באַצאָלן, נאָר ראובן שווערט און קריגט באַצאָלט. וועגן „שבועת שוא" זע פריער פרק ג' משנה י"א; וועגן עדות־שבועה זע פריער פרק ד. משנה א', וועגן פּיקדון־שבועה זע פריער פרק ה' משנה א'.** היה אחד, אויב איינער פון זיי (שמעון, ביי וועמען ראובן מאָנט געלט) איז א שפּילער אין ביינדלעך (משחק בקוביא), אָדער א באַרגער אויף פּראָצענט (מלוה ברבית), אָדער שפּילער אין טויבן־יאָגעריי, אָדער הענדלער מיט שמיטה־פּרוכטן (דאָס הייסט מענטשן, וועלכע טאָן די דאָזיקע עבירות), איז זיין געגנער (דער געלט־מאָנער, ראובן) שווערט און נעמט באַצאָלט. **ווייל מען האַלט אז די דאָזיקע וועלכע טאָן עבירות כדי צו פאַרדינען געלט, וועלן אויך שווערן פאַלש צוליב געלט. וועגן די דאָזיקע עבירות־טוער זע פריער אין סנהדרין פרק ג' משנה ג'.** היו שניהן, אויב זיי ביידע (ראובן דער געלט־מאָנער און שמעון ביי וועמען ראובן מאָנט דאָס געלט) זענען חשוד (פאַרדעכטיקט) צו שווערן (פאַלש), גייט צוריק די שבועה צו איר אָרט, אזוי זאָגט ר' יוסי. **עס זיינען פאַראַן דאַרויף צוויי טייטשן, איינער איז, אז די שבועה גייט צוריק „צום באַרג סיני", דאָס הייסט, צו גאָט, וועלכער האָט אויפן באַרג סיני באַשוואוירן די יידן „לא תגזול", ניט צו גזלענען, און ווייל קיינער קאָן דאָ ניט שווערן, איז דער מאָנער פּטור צו באַצאָלן. אן אנדערער טייטש איז, אז די שבועה גייט צוריק צו שמעונען, און ער דאַרף שווערן, און אזוי ווי ער קאָן דאָך ניט שווערן, ווייל ער איז דאָך חשוד צו שווערן פאַלש, דעריבער דאַרף שמעון באַצאָלן (מתוך שאינו יכול לישבע, משלם).** ר' מאיר זאָגט, אז זיי זאָלן זיך צעטיילן, **שמעון זאָל באַצאָלן ראובנען א העלפט פון געלט.**

**אוֹמֵר יַחֲלוֹקוּ: ה וְהַחֶנְוָנִי עַל פִּנְקְסוֹ כֵּיצַד? לֹא שֶׁיֹּאמַר לוֹ כָּתוּב עַל פִּנְקָסִי שֶׁאַתָּה חַיָּב לִי מָאתַיִם זוּז, אֶלָּא אוֹמֵר לוֹ, תֵּן לִבְנִי סָאתַיִם חִטִּין, תֵּן לְפוֹעֲלַי בְּסֶלַע מָעוֹת, הוּא אוֹמֵר נָתַתִּי, וְהֵן אוֹמְרִים לֹא נָטַלְנוּ, (שְׁנֵיהֶם נִשְׁבָּעִין) הוּא נִשְׁבַּע וְנוֹטֵל, וְהֵן נִשְׁבָּעִין וְנוֹטְלִין. אָמַר בֶּן נַנָּס כֵּיצַד אֵלּוּ (בָּאִין לִידֵי שְׁבוּעַת שָׁוְא) וְאֵלּוּ בָּאִין לִידֵי שְׁבוּעַת שָׁוְא, אֶלָּא הוּא נוֹטֵל שֶׁלֹּא בִשְׁבוּעָה וְהֵן נוֹטְלִין שֶׁלֹּא בִשְׁבוּעָה: ו אָמַר לַחֶנְוָנִי, תֵּן לִי בְדִינָר פֵּירוֹת, וְנָתַן לוֹ אָמַר לוֹ תֵּן לִי אֶת הַדִּינָר, אָמַר לוֹ נְתַתִּיו לָךְ, וּנְתַתּוֹ בְּאוּנְפָּלִי, יִשָּׁבַע בַּעַל הַבַּיִת. נָתַן לוֹ אֶת הַדִּינָר, אָמַר לוֹ תֵּן לִי אֶת הַפֵּירוֹת, אָמַר לוֹ נְתַתִּים לָךְ וְהוֹלַכְתָּן לְתוֹךְ בֵּיתְךָ, יִשָּׁבַע חֶנְוָנִי. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, כָּל**

ה. והחנוני, וואָס מיינט מען מיט „און דער קרעמער אויף זיין האנדלס־בוך״? (מען מיינט) ניט, אז ער (דער קרעמער, ראובן) זאָגט צו אים (צו שמעונען): „עס איז פאַרשריבן אין מיין האנדלס־בוך, אז דו ביזט מיר שולדיק צוויי הונדערט גילדן״. **אין אזא פאל גלויבט מען ניט דעם קרעמער, און עס איז ניט דער דין, אז דער קרעמער שווערט און ער נעמט.** אלא, נאָר (מען מיינט אין פאל ווען) ער (שמעון) האָט געזאָגט צו אים (צו ראובן דעם קרעמער): „גיב מיין זון צוויי סאה ווייץ״, אָדער „גיב מיין אַרבייטער מעות (־מטבעות, קליין־געלט) פאר א סלע (א טאָלער)״; (דער־נאָך) זאָגט ער (ראובן, דער קרעמער): „איך האָב (זיי) געגעבן״, און זיי (דער זון צי דער אַרבייטער) זאָגן: „מיר האָבן ניט גענומען״, (דארפן ביידע שווערן), ער (דער קרעמער, ראובן) שווערט (אז אין זיין בוך איז פאַרשריבן אז ער האָט זיי געגעבן) און ער נעמט (פון שמעונען באַצאָלט), און זיי (דער אַרבייטער) שווערט (אז ער האָט ניט גענומען) און נעמט (באַצאָלט פון שמעונען וואָס אים קומט). **אפילו ווען דער קרעמער טענהט ניט אויף זיכער, אז ער געדענקט, אז ער האָט זיי געגעבן, נאָר ער זאָגט, אז אזוי איז פאַרשריבן אין זיין בוך, שווערט ער אויך און נעמט.** אָמר, האָט בן ננס גע־זאָגט, סטייטש? די און די (איינער פון זיי, דער קרעמער אָדער דער אַרבייטער) וועלן דאָך שווערן א פאלשע שבועה (שבועת שוא) נאָר ער (דער קרעמער) נעמט באַצאָלט אָן א שבועה, און זיי נעמען (דער אַרבייטער נעמט) באַצאָלט אָן א שבועה. **דאָס וואָרט „פנקס״ וואָס ווערט דערמאָנט עטליכע מאָל אין דער משנה (אבות ג׳, ט״ז „הפנקס פתוח״) איז דאָס גריכישע וואָרט „פינאַקס״, א טאָוול צו שרייבן אויף אים. עס איז אָנגענומען צו לייענען עס ,פינקאָס״. „סלע״ איז געווען א גרויסע זיל־בערנע מטבע, און „מעות״ זענען געווען קליינע מטבעות, 24 מעות זענען געווען איין סלע.**

ו. אָמר, אויב ער (א בעל הבית) האָט געזאָגט צום קרעמער: „גיב מיר פאר א גילדן (א דינר) פרוכטן״, און ער האָט אים געגעבן, און ער האָט אים געזאָגט: „גיב מיר דעם גילדן״, האָט ער (דער בעל הבית) אים אָפּגעענטפערט: „איך האָב אים דיר שוין געגעבן און דו האָסט אים אריינגעלייגט אין געלט־בייטל (אונפלי)״, זאָל דער בעל הבית שווערן (אז ער האָט אים שוין געגעבן דעם דינר). **און די פרוכטן גע־הערן צום בעל הבית.** נתן לו, אויב ער דער בעל הבית האָט אים געהאט געגעבן דעם גילדן, און ער האָט אים געזאָגט: „גיב מיר די פרוכטן״, און ער (דער קרעמער) האָט אים אָפּגעענטפערט: „איך האָב זיי דיר שוין געגעבן און דו האָסט זיי געפירט אהיים״, זאָל דער קרעמער שווערן (אז ער האָט אים שוין געגעבן די פרוכטן). **און ער איז פטור אים צו געבן אנדערע פרוכטן.** ר׳ יהודה זאָגט, אז ווער עס האָט די פרוכטן אין זיין האנט (אין זיין רשות) האָט די אָבער־האַנט (ידו על העליונה, ער געווינט). **די גמרא זאָגט, אז די משנה מיינט דאָ, אז די פרוכטן זענען געלעגן אין דרויסן פון געוועלב, אין רשות הרבים, און דער קרעמער טענהט, אז דאָס זענען**

שֶׁהַפֵּירוֹת בְּיָדוֹ יָדוֹ עַל הָעֶלְיוֹנָה. אָמַר לַשּׁוּלְחָנִי תֶּן לִי בְדִינָר מָעוֹת, וְנָתַן לוֹ. אָמַר לוֹ תֶּן לִי אֶת הַדִּינָר, אָמַר לוֹ נְתַתִּיו לָךְ, וּנְתַתּוֹ בְּאוּנְפְּלִי, יִשָּׁבַע בַּעַל הַבַּיִת. נָתַן לוֹ אֶת הַדִּינָר, אָמַר לוֹ תֶּן לִי אֶת הַמָּעוֹת. אָמַר לוֹ, נְתַתִּים לָךְ וְהִשְׁלַכְתָּם לְתוֹךְ כִּיסָךְ, יִשָּׁבַע שׁוּלְחָנִי. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר. אֵין דֶּרֶךְ שׁוּלְחָנִי לִתֵּן אִיסָּר עַד שֶׁיִּטּוֹל דִּינָרוֹ: ז כְּשֵׁם שֶׁאָמְרוּ, הַפּוֹגֶמֶת כְּתֻבָּתָהּ לֹא תִפָּרַע אֶלָּא בִשְׁבוּעָה, וְעֵד אֶחָד מְעִידָהּ שֶׁהִיא פְּרוּעָה. לֹא תִפָּרַע אֶלָּא בִשְׁבוּעָה. מִנְּכָסִים מְשֻׁעְבָּדִים וּמִנִּכְסֵי יְתוֹמִים לֹא תִפָּרַע אֶלָּא בִשְׁבוּעָה וְהַנִּפְרַעַת שֶׁלֹּא בְּפָנָיו לֹא תִפָּרַע אֶלָּא בִשְׁבוּעָה, וְכֵן הַיְתוֹמִים

זיינע אנדערע פרוכטן, און דער בעל הבית טענה׳ט אז דאָס זענען זיינע געקויפטע **פרוכטן. זאָגן די חכמים, אז דער קרעמער שווערט און זיי געהערן צו אים, מחמת די פרוכטן זענען נאָכניט אריבער אין רשות פון בעל הבית; און ר׳ יהודה האלט אז ווייל זיי ליגן אין רשות הרבים און זיי זענען ארויס פון רשות פון קרעמער, הייסט עס ווי זיי זיינען אין רשות פון בעל הבית, און דעריבער זאָל דער בעל הבית שווערן אז זיי זענען זיינע און זיי נעמען.** אָמַר לַשּׁוּלְחָנִי, אויב ער (דער בעל הבית) האָט געזאָגט צום געלט־טוישער (שולחני, א באנקיר, וועלכער טוישט גרויס געלט אויף קליין־געלט און קליין־געלט אויף גרויס געלט): „גיב מיר פאר א דינר מעות־מטבעות (א דינר איז זעקס מעות)״, און ער האָט אים געגעבן (די מעות), און ער האָט אים געזאָגט: „געב מיר דעם דינר״ און ער (דער בעל הבית) האָט אים אָפגעענטפערט: „איך האָב אים דיר שוין געגעבן און דו האָסט אים אריינגעלייגט אין געלט־בייטל (באונפלי)״, זאָל דער בעל הבית שווערן (אז ער האָט אים געגעבן דעם דינר). **און ער איז פטור צו געבן דעם דינר. „אונפלי״ זאָל זיין דאָס לאטייניש וואָרט „מאפולא״, א טיכל. דער „ערוך״ איז גורס „אמפולי״ מיט א „מ״ אנשטאט א „נ״.** נתן לו, אויב ער (דער בעל הבית) האָט אים (דעם געלט־טוישער) געגעבן דעם דינר, און ער האָט צו אים געזאָגט: „גיב מיר די מעות־מטבעות״, און יענער האָט אים אָפּגעענטפערט: „איך האָב זיי דיר שוין געגעבן און דו האָסט זיי אריינגעוואָרפן אין דיין בייטל״ זאָל דער געלט־טוישער שווערן (אז ער האָט אים שוין געגעבן די מעות־מטבעות). **און ער איז פטור צו געבן דעם בעל הבית אנדערע מעות־מטבעות.** ר׳ יהודה זאָגט אז עס איז ניט דער שטייגער פון א געלט־טוישער צו געבן אן איסר ביז ער קריגט (צוערשט) זיין דינר. **אן איסר (די אלטע רוימישע מטבע „אסאריאן״) איז א קליינע מטבע, און 4 איסר־מטבעות איז איין מעה. זאָגט ר׳ יהודה אז דער בעל הבית איז באגלויבט, מחמת דער געלט־וועקסלער גיט ניט ארויס אפילו א קליינע איסר מטבע כל זמן דער בעל הבית האָט אים נאָכניט געגעבן די גרויסע דינר־מטבע, וואָס ער וויל ביי אים טוישן. וועגן די מטבעות סלע, דינר, מעות, איסר זע אין אונזער פירוש צו מעשר שני פרק ב׳ משנה ח׳ און ט׳. טיילמאָל האָט „מעות״ דעם טייטש ניט מעות־מטבעות נאָר סתם קופערנע קליינע מטבעות, און עס איז מעגליך, אז דאָ מיינט די משנה דערמיט סתם קליין קופער־געלט.**

ז. כשם, אזוי ווי זיי (די חכמים) האָבן געזאָגט, אז (א פרוי) וואָס האָט געהאָט גענומען א טייל פון איר כתובה־(געלט), זאָל אָבנעמען דאָס איבריקע געלט ניט אנדערש ווי דורך א שבועה; און אז אויב איין עדות זאָגט אז זי (די כתובה) איז באצאָלט געוואָרן זאָל זי (די פרוי) אָפּנעמען ניט אנדערש ווי דורך א שבועה; און אז ווען זי (די פרוי וויל אָפּנעמען די כתובה) פון פארקויפטע פארמעגנס (נכסים משועבדים) און פון יתומים׳ס פארמעגנס, זאָל זי אָפּנעמען ניט אנדערש נאָר דורך א שבועה; און אז אויב זי (א פרוי וויל אָפּנעמען די כתובה) ניט אין זיין (אין איר מאנס) געגנוואַרט (שלא בפניו, ווען דער מאן איז ניט פאראן), זאָל זי אָפּנעמען ניט אנדערש נאָר דורך א שבועה, — אזוי אויך יתומים (קינדער, וואָס זייער פאָטער איז

לֹא יִפָּרְעוּ אֶלָּא בִשְׁבוּעָה. שְׁבוּעָה שֶׁלֹּא פְקָדָנוּ אַבָּא, וְלֹא אָמַר לָנוּ אַבָּא, וְשֶׁלֹּא מָצִינוּ בֵּין שְׁטָרוֹתָיו שֶׁל אַבָּא שֶׁשְּׁטָר זֶה פָּרוּעַ. רַבִּי יוֹחָנָן בֶּן בְּרוֹקָא אוֹמֵר, אֲפִלּוּ נוֹלַד הַבֵּן לְאַחַר מִיתַת הָאָב, הֲרֵי זֶה נִשְׁבָּע וְנוֹטֵל. אָמַר רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל, אִם יֵשׁ עֵדִים שֶׁאָמַר הָאָב בִּשְׁעַת מִיתָתוֹ, שְׁטָר זֶה אֵינוֹ פָרוּעַ, הוּא נוֹטֵל שֶׁלֹּא בִשְׁבוּעָה: ח וְאֵלּוּ נִשְׁבָּעִין שֶׁלֹּא

געשטאָרבן, און זיי מאָנען פון מענטשן חובות, וועלכע די מענטשן זענען שולדיק געווען זייער פאָטער), זאָלן זיי אָפּנעמען ניט אנדערש ווי דורך א שבועה. וועגן די ערשטע פאַלן, „הפוגמת", „עד אחד", „מנכסים משועבדים ומנכסי יתומים", און „שלא בפניו", האָבן מיר געגעבן דעם פירוש אין כתובות פרק ט' משנה ז' און ח'. זאָל דער לערנער דאָרט גוט נאָכקוקן. **איצט איז די שאלה: וואָסער שבועה דאַרפן שווערן יתומים, ווען זיי ווילן אָפּנעמען חובות, וועלכע אנדערע מענטשן זענען שולדיק געווען זייער פאָטער און דער פאָטער האָט איבערגעלאָזט די וועקסלען, די שטרות? און די משנה זאָגט:** שבועה, (זיי די יתומים, דאַרפן שווערן): „מיר שווערן, אז אונזער פאָטער האָט אונז ניט איבערגעלאָזט אין זיין צוואה (שלא פקדנו) און אז ער, דער פאָטער, האָט אונז ניט געזאָגט, און אז מיר האָבן אויך ניט געפונען צווישן די וועקסלען פון אונזער פאָטער (קיין שום קוויטל) אז דער דאָזיקער וועקסל אויף (וועלכן מיר מאָנען דאָס געלט פון דעם מענטש) איז באַצאָלט געוואָרן". **די גמרא זאָגט, אז מען מיינט דאָ, אז די יתומים מאָנען ניט פון די מענטשן, פון די געלט-באָרגער, אליין, נאָר די געלט-באָרגער זענען אויך געשטאָרבן, און די יתומים מאָנען פון די אנדערע יתומים.** ר' יוחנן בן ברוקא זאָגט, אז אפילו דער זון איז געבוירן געוואָרן נאָכדעם ווי זיין פאָטער איז שוין געהאט געשטאָרבן (און ער וויל אָפּנעמען דעם פאָטערס וועקסל-חובות פון אנדערע יתומים), דאַרף ער אויך שווערן (כדי צו) נעמען (באַצאָלט). **כאָטש אים האָט נאָך זיין פאָטער ניט געקאָנט זאָגן פאַרן טויט, פונדעסטוועגן דאַרף ער שווערן אז ער האָט ניט געפונען צווישן פאָטערס פאַפּירן קיין קוויטל, אז דאָס וועקסל איז שוין באַצאָלט געוואָרן.** אָמר, האָט ר' שמעון בן גמליאל געזאָגט, אז אויב עס זענען פאַראַן עדות, אז דער פאָטער האָט ביים שטאַרבן (פאַרן טויט) געזאָגט אז דאָס וועקסל איז ניט באַצאָלט, נעמט ער (דער זון, דער יתום) אָפּ אָן א שבועה. **די גמרא זאָגט, אז דער ערשטער תנא האַלט, אז אפילו אין דאָזיקן פאַל דאַרף אויך דער זון שווערן, מחמת עס קאָן זיין אז דער פאָטער האָט בכוונה אזוי געזאָגט פאַר מענטשן כדי זיי זאָלן מיינען אז דער זון וועט האָבן א גרעסערע ירושה און זיי זאָלן אים האַלטן חשובער, אָבער דעם זון אליין האָט ער יאָ אָנגעזאָגט, אז דאָס וועקסל איז באַצאָלט.**

ח. ואלו, און די דאָזיקע דאַרפן שווערן אפילו מען מאָנט זיי ניט (מיט זיכער-קייט). **דער דין איז, אז אויב ראובן מאָנט ביי שמעונען 100 גילדן און שמעון איז מודה אז עס קומט אים נור 50, דאַרף שמעון שווערן אז די אנדערע 50 קומט ניט ראובנען. דאָס איז נור ווען ראובן טענהט אויף זיכער** („ברי") **אז אים קומט ביי שמעונען 100 גילדן, ווי איז אָבער אויב ראובן טענה'ט ניט אויף זיכער, נאָר ער זאָגט, אז ער ווייס ניט און אז ס'קאָן נור זיין טאָמער קומט דאָס געלט** („שמא", טאָמער)**, דאַרף שמעון ניט שווערן. זאָגט די משנה, אז די מענטשן, וועלכע ווערן באַלד אויסגערעכנט אין דער משנה, דאַרפן שווערן אפילו מען מאָנט ניט ביי זיי אויף זיכער. די דאָזיקע מענטשן זענען:** השותפין, שותפים (אין א געשעפט). **יעדער פון די שותפים קאָן פאַרלאַנגען, אז דער אנדערער שותף זאָל שווערן, אז ער האָט ניט צוגענומען עפּיס פון שותפות ארויס אָן זיין וויסן.** והאריסין, פאַכטער. **אויב ראובן, דער בעל הבית**

בְּטַעֲנָה. הַשֻּׁתָּפִין וְהָאֲרִיסִין וְהָאַפּוֹטְרוֹפִּין, וְהָאִשָּׁה הַנּוֹשֵׂאת וְנוֹתֶנֶת בְּתוֹךְ הַבַּיִת, וּבֶן הַבַּיִת. אָמַר לוֹ מָה אַתָּה טוֹעֲנֵנִי? רְצוֹנִי שֶׁתִּשָּׁבַע לִי, חַיָּב. חָלְקוּ הַשֻּׁתָּפִין וְהָאֲרִיסִין, אֵין יָכוֹל לְהַשְׁבִּיעוֹ. נִתְגַּלְגְּלָה לוֹ שְׁבוּעָה מִמָּקוֹם אַחֵר, מְגַלְגְּלִין עָלָיו אֶת הַכֹּל. וְהַשְּׁבִיעִית מְשַׁמֶּטֶת אֶת הַשְּׁבוּעָה:

האָט פאַרפּאַכטעט, פאַרדינגגן זיין פעלד צו שמעון, וועלכער איז זיין „אריס״, א פאַכ־טער, אַז שמעון זאָל באַארבייטן דאָס פעלד און געבן ראובנען דעם בעל הבית א דריטל פון דער תבואה, וואָס דאָס פעלד וועט ארויסגעבן, קאָן ראובן פאַרלאַנגען, אז שמעון זאָל שווערן אז ער האָט ניט אראָפּגענומען עפּיס פון דער תבואה אָן זיין וויסן. והאפּוטרופּין, אויפזעער (איבער פאַרמעגנס). דער בעל הבית האָט דאָס רעכט צו פאַרלאַנגען אַז זיין אויפזעער זאָל שווערן אז ער האָט ניט עפּיס אראָפּגענומען אָן זיין וויסן. והאשה, און די פרוי וואָס פירט די זאַכן אין הויז, און אויך דער זון פון הויז. מען מיינט דאָ אַז אויב איינער איז געשטאָרבן און האָט איבערגעלאָזט זין, און איינער פון די זין פירט די ירושה־געשעפטן, קאָנען די איבעריקע זין פאַרלאַנגען, אז ער זאָל שווערן אז ער האָט גאָרניט אראָפּגענומען אָן זייער וויסן. דער טעם איז ווייל די אלע אויסגערעכנטע מענטשן קאָנען זיך לערנען א היתר, מיינען אז זיי מעגן אראָפּנעמען פאַר זיך עפּיס פאַר זייער טירחא, דעריבער האָט מען מתקן געווען אז זיי זאָלן שווערן אפילו אויף א ניט־זיכער טענה. די משנה זאָגט דאָ באַלד ווי אזוי: אָמר לו, אויב ער (איינער פון די דאָזיקע) זאָגט צו אים (צום בעל הבית, אָדער דער ברודער צו די איבריקע ברידער): „וואָס מאָנסטו ביי מיר?״ (און דער בעל הבית צי די ברידער ענטפערן אים): „איך וויל אז דו זאָלסט מיר שווערן״, איז ער מחויב. דאַרף ער שווערן; אזוי ווי מיר האָבן פריער דערקלערט. חלקו, אויב די שותפין און די פּאַכ־טער האָבן זיך שוין געהאַט צוטיילט (מיט דעם שותפות, אָדער מיט דער תבואה פון פעלד), קאָן ער אים ניט מאַכן שווערן. נאָר ווען זיי זענען נאָך שותפים, אָדער ער איז נאָך זיין פּאַכטער, קאָן ער פאַרלאַנגען פון אים א שבועה; אָבער ווען מען האָט זיך שוין צעטיילט, איז פאַרפאַלן; קאָן מען קיין שבועה ניט פאַרלאַנגען אויף דער טענה פון „טאָמער״. נתגלגלה, אויב (נאָכדעם ווי די שותפים אָדער דער פּאַכטער האָט זיך צעטיילט מיטן בעל הבית) איז אויף אים (אויף איינעם פון די שותפים אָדער אויף דעם פּאַכטער) ארויפגעלייגט געוואָרן א שבועה פון אַן אנדער אָרט, לייגט מען ארויף אויף אים אלץ (אויך די שבועה צוליב דעם שותפות אָדער צוליב דער פּאַכט). אויב איינער פון די שותפים, ראובן, האָט געהאַט אַן אנדערע געלט־טענה צום אנדערן שותף, צו שמעונען, און דאָס בית דין האָט געפּסקנט, אַז שמעון דאַרף שווערן, קאָן שוין ראובן פאַרלאַנגען אז שמעון זאָל אויך שווערן, אז ער האָט ניט גענומען עפּיס פון שותפות־פאַרמעגנס, כאָטש זיי האָבן זיך שוין צעטיילט און לויט דעם דין האָט שמעון ניט געדאַרפט שווערן צוליב דעם שותפות־פאַרמעגן. והשביעית, און דאָס שמיטה־יאָר איז משמט (באַפרייט) פון דער שבועה. מיר האָבן געגעבן אין מסכתא שביעית פּרק י׳ אין אָנהייב די פּרטים וועגן דין אז צום סוף פון 7־טן יאָר, פון שמיטה־יאָרן, ווערן אלע געלט־חובות אָפּגעווישט; מען קאָן זיי מער ניט מאָנען. דאָס הייסט, אַז דאָס שמיטה־יאָר איז „משמט״ וואַרפט אוועק, ווישט אָפּ, געלט־חובות. זאָגט די משנה אז דאָס שמיטה־יאָר איז אויך משמט די שבועה צוליב א חוב. ווען ראובן מאָנט א געלט־חוב פון שמעונען, און שמעון לייקנט א טייל פון אים און ער דאַרף דעריבער שווערן, איז דער דין, אז אויב עס איז אריבער דאָס שמיטה יאָר קאָן שוין ראובן ניט פאַרלאַנגען אז שמעון זאָל שווערן. דער דאָזיקער דין גייט ניט ארויף אויף שותפים, מחמת ביי שותפים איז דאָס שמיטה־יאָר ניט משמט. נאָר מען מיינט סתם געלט־חובות.

א אַרְבָּעָה שׁוֹמְרִין הֵן. שׁוֹמֵר חִנָּם, וְהַשּׁוֹאֵל, נוֹשֵׂא שָׂכָר וְהַשּׂוֹכֵר. שׁוֹמֵר חִנָּם נִשְׁבָּע עַל הַכֹּל, וְהַשּׁוֹאֵל מְשַׁלֵּם אֶת הַכֹּל. נוֹשֵׂא שָׂכָר וְהַשּׂוֹכֵר נִשְׁבָּעִין עַל הַשְּׁבוּרָה וְעַל הַשְּׁבוּיָה וְעַל הַמֵּתָה, וּמְשַׁלְּמִים אֶת הָאֲבֵדָה וְאֶת הַגְּנֵבָה:

ב אָמַר לְשׁוֹמֵר חִנָּם, הֵיכָן שׁוֹרִי? אָמַר לוֹ מֵת, וְהוּא שֶׁנִּשְׁבַּר אוֹ נִשְׁבָּה אוֹ נִגְנַב אוֹ אָבַד. נִשְׁבַּר, וְהוּא שֶׁמֵּת אוֹ נִשְׁבָּה אוֹ נִגְנַב אוֹ אָבַד. נִשְׁבָּה, וְהוּא שֶׁמֵּת אוֹ נִשְׁבַּר אוֹ נִגְנַב אוֹ אָבַד. נִגְנַב, וְהוּא שֶׁמֵּת אוֹ נִשְׁבַּר אוֹ

## פרק ה.

א. ארבעה, עס זענען פאראן פיר (סאָרטן) שומרים (היטערס פון פרעמדע זאכן): א שומר חינם (א היטער בחינם, ער נעמט ניט קיין באלוינונג פאר היטן דעם פרעמדנס זאך), א שואל (ער באָרגט די זאך), א שומר שכר (ער היט פאר באלוינונג), און א שוכר (ער דינגט די זאך). מיר האָבן די משנה געהאט פריער אין בבא מציעא פרק ז׳ משנה ח׳. אויב ראובן גיט זיינס א זאך, למשל, א קו צו שמעונען צום היטן, קאָנען זיין דאביי פיר אופנים. ס׳קאָן זיין אז שמעון היט די קו בחינם, ער נעמט פון ראובנען ניט באצאָלט דערפאר. שמעון טאָר די בהמה ניט באנוצן, ניט ארבייטן מיט איר; שמעון הייסט א שומר חינם. עס קאָן אויך זיין אז שמעון באָרגט די בהמה ביי ראובן צו ארבייטן מיט איר, און ער צאָלט גאָרניט ראובנען דערפאר; שמעון הייסט דאריבער א שואל, א באָרגער. עס קאָן אויך זיין אז שמעון נעמט די בהמה צום היטן זי און ניט צו ארבייטן מיט איר, אָבער ער קריגט געלט פאר היטן זי; שמעון הייסט דאריבער א שומר שכר (נושא שכר), ער נעמט א באלוינונג פארן היטן. עס קאָן אויך זיין, אז שמעון דינגט די בהמה ביי ראובנען, צו ארבייטן מיט איר, אָבער שמעון באצאָלט ראובנען דערפאר, און ער הייסט דאריבער א שוכר, א דינגער. איצט גיט די משנה די דינים וועגן זיי. שומר חינם, א שומר חנם שווערט אויף אלץ. סיי מיט דער קי איז געשען א צופאל, דהיינו זי איז געפגרט אָדער זי האָט זיך צעבראָכן א פוס, אָדער גזלנים האָבן מיט כח זי צוגענומען (מען האָט זי געפאנגן), און סיי גנבים האָבן זי צוגעגנבעט, אָדער זי איז פארלוירן געוואָרן, דארף דער שומר חינם שווערן אז עס איז אזוי געשען און ער איז פטור צו באצאָלן. והשואל, און דער שואל באצאָלט פאר אלץ. אין די אלע דערמאָנטע פאלן דארף דער שואל באצאָלן. נושא שכר, דער שומר שכר און דער שוכר שווערן אין פאל פון צעברעכן (א פוס, צו אן אנדערער באשע־דיגונג), אָדער אויב זי איז געפאנגן געוואָרן (דורך גזלנים מיט כח), אָדער אויב זי איז געפגרט (און זיי זענען פטור צו באצאָלן) אָבער זיי דארפן באצאָלן אויב זי איז גע־וואָרן פארלוירן אָדער מען האָט זי צוגעגנבעט. מער דערקלערונגען וועגן דער דאָ־זיקער משנה זע פריער אין בבא מציעא פרק ז׳ משנה ח׳.

ב. אָמר, אויב ער (ראובן) האָט געזאָגט צום שומר חינם (צו שמעונען, וועמען ער האָט געגעבן זיין אָקס צו היטן בחינם): „וואו איז מיין אָקס?״, און ער (שמעון) האָט צו אים געזאָגט: „ער איז געפגרט״, און (באמת) האָט ער (דער אָקס) צעבראָכן א פוס אָדער ער איז געפאנגן געוואָרן אָדער מען האָט אים צוגעגנבעט אָדער ער איז פארלוירן געוואָרן; — (אָדער שמעון האָט געזאָגט): „ער האָט צעבראָכן (א פוס)״, און (באמת) איז ער געפגרט, אָדער מען האָט געפאנגן אָדער מען האָט אים צוגע־גנבעט אָדער ער איז פארלוירן געוואָרן; — (אָדער שמעון האָט געזאָגט): „ער איז געוואָרן געפאנגן״, און (באמת) איז ער געפגרט אָדער ער האָט צעבראָכן א פוס אָדער ער איז געוואָרן צוגעגנבעט אָדער ער איז געוואָרן פארלוירן; — (אָדער שמעון האָט געזאָגט): „ער איז געוואָרן צוגעגנבעט״, און (באמת) איז ער געפגרט אָדער געוואָרן צעבראָכן אָדער געפאנגן אָדער ער איז פארלוירן געוואָרן; — (אָדער שמעון האָט געזאָגט): „ער איז געוואָרן פארלוירן״, און (באמת) איז ער געפגרט אָדער גע־

**נִשְׁבָּה אוֹ אָבַד. אָבַד, וְהוּא שֵׁמֵת אוֹ נִשְׁבַּר אוֹ נִשְׁבָּה אוֹ נִגְנַב. מַשְׁבִּיעֲךָ אֲנִי, וְאָמַר אָמֵן. פָּטוּר: ג הֵיכָן שׁוֹרִי? אָמַר לוֹ אֵינִי יוֹדֵעַ מָה אַתָּה סָח. וְהוּא שֵׁמֵת אוֹ נִשְׁבַּר אוֹ נִשְׁבָּה אוֹ נִגְנַב אוֹ אָבַד, מַשְׁבִּיעֲךָ אֲנִי וְאָמַר אָמֵן פָּטוּר. הֵיכָן שׁוֹרִי. אָמַר לוֹ אָבַד, מַשְׁבִּיעֲךָ אֲנִי וְאָמַר אָמֵן, וְהָעֵדִים מְעִידִין אוֹתוֹ שֶׁאֲכָלוֹ. מְשַׁלֵּם אֶת הַקֶּרֶן, הוֹדָה מֵעַצְמוֹ. מְשַׁלֵּם קֶרֶן וְחוֹמֶשׁ וְאָשָׁם. הֵיכָן שׁוֹרִי? אָמַר לוֹ נִגְנַב, מַשְׁבִּיעֲךָ אֲנִי וְאָמַר אָמֵן,**

וואָרן צעבראָכן אָדער געפאנגען אָדער צוגעגנבעט — און (ראובן האָט געזאָגט צו שמעונען ביי יעדן פון די אלע פאלן): „איך באשווער דיר", און ער (שמעון) האָט געזאָגט: „אמן", — איז ער (שמעון) פטור. **מיר האָבן פריער אין פרק ה' משנה א' געלערנט וועגן „שבועת הפיקדון", אז אויב ראובן מאָנט ביי שמעונען געלט, און שמעון שווערט אז עס קומט אים ניט (אָדער ראובן באשווערט אים און שמעון זאָגט „אמן"), און באמת קומט ראובנען יאָ דאָס געלט און שמעון האָט דאָך, הייסט עס, געשוואוירן א פאלשע שבועת הפיקדון, איז אויב שמעון איז זיך דערנאָך אליין מודה, דאַרף שמעון ברענגען א קרבן (און אויך צאָלן א חומש).** זאָגט די משנה אז כאָטש שמעון, דער שומר חינם, האָט דאָך געשוואוירן פאלש, אָבער ווייל לויט ווי עס איז דער אמת איז דאָך אויך שמעון דער שומר חינם פטור צו באצאָלן ראובנען, **מחמת א שומר חינם איז דאָך פטור צו באצאָלן אין די אלע פאלן, — דעריבער איז ער פטור** פון ברענגען דעם קרבן אין בית המקדש פאר דער פאלשער שבועה. דער שכל דער־פון איז, ווייל מיט דעם פאלש שווערן האָט ער ראובנען גאָרניט היזק געמאכט קיין געלט, **מחמת אפילו ווען שמעון איז זיך מודה אויף דעם אמת וואָלט ער אויך ראובנען גאָרניט געדאַרפן באצאָלן.**

ג. היכן, (אויב ראובן האָט געזאָגט צו שמעון דעם שומר חינם): „וואו איז מיין אָקס?", און ער (שמעון) האָט אים געזאָגט: „איך ווייס ניט וואָס דו רעדסט (דו האָסט מיר גאָר קיין אָקס ניט געגעבן צום היטן)", און (באמת האָט ער אים יאָ געגעבן, נאָר) ער (דער אָקס) איז געפגרט אָדער געוואָרן צעבראָכן אָדער געפאנגען, אָדער פארלוירן, אָדער צוגעגנבעט, — (און ראובן האָט געזאָגט צו שמעונען): „איך באשווער דיר", און ער (שמעון) האָט געזאָגט: „אמן", איז ער פטור. **שמעון דאַרף ניט ברענגען קיין קרבן פאר פאלש שווערן א שבועת הפיקדון, ווייל ווען ער זאָגט דעם אמת אז ער האָט יאָ גענומען דעם אָקס נאָר ער איז געפגרט אָדער צעבראָכן אָדער געפאנגען אָדער צוגעגנבעט, וואָלט ער אויך פטור געווען צו באצאָלן. —** — היכן (אויב ראובן זאָגט צו שמעון דעם שומר חינם): „וואו איז מיין אָקס?", און ער (שמעון) האָט אים געזאָגט: „ער איז פארלוירן געוואָרן", און ראובן זאָגט צו אים: „איך באשווער דיך", און ער, (שמעון) האָט געזאָגט: „אמן", און דערנאָך האָבן עדות געזאָגט וועגן אים עדות אז ער (שמעון) האָט אים (דעם אקס) אויפגעגעסן, דאַרף ער (שמעון) באצאָלן (ראובנען) דעם קרן (וויפיל דער אָקס באטרעפט). **ער דאַרף ניט ברענגען קיין קרבן פאר פאלש שווערן, א שבועת הפיקדון, ווייל ווי מיר האָבן גע־לערנט פריער בבא קמא פרק ט' משנה ח' ברענגט מען ניט קיין קרבן אויב עדות זאָגן עדות. דעם קרבן ברענגט מען נור ווען מען איז זיך אליין מודה.** הודה, אויב ער (שמעון) האָט (דערנאָך) זיך אליין מודה געווען (אז דער אָקס איז ניט פארלוירן גע־גאַנגען נאָר ער האָט אים אויפגעגעסן), דאַרף ער באצאָלן (ראובנען) דעם קרן (וויפיל דער אָקס באטרעפט) און א פיפטל (צוגעבן א פערטל פון דעם וויפיל דער אָקס בא־טרעפט, אזוי אז צוזאמען זענען עס פינף פערטל) און ער דאַרף ברענגען א (קרבן) **אשם. וועגן חומש (דעם פיפטל) זע פריער אין בבא קמא פרק ט' משנה ו'. —** היכן, (אויב ראובן זאָגט צו שמעון דעם שומר חינם): „וואו איז מיין אָקס?", און ער (שמעון)

וְהָעֵדִים מְעִידִין אוֹתוֹ שֶׁגְּנָבוֹ, מְשַׁלֵּם תַּשְׁלוּמֵי כֶפֶל. הוֹדָה מֵעַצְמוֹ מְשַׁלֵּם קֶרֶן וְחוֹמֶשׁ וְאָשָׁם: ד אָמַר לְאֶחָד בַּשּׁוּק, הֵיכָן שׁוֹרִי שֶׁגָּנַבְתָּ? וְהוּא אוֹמֵר לֹא גָנַבְתִּי, וְהָעֵדִים מְעִידִין אוֹתוֹ שֶׁגְּנָבוֹ, מְשַׁלֵּם תַּשְׁלוּמֵי כֶפֶל. טָבַח וּמָכַר מְשַׁלֵּם תַּשְׁלוּמֵי אַרְבָּעָה וַחֲמִשָּׁה. רָאָה עֵדִים שֶׁמְּמַשְׁמְשִׁין וּבָאִין, אָמַר גָּנַבְתִּי אֲבָל לֹא טָבַחְתִּי וְלֹא מָכַרְתִּי, אֵינוֹ מְשַׁלֵּם אֶלָּא קֶרֶן: ה אָמַר לַשּׁוֹאֵל הֵיכָן שׁוֹרִי? אָמַר לוֹ מֵת, וְהוּא שֶׁנִּשְׁבַּר אוֹ נִשְׁבָּה אוֹ

האָט אים געזאָגט: „ער איז געוואָרן צוגעגנבעט״, (און ראובן האָט צו אים געזאָגט): „איך באשווער דיך״, און ער (שמעון) האָט געזאָגט: „אָמן״, און עדות האָבן עדות געזאָגט וועגן אים אז ער (שמעון) האָט אים (אליין) צוגעגנבעט, דארף ער באצאָלן ראובנען טאָפּלט (כפל). **מיר האָבן געלערנט פריער בבא קמא פרק ז׳ משנה א׳, אז ווען איינער גנבעט ביים צווייטן א זאך דארף ער באצאָלן טאָפּלט (כפל) וויפיל די זאך איז ווערט. לערנט די משנה אז אויב א שומר חינם איז א „טוען טענת גנב״, ער וויל זיך באפרייען פון באצאָלן פאר דער בהמה וואָס ער האָט אליין צוגעגנבעט, דערמיט וואָס ער טענה׳ט, אז אן אנדערער האָט זי צוגעגנבעט, דארף ער באצאָלן כפל.** הודה, אויב ער (שמעון) האָט (דערנאָך, נאָכן פאלש שווערן) זיך מודה געווען, (אז ער האָט אליין צוגעגנבעט) באצאָלט ער דעם קרן (וויפיל דער אָקס איז ווערט) און דאָס פינפטל און ער דארף ברענגען א (קרבן) אשם. **אָבער קיין כפל, טאָפּלט, דארף ער ניט צאָלן, ווייל ווי מיר האָבן געלערנט פריער פרק ה׳ משנה ד׳ און ה׳ איז דאָס צאָלן כפל א קנס, א שטראָף, און ווען מען איז זיך אליין מודה, צאָלט מען ניט קיין קנס (מודה בקנס פטור, זע דאָרט אין פרק ה׳ משנה ד׳).**

ד. אָמר, אויב ער (ראובן) האָט געזאָגט צו איינעם פון דער גאס (צו לוי, וועלכער איז ניט קיין שומר פון זיין אָקס, נאָר סתם א מענטש): „וואו איז מיין אָקס, וועלכן דו האָסט צוגעגנבעט?״, און ער (לוי) זאָגט: „איך האָב (אים) ניט געגנבעט״, און עדות זאָגן עדות וועגן אים, אז ער האָט אים (יאָ) געגנבעט, דארף ער (לוי) באצאָלן טאָפּלט (כפל); אויב ער לוי (האָט אים (דעם אָקס) געשאָכטן אָדער פארקויפט, דארף ער באצאָלן פיר־אָדער־פינף (ארבעה וחמשה). **אויב עס איז געווען א שעפּסל דארף ער באצאָלן פיר מאָל אזוי פיל וויפיל דאָס שעפּסל איז ווערט, און אויב עס איז געווען אן אָקס באצאָלט ער פינף מאָל אזוי פיל. זע וועגן דעם פריער אין בבא קמא פרק ז׳ משנה א׳ און פריער אין שבועות פרק ה׳ משנה ה׳.** ראה אויב ער (לוי) האָט געזען ווי עס קומען־אָן עדות (ממשמשין ובאין, זיי קומען אָן, כדי עדות צו זאָגן, אז ער האָט געגנבעט דעם אָקס און האָט אים געשאָכטן אָדער פארקויפט), און ער האָט געזאָגט: „איך האָב (דעם אָקס) געגנבעט, אָבער איך האָב (אים) ניט געשאָכטן און ניט פארקויפט״ (און דערנאָך האָבן די עדות געזאָגט עדות אז ער האָט אים יאָ געשאָכטן אָדער פארקויפט), באצאָלט ער ניט מער ווי דעם קרן (אליין). **ער באצאָלט נור וויפיל דער אָקס באטרעפט. ער דארף ניט באצאָלן קיין כפל (טאָפּלט) ווייל ער האָט זיך דאָך אליין מודה געווען. און ער דארף אויך ניט באצאָלן די פיר אָדער־פינף (ארבעה וחמשה), ווייל דער דין איז אז א גנב וועלכער איז פטור פון כפל דארף ניט באצאָלן די ארבעה וחמשה, מחמת עס וואָלט דאָך אויסגעקומען אז ער זאָל צאָלן ניט ארבעה וחמשה (פיר אָדער פינף) נאָר שלשה וארבעה (דריי אָדער פיר), ווארום דעם כפל, וועלכער איז א טייל פון די ארבעה וחמשה דארף ער דאָך ניט צאָלן. און די תורה האָט געזאָגט, אז ער זאָל צאָלן ארבעה וחמשה און ניט שלשה וארבעה.**

ה. אָמר, אויב ער (ראובן וועלכער האָט אוועקגעבאָרגט צו שמעון זיין אָקס) האָט געזאָגט צום שואל (צו שמעון דעם באָרגער) : „וואו איז מיין אקס?״, און ער (שמעון) האָט אים געזאָגט: „ער איז געפגרט״, און (באמת) איז ער (דער אָקס) גע־

נִגְנַב אוֹ אָבַד. נִשְׁבַּר, וְהוּא שֶׁמֵּת אוֹ נִשְׁבָּה אוֹ נִגְנַב אוֹ אָבַד. נִשְׁבָּה וְהוּא שֶׁמֵּת אוֹ נִשְׁבַּר אוֹ נִגְנַב אוֹ אָבַד. נִגְנַב וְהוּא שֶׁמֵּת אוֹ נִשְׁבַּר אוֹ נִשְׁבָּה אוֹ אָבַד. אָבַד, וְהוּא שֶׁמֵּת אוֹ נִשְׁבַּר אוֹ נִשְׁבָּה אוֹ נִגְנַב, מַשְׁבִּיעֲךָ אֲנִי וְאָמַר אָמֵן, פָּטוּר: ו הֵיכָן שׁוֹרִי? אָמַר לוֹ, אֵינִי יוֹדֵעַ מָה אַתָּה סָח. וְהוּא שֶׁמֵּת אוֹ נִשְׁבַּר אוֹ נִשְׁבָּה אוֹ נִגְנַב אוֹ אָבַד, מַשְׁבִּיעֲךָ אֲנִי, וְאָמַר אָמֵן, חַיָּב. אָמַר לְנוֹשֵׂא שָׂכָר וְהַשּׂוֹכֵר, הֵיכָן שׁוֹרִי? אָמַר לוֹ מֵת, וְהוּא שֶׁנִּשְׁבַּר אוֹ נִשְׁבָּה. נִשְׁבַּר, וְהוּא שֶׁמֵּת אוֹ נִשְׁבָּה. נִשְׁבָּה, וְהוּא שֶׁמֵּת

וואָרן צעבראָכן, אָדער געפאנגן אָדער צוגעגנבעט אָדער פארלוירן; (אָדער שמעון האָט אים אָפגעענטפערט): „ער (דער אָקס) איז געוואָרן צעבראָכן", און (באמת) איז ער געפגרט, אָדער געוואָרן געפאנגן, אָדער צוגעגנבעט אָדער פארלוירן; (אָדער שמעון האָט אים אָפגעענטפערט): „ער איז געוואָרן געפאנגן", און (באמת) איז ער געפגרט, אָדער געוואָרן צעבראָכן אָדער צעגעגבעט אָדער פארלוירן; (אָדער שמעון האָט אים געענטפערט): „ער איז געוואָרן צוגעגנבעט", און (באמת) איז ער געפגרט אָדער ער איז געוואָרן צעבראָכן אָדער געפאנגן אָדער פארלוירן; (אָדער שמעון האָט אים גע־ענטפערט): „ער איז געוואָרן פארלוירן", און (באמת) איז ער געפגרט אָדער ער איז געוואָרן צעבראָכן אָדער געפאנגן אָדער צוגעגנבעט, — (און ראובן האָט אין יעדן פון די אלע פאלן געזאָגט צו שמעון): „איך באשווער דיך", און ער (שמעון) האָט גע־זאָגט: „אָמן", איז ער פטור. **שמעון דארף ניט ברענגען קיין קרבן פאר שווערן א פאלשן שבועת הפקדון, ווייל אפילו מען זאָל שמעונען גלויבן זיין פאלשע שבועה, דארף ער אויך באצאָלן ראובנען פאר דעם אָקס, מחמת א שואל איז דאָך מחויב צו באצאָלן פאר פגרן, צעבראָכן, געפאנגן, גנבה און פארלירן. ממילא האָט דאָך שמעון מיט זיין פאלשער שבועה ניט היזק געמאכט ראובנען קיין געלט, און דאריבער איז ער פטור פאר דער פאלשער שבועת הפיקדון, ווי מיר האָבן דערקלערט פריער אין משנה ב'.**

ו. היכן, (אויב ראובן האָט געבאָרגט שמעונען אן אָקס, און דערנאָך האָט ער געזאָגט צו אים): „וואו איז מיין אָקס?" (און) ער (שמעון) האָט אים געזאָגט: „איך וויים ניט וואָס דו רעדסט" („דו האָסט מיר קיין אָקס ניט געבאָרגט"), און (באמת האָט ער אים יאָ געבאָרגט און דער אָקס) איז געפגרט, אָדער געוואָרן צעבראָכן, אָדער געפאנגן אָדער צוגעגנבעט אָדער פארלוירן, — (און ראובן האָט געזאָגט צו שמעונען): „איך באשווער דיך", און ער (שמעון) האָט געזאָגט: „אמן", איז ער חייב. **שמעון דארף ברענגען א קרבן פאר שווערן א פאלשע פיקדון־שבועה, מחמת מיט זיין טענה, אז ער האָט אים ניט געבאָרגט דעם אָקס. האָט שמעון דער שואל געוואָלט זיך באפרייען פון באצאָלן ראובן פאר דעם אָקס וועלכער איז געפגרט צי געוואָרן צע־בראָכן צי געפאנגן צי צוגעגנבעט צי פארלוירן.** — אָמר לנושא שכר, אויב (שמעון האָט גענומען ביי ראובנען דעם אָקס צו היטן אים פאר געלט, אָדער ער האָט גע־דונגן ביי ראובנען דעם אָקס צו ארבייטן מיט אים, און שמעון איז אָדער א שומר שכר אָדער א שוכר, און ראובן) זאָגט צו (שמעון) דעם שומר שכר אָדער דעם שוכר: „וואו איז מיין אָקס?", און ער (שמעון) האָט אים געזאָגט: „ער איז געפגרט", און (באמת) איז ער געוואָרן צעבראָכן אָדער געפאנגן; (אָדער שמעון האָט אים געזאָגט): „ער איז געוואָרן צעבראָכן", און (באמת) איז ער געפגרט אָדער געוואָרן געפאנגן; (אָדער שמעון האָט אים געזאָגט) „ער איז געוואָרן געפאנגן", און (באמת) איז ער געפגרט אָדער געוואָרן צעבראָכן; (אָדער שמעון האָט אים געזאָגט): „ער איז געוואָרן צוגעגנבעט", און (באמת) איז ער געוואָרן פארלוירן; (אָדער שמעון האָט אים געזאָגט: „ער איז געוואָרן פארלוירן", און (באמת) איז ער געוואָרן צוגעגנבעט; — (און ראובן

אוֹ נִשְׁבַּר, נִגְנַב וְהוּא שֶׁאָבַד, אָבַד, וְהוּא שֶׁנִּגְנַב. מַשְׁבִּיעֲךָ אֲנִי וְאָמַר אָמֵן, פָּטוּר. מֵת אוֹ נִשְׁבַּר אוֹ נִשְׁבָּה וְהוּא שֶׁנִּגְנַב אוֹ אָבַד מַשְׁבִּיעֲךָ אֲנִי, וְאָמַר אָמֵן, חַיָּב. אָבַד אוֹ נִגְנַב, וְהוּא שֶׁמֵּת אוֹ נִשְׁבַּר אוֹ נִשְׁבָּה, מַשְׁבִּיעֲךָ אֲנִי, וְאָמַר אָמֵן, פָּטוּר. זֶה הַכְּלָל כָּל הַמְשַׁנֶּה מֵחוֹבָה לְחוֹבָה וּמִפְּטוּר לִפְטוּר וּמִפְּטוּר לְחוֹבָה פָּטוּר. מֵחוֹבָה לִפְטוּר חַיָּב. (זֶה הַכְּלָל כָּל הַנִּשְׁבָּע לְהָקֵל עַל עַצְמוֹ חַיָּב. לְהַחֲמִיר עַל עַצְמוֹ פָּטוּר):

האָט אין די אלע פאלן געזאָגט צו שמעונען): „איך באשווער דיך״, און ער (שמעון) האָט געזאָגט: „אָמן״, איז ער (שמעון) פטור. **ער דארף ניט ברענגען קיין קרבן פאר שווערן א פאלשע פיקדון־שבועה. ווייל אין די ערשטע דריי פאלן איז שמעון דער שומר שכר צו דער שוכר סיי ווי פטור צו באצאָלן ראובנען, אפילו ער זאָל זאָגן דעם אמת אז דער אָקס איז געוואָרן געפאנגען צי צעבראָכן, צי געפּגרט; און אין די לעצטע 2 פאלן, איז שמעון דער שומר שכר צי דער שוכר סיי ווי מחויב צו באצאָלן ראובנען אפילו מען זאָל אים גלויבן זיין פאלשער שבועה אז דער אָקס איז געוואָרן פארלוירן צי צוגעגנבעט (זע פריער משנה א׳ אז א שומר שכר צי א שוכר איז דערפר מחויב צו באצאָלן). ממילא האָט דאָך שמעון מיט זיין פאלשער שבועה גאָרניט היזק געמאכט קיין געלט** . — מת, (אויב אָבער שמעון דער שומר שכר צי דער שוכר זאָגט): „ער (דער אָקס) איז געפּגרט״, אָדער „ער איז געוואָרן צעבראָכן״, אָדער „ער איז געוואָרן געפאנגען״, און (באמת) איז ער (דער אָקס) געוואָרן צוגעגנבעט אָדער פארלוירן, (און ראובן האָט צו אים געזאָגט): „איך באשווער דיך״, און ער (שמעון) האָט געזאָגט : „אָמן״, איז ער (שמעון) חייב. **ער דארף ברענגען א קרבן פאר שווערן א פאלשע פיקדון־שבועה, ווייל לויט דעם אמת איז דאָך דער שומר שכר צי דער שוכר מחויב צו באצאָלן ראובנען פאר דעם צוגעגנבעטען אָדער פארלוירענעם אָקס, און לויט זיין פאלשער טענה אז דער אָקס איז געפּגרט אָדער געוואָרן צעבראָכן אָדער געפאנגען וואָלט ער דאָך געווען פּטור צו באצאָלן ראובנען; ממילא האָט ער דאָך מיט זיין פאלשער שבועה געוואָלט היזק מאכן ראובנען געלט.** — אבד, (אויב שמעון דער שומר שכר צי דער שוכר האָט געזאָגט): „ער (דער אָקס) איז געוואָרן פארלוירן אָדער צוגעגנבעט״, און (באמת) איז ער געפּגרט אָדער געוואָרן צעבראָכן אָדער געפאנגען, — (און ראובן האָט געזאָגט צו שמעונען): „איך באשווער דיך״ און ער (שמעון) האָט געזאָגט: „אָמן״, איז ער פטור. **שמעון דארף ניט ברענגען קיין קרבן פאר א פאלשער פיקדון־שבועה, מחמת לויט דעם אמת איז דאָך שמעון ניט פּטור געווען צו באצאָלן, און לויט זיין פאלשער טענה האָט ער יאָ געדארפן באצאָלן, קומט דאָך אויס אז ניט נור האָט ער ראובנען ניט געוואָלט היזק מאכן קיין געלט, נאָר פארקערט, ער האָט אים גאָר געוואָלט באצאָלן דאָס געלט וואָס עס קומט אים ניט. — איצט גיט די משנה דעם אלגעמיינעם כלל דערפון** : זה הכלל, דאָס איז דער כלל: ווער עס ענדערט (ער טענהט פאלש און שווערט דארויף פאלש) פון מחויב זיין (צו באצאָלן) אויף מחויב זיין (צו באצאָלן), אָדער פון פטור זיין (צו באצאָלן) אויף פטור זיין (צו באצאָלן), אָדער פון פטור זיין (צו באצאָלן) אויף מחויב זיין (צו באצאָלן) איז ער פטור. **ער דארף ניט ברענגען קיין קרבן פאר שווערן א פאלשע פיקדון־שבועה מחמת ער האָט דאָך ביים אנדערן ניט געוואָלט צונעמען קיין געלט.** מחובה, (אָבער ווער עס ענדערט, טענהט פאלש און שווערט דארויף פאלש) פון מחויב זיין (צו באצאָלן) אויף פטור זיין (צו באצאָלן), איז חייב. **ער דארף ברענגען א קרבן פאר דער פאלשער פיקדון־שבועה, ווייל ער האָט דורך זיין פאלשער טענה געוואָלט זיך באפרייען פון באצאָלן. — אין טייל משניות איז דאָ צוגעגעבן נאָכמער דער טעם פון דאָזיקן כלל, און דהיינו די ווערטער:** „זה הכלל, דאָס איז דער כלל: ווער עס שווערט (פאלש) כדי גרינגער צו

# פרק א.

**א** שַׁמַּאי אוֹמֵר כָּל הַנָּשִׁים דַּיָּן שַׁעְתָּן. וְהִלֵּל אוֹמֵר מִפְּקִידָה לִפְקִידָה אֲפִלּוּ לְיָמִים הַרְבֵּה. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים, לֹא כְדִבְרֵי זֶה וְלֹא כְדִבְרֵי זֶה, אֶלָּא מֵעֵת לְעֵת מְמַעֶטֶת עַל יַד מִפְּקִידָה לִפְקִידָה, וּמִפְּקִידָה לִפְקִידָה מְמַעֶטֶת

מאכן זיך (כדי ניט צו באצאָלן געלט, וואָס ער דאַרף יאָ באצאָלן), איז חייב; (אָבער אויב (ער שווערט פאַלש) כדי שווערער צו מאכן זיך איז ער פטור. די משנה מיינט **דאָ צו זאָגן, אז אפילו ער שווערט פאַלש און דאדורך מאכט ער זיך ניט גרינגער, הייסט עס אזוי ווי ער וואָלט דאדורך זיך שווערער געמאכט, און ער האָט דאָך ביי קיינעם ניט געוואָלט דאדורך צונעמען קיין געלט, און ער איז פטור צו ברענגען דעם קרבן פאַר שווערן א פאַלשע פיקדון־שבועה.**

(סליק מסכת שבועות, — געענדיקט די מסכתא שבועות)

---

## מסכתא עדיות

### הקדמה

**דער נאָמען פון דער מסכתא עדיות, וועלכע האָלט 8 פּרקים, איז דערפון, וואָס א גרויסער טייל פון די הלכות אין דער דאָזיקער מסכתא, ווערן געברענגט מיטן לשון פון „העיד", אז דער אָדער יענער תנא האָט עדות געזאָגט פאַר די חכמים פון דער ישיבה אז די הלכה איז אזוי און אזוי. וואו האָבן זיי עדות געזאָגט? די גמרא אין ברכות כ"ח, זאָגט אז „עדיות בו ביום נשנית", אז די מסכתא עדיות איז געלערנט געוואָרן, צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן „אין יענעם טאָג" (בו ביום"), ווען צוליב דער מחלוקה פון דעם נשיא רבן גמליאל דעם 2טן אין יבנה מיט די חכמים פון דער ישיבה האָט מען רבן גמליאלן געמאכט פאַר אויס נשיא און אויף זיין אָרט האָט מען געמאכט פאַר נשיא ר' אלעזר בן עזריה. דאָס איז פאָרגעקומען לערך 20 יאָר נאָכן חורבן פון 2טן בית המקדש אין דער ישיבה אין יבנה. אין דער גמרא ברכות כ"ז ווערט די מסכתא עדיות אויך אָנגערופן „בחירתא", די „אויסדערוויילטע", די „גוּ־טע". — די מסכתא עדיות איז אנדערש פון אלע אנדערע מסכתות אין דער משנה דערמיט, וואָס דאָ ווערן געלערנט די הלכות ניט וועגן איין ענין (ווי למשל די מסכתא שבת וועגן די דינים פון שבת), נאָר עס איז א זאמלונג פון הלכות וועגן פאַרשידענע ענינים. א סך פון די משנות אין דער מסכתא עדיות געפינען זיך אויך אין אנדערע מסכתות פון משניות, און דאָרט איז זייער עיקר אָרט. למשל די ערשטע משנה אין עדיות „בית שמאי אומרים כל הנשים דיין שעתן" איז א דין וועגן נידה. און די משנה געפינט זיך אויך אין מסכתא נידה פרק א' משנה א'. דעריבער וועלן מיר די דאָזיקע משנות וועלכע געפינען זיך אויך אין אנדערע מסכתות, געבן דאָ אין עדיות נור די איבערזעצונג פון זיי אין יידיש; אָבער דעם פירוש צו זיי וועלן מיר דאָ ניט געבן, און דעם פירוש צו זיי וועלן מיר געבן צו דער משנה אין די איינצלנע מסכתות, וואו עס איז זייער עיקר אָרט. — אויף דער מסכתא עדיות איז ניט פאַראן קיין גמרא, ניט קיין בבלי און ניט קיין ירושלמי, אָבער עס איז פאַראן תוספתא.**

### פרק א.

א. שמאי זאָגט, אז אלע פרויען (וועלכע דערזען ביי זיך נידה־בלוט) איז גענוג פאַר זיי (זענען זיי טמא נור פון) זייער צייט. **נור פון דער צייט ווען זיי האָבן דערזען דאָס בלוט, און ניט פון פריער.** והלל, און הלל זאָגט, אז (זיי זענען טמא אויך) פון (דער צייט) ווען זיי האָבן זיך פריער בודק געווען ביז (דער צייט) ווען זיי זענען זיך (איצט) בודק אפילו אויב עס זענען אריבער א סך טעג. און די חכמים זאָגן, אז (דער דין איז ניט ווי די ווערטער פון דעם (פון שמאי) און ניט ווי די ווערטער פון דעם (פון

עַל יַד מֵעֵת לְעֵת. כָּל אִשָּׁה שֶׁיֵּשׁ לָהּ וֶסֶת, דַּיָּהּ שַׁעְתָּהּ. הַמְשַׁמֶּשֶׁת בְּעֵדִים הֲרֵי זוֹ כִּפְקִידָה, מְמַעֶטֶת עַל יַד מֵעֵת לְעֵת, וְעַל יַד מִפְּקִידָה לִפְקִידָה: **ב** שַׁמַּאי אוֹמֵר מִקַּב לְחַלָּה, וְהִלֵּל אוֹמֵר מִקַּבַּיִם. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים לֹא כְדִבְרֵי זֶה וְלֹא כְדִבְרֵי זֶה, אֶלָּא קַב וּמֶחֱצָה חַיָּבִים בְּחַלָּה. וּמִשֶּׁהִגְדִּילוּ הַמִּדּוֹת אָמְרוּ, חֲמֵשֶׁת רְבָעִים חַיָּבִין, רַבִּי יוֹסֵי אוֹמֵר חֲמִשָּׁה

הלל), נאָר א מעת לעת (פיר און צוואַנציק שעה) פארקלענערט (די צייט) פון (פרי־ערדיקן) בודק זיין זיך ביז דעם (איצטיקן) בודק זיין זיך, און די צייט פון (פריער־דיקן) בודק זיין זיך ביז דעם (איצטיקן) בודק זיין זיך פארקלענערט (די צייט פון) דעם מעת לעת. **די דאָזיקע משנה דערקלערן מיר אין מסכתא נידה פרק א׳ משנה א׳.** — כל אשה, יעדע פרוי, וועלכע האָט איר רעגולערע מענסטרואַציע־צייט (וסת, רעגולערע נידה־צייט, ניט זי פארשפעטיקט זיך און ניט זי קומט צו־פרי) איז גענוג (איז זי טמא נור) פון איר צייט (פון דער צייט ווען זי דערזעט דאָס נידה־בלוט). **אויך די משנה־הלכה דערקלערן מיר אין מסכתא נידה פרק א׳ משנה א׳.** — המשמשת, די (פרוי) וועלכע לעבט (מיט׳ן מאַן, המשמשת) מיט אונטערזוכונגס־טיכלעך (בעדים), איז עס (אזוי גוט) ווי זי וואָלט זיך בודק־געווען, און דאָס פארקלענערט סיי (די צייט פון) א מעת־לעת, און סיי די צייט פון (פריערדיקן) בודק זיין זיך ביז צום (איצטיקן) בודק זיין זיך. **אויך צו דער דאָזיקער הלכה פון דער משנה געבן מיר דעם פירוש אין מסכתא נידה פרק א׳ משנה א׳. — די דאָזיקע ערשטע משנה און אויך טייל ווייטערדיקע משנות אין דאָזיקן פרק זענען הלכות, אין וועלכע עס זייבען גע־ווען מחולק שמאי און הלל, און די חכמים האָבן ניט געפסקנט ניט ווי שמאי און ניט ווי הלל. די תנאים שמאי און הלל האָבן געלעבט לערך 100 יאָר פארן חורבן פון 2טן בית המקדש.**

ב. שמאי זאָגט, אז פון (מינדסטנס) איין טאָפּ (מעל, אויב מען מאכט דערפון א טייג) דארף מען נעמען דערפון חלה; און הלל זאָגט אז פון (מינדסטנס) צוויי טעפּ מעל; און די חכמים זאָגן אז (דער דין איז) ניט ווי די ווערטער פון דעם (פון שמאי) און ניט ווי די ווערטער פון דעם (פון הלל), נאָר אז (מינדסטנס) אנדערהאַלבן טעפּ (מעל, אויב מען מאכט דערפון א טייג) דארף מען נעמען דערפון חלה. **וועגן חלה נעמען זע אין אונזער הקדמה צו דער מסכתא חלה.** ומשהגדילו, און ווען מען האָט פארגרע־סערט די מאָסן (און דער טאָפּ איז געוואָרן מיט א זעקסטל גרעסער פון דעם פריער־דיקן טאָפּ) האָט מען געזאָגט, אז פינף פערטל (טאָפּ מעל) דארף מען נעמען דערפון חלה. **איין טאָפּ, קב, איז 4 קוואַרט (לוגים). צוערשט האָבן יידן געהאַט מאָסן, וועלכע מען האָט גערופן „מדבריות״, ווייל די דאָזיקע מאָסן האָבן די יידן געהאַט נאָך אין דער מדבר, ווען זיי זענען ארויס פון מצרים. דערנאָך ווען די יידן זענען געווען אין ירושלים האָט מען די מדבריות־מאָסן פארגרעסערט מיט א זעקסטל („מלבר״, מיט א זעקסטל „פון דרויסן״, דאָס הייסט באמת מיט א פיפטל) אזוי אז א ירושלימער „קב״ (טאָפּ) איז געווען גרעסער מיט א זעקסטל פון א מדבר־קב. שפּע־טער האָט מען אין דער שטאָט צפּורי אין גליל פארגרעסערט די מאָסן, מיט א זעקסטל, אזוי אז פינף פערטל פון א צפּורי־קב איז געווען אזוי פיל ווי אנדערהאַלבן (6 פערטל) פון א ירושלמי־קב. דאריבער האָט מען געזאָגט, אז פון פינף פערטל טאָפּ מעל פון א צפּורי־קב דארף מען שוין אויך נעמען חלה, מחמת דאָס וואָס די חכמים האָבן פריער געזאָגט, אז פון אנדערהאַלבן טאָפּ נעמט מען חלה האָט מען געמיינט פון דער ירושלים־מאָס, פון ירושלים־טאָפּ. דער רמבם זאָגט, אז דער שיעור דערפון איז וויפיל עס וועגט 31 טויזנט און 720 מיטעלע גערשטן־קערנדלעך.** ר׳ יוסי זאָגט, אז (גענוי) פינף (פערטל טאָפּ מעל) איז פטור (דארף מען ניט נעמען דערפון קיין חלה), און פינף (פערטעל טאָפּ) און נאָך עפּיס איז חיב (דארף

פְּטוּרִין, חֲמִשָּׁה וְעוֹד חַיָּבִין: ג הִלֵּל אוֹמֵר, מְלֹא הִין מַיִם שְׁאוּבִין פּוֹסְלִין הַמִּקְוֶה אֶלָּא שֶׁאָדָם חַיָּב לוֹמַר בִּלְשׁוֹן רַבּוֹ. וְשַׁמַּאי אוֹמֵר תִּשְׁעָה קַבִּין. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים לֹא כְדִבְרֵי זֶה וְלֹא כְדִבְרֵי זֶה, אֶלָּא עַד שֶׁבָּאוּ שְׁנֵי גַרְדִּיִּים מִשַּׁעַר הָאַשְׁפּוֹת שֶׁבִּירוּשָׁלַיִם, וְהֵעִידוּ מִשּׁוּם שְׁמַעְיָה וְאַבְטַלְיוֹן, שְׁלֹשֶׁת לֻגִּים מַיִם שְׁאוּבִין פּוֹסְלִין אֶת הַמִּקְוֶה, וְקִיְּמוּ חֲכָמִים

מען נעמען דערפון חלה). וועגן דעם שיעור פון חלה זע אין דער הקדמה צו מסכתא חלה און אויך אין פרק ב׳ משנה ו׳ פון מסכתא חלה.

ג. הלל זאָגט, אז א פולער הין (מלא הין) געשעפּטע וואסער (מים שאובין) פסלענען א מקוה. דער דין איז אז א מקוה, אין וועלכער א טמא מענטש (אָדער זאכן) איז זיך טובל און ווערט טהור, דארף האָבן 40 סאה וואסער, ניט קיין געשעפּטע, וואָס זענען ניט געוועזן אין א כלי. אויב אין דער מקוה זענען געוועזן ווינציקער פון 40 סאה כשרע (ניט געשעפּטע) וואסער, און עס איז דאָרט ארייגעפאלן געשעפּטע וואסער, ווערט די מקוה פסול (אָבער אויב די געשעפּטע וואסער איז ארייגעפאלן אין א מקוה מיט 40 סאה כשרע וואסער קאָן עס די כשרע מקוה ניט פסלען). א סאה איז 6 טעפּ (6 קבים), דאָס הייסט 24 קוואָרט (לוגים). א „הין״ איז 2 טעפּ, דאָס הייסט 12 קוואָרט (לוגים). די שאלה איז, וויפיל געשעפּטע וואסער דארף דאָס ארייגפאלן אין דער מקוה מיט ווינציקער פון 40 סאה כשרע וואסער, כדי די דאָזיקע מקוה זאָל פסול ווערן? זאָגט הלל, אז מינדעסטנס א „הין״, דאָס הייסט 12 קוואָרט (לוגים). יאלא, נאָר א מענטש דארף נאָכזאָגן (א הלכה) מיט דעם לשון פון זיין רבי. עס זענען פאראן עטליכע טייטשן אויף דער דאָזיקער משנה. איין טייטש איז, אז אין די משנה־הלכות ווערט ניט באנוצט די מאָס „הין״ (וואָס ווערט באנוצט נור אין דער תורה), און די משנה זאָגט, אז דאריבער האָט הלל געזאָגט „הין״ (און ניט 12 לוגים), ווייל ער האָט אזוי געהערט פון זיין רבי, און א מענטש דארף נאָכזאָגן די הלכה מיט די־זעלביקע ווערטער, מיטן זעלביקן לשון, ווי ער האָט זי געהערט פון זיין רבי. אן אנדערער טייטש איז, ווייל הלל איז געוועזן א בבלי, פון בבל, און די בבל־מענטשן האָבן ניט געקאָנט ארויסזאָגן די „ה״, און זי איז ארויסגעקומען ביי זיי ווי א „א״, און די הלכה וואָלט אנשטאט „הין מים שאובים פוסלין את המקוה״ ארויסגעקומען „אין מים שאובים פוסלין את המקוה (אז געשעפּטע וואסער פסלט ניט די מקוה), דאריבער האָט הלל צוגעלייגט דאָס וואָרט מלא („מלא הין״). און כאָטש די תלמידים שפּעטער האָבן שוין יאָ געקאָנט זאָגן דאָס וואָרט „הין״, האָבן זיי איבערגעלאָזט דאָס וואָרט „מלא״ ווייל זיי האָבן אזוי געהערט פון זייער רבי, פון הלל (אזוי טייטשט דער ווילנער גאון). — ושמאי, און שמאי זאָגט, אז מינדסטנס 9 טעפּ (געשעפּטע וואסער פסלט די מקוה). הלל זאָגט, אז א הין ווייל דאָס איז די גרעסטע מאָס, וואָס איז פאראן אין דער תורה צו מעסטן פליסיקייטן (מידת הלח). און שמאי זאָגט, אז 9 טעפּ, ווייל מיט 9 טעפּ וואסער קאָן א בעל קרי (א מענטש וואָס האָט פּאָלוציע) טהור ווערן אז ער זאָל מעגן לערנען תורה. וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז (דער דין איז) ניט ווי די ווערטער פון דעם (פון הלל) און ניט ווי די ווערטער פון דעם (פון שמאי), נאָר ביז עס זענען געקומען צוויי וועבער (גרדיים) פון מיסט־טויער (שער האשפות) פון ירושלים, און זיי האָבן עדות־געזאָגט אין נאָמען פון שמעיה און אבטליון, אז דריי קוואָרט (לוגים) געשעפּטע וואסער פסלן די מקוה, און די חכמים האָבן אנגענומען זייערע ווערטער (דערקלערט אז די הלכה איז ווי זיי זאָגן). דער טעם פון דריי קוואָרט איז ווייל דערמיט קאָן זיך א מענטש ארומוואשן. די גמרא זאָגט, אז דאריבער דערמאָנט די משנה אז דאָס זענען געוועזן „וועבער״ און אז פון „מיסט־טויער״, כדי צו ווייזן, אז כאָטש וועבער האָבן געהערט צו די נידריקסטע בעלי מלאכות און דער מיסט־טויער האָט געהערט צום נידריקסטן אָרט אין ירושלים, פונדעסט־

אֶת דִּבְרֵיהֶם: ד וְלָמָּה מַזְכִּירִין אֶת דִּבְרֵי שַׁמַּאי וְהִלֵּל לְבַטָּלָה? לְלַמֵּד לְדוֹרוֹת הַבָּאִים שֶׁלֹּא יְהֵא אָדָם עוֹמֵד עַל דְּבָרָיו. שֶׁהֲרֵי אֲבוֹת הָעוֹלָם לֹא עָמְדוּ עַל דִּבְרֵיהֶם: ה וְלָמָּה מַזְכִּירִין דִּבְרֵי הַיָּחִיד בֵּין הַמְרֻבִּין, הוֹאִיל וְאֵין הֲלָכָה אֶלָּא כְּדִבְרֵי הַמְרֻבִּין? שֶׁאִם יִרְאֶה בֵּית דִּין אֶת דִּבְרֵי הַיָּחִיד (וְ)יִסְמוֹךְ עָלָיו. שֶׁאֵין בֵּית דִּין יָכוֹל לְבַטֵּל דִּבְרֵי בֵּית דִּין חֲבֵרוֹ עַד שֶׁיִּהְיֶה גָּדוֹל מִמֶּנּוּ בְּחָכְמָה וּבְמִנְיָן, הָיָה גָּדוֹל מִמֶּנּוּ בְּחָכְמָה אֲבָל לֹא בְמִנְיָן, בְּמִנְיָן אֲבָל לֹא בְחָכְמָה, אֵינוֹ יָכוֹל לְבַטֵּל דְּבָרָיו, עַד

וועגן האָבן זיי מיט זייערע עדות זאָגן איבערגעוואויגן די ווערטער פון הלל און שמאי. די תנאים שמעיה און אבטליון זענען געווען פון די זוגות, די פירער פון די סנהדרין; זיי זענען געווען די רביים פון הלל און שמאי (זע מסכתא אבות פרק א' משנה י"ב).

ד. ולמה, און פאַרוואָס דערמאָנט מען די ווערטער פון שמאי און הלל אומזיסט (לבטלה)? **אויב מען האָט אין די פריערדיקע משנה־הלכות ניט געפסקנט ווי שמאי און הלל, פאַרוואָזשע דערמאָנט מען אין דער משנה זייערע מיינונגען?** ללמד, (מען טוט עס) כדי צו לערנען צו די שפּעטערדיקע דורות, אַז אַ מענטש זאָל זיך ניט איינשפּאַרן (אַז מען זאָל דוקא פסקענען) ווי זיינע ווערטער, וואָרום (אָט זען מיר דאָך אַז) די פאָטערס פון דער וועלט (אבות העולם, די גרעסטע מענטשן, די גרעסטע וועלט־רביים, שמאי און הלל) האָבן זיך ניט איינגעשפּאַרט (אַז מען זאָל דוקא פּסקענען) ווי זייערע ווערטער. **און אויב זיי האָבן געזען, אַז די אנדערע חכמים זענען גערעכט, האָבן זיי מסכים געווען מיט דער מיינונג פון די אנדערע חכמים.**

ה. ולמה, און פאַרוואָס דערמאָנט מען די ווערטער (די מיינונג) פון אַ יחיד (פון אַן איינצלנעם תנא) צוזאַמען מיט (דער מיינונג) פון דער מערהייט (מרובין, פון דער מערהייט תנאים, וועלכע פּסקענען אנדערש), כאָטש די הלכה בלייבט דאָך ניט אַנדערש נאָר אַזוי ווי די מערהייט? **מיר געפינען אָפט אין דער משנה, אַז עס ווערט געבראַכט ווי אַן איינצעלנער תנא (ר' מאיר, צי ר' יהודה צי אַן אנדערער תנא) זאָגט, אַז דער דין איז אַזוי, און אַז די חכמים, די מערהייט תנאים, זאָגן אַז דער דין איז אַנדערש, און די הלכה בלייבט ווי די חכמים (יחיד ורבים הלכה כרבים). פרעגט די משנה: אויב אַזוי, צו וואָס דערמאָנט מען בכלל אין דער משנה די מיינונג פון דעם איינצלנעם תנא?** שאם, (מען טוט עס), כדי אַז אויב אַ בית דין וועט זען די ווערטער פון דעם יחיד (פון דעם איינצלנעם תנא) און וועט זיך פאַרלאָזן אויף אים (וועט פּסקענען ווי זיין מיינונג), זאָל אַן אנדערער בית דין נישט קאָנען מבטל זיין (אָפּשאַפן) די ווערטער (דעם פּסק דין) פון דעם (פריערדיקן) בית דין, סיידן ער (דער אנדערער בית דין) וועט זיין גרעסער פון אים (פון ערשטן בית דין) אין חכמה און אין צאָל. מיט „חכמה" מיינט מען **אַז דער ראש ישיבה פון אנדערן בית דין זאָל קאָנען בעסער לערנען פון ראש ישיבה פון ערשטן בית דין.** און מיט „צאָל" (מנין) מיינט מען, **אַז די צאָל תלמידים פון אנדערן בית דין זאָל זיין גרעסער פון דער צאָל תלמידים פון ערשטן בית דין** (מחמת די צאָל דיינים אין יעדן בית דין איז שטענדיג גלייך, זע אין דער הקדמה צו דער מסכתא סנהדרין). **טייל טייטשן „מנין", די צאָל יאָרן, זיין עלטער.** היה, אויב ער (דער אנדערער בית דין) איז געווען גרעסער פון אים (פון ערשטן בית דין) מיט חכמה אָבער ניט מיט דער צאָל, אָדער מיט דער צאָל אָבער ניט מיט חכמה, קאָן ער ניט מבטל זיין (אָפּשאַפן) זיינע ווערטער (זיין פּסק דין), סיידן ער איז גרעסער פון אים מיט חכמה און מיט דער צאָל. **די מפרשים ברענגען, אַז דאָס מיינט מען נור בנוגע תקנות און גזרות און מנהגים.**

שֶׁיִּהְיֶה גָּדוֹל מִמֶּנּוּ בְּחָכְמָה וּבְמִנְיָן: ו אָמַר רַבִּי יְהוּדָה, אִם כֵּן לָמָּה מַזְכִּירִין דִּבְרֵי הַיָּחִיד בֵּין הַמְרֻבִּין לְבַטָּלָה? שֶׁאִם יֹאמַר הָאָדָם, כָּךְ אֲנִי מְקֻבָּל, יֹאמַר לוֹ, כְּדִבְרֵי אִישׁ פְּלוֹנִי שָׁמַעְתָּ: ז בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים רוֹבַע עֲצָמוֹת מִן הָעֲצָמִים בֵּין מִשְּׁנַיִם בֵּין מִשְּׁלשָׁה, וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים רוֹבַע עֲצָמוֹת מִן הַגְּוִיָּה מֵרוֹב הַבִּנְיָן אוֹ מֵרוֹב הַמִּנְיָן. שַׁמַּאי אוֹמֵר אֲפִלּוּ מֵעֶצֶם אֶחָד: ח כַּרְשִׁינֵי תְרוּמָה, בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים שׁוֹרִין וְשָׁפִין בְּטָהֳרָה,

**אָבער אויב איין בית דין האָט פון א דרש אָפּגעלערנט א הלכה, און אן אנדערער בית דין מיינט אז מען דאַרף דרשענען די הלכה אנדערש, קאָן ער עס יאָ טאָן. אויך זאָגן די מפרשים, אז אויב אן איסור איז פארשפרייט געוואָרן צווישן אלע יידן, קאָן קיין אנדערער בית דין ניט אפּשאפן אים, אפילו ער איז גרעסער פון ערשטן בית דין, וועלכער האָט דעם איסור איינגעפירט.**

ו. אָמר, האָט ר׳ יהודה געזאָגט, אויב אזוי (אויב די הלכה בלייבט ווי די מערהייט תנאים, און ניט ווי דער איינצלנער תנא), פארוואָס־זשע דערמאָנט מען די ווערטער פון דעם יחיד (פון איינצלנעם תנא) צוזאמען מיט די ווערטער (מיט דער מיינונג) פון דער מערהייט אומזיסטערהייט? (מען טוט עס) כדי אויב איינער וועט זאָגן: „אזוי האָב איך בקבלה" (איך האָב געהערט די הלכה אנדערש ווי מען פסקנט), זאָל ער (דאָס בית דין) אים זאָגן: „דו האָסט געהערט אזוי ווי די ווערטער פון יענעם מענטש (פון יענעם תנא). טייל טייטשן, **אז ר׳ יהודה איז מחולק אויף די ווערטער פון דער פריערדיקער משנה ה׳, און ער האלט אז מען דערמאָנט די ווערטער פון דעם יחיד ניט כדי א בית דין זאָל זיך קאָנען פארלאָזן אויף זיי, נאָר פארקערט, כדי מען זאָל קאָנען אָפּווענדן די ווערטער פון איינעם, וועלכער וועט קומען און זאָגן, אז ער האָט אנדערש געהערט די הלכה.**

ז. בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אז (מען ווערט טמא אויב מען געפינט זיך אין איין „אוהל", אין איין געצעלט, אונטער איין דאָך מיט) א פערטל (טאָפּ) ביינער פון ביינער (פון א טויטן מענטש) סיי פון צוויי (טויטע מענטשן) און סיי פון דריי (טויטע מענטשן). **אָבער אויב ווינציקער פון א פערטל טאָפּ ביינער פון א טויטן מענטש איז ניט מטמא „באוהל", אויב מען געפינט זיך מיט זיי אונטער איין דאַך. אָבער זיי זיינען מטמא דורך „מגע", ווען מען רירט זיי אָן, אָדער דורך „משא", ווען מען טראָגט זיי.** ובית הלל, און די בית הלל זאָגן, אז (מען ווערט טמא דורך „אוהל" נור ווען דאָס איז) א פערטל טאָפּ ביינער פון (איין טויטן מענטשנס) קערפּער (אָבער ניט ווען עס איז פון עטליכע טויטע מענטשן, און אויך נור ווען דער דאָזיקער פערטל טאָפּ ביינער איז) פון דעם גרעסטן טייל פון קערפּער־געבוי (רוב בנין, פון קערפּער־געבוי) אָדער פון דער גרעסטער צאָל (ביינער פון מענטשנס קערפּער, רוב מנין). **מיט „רוב בנין" מיינט מען, אז אין דעם פערטל טאָפּ ביינער זאָל זיין אויך דער גרעסטער טייל פון מענטש׳ס קערפּער; מיט „רוב מנין" מיינט מען, אז אין דעם פערטל טאָפּ ביינער זאָל זיין די מערהייט פון מענטש׳ס קערפּער־ביינער, און אזוי ווי מען נעמט אָן, אז אין מענטש׳ס קערפּער זענען פאראן 2 48 (רמ"ח) ביינער, דאַרף אין פערטל טאָפּ זיין לפּחות 125 ביינער.** טייל טייטשן, **אז אויב עס איז פאראן „רוב בנין", אָדער „רוב מנין" זענען די ביינער מטמא אויך דורך „אוהל" אפילו עס איז ניט פאראן קיין פערטל טאָפּ (זע נזיר פרק ז׳ משנה ב׳ און אין אָנהייב פרק ב׳ פון אהלות).** שמאי זאָגט אז אפילו (דער פערטל טאָפּ האָט נור) איין ביין (איז ער מטמא דורך אוהל). **דאָ געפינען מיר אז די בית שמאי, די ישיבה און די תלמידים פון שמאי, זענען געווען מחולק מיט שמאי אין דער הלכה.**

ח. כרשיני, אויב איינער האָט וויקע פון תרומה, זאָגן די בית שמאי, אז מען מעג זי ווייקן און רייבן (זיך דערמיט דעם קערפּער) נאָר בטהרה (מען זאָל זיך פריער

וּמַאֲכִילִין בְּטֻמְאָה. וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים שׁוֹרִין בְּטָהֳרָה, וְשָׁפִין וּמַאֲכִילִין בְּטֻמְאָה. שַׁמַּאי אוֹמֵר יֵאָכְלוּ צָרִיד, רַבִּי עֲקִיבָא אוֹמֵר כָּל מַעֲשֵׂיהֶם בְּטֻמְאָה: **ט** הַפּוֹרֵט סֶלַע מִמָּעוֹת מַעֲשֵׂר שֵׁנִי, בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים (בְּכָל הַ)סֶּלַע מָעוֹת. וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים בְּשֶׁקֶל כֶּסֶף וּבְשֶׁקֶל מָעוֹת. (רַבִּי מֵאִיר אוֹמֵר), אֵין מְחַלְּלִין כֶּסֶף וּפֵרוֹת עַל הַכֶּסֶף, וַחֲכָמִים מַתִּירִין: **י** הַפּוֹרֵט סֶלַע שֶׁל מַעֲשֵׂר שֵׁנִי בִּירוּשָׁלַיִם, בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים בְּכָל הַסֶּלַע מָעוֹת. וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים בְּשֶׁקֶל כֶּסֶף וּבְשֶׁקֶל מָעוֹת. הַדָּנִים לִפְנֵי חֲכָמִים אוֹמְרִים, בִּשְׁלשָׁה דִינָרִים כֶּסֶף וּבְדִינָר מָעוֹת. רַבִּי עֲקִיבָא אוֹמֵר בִּשְׁלשָׁה דִינָרִים כֶּסֶף, וּבְרְבִיעִית (כֶּסֶף, בִּרְבִיעִית) מָעוֹת. רַבִּי טַרְפוֹן אוֹמֵר, אַרְבַּע אַסְפְּרֵי כֶסֶף. שַׁמַּאי אוֹמֵר יַנִּיחֶנָּה בֶּחָנוּת, וְיֹאכַל כְּנֶגְדָּהּ: **יא** כִּסֵּא שֶׁל כַּלָּה שֶׁנִּטְּלוּ חִפּוּיָיו, בֵּית שַׁמַּאי מְטַמְּאִין, וּבֵית הִלֵּל

וואשן די הענט), אָבער געבן צו עסן (דער בהמה) מעג מען (אויך) בטומאה( ווען מען האָט זיך ניט געוואשן די הענט); און די בית הלל זאָגן, אז ווייקן (די ווייקע־תרומה) דארף מען בטהרה, אָבער רייבן (זיך דעם קערפער) און געבן צו עסן (דער בהמה) מעג מען בטומאה (מיט אומגעוואשענע הענט). שמאי זאָגט, אז (וויקע־תרומה) זאָל מען עסן (נור) טרוקענערהייט (צריד). ר׳ עקיבא זאָגט, אז אלץ וואס מען טוט מיט איר (מיט דער וויקע תרומה) קאָן זיין בטומאה (מיט אומגעוואשענע הענט). **דעם פירוש צו דער דאָזיקער משנה געבן מיר אין מסכתא מעשר שני פרק ב׳ משנה ד׳.**

ט. הפורט, אז איינער (וועלכער האָט מעשר־שני־קופער־געלט און וויל עס פירן קיין ירושלים און עס איז אים שווער צו פירן אזוי פיל קופער־געלט און ער) וויל אויסטוישן אויף א (זילבערנע) סלע (די מעות, דאָס קופער־געלט) פון מעשר שני, זאָגן די בית שמאי, אז ער מעג נעמען א גאנצן סלע פאַר די מעות; און די בית הלל זאָגן, אז נור א שקל (א האלבן סלע) זילבער־געלט, און פאַר א שקל (א האלבן סלע) מעות (קופער־געלט). ר׳ מאיר זאָגט, אז מען טאָרניט אויסטוישן זילבער־געלט און פרוכטן (ביידע פון מעשר שני) אויף זילבער־געלט; און די חכמים זענען מתיר. **דעם פירוש צו דער דאָזיקער משנה געבן מיר אין מסכתא מעשר שני פרק ב׳ משנה ח׳.**

י. הפורט, אז איינער וויל אויסטוישן א (זילבערנעם) סלע פון מעשר שני אין ירושלים (אויף קופער־געלט), זאָגן די בית שמאי, אז (ער קאָן אויסטוישן) דעם גאנצן סלע אויף מעות (קופער ־ געלט), און די בית הלל זאָגן, אז פאַר א שקל (א האלבן סלע) זאָל ער נעמען זילבער־געלט, און פאַר א שקל (א האלבן סלע) זאָל ער נעמען מעות (קופער־געלט); די, וואס זענען דן פאַר די חכמים, זאָגן, אז פאַר דריי דינרים (דריי פערטל פון א סלע, ווייל א סלע איז פיר דינרים) זאָל ער נעמען זילבער־געלט, און פאַר איין דינר (איין פערטל פון א סלע) זאָל ער נעמען מעות (קופער־געלט). ר׳ עקיבא זאָגט, אז פאַר דריי דינרים זאָל ער נעמען זילבער, און פאַר א פערטל (רביעית, א פערטל פון פירטן דינר) קופער־געלט. ר׳ טרפון זאָגט, אז ער זאָל פאַר פיר אספרי נעמען זילבער (פינף אספרי זענען געווען איין דינר). שמאי זאָגט, אז (ער זאָל בכלל ניט אויסטוישן דעם סלע, נאָר) ער זאָל אים אוועקלייגן אין קראָם (ביים קרעמער, וואס פאַרקויפט אין ירושלים עסנוואַרג) און ער זאָל נעמען עסן אויף אים. **דעם פירוש צו דער דאָזיקער משנה געבן מיר אין מסכתא מעשר שני פרק ב׳ משנה ט׳.**

יא. כסא, די שטול פון א כלה (אויף וועלכער עס זיצט די כלה ביי איר חתונה), פון וועלכער מען האָט אראָפּגענומען אירע באַפּוצונגען (חיפויו), זאָגן די בית שמאי אז (אויב די שטול האָט אָנגערירט א טמא זאַך, למשל א מת) ווערט זי טמא

מְטַהֲרִין. שַׁמַּאי אוֹמֵר אַף מַלְבֵּן שֶׁל כִּסֵּא טָמֵא. כִּסֵּא שֶׁקְּבָעוֹ בַּעֲרֵיבָה, בֵּית שַׁמַּאי מְטַמְּאִין וּבֵית הִלֵּל מְטַהֲרִין. שַׁמַּאי אוֹמֵר אַף הֶעָשׂוּי בָּהּ:

**יב** אֵלּוּ דְּבָרִים שֶׁחָזְרוּ בֵּית הִלֵּל לְהוֹרוֹת כְּדִבְרֵי בֵּית שַׁמַּאי. הָאִשָּׁה שֶׁבָּאָה מִמְּדִינַת הַיָּם וְאָמְרָה מֵת בַּעְלִי, תִּנָּשֵׂא. מֵת בַּעְלִי, תִּתְיַבֵּם. דִּבְרֵי בֵּית שַׁמַּאי. וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים לֹא שָׁמַעְנוּ אֶלָּא בְּבָאָה מִן הַקָּצִיר בִּלְבָד. אָמְרוּ לָהֶם בֵּית שַׁמַּאי, אַחַת הַבָּאָה מִן הַקָּצִיר וְאַחַת הַבָּאָה מִן הַזֵּיתִים, וְאַחַת הַבָּאָה מִמְּדִינַת הַיָּם. לֹא דִבְּרוּ בַקָּצִיר אֶלָּא בַהֹוֶה. חָזְרוּ בֵּית הִלֵּל לְהוֹרוֹת כְּדִבְרֵי בֵּית שַׁמַּאי. בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים תִּנָּשֵׂא וְתִטּוֹל כְּתֻבָּתָהּ. וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים תִּנָּשֵׂא וְלֹא תִטּוֹל כְּתֻבָּתָהּ. אָמְרוּ לָהֶם בֵּית שַׁמַּאי, הִתַּרְתֶּם אֶת הָעֶרְוָה הַחֲמוּרָה (וְלֹא נַתִּיר) לֹא תַתִּירוּ אֶת הַמָּמוֹן

(ווייל זי הייסט נאָך א כלי, א שטול), און די בית הלל זאָגן, אז זי איז טהור (ווייל זי הייסט ניט מער קיין כלי). שמאי זאָגט, אז אויך דאָס געזעס־אָרט פון א שטול (מלבן, אויב עס האָט אָנגערירט אַ טמא־זאַך) איז טמא. (ווייל עס הייסט אַ כלי). א שטול וואָס מען האָט אריינגעזעצט אין א מעל־מילטער (בעריבה), זאָגן די בית שמאי אז (אויב עס האָט אָנגערירט די שטול א טמא־זאך) ווערט די טמא (ווייל די שטול ווערט ניט בטל צום מילטער), און די בית הלל זאָגן, אז עס איז טהור (ווייל די שטול ווערט יאָ בטל צום מילטער); שמאי זאָגט, אז אויך א שטול וואָס איז (באלד פון אנהייב) געמאכט אין אים (אין מילטער, ווערט טמא). **דעם פירוש צו דער דאָזיקער משנה געבן מיר אין מסכתא כלים פרק כ״ב משנה ד׳.**

יב. אלו, דאָס זענען זאכן (הלכות) אין וועלכע די בית הלל האָבן זיך צוריקגעצויגן (פון זייער מיינונג און האָבן גענומען) פסקענען אזוי ווי די בית שמאי. **פון דאנען ביז צום סוף פון פרק א׳ וועלן געגעבן ווערן הלכות, וועגן וועלכע די בית־הלל האָבן געהאלטן אנדערש פון די בית שמאי, נאָר דערנאָך האָבן זיי גענומען פסקענען אזוי ווי די בית שמאי.** — האשה, אויב א פרוי (וועלכע איז אוועק מיט איר מאן אין מדינת הים, אין א ווייט לאנד) איז צוריקגעקומען פון ווייטן לאנד (פון מדינת הים) און זי האָט געזאָגט: „מיין מאן איז געשטאָרבן״, מעג זי חתונה האָבן (מען גלויבט איר, אז איר מאן איז געשטאָרבן), „אויב זי האָט געזאָגט): „מיין מאן איז געשטאָרבן״ (און ער האָט ניט איבערגעלאָזט קיין קינדער), מעג זי ווערן מיובם (חתונה האָבן מיטן מאנ׳ס ברודער), אזוי זאָגן די בית שמאי. און די בית הלל זאָגן: מיר האָבן געהערט (די דאָזיקע הלכה אז זי איז באגלויבט) ניט אנדערש נאָר ווען זי קומט פון שניט (פון שניידן תבואה אין פעלד, און זי זאָגט אז איר מאן איז געשטאָרבן. האָבן צו זיי (צו די בית הלל) געזאָגט די בית שמאי, אז עס איז אלץ איינס, צו זי קומט פון שניט (פון שניידן תבואה אין פעלד), צי פון שניידן איילבירטן, צי זי קומט פון א ווייטער מדינה (מדינת הים), און דאָס וואָס זיי (די חכמים) האָבן געזאָגט וועגן „שניט״ איז עס נור ווייל זיי האָבן גערעדט וועגן (א זאך) וואָס עס איז דער שטייגער אזוי (בהווה). האָבן די בית הלל זיך צוריקגעצויגן און גענומען פסקענען ווי די בית שמאי. **דעם פירוש צו דער דאָזיקער משנה געבן מיר אין מסכתא יבמות פרק ט״ו משנה ב׳.** — בית שמאי אומרים, די בית שמאי זאָגן, אז זי (די פרוי וואָס קומט פון ווייטן לאנד און זאָגט, אז איר מאן איז געשטאָרבן) מעג חתונה האָבן און זי נעמט אויך אָפּ איר כתובה־געלט; און די בית הלל זאָגן, אז זי מעג חתונה האָבן, אָבער זי באקומט ניט איר כתובה־געלט. **דאָס הייסט, פון מאנ׳ס ירושה־פארמעגנס, ווייל בנוגע געלט גלויבט מען איר ניט.** אָמרו, האָבן צו זיי (צו די בית הלל) געזאָגט די בית שמאי: איר האָט דאָך מתיר געמאכט דעם הארבן (איסור פון) ערוה (אן אשת איש, און איר זענט איר מתיר חתונה צו האָבן מחמת איר גלויבט אירע ווערטער

הַקַּל? אָמְרוּ לָהֶם בֵּית הִלֵּל, מָצִינוּ שֶׁאֵין הָאַחִים נִכְנָסִין לְנַחֲלָה עַל פִּיהָ. אָמְרוּ לָהֶם בֵּית שַׁמַּאי, וַהֲלֹא מִסֵּפֶר כְּתֻבָּתָהּ נִלְמוֹד, שֶׁהוּא כוֹתֵב לָהּ, שֶׁאִם תִּנָּשְׂאִי לְאַחֵר תִּטְּלִי מַה שֶּׁכָּתוּב לִיךְ. חָזְרוּ בֵית הִלֵּל לְהוֹרוֹת כְּדִבְרֵי בֵית שַׁמַּאי: יג. מִי שֶׁחֶצְיוֹ עֶבֶד וְחֶצְיוֹ בֶּן חוֹרִין עוֹבֵד אֶת רַבּוֹ יוֹם אֶחָד וְאֶת עַצְמוֹ יוֹם אֶחָד. (כ)דִּבְרֵי בֵית הִלֵּל. בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים (אָמְרוּ לָהֶם בֵּית שַׁמַּאי) תִּקַּנְתֶּם אֶת רַבּוֹ וְאֶת עַצְמוֹ לֹא תִקַּנְתֶּם. לִשָּׂא שִׁפְחָה אֵינוֹ יָכוֹל. בַּת חוֹרִין אֵינוֹ יָכוֹל. לִבָּטֵל, וַהֲלֹא לֹא נִבְרָא הָעוֹלָם אֶלָּא לִפְרִיָּה וּרְבִיָּה, שֶׁנֶּאֱמַר לֹא תֹהוּ בְרָאָהּ לָשֶׁבֶת יְצָרָהּ. אֶלָּא מִפְּנֵי תִקּוּן הָעוֹלָם כּוֹפִין אֶת רַבּוֹ וְעוֹשֶׂה אוֹתוֹ בֶּן חוֹרִין, וְכוֹתֵב שְׁטָר עַל חֲצִי דָמָיו. חָזְרוּ בֵית הִלֵּל לְהוֹרוֹת כְּבֵית שַׁמַּאי: יד. כְּלִי חֶרֶס מַצִּיל עַל הַכֹּל כְּדִבְרֵי

אז דער מאַן איז געשטאָרבן), זאָלט איר ניט מתיר מאַכן (איר אָפּצונעמען) געלט, וואָס איז גרינג ? — האָבן צו זיי (צו די בית שמאי) געזאָגט די בית הלל: מיר געפינען דאָך, אז די ברידער (פון מאַן) גייען ניט אריין אין דער ירושה (נעמען ניט דאָס ירושה־פאַרמעגן פון איר מאַן) אויף אירע ווערטער (ווייל בנוגע געלט־זאַכן איז זי ניט באַגלויבט) ! — האָבן צו זיי (צו די בית הלל) געזאָגט די בית שמאי : סטייטש פון איר כתובה־ספר (פון דער געשריבענער כתובה וואָס זי האָט) לערנען מיר דאָך (אַז זי קאָן אָפּנעמען דאָס כתובה־געלט), ווארום ער (דער מאַן ווען ער האָט חתונה מיט דער פרוי) שרייבט דאָך איר (אין דער כתובה), אַז: „אויב דו וועסט חתונה האָבן מיט אַן אנדערן מאַן, באַקומסטו (דאָס כתובה־געלט) וואָס איז דיר פאַרשריבן" (און אַזוי ווי זי קאָן איצט חתונה האָבן מיט אַן אנדערע מאַן, קומט איר אויך דאָס כתובה־געלט). האָבן די בית הלל זיך צוריקגעצויגן און גענומען פסקענען ווי די בית שמאי. **דעם פירוש צו דער דאָזיקער משנה געבן מיר אין מסכתא יבמות פרק ט"ו משנה ג'.**

יג. מי, אויב איינער איז א האַלבער שקלאַף און א האַלבער פרייער מענטש, זאָל ער אַרבייטן פאַר זיין בעל הבית איין טאָג, און (אַרבייטן) פאַר זיך איין טאָג, אַזוי זאָגן די בית הלל. האָבן די בית שמאי געזאָגט צו זיי (צו די בית הלל): „איר האָט פאַרזאָרגט (תיקנתם) זיין בעל הבית, און אים אליין (דעם האַלב־שקלאַף און האַלב פרייען מענטש) האָט איר ניט פאַרזאָרגט; חתונה האָבן מיט א שקלאַפין קאָן ער ניט (טאָר ער ניט ווייל ער איז דאָך א האַלב פרייער מענטש), און (חתונה האָבן מיט א פרייער (כשרער יידישער) פרוי (בת חורין) קאָן ער אויך ניט (ווייל ער איז דאָך א האַלבער שקלאַף); זאָל ער בלייבן ליידיק (ליבטל, אינגאַנצן ניט חתונה האָבן), סטייטש די וועלט איז דאָך באַשאַפן געוואָרן נאָר כדי מען זאָל האָבן קינדער (לפריה ורביה, מען זאָל זיך פאַרמערן), ווארים עס ווערט דאָך געזאָגט (ישעיה מ"ה) „לא תהו בראה, לשבת יצרה, ניט צום וויסטעניש האָט ער (גאָט) זי (די וועלט) באַשאַפן, נאָר צו באַזעצן זי (מיט מענטשן) האָט ער זי באַשאַפן"; נאָר צוליב דער פאַרזאָרגונג פון דער וועלט (תיקון העולם) צווינגט מען זיין בעל הבית (דעם האַר פון דעם האַלב־שקלאַף און האַלב־פרייען מענטשן) און ער באַפרייט אים (אינגאַנצן), און ער (דער האַלב־שקלאַף) שרייבט אים א וועקסל אויף א העלפט פון זיין געלט". האָבן די בית הלל זיך צוריקגעצויגן און גענומען פסקענען ווי די ווערטער פון די בית שמאי. **דעם פירוש צו דער דאָזיקער משנה געבן מיר אין מסכתא גטין פרק ד' משנה ח'.**

יד. כלי חרס, א ערדענע כלי איז מציל אויף אלץ (ראַטעוועט אלץ וואָס איז אינווייניק אַז עס זאָל ניט טמא ווערן), אַזוי איז לויט די ווערטער פון די בית הלל. **דער דין איז אַז אויב א זאַך, א כלי, אָדער עסנוואַרג געפינט זיך מיט א טויטן מענטש**

בֵּית הִלֵּל. וּבֵית שַׁמַּאי אוֹמְרִים אֵינוֹ מַצִּיל אֶלָּא עַל הָאוֹכָלִין, וְעַל הַמַּשְׁקִין, וְעַל כְּלִי חֶרֶס. אָמְרוּ לָהֶם בֵּית הִלֵּל מִפְּנֵי מָה? אָמְרוּ לָהֶם בֵּית שַׁמַּאי. מִפְּנֵי שֶׁהוּא טָמֵא עַל גַּב עַם הָאָרֶץ, וְאֵין כְּלִי טָמֵא חוֹצֵץ. אָמְרוּ לָהֶם בֵּית הִלֵּל, וַהֲלֹא טִהַרְתֶּם אוֹכָלִים וּמַשְׁקִין שֶׁבְּתוֹכוֹ. אָמְרוּ לָהֶם בֵּית שַׁמַּאי, כְּשֶׁטִּהַרְנוּ אוֹכָלִין וּמַשְׁקִין שֶׁבְּתוֹכוֹ, לְעַצְמוֹ טִהַרְנוּ. אֲבָל כְּשֶׁטִּהַרְתָּ אֶת הַכְּלִי טִהַרְתָּ לְךָ וְלוֹ.

**אין איין הויז אָדער הינטער איין דאך, ווערט די כלי צי דאָס עסנוורג טמא דורך „אוהל״, דורך זיין אין איין „אוהל״, אין איין געצעלט, מיט דעם מת, מיט דעם טויטן מענטש. אן אויסנאם איז א ערדענע כלי, וואָס אויב זי איז פארמאכט פעסט מיט א דעקל („צמיד פתיל״) ווערט זי ניט טמא. און ניט נור ווערט די ערדענע כלי, למשל, א ערדענע פאס, וועלכע איז פארמאכט פעסט מיט א ערדענער דעק, אליין ניט טמא, נאָר אויך (אויב די פאס איז טהור) זענען אלע זאַכן וועלכע געפינען זיך אין דער דאָזיקער פארמאכטער פאס, למשל אויב עס זענען פאראן אין איר עסנווארג און הילצערנע כלים, ווערן אויך זיי ניט טמא, כאָטש די פאס איז פאראן אין דעם הויז מיט דעם מת. דער טעם איז, ווייל קוים איז די פארמאכטע ערדענע פאס אליין טהור, איז זי חוצץ, שיצט זי אויך די זאכן. דאָס הייסט, אז א ערדענע כלי איז „מציל, ראטעוועט, באשיצט אלץ״, סיי עסנווארג און סיי אנדערע כלים (הילצערנע, צי מעטאלענע).**

אזוי האָבן געזאָגט די **בית הלל.** ובית שמאי, און די בית שמאי זאָגן, אז זי (די ערדענע כלי) איז מציל נור עסנווארג און געטראנקן און ערדענע כלים. **אויב עסנווארג און געטראנקן און ערדענע כלים זענען געווען אין דער פארמאכטער ערדענער פאס, זענען זיי טהור; אָבער אויב עס זענען דאָרט געווען אנדערע כלים, למשל, הילצערנע כלים, ווערן זיי יאָ טמא.** אָמרו להם, האָבן זיי (די בית הלל) געזאָגט צו זיי (צו די בית שמאי): פארוואָס? האָבן זיי די בית שמאי אָפּגעענטפערט: ווייל זי (די ערדענע כלי, די ערדענע פאס) איז טמא ביי א עם הארץ, און א טמא־כלי קאָן ניט שיצן (חוצץ, קאָן ניט ראטעווען אן אנדערע זאך ניט טמא צו ווערן). **אין דער צייט פון דער משנה און גמרא זענען געווען טייל יידן וועלכע זענען ניט געווען אפּגעהיטן אין די דינים פון טומאה וטהרה, און מען האָט זיי גערופן די עמי הארץ, און די חכמים האָבן איינגעפירט א תקנה, אז זאכן פון א עם הארץ ווערן באטראכט פאר טמא. זאָגן די בית שמאי, אז ווייל די ערדענע כלי איז טמא אויב זי געהערט צו א עם הארץ, דעריבער קאָן זי ניט באשיצן די אנדערע כלים וועלכע זענען פאראן אין איר, אז זיי זאָלן ניט טמא ווערן, ווייל א טמא כלי קאָן ניט באשיצן.** אָמר, להם, האָבן צו זיי געזאָגט די בית הלל, סטייטש איר האָט דאָך מטהר געווען (איר זאָגט דאָך אז עס זענען טהור) די עסנווארג און געטראנקן וואָס זענען פאראן אין איר (אין דער ערדענער כלי)? **פארוואָס זשע קאָן די ערדענע כלי באשיצן די עסנווארג און געטראנקן יאָ?** אָמרו להם בית שמאי, האָבן די בית שמאי זיי אָפּגעענטפערט: ווען מיר האָבן מטהר געווען (געזאָגט אז עס זענען טהור) די עסנווארג און געטראנקן וואָס זענען פאראן אין איר (אין דער ערדענער כלי) האָבן מיר זיי געמאכט פאר טהור נור פאר אים אליין (פאר דעם עם הארץ אליין), אָבער ווען דו האָסט מטהר געווען (געזאָגט אַז עס איז טהור) אויך די כלי (די אנדערע, למשל, הילצערנע כלי וואָס איז פאראן אין דער ערדענער פאס) האָסט דו דאָך זי געמאכט טהור סיי פאר דיר און סיי פאר אים (פאר דעם עם הארץ). **א פרומער ייד האָט ניט גענומען און ניט געבאָרגט ביי א עם הארץ ניט קיין עסנווארג און ניט קיין ערדענע כלי, ווייל ער האָט מורא געהאט טאָמער זענען זיי טמא (ניט דורך מת, ווייל פון א מת־טומאה איז אויך א עם הארץ אָפּגעהיטן) און טמא ־ עסנווארג און טמא ערדענע כלים קאָן מען נישט מאכן טהור דורך טובל זיין אין מקוה. אָבער ער פלעגט באָרגן ביים עם הארץ אנדערע**

חָזְרוּ בֵית הִלֵּל לְהוֹרוֹת כְּדִבְרֵי בֵית שַׁמַּאי:

# פרק ב.

**א** רַבִּי חֲנִינָא סְגַן הַכֹּהֲנִים הֵעִיד אַרְבָּעָה דְבָרִים. מִיָּמֵיהֶם שֶׁל כֹּהֲנִים לֹא נִמְנְעוּ מִלִּשְׂרוֹף אֶת הַבָּשָׂר שֶׁנִּטְמָא בִּוְלַד הַטֻּמְאָה עִם הַבָּשָׂר שֶׁנִּטְמָא בְּאַב הַטֻּמְאָה אַף עַל פִּי שֶׁמּוֹסִיפִין טֻמְאָה עַל טֻמְאָתוֹ. הוֹסִיף רַבִּי עֲקִיבָא, מִיָּמֵיהֶם שֶׁל כֹּהֲנִים לֹא נִמְנְעוּ מִלְּהַדְלִיק אֶת הַשֶּׁמֶן שֶׁנִּפְסַל

כלים, הילצערנע כלים, און פלעגט זיי טובל זיין אין מקוה און זיי נוצן, ווייל די אנ־דערע כלים קאָן מען יאָ טהור מאכן דורך טובל זיין זיי אין מקוה (מען האָט זיי דאַ־ריבער גערופן „כלי שטף", פון „שטף", אָפּשווענקן, טובל זיין זיי אין וואסער). זאָגן די בית שמאי, אז דאריבער האלט מען, אז די ערדענע פאס קאָן באשיצן די עסנוואַרג און די ערדענע כלים ביי א עם הארץ, ווייל פאר אים, פאר דעם עם הארץ, איז דאָך די פאס אויך טהור, און א טהור ערדענע כלי קאָן דאָך באשיצן, און מיר האָבן דאָך ניט מורא צו האָבן טאָמער וועט א פרומער ייד באַרגן ביים עם הארץ די עסנוואַרג און די ערדענע כלי (און פאר דעם פרומען ייד קאָן דאָך די ערדענע פאס פון עם הארץ ניט באשיצן, ווייל פאר אים איז זי דאָך טמא), מחמת ער באַרגט סיי ווי ניט פון עם הארץ אזעלכע זאַכן. אָבער אנדערע, למשל הילצערנע כלים באַרגט דאָך דער פרומער ייד יאָ פון עם הארץ, איז דאָך מורא צו האָבן, טאָמער וועט ער באַרגן פון אים די הילצערנע כלים, און ער וועט זי טובל זיין און נוצן, און באמת איז דאָך די הילצערנע כלי טמא געוואָרן דורך א מת (ווייל פאר דעם פרומען ייד האָט דאָך די ערדענע פאס ניט באשיצט פון מת־אוהל די הילצערנע כלי, און דער עם הארץ וועט אים ניט זאָגן, אז זי איז טמא, ווייל פאר דעם עם הארץ איז זי יאָ געשיצט געווען דורך דער פאס און זי איז טהור), און עס העלפט נישט דאָ טובל זיין אין מקוה נאָר מען מוז זי טהור מאכן, ווי מען מאכט טהור פון א טומאה דורך א מת, דהיינו, זי ווערט טהור ערשט אין 7 טעג ארום, און מען דאַרף זי באַ־שפריצן מיט דעם וואסער און אש פון דער פרה אדומה, (און אויף 7 טעג באַרגט מען ניט קיין כלי). דאריבער האָבן די חכמים געזאָגט, אז די ערדענע פאס קאָן ניט באשיצן ביים עם הארץ די אנדערע כלים. און כדי ניט צו מאכן קיין אונטערשיד צווישן א עם הארץ און פרומע יידן (וועלכע האָבן געהייסן חברים, חבר) האָט מען מתקן געווען אז אויך ביי פרומע יידן קאָן די ערדענע פאס נאָר באשיצן עסנוואַרג און געטראנקן און ערדענע כלים, אָבער ניט אנדערע זאכן. חזרו, האָבן די בית הלל זיך צוריקגעצויגן און גענומען פסקענען ווי די ווערטער פון די בית שמאי. — **דערמיט ענדיקן זיך די הלכות, אין וועלכע די בית הלל האָבן זיך צוריקגעצויגן פון זייער פריערדיקער מיינונג און גענומען פסקענען ווי די בית שמאי.**

## פרק ב.

א. ר' חנינא סגן הכהנים האָט עדות געזאָגט פיר זאכן. **מיר האָבן אין דער הקדמה צו מסכתא עדיות געזאָגט, אז עס וועלן דאָ געבראכט ווערן הלכות וואָס תנאים האָבן עדות געזאָגט וועגן זיי אין דער ישיבה פאר די חכמים. ר' חנינא האָט עדות געזאָגט וועגן פיר הלכות, און זיי זענען:** מימיהם, די כהנים האָבן קיינמאָל ניט (מימיהם לא) זיך אָפּגעהאלטן פון צו פארברענען פלייש (פון קרבנות) וואָס איז טמא געוואָרן דורך (אָנרירן) א ולד הטומאה (א קינד פון טומאה, ניט א הויפּט־טמא־זאך) צוזאמען מיט פלייש (פון קרבנות) וואָס איז טמא געוואָרן דורך (אָנרירן) אן אב הטומאה (א הויפּט־טמא־זאך), כאָטש דאדורך איז מען מוסיף (גיט מען צו, מען פארגרעסערט) טומאה אויף זיין (פריערדיקער) טומאה. ר' עקיבא האָט (נאָכמער) צו־געגעבן (צו די ווערטער פון ר' חנינא), אז די כהנים האָבן קיינמאָל זיך ניט אָפּגע־האלטן צו ברענען אייל (פון תרומה) וואָס איז געוואָרן פסול דורך אנרירן א טבול

בִּטְבוּל יוֹם בְּנֵר שֶׁנִּטְמָא בִּטְמֵא מֵת, אַף עַל פִּי שֶׁמּוֹסִיפִין טֻמְאָה עַל טֻמְאָתוֹ: **ב** אָמַר רַבִּי חֲנִינָא סְגַן הַכֹּהֲנִים מִיָּמַי לֹא רָאִיתִי עוֹר יוֹצֵא לְבֵית הַשְּׂרֵפָה. אָמַר רַבִּי עֲקִיבָא, מִדְּבָרָיו לָמַדְנוּ שֶׁהַמַּפְשִׁיט אֶת הַבְּכוֹר וְנִמְצָא טְרֵפָה שֶׁיֵּאוֹתוּ הַכֹּהֲנִים בְּעוֹרוֹ. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים (אֵין) לֹא רָאִינוּ אֵינוֹ רְאָיָה, אֶלָּא יוֹצֵא לְבֵית הַשְּׂרֵפָה: **ג** אַף הוּא הֵעִיד עַל כְּפָר קָטָן שֶׁהָיָה בְּצַד יְרוּשָׁלַיִם, וְהָיָה בוֹ זָקֵן אֶחָד, וְהָיָה מַלְוֶה לְכָל בְּנֵי הַכְּפָר, וְכוֹתֵב בִּכְתַב יָדוֹ, וַאֲחֵרִים חוֹתְמִין. וּבָא מַעֲשֶׂה לִפְנֵי חֲכָמִים וְהִתִּירוּ. לְפִי דַרְכְּךָ אַתָּה לָמֵד שֶׁהָאִשָּׁה כּוֹתֶבֶת אֶת גִּטָּהּ, וְהָאִישׁ כּוֹתֵב אֶת

יום (א מענטש וואָס איז געווען טמא און האָט זיך טובל געווען און איז געוואָרן טהור, ריין, אָבער ער דאַרף וואַרטן ביז עס וועט ווערן אוונט, און דעם גאַנצן טאָג הייסט ער א טבול יום און ווען ער רירט אָן תרומה ווערט די תרומה פסול) אין א לעמפּל וואָס איז טמא געוואָרן אין א טמא־מת (אָנרירנדיק א מענטש וועלכער האָט אנגערירט א מת) כאָטש זיי האָבן מוסיף געווען (פאַרגרעסערט) טומאה אויף דער פריערדיקער טומאה (פון תרומה־אייל). **דעם פירוש צו דער דאָזיקער משנה געבן מיר אין מסכתא פסחים פרק א׳ משנה ו׳. דאָס איז די ערשטע עדות־הלכה פון ר׳ חנינא. איצט גיט די משנה די 2טע עדות־הלכה פון אים.**

ב. אמר, ר׳ חנינא סגן הכהנים האָט געזאָגט: „איך האָב קיינמאָל ניט געזען, אז א פעל (פון א קרבן־בהמה) זאָל ארויסגעפירט ווערן צום פאַרברענען (לבית השריפה, צום אָרט, וואו מען פאַרברענט פסול־געוואָרענע קרבנות). האָט ר׳ עקיבא געזאָגט, אז פון זיינע (ר׳ חנינא׳ס) ווערטער לערנען מיר, אז איינער (א כהן) ציט־אָפּ (די פעל) פון (א בהמה) א בכור (וואָס איז הייליק און מען האָט אים געשאָכטן אלס א קרבן) און ער (דער בכור) איז געפונען געוואָרן א טריפה (מען האָט אין אים געפינען א פעלער, דורך וועלכן ער ווערט טריפה, למשל, א לעכל אין די לונגן), מעגן די כהנים באַנוצן זיך (יאותו, געניסן) מיט זיין פעל (מען פאַרברענט ניט די פעל, מחמת די פעל ווערט ניט פסול). און די חכמים זאָגן, אז „מיר האָבן ניט געזען איז נים קיין באַווייז" (לא ראינו אינו ראיה", דאָס וואָס ר׳ חנינא האָט ניט געזען איז נים קיין באַוויז, אז מען האָט ניט פאַרברענט), נאָר זי (די פעל) ווערט יאָ ארויס־געפירט צום פאַרברענען. **דעם פירוש צו דער דאָזיקער משנה געבן מיר אין מסכתא זבחים פרק י"ב משנה ד׳. — דאָס איז די 2־טע עדות־הלכה פון ר׳ חנינא. איצט גיט די משנה די 3־טע עדות־הלכה פון אים.**

ג. אף הוא, ער (ר׳ חנינא) האָט אויך עדות געזאָגט וועגן א קליין דאָרף, וואָס איז געווען לעבן ירושלים, און עס איז דאָרט געווען אן אלטער מאַן, און ער פלעגט באָרגן געלט צו אלע איינוואוינער פון דאָרף, און ער האָט געשריבן (דאָס וועקסל) מיט זיין אייגענער האַנטשריפט, און אַנדערע האָבן געחתמעט (אלס עדות): און די זאַך איז געקומען פאַר די חכמים, און זיי האָבן עס מתיר געמאַכט. **כאָטש דער מלוה, דער געלט־אוועקבאָרגער, שרייבט דאָס וועקסל, מעג מען, מחמת די עדות זענען דער עיקר.** לפי דרכך, דערפון (פון דאָזיקן וועג, אגב אורחא) קאָן מען לערנען, אז א פרוי קאָן אליין שרייבן איר גט, און א מאַן קאָן אָנשרייבן דאָס שובר־קוויטל (אז ער האָט באַ־צאָלט דער פרוי איר כתובה־געלט, „שובר", פון „שבר", צעברעכן, באַצאָלט, אָפּ־גענומען) ווייל דאָס באַשטעטיקן א גט (א דאָקומענט, א געשריבענע זאַך) קומט פאָר נור דורך זיינע אונטערגעחתמעטע (עדות). **און ווייל די עדות זענען דער עיקר איז שוין נים קיין אונטערשיד ווער עס שרייבט דעם אינהאַלט פון וועקסל, צי פון גט, צי פון קבלה־קוויטל (שובר). — דאָס איז די 3־טע עדות־הלכה פון ר׳ חנינא. איצט גיט די משנה די 4־טע עדות־הלכה פון אים:** — ועל, און (ר׳ חנינא האָט אויך עדות געזאָגט) אויף א נאָדל (וועגן וועלכער מען ווייסט אז זי איז טמא געוואָרן דורך אָנרירן

שׁוֹבְרוֹ. שֶׁאֵין קִיּוּם הַגֵּט אֶלָּא בְחוֹתְמָיו. וְעַל מַחַט שֶׁנִּמְצֵאת בַּבָּשָׂר, שֶׁהַסַּכִּין וְהַיָּדַיִם טְהוֹרוֹת וְהַבָּשָׂר טָמֵא, וְאִם נִמְצֵאת בַּפֶּרֶשׁ הַכֹּל טָהוֹר: ד שְׁלשָׁה דְבָרִים אָמַר רַבִּי יִשְׁמָעֵאל לִפְנֵי חֲכָמִים בַּכֶּרֶם בְּיַבְנֶה, עַל בֵּיצָה טְרוּפָה שֶׁהִיא נְתוּנָה עַל גַּבֵּי יָרָק שֶׁל תְּרוּמָה שֶׁהִיא חִבּוּר, וְאִם הָיְתָה כְּמִין כּוֹבַע, אֵינָהּ חִבּוּר. וְעַל שִׁבֹּלֶת שֶׁבַּקָּצִיר וְרֹאשָׁהּ מַגַּעַת לַקָּמָה, אִם נִקְצֶרֶת עִם הַקָּמָה הֲרֵי הִיא שֶׁל בַּעַל הַבַּיִת, וְאִם לָאו (הֲרֵי הִיא) שֶׁל עֲנִיִּים. וְעַל גִּנָּה קְטַנָּה שֶׁהִיא מֻקֶּפֶת עָרִים, אִם יֵשׁ בָּהּ כִּמְלֹא בוֹצֵר וְסַלּוֹ מִכָּאן,

א טויטן מענטש, א מת) אז אויב מען האָט זי געפינען אין פליש (פון קרבנות), זענען דאָס מעסער (מיט וועלכן מען האָט געשניטן אין בית־מקדש־הויף דאָס דאָזיק פליש, און עס איז א ספק צי דאָס מעסער האָט אָנגערירט די נאָדל) און די הענט (פון דעם פליש־שניידער וועגן וועלכע עס איז א ספק צי זיי האָבן אָנגערירט די נאָדל) טהור, און דאָס פליש איז טמא. **דער דין איז, אז אויב וועגן א זאך איז א ספק צי עס האָט אָנגערירט אן אנדערע טמא־זאך צי ניט, איז אויב דאָס איז פאָרגעקומען אין א רשות היחיד** (אין א פריוואט־אָרט) **איז די זאך טמא (ספק טומאה ברשות היחיד טמא), און אויב עס איז פאָרגעקומען אין א רשות הרבים (אין א עפנטליך אָרט, וואו עס גייען א סך מענטשן) איז עס טהור (ספק טומאה ברשות הרבים טהור). און ווייל דער בית־המקדש־הויף, די עזרה, ווערט באטראכט ווי א רשות הרבים, דעריבער זענען דער מעסער און די הענט, וועגן וועלכע עס איז א ספק צי זיי האָבן אָנגערירט די טמא־נאָדל, טהור, אָבער דאָס פליש האָט דאָך זיכער אָנגערירט די טמא־נאָדל, דעריבער איז עס טמא.** ואם נמצאת, און אויב מען האָט זי די נאָדל געפינען אין מיסט (פון דער בהמה) איז אלץ (אויך דאָס פליש) טהור. **ווייל מען ווייסט דאָך ניט צי עס האָט אָנגערירט דאָס פליש. ווידער דאָס מיסט, ווייל עס איז א קאַליעדיקע פליסיקייט (משקה סרוח) קאָן עס ניט ווערן טמא, און קאָן ניט מטמא זיין דאָס פליש.**

ד. שלשה, דריי זאכן (הלכות) האָט ר׳ ישמעאל געזאָגט פאר די חכמים אין ווייַנגאָרטן (אין דער ישיבה) אין יבנה. „בכרם ביבנה״, **אין „ווייַנגאָרטן אין יבנה״, מיינט מען די ישיבה אין יבנה, וועגן וועלכער מיר געבן אין דער הקדמה צו דער מסכתא עדיות. ווייל די חכמים זענען געווען אויסגעזעצט אין שורות ווי ווייַנשטאָקן אין א ווייַנגאָרטן, האָט מען די ישיבה גערופן כרם. זע אין אונזער פירוש צו כתובות פרק ד׳ משנה ו. די דריי הלכות זענען :** על ביצה, וועגן א צעקלאַפּט איי וואָס איז ארויפגעלייגט אויף א גרינס פון תרומה, אז עס איז באהאַפטן (חיבור, דאָס איי און דאָס גרינס ווערן באטראכט ווי איין זאך, און אויב א טמא זאך האָט אָנגערירט דאָס איי ווערט אויך דאָס גרינס טמא); און אויב דאָס (איי) איז געווען (ארויפגעלייגט) ווי א היטל, איז עס ניט באהאַפטן (א יז עס ווי צוויי באזונדערע זאכן). **דעם פירוש דערצו געבן מיר אין מסכתא טבול יום פרק ג׳ משנה ב׳. —** ועל שבולת, און (האָט ר׳ ישמעאל געזאָגט) וועגן א זאנג תבואה וועלכע געפינט זיך (ניט אָפּגעשניטן) אין דעם אָפּגעשניטענעם טייל פעלד, און איר (דער זאנג׳ס) שפּיץ דערגרייכט ביז צו דער שטייענדיקער (קמה, ניט־אָפּגעשניטענע טייל תבואה־פעלד), איז אויב זי (די זאנג) קאָן אָפּגעשניטן ווערן צוזאמען מיט דער שטייענדיקער תבואה, געהערט זי צום בעל הבית (הייסט זי ניט קיין „שכחה״, קיין פארגעסענע זאנג), און אויב ניט (הייסט זי שכחה און) זי געהערט צו די ארימע לייט. **דעם פירוש דערצו געבן מיר אין מסכתא פאה פרק ה׳ משנה ב׳ —** ועל גינה, און (האָט ר׳ ישמעאל געזאָגט) וועגן א קליין גערטנדל וואָס איז ארוימגערינגלט מיט ארויפגעצויגענע ווייַנשטאָקן־ביימלאך **(עריס, ווייַנשטאָקן־ביימלעך, וועלכע זענען ארויפגעפלאַכטן אויף דעם צוים פון גערטנדל פון אלע פיר זייטן),** אז אויב אין אים (אין דעם גערטנדל) איז פאראַן גענוג **אָרט אז**

וּמָלֵא בּוֹצֵר וְסַלּוֹ מִכָּאן, תִּזָּרַע, וְאִם לָאו לֹא תִזָּרַע: **ה** שְׁלשָׁה דְּבָרִים אָמְרוּ לִפְנֵי רַבִּי יִשְׁמָעֵאל, וְלֹא אָמַר בָּהֶם לֹא אִסּוּר וְ(לֹא) הֶתֵּר, וּפֵרְשָׁן רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ בֶּן מַתְיָא. הַמֵּפִיס מוּרְסָא בְּשַׁבָּת, אִם לַעֲשׂוֹת לָהּ פֶּה, חַיָּב. וְאִם לְהוֹצִיא מִמֶּנָּה לֵחָה, פָּטוּר. וְעַל הַצָּד נָחָשׁ בְּשַׁבָּת, אִם מִתְעַסֵּק שֶׁלֹּא יִשְּׁכֶנּוּ, פָּטוּר. וְאִם לִרְפוּאָה חַיָּב. וְעַל לְפָסִים אֵירוֹנִיּוֹת שֶׁהֵם טְהוֹרוֹת בְּאֹהֶל הַמֵּת, וּטְמֵאוֹת בְּמַשָּׂא הַזָּב. רַבִּי אֱלִיעֶזֶר בֶּן צָדוֹק

עס זאָל זיך קאָנען אוועקשטעלן דער ווינטרויבן־אָפשניידער מיט זיין קויש אין דער
זייט און דער ווינטרויבן־אפשניידער מיט זיין קויש פון דער אנדערער זייט (אזוי
פון אלע פיר זייטען) מעג מען פארזייען (גרינסן אין דעם גערטנדל, און עס איז ניט
אסור צוליב ווינגאָרטן־כלאים, כלאי־הכרם), און אויב ניט (אויב עס איז ניטאָ אזוי
פיל אָרט) טאָר מען (אין דעם גערטנדל) ניט פארזייען (קיין גרינס). **די מפרשים זאָגן,
אז דאָס וואָס די משנה זאָגט אז מען מעג פארזייען, מיינט מען, אז מען רוקט אָפּ פון
די ווינשטאָקן 6 טפחים, און ערשט ווייטער דערפון מעג מען פארזייען, ווי עס איז
דער דין ביי א איינצלנעם ווינשטאָק (עבודת הגפן). אין פירוש המשניות פון רמבם
איז דאָ פאראן אז מען רוקט אָפּ 4 איילן; און די דאָזיקע ווערטער זענען זייער שווער
צו פארשטיין; וועגן „עריס" און כלאי הכרם זע מסכתא כלאים אין דער הקדמה צו
פרק ד׳ און אין פרק ו׳ משנה א׳.**

ה. שלשה, דריי זאכן (דריי שאלות) האָט מען געזאָגט פאר ר׳ ישמעאל, און
ער האָט ניט געזאָגט וועגן זיי (ניט געפסקנט) ניט קיין איסור און ניט קיין היתר.
**ער האָט ניט געפסקנט ניט אז זיי זענען אסור און ניט אז זיי זענען מותר; וועגן דער
דריטער שאלה האָט ער ניט געפסקנט ניט אז עס איז טמא און ניט אז עס איז טהור.**
ופרשן, און ר׳ יהושע בן מתיא האָט זיי מפרש געווען. **ער האָט יאָ אויפגעקלערט,
ווען מען טאָר ניט און ווען מען מעג. די דריי זאכן זענען :** המפיס, אז איינער עפנט־
אויף (המפיס) א געשוויר (מורסא) אים שבת, איז אויב ער האָט עס געטאָן כדי צו
מאכן די עפנונג (פה, דאָס מויל, די עפנונג) איז ער חייב (האָט ער געטאָן א מלאכה
אים שבת, ער האָט „געבויט" א עפנונג, איז געווען א „בונה", און ער דארף ברענגען
א קרבן אויב ער האָט עס געטאָן בשוגג), און אויב כדי ארויסציען פון אים (פון גע־
שוויר) די מאטעריע (ליחה) איז ער פטור. **ווייל עס הייסט א „מלאכה שאינה צריכה
לגופה", ער דארף דאָך ניט האָבן די עפנונג, ער וויל דאָך ארויסנעמען די מאטעריע,
און ווייל א מלאכה שאינה צריכה לגופה איז אסור נור מדרבנן, און ווייל פון געשוויר
האָט מען ווייטאָג, האָבן די רבנן מתיר געמאכט.** ועל הצד, און אז איינער פאנגט א
שלאנג אים שבת, איז אויב ער האָט עס געטאָן (מתעסק, ער האָט זיך עוסק געווען
דערמיט מיט דער כוונה) כדי זי (די שלאנג) זאָל אים ניט קיין ביס געבן, איז ער פטור.
**אויך צוליב דעמזעלביקן טעם וואָס פריער, ווייל עס איז א מלאכה שאינה צריכה
לגופה, מחמת ער וויל דאָך ניט פאנגען די שלאנג; ער וויל נור, אז זי זאָל אים ניט
קיין ביס געבן.** ואם לרפואה, און אויב פאר א רפואה וועגן (צו באנוצן די שלאנג פאר
א מעדיצין, פאר רפואה) איז ער חייב. **דאָס הייסט געטאָן א מלאכה, פאנגען, „צד",
ווארום ער דארף דאָך די שלאנג אליין.** ועל לפסים, און וועגן ערדענע אינווייניק
אויסגעהוילטע (אירוניות) שיסלען, אז זיי זענען טהור אויב זיי געפינען זיך אין א
געצעלט (אונטער איין דאך צוזאמען) מיט א מת (א טויטן מענטש), אָבער זיי זענען
טמא אויב עס טראָגט זיי א זב (א מענטש פון וועלכן עס רינט אן אומריינע פליסי־
קייט). **מען מיינט דאָ א קיילעכיקער באָל (קוגל) פון ערד, וואָס אינווייניק איז אויס־
געהוילט, און ווען מען שניידט איבער דעם באָל אין דערמיט, ווערט דערפון 2 שיסלען.
דאָס וואָרט „לפסים", שיסלען, איז דאָס גריכישע וואָרט „לאָפּאס", „טאָפּ", „שיסל"
(דערפון איז אויך „אילפס"). „אירוניות" טייטשן טייל ווי „עירוניות", „שטאָטישע",**

אוֹמֵר, אַף בְּמַשָּׂא הַזָּב טְהוֹרוֹת מִפְּנֵי שֶׁלֹּא נִגְמְרָה מְלַאכְתָּן: ו שְׁלֹשָׁה דְבָרִים אָמַר רַבִּי יִשְׁמָעֵאל, וְלֹא הוֹדָה לוֹ רַבִּי עֲקִיבָא. הַשּׁוּם וְהַבּוֹסֶר וְהַמְּלִילוֹת שֶׁרִסְּקָן מִבְּעוֹד יוֹם, שֶׁרַבִּי יִשְׁמָעֵאל אוֹמֵר יִגְמוֹר מִשֶּׁתֶּחְשַׁךְ וְרַבִּי עֲקִיבָא אוֹמֵר לֹא יִגְמוֹר: ז שְׁלֹשָׁה דְבָרִים אָמְרוּ לִפְנֵי רַבִּי עֲקִיבָא. שְׁנַיִם מִשּׁוּם רַבִּי אֱלִיעֶזֶר, וְאֶחָד מִשּׁוּם רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ. שְׁנַיִם מִשּׁוּם רַבִּי אֱלִיעֶזֶר, יוֹצְאָה אִשָּׁה בְּעִיר שֶׁל זָהָב, וּמַפְרִיחֵי יוֹנִים פְּסוּלִים לְעֵדוּת. וְאֶחָד מִשּׁוּם רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ, הַשֶּׁרֶץ בְּפִי חוּלְדָּה וּמְהַלֶּכֶת עַל גַּבֵּי כִּכְּרוֹת שֶׁל תְּרוּמָה, סָפֵק נָגַע סָפֵק לֹא נָגַע, סְפֵקוֹ טָהוֹר:

מחמת די דאָרפּישע זענען יאָ טמא, ווייל דאָרפס־לייט באנוצן זיך דערמיט אויך איי־דער מען האָט זיי איבערגעשניטן. אנדערע טייטשן עס פון „אוירגיות״, פון וואָרט „אויר״, לופט, אויסגעהוילט אינווייניק. ר׳ אלעזר בן צדוק זאָגט, אז אויך ווען א זב טראָגט זיי זענען זיי טהור, ווייל עס איז נאָכניט פאַרענדיקט געוואָרן זייער ארבעט. **מחמת זיי ווערן פאַרטיקע כלים נאָר ערשט ווען מען האָט זיי איבערגעשניטן, און ביז דאמאָלס הייסן זיי ניט קיין כלי. ר׳ יהושע בן מתיא אָבער האלט אז א כלי הייסן זיי יאָ, נאָר א ערדענע כלי ווען זי איז פאַרמאַכט ווערט ניט טמא אין א אוהל המת (זע פריער פרק א׳ משנה י״ד), אָבער דורך טראָגן פון א זב ווערט אפילו א פאַרמאַכטע ערדענע כלי טמא.**

ו. שלשה, דריי זאכן (הלכות) האָט געזאָגט ר׳ ישמעאל, און ר׳ עקיבא האָט ניט מודה געווען צו אים (ניט מסכים געווען מיט אים). **די דריי זאכן זענען:** השום, קנאָבל און ניט־צייטיקע וויינטרויבן (בוסר), און (מלילות) ניט־צייטיקע תבואה־זאנגן (אויף די דאָזיקע דריי זאכן לייגט מען ארויף שווערע שטיינער אזוי אז עס קוועטשט זיך ארויס פון זיי זאפט, און מען טרינקט דעם זאפט), אויב מען האָט זיי צעקוועטשט (פרייטאָג) ווען עס איז נאָך טאָג, האָט ר׳ ישמעאל געזאָגט, אז מען מעג זיי פאַרענדיקן (לאָזן דעם זאפט ארויסרינען) ווען עס ווערט שוין פינסטער (פרייטאָג־צונאכטס, שבת, און טרינקן דעם זאפט אים שבת). **ווייל אפילו מען זאָל זיי קוועטשן אים שבת איז עס אויך ניט אסור מדאורייתא, לויט דעם דין פון דער תורה.** ור׳ עקיבא, און ר׳ עקיבא זאָגט, אז ער זאָל ניט פאַרענדיקן. **די מפרשים טייטשן, אז אויך ר׳ עקיבא איז מתיר צו לאָזן ליגן די זאכן אונטער די שטיינער און דער זאפט זאָל ארויסרינען פון זיי אים שבת, נאָר ר׳ עקיבא האלט, אז נוצן דעם זאפט אים שבת טאָר מען ניט.**

ז. שלשה, דריי זאכן האָט מען געזאָגט פאר ר׳ עקיבא, צוויי פון זיי אין נאָמען פון ר׳ אליעזר, און איינע אין נאָמען פון ר׳ יהושע. די צוויי אין נאָמען פון ר׳ אליעזר זענען : א פרוי מעג ארויסגיין (אים שבת, טראָגנדיק אויף זיך) א „גאָלדענע שטאָט״ (עיר של זהב, אזא צירונג פון גאָלד, וואָס האָט אויסגעזען ווי די שטאָט ירושלים). **מחמת דער טעם פארוואָס א פרוי טאָרניט טראָגן אויף זיך אין גאס טייל זאכן אים שבת איז דאָך ווייל מען האָט מורא טאָמער וועט זי זיי אראָפּנעמען און ווייזן אירע חברטעס און דערווייל זיי טראָגן אין דער האנט; אָבער ביי אַ „גאָלדע־נער שטאָט״ איז ניט מורא צו האָבן, ווייל דאָס טראָגט נור א רייכע אָנגעזעענע פרוי, און אזעלכע וועט ניט אראָפּנעמען צו ווייזן.** ומפריחי, און די מענטשן וועלכע שפּילן אין טויבן זענען פסול צו זאָגן עדות. **זע וועגן דעם אין סנהדרין פרק ג׳ משנה ג׳.** ואחד, און איין (זאך האָט מען געזאָגט) אין נאָמען פון ר׳ יהושע, אז אויב א (טויטער) שרץ (למשל א מויז) איז געווען אין מויל פון א לעבעדיקן וויזל (חולדה) און זי (די חולדה) איז געגאנגן איבער ברויטן פון תרומה, (און עס איז) א ספק צי ער (דער

ח שְׁלשָׁה דְבָרִים אָמַר רַבִּי עֲקִיבָא, עַל שְׁנַיִם הוֹדוּ לוֹ וְעַל אֶחָד לֹא הוֹדוּ לוֹ. עַל (כִּסֵּא) סַנְדָּל שֶׁל סַיָּדִים שֶׁהוּא טָמֵא מִדְרָס, וְעַל שְׁיָרֵי תַנּוּר אַרְבָּעָה, שֶׁהָיוּ אוֹמְרִים שְׁלשָׁה, וְהוֹדוּ לוֹ. וְעַל אֶחָד לֹא הוֹדוּ לוֹ, עַל כִּסֵּא שֶׁנִּטְּלוּ שְׁנַיִם מֵחִפּוּיָו זֶה בְּצַד זֶה, שֶׁרַבִּי עֲקִיבָא מְטַמֵּא, וַחֲכָמִים מְטַהֲרִין: ט הוּא הָיָה אוֹמֵר, הָאָב זוֹכֶה לַבֵּן בַּנּוֹי, וּבַכֹּחַ, וּבָעוֹשֶׁר,

שרץ) האָט אָנגערירט (די תרומה־ברויטן און זיי מטמא געווען) צי ער האָט (זיי) ניט אָנגערירט (און ער האָט זיי ניט מטמא געווען), איז זיין (דאָזיקער) ספק טהור. **די תרומה־ברויטן זענען טהור. דעם פירוש צו דער משנה געבן מיר אין מסכתא טהרות פרק ד׳ משנה ב׳.**

ח. שלשה, דריי זאכן (הלכות) האָט ר׳ עקיבא געזאָגט; אויף צוויי האָבן זיי (די חכמים) מודה געווען צו אים (מסכים געווען מיט אים) און אויף איינע האָבן זיי ניט מודה געווען צו אים (ניט מסכים געווען מיט אים). **די צוויי אויף וועלכע זיי האָבן מסכים געווען מיט אים זענען:** על סנדל, וועגן א הילצערנעם) סאנדאל (א סאָרט שיך) פון די קאלך־ברענער (סיידים, מענטשן וועלכע ברענען קאלך און זיי טראָגן א הילצערנעם סאנדאל, און ניט קיין לעדערנעם, ווייל דער קאלך ברענט אדורך לע־דער), אז ער איז טמא דורך א מדרס. **„מדרס" הייסט ארויפטרעטן; אויב א זב, א מענטש, וואָס עס רינט פון אים אן אומריינע פליסיקייט, טרעט ארויף אויף א זאך, אויף וועלכער עס איז דער שטייגער צו ליגן אָדער צו טרעטן, למשל, צו טראָגן עס אויף די פיס, ווערט עס טמא. דאָס הייסט „טמא צוליב א מדרס". און כאָטש דער דאָזיקער הילצערנער סאנדאל איז געמאכט געוואָרן ניט צום טראָגן נאָר כדי צו שיצן די פיס פון די קאלך־ברענער כדי זיי זאָלן ניט פארברענט ווערן פון הייסן קאלך, פונדעסטוועגן ווייל דער קאלך־ברענער גייט מיט אים אהיים הייסט עס אז עס איז דער שטייגער אים צו טראָגן.** ועל שירי, און אז דער רעשט פון א (ערדענעם, טמא געוואָרענעם אויון, וועלכער איז צעבראָכן געוואָרן און עס איז געבליבן פון אים נור א טייל א רעשט, שיירים) איז פיר (טפחים, אויב עס איז געבליבן ניט ווינציקער פון פיר טפחים אויוון איז ער נאָך אלץ טמא), ווארום זיי (די חכמים) האָבן (פריער) געהאט געזאָגט, אז דריי (אויב עס איז געבליבן אפילו נור דריי טפחים איז ער נאָך אויך טמא). **דעם פירוש דערצו געבן מיר אין מסכתא כלים פרק ה׳ משנה א׳.** והודו לו, און זיי (די חכמים) האָבן מסכים געווען מיט אים (מיט ר׳ עקיבא)**. און זיי פסקענען אזוי ווי ער אין די פריערדיקע צוויי הלכות.** ועל אחד, און אויף איין (זאך) האָבן זיי ניט מסכים געווען מיט אים (דהיינו): וועגן א שטול, פון וועלכער עס זענען ארויסגענומען געוואָרן צוויי זיך־ברעטלעך (חיפויו) איינס לעבן דעם אנדערן, וואָס ר׳ עקיבא איז מטמא (אויב אזאַ שטול האָט אָנגערירט א טמא זאך, ווערט זי טמא, ווייל עס הייסט נאָך אלץ אַ שטול, א כלי), און די חכמים זיינען מטהר (זאָגן אז עס איז טהור, ווייל עס איז שוין ניט מער קיין כלי). **דעם פירוש דערצו געבן מיר אין מסכתא כלים פרק כ״ב משנה ז׳.**

ט. הוא, ער (ר׳ עקיבא) האָט געפלעגט זאָגן, אז א פאָטער איז מזכה (גיט איבער, באשענקט) זיין זון מיט שיינקייט, און מיט כח (קערפערליכע שטארקייט), און מיט רייכקייט, און מיט חכמה, און מיט יאָרן. **דאָס הייסט, אז געוויינטליך איז די טבע פון זון ענליך צו זיין פאָטער, און אויב דער פאָטער איז שיין, שטארק, קלוג, לעבט לאנג (האָט א סך יאָרן) האָט אויך דער זון דיזעלביקע מעלות. און אויב דער פאָטער איז רייך באקומט דער זון ירושה אזוי אז אויך דער זון ווערט רייך.** ובמספר, און מיט דער צאָל דורות וואָס גייען נאָך אים, און דאָס איז דער קץ. **די דאָזיקע ווער־טער זענען שווער, און די מפרשים טייטשן זיי, אז מען מיינט, אז אויב איינער,**

וּבְחָכְמָה, וּבַשָּׁנִים, וּבְמִסְפַּר הַדּוֹרוֹת
לְפָנָיו. וְהוּא הַקֵּץ, שֶׁנֶּאֱמַר קוֹרֵא
הַדּוֹרוֹת מֵרֹאשׁ. אַף עַל פִּי שֶׁנֶּאֱמַר
וַעֲבָדוּם וְעִנּוּ אוֹתָם אַרְבַּע מֵאוֹת
שָׁנָה, וְנֶאֱמַר וְדוֹר רְבִיעִי יָשׁוּבוּ הֵנָּה:
י אַף הוּא הָיָה אוֹמֵר חֲמִשָּׁה
דְּבָרִים שֶׁל שְׁנֵים עָשָׂר חֹדֶשׁ. מִשְׁפַּט
דּוֹר הַמַּבּוּל שְׁנֵים עָשָׂר חֹדֶשׁ. מִשְׁפַּט
אִיּוֹב שְׁנֵים עָשָׂר חֹדֶשׁ. מִשְׁפַּט
הַמִּצְרִים שְׁנֵים עָשָׂר חֹדֶשׁ. מִשְׁפַּט
גּוֹג וּמָגוֹג לֶעָתִיד לָבֹא שְׁנֵים עָשָׂר
חֹדֶשׁ. מִשְׁפַּט רְשָׁעִים בְּגֵיהִנֹּם שְׁנֵים

**א פאטער, איז א צדיק און האט זכותים. גיט ער איבער זיינע זכותים צו די ווייטערדיקע דורות וואס קומען ארויס פון אים, און כאטש מען זעט עס ניט ביי זיינע קינדער צי אייניקלעך אז עס זאל זיי גיין גוט דערפאר, איז אבער פאראן א „קץ", א סוף, א באשטימטער ציל, ווען גאט צאלט אפ מיט גוטס די אור־אור־אייניקלעך פון דאזיקן צדיק פאר די זכותים פון זייער עלטער־עלטער־זיידן.** שנאמר, ווארים עס ווערט געזאגט (ישעיה מ״א) „קורא הדורות מראש" (ער, גאט, רופט, באשטימט פון פארויס דעם גורל פון די קומנדיקע דורות). און כאטש עס ווערט געזאגט (בראשית ט״ז) „ועבדום וענו אותם ארבע מאות שנה" (אז זיי, די מצריים, וועלן פארקנעכטן און פארפייניקן זיי, די יידן, די אייניקלעך פון אברהם אבינו, פיר הונדערט יאר), ווערט (אבער) אויך געזאגט (דארט אין בראשית ט״ז) „ודור רביעי ישובו הנה" (און דער פערטער דור וועט צוריקקומען אהער, קיין ארץ ישראל). **די משנה ברענגט א ראיה פון דאזיקן פסוק, אז כאטש דער זכות פון אברהם אבינו האט ניט מציל געווען זיינע אור־אייניקלעך פון גלות מצרים, פונדעסטוועגן האט דער זכות געהאלפן, אז די יידן זאלן דערנאך אויסגעלייזט ווערן פון מצרים, דאס איז דער טייטש פון די פריערדיקע ווערטער „והוא הקץ", „און דאס איז דער קץ", ווי מיר האבן פריער דערקלערט.**

י. אף הוא, ער (ר׳ עקיבא) האט אויך געפלעגט זאגן, (אז עס זענען פאראן) פינף זאכן (וואס האבן געדויערט אדער דויערן) צוועלף חדשים. **די דאזיקע פינף זאכן זענען:** משפט דור, דער משפט (די באשטראפונג) פון די מענטשן פון מבול־דור האט געדויערט צוועלף חדשים. **אין חומש בראשית ו׳ ז׳ און ח׳ ווערט דערציילט ווי די מענטשן אין יענער צייט זענען געווען זינדיק און גאט האט זיי באשטראפט דערמיט, וואס ער האט זיי אומגעבראכט אין מבול, און אז ביז דער מבול איז אריבער איינגאנצן האט געדויערט 12 חדשים (א זון־יאר, דאס הייסט 365 טעג).** משפט איוב, די ליידן פון איוב האבן געדויערט צוועלף חדשים. **וועגן די ליידן פון איוב ווערט דערציילט אין ספר איוב.** משפט המצריים, די באשטראפונג פון די מצריים האט געדויערט צוועלף חדשים. **אזוי לאנג האט זיך געצויגן פון זינט משה רבנו איז געקומען צו פרעה און אים געווארנט, ביז די יידן זענען ארויס פון מצרים.** משפט גוג, די באשטראפונג פון גוג און מגוג אין דער צוקונפט (לעתיד לבוא, אין דער צייט איידער משיח וועט קומען) וועט דויערן צוועלף חדשים. **אין יחזקאל ל״ח ווערט געזאגט נביאות וועגן „גוג ארץ המגוג" אז ער וועט באשטראפט ווערן, און עס איז אנגענומען, אז דאס וועט זיין א שטארקער מלך וואס וועט פייניקן די יידן איידער משיח וועט קומען, און אז ער וועט באשטראפט ווערן, און די משנה זאגט, אז דאס וועט דויערן 12 חדשים.** משפט רשעים, די באשטראפונג פון רשעים אין גיהנום דויערט צוועלף חדשים, ווארום עס ווערט געזאגט (ישעיה ס״ו) „והיה מדי חדש בחדשו" („און עס וועט זיין פון חודש צו זיין חודש"). **די מפרשים טייטשן, אז די משנה דרשנט דעם פסוק, אז די באשטראפונג פון רשע אין גיהנום וועט זיין פון חודש וואס ער קומט אריין אין גיהנום ביז צום זעלביקן חודש אין א יאר ארום. אז דער פסוק רעדט וועגן דער באשטראפונג פון רשעים נאכן טויט ווערט גענומען פון דעם ווייטערדיקן פסוק דארט „ויצאו וראו בפגרי האנשים הפשעים" (און די**

עֶשֶׂר חֹדֶשׁ, שֶׁנֶּאֱמַר וְהָיָה מִדֵּי חֹדֶשׁ בְּחָדְשׁוֹ. רַבִּי יוֹחָנָן בֶּן נוּרִי אוֹמֵר, מִן הַפֶּסַח וְעַד הָעֲצֶרֶת, שֶׁנֶּאֱמַר וּמִדֵּי שַׁבָּת בְּשַׁבַּתּוֹ:

# פרק ג.

**א** כָּל הַמְטַמְּאִין בְּאֹהֶל שֶׁנֶּחְלְקוּ וְהִכְנִיסָן לְתוֹךְ הַבַּיִת, רַבִּי דוֹסָא בֶּן הָרְכִּינָס מְטַהֵר, וַחֲכָמִים מְטַמְּאִין. כֵּיצַד? הַנּוֹגֵעַ בִּכְשְׁנֵי חֲצָאֵי זֵתִים מִן הַנְּבֵלָה אוֹ נוֹשְׂאָן, וּבַמֵּת הַנּוֹגֵעַ בְּכַחֲצִי זַיִת (וּמַאֲהִיל עַל כַּחֲצִי זַיִת, אוֹ נוֹגֵעַ בְּכַחֲצִי זַיִת), וְכַחֲצִי זַיִת מַאֲהִיל עָלָיו וּמַאֲהִיל עַל כִּשְׁנֵי חֲצָאֵי זֵתִים, מַאֲהִיל עַל כַּחֲצִי זַיִת וְכַחֲצִי זַיִת מַאֲהִיל עָלָיו. רַבִּי דוֹסָא בֶּן הָרְכִּינָס מְטַהֵר, וַחֲכָמִים מְטַמְּאִין. אֲבָל הַנּוֹגֵעַ בְּכַחֲצִי זַיִת וְדָבָר אַחֵר מַאֲהִיל עָלָיו וְעַל כַּחֲצִי זַיִת. (אוֹ מַאֲהִיל עַל כַּחֲצִי זַיִת, וְדָבָר אַחֵר מַאֲהִיל עָלָיו וְעַל כַּחֲצִי זַיִת), טָהוֹר. אָמַר רַבִּי מֵאִיר, אַף בָּזֶה רַבִּי דוֹסָא

**וועלן ארויסגיין און זען די טויטע קערפערס פון די מענטשן וועלכע זינדיקן״).** ר׳ יוחנן בן נורי זאָגט, אז (די באשטראָפונג פון טייל רשעים אין גיהנום דויערט נור אזוי לאנג ווי עס דויערט) פון פסח ביז שבועות (זיבן וואָכן) ווארים עס ווערט (דאָרט ישעיה ס״ו) געזאָגט „ומדי שבת בשבתו״ („און פון וואָך צו זיין וואָך״). **פסח ווערט גערופן שבת (ויקרא כ״ג, ט״ו „ממחרת השבת״), און שבועות ווערט אָנגערופן שבת (דאָרט ויקרא כ״ג, ט״ז עד ממחרת השבת), און ר׳ יוחנן בן נורי טייטשט איין דעם פסוק „פון שבת ביז זיין שבת״, אז מען מיינט אזוי לאנג ווי פון פסח ביז שבועות, זיבן וואָכן.**

## פרק ג.

א. כל, אלע זאכן וועלכע זענען מטמא אין א געצעלט (וואָס אויב זיי געפינען זיך אין אַ הויז, אונטער איין דאך ,מיט אַנדערע זאכן, ווערן אויך די אנדערע זאכן טמא, למשל א כזית פלייש פון א טויטן מענטש, פון אַ מת) אויב זיי זענען געוואָרן צעטיילט (מען האָט דעם כזית פלייש צעשניטן אויף צוויי שטיקלעך) און מען האָט זיי אריינגעבראכט אין א הויז, איז ר׳ דוסא בן הרכינס מטהר (ער האלט, אז זיי האָבן ניט דעם דין פון א כזית פלייש און דעריבער קאָנען זיי ניט מטמא זיין) און די חכמים זענען מטמא (זאָגן, אז זיי קאָנען יאָ מטמא זיין). **דעם פירוש צו דער משנה געבן מיר אין מסכתא אהלות פרק ג׳ משנה א׳.** כיצד, ווי אזוי? אויב איינער רירט־אָן צוויי האלבע זיתים (כזית, ווי אן איילבירט, גרויס ווי אן איילבירט, חצי זית, האלבער זית, גרויס ווי א האלבער איילבירט, און פלייש פון א מת אָדער פון א נבלה איז מטמא נור ווען עס איז פאראן א כזית) פון א נבלה, אָדער ער טראָגט זיי; ביי א מת אז איינער רירט אָן אין א האלבן כזית (פלייש פון א טויטן מענטש) און ער בייגט זיך אריבער (מאהיל, מאכט זיך ווי א געצעלט, ווי א דאך) איבער אַ האלבן כזית, אָדער ער רירט אָן אין א האלבן כזית, און א האלבער כזית ליגט איבער אים (מאהיל, מאכט איבער אים ווי א געצעלט), אָדער אז איינער בייגט זיך אריבער איבער צוויי האלבע כזיתן, אָדער ער בייגט זיך אריבער איבער א האלבן כזית, און א האלבער כזית ליגט איבער אים, — איז ר׳ דוסא בן הרכינס מטהר און די חכמים זענען מטמא. **אויך דעם פירוש דערצו זע אין מסכתא אהלות פרק ג׳ משנה א׳.** אבל, אז איינער רירט אָן א האלבן כזית, און אן אנדערע זאך בייגט זיך אריבער איבער אים (דעם מענטש) און איבער א האלבן כזית (פלייש פון א מת), אָדער איינער בייגט זיך אריבער איבער א האלבן כזית, און אן אנדערע זאך בייגט זיך אַריבער איבער אים און איבער א האלבן כזית, איז ער טהור. ר׳ מאיר האָט געזאָגט, אז אויך וועגן דעם איז (פאראן די מחלוקה, און) ר׳ דוסא איז מטהר און די חכמים זענען מטמא. אלץ איז טמא (אלץ איז זיך

מְטַהֵר וַחֲכָמִים מְטַמְּאִין. הַכֹּל טָמֵא, חוּץ מִן הַמַּגָּע עִם הַמַּשָּׂא, וְהַמַּשָּׂא עִם הָאֹהֶל. זֶה הַכְּלָל, כָּל שֶׁהוּא מִשֵּׁם אֶחָד, טָמֵא. מִשְּׁנֵי שֵׁמוֹת, טָהוֹר: **ב** אוֹכֶל פָּרוּד אֵינוֹ מִצְטָרֵף, דִּבְרֵי רַבִּי דוֹסָא בֶּן הָרְכִּינָס. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים מִצְטָרֵף. מְחַלְּלִין מַעֲשֵׂר שֵׁנִי עַל אֲסִימוֹן, דִּבְרֵי רַבִּי דוֹסָא. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים אֵין מְחַלְּלִין. מַטְבִּילִין יָדַיִם לְחַטָּאת, דִּבְרֵי רַבִּי דוֹסָא. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים אִם נִטְמְאוּ יָדָיו נִטְמָא גוּפוֹ: **ג** מֵעֵי אֲבַטִּיחַ וּקְנֵבַת יָרָק שֶׁל תְּרוּמָה, רַבִּי דוֹסָא מַתִּיר לְזָרִים, וַחֲכָמִים אוֹסְרִין. חָמֵשׁ

מצרף, פאראייניקט זיך מטמא צו זיין) אַ חוץ אָנרירן מיט טראָגן, און טראָגן מיט געצעלט (מיט אוהל) דאָס איז דער כלל: אלץ וואָס איז פון איין נאָמען איז טמא (איז זיך מצרף מטמא צו זיין), און וואָס עס איז פון צוויי באַזונדערע נעמען איז טהור (איז זיך ניט מצרף מטמא צו זיין). **דעם פירוש צו דער גאנצער משנה, וואָס פאָדערט א סך אויפקלערונגען וועגן ענין פון טומאה דורך אוהל און דורך מגע און דורך משא און זייערע שיעורים, און די סברא פארוואָס זענען זיך טיילמאָל מגע (אָנרירן) און אוהל יאָ מצרף און זיי הייסן איין נאָמען, געבן מיר אין מסכתא אהלות פרק ג׳ משנה א׳.**

ב. אוכל, א עסנווארג, וואָס באשטייט פון באַזונדערע שטיקלעך (פרוד, צע־ברעקלט) איז זיך ניט מצרף (הייסט ניט ווי איין זאך), אזוי זאָגט ר׳ דוסא בן הרכינס. **דער דין איז אז אויב א עסנווארג וואָס איז גרויס ווי אן איי איז טמא און עס רירט אָן אן עסנווארג ווערט אויך דאָס אנדערע עסנווארג טמא. זאָגט ר׳ דוסא, אז א צע־ברעקלט עסנווארג, למשל א הויפן מאנדלען, וואָס יעדער מאנדל איז ניט גרויס ווי אן איי, אָבער אלע מאנדלען צוזאמען זענען יאָ גרויס ווי אן איי, ווערן זיי ניט פארערכנט פאר איינס, זיי זענען זיך ניט מצרף, און זיי קאָנען ניט מטמא זיין.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז זיי זענען זיך יאָ מצרף. **און זיי קאָנען דאריבער יאָ מטמא זיין.** — מחללין, מען קאָן אויסטוישן מעשר שני (אויסטוישן אויף געלט, און דאָס געלט פירן קיין ירושלים, קאָן מען די מעשר־שני־תבואה צי פרוכטן אויס־טוישן) אויף א מטבע אָן א צורה (אסימון), אזוי זאָגט ר׳ דוסא, און די חכמים זאָגן, אז מען קאָן ניט אויסטוישן. **וועגן מעשר שני און אויסטוישן אים זע אין דער הקדמה צו מסכתא מעשר שני. וועגן „אסימון״ זע בבא מציעא פרק ד׳ משנה א׳.** — מטבילין, א מענטש דארף טובל זיין (זיינע) הענט אליין (און ניט זיין גאנצן קערפער אויב די הענט אליין זענען טמא געוואָרן) אויב (דער מענטש וויל אָנרירן צום שפריצן) פרה־אדומה־אש־וואסער (חטאת, פרה אדומה), אזוי זאָגט ר׳ יוסי, און די חכמים זאָגן אז (אָנצורירן פרה־אדומה־אש־וואסער) אויב עס זענען טמא געוואָרן (אפילו נור) זיינע הענט (אליין) איז שוין טמא זיין (גאנצער קערפער). **און ער דארף טובל זיין דעם גאנצן קערפער. וועגן טומאה פון הענט זע אין חגיגה פרק ג׳ משנה ד׳ און אין דער הקדמה צו מסכתא ידים. וועגן „חטאת״ אלס א נאָמען פאר פרה אדומה זע חגיגה פרק ב׳ משנה ז׳. — די הלכות אין די משנות אין איצטיקן פרק ביז משנה ו׳ זענען א זאמלונג פון מחלוקות צווישן ר׳ דוסא בן הרכינס און די חכמים.**

ג. מעי, די געדערים (מעי, דאָס אינווייניקסטע) פון אן ארבוז (אבטיח, ארבוז, וואסער־מעלאָן די קערנדלעך און דאָס וואסער אין ארבוז) און די אָפגעשניטענע (האלב־פארפוילטע) בלעטער פון גרינס פון תרומה (דער ארבוז איז פון תרומה און דאָס גרינס איז פון תרומה), איז ר׳ דוסא מתיר צו ניט כהנים (זרים). **אויך ניט כהנים מעגן עס עסן, כאָטש תרומה טאָרן דאָך ניט־כהנים ניט עסן. דער טעם איז ווייל דאָס האָט ניט קיין חשיבות, און דארויף איז ניט ארויף די קדושה פון תרומה.** וחכמים, און די חכמים אסרן. **זיי זאָגן, אז אויך דאָס איז תרומה, און ניט־כהנים טאָרן עס ניט עסן.** — חמש, פינף שעפסן, וואָס (דאָס) אָפגעשערטע (וואָל) פון יעדער פון זיי ווענט

רְחֵלוֹת גְּזוּזוֹת, מָנֶה מָנֶה וּפְרַס, חַיָּבוֹת בְּרֵאשִׁית הַגֵּז, דִּבְרֵי רַבִּי דוֹסָא וַחֲכָמִים אוֹמְרִים חָמֵשׁ רְחֵלוֹת כָּל שֶׁהֵן: **ד** כָּל הַחוּצָלוֹת טְמֵאוֹת טְמֵא מֵת, דִּבְרֵי רַבִּי דוֹסָא. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים מִדְרָס. כָּל הַקְּלִיעוֹת טְהוֹרוֹת חוּץ מִשֶּׁל גַּלְגִּילוֹן, דִּבְרֵי רַבִּי דוֹסָא. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים כֻּלָּם טְמֵאוֹת, חוּץ מִשֶּׁל צַמָּרִים: **ה** הַקֶּלַע שֶׁבֵּית קִבּוּל שֶׁלָּהּ אָרוּג, טְמֵאָה. וְשֶׁל עוֹר, רַבִּי דוֹסָא בֶּן הָרְכִּינָס מְטַהֵר, וַחֲכָמִים מְטַמְּאִין. נִפְסַק בֵּית אֶצְבַּע שֶׁלָּהּ, טְהוֹרָה, בֵּית הַפְּקִיעַ שֶׁלָּהּ, טְמֵאָה: **ו** הַשְּׁבוּיָה אוֹכֶלֶת בִּתְרוּמָה, דִּבְרֵי

(לפחות) א מנה און א העלפט (אנדערהאלבן מנה) זענען מחויב (דארף מען געבן דער־פון צום כהן ראשית הגז (דאָס ערשטע פון אָפּגעשערטן וואָל), אזוי זאָגט ר׳ דוסא; און די חכמים זאָגן, אז (אפילו) ווען מען האָט פון די פינף שעפּסן אָפּגעשוירן (נאָר) עטוואָס (וואָל, כל שהן). **דעם פירוש צו דער דאָזיקער משנה געבן מיר אין מסכתא חולין פרק י״א, משנה ב׳.**

ד. כל, אלע ראָגאָזשעס (חוצלות, ראָגאָזשעס, מאטס, געפלאָכטן פון שטיקלעך, און ארום די ראָגאָזשעס איז פאראן א זוים) קאָנען ווערן טמא דורך א מת (אויב זיי רירן אָן א מת, אָדער א מענטשן וועלכער האָט אָנגערירט א מת), אזוי זאָגט ר׳ דוסא; און די חכמים זאָגן, אז (זיי קאָנען ווערן טמא אויך אלס) מדרס. **אויב א זב, א מענטש פון וועלכן עס רינט אָן אומריינע פליסיקייט, לייגט זיך אָדער זעצט זיך אויף זיי, ווערן זיי טמא** (וועגן „מדרס״ זע פריער פרק ב׳ משנה ה׳). **ווייל די חכמים האלטן, אז אויף די ראָגאָזשעס קאָן מען ליגן און זיצן. אָבער ר׳ דוסא האלט, אז זיי זענען ניט גוט צום זיצן אָדער צום ליגן.** — כל הקליעות, אלע געפלאָכטענע (גראָבע שטריק) זע־נען טהור (קאָנען ניט ווערן טמא, ווייל זיי הייסן ניט קיין קלייד, קיין בגד), א חוץ די גאַרטל־שטריק (גלגילון), אזוי זאָגט ר׳ דוסא. **ווייל מיט א גארטל־שטריק בינדט מען זיך ארום, און דאריבער הייסט עס ווי א קלייד. „גלגילון״ מיינען טייל זאָל זיין פון גריכישן וואָרט „גאָנגולאָס״, א קיילעכיקע זאך; טייל מיינען אז עס איז פון „גלגל״ ארומקאליערן, ארומוויקלן.** וחכמים, און די חכמים זאָגן אז אלע (געפלאָכ־טענע גראָבע שטריק) קאָנען ווערן טמא, א חוץ פון די וואָל־הענדלער (צמרים). **דאָס איז די שטריק מיט וועלכע די וואָל־הענדלער בינדן ארום זייערע וואָל־בינט־לעך; זיי הייסן זיכער ניט קיין בגד, קיין קלייד.**

ה. הקלע, דער שטיינער־ווארפער (אזא בייטל, אין וועלכן מען לייגט אריין א שטיין און מען גיט מיט אים א וואָרף, און דער שטיין פאלט זייער ווייט צום ציל), וואָס זיין פארטיפונג (זיין בית קיבול, דאָס אָרט אין אים וואו מען לעגט אריין דעם שטיין) איז געוועבט (פון וואָל, צי פלאקס צי אנדערע מאטעריאלן) קאָן ער ווערן טמא. **מחמת דאָס הייסט א כלי.** ושל עור, און (אויב דער בית קיבול איז) פון לעדער, איז ר׳ דוסא בן הרכינס מטהר (זאָגט, אז עס קאָן ניט ווערן טמא), און די חכמים זענען מטמא (זאָגן, אז עס קאָן יאָ ווערן טמא). **ר׳ דוסא האלט, אז עס הייסט ניט קיין כלי, און די חכמים האלטן, אז עס הייסט יאָ א כלי.** נפסק, אויב עס איז איבערגעריסן גע־וואָרן זיין פינגער־אָנהאלט (בית אצבע, א לעכל, אין וועלכן מען שטעקט אריין דעם פינגער, צו געבן א וואָרף), איז עס טהור (קאָן עס ניט ווערן טמא). **ווייל עס איז אויס כלי, ווארים מען קאָן דערמיט ניט מער ווארפן.** בית הפקיע (אויב אָבער עס איז איבערגעריסן געוואָרן), דאָס וואָרף־הענטל (בית הפקיע, דאָס הענטל, ביי וועלכן מען נעמט אָן בעת דעם ווארפן דעם שטיין) קאָן עס יאָ ווערן טמא. **ווייל קוים קען מען אריינשטעקן דעם פינגער אין לעכל קאָן מען ווארפן דעם שטיין אפילו מען נעמט ניט אָן ביים הענטל.**

ו. השבויה, א פרוי (פון א כהן) וועלכע איז געוואָרן געפאנגן (און מען האָט זי דערנאָך אויסגעלייזט) מעג עסן תרומה, אזוי זאָגט ר׳ דוסא. **און מען האָט ניט**

רַבִּי דוֹסָא. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים יֵשׁ שְׁבוּיָה אוֹכֶלֶת וְיֵשׁ שְׁבוּיָה שֶׁאֵינָהּ אוֹכֶלֶת. כֵּיצַד? הָאִשָּׁה שֶׁאָמְרָה נִשְׁבֵּיתִי וּטְהוֹרָה אֲנִי. אוֹכֶלֶת. (שֶׁהַפֶּה שֶׁאָסַר הוּא הַפֶּה שֶׁהִתִּיר). וְאִם יֵשׁ עֵדִים שֶׁנִּשְׁבֵּית, וְהִיא אוֹמֶרֶת טְהוֹרָה אֲנִי, אֵינָהּ אוֹכֶלֶת: **ז** אַרְבָּעָה סְפֵקוֹת רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ מְטַמֵּא. וַחֲכָמִים מְטַהֲרִין. כֵּיצַד? הַטָּמֵא עוֹמֵד וְהַטָּהוֹר עוֹבֵר. הַטָּהוֹר עוֹמֵד וְהַטָּמֵא עוֹבֵר, טֻמְאָה בִּרְשׁוּת הַיָּחִיד וְטָהֳרָה בִּרְשׁוּת הָרַבִּים, טָהֳרָה בִּרְשׁוּת הַיָּחִיד וְטֻמְאָה בִּרְשׁוּת הָרַבִּים. סָפֵק נָגַע וְסָפֵק לֹא נָגַע, סָפֵק הֶאֱהִיל סָפֵק לֹא הֶאֱהִיל, סָפֵק הֵסִיט סָפֵק לֹא הֵסִיט. רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ מְטַמֵּא, וַחֲכָמִים מְטַהֲרִין: **ח** שְׁלֹשָׁה דְבָרִים רַבִּי צָדוֹק מְטַמֵּא. וַחֲכָמִים מְטַהֲרִין. מַסְמֵר שֶׁל שֻׁלְחָנִי. וְאָרוֹן שֶׁל גָּרוֹסוֹת. וּמַסְמֵר שֶׁל אֶבֶן שָׁעוֹת. רַבִּי צָדוֹק

**קיין מורא טאָמער האָבן די פאַנגער איר געצווינגען צו לעבן מיט זיי, און זי איז געוואָרן אסור צום מאַן און זי טאָרניט עסן קיין תרומה.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אַז עס איז פאַראַן א געפאַנגענע וועלכע מעג עסן (תרומה), און עס איז פאַראַן א געפאַנגענע וועלכע טאָר ניט עסן (קיין תרומה); ווי אַזוי? א פרוי (וועגן וועלכע עס איז ניט פאַראַן קיין עדות אַז זי איז געווען געפאַנגען, נאָר זי אַליין) זאָגט: „איך בין געווען געפאַנגען אָבער איך בין ריין (די פאַנגער האָבן ניט געלעבט מיט מיר)", מעג זי עסן תרומה, ווייל דאָס מויל וואָס האָט געאָסרט איז דאָסזעלביקע מויל וואָס האָט מתיר געמאַכט: **מיר ווייסן דאָך אַז זי איז געווען געפאַנגען נור דערפון וואָס זי זאָגט, פון איר מויל, פון אירע ווערטער, און זי זאָגט דאָך אויך, אַז זי איז ריין.** ואם, אָבער אויב עס זענען פאַראַן עדות אַז זי איז געווען געפאַנגען, און זי זאָגט: „איך בין ריין", טאָר זי ניט עסן (קיין תרומה). **דעם פירוש דערצו זע כתובות פרק ב' משנה ה'.**

ז. ארבעה, פיר ספקות (פיר פאַלן, אין וועלכע עס איז פאַראַן א ספק וועגן א זאַך צי זי איז טמא געוואָרן צי ניט) איז ר' יהושע מטמא (פסקנט אַז זי איז טמא), און די חכמים זענען מטהר (פסקנען אַז זי איז טהור). ווי אַזוי? אויב דער טמא (די טמא־זאַך, א מת, צי א מצורע) איז געשטאַנען (למשל; אונטער א בוים) און א טהור־מענטש) איז דאָרט אַדורכגעגאַנגען, אָדער (פאַרקערט) דער טהור־מענטש איז דאָרט געשטאַנען און די טמא־זאַך איז דאָרט אַדורכגעגאַנגען (אָדער מען האָט זי דורכגעטראָגן), — אָדער עס איז געווען א טמא־זאַך אין א רשות היחיד (למשל אין א געוועלב וואָס איז אָפן אין א גאַס אַריין) און די טהרה (דער טהור־מענטש איז געווען אין רשות הרבים (אין גאַס), אָדער (פאַרקערט) די טהרה (דער טהור־מענטש) איז געווען אין רשות היחיד (אין געוועלב) און די טמא־זאַך איז געווען אין רשות הרבים (אין גאַס). **דאָ האָט די משנה אויסגערעכנט 4 פאַלן און אין די אַלע פאַלן איז פאַראַן אַ ספק, און די משנה זאָגט באַלד וואָס דער ספק איז:** ספק נגע, עס איז א ספק צי ער האָט אָנגערירט (דער טהור־מענטש האָט אָנגערירט די טמא־זאַך) אָדער האָט ניט אָנגערירט, אָדער צי איז ער (דער טהור) געווען אין איין געצעלט (אונטער איין דאַך, איין באַדעקונג, אונטער איין בוים, מיט דעם טמא) צי איז ער ניט געווען אין איין געצעלט, צי איז ער (דער טהור) געוואָרן געשאָקלט (דורך דעם טמא, הסיט, א שאָקל געטאָן, אויב דער מצורע האָט א שאָקל געטאָן דעם טהור) צי ער איז ניט געוואָרן געשאָקלט — איז ר' יהושע מטמא, און די חכמים זענען מטהר. **דעם פירוש צו דער משנה געבן מיר אין טהרות פרק ו' משנה ב'.**

ח. שלשה, דריי זאַכן איז ר' צדוק מטמא (זאָגט, אַז זיי קאָנען ווערן טמא, אויב זיי רירן אָן א טמא־זאַך), און די חכמים זענען מטהר (זאָגן, אַז זיי קאָנען ניט ווערן טמא, ווייל זיי הייסן ניט קיין כלים. די דריי זאַכן זענען): דער טשוואָק פון א געלט־ווּעקסלער (שולחני), און דער קאַסטן פון די מענטשן וועלכע מאַכן גרייפּלעך פון

מְטַמֵּא וַחֲכָמִים מְטַהֲרִין: **ט** אַרְבָּעָה דְבָרִים רַבָּן גַּמְלִיאֵל מְטַמֵּא וַחֲכָמִים מְטַהֲרִין. כִּסּוּי טֶנִי שֶׁל מַתָּכוֹת שֶׁל בַּעֲלֵי בָתִּים. וּתְלוּי הַמַּגְרֵדוֹת. וְגוֹלְמֵי כְלֵי מַתָּכוֹת. וְטַבְלָא שֶׁנֶּחְלְקָה לִשְׁנַיִם. וּמוֹדִים חֲכָמִים לְרַבָּן גַּמְלִיאֵל, בְּטַבְלָא שֶׁנֶּחְלְקָה לִשְׁנַיִם אֶחָד גָּדוֹל וְאֶחָד קָטָן. הַגָּדוֹל טָמֵא. וְהַקָּטָן טָהוֹר: **י** שְׁלֹשָׁה דְבָרִים רַבָּן גַּמְלִיאֵל מַחְמִיר כְּדִבְרֵי בֵית שַׁמַּאי. אֵין טוֹמְנִין אֶת הַחַמִּין מִיּוֹם טוֹב לְשַׁבָּת. וְאֵין זוֹקְפִין אֶת הַמְּנוֹרָה בְּיוֹם טוֹב. וְאֵין אוֹפִין פִּתִּין גְּרִיצִין אֶלָּא רְקִיקִין. אָמַר רַבָּן גַּמְלִיאֵל מִיָּמֶיהֶן שֶׁל בֵּית אַבָּא לֹא הָיוּ אוֹפִין פִּתִּין גְּרִיצִין אֶלָּא רְקִיקִין. אָמְרוּ לוֹ. מַה נַּעֲשֶׂה לְבֵית אָבִיךָ שֶׁהָיוּ מַחֲמִירִין עַל עַצְמָן וּמְקִילִין עַל יִשְׂרָאֵל לִהְיוֹת אוֹפִין פִּתִּין גְּרִיצִין וָחֹרִי? **יא** אַף הוּא אָמַר שְׁלֹשָׁה דְבָרִים לְהָקֵל מְכַבְּדִין בֵּין הַמִּטּוֹת. וּמַנִּיחִין אֶת הַמֻּגְמָר בְּיוֹם טוֹב.

באָבעס (גרוסות), און דער טשוואָק פון דעם שטיינערנעם זון־זייגער (אבן השעות, דער לאנגער טשוואָק, וואָס ווייזט דעם שאָטן פון דער זון אויפן שטיינערנעם זייגער), איז ר׳ צדוק מטמא, און די חכמים זענען מטהר. **דעם פירוש צו דער דאָזיקער משנה געבן מיר אין כלים פרק י״ב משנה ה׳.**

ט. ארבעה, פיר זאכן איז ר׳ גמליאל מטמא (זאָגט, אז זיי קאָנען ווערן טמא, אויב זיי רירן אָן א טמא־זאך), און די חכמים זענען מטהר (זאָגן, אז זיי קאָנען ניט ווערן טמא; די פיר זאכן זענען): דאָס דעקל פון א מעטאלענעם קויש (טני) ביי בעלי בתים (וועלכער ווערן גענוצט אין דער הויז־ווירטשאפט); און דער הענגער פון קראַץ־בארשטן (אין באד־הייזער); און ניט פארענדיקטע (גולמים) מעטאלענע געפעסן; און א ערדענע פלאַטע (טבלא, וואָס איז ארומגעזוימט מיט ווענטלעך), אויב זי איז צע־בראָכן געוואָרן אויף צוויי (גלייכע) העלפטן. און די חכמים זענען מודה צו ר׳ גמליאל (זענען מסכים מיט אים) ביי א ערדענע פלאטע (מיט ווענטלעך ארום) וועלכע איז צעבראָכן געוואָרן אויף צוויי (טיילן), און איינער (פון זיי) איז א גרעסערער און איי־נער (דער אנדערער טייל) איז א קלענערער, אז דער גרעסערער איז טמא (קאָן ווערן טמא) און דער קלענערער איז טהור (קאָן ניט ווערן טמא). **דעם פירוש צו דער דאָ־זיקער משנה געבן מיר אין כלים פרק י״ב משנה ז.**

י. שלשה, (אין) דריי זאכן איז רבן גמליאל מחמיר (האלט אז מען טאָר ניט), אזוי ווי די בית שמאי. (די דריי זאכן זענען): מען טאָרניט באהאלטן ווארעמס פון יום טוב אויף שבת; און מען טאָרניט אויפשטעלן די לאָמפ אים יום טוב; און מען טאָרניט באקן (אים יום טוב) דיקע ברויטן, נאָר (מען מעג באקן) דינע ברויטן. האָט רבן גמליאל געזאָגט: אין מיין פאָטערס הויז האָט מען קיינמאָל (מימיהן) ניט געבאקן (אים יום טוב) דיקע ברויטן, נאָר דינע ברויטן; האָבן זיי (די חכמים, וועלכע האָבן ניט מסכים געווען מיט אים) געזאָגט צו אים (צו רבן גמליאל): וואָס זאָלן מיר טאָן צו דיין פאָטערס הויז (ווי אזוי קאָנען מיר אפלערנען פון דיין פאָטערס הויז) אז זיי (דיין פאָטערס פאמיליע־מענטשן) האָבן געפלעגט מחמיר זיין אויף זיך, אָבער זיי האָבן מיקל געווען (גרינגער געמאכט, מתיר געמאכט) פאר אלע יידן צו באקן דיקע ברויטן און גרויסע קיכנס אויף קוילן (חרי). **דעם פירוש צו דער דאָזיקער משנה געבן מיר אין ביצה פרק ב׳ משנה ו׳.**

יא. אַף, ער (רבן גמליאל) האָט אויך געזאָגט דריי זאכן מיקל צו זיין (געפסקנט, אז מען מעג): מען מעג (אים יום טוב) אויסרומען צווישן די בעטן; און מען מעג אוועקלייגן בשמים אויף גליענדיקע קוילן (מוגמר) אים יום טוב; און מען מעג מאכן אן אויסגעפוצט ציגעלע פסח־ביינאכט; און די חכמים אסרן (די דריי זאכן). **דעם פירוש**

וְעוֹשִׂים גְּדִי מְקֻלָּס בְּלֵילֵי פְסָחִים, וַחֲכָמִים אוֹסְרִים: יב שְׁלֹשָׁה דְבָרִים רַבִּי אֶלְעָזָר בֶּן עֲזַרְיָה מַתִּיר, וַחֲכָמִים אוֹסְרִין, פָּרָתוֹ יוֹצְאָה בִּרְצוּעָה שֶׁבֵּין קַרְנֶיהָ, וּמְקָרְדִין אֶת הַבְּהֵמָה בְּיוֹם טוֹב, וְשׁוֹחֲקִין אֶת הַפִּלְפְּלִין בָּרֵחַיִם שֶׁלָּהֶן, רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר אֵין מְקָרְדִין אֶת הַבְּהֵמָה בְּיוֹם טוֹב מִפְּנֵי שֶׁהוּא עוֹשֶׂה חַבּוּרָה, אֲבָל מְקַרְצְפִין, וַחֲכָמִים אוֹמְרִים אֵין מְקָרְדִין אַף לֹא מְקַרְצְפִין:

# פֶּרֶק ד.

א אֵלּוּ דְבָרִים מִקֻּלֵּי בֵית שַׁמַּאי וּמֵחֻמְרֵי בֵית הִלֵּל. בֵּיצָה שֶׁנּוֹלְדָה בְּיוֹם טוֹב, בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים תֵּאָכֵל וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים לֹא תֵאָכֵל. בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים שְׂאוֹר בִּכְזַיִת וְחָמֵץ בְּכַכּוֹתֶבֶת. וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים זֶה וָזֶה בִּכְזַיִת: ב (בְּהֵמָה שֶׁנּוֹלְדָה בְּיוֹם טוֹב הַכֹּל מוֹדִים שֶׁהִיא מֻתֶּרֶת.

**צו דער דאָזיקער משנה געבן מיר אין ביצה פרק ב׳ משנה ז׳.**

יב. שלשה, דריי זאכן איז ר׳ אלעזר בן עזריה מתיר, און די חכמים אסרן. (די דריי זאכן זענען): זיין קו גייט ארויס (אים שבת) מיט דעם רימען צווישן אירע הערנער; און אז מען מעג קראצן (מיט אן אייזערנער קאם, וועלכע האָט שארפע ציין) די בהמה אים יום טוב; און אז מען מעג מאָלן (אים יום טוב) פעפער אין זיין מילכל (אין א פעפער־מילכל). ר׳ יהודה זאָגט, אז מען טאָרניט קראצן מיט אן אייזערנער קאָם די בהמה אים יום טוב, ווייל עס מאכט א וואונד, אָבער מען מעג איר קעמען (מיט א הילצערנער קאם). און די חכמים זאָגן, אז מען טאָרניט (אים יום טוב) קראצן (מיט אן אייזערנער קאם) און מען טאָר אויך ניט קעמען (מיט א הילצערנער קאם). **דעם פירוש צו דער דאָזיקער משנה געבן מיר אין ביצה פרק ב׳ משנה ח׳.**

## פרק ד.

א. אלו, דאָס זענען די זאכן (הלכות) וואָס די בית שמאי פסקנט גרינגער (זע־נען מיקל) און די בית הלל פסקענען הארבער (זענען מחמיר). **אין גרעסטן טייל מחלוקות וועגן הלכות צווישן די בית שמאי און די בית הלל (וועלכע זענען געוועזן פארן חורבן פון 2טן בית המקדש און אויך א קורצע צייט נאָכן חורבן), פסקענען די בית הלל לקולא, גרינגער, זיי זיינען מיקל, זיי זאָגן אז מען מעג; און די בית שמאי פסקענען הארבער, לחומרא, זיי זענען מחמיר, זיי זאָגן אז מען טאָרנישט. אָבער עס זיינען פאראן א קליינע צאָל הלכות־מחלוקות, אין וועלכע די בית־שמאי זענען מיקל און די בית הלל זענען מחמיר, און אין דאָזיקן פרק ווערן אויס־גערעכנט די דאָזיקע הלכות.** ביצה, אן איי וואָס איז געבוירן געוואָרן אים יום טוב, זאָגן די בית שמאי אז עס מעג ווערן געגעסן (אים יום טוב), און די בית הלל זאָגן אז עס טאָרניט ווערן געגעסן (אים יום טוב). — די בית שמאי זאָגן, אז זויער טייג (שאור) דארף זיין גרויס ווי א כזית (ווי אן איילבירט), און חמץ ווי א טייטל (כותבת), און די בית הלל זאָגן, אז סיי דער (שאור, דאָס זויערטייג) און סיי דער (חמץ) ווי א כזית. **דעם פירוש צו דער דאָזיקער משנה געבן מיר אין ביצה פרק א׳ משנה א׳.**

ב. בהמה, א בהמה וועלכע איז געבוירן געוואָרן אים יום טוב, זענען אלע מודה אז זי איז מותר (אז מען מעג זי שעכטן און עסן אים יום טוב). **אויך די בית הלל וועלכע האלטן (פריער אין משנה א׳) אז אן איי וואָס איז געבוירן געוואָרן טאָר מען ניט עסן, אָבער ביי א בהמה זענען אויך זיי מתיר. ווייל די בהמה האָט מען געמעגט עסן אויך איידער זי איז געבוירן געוואָרן אויב מען האָט געשאָכטן איר מוטער, און עס הייסט דאריבער ניט אז זי איז מותר געוואָרן ערשט אים יום טוב (נולד, עס איז געבוירן געוואָרען א זאך וואָס איז פריער ניט געוועזן).** ואפרוח, און א פייגעלע (א הינדעלע) וואָס האָט זיך אויסגעפיקט פון דער איי (אים יום טוב) זענען אלע (אויך

וְאֶפְרוֹחַ שֶׁיָּצָא מִן הַבֵּיצָה הַכֹּל מוֹדִים שֶׁהוּא אָסוּר). הַשּׁוֹחֵט חַיָּה וְעוֹף בְּיוֹם טוֹב. בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים יַחְפּוֹר בַּדֶּקֶר וִיכַסֶּה. וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים לֹא יִשְׁחוֹט, אֶלָּא אִם כֵּן הָיָה לוֹ עָפָר מוּכָן. וּמוֹדִים שֶׁאִם שָׁחַט שֶׁיַּחְפּוֹר בַּדֶּקֶר וִיכַסֶּה, שֶׁאֵפֶר כִּירָה מוּכָן הוּא: **ג** בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים הֶבְקֵר לָעֲנִיִּים הֶבְקֵר, וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים אֵינוֹ הֶבְקֵר עַד שֶׁיִּבְקַר אַף לָעֲשִׁירִים כַּשְּׁמִטָּה, כָּל עוֹמְרֵי הַשָּׂדֶה שֶׁל קַב קַב וְאֶחָד שֶׁל אַרְבַּע קַבִּין וּשְׁכָחוֹ, בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים אֵינוֹ שִׁכְחָה, וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים שִׁכְחָה: **ד** הָעוֹמֶר שֶׁהוּא סָמוּךְ לַגַּפָּה וְלַגָּדִישׁ, וְלַבָּקָר, וְלַכֵּלִים, וּשְׁכָחוֹ, בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים אֵינוֹ שִׁכְחָה, וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים שִׁכְחָה: **ה** כֶּרֶם רְבָעִי בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים אֵין לוֹ חוֹמֶשׁ וְאֵין לוֹ בִּיעוּר, וּבֵית

די בית שמאי) מודה, אז עס איז אסור. **מען טאָר עס ניט עסן אים יום טוב, ווייל איידער עס איז ארויס פון איי האָט מען עס ניט געטאָרט עסן אפילו אין דער וואָכנס (צוליב „שרץ העוף") און דאריבער איז עס ניט געווען צוגעגרייט, מוכן, צום עסן אים יום טוב. וועגן דעם אלעם זע אין ביצה פרק א' משנה א' און אין דער הקדמה צו פרק ביצה. אין טייל משניות זענען דאָ אינגאנצן ניט פאראן די ווערטער פון „בהמה" ביז „אסור".** השוחט, אז איינער שעכט א חיה אָדער א עוף אים יום טוב, זאָגן די בית שמאי, אז ער מעג אויפגראָבן מיט א גראָב־אייזן (דקר) און (מיט דער ערד) צודעקן (דאָס בלוט), און די בית הלל זאָגן, אז ער זאָל ניט שעכטן (אים יום טוב) סיידן ער האָט אָנגעגרייט (פון ערב יום טוב) בייטאָג ערד (צוצודעקן דאָס בלוט). און זיי (די בית הלל) זענען מודה, אז אויב ער האָט יאָ געשאָכטן (אים יום טוב) זאָל ער אויפגראָבן (אביסל ערד) מיטן גראָב־אייזן און זאָל צודעקן (דאָס בלוט); אז אש פון דער קיך הייסט אָנגעגרייט (מוכן). **דעם פירוש צו דער דאָזיקער משנה געבן מיר אין ביצה פרק א' משנה ב'.**

ג. בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אז אויב מען איז מפקיר א זאַך (נור) פאר אָרימע לייט הייסט עס הפקר; און די בית הלל זאָגן, אז עס הייסט ניט קיין הפקר סיידן ווען איז מפקיר אויך פאר רייכע לייט, אזוי ווי אין שמיטה־יאָר. **דעם פירוש צו דער דאָזיקער משנה געבן מיר אין פאה פרק ו' משנה א'.** — כל עומרי, אויב אלע גארבן (אָפּגעשניטענע תבואה־קופּקעס אויפן פעלד) האלט יעדער פון זיי איין טאָפּ, און איין גארב (איין תבואה־קופּקע אויפן פעלד צווישן זיי) האלט פיר טעפּ, און ער (דער בעל הבית פון פעלד) האָט אים פארגעסן, זאָגן די בית שמאי אז עס איז ניט קיין שכחה (און ער געהערט צום בעל הבית), און די בית הלל זאָגן, אז עס איז יאָ שכחה (און ער געהערט צו די אָרימע לייט). **דעם פירוש דערצו זע אין פאה פרק ו' משנה א'.**

ד. העומר, א גארב (א תבואה־קופּקע) וועלכער ליגט נאָענט צו א צוים פון אָנגעלייגטע שטיינער (גפה) אָדער צו א סטערטע (גדיש, א תבואה־זאנגן־בארג), אָדער צום אָרט, וואו די ארבייטס־בהמות געפינען זיך, אָדער לעבן די כלים (צום אקערן), און ער (דער בעל הבית) האָט אים פארגעסן, זאָגן די בית שמאי, אז עס איז ניט קיין שכחה און די בית הלל זאָגן, אז עס איז שכחה. **דעם פירוש דערצו זע אין פאה פרק ו' משנה ב'.**

ה. כרם, א ווייַנגאָרטן, וואָס איז כרם רבעי (דאָס פירטע יאָר זינט מען האָט אים פארפלאנצט) זאָגן די בית שמאי אז (ביים אויסלייזן אים) דארף מען ניט צוצאָלן דאָס פינפטל (דעם חומש), און מען דארף אים אויך ניט אויסרוימען (פאַרניכטן זיינע פרוכטן אין פירטן און זיבעטן יאָר פון די זיבן נאָך־שמיטה־יאָרן), און די בית הלל זאָגן, אז מען דארף יאָ צוצאָלן דאָס פינפטל, און אז מען דארף יאָ אויסרוימען.

הִלֵּל אוֹמְרִים יֶשׁ לוֹ (חוֹמֶשׁ וְיֵשׁ לוֹ בִּיעוּר). בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים יֶשׁ לוֹ פֶּרֶט וְיֵשׁ לוֹ עוֹלֵלוֹת, וְהָעֲנִיִּים פּוֹדִים לְעַצְמָן וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים כֻּלּוֹ לַגַּת: ו חָבִית שֶׁל זֵיתִים מְגֻלְגָּלִים, בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים אֵינוֹ צָרִיךְ לְנַקֵּב, וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים צָרִיךְ לְנַקֵּב, וּמוֹדִים שֶׁאִם נְקָבָהּ וּסְתָמוּהָ שְׁמָרִים שֶׁהִיא טְהוֹרָה. הַסָּךְ בְּשֶׁמֶן טָהוֹר וְנִטְמָא, יָרַד וְטָבַל, בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים אַף עַל פִּי שֶׁהוּא מְנַטֵּף טָהוֹר. וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים כְּדֵי סִיכַת

דעם פירוש דערצו זע אין פאה פרק ז׳ משנה ו׳. בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אז ער (דער כרם־רבעי־וויינגאָרטן) האָט פרט און האָט עוללות (און אויב עס זענען פאראן אין כרם־רבעי־וויינגאָרטן פרט־ווינטרויבן אָדער עוללות־ווינטרויבן געהערן זיי צו די אָרימע לייט), און די אָרימע לייט לייזן אויס (די פרט־און עוללות־ווינטרויבן) פאר זיך; און די בית הלל זאָגן, אז אלע (ווינטרויבן פון כרם־רבעי־וויינגאָרטן) גייען אריין אין וויינקעלטער (פון בעל הבית און די אָרימע לייט קריגן גאָרניט). דעם פירוש דערצו זע דאָרט אין פאה פרק ז׳ משנה ה.

ו· חבית, אויב עס איז איינגעלייגט געווען אין א פאס איילבירטן (מגולגלים, מען האָט זיי איינגעלייגט מיט זאלץ) זאָגן די בית שמאי אז מען דארף ניט מאכן (אין פאס) קיין לאָך (אז עס זאָל ארויסרינען דער מוהל, די פליסיקייט וואָס האָט זיך אָנגעזאמלט אין פאס). דער דין איז אז כדי א עסנווארג זאָל קאָנען ווערן טמא (אויב עס וועט אָנרירן א טמא־זאך), דארף צוערשט אויף דעם עסנווארג ארויפקומען א משקה, א פליסיקייט. דאָס הייסט „הכשר״, די משקה ווען זי רירט אָן דאָס עסנווארג, איז עס „מכשיר״, מאכט עס פעהיג, אז עס זאָל קאָנען טמא ווערן. אָבער דאביי איז פאראן א דין, אז דאָס איז נור ווען דער בעל הבית פון דעם עסנווארג וויל, אז די משקה זאָל אָנרירן דאָס עסנווארג. אויב אָבער דער בעל הבית וויל עס ניט, כאָטש די משקה האָט אָנגערירט דאָס עסנווארג, קאָן דאָס עסנווארק ניט טמא ווערן. זאָגן די בית שמאי, אַז כדי די איילבירטן זאָלן ניט קאָנען טמא ווערן, דאַרף מען ניט מאַכן אַ לאָך אין דער פאס, כדי די פליסיקייט, דער מוהל, די משקה, זאָל ארויסרינען, און דערמיט זאָל דער בעל הבית ווייזן. אַז ער וויל ניט אַז די פליסיקייט זאָל דאָרט זיין,— ווייל מען נעמט אָן, אַז ער דאַרף די פליסיקייט סיי ווי ניט האָבן און ממילא רירן זיי אָן די איילבירטן ניט מיט זיין ווילן און די איילבירטן קאָנען דערנאָך ניט טמא ווערן.

ובית הלל, און די בית הלל זאָגן, אַז מען דאַרף יאָ מאַכן אַ לאָך (אין פאַס). ווייל דער בעל-הבית דאַרף ווייזן אַז ער וויל ניט די פליסיקייט זאָל דאָרט זיין. ומודים און זיי (די בית הלל זענען מודה) אז אויב ער (דער בעל הבית) האָט געמאכט א לאָך אין איר (אין דער פאס), (כאָטש) אייזון (דער שוים פון די איילבירטן) האָבן עס (דעם לאָך) פארשטאָפט, זיינען זיי (די איילבירטן) ריין. דאָס הייסט, אז זיי קאָנען ניט טמא ווערן, ווייל דער בעל הבית האָט מיטן מאכן דעם לאָך געוויזן אז ער וויל ניט די פליסיקייט. הסך, אז איינער האָט זיך באשמירט (זיין קערפער) מיט ריינעם (ניט־טמא) אייל, און ער (דער מענטש) איז דערנאָך טמא געוואָרן (ער האָט אָנגערירט, למשל, א טויטן שרץ), און ער איז אראָפגעגאנגען (אין מקוה) און האָט זיך טובל געווען, זאָגן די בית שמאי, אז אפילו ער (דער אייל) קאפעט (טריפט־אראָפ, מנטף) פון זיין קערפער, איז ער טהור (ריין). כאָטש געווינטליך ווען אייל ווערט טמא, העלפט ניט וואָס מען איז אים טובל אין מקוה און ער בלייבט ווייטער טמא (נור ביי טמא וואסער העלפט טובל זיין אין מקוה, אָבער ביי אנדערע פליסיקייטן העלפט ניט), פונדעסטוועגן ווערט עס יאָ ריין, ווייל עס ווערט בטל צום קערפער פון מענטש.

ובית הלל, און די בית הלל זאָגן, (אז עס איז ריין נור ווען עס איז פאראן אויף זיין קערפער אייל ניט מער) ווי אָנצושמירן א קליינעם אבר (א קליינעם גליד פון

אֵבֶר קָטָן. וְאִם הָיָה שֶׁמֶן טָמֵא מִתְּחִלָּתוֹ, בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים כְּדֵי סִיכַת אֵבֶר קָטָן, וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים מַשְׁקֶה טוֹפֵחַ. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר מִשּׁוּם בֵּית הִלֵּל, טוֹפֵחַ וּמַטְפִּיחַ: ז הָאִשָּׁה מִתְקַדֶּשֶׁת בְּדִינָר וּבְשָׁוֶה דִינָר, כְּדִבְרֵי בֵּית שַׁמַּאי. וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים בִּפְרוּטָה וּבְשָׁוֶה פְרוּטָה. וְכַמָּה הִיא פְרוּטָה? אֶחָד מִשְּׁמוֹנָה בְּאִסָּר הָאִיטַלְקִי. בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים פּוֹטֵר הוּא אֶת אִשְׁתּוֹ בְּגֵט יָשָׁן, וּבֵית הִלֵּל אוֹסְרִין. אֵיזֶהוּ גֵט יָשָׁן? כֹּל שֶׁנִּתְיַחֵד עִמָּהּ אַחַר שֶׁכְּתָבוֹ לָהּ. הַמְגָרֵשׁ אֶת אִשְׁתּוֹ, וְלָנָה עִמּוֹ בְּפֻנְדְּקִי, בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים אֵינָהּ צְרִיכָה מִמֶּנּוּ גֵט שֵׁנִי, וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים צְרִיכָה מִמֶּנּוּ גֵט שֵׁנִי. אֵימָתַי? בִּזְמַן שֶׁנִּתְגָּרְשָׁה מִן הַנִּשּׂוּאִין, אֲבָל בְּנִתְגָּרְשָׁה מִן הָאֵרוּסִין אֵינָהּ צְרִיכָה מִמֶּנּוּ גֵט שֵׁנִי, מִפְּנֵי שֶׁאֵין

קערפער). **אָבער אויב עס איז פאראן מער אייל ווערט עס ניט בטל צום קערפער, און עס איז ווייטער טמא,** ואם, און אויב דער אייל איז געווען טמא פון אָנהויב אן (נאָך איידער דער מענטש האָט באשמירט זיין קערפער מיט אים), זאָגן די בית שמאי אז (דער שיעור איז אזוי פיל) ווי אָנצושמירן א קליינעם אבר (און אויב אויפן קערפער איז פאראן מער אייל בלייבט עס טמא), און די בית הלל זאָגן, אז (עס בלייבט טמא ביי א קלענערן שיעור, דהיינו, אזוי פיל) ווי די פייכטקייט פון א פליסיקייט (משקה טופח). **אויב דער קערפער איז נור פייכט פון אייל, בלייבט עס שוין טמא.** ר' יהודה זאָגט אין נאָמען פון די בית הלל, אז (עס בלייבט טמא נור ווען) די פליסיקייט איז פייכט און קאָן מאכן פייכט (טופח ומטפיח). דאָס הייסט, **אז ווען מען רירט אָן מיט דער האנט אויפן קערפער ווערט די האנט פייכט פון אייל, און דערנאָך ווען מען רירט אָן מיט דער האנט אן אנדערע זאך מאכט זי פייכט די אנדערע זאך. דער טעם, פארוואָס איז דער דין הארבער, ווען דער אייל איז געווען פון אָנהויב טמא, איז כדי מען זאָל ניט זאָגן אז טמא אייל קאָן מען מאכן ריין דורך טובל זיין אין מקוה.**

ז. האשה, א פרוי קאָן ווערן מקודש (ווערט די פרוי פון א מאן) מיט א דינר אָדער מיט א זאך וואָס איז ווערט א דינר, אזוי איז לויט די ווערטער פון די בית שמאי; און די בית הלל זאָגן, אז (אויך) מיט א פרוטה (הונדערט און צוויי און נייניציק פרוטות איז איין דינר) אָדער מיט א זאך וואָס איז ווערט א פרוטה; און וויפיל איז א פרוטה? איין אכטל פון אן איטאליענישן איסר. **דעם פירוש דערצו זע אין קידושין פרק א' משנה א'.** — בית שמאי, די בית שמאי זאָגן, אז א מאן קאָן פטרן (באפרייען, גטן זיין פרוי) מיט אן אלטן גט, און די בית הלל אסרן (זאָגן, אז ער קאָן ניט גטן מיט אן אלטן גט). וואָס הייסט אן אלטער גט? אויב ער (דער מאן) איז געווען אין א באזונדערן צימער (ער האָט זיך מייחד געווען) מיט איר (מיט זיין פרוי) נאָכדעם ווי ער האָט אים (דעם גט) געשריבן פאר אירעטוועגן. **דעם פירוש דערצו זע אין גטין פרק ח' משנה ד'.** — המגרש, אז איינער האָט געגעט זיין פרוי און דערנאָך האָט זי איבערגענעכטיקט צוזאמען מיט אים אין א קרעטשמע (בפונדקי, אין א אכסניה), זאָגן די בית שמאי, אז זי דארף ניט האָבן פון אים א א צווייטן גט, און די בית הלל זאָגן, אז זי דארף האָבן פון אים א צווייטן גט. ווען (האָבן געזאָגט די בית הלל אז זי דארף האָבן א צווייטן גט)? אויב זי איז געגעט געוואָרן נאָכדעם ווי זי האָט שוין געהאט חתונה געהאט מיט אים אינגאנצן (מן הנשואין), אָבער אויב זי איז געגעט געוואָרן נור נאָכדעם ווי זי האָט בלויז גענומען פון אים קידושין (און נאָכניט חתונה געהאט), דארף זי ניט האָבן פון אים א צווייטן גט, ווייל זיין הארץ איז ניט דרייסט צו איר (ער שעמט זיך נאָך פאר איר). **דעם פירוש דערצו זע אין גטין פרק ח' משנה ט'.**

לִבּוֹ גַּס בָּהּ: ח בֵּית שַׁמַּאי מַתִּירִין אֶת הַצָּרוֹת לָאַחִים, וּבֵית הִלֵּל אוֹסְרִין. חָלְצוּ, בֵּית שַׁמַּאי פּוֹסְלִים מִן הַכְּהֻנָּה וּבֵית הִלֵּל מַכְשִׁירִין. נִתְיַבְּמוּ, בֵּית שַׁמַּאי מַכְשִׁירִין וּבֵית הִלֵּל פּוֹסְלִין. וְאַף עַל פִּי שֶׁאֵלּוּ פּוֹסְלִים וְאֵלּוּ מַכְשִׁירִין, לֹא נִמְנְעוּ בֵּית שַׁמַּאי מִלִּשָּׂא נָשִׁים מִבֵּית הִלֵּל, וְלֹא בֵּית הִלֵּל מִלִּשָּׂא נָשִׁים מִבֵּית שַׁמַּאי, וְכָל הַטְּהָרוֹת וְהַטֻּמְאוֹת שֶׁהָיוּ אֵלּוּ מְטַהֲרִין וְאֵלּוּ מְטַמְּאִין לֹא נִמְנְעוּ לִהְיוֹת עוֹשִׂים טְהָרוֹת אֵלּוּ עַל גַּבֵּי אֵלּוּ: ט שְׁלשָׁה אַחִים שְׁנַיִם מֵהֶם נְשׂוּאִים שְׁתֵּי אֲחָיוֹת וְאֶחָד מוּפְנֶה, מֵת אֶחָד מִבַּעֲלֵי אֲחָיוֹת וְעָשָׂה בָהּ מוּפְנֶה מַאֲמָר, וְאַחַר כָּךְ מֵת אָחִיו הַשֵּׁנִי, בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים אִשְׁתּוֹ עִמּוֹ וְהַלָּה תֵּצֵא מִשּׁוּם אֲחוֹת אִשָּׁה. וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים מוֹצִיא אֶת אִשְׁתּוֹ בְּגֵט

ח. בית שמאי, די בית שמאי זענען מתיר די צרות צו די ברידער. **אויב איי־נער איז געשטאָרבן אָן קינדער און האָט איבערגעלאָזט א ברודער און צוויי ווייבער און איינע פון זיי איז א ערוה, א קרובה צום ברודער, און ער טאָר מיט איר ניט חתונה האָבן, און די אנדערע, די צרה איז ניט קיין קרובה, מעג דער ברודער חתונה האָבן מיט דער צרה.** ובית הלל, און די בית הלל אסרן. **דער ברודער טאָר ניט חתונה האָבן אויך מיט דער צרה, און ער דאַרף איר ניט געבן אפילו קיין חליצה.** חלצו, אויב ער האָט געגעבן (דער צרה) חליצה, זאָגן די בית שמאי אז זי ווערט פסול (זי טאָר דערנאָך ניט חתונה האָבן מיט א כהן, ווייל א פרוי וועלכע האָט גענומען חליצה טאָרניט חתונה האָבן מיט א כהן), און די בית הלל זאָגן אז זי איז כשר (ווייל די חליצה איז ניט קיין חליצה). אויב זי (די צרה) איז געוואָרן מיובם (דער ברודער האָט חתונה געהאַט מיט איר) זאָגן די בית שמאי אז זי איז כשר (זי מעג דערנאָך חתונה האָבן מיט א כהן, ווייל זי האָט מיט איר חתונה האָבן ניט געטאָן קיין עבירה), און די בית הלל זאָגן אז זי איז פסול. **דעם פירוש צו דער גאנצער משנה זע אין יבמות פרק א׳ משנה ד׳.** — ואף על פי, און כאָטש די דאָזיקע זאָגן פסול און די דאָ־זיקע זאָגן כשר (כאָטש די חכמים, די בית שמאי און די בית הלל, זענען מחולק צווישן זיך) האָבן זיך די בית שמאי ניט אָפּגעהאַלטן פון חתונה האָבן מיט פרויען פון די בית הלל, און די בית הלל האָבן זיך ניט אָפּגעהאַלטן פון חתונה האָבן מיט פרויען פון די בית שמאי, און אויך אין אלע זאַכן פון טהרות און טומאות, וואָס די דאָזיקע האָבן געהאַלטן אז זיי זענען טהור, און די דאָזיקע האָבן געהאַלטן אז זיי זענען טמא, האָבן זיי (די בית שמאי און די בית הלל) זיך ניט אָפּגעהאַלטן פון באַנוצן די טהרות (די טהור־זאַכן) איינע פון די אנדערע. **זע אין יבמות פרק א׳ משנה ד׳, וואו מיר געבן דעם פירוש דערצו.**

ט. שלשה, אויב עס זענען געווען דריי ברידער (ראובן, שמעון און לוי), פון וועלכע צוויי (ראובן און שמעון) האָבן חתונה געהאַט מיט צוויי שוועסטער (לאה און רחל), און איינער (לוי) איז געווען ליידיק (ניט חתונה געהאַט), און עס איז געשטאָרבן (אָן קינדער), איינער פון די שוועסטערן־מענער (ראובן, דער מאַן פון לאה), און דער ליידיקער (לוי) האָט געמאַכט מיט איר (מיט לאהן) א מאמר (ער האָט זי בלויז מקדש געווען, און נאָכניט חתונה געהאַט מיט איר), און דערנאָך איז געשטאָרבן דער צווייטער ברודער (שמעון, דער מאַן פון רחל) זאָגן די בית שמאי, אז זיין ווייב קאָן בלייבן מיט אים (לוי קאָן חתונה האָבן מיט לאה), און די דאָזיקע (רחל) גייט אַרויס (ווערט באַפרייט פון מיובם ווערן און פון נעמען חליצה) צוליב דעם וואָס זי איז זיין ווייבס שוועסטער (אחות אשה); און די בית הלל זאָגן, אז ער (לוי) דאַרף באַ־פרייען זיין פרוי (לאהן) מיט א גט און מיט חליצה און זיין ברודערס פרוי **(רחלן) דאַרף ער באַפרייען מיט חליצה. דאָס איז עס, וואָס זיי (די חכמים) האָבן געזאָגט:**

וַחֲלִיצָה, וְאֵת אֵשֶׁת אָחִיו בַּחֲלִיצָה. זוֹ הִיא שֶׁאָמְרוּ, אִי לוֹ עַל אִשְׁתּוֹ וְאִי לוֹ עַל אֵשֶׁת אָחִיו: י הַמַּדִּיר אֶת אִשְׁתּוֹ מִתַּשְׁמִישׁ הַמִּטָּה בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים שְׁתֵּי שַׁבָּתוֹת, וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים שַׁבָּת אֶחָת. הַמַּפֶּלֶת לְאוֹר שְׁמוֹנִים וְאֶחָד, בֵּית שַׁמַּאי פּוֹטְרִין מִן הַקָּרְבָּן, וּבֵית הִלֵּל מְחַיְּבִין. סָדִין בְּצִיצִית בֵּית שַׁמַּאי פּוֹטְרִין, וּבֵית הִלֵּל מְחַיְּבִין. כַּלְכָּלַת הַשַּׁבָּת בֵּית שַׁמַּאי פּוֹטְרִין וּבֵית הִלֵּל מְחַיְּבִין: יא מִי שֶׁנָּזַר נְזִירוּת מְרֻבָּה וְהִשְׁלִים נְזִירָתוֹ, וְאַחַר כַּךְ בָּא לָאָרֶץ, בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים נָזִיר שְׁלשִׁים יוֹם, וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים נָזִיר בַּתְּחִלָּה. מִי שֶׁהָיוּ שְׁתֵּי כִתֵּי עֵדִים מְעִידוֹת אוֹתוֹ, אֵלּוּ

ווי צו אים צוליב זיין פרוי און ווי צו אים צוליב זיין ברודערס פרוי (ווייל ער טאָר מיט קיינער פון זיי ניט חתונה האָבן). **דעם פירוש דערצו זע אין יבמות פרק ג׳ משנה ה׳.**

י. המדיר, אז איינער (א מאן) אסרט זיך מיט א נדר ניט צו לעבן (תשמיש המטה, ניט האָבן געשלעכטליכע באציאונגען) מיט זיין ווייב, זאָגן די בית שמאי, אז צווי וואָכן (אויב מער פון צווי וואָכן דאַרף ער איר געבן א גט און די כתובה), און די בית הלל זאָגן אז איין וואָך. **דעם פירוש דערצו זע כתובות פרק ה׳ משנה ו׳.** המפלת, אז א פרוי האָט מפיל געווען אין דער נאכט צום איין־און־אכציקסטן טאָג (נאָכדעם ווי זי האָט געבוירן א מיידל), זאָגן די בית שמאי אז זי איז פטור פון צו ברענגען א קרבן, און די בית הלל זענען מחייב (זיי זאָגן אז זי דאַרף ברענגען א קרבן). **דעם פירוש דערצו זע כריתות פרק א׳, משנה ו׳.** — סדין, א נאכט־מלבוש פון פלאַקס, (סדין) זאָגן די בית שמאי אז מען זאָל ניט ארייננמאכן קיין ציצית, און די בית הלל זענען מחייב (זיי זאָגן אז מען זאָל יאָ ארייננמאכן ציצית). „סדין" הייסט **א נאכט־מלבוש פון פלאַקס, א שטיק געוואַנט פון פלאַקס, אין וועלכן מען הילט זיך איין ביינאכט צום שלאָפן. אין ציצית איז אמאָל געווען איין פאָדים תכלת, פון וואָל געפאַרבט אויף בלוי. דער דין איז אז כאָטש מען טאָר דאָך ניט טראָגן קיין שעטנז, א מלבוש פון וואָל מיט פלאַקס, אָבער אין א מלביש פון פלאַקס מעג מען ארייננטאָן ציצית מיט דעם תכלת־וואָל־פאָדעם און טראָגן עס, ווייל די מצות עשה פון ציצית איז דוחה (שטופט אוועק) די „לא תעשה", דעם איסור פון שעטנז. אָבער ביינאכט איז מען דאָך ניט מחויב צו טראָגן ציצית, קומט אויס, אז ביינאכט טאָר מען ניט טראָגן א פלאַקס־מלבוש מיט ציצית. זאָגן די בית שמאי אז ווייל דער „סדין", איז דאָך בכלל א נאכט־מלבוש, דעריבער טאָר מען עס אויך בייטאָג ניט טראָגן מיט ציצית, ווייל עס איז מורא צו האָבן טאָמער וועט מען עס נוצן אויך ביינאכט, און דעריבער זאָל מען עס אויך ביי־טאָג טראָגן אָן ציצית, אָבער די בית הלל האַלטן, אז מען דאַרף ניט מורא האָבן און זיי הייסן יאָ ארייננמאכן ציצית.** — כלכלת, א קויש מיט פרוכטן, וואָס מען האָט אנגעגרייט פאַר שבת וועגן, זאָגן די בית שמאי אז מען איז פטור (אָפּצושיידן דער־פון מעשר, כל זמן מען האָט אים ניט ארייננגעבראַכט אין הויף צי אין הויז), און די בית הלל זענען מחייב (זאָגן אז מען דאַרף אָפּשיידן מעשר). **דעם פירוש דערצו זע מעשרות פרק ד׳ משנה ב׳.**

יא. מי, אז איינער האָט (אין חוץ לארץ) א נדר געטאָן צו זיין א לאַנגע צייט א נזיר (מער פון דרייסיק טעג) און ער האָט (אין חוץ לארץ) פאַרענדיקט זיין נזירות (אָפּגעווען נזיר די גאַנצע צייט) און דערנאָך איז ער געקומען קיין ארץ ישראל, זאָגן די בית שמאי, אז ער זאָל (אין ארץ ישראל) זיין אויפסניי נזיר (נאָר) דרייסיק טעג, און די בית הלל זאָגן אז ער זאָל זיין אויפסניי נזיר פון אָנהייב אָן (די גאַנצע לאַנגע צייט, וואָס ער האָט געדאַרפט זיין נזיר). **דעם פירוש דערצו זע נזיר פרק ג׳ משנה ו׳.** מי שהיו, אויב צווי כתות (פאַר) עדות האָבן עדות געזאָגט וועגן איינעם, די דאָזיקע (אין פאַר עדות) האָט עדות געזאָגט, אז ער האָט געטאָן א נדר צו זיין צוויי מאָל נזיר

מְעִידִים שֶׁנָּדַר (שֶׁנָּזַר) שְׁתַּיִם, וְאֵלּוּ מְעִידִים שֶׁנָּדַר חָמֵשׁ, בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים נֶחְלְקָה הָעֵדוּת וְאֵין כָּאן נְזִירוּת, וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים יֵשׁ בִּכְלַל חָמֵשׁ שְׁתַּיִם שֶׁיִּהְיֶה נָזִיר שְׁתַּיִם:

**יב** אָדָם שֶׁהוּא נָתוּן תַּחַת הַסְּדָק, בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים אֵינוֹ מֵבִיא אֶת הַטֻּמְאָה, וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים, אָדָם חָלוּל הוּא, וְהַצַּד הָעֶלְיוֹן מֵבִיא אֶת הַטֻּמְאָה:

# פרק ה.

**א** רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר שִׁשָּׁה דְבָרִים מִקּוּלֵּי בֵית שַׁמַּאי וּמֵחוּמְרֵי בֵית הִלֵּל. דַּם נְבֵלָה, בֵּית שַׁמַּאי מְטַהֲרִין, וּבֵית הִלֵּל מְטַמְּאִין. בֵּיצַת הַנְּבֵלָה אִם יֵשׁ כַּיּוֹצֵא בָהּ נִמְכֶּרֶת בַּשּׁוּק מֻתֶּרֶת, וְאִם לָאו אֲסוּרָה, כְּדִבְרֵי בֵית שַׁמַּאי, וּבֵית

(צוויי מאָל צו דרייסיק טעג), און די דאָזיקע (די אנדערע פאר עדות) האָט עדות געזאָגט, אז ער האָט געטאָן א נדר צו זיין פינף מאָל נזיר (פינף מאָל צו דרייסיק טעג), זאָגן די בית שמאי אז דאָס עדות־זאָגן איז צעקריגט (און עס הייסט ווי עס איז אינגאנצן ניטאָ קיין עדות) און עס איז דאָ ניט פאראן קיין שום נזירות (ער איז ניט מחויב צו זיין א נזיר אפילו ניט קיין איין מאָל); און די בית הלל זאָגן, אז אין כלל פון פינף זענען פאראן אויך צוויי (און ממילא הייסט עס אז אויף צוויי מאָל נזירות האָבן ביידע פאָר עדות געזאָגט עדות) און ער זאָל זיין א נזיר צוויי מאָל. **דעם פירוש דערצו זע אין נזיר פרק ג׳ משנה ז׳.**

יב. אדם, אויב (א מת, א טויטער געפינט זיך אונטער א דאך, און דער דאך איז צעשפּאָלטן פון איין עק ביז דעם אנדערן און) א לעבעדיקער מענטש געפינט זיך אונטער דעם שפּאַלט, זאָגן די בית שמאי אז (עס הייסט ניט ווי דער מענטש פאר־שטעלט דעם שפּאַלט) און עס ווערט ניט אריבערגעטראָגן די טומאה (און די זאכן וואָס געפינען זיך אונטער דעם דאך, און דער שפּאַלט טיילט זיי אָפּ פון מת, זענען ניט טמא); און די בית הלל זאָגן, אז דער מענטש איז א הוילער (אינווייניק פון מענטשס קערפּער איז הויל, ליידיק) און דער אויבערשטער טייל (צד, זייט, טייל פון מענטשס קערפּער) טראָגט אריבער די טומאה (פון דער זייט פון מת צו דער זייט פון די זאכן). **דעם פירוש צו דער דאָזיקער משנה זע אין אהלות פרק י״א משנה ב׳, וואו מיר זענען מסביר דעם ענין פון „איבערטראָגן טומאה״.**

## פרק ה.

א. ר׳ יהודה זאָגט (אז עס זענען פאראן נאָך) זעקס זאכן (הלכות), וואו די בית שמאי זענען מיקל (מאכן גרינגער) און די בית הלל זענען מחמיר (מאכן הארבער). **צו די הלכות פון די קולי בית שמאי און חומרי בית הלל, וועלכע די משנה האָט אויסגערעכנט אין פאַריקן פּרק, גיט צו ר׳ יהודה נאָך 6 הלכות.** דם, דאָס בלוט פון א נבלה (פון א געפּגרטער בהמה) זענען די בית שמאי מטהר. **אויב דאָס בלוט רירט אָן אַ זאך ווערט די זאך ניט טמא, אזוי ווי עס וואָלט אנגערירט דאָס פלייש פון אַ נבלה דווייל דאָס בלוט האָט ניט דעם דין פון פלייש.** ובית הלל, און די בית הלל זענען מטמא, **ווייל דאָס בלוט האָט יאָ דעם דין פון פלייש און עס הייסט נבלה.** ביצת (אויב מען האָט געשאָכטן א עוף און עס איז געוואָרן א נבלה, די שחיטה איז ניט געווען קיין גוטע שחיטה, און מען האָט געפונען אין דעם עוף אן איי איז) דאָס איי פון דער דאָזיקער נבלה, אויב א שטייגער ווי דאָס (אויב דאָס איי האָט שוין אזא הארטע שאָל, אז עס) ווערט פארקויפט אין מארק, מעג מען עס (עסן), און אויב ניט טאָר מען עס ניט (עסן), אזוי איז לויט די ווערטער פון די בית שמאי. **זיי האלטן, אז אויב דאָס איי האָט א הארטע שאָל, הייסט עס א באזונדערע זאך, און עס איז ניט געוואָרן אויך א נבלה צוזאמען מיט דעם עוף.** ובית הלל, און די בית הלל אסרן. **אויך אפילו ווען

הִלֵּל אוֹסְרִין. וּמוֹדִים בְּבֵיצַת טְרֵפָה שֶׁהִיא אֲסוּרָה. מִפְּנֵי שֶׁגָּדְלָה בְאִסּוּר. דַּם נָכְרִית וְדַם טָהֳרָה שֶׁל מְצוֹרַעַת, בֵּית שַׁמַּאי מְטַהֲרִין. וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים כְּרוּקָהּ וּכְמֵימֵי רַגְלֶיהָ. אוֹכְלִין פֵּירוֹת שְׁבִיעִית בְּטוֹבָה וְשֶׁלֹּא בְטוֹבָה, כְּדִבְרֵי בֵית שַׁמַּאי. וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים אֵין אוֹכְלִים (אֶלָּא) בְטוֹבָה. הַחֵמֶת, בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים צְרוּרָה עוֹמֶדֶת. וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים אַף עַל פִּי שֶׁאֵינָהּ צְרוּרָה: ב רַבִּי יוֹסֵי אוֹמֵר שִׁשָּׁה דְבָרִים מִקּוּלֵּי בֵית שַׁמַּאי וּמֵחוּמְרֵי בֵית הִלֵּל. הָעוֹף עוֹלֶה עִם גְּבִינָה עַל הַשֻּׁלְחָן וְאֵינוֹ נֶאֱכָל, כְּדִבְרֵי בֵית שַׁמַּאי. וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים אֵינוֹ עוֹלֶה וְאֵינוֹ נֶאֱכָל. תּוֹרְמִין זֵיתִים עַל שֶׁמֶן, וַעֲנָבִים עַל יַיִן כְּדִבְרֵי בֵית שַׁמַּאי. וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים אֵין תּוֹרְמִין.

**דאָס איי האָט א הארטע שאָל טאָר מען עס אויך ניט עסן.** ומודים, און זיי (די בית שמאי) זענען מודה אז אן איי פון א טריפה (אויב מען האָט געשאָכטן א עוף און דאָס עוף איז געווען טריפה, למשל די קישקעלעך זענען געווען געלעכערט, און אין עוף האָט מען געפינען אן איי) איז אסור (מען טאָר עס ניט עסן, אפילו עס האָט א הארטע שאָל), ווייל עס איז געוואקסן אין (דעם עוף וואָס איז) אסור. **און ממילא איז אויך דאָס איי טריפה.** — דם נכרית, דאָס בלוט פון א גויה, און דאָס ריינע בלוט פון א פרוי א מצורע, זאָגן די בית שמאי אז עס איז טהור, און די בית הלל זאָגן אז עס איז (טמא) פונקט ווי איר שפייעכץ און איר אורין (מימי רגליה, איר אורין). **דעם פירוש דערצו זע נידה פרק ד׳ משנה ג׳.** — אוכלין, מען מעג עסן שמיטה־פרוכטן און געבן א דאנק (צום בעל הבית פון גאָרטן צי פון פעלד, וואו מען האָט גענומען די פרוכטן אומזיסט, הפקר) און אויך ניט געבן קיין דאנק (בטובה ושלא בטובה), אזוי איז לויט די ווערטער פון די בית שמאי; און די בית הלל זאָגן, אז מען טאָר זיי ניט עסן (סיידן) מיט געבן א דאנק. **דעם פירוש דערצו זע אין שביעית פרק ד׳ משנה ב׳.** — החמת, א לאָגל (א לעדערנער לאָגל, וועלכער איז געוואָרן געלעכערט און מען האָט פארבינדן דאָס לעכל), זאָגן די בית שמאי אז (ער קאָן ווערן טמא, ווען ער רירט אָן א טמא זאַך, נאָר) ווען מען בינדעט צו (דאָס לעכל, און דאָס אָרט ווערט איינגעשרימפּן און) עס האלט זיך. **צוליב דעם וואָס מען האָט עס צוגעבינדן איז די פעל ווי צוגע־קלעבט געוואָרן, און אז מען גיסט אריין אין דעם עפּיס האלט זיך עס. דעריבער הייסט עס ווי עס איז א גאנצע כלי און עס קאָן ווערן טמא.** ובית הלל, און די בית הלל זאָגן, (עס קאָן ווערן טמא) אפילו עס איז ניט (אזוי) צוגעבינדן. **דאָס הייסט, אפילו עס האלט זיך ניט און די פעל איז ניט געוואָרן צוזאמענגעשרימפּן, נאָר אויב מען האָט עס צוגעבינדן, הייסט עס ווי א גאנצע כלי און עס קאָן ווערן טמא. אזוי טייטשן די מפרשים. — דאָס זענען די 6 הלכות, וואָס לויט ר׳ יהודה זענען זיי פון די קולי בית שמאי און חומרי בית הלל.**

ב. ר׳ יוסי זאָגט (אז די דאָזיקע) זעקס זאכן (הלכות) זענען די בית שמאי מיקל און די בית הלל זענען מחמיר. — העוף, עוף־פליש מעג מען ארויפלייגן אויפן טיש צוזאמען מיט קעז, אָבער עס טאָר ניט ווערן געגעסן (צוזאמען מיט קעז), אזוי איז לויט די ווערטער פון די בית שמאי, און די בית הלל זאָגן, אז מען טאָר עס ניט ארויפברענגען (אויפן טיש צוזאמען מיט קעז) און מען טאָר עס ניט עסן (צוזאמען מיט קעז). **דעם פירוש דערצו זע חולין פרק ח׳ משנה א׳.** תורמין, מען מעג אפּשיידן תרומה פון איילבירטן אויף אייל און פון ווייַנטרויבן אויף ווייַן, אזוי איז לויט די ווערטער פון די בית שמאי; און די בית הלל זאָגן, אז מען טאָרניט אַפּשיידן. **זע אין תרומות פרק א׳ משנה ד׳, וואו דער נוסח איז אנדערש. די מפרשים זאָגן, אז דאָ מיינט מען, אז דער כהן ווענמען ער דארף געבן די תרומה, האָט אים דערלויבט דאָס צו טאָן, ווייל דער דאָזיקער כהן וויל גראד האָבן ליבערשט איילבירטן און ווייַנ־טרויבן איידער אייל און ווייַן. און כאָטש לכתחילה טאָר מען עס ניט טאָן, אָבער**

הַזּוֹרֵעַ אַרְבַּע אַמּוֹת שֶׁבַּכֶּרֶם, בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים, קִדֵּשׁ שׁוּרָה אַחַת, וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים קִדֵּשׁ שְׁתֵּי שׁוּרוֹת. הַמְעִיסָה בֵּית שַׁמַּאי פּוֹטְרִין, וּבֵית הִלֵּל מְחַיְּבִין. מַטְבִּילִין בְּחַרְדְּלִית כְּדִבְרֵי בֵית שַׁמַּאי, וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים אֵין מַטְבִּילִין. גֵּר שֶׁנִּתְגַּיֵּר עַרְבֵי פְסָחִים, בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים טוֹבֵל וְאוֹכֵל אֶת פִּסְחוֹ לָעֶרֶב, וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים הַפּוֹרֵשׁ מִן הָעָרְלָה כְּפוֹרֵשׁ מִן הַקֶּבֶר: ג רַבִּי יִשְׁמָעֵאל (נ״א שִׁמְעוֹן) אוֹמֵר שְׁלשָׁה דְבָרִים מִקּוּלֵּי בֵית שַׁמַּאי וּמֵחוּמְרֵי בֵית הִלֵּל, קֹהֶלֶת אֵינוֹ מְטַמֵּא אֶת הַיָּדַיִם כְּדִבְרֵי בֵית שַׁמַּאי, וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים מְטַמֵּא אֶת הַיָּדָיִם. מֵי חַטָּאת שֶׁעָשׂוּ מִצְוָתָן, בֵּית שַׁמַּאי מְטַהֲרִין וּבֵית הִלֵּל מְטַמְּאִין. הַקֶּצַח, בֵּית שַׁמַּאי מְטַהֲרִין

**בדיעבד, אויב ער האָט אָפּגעשיידט, איז עס תרומה.** — הזורע, אז איינער פאַרזייט (תבואה) אין די פיר איילן נאָנט צו א ווייגאָרטן, זאָגן די בית שמאי אז ער האָט גע־אסרט (קידש, מען דאַרף פאַרברענען ווי כלאי הכרם) איין שורה (וויינשטאָקן־ביימער אין ווייגאָרטן) און די בית הלל זאָגן, אז ער האָט געאסרט צוויי שורות (וויינ־שטאָקן־ביימער). **דעם פירוש דערצו זע כלאים פרק ד׳ משנה ה׳.** — המעיסה, מעל וואָס מען האָט ארויפגעשאָטן אויף זידיק־קאָכעדיק וואַסער, זאָגן די בית שמאי אז עס איז פטור (מען דאַרף ניט נעמען דערפון קיין חלה, ווייל עס הייסט ניט ווי געבאַקן ברויט) און די בית הלל זענען מחייב (זיי זאָגן אז מען דאַרף נעמען דערפון חלה). **דעם פירוש דערצו זע חלה פרק א׳ משנה ו׳.** — מטבילין, מען מעג טובל זיין (א טמא כלי, למשל) אין א שטראָם־רעגן־וואַסער וואָס רינט אראָפּ קרום פון א באַרג (חרדלית), אַזוי איז לויט די ווערטער פון די בית שמאי; און די בית הלל זאָגן, אז מען טאָר ניט טובל זיין. **דעם פירוש דערצו זע מקואות פרק ה׳ משנה ו׳.** — גר, א גר (א גוי) וועל־כער האָט זיך מגייר געווען (מען האָט אים מל געווען) אים ערב פסח, זאָגן די בית שמאי, אז ער זאָל זיך טוֹבל זיין און ער מעג עסן זיין קרבן פסח (דאָס פלייש פון קרבן פסח) אין אוונט (פסח ביינאַכט ביים סדר); און די בית הלל זאָגן אז ווער עס שיידט זיך פון דער ערלה (פון דעם אָפּגעשניטענעם שטיקל מילה־פלייש) איז פונקט ווי ער וואָלט זיך אָפּגעשיידט פון א קבר (און ער איז טמא זיבן טעג). **דעם פירוש דערצו זע פסחים פרק ח׳ משנה ח׳.**

ג. ר׳ ישמעאל זאָגט דריי זאַכן (הלכות) אין וועלכע די בית שמאי זענען מיקל און די בית הלל זענען מחמיר. **אין טייל משניות איז אנשטאָט ר׳ ישמעאל פאַראַן ר׳ שמעון. די דריי הלכות זענען:** קהלת, דאָס ספר קהלת איז ניט מטמא די הענט (אַנ־דערע הייליקע ספרים פון תנך זענען מטמא די הענט וועלכע רירן זיי אָן), אַזוי איז לויט די ווערטער פון די בית שמאי; און די בית הלל זאָגן, אז דאָס (ספר קהלת) איז יאָ מטמא די הענט (ווייל עס האָט דיזעלביקע הייליקייט וואָס די אנדערע תנך־ספרים). **דעם פירוש דערצו זע ידים פרק ג׳ משנה ה׳.** — מי חטאת, וואַסער געמישט מיט דעם אַש פון דער פרה־אדומה, נאָכדעם ווי מען האָט שוין אָפּגעטאָן דערמיט זיין מצוה (מען האָט שוין געשפּריצט דערמיט אויף א טמא מענטש) זענען די בית שמאי מטהר (זאָגן אז דאָס וואַסער איז ניט מער מטמא קיין זאַכן), און די בית הלל זענען מטמא (זאָגן, אז עס איז יאָ מטמא זאַכן). **דעם פירוש דערצו זע פרה פרק י״ב משנה ד׳.** — הקצח, שוואַרצער קימל (וואָס זיין ריח און דאָס עסן אים איז זייער שווער, נאָר זיין טעם איז גוט צום הארץ), זענען די בית שמאי מטהר. **זיי זאָגן, אז דאָס האָט ניט דעם דין ווי עסנוואַרג, ווייל עס איז שווער צום עסן; און דעריבער אויב עס רירט אָן א טמא־זאַך איז עס טהור.** ובית הלל, און די בית הלל זענען מטמא. **זיי זאָגן, אז ווייל דער טעם דערפון איז גוט צום הארץ, האָט עס דעם דין פון עסנ־וואַרג און עס קאָן דעריבער אָננעמען טומאה.** וכן, און אַזוי איז אויך (די מחלוקה) וועגן מעשרות. **די בית שמאי, וועלכע האַלטן אז שוואַרצער קימל הייסט ניט קיין**

וּבֵית הִלֵּל מְטַמְּאִין, וְכֵן לַמַּעַשְׂרוֹת: ד רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר שְׁנֵי דְבָרִים מִקּוּלֵּי בֵית שַׁמַּאי וּמֵחוּמְרֵי בֵית הִלֵּל. דַּם יוֹלֶדֶת שֶׁלֹּא טָבְלָה, בֵּית שַׁמַּאי אוֹמְרִים כְּרוּקָהּ וּכְמֵימֵי רַגְלֶיהָ, וּבֵ״ה אוֹמְרִים (מְטַמֵּא) לַח וְיָבֵשׁ. וּמוֹדִים בְּיוֹלֶדֶת בְּזוֹב שֶׁהוּא מְטַמֵּא לַח וְיָבֵשׁ: ה אַרְבָּעָה אַחִים, שְׁנַיִם (מֵהֶם) נְשׂוּאִין שְׁתֵּי אֲחָיוֹת, מֵתוּ הַנְּשׂוּאִים לָאֲחָיוֹת, הֲרֵי אֵלּוּ חוֹלְצוֹת וְלֹא מִתְיַבְּמוֹת. וְאִם קָדְמוּ וְכָנְסוּ, יוֹצִיאוּ. רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר מִשּׁוּם בֵּית שַׁמַּאי, יְקַיְּמוּ, וּבֵית הִלֵּל אוֹמְרִים יוֹצִיאוּ: ו עֲקַבְיָא בֶּן מַהֲלַלְאֵל הֵעִיד אַרְבָּעָה דְבָרִים, אָמְרוּ לוֹ, עֲקַבְיָא, חֲזוֹר בָּךְ בְּאַרְבָּעָה דְבָרִים שֶׁהָיִיתָ אוֹמֵר, וְנַעֲשְׂךָ אָב בֵּית דִּין לְיִשְׂרָאֵל, אָמַר לָהֶן מוּטָב לִי לְהִקָּרֵא שׁוֹטֶה כָּל

עסנווארג, האלטן, אז מען דארף ניט דערפון אפשיידן מעשרות; **און די בית הלל, וועלכע האלטן עס פאר עסנווארג, זאגן, אז מען דארף דערפון אפשיידן מעשרות.**

ד. ר׳ אליעזר זאָגט צוויי זאכן (הלכות), אין וועלכע די בית שמאי זענען מיקל, און די בית הלל זענען מחמיר. **די דאָזיקע צוויי זענען :** דם, דאָס בלוט פון א קימ־פעטאָרין, וועלכע האָט זיך נאָכניט טובל געווען, זאָגן די בית שמאי, אז עס איז (עס האָט דעם דין) ווי איר שפייעכץ און איר אורין, און די בית הלל זאָגן, אז עס איז מטמא ווען עס איז פייכט און ווען עס איז פארטריקנט; און זיי (די בית שמאי) זענען מודה ביי א קימפעטאָרין ווען עס רינט פון איר אז עס איז מטמא ווען עס איז פייכט און ווען עס איז טרוקן. **דעם פירוש דערצו זע נידה פרק ד׳ משנה ג׳. — דאָס איז די ערשטע הלכה וואָס ר׳ אליעזר האלט, אז די בית שמאי זענען מיקל און די בית הלל זענען מחמיר. איצט וועט די משנה געבן די צווייטע הלכה:**

ה. ארבעה, אויב עס זענען געווען פיר ברידער (ראובן, שמעון, לוי און יהודה), צוויי פון זיי (ראובן און שמעון) האָבן חתונה געהאט מיט צוויי שוועסטער, (לאה און רחל), און די (ראובן און שמעון) וועלכע האָבן חתונה געהאט מיט די שוועסטער, זענען געשטאָרבן (אָן קינדער), זאָלן די דאָזיקע (די צוויי שוועסטערן) נעמען חליצה (פון לוי און יהודה) אָבער זיי טאָרן ניט מיובם ווערן (חתונה האָבן מיט לוי און מיט יהודה טאָרן זיי ניט); און אויב זיי האָבן זיך געפעדערט און חתונה געהאט (לוי האָט גענומען לאהן און יהודה רחלן), זאָלן זיי זיך גטן. ר׳ אליעזר זאָגט אין נאָמען פון די בית שמאי, אז (אויב זיי האָבן חתונה געהאט) מעגן זיי האלטן (די ווייבער, און דארפן זיך ניט גטן), און אז די בית הלל זאָגן, אז זיי דארפן זיך גטן. **דעם פירוש דערצו זע יבמות פרק ג׳ משנה א׳.**

ו. עקביא בן מהללאל האָט עדות געזאָגט פיר זאכן (פיר הלכות). **עקביא בן מהללאל האָט געלעבט אין דער צייט פון 2טן בית המקדש, און טייל מיינען, אז באלד נאָך דער צייט פון שמעיה און אבטליון, די פירער פון די סנהדרין, לערך 120 יאָר פאר דעם חורבן פון 2טן בית המקדש. עקביא האָט געלערנט פיר הלכות, וועלכע די משנה וועט דאָ באלד געבן, און מיט וועלכע די חכמים האָבן ניט מסכים געווען און זיי האָבן געפסקנט אנדערש, און זיי האָבן געוואָלט, אז עקביא זאָל אויפהערן צו לערנען די דאָזיקע הלכות לויט זיין מיינונג.** אָמרו לו, האָבן זיי די חכמים געזאָגט צו אים: „עקביא, צי זיך צוריק אין די פיר זאכן (פיר הלכות) וואָס דו האָסט געלערנט (ביז איצט) און מיר וועלן דיך מאכן פאר אב בית דין איבער די יידן. **די פירער פון סנהדרין זענען געווען דער „נשיא״, און דער „אב בית דין״ וועלכער איז געווען נאָכן נשיא דער העכסטער־פירער פון סנהדרין.** אָמר להן, האָט ער (עקביא) געזאָגט צו זיי: „עס איז בעסער פאר מיר, אז איך זאָל אָנגערופן ווערן א שוטה מיין גאנץ לעבן, און איך זאָל ניט ווערן א רשע אפילו איין שעה פאר גאָט, מען זאָל ניט זאָגן „צוליב הערשאפט (שררה, צוליב דעם הויכן אמט פון אב בית דין) האָט ער זיך צוריק גע־צויגן״. **די מפרשים טייטשן, אז עקביא האָט זיי אָפגעענטפערט צוויי זאכן. ערשטנס**

יָמַי, וְלֹא לַעֲשׂוֹת שָׁעָה אַחַת רָשָׁע לִפְנֵי הַמָּקוֹם, שֶׁלֹּא יִהְיוּ אוֹמְרִים בִּשְׁבִיל שְׂרָרָה חָזַר בּוֹ. הוּא הָיָה מְטַמֵּא שְׂעַר הַפְּקוּדָה, וְדַם הַיָּרוֹק, וַחֲכָמִים מְטַהֲרִין. הוּא הָיָה מַתִּיר שְׂעַר בְּכוֹר בַּעַל מוּם שֶׁנָּשַׁר וְהִנִּיחוֹ בְחַלּוֹן וְאַחַר כָּךְ שְׁחָטוֹ, וַחֲכָמִים אוֹסְרִין. הוּא הָיָה אוֹמֵר אֵין מַשְׁקִין לֹא אֶת הַגִּיּוֹרֶת וְלֹא אֶת שִׁפְחָה הַמְשֻׁחְרֶרֶת. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים מַשְׁקִין. אָמְרוּ לוֹ, מַעֲשֶׂה בְּכַרְכְּמִית שִׁפְחָה מְשֻׁחְרֶרֶת שֶׁהָיְתָה בִירוּשָׁלַיִם וְהִשְׁקוּהָ שְׁמַעְיָה וְאַבְטַלְיוֹן. אָמַר לָהֶם, דוּגְמָא הִשְׁקוּהָ. וְנִדּוּהוּ וּמֵת בְּנִדּוּיוֹ, וְסָקְלוּ

**אז ווייל ער האלט ווייטער אז ער איז גערעכט אין די 4 הלכות, דאריבער קאָן ער זיך ניט צוריקציען און לערנען אנדערש, ווייל ער וועט דאָך דערמיט זיין א רשע פאר גאָט, צו לערנען אנדערש ווי ער האלט אז דער דין איז. צווייטנס, אז אפילו ער וואָלט זיך איבערצייגט, אז די חכמים זענען גערעכט, און אז ער דארף אָנהייבן לערנען אנדערש, וואָלט ער אויך נישט מסכים געווען צו ווערן אב בית דין, מחמת כאָטש פאר גאָט וואָלט ער שוין ניט געווען קיין רשע, ווארום גאָט איז דאָך דער בוחן לבבות, וועלכער ווייסט די געהיימע מחשבות פון מענטש, אָבער ער וואָלט עס ניט געטאָן פאר מענטשן, וועלכע וואָלטן געזאָגט, אז ער האָט זיך צוריקגעצויגן כדי ער זאָל באקומען דעם אמט, די שררה פון אב בית דין. איצט גיט די משנה די 4 הלכות:** הוא, ער (עקביא) האָט מטמא געווען (געזאָגט אז מען איז טמא דורך) פארבליבענע האָר (אויב אין א קרעציקייט פון א מצורע איז געבליבן ווייסע האָר פון א פריער־דיקער צרעת, וואָס איז שוין געווען אויסגעהיילט), און דורך געל בלוט (ביי א פרוי). און די חכמים זענען מטהר (זאָגן, אז דורך די ביידע זאכן איז מען טהור). — **דעם פירוש צום דין וועגן שער הפקודה** (געבליבענע האָר) **זע אין נגעים פרק ה׳ משנה ג׳. דעם פירוש צום דין וועגן דעם הירוק** (געל בלוט) **זע נידה פרק ב׳ משנה ו׳.** — הוא, ער (עקביא) האָט מתיר געמאכט די האָר פון (א בהמה) א בכור א בעל מום (וואָס האָט א פעלער), וואָס זיי (די האָר) זענען ארויסגעפאלן (ווען דער בכור האָט נאָך געלעבט), און מען האָט זיי (די האָר) אוועקגעלייגט אין פענסטער, און דערנאָך האָט מען אים (דעם בכור) געשאָכטן; און די חכמים אסרן (זאָגן) אז מען טאָר די האָר ניט נוצן. **דעם פירוש דערצו זע אין בכורות פרק ג׳ משנה ד׳.** — הוא, ער (עקביא) האָט געזאָגט, אז מען גיט ניט צו טרינקן (די מים המאררים, דאָס וואסער וואָס מען גיט צו טרינקען א פרוי אסוטה, וואָס איר מאן האָט איר געווארנט ניט צו טרעפן זיך אין א געהיים אָרט מיט א פרעמדן מאן און זי האָט זיך יאָ געטראָפן מיט אים) ניט א פרוי וועלכע איז א גיורת (אויב זי איז געווען א גויה און האָט זיך מגייר געווען) און ניט א באפרייטער שקלאפין. וועגן „מים המאררים״ **דעם וואסער וואָס מען גיט צו טרינקען צו א סוטה, זע אין דער הקדמה צו מסכתא סוטה.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז מען גיט צו טרינקען. **אויך אויב די פרוי איז א גר׳טע אָדער א באפרייטע שקלאפין גיט מען איר צו טרינקען דאָס וואסער.** אָמרו, האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו עקביא): עס איז געווען א מעשה מיט (א פרוי מיטן נאָמען) כרכמית, וועלכע איז געווען א באפרייטע שקלאפין אין ירושלים, און שמעיה און אבטליון האָבן איר געגעבן צו טרינקען (דאָס וואסער). **דערפון האָבן די חכמים געבראכט די ראיה אז מען גיט יאָ צו טרינקען.** אָמר, האָט ער (עקביא) געזאָגט צו זיי (צו די חכמים): א דוגמא האָבן זיי (שמעיה און אבטליון) איר געגעבן צו טרינקען״. **וועגן דעם דאָזיקן וואָרט זענען פאראן 2 פירושים. איין פירוש איז, ווייל שמעיה און אבטליון האָבן גע־שטאמט פון גרים, האָט עקביא געזאָגט אז „דוגמא״, ענליכע, גרים, האָבן איר געגעבן צו טרינקען דאָס וואסער; דאָס הייסט, ווייל שמעיה און אבטליון זענען געווען פון גרים, האָבן זיי געהאלטן אז א גרטע און א באפרייטע שקלאפין (וועלכע איז אויך אזוי ווי א גרטע) האָבן דעם דין פון יידישע פרויען. דער 2טער פירוש איז**

בֵּית דִּין אֶת אֲרוֹנוֹ. אָמַר רַבִּי יְהוּדָה, חַס וְשָׁלוֹם שֶׁעֲקַבְיָא נִתְנַדָּה, שֶׁאֵין הָעֲזָרָה נִנְעֶלֶת בִּפְנֵי כָל אָדָם מִיִּשְׂרָאֵל בְּחָכְמָה וּבְיִרְאַת חֵטְא כַּעֲקַבְיָא בֶּן מַהֲלַלְאֵל, וְאֶת מִי נִדּוּ? אֱלִיעֶזֶר בֶּן חֲנוֹךְ שֶׁפִּקְפֵּק בְּטָהֳרַת יָדַיִם, וּכְשֶׁמֵּת שָׁלְחוּ בֵּית דִּין וְהִנִּיחוּ אֶבֶן עַל אֲרוֹנוֹ. מְלַמֵּד שֶׁכָּל הַמִּתְנַדֶּה וּמֵת בְּנִדּוּיוֹ, סוֹקְלִין אֶת אֲרוֹנוֹ:

ז בִּשְׁעַת מִיתָתוֹ אָמַר לִבְנוֹ, בְּנִי חֲזוֹר בָּךְ בְּאַרְבָּעָה דְּבָרִים שֶׁהָיִיתִי אוֹמֵר. אָמַר לוֹ וְלָמָּה לֹא חָזַרְתָּ בָּךְ? אָמַר

„דוגמא", „כלומרשטע", „וואס זעט אויס ווי". **דאס הייסט, אז זיי האבן איר ניט געגעבן צו טרינקן דאס ריכטיקע וואסער פון מים המאררים, נאר סתם, פראסט וואסער, אין וועלכע זיי האבן אפגעמעקט עפיס א געשריבענע זאך, אבער ניט די פרשה פון סוטה (זע אין דער הקדמה צו מסכתא סוטה).** ונידוהו, און זיי (די חכמים) האבן אים (עקביא'ן) געלייגט אין חרם, און ער איז געשטארבן אין זיין חרם (מען האט פון אים דעם חרם ביי זיין לעבן ניט אראפגענומען), און דאס בית דין האט באווארפן (געהייסן באווארפן) מיט שטיינער זיין ארון (דעם קאסטן אין וועלכן מען האט אים געפירט צו דער קבורה). **דאס איז געווען פאר באליידיקן דעם כבוד פון נשיא און אב בית דין פון סנהדרין, פון שמעיה און אבטליון.** אמר ר' יהודה, האט ר' יהודה געזאגט: חס ושלום (אז מען זאל זאגן) אז מען האט געלייגט אין חרם עקביא, ווארום (עקביא איז געווען אזא גרויסער מאן) אז די עזרה (דער הויף פון בית המקדש) ווען מען האט זי פארשלאסן (אים ערב פסח, ווען זי איז געווען) פול מיט א סך יידן (איז ניט געווען דארט קיין איינער) וואס זאל זיין אזוי גרויס אין חכמה און אין מורא האבן פאר זינד (יראת חטא) ווי עקביא בן מהללאל. **ר' יהודה האלט, אז מען האט עקביא'ן ניט געלייגט אין חרם, און אז עקביא האט ניט מזלזל געווען אין כבוד פון שמעיה ואבטליון, ווייל ער האט נור געמיינט צו זאגן, אז זיי האבן איר געגעבן צו טרינקן פראסט וואסער כדי איר אפצושרעקן און זי זאל זיך מודה זיין אויב זי האט מזנה געווען מיטן פרעמדן מאן.** ואת מי, און (זאגט ווייטער ר' יהודה) וועמען האט מען יא געלייגט אין חרם? אליעזר בן חנוך, וועלכער האט מזלזל געווען (מפקפק געווען, געצווייפלט צי מען דארף) אין די ריינקייט פון הענט. **ער האט ניט געהאלטן דערפון, אז מען דארף זיך וואשן די הענט צום עסן. לויט אן אנדערן טייטש, האט ער ניט געהאלטן פון די הלכות (אין מסכתא ידים) אז עס זענען פאראן זאכן וואס אז מען רירט זיי אן ווערן נור די הענט אליין טמא און נישט דער גאנצער קערפער.** וכשמת, און ווען ער (אליעזר בן חנוך) איז געשטארבן, האט מען געשיקט און מ'האט באווארפן מיט שטיינער זיין ארון; דאס לערנט (אונז), אז ווער עס ליגט אין חרם און שטארבט אין זיין חרם, באווארפט מען זיין ארון מיט שטיינער. **דעם טייטש פריער אין דער משנה „אין עזרה ננעלת", „דער בית המקדש-הויף ווערט ניט פארשלאסן", אז דאס מיינט מען אים ערב פסח געבן מיר אין זין פון דער משנה אין פסחים פרק ה' משנה ה'. טייל טייטשן, אז אפילו ווען מען האט פארשלאסן די עזרה פאר אלע יידן, האט מען עקביא'ן דארט אריינגעלאזט, ווייל ער איז געווען דער גרעסטער אין חכמה און יראת חטא. — מיט „באווארפן מיט שטיינער" מיינט מען אוועקלייגן איין שטיי אויפן ארון.**

ז. בשעת, בשעת זיין טויט (ווען עקביא האט געהאלטן ביים שטארבן) האט ער געזאגט צו זיין זון: „מיין זון, צי זיך צוריק אין די פיר זאכן (אין די פיר הלכות) וואס איך פלעג לערנען". **ער האט געהייסן זיין זון, אז ער זאל האלטן מיט די חכמים און ניט מיט אים.** אמר לו, האט ער (זיין זון) געזאגט צו אים (צו עקביא): „און פארוואס-זשע האסטו אליין זיך ניט צוריקגעצויגן?" האט ער (עקביא) אים געזאגט: „איך האב געהערט(די פיר הלכות אזוי ווי איך לערן זיי) פון א סך (מפי המרובין, פון מויל פון א

לוֹ, אֲנִי שָׁמַעְתִּי מִפִּי הַמְרֻבִּין, וְהֵם שָׁמְעוּ מִפִּי הַמְרֻבִּין, אֲנִי עָמַדְתִּי בִשְׁמוּעָתִי וְהֵם עָמְדוּ בִשְׁמוּעָתָן, אֲבָל אַתָּה שָׁמַעְתָּ מִפִּי הַיָּחִיד וּמִפִּי הַמְרֻבִּין, מוּטָב לְהָנִיחַ דִּבְרֵי הַיָּחִיד וְלֶאֱחוֹז בְּדִבְרֵי הַמְרֻבִּין. אָמַר לוֹ, אַבָּא, פְּקוֹד עָלַי (לַ)חֲבֵרֶיךָ. אָמַר לוֹ, אֵינִי מַפְקִיד. אָמַר לוֹ, שֶׁמָּא עַוְלָה (עִילָּה) מָצָאתָ בִּי? אָמַר לוֹ לָאו, מַעֲשֶׂיךָ יְקָרְבוּךָ, וּמַעֲשֶׂיךָ יְרַחֲקוּךָ:

# פרק ו.

**א** רַבִּי יְהוּדָה בֶּן בָּבָא הֵעִיד חֲמִשָּׁה דְבָרִים, שֶׁמְּמָאֲנִים אֶת הַקְּטַנּוֹת, וְשֶׁמַּשִּׂיאִין אֶת הָאִשָּׁה עַל פִּי עֵד אֶחָד, וְשֶׁנִּסְקַל תַּרְנְגוֹל בִּירוּשָׁלַיִם עַל שֶׁהָרַג אֶת הַנֶּפֶשׁ, וְעַל הַיַּיִן בֶּן אַרְבָּעִים יוֹם שֶׁנִּתְנַסֵּךְ עַל גַּבֵּי

סך חכמים, און זיי (מיינע געגנער) האָבן געהערט (די פיר הלכות אזוי ווי זיי לערנען זיי) אויך פון א סך (אנדערע חכמים); דעריבער האָב איך מיך געהאלטן ביי מיין קבלה (בשמועתי, וואָס איך האָב געהערט) און זיי האָבן זיך געהאלטן ביי זייער קבלה; אָבער דו האָסט (די פיר הלכות אזוי ווי איך האָב זיי געלערנט) געהערט פון איין מענטש (פון א יחיד, פון מיר אליין), און (האָסט געהערט די זעלביקע פיר הלכות ווי די חכמים לערנען זיי) פון א סך (חכמים), און עס איז בעסער אז דו זאָלסט פארלאָזן די ווערטער פון איין מענטש (פון א יחיד) און אָננעמען די ווערטער פון א סך (חכמים)". **דעריבער האָט עקביא אָנגעזאָגט דעם זון אז ער זאָל פסקענען אזוי ווי די חכמים לערנען.** אָמר לו, האָט ער (דער זון) געזאָגט צו אים (צו עקביא): „פאָטער מיינער, עמפפעל מיך (לאָז איבער וועגן מיר גוטע ווערטער) צו דיינע חברים" (אז זיי זאָלן מיך מקרב זיין)". אָמר לו, האָט ער (עקביא) אים געזאָגט: „איך וועל דיך ניט עמפפעלן". האָט ער (דער זון) אים געזאָגט: „אפשר דערפאר וואָס דו האָסט אין מיר געפינען א שלעכטע זאך (עוולה)?" האָט ער (עקביא) אים אָפגעענטפערט: „ניין (איך האָב ניט געפינען אין דיר קיין שלעכטע זאך, נאָר איך עמפפעל ניט, וויל, דיינע אייגענע (גוטע) מעשים וועלן דיך מקרב זיין (צו מענטשן), און דיינע אייגענע (שלעכטע) מעשים וועלן דיך דערוויטערן (פון מענטשן). **די ווערטער פון עקביא „מעשיך יקרבוך ומעשיך ירחקוך", מיינען צו זאָגן, אז דער מענטש אליין דארף מיט זיינע גוטע מעשים זיך דערווערבן די פריינטשאפט פון מענטשן, און אז אויב ער פירט זיך אויף שלעכט דארפן אים ניט העלפן קיין עמפפעלונגען פון אנדערע.**

## פרק ו.

א. ר' יהודה בן בבא האָט עדות געזאָגט וועגן פינף זאכן (פינף הלכות). **די דאָזיקע פינף הלכות זענען:** שממאנים, אז מען גיט (אין טייל פאלן) א עצה א קליין מיידל (א יתומה וואָס איר מוטער האָט זי חתונה געמאכט), אז זי זאָל ממאן־זיין (זאָגן אז זי וויל ניט דעם מאן און זי ווערט באפרייט אָן א גט). **וועגן דעם דאָזיקן פאל לערנט די משנה אין יבמות פרק י"ג משנה ז' (מלמדין את הקטנה) און דאָרט געבן מיר דעם פירוש דערצו.** ושמשיאים, און אז מען דערלויבט א פרוי חתונה צו האָבן לויט איין עדות (אויב איין עדות זאָגט אז איר מאן איז געשטאָרבן). **דעם פירוש דערצו זע יבמות פרק ט"ז משנה ז'.** ושנסקל, און אז (דאָס בית דין) האָט פארשטיינט (גע־טויט דורך סקילה) א האָן אין ירושלים דערפאר וואָס ער האָט דערהרגעט א מענטש. **דער האָן האָט א שטאָך געטאָן דעם מח פון א קינד און דאָס קינד איז געשטאָרבן דערפון. די משנה לערנט, אז דאָס וואָס די תורה זאָגט (שמות כ"א, כ"ח) אז אויב אן אָקס הרגט א מענטש זאָל דער אָקס געטויט ווערן דורך פארשטיינען, מיינט מען ניט דוקא אן אָקס נאָר אויך יעדער בעל חי, אפילו א עוף.** ועל היין, און אז מען האָט וויין, וועלכער איז אלט געווען ניט מער ווי פירציק טעג, געגאָסן (אין בית המקדש)

הַמִּזְבֵּחַ וְעַל תָּמִיד שֶׁל שַׁחַר שֶׁקָּרֵב בְּאַרְבַּע שָׁעוֹת: ב הֵעִיד רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ וְרַבִּי נְחוּנְיָא בֶּן אֱלִינָתָן אִישׁ כְּפַר הַבַּבְלִי, עַל אֵבֶר מִן הַמֵּת שֶׁהוּא טָמֵא, שֶׁרַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר, לֹא אָמְרוּ אֶלָּא עַל אֵבֶר מִן הַחַי. אָמְרוּ לוֹ וַהֲלֹא קַל וָחוֹמֶר, וּמַה מִּן הַחַי שֶׁהוּא טָהוֹר, אֵבֶר הַפּוֹרֵשׁ מִמֶּנּוּ טָמֵא, הַמֵּת שֶׁהוּא טָמֵא, אֵינוֹ דִין שֶׁיְּהֵא אֵבֶר הַפּוֹרֵשׁ מִמֶּנּוּ טָמֵא? אָמַר לָהֶם, לֹא אָמְרוּ אֶלָּא עַל אֵבֶר מִן הַחַי. דָּבָר אַחֵר מְרֻבָּה טֻמְאַת

אויפן מזבח (פארן קרבן נסך). **אבער פאר פירציק טעג טאר מען דעם וויין נאכניט ברענגען פאר א קרבן, ווייל דאס הייסט „יין מגיתו", „וויין פון קעלטער", צו־יינגער וויין.** ועל תמיד, און אז מען מעג מקריב זיין דעם קרבן תמיד פונאינדערפרי ביז פיר שעה (ביז א דריטל פון טאג). **אין בית המקדש האט מען יעדן טאג מקריב געווען 2 שעפסלעך פאר קרבן תמיד; איינס אין דער פרי, און דאס האט געהייסן „תמיד של שחר" (דער פרימארגן־תמיד), און איינס פארנאכט, און דאס האט געהייסן „תמיד של בין הערביים" (דער פארנאכט תמיד). האט ר' יהודה בן בבא עדות געזאגט, אז עס האט זיך געטראפן, אז די גריכישע שונאים האבן באלאגערט ירושלים און מען האט ניט געקראגן קיין שעפסלעך מקריב צו זיין דעם קרבן, און גאט האט די כהנים געעפנט די אויגן און זיי האבן געפינען אין דעם שעפסלעך־קאמער פון בית המקדש צוויי אונטערזוכטע שעפסלעך (אז זיי זאלן ניט האבן קיין פעלער), און איינס דערפון האט מען מקריב געווען אין דער פרי, ווען עס איז שוין געווען שפעט, 4 שעה אויפן טאג (א דריטל פון טאג). דערפון לערנט מען אז מען מעג מקריב זיין אפילו אזוי שפעט.**

ב. העיד, ר' יהושע און ר' נחוניא בן אלינתן דער מאן פון כפר הבבלי האבן עדות געזאגט (די הלכה), אז אן אבר (א גליד פון א טויטן מענטש, אפילו עס איז ניט גרויס ווי א כזית ווי אן איילבירט, נאר אפילו א כל שהוא, עפּיס) איז טמא, ווארים ר' אליעזר זאגט, אז זיי (די חכמים) האבן געזאגט (אז אן אבר איז טמא אפילו א כל שהוא, עפּיס) נאר ביי אן אבר מן החי. **נאר ווען א גליד, אן אבר ווערט אפגעריסן פון א מענטש וועלכער לעבט, איז ער טמא אפילו ווען ער איז זייער קליין.** אמרו לו, האבן זיי (ר' יהושע און ר' נחוניא) געזאגט צו אים (צו ר' אליעזר): סטייטש, עס איז דאך א קל וחומר (מען קאן דאך אפלערנען א הארבערע זאך פון א גרינגערע זאך), מה דאך, א לעבעדיקער (מענטש) וועלכער איז דאך אליין ריין (א לעבעדיקער מענטש איז דאך ניט טמא) פונדעסטוועגן איז א גליד (אפילו דער סאמע קלענסטער) וואס ווערט אפגעריסן פון אים (פון דעם לעבעדיקן מענטש) טמא, מכל שכן א טויטער מענטש (א מת), וועלכער איז דאך אליין טמא, דארף דאך אודאי זיין, אז א (אפילו דער סאמע קלענסטער גליד) וואס ווערט אפגעריסן פון אים זאל זיין טמא! **דאס איז דער קל וחומר, דאס אפלערנען די הארבערע זאך, דעם אבר פון א מת, וואס ער, דער מת, איז הארב טמא, פון א גרינגערער זאך, פון דעם אבר פון א לעבעדיקן מענטש, וואס ער, דער לעבעדיקער מענטש, איז דאך טהור.** אמר להם, האט ער (ר' אליעזר) געזאגט צו זיי: מען האט (אבער פארט) ניט געלערנט (דעם דין אז דער סאמע קלענסטער אבר איז טמא) סיידן ביי אן אבר פון א לעבעדיקן (מענטש). **אין דער סתם משנה אין מסכתא כלים פרק א' משנה ה' ווערט געלערנט נאר וועגן אבר מן החי (דארט איז פאראן „פירש ממנו אבר"), און דארויף לערנט די סתם משנה אין אהלות פרק א' משנה ז' „האברים אין להם שיעור", אזוי טייטשט ר' אליעזר.** דבר אחר, אן אנדערע זאך (האט זיי אפגעענטפערט ר' אליעזר, דהיינו, אז עס איז ניט קיין קל וחומר, ווייל טיילמאל) איז טומאה פון לעבעדיקע (מענטשן) גרעסער פון דער טומאה פון טויטע מענטשן, ווארום דער לעבעדיקע מענטש (אויב

החיים מטמאת המתים, שהחי עושה משכב ומושב מתחתיו לטמא אדם ולטמא בגדים, ועל גביו מדף לטמא אוכלין ומשקין, מה שאין המת מטמא: ג כזית בשר הפורש מאבר מן החי, רבי אליעזר מטמא, ורבי יהושע ורבי נחוניא מטהרים. עצם כשעורה הפורש מאבר מן החי רבי נחוניא מטמא, ורבי אליעזר ורבי יהושע מטהרין. אמרו לו לרבי אליעזר מה ראית לטמא כזית בשר הפורש מאבר מן החי? אמר להם מצינו אבר מן החי כמת שלם, מה המת כזית בשר הפורש ממנו טמא,

ער איז א זב, עס רינט פון אים אן אומריינע פליסיקייט) איז מטמא (מאכט ער טמא) זיין געלעגער און זיין געזעס (די זאכן אויף וועלכע ער ליגט אָדער ער זיצט) אז זיי (דאָס געלעגער און דאָס געזעס) זאָלן (אויב זיי רירן אָן א מענטש אָדער קליידער) מטמא זיין דעם מענטש און די קליידער, און (ער, דער זב, איז מטמא אלץ) וואָס ליגט איבער אים (על גביו) מיט א קליינער טומאה (מדף) אז עס זאָל מטמא זיין עסנווארג און געטראנקען, — אָבער א טויטער מענטש איז עס ניט מטמא. **דער דין איז, אז אויב א זב ליגט למשל אפילו אויף 10 קישנס, איין קושן אונטער דעם אנדערן איז אויך דער 10טער קושן טמא, און אויב א מענטש אָדער א זאך רירט אים אָן ווערט ער אויך טמא. דאָס זעלביקע אויב אויף א זב ליגן 10 קושנס, איז אפילו דער אויבערשטער 10טער קושן טמא א לייכטע טומאה און אויב עסנווארג און געטראנקען רירן אים אָן ווערן זיי טמא. אָבער אז אַ טויטער מענטש ליגט אויף 10 קישנס, ווערן טמא נור די ערשטע 2 קושנס און דער 3טער קושן איז שוין ניט טמא. וועגן וואָרט „מדף", א לייכטע טומאה זע אין אונזער פירוש צו פרה פרק י' משנה א' און ב'.**

ג. כזית, א כזית (אזוי גרויס ווי אן איילבירט) פלייש וואָס איז געוואָרן אפגע־ריסן פון אן אָפּגעריסן גליד פון א לעבעדיקן (מענטש), זאָגט ר' אליעזר אז עס איז טמא, און ר' יהושע און ר' נחוניא זאָגן אז עס איז טהור. א ביינדל גרויס ווי א גערשט וואָס איז אפגעריסן געוואָרן פון אן אָפּגעריסן גליד פון א לעבעדיקן מענטש, זאָגט ר' נחוניא אז עס איז טמא, און ר' אליעזר און ר' יהושע זאָגן אז עס איז טהור. **דער דין איז אז אן אבר מן החי, א גליד, וואָס איז אָפּגעריסן געוואָרן פון א לעבע־דיקן מענטש, האָט דעם דין ווי א מת, און ער איז מטמא; מיט א גליד מיינט מען דעם גאנצן אבר, די ביינער מיט פלייש. אָבער אויב א כזית פלייש איז אָפּ־געריסן פון א לעבעדיקן מענטש, איז עס ניט מטמא. איז די מחלוקה וועגן א כזית פלייש וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון א גליד, וועלכער איז געוועזן שוין אָפּגעריסן פון א לעבעדיקן מענטש; צי ווייל דער גליד האָט דאָך דעם דין ווי א מת, און א כזית פלייש פון א מת איז דאָך מטמא, דאריבער זאָל אויך דאָס כזית פלייש פון דעם אָפּ־געריסענעם אבר מן החי אויך מטמא זיין, — אָדער ניין, דער כזית פלייש הייסט ווי ער וואָלט געוואָרן אָפּגעריסן פון דעם לעבעדיקן מענטש גלייך און ער איז ניט מטמא. דאָסזעלביקע איז מיט דעם „שטיקל ביינדל גרויס ווי א גערשט", וואָס איז אָפּגעריסן געוואָרן פון דעם אבר מן החי. צי עס האָט דעם דין ווי עס וואָלט אָפּגעריסן געוואָרן פון א מת און ער איז מטמא (דורך אנרירן עס אָדער דורך טראָגן עס, במגע ובמשא), אָדער עס האָט דעם דין ווי עס וואָלט אָפּגעריסן געוואָרן גלייך פון לעבעדיקן מענטש, און עס איז טהור, ווייל טמא איז נור א גאנצער אבר מן החי.** אָמרו לו, האָבן זיי (די חכמים אין דער ישיבה) געזאָגט צו ר' אליעזר; וואָס האָסטו געזען (וואָסער טעם האָסטו) מטמא צו זיין א כזית פלייש וואָס איז אָפּגעריסן געוואָרן פון אן אבר מן החי? האָט ער זיי אָפּגעענטפערט: מיר געפינען אז אן אבר מן החי (א גליד וואָס איז אָפּגעריסן געוואָרן פון א לעבעדיקן מענטש) איז אזוי ווי א גאנצער מת (א טוי־טער מענטש), און (דעריבער) אזוי ווי א טויטער מענטש, אויב עס ווערט אָפּגעריסן

אַף אֵבֶר מִן הַחַי כַּזַּיִת בָּשָׂר הַפּוֹרֵשׁ מִמֶּנּוּ יִהְיֶה טָמֵא. אָמְרוּ לוֹ לֹא (אִם) טִמֵּאתָ עֶצֶם כַּשְּׂעוֹרָה הַפּוֹרֵשׁ מִמֶּנּוּ, תְּטַמֵּא (נְטַמֵּא) כַּזַּיִת בָּשָׂר הַפּוֹרֵשׁ מֵאֵבֶר מִן הַחַי, שֶׁכֵּן טִהַרְתָּ עֶצֶם כַּשְּׂעוֹרָה הַפּוֹרֵשׁ הֵימֶנּוּ. אָמְרוּ לוֹ לְרַבִּי נְחוּנְיָא, מָה רָאִיתָ לְטַמֵּא עֶצֶם כַּשְּׂעוֹרָה הַפּוֹרֵשׁ מֵאֵבֶר מִן הַחַי? אָמַר לָהֶם מָצִינוּ אֵבֶר מִן הַחַי, כְּמֵת שָׁלֵם, מָה הַמֵּת עֶצֶם (כַּשְּׂעוֹרָה) הַפּוֹרֵשׁ מִמֶּנּוּ טָמֵא, אַף אֵבֶר מִן הַחַי עֶצֶם כַּשְּׂעוֹרָה הַפּוֹרֵשׁ מִמֶּנּוּ יִהְיֶה טָמֵא. אָמְרוּ לוֹ לֹא (אִם) טִמֵּאתָ עֶצֶם כַּשְּׂעוֹרָה הַפּוֹרֵשׁ מִן הַמֵּת, שֶׁכֵּן טִמֵּאתָ כַּזַּיִת בָּשָׂר הַפּוֹרֵשׁ מִמֶּנּוּ, תְּטַמֵּא עֶצֶם כַּשְּׂעוֹרָה הַפּוֹרֵשׁ מֵאֵבֶר מִן הַחַי, שֶׁכֵּן טִהַרְתָּ כַּזַּיִת בָּשָׂר הַפּוֹרֵשׁ מִמֶּנּוּ. אָמְרוּ לוֹ לְרַבִּי

פון אים א כזית פלייש איז ער (דער כזית פלייש) טמא, אזוי (דארף אויך זיין) ביים אבר מן החי אויב עס ווערט אָפּגעריסן פון אים א כזית פלייש זאָל ער (דער כזית פלייש) זיין טמא. **דאָס איז אזוי ווי מיר האָבן פריער דערקלערט די מחלוקה.** אָמרו לו, האָבן זיי (די חכמים פון דער ישיבה) געזאָגט צו אים (צו ר׳ אליעזר): עס איז ניט אזוי (דו קאָנסט ניט פארגלייכן אן אבר מן החי צו א גאנצן מת), ווארים אויב דו האָסט מטמא געווען (געזאָגט אז עס איז טמא) א כזית פלייש וואָס ווערט אָפּגעריסן פון א גאנצן מת, איז עס ווייל דו ביזט דאָך אויך מטמא (זאָגסט אז עס איז טמא) א שטיקלביינדל גרויס ווי א גערשט וואָס ווערט אָפּגעריסן פון אים (פון דעם מת); אָבער ווי אזוי קאָנסטו זאָגן, אז א כזית פלייש וואָס איז אָפּגעריסן געוואָרן פון אן אבר מן החי זאָל זיין טמא, אין דער צייט ווען דו אליין זאָגסט דאָך, אז א שטיקל ביינדל וואָס ווערט אָפּגעריסן פון אים (פון דעם אבר מן החי) איז טהור! **דערפון זעט מען דאָך (זאָגן די חכמים פון דער ישיבה צו ר׳ אליעזר) אז דו אליין האלטסט ניט, אז אן אבר מן החי איז פונקט אזוי שטארק טמא ווי עס איז א גאנצער מת, און ממילא קאָן מען פון מת ניט אָפּלערנען אויך בנוגע דעם כזית פלייש.** — אָמרו לו לר׳ נחוניא, האָבן זיי (די חכמים פון דער ישיבה) געזאָגט צו ר׳ נחוניא: וואָס האָסטו געזען (וואָסער טעם האָסטו) מטמא צו זיין א שטיקל ביינדל גרויס ווי א גערשטן וואָס איז גע־וואָרן אָפּגעריסן פון אן אבר מן החי? האָט ער (ר׳ נחוניא) זיי אָפּגעענטפערט: מיר געפינען אז אן אבר מן החי איז טמא אזוי ווי א גאנצער מת, און (דעריבער) פונקט אזוי ווי ביי א מת אויב עס ווערט אָפּגעריסן פון אים א שטיקל ביינדל גרויס ווי א גערשטן איז עס (דאָס שטיקל ביינדל) טמא, אזוי (דעריבער) דארף אויך זיין ביי אן אבר מן החי, אויב עס האָט זיך אָפּגעריסן פון אים א שטיקל ביינדל גרויס ווי א גערשטן זאָל עס זיין (דאָס ביינדל) טמא. האָבן זיי (די חכמים פון דער ישיבה) געזאָגט צו אים (צו ר׳ נחוניא): עס איז ניט אזוי (דו קאָנסט ניט פארגלייכן אן אבר מן החי צו א גאנצן מת), ווארום אויב דו האָסט געזאָגט אז עס איז טמא א שטיקל ביינדל גרויס ווי א גערשטן וואָס איז אָפּגעריסן געוואָרן פון א מת, איז עס ווייל דו זאָגסט אויך אז עס איז טמא א כזית פלייש וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון אים (פון מת); אָבער ווי אזוי קאָנסטו זאָגן, אז א שטיקל ביינדל גרויס ווי א גערשטן וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון אבר מן החי זאָל זיין טמא, אין דער צייט ווען דו אליין זאָגסט דאָך, אז א כזית פלייש וואָס איז געוואָרן אָפּגעריסן פון אים (פון דעם אבר מן החי) איז טהור! **דערפון זעט מען דאָך** (האָבן די חכמים פון דער ישיבה געזאָגט צו ר׳ נחוניא) **אז דו אליין האלטסט ניט, אז אן אבר מן החי איז פונקט אזוי שטארק טמא ווי עס איז א גאנצער מת, און ממילא קאָן מען פון מת ניט אָפּלערנען אויך בנוגע דעם שטיקל ביינדל גרויס ווי א גערשט.** — אָמרו לו לר׳ אליעזר, האָבן זיי (די חכמים פון דער ישיבה) געזאָגט צו ר׳ אליעזר: וואָס האָסטו געזען (וואָסער טעם האָסטו) צו צעטיילן דיינע הלכות? **מידותיך, דיינע אפשאצונגען, מאָסן, אנדערש צו פסקענען ביים כזית**

אֱלִיעֶזֶר, מָה רָאִיתָ לַחֲלוֹק מִדּוֹתֶיךָ? אוֹ טַמֵּא בִשְׁנֵיהֶם אוֹ טַהֵר בִּשְׁנֵיהֶם. אָמַר לָהֶם מְרֻבָּה טֻמְאַת הַבָּשָׂר מִטֻּמְאַת הָעֲצָמוֹת, שֶׁהַבָּשָׂר נוֹהֵג בַּנְּבֵלוֹת וּבַשְּׁרָצִים, מַה שֶּׁאֵין כֵּן בָּעֲצָמוֹת. דָּבָר אַחֵר, אֵבֶר שֶׁיֵּשׁ עָלָיו בָּשָׂר כָּרָאוּי מְטַמֵּא בְּמַגָּע וּבְמַשָּׂא וּבְאֹהֶל, חָסֵר הַבָּשָׂר טָמֵא, חָסֵר הָעֶצֶם טָהוֹר. אָמְרוּ לוֹ לְרַבִּי נְחוּנְיָא

מָה רָאִיתָ לַחֲלוֹק מִדּוֹתֶיךָ? אוֹ טַמֵּא בִשְׁנֵיהֶם אוֹ טַהֵר בִּשְׁנֵיהֶם. אָמַר לָהֶם, מְרֻבָּה טֻמְאַת הָעֲצָמוֹת מִטֻּמְאַת הַבָּשָׂר, שֶׁהַבָּשָׂר הַפּוֹרֵשׁ מִן הַחַי טָהוֹר, וְאֵבֶר הַפּוֹרֵשׁ מִמֶּנּוּ וְהוּא כִּבְרִיָּתוֹ טָמֵא. דָּבָר אַחֵר, כַּזַּיִת בָּשָׂר מְטַמֵּא בְּמַגָּע וּבְמַשָּׂא וּבְאֹהֶל, וְרוֹב עֲצָמוֹת מְטַמְּאִים בְּמַגָּע וּבְמַשָּׂא, וּבְאֹהֶל, חָסֵר הַבָּשָׂר טָהוֹר, חָסֵר רוֹב

**פלייש פון אן אבר מן החי און אנדערש ביים שטיקלביינדל גרויס ווי א גערשט פון אבר מן החי.** או טמא, אָדער זאָג ביי זיי ביידע אז זיי זענען טמא אָדער זאָג ביי זיי ביידע אז זיי זענען טהור? **זיי האָבן ר' אליעזר געפרעגט, אז ער זאָל זיי דערקלערן דעם טעם פארוואָס ביים כזית פלייש זאָגט ער אז עס איז טמא, און ביים שטיקל ביינדל זאָגט ער אז עס איז טהור.** אָמר להם, האָט ער (ר' אליעזר) געזאָגט צו זיי: (דער טעם איז) ווייל די טומאה פון פלייש איז גרעסער פון דער טומאה פון ביינער, וואָרים די טומאה פון פלייש איז נוהג (קומט פאָר) אויך ביי נבלות (געפגרטע בהמות) און ביי (געפגרטע) שרצים (דאָס פלייש פון נבלות און שרצים איז אויך טמא), אָבער עס איז ניט אזוי ביי ביינער (ביינער פון נבלות און שרצים זענען ניט טמא) **דאָס איז איין ראיה אז די טומאה פון פלייש איז גרעסער פון דער טומאה פון ביינער.** דבר אחר, נאָך אן אנדערע זאך (אן אנדערער באווייז): אן אבר (פון א מת) וואָס האָט אויף זיך פלייש ווי עס דארף צו זיין (כראוי) איז מטמא (מאכט טמא א מענטש) דורך אָנרירן (במגע, אויב א מענטש רירט אָן דעם אבר) אָדער דורך טראָגן (אויב א מענטש טראָגט דעם אבר) אָדער דורך געצעלט (אויב א מענטש געפינט זיך מיט דעם אבר אונטער איין דאך), און אויב עס פעלט דאָס פלייש (אָבער עס בלייבט דארויף גענוג פלייש ווי עס געהער צו זיין, דהיינו אז ביי א לעבעדיקן מענטש אויב דער אבר זאָל נאָך זיין באהאפטן אין מענטש וואָלט ער געקאָנט צוריק צו־וואקסן און געזונט ווערן) איז עס טמא, אָבער עס זאָל פעלן פוןביין (אין דעם אבר, אפילו עפּיס) איז ער שוין טהור. **ער קאָן שוין ניט מטמא זיין אלס אבר, און עס איז מטמא אלס פלייש אויב עס איז פאראן אין אים א כזית פלייש. דערפון זען מיר, אז די טומאה פון פלייש איז הארבער, אזוי טייטשן די מפרשים די דאָזיקע שווערע משנה.** — אָמרו לו לר' נחוניא, האָבן זיי (די חכמים פון דער ישיבה געזאָגט צו ר' נחוניא; וואָסער טעם האָסטו צו צע־טיילן דיינע הלכות? אָדער מאך טמא ביי ביידע אָדער מאך טהור ביי ביידע (ביים כזית פלייש, און ביים שטיקל ביינדל גרויס ווי א גערשטן) ? האָט ער (ר' נחוניא) זיי אָפּגעענטפערט: (דער טעם איז ווייל) די טומאה פון ביינער איז גרעסער פון דער טומאה פון פלייש, ווארים אויב א כזית פלייש ווערט אָפּגעריסן פון א לעבעדיקן (מענטש) איז ער (דער כזית פלייש) טהור, און אויב אן אבר (א גליד) ווערט אָפּגע־ריסן פון אים (פון לעבעדיקן מענטש) און ער (דער אבר) איז לויט ווי ער איז באַ־שאפן געוואָרן (כבריתו, די ביינער מיט דעם פלייש מיט די אדערן), איז ער (דער אבר) טמא. **דאָס איז איין ראיה, אז די טומאה פון ביינער איז גרעסער פון דער טומאה פון פלייש.** דבר אחר, נאָך א זאך (נאָך א ראיה דערצו איז): א כזית פלייש (פון א טויטן מענטש, פון א מת) איז מטמא דורך אָנרירן אָדער דורך טראָגן אָדער דורך געצעלט (אוהל, זיין אונטער איין דאך), און די מערהייט ביינער (פון א טויטן מענטש, הונדערט און פינף און צוואנציק ביינער, וואָס איז די מערהייט, דער רוב פון אלע ביינער אין מענטש׳ס קערפּער, וועלכע זענען צוויי הונדערט און אכט און

עֲצָמוֹת אַף עַל פִּי שֶׁטָּהוֹר מִלְּטַמֵּא בְּאֹהֶל, מְטַמֵּא בְּמַגָּע וּבְמַשָּׂא. דָּבָר אַחֵר, כָּל בְּשַׂר הַמֵּת שֶׁהוּא פָּחוֹת מִכַּזַּיִת טָהוֹר, רוֹב בִּנְיָנוֹ וְרוֹב מִנְיָנוֹ שֶׁל מֵת אַף עַל פִּי שֶׁאֵין בָּהֶם רוֹבַע, טְמֵאִין. אָמְרוּ לוֹ לְרַבִּי יְהוֹשֻׁעַ, מָה רָאִיתָ לְטַהֵר בִּשְׁנֵיהֶם? אָמַר לָהֶם לֹא אִם אֲמַרְתֶּם בְּמֵת שֶׁיֶּשׁ בּוֹ רוֹב, וְרוֹבַע, וְרָקָב, תֹּאמְרוּ בְּחַי, שֶׁאֵין בּוֹ רוֹב וְרוֹבַע וְרָקָב:

פירציק) זענען אויך מטמא דורך אָנרירן אָדער דורך טראָגן אָדער דורך געצעלט; אָבער אויב עס פעלט א שטיקל (פון כזית) פלייש איז עס טהור (קאָן עס שוין גאָר־ניט מטמא זיין). דאקייגן אויב עס פעלט (עפּיס) פון דער מערהייט ביינער, כאָטש עס איז טהור אז עס קאָן ניט מטמא זיין דורך געצעלט, איז עס אָבער מטמא דורך אָנרירן אָדער דורך טראָגן. **אויב א לעבעדיקער מענטש רירט אָן ווינציקער פון א רוב ביינער פון א טויטן מענטש אָדער ער טראָגט זיי, ווערט דער לעבעדיקער מענטש יאָ טמא, כאָטש אויב ער איז מיט זיי אונטער איין דאך (נאָר ער האָט זיי ניט אָנגע־רירט און ניט געטראָגן) ווערט ער ניט טמא. — דאָס איז דער צווייטער באַוויַז אז די טומאה פון ביינער איז גרעסער פון דער טומאה פון פלייש.** — דבר אחר, כל בשר, נאָך א זאך (א דריטער באַוויַז דערצו איז, וואָס) דאָס גאנצע פלייש פון (קערפּער פון א טויטן מענטש, אויב עס איז ניטא אין אים קיין כזית (למשל פון גאָר א פּיצל קינד) איז עס ריין (טהור, ווייל עס מת זיין די גרויס פון א כזית), אָבער (ביינער, אויב זיי זענען) דער רוב פון געביי (בנינו) אָדער דער רוב פון דער צאָל (מנינו, ביינער פון קערפּער) פון א טויטן מענטש, אפילו עס איז ניט פאראן אין זיי קיין פערטל (טאָפּ, רובע), זענען זיי טמא. **דער דין איז אז א פערטל טאָפּ ביינער פון א טויטן איז מטמא אויך דורך געצעלט, דורך אוהל. אָבער ווינציקער פון א פערטל טאָפּ איז נור מטמא דורך אָנרירן אָדער טראָגן אָבער ניט דורך אוהל, דורך געצעלט. זאָגט די משנה אז אויב אָבער די ביינער זענען דער גרעסטער טייל פון ביינער־גע־ביי פון מענטשן (למשל צוויי ביינער־זייטן, שוקים, און דער היפט, ירך), אָדער עס איז געווען דער רוב פון צאָל ביינער וואָס איז פאראן אין מענטש׳ס קערפּער (125 ביינער), זענען זיי מטמא דורך אוהל אפילו זיי האָבן ניט קיין פערטל טאָפּ. דערפון זעט מען אז די טומאה פון ביינער איז גרעסער פון דער טומאה פון פלייש.** — אָמרו לו לר׳ יהושע, האָבן זיי (די חכמים פון דער ישיבה) געזאָגט צו ר׳ יהושע: וואָס האָסטו געזען (וואסער טעם האָסטו) מטהר צו זיין ביי זיי ביידן? ? **דאָס הייסט, פאַר־וואָס האלט ער, אז סיי דער כזית פלייש וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון אן אבר מן החי, און סיי דאָס שטיקל ביינדל גרויס ווי א גערשט וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון אבר מן החי, זענען טהור?** אָמר להם, האָט ער זיי אָפּגעענטפערט: אויב איר זאָגט (אז עס זענען טמא דער כזית פלייש אָדער דאָס שטיקל ביינדל ווען זיי רייסן זיך אָפּ) פון א מת (פון א טויטן קערפּער, איז עס דערפאר, ווייל די טומאה פון א מת איז שטארק, און א באַוויַז דערצו איז) וואָס ביי אים (בייִם מת) איז פאראן (די טומאה) פון רוב (אויב עס זענען פאראן דער רוב ביינער פון אים), און פון א פערטל (רובע, אויב עס זענען פאראן פון מת א פערטל טאָפּ ביינער) און פון פארפוילטקייט (רקב, אויב דער מת איז פארפוילט געוואָרן, איז א גרויסער לעפל מיט זיין פארפוילטקייט טמא), צי קאָנט איר עס זאָגן (אז א כזית פלייש און א שטיקל ביינדל) פון א לע־בעדיקן (מענטש, זאָל מטמא זיין, אין דער צייט) וואָס ביי אים (בייִם לעבעדיקן מענטש) איז דאָך ניט פאראן (די טומאה) פון רוב און פון פערטל און פון פאַר־פוילטקייט ! **וועגן דער דאָזיקער טומאה פון רקב, פארפוילטקייט, זע אין פירוש צו נזיר פרק ז׳ משנה ב׳.**

## פרק ז.

א. העיד, ר׳ יהושע און ר׳ צדוק האָבן עדות געזאָגט, אז אויב מען האָט (מיט א שעפּסל) אויסגעלייזט דאָס ערשט־געבוירענע אייזעלע פון אן אייזל (פטר חמור)

**א** הֵעִיד רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ וְרַבִּי צָדוֹק עַל פִּדְיוֹן פֶּטֶר חֲמוֹר שֶׁמֵּת, שֶׁאֵין בּוֹ לַכֹּהֵן כְּלוּם, שֶׁרַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר חַיָּבִין בְּאַחֲרָיוּתָן כְּחָמֵשׁ סְלָעִים שֶׁל בֵּן, וַחֲכָמִים אוֹמְרִים אֵין חַיָּבִים בְּאַחֲרָיוּתָן, אֶלָּא כְּפִדְיוֹן שֶׁל מַעֲשֵׂר שֵׁנִי: **ב** הֵעִיד רַבִּי צָדוֹק עַל צִיר חֲגָבִים טְמֵאִים שֶׁהוּא טָהוֹר. שֶׁמִּשְׁנָה רִאשׁוֹנָה חֲגָבִים טְמֵאִים שֶׁנִּכְבְּשׁוּ עִם חֲגָבִים טְהוֹרִים לֹא פָסְלוּ צִירָן: **ג** הֵעִיד רַבִּי צָדוֹק עַל זוֹחֲלִין שֶׁרַבּוּ עַל הַנּוֹטְפִים שֶׁהֵם כְּשֵׁרִים. מַעֲשֶׂה הָיָה בְּבִירַת הַפִּלְיָא, וּבָא מַעֲשֶׂה לִפְנֵי חֲכָמִים וְהִכְשִׁירוּהוּ: **ד** הֵעִיד רַבִּי צָדוֹק עַל זוֹחֲלִין שֶׁקִּלְּחָן בַּעֲלֵה אֱגוֹז, שֶׁהֵן כְּשֵׁרִים. מַעֲשֶׂה הָיָה בְּאָהֳלְיָא. וּבָא מַעֲשֶׂה לִפְנֵי לִשְׁכַּת הַגָּזִית וְהִכְשִׁירוּהוּ: **ה** הֵעִיד רַבִּי

און (איידער מען האָט דאָס שעפּסל געגעבן צום כהן) איז עס געפּגרט, אז דער כהן האָט דערפאַר גאָרניט; וואָרים ר׳ אליעזר זאָגט, אז ער (דער בעל הבית פון אייזעלע) איז פאַראַנטוואָרטליך דערפאַר אזוי ווי ביי די פינף טאַלערס, מיט וועלכע מען לייזט אויס א זון (א בכור), (און מען דאַרף געבן דעם כהן אן אנדער שעפּסל). אָבער די חכמים זאָגן, אז ער (דער בעל הבית פון שעפּסל) איז ניט פאַראַנטוואָרטליך דערפאַר, נאָר ס׳איז אזוי ווי דאָס (געלט מיט וועלכן) מען לייזט־אויס (תבואה צי פּרוכטן) פון מעשר שני (און אויב דאָס געלט איז פאַרלוירן געגאַנגען דאַרף מען ניט אָפּשיידן קיין אנדער געלט, אזוי דאַרף מען דאָ ניט געבן דעם כהן אן אנדער שעפּסל). **דעם פּירוש דערצו זע אין בכורות פרק א׳ משנה ו׳.**

ב. העיד, ר׳ צדוק האָט עדות געזאָגט אויף דעם זאַפט (ציר, ראָסל) פון ניט־כשרע היישעריקן, אז ער איז כשר (צום עסן), וואָרום די ערשטע משנה האָט (נאָר) געזאָגט אז ניט־כשרע היישעריקן וועלכע מען האָט איינגעלייגט מיט כשרע היישעריקן האָבן זיי ניט־געפּסלט (ניט געאַסרט) זייער זאַפט (צו עסן דעם ראָסל). **דעם פּירוש דערצו זע תרומות פרק י׳ משנה ט׳.**

ג. העיד, ר׳ צדוק האָט עדות געזאָגט, אז אויב פליסנדיק וואַסער (למשל, וואַסער אין א טייכל) איז געווען מער פון דעם טריפנדיקן וואַסער (פון דעם רעגן־וואַסער וואָס איז אריין אין דעם טייכל) איז עס כשר; עס איז געווען א מעשה (עס האָט געטראָפן אזא פאַל אין (דעם אָרט) בירת הפליא, און די זאַך (די שאלה, די מעשה) איז געקומען פאַר די חכמים און זיי האָבן עס מכשיר געמאַכט (געזאָגט אז עס איז כשר). **דעם פּירוש דערצו זע אין מקואות פרק ה׳ משנה ה׳.**

ד. העיד, ר׳ צדוק האָט עדות געזאָגט, אז פליסנדיק וואַסער, וואָס האָט אדורכגעשפּרודלט (אדורכגעפלאָסן, שקילחן) דורך די (גרינע) שאָלעכץ פון א נוס, אז זיי זענען כשר. **עס זענען פאַראַן זאַכן, וואָס דער דין איז, אז מען דאַרף צו זיי האָבן פליסנדיק וואַסער, וואַסער וואָס פליסט בסדר, ווי א טייך. למשל, א זב, א מאַן פון וועמען עס רינט א אומריינע פליסיקייט, ווען ער ווערט ריין, דאַרף ער זיך טובל זיין; אָבער ער קאָן ניט טובל זיין זיך אין א מקוה מיט אָנגעזאַמלט רעגן־וואַסער (כאָטש פאַר אנדערע זאַכן איז עס א כשרע מקוה), נאָר ער מוז זיך טובל זיין אין פליסנדיק טייך־אָדער קוואַל־וואַסער (זוחלין). זאָגט די משנה אז כאָטש דאָס וואַסער איז אדורכגעגאַנגען דורך דער גרינער שאָל פון א נוס, איז עס כשר, און עס הייסט ניט ווי עס וואָלט דורכגעגאַנגען דורך א כלי.** מעשה, עס איז געווען אזא פאַל אין (דעם אָרט) אהליא, און די זאַך (די שאלה) איז געקומען פאַר (די סנהדרין) אין לשכת הגזית (דער קאַמער פון געהאַקטע שטיינער) און זיי האָבן געזאָגט אז עס איז כשר. **די לשכת הגזית, די קאַמער פון געהאַקטע שטיינער איז געווען ביים בית המקדש־הויף אין ירושלים, ווען דאָס בית המקדש איז געשטאַנען. דאָרט איז געזעסן דאָס גרויסע סנהדרין** (זע מסכתא סנהדרין פרק י״א משנה ב׳).

יְהוֹשֻׁעַ וְרַבִּי יָקִים אִישׁ הַדָּר, עַל קָלָל שֶׁל חַטָּאת שֶׁנְּתָנוֹ עַל גַּבֵּי הַשֶּׁרֶץ שֶׁהוּא טָמֵא, שֶׁרַבִּי אֱלִיעֶזֶר מְטַהֵר. הֵעִיד רַבִּי פַּפְּיָס עַל מִי שֶׁנָּזַר שְׁתֵּי נְזִירוּת שֶׁאִם גִּלַּח אֶת הָרִאשׁוֹנָה יוֹם שְׁלֹשִׁים, שֶׁמְּגַלֵּחַ הַשְּׁנִיָּה יוֹם שִׁשִּׁים, וְאִם גִּלַּח יוֹם שִׁשִּׁים חָסֵר אֶחָד יָצָא, שֶׁיּוֹם שְׁלֹשִׁים עוֹלֶה לוֹ מִן הַמִּנְיָן: ו הֵעִיד רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ וְרַבִּי פַּפְּיָס עַל וָלָד שֶׁל שְׁלָמִים שֶׁיִּקָּרֵב שְׁלָמִים. שֶׁרַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר, שֶׁוָּלָד שְׁלָמִים לֹא יִקְרַב שְׁלָמִים. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים יִקְרַב. אָמַר רַבִּי פַּפְּיָס אֲנִי מֵעִיד שֶׁהָיְתָה לָנוּ פָרַת זִבְחֵי שְׁלָמִים וַאֲכַלְנוּהָ בְּפֶסַח, וְאָכַלְנוּ וְלָדָהּ שְׁלָמִים בֶּחָג: ז הֵן הֵעִידוּ עַל אֲרוּכוֹת שֶׁל נַחְתּוֹמִים שֶׁהֵן טְמֵאוֹת, שֶׁרַבִּי אֱלִיעֶזֶר מְטַהֵר. הֵם הֵעִידוּ עַל תַּנּוּר שֶׁחֲתָכוֹ חוּלְיוֹת וְנָתַן חוֹל בֵּין חוּלְיָא לְחוּלְיָא שֶׁהוּא טָמֵא, שֶׁרַבִּי אֱלִיעֶזֶר מְטַהֵר. הֵן הֵעִידוּ שֶׁמְּעַבְּרִין אֶת הַשָּׁנָה בְּכָל אֲדָר, שֶׁהָיוּ אוֹמְרִים

ה. העיד, ר׳ יהושע און ר׳ יקים דער מאן פון (אָרט) הדר האָבן עדות־געזאָגט, אז א ערדענע קרוג (קלל) מיט אש פון דער פרה אדומה ליגט אויף א טויטן שרץ איז (דאָס אש) טמא, ווארים ר׳ אליעזר זאָגט, אז ס׳איז טהור. **דעם פירוש דערצו זע פרה פרק י׳ משנה ג׳.** — העיד, ר׳ פפייס, עס האָט עדות געזאָגט ר׳ פפייס, אז ווען איינער האָט א נדר געטאָן צו זיין א נזיר צוויי נזירות (צוויי מאָל צו זיין א נזיר, איינעם נאָך דעם אנדערן, צו דרייסיק טעג), אויב ער האָט זיך אָפּגעשוירן נאָך דער ערשטער נזירות אין דרייסיקסטן טאָג, קאָן ער זיך אָפּשערן נאָך דער צווייטער נזירות ·דעם זעכ־ציקסטן טאָג; און אויב ער האָט זיך אָפּגעשוירן אין דעם טאָג זעכציק ווינציקער איינס (אין דעם ניין־און־פופציקסטן טאָג) האָט ער יוצא געווען (איז אויך גוט), ווייל דער דרייסיקסטער טאָג (פון דער ערשטער נזירות) ווערט פאררעכנט אים אין דער ציילונג (ער ווערט פאררעכנט אויך פאר דעם ערשטן טאָג פון דער צווייטער נזירות). **דעם פירוש דערצו זע אין נזיר פרק ג׳ משנה ב׳.**

ו. העיד, ר׳ יהושע און ר׳ פפייס האָבן עדות געזאָגט, אז א קינד פון שלמים (אויב מען האָט מקדיש געווען א קו מקריב צו זיין פאר א קרבן שלמים, און די קו האָט, נאָכן מקדיש זיין זי, געבוירן א קעלבל) זאָל מען עס מקריב זיין פאר א קרבן שלמים; ווארום ר׳ אליעזר זאָגט, אז מען זאָל עס ניט מקריב זיין פאר א קרבן שלמים, און די חכמים זאָגן, אז מען זאָל עס מקריב זיין, האָט ר׳ פפייס געזאָגט: איך זאָג עדות, אז מיר האָבן געהאַט א קו פון קרבן שלמים און מיר האָבן זי געגעסן (נאָכדעם ווי מען האָט זי מקריב געווען האָבן מיר געגעסן) איר פלייש אים פסח, און מיר האָבן געגעסן איר קינד אלס קרבן שלמים אים שבועות. **דאָ מיינט „חג" שבועות, ניט סוכות ווי אין אנדערע ערטער פון דער משנה. דעם פירוש צו דער משנה זע אין תמורה פרק ג׳ משנה א׳.**

ז. הן, זיי (ר׳ יהושע און ר׳ פפייס) האָבן עדות געזאָגט אז די (פלאַכע) לאנגע ברעטער פון בעקערס קאָנען ווערן טמא, ווארום ר׳ אליעזר זאָגט, אז זיי זיינען טהור (זיי קאָנען ניט ווערן טמא). **דעם פירוש דערצו זע אין כלים פרק ט״ו משנה ט׳.** — הן, זיי (ר׳ יהושע און ר׳ פפייס) האָבן עדות געזאָגט, אז אן אויוון, וועלכן מען האָט צעשניטן אויף שטיקער, און מען האָט אריינגעטאָן זאמד צווישן איין שטיק און דעם אנדערן שטיק (און אזוי ארום האָט מען אים צוריק אויפגעשטעלט אלס אויוון) אז ער איז טמא (אז ער קאָן שוין ווערן טמא, ווייל ער הייסט ווי אן אלטער אויוון, און מען דארף אים ניט נאָכאמאָל איבערהייצן), ווארים ר׳ אליעזר זאָגט אז ער איז טהור. **דעם פירוש דערצו זע כלים פרק ה׳ משנה י׳.** — הן, זיי (ר׳ יהושע און ר׳ פפייס) האָבן עדות געזאָגט, אז מען קאָן מאכן א עיבור־יאָר א גאנצן חודש אדר, ווארום עס זענען געווען (טייל חכמים) וועלכע האָבן געזאָגט אז נור ביז פורים. **אין דער צייט**

עַד הַפּוּרִים. הֵן הֵעִידוּ שֶׁמְּעַבְּרִין אֶת הַשָּׁנָה עַל תְּנַאי. וּמַעֲשֶׂה בְּרַבָּן גַּמְלִיאֵל שֶׁהָלַךְ לִטּוֹל רְשׁוּת מֵהֶגְמוֹן בְּסוּרְיָא וְשָׁהָה לָבֹא, וְעִבְּרוּ אֶת הַשָּׁנָה עַל תְּנַאי, לִכְשֶׁיִּרְצֶה רַבָּן גַּמְלִיאֵל (וּכְשֶׁבָּא אָמַר, רוֹצֶה אֲנִי וְנִמְצֵאת) הַשָּׁנָה מְעֻבֶּרֶת: ח הֵעִיד מְנַחֵם בֶּן סִגְנַאי, עַל מוּסַף הַיּוֹרָה שֶׁל שׁוֹלְקֵי זֵתִים שֶׁהוּא טָמֵא, וְשֶׁל צַבָּעִים שֶׁהוּא טָהוֹר, שֶׁהָיוּ אוֹמְרִים

פון דער משנה איז ניט געווען קיין פעסטער לוח, ווי מיר האָבן היינט. דאמאָלס האָט דאָס בית דין מיטן נשיא (צוערשט אין ירושלים, און נאָכן חורבן פון בית שני איז עס געווען אין אנדערע ערטער אין ארץ ישראל) פעסטגעשטעלט ווען עס איז ראש חודש, און ווען מען דאַרף מאכן א עיבור־יאָר, דאָס הייסט צוגעבן נאָך א חודש אָדר (דעם אָדר שני, דעם „ואדר"). זאָגט די משנה, אז היות עס זענען געווען טייל חכמים וועלכע האָבן געהאלטן, אז מאכן א עיבור־יאָר, צוגעבן א צווייטן א חודש אָדר, קאָן מען נור ביז פורים, האָבן ר׳ יהושע און ר׳ פפייס עדות געזאָגט, אז מען קאָן דאָס טאָן א גאנצן חודש אָדר. די גמרא זאָגט, אז אין 30טן טאָג אין אָדר קאָן מען מער ניט מאכן דאָס יאָר פאר א עיבור־יאָר, ווייל דער דאָזיקער טאָג קאָן שוין זיין ראש חודש (ווען אָדר האלט נור 29 טעג) און עס וואָלט דאריבער געהייסן ווי מאכן א עיבור־יאָר אים ניסן, און דאָס טאָר מען ניט. — הן, זיי (ר׳ יהושע און ר׳ פפייס) האָבן עדות געזאָגט, אז מען (דאָס בית דין קאָן מאכן א עיבור־יאָר) מיט א תנאי. מיר האָבן שוין פריער געזאָגט, אז דאָס עיבור־יאָר פלעגט מאכן דאָס בית דין צו־זאמען מיטן נשיא. זאָגט די משנה, אז אויב דער נשיא איז ניטאָ קאָן דאָס בית דין מאכן דאָס עיבור יאָר מיט דעם תנאי אז ווען דער נשיא וועט קומען און מסכים זיין זאָל דאָס יאָר זיין א עיבור־יאָר. ומעשה, און עס איז געווען א מעשה מיט רבן גמליאל (דעם נשיא פון יידן אין דער צייט ווען די רוימישע רעגירונג האָט גע־הערשט איבער ארץ ישראל) אז ער איז געגאנגן נעמען א דערלויבניש (רשות) פון דעם (רוימישן) הערשער (הגמון) אין סיריען (וועלכער האָט געהאט די דעה איבער ארץ ישראל), און ער האָט זיך פארזוימט צוריקצוקומען, און זיי (דאָס בית דין) האָט געמאכט דאָס יאָר פאר א עיבור־יאָר מיט דעם תנאי אז רבן גליאל וועט מסכים זיין; און ווען רבן גמליאל איז צוריקגעקומען און ער האָט געזאָגט: „איך בין מסכים", איז דאָס יאָר געווען א עיבור־יאָר. עס זענען געווען צוויי רבן גמליאל׳ס נשיאים ביי יידן. איינער, רבן גמליאל הזקן, האָט געלעבט אין ירושלים לערך 20 יאָר פאר דעם חורבן פון 2טן בית המקדש, און שוין דאמאָלס האָט רוים געהערשט אין ארץ ישראל. דער צווייטער איז געווען זיין אייניקל רבן גמליאל נשיא אין יבנה נאָכן חורבן פון 2טן בית המקדש. עס איז שווער צו זאָגן, וועלכן רבן גמליאל די משנה מיינט. מיט „הגמון" (פון גריכישן „העגעמאָן", דער הערשער) מיינט מען מסתמא דעם רוימישן לעגאט אין סיריען, וועלכער האָט געהאט די דעה איבער ארץ ישראל. וואָס מען מיינט מיט „ליטול רשות", „נעמען דערלויבעניש", איז אויך שווער צו זאָגן. עס קאָן זיין אז מען מיינט צו נעמען דערלויבניש צו מאכן דאָס יאָר א עיבור־יאָר.

ח. העיד, מנחם בן סגנאי האָט עדות געזאָגט וועגן דעם (פון ליים־געמאכטן) צוגאָב־ראנד (אין דער הויך) אויף דעם (מעטאלענעם) קעסל פון די וועלכע קאָכן איילבירטן, אז ער קאָן ווערן טמא, און (וועגן דעם צוגאָב־ראנד אויף דעם קעסל) פון פארבער, אז ער איז טהור (ווערט ניט טמא), ווארום זיי (טייל חכמים) האָבן גע־זאָגט, אז די זאכן (די הלכות) זענען פארקערט (פון פארבער קאָן ווערן טמא, און פון די איילבירטן־קאָכער קאָן ניט ווערן טמא). דעם פירוש דערצו זע אין כלים פרק ה׳ משנה ה׳.

חִלּוּף הַדְּבָרִים: ט הֵעִיד רַבִּי נְחוּנְיָא בֶּן גּוּדְגְּדָא עַל הַחֵרֶשֶׁת שֶׁהִשִּׂיאָהּ אָבִיהָ שֶׁהִיא יוֹצְאָה בְגֵט. וְעַל קְטַנָּה בַּת יִשְׂרָאֵל שֶׁנִּשֵּׂאת לְכֹהֵן שֶׁהִיא אוֹכֶלֶת בַּתְּרוּמָה. וְאִם מֵתָה, בַּעְלָהּ יוֹרְשָׁהּ. וְעַל הַמָּרִישׁ הַגָּזוּל שֶׁבְּנָאוֹ בַבִּירָה שֶׁיִּתֵּן אֶת דָּמָיו. וְעַל חַטָּאת הַגְּזוּלָה שֶׁלֹּא נוֹדְעָה לָרַבִּים שֶׁהִיא מְכַפֶּרֶת, מִפְּנֵי תִקּוּן הַמִּזְבֵּחַ:

# פרק ח.

א הֵעִיד רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ בֶּן בְּתֵירָא עַל דַּם נְבֵלוֹת שֶׁהוּא טָהוֹר. הֵעִיד רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן בְּתֵירָא, עַל אֵפֶר חַטָּאת שֶׁנָּגַע טָמֵא בְמִקְצָתוֹ, שֶׁטִּמֵּא אֶת כֻּלּוֹ. הוֹסִיף רַבִּי עֲקִיבָא, עַל הַסֹּלֶת וְעַל הַקְּטֹרֶת, וְהַלְּבוֹנָה,

ט. העיד, ר׳ נחוניא בן גודגדא האָט עדות געזאָגט, אז א טויב־שטומע פרוי וועלכע איר פאָטער האָט חתונה געמאכט (קליינערהייט) קאָן מען באפרייען מיט א גט (דער מאַן קאָן זי גטן); און אז א קליין מיידל די טאָכטער פון א ישראל וועלכע האָט חתונה געהאט מיט א כהן מעג עסן תרומה, און אז אויב (א קליין מיידל האָט חתונה געהאט ניט דוקא מיט א כהן, און) זי איז געשטאָרבן ירשנט זי איר מאַן; און אויב איינער (האָט צוגעגזלט א פרעמדן באלקן און) ער האָט דעם צוגעגזלטן באלקן אריינגעבויט אין א גרויס הויז (בירה) זאָל ער (דער גזלן) באצאָלן (דעם מענטשן ביי וועמען ער האָט צוגעגזלט) זיין געלט (דאָס געלט וויפיל דער באלקן איז ווערט, און מען הייסט אים ניט צושטערן דאָס הויז און צוריקגעבן דעם באלקן אליין); און אז אויב איינער (האָט צוגעגזלט א שעפּסל און ער) האָט געבראַכט דאָס צוגעגזלטע (שעפּסל) פאר א קרבן חטאת, און עס איז ניט באוואוסט צו א סך מענטשן (אז עס איז א געגעזלטעס), איז עס מכפּר (איז עס א גוטער קרבן), צוליב דער טובה (דעם תיקון) פון מזבח. **דעם פירוש צו די אלע הלכות זע גטין פרק ה׳ משנה ה׳; נאָר דאָרט (און אויך אין יבמות פרק י״ד משנה ב׳ וועגן דער ערשטער הלכה) איז פאראַן ר׳ יוחנן בן גודגדה אנשטאט ר׳ נחוניא בן גודגדא.**

## פרק ח.

א. העיד, ר׳ יהושע בן בתירא האָט עדות געזאָגט, אז דאָס בלוט פון נבלות (פון געפּגרטע בהמות) איז טהור. **טייל מפרשים טייטשן, אז עס איז טהור אינגאנצן (אזוי זאָגט דער תוספות יום טוב). אנדערע מפרשים זאָגן, אז עס איז טהור אויב עס האָט ניט מער ווי א כזית, די גרויס פון אן איילבירט, כאָטש דאָס פלייש פון א נבלה איז טמא ביי א כזית; אָבער אויב עס איז פאראַן א קווארטירל (רביעית) בלוט איז עס יאָ טמא.** — העיד, ר׳ שמעון בן בתירא האָט עדות געזאָגט וועגן אש פון דער פרה אדומה (פון דער רויטער קו, חטאת, אויב דאָס אש איז געלעגן אין א כלי) אז אויב א טמא (מענטש אָדער א טמא כלי) האָט אָנגערירט אין א טייל פון אים (פון דעם אש) האָט ער מטמא געווען דאָס גאנצע (אש). **כאָטש דאָס אש איז דאָך פון שטיקלעך, און עס איז דאָך ניט איין זאַך, ווייל אָבער עס ליגט אין א כלי, איז די כלי עס מצרף, מאכט עס ווי איין שטיק.** הוסיף, האָט ר׳ עקיבא צוגע־געבן (נאָך מער), אז דאָס (הייליקע קרבנות־) מעל (סולת, פיין מעל) און דער וויי־רויך און די קוילן (וואָס דער כהן גדול נעמט אראָפּ יום כיפור פון מזבח און טראָגט זיי אריין אין קדשי קדשים) אויב א טבול יום (איינער וועלכער איז געווען טמא און האָט זיך טובל געווען אין מקוה און איז געוואָרן ריין, אָבער ער דאַרף וואַרטן ביז אווענט, הערב שמש, כדי צו ווערן אינגאנצן ריין) האָט אָנגערירט א טייל פון זיי, האָט ער זיי אינגאנצן געפּסלט (און מען טאָר זיי ניט באנוצן אין בית המקדש). **ר׳ עקיבא האָט דאָ מוסיף געווען צוויי זאכן. ערשטנס, אז ניט נור ווען א טמא־מענטש האָט אָנגערירט א טייל, ווערט דאָס גאנצע טמא, נאָר אויך אפילו ווען נור א טבול**

וְהַגְּהָלִים שֶׁנָּגַע טְבוּל יוֹם בְּמִקְצָתָם, שֶׁפָּסַל אֶת כֻּלָּם: **ב** הֵעִיד רַבִּי יְהוּדָה בֶּן בָּבָא וְרַבִּי יְהוּדָה הַכֹּהֵן, עַל קְטַנָּה בַּת יִשְׂרָאֵל שֶׁנִּשֵּׂאת לַכֹּהֵן שֶׁהִיא אוֹכֶלֶת בִּתְרוּמָה, כֵּיוָן שֶׁנִּכְנְסָה לַחֻפָּה, אַף עַל פִּי שֶׁלֹּא נִבְעֲלָה. הֵעִיד רַבִּי יוֹסֵי הַכֹּהֵן וְרַבִּי זְכַרְיָה בֶּן הַקַּצָּב עַל תִּינוֹקֶת שֶׁהֻרְהֲנָה בְּאַשְׁקְלוֹן, וְרִחֲקוּהָ בְּנֵי מִשְׁפַּחְתָּהּ וְעֵדֶיהָ מְעִידִים אוֹתָהּ שֶׁלֹּא נִסְתְּרָה וְשֶׁלֹּא נִטְמָאָה. אָמְרוּ לָהֶם חֲכָמִים, אִם מַאֲמִינִים אַתֶּם שֶׁהֻרְהֲנָה, הַאֲמִינוּ שֶׁלֹּא נִסְתְּרָה וְשֶׁלֹּא נִטְמָאָה, וְאִם אֵין אַתֶּם מַאֲמִינִים שֶׁלֹּא נִסְתְּרָה וְשֶׁלֹּא נִטְמָאָה, אַל תַּאֲמִינוּ שֶׁהֻרְהֲנָה: **ג** הֵעִיד רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ וְרַבִּי יְהוּדָה בֶּן

יום האָט אָנגערירט א טייל, ווערט דאָס גאנצע פסול. צווייטנס, אז ניט נור ווען עס ליגט אין א כלי וואָס האָט א „תוך", אן אינווייניק, ארומגערינגלט מיט ווענטלעך, **נאָר אויך מעל, צי ווירויך צי קוילן ווען זיי ליגן אויף א פלאך ברעט, אָן א ‚תוך', אָן ווענט־לעך ארום, איז עס אויך מצרף, מאכט עס אויך פאר איין שטיק. די מפרשים טייטשן אז מיט קוילן מיינט מען די הייליקע קוילן, וועלכע דער כהן גדול נעמט, ווייל נאָר אזעלכע קאָנען טמא ווערן (זייער הייליקייט, די „חיבת הקודש", מאכט זיי אז זיי זאָלן קאָנען טמא ווערן), אָבער סתם קוילן קאָנען ניט טמא ווערן, ווייל זיי זענען ניט קיין עסנווארג.**

ב. העיד, ר' יהודה בן בבא און ר' יהודה הכהן האָבן עדות געזאָגט, אז א קליין מיידל (יינגער פון צוועלף יאָר מיט א טאָג) די טאָכטער פון א ישראל, וועלכע האָט חתונה געהאט מיט א כהן, ווי נאָר זי איז ארונטערגעגאנגען אונטער דער חופה כאָטש ער (איר מאן) האָט נאָכניט געלעבט מיט איר (געשלעכטליך), מעג זי עסן תרומה באלד. **זע דעם פירוש דערצו אין גטין פרק ה' משנה ה'.** — העיד, ר' יוסי הכהן און ר' זכריה בן הקצב האָבן עדות געזאָגט (אז עס האָט פאסירט) אז א יינג מיידל (תינוקת) איז פארמשכונט געוואָרן אין (דער שטאָט) אשקלון (איר פאָטער צי אנדערער קרוב האָט געבאָרגט געלט פון א גוי און ער האָט זי געגעבן צום גוי אלס משכון), און איר משפחה האָט זי געוואָלט אפשטויסן פון זיך (מורא האָבנדיק אז דער גוי האָט מיט איר געלעבט), און עדות האָבן עדות געזאָגט וועגן איר, אז זי איז ניט געווען אליין (מיט דעם גוי) און אז זי איז ניט טמא געוואָרן (אז זי האָט ניט געלעבט מיט אים); האָבן די חכמים צו זיי (צו איר משפחה) געזאָגט: אויב איר גלויבט, אז מען האָט זי פארמשכונט, דארפט איר אויך גלויבן (די עדות וועלכע זאָגן) אז זי איז ניט געווען אליין (מיט דעם גוי) און אז זי איז ניט טמא געוואָרן (האָט ניט געלעבט מיט אים), און אויב איר גלויבט ניט (די עדות) אז זי איז ניט געווען אליין (מיט דעם גוי) און אז זי איז ניט טמא געוואָרן, גלויבט זשע ניט אז מען האָט זי פארמשכונט. **דאָס הייסט, אז ממה נפשך נעמט מען אָן אז זי איז כשר. די מפרשים באמערקן דאָ עטליכע זאכן. ערשטנס אז די משנה דערציילט, אז עס איז געווען אין אשקלון, וואו די גוים האָבן געהערשט. ווייל דאָרט וואו יידן הערשן (יד ישראל תקיפה) איז אויב א פרוי איז פארנומען געוואָרן דורך גוים צוליב געלט־זאכן איז זי סיי ווי כשר (כתובות פרק ב' משנה ט'). צווייטנס, אז דאָס זענען געווען ניט כשרע עדות, למשל שקלאפן, ווארים ביי כשרע עדות וואָלט די משפחה זי ניט געוואָלט באזייטיקן, און די חכמים וואָלטן ניט געזאָגט: „אויב איר גלויבט ניט וואָס די עדות זאָגן".**

ג. העיד, ר' יהושע און ר' יהודה בן בתירא האָבן עדות געזאָגט, אז אן אלמנה פון (א כהן וועלכער איז) פון א ספק־כשרער משפחה (עיסה, טייג, פארמישטע) איז כשר צו כהונה (אז א כהן מעג חתונה האָבן מיט איר). **דער דין איז אז אויב א כהן האָט געלעבט מיט א פרוי, מיט וועלכער ער טאָרניט חתונה האָבן, למשל מיט א גרושה, און זי האָט געבוירן פון אים א זון, הייסט דער זון א „חלל", א פארשוועכ־**

בְּתֵירָא עַל אַלְמְנַת עִיסָּה שֶׁהִיא כְּשֵׁרָה לַכְּהֻנָּה, שֶׁהָעִיסָּה כְּשֵׁרָה לְטַמֵּא וּלְטַהֵר לְרַחֵק וּלְקָרֵב. אָמַר רַ' (שִׁמְעוֹן בֶּן) גַּמְלִיאֵל קִבַּלְנוּ עֵדוּתֵיכֶם, אֲבָל מַה נַּעֲשֶׂה, שֶׁגָּזַר רַבָּן יוֹחָנָן בֶּן זַכַּאי, שֶׁלֹּא לְהוֹשִׁיב בָּתֵּי דִינִין עַל כַּךְ. הַכֹּהֲנִים שׁוֹמְעִים לָכֶם לְרַחֵק אֲבָל לֹא לְקָרֵב: ד הֵעִיד (רַבִּי) יוֹסֵי בֶּן יוֹעֶזֶר אִישׁ צְרֵדָה, עַל אַיִל קַמְצָא דְּכֵן, וְעַל מַשְׁקֵה בֵּית מִטְבְּחַיָּא

טער כהן. אויב דער חלל האָט געלעבט מיט א פרוי האָט ער זי „פארשוועכט״, זי געמאכט פאר אַ חללה, און זי טאָר ניט חתונה האָבן מיט א כשרן כהן. „עיסה״ איז דער טייטש „טייג״, און מיט „עיסה״ האָט מען אָנגערופן א משפחה פון כהנים, וועגן וועל־כער עס איז פאראן א ספק, אז עס איז פאראן צווישן זיי א חלל; פונקט ווי אין א טייג זענען אריינגעמישט פארשידענע זאכן, אזוי איז פאראן א ספק, אז אויך אין דער דאָזיקער משפחה איז עפּיס פארמישט. זאָגט די משנה, אז אויב א כהן פון דער דאָזיקער עיסה־משפחה האָט חתונה געהאט מיט א פרוי און ער איז געשטאָרבן מעג זיין אלמנה חתונה האָבן מיט א כהן. שהעיסה, ווייל די עסה־(משפחה) איז כשר (איז באגלויבט) צו מאכן טמא און צו מאכן טהור, אָפּצושטויסן און צו דערנענטערן. דאָס הייסט, מען האלט, אז די עיסה־משפחה אליין פאָרשט גוט נאָך און אויב זי גע־פינט אז ווער פון איר איז א חלל, באזייטיקט זי אים, און ממילא גלויבט מען איר אז אויב זי האָט איינעם ניט באזייטיקט אַז ער איז אַ כשרער כהן. דער טעם פארוואָס מען האָט פארלייכטערט ביי דער „עיסה־אלמנה״ איז, ווייל עס איז דאָ א „ספק ספיקא״ (א טאָפּלטער ספק), מחמת עס קאָן דאָך זיין אז דער פארמישטער כהן איז גאָר אינגאנצן ניט קיין חלל, און אפילו יאָ, קאָן דאָך זיין אז דער כהן וואָס האָט חתונה געהאט מיט דער אלמנה איז ניט יענער פארמישטער ספק־חלל־כהן. אָמר, האָט רבן גמליאל געזאָגט (צו ר׳ יהושע און ר׳ יהודה בן בתירא) : מיר נעמען אָן אייער עדות־זאָגן (מיר גלויבן אז איר האָט אזוי געהערט די הלכה), אָבער וואָס זאָלן מיר טאָן, אז רבן יוחנן בן זכאי האָט גוזר געווען אז מען זאָל ניט אוועקזעצן א בית דין דארויף (מתיר צו מאכן די עיסה־אלמנה); די כהנים וועלן אייך פאָלגן צו דער־ווייטערן אָבער נישט צו דערנעענטערן (אויפצונעמען, מתיר צו מאכן א עיסה־אלמנה). דער טעם פון רבן גמליאל איז, אז כאָטש ביי אלע אנדערע הלכות איז א ספק ספיקא כשר, אָבער ביי יוחסין, ביי כהנים חתונה צו האָבן מיט כשרע פרויען, האָט מען מחמיר געווען (מעלה עשו ביוחסין). אין טייל משניות איז פאראן ר׳ שמעון בן גמליאל.

ד. העיד, ר׳ יוסי בן יועזר האָט עדות געזאָגט אז דער היישעריק וואָס הייסט „איל קמצא״ איז ריין. „דכן״, ריין, כשר, מען מעג אים עסן, ער געהערט צו דעם מין פון כשרע היישעריקן. ועל משקה, און אז פליסיקייטן (משקה, פליסיקע זאכן) אין דעם שעכט־הויז (פון בית המקדש) זענען ריין (דכיין, קאָנען ניט ווערן טמא). וועגן דעם זענען פאראן צוויי טייטשן, איינער איז אז די טומאה פון פליסיקייטן בכלל, אפילו צו זיין אליין טמא, איז נור מדרבנן, און די רבנן האָבן ביי בית־המקדש־פליסיקייטן ניט גוזר געווען קיין טומאה. אן אנדערער טייטש איז אז די פליסיקייטן פון בית המקדש ווערן אליין יאָ טמא (ווייל די טומאה פון משקאות צו ווערן אליין טמא איז מדאורייתא, פון דער תורה), נאָר זיי קאָנען ניט מטמא זיין אנדערע זאכן, ווייל דאָס מטמא זיין דורך פליסיקייטן אנדערע זאכן איז נור מדרבנן. ודיקרב, און אז (נור ווער עס האָט זיך זיכער, בודאי) צוגענענט (אָנגערירט) אין א טויטן (מענטש) ווערט טמא (מסתאב, טמא ווערן) אזוי טייטשט די גמרא די הלכה פון יוסי בן יועזר, אז ער האָט עדות געזאָגט אז מען זאָל פסקענען פאר אלע מענטשן, אז א ספק טומאה אין א רשות הרבים (אין א עפנטליכן אָרט, וואו א רבים מענטשן זענען פאראן) איז טהור; מחמת איידער יוסי בן יועזר האָט עדות געזאָגט האָט מען אויך אזוי געהאלטן די הלכה, נאָר מען האָט עס ניט געפּסקנט פאר אלע כדי מען זאָל ניט מזלזל זיין אין די דינים פון טומאה. וקרו, און מען האָט אים (יוסי בן יועזר, פאר מתיר זיין די דאָ־

דְּאִינוּן דַּכְיָן, וּדְיִקְרַב בְּמִיתָא מִסְתְּאַב. וְקָרוּ לֵיהּ יוֹסֵי שָׁרְיָא: ה הֵעִיד רַבִּי עֲקִיבָא מִשּׁוּם נְחֶמְיָא אִישׁ בֵּית דְּלִי, שֶׁמַּשִּׂיאִים הָאִשָּׁה עַל פִּי עֵד אֶחָד. הֵעִיד רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ עַל עֲצָמוֹת שֶׁנִּמְצְאוּ בְּדִיר הָעֵצִים (שֶׁהֵם טְמֵאִים). אָמְרוּ חֲכָמִים, מְלַקֵּט עֶצֶם עֶצֶם וְהַכֹּל טָהוֹר: ו אָמַר רַבִּי אֱלִיעֶזֶר שָׁמַעְתִּי כְּשֶׁהָיוּ בוֹנִים בַּהֵיכָל, עוֹשִׂים קְלָעִים לַהֵיכָל, וּקְלָעִים לָעֲזָרוֹת. אֶלָּא שֶׁבַּהֵיכָל בּוֹנִין מִבַּחוּץ, וּבָעֲזָרָה בּוֹנִים מִבִּפְנִים. אָמַר רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ שָׁמַעְתִּי שֶׁמַּקְרִיבִין, אַף עַל פִּי שֶׁאֵין בַּיִת, וְאוֹכְלִין קָדְשֵׁי קָדָשִׁים אַף עַל

זיקע דריי זאכן) גערופן „יוסי וואָס איז מתיר״! **יוסי בן יועזר איז געווען דער נשיא פון סנהדרין אין דער צייט פאר די חשמונאים, און ער איז אומגעקומען אויף קידוש השם. דאָ אין דער משנה איז פאראן אין טייל נוסחאות „ר׳ יוסי״ (זע אבות פרק א׳ משנה ד׳). די ווערטער פון יוסי בן יועזר און בכלל די גאנצע משנה ווערט דאָ גע־בראכט אין אראַמעאיש.**

ה. העיד, ר׳ עקיבא האָט עדות געזאָגט אין נאָמען פון נחמיה דער מאן פון (אָרט) בית דלי, אז מען מעג דערלויבן א פרוי חתונה צו האָבן לויט די ווערטער פון איין עדות (וועלכער זאָגט, אז איר מאן איז געשטאָרבן). **דעם פירוש דערצו זע יבמות פרק ט״ז משנה ז׳.** — העיד, ר׳ יהושע האָט עדות געזאָגט, אז ווען מען האָט געפינען ביינער (פון טויטע מענטשן) אין דעם קאמער פאר האלץ (וואָס איז געווען אין בית־מקדש־הויף אין דער עזרת נשים, וואו מען האלט דאָס האָלץ צום ברענען אויפן מזבח), האָבן די חכמים דארויף געזאָגט, אז מען זאָל אויסקלויבן (ארויסנעמען) ביין ביי ביין (יעדן ביין וואָס מען האָט געפינען), (און אלץ איז טהור. **די חכמים האָבן געזאָגט צוויי זאכן. ערשטנס, אז עס איז גענוג ווען מען נעמט ארויס די ביינער, און מען דארף ניט גראָבן ווייטער אין דער ערד טאָמער וועט מען געפינען נאָך ביינער. צווייטנס, אז „אלץ איז טהור״, דאָס הייסט, אז מען האָט ניט מורא, טאָמער האָבן מענטשן אָדער כלים אָנגערירט אין די דאָזיקע ביינער; מחמת די עזרה האָט דעם דין פון א „רשות הרבים״, פון אן אָרט וואָס א סך מענטשן זענען דאָרט פאראן, און אויב עס איז א ספק אין א רשות הרבים צי א זאַך איז טמא געוואָרן, איז די זאך טהור. די גמרא זאָגט, אז ווען מען האָט געפינען די ביינער האָבן טייל חכמים גע־וואָלט דערקלערן גאנץ ירושלים פאר א טמא־אָרט, און ר׳ יהושע האָט צו זיי גע־זאָגט, „צי איז עס ניט קיין בושה פאר אונז צו טאָן אזא זאך ווי דערקלערן ירושלים פאר טמא״, און דאמאָלס האָט מען געפסקנט, אז עס איז גענוג ארויסצונעמען די ביינער און אלץ איז טהור.**

ו. אָמר, ר׳ אליעזר האָט געזאָגט: איך האָב געהערט, אז ווען מען האָט געבויט (נאָכן צוריקקומען פון גלות בבל אין בית המקדש) דעם היכל (די געביידע פון בית המקדש) האָט מען געמאכט פאָרהאנגן ארום דעם היכל, און ווען מען האָט געבויט די עזרה, (דעם הויף פון בית המקדש) האָט מען געמאכט פאָרהאנגן ארום דער עזרה, נאָר ביים היכל האָט מען געבויט פון דרויסן, און ביי דער עזרה האָט מען געבויט אינווייניק. **ווען מען האָט געמאכט די וואנט פון דעם היכל האָט מען ארומגעהאָנגען דעם היכל מיט פאָרהאנגן, כדי די ארבייטער זאָלן ניט זען די הייליקייט פון היכל, און מען האָט געבויט די מויער פון דרויסן פון די פאָרהאנגן, אָבער ביי דער עזרה האָט מען אויך ארומגעהאָנגען מיט פאָרהאנגן, אָבער ווען מען האָט געבויט די מויער זענען די ארבייטער געווען אינווייניק פון די פאָרהאנגן.** — אָמר, ר׳ יהושע האָט גע־זאָגט: איך האָב געהערט, אז מען מעג מקריב זיין קרבנות (אויפן בית המקדש־אָרט) כאָטש עס איז ניט פאראן די געביידע (דאָס בית המקדש איז ניטאָ); און אז מען מעג עסן (אויפן בית־המקדש־הויף) די גאָר הייליקע קרבנות (קדשי קדשים, למשל דאָס פלייש פון א קרבן חטאת, וואָס מען מוז עסן נור אין בית־המקדש־הויף) כאָטש עס

פִּי שֶׁאֵין קְלָעִים, קָדָשִׁים קַלִּים וּמַעֲשֵׂר שֵׁנִי אַף עַל פִּי שֶׁאֵין חוֹמָה, שֶׁקְּדֻשָּׁה רִאשׁוֹנָה קִדְּשָׁהּ לִשְׁעָתָהּ, וְקִדְּשָׁהּ לֶעָתִיד לָבֹא: ז אָמַר רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ מְקֻבָּל אֲנִי מֵרַבָּן יוֹחָנָן בֶּן זַכַּאי, שֶׁשָּׁמַע מֵרַבּוֹ וְרַבּוֹ מֵרַבּוֹ הֲלָכָה לְמֹשֶׁה מִסִּינַי, שֶׁאֵין אֵלִיָּהוּ בָא לְטַמֵּא וּלְטַהֵר לְרַחֵק וּלְקָרֵב, אֶלָּא לְרַחֵק הַמְקוֹרָבִין בִּזְרוֹעַ, וּלְקָרֵב הַמְרוּחָקִים בִּזְרוֹעַ. מִשְׁפַּחַת בֵּית צְרֵפָה הָיְתָה בְעֵבֶר הַיַּרְדֵּן וְרִחֲקָהּ בֶּן צִיּוֹן בִּזְרוֹעַ. וְעוֹד אַחֶרֶת הָיְתָה שָׁם

איז ניט פאראן די מויער (קלעים, די מויער ארום דער עזרה); און (אז מען מעג עסן אין ירושלים) לייכטע קרבנות (קדשים קלים, למשל, שלמים, וואָס מען מעג עסן אין גאנץ ירושלים, אָבער ניט אויסער דער שטאָט ירושלים) און מעשר שני (וואָס מען מעג עסן נור אין ירושלים), כאָטש עס איז ניט פאראן קיין מויער (ארום ירושלים). **דאָס הייסט אז די הייליקייט פון בית־המקדש־הויף און פון ירושלים איז ווייטער פאראן אויך נאָכדעם ווי דאָס בית המקדש און די מויער ארום דער עזרה און די מויער ארום ירושלים זענען חרוב געוואָרן.** שקדושה, ווייל די ערשטע הייליקייט (ווען שלמה המלך האָט הייליק געמאכט דאָס בית המקדש און די שטאָט ירושלים) האָט ער הייליק געמאכט (סיי די עזרה און סיי ירושלים) אויף יענער צייט און האָט אויך הייליק געמאכט אויף אלע צייטן שפעטער (לעתיד לבוא). **דאָס הייסט, אז די קדושה איז געבליבן אויף אייביק. דער טעם איז ווייל די קדושה פון בית המקדש און פון ירושלים איז ווייל די שכינה איז דאָרט, און די שכינה איז פון דאָרט ניט אוועק. אָבער וועגן אנדערע ערטער אין ארץ ישראל, ניט ירושלים, איז דער דין (לויט טייל מפרשים) אז די ערשטע קדושה האָט אויפגעהערט ביי גלות בבל, און ערשט די צווייטע קדושה, ווען די יידן זענען צוריקגעקומען פון בבל, איז געבליבן אויף שטענדיק, און מחמת דעם האָבן דעם דין פון ארץ ישראל (בנוגע שמיטה און אנדערע זאכן) נור די ערטער וואָס די עולי בבל האָבן פארנומען (זע שביעית פרק ו׳ משנה א׳).**

ז. אָמר, ר׳ יהושע האָט געזאָגט: איך האָב א קבלה (איך האָב געהערט) פון רבן יוחנן בן זכאי, וועלכער האָט עס געהערט פון זיין רבי, און זיין רבי האָט עס געהערט פון זיין רבי (און אזוי כסדר איין רבי פון זיין פריערדיקן רבי) א הלכה (וואָס איז געגעבן געוואָרן) צו משה (רבנו) אויפן (בארג) סיני (הלכה למשה מסיני), אז אליהו (הנביא וועלכער וועט קומען פאר משיח) וועט ניט קומען מטמא צו זיין אָדער מטהר צו זיין (צו דערקלערן וועלכע משפחה איז ניט ריין און האָט א פסול, און וועלכע איז יאָ ריין אָן א פסול), ניט צו דערווייטערן און ניט צו דערנענטערן (משפחות). **די מפרשים טייטשן, אז גאָט האָט געוויזען אויפן בארג סיני צו משה רבנו אלע קומענדיקע דורות, און ער האָט אים אויך געזאָגט, אז אליהו הנביא וועט ניט פסלענען קיין שום משפחה, און א משפחה מיט א ספק פסול, וועלכע איז שוין אריינגענומען געוואָרן צווישן די כשרע וועט שוין בלייבן כשר.** אלא, נאָר (אליהו הנביא וועט קומען) צו דערווייטערן די (משפחות), וועלכע מען האָט דערנענטערט מיט גוואלט (בזרוע, מיט קראפט, כאָטש זיי זענען געווען פסול, האָבן הערשער מיט קראפט דערקלערט זיי פאר כשר), און צו דערנענטערן (צו מאכן פאר כשר) די (משפחות) וועלכע זענען דערווייטערט געוואָרן מיט גוואלט (וועלכע הערשער האָבן מיט גוואלט זיי געמאכט פאר פסול, כאָטש זיי זענען כשר). **איצט דערציילט די משנה וועגן עטליכע אזעלכע פאלן.** משפחת, די (כשרע) משפחה (מיטן נאָמען) „בית צריפה" איז געווען אין עבר הירדן (אין לאנד אין יענער זייט פון טייך ירדן) און בן ציון (איינער א הערשער מיטן נאָמען בן ציון) האָט זי באזייטיקט (פסול געמאכט) מיט גוואלט; און נאָך איין (משפחה א פסולע) איז געווען דאָרט (אין עבר הירדן), און בן ציון האָט זי דערנענטערט (כשר געמאכט) מיט גוואלט ; וועגן אזעלכע שטייגער (פאלן) וועט אליהו קומען מטמא צו זיין און מטהר צו זיין, צו דערווייטערן און צו דערנענטערן. **די מפרשים זאָגן, אז רבי**

וְקֵרְבָה בֶּן צִיּוֹן בִּזְרוֹעַ. כְּגוֹן אֵלּוּ, אֵלִיָּהוּ בָא לְטַמֵּא וּלְטַהֵר לְרַחֵק וּלְקָרֵב. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, לְקָרֵב אֲבָל לֹא לְרַחֵק. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר לְהַשְׁווֹת הַמַּחְלוֹקֶת. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים לֹא לְרַחֵק וְלֹא לְקָרֵב אֶלָּא לַעֲשׂוֹת שָׁלוֹם בָּעוֹלָם, שֶׁנֶּאֱמַר, הִנְנִי שׁוֹלֵחַ לָכֶם אֵת אֵלִיָּה הַנָּבִיא וְגוֹמֵר. וְהֵשִׁיב לֵב אָבוֹת עַל בָּנִים וְלֵב בָּנִים עַל אֲבוֹתָם:

סליק מסכת עדיות.

דער מסדר פון דער משנה האָט ניט אָנגערופן דעם נאָמן פון דערמשפחה ווייל סיי ווי האָט דער המון נישט געפאָלגט די ווערטער פון די חכמים און האָט זיך משדך געווען מיט דער דאָזיקער משפחה, און רבי איז געווען אָפּגעהיטן אין כבוד פון מענטשן און ער האָט דעריבער זי ניט מפרסם געווען; אָבער צו איינצעלנע מענטשן (צו צנועים) האָט מען יאָ אויסגעזאָגט ווער זי איז. ר׳ יהודה זאָגט, (אז אליהו וועט קומען) צו דערנענטערן אָבער ניט צו דערווייטערן. א כשרע משפחה וועלכע מען האָט געפּסלט מיט גוואלט, וועט אליהו דערקלערן פאר כשר; אָבער א פּסולע משפחה וועלכע מען האָט געמאכט כשר מיט גוואלט וועט אליהו ניט דערקלערן פאר פּסול. ר׳ שמעון זאָגט, (אז אליהו הנביא וועט קומען) כדי אויסצוגלייכן מחלוקות. די מפרשים טייטשן, אז מען מיינט דאָ אויפצוקלערן די מחלוקות וועגן הלכות וואָס איז פאראַן צווישן די תלמידי חכמים. דערפון טייטשן טייל מפרשים דאָס וואָרט פון דער גמרא „תיקו״ אויף שאלות וואָס מען ווייסט ניט דעם ענטפער אויף זיי, אז דאָס איז די ראשי תבות פון „תשבי יתרץ קשיות ואבעיות״, אז אליהו הנביא (וועלכער הייסט אויך תשבי אין מלכים א׳, י״ז) וועט פארענטפערן די קשיות און ניט־אויפגעקלערטע שאלות. — וחכמים, און די חכמים זאָגן, (אז אליהו וועט קומען) ניט צו דערווייטערן און נישט צו דערנענטערן, נאָר צו מאכן שלום אויף דער וועלט, וואָרים עס ווערט געזאָגט (אין מלאכי ג׳, כ״ג און כ״ד) „הנני שולח לכם את אליהו הנביא״ און אזוי ווייטער, „והשיב לב אבות על בנים ולב בנים על אבותם״, „איך שיק אייך אליהו הנביא״ און אזוי ווייטער, „און ער וועט צוריקברענגען די הערצער פון די עלטערן צו די קינדער, און די הערצער פון די קינדער צו זייערע עלטערן״. די מפרשים טייטשן, אז די חכמים האלטן אז אליהו וועט באַזייטן די שנאה צווישן מענטשן, און לויט טייל מפרשים, אויך צווישן פעלקער.

(סליק מסכת עדיות, פארענדיקט די מסכתא עדיות)

---

# מסכתא עבודה זרה

## הקדמה

די מסכתא עבודה זרה, וועלכע האָט 5 פּרקים, לערנט די הלכות וועגן פארבאָט צו דינען צו אָפּגעטער, געצנדינסט, און אלע דינים וועלכע קומען ארויס דערפון, ווי למשל: ניט האנדלען מיט געצנדינער אין דער צייט פון זייערע חגאות, ניט עסן זאכן וואָס מען האָט מקריב געווען צו די אָפּגעטער, ניט טרינקען יין נסך, וויין, וואָס מען האָט מנסך געווען, געגאָסן פאר די אָפּגעטער, און אנדערע הלכות. דאָס וואָרט „עבודה זרה״, פרעמדע דינסט, האָט אין דער משנה צוויי טייטשן. טיילמאָל איז עס דער טייטש דער אָפּגאָט אליין, דער געץ צו וועלכן מען דינט (למשל אין פּרק ד׳ משנה ד׳ „עבודה זרה של נכרי אסורה מיד״, דער געץ פון א גוי איז אסור באלד). און טיילמאָל איז עס דער טייטש דאָס דינען צום אָפּגאָט, די געצנדינסט, (למשל אין פּרק א׳ משנה א׳ „כל מיתה שיש בה שריפה יש בה עבודה זרה״). מיר וועלן באנוצן דאָס וואָרט עבודה זרה פאר דעם אָפּגאָט, פאר דעם געץ אליין. עס איז פאראַן נאָך א זאך, וואָס איז אביסל פארפּלאָנטערט. אין די געדרוקטע משניות איז

# פרק א.

**א** לִפְנֵי אֵידֵיהֶן שֶׁל גּוֹיִם שְׁלֹשָׁה יָמִים אָסוּר לָשֵׂאת וְלָתֵת עִמָּהֶם, לְהַשְׁאִילָן וְלִשְׁאוֹל מֵהֶן, לְהַלְווֹתָן וְלִלְווֹת מֵהֶן, לְפוֹרְעָן וְלְהִפָּרַע מֵהֶן. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, נִפְרָעִין מֵהֶן מִפְּנֵי שֶׁהוּא מֵצֵר לוֹ. אָמְרוּ לוֹ אַף עַל פִּי שֶׁמֵּצֵר הוּא עַכְשָׁיו, שָׂמֵחַ הוּא לְאַחַר זְמַן: **ב** רַבִּי יִשְׁמָעֵאל אוֹמֵר, שְׁלֹשָׁה יָמִים לִפְנֵיהֶם וּשְׁלֹשָׁה יָמִים לְאַחֲרֵיהֶם

פאַראַן צו באַצייכנען די געצנדינער טיילמאָל דאָס וואָרט „עכום", וואָס איז די ראשי תבות פון „עובדי כוכבים ומזלות", די דינער צו שטערנס און מזלות; און טיילמאָל איז פאַראַן „נכרי", „גוי", אין די כתבי יד משניות איז מייסטנס פאַראַן „נכרי" און „גוי". די מפרשים (תוספות און אנדערע) ווייזן אָן, אז מיט א סך דינים פון דער משנה אין עבודה זרה (למשל, דער איסור צו האנדלען מיט גוים אין דער צייט פון זייערע חגאות) האָט מען געמיינט נור די געצנדינערישע פעלקער, אָבער ניט די קריסטן און מאַכמעדאַנער, וועלכע הייסן ניט קיין „עובדי עבודה זרה", קיין געצנדינער. אָבער א סך אנדערע איסורים (וועגן וויין וכדומה) איז נוגע אלע ניט־יידן, אָן אונטערשיד.

## פרק א.

א. לפני, דריי טעג פאַר די חגאות פון די (גוים) געצנדינער טאָר מען ניט האנדלען מיט זיי. „לשאת ולתת עמהן", ניט קויפן ביי זיי און ניט פאַרקויפן צו זיי. **דער טעם איז, ווייל סיי ווען דער גוי קויפט אָדער ער פאַרקויפט א זאַך פאַר חגא, איז עס ביי אים א שמחה, און ער גייט און דאַנקט זיין אָפּגאָט דערפאַר, און ממילא הייסט עס, אז דער ייד איז גורם אז דער גוי זאָל דאַנקען זיין אָפּגאָט, און דאָס טאָר מען אויך ניט. מען לערנט עס אָפּ פון פסוק שמות כ"ג, „לא ישמע על פיך", אז מען טאָרניט גורם זיין אז עס זאָל געהערט ווערן א דאַנק צו אן אָפּגאָט. דער נאָמען „איד"** (אין לשון רבים „אידיהן" זייערע חגאות) איז פאַראַן אין עבודה זרה ב' אויך אין דער נוסחא „עיד", און אויף ביידע ברענגט די גמרא פסוקים פון דברים ל"ב „יום אידם", און ישעיה מ"ד „ועידיהם המה". **דער דין איז אז פאַרקויפן טאָר מען נישט א דבר המתקיים, א זאַך וואָס בלייבט, ווייל דאָס איז א שמחה פאַר דעם גוי; און קויפן טאָר מען ניט א דבר שאינו מתקיים, וואָס האַלט זיך ניט, ווייל אויך דאָס איז א שמחה פאַר דעם גוי ווען ער פאַרקויפט עס; אָבער פאַרקערט, קייפן א דבר המתקיים און פאַרקויפן א דבר שאינו מתקיים מעג מען.** להשאילן, (מען טאָר ניט אין די דאָזיקע דריי טעג) זיי (די גוים געצנדינער) אנט־לייען (א זאַך, וואָס מען נעמט דערנאָך צוריק די זאַך אליין) און ניט אנטלייען פון זיי, נישט באָרגן זיי (געלט) און נישט באָרגן פון זיי (געלט), ניט באַצאָלן זיי (א חוב), און ניט אפּנעמען פון זיי (א חוב). **וועגן אונטערשיד צווישן „השאיל" (אנטלייען) און „הלוות"** (באָרגן) זע שבת פרק כ"ג משנה א'. **די משנה וועט באלד זאָגן פאַר־וואָס מען טאָרניט אָפּנעמען פון זיי א חוב.** ר' יהודה זאָגט, אז אפּנעמען ביי זיי (א חוב) מעג מען, ווייל דאָס טוט אים (דעם גוי) ווי (מיצר הוא לו, און ער פרייט זיך ניט דערמיט); האָבן זיי (די חכמים, וועלכע האלטן, אז מען טאָרניט) געזאָגט צו אים (צו ר' יהודה), אז כאָטש ס'טוט אים ווי איצט (ביים באַצאָלן דעם חוב), אָבער ער פרייט זיך שפּעטער (לאחר זמן). **ווען ער באַטראַכט זיך, אז ער איז פטור געוואָרן פון א חוב, טוט עס אים א הנאה און ער דאַנקט זיין אָפּגאָט דערפאַר.**

ב. ר' ישמעאל זאָגט, אז עס איז אסור (צו האנדלען מיט זיי און די אלע זאַכן וואָס די משנה האָט פריער געזאָגט) סיי דריי טעג פאַר זיי (פאַר די חגאות) און סיי דריי טעג נאָך זיי (נאָך די חגאות). **ווייל דאָס האָט נאָך אלץ א שייכות מיט די חגאות,**

אָסוּר. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים לִפְנֵי אֵידֵיהֶן אָסוּר, לְאַחַר אֵידֵיהֶן מֻתָּר: ג וְאֵלּוּ אֵידֵיהֶן שֶׁל גּוֹיִם, קָלֶנְדָּא, וְסָטְרְנוּרָא, וּקְרָטֵסִים, וְיוֹם גְּנוּסְיָא שֶׁל מְלָכִים, וְיוֹם הַלֵּידָה, וְיוֹם הַמִּיתָה, דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים כָּל מִיתָה שֶׁיֵּשׁ בָּהּ שְׂרֵיפָה יֵשׁ בָּהּ עֲבוֹדָה זָרָה שֶׁאֵין בָּהּ שְׂרֵיפָה אֵין בָּהּ ע״ז. אֲבָל יוֹם תִּגְלַחַת זְקָנוֹ וּבְלוֹרִיתוֹ, יוֹם שֶׁעָלָה בּוֹ מִן הַיָּם, וְיוֹם שֶׁיָּצָא (בּוֹ) מִבֵּית הָאֲסוּרִין, וְגוֹי שֶׁעָשָׂה מִשְׁתֶּה לִבְנוֹ, אֵינוֹ אָסוּר אֶלָּא אוֹתוֹ הַיּוֹם וְאוֹתוֹ

און די גויים דאנקן דערפאר זייער אָפּגאָט. וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז פאר די חגאות טאָר מען ניט, אָבער נאָך די חגאות מעג מען. די גמרא זאָגט, אז דער חילוק צווישן די חכמים דאָ אין משנה ב׳ און דעם תנא פריער אין משנה א׳ וועלכער זאָגט דאָך אויך אז נור „לפני אידיהן״, נור פאר די חגאות,—איז אין דעם, וואָס דער תנא אין משנה א׳ זאָגט אז „הן בלא אידיהן״, אז די דריי טעג מיינט מען א חוץ די חגאות טעג, און די חכמים דאָ, האלטן, אז אין די דריי טעג גייען שוין אריין די חגאות טעג.

ג. ואלו, און דאָס זענען זייערע חגאות. די משנה וועט דאָ אויסרעכנען די חגאות פון די רוימער, וועלכע האָבן געהערשט אין ארץ ישראל אין דער צייט פון דער משנה. די גמרא רעכנט אויך אויס די חגאות פון די פערסער, וועלכע האָבן געהערשט אין בבל (וואו די אמוראים פון דער גמרא בבלי האָבן מייסטנס געוואוינט). די רוימישע חגאות זענען: קלנדא, די קאלענדעס, און די סאטורנאליען (סטורנורא), און דער טאָג ווען זיי (די רוימער) האָבן פארנומען די הערשאפט (קרטיסים), און דער טאָג ווען די מלכים ווערן באשטימט (יום גנוסיא), און דער געבורטס־טאָג (יום הלידה, פון דעם מלך). „קלנדא״ איז דאָס לאטייניש וואָרט „קאלענדא״, מיט וועלכן די רוימער האָבן גערופן יעדן ערשטן טאָג פון מאָנאט; און דער עיקר דעם ערשטן טאָג פון יאָר, און זיי האָבן געמאכט דעמאָלס א יום טוב. „סטרנליא״ איז דאָס לאטייניש „סאטורנאליא״ דאָס איז געווען א יום טוב אין די סוף טעג פון יאָר לכבוד דעם אָפּגאָט „סאטורן״. „קרטיסים״, פון גריכיש וואָרט „קראטאס״ הערשאפט, זאָגט די גמרא איז געווען דער יום טוב ביי די רוימער אין טאָג ווען זיי האָבן באקומען די הערשאפט (שתפשה בו רומי מלכות). ויום המיתה, און דער טאָג פון טויט (ווען דער מלך שטארבט), אזוי זאָגט ר׳ מאיר, און די חכמים זאָגן, אז (נור) אזא טויט פון א מלך, צוליב וועלכע מען פארברענט (שריפה, מען פארברענט די טייערע זאכן, מיט וועלכע דער מלך האָט זיך באנוצט), איז דאביי פאראן געצנדינסט (דינט מען דאביי דער עבודה זרה, דעם אָפּגאָט), אָבער (אזא טויט) צוליב וועלכן מען פארברענט ניט (די זאכן) איז ניט פאראן דאביי קיין דינען צו דער עבודה זרה. און דאריבער מעג מען אין אזא פאל יאָ האנדלען מיט די גויים, ווייל עס איז ניט קיין עבודה־זרה־חגא. אבל, אָבער דער טאָג ווען (דער גוי) גאָלט זיך אָפּ זיין באָרד אָדער (ער שערט זיך אָפּ דעם קאָפּ און לאָזט זיך איבער) א טשופרינע (א גזשיווע, בלוריתו, א קנויל האָר אין מיטן קאָפּ), דער טאָג ווען ער קומט ארויס פון (דער שיף פון א רייזע אויפן) ים, און דער טאָג ווען ער גייט ארויס (ווערט באפרייט) פון געפענגנים (וואו ער איז געווען ארעסטירט), און א גוי וועלכער מאכט א (חתונה־) סעודה פאר זיין זון, (די אלע טעג) זענען אסור (פאר א ייד צו האנדלען) נור אין דעם דאָזיקן טאָג (אליין) און מיט דעם דאָזיקן מענטש (דעם דאָזיקן גוי) אליין. מחמת דאָס איז נור זיין פריוואטע שמחה, און ממילא האָט עס ניט קיין שייכות צו די אנדערע גויים; און אויך ביים זעלביקן גוי אליין איז עס ניט קיין פעסטע חגא, און דאריבער מעג מען די דריי טעג פריער, און מען טאָרניט בלויז אין דאָזיקן טאָג אליין.

**הָאִישׁ בִּלְבָד: ד עִיר שֶׁיֵּשׁ בָּהּ ע״ז, חוּצָה לָהּ מֻתָּר. הָיָה חוּצָה לָהּ ע״ז, תּוֹכָהּ מֻתָּר. מַהוּ לֵילֵךְ לְשָׁם? בִּזְמַן שֶׁהַדֶּרֶךְ מְיוּחֶדֶת לְאוֹתוֹ מָקוֹם אָסוּר, וְאִם הָיָה יָכוֹל לְהַלֵּךְ בָּהּ לְמָקוֹם אַחֵר מֻתָּר. עִיר שֶׁיֵּשׁ בָּהּ ע״ז וְהָיוּ בָהּ חֲנוּיוֹת מְעֻטָּרוֹת וְשֶׁאֵינָן מְעֻטָּרוֹת, זֶה הָיָה מַעֲשֶׂה בְּבֵית שְׁאָן, וְאָמְרוּ חֲכָמִים, הַמְעֻטָּרוֹת אֲסוּרוֹת, וְשֶׁאֵינָן מְעֻטָּרוֹת מֻתָּרוֹת: ה אֵלּוּ דְבָרִים אֲסוּרִים לִמְכּוֹר לַגּוֹיִם, אִיצְטְרוֹבָּלִין וּבְנוֹת שׁוּחַ, וּפְטוֹטְרוֹתֵיהֶן, וּלְבוֹנָה,**

ד. עיר, א שטאָט, אין וועלכער עס איז פאראן אַן אָפּגאָט (און דער דאָזיקער אָפּגאָט האָט זיינע חגאות, וועלכע די אנדערע אָפּגעטער אין אנדערע ערטער האָבן ניט) מעג מען (אין די דאָזיקע חגאות האנדלן) אויסער איר (מיט די מענטשן וואָס וואוינען אויסער דער דאָזיקער שטאָט). **ווייל געדינט צום דאָזיקן שטאָטישן, לאָקאַלן, אָפּגאָט, האָבן נאָר די איינוואוינער פון דער דאָזיקער שטאָט, און ניט די מענטשן וועלכע האָבן געוואוינט אין דרויסן פון איר, אפילו זייער נאָנט צו דער שטאָט.** היה, אויב דער אָפּגאָט איז געווען אין דרויסן פון איר (פון דער שטאָט), איז אינווייניק (האנדלן מיט די מענטשן אין דער שטאָט) מעג מען. **ווייל עס איז ניט זייער חגא; זיי דינען ניט צו דער דאָזיקער עבודה זרה.** מהו, צי מעג מען אהינגיין? **צי מעג א ייד אין די חגאות־טעג פון א שטאָט גיין אין דער דאָזיקער שטאָט, סתם צו שמועסן מיט איינעם פון די איינוואוינער, ניט צום האנדל?** בזמן, אויב דער וועג (צו דער דאָזיקער שטאָט) פירט נור צום דאָזיקן אָרט (צו דער דאָזיקער שטאָט) טאָר מען ניט (גיין אהין); אָבער אויב מען קאָן גיין מיט אים (מיט דעם וועג) אויך אין אַן אנדער אָרט (וואו מען האלט ניט פון די דאָזיקע חגאות) מעג מען (גיין אין דער דאָזיקער שטאָט). **מחמת באמת מעג מען דאָך, נאָר מען האָט געאסרט, ווייל טאָמער וועט אים איינער זען גיין אהין וועט ער זאָגן אז ער גייט אהין האנדלן; אָבער אויב דער וועג פירט אויך אין אנדערע ערטער, וועט מען מיינען אז ער גייט ניט צו דער דאָזיקער שטאָט נאָר אין אַן אנדער אָרט.** — עיר, א שטאָט, אין וועלכער עס איז פאראן א עבודה זרה (און עס איז אין די חגאות־טעג פון דער עבודה זרה), און טייל געוועלבער געבן אראָפּ פאר דער עבודה־זרה טייל פון זייער פארדינסט וואָס זיי האָבן פון פאר־קויפן די סחורות) און עס זענען דאָרט פאראן טייל געוועלבער באקרענצטע (מעוט־רות, באפוצטע מיט חגאות־בלישטשערייען) און טייל געוועלבער זיינען ניט־באַ־קרעצטע, — אזא מעשה (אזא פאל) איז פאָרגעקומען אין (דער שטאָט) בית שאן, און די חכמים האָבן געזאָגט (געפסקנט), אז די באקרענצטע (געוועלבער) זענען אסור (מען טאָר אין זיי ניט קויפן אין די חגאות) און די ניט־באקרענצטע (געוועלבער) זע־נען מותר (מען מעג אין זיי קויפן). מען מיינט דאָ קויפן א „דבר המתקיים", **אַ זאַך וואָס האלט זיך, און דאָס מעג מען קויפן אויך חגאות־טעג פון גויים, ווי מיר האָבן דערקלערט פריער אין משנה א׳. זאָגן די חכמים, אז פון די באפוצטע געוועלבער טאָר א ייד ניט קויפן אפילו א דבר המתקיים, ווייל פון דעם פארדינסט געבן די דאָזיקע געוועלבער אראָפּ א טייל געלט פאר דער עבודה זרה און עס הייסט ווי דער ייד שטיצט די עבודה זרה, אָבער פון די ניט־באפוצטע געוועלבער מעג מען קויפן, ווייל זיי געבן גאָרניט אראָפּ פאר דער עבודה־זרה.**

ה. אלו, די דאָזיקע זאכן טאָר מען ניט פארקויפן צו גויים (געצנדינער). **אפילו אין די ניט־חגאות־טעג טאָר מען זיי אויך ניט פארקויפן צו די גויים, ווייל זיי באנוצן די זאכן צו זייער געצנדינסט:** איצטרובלין, עפל פון צעדערביימער, און ווייסע בנות־שיח־פייגן מיט זייערע שטענגלעך, און ווייררויך (בשמים צו ווארפן אויף פייער) און א ווייסן האָן. **„איצטרובלין" איז דאָס גריכישע וואָרט „סטראַבולאָס", אזעלכע עפל, און ווייל מען באהענגט דערמיט די עבודה זרה פאר שיינקייט וועגן טאָר מען זיי ניט**

וְתַרְנְגוֹל לָבָן. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, מֻתָּר לִמְכּוֹר לוֹ תַּרְנְגוֹל לָבָן בֵּין הַתַּרְנְגוֹלִין. וּבִזְמַן שֶׁהוּא בִּפְנֵי עַצְמוֹ קוֹטֵעַ אֶת אֶצְבָּעוֹ וּמוֹכְרוֹ לוֹ, לְפִי שֶׁאֵין מַקְרִיבִין חָסֵר לַע״ז. וּשְׁאָר כָּל הַדְּבָרִים סְתָמָן מֻתָּר, וּפֵירוּשָׁן אָסוּר. רַבִּי מֵאִיר אוֹמֵר, אַף דֶּקֶל טָב, וְחָצָב, וְנִקְלִיבָס אָסוּר לִמְכּוֹר לַגּוֹיִם: ו מָקוֹם שֶׁנָּהֲגוּ לִמְכּוֹר בְּהֵמָה דַקָּה לַגּוֹיִם מוֹכְרִין, מָקוֹם שֶׁנָּהֲגוּ שֶׁלֹּא לִמְכּוֹר אֵין מוֹכְרִין. וּבְכָל מָקוֹם אֵין מוֹכְרִין לָהֶם בְּהֵמָה גַסָּה עֲגָלִים וּסְיָחִים שְׁלֵמִים וּשְׁבוּרִין. רַבִּי יְהוּדָה מַתִּיר בִּשְׁבוּרָה, וּבֶן בְּתֵירָא מַתִּיר בְּסוּס: ז אֵין מוֹכְרִין לָהֶם דֻּבִּים וַאֲרָיוֹת וְכָל דָּבָר שֶׁיֵּשׁ בּוֹ נֶזֶק לָרַבִּים. אֵין בּוֹנִין עִמָּהֶם

**פארקויפן צו די געצנדינער. דאָסזעלביקע איז אויך מיט די בנות־שיח־פייגן וועלכע האָבן נאָך די שטענגלעך; אויך מיט זיי באַהענגט מען די עבודה זרה. ווייַרויך ווערט גענוצט צום רויכערן פאַר דער עבודה זרה. און א ווייסער האָן איז געווען דער מנהג מקריב צו זיין פאַר דער עבודה זרה.** ר׳ יהודה זאָגט, אַז מען מעג אים (דעם געצנדי־נער) פאַרקויפן א ווייסן האָן צווישן (אַנדערע) הענער. **ווייל עס הייסט, אַז ער פאַרקויפט אים כתם הענער.** ובזמן, אָבער ווען ער איז באַזונדער (ווען דער ייד פאַר־קויפט צום געצנדינער א ווייסן האָן אליין) זאָל ער אָפּהאַקן זיין (דעם האָן׳ס) פינגער און ער מעג אים (דעמאָלט) פאַרקויפן (דעם ווייסן האָן), ווייל זיי (די געצנדינער) זע־נען ניט מקריב א קריפּל (חסר, א לעבעדיקע זאַך, ביי וועלכער עס פעלט א גליד) צו דער עבודה זרה. **און אַזוי אַרום איז מען זיכער אַז ער וועט דעם ווייסן האָן ניט מקריב זיין אין דער געצנדינסט.** ושאר, און אַלע אַנדערע זאַכן, אויב זיי זענען סתם (ווען דער געצנדינער זאָגט ניט צו־וואָס ער קויפט זיי) מעג מען (אים פאַרקויפן); אָבער אויב זיי זענען בפירוש (דער געצנדינער זאָגט בפירוש אַז ער קויפט זיי צו באַנוצן זיי צום געצנדינסט) טאָר מען ניט (זיי פאַרקויפן צום געצנדינער). **די גמרא זאָגט, אַז מען וואָלט געקאָנט מיינען אַז דער געצנדינער, מיינענדיק אַז אַלע זענען צוגעביינדן צו זיין אָפּגאָט, זאָגט בכוונה אַז ער דאַרף די זאַך פאַר דער עבודה זרה כדי מען זאָל זי אים פאַרקויפן ביליקער, און באמת קויפט ער זי ניט פאַר דער עבודה זרה, דאַ־ריבער לערנט אונז די משנה, אַז מען טאָר אים ניט פאַרקויפן.** ר׳ מאיר זאָגט, אַז אויך פיינע טייטל־פּרוכטן (דקל־טב), און חצב (אַזאַ גרויסע ציבעלע), און ניקאָלאַאוס־טייטלען (ניקליבס) טאָר מען ניט פאַרקויפן צו א געצנדינער. **די פיינע טייטלען פלעגט מען מקריב זיין פאַר דער עבודה זרה. וועגן „חצב״, דער ווילדער ציבעלע, זע אין פירוש צו כלאים פרק א׳ משנה ח׳. טייל זיינען גורס „חצד״. „ניקליבס״ מיינט מען פיינע טייטלען, און זיי זענען געווען באַרימט, און דער רוימישער נאַטור־פאָרשער פליניוס באַשרייבט זיי אין זיין בוך און רופט זיי אָן „ניקאַלאָוס״.**

ו. מקום, אין אַן אָרט, וואו מען האָט זיך נוהג געווען צו פאַרקויפן צו א גוי קליין־פי (בהמה דקה, שעפּסן, ציגן) מעג מען זיי פאַרקויפן; אין אַן אָרט וואו מען האָט זיך נוהג געווען ניט צו פאַרקויפן (צו א גוי קליין־פי) טאָר מען ניט פאַרקויפן. און אין קיין אָרט טאָר מען ניט פאַרקויפן (צו א גוי) גרויס־פי (בהמה גסה, אָקסן, קי), קעלבער און יינגע אייזלען (סייחים), סיי גאַנצע סיי קאַליקעס (שבורין, צע־בראָכענע). ר׳ יהודה איז מתיר ביי א קאַליקע; און בן בתירה איז מתיר ביי א פערד. **דעם פירוש צו דער משנה געבן מיר אין פסחים פרק ד׳ משנה ג׳.**

ז. אין, מען טאָרניט פאַרקויפן צו זיי (צו גויים) ניט קיין בערן און ניט קיין לייבן און ניט קיין זאַך, וואָס דאַדורך קאָן זיין א שאָדן צו מענטשן (לרבים, צו א סך מענטשן, צו מענטשן בכלל). **ווייל זיי האָבן באַנוצט ווילדע חיות צו הרגענען מענטשן.** אין בונין, מען טאָרניט בויען מיט זיי א געריכטס־האַליע (בסיליקי), און ניט קיין

בַּסִּילְקִי, וּגְרַדּוֹם, וְאִיצְטַדְיָא, וּבִימָה. אֲבָל בּוֹנִים עִמָּהֶם בִּימוֹסְיָאוֹת וּבֵית מֶרְחֲצָאוֹת. הִגִּיעוּ לְכִיפָּה שֶׁמַּעֲמִידִין בָּהּ ע״ז אָסוּר לִבְנוֹת: ח (וְאֵין עוֹשִׂין תַּכְשִׁיטִין לְע״ז, קַטְלָאוֹת, וּנְזָמִים, וְטַבָּעוֹת. רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר בְּשָׂכָר מֻתָּר). אֵין מוֹכְרִין לָהֶם בִּמְחֻבָּר לַקַּרְקַע, אֲבָל מוֹכֵר הוּא מִשֶּׁיִּקָּצֵץ, רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, מוֹכֵר הוּא לוֹ עַל מְנַת לָקוֹץ. אֵין מַשְׂכִּירִין לָהֶם בָּתִּים

באשטראָפונגס־אָרט (גרדום), און ניט קיין קאמף־ארענע (איצטדיא), און ניט קיין בלוט־געשלעג־ארענע (בימה). **עס איז אָנגענומען געווען אז די געריכטן פון די גויים האָבן פארמשפט צום טויט אומשולדיקע מענטשן. דעריבער טאָר מען ניט העלפן בויען ניט די געריכטס־האליע, די באסיליקע, און ניט דעם טויט־באשטראָפונגס־אָרט, דעם גרדום. מען טאָר אויך זיי ניט העלפן בויען די צירקוס־פּלעצער, דעם „איצטדיון״ און די „בימה״, וואו מען האָט געצווינגען מענטשן צו קעמפן קייגן מענטשן אָדער קייגן ווילדע חיות. „בסילקי״ פון גריכישן „באסיליקע׳ א גרויסע געביידע מיט זיילן. „איצטדיא״ איז פון גריכישן „סטאדיאָן״, א צירק־אָרט, וואו מען צווינגט מענטשן צו שלאָגן זיך איינער מיט דעם אַנדערן.** אבל בונים, אָבער מען מעג בויען מיט זיי (העלפן די גויים בויען) דענקמעלער (בימוסיאות) און באד־אנשטאלטן (בתי מרחצאות); פונדעסטוועגן ווען מען קומט צו (ביים בויען די באד־אנשטאלטן) צום קיילעכיקן געשטעל (כיפה) וואו מען שטעלט אוועק די עבודה זרה (דאָס בילד פון אָפּגאָט) טאָר מען ניט בויען. **די באד־אנשטאלטן ביי די אלטע רוימער זענען געווען אויפן נאָמען פון פארשידענע אָפּגעטער (זע ווייטער פרק ג׳ משנה ד׳ „מרחץ של אפרודיטי״), און מען פלעגט אויף א הויכן קיילעכיקן געשטעל (כיפה) אין מרחץ אוועקשטעלן דאָס בילד פונם אָפּגאָט. זאָגט די משנה, אז דעם דאָזיקן קיילעכיקן געשטעל טאָר מען זיי ניט העלפן בויען.**

ח. ואין, און מען טאָרניט מאכן קיין צירונג (תכשיטין) פאר אן אָפּגאָט (עבודה זרה), קיין האלדז־קייטלעך (קטליאות), קיין נאָז־רינגלעך (נזמים) און רינגלעך; ר׳ אליעזר זאָגט, אז פאר באצאָלט (ווען מען באקומט באצאָלט פאר מאכן די צירונג) מעג מען. **די דאָזיקע משנה איז אין טייל משניות ניט פאראן, און זי איז אויך זייער שווער. ווי אזוי זאָגט ר׳ אליעזר, אז פאר באצאָלט מעג מען מאכן צירונג צו באַפּוצן דערמיט אָפּגעטער, אין דער צייט ווען די סתם משנה פריער לערנט אז אפילו העלפן בויען אַן אָרט וואו מען שטעלט אוועק א עבודה זרה טאָר מען אויך ניט? עס איז פאראן א השערה, אז ווייל אין טייל כתבי יד איז דאָ פאראן אנשטאט „עבודה זרה״ דאָס וואָרט „עבודת אלילים״ (געצנדינסט) איז מעגלעך אז אין דער משנה איז גאָר געשטאנען „עובדת אלילים״, די פרוי וועלכע דינט צו געצן, און די משנה לערנט, אז מען זאָל ניט מאכן קיין תכשיטין פאר אזא פרוי, און דאָס גייט אריין אין איסור פון „לא תחנם״ (דברים ז׳) מ׳זאָל זיי ניט צו־געבן קיין „חן״, ווי די גמרא עבודה זרה כ׳ ברענגט דאָ אויף דער משנה.** קטליאות״ איז דאָס לאטייניש וואָרט „קאטעלא״, א קייטל. — אין מוכרין, מען טאָר צו זיי (צו גויים) ניט פארקויפן א זאך וואָס איז נאָך באהעפט צו דער ערד (ווי ביימער), אָבער מען מעג צו זיי פארקויפן נאָכדעם ווי עס איז שוין אָפּגעהאקט (אָפּגעשניטן). **די גמרא זאָגט, אז דאָס איז צוליב דעם איסור פון „לא תחנם״, וואָס ווערט געטייטשט אז מען טאָר זיי ניט געבן א „חנייה בקרקע״, א באזיץ אין דער ערד, און מען מיינט דאָ אין ארץ ישראל.** ר׳ יהודה זאָגט, אז מען מעג זיי פארקויפן (ניט אָפּגעהאקטע זאכן, ווי ביימער) מיט דעם תנאי זיי זאָלן זיי אָפּהאקן. **ווייל אויב דער ייד דער פארקויפער נעמט־אויס מיט די גויים א תנאי אז זיי זאָלן זיי אָפּהאקן הייסט עס ווי ער פארקויפט זיי אָפּגע־האקטע זאכן.** אין משכירין, מען טאָר צו זיי (צו גויים) ניט פארדינגען קיין הייזער

בְּאֶרֶץ יִשְׂרָאֵל וְאֵין צָרִיךְ לוֹמַר שָׂדוֹת, וּבְסוּרְיָא מַשְׂכִּירִין לָהֶם בָּתִּים אֲבָל לֹא שָׂדוֹת, וּבְחוּצָה לָאָרֶץ מוֹכְרִין לָהֶם בָּתִּים וּמַשְׂכִּירִין שָׂדוֹת, דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר. רַבִּי יוֹסֵי אוֹמֵר, בְּאֶרֶץ יִשְׂרָאֵל מַשְׂכִּירִין לָהֶם בָּתִּים, אֲבָל לֹא שָׂדוֹת, וּבְסוּרְיָא מוֹכְרִין בָּתִּים, וּמַשְׂכִּירִין שָׂדוֹת, וּבְחוּצָה לָאָרֶץ מוֹכְרִין אֵלּוּ וָאֵלּוּ: **ט** אַף בְּמָקוֹם שֶׁאָמְרוּ לְהַשְׂכִּיר לֹא לְבֵית דִּירָה אָמְרוּ, מִפְּנֵי שֶׁהוּא מַכְנִיס לְתוֹכוֹ ע״ז שֶׁנֶּאֱמַר וְלֹא תָבִיא תוֹעֵבָה אֶל בֵּיתֶךָ. וּבְכָל מָקוֹם לֹא יַשְׂכִּיר לוֹ אֶת הַמֶּרְחָץ מִפְּנֵי שֶׁהוּא נִקְרָא עַל שְׁמוֹ:

אין ארץ ישראל, און ס׳איז איבריק צו זאָגן (ווייל ס׳איז דאָך געוויס אז מען טאָרניט פארדינגן זיי) קיין פעלדער. קיין הייזער **טאָר מען זיי ניט פארקויפן לויט דעם דין פון דער תורה** „לא תחנם״, ווי מיר האָבן פריער דערקלערט, אז מען טאָר ניט געבן קיין גוים אין ארץ ישראל קיין באזיץ פון ערד, חנייה בקרקע, (און הייזער הייסט **אויך ווי ערד). און פארדינגן טאָר מען ניט, צוליב דער מורא טאָמער וועט מען זיי פארקויפן. און ערד טאָר מען אוודאי ניט, ווייל א חוץ דעם איסור פון חנייה בקרקע, נעמט מען נאָך צו ביי די פרוכטן פון דער ערד די מצוה אפצושיידן פון זיי תרומה און מעשרות.** ובסוריא, און אין סוריא (דאָס לאנד צו צפון פון א״ץ ישראל) מעג מען זיי פארדינגן הייזער אָבער ניט קיין פעלדער. **„סוריא״, דאָס היינטיקע סיריע, ליגט צו צפון פון ארץ ישראל, און עס האָט נור אביסל געהאט די קדושה פון ארץ־ישראל דאריבער האָט מען ביים פארדינגן הייזער מתיר געמאכט.** ובחוץ לארץ, און אין אנדערע לענדער מעג מען פארקויפן הייזער, און פארדינגן פעלדער, אַזוי זאָגט ר׳ מאיר. **דאָס הייסט, אז ר׳ מאיר לערנט די אלע פריערדיקע הלכות, די גאנצע משנה פון „אין משכירין״ אָן.** ר׳ יוסי זאָגט, אז אין ארץ ישראל מעג מען זיי פארדינגן (אָבער ניט פארקויפן) הייזער, אָבער ניט (פארדינגן) קיין פעלדער, און אין סוריא מעג מען זיי פארקויפן הייזער און פארדינגן פעלדער (אָבער ניט פארקויפן פעלדער), און אין חוץ לארץ מעג מען זיי פארקויפן די דאָזיקע (הייזער) און די דאָזיקע (פעלדער). **ר׳ יוסי איז ניט גוזר ביי הייזער פארדינגן אין ארץ ישראל צוליב דער מורא פאר פארקויפן, ווייל עס איז פאראן דאביי נור איין איסור (פון „לא תחנם״), אָבער ביי פעלדער, וואו עס איז פאראן צוויי איסורים („לא תחנם״ און צו־נעמען די מצוה פון מעשרות) איז ער יא גוזר.** סוריא, האלט ר׳ יוסי, **האָט גאָרניט קיין קדושה, און ער אסרט צו פארקויפן נור פעלדער ווייל עס איז נאָנט צו ארץ ישראל און די גזירה איז כדי מען זאָל ניט פארקויפן אין ארץ ישראל; אָבער אין חוץ־לארץ וואָס איז ווייט פון ארץ ישראל איז מען גאָרניט גוזר.**

ט. אף, אויך דאָרט וואו מען האָט (די חכמים האָבן) געזאָגט אז מען מעג פארדינגן (א הויז, לויט ר׳ מאיר אין סיריע, און לויט ר׳ יוסי אין ארץ ישראל), האָט מען ניט געזאָגט פאר א וואוינונג (בית דירה), ווארום (פאר א וואוינונג פארדינגן טאָרמען ניט, מחמת) ער (דער גוי) ברענגט אהין אריין די עבודה זרה (דעם אָפּגאָט) און עס ווערט געזאָגט (דברים ז׳) „ולא תביא תועבה אל ביתך, און זאָלסט ניט אריינברענגן אן אומווירדיקייט (א עבודה זרה) אין דיין הויז״. **מען מעג נור פארדינגן א הויז אויף א מאגאזין צו האלטן שטרוי און האָלץ, אָבער ניט פאר א וואוינונג. דאקייגן אין חוץ לארץ מעג מען פארדינגן אויך אויף א וואוינונג.** ובכל מקום, און אין קיין שום אָרט זאָל (א ייד) ניט פארדינגן צו אים (צו א גוי) א באד־אנשטאלט (א מרחץ), ווייל ער (דער מרחץ) ווערט אָנגערופן אויף זיין (דעם ייד׳ס) נאָמען. **למשל, אויב דער ייד הייסט ראובן, רופט מען עס „ראובנ׳ס מרחץ״, און ווייל דער גוי וועט דאָך דעם מרחץ באהייצן אים שבת, און דער וואָס וועט ניט וויסן, אז דער מרחץ איז פאר־**

# פרק ב.

**א** אֵין מַעֲמִידִין בְּהֵמָה בְּפוּנְדְּקָאוֹת שֶׁל גּוֹיִם, מִפְּנֵי שֶׁחֲשׁוּדִין עַל הָרְבִיעָה. וְלֹא תִתְיַחֵד אִשָּׁה עִמָּהֶן מִפְּנֵי שֶׁחֲשׁוּדִין עַל הָעֲרָיוֹת. וְלֹא יִתְיַחֵד אָדָם עִמָּהֶן מִפְּנֵי שֶׁחֲשׁוּדִין עַל שְׁפִיכוּת דָּמִים. בַּת יִשְׂרָאֵל לֹא תְיַלֵּד אֶת הַנָּכְרִית מִפְּנֵי שֶׁמְּיַלֶּדֶת בֵּן לְעַ״ז. אֲבָל נָכְרִית מְיַלֶּדֶת בַּת יִשְׂרָאֵל. בַּת יִשְׂרָאֵל לֹא תָנִיק בְּנָהּ שֶׁל נָכְרִית, אֲבָל נָכְרִית מְנִיקָה בְנָהּ שֶׁל בַּת יִשְׂרָאֵל בִּרְשׁוּתָהּ: **ב** מִתְרַפְּאִין מֵהֶן רִפּוּי מָמוֹן, אֲבָל לֹא רִפּוּי נְפָשׁוֹת. וְאֵין מִסְתַּפְּרִין מֵהֶן

**דינגן צו א גוי, ווען זאָגן אַז דעם ייד׳ס מרחץ הייצט מען אים שבת, און עס איז א חילול השם. אָבער ביי א פעלד מעג מען, ווייל מען ווייסט, אַז א פעלד פאַרדינגט מען; דאַקייגן א מרחץ איז ניט דער שטייגער צו פאַרדינגען. די מפרשים זאָגן, אַז היינטי־קע צייט, ווייל עס איז דער שטייגער צו פאַרדינגען אויך א מרחץ, מעג מען פאַרדינגען צו א גוי אויך א מרחץ.**

## פרק ב.

א. אין, מען (א ייד) טאָרניט אוועקשטעלן א בהמה אין אכסניות פון גוים, ווייל זיי (די גוים) זענען פאַרדעכטיקט (חשוד, אין חשד) צו לעבן מיט זיי (רביעה). **אין די אכסניות (פונדקאות, פון גריכישן וואָרט „פאַנטאָקעאָן״, אכסניה) זענען געווען ערטער פאַר בהמות. און מען האָט דאַמאָלס חושד געווען די גוים אַז זיי לעבן מיט די בהמות, משכב בהמה, רביעה.** ולא, און א פרוי זאָל ניט האָבן ייחוד (ניט בלייבן אליין) מיט זיי (מיט א גוי) ווייל זיי (די גויים) זענען פאַרדעכטיקט (חשוד) אויף עריות (לעבן מיט פרעמדע פרויען). **מען מיינט דאָ אַז אפילו דעם גוי׳ס ווייב איז פאַראַן מיט אים, טאָר אויך ניט א יידישע פרוי בלייבן מיט זיי אליין, ווייל א גוי ווערט ניט אָפּגעהיטן דורך זיין אייגענער פרוי. אָבער מיט א ייד הייסט עס ניט קיין ייחוד, אויב דעם ייד׳ס ווייב איז פאַראַן דאַביי, ווייל זיין ווייב היט אים אָפּ (אשתו משמרתו).** ולא יתיחד, און א מענטש (א מאַנספּערזאָן) זאָל ניט בלייבן מיט זיי (מיט גויים) אליין, ווייל זיי זענען פאַרדעכטיקט — (חשוד) צו פאַרגיסן בלוט (שפיכות דמים, צו הרגענען מענטשן). **די גמרא פרעגט, פאַרוואָס דאַרף די משנה זאָגן פריער אַז א פרוי זאָל ניט בלייבן מיט א גוי צוליב דער מורא, אַז ער וועט זי מאַנס זיין, זי קאָן דאָך זאָגן, אַז זי טאָר ניט בלייבן טאָמער וועט ער זי הרגענען? און די גמרא ענטפערט „אשה כלי זיינה עליה״, א פרוי האָט איר וואָפן אויף זיך, דאָס הייסט, א פרוי וועט ער ניט הרגענען.** בת, א יידישע טאָכטער זאָל ניט העלפן א געצענדירין ביים געבוירן (איר קינד) ווייל זי געווינט א קינד צו דער עבודה זרה; אָבער א יידי־שע טאָכטער מעג דערלויבן אַ געצנדינערין צו העלפן איר ביים געבוירן איר (דער יידישער טאָכטערס) קינד. **די מפרשים זאָגן, אַז פאַר באַלוינונג מעג א יידישע הייבאַם העלפן א געצענדינערישער פרוי ביים געבוירן דאָס קינד.** בת ישראל, א יידישע טאָכ־טער טאָרניט זייגן דאָס קינד פון א געצענדינערין, אָבער מען מעג דערלויבן א געצענדינערין צו זייגן דאָס קינד פון א יידישער טאָכטער אין איר רשות (אין דעם יידישן הויז). **אויך ווען א געצנדינערין העלפט א יידישער קימפּעטאָרין ביים גע־בוירן דאָס קינד דאַרף א יידישע פרוי זיין דאַביי, און דאָס דאַרף זיין אין א יידיש הויז, ווייל ווי די משנה האָט פריער געלערנט זענען די געצנדינערס חשוד צו הרגענען יידן, און מען דאַרף אכטונג געבן אַז זיי זאָלן ניט הרגענען דאָס קינד.**

ב. מתרפאין, מען מעג (א ייד מעג) זיך לאָזן היילן דורך זיי (דורך געצנדינער) די היילונג פון געלט, אָבער ניט די היילונג פון זיין אייגענעם קערפּער. **מיט „היילונג פון געלט״, „ריפוי ממון״, מיינט מען דאָס היילן פון קראַנקע בהמות, וואָס א ייד האָט. מיט „ריפוי נפשות״, „היילונג פון לעבנס״, מיינט דאָס היילן דעם ייד אליין**

בְּכָל מָקוֹם, דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים בִּרְשׁוּת הָרַבִּים מֻתָּר, אֲבָל לֹא בֵינוֹ לְבֵינוֹ: ג אֵלּוּ דְבָרִים שֶׁל גּוֹיִם אֲסוּרִין וְאִסּוּרָן אִסּוּר הֲנָאָה, הַיַּיִן וְהַחֹמֶץ שֶׁל גּוֹיִם שֶׁהָיָה מִתְּחִלָּתוֹ יַיִן, וְחֶרֶס הַדְרְיָנִי, וְעוֹרוֹת לְבוּבִין,

(דאָסזעלביקע געפינען מיר אין נדרים פרק ד׳ משנה ד׳ דעם אונטערשיד צווישן „רפואת נפש" און „רפואת ממון"). דער טעם איז ווייל מען האָט מורא טאָמער וועט ער טאָן דעם ייד אזא זאך, וואָס וועט דעם ייד הרגענען. אָבער אויב דער געצנדינער זאָגט דעם ייד, אז יענער רעצעפּט איז גוט פאר אים, מעג ער נעמען דעם רעצעפּט, ווייל דער געצנדינער טראכט ביי זיך, אז פונקט ווי ער פרעגט ביי אים, קאָן דער ייד פרעגן ביי אן אנדערן, און ער וועט ניט וועלן קאליע מאכן זיין נאָמען צו געבן אים א פאלשע עצה. — ואין מסתפרין, און מען טאָר זיך ניט לאָזן אפּשערן פון זיי (פון די געצנדינער) אין קיין שום אָרט, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. אלץ צוליב דעם טעם, ווייל זיי זענען חשוד צו הרגענען דעם ייד, און ביים שערן קאָנען זיי בכיוון צעקאַלעטשן אָדער הרגענען דעם ייד. וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז אין רשות הרבים (אין א עפנטליך אָרט, וואו א סך מענטשן זענען פאראן, ווי למשל אין גאס) מעג מען (זיך לאָזן אָפּשערן פון זיי), אָבער ניט ווען מען איז אליין מיט אים (מיט דעם געצנדינער דעם שערער). אין די מזרח־לענדער איז דער מנהג, אז טייל שערערס שטייען אויף דער גאס און שערן דאָ אָפּ די מענטשן. זאָגן די חכמים, אז אין דער גאס איז ניט מורא צו האָבן. די מפרשים זאָגן, אז אויב דער ייד קוקט אין שפּיגל ביים אפּשערן מעג מען זיך לאָזן שערן פון געצנדינער, ווייל דער שערער וועט ביי זיך טראכטן אז דאָס מוז זיין א חשובער מענטש, מחמת ער וויל דווקא קוקן אין שפּיגל, און ער וועט מורא האָבן אים צו טשעפּן.

ג. אלו, דאָס זענען די זאכן (געטראנקען און עסנווארג) פון א גוי וועלכע זענען אסור (א ייד טאָר זיי ניט עסן און ניט טרינקען) און זייער פארבאָט איז (אויך) דער פארבאָט הנאה צו האָבן פון זיי. מען טאָרניט הנאה האָבן פון די דאָזיקע זאכן; למשל, מען טאָר זיי ניט פארקויפן און נעמען געלט און פאר דעם געלט זיך עפּיס קויפן. די זאכן זענען: היין, דער ווין און דער עסיג פון א גוי, וועלכער (דער עסיק) איז געווען צוערשט ווין (און דערנאָך איז ער זויער געוואָרן און איז געוואָרן עסיק). דאָס איז דער יסוד פון דעם דין פון „יין נסך" און „סתם יינם", וועגן וועלכן די משנה וועט לערנען אין די ווייטערדיקע פּרקים. מיט „יין נסך" מיינט מען „ווין וואָס מען האָט מנסך געווען, געגאָסן אלס קרבן, פאר דער עבודה זרה". מיט מנסך־זיין מיינט מען ניט דווקא „גיסן אויף א מזבח"; עס איז גענוג ווען דער גוי רירט אָן דעם ווין און גיט אים א שאָקל און זאָגט, אז דאָס איז פאר דער עבודה זרה, הייסט עס שוין „יין נסך", און ניט נור טאָר מען דעם ווין ניט טרינקען נאָר מען טאָר אויך ניט קיין הנאה האָבן דערפון. מען האָט אויך געאסרט ניט נור „יין נסך" נאָר אויך „סתם יינן", „סתם ווין פון גויים", וואָס כאָטש מען האָט ניט געזען, אז זיי זאָלן האָבן מנסך געווען דעם ווין פאר דער עבודה זרה, איז פונדעסטוועגן דער ווין אסור. וועגן דער שאלה צי אויך היינטיקע צייט, ניט ביי געצנדינער, נאָר ביי קריסטן און מאכמעדאנער, איז סתם יינם אסור בהנאה, זענען פאראן א סך שאלות ותשובות פון פוסקים (ר׳ משה איסרליש, דער רמ״א, אין זיינע שאלות ותשובות, און אנדערע). די משנה זאָגט דאָ, אז ניט נור איז דער ווין פון א גוי אסור צום טרינקען און הנאה צו האָבן פון אים, נאָר אויך עסיק, וועלכע איז געווען פריער (ביים גוי) ווין, און דערנאָך איז דער ווין זויער געוואָרן און איז געוואָרן עסיק. אָבער אויב א גוי האָט געקויפט ביי א ייד שוין גרייטן עסיק, איז ער ניט אסור בהנאה, ווייל עסיק איז מען ניט מנסך פאר דער עבודה זרה; אָבער טרינקען טאָר מען אים ניט, ווייל, זאָגן די מפרשים, מיר זענען ניט בקי געניי וואָס הייסט עסיק, און עס קאָן זיין אז דער דאָזיקער עסיק ווערט נאָך פאררעכנט פאר ווין. וחרס, און די הידריני־שארבנס (טאָר

רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, בִּזְמַן שֶׁהַקֶּרַע שֶׁלּוֹ עָגוֹל אָסוּר. מָשׁוּךְ מֻתָּר, בָּשָׂר הַנִּכְנָס לָע"ז מֻתָּר, וְהַיּוֹצֵא אָסוּר, מִפְּנֵי שֶׁהוּא כְּזִבְחֵי מֵתִים, דִּבְרֵי רַבִּי עֲקִיבָא. הַהוֹלְכִין לַתַּרְפּוּת אָסוּר לָשֵׂאת וְלָתֵת עִמָּהֶן, וְהַבָּאִין מֻתָּרִין: ד נוֹדוֹת הַנָּכְרִים וְקַנְקַנֵּיהֶן וְיֵין שֶׁל יִשְׂרָאֵל כָּנוּס בָּהֶן אֲסוּרִין,

מען אויך ניט טרינקן און ניט הנאה האָבן פון זיי). די גמרא זאָגט, אז דער רוימישער קייזער הדרינוס (אָדער אדרינוס וועלכער האָט חרוב געמאכט ביתר און דערהרגעט פיל יידן אין דער בר־כוכבא־מלחמה, און ער איז געווען לערך 50 יאָר נאָכן חורבן פון 2טן בית המקדש) פלעגט לאָזן ווייקן ליים אין ווייַן, און דערנאָך מאכן פון דעם ליים כלים, און ווען ער פלעגט זיין אין די ווייטע מלחמות האָט ער זיי מיטגענומען מיט זיך. און ווען ער האָט געוואָלט טרינקן ווייַן, האָט ער געלאָזט די דאָזיקע ליים־שארבנס צוריק ווייקן אין וואסער און דער ליים איז צעגאנגען און איז אראָפּ אויפן דנא און דער ווייַן איז אַרויסגעקומען געמישט מיטן וואסער. צוליב דעם האָבן זיי געהייסן „חרס הדריני". זאָגט די משנה אז אויך דעם דאָזיקן ווייַן טאָר מען ניט טרינקן און ניט הנאה האָבן פון אים. עס איז אויך פאראַן א מיינונג, אז דאָס וואָרט „הדריני" זאָל זיין פון די גריכישע ווערטער „הידרא" וואסער, און „אוינאָס" ווייַן, און עס הייסט ווייַן־וואסער. אַן אנדער טייטש איז פון „הדר יין", עס ווערט צוריק וואסער. ועורות, און די ארויסגעריסענע הארץ־פעל (פון בהמות פאר דער עבודה זרה). „לבובין" איז פון „לב", הארץ". עס פלעגט זיין דער מנהג ביי געצנדינער ארומצושניידן ביים הארץ פון דער בהמה (ווען די בהמה האָט נאָך געלעבט) די פעל און צו מאכן א קיילעכיקן שניט ארום און ארום און ארויסצונעמען דאָס הארץ און צוזאמען מיט דער פעל מקריב צו זיין פאר דער עבודה זרה. דאָס איז אסור ניט נור צו עסן נאָר אויך הנאה צו האָבן דערפון, בכלל טאָר מען ניט הנאה האָבן פון „תקרובת עבודה זרה", פון קיין שום זאך וואָס מען האָט מקריב געווען צו דער עבודה זרה, פונקט ווי מען טאָרניט הנאה האָבן פון דער עבודה זרה אליין. ר' שמעון בן גמליאל זאָגט, אז אויב ביי איר (ביי דער ארויסגעריסענער הארץ־פעל) איז דער ריס (דער שניט ארום) קיילעכיק, טאָר מען ניט, און אויב ער איז לענגליך (משוך) מעג מען. ווייל פאר דער עבודה זרה האָט מען געמאכט נור א קיילעכיקן ריס ארום און ארום. בשר, פלייש וואָס מען פירט אריין צו דער עבודה זרה, איז מותר (מעג מען הנאה האָבן דערפון, ווייל מען האָט דאָך עס נאָכניט מקריב געווען, און דאָס (פלייש) וואָס מען פירט ארויס איז אסור, ווייל עס איז ווי עבודה־זרה־קרבנות, אזוי זאָגט ר' עקיבא. ווייל מען האָט דאָס פלייש שוין מקריב געווען. מיט מקריב זיין מיינט מען ניט דווקא „פארברענען", נאָר אפילו סתם אוועקלייגן פאר דעם געצנבילד הייסט שוין אויך מקריב געווען פאר אים. ההולכין, די (געצנדינער) וועלכע גייען צום הויז פון אָפּגאָט, טאָר מען ניט האנדלען מיט זיי (לשאת ולתת עמהן). ניט קויפן פון זיי און ניט פארקויפן זיי, ווייל דערנאָך גייען זיי צו דער עבודה זרה און זיי דאנקן דעם געץ דערפאר וואָס זיי האָבן געמאכט מסחר (זע פריער פרק א' משנה א'). די משנה רופט אָן דאָס הויז פון דעם געצנבילד „תרפות", דאָס שאנד־הויז, כדי ממאס צו זיין דאָס געצנדינסט, די עבודה זרה. והבאין, און די (געצנדינער) וועלכע קומען (פון דער עבודה זרה), מעג מען (מיט זיי האנדלען). ווייל זיי גייען דאך ניט דערנאָך צו דאנקן דער עבודה זרה פאר דעם מסחר.

ד. נודות, לאָגלן פון גויים און זייערע קרוגן, אין וועלכע מען האָט אריינגעטאָן אין זיי ווייַן פון א ייד, זענען אסור (מען טאָר דעם ווייַן נישט נוצן). מיט „נודות", „לאָגלן", מיינט מען א סאָרט קרוגן געמאכט פון פעל, און מיט „קנקנים", קרוגן, מיינט מען ערדענע. זאָגט די משנה, אז ווייל דער גוי האָט געהאלטן אין די לאָגלן און אין די קרוגן זיין ווייַן, איז אפילו מען האָט דעם ווייַן אויסגעגאָסן, און א ייד האָט

וְאִסּוּרָן אִסּוּר הֲנָאָה, דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים אֵין אִסּוּרָן אִסּוּר הֲנָאָה. הַחַרְצַנִּים וְהַזָּגִין שֶׁל נָכְרִים אֲסוּרִין וְאִסּוּרָן אִסּוּר הֲנָאָה, דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים, לַחִין אֲסוּרִין, יְבֵשִׁין מֻתָּרִין. הַמּוּרְיָס וּגְבִינַת בֵּית אוּנְיָקִי שֶׁל נָכְרִים אֲסוּרִין, וְאִסּוּרָן אִסּוּר הֲנָאָה, דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים, אֵין אִסּוּרָן אִסּוּר הֲנָאָה: ה אָמַר רַבִּי יְהוּדָה, שָׁאַל רַבִּי יִשְׁמָעֵאל אֶת רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ כְּשֶׁהָיוּ מְהַלְּכִין בַּדֶּרֶךְ, אָמַר לוֹ מִפְּנֵי מָה אָסְרוּ גְּבִינוֹת הַנָּכְרִים? אָמַר לוֹ, מִפְּנֵי שֶׁמַּעֲמִידִין אוֹתָהּ בְּקֵבָה שֶׁל נְבֵלָה.

ארייגעגאָסן אין זיי יידישן וויין, טאָר מען דעם יידישן וויין אויך ניט נוצן. ווייל אין די לאָגלן און אין די קרוגן איז געבליבן איינגעזאפט גויישער וויין און ער האָט דער־נאָך ארייגעגעבן א טעם אין דעם יידישן וויין. ואיסורן, און זייער איסור איז דער איסור פון הנאה, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. מען טאָר דערפון ניט קיין הנאה האָבן, ווי פון יין נסך. וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז זייער איסור איז ניט קיין איסור הנאה. דאָס הייסט, מען טאָר דעם יידישן וויין ניט טרינקן, אָבער הנאה האָבן פון אים, פארקויפן אים צו א גוי און נוצן דאָס געלד דערפון, מעג מען. דער דין איז, אז אויב מען גיסט אָן אין די לאָגלן און אין די קרוגן וואסער און מען לאָזט עס שטיין א מעת לעת (24 שעה), און מען גיסט אויס דאָס וואסער, און מען גיסט אָן פריש וואסער און מען לאָזט עס ווידער שטיין א מעת לעת, און מען גיסט עס אויס, און אזוי טוט מען א דריטן מעת לעת, מעג מען דערנאָך נוצן די קרוגן. ווייל מען נעמט אָן, אז פונקט ווי די לאָגלן און די קרוגן האָבן פריער ארייגעצויגן אין זיך דעם גויישן וויין, האָבן זיי איצט דורך דעם וואסער עס צוריק ארויסגעגעבן (כבולעו כך פולטו). און אויב אין די קרוגן איז ניט געווען גויישער וויין 12 חדשים, מעג מען זיי נוצן אפילו ניט האלטנדיק זיי די דריי מעת לעת אין וואסער. החרצנים, די קערלעך (חרצנים, די וויינטרויבן־קערלעך) און די שאָ־לעכץ (זגין, וויינטרויבן־שאָלעכץ) פון גויים זענען אסור, און זייער איסור איז דער איסור פון הנאה (מען טאָר זיי ניט עסן און אויך ניט הנאה האָבן פון זיי), אזוי זאָגט ר׳ מאיר. מען מיינט, אז דער גוי האָט געמאכט וויין פון די וויינטרויבן און עס זענען געבליבן די קערלעך און די שאָלעכץ. ר׳ מאיר האלט, אז זיי האָבן דעם דין ווי וויין. וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז די פייכטע (קערלעך און שאָלעכץ) זענען אסור, און די טרוקענע זענען מותר. מיט „פייכטע״ מיינט מען (לויט די מפרשים) אין די 12 חדשים. המוריים, פעט־זאפט פון פיש (מוריאס) און קעז פון (אָרט) בית אוניקי פון גויים זענען אסור, און מען טאָר פון זיי (אויך) קיין הנאה ניט האָבן, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. „מורייס״ דאָס איז דאָס לאטייניש וואָרט „מוריאס״, דער פעט־זאפט פון פיש, און מען פלעגט ארייַנטאָן אין דעם אויך וויין. זאָגט ר׳ מאיר אז אויב דאָס איז פון גויים טאָר מען ניט אפילו הנאה האָבן דערפון. קעז איז געמאכט פון מילך אין וועלכן מען טוט אריין דעם מאָגן פון א בהמה, כדי די מילך זאָל ווערן געזעצט און ווערן קעז. און ווייל אין דעם אָרט „בית אונייקי״ האָט מען טייל קעלבער מקריב געווען פאר דער עבודה זרה, האלט ר׳ מאיר, אז כאָטש דאָס רוב בהמות (ניט קעלבער) האָט מען נישט מקריב געווען פאר דער עבודה זרה, איז מען חושש „למיעוטא״, טאָמער איז דער קעז געמאכט געוואָרן מיט דעם מאָגן פון די עבודה־זרה־קעלבער. וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז עס איז ניט אסור הנאה צו האָבן פון זיי. אָבער עסן זיי טאָר מען ניט.

ה. אָמר, ר׳ יהודה האָט געזאָגט, אז ר׳ ישמעאל האָט געפרעגט ר׳ יהושע׳ן, ווען זיי זיינען געגאנגען אין וועג: פארוואָס האָט מען (האָבן די חכמים) געאסרט (אז מען טאָרניט עסן) די קעזן פון גויים? האָט ער (ר׳ יהושע) אים געענטפערט: ווייל זיי (די גויים) שטעלן זיי (טאָן אריין אין דער מילך, כדי צו מאכן דעם קעז) מיט דעם

אָמַר לוֹ, וַהֲלֹא קֵבַת עוֹלָה חֲמוּרָה מִקֵּבַת נְבֵלָה, וְאָמְרוּ כֹּהֵן שֶׁדַּעְתּוֹ יָפָה שׁוֹרְפָהּ חַיָּה! וְלֹא הוֹדוּ לוֹ, אֲבָל אָמְרוּ אֵין נֶהֱנִין וְלֹא מוֹעֲלִין. (חָזַר) אָמַר לוֹ, מִפְּנֵי שֶׁמַּעֲמִידִין אוֹתָהּ בְּקֵבַת עֶגְלֵי ע״ז. אָמַר לוֹ, אִם כֵּן לָמָּה לֹא אֲסָרוּהָ בַּהֲנָאָה? הִשִּׂיאוֹ לְדָבָר אַחֵר. אָמַר לוֹ, יִשְׁמָעֵאל אָחִי,

מאָגן פון א נבלה. דער דין איז, אז ווען מען טוט אריין סתם כשר פלייש אין מילך **איז עס אסור, צוליב „בשר בחלב״ (פלייש מיט מילך). אָבער אויב די מילך איז 60 מאָל אזוי ווי דאָס פלייש איז עס מותר, ווייל דאָס פלייש ווערט בטל (בששים) אין דער מילך. אפילו ווען דאָס פלייש איז א זויערע זאַך און עס זעצט די מילך („דבר המעמיד״) און דער דין איז אז א „דבר המעמיד״ ווערט ניט בטל, פונדעסטוועגן ווערט עס דאָ בטל, ווייל דאָס פלייש אליין איז דאָך מותר, נאָר עס ווערט ערשט אסור ווען עס קומט אריין אין די מילך. אָבער ווען מען טוט אריין טריפה פלייש אין מילך, און דאָס פלייש איז א זויערע זאַך און עס זעצט די מילך אז עס זאָל ווערן קעז, ווערט עס ניט בטל, און אפילו אין דער מילך איז פאראן 60 מאָל אזוי פיל ווי דאָס פלייש, איז עס אסור, ווייל דאָס אסורע פלייש איז דאָ א „דבר המעמיד״. דאָס האָט ר׳ יהושע געזאָגט, אז מען האָט געאסרט דעם גוישן קעז, ווייל זיי שטעלן אים (זיי מאַכן פון דער מילך קעז) מיט דעם מאָגן פון א נבלה, פון א בהמה וואָס איז געפּגערט אָדער עס איז געוואָרן א נבלה צוליב אן אנדערער סיבה. ר׳ יהושע האָט ניט געזאָגט, ווייל די גויים מאַכן די קעז פון דער מילך פון א ניט־כשרער בהמה (למשל פון א קעמל וכדומה), ווייל די מילך פון א ניט־כשרער בהמה (בהמה טמאה) ווערט ניט געזעצט.** אָמר, האָט ער (ר׳ ישמעאל) געזאָגט צו אים (צו ר׳ יהושע): סטייטש דער מאָגן פון א עולה (פון א בהמה וואָס מען איז מקריב אין בית המקדש פאר א קרבן עולה) איז דאָך הארבער (דער פארבאָט נישט צו נוצן א קרבן עולה איז שטארקער) פונם מאָגן פון א נבלה (פון פארבאָט ניט צו נוצן א נבלה), און (פונדעסט־וועגן האָבן (טייל חכמים) געזאָגט, אז א כהן, וועלכער האָט א שטארקן אפעטיט (דעתו יפה, מיאוסט זיך ניט דערמיט) מעג אראָפּשלינגען (דעם מאָגן, שורפה, אויס־זיפּן, אראָפּשלינגען) רויערהייט (כשהיא חיה), נאָר זיי (די אנדערע חכמים) האָבן ניט מסכים געווען מיט אים (מיט אזא כהן), נאָר זיי האָבן געזאָגט, אז מען טאָרניט הנאה האָבן (פון א עולה־מאָגן) אָבער (אויב מען האָט יאָ הנאה געהאט דערפון) איז מען ניט מועל (מען דארף ניט ברענגען קיין קרבן מעילה פאר הנאה האָבן פון א זאַך וואָס געהערט צום בית המקדש, וואָס איז הקדש)! **דערפון וויל ר׳ ישמעאל ברענגען דעם באַווייז, אז דער מאָגן הייסט בכלל ניט קיין פלייש, נאָר עס איז אזוי ווי מיסט. און דעריבער איז דער מאָגן פון דער נבלה גאָרניט אסור, און אפילו די גויים מאַכן זייער קעז מיט א נבלה־מאָגן דארף דער קעז אויך זיין מותר.** חזר אָמר, האָט ער (ר׳ יהושע) ווידער געזאָגט: (מען טאָרניט עסן דעם גוישן קעז) ווייל זיי שטעלן אים מיט דעם מאָגן פון די קעלבער (וועלכע זיי האָבן מקריב געווען) פאר דער עבודה זרה. **און פון א עבודה זרה־זאַך איז אפילו דאָס מיסט אויך אסור, ווייל די תורה זאָגט דברים י״ח „ולא ידבק בידך מאומה״, אז אפילו די קלענסטע זאַך פון דער עבודה זרה איז אסור. די גמרא זאָגט, אז ר׳ יהושע האָט ביי זיך געוואוסט אז ער זאָגט אים ניט דעם ריכטיקן טעם, מחמת אין אלע ערטער איז דאָך עס א קליינער מיעוט (א מיעו־טא דמיעוטא) פון אזעלכע בהמות, און מען איז דערצו ניט חושש. נאָר ווייל ר׳ יהושע האָט אים ניט געוואָלט זאָגן דעם ריכטיקן טעם (ווי מיר וועלן עס ווייטער דערקלערן) האָט ער אים געפּרובט אָפּפּטרן מיט ניט־ריכטיקע טעמים.** אָמר לו, האָט ער (ר׳ ישמעאל) צו אים געזאָגט: אויב אזוי (אויב מען האָט מורא פאר עבודה־זרה־זאכן) פארוואָסזשע האָט מען זיי (די גוישע קעזן) ניט געאסרט אויך פון הנאה? **אז מען זאָל ניט טאָרן הנאה האָבן פון זיי, ניט פארקויפן זיי און נוצן זייער געלט?** השיאו, האָט ער (ר׳ יהושע) אים (ר׳ ישמעאלן) אָפּגעצויגן (אוועקגעפירט דאָס גע־

הֵיאַךְ אַתָּה קוֹרֵא, כִּי טוֹבִים דּוֹדֶיךָ מִיָּיִן, אוֹ כִּי טוֹבִים דּוֹדַיִךְ? אָמַר לוֹ, כִּי טוֹבִים דּוֹדַיִךְ. אָמַר לוֹ, אֵין הַדָּבָר כֵּן, שֶׁהֲרֵי חֲבֵרוֹ מְלַמֵּד עָלָיו, לְרֵיחַ שְׁמָנֶיךָ טוֹבִים: ו אֵלּוּ דְבָרִים שֶׁל נָכְרִים אֲסוּרִין, וְאֵין אִסּוּרָן אִסּוּר הֲנָאָה. חָלָב שֶׁחֲלָבוֹ נָכְרִי וְאֵין יִשְׂרָאֵל רוֹאֵהוּ, וְהַפַּת וְהַשֶּׁמֶן שֶׁלָּהֶן.

שפרעך) צו אן אנדערער זאך (צו אן אנדערן ענין, און) ער (ר׳ יהושע) האָט צו אים געזאָגט: מיין ברודער ישמעאל, ווי אזוי לייענסט דו (דעם פסוק אין שיר השירים א׳, ב׳) „כי טובים דודיך מיין״ „וואָרום עס זענען בעסער דיינע פריינטשאפטן פון וויין״) צי „כי טובים דודיך״? האָט ער (ר׳ ישמעאל) אים געזאָגט: „כי טובים דודיך״. האָט ער (ר׳ יהושע) אים געזאָגט: עס איז ניט אזוי, וואָרום זיין חבר (דער נאָנטער פסוק דערנאָך) לערנט וועגן אים „לריח שמניך טובים״ („צום געשמאק פון דיינע גוטע איילן״). די דאָזיקע משנה איז א שווערע, און עס זענען פאראן פון איר א סך גירסאות, און עס זענען געזאָגט געוואָרן א סך פירושים. טייל מפרשים טייטשן, אז ר׳ יהושע האָט געפרעגט ר׳ ישמעאל צי מען דארף לייענען „דודיך״ מיט א „סגול״ אונטער דער צווייטער „ד״ און מיט א „קמץ״ אונטער דער „ך״, און דאָס איז א לשון זכר; און אזוי ווי מען טייטשט אז שיר השירים איז א געשפרעך צווישן דער „כנסת ישראל״ (וועלכע איז א לשון נקבה) מיט גאָט (אין א לשון זכר), הייסט עס אז די כנסת ישראל זאָגט די ווערטער צו גאָט. אָדער מען דארף לייענען „דודיך״ מיט א „פתח״ אונטער דער „ד״ און מיט א „חיריק״ אונטער דער „י״, און מיט א שווא אין די „ך״, און עס איז א לשון נקבה, און די ווערטער זאָגט גאָט צו דער כנסת ישראל. ר׳ ישמעאל האָט געוואָלט לייענען אין א לשון נקבה; אָבער ר׳ יהושע האָט אים געזאָגט, אז דער אנדערער פסוק „מלמד עליו״, „לערנט אז עס גייט ארויף אויף אים״, א לשון זכר, און אז דאָס זאָגט די כנסת ישראל צו גאָט. און די ראיה דערצו איז פון סוף פון אנדערן פסוק „על כן עלמות אהבוך״ (דעריבער האָבן דיך די יינג פרויען ליב). ר׳ יהושע האָט אים דערמיט מרמז געווען אז דער פסוק קאָן געטייטשט ווערן ווי די כנסת ישראל זאָגט צו גאָט אז „דיינע פריינט זענען בעסער פון וויין״, און מען מיינט דערמיט די תקנות פון די חכמים, די פריינט פון גאָט. ר׳ יהושע האָט ניט געוואָלט אים זאָגן דעם ריכטיקן טעם פון דער תקנה פון די חכמים צו אסרן גויישן קעז (און דער טעם איז ווייל זיי שטעלן אים מיט דער הויט פון א נבלה־מאָגן, פון א בהמה געשאָכטן דורך א גוי, און די הויט איז שוין ניט סתם מיסט, נאָר זי איז אסור), ווייל עס איז נאָכניט געהאט אריבער קיין 12 חדשים זינט מען האָט געהאט גוזר געווען די גזירה; און עס איז אָנגענומען, אז ווען חכמים זענען מתקן א גזירה זאָגט מען ניט אויס דעם טעם דערפון פאַר 12 חדשים, ווייל עס קאָנען זיין מענטשן וואָס וועלן ניט האלטן פון דעם טעם און וועלן מזלזל זיין און ניט אָפּהיטן די גזירה.

ו. אלו, די דאָזיקע זאכן פון גויים זענען אסור (מען טאָר זיי ניט עסן און ניט טרינקן) אָבער זיי זיינען ניט אסור בהנאה. מען מעג פון זיי הנאה האָבן; מען מעג זיי פארקויפן און נוצן דאָס געלט דערפון. די זאכן זענען: חלב, מילך, וואָס א גוי האָט געמאָלקן, און א ייד האָט אים ניט געזען (ביים מעלקן) ווייל מען האָט מורא טאָמער האָט דער גוי צוגעמישט מילך פון א ניט־כשרער בהמה. דער דין איז, אז עס מוז ניט דוקא זיין אז דער ייד זאָל שטיין כסדר ביים מעלקן, נאָר אפילו ווען דער ייד גייט אריין און ארויס פון שטאל ביים מעלקן איז אויך כשר. והפת, און זייער (די גויים׳ס) ברויט (דאָס ברויט וואָס א גוי באַקט) און זייער אייל. דער טעם פון דער גזירה, וואָס די חכמים האָבן געמאכט צו אסרן דאָס ברויט און דעם אייל פון א גוי, איז צוליב „חתנות״ (משדך זיין זיך) כדי עס זאָל ניט קומען צו א דערנענטערונג צווישן יידן און גויים און יידן וועלן חתונה האָבן מיט גויים. וועגן „פת נכרים״ (גוייש

רַבִּי וּבֵית דִּינוֹ הִתִּירוּ בַּשֶּׁמֶן. וּשְׁלָקוֹת, וּכְבָשִׁין שֶׁדַּרְכָּן לָתֵת לְתוֹכָן יַיִן וְחוֹמֶץ, וּטְרִית טְרוּפָה, וְצִיר שֶׁאֵין בָּהּ דָּגָה (כִּלְבִּית שׁוֹטֶטֶת בּוֹ) וְהַחִילָק, וְקוֹרֶט שֶׁל חִלְתִּית, וּמֶלַח סַלְקוֹנְטִית, הֲרֵי אֵלּוּ אֲסוּרִים, וְאֵין אִסּוּרָן אִסּוּר הֲנָאָה: ז אֵלּוּ מֻתָּרִין בַּאֲכִילָה, חָלָב שֶׁחֲלָבוֹ נָכְרִי וְיִשְׂרָאֵל רוֹאֵהוּ, וְהַדְּבַשׁ,

**ברויט) ווערט געלערנט, אז ברויט פון א גוישן בעקער מעג מען יאָ; און אויך ברויט פון פריוואטע גוים מעג מען עסן אויב מען איז אין וועג און מען האָט ניט קיין אנדער ברויט.** רבי (ר׳ יהודה הנשיא) און זיין בית דין האָבן מתיר געמאכט (צו עסן) אייל (פון גוי). **מחמת רבי און זיין בית דין האָבן געזען אז ס׳איז ניט ,,נתפשט איסורו בכל ישראל״, ניט אלע יידן האָבן אָנגענומען דעם איסור, און דעריבער האָבן זיי אים מתיר געמאכט. מיט ,,רבי״ דאָ מיינט מען ניט ר׳ יהודה הנשיא, דעם מסדר פון דער משנה, נאָר זיין איינינקל וועלכער האָט אויך געהייסן ר׳ יהודה הנשיא.** ושלקות, און געקאָכטע זאכן פון א גוי. אויך דאָס טאָר מען נישט עסן, דאָס הייסט ,,בישול **נכרים״, און אפילו אז דער גוי האָט עס געקאָכט אין יידישע כלים און פאר א ייד אין די אויגן און עס איז ניט פאראן מורא צו האָבן טאָמער האָט ער צוגע־מישט א טריפה־זאך, טאָר מען אויך דאָס געקעכץ ניט עסן. דער דאָזיקער איסור איז נאָר אויב א ייד האָט אים ניט צוגעהאָלפן, און אויך נור ביי אזעלכע זאכן, וואָס רױ־ערהייט קאָן מען זיי ניט עסן** (איננו נאכל כמו שהוא חי). וכבשין, און איינגעלייגטע (מאכלים פון א גוי) וואָס עס איז דער שטייגער אריינצוטאָן איז זיי וויין אָדער עסיק. **און מען דערקענט ניט אין זיי דעם טעם פון וויין, ווייל אויב יאָ וואָלט מען ניט גע־טאָרט אפילו הנאה האָבן פון זיי.** וטרית, און צעהאקטע טאָן־פיש. **וועגן ,,טרית טרופה״, צעהאקטע טאָן־פיש זע אין נדרים פרק ו׳ משנה ד׳. דער טעם איז ווייל דער טאָן־פיש, כאָטש מען מעג אים עסן, איז אזוי צעהאקט, אז מען האָט מורא טאָ־מער האָט מען אריינגעהאקט אזא סאָרט פיש וועלכן מען טאָרניט עסן.** וציר, און פיש־ראָסל, אין וועלכן דאָס קליינע כלבית־פישל שווימט ניט. **מחמת מען האָט מורא טאָמער האָט מען צוגעמישט ראסל פון ניט־כשרע פיש. און עס איז אָנגענומען אז אין ראָסל פון ניט־כשרע פיש האלט זיך ניט דאָס כלבית־פישל.** והחילק, קליינע חילק־פישלעך. **מחמת זיי זען אויס ווי ניט־כשרע פישלעך, און ווען זיי זענען קליין האָבן זיי ניט קיין שיפּן און פלוס־פעדערן** (זע חולין פרק ג׳ משנה ז׳), **אָבער ווען זיי ווערן גרויס באקומען זיי די שיפּן און פלוס־פעדערן. מען האָט דעריבער מורא אז דער גוי האָט צוגעמישט** (ווען זיי זיינען קליין) **ניט־כשרע פישלעך. טייל מיינען אז ,,חילק״ איז דער סאָרט פיש וואָס הייסט אין לאטיין ,,האלעק״, אָדער ,,אלעקס״ און דער רױ־מישער נאטור־פאָרשער פליניוס באשרייבט זיי אין זיין בוך.** וקורט, און די חלתית־יאגדעס. **דאָס איז אזא שארף גרינס, וואָס די יאגדעס ווערן אָפּגעהאקט מיט א מעסער, און ווייל דאָס גויישע מעסער האָט אין זיך טריפה־פעטס, און די יאגדעס זענען שארף, דערקענט מען ניט דאָס פעטס.** ומלח, און סלקונטית־זאלץ. **די גמרא זאָגט, אז דאָס זענען דיקע שטיקלעך וויס זאלץ וואָס איז באשמירט מיט פעטס פון חזיר און פון ניט־כשרע פישלעך, און אז די אמאָליקע גרויסע לייט פון רוים (גדולי רומי) פלעגן עס עסן. עס איז פאראן א מיינונג אז ,,סלקונטית״ זאָל זיין דאָס לאטיינישע ,,סאל קאָנדיטום״, זאלץ וואָס איז געמישט מיט געווירצן.** הרי אלו, די אלע (אויסגערעכנטע זאכן) זיינען אסור (מען טאָר זיי ניט עסן) אָבער עס איז ניט אסור הנאה צו האָבן פון זיי. **מען מעג למשל זיי פארקויפן און נוצן זייער געלט.**

ז. אלו, די דאָזיקע זאכן (וואָס די משנה וועט באלד אויסרעכענען) מעג מען (אויך) עסן: מילך וואָס א גוי האָט געמאָלקן און א ייד האָט אים געזען (ביים מעלקן). **ווי מיר האָבן שוין פריער דערקלערט איז גענוג ווען דער ייד גייט אריין און ארויס.**

והדבורניות, אף על פי שמנטפות, אין בהן משום הכשר משקה. וכבשין שאין דרכן לתת לתוכן יין וחומץ, וטרית שאינה טרופה, וציר שיש בה דגה, ועלה של חלתית, וזיתי גלוסקאות המגלגלין. רבי יוסי אומר השלוחין אסורין. החגבים הבאים מן הסלולה אסורין, מן

והדבש, און האָניג (פון א גוי), און (גוישע) בינען־האָניק־חלות (דבורניות), כאָטש זיי טריפן (עס רינט פון זיי טראָפנס). די האָניק־חלות איז דעם וואקס, וואָס מען לאָזט איבער אין בינשטאָק פאר די בינען („דבורה״, א בין) צום עסן. די משנה זאָגט, אז כאָטש עס טריפט פון זיי, האָט מען ניט קיין מורא טאָמער האָט דער גוי אריינגעטאָן אין זיי ווין, מחמת ווין מאכט קאליע דעם האָניק. אן אנדער טייטש איז „דבורניות״, ווינטרויבן־שטענגלעך, און די משנה לערנט אז כאָטש עס טריפט פון זיי דער זאפט, הייסט עס ניט קיין ווין. איצט גיט די משנה צו דרך אגב נאָך א דין: אין בהן, עס איז ניט פאראן ביי זיי (ביי די האָניק־וואקס־חלות, אָדער ביי די שטענגלעך ווינ־טרויבן לויטן צווייטן טייטש) קיין משקה־הכשר (צו קאָנען טמא ווערן, ווייל עס האָט אָנגערירט א פליסיקייט). דער דין איז אז כדי א עסנווארק זאָל קאָנען ווערן טמא דארף עס צוערשט אָנרירן א פליסיקייט, א משקה; דאָס הייסט „הכשר״. האָניק, וואָס איז אליין א משקה, קאָן ווערן טמא אפילו עס רירט ניט אָן קיין אנדערע פליסיקייט. זאָגט די משנה, אז כל זמן דער האָניק איז נאָך אין די וואקס־חלות הייסט ער ניט קיין האָניק, און די חלות קאָנען נאָכניט ווערן טמא, און דאָס וואָס עס טריפט פון זיי דער האָניק גיט זיי נאָכניט דעם הכשר צו ווערן טמא. לויטן צווייטן פשט, זאָגט די משנה, אז דער זאפט וואָס רינט פון די ווינטרויבן הייסט ניט קיין משקה וואָס זאָל געבן די ווינטרויבן דעם הכשר צו קאָנען ווערן טמא כאָטש ריכטיקער ווין הייסט א משקה (זע אין דער הקדמה צו מסכתא מכשירין). וכבשין, און איינגעלייגטע (גויי־שע) מאכלים, אין וועלכע עס איז ניט דער שטייגער אריינצוטאָן ווין אָדער עסיק, און דער טאָן־פיש וועלכער איז ניט צעהאקט (אויף גאָר קליינע שטיקלעך), און דער פיש־זאפט אין וועלכן עס שווימט דאָס (כלבית־) פישל, און דער בלאט פון חלתית־גרינס. מחמת דאָס בלאט שניידט מען ניט אָפּ מיט א מעסער, און דאריבער זענען שוין אויך כשר די יאגדעס וועלכע הענגען נאָך אין דעם בלאט. וזיתים, און (גוישע) ווייכע איילבירטן איינגעדריקטע (אין א קויש). „זיתים מגולגלים״ הייסן איילבירטן, איינגעלייגטע, איינגעדריקטע אין א קויש אָדער אין א פאס. זע אין עדיות פרק ד׳ משנה ו׳ „חבית של זיתים מגולגלים״ (א פאס מיט איינגעלייגטע איילבירטן). „גלוס־קאות״ הייסן ווייכע ברויטן, און דאָ מיינט מען, אז די איילבירטן זיינען געוואָרן ווייך, געקוועטשט (וועגן גלסקא זע דמאי פרק ו׳ משנה י״ב). זאָגט די משנה אז כאָטש די איילבירטן זענען ווייכע, מעג זיי א ייד עסן, און ער דארף ניט מורא האָבן טאָמער האָט זיי דער גוי ווייך געמאכט דורך ארויפגיסן ווין (און גוישן ווין טאָר מען דאָך ניט נוצן). ר׳ יוסי זאָגט, אז די ווייכע איילבירטן (פון א גוי) וואָס זייערע קערנער פאלן ארויס („שלוחין״) זענען אסור. מען טאָר זיי ניט עסן, ווייל אויב זיי זענען אזוי ווייך אז ווען מען נעמט זיי אָן צעגיין זיי זיך און די אינווייניקסטע קערנער פאלן ארויס, איז יאָ מורא צו האָבן אז דער גוי האָט זיי ווייך געמאכט, באגיסנדיק זיי מיט ווין. „שלח״, איז פון אראמעאישן „שלח״, אראָפּציען. החגבים, היישעריקן (כשרע, וואָס מען מעג עסן) וועלכע (מען קויפט ביי א גוי און) מען נעמט (זיי) פון (גוי׳ס) קיישל (סלולה), זענען אסור. מען טאָר זיי ניט עסן, ווייל מען האָט מורא טאָמער האָט זיי דער גוי באגאָסן מיט ווין, כדי זיי זאָלן אויסזען בעסער. „סלולה״ איז פון וואָרט „סל״, א קויש, און „סלולה״ איז א קליין קיישל פון א קרעמער. מן ההפתק, (אויב מען נעמט ביים גוי די היישעריקן) פון זיין סחורות־מאגאזין (וואו ער האלט

הַהֶפְקֵר מֻתָּרִין. וְכֵן לַתְּרוּמָה:

# פרק ג.

**א** כָּל הַצְּלָמִים אֲסוּרִים מִפְּנֵי שֶׁהֵן נֶעֱבָדִין פַּעַם אַחַת בַּשָּׁנָה, דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים, אֵינוֹ אָסוּר אֶלָּא כָּל שֶׁיֵּשׁ בְּיָדוֹ מַקֵּל, אוֹ צִפּוֹר, אוֹ כַדּוּר. רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, כָּל שֶׁיֵּשׁ בְּיָדוֹ כָּל

א סך די הי שעריקן־סחורה) זענען זיי מותר. מען מעג זיי עסן, ווייל דער גוי וועט ניט באגיסן די היישעריקן אין מאגאזין מיט וויין, מחמת ער וועט מורא האָבן אז זיי וועלן קאליע ווערן. אָבער אין קיישל קאָן ער יאָ באגיסן, ווייל ער פארקויפט זיי דאָך באלד. וכן, און אזוי איז אויך וועגן תרומה. מען טייטשט דאָס אזוי. תרומה איז פרוכטן, וואָס מען שיידט אָפּ און מען גיט דעם כהן, און נור א כהן מעג עס עסן, אָבער א ישראל טאָר עס ניט עסן. זאָגט די משנה אז אויב מען איז חושד א כהן אז ער פאר־קויפט צו א ישראל תרומה און זאָגט אים אז עס איז חולין (געוויינטליכע פרוכטן וואָס אויך א ישראל מעג עסן, און חולין קאָסט טייערער פון תרומה), און ער פאר־קויפט פרוכטן פון א קיישל, טאָר א ישראל די פרוכטן ניט עסן, ווייל עס איז מעגליך, אז דאָס איז תרומה. אָבער אויב ער פארקויפט פון זיין פרוכטן־מאגאזין, פון „הפתק", מעג מען קויפן ביי אים, ווייל דער כהן וועט מורא האָבן צו פארקויפן תרומה אלס חולין, מחמת דאָס יידישע בית דין קאָן דערפון געוואויר ווערן און אלס שטראָף מפקיר זיין דעם גאנצן מאגאזין זיינעם; אָבער וועגן א קליין קיישל האָט ער ניט קיין מורא. — „הפתק", מיינען טייל, איז דאָס גריכישע וואָרט „אפאָטעקע", דאָס פאר־זיכערונגס־אָרט, וואו מען האלט סחורות פארזיכערט.

## פרק ג.

א. כל הצלמים, אלע בילדער (וואָס זיינען פאראן אין אן אָרט, וואו עס וואוי־נען געצענדינער) זענען אסור (הייסן עבודה זרה, געצן, און א ייד טאָר ניט הנאה האָבן פון זיי), ווייל זיי ווערן געדינט (די געצנדינער דינען צו זיי, מינדסטנס) איינ־מאָל אין יאָר, אזוי זאָגט ר' מאיר. עס זענען געווען ביי די אמאָליקע געצנדינער פארשידענע סאָרטן אָפּגעטער. עס זיינען געווען טייל אָפּגעטער צו וועלכע מען האָט געדינט שטענדיק, א גאנץ יאָר, און עס זענען געווען אזעלכע אָפּגעטער, וואָס נור איינמאָל אין יאָר, איין טאָג האָט מען צו זיי געדינט, ווייל מען האָט געהאלטן, אז אין יענעם טאָג איז עס דער מזל פון דאָזיקן אָפּגאָט, ער האָט צו הערשן. ר' מאיר האלט, אז כאָטש עס זיינען פאראן א סך בילדער, צו וועלכע מען דינט אינגאנצן ניט און זיי זיינען אוועקגעשטעלט געוואָרן נור פאר שיינקייט וועגן (לנוי), פונדעסטוועגן האָט מען מורא „למיעוטא", טאָמער ווערט דאָס בילד יאָ געדינט איינמאָל אין יאָר. „צלמים" (אין לשון יחיד „צלם") הייסט א געשטאלט, א בילד, און כאָטש אין חומש (בראשית י', כ"ו נעשה אדם בצלמנו) הייסט עס סתם א געשטאלט, אָבער דאָ אין משנה מיינט מען אין שייכות מיט געצנבילדער. וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז עס איז אסור נאָר אזא (בילד) וואָס האלט אין זיין האנט א שטעקן, אָדער א פויגל, אָדער א קוגל (כדור, א באָל). עס ווערט געטייטשט, אַז דאָס זענען געווען די סימבאָלן, די צייכנס פון הערשאפט. א שטעקן הייסט, אז דאָס בילד הערשט איבער דער וועלט מיט קראפט, מיט א שטעקן. א פויגל הייסט ווי עס פליט איבער דער וועלט. א „קוגל", כדור, איז א צייכן פון דער ערד, וואָס איז קיילעכיק ווי א קוגל, און עס הייסט, אז דאָס בילד הערשט איבער דער ערד. אין דער ברייתא אין דער גמרא ווערן צוגעגעבן נאָך צייכנס, ווי א שווערט, א קרוין, א רינגל. די דאָזיקע בילדער ווערן געהאלטן פאר

דָּבָר: ב הַמּוֹצֵא שִׁבְרֵי צְלָמִים הֲרֵי אֵלּוּ מֻתָּרִים. מָצָא תַבְנִית יָד אוֹ תַבְנִית רֶגֶל, הֲרֵי אֵלּוּ אֲסוּרִים מִפְּנֵי שֶׁכַּיּוֹצֵא בָהֶן נֶעֱבָד: ג הַמּוֹצֵא כֵלִים וַעֲלֵיהֶם צוּרַת חַמָּה, צוּרַת לְבָנָה, צוּרַת דְּרָקוֹן, יוֹלִיכֵם לְיָם הַמֶּלַח. רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, שֶׁעַל הַמְכֻבָּדִין אֲסוּרִין, שֶׁעַל הַמְבֻזִּין מֻתָּרִין. רַבִּי יוֹסֵי אוֹמֵר, שׁוֹחֵק וְזוֹרֶה לָרוּחַ אוֹ מַטִּיל לַיָּם. אָמְרוּ לוֹ אַף הוּא נַעֲשֶׂה זֶבֶל,

**עבודה־זרהס נור ווען זיי שטייען ביים טויער פון דער שטאָט. עס ווערט אויך געלערנט אז אין די דערפער זענען אלע בילדער אסור, ווייל די דאָרפס־גויים דינען צו אלע בילדער.** — ר׳ שמעון בן גמליאל זאָגט אז (עס איז אסור) יעדעס (בילד) וואָס האָט אין זיין האנד וואסער־עס־איז זאך. **ניט דוקא א שטעקן, צי א פויגל, צי א קוגל; מחמת ווען דאָס בילד האלט עפּיס אין דער האַנד איז עס א צייכן פון אן אָפּגאָט.**

ב. המוצא, אז איינער (א ייד) געפינט צעבראָכענע שטיקלעך פון בילדער, זענען זיי מותר. **ער מעג זיי נוצן, מחמת עס זענען פאראן צוויי ספקות (א ספק־ספיקא). ערשטנס קאָן דאָך זיין אז דאָס זענען סתם בילדער, ניט קיין עבודה זרה; צווייטנס איז דער דין אז אויב א גוי צעברעכט א עבודה־זרה בילד מיט דער כוונה עס מבטל צו זיין, אז ער האלט עס ניט מער פאר אן אָפּגאָט, ווערט עס אויס עבודה זרה; און דאָ קאָן זיין אז א גוי האָט צעבראָכן דאָס עבודה־זרה־בילד כדי עס מבטל צו זיין.** מצא, אויב ער (דער ייד) האָט געפינען (א בילד וואָס האָט) דאָס געשטאלט פון א האנט אָדער פון א פוס, זיינען זיי אסור (טאָר א ייד ניט נוצן זיי) ווייל אזא שטייגער ווי זיי ווערן געדינט. **מחמת עס זענען פאראן עבודה־זרה־בילדער, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר ניט מער ווי א האנט אָדער א פוס. דאָס איז דאָס גאנצע עבודה־זרה־בילד, און ממילא הייסט עס ניט א צעבראָכן שטיק פון א בילד.**

ג. כלים, (אויב א ייד האָט געפינען) כלים (זאכן, ווי געפעסן, שיסלן, וואסערבעקנס) און אויף זיי איז פאראן (אויסגעמאָלט) די צורה פון דער זון, אָדער די צורה פון דער לבנה, אָדער די צורה פון א דראקאָן־שלאנג, זאָל ער זיי אוועקפירן צום ים המלח (געזאלצענעם ים). **דאָס הייסט מען טאָרניט קיין הנאה האָבן פון די כלים, ווייל דאָס זיינען עבודה־זרה־בילדער. „ים המלח״ איז דער נאָמען פון געזאלצענעם ים אין ארץ ישראל; אָבער דאָ מיינט מען יעדן ים. דער רמבם רופט אָן אין איינעם פון זיינע ספרים סתם א ים מיטן נאָמען „ים המלח״, ווייל יעדעס ים־וואסער איז געזאלצן. דער רמבם זאָגט, אז מיט „די צורה פון דער זון״ אָדער די „צורה פון דער לבנה״ מיינט מען ניט, דאָס בילד פון דער זון אָדער פון דער לבנה, נאָר מען מיינט די צורה פון דעם אָפּגאָט, וואָס האָט ביי די געצנדינער פאָרגעשטעלט די זון־עבודה־זרה, דהיינו, ווי א מלך מיט א קרוין זיצט אויף א וואָגן און פארט ארום (ווי די זון) די וועלט. „דרקון״ איז דאָס גריכישע וואָרט „דראקאָן״, א לעגענדארישע שלאנג מיט פליגל.** ר׳ שמעון בן גמליאל זאָגט, אז (אויב די בילדער זענען) אויף שיינע (כלים, למשל, זאכן וואָס מען באנוצט פאר שיינקייט, ווי רינגלעך, אוירינגלעך וכדומה) זענען זיי אסור, און אויב אויף נישטיקע (זאכן, מבוזין, ווי גרויסע קאָך־טעפּ וכדומה) זענען זיי מותר. **ווייל דער געצנדינער וועט ניט מאכן זיינע אָפּגעטער אויף נישטיקע כלים.** ר׳ יוסי זאָגט, אז (ווען א ייד געפינט עבודה־זרה־כלים) זאָל ער זיי צערייבן (אויף שטויב) און פונאנדערוואַרפן (דעם שטויב) אויפן ווינט, אָדער ער זאָל זיי (די כלים) אריינוואַרפן אין ים. **ר׳ יוסי קריגט אויף די חכמים פריער, אז מען מוז דוקא אריינוואַרפן אין ים, און ער האלט, אז מען קאָן זיי אויך צערייבן אויף שטויב און פונאנדערוואַרפן דעם שטויב אויפן ווינט.** אָמרו לו, האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו ר׳ יוסי), סטייטש, דאָס (די עבודה־זרה־כלים ווען מען צערייבט זיי אויף שטויב און מען וואַרפט זיי אויפן ווינט און זיי פאלן אויף פעלדער) ווערט דאָך מיסט (זבל, זיי באמיסטיקן די פעלדער, און דער

וְנֶאֱמַר וְלֹא יִדְבַּק בְּיָדְךָ מְאוּמָה מִן הַחֵרֶם: ד שָׁאַל פְּרוֹקְלוֹס בֶּן פְּלוֹסְפוֹס אֶת רַבָּן גַּמְלִיאֵל בְּעַכּוֹ, שֶׁהָיָה רוֹחֵץ בַּמֶּרְחָץ שֶׁל אַפְרוֹדִיטֵי, אָמַר לוֹ כָּתוּב בְּתוֹרַתְכֶם, וְלֹא יִדְבַּק בְּיָדְךָ מְאוּמָה מִן הַחֵרֶם, מִפְּנֵי מָה אַתָּה רוֹחֵץ בַּמֶּרְחָץ שֶׁל אַפְרוֹדִיטֵי? אָמַר לוֹ, אֵין מְשִׁיבִין בַּמֶּרְחָץ. וּכְשֶׁיָּצָא, אָמַר לוֹ, אֲנִי לֹא בָאתִי בִגְבוּלָהּ, הִיא בָאת בִּגְבוּלִי. אֵין אוֹמְרִים, נַעֲשֶׂה מֶרְחָץ לְאַפְרוֹדִיטֵי נוֹי, אֶלָּא אוֹמְרִים נַעֲשֶׂה אַפְרוֹדִיטֵי נוֹי לַמֶּרְחָץ. דָּבָר אַחֵר, אִם נוֹתְנִים לְךָ מָמוֹן הַרְבֵּה, אִי אַתָּה נִכְנָס לְעֲ״ז

יידישער בעל הבית פון די פעלדער האָט דאָך עפּיס א נוצן דערפון, און עס ווערט דאָך געזאָגט (דברים י״ג, י״ח) „ולא ידבק בידך מאומה מן החרם, און עס זאָל זיך ניט צוקלעבן צו דיין האנט גאָרניט פון חרם (פון דער עבודה־זרה־זאַך)״. **די מחלוקה צווישן די חכמים און ר׳ יוסי איז וועגן דעם דין פון „זה וזה גורם״, דאָס הייסט אויב עפּיס ווערט געשאַפן דורך צוויי זאכן, וואָס פון איינער פון זיי טאָר מען ניט הנאה האָבן און פון דער צווייטער מעג מען הנאה האָבן, צי מעג מען פון דער געשאַפענער זאך הנאה האָבן צי ניט. די חכמים האלטן אז מען טאָרניט, און ווייל די תבואה אויפן פעלד וואקסט פון דעם כשרן פעלד און פון דעם ניט־כשרן שטויב־מיסט פון דער עבודה זרה, טאָר מען פון דער תבואה ניט הנאה האָבן. אָבער ר׳ יוסי האלט אז זה וזה גורם מותר, אז מען מעג הנאה האָבן דערפון און דעריבער האלט ער אז אפילו ווען דער שטויב פון דער עבודה זרה וועט באמיסטיקן דאָס פעלד וועט מען מעגן די תבואה פון פעלד עסן.**

ד. שאל, (דער גוי) פּרוקלוס דער זון פון פילוסופוס האָט געפרעגט (דעם נשׂיא ביי יידן) ר׳ גמליאל אין עכו, ווען ער (ר׳ גמליאל) האָט זיך געבאָדן אין מרחץ (אויפן נאָמען) פון (דער (אָפּגעטין) אפרודיטי (אַפראָדיטע, און דאָרט איז געשטאַנען איר בילד), און ער (פּרוקלוס) האָט געזאָגט צו אים (צו ר׳ גמליאל): עס שטייט דאָך געשריבן אין אייער תורה (דברים י״ג, י״ח) „ולא ידבק בידך מאומה מן החרם, און עס זאָל זיך ניט צוקלעבן צו דיין האנט גאָרניט פון חרם (פון דער עבודה־זרה־זאַך)״, פאַרוואָסזשע באָדסטו זיך אין דעם מרחץ פון דער אפרודיטי? **די אָפּגעטין אפראָדיטע איז באקאנט געווען ביי די גריכן אלס אָפּגעטין פון פלאנעט־שטערן ווענוס. האָט פּראָקלאס דער זון פון פילאָסאָפאָס געפרעגט ר׳ גמליאלן, ווי אזוי מעג ער הנאה האָבן פון א מרחץ וואו עס געפינט זיך דאָס בילד פון אן אָפּגעטין.** אמר לו, האָט ער (ר׳ גמליאל) אים געזאָגט: מען ענטפערט ניט (וועגן יידישע דינים) אין א מרחץ. **מחמת א דבר תורה טאָר מען ניט זאָגן אין א מרחץ.** וכשיצא. און ווען ער (ר׳ גמליאל און צוזאמען מיט אים פּרוקלוס) איז ארויס (פון מרחץ), האָט ער (ר׳ גמליאל) אים געזאָגט: „איך בין ניט געקומען אין איר גרעניץ (אין רשות פון דער אפרודיטי) נאָר זי איז געקומען אין מיין גרעניץ. **דער מרחץ איז געווען איידער מען האָט אים א נאָמען געגעבן נאָך דער אפראָדיטע, און דער מרחץ איז געמאכט געוואָרן פאַר אלע. און נאָך א טעם האָט ר׳ גמליאל צוגעגעבן:** אין אומרים, מען זאָגט ניט: „לאָמיר מאכן דעם מרחץ אלס באַפּוצונג (נוי) פאַר דער אפרודיטי״, נאָר מען זאָגט: „לאָמיר מאכן (דאָס בילד פון) דער אפרודיטי א באַפּוצונג פאַר דעם מרחץ״. **דערפון איז צו זען, אז דער מרחץ איז דער עיקר, און דאָס אפראָדיטע־בילד איז א טפל צום מרחץ.** דבר אחר, נאָך א זאך (נאָך א טעם האָט ר׳ גמליאל אים געזאָגט): „ווען מען זאָל דיר (אפילו וועלן) געבן (דערפאַר) א סך געלט, וועסטו אין (הויז) פון דיין עבודה־זרה (פון אָפּגאָט צו וועלכן דו דינסט) ניט אריינגיין נאקעטערהייט, ווען עס רינט פון דיר די אומריינע פליסיקייט (בעל קרי), און משתין זיין פאַר איר (פאַר דער עבודה זרה, פאַר דיין אָפּגאָט); און די דאָזיקע (דאָס אפרודיטי־בילד) **שטייט ביים קאנאל** (הביב, פון וואנען **דאָס**

שֶׁלָּךְ עָרוֹם, וּבַעַל קֶרִי, וּמַשְׁתִּין בְּפָנֶיהָ. וְזוֹ עוֹמֶדֶת עַל פִּי הַבִּיב. וְכָל הָעָם מַשְׁתִּינִין לְפָנֶיהָ. לֹא נֶאֱמַר אֶלָּא אֱלֹהֵיהֶם, אֶת שֶׁנּוֹהֵג בּוֹ מִשּׁוּם אֱלוֹהַּ, אָסוּר, אֶת שֶׁאֵינוֹ נוֹהֵג בּוֹ מִשּׁוּם אֱלוֹהַּ, מֻתָּר: ה הַנָּכְרִים הָעוֹבְדִים אֶת הֶהָרִים וְאֶת הַגְּבָעוֹת, הֵן מֻתָּרִין וּמַה שֶּׁעֲלֵיהֶם אֲסוּרִים, שֶׁנֶּאֱמַר לֹא תַחְמֹד כֶּסֶף וְזָהָב עֲלֵיהֶם וְלָקַחְתָּ לָךְ. רַבִּי יוֹסֵי הַגְּלִילִי אוֹמֵר, אֱלֹהֵיהֶם עַל הֶהָרִים, וְלֹא הֶהָרִים אֱלֹהֵיהֶם. אֱלֹהֵיהֶם עַל הַגְּבָעוֹת, וְלֹא הַגְּבָעוֹת אֱלֹהֵיהֶם. וּמִפְּנֵי מָה אֲשֵׁרָה אֲסוּרָה? מִפְּנֵי שֶׁיֵּשׁ בָּהּ תְּפִיסַת יְדֵי אָדָם. וְכָל שֶׁיֵּשׁ בָּהּ תְּפִיסַת יְדֵי אָדָם אָסוּר. אָמַר רַבִּי עֲקִיבָא, אֲנִי אוֹבִין

אומריינע וואסער פון מרחץ פליסט־אָפּ), און אלע (כל העם, אלע מענטשן וועלכע באָדן זיך אין מרחץ) זענען משתין פאר איר; עס ווערט נור געזאָגט (אין דער תורה, אין דברים י״ב, ב׳ וועגן דער עבודה זרה), „אלהיהם״, „זייערע געטער״,( דאָס הייסט, אז נור) אזעלכע (אָפּגעטער) וואָס זיי (די געצנדינער) פירן זיך אויף מיט זיי ווי מיט גאָט, זענען אסור, (אָבער) אזעלכע מיט וועלכע זיי פירן זיך ניט אויף ווי מיט גאָט זענען מותר. **די מפרשים ברענגען דאָ אויפן יסוד פון דער גמרא, אז נור ביי דער עבודה זרה בעל פעור, צו וועלכער מען האָט געדינט דערמיט, וואָס מען האָט פאר איר געטאָן ניט־שיינע זאכן, הייסט דאָס טאָן ניט שיינע זאכן געדינט צו איר, ווייל עס איז דרך עבודתה בכך, דאָס איז דער שטייגער ווי אזוי מען דינט צו איר.**

ה. הנכרים, אויב גויים דינען צו בערג אָדער צו קלענערע בערגלעך (גבעות), זענען זיי (די בערג און בערגלעך אליין) מותר (א ייד מעג הנאה האָבן פון זיי און זיי הייסן ניט קיין עבודה זרה), און וואָס עס געפינט זיך אויף זיי (די זאכן וואָס די גויים האָבן ארויפגעלייגט אויף זיי כדי דערמיט צו דינען צו די בערג, ווי למשל גאָלד, זילבער) איז אסור (און א ייד טאָר דערפון קיין הנאה ניט האָבן). **עס איז געווען ביי געצנדינער הייליקע בערג און בערגלעך וועלכע זיינען באטראכט געוואָרן פאר אָפּגעטער, און מען האָט צו זיי געדינט. די משנה לערנט דאָ, אז א זאך וואָס איז „מחובר״, באהאפטן צו דער ערד, קאָן ניט ווערן געאסרט אלס א עבודה זרה.** שנאמר, ווארום עס ווערט געזאָגט (דברים ז׳, כ״ה) „לא תחמוד כסף וזהב עליהם ולקחת, און דו זאָלסט ניט גלוסטן צום גאָלד און דעם זילבער אויף זיי (אויף די אָפּגעטער) און נעמען״. **דערפון איז געדרינגען אז דאָס וואָס מען האָט ארויפגעלייגט אויף זיי איז אסור.** ר׳ יוסי הגלילי זאָגט, (אז דער דין, אז „מחובר״, וואָס איז באהאָפטן צו דער ערד ווערט ניט געאסרט אלס עבודה זרה, לערנט מען אָפּ פון דעם פסוק אין דברים י״ב, ב׳) „אלהיהם על ההרים. זייער אָפּגעטער אויף די בערג״, (דאָס מיינט מען) אז זייערע בערג קאָנען ניט זיין זייערע אָפּגעטער; און פארוואָסזשע איז אן אשרה (א בוים צו וועלכן מען דינט) יאָ אסור (כאָטש דער בוים איז דאָך מחובר, באהאָפטן צו דער ערד)? ווייל זי (די אשרה) איז גענומען געוואָרן דורך די הענט פון א מענטש (תפיסת ידי אדם, ווייל א מענטש האָט זי געפלאנצט), און יעדע זאך וואָס איז גענומען געוואָרן (צו באהאפטן געוואָרן) דורך א מענטש (און מען האָט עס געמאכט פאר א עבודה זרה) איז אסור. **די גמרא זאָגט, אז דער חילוק צווישן ר׳ יוסי הגלילי און דעם ערשטן תנא** (דעם תנא קמא אין דער דאָזיקער משנה) **איז אין דעם, וואָס לויט ר׳ יוסי, אויב מען האָט געפלאנצט א בוים און דערנאָך האָט מען צו אים אָנגעהייבן דינען ווי צו אן עבודה זרה, איז ער אסור; אָבער לויט דעם תנא קמא איז ער מותר, ווייל מען האָט צו אים אָנגעהויבן דינען, ווען ער איז שוין געווען באהאפטן צו דער ערד.** אָמר ר׳ עקיבא, האָט ר׳ עקיבא געזאָגט (צו ר׳ יוסי הגלילי): איך וועל (דעם ענין) מסביר זיין און אויפקלערן פאר דיר (דהיינו, אז דאָס וואָס דער פסוק זאָגט אין דברים י״ב, ב׳ „את אלהיהם על ההרים הרמים ועל הגבעות ותחת כל עץ רענן, מיינט ער צו געבן א סימן צו די יידן, אז ווען זיי וועלן קומען קיין ארץ ישראל זאָלן

**וְאָדוֹן לְפָנֶיךָ. כָּל מָקוֹם שֶׁאַתָּה מוֹצֵא הַר גָּבוֹהַּ וְגִבְעָה נִשָּׂאָה וְעֵץ רַעֲנָן, דַּע שֶׁיֵּשׁ שָׁם ע״ז: ו מִי שֶׁהָיָה בֵיתוֹ סָמוּךְ לַע״ז וְנָפַל, אָסוּר לִבְנוֹתוֹ. כֵּיצַד יַעֲשֶׂה? כּוֹנֵס בְּתוֹךְ שֶׁלּוֹ (אַרְבַּע אַמּוֹת) וּבוֹנֶה. הָיָה שֶׁלּוֹ וְשֶׁל ע״ז נִדּוֹן מֶחֱצָה עַל מֶחֱצָה, אֲבָנָיו עֵצָיו וַעֲפָרוֹ מְטַמְּאִין כְּשֶׁרֶץ, שֶׁנֶּאֱמַר שַׁקֵּץ תְּשַׁקְּצֶנּוּ. רַבִּי עֲקִיבָא אוֹמֵר, כְּנִדָּה, שֶׁנֶּאֱמַר תִּזְרֵם כְּמוֹ דָוָה, צֵא תֹּאמַר לוֹ. מַה נִּדָּה מְטַמְּאָה בְּמַשָּׂא, אַף ע״ז מְטַמְּאָה בְּמַשָּׂא: ז שְׁלֹשָׁה בָתִּים**

זיי וויסן), אז אין יעדן אָרט וואו דו געפינסט א הויכן בארג, און א העכער בערגל און א בליענדיקן בוים, זאָלסטו וויסן אז דאָרט איז פאראַן א עבודה זרה (צו וועלכן דאָס פריערדיקע פאָלק אין ארץ ישראל, די כנעניים, דינען). **און די יידן זאָלן דאָרט נאָכזוכן די עבודה זרה און זי געפינען און פארניכטן. ר׳ עקיבא וויל זאָגן דערמיט אז פון די ווערטער אין פסוק „תחת כל עץ רענן״ (אונטער יעדן בליענדיקן בוים) קאָן מען ניט אָפּלערנען אז דער בוים אליין ווערט ניט געאסרט (פּונקט ווי מען לערנט אָפּ פון „אלהיהם על ההרים״), נאָר דאָס איז אלץ א סימן צו וויסן וואו די עבודה־זרות געפינען זיך. אָבער דער בוים אליין ווערט אויך אסור, ווארום דער פסוק זאָגט דאָך דאָרט אין דברים י״ב, ג׳ „ואשריהם תשרפון באש, און זייערע אָפּגאָט־ביימער זאָלסטו פארברענען אין פייער״.**

ו. מי שהיה, אויב איינער (א ייד) האָט געהאט א הויז נאָנט צו א עבודה־זרה (נאָכדעם ווי ער האָט אויפגעשטעלט זיין הויז, האָבן גויים צו איין וואנט פון זיין הויז צוגעשטעלט א עבודה־זרה־הויז און געדינט צום דאָזיקן הויז), און זיין (דעם ייד׳ס) הויז איז איינגעפאלן, טאָר ער עס ניט צוריק אויפבויען (אויפן זעלביקן אָרט). וואָס זאָל ער טאָן ? ער זאָל אריינציען אין זיין (הויף, פיר איילן) און דאָרט בויען (דאָס הויז). **אָבער די דאָזיקע פיר איילן זאָל ער ניט לאָזן ליידיק, מחמת דערמיט גיט ער דאָך דער עבודה־זרה א ליידיקן פלאץ, נאָר ער זאָל עס אָנפילן מיט שטעכעדיקע דערנער.** היה שלו, אויב זי (די וואנט פון זיין הויז צו וועלכער עס איז געווען צוגעשטעלט דאָס עבודה־זרה־הויז) איז געווען (בשותפות) זיינס און דער עבודה־זרה׳ס (די שטיינער און דאָס האָלץ און די ליימיקע ערד און דער פלאץ פון דער וואנד האָבן געהערט צוביידן, און זיין הויז איז איינגעפאלן), ווערט ער (דער פלאץ פון דער וואנט) געפּסקנט העלפט אויף העלפט. **למשל אויב דער פלאץ האָט פארנומען אן אייל, דארף דער ייד אפּרוקן זיך ניט 4 איילן, נאָר 3 און א האלבע אייל פון דעם אָרט פון פלאץ, אזוי אז צוזאמען מיט זיין האלבן אייל פון וואנט־פלאץ וועט עס זיין 4 איילן אָפּגערוקט פון דער עבודה זרה.** אבניו, אירע (דער וואנט׳ס) שטיינער און געהילץ און ((ליימיקע) ערד זענען מטמא (ווער עס רירט זיי אָן ווערט טמא) אזוי ווי א שרץ (אזוי ווי איינער רירט אָן א טויטן שרץ), ווארים עס ווערט גזאָגט (דברים ז׳, כ״ו „שקץ תשקצנו, דו זאָלסט אים (די עבודה זרה) פארמיאוסן״. **פון וואָרט „שקץ״ לערנט מען אָפּ אז עס האָט דעם דין פון א שקץ, א שרץ. די משנה מיינט דאָ צו זאָגן אז אפילו די העלפט שטיינער וואָס דער ייד האָט אין דער איינגעפאלענער וואַנט איז אויך מטמא, ווייל מען קאָן דאָך ניט וויסן וועלכע זענען דער עבודה זרה׳ס און וועלכע זענען דעם ייד׳ס. א שרץ איז מטמא נאָר ווען מען רירט אים אָן, במגע, אָבער ניט ווען מען טראָגט אים** (במשא) **און מען רירט אים ניט אָן.** ר׳ עקיבא זאָגט (אז די שטיינער און די געהילץ און די ליים איז מטמא) ווי א נידה (א פרוי אין איר מאָנאטליכער בלוטיגונגס־צייט, וועלכע איז מטמא אויך דורך טראָגן זי, במשא) ווארום עס ווערט געזאָגט (ישעיה ל׳, כ״ב) „תזרם כמו דוה צא תאמר לו, באזייטיקט זיי (די עבודה זרות) ווי א נידה, גיי ארויס! זאָג צו אים!״, פונקט ווי א נידה איז מטמא דורך ווערן טראָגן אזוי איז אויך א עבודה זרה מטמא דורך טראָגן (במשא).

הֵן. בַּיִת שֶׁבְּנָאוֹ מִתְּחִלָּה לַע"ז, הֲרֵי זֶה אָסוּר. סִיְּדוֹ וְכִיְּרוֹ לַע"ז וְחִדֵּשׁ, נוֹטֵל מַה שֶּׁחִדֵּשׁ. הִכְנִיס לְתוֹכָהּ ע"ז וְהוֹצִיאָהּ, הֲרֵי זֶה מֻתָּר. שָׁלֹשׁ אֲבָנִים הֵן, אֶבֶן שֶׁחֲצָבָהּ מִתְּחִלָּה לְבִימוֹס הֲרֵי זוֹ אֲסוּרָה, סִיְּדָהּ וְכִיְּרָהּ לְשֵׁם ע"ז (וְחִדֵּשׁ, נוֹטֵל מַה שֶּׁחִדֵּשׁ). הֶעֱמִיד עָלֶיהָ ע"ז וְסִלְּקָהּ, הֲרֵי זוֹ מֻתֶּרֶת. שָׁלֹשׁ אֲשֵׁרוֹת הֵן, אִילָן שֶׁנְּטָעוֹ מִתְּחִלָּה לְשֵׁם ע"ז, הֲרֵי זֶה אָסוּר. גְּדָעוֹ וּפִסְּלוֹ לְשֵׁם ע"ז, וְהֶחֱלִיף, נוֹטֵל מַה שֶּׁהֶחֱלִיף. הֶעֱמִיד תַּחְתֶּיהָ

**די דאָזיקע ווערטער פון ר' עקיבא דערקלערן מיר אין שבת פרק ט' משנה א'.**

ז. שלשה, עס זענען פאראן דריי (סאָרטן) הייזער (בנוגע עבודה זרה). **די דאָזיקע דריי הייזער־הלכות זענען:** בית שבנאו, א הויז וואָס מען האָט באלד אין זיין אָנהויב געבויט פאר א עבודה זרה־וועגן, איז עס אסור. **דאָס איז איין הויז־הלכה.** סיידו, (אויב א הויז איז געווען געבויט סתם, פאר א וואוינונג, נאָר דערנאָך) האָט מען עס ארומגעקאלעכט אָדער באפוצט (כיירו) (פאר דער עבודה זרה) אָדער מען האָט צוגעגעבן (צום הויז) נייע זאכן (דאָס אלץ האָט מען געטאָן פאר דער עבודה־זרה וועגן), דארף מען צונעמען דאָס נייע (וואָס מען האָט צוגעגעבן). **מען קראצט אָפּ דעם קאלך, אָדער די באפוצונגען, אָדער די נייע זאכן וואָס מען האָט צוגעגעבן, אזוי אז דאָס הויז בלייבט ווי עס איז געווען פריער, און עס איז כשר. דאָס איז די צווייטע הויז־הלכה.** הכניס, אויב מען האָט אין אים (אין א הויז, וואָס איז געווען א כשר הויז) אריינגעטראָגן א עבודה זרה (א געצנבילד, אויף א ווײַלע) און מען האָט עס (די עבודה זרה) צוריק ארויסגענומען, איז עס מותר. **ביים דאָזיקן הויז דארף מען גאָרניט טאָן, און עס איז מותר, א ייד מעג עס נוצן. דאָס איז די דריטע הויז־הלכה.** שלש אבנים, דריי (סאָרטן) שטיינער זענען פאראן (בנוגע עבודה־זרה). **פונקט ווי פריער ביי די הייזער־הלכות איז אויך פאראן דריי הלכות וועגן שטיינער.** אבן שחצבה, א שטיין, וואָס מען האָט ארומגעהאקט באלד פון אָנהויב ער זאָל זיין א געשטעל (בימוס, אויף וועלכן מען זאָל אוועקשטעלן די עבודה־זרה, דאָס געצנבילד), איז ער אסור. **דאָס איז דער ערשטער סאָרט שטיין.** סיידה, אויב מען האָט אים (דעם שטיין, וועלכער איז געהאט ארומגעהאקט געוואָרן אלס סתם שטיין, דערנאָך) ארומגעקאלעכט און ארומבאפוצט פאר דער עבודה־זרה וועגן, און מען האָט צוגעגעבן צו אים עפּיס א נייע זאַך, נעמט מען אַראָפּ (פון שטיין) צוריק דאָס נייע. **מען נעמט אראָפּ פון אים דעם קאלך און די באפוצונג און די צוגעגעבענע נייע זאַך, און דעם שטיין מעג מען נוצן. דאָס איז דער צווייטער סאָרט שטיין.** העמיד, אויב מ'האָט אין דעם שטיין, וועלכן מען האָט פריער ארומגעהאקט סתם, גאָרניט צוגעגעבן, נאָר) מען האָט ארויפגעשטעלט אויף אים א עבודה־זרה (א געצנבילד) און מען האָט זי (די עבודה זרה) צוריק אראָפּגענומען, איז ער (דער שטיין) מותר. **דאָס איז דער דריטער סאָרט שטיין. דאָס איז דער זעלביקער דין וואָס פריער ביים הויז מחמת אין דעם שטיין גופא איז דאָך גאָרניט געטאָן געוואָרן. וועגן „בי־מוס" זע פריער פרק א' משנה ז'.** שלש אשרות, עס זענען פאראן דריי (סאָרטן) ביי־מער (בנוגע עבודה זרה). **אויך ביי ביימער זענען עס דיזעלבע הלכות וואָס פריער ביי הייזער און ביי שטיינער.** אילן, א בוים וועלכן מען האָט באלד אין אָנהויב געפלאנצט פאר דער עבודה־זרה וועגן, איז עס אסור. **דאָס איז דער ערשטער סאָרט בוים.** גדעו, אויב מען האָט אים (א סתם בוים, אזעלכן וועלכן מען האָט ניט געפלאנצט פאר דער עבודה־זרה), ארומגעשניטן (גדעו, ארומגעשניטן צווייגן) און ארומגעהאקט (פסלו, ארומגעהאקט דעם בוים אליין) פאר דער עבודה־זרה וועגן, און ער (דער בוים) איז צוריקגעוואקסן (החליף), נעמט ער אראָפּ וואָס ער האָט צוריקגעוואקסן. **און מען מעג דאמאָלס דעם בוים נוצן. וועגן וואָרט „החליף", „צעוואקסן", זע אין שביעית פרק א' משנה ח'** („אילן שנגמם והוציא חליפין"). „חלף" „וואקסן" **איז פאראן אין**

ע"ז וּבִטְּלָהּ, הֲרֵי זֶה מֻתָּר. אֵיזוֹ הִיא אֲשֵׁרָה? כָּל שֶׁיֵּשׁ תַּחְתֶּיהָ ע"ז. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, כָּל שֶׁעוֹבְדִין אוֹתָהּ. וּמַעֲשֶׂה בְצִידוֹן, בְּאִילָן שֶׁהָיוּ עוֹבְדִין אוֹתוֹ וְהָיָה תַּחְתָּיו גַּל. אָמַר לָהֶן רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּדְּקוּ אֶת הַגַּל הַזֶּה, וּבְדָקוּהוּ וּמָצְאוּ בוֹ צוּרָה. אָמַר לָהֶן הוֹאִיל וְלַצּוּרָה הֵן עוֹבְדִין, נַתִּיר לָכֶם אֶת הָאִילָן: ח לֹא יֵשֵׁב בְּצִלָּהּ, וְאִם יָשַׁב טָהוֹר. וְלֹא יַעֲבוֹר תַּחְתֶּיהָ, וְאִם עָבַר טָמֵא. הָיְתָה גוֹזֶלֶת אֶת הָרַבִּים, וְעָבַר תַּחְתֶּיהָ טָהוֹר. וְזוֹרְעִין תַּחְתֶּיהָ יְרָקוֹת

**תהלים צ׳ (יציץ וחלף) און אנדערע ערטער. דאָס איז דער צווייטער סאָרט בוים.** העמיד, אויב מען האָט אונטער אים (אונטער א סתם בוים, וועלכן מען האָט ניט פאַרפלאַנצט פאַר דער עבודה זרה וועגן און מען האָט אים ניט אָרומגעהאַקט) אוועק־געשטעלט א עבודה־זרה (א געצנבילד), און דערנאָך האָט מען זי (די עבודה זרה) מבטל געווען (געמאַכט פאַר אויס עבודה־זרה) איז ער (דער בוים) מותר. **און א ייד מעג אים נוצן; מחמת אין בוים גופא איז דאָך גאָרניט געשען, דאָס איז דער דריטער סאָרט בוים. וועגן דעם ווי אזוי מען איז מבטל א עבודה זרה זע ווייטער פרק ד׳ משנה ה׳.** איזו, וואָס הייסט אן אשרה (אן אָפּגאָט־בוים)? יעדער (בוים) אונטער וועלכן עס איז פאַראַן א עבודה זרה (א געצנבילד); ר׳ שמעון זאָגט, יעדער (בוים) צו וועלכן מען דינט (ווי צו א עבודה זרה). **ר׳ שמעון איז מחולק אויף דער פריער־דיקער הלכה אין דער משנה וועגן דריטן סאָרט בוים, און ער האַלט, אז אפילו ווען די עבודה זרה, דאָס געצנבילד געפינט זיך אונטער דעם בוים, אָבער קוים דינט מען ניט צום בוים גופא נאָר צום געצנבילד, הייסט ניט דער בוים קיין אשרה און מען מעג אים נוצן.** ומעשה, און עס איז געווען א מעשה אין (דער שטאָט) צידון מיט א בוים, צו וועלכן זיי (די גויים) האָבן געדינט, און אונטער אים (דעם בוים) איז גע־ווען א בערגל (גל, א הויפן מיט שטיינער און זאמד), האָט ר׳ שמעון געזאָגט צו זיי (צו די יידן וועלכע האָבן געוואָלט נוצן דעם בוים): „אונטערזוכט דאָס דאָזיקע בערגל״, און זיי האָבן אונטערזוכט און זיי האָבן געפינען אין אים א געצנבילד (צורה, א בילד). האָט ער (ר׳ שמעון) געזאָגט צו זיי (צו די יידן): ווייל זיי (די גויים) דינען צום געצנ־בילד (וואָס איז פאַראַן אין בערגל, און ניט צום בוים גופא), וועלן מיר אויך מתיר מאַכן דעם בוים. **דאָס איז דיזעלביקע הלכה, וואָס ר׳ שמעון האָט פריער געזאָגט, אז דער בוים איז אסור נור ווען מען דינט צום בוים גופא.**

ח. לא, מען טאָר ניט זיצן אין זיין (דעם אשרה־בוימ׳ס) שאָטן; און אויב מען איז געזעסן איז מען טהור. **מיר האָבן פריער פרק ג׳ משנה ו׳ געלערנט, אז עבודה זרה איז מטמא. דאָס איז נור א טומאה מדרבנן, די חכמים האָבן איינגעפירט אז עס איז מטמא, אָבער לויט דעם דין פון דער תורה איז מען טהור. זאָגט דאָ די משנה אז אין שאָטן פון אשרה־בוים טאָר מען ניט זיצן, ווייל מען האָט דאָך הנאה פון בוימ׳ס שאָטן; אָבער אויב מען איז געזעסן איז מען טהור. מיט „דעם שאָטן פון בוים״ מיינט מען ניט דאָ „אונטער די צווייגן פון בוים״ (ווייל אין אזא פאַל איז מען יאָ טמא), נאָר מען מיינט, אין דעם לאַנגן שאָטן, וואָס דער בוים וואַרפט אויף דער ערד פאַרשטעלנדיק די זון, און ווייל ער איז ניט געזעסן אונטער די צווייגן איז ער טהור. נור זיצן טאָר מען ניט אין דאָזיקן שאָטן, אָבער פאַרבייגיין דורך אים מעג מען, ווייל ער איז דאָך ניט מכוון הנאה צו האָבן דערפון. אָבער ווען מען זיצט איז מורא צו האָבן טאָמער וועט ער זיצן לענגער בכוונה כדי הנאה צו האָבן פון שאָטן.** ולא יעבור, און מען זאָל ניט פאַרבייגיין אונטער אים (אונטער די צווייגן פון אשרה־בוים), און אויב מען איז פאַרביי געגאַנגען ווערט מען טמא. **אזוי ווי מיר האָבן פריער דערקלערט.** היתה, אויב ער (דער אשרה־בוים) האָט צוגעגזלט (אָרט) פון רבים (פון פלאַץ, וואָס געהערט צו אלע מענטשן, למשל, אירע צווייגן זענען אריבערגעבויגן אין א גאַס אריין), און מען איז פאַרבייגעגאַנגען אונטער אים (אונטער די צווייגן), איז מען

בִּימוֹת הַגְּשָׁמִים, אֲבָל לֹא בִימוֹת הַחַמָּה. וְהַחֲזָרִין לֹא בִימוֹת הַחַמָּה וְלֹא בִימוֹת הַגְּשָׁמִים. רַבִּי יוֹסֵי אוֹמֵר, אַף לֹא יְרָקוֹת בִּימוֹת הַגְּשָׁמִים, מִפְּנֵי שֶׁהַנְּמִיָּה נוֹשֶׁרֶת עֲלֵיהֶן וְהוֹוָה לָהֶן לְזֶבֶל: **ט** נָטַל מִמֶּנָּה עֵצִים, אֲסוּרִין בַּהֲנָאָה. הִסִּיק בָּהֶן אֶת הַתַּנּוּר, אִם חָדָשׁ יֻתַּץ, וְאִם יָשָׁן יוּצַּן. אָפָה בוֹ

טהור. ווי מיר האָבן געזאָגט איז די טומאה פון עבודה זרה נור מדרבנן, און דאביי האָבן די רבנן ניט גוזר געווען קיין טומאה. דער דין איז, אז אויב עס איז פאראן אן אנדער וועג זאָל מען ניט פארבייגיין אונטער די צווייגן פון אשרה־בוים וואָס בייגן זיך אריבער אין גאס אריין; אָבער אויב עס איז ניט פאראן קיין אנדער וועג, מעג מען אפילו לכתחילה פארבייגיין אונטער זיי. — ווזרעין, און מען מעג פארזייען אונטער אים (אונטער דעם בוים) ירקות (גרינסן) אין ווינטער צייט (בימות הגשמים), אָבער ניט אין זומער. אין ארץ ישראל גייט ניט זומער קיין רעגן, און עס איז כסדר די זון, און דעריבער הייסט זומער „ימות החמה‟, די זון־טעג. ווינטער גייען די רעגנס (ימות הגשמים, רעגן־טעג), און ווייל עס איז א ווארים לאנד זייט מען ווינטער ירקות און זיי וואקסן אים ווינטער. זאָגט די משנה אז ווינטער ווען די זון איז שוואך, ברענגט דאָך ניט דער שאטן פון אשרה־בוים קיין נוצן די ירקות, און דעריבער מעג מען פארזייען אונטער אים. אָבער זומער, ווען די זון ברענט, ברענגט דאָך דער אשרה־בוים־שאָטן נוצן די ירקות, דעריבער טאָר מען ניט פארזייען אונטער אים. והחזרין, און שאלאָטן (אזא גרינס) זאָל מען ניט (פארזייען אונטער דעם אשרה־בוים) ניט אין זומער און ניט אין ווינטער, ווייל פאר שאלאטן איז דער שאטן שטענדיק גוט. ר׳ יוסי זאָגט, אז מען זאָל ניט (פארזייען אונטער דעם אשרה־בוים) קיין ירקות אויך ניט אין ווינטער, ווייל דער אראָפפאל (נמיה, די בלעטלעך וואָס פאלן אראָפ פון בוים) פאלט אראָפ אויף זיי און עס איז פאר זיי מיסט (און די ירקות וואקסן דאדורך בעסער). די גמרא זאָגט, אז ר׳ יוסי האלט אויך אז מען מעג, ווארים מיר האָבן דאָך פריער פרק ג׳ משנה ג׳ געלערנט אז ר׳ יוסי האלט אז אויב דאָס מיסט פון עבודה זרה פאלט אויף פעלדער מעג מען נוצן די תבואה פון די פעלדער (ווייל זה וזה גורם מותר). נאָר ר׳ יוסי זאָגט דאָ לויט דער שיטה פון די חכמים, אז אויב עבודה־זרה־מיסט פאלט אויף פעלדער טאָר מען ניט נוצן די תבואה דערפון (ווייל זה וזה גורם אסור), דארף מען דאָך דאָ ניט פארזייען אויך אין ווינטער. אָבער די חכמים דאָ האלטן, אז דער נוצן וואָס די ירקות האָבן אין ווינטער פון דעם בוים׳ס אראָפפאל־מיסט, איז ניט גרעסער פון שאדן וואָס זיי האָבן דורך דעם שאָטן פון אשרה־בוים (מחמת ווינטער דארפן זיי האָבן אביסל זון), און ממילא הייסט עס אז די ירקות האָבן ניט קיין נוצן פון בוים. דער „ערוך‟ איז גורס „נביה‟ (אנשטאט „נמיה‟), און מען מיינט „בלעטער‟ ווי דער תרגום הושע ח׳ ז׳ זעצט איבער „צמח‟, „נוב‟.

ט. נטל, אויב מען האָט גענומען פון אים (פון דעם אשרה־בוים) האָלץ, איז עס (דאָס האלץ) אסור הנאה צו האָבן פון עס; אויב מען האָט איינגעהייצט דערמיט (מיט דעם האָלץ) אן אויוון, איז אויב דער אויוון איז געווען א נייער, זאָל מען אים צעברעכן, און אויב אן אלטער, זאָל מען אים לאָזן אויסקילן. א נייער ערדענער אויוון ווערט גוט צום באקן אין אים ווען מען הייצט אים איבער, און ער ווערט דאדורך באפעסטיקט, שטארק. דעריבער איז די הנאה פון ערשטן מאָל הייצן אים מיט דעם אשרה־האָלץ א כסדרדיקע, און מ׳מוז דערפאר דעם אויוון צעברעכן. אָבער אין א אלטן אויוון איז די הנאה פון באהייצן אים נור דאָס איינע מאָל, ווען דער אויוון איז דערהיצט; דעריבער איז גענוג ווען מען לאָזט דעם אויוון אויסקילן זיך. אפה, אויב מען האָט אין אים (אין דעם אויוון וועלכן מען האָט באהייצט מיט אשרה־האָלץ) געבאקן ברויט, איז עס (דאָס ברויט) אסור הנאה צו האָבן דערפון. ניט נור עסן טאָר מען עס ניט, נאָר אפילו פאר־קויפן צו א גוי און נוצן דאָס געלט דערפון טאָר מען אויך ניט. דאָס איז נור ווען

אֶת הַפַּת, אֲסוּרָה בַּהֲנָאָה. נִתְעָרְבָה בַּאֲחֵרוֹת, כֻּלָּן אֲסוּרוֹת בַּהֲנָאָה. רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר יוֹלִיךְ הֲנָאָה לְיָם הַמֶּלַח. אָמְרוּ לוֹ אֵין פִּדְיוֹן לַע"ז. נָטַל הֵימֶנָּה כַּרְכָּר, אָסוּר בַּהֲנָאָה. אָרַג בּוֹ אֶת הַבֶּגֶד, הַבֶּגֶד אָסוּר בַּהֲנָאָה. נִתְעָרֵב בַּאֲחֵרִים וַאֲחֵרִים בַּאֲחֵרִים. כֻּלָּן אֲסוּרִין בַּהֲנָאָה. רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר, יוֹלִיךְ הֲנָאָה לְיָם הַמֶּלַח. אָמְרוּ לוֹ אֵין פִּדְיוֹן לַע"ז: י כֵּיצַד מְבַטְּלָהּ?

דאָס ברויט באַקט זיך ביים פלאַם פייער פון האָלץ, אָבער אויב דאָס פייער איז שוין ניטאָ און דאָס ברויט באַקט זיך ביי דער היץ פון די אויוון־ווענט מעג מען עס נוצן. זע אין ערלה פרק ג׳ משנה ה׳. נתערבה, אויב דאָס (ברויט וואָס מען האָט געבאַקן ביים פייער פון אשרה־האָלץ) האָט זיך אויסגעמישט מיט אנדערע (כשרע ברויטן), זענען אלע ברויטן אסור הנאה צו האָבן פון זיי. וועגן דעם זענען פאראַן צוויי דיעות. איינע איז אז דאָס איז נור ווען דאָס געבאַקענע ברויט איז א חשובע זאַך וואָס מען ציילט („דבר שבמנין") ווי די ברייטלעך פון א פריוואַטן בעל הבית (ככרות של בעל הבית); אָבער א סתם ברויטל פון א בעקער ווערט בטל אין די כשרע ברויטן (זע ערלה פרק ג׳ משנה ז׳ די ווערטער פון ר׳ עקיבא). לויט אן אנדערער דיעה ווערט אפילו א סתם ברייטל אויך ניט בטל צוליב דער הארבקייט פון איסור פון עבודה זרה. ר׳ אליעזר זאָגט, אז (אויב עס האָט זיך אויסגעמישט אזא אשרה־האָלץ־ברויט מיט אנדערע כשרע ברויטן) זאָל מען אריינוואַרפן די הנאה דערפון (פון דעם אשרה־האָלץ ברויט, וויפיל עס איז ווערט) אין געזאַלצענעם ים (אין ים המלח). אויב למשל דאָס ברויט איז ווערט צען פרוטות, זאָל דער בעל הבית פון די ברויטן אריינוואַרפן אין ים המלח 10 פרוטות, און אלע ברויטן ווערן כשר; דער בעל הבית האָט דאָך ניט מער קיין הנאה פון דעם אשרה־האָלץ־ברויט, מחמת ער האָט דאָך זיין ווערט אריינגעוואָרפן אין ים המלח (וועגן ים המלח זע פריער משנה ג׳). אָמרו לו, האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו ר׳ אליעזר): עס איז ניטאָ קיין אויסלייזונג ביי עבודה זרה. מען קאָן דעם איסור פון עבודה זרה ניט אויסלייזן, ניט אויסטוישן אויף געלט, און דאָס ברויט איז דאָך ווייטער אסור, און מען טאָר אויך די כשרע ברויטן ניט נוצן. נטל, אויב מען האָט גענומען פון אים (פון דעם אשרה־בוים, א שטיקל האָלץ און געמאַכט דערפון) א וועבער־שיפל (כרכור, אזא שפּיציק שטיקל האָלץ, וואָס ביים וועבן א שטיקל סחורה כאַפּט עס אָן די פעדעם און וואַרפט זיי אריבער), טאָר מען דערפון (פון דעם וועבער־שיפל) קיין הנאה ניט האָבן. וועגן „כרכור", וועבער־שיפל. זע שבת פרק ח׳ משנה ז׳, און טייל זיינען גורס איןביידע ערטער „כרכוד". ארג, אויב מען האָט דערמיט (מיט דעם וועבער־שיפל פון אשרה־בוים־האָלץ) געוועבט א קלייד, טאָר מען ניט הנאה האָבן פון קלייד; אויב דאָס (קלייד) האָט זיך אויסגעמישט מיט אנדערע און די אנדערע מיט אנדערע, זענען זיי אלע אסור הנאה צו האָבן פון זיי. ר׳ אליעזר זאָגט, אז מען זאָל אריינוואַרפן די הנאה דערפון (וויפיל דאָס דאָזיקע אויסגעמישטע קלייד איז ווערט) אין געזאַלצענעם ים; האָבן זיי (די חכמים) געזאָגט צו אים (צו ר׳ אליעזר): עס איז ניטאָ קיין אויסלייזונג ביי עבודה זרה. עס איז דאָסזעלביקע וואָס פריער ביים ברויט. די גמרא זאָגט, אז די משנה האָט געלערנט ביידע, אי וועגן ברויט אי וועגן קלייד, ווייל מען וואָלט געקאָנט מיינען אז נור ביים ברויט איז ר׳ אליעזר מתיר, ווייל ווען מען באַקט דאָס ברויט ווערט דאָך דאָס האָלץ פארברענט, אָבער ביים קלייד איז דאָך כסדר פאראַן דאָס וועבער־שיפל, אסרט אויך ר׳ אליעזר. פארקערט ווידער, אויב מען וואָלט געלערנט וועגן קלייד, וואָלט מען געמיינט, אז נור דאַביי אסרן די חכמים, ווייל דאָס וועבער־שיפל איז פאראַן, אָבער ביים ברויט וואו דאָס האָלץ ווערט פארברענט איז לייכטער און אויך די חכמים זיינען מתיר. דעריבער לערנט די משנה ביידע.

קִרְסֵם וְזֵרַד, נָטַל מִמֶּנָּה מַקֵּל אוֹ שַׁרְבִיט, אֲפִלּוּ עָלֶה, הֲרֵי זוֹ בְּטֵלָה. | שְׁפָיָהּ לְצָרְכָּהּ, אֲסוּרָה, שֶׁלֹּא לְצָרְכָּהּ, מֻתֶּרֶת:

# פרק ד.

**א** רַבִּי יִשְׁמָעֵאל אוֹמֵר, שָׁלֹשׁ אֲבָנִים זוֹ בְּצַד זוֹ בְּצַד מַרְקוּלִיס

י. כיצד, ווי אזוי איז מען אים (דעם אשרה־בוים) מבטל? די משנה לערנט ווייטער פרק ד׳ משנה ד׳ און ה׳, אז מען קאָן א עבודה זרה מבטל זיין. אויב למשל א גוי ברעכט אָפּ א שטיקל פון דעם עבודה־זרה־בילד, איז ער עס דערמיט מבטל, ער מאכט עס פאר אויס עבודה זרה, און א ייד מעג עס שוין נוצן. פרעגט די משנה ווי אזוי קאָן מען מבטל זיין א אשרה־בוים, אז ער זאָל ווערן אויס אשרה און מען זאָל אים מעגן נוצן? און די משנה ענטפערט: קרסם, אויב ער (דער גוי) האָט אָפּגעהאקט (פון דעם בוים) דאַרע שפּענדלעך (צום ברענען) אָדער ער האָט אפּגעהאקט פייכטע צווייגן (זירד), אָדער ער האָט גענומען פון אים (אויסגעהאקט פון בוים א שטיק האָלץ פאר) א שטעקן, אָדער (אָפּגעהאקט פון אים צו מאכן זיך דערפון) א רוט (שרביט), (און) אפילו (ער האָט אָפּגעריסן פון דעם בוים נור) א בלאַט, איז ער (דער אשרה־בוים) בטל. ער ווערט דערמיט אויס אשרה־בוים און מען מעג אים שוין נוצן. אָבער די משנה גיט באלד צו א כלל, ווען ווערט דער אשרה־בוים בטל אויב דער גוי האָט דאָס אלץ געטאָן, דהיינו: שפיה, אויב ער האָט אים (דעם אשרה־בוים) ארומגעהאקט (די טרוקענע שפּענדלעך, צי די נאסע צווייגן, צי דעם בלאַט) פאר זיינעטוועגן (פאר דעם אשרה־בוים׳ס וועגן, כדי דער בוים זאָל שענער אויסזען), איז ער אסור. אין אזא פאל הייסט עס ניט אז דער גוי האָט געמאכט דעם בוים פאר אויס אשרה, ווארום באמת האלט ער אים ווייטער פאר אן אשרה, פאר אַן אָפּגאָט בוים, און דאָס וואָס ער האָט געטאָן די אלע זאכן, איז כדי דער אָפּגאָט־בוים זאָל זיין שענער. שלא, (אויב אָבער ער האָט דאָס געטאָן) ניט פאר זיינעטוועגן (ניט פאר דעם אשרה־בוים׳ס וועגן), איז ער (דער בוים) מותר. ווייל דערמיט האָט ער דאָך מבזה־געווען דעם אשרה־בוים, און ער האָט אים געמאכט פאר אויס אשרה. — וועגן „קרסם" און „זירד" זע שביעית פרק ב׳ משנה ג׳, וואו מיר געבן גענויער דעם טייטש דערפון.

## פרק ד.

א. ר׳ ישמעאל זאָגט; אז דריי שטיינער (אויב זיי ליגן) איינער לעבן דער אנדערער, ביי דער זייט פון א מרקוליס, זענען זיי אסור; און אויב צוויי (שטיינער), זענען זיי מותר. מרקוליס (לייען „מארקוליס") איז געווען אן אָפּגאָט, און דאָס איז ביי די רוימער געווען דער אָפּגאָט פון דעם פלאנעט־שטרן „מערקוריוס". זיין בילד איז געשטאנען אויף שטיינער אין די ערטער, וואו די וועגן צעגייען זיך, און דאָס בילד האָט געוויזן, צו וועלכע שטעט די וועגן פירן. די משנה זאָגט, אז צו דעם דאָזיקן אָפּגאָט מרקוליס פלעגט מען דינען דערמיט, וואָס מען האָט געוואָרפן צו אים א שטיין, און אז דער אָפּגאָט אליין איז געווען צוויי אָדער מער שטיינער און אויף זיי איז געלעגן א דריטער שטיין, אָדער מער שטיינער. זאָגט ר׳ ישמעאל אז אויב לעבן אזא מרקוליס־שטיינער־אָפּגאָט איז געלעגן אין דער זייט דריי שטיינער איינער לעבן דעם אנדערן (און די גמרא זאָגט, אז אפילו זיי זענען געווען ווייט פון די מרקוליס־שטיינער 4 איילן), זענען זיי אויך אסור. ווייל כאָטש די דאָזיקע דריי שטיינער ליגן דאָך ניט ווי עס איז דער שטייגער פון מרקוליס־שטיינער, ניט איינער אויף צוויי, נאָר אלע דריי איינער לעבן דעם אנדערן, פונדעסטוועגן נעמט מען אָן, אז דאָס איז א „קליינער" מרקוליס, וואָס מען האָט געמאכט לעבן א „גרויסן" מרקוליס, און ביי א קליינעם מרקוליס זענען די גויים ניט מקפיד אז זיי זאָלן ליגן דוקא איין שטיין אויף צוויי שטיינער. אָבער צוויי זענען מותר, ווייל דאָס איז אפילו ניט קיין קליינער

אֲסוּרוֹת, וּשְׁתַּיִם מֻתָּרוֹת. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים שֶׁנִּרְאוֹת עִמּוֹ אֲסוּרוֹת, וְשֶׁאֵין נִרְאוֹת עִמּוֹ מֻתָּרוֹת: **ב** מָצָא בְרֹאשׁוֹ מָעוֹת, כְּסוּת, אוֹ כֵלִים, הֲרֵי אֵלּוּ מֻתָּרִין. פַּרְכִּילֵי עֲנָבִים, וַעֲטָרוֹת שֶׁל שִׁבֳּלִים, וְיֵינוֹת, וּשְׁמָנִים, וּסְלָתוֹת, וְכָל דָּבָר שֶׁכַּיּוֹצֵא בוֹ קָרֵב עַל גַּבֵּי הַמִּזְבֵּחַ, אָסוּר: **ג** ע"ז שֶׁהָיָה לָהּ גִּנָּה אוֹ מֶרְחָץ, נֶהֱנִין מֵהֶן שֶׁלֹּא בְטוֹבָה, וְאֵין נֶהֱנִין מֵהֶן בְּטוֹבָה. הָיָה שֶׁלָּהּ וְשֶׁל אֲחֵרִים, נֶהֱנִין מֵהֶן בֵּין בְּטוֹבָה וּבֵין שֶׁלֹּא בְטוֹבָה: **ד** ע"ז שֶׁל נָכְרִי

מרקוליס, וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז אויב (שטיינער) וועלכע זעען אויס, ווי זיי זענען מיט אים („נראות" אז „עמו", אז זיי זענען אראָפּגעפאלן פון די מרקוליס־שטיינער), זענען זיי אסור, און די (שטיינער), וועלכע זעען ניט אויס, אז זיי זענען מיט אים (אז זיי זענען אראָפּגעפאלן פון מרקוליס), זענען מותר. **די חכמים האלטן, אז מען מאכט ניט קיין „קליינעם" מרקוליס לעבן א גרויסן, און דעריבער אסרן זיי נור ווען מען דערקענט אז די שטיינער זענען אראָפּגעפאלן פון מרקוליס. „מיט אים" מיינט מען אז זיי ליגן זייער נאָענט צום מרקוליס, למשל אן אייל; אזוי טייטשט די גמרא די ווערטער „שנראות עמו":**

ב. מצא, אויב מען האָט געפינען אויף אים (אין דער הויך, אויף אן אָפּגאָט) געלט, אָדער א קלייד, אָדער כלים, זענען זיי מוותר. **מחמת דאָס איז מען ניט מקריב פאר אן אָפּגאָט. אָבער אויב די זאכן זענען אזוי געלעגן, אז זיי קאָנען דינען צו באפוצן דעם אָפּגאָט, למשל געלט אין א בייטל אָנגעהאָנגען אויף זיין האלדז, אָדער א קלייד ארומגעוויקלט אויף זיינע פלייצעס צי אויף זיין קאָפּ, זענען זיי אסור.** פרכילי, (אויב מען האָט געפינען אויף דעם אָפּגאָט) שטענגלעך מיט וויינטרויבן (פרכילי ענבים), אָדער קראַנצן געמאכט פון תבואה־זאנגען (עטרות של שבלים), אָדער וויין, אָדער אייל, אָדער פיין מעל (סלתות), אָדער יעדע זאך, וואָס אזא שטייגער איז מען מקריב אויפן מזבח (מען ברענגט עס ביי יידן אין בית המקדש) איז עס אסור. **מען טאָר עס ניט נוצן, ווייל דאָס זיינען זאכן מקריב צו זיין צו דער עבודה זרה. וויינטרויבן־שטענגלעך און תבואה־זאנגען האָט מען געבראכט ביי יידן ביכורים אין בית המקדש (זע אין דער הקדמה צו מסכתא ביכורים); און וויין און אייל און פיין מעל האָט מען געבראכט אין בית המקדש אלס קרבנות.** (דאָס וואָרט „פרכילי" זאָל זיין דאָס לאַטייניש „פערגולא", קינסטליך־געדרייטע וויינטרויבן־שטענגלעך).

ג. עבודה זרה, אויב אן עבודה זרה האָט געהאַט א גאָרטן אָדער א מרחץ (באָד־אנשטאלט), מעג מען (מעג א ייד) הנאה האָבן פון זיי (עסן די פרוכטן פון דעם גאָרטן און באָדן זיך אין דעם מרחץ) אומזיסט (שלא בטובה), אָבער מען טאָר ניט הנאה האָבן פון זיי פאר באלוינונג. **מיט „בטובה" מיינט מען ניט דוקא ווען מען באצאָלט געלט דערפאר, נאָר אויך אפילו ווען מען באצאָלט ניט קיין געלט, נאָר מען גיט א דאנק דערפאר (זע שביעית פרק ד' משנה ב'). די משנה לערנט אז אפילו קיין דאנק טאָר מען אויך ניט זאָגן דערפאר.** היה, אויב זיי (דער גאָרטן צי דער מרחץ) האָבן געהערט צו איר (צו דער עבודה זרה) און צו אנדערע (צו סתם מענטשן, עס איז געווען א שותפות־זאך) מעג מען הנאה האָבן פון זיי סיי פאר א דאנק און סיי אומזיסט. **ווייל דאָס הייסט ניט אז מען גיט דעם דאנק צו דער עבודה זרה נאָר צו די אנדערע מענטשן.**

ד. עבודה זרה, א עבודה־זרה (אן אָפּגאָט־בילד) פון א גוי איז אסור באלד (מיד). **ווי נור דער גוי האָט געמאכט אָדער געקויפט דאָס בילד פאר א עבודה זרה וועגן, כאָטש ער האָט נאָכניט געדינט דערצו, איז דאָס בילד שוין א עבודה זרה און מען טאָר שוין ניט קיין הנאה האָבן דערפון.** ושל ישראל, און א עבודה־זרה (בילד) וואָס

אֲסוּרָה מִיָּד, וְשֶׁל יִשְׂרָאֵל אֵינָהּ אֲסוּרָה עַד שֶׁתֵּעָבֵד. נָכְרִי מְבַטֵּל ע״ז שֶׁלּוֹ וְשֶׁל חֲבֵרוֹ, וְיִשְׂרָאֵל אֵין מְבַטֵּל ע״ז שֶׁל נָכְרִי. הַמְבַטֵּל ע״ז בִּטֵּל מְשַׁמְּשֶׁיהָ. בִּטֵּל מְשַׁמְּשֶׁיהָ, מְשַׁמְּשֶׁיהָ מֻתָּרִין, וְהִיא אֲסוּרָה: ה כֵּיצַד מְבַטְּלָהּ? קָטַע רֹאשׁ אָזְנָהּ, רֹאשׁ חוֹטְמָהּ, רֹאשׁ אֶצְבָּעָהּ, פְּחָסָהּ אַף

געהערט צו א ייד איז ניט אסור, סיידן ווען ער (דער ישראל) האָט שוין געדינט צו איר, **די גמרא לערנט עס אָפּ פון פסוק (דברים ז׳) וועגן דער עבודה זרה פון גויים „פסילי אלהיהם״, אז ווי נור ער, דער גוי האָט אויסגעהאקט (פסל), געמאכט דאָס בילד איז עס שוין געוואָרן זיין אָפּגאָט (אלוה); אָבער ביי יידן ווערט געזאָגט (דברים כ״ז) „ושם בסתר״ (און געטאָן אין באהעלטעניש) אז דאָס בילד ווערט זיין עבודה זרה ווען ער דינט דערצו, וואָס א ייד האָט מורא צו טאָן אָפּענערהייט און ער טוט עס „בסתר״.** — נכרי, א גוי קאָן מבטל זיין זיין אייגענע עבודה זרה (דאָס עבודה־זרה בילד וואָס געהערט צו אים) און אויך (דאָס עבודה זרה־בילד) פון זיין חבר (פון אן אנדערן גוי). **אויב דער גוי האָט דאָס עבודה־זרה־בילד בשותפות מיט א ייד איז פאַראַן איין דעה, אז דער גוי קאָן מבטל זיין אויך דאָס דאָזיקע עבודה זרה בילד, און דעריבער איז פאַראַן איין גירסא אין דער משנה „ושל ישראל״, „און פון א ייד״. אן אנדערע דעה איז, אז פון א ייד קאָן דער גוי ניט מבטל זיין, ווייל „ישראל אדעתא דנפשיה פלח״, א ייד אז ער דינט צו אן עבודה זרה דינט ער לויט זיין אייגענער איבערצייגונג, און די עבודה זרה ווערט ניט שוואכער ביי אים אפילו דער גוי האָט זי שוין מבטל געווען, צונישט געמאכט. ווי אזוי מען איז „מבטל״ א עבודה זרה וועט די משנה לערנען ווייטער משנה ה׳.** וישראל, אָבער א ייד קאָן ניט מבטל זיין די עבודה זרה פון א גוי. **אפילו דער גוי האָט אים געגעבן רשות מבטל צו זיין, קאָן ער אויך ניט.** המבטל, אז איינער האָט מבטל געווען אן עבודה זרה, האָט ער אויך מבטל געווען אירע (דער עבודה זרה׳ס) באַדינונגס־זאכן. **דער דין איז אז פונקט ווי מען טאָרניט הנאה האָבן פון דעם עבודה־זרה־בילד, טאָר מען אויך ניט הנאה האָבן פון די זאכן, מיט וועלכע מען באנוצט זיך ביים באדינען די עבודה־זרה (משמשי עבודה זרה). זאָגט די משנה, אז אויב א עבודה־זרה האָט געהאַט זאכן, מיט וועלכע מען דינט צו איר, און מען האָט מבטל געווען די עבודה זרה גופא, ווערן שוין די דינסט־זאכן (די משמשים) אויך בטל, און זיי הייסן ניט מער קיין דינסט־זאכן פון א עבודה־זרה און מען מעג זיי נוצן. מחמת זייער גאנצער איסור איז דאָך וואָס זיי באדינען די עבודה זרה, אָבער קוים איז די עבודה זרה געוואָרן אויס, זענען דאָך די דינסט־זאכן ניט מער צום באדינען די עבודה זרה.** ביטל, אויב (אָבער) מען האָט מבטל געווען אירע (דער עבודה זרה׳ס) דינסט־זאכן, זענען אירע דינסט־זאכן מותר (מחמת איצט זענען זיי דאָך ניט מער קיין משמשים), און זי (די עבודה זרה אליין) איז אסור. **ווייל די עבודה זרה בלייבט דאָך אן עבודה זרה, און איר איסור איז דאָך צוליב איר אליין.**

ה. כיצד, ווי אזוי איז מען זי מבטל? **ווי אזוי ווערט א עבודה־זרה־בילד בטל אז עס זאָל מער ניט הייסן קיין עבודה־זרה?** קטע, אויב מען האָט אָפּגעהאקט דעם שפּיץ פון איר (פון דעם עבודה־זרה־בילד׳ס) אויער, אָדער דעם שפּיץ פון איר נאָז, אָדער דעם שפּיץ פון איר פינגער, אָדער מען האָט איר (דאָס עבודה־זרה־בילד) צעקלאַפּט דאָס געזיכט (פחסה, פלאַטשיק געמאכט מיט א האמער דאָס פּנים) כאָטש מען האָט גאָרניט אָפּגעהאקט פון איר (לא חיסרה, עס איז גאָרניט אראָפּגענומען געוואָרן), האָט מען זי (דאָס עבודה־זרה־בילד) מבטל געמאכט. **ווייל קוים האָט דער געצנדינער געטאָן דאָס אין בילד אליין, אָפּגעהאקט דערפון עפּיס, אָדער איינגעהאקט דאָס פּנים, איז עס א סימן, אז ער וויל עס מער ניט האָבן פאַר קיין עבודה זרה.** רקק, (אויב אָבער דער געצנדינער) האָט געשפּיגן אין איר (דער עבודה זרה׳ס) פּנים,

עַל פִּי שֶׁלֹּא חִסְּרָהּ, בִּטְּלָהּ. רָקַק בְּפָנֶיהָ, הִשְׁתִּין בְּפָנֶיהָ, גְּרָרָהּ וְזָרַק בָּהּ אֶת הַצּוֹאָה, הֲרֵי זוֹ אֵינָהּ בְּטֵלָה. מְכָרָהּ אוֹ מִשְׁכְּנָהּ, רַבִּי אוֹמֵר, בִּטֵּל, וַחֲכָמִים אוֹמְרִים לֹא בִטֵּל: ו עֲ"ז שֶׁהִנִּיחוּהָ עוֹבְדֶיהָ בִּשְׁעַת שָׁלוֹם, מֻתֶּרֶת. בִּשְׁעַת מִלְחָמָה אֲסוּרָה. בִּימוֹסְיָאוֹת שֶׁל מְלָכִים, הֲרֵי אֵלּוּ אֲסוּרִין, מִפְּנֵי שֶׁמַּעֲמִידִין אוֹתָם בִּשְׁעָה שֶׁהַמְּלָכִים עוֹבְרִים: ז שָׁאֲלוּ אֶת הַזְּקֵנִים אִם אֵין רְצוֹנוֹ בְּעֲ"ז לָמָּה אֵינוֹ מְבַטְּלָהּ? אָמְרוּ לָהֶן אִלּוּ

אָדער ער האָט משתין געווען פאר איר, אָדער ער האָט זי ארומגעשלעפט (אין צואה, אין אומריינקייט) אָדער ער האָט זי באווארפן מיט צואה (מיט אומריינקייט), ווערט זי ניט בטל. **ווייל קוים האָט ער ניט געטאָן א מעשה אין דעם עבודה־זרה־בילד אליין, קאָן זיין אז נור איצט איז ער אין כעס אויף איר, און דערנאָך וועט ער איר ווידער דינען, מחמת דאָס בילד איז דאָך גאָרניט געענדערט געוואָרן.** מכרה, (אויב דער געצנדינער) האָט זי (דאָס עבודה־זרה־בילד) פארקויפט אָדער פארזעצט אלס משכון, זאָגט רבי (ר׳ יהודה הנשיא, דער מסדר פון דער משנה), אז ער האָט (דערמיט) מבטל געמאכט (די עבודה זרה), און די חכמים זאָגן, אז ער האָט ניט מבטל געמאכט. **מען מיינט דאָ, אז ער האָט דאָס בילד פארקויפט אָדער פארמשכונט פאר א חוב ביי א גאָלדשמיד א גוי. רבי האלט, אז דערמיט האָט ער באשלאָסן אז דער גאָלדשמיד זאָל צעברעכן און צעגיסן דאָס בילד, און ממילא האָט ער עס מבטל געמאכט. אָבער די חכמים האלטן, אז ווייל ער האָט עס פארקויפט צו א גאָלדשמיד א גוי, האָט ער געטראכט ביי זיך, אז דער גאָלדשמיד וועט דאָס בילד האלטן גאנץ. אָבער אויב ער האָט עס פארקויפט אָדער פארמשכונט צו א יידישן גאָלדשמיד האלטן אויך די חכמים, אז ער האָט עס דערמיט מבטל געמאכט.**

ו. עבודה זרה, א עבודה־זרה־(בילד) וואָס אירע דינער האָבן זי איבערגעלאָזט (און זיי זענען אוועק מיט דעם באשלוס ניט מער צוריקצוקומען), אויב דאָס איז געווען אין שלום־צייט, איז זי מותר. **מחמת דערמיט וואָס זיי האָבן זי ניט מיטגענומען, האָבן זיי באוויזן אז זיי האלטן נישט פון איר, און האָבן זי מבטל געמאכט.** בשעת מלחמה, (אויב אָבער דאָס איז געווען) אין א מלחמה־צייט (די דינער זענען אנטלאָפן צוליב א מלחמה) איז זי אסור. **ווייל מען נעמט אָן, אז אין א מלחמה־צייט האָבן זיי ניט גע־האַט קיין צייט זי מיטצונעמען, אָדער זיי האָבן זיך געוואָלט פארגרינגערן דאָס אנט־לויפן און ניט באשווערן זיך מיט א משא, אָבער זיי האָבן די עבודה זרה ניט מבטל־געמאכט.** בימוסיאות, געצן־בילדער־געשטעלן וואָס מען שטעלט אויף פאר (גוישע) מלכים, (כדי אז ווען דער מלך וועט פארבייפאָרן פאר דעם אָרט זאָל מען האָבן אויף וואָס אוועקצושטעלן דאָס געצנבילד און דער מלך זאָל דערצו דינען), זענען מותר, ווייל מען שטעלט (דאָס געצנבילד אויף) זיי נור ווען די מלכים פאָרן דאָרט פארביי. **און ווייל טיילמאָל פאָרט דער מלך דורך אן אנדערן וועג, און מען באנוצט זיי ניט, הייסן זיי ניט קיין דינסט־זאכן פאר דער עבודה זרה. נאָך א טעם איז פאראן, דהיינו, ווייל ווען די געצנדינער זעען, אז דער מלך פאָרט דורך אן אנדערן וועג, זענען אויך די געצנדינער מבטל די דאָזיקע געשטעלן, אפילו זיי האָבן זיי פריער יאָ באנוצט (וועגן „בימסאות" זע פריער פרק א׳ משנה ז׳).**

ז. שאלו, מען האָט (מענטשן האָבן) געפרעגט די (יידישע) זקנים (חכמים): אויב ער (גאָט) וויל ניט די עבודה־זרה (אז מען זאָל דינען צו געצן) פארוואָס פאר־ניכטעט ער זיי ניט **„זקנים" איז געווען א טיטל פאר יידישע חכמים (זע יומא פרק א׳ משנה ה׳). די פראַגע איז געווען: פארוואָס לאָזט גאָט, דער כל יכול, עקזיס־טירן די געצנבילדער?** אָמרו להן, האָבן זיי (די יידישע חכמים) געזאָגט צו זיי (צו די פרעגער), ווען זיי (די געצנדינער) וואָלטן געדינט (נור) צו זאכן, וועלכע די וועלט

לְדָבָר שֶׁאֵין צָרִיךְ לָעוֹלָם בּוֹ הָיוּ עוֹבְדִין הָיָה מְבַטְּלוֹ. הֲרֵי הֵן עוֹבְדִין לַחַמָּה וְלַלְּבָנָה וְלַכּוֹכָבִים וְלַמַּזָּלוֹת. יְאַבֵּד עוֹלָמוֹ מִפְּנֵי הַשּׁוֹטִים? אָמְרוּ לָהֶן אִם כֵּן יְאַבֵּד דָּבָר שֶׁאֵין צוֹרֶךְ לָעוֹלָם בּוֹ, וְיַנִּיחַ דָּבָר שֶׁצּוֹרֶךְ הָעוֹלָם בּוֹ. אָמְרוּ לָהֶן אַף אָנוּ מַחֲזִיקִין יְדֵי עוֹבְדֵיהֶן שֶׁל אֵלּוּ, שֶׁאוֹמְרִים תֵּדְעוּ שֶׁהֵן אֱלוֹהוֹת שֶׁהֲרֵי הֵן לֹא בָטֵלוּ: **ח** לוֹקְחִין גַּת בְּעוּטָה מִן הַנָּכְרִי אַף עַל פִּי שֶׁהוּא נוֹטֵל בְּיָדוֹ וְנוֹתֵן לַתַּפּוּחַ, (ו)אֵינוֹ נַעֲשָׂה יֵין נֶסֶךְ

דארף ניט האָבן, וואָלט ער (גאָט) זיי געוועזן פארניכטעט, אָבער זיי דינען דאָך (אויך) צו דער זון און צו דער לבנה און צו די שטערן און צו די פלאנעטן־שטערן (מזלות), צי שוין זשע זאָל ער (גאָט) פארניכטן זיין וועלט צוליב די נאראָנים (וועלכע דינען צו די אלע הימל־קערפער ווי צו אָפגעטער)? **די מפרשים באמערקן דאָ, אז זיי האָבן דאָך געקאָנט אָפרעגן: זאָל גאָט פארניכטן די נאראָנים, די געצנדינער זעלבסט? און עס ווערן דאריף געגעבן עטליכע תירוצים, איינער פון זיי איז, אז גאָט האָט אריינ־געגעבן אין מענטש די „בחירה", אז ער אליין זאָל זיך אויסוויילן צווישן גוטן און שלעכטן, און אויב די מענטשן וואָלטן פארניכטעט געוואָרן באלד פאר זייער געצנ־דינסט, וואָלט דאָך מער קיין בחירה ניט געווען.** אָמרו להן, האָבן זיי (די פרעגער) גע־זאָגט צו זיי (צו די יידישע חכמים): אויב אזוי, זאָל ער פארניכטן די זאך (די געצן) וואָס די וועלט דארף זי ניט האָבן, און זאָל לאָזן (עקזיסטירן) די זאך (צו וועלכער די געצנדינער דינען און) וועלכע די וועלט דארף יאָ האָבן? — האָבן זיי (די יידישע חכמים אָפגעענטפערט: סטייטש, דאדורך וואָלטן געוואָרן געשטארקט די הענט (דער גלויבן) פון די (געצנדינער) וועלכע דינען צו די דאָזיקע (נוצליכע זאכן, ווי צו דער זון און דער לבנה), מחמת זיי וואָלטן געזאָגט: „איר זאָלט וויסן, אז זיי (די זון און די לבנה) זענען געטער, ווארום זיי זענען דאָך ניט פארניכטעט געוואָרן". **דעריבער לאָזט גאָט אלע עקזיסטירן, און עס איז נור אָנגעזאָגט געוואָרן דעם מענטש, אז ער זאָל צו זיי ניט דינען.**

ח. לוקחין, מען מעג (א ייד מעג) קויפן א געטרעטענעם וויינקעלטער (וויינ־טרויבן געטרעטן אין א וויינקעלטער) פון א גוי. **די דאָזיקע משנה און אלע ווייטער־דיקע משנות ביז צום סוף פון דער מסכתא לערנען דינים וועגן גוייאישן וויין. מיר האָבן געלערנט פריער אין פרק ב' משנה ב' אז וויין פון א גוי טאָר מען ניט טרינקען און אויך ניט הנאה האָבן פון אים, דאָס הייסט, מען טאָרניט פארקויפן אזא וויין און נוצן דאָס געלט דערפון. זאָגט די משנה, אז אויב א גוי האָט אריינגעלייגט אין וויינ־קעלטער** (אין אויבערשטן טייל פון גת, פון קעלטער) **וויינטרויבן צו מאכן פון זיי וויין, און ער האָט צוערשט זיי צעטרעטן** (צעקוועטשט)**, און פון די דאָזיקע צעטרעטענע וויינטרויבן דארף ערשט אראָפרינען דער זאפט פון די וויינטרויבן אין אונטערשטן טייל פון קעלטער** (אין „בור", אין דעם אויסגעקיילעכטן גרוב) **וואו ער ווערט וויין, — מעג א ייד אָפקויפן ביים גוי דעם קעלטער געטרעטענע וויינטרויבן, מחמת זיי הייסן נאָכניט קיין וויין.** אף על פי, און (דער ייד מעג קויפן די געטרעטענע וויינ־טרויבן) כאָטש ער (דער גוי נעמט מיט זיין האנט (געטרעטענע וויינטרויבן) און לייגט אריף אויפן בערגל (תפוח). **ווען די וויינטרויבן זענען גוט צעטרעטן, נעמט מען זיי צונויף און מען לייגט זיי צוזאמען אין איין בערגל, וואָס הייסט „תפוח" (פון וואָרט „תפח", אָנגעבלאָזן (זע פסחים פרק ג' משנה ד' „תפח תלטוש בצונן"), און פון דאָרט רינט אראָפ דער זאפט פון זיי אין דעם „בור", אין דעם גרוב. זאָגט די משנה, אז אפילו אויף דעם „תפוח" הייסן נאָך אלץ ניט די וויינטרויבן קיין וויין.** ואינו, און ער (דער וויין, דער זאפט) ווערט ניט קיין יין נסך סיידן ער איז שוין אראָפגעקומען (אונטן) אין בור (אין גרוב). **טייל טייטשן אז די משנה איז דאָ מסביר דעם טעם פון**

עַד שֶׁיֵּרֵד לַבּוֹר. יָרַד לַבּוֹר, מַה שֶּׁבַּבּוֹר אָסוּר, וְהַשְּׁאָר מֻתָּר: ט דּוֹרְכִין עִם הַנָּכְרִי בַּגַּת, אֲבָל לֹא בוֹצְרִין עִמּוֹ. יִשְׂרָאֵל שֶׁהוּא עוֹשֶׂה בְּטֻמְאָה, לֹא דוֹרְכִין וְלֹא בוֹצְרִין עִמּוֹ. אֲבָל מוֹלִיכִין עִמּוֹ חָבִיּוֹת לַגַּת, וּמְבִיאִין עִמּוֹ מִן הַגַּת. נַחְתּוֹם שֶׁהוּא עוֹשֶׂה בְּטֻמְאָה, לֹא לָשִׁין וְלֹא עוֹרְכִין עִמּוֹ, אֲבָל מוֹלִיכִין עִמּוֹ פַּת לַפַּלְטָר: י נָכְרִי שֶׁנִּמְצָא עוֹמֵד בְּצַד הַבּוֹר שֶׁל יַיִן,

פאַריקן דין, פאַרוואָס מען מעג קויפן די צעטרעטענע וויינטרויבן, ווייל דער זאפט קאָן ווערן יין נסך ערשט ווען ער איז שוין אונטן אין גרוב. ירד לבור, אויב ער (דער וויין, דער זאפט פון די צעטרעטענע וויינטרויבן) איז שוין אראָפּגעקומען (אונטן) אין גרוב, איז דאָס (דער זאפט) וואָס איז פאראַן אין גרוב, אסור (אויב א גוי האָט אים אָנגערירט), און דאָס איבריקע (דער זאפט וואָס איז נאָכנישט אראָפּ־גערינען אין גרוב) איז מותר. אפילו ווען א גוי האָט אים אָנגערירט מעג א ייד דעם זאפט טרינקען.

ט. דורכין, מען מעג טרעטן (וויינטרויבן) צוזאמען מיט א גוי אין (זיין) וויינ־קעלטער. א יידישער ארבייטער מעג זיך פארדינגען ביי א גוי צו טרעטן מיט אים זיינע וויינטרויבן און נעמען דערפאר באצאָלט; דאָס הייסט ניט (ווי מיר האָבן גע־לערנט פריער אין משנה ח') געארבעט און פארדינט פון יין נסך, ווייל עס הייסט ניט קיין וויין ביז עס גייט אראָפּ אין גרוב. אָבל לא, אָבער מען טאָר ניט מיט אים אָפּ־שניידן וויינטרויבן (פון בוים). ווייל דער גוי לייגט אריין דערנאָך די וויינטרויבן אין טמא'דיקן וויינקעלטער, און עס הייסט דאריבער ווי מען העלפט אים מטמא זיין עסנ־ווארג אין ארץ ישראל, און דאָס טאָר מען ניט (זע דמאי פרק ב' משנה ג'). אָבער ווען דער גוי האָט זיי שוין אָפּגעשניטן און ער האָט זיי שוין סיי ווי מטמא געווען, מעג מען אים העלפן טרעטן זיי אין וויינקעלטער. ישראל, א ייד, וועלכער ארבייט (טרעט די וויינטרויבן) אין טומאה (ווען ער איז טמא אָדער די כלים זענען טמא און ער איז מטמא די וויינטרויבן), טאָר מען ניט טרעטן מיט אים און מען טאָר אויך ניט אָפּ־שניידן (די וויינטרויבן) מיט אים. מען טאָרניט שניידן מיט אים, ווייל ער וועט מטמא זיין די וויינטרויבן, און מען טאָרניט אויך טרעטן מיט אים, כדי אים ניט צוגעוואוי־נען צו טרעטן וויינטרויבן בטומאה; ביי א ייד איז עס הארבער ווייל ער דארף דאָך אָפּשיידן תרומה און מעשרות פון די וויינטרויבן, און מטמא זיין תרומה און מעשרות איז א הארבערע עבירה ווי מטמא זיין געוויינטליכע עסנווארג. אבל, אָבער מען מעג מיט אים (העלפן אים) פירן ליידיקע פעסער צום וויינקעלטער, און ברענגען (פולע) פעסער (וויין) פון וויינקעלטער. ווייל עס איז שוין סיי ווי אלץ טמא, און עס איז שוין א פארפאלענע זאך. נחתום, א בעקער, וועלכער באקט (ברויט) בטומאה, טאָר מען ניט קנעטן מיט אים און ניט אויסוועלגערן (דאָס טייג) מיט אים; אָבער (נאָכדעם ווי דאָס ברויט איז שוין אָפּגעבאקן) מעג מען פירן מיט אים (העלפן אים פירן) דאָס ברויט צום ברויט־הענדלער. מחמת דאָס ברויט איז שוין סיי ווי טמא, וועגן וואָרט „פלטר", „ברויט־הענדלער" זע אין פירוש צו דמאי פרק ה' משנה ד'. — די דאָזיקע משנה איז דאָ געלערנט געוואָרן דרך אגב, ווייל מען האָט געלערנט פריער דעם דין וועגן מעגן העלפן א גוי טרעטן וויינטרויבן אין קעלטער און מען האלט זיי ניט פאר יין נסך.

י. נכרי, אויב מען געפינט א גוי שטיין לעבן דעם גרוב (אין וויינקעלטער), אין וועלכן עס איז פאראַן וויין (און וועלכער געהערט צו א ייד), איז (דער דין אז) אויב ער (דער גוי) האָט אויף אים (אויף דעם וויין) א חוב, איז ער (דער וויין) אסור. מען מיינט, אז דער ייד האָט געבאָרגט געלט ביים גוי און האָט אים געזאָגט, אז אויב ער וועט אים ניט באצאָלן דאָס געלט, זאָל דער גוי צונעמען דעם וויין. מען האָט דאָ־ריבער מורא, טאָמער האָט דער גוי אָנגערירט דעם וויין צו זען, צי ער איז גוט.

אִם יֵשׁ לוֹ עָלָיו מִלְוֶה אָסוּר. אֵין לוֹ (עָלָיו מִלְוֶה) מֻתָּר. נָפַל לַבּוֹר וְעָלָה, וּמְדָדוֹ בַּקָּנֶה, הִתִּיז אֶת הַצִּרְעָה בַּקָּנֶה, אוֹ שֶׁהָיָה מְטַפֵּחַ עַל פִּי הֶחָבִית מְרוּתַּחַת, בְּכָל אֵלּוּ הָיָה מַעֲשֶׂה, וְאָמְרוּ יִמָּכֵר. וְרַבִּי שִׁמְעוֹן מַתִּיר. נָטַל אֶת הֶחָבִית וּזְרָקָהּ (בַּחֲמָתוֹ) לַבּוֹר, זֶה הָיָה מַעֲשֶׂה וְהִכְשִׁירוּ: **יא** הַמְטַהֵר יֵינוֹ שֶׁל נָכְרִי וְנוֹתְנוֹ בִּרְשׁוּתוֹ, בְּבַיִת הַפָּתוּחַ לִרְשׁוּת הָרַבִּים, בְּעִיר שֶׁיֵּשׁ בָּהּ נָכְרִים וְיִשְׂרְאֵלִים מֻתָּר. בְּעִיר שֶׁכֻּלָּהּ נָכְרִים אָסוּר עַד שֶׁיּוֹשִׁיב שׁוֹמֵר. וְאֵין הַשּׁוֹמֵר צָרִיךְ לִהְיוֹת יוֹשֵׁב וּמְשַׁמֵּר, אַף עַל פִּי שֶׁהוּא יוֹצֵא

אין לו, אויב ער (דער גוי) האָט ניט אויף אים (אויף דעם וויין) קיין חוב, איז ער מותר, **מעג מען טרינקען דעם וויין, ווייל דער גוי האָט מורא אָנצורירן דעם וויין, טאָמער וועט מען אים כאפן, ווארום אפילו אריינגיין אין ווינקעלטער האָט ער דאָך ניט געטאָרט, און מען קאָן אים כאפן ווי א גנב.** נפל, אויב ער (א גוי) איז אריינגעפאלן אין א (יידישן) גרוב מיט וויין און מען האָט אים ארויסגענומען פון דאָרט (א טויטן) אָדער ער (דער גוי) האָט געמאָסטן (דעם וויין) מיט א שטעקעלע, אָדער ער האָט ארויסגעוואָרפן (התיז) מיט א שטעקעלע א ווילדע בין (צירעה, פון וויין ארויס), אָדער ער האָט (מיט דער האנט) געקלאפט אויף (דעם שוים) אין דער הויך פון א שוימנדיקער פאס (מרותחת, מיט וויין־שוים אין דער הויך), — אין די אלע דאָזיקע פאלן איז געווען א מעשה (און מען איז געקומען מיט א שאלה צו די חכמים און זיי האָבן געזאָגט, אז מען זאָל (דעם וויין) פארקויפן (צו א גוי). **דאָס הייסט ניט קיין יין נסך, אָבער א ייד טאָר דעם וויין ניט טרינקען, און דעריבער זאָל מען אים פארקויפן. אָבער הנאה האָבן פון דעם געלט פאר דעם פארקויפטן וויין מעג מען. אויב אָבער דער גוי וואָלט (נאָכן אריינפאלן אין וויין־גרוב) געוועזן ארויסגעקומען לעבעדיקערהייט, וואָלט דער וויין געוועזן יין נסך, ווייל ער וואָלט מסתמא מנסך געוועזן דעם וויין צו דער עבודה זרה אלס דאנק פאר דער רעטונג.** ור׳ שמעון, און ר׳ שמעון איז מתיר. **ער האלט, אז א ייד מעג אין די אלע פריער דערמאָנטע פאלן, אויך טרינקען דעם וויין.** נטל, אויב איינער (א גוי) האָט גענומען א פאס און זי געוואָרפן (מיט כעס) אין א וויין־גרוב אריין, אזא מעשה האָט זיך געטראָפן, און זיי (די חכמים) האָבן אים (דעם וויין) מכשיר געווען. **זיי האָבן געזאָגט, אז ער איז כשר און אז א ייד מעג אים אפילו טרינקען.**

יא. המטהר, אז איינער (א ייד) מאכט ריין דעם וויין פון א גוי (דער ייד אר־בייט אויס דעם גוי׳ס ווייַנטרויבן און מאכט פון זיי וויין, און דער גוי רירט זיך ניט צום וויין, כדי מען זאָל אים קאָנען פארקויפן צו יידן), און ער לאָזט דעם וויין (אין פעסער) אין זיין (דעם גוי׳ס) רשות, אין (דעם גוי׳ס) הויז, וואָס איז אָפן אין רשות הרבים אריין (אין א גאס אריין וואו אלע מענטשן גייען), אויב דאָס איז אין א שטאָט, וואו עס זענען פאראן גויים און יידן, איז ער (דער וויין) מותר. **דער גוי וועט מורא האָבן צוצוגיין צום וויין, ווייל ער וועט ביי זיך טראכטן, טאָמער גייט פארביי דורך דער גאס א ייד און ער וועט זען ווי ער, דער גוי, איז צוגעגאנגען צום וויין, און מען וועט אים אסרן דעם וויין. רשי טייטש, אז מען מיינט דאָ, ווען דער גוי האָט געשריבן א קוויטל צום ייד אז ער האָט ביי אים באקומען דאָס געלט פאר דעם וויין, און דער וויין איז כשר אפילו דער וויין איז ניט פארשלאָסן און עס איז ניט פאראן קיין חתימה אויף די פעסער.** בעיר שכולה, (אָבער) אין א שטאָט, וואו עס זענען פאראן בלויז גויים איז ער (דער וויין) אסור, סיידן ער (דער ייד) זעצט אוועק א (יידישן) היטער. **א שומר, א משגיח, וואָס זאָל אכטונג געבן, אז דער גוי זאָל ניט צוגיין צום וויין.** ואין, און דער (יידישער) שומר דארף ניט זיצן (כסדר אין הויז מיט דעם וויין) און היטן, נאָר אפילו ער גייט ארויס און אריין (אין הויז מיט דעם וויין) איז מותר. **ווייל דער גוי וועט מורא האָבן צוצוגיין צום וויין, טאָמער וועט גראָד איצט אָנקומען דער יידישער**

וְנִכְנָס מֻתָּר. רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן אֶלְעָזָר אוֹמֵר, (כָּל) רְשׁוּת נָכְרִים אַחַת הִיא: **יב** הַמְטַהֵר יֵינוֹ שֶׁל נָכְרִי וְנוֹתְנוֹ בִּרְשׁוּתוֹ וְהַלָּה כּוֹתֵב לוֹ, הִתְקַבַּלְתִּי מִמְּךָ מָעוֹת מֻתָּר. אֲבָל אִם יִרְצֶה יִשְׂרָאֵל לְהוֹצִיאוֹ וְאֵינוֹ מַנִּיחוֹ עַד שֶׁיִּתֵּן לוֹ אֶת מְעוֹתָיו, זֶה הָיָה מַעֲשֶׂה בְּבֵית שְׁאָן וְאָסְרוּ חֲכָמִים:

# פרק ה.

**א** הַשּׂוֹכֵר אֶת הַפּוֹעֵל לַעֲשׂוֹת עִמּוֹ בְּיֵין נֶסֶךְ שְׂכָרוֹ אָסוּר. שְׂכָרוֹ

**שומר.** ר׳ שמעון בן אלעזר זאָגט, אז יעדער רשות פון גויים זענען איינס (האָבן דעמ־זעלביקן דין). די גמרא טייטשט אז ר׳ שמעון בן אלעזר לערנט, **אז אפילו דער ייד האָט צוגענומען דעם וויין פון דעם גוי־בעל־הבית, און האָט אים אוועקגעשטעלט ביי אן אנדערן גוי, וועלכער איז ניט דער בעל הבית פון וויין, מעג מען אויך נור אין א שטאָט וואו עס זענען אויך פאראן יידן און ווען דאָס הויז איז אָפן אין גאס אריין. דער פריערדיקער תנא האלט, אז ווייל דער גוי איז ניט דער בעל הבית פון וויין מעג מען אפילו אין א שטאָט וואו יידן זענען ניט פאראן, מחמת דער ניט־בעל־הבית וועט ניט האָבן די העזה צוצוגיין צום וויין. אָבער ר׳ שמעון בן אלעזר האלט, אז אלע רשותים פון יעדן גוי האָבן דעמזעלביקן דין. דער ברטנורא גיט דאָ צו אז אויב דער וויין איז פארשלאָסן אין א באזונדערן צימער און דער צימער (צי די פעסער) זענען פארזיגלט מיט א חתימה און דעם שליסל האָט דער ייד (מפתח וחותם) מעג מען אומעטום.**

יב. המטהר, אז איינער (א ייד) מאכט ריין דעם וויין פון א גוי, און ער לאָזט אים איבער אין זיין (דעם גוי׳ס) רשות, און דער דאָזיקער (גוי) שרייבט אים (צום ייד א קוויטל): „איך האָב באקומען פון דיר (דאָס געלט) פאר דעם וויין״, מעג מען. **רשי און דער ברטנורא טייטשן, אז דאָס איז דערזעלביקער דין וואָס פריער אין משנה י״א, און אז מען מיינט, אז דאָס הויז, וואו דער וויין געפינט זיך איז אָפן אין א גאס אריין און אז אין דער שטאָט וואוינען אויך יידן.** אבל, אָבער אויב ווען דער ייד וויל ארויסנעמען אים (דעם וויין פון גוי׳ס רשות ארויס) לאָזט ער אים ניט סיידן ער וועט אים פריער געבן דאָס געלט, איז אזא מעשה (אזא שאלה) פארגעבראכט גע־וואָרן (פאר די חכמים) אין (דער שטאָט) בית שאן, און די חכמים האָבן געאסרט. **מחמת דער גוי האָט ניט מורא צוצורירן זיך צום וויין, ווייל ער טראכט ביי זיך, אז אויב מען וועט אים כאפן, וועט ער זאָגן, אז דער וויין איז זיינער. בית שאן איז א שטאָט אין ארץ ישראל און ווערט דערמאָנט אין א סך ערטער אין תנך (יהושע י״ז, יאָ און אנדערע ערטער.**

## פרק ה.

א. השוכר, אז איינער (א גוי) דינגט א (יידישן) ארבייטער אז ער זאָל ארבייטן מיט אים ביי יין נסך (איבערצוגיסן דעם וויין אָדער איבערצופירן אים אין אן אנדערן אָרט), איז זיין פארדינסט אסור. **דער יידישער ארבייטער טאָר ניט הנאה האָבן פון דעם לוין, ווייל עס הייסט הנאה געהאט פון יין נסך, (און אויך ביי סתם יינם), און דאָס טאָר מען ניט (זע פריער אין דער הקדמה צו דער מסכתא עבודה זרה און פריער פרק ב׳ משנה ג׳ וועגן יין נסך און סתם יינם).** שכרו, אויב ער (דער גוי) האָט אים (דעם ייד) געדונגען, אז ער זאָל ארבייטן מיט אים ביי אן אנדערער ארבייט (ניט ביי יין נסך), איז כאָטש ער האָט אים (דערנאָך געזאָגט): „פיר מיר איבער א פאס פון יין נסך פון איין אָרט אין אן אנדערן אָרט״, איז זיין פארדינסט מותר. **די משנה ווערט געטייטשט אזוי: דער גוי האָט געדינגען דעם ייד אז ער זאָל אים איבערפירן פעסער ביר צו 1 פרוטה פאר א פאס, און עס זענען געווען 100 פעסער און צווישן די 100 פעסער איז געווען איין פאס מיט יין נסך, און דער גוי האָט דעם ייד געגעבן די 100 פרוטות, זאָל דער ייד איין פרוטה אוועקוואַרפן אין א טייך, אָדער ער זאָל באלד פון גוי נעמען**

לַעֲשׂוֹת עִמּוֹ מְלָאכָה אַחֶרֶת. אַף עַל פִּי שֶׁאָמַר לוֹ הַעֲבֶר לִי חָבִית שֶׁל יֵין נֶסֶךְ מִמָּקוֹם לְמָקוֹם שְׂכָרוֹ מֻתָּר. הַשּׂוֹכֵר אֶת הַחֲמוֹר לְהָבִיא עָלֶיהָ יֵין נֶסֶךְ, שְׂכָרָהּ אָסוּר. שְׂכָרָהּ לֵישֵׁב עָלֶיהָ אַף עַל פִּי שֶׁהִנִּיחַ נָכְרִי לָגִינוֹ עָלֶיהָ, שְׂכָרָהּ מֻתָּר: **ב** יֵין נֶסֶךְ שֶׁנָּפַל עַל גַּבֵּי עֲנָבִים, יְדִיחָן וְהֵן מֻתָּרוֹת. וְאִם הָיוּ מְבֻקָּעוֹת אֲסוּרוֹת. (נָפַל עַל גַּבֵּי תְאֵנִים, אוֹ עַל גַּבֵּי תְמָרִים, אִם יֵשׁ בָּהֶם בְּנוֹתֵן טַעַם אָסוּר). מַעֲשֶׂה בְּבַיְתוֹס בֶּן זוֹנָן שֶׁהֵבִיא גְרוֹגְרוֹת בִּסְפִינָה וְנִשְׁתַּבְּרָה חָבִית שֶׁל יֵין נֶסֶךְ וְנָפַל עַל גַּבֵּיהֶן, וְשָׁאַל לַחֲכָמִים

**נור 99 פרוטות, און זיי זענען מותר. אָבער אויב דער גוי האָט אים געזאָגט, אז ער דינגט אים ניט אנדערש נור ער זאָל אים איבערפירן אלע 100 פעסער פאר 100 פרוטות, איז דאָס גאנצע געלט אסור, ווייל עס קאָן זיין אז נור דאָס איבערפירן די איינע פאס מיט יין נסך האָט גורם געווען, אז דער גוי זאָל אים דינגען, און ממילא איז אין דעם גאנצן געלט פאראן דער פארדינסט פון יין נסך.** השוכר, אז איינער (א גוי) דינגט (ביי א יידן) אן אייזל צו ברענגען דארויף יין נסך, איז דער לוין (דאָס דינג־געלט וואָס דער גוי גיט דעם ייד פאר דעם אייזל) אסור. **ווייל עס הייסט דאָך פארדינט פון יין נסך.** שכרה לישב, אויב ער (דער גוי) האָט דאָס (אייזל) געדינגען כדי צו זיצן דארויף (צו רייטן דארויף) איז כאָטש דער גוי האָט אנעדערגעלייגט אויף דעם (אייזל) זיין פלאש (לגינו, זיין פלאש מיט וויין, יין נסך), איז דער לוין (וואָס דער גוי גיט דעם ייד פאר דעם אייזל) מותר. **אין די מזרח־לענדער רייט מען אויף אייזלען פון שטאָט צו שטאָט. די משנה לערנט, אז כאָטש מען ווייסט דאָך אז דער גוי ווען ער רייט אויף דעם אייזל פון שטאָט צו שטאָט לייגט ער ארויף אים עסנווארג צו האָבן צו עסן אין וועג (און וויין איז געווען א טייל פון טעגליכן עסן), פונדעסט־וועגן איז דער לוין פאר דינגען דעם אייזל מותר. דער טעם איז, ווייל אפילו ווען דער גוי זאָל ניט ארויפלייגן די פלאש מיט וויין, קאָן ער ניט זאָגן צום ייד, גיב מיר צוריק א טייל פון לוין, ממילא הייסט עס ניט, אז ער האָט אים באצאָלט דערפאר. לגינו, לגין, איז פון גריכישן וואָרט „לאגענאס", א פלאש, קרוג.**

ב. יין, אויב יין נסך (־וויין) איז ארויפגעפאלן (ארויפגעגאָסן געוואָרן) אויף וויינטרויבן, זאָל מען זיי אָפּשווענקען (מיט קאלט וואסער) און זיי זענען מותר. **דאָס איז נור ווען די וויינטרויבן זענען נאָך באהאפטן צום שטענגל. אָבער קוים זענען זיי אָפּגעריסן פון שטענגל, הייסט עס ווי זיי האָבן שוין א לעכעלע (ביים אָרט פון אָפּ־רייסן) און דער יין נסך איז אריין אין די וויינטרויבן אינוויייניק און זיי זיינען אסור.** ואם, און אויב זיי (די וויינטרויבן) זענען געווען צושפאָלטענע, זענען זיי אסור. **ווייל דער וויין איז אריין אין זיי דורך די שפאלטן.** נפל, אויב דער (יין נסך) איז ארויפגע־פאלן (ארויפגעגאָסן געוואָרן) אויף פייגן אָדער אויף טייטלען, אויב עס איז פאראן אין זיי אויב (דער וויין גיט אריין אין זיי א גוטן) טעם (פון וויין), זענען (די פייגן און די טייטלען) אסור. **ווייל די דינגע הייטליך פון פייגן און טייטלען שיצן זיי ניט (ווי די הייטלעך פון די וויינטרויבן) אז דער וויין זאָל ניט אריין אינוויייניג. די גמרא זאָגט, אז דאָ פעלן אין דער משנה עטליכע ווערטער און עס דארף זיין אז „אויב דער טעם וואָס דער וויין גיט אריין אין זיי מאכט זיי קאליע („נותן טעם לפגם", פון „פוגם", קאליע מאכן) זענען זיי מותר". און דארויף דערציילט די משנה וועגן אזא פאל.** מעשה, עס איז געווען א מעשה מיט ביתוס בן זונן, וועלכער האָט געבראכט דארע פייגן (גרוגרות) אין א שיף און (אויף דער שיף) איז צובראָכן געוואָרן א פאס מיט יין נסך (וויין פון א גוי) און דער (וויין) האָט זיך ארויפגעגאָסן אויף זיי (אויף די פייגן), און ער (ביתוס) האָט געפרעגט (א שאלה) ביי די חכמים, און זיי האָבן זיי מתיר געמאכט. **ווייל דער וויין האָט אין די דארע פייגן אריינגעגעבן א שלעכטן טעם. ביתוס בן זונין איז געווען א רייכער ייד אין דער שטאָט לוד אין דער צייט לערך 30**

וְהַתִּירוּם. זֶה הַכְּלָל, כָּל שֶׁבַּהֲנָאָתוֹ בְּנוֹתֵן טַעַם אָסוּר, כָּל שֶׁאֵין בַּהֲנָאָתוֹ בְּנוֹתֵן טַעַם מֻתָּר. כְּגוֹן חוֹמֶץ שֶׁנָּפַל עַל גַּבֵּי גְרִיסִין: ג נָכְרִי שֶׁהָיָה מַעֲבִיר עִם יִשְׂרָאֵל כַּדֵּי יַיִן מִמָּקוֹם לְמָקוֹם, אִם הָיָה בְּחֶזְקַת הַמִּשְׁתַּמֵּר, מֻתָּר. אִם הוֹדִיעוֹ שֶׁהוּא מַפְלִיג כְּדֵי שֶׁיִּשְׁתּוֹם וְיִסְתּוֹם וְיִגּוֹב. רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, כְּדֵי שֶׁיִּפְתַּח (אֶת הֶחָבִית) וְיָגוּף וְתִגּוֹב: ד הַמַּנִּיחַ יֵינוֹ

**יאָר נאָכן חורבן פון 2טן בית המקדש, און ער ווערט געבראכט א סך מאָל אין דער משנה און ברייתות (בבא מציעא פרק ה׳ משנה ג׳ און אנדערע).** — זה הכלל, דאָס איז דער כלל, יעדע זאך (וואָס איז אסור, פארבאָטן, און זי פאַלט אריין אין אנדערע זאכן וועלכע זיינען מותר מען מעג זיי עסן) איז אויב עס גיט אריין (אין די מותר־זאכן) א (גוטן) טעם, זיינען זיי (די מותר זאכן) אסור; (אָבער) אלע (אסור׳ע) זאכן וואָס געבן ניט אריין (אין די מותר־זאכן) א (גוטן) טעם, זענען זיי (די מותר זאַכן מותר, מען מעג זיי עסן) **דאָס איז דער דין, אַז יעדע זאַך וואָס איז אַ נותן טעם לפגם״ איז מותר.** און די משנה גיט דאָ א ביישפיל דאצו: כגון, א שטייגער ווי עסיק (וועלכער איז ניט כשר, למשל ער איז געמאכט געוואָרן פון יין נסך) איז אריינגעגאָסן געוואָרן אין (קאָכעדיקע) באָבעס־גרייפּלעך (גריסין). **ווייל דער עסיק מאכט גאָר קאליע די גרייפּלעך, דאריבער הייסט עס א נותן טעם לפגם, עס מאכט קאליע דעם טעם, און די גרייפּלעך זיינען מותר. די מפרשים געבן דאָ צו אז אויב די גרייפּלעך זיינען ניט געווען קאָכעדיקע, אפילו זיי האָבן שפּעטער יאָ געקאָכט, זענען זיי אסור. ווייל אין ניט־קאָכעדיקע גרייפּלעך גיט דער עסיק אריין א גוטן טעם, און כאָטש שפּעטער, ביים קאָכן, ווערט דער טעם דאדורך ערגער, הייסט עס „משביח ואחר כך פוגם״ (צוערשט מאכט עס בעסער און דערנאָך ווערט עס ערגער) און עס איז אסור.**

ג. נכרי, אויב א גוי האָט איבערגעפירט צוזאמען מיט א ייד (פארמאכטע) פעסער (כדי, קרוגן, פעסער) וויין פון איין אָרט אין אן אנדערן אָרט, איז אויב ער (דער וויין) איז אין דער חזקה אז ער ווערט אָפּגעהיטן (אז דער גוי זאָל די פעסער ניט עפנען און ניט אַנרירן דעם וויין) איז ער מותר. **מען מיינט דאָ אז די קרוגן זענען ערדענע און זיי זענען אין דער הויך פארשטאָפּט מיט א פארשטאָפּער און פארקלעבט. לערנט דאָ די משנה, אז אויב דער ייד זאָגט ניט דעם גוי אז ער גייט אוועק אין אַ ווייט אָרט און לאָזט אים איבער אליין מיטן וויין, איז כאָטש דער ייד גייט יאָ אוועק, הייסט עס אז דער וויין ווערט כסדר געהיט; מחמת דער גוי וועט מורא האָבן ארויסצונעמען די פארשטאָפּערס פון די פעסער, טראכטנדיק יעדעס מאָל, אז אָט־אָט קומט־אָן דער ייד.** אם הודיע (אָבער) אויב ער (דער ייד) האָט (פארן אוועקגיין) אים (דעם גוי) געזאָגט אז ער גייט אוועק אין א ווייט אָרט (מפליג, אוועקגיין אין א ווייט אָרט), איז דער וויין אסור, אויב דאָס אָרט איז אזוי ווייט אז ביז דער ייד וועט צוריקקומען איז פאראן צייט (פאר דעם גוי) אז ער זאָל מאכן א לעכל (אין דעם פארשטאָפּער „ישתום״, מאכן א לעכל, א עפנונג) און זאָל עס קאָנען צוריק פארמאכן (פארקלעבן, יסתום) און ער זאָל (דאָס פארקלעבעכץ) אפּווישן (ויגוב,, אָפּווישן, אז מען זאָל עס ניט דערקענען). **ווייל נור אויב דער גוי הערט פון ייד אז ער גייט אוועק אין אזא ווייט אָרט (און דער ייד האָט אים אָנגערופן דעם נאָמען פון אָרט) וועט דער גוי וואגן דאָס אלץ צו טאָן. „ישתום״, איז פון „שתם״, א עפנונג, א לעכל, און אין במדבר כ״ד ביי בלעם איז פאראן „שתום העין״, דער מענטש מיט דעם אָפענעם אויג.** ר׳ שמעון בן גמליאל זאָגט, אז אזוי לאנג אז) ער (דער גוי) זאָל האָבן צייט צו עפנען די פאס (אראָפּנעמען דעם פארשטאָפּער) און צוריק פארמאכן מיט א נייעם פארשטאָפּער און עס זאָל ווערן אָפּגעטריקנט (אז מען זאָל עס

בְּקָרוֹן אוֹ בִסְפִינָה וְהָלַךְ לוֹ בְּקַפַּנְדַּרְיָא, נִכְנַס לַמְּדִינָה וְרָחַץ, מֻתָּר. אִם הוֹדִיעוֹ שֶׁהוּא מַפְלִיג, כְּדֵי שֶׁיִּשְׁתּוֹם וְיִסְתּוֹם וְיָגוֹב. רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, כְּדֵי שֶׁיִּפְתַּח (אֶת הֶחָבִית) וְיָגוּף וְתִגּוֹב. הַמַּנִּיחַ נָכְרִי בְּחָנוּת, אַף עַל פִּי שֶׁהוּא יוֹצֵא וְנִכְנָס, מֻתָּר. וְאִם הוֹדִיעוֹ שֶׁהוּא מַפְלִיג, כְּדֵי שֶׁיִּשְׁתּוֹם וְיִסְתּוֹם וְיָגוֹב. רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, כְּדֵי שֶׁיִּפְתַּח וְיָגוּף וְתִגּוֹב: ה הָיָה אוֹכֵל עִמּוֹ עַל הַשֻּׁלְחָן וְהִנִּיחַ לָגִינָה עַל הַשֻּׁלְחָן וְלָגִינָה עַל הַדּוּלְבְּקִי וְהִנִּיחוֹ וְיָצָא, מַה שֶּׁעַל הַשֻּׁלְחָן אָסוּר, וּמַה שֶּׁעַל הַדּוּלְבְּקִי מֻתָּר. וְאִם אָמַר לוֹ

ניט דערקענען). **דאָס דארף דויערן לענגער ווי מאכן א לעכל. ר׳ שמעון בן גמליאל האלט, אז מאכן א לעכל אין דעם פארשטאָפּער וועט דער גוי ניט האָבן די העזה, ווייל מען דערקענט עס, אָבער א נייעם פארשטאָפּער דערקענט מען ניט.**

ד. המניח, אז איינער א ייד (וועלכער פאָרט אין וועג און נעמט מיט וויין אין א פארמאכטער קרוג) לאָזט איבער זיין וויין אין דעם וואָגן (בקרון), אָדער אין דער שיף (וועלכע שטייט אין א פּאָרט, און דער גוי בלייבט איבער אין דעם וואָגן צי אין דער שיף) און ער (דער ייד) גייט אוועק מיט א נאָנטן וועג (קפנדריא), און איז אריינ־געגאנגען אין שטאָט אריין (למדינה) און ער האָט זיך דאָרט געוואשן, איז דער וויין מותר. **עס איז דערזעלביקער דין וואָס פריער אין דער משנה, און דער טעם איז ווייל דער גוי ווייסט דאָך ניט ווען דער ייד וועט צוריקקומען, וועט ער מורא האָבן צו עפנען די פאס וויין. „קרון״ איז דאָס גריכישע וואָרט „קאראן״, א וואָגן. „קפנדריא״ איז דאָס לאטייניש „וויא קאָמפּענדאריא״, א קורצער וועג. זע אין אונזער פירוש צו סוף מסכתא ברכות.** אם הודיעו, אויב ער (דער ייד) האָט אים (דעם גוי) געזאָגט, אז ער גייט אוועק (אין דעם וויטן אָרט) דארף זיין די צייט, אז ער (דער גוי) זאָל קאָנען מאכן א לעכל און פארמאכן און עס אָפּווישן (אויסטרוקענען); ר׳ שמעון בן גמליאל זאָגט, אז כדי ער זאָל אראָפּנעמען דעם פארשטאָפּער און צוריק פארמאכן מיט א נייעם פארשטאָפּער און עס זאָל ווערן אָפּגעטרוקנט. **אזוי ווי מיר האָבן געלערנט פריער אין משנה ג׳.** המניח נכרי, אז איינער (א ייד) לאָזט איבער א גוי אין זיין (דעם ייד׳ס) געוועלב (און אין געוועלב איז פאראן דעם ייד׳ס פארמאכטע פעסער וויין), איז כאָטש דער ייד גייט ארויס און גייט אריין (און ער זיצט ניט כסדר אין געוועלב מיטן גוי) איז (דער וויין) מותר. **אלץ צוליב דעמזעלביקן טעם, ווייל דער גוי וועט מורא האָבן צו עפנען די פאס.** ואם הודיעו, און אויב ער (דער ייד) האָט אים (דעם גוי) גע־זאָגט אז ער גייט אוועק אין א ווייט אָרט, איז די צייט (אז דער וויין זאָל ווערן אסור) ווי לאנג עס דויערט אז ער (דער גוי) זאָל מאכן א לעכל, און צוריק פארמאכן, און עס אָפּטרוקענען; ר׳ שמעון בן גמליאל זאָגט, אז (די צייט איז אז) דער גוי זאָל עפנען דעם פארשטאָפּער און צוריק פארמאכן מיט א נייעס פארשטאָפּער און עס זאָל זיך אָפּטרוקענען. **דאָס איז אלץ דערזעלביקער טעם וואָס פריער אין דער משנה ביים איבערפירן קרוגן וויין אָדער ביי דעם וואָגן און דער שיף.**

ה. היה, אויב ער (א ייד) האָט געגעסן מיט אים (מיט א גוי) ביי א טיש (אין ייד׳ס הויז) און ער (דער ייד) האָט איבערגעלאָזט אויף דעם טיש א פלאש (מיט וויין, לגינה) און אויך אויף דעם קרעדענץ (רולבקי) א פלאש (מיט וויין), און ער האָט איבערגע־לאָזט דעם גוי (ביים טיש) און ער איז ארויסגעגאנגען (און איז צוריקגעקומען), איז (דער וויין) וואָס איז אויפן טיש אסור, און (דער וויין) וואָס איז אויף דעם קרעדענץ איז מותר. **מחמת עס איז דער שטייגער אז דער גאסט (און דאָ איז דער גוי דער גאסט) זאָל זיך נעמען אליין פון אלעם וואָס שטייט אויפן טיש, און ממילא האָט דער גוי ניט קיין מורא צוצורירן זיך צו דער פלאש וויין אויפן טיש. אָבער פון קרעדענץ איז ניט דער שטייגער אז דער גאסט זאָל זיך נעמען אליין, און דער גוי וועט דאריבער**

הֲוֵי מוֹזֵג וְשׁוֹתֶה, אַף מַה שֶּׁעַל הַדּוּלְבְּקִי אָסוּר. חָבִיּוֹת פְּתוּחוֹת אֲסוּרוֹת, סְתוּמוֹת כְּדֵי שֶׁיִּפְתַּח וְיִגּוֹב וְתִגּוֹב: ו בַּלֶּשֶׁת נָכְרִים שֶׁנִּכְנְסָה לָעִיר, בִּשְׁעַת שָׁלוֹם חָבִיּוֹת פְּתוּחוֹת אֲסוּרוֹת, סְתוּמוֹת מֻתָּרוֹת. בִּשְׁעַת מִלְחָמָה אֵלּוּ וָאֵלּוּ מֻתָּרוֹת, לְפִי שֶׁאֵין פְּנַאי לְנַסֵּךְ: ז אוּמָנִין שֶׁל יִשְׂרָאֵל שֶׁשָּׁלַח לָהֶם נָכְרִי חָבִית שֶׁל יֵין נֶסֶךְ בִּשְׂכָרָן, מֻתָּרִים לוֹמַר לוֹ תֶּן לָנוּ אֶת דָּמֶיהָ. וְאִם מִשֶּׁנִּכְנְסָה לִרְשׁוּתָן אָסוּר. הַמּוֹכֵר יֵינוֹ לְנָכְרִי, פָּסַק עַד

**ניט צו גיין אהין נעמען דעם וויין.** וועגן „לגינה" **זע פריער משנה א׳ (לגינו). „דולבקי" איז דאָסזעלביקע וואָס „דלפקי", אין גריכיש „דעלפיקע", א דרייפוי־סיקער טיש; דאָס וואָרט געפינט זך אויך אין כלים כ״א משנה א׳ און אנדערע ער־טער אין משנה און גמרא.** ואם אמר, און אויב ער (דער ייד) האָט געזאָגט צו איס (צום גוי): „גיס זיך אָן (וויין) און טרינק", איז אויך (דער וויין) וואָס איז פאראן (אין דער פלאש) אויף דעם קרעדענץ, אסור. **דערמיט וואָס דער ייד האָט אים געזאָגט, האָט ער אים געגעבן די דערלויבניש צוצוגיין אויך צום קרעדענץ.** חביות, (אויב דאָרט אין הויז זענען געשטאַנען) פעסער (קרוגן וויין), אויב זיי זענען אָפענע זענען זיי אסור, און אויב זיי זענען פארמאכטע (זענען זיי אסור נור ווען דער גוי ווייסט אז דער ייד איז אוועקגעגאנגען אויף אזוי לאנג אז דער גוי קאָן ביי זיי) אראָפּנעמען דעם פארשטאָפּער און צוריק פארמאכן מיט אן אנדערן פארשטאָפּער און עס זאָל זיך אָפּטרוקענען. **אלץ צוליב דעמזעלביקן טעם וואָס מיר האָבן געלערנט פריער אין די משנות ג׳ און ד׳.**

ו. בלשת, אויב א (גוישע) מחנה זעלנער (וועלכע זוכן אין די הייזער, „בלשת", פון „בלש", זוכן) איז אריינגעקומען אין א שטאָט (און דאָרט איז אין די יידישע הייזער געווען פעסער מיט וויין, און די יידן האָבן זיך באהאלטן און דערנאָך צו־ריקגעקומען), ווען דאָס איז אין א צייט פון שלום, איז אויב די פעסער זענען אָפן, זענען זיי אסור (טאָר מען דעם וויין ניט טרינקען), און אויב (די פעסער) זענען פארמאכטע זענען זיי מותר. **מחמת דאָס וואָס מען האָט געפינען ווייטער די פעסער פארמאכט איז א סימן, אז די גויאישע מחנה זעלנער האָבן זיי ניט געעפנט, ווארום זיי האָבן פאר קיינעם ניט קיין מורא, און ווען זיי וואָלטן די פעסער געעפנט וואָלטן זיי געווען זיי געלאָזט ווייטער אָפן.** בשעת מלחמה, (אויב אָבער דאָס איז געווען) אין א צייט פון מלחמה, זענען סיי די (אָפענע) און סיי די (פארמאכטע) מותר, ווייל עס איז ניטאָ קיין צייט מנסך צו זיין. **די זעלנער זענען דאמאָלס פארנומען מיט זיך, און זיי האָבן ניט די צייט מנסך צו זיין דעם וויין. — „בלשת" איז פון „בלש" וואָס איז אויך אין אראביש דער טייטש „זוכן". מיר געפינען אויך אין דער משנה מדות פרק א׳ משנה ז׳ „לבלוש את העזרה", דורכצוזוכן די עזרה. דאָ מיינט מען זעלנער וועלכע קומען אין א שטאָט צו נישטערן אין די הייזער און צוצונעמען זאכן.**

ז. אומנין, בעלי מלאכות יידן, וואָס (האָבן געארבעט ביי א גוי סתם אן ארבעט און) דער גוי האָט זיי געשיקט א פאַס מיט יין נסך אלס זייער באלוינונג (פאר דעם געלט וואָס קומט זיי פאר דער ארבייט), מעגן זיי זאָגן צו אים: „גיב אונז געלט ווי־פיל זי (די פאַס מיט וויין) איז ווערט". **מחמת זיי האָבן נאָך די פאַס וויין ניט צוגע־נומען, און עס איז נאָכניט זייערס, און עס הייסט ניט ווי זיי פארקויפן יין נסך.** ואם, אָבער אויב זי (די פאַס וויין) איז שוין געהאַט אריינגעקומען אין זייער רשות (זיי האָבן זי שוין געהאַט צוגענומען), איז עס אסור. **זיי טאָרן שוין ניט זאָגן צום גוי, אז זיי ווילן אים צוריקגעבן די פאַס וויין, און ער זאָל זיי געבן דאָס געלט דערפאר. ווייל דאָס הייסט שוין זייער פאַס יין נסך, און זיי טאָרן דערפון ניט מער קיין הנאה ניט האָבן, ניט פארקויפן און אָפּנעמען דערפאר געלט.** — המוכר, אז איינער א (ייד) פארקויפט זיין וויין צו א גוי (א גוישער קונה קויפט ביי א יידישן וויינהענדלער וויין)

שֶׁלֹּא מָדַד, דָּמָיו מֻתָּרִין. מָדַד עַד שֶׁלֹּא פָּסַק, דָּמָיו אֲסוּרִין. נָטַל אֶת הַמַּשְׁפֵּךְ וּמָדַד לְתוֹךְ צְלוֹחִיתוֹ שֶׁל נָכְרִי, וְחָזַר וּמָדַד לְתוֹךְ צְלוֹחִיתוֹ שֶׁל יִשְׂרָאֵל, אִם יֵשׁ עַכֶּבֶת יַיִן אָסוּר. הַמְעָרֶה מִכְּלִי אֶל כְּלִי אֶת שֶׁעֵרָה מִמֶּנּוּ מֻתָּר, וְאֶת שֶׁעֵרָה לְתוֹכוֹ אָסוּר:

**ח** יֵין נֶסֶךְ אָסוּר וְאוֹסֵר בְּכָל שֶׁהוּא.

(איז דער דין, אז אויב) ער (דער ייד) האָט אָפּגערעדט דעם פּרייז (פּסק, אָפּגערעדט מיט דעם גוי דעם פּרייז פאר דעם וויין) איידער ער האָט אָפּגעמאָסטן (דעם וויין, אין דעם ייד׳ס כלי, און דער גוי האָט גענומען די כלי מיט דעם וויין), איז דאָס געלט מותר. **מחמת איידער דער גוי האָט גענומען דעם וויין האָט ער דאָך שוין געוואוסט דעם פּרייז, הייסט עס אז דער ייד האָט אים פאַרקויפט כשרן וויין, און דער ייד מעג נעמען דאָס געלט דערפאַר. דאָס וואָס דער גוי האָט שפּעטער אָנגערירט דעם וויין און אים געמאכט פאר יין נסך, איז עס שוין געווען זיין, דעם גוי׳ס, וויין.** מדד עד, (אויב אָבער דער ייד) האָט אָפּגעמאָסטן (דעם וויין) איידער ער האָט אָפּגערעדט דעם פּרייז, איז דאָס געלט אסור. **ווייל ווען דער גוי האָט גענומען דעם וויין, האָט ער דאָך נאָכניט געוואוסט דעם פּרייז, און ער האָט דאריבער נאָכניט געהאט איינזינען געהאט קונה צו זיין דעם וויין, ווייל טאָמער וועט ער ניט קאָנען דורכקומען וועגן פּרייז. דאריבער הייסט עס אז ווען דער גוי האָט אָנגערירט דעם וויין און אים גענומען איז ער נאָך געווען דעם ייד׳ס וויין, און דער ייד טאָרניט הנאה האָבן פון דעם געלט, וואָס ער נעמט פאר פאַרקויפן יין נסך. די מפרשים זאָגן, אז אַפילו מען האָט ניט געזען אז דער גוי האָט דעם וויין אנגערירט, האָט מען אויך מורא טאָמער האָט ער אים אָנגערירט.** — נטל, אויב ער (דער יידישער ווינהענדלער) האָט גענומען דעם לעיעק (משפך) און האָט אריינגעמאָסטן (אריינגעגאָסן דורך דעם לעיעק דעם וויין מיט א מאָס) אין דעם געפעס (צלוחית, אין דער פלאש) פון גוי וועלכער האָט געקויפט ביי אים וויין און דערנאָך האָט ער (מיט דעם זעלבן לעיעק) אריינגעמאָסטן (אריינגעגאָסן וויין) אין דעם געפעס (צלוחית, אין דער פלאש) פון א ייד, איז (דער דין אז) אויב עס איז געבליבן (פריער, אין לעיעק) עטוואָס וויין (עכבת, טראָפּנס וויין, וואָס ווערן פאַרהאַלטן אין לעיעק), איז אסור. **מען טאָרניט טרינקן דעם וויין וואָס מען האָט אריינגעגאָסן מיטן לעיעק אין דעם ייד׳ס פלאש, ווייל אין לעיעק איז דאָך געבליבן אביסל וויין פון דעם וואָס מען האָט געגאָסן אין גוי׳ס פלאש. כאָטש דאָס ביסל וויין איז ניט געווען אין גוי׳ס פלאש, אָבער עס איז געווען באַהאַפט דורך דעם שטראָם־וויין וואָס איז געגאַנגען פון לעיעק צום גוי׳ס פלאש, און דער דין איז אז „ניצוק חיבור״, אז דער דאָזיקער וויין־שטראָם האָט מחבר געווען, באַהאָפטן דאָס ביסל וויין אין לעיעק מיט דעם ניט כשרן וויין אין גוי׳ס פלאש, און דאריבער איז אויך דאָס ביסל וויין אין לעיעק יין נסך. „עכבת״, פון „עכב״, פאַרהאַלטן, די טראָפּנס וויין, וועלכע ווערן פאַרהאַלטן אין לעיעק. „משפך״ הייסט א לעיעק, אין דער הויך ברייט און אונטן שמאָל, דורך וועלכן מען גיסט וויין אין א פלאש אריין.** — המערה, אז איינער (א ייד) גיסט אריין (וויין) פון איין כלי (א יידישער) אין אן אנדערע כלי (אין א גוישער), איז (דער וויין) וואָס איז פאַראַן אין (דער כלי) פון וואַנען מען גיסט, מותר, און (דער וויין) וואָס איז פאַראַן אין (דער כלי) אין וועלכער מען גיסט אריין, איז אסור. **די מפרשים טייטשן, אז מען מיינט דאָ אז עס איז ניט געווען קיין כסדרדיקער שטראָם וויין פון דער אויבערשטער כלי צו דער אונטערשטער כלי, נאָר מען האָט געגעבן אן איבערגעריסענעם גאָס, א וואָרף־אריין דעם וויין; ווארום אויב עס וואָלט געווען אזא וויין־שטראָם וואָלט אויך דער וויין אין דער אויבערשטער כלי געווען אסור צוליב „ניצוק חיבור״, ווי מיר האָבן פריער געלערנט.**

ח. יין נסך, וויין וואָס איז יין נסך איז אסור (מען טאָר עס ניט טרינקן און מען טאָרניט קיין הנאה האָבן דערפון) און עס אסרט מיט עפּיס (בכל שהוא). מיט „כל

יַיִן בְּיַיִן, וּמַיִם בְּמַיִם, בְּכָל שֶׁהוּא. יַיִן בְּמַיִם, וּמַיִם בְּיַיִן, בְּנוֹתֵן טַעַם. זֶה הַכְּלָל, מִין בְּמִינוֹ בְּמַשֶּׁהוּ, וְשֶׁלֹּא בְמִינוֹ בְּנוֹתֵן טַעַם: ט אֵלּוּ אֲסוּרִין וְאוֹסְרִין בְּכָל שֶׁהֵן. יַיִן נֶסֶךְ וַע״ז וְעוֹרוֹת לְבוּבִין, וְשׁוֹר הַנִּסְקָל, וְעֶגְלָה עֲרוּפָה, וְצִפּוֹרֵי מְצוֹרָע, וּשְׂעַר נָזִיר, וּפֶטֶר חֲמוֹר, וּבָשָׂר בְּחָלָב, וְשָׂעִיר הַמִּשְׁתַּלֵּחַ, וְחֻלִּין שֶׁנִּשְׁחֲטוּ בָעֲזָרָה, הֲרֵי אֵלּוּ אֲסוּרִין, וְאוֹסְרִין בְּכָל שֶׁהֵן:

שהוא״, „עפיס״, מיינט מען, אז אפילו דאָס קלענסטע ביסל ווײַן יין נסך האָט זיך אויסגעמישט מיט א סך כשרן ווײַן, אפילו מיט טויזנט מאָל אזוי פיל כשרן ווײַן, טאָר מען דעם גאנצן ווײַן ניט נוצן און ניט הנאה האָבן דערפון. די משנה לערנט דאָ באלד ווי אזוי עס איז. יין ביין, (אויב עס האָט זיך אויסגעמישט) יין נסך מיט (כשרן) ווײַן, אָדער וואסער, (וואָס מען האָט געגאָסן פאר דער עבודה זרה, האָט זיך אויסגעמישט) מיט כשר וואסער, (אסרט עס) מיט עפיס (בכל שהוא). ווײַל ווײַן מיט ווײַן, אָדער וואסער מיט וואסער הייסט „מין במינו״ איין מין האָט זיך אויסגעמישט מיט דעמזעלביקן מין, און עס ווערט ניט בטל אפילו ווען עס האָט זיך אויסגעמישט עפיס מיט טויזנט מאָל אזוי פיל. יין במים, (אויב אָבער עס האָט זיך אויסגעמישט ווײַן (פון יין נסך) מיט (כשרע) וואסער, אָדער וואסער (וואָס מען האָט עס געגאָסן פאר דער עבודה זרה, האָט זיך אויסגעמישט) מיט (כשרן ווײַן), איז (עס אסור נור) ווען עס גיט אריין א טעם (בנותן טעם), ווײַל עס איז מין בשאינו מינו, עס האָבן זיך אויסגעמישט צוויי באזונדערע מינים, וואסער און ווײַן, איז עס אסור נור ווען די אסור׳ע זאך גיט אריין א טעם אין דער כשרער זאך. דער שיעור דערפון איז ביז „ששים״, 60, און אויב עס האָט זיך אויסגעמישט אביסל יין נסך מיט 60 מאָל אזוי פיל וואסער, איז עס כשר, ווײַל דער ווײַן גיט שוין ניט אריין קיין טעם אין וואסער, און עס ווערט בטל. איצט גיט די משנה דעם כלל דערצו: זה הכלל, דאָס איז דער כלל: איין מין אין דעמזעלביקן מין (מין במינו) איז (דער שיעור) מיט עפיס (במשהו, מיט עפיס, אפילו איינס אין טויזנט ווערט אויך ניט בטל), און אויב ניט אין דעמזעלביקן מין (שלא במינו) איז (דער שיעור) וויפיל עס גיט אריין א טעם (בנותן טעם). אזוי ווי מיר האָבן עס פריער דערקלערט. די מפרשים געבן דאָ בפרטות די הלכות וועגן „תערובת״, אויסמישונגען, ווען יין נסך אסרט מיט א כל שהוא און ווען ער ווערט יאָ בטל.

ט. אלו, די דאָזיקע זאכן זענען אסור (מען טאָר פון זיי אויך קיין הנאה ניט האָבן) און זיי אסרן מיט עפיס (בכל שהוא): יין נסך, און עבודה זרה (א בילד וואָס מען האָט געדינט דערצו), און אויפגעריסענע הארץ־הויט (עורות לבובין), און אן אָקס (וועלכער האָט געהרגעט א מענטש און) מ׳דארף אים פארשטיינען (שור הנסקל) און אַ קאַלב (וואָס מען ברענגט ווען מ׳געפינט א הרוג און) מען האקט אָפּ (דעם קאלב) זײַן קאָפּ (עגלה ערופה), און די טויב וואָס עס ברענגט א מצורע (ווען ער ווערט ריין), און די האָר פון א נזיר (וועלכע ער שערט אָפּ צום סוף פון זײַן נזירות), און דער בכור פון א אייזל, און פלייש געקאָכט מיט מילך (בשר בחלב), און דער ציגנבאָק וואָס מען האָט (אים יום כיפור) אוועקגעשיקט (שעיר המשתלח), און חולין (געוויינטליכע בהמות און עופות) וועלכע מען האָט געשאָכטן אין בית־המקדש־הויף, — די אלע טאָר מען ניט (הנאה האָבן פון זיי), און זיי אסרן מיט עפיס (בכל שהן). די מפרשים טייטשן, אז א חוץ יין נסך און עבודה זרה, אסרן מיט עפיס, בכל שהוא, די אלע אנדערע זאכן, וואָס די משנה רעכנט דאָ אויס, נור ווען די זאכן זענען א „דבר שבמנין״, א זאך וואָס מען ציילט עס און עס האָט א חשיבות. למשל, א שטיק פלייש וואָס איז געקאָכט געוואָרן אין מילך, האָט זיך אויסגעמישט מיט אנדערע שטיקער כשרע פלייש. אָבער אויב עס איז ניט קיין „דבר שבמנין״ ווערן

**י** יֵין נֶסֶךְ שֶׁנָּפַל לַבּוֹר, כֻּלּוֹ אָסוּר בַּהֲנָאָה. רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, יִמָּכֵר כֻּלּוֹ לְנָכְרִים חוּץ מִדְּמֵי יֵין נֶסֶךְ שֶׁבּוֹ: **יא** גַּת שֶׁל אֶבֶן שֶׁזִּפְּתָהּ נָכְרִי, מְנַגְּבָהּ וְהִיא טְהוֹרָה.

וְשֶׁל עֵץ, רַבִּי אוֹמֵר יְנַגֵּב. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים יִקְלוֹף אֶת הַזֶּפֶת. וְשֶׁל חֶרֶס אַף עַל פִּי שֶׁקָּלַף אֶת הַזֶּפֶת, הֲרֵי זוֹ אֲסוּרָה: **יב** הַלּוֹקֵחַ כְּלֵי תַשְׁמִישׁ מִן הַנָּכְרִי, אֶת שֶׁדַּרְכּוֹ לְהַטְבִּיל יַטְבִּיל,

**זיי יאָ בטל. ווענן די אלע זאכן אז זיי זענען אסור אפילו הנאה צו האָבן פון זיי זע קדושין פרק ב׳ משנהט׳. ווענן „עורות לבובין״ זע פריער פרק ב׳ משנה ג׳.**

י. יין נסך, אויב ווין וואָס איז יין נסך, איז אריינגעפאלן אין א גרוב (דעם וויינקעלטער־גרוב מיט כשרן ווין), איז אלץ (דער גאנצער אויסגעמישטער ווין) אסור הנאה צו האָבן פון אים. **מען טאָר אים אפילו ניט פארקויפן צו א גוי און נוצן דאָס געלט דערפון.** ר׳ שמעון בן גמליאל זאָגט, אז מען זאָל אים אינגאנצן (דעם גאנצן ווין פון גרוב) פארקויפן צו גויים (און מען זאָל נעמען ביי זיי געלט) א חוץ דאָס געלט פון דעם יין נסך וואָס איז פאראן אין אים. **למשל, אויב ווין פון יין נסך וואָס דארף קאָסטן א טאָלער האָט זיך אויסגעמישט מיט כשרן ווין וואָס קאָסט 9 טאָלער, זאָל מען דעם גאנצן ווין פארקויפן צו גויים, און נעמען 10 טאָלער, נאָר איין טאָלער דערפון זאָל מען אריינוואַרפן אין ים אריין, און ממילא הייסט עס אז מען האָט ניט קיין הנאה געהאט פון דעם יין נסך. די מפרשים זאָגן אז די מחלוקה צווישן די חכמים און ר׳ שמעון בן גמליאל איז נור ביי יין נסך ממש, ווין וואָס מען האָט מנסך געווען צו דער עבודה זרה. אָבער ביי „סתם יינם״, אויב סתם גויאישער ווין האָט זיך אויסגעמישט מיט כשרן ווין, זענען אויך די חכמים מודה, אז מען קאָן פארקויפן דעם געמיש און נוצן דאָס געלט, אחוץ דאָס געלט פאר דעם סתם יינם, וואָס מען דארף אריינוואַרפן אין ים.**

יא. גת, א וויינקעלטער פון שטיין, וואָס א גוי האָט אים אויסגעשמירט מיט סמאָלע (שזיפתה, פון זפת, סמאָלע), זאָל מען אים אויסוואשן און ער איז ריין (ער איז כשר). **כדי צו פארשטיין די משנה דארף מען וויסן, אז דעם גרוב פון וויינקעלטער, אין וועלכן עס קומט אריין דער ווין פון די אויסגעקוועטשטע וויינטרויבן, האָט מען אויסגעשמירט די שפאלטן מיט סמאָלע, מיט פעך, כדי דער ווין זאָל ניט ארויסרינען. אָבער כדי מען זאָל באזייטיקן דעם שלעכטן ריח פון דער סמאָלע, האָט מען (איידער מען האָט אריינגעטאָן דעם ווין אין גרוב)** אויסגעשמירט די סמאָלע־ערטער מיט עטוואָס ווין, (אָדער מען האָט פריער אריינגעטאָן אין דער סמאָלע אביסל ווין) **און אזוי עס געלאָזט שטיין א געוויסע צייט, כדי דער ריח פון ווין זאָל מאכן אויסוועפן דעם סמאָלע־ריח. זאָגט די משנה, אז כאָטש דער גוי האָט נאָכן אויסשמירן מיט** סמאָלע דעם שטיינערנעם גרוב אים באשמירט דערנאָך מיט עטוואָס ווין (אסורן גוי־אישן ווין) איז גענוג ווען מען וואשט עס אָפּ מיט אש, **און דער גרוב איז כשר, מען קאָן אים נוצן; דאָס וואָרט „טהורה״, „ריין״, מיינט דאָ כשר. דער טעם איז ווייל שטיין זאַפּט ניט אריין אין זיך קיין ווין.** ושל עץ, און (אויב דער וויינקעלטער־גרוב איז) פון האָלץ, זאָגט רבי (ר׳ יהודה הנשיא, דער מסדר פון דער משנה) אז מען זאָל עס אָפּווישן. **אויך דאָ זאָל מען אָפּווישן, אָפּרייבן מיט אש און מיט וואסער, און דער גרוב איז כשר.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז מען זאָל אָפּ־שיילן די סמאָלע. **זיי האַלטן, אז ווייל ביי א הילצערנעם גרוב מוז מען האָבן מער סמאָלע און מען האָט דאריבער עס באשמירט מיט מער ווין, דארף מען דאריבער אפשיילן די סמאָלע, און דערנאָך אפּווישן.** ושל חרס, און (אויב דער גרוב איז) א ער־דענער, איז כאָטש מען האָט אָפּגעשיילט די סמאָלע, איז ער (דער גרוב) אסור. **מען טאָר אים ניט נוצן, ווייל ערדענע זאכן זאַפּן אריין אין זיך דעם ווין גאָר שטארק.**

יב. הלוקח, אז איינער (א ייד) קויפט נוץ־זאכן (כלים וואָס מען נוצט צום קאָכן און צום עסן אָדער צום טרינקן) פון א גוי, איז דאָס (די כלים) וואָס איז דער

לְהַגְעִיל יַגְעִיל, לְלַבֵּן בָּאוּר יְלַבֵּן
בָּאוּר. הַשַּׁפּוּד, וְהָאַסְכָּלָה, מְלַבְּנָן
בָּאוּר. וְהַסַּכִּין שָׁפָהּ וְהִיא טְהוֹרָה:

## סליק מסכת עבודה זרה.

שטייגער טובל צו זיין (וואָס מען נוצט עס נור צו קאַלטע זאַכן) זאָל מען עס טובל זיין. מען מיינט דאָ, אז אפילו מען קויפט נייע כלים פון א גוי, דאַרף מען זיי טובל זיין אין מקוה. דאָס איז נור ווען די כלי איז פון מעטאַל אָדער פון גלאָז; אָבער אויב ערדענע כלים דאַרף מען זיי טובל זיין נור ווען זיי זענען גלאַזירט. להגעיל, (אויב דאָס זענען כלים וואָס מען) קאָכט אין זיי (להגעיל), זאָל מען זיי כשרן (אויסקאָכן מיט הייס וואַסער). מען מיינט דאָ מעטאַלענע שיסלען וואָס מען עסט אין זיי הייסע זאַכן און א גוי האָט זיי גענוצט מיט טריפה מאכלים, דאַרף מען כשרן אין קאָכעדיק וואַסער. דאָס וואָרט „הגעיל" פון „געל" (ווי אין איוב כ"א שורו עבר ולא יגעיל) זאָל זיין דער טייטש „באַזייטיקן", און מען מיינט דערמיט אז מען טוט אריין די כלי אין א גרויסן קעסל מיט וואַסער און מען קאָכט עס אויף, און עס באַזייטיקט אַזוי אַרום די איינגעזאַפּטע טריפה מאכלים. ללבן, (אויב די כלי איז א זאַך וואָס דער שטייגער איז עס) צו גליען אויף פייער (ללבן, אָנגעגליט), זאָל מען עס גליען אין פייער (באור, „אור", פייער). די משנה זאָגט באַלד וואָסערע כלים מען מיינט דאָ. השפוד, דער שפּיז (אויף וועלכן מען בראָט פליש) און די בראָט־אייזן־לייטערס (אסכלה) דאַרף מען גליען אין פייער. ווייל זיי זאַפּן דאָך אין זיך אריין די פעט פון טריפה מאכלים דורך פייער, קאָנען זיי אַרויסגעבן די פעט צוריק אויך נור דורך גליען זיי אין פייער. „שפוד" איז דאָס גריכישע וואָרט „ספּאַדאָס", א שפּיז. „אסכלה" איז דאָס גריכישע וואָרט „עסקאַרא" (די „ל" און „ר" טוישן זיך אָפּט), בראָט־אייזנס, וואָס זענען איינגעאָרדנט ווי א לייטער. זע פסחים פרק ז' משנה ב'. והסכין, און דאָס מעסער (פון א גוי, וואָס מען באַנוצט ניט צו הייסע זאַכן, נאָר צו קאַלטע זאַכן) זאָל מען עס איבערריבן און עס איז ריין (כשר). די מפרשים זאָגן, אז מען זאָל דאָס מעסער אריינשטעקן אין דער ערד 10 מאָל און מען מעג באַנוצן זיך דאַמיט ביי קאַלטע זאַכן, אויב אין מעסער זענען ניט פאַראַן קיין גריבלעך; אָדער מען שלייפט אָפּ דאָס מעסער אויף א שטיין און דאַמאָלס מעג מען נוצן עס אויך צו הייסע זאַכן. אויב דאָס מעסער האָט גריבלעך דאַרף מען עס גליען.

(סליק מסכת עבודה זרה, געענדיקט די מסכתא עבודה זרה)

---

# מסכתא אבות

די מסכתא אבות, וועלכע האָט 5 פרקים, איז אַנדערש פון אַלע אַנדערע מסכתות אין דער משנה דאַמיט, וואָס זי לערנט ניט קיין הלכות, נאָר זי ברענגט דברי מוסר, וועגן רעליגיעזער לעבנס־אויפפירונג און מידות טובות וואָס זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן דורך די יידישע חכמים פון דער צייט נאָך די נביאים און עזרא ונחמיה אין אָנהויב פון 2טן בית המקדש, ביז דער צייט ווען מ'האָט מסדר געווען די משנה אין דער צייט פון רבי (ר' יהודה הנשיא) און זיין זון רבן גמליאל. דער נאָמען „אבות", „פאָטערס", איז דערפון, וואָס די חכמים זענען די „פאָטערס" פון יידישן פאָלק. דער נאָמען „אבות" פאַר דער דאָזיקער מסכתא געפינט זיך שוין אין דער גמרא בבא קמא ל' (מילי דאבות"). עס איז אַן אַלטער מנהג צו זאָגן א פרק פון אבות זומער

# פרק א.

**א** משֶׁה קִבֵּל תּוֹרָה מִסִּינַי, וּמְסָרָהּ לִיהוֹשֻׁעַ, וִיהוֹשֻׁעַ לִזְקֵנִים, וּזְקֵנִים לִנְבִיאִים, וּנְבִיאִים מְסָרוּהָ לְאַנְשֵׁי כְנֶסֶת הַגְּדוֹלָה. הֵם אָמְרוּ שְׁלשָׁה דְבָרִים, הֱווּ מְתוּנִים בַּדִּין וְהַעֲמִידוּ תַלְמִידִים הַרְבֵּה וַעֲשׂוּ סְיָג לַתּוֹרָה:

יעדן שבת, (און מען זאָגט דאַביי אויך די משנה „כל ישראל" פון סנהדרין פרק י'), און דאריבער ווערט די מסכתא טיילמאל אויך גערופן „פרקי אבות". ביים זאָגן פרק אים זומער איז צוגעגעבן געוואָרן א 6טער פרק („שנו חכמים"), וועלכער געפינט זיך ניט אין דער משנה, נאָר זאַיז א ברייתא. די משנה אבות האָט ניט קיין גמרא און ניט קיין תוספתא, נאָר עס איז פאַראַן „אבות דרבי נתן", א זאמלונג פון ברייתות. — צו אבות זענען פאראן א סך פירושים פון ראשונים און אחרונים, וועלכע האָבן די קורצע ווערטער פון די חכמים איינגעטייטשט און ארויסגענומען פון זיי טיפע געדאנקען אין מוסר און הנהגית החיים. א זאמלונג פון א סך פון די פירושים איז פאראן פון ר' שמואל אוזידא פון צפת אין ארץ ישראל (געלעבט מיט א 350 יאָר צוריק) וועלכער האָט זיי צונויפגענומען אין זיין ספר „מדרש שמואל".

## פרק א.

א. משה, משה (רבנו) האָט גענומען די תורה פון (באַרג) סיני און ער האָט זי איבערגעגעבן צו יהושע (בן נון), און יהושע (האָט זי איבערגעגעבן) צו די זקנים, און די זקנים (האָבן זי איבערגעגעבן) צו די נביאים, און די נביאים האָבן זיי איבערגעגעבן צו די אנשי כנסת הגדולה (די מענער פון דער גרויסער פאַרזאַמלונג). **די משנה וועט דאָ באלד געבן די ערשטע דברי מוסר וואָס ס'האָבן געזאָגט די אנשי כנסת הגדולה, אָבער צוערשט גיט זי די מסורה, די טראַדיציע, ווי אזוי די תורה איז איבערגעגאַנגען פון דור צו דור, פון משה רבנו אָן ביז צו די אנשי כנסת הגדולה. דאָס וואָרט „מ ס י נ י"**, „פון באַרג סיני", טייטשן די מפרשים **„פון גאָט וואָס האָט זיך באַוויזן אויפן באַרג סיני". יהושע בן נון איז געווען דער תלמיד און דער פירער פון יידן נאָכן טויט פון משה רבנו. „זקנים" האָבן געהייסן די יידישע חכמים און פירער סיי די וואָס זענען געווען צוזאַמען מיט יהושע און סיי די וועלכע זענען געווען נאָך יהושע'ס טויט ביז דער צייט פון די נביאים, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן מיט שמואל הנביא און דוד המלך. די נביאים זענען געווען דורך דער גאַנצער צייט פון ערשטן בית המקדש, און דעם גלות בבל, און דערנאָך אין אָנהויב פון צווייטן בית המקדש, און באלד נאָך זיי זענען געווען די „אנשי כנסת הגדולה", די „מענער פון דער גרויסער פאַרזאַמלונג", צו וועלכע עס האָבן געהערט אויך עזרא און נחמיה.** — הם, זיי (די אנשי כנסת הגדולה) האָבן געזאָגט דריי זאַכן: **די מפרשים זאָגן, אז אומעטום וואו די משנה ברענגט דאָ, אז דער אָדער יענער תנא האָט געזאָגט עטליכע זאַכן, מיינט זי ניט דאַמיט, אז ער האָט געזאָגט נור די דאָזיקע זאַכן, נאָר זי וויל זאָגן, אז דאָס איז געווען „מרגלא בפומיה", אז די דאָזיקע ווערטער האָט ער געזאָגט אָפט, ווייל זיי זיינען געווען די יסודות פון זיינע לימודים. אויך די אנשי כנסת הגדולה האָבן מתקן געווען א סך תקנות (ברכות ל"ג), נאָר די דאָזיקע דריי זאַכן זענען דער יסוד פון די הנהגות החיים וואָס זיי האָבן אָנגעזאָגט. די ערשטע זאַך איז:** הוו, זייט געלאַסן אין משפטן. **„מתונים" הייסט געלאַסן, ניט איילן זיך. סיי ביי א דין תורה צווישן מענטשן, סיי אין פסקענען סתם א הלכה, זאָל מען גוט זיך איבערלייגן, ניט פסקענען אין איילעניש, כדי מען זאָל ניט האָבן קיין טעות. די צווייטע זאַך איז:** והעמידו, און שטעלט־אויף א סך תלמידים. **מ'זאָל לערנען תורה צו א סך תלמידים, און מען זאָל קיינמאָל ניט אויפהערן צו לערנען תורה מיט תלמי־**

ב שִׁמְעוֹן הַצַּדִּיק הָיָה מִשְּׁיָרֵי כְנֶסֶת הַגְּדוֹלָה. הוּא הָיָה אוֹמֵר, עַל שְׁלשָׁה דְבָרִים הָעוֹלָם עוֹמֵד, עַל הַתּוֹרָה וְעַל הָעֲבוֹדָה וְעַל גְּמִילוּת חֲסָדִים:

ג אַנְטִיגְנוֹס אִישׁ סוֹכוֹ קִבֵּל מִשִּׁמְעוֹן הַצַּדִּיק. הוּא הָיָה אוֹמֵר, אַל תִּהְיוּ כַּעֲבָדִים הַמְשַׁמְּשִׁים אֶת הָרַב עַל מְנָת לְקַבֵּל פְּרָס, אֶלָּא הֱיוּ כַּעֲבָדִים הַמְשַׁמְּשִׁים אֶת הָרַב שֶׁלֹּא עַל מְנָת לְקַבֵּל פְּרָס, וִיהִי מוֹרָא שָׁמַיִם עֲלֵיכֶם:

דים. און די דריטע זאך איז: וועשו, און מאכט א צוים (סייג) צו דער תורה. מיט א „צוים", „סייג", אן ארומצוימונג, מיינט מען, אז מען זאָל אסרן אויך טייל אזעלכע זאכן, וואס לויט דער תורה זענען זיי מותר, אָבער זיי קאָנען דערפירן א מענטש צו טאָן א עבירה. דאָס איז דער יסוד פאר די אלע איסורים, וואס די חכמים האָבן איינגעפירט, און די גמרא פארגלייכט די תורה צו א וויינגאָרטן, וואס מען דארף אים ארומצוימען כדי אים בעסער אָפּצוהיטן.

ב. שמעון הצדיק איז געווען פון די איבערגעבליבענע פון דער כנסת הגדולה (פון דער גרויסער פארזאמלונג). „משיירי", „פון די איבערגעבליבענע", מיינט אז ער איז געווען אין דער צייט צום סוף פון דער „גרויסער פארזאמלונג". די „כנסת הגדולה" האָט עקזיסטירט א לאנגע צייט, ווארום פון דער צייט פון עזרא און נחמיה ביז שמעון הצדיק זענען אריבער א סך יאָרן. וועגן דער צדקות פון שמעון הצדיק, וועלכער איז געווען כהן גדול, איז פאראן דערציילט אויך אין די ספרים פון יוסיפון לרומיים (יאָזעפוס פלאוויוס) און אין ספר בן סירא. הוא, ער (שמעון הצדיק) פלעגט זאָגן: אויף דריי זאכן שטייט די וועלט, אויף (לערנען) תורה, און אויף דינען (גאָט, עבודה) און אויף טאָן גוטס (צו מענטשן, גמילות חסדים). טייל טייטשן „תורה" אז די מצוות פון דער תורה זענען דער יסוד פון קיום פון דער וועלט, און מיט „עבודה" מיינט מען דאָס ברענגען קרבנות אין בית המקדש.

ג. אנטיגנוס דער מאן פון (דער שטאָט) סוכו האָט איבערגענומען פון שמעון הצדיק. דאָס איז דאָס ערשטע מאָל וואס א חכם פון דער משנה ווערט אָנגערופן מיט א גריכישן נאָמען, אנטיגנוס; אין די שפּעטערדיקע צייטן געפינען מיר שוין מער גריכישע נעמען צווישן די חכמים („הורקנוס", „לויטס" און אנדערע). דאָס איז געווען די צייט, באלד נאָכדעם ווי אלכסנדר מוקדון האָט איינגענומען ארץ ישראל און די גריכישע מלכים (מלכי יון) פון מצרים צי פון סיריע האָבן געהערשט איבער ארץ ישראל. „סוכו", אָדער ווי עס הייסט אין תנך „שכה", ווערט דערמאָנט אין יהושע ט״ו, לה, שמואל א׳ י״ז, און דאָס איז היינט א דאָרף אויף דער באַן־ליניע צווישן יפו און ירושלים („שווייקא" אין אראביש). אנטיגנוס איז געווען א תלמיד פון שמעון הצדיק און האָט פון אים איבערגענומען (קבל) דאָס לערנען. הוא, ער (אנטיגנוס) פלעגט זאָגן: איר זאָלט נישט זיין ווי די קנעכט, וואס באדינען דעם בעל הבית כדי צו באקומען באלוינונג (פרס), נאָר זייט ווי די קנעכט, וואס באדינען דעם בעל הבית ניט כדי צו באקומען באלוינונג; און די מורא פון הימל (פון גאָט) זאָל זיין אויף אייך. דער רמבם זאָגט, אז מיט „פרס" מיינט מען, וואס א בעל הבית גיט זיין קנעכט ווען ער באדינט אים, און ער איז עס אים ניט מחויב צו געבן, און „שכר" מיינט „באלוינונג" וואס דער בעל הבית איז מחויב צו באצאָלן. אנטיגנוס זאָגט דאָ די זייער הויכע דברי מוסר, אז מען זאָל דינען גאָט מאהבה, פון ליבשאפט, און ניט ווייל מען וועט ווערן צוליב דעם באלוינט; און דאָביי גיט ער צו, אז מען זאָל מורא האָבן פאר גאָט. די משנה רופט אָן „גאָט", „שמים", הימל, ווייל די משנה האָט ניט געוואָלט אָנרופן גאָט'ס הייליקן נאָמען בפירוש. אין „אבות דרבי נתן", א ברייתא אויף אבות, ווערט דערציילט, אז אנטיגנוס האָט געהאט צוויי תלמידים, צדוק און בייתוס, און זיי האָבן געלערנט זייער רבי'ס ווערטער צו זייערע תלמידים און זיי האָבן זיי שלעכט פאר־

ד יוֹסֵי בֶּן יוֹעֶזֶר אִישׁ צְרֵדָה וְיוֹסֵי בֶּן יוֹחָנָן אִישׁ יְרוּשָׁלַיִם קִבְּלוּ מֵהֶם. יוֹסֵי בֶּן יוֹעֶזֶר אִישׁ צְרֵדָה אוֹמֵר, יְהִי בֵיתְךָ בֵּית וַעַד לַחֲכָמִים, וֶהֱוֵה מִתְאַבֵּק בַּעֲפַר רַגְלֵיהֶם, וֶהֱוֵה שׁוֹתֶה בַצָּמָא אֶת דִּבְרֵיהֶם: ה יוֹסֵי בֶּן יוֹחָנָן אִישׁ יְרוּשָׁלַיִם אוֹמֵר, יְהִי בֵיתְךָ פָּתוּחַ לִרְוָחָה, וְיִהְיוּ עֲנִיִּים בְּנֵי בֵיתֶךָ, וְאַל תַּרְבֶּה שִׂיחָה עִם הָאִשָּׁה, בְּאִשְׁתּוֹ אָמְרוּ, קַל וָחֹמֶר בְּאֵשֶׁת חֲבֵרוֹ. מִכַּאן אָמְרוּ חֲכָמִים כָּל הַמַּרְבֶּה שִׂיחָה עִם הָאִשָּׁה גּוֹרֵם רָעָה לְעַצְמוֹ, וּבוֹטֵל

שטאנען, און זיי האָבן געזאָגט אז עס איז אינגאנצן ניט פאראן קיין עולם הבא און קיין שכר פאר מצוות, און אז פון זיי האָבן אָפגעשטאמט די סעקטן ביי יידן „צדוקים" און „בייתוסים".

ד. יוסי בן יועזר דער מאן פון (דער שטאָט) צרדה און יוסי בן יוחנן דער מאן פון ירושלים האָבן איבערגענומען (דאָס לערנען) פון זיי (מהם). טייל מפרשים טייטשן אז „מהם", „פון זיי" (אין לשון רבים) מיינט „פון שמעון הצדיק און פון אנטיגנוס". אין טייל נוסחאות איז פאראן „ממנו", „פון אים", און עס הייסט, אז בלויז פון אנטיגנוס. „צרדה" איז געווען א שטאָט און פון דאָרט האָט געשטאמט ירבעם בן נבט (מלכים א׳, יא); היינט איז עס א דארף צו צפון פון ירושלים (אין אראַ־ביש הייסט עס „צאראדא"). מיט יוסי בן יועזר און יוסי בן יוחנן האָט זיך אָנגע־הויבן ביי יידן די צייט פון די „זוגות", פון דער „פּאָר", דאָס הייסט, ווען 2 חכמים האָבן אָנגעפירט מיט דעם סנהדרין און מיט דער גרויסער ישיבה אין ירושלים. איינער פון זיי איז געווען דער „נשיא" פון סנהדרין און דער צווייטער איז געווען דער „אב בית דין", (זע אין חגיגה פרק ב׳ משנה ב׳). וועגן יוסי בן יועזר ווערט דערציילט אין מדרש אז ער איז אומגעקומען אויף קידוש השם אין דער צייט פון די גזירות השמד פון אנטיוכוס מלך יון, וואָס האָבן דערפירט צו דעם אויפשטאנד פון מתתיהו הכהן און זיינע פינף חשמונאים־זין (יהודה המכבי און אנדערע). יוסי בן יועזר זאָגט: דיין הויז זאָל זיין א פארזאמלונגס־הויז (בית ועד) פאר חכמים (זיי זאָלן זיך צונויפקומען ביי דיר אין הויז), און זאָלסט זיך שטויבן (מתאבק, פון „אבק", שטויב) אין דעם שטויב (עפר) פון זייערע פיס, און דו זאָלסט טרינקען מיט דורשט זייערע ווערטער. יוסי בן יועזר האָט געוויזן ווי אזוי מ׳דאַרף לערנען תורה, דהיינו, מען זאָל נאָכזוכן די חברותא פון חכמים און לערנען ביי זיי מיט חשק, מיט דורשט. „מתאבק", „זיך באדעקן מיט שטויב", מיינט „נאָכגיין נאָך די חכמים". טייל מפרשים טייטשן, אז ווייל אמאָל פלעגט זיין דער מנהג, אז ביים לערנען, ווען דער רבי איז געזעסן אויף א בענקל, זענען די תלמידים געזעסן אויף דער ערד און געוואָרן באדעקט מיט שטויב.

ה. יוסי בן יוחנן דער מאן פון ירושלים זאָגט: דיין הויז זאָל זיין אָפן (פאר אורחים) ברייט (לרוחה), און אָרימע לייט זאָלן זיין ווי דיין הויז־געזינד (בני ביתך, די מענטשן פון דיין הויז), און זאָלסט ניט רעדן צופיל מיט דער פרוי. יוסי בן יוחנן האָט געלערנט דעם יסוד פון גמילות חסדים, פון טאָן גוטס צו מענטשן, דער עיקר צו פרעמדע מענטשן, צו אורחים און צו אָרימע לייט, אז מען זאָל זיי אויפנעמען ביי זיך אין דער היים און זיי זאָלן זיין ביים בעל הבית אזוי ווי זיינע אייגענע קינדער. ער האָט אויך צוגעגעבן די ווערטער אז מען, זאָל ניט רעדן קיין סך מיט דער פרוי. צו זיינע דאָזיקע ווערטער האָט רבי דער מסדר פון דער משנה צוגעגעבן: באשתו, זיי (ווען די חכמים) האָבן געזאָגט (אז א מענטש זאָל ניט רעדן א סך מיט דער פרוי האָבן זיי געמיינט) זיין (דעם מענטש׳ס) אייגענער פרוי, און אודאי שוין (טאָר מען מען נישט רעדן קיין סך) מיט דער פרוי פון אן אנדערן מאן (חברו); דערפון האָבן די חכמים געזאָגט, אז ווען א מענטש רעדט א סך מיט דער פרוי ברענגט ער אויף

מִדִּבְרֵי תוֹרָה, וְסוֹפוֹ יוֹרֵשׁ גֵּיהִנֹּם: ו יְהוֹשֻׁעַ בֶּן פְּרַחְיָה וְנִתַּאי הָאַרְבֵּלִי קִבְּלוּ מֵהֶם. יְהוֹשֻׁעַ בֶּן פְּרַחְיָה אוֹמֵר, עֲשֵׂה לְךָ רַב, וּקְנֵה לְךָ חָבֵר, וֶהֱוֵה דָן אֶת כָּל הָאָדָם לְכַף זְכוּת: ז נִתַּאי הָאַרְבֵּלִי אוֹמֵר, הַרְחֵק מִשָּׁכֵן רָע, וְאַל תִּתְחַבֵּר לָרָשָׁע, וְאַל תִּתְיָאֵשׁ מִן הַפֻּרְעָנוּת: ח יְהוּדָה בֶּן טַבַּאי וְשִׁמְעוֹן בֶּן שָׁטַח קִבְּלוּ מֵהֶם. יְהוּדָה בֶּן טַבַּאי אוֹמֵר, אַל תַּעַשׂ עַצְמְךָ כְּעוֹרְכֵי הַדַּיָּנִים, וּכְשֶׁיִּהְיוּ בַּעֲלֵי הַדִּין עוֹמְדִים לְפָנֶיךָ, יִהְיוּ בְעֵינֶיךָ כִּרְשָׁעִים, וּכְשֶׁנִּפְטָרִים מִלְּפָנֶיךָ, יִהְיוּ בְעֵינֶיךָ כְּזַכָּאִים, כְּשֶׁקִּבְּלוּ עֲלֵיהֶם אֶת הַדִּין:

זיך שלעכטס און איז מבטל (די צייט) פון (לערנען) די ווערטער פון דער תורה, און זיין סוף וועט זיין אז ער וועט ירשענען דאָס גיהנום. **מחמת דאָס רעדן א סך מיט א פרוי קאָן דערפירן דעם מענטש צו זינד.**

ו. יהושע בן פרחיה און ניתאי פון (דער שטאָט) ארבל (הארבלי) האָבן איבערגענומען פון זיי. **דאָס הייסט פון דער פריערדיקער „פּאָר“, פון יוסי בן יועזר און יוסי בן יוחנן. וועגן יהושע בן פרחיה און ניתאי פון ארבל מיינט מען אז זיי זענען געווען אין דער צייט פון חשמונאים-פירשט הורקנוס-יוחנן כהן גדול, וועלכער האָט אָנגעהויבן רודפן די פּרושים און צוזאמען מיט זיי די חכמים, און יהושע בן פרחיה האָט געמוזט אנטלויפן אויף א געוויסער צייט קיין אלכסנדריא של מצרים, און דערנאָך איז ער צוריקגעקומען קיין ירושלים.** יהושע בן פרחיה זאָגט: פארשאַף דיר א רבי (זאָלסט זען צו האָבן א רבי וואָס זאָל לערנען מיט דיר), און קויף דיר איין א חבר, און זאָלסט דן-זיין יעדן מענטש צו דער גוטער זייט. **„קנה“ קאָן מיינען ביידע, אי „קויפן“ אי זיך איינשאפן. „לכף זכות“ מיינט, אז ווען מען ווייסט ניט וועגן א מענטש צי ער האָט געטאָן גוטס צי שלעכטס און מען „וועגט“ אים אָפּ ווי אויף א וואָג-שאָל, וועלכע האָט צוויי שאָלן, צוויי „הענט“ („כף“, א האנט), צו דער גוטער זייט און צו דער שלעכטער זייט, זאָל מען אים צו-רעכנען צו דער גוטער זייט, אז מסתמא איז ער גוט.**

ז. ניתאי פון ארבל זאָגט: דערווייטער זיך פון א שלעכטן שכן, און זאָלסט זיך ניט מתחבר זיין מיט א רשע, און זאָלסט זיך ניט מייאש זיין פון דער שטראָף (ניט מיינען אז מען קאָן אויסמיידן די שטראָף פאר א עבירה). **אזוי ווי יהושע בן פרחיה האָט פריער געלערנט אז עס איז נויטיק צו האָבן א גוטן רבי און א גוטן חבר, אזוי לערנט איצט ניתאי פון ארבל אז עס איז אויך נויטיק זיך צו דערווייטערן פון שלעכטע מענטשן, פון א שלעכטן שכן, און ניט צו האָבן א רשע פאר א חבר. רשי טייטשט די ווערטער „ניט מייאש זיין זיך פון שטראָף“, אז ווען א מענטש איז רייך און שטארק זאָל ער ניט מיינען אז דאָס קאָן אים פארזיכערן קייגן אלע אומגליקן, און פארקערט, אויב אויף איינעם קומט אן אומגליק (פורענות) זאָל ער ניט אריינפאלן אין יאוש און מיינען אז עס איז שוין גאָר קיין האָפנונג ניטאָ, ווארום באמת קאָן גאָט שיקן די הילף זייער געשווינד. די שטאָט ארבל ווערט דערמאָנט אין הושע י׳ און אויך אין די ספרים פון יוסיפון לרומיים; דאָס זאָל זיין דאָס דאָרף „אירביד“ לעבן טבריה.**

ח. יהודה בן טבאי און שמעון בן שטח האָבן איבערגענומען פון זיי (פון יהושע און ניתאי). יהודה בן טבאי זאָגט: (אויב דו ביזט א דיין) זאָלסטו זיך ניט מאכן ווי די פארטיידיקער פאר די דיינים (דו זאָלסט ניט געבן איינעם פון די בעלי דינים א עצה ווי אזוי ער זאָל געווינען די דין תורה), און ווען די בעלי דינים (די מענטשן וועלכע האָבן פאר דיר א דין תורה) שטייען פאר דיר זאָלן זיי זיין אין דיינע אויגן ווי זיי זענען ביידע אומגערעכט (כדי דו זאָלסט גוט אויספאָרשן זייערע טענות און ניט גלויבן זיי אויפן וואָרט), און ווען זיי גייען אוועק פון דיר זאָלן זיי זיין אין דיינע

ט שִׁמְעוֹן בֶּן שָׁטַח אוֹמֵר, הֱוֵה מַרְבֶּה לַחֲקוֹר אֶת הָעֵדִים, וֶהֱוֵה זָהִיר בִּדְבָרֶיךָ, שֶׁמָּא מִתּוֹכָם יִלְמְדוּ לְשַׁקֵּר: י שְׁמַעְיָה וְאַבְטַלְיוֹן קִבְּלוּ מֵהֶם. שְׁמַעְיָה אוֹמֵר, אֱהֹב אֶת הַמְּלָאכָה, וּשְׂנָא אֶת הָרַבָּנוּת, וְאַל תִּתְוַדַּע לָרָשׁוּת: יא אַבְטַלְיוֹן אוֹמֵר, חֲכָמִים הִזָּהֲרוּ בְּדִבְרֵיכֶם, שֶׁמָּא תָחוּבוּ חוֹבַת גָּלוּת, וְתִגְלוּ לִמְקוֹם מַיִם הָרָעִים, וְיִשְׁתּוּ הַתַּלְמִידִים הַבָּאִים אַחֲרֵיכֶם וְיָמוּתוּ, וְנִמְצָא שֵׁם שָׁמַיִם

אויגן ווי זיי זענען בײדע גערעכט (זכאי) אויב זיי האָבן מקבל געווען אויף זיך דעם (פסק־)דין. אזוי טייטשן דער גרעסטער טייל מפרשים דעם אויסדרוק „עורכי הדיינין", ווי „אדוואָקאטן", פאַרטיידיקער, פון „ערך", מסדר זיין, אײנאָרדנען די טענות און די פאַרטיידיקונג.

ט. שמעון בן שטח זאָגט: דו זאָלסט (אויב דו ביזט א דיין) א סך אויספאָרשן די עדות, און דו זאָלסט זיין פּאַרזיכטיק מיט דיינע ווערטער, ווייל טאָמער וועלן זי (די עדות און די בעלי דינים) זיך אויסלערנען פון זיי (פון דיינע ווערטער) צו זאָגן ליגן. פון א ניט־פּאַרזיכטיקער שאלה, וואָס דער דיין שטעלט, קאָן דער עדות צי דער בעל דין פאַרשטיין אז אויב ער וועט זאָגן אזא אָדער אן אנדערן ליגן וועט זיין בעסער פאַר אים. דעריבער זאָל דער דיין זיין פּאַרזיכטיק מיט זיינע ווערטער. יהודה בן טבאי און שמעון בן שטח האָבן געלעבט אין דער צייט פון יידישן מלך אלכסנדר ינאי (שמעון בן שטח איז געווען א ברודער פון דער מלכה אלכסנדרה, ינאי׳ס ווייב), און אויך די דאָזיקע חכמים האָבן געליטן רדיפות פון ינאי המלך און האָבן אויף א געוויסער צייט געמוזט אנטלויפן פון ירושלים קיין אלכסנדריה של מצרים.

י. שמעיה און אבטליון האָבן איבערגענומען פון זיי (פון יהודה בן טבאי און שמעון בן שטח). וועגן שמעיה און אבטליון דערציילט די גמרא אז זיי האָבן געשטאַמט פון גרים. זיי האָבן געלעבט אין דער צייט פון דעם לעצטן הורקנוס כהן גדול (טייל מיינען אז זיי ווערן דערמאָנט אין יוסיפון לרומיים), ווען עס איז אומגעקומען כמעט דאָס גאנצע מלוכה־הויז פון די חשמונאים, און א פרעמדער, הורדוס, האָט פאַרנומען די יידישע כסא מלוכה. — שמעיה זאָגט: האָב ליב די מלאכה (צו זיין אן ארבייטער) און האָב פיינט די הערשאַפט (רבנות, צו זיין א הערשער איבער יענעם) און טרעף זיך ניט מיט די הערשער (רשות). „רבנות" טייטשן די מפרשים הערשאַפט, הערשן איבער יענעם; און אויך „רשות" מיינט מען די מענטשן וועלכע הערשן איבער יענעם, און מען דאַרף זיי אויסמיידן.

יא. אבטליון זאָגט: חכמים, זייט פּאַרזיכטיק מיט אייערע ווערטער, ווארום טאָמער וועט איר זיך פאַרשולדיקן אין א שולד (פאַר וועלכער מען וועט אייך פאַרמשפּטן) צו ווערן פאַרטריבן (פון אייער היים) און איר וועט פאַרטריבן ווערן אין אן אָרט פון שלעכטע וואסער, און די תלמידים וואָס וועלן קומען נאָך אייך וועלן טרינקן (די שלעכטע וואסער) און שטארבן, און עס וועט אויסקומען אז דער נאָמען פון גאָט וועט ווערן פאַרשוועכט. אויף די דאָזיקע ווערטער פון אבטליון וועלכע זענען געזאָגט געוואָרן ברמז, זענען פאַראן א סך פירושים. די ערשטע ווערטער „חכמים, הזהרו בדבריכם", אז די חכמים זאָלן זיין פּאַרזיכטיק מיט זייערע ווערטער, פאַרטייטשט מען, אז זיי זאָלן מסביר זיין קלאָר זייערע געדאנקען און זאָלן נישט דערפירן מענטשן צו קיין טעות. אָבער וואָס מען מיינט מיט „פאַרטריבן ווערן" און „שלעכטע וואסער", איז ניט זיכער. דער ברטנורא טייטשט, אז מיט „שלעכטע וואסער" מיינט מען דברי מינות, אפּיקורסות, און די תלמידים קאָנען אמאָל א טעות האָבן און אָננעמען די דאָזיקע שלעכטע דיעות. טייל מיינען אז דאָס האָט א שייכות מיט די רדיפות אויף די יידישע חכמים. און ווי מיר האָבן געזאָגט פריער האָבן טייל פון זיי געמוזט אנטלויפן קיין אלכסנדריה של מצרים, און דאָרט זענען געווען יידישע פי־

מְתְחַלֵּל: יב הִלֵּל וְשַׁמַּאי קִבְּלוּ מֵהֶם. הִלֵּל אוֹמֵר, הֱוֵה מִתַּלְמִידָיו שֶׁל אַהֲרֹן, אוֹהֵב שָׁלוֹם וְרוֹדֵף שָׁלוֹם, אוֹהֵב אֶת הַבְּרִיּוֹת, וּמְקָרְבָן לַתּוֹרָה: יג הוּא הָיָה אוֹמֵר, נְגַד שְׁמָא אֲבַד שְׁמֵהּ, וּדְלָא מוֹסִיף יָסֵף, וּדְלָא יָלֵף קְטָלָא חַיָּב, וּדְאִשְׁתַּמַּשׁ בְּתָגָא חֲלָף: יד הוּא הָיָה אוֹמֵר, אִם אֵין אֲנִי לִי

לאזאָפן וועלכע האָבן איבערגענומען גריכישע שיטות (די חכמת יונית) און עס איז געווען מורא צו האָבן אז די יינגע תלמידים וואָס וועלן אהינקומען מיט די חכמים פון ארץ ישראל זאָלן ניט קאליע ווערן.

יב. הלל און שמאי האָבן איבערגענומען פון זיי (פון שמעיה און אבטליון. הלל און שמאי זענען געווען די לעצטע פון די „זוגות״, פון די „פּאר״. וועגן הלל דערציילט די תוספתא און די גמרא, אז ער האָט געשטאמט פון בבל און פון דאָרט איז ער געקומען קיין ארץ ישראל לערנען תורה, און ער איז געוואָרן דער נשיא פון די סנהדרין; שמאי איז געווען דער אב בית דין. הלל זאָגט: דו זאָלסט זיין פון די תלמידים פון אהרן (פון אהרן הכהן, זאָלסט זיך אָפּלערנען פון אים, צו זיין) א ליבהאָבער פון שלום און נאָכיאָגן זיך נאָכן שלום, א ליבהאָבער פון מענטשן און דערנענטערן זיי צו דער תורה. וועגן כהן איז פאראן אין מלאכי ב׳ „בשלום ובמישור הלך אתי ורבים השיב מעון״, אז ער גייט מיט שלום, און דאדורך מאכט ער אז א סך מענטשן זאָלן אויפהערן צו זינדיקן. דער אבות דרבי נתן דערציילט, אז ווען אהרן הכהן האָט געזען צוויי מענטשן קריגן זיך, איז ער געגאנגען צו יעדן פון זיי און אים געזאָגט, אז זיין חבר האָט חרטה אויף דער מחלוקה, און אזוי ארום האָט ער געמאכט שלום צווישן זיי. אויך האָט אהרן מקרב געווען מענטשן, אפילו זינדיקע, און די זינדיקע האָבן געטראכט ביי זיך: „ווען אהרן זאָל וויסן ווי זינדיק מיר זיינען וואָלט ער דאָך אונז ניט מקרב געווען״, און דאָס האָט דערפירט אז זיי האָבן אויפגעהערט צו זינדיקן. מיט „רודף שלום״ מיינט מען, אז ניט מען זאָל וואַרטן ביז דער שלום וועט קומען, נאָר מען זאָל זיך באמיען צו מאכן שלום. „אוהב את הבריות״, „ליב האָבן מענטשן״, מיינט אלע מענטשן, ווי מיר געפינען אין נדרים פרק י״א, משנה ג׳ „קונם שאינו נהנה לבריות״. אז מען מיינט מיט „בריות״ אלע מענטשן.

יג. הוא, ער (הלל) פלעגט זאָגן: ווער עס ציט־אויס דעם נאָמען (נגד שמא, פאַר־גרעסערט זיין נאָמען, באמיט זיך צו האָבן כבוד און הערשאפט) פארלירט זיין נאָמען, און ווער עס פארמערט ניט (פארגרעסערט ניט זיין לערנען תורה), פארשווינדעט (יסיף), און ווער עס לערנט ניט פארדינט דעם טויט, און ווער עס באנוצט זיך מיט דער קרוין (פון דער תורה, מיט זיין לערנען) וועט אונטערגיין. הלל לערנט דאָ אין אראַ־מעאיש 4 זאכן. ערשטנס, אז דאָס נאָכיאָגן זיך נאָך כבוד און הערשאפט ברענגט אום דעם מענטש. צווייטנס, אז אפילו ווען איינער האָט געלערנט א סך תורה, נאָר ער באַ־מיט זיך ניט צו לערנען ווייטער, ער פארגרעסערט ניט זיינע ידיעות, וועט ער פאַר־געסן וואָס ער האָט שוין געלערנט. דריטנס, אז ווער עס לערנט ניט, פארדינט ניט צו לעבן אויף דער וועלט, ווייל דער תכלית פון לעבן איז תורה, לערנען. פירטנס, אז מען טאָר זיך ניט באנוצן מיט דער „קרוין״ („בתגא״), מיט דער תורה. וועגן דעם פירטן וואָרט פון הלל זענען פאראן א סך טייטשן. פון דער משנה ווייטער פרק ד׳ משנה ה׳ איז צו זען, אז ער האָט געמיינט אז מען טאָר זיך ניט מאכן קיין פרנסה פון לערנען. עס ווערט אויך געטייטשט אז מען טאָר זיך ניט לאָזן משמש זיין פון א תלמיד חכם.

יד. הוא, ער (הלל) פלעגט זאָגן: אויב איך וועל אליין ניט (טאָן) פאר מיר, ווער (וועט טאָן) פאר מיר ? און אז איך בין פאר מיר אליין, וואָס בין איך ? און אויב

מִי לִי, וּכְשֶׁאֲנִי לְעַצְמִי מָה אֲנִי, וְאִם לֹא עַכְשָׁו אֵימָתָי: טו שַׁמַּאי אוֹמֵר, עֲשֵׂה תוֹרָתְךָ קֶבַע, אֱמוֹר מְעַט, וַעֲשֵׂה הַרְבֵּה, וֶהֱוֵה מְקַבֵּל אֶת כָּל הָאָדָם בְּסֵבֶר פָּנִים יָפוֹת: טז רַבָּן גַּמְלִיאֵל אוֹמֵר, עֲשֵׂה לְךָ רַב, וְהִסְתַּלֵּק מִן הַסָּפֵק, וְאַל תַּרְבֶּה לְעַשֵּׂר אֻמָּדוֹת: יז שִׁמְעוֹן בְּנוֹ אוֹמֵר, כָּל יָמַי גָּדַלְתִּי בֵּין הַחֲכָמִים, וְלֹא מָצָאתִי לַגּוּף טוֹב מִשְּׁתִיקָה, וְלֹא הַמִּדְרָשׁ עִקָּר אֶלָּא הַמַּעֲשֶׂה, וְכָל הַמַּרְבֶּה דְבָרִים מֵבִיא חֵטְא: יח רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַּמְלִיאֵל

ניט איצט, ווען זשע דען? דאָ לערנט הלל דריי זאכן. ערשטנס, אז א מענטש דאַרף זיך ניט פאַרלאָזן אויף אן אנדערן, נאָר ער מוז אליין ארבייטן כדי צו דערגרייכן דעם תכלית. צווייטנס, אז אויב א מענטש טוט יאָ דאַרף ער זיך ניט האלטן גרויס, ווארים וואָס איז דען דער מענטש? דריטנס, אז מען זאָל ניט אָפּלייגן א זאך אויף שפּעטער. דער ברטנורא טייטשט דעם דריטן געדאנק, אז אויב דער מענטש טוט ניט קיין מצוות אויף דער דאָזיקער וועלט, ווען ער לעבט, קאָן ער אויף יענער וועלט, נאָכן טויט, גאָרניט טאָן.

טו. שמאי זאָגט: דו זאָלסט מאכן דיין תורה (לערנען) פאַר א פעסטע זאך (קבע, דו זאָלסט ניט לערנען צופעליג, נאָר זאָלסט לערנען כסדר), זאָג ווייניג און טו א סך, און זאָלסט אויפנעמען יעדן מענטש מיט א פריינטליכן פנים (בסבר פנים יפות). דער ברטנורא טייטשט „עשה תורתך קבע", אז דער עיקר באשעפטיקונג פון מענטש זאָל זיין דאָס לערנען תורה.

טז. רבן גמליאל זאָגט: פאַרשאַף דיר א רבי (צו לערנען תורה), און גיי אוועק פון א( זאך וואָס איז) א ספק, און זאָלסט ניט צופיל אפּשיידן מעשר לויט אפּשאצונג. פון הלל אָן איז דאָס נשיאות פון סנהדרין איבערגעגאנגען בירושה פון הלל אויף זיין זון און זיין אייניקל און אזוי כסדר. א ברייתא אין שבת ט"ו זאָגט, אז הלל האָט אָנגעהויבן פירן זיין נשיאות 100 יאָר פאַרן חורבן פון 2טן בית המקדש, און אז נאָך אים איז געווען נשיא זיין זון שמעון, און נאָך אים זיין זון רבן גמליאל הזקן און נאָך אים זיין זון רבן שמעון בן גמליאל, און אין זיין צייט איז דאָס בית המקדש חרוב געוואָרן. די משנה ברענגט ניט דאָ קיין ווערטער פון שמעון דעם זון פון הלל, נאָר גייט גלייך אַריבער צו רבן גמליאל הזקן. „הסתלק מן הספק, גיי אוועק פון א ספק־זאך", טייטשן די מפרשים, אז אויב א דיין האָט א דין תורה און עס איז אים א ספק ווי צו פּסקענען זאָל ער זיך ניט שטעלן אויף זיך, נאָר זאָל זיך פרעגן אַפילו ביי קלענערע תלמידי חכמים פון אים. וועגן ניט מעשרן קיין סך לויט אפּשאצונג, מיינט מען, אז ווען מען שיידט אָפּ מעשר פון תבואה זאָל מען גענוי אָפּמעסטן א צענטל, מעשר, און ניט מען זאָל געבן אויפן קוק; ווייל דאדורך וועט מען געבן ניט־ריכטיק מעשר.

יז. שמעון בנו, זיין זון שמעון זאָגט: איך האָב אַלע מיינע טעג (מיינע יאָרן) זיך אויפגעצויגן צווישן חכמים, און האָב ניט געפינען פאַר דעם קערפּער (לגוף, פאַר דעם מענטש) קיין בעסערע (זאך) ווי שווייגן, און ניט דאָס דרשענען איז דער עיקר נאָר דאָס טאָן, און ווער עס רעדט א סך (מרבה דברים) ברענגט זינד. טייל מיינען אז כאָטש שמעון ווערט דאָ געבראכט נאָך רבן גמליאל זאָל עס זיין שמעון דער זון פון הלל; אנדערע מיינען אז דאָס איז רבן גמליאל'ס זון, און ווייל ער איז נאָך געווען דאמאָלס יינג האָט מען אים נאָכניט גערופן „רבן שמעון", נאָר שמעון אליין. פון רבן גמליאל'ס צייט אָן האָט מען שוין יעדן תנא גערופן רבי און דעם נשיא רבן. שמעון לערנט, אז שווייגן איז די געזונטסטע זאך פאַר דעם מענטש, און אפילו ער. הערט ווי מען זידלט אים זאָל ער ניט ענטפערן.

יח. רבן שמעון בן גמליאל זאָגט אז אויף דריי זאכן האלט זיך (קיים) די וועלט:

אוֹמֵר, עַל שְׁלֹשָׁה דְבָרִים הָעוֹלָם קַיָּם, עַל הָאֱמֶת, וְעַל הַדִּין, וְעַל הַשָּׁלוֹם, שֶׁנֶּאֱמַר, אֱמֶת וּמִשְׁפַּט שָׁלוֹם שִׁפְטוּ בְּשַׁעֲרֵיכֶם:

# פרק ב.

א רַבִּי אוֹמֵר, אֵיזוֹ הִיא דֶרֶךְ יְשָׁרָה שֶׁיָּבוֹר לוֹ הָאָדָם, כָּל שֶׁהִיא תִּפְאֶרֶת לְעֹשֶׂהָ וְתִפְאֶרֶת לוֹ מִן הָאָדָם, וֶהֱוֵה זָהִיר בְּמִצְוָה קַלָּה כְּבַחֲמוּרָה, שֶׁאֵין אַתָּה יוֹדֵעַ מַתַּן שְׂכָרָן שֶׁל מִצְוֹת, וֶהֱוֵה מְחַשֵּׁב הֶפְסֵד מִצְוָה כְּנֶגֶד

אויף אמת און אויף גערעכטיקייט (דין, געזעץ), און אויף שלום, ווארום עס ווערט געזאגט (זכריה ח׳, ט״ו) „אמת ומשפט שלום שפטו בשעריכם, אמת און א משפט פון שלום זאָלט איר משפטן אין אייערע טויערן״. די 3 ווערטער פון פסוק אין זכריה זענען די דריי זאכן פון רבן שמעון בן גמליאל: „אמת״ איז אמת, „משפט״ איז דין, גערעכטיגקייט, געזעץ, און „שלום״ איז שלום. — עס איז שווער צו זאָגן ווען די משנה מיינט דאָ מיט „רבן שמעון בן גמליאל״. מחמת רבן שמעון בן גמליאל פון דער צייט פון חורבן (אָדער ווי מען רופט אים „הנהרג״, ווייל ער איז אומגעקומען אלס איינער פון די עשרה הרוגי מלכות) האָט געהאט א זון רבן גמליאל דער נשיא אין יבנה, וועלכער האָט געהאט א זון ר׳ שמעון בן גמליאל דער צווייטער, וועלכער האָט געהאט א זון רבי יהודה הנשיא, דאָס איז רבי דער מסדר פון דער משנה. און ווייל דער 2טער פרק הויבט זיך אָן מיט „רבי אומר״, „רבי זאָגט״, קאָן זיין אז אין דער משנה דאָ מיינט מען רבי׳ס פאָטער.

## פרק ב.

א. רבי אומר, רבי (ר׳ יהודה הנשיא, דער מסדר פון דער משנה) זאָגט: וואָס איז דער גלייכער וועג וועלכן דער מענטש זאָל זיך אויסקלייבן? מיט „ישרה״ מיינט מען דעם גלייכן, דעם גוטן וועג פון לעבן, פון גוטע מעשים. און ער ענטפערט דארויף: כל שהוא, (ער זאָל זיך אויסקלייבן) דעם (וועג) וועלכער איז שיין פאר זיין טוער (פאר דעם מענטש וועלכער טוט די דאָזיקע מעשים) און ער איז אים שיין פאר מענטשן. דער רמבם טייטשט, אז דאָס מיינט מען אז די מעשים וואָס דער מענטש טוט זענען גוט פאר אים אליין און ער פירט זיך אויך אויף גוט מיט מענטשן. דער ברטנורא ברענגט א טייטש, אז רבי לערנט דאָ דעם כלל פון „מיטל־וועג״. למשל, ווען א מענטש איז קארג, גיט ניט קיין צדקה, איז עס פאר אים אליין גוט, מחמת ער בלייבט ביים גאנצן געלט, אָבער עס טויג ניט פאר אנדערע מענטשן, ווארום ער העלפט ניט קיין אָרימע לייט. פארקערט, אויב א מענטש איז א פּזרן, ער צעטיילט צווישן אָרימע לייט זיין גאנץ געלט, איז עס פאר אנדערע מענטשן גוט, אָבער פאר אים אליין טויג עס ניט, ווייל ער ווערט אן אָרימאן און ער וועט דארפן אָנקומען נאָך הילף צו אנדערע. דער גלייכער וועג איז צו זיין א „נדיב״, א גוטהארציקער, ניט אוועקגעבן דאָס גאנצע געלט, אָבער אויך ניט זיין קארג, און דאָס איז „תפארת לעושיה״, גוט פאר אים אליין, און גוט פאר מענטשן. אזוי דארף זיין אויך ביי אנדערע מידות, מען דארף אָננעמען דעם „דרך האמצעית״, דעם מיטל־וועג. והוה, און זיי אָפּגעהיט ביי א גרינגע מצוה אזוי ווי ביי א הארבער (מצוה), ווארום דו ווייסט ניט דעם שכר וויפיל מען גיט פאר מצוות. און יעדע מצוה דארף דאריבער זיין חשוב. והוה, און דו זאָלסט באַרעכנען דעם שאדן (וואָס דו האָסט ביים טאָן) פון א מצוה, אקייגן איר שכר (דער באלוינונג וואָס מען קריגט פאר איר), און דעם פארדינסט (וואָס דו האָסט ביים טאָן) פון א עבירה אקייגן איר שאדן (דער שטראָף וואָס מען באקומט פאר טאָן די עבירה). אויב א מענטש דארף טאָן א מצוה און עס דארף אים קאָסטן געלט און מי און ער האָט דאדורך שאדן,

**שְׂכָרָהּ וּשְׂכַר עֲבֵרָה כְּנֶגֶד הֶפְסֵדָהּ. הִסְתַּכֵּל בִּשְׁלשָׁה דְבָרִים, וְאֵין אַתָּה בָא לִידֵי עֲבֵרָה, דַּע מַה לְמַעְלָה מִמְּךָ, עַיִן רוֹאָה, וְאֹזֶן שׁוֹמַעַת, וְכָל מַעֲשֶׂיךָ בַּסֵּפֶר נִכְתָּבִים: ב רַבָּן גַּמְלִיאֵל בְּנוֹ שֶׁל רַבִּי יְהוּדָה הַנָּשִׂיא אוֹמֵר, יָפֶה תַּלְמוּד תּוֹרָה עִם דֶּרֶךְ אֶרֶץ, שֶׁיְּגִיעַת שְׁנֵיהֶם מְשַׁכַּחַת עָוֹן, וְכָל תּוֹרָה שֶׁאֵין עִמָּהּ מְלָאכָה סוֹפָהּ בְּטֵלָה וְגוֹרֶרֶת עָוֹן, וְכָל הָעוֹסְקִים עִם הַצִּבּוּר יִהְיוּ עוֹסְקִים עִמָּהֶם לְשֵׁם שָׁמַיִם, שֶׁזְּכוּת אֲבוֹתָם מְסַיַּעְתָּם, וְצִדְקָתָם עוֹמֶדֶת לָעַד, וְאַתֶּם מַעֲלֶה אֲנִי עֲלֵיכֶם שָׂכָר הַרְבֵּה, כְּאִלּוּ עֲשִׂיתֶם:**

**ג הֱווּ זְהִירִים בָּרָשׁוּת, שֶׁאֵין מְקָרְבִין לוֹ לָאָדָם אֶלָּא לְצֹרֶךְ עַצְמָם, נִרְאִים כְּאוֹהֲבִים בִּשְׁעַת הֲנָאָתָם, וְאֵין עוֹמְדִים**

**דארף ער אָבער באַרעכנען אז דער שכר פון דער מצוה איז א סך גרעסער פון דעם שאדן וואָס ער האָט דורך איר. און פאַרקערט איז ביי א עבירה, פון וועלכער ער האָט א פאַרדינסט, א הנאה, אָבער דער עונש דערפאר וועט זיין א סך גרעסער פון דעם איצטיקן פאַרדינסט, און רבי גיט צו נאָך די דאָזיקע ווערטער:** הסתכל, טראַכט זיך אריין אין דריי זאכן און דו וועסט ניט קומען צו (טאָן) א עבירה: וויס וואָס איז פאראַן איבער דיר, — אן אויג וואָס זעט, און אן אויער וואָס הערט, און אלע דיינע מעשים (אלץ וואָס דו טוסט) ווערן פאַרשריבן אין דעם בוך. **דער מענטש זאָל ניט מיינען אז ער קאָן טאָן זאכן און מען זאָל ניט וויסן פון זיי.**

ב. רבן גמליאל דער זון פון רבי יהודה הנשיא זאָגט: עס איז גוט דאָס לערנען תורה און האָבן אויך דרך ארץ ווארום דאָס באַמיען זיך ביי ביידע (זאכן) מאכט פאַר־געסן (פירט אוועק פון) זינד. „דרך ארץ", **דער וועג פון דער ערד" מיינט דאָ (און אפשר אויך אין דער משנה קדושין פרק א' משנה ט') א באַשעפטיקונג פון וועלכער מען האָט פרנסה, ווי א מלאכה, ערליכער מסחר. רבן גמליאל, וועלכער איז געווען דער זון פון מסדר פון דער משנה, פון רבי, האלט, אז דער מענטש דארף טאָן ביידע זאכן, אי לער־נען תורה, אי האָבן א באַשעפטיגונג און ער זאָל ניט דארפן אָנקומען צו מענטשן.** וכל תורה, און יעדעס (לערנען) תורה וואָס האָט ניט מיט זיך (וואָס דער לערנער טוט ניט) קיין מלאכה, איז איר סוף, אז זי גייט אונטער, און זי ברענגט מיט זיך זינד. **ווייל אז דער מענטש האָט ניט קיין פרנסה טוט ער טיילמאָל זאכן וואָס מען טאָר ניט טאָן.** וכל העמלים, און אלע (מענטשן) וואָס זיינען עוסק פאר דעם ציבור (וואָס טאָן זאכן פאר דעם כלל יידן) זאָלן עוסק זיין לשם שמים (פאר גאָטס נאָמנס וועגן, און זיי אליין זאָלן דערפון ניט ציען נוצן פאר זיך), ווארום דער זכות פון זייערע עלטערן העלפט זיי צו, (און גאָט זאָגט צו זיי): און איך וועל אייך פאַררעכענען א גרויסן שכר (פאר אייער עוסק זיין ערליך פאר דעם כלל) אזוי ווי איר וואָלט עס געטאָן. **טייל מפרשים טייטשן די דאָזיקע ווערטער, אז ווען איינער איז זיך עוסק פאר כלל יידן ערליך, איז אפילו ער האָט ניט אויסגעפירט די זאך, פאַררעכנט עס אים גאָט ווי ער האָט עס דורכגעפירט. דאָס האָט מען געדארפן זאָגן צו עסקנים ביי כלל־זאכן, ווייל דאביי מיינט מען גאנץ אָפט אז עס לוינט זיך ניט אָנצוהייבן די באַמיאונגען, מחמת מען וועט גאָרניט קאָנען מאכן; דעריבער לערנט רבן גמליאל אז מען זאָל אָנהייבן טאָן, און דער הימל פאַררעכנט עס ווי דורכגעפירט אינגאנצן .**

ג. הוו, (רבן גמליאל זאָגט אויך): זייט פאָרזיכטיק מיט דער הערשאפט (מיט מענטשן וואָס הערשן איבער אנדערע, רשות), ווארום זיי זיינען ניט מקרב א מענטשן סיידן נור פאר זייער אייגענעם נוצן וועגן; זיי זעען־ אויס ווי פריינט (פון מענטש) בשעת זיי האָבן הנאה (א נוצן פון מענטש), און זיי שטייען אים ניט ביי (זיי העלפן

לוֹ לְאָדָם בִּשְׁעַת דָּחְקוֹ: ד הוּא הָיָה אוֹמֵר, עֲשֵׂה רְצוֹנוֹ כִּרְצוֹנְךָ, כְּדֵי שֶׁיַּעֲשֶׂה רְצוֹנְךָ כִּרְצוֹנוֹ, בַּטֵּל רְצוֹנְךָ מִפְּנֵי רְצוֹנוֹ, כְּדֵי שֶׁיְּבַטֵּל רְצוֹן אֲחֵרִים מִפְּנֵי רְצוֹנֶךָ: הִלֵּל אוֹמֵר, אַל תִּפְרוֹשׁ מִן הַצִּבּוּר, וְאַל תַּאֲמִין בְּעַצְמְךָ עַד יוֹם מוֹתְךָ, וְאַל תָּדִין אֶת חֲבֵרְךָ עַד שֶׁתַּגִּיעַ לִמְקוֹמוֹ, וְאַל תֹּאמַר דָּבָר שֶׁאִי אֶפְשַׁר לִשְׁמוֹעַ שֶׁסּוֹפוֹ לְהִשָּׁמַע, וְאַל תֹּאמַר, לִכְשֶׁאֶפָּנֶה אֶשְׁנֶה, שֶׁמָּא לֹא תִפָּנֶה: ה הוּא הָיָה אוֹמֵר, אֵין בּוּר יְרֵא

אים ניט) אין זיין נויט. וועגן „רשות" איז שוין פריער געלערנט געוואָרן אין פרק א' משנה י', און מען מיינט מענטשן דאַמיט וועלכע הערשן איבער אנדערע.

ד. הוא, ער (רבן גמליאל) פלעגט זאָגן: מאַך זיין (גאָט'ס) רצון זאָל זיין דיין רצון, כדי ער (גאָט) זאָל מאַכן דיין רצון פאַר זיין רצון; זיי מבטל דיין רצון צוליב זיין (גאָטס) רצון, כדי ער (גאָט) זאָל מבטל זיין דעם רצון פון אנדערע (מענטשן) צוליב דיין רצון. רשי טייטשט, אז רבן גמליאל לערנט דאַמיט, אז מען זאָל טאָן אלץ לשם שמים און כאָטש א מענטש האָט טיילמאָל שאַדן צוליב א מצוה און ער וואָלט דאריבער ניט געוואָלט זי טאָן, זאָל ער זי פונדעסטוועגן טאָן, און דערפאַר וועט גאָט צעשטערן דעם ווילן פון אנדערע מענטשן אויב זיי ווילן אים שלעכטס טאָן. ר' יוסף יעבץ אין זיין ספר „אור החיים" טייטשט, אז אזוי ווי א מענטש טוט מיט שמחה א זאַך וואָס ער אַליין וויל עס טאָן, אזוי זאָל ער טאָן מיט שמחה דעם רצון פון גאָט. — הלל זאָגט: זאָלסט זיך ניט אָפּזונדערן פון צבור. געוויינטליך טייטשן די מפרשים אז מיט הלל מיינט מען דאָ הלל דעם ערשטן, שמאַי'ס חבר, וואָס מיר האָבן געלערנט פון אים פריער אין פרק א' משנה י"ב, און די משנה קומט דאָ צוריק צו אים, ווייל זי וויל ווייטער אין משנה ט' זאָגן אז רבן יוחנן בן זכאי האָט איבערגענומען פון הלל און שמאַי. טייל מיינען, אז עטליכע ווערטער וואָס די משנה וועט דאָ ברענגען פון הלל, זענען פון הלל דעם צווייטן, דעם זון פון רבן גמליאל בנו של רבי יהודה הנשיא. הלל לערנט דאָ אז מען זאָל זיך ניט אָפּזונדערן פון כלל יידן, און אויב דער כלל יידן איז אין צער דאַרף מען זיך משתתף זיין מיט זיי. ואל תאמין, און גלויב ניט אין זיך (זיי ניט זיכער מיט זיך) ביז דעם טאָג פון דיין טויט. די מפרשים ברענגען דאָצו די מעשה מיט יוחנן כהן גדול (דער יידישער חשמונאים־פירשט הורקנוס־יוחנן) וועלכער איז געווען א פרומער כהן גדול אכציק יאָר און צום סוף איז ער געוואָרן א צדוקי און גערודפט פרומע יידן. ואל תדין, און זאָלסט ניט משפטן דיין חבר (אָן אנדערען מענטש) ביז דו אַליין קומסט ניט אויף זיין אָרט. אויב איינער זעט אַן אנדערן טאָן א שלעכטע זאַך, זאָל ער צוערשט באַטראַכטן, ווי וואָלט ער אַליין זיך אויפגעפירט ווען ער זאָל זיין אין דעם אנדערנס אָרט, אין דעם אנדערנס לאַגע. ואל תאמר, און דו זאָלסט ניט זאָגן (וועגן) א זאַך אז מען וועט עס ניט קאָנען הערן, וואָרום דער סוף וועט זיין אז מען וועט עס הערן. טייל מפרשים טייטשן, אז מען זאָל זיין פאָרזיכטיק מיט זאַכן, און מען זאָל ניט מיינען, אז קיינער וועט ניט געוואויר ווערן וועגן זיי, ווייל מען ווערט געוואויר. אנדערע מפרשים טייטשן „לשמוע" ניט „הערן" נאָר „פאַרשטיין", אז א רבי זאָל לערנען קלאָר מיט זיינע תלמידים און ער זאָל ניט זאָגן א זאַך וואָס מען קאָן ניט פאַרשטיין, באשר ער מיינט, אז מען וועט עס פאַרשטיין. ואל תאמר לכשאפנה, און דו זאָלסט ניט זאָגן: „ווען איך וועל ווערן פריי (פון מיין באַשעפטיקונג) וועל איך לערנען", וואָרים טאָמער וועסטו קיינמאָל ניט ווערן פריי. מען זאָל ניט אָפּלייגן דאָס לערנען תורה אויף שפּעטער, ווייל שטענדיק וועט מען שוין געפינען אַן אויסרייד, אז גראַד איצט איז מען פאַרנומען, און אזוי אַרום וועט מען קיינמאָל ניט לערנען.

ה. הוא, ער (הלל) פלעגט זאָגן: א רויער (ניט געלערנטער) מענטש קאָן ניט זיין קיין ירא חטא (מורא האָבן פאַר זינד), און א עם הארץ קאָן ניט זיין קיין חסיד.

חֵטְא, וְלֹא עַם הָאָרֶץ חָסִיד, וְלֹא הַבַּיְשָׁן לָמֵד, וְלֹא הַקַּפְּדָן מְלַמֵּד, וְלֹא כָּל הַמַּרְבֶּה בִסְחוֹרָה מַחְכִּים, וּבַמָּקוֹם שֶׁאֵין אֲנָשִׁים הִשְׁתַּדֵּל לִהְיוֹת אִישׁ:
ו אַף הוּא רָאָה גֻּלְגֹּלֶת אַחַת צָפָה עַל פְּנֵי הַמָּיִם. אָמַר לָהּ, עַל דַּאֲטֵיפְתְּ אַטְפוּךְ, וְסוֹף מְטַיְּפָיִךְ יְטוּפוּן:
ז הוּא הָיָה אוֹמֵר, מַרְבֶּה בָשָׂר מַרְבֶּה רִמָּה, מַרְבֶּה נְכָסִים מַרְבֶּה דְאָגָה, מַרְבֶּה נָשִׁים מַרְבֶּה כְשָׁפִים, מַרְבֶּה שְׁפָחוֹת מַרְבֶּה זִמָּה, מַרְבֶּה עֲבָדִים מַרְבֶּה גָזֵל, מַרְבֶּה תוֹרָה מַרְבֶּה חַיִּים, מַרְבֶּה

„בור" הייסט א פעלד וואָס איז ניט־פאַראַקערט, ניט באַארבייט, ליידיק. א מענטש א בור הייסט איינער, וועלכער האָט גאָרניט געלערנט, ניט קיין תורה, ניט קיין מידות. א עם הארץ הייסט איינער וועלכער ווייסט יאָ עפּיס, און האָט געוויסע מידות און איז אָפּגעהיטן אין טייל מצוות, נאָר געלערנט האָט ער נישט. זאָגט הלל, אז דער רויער מענטש, דער בור, קאָן ניט זיין קיין ירא חטא, ווייל ער ווייסט דאָך גאָרניט; אַן עם הארץ קאָן ניט זיין קיין חסיד, קיין זייער פרומער, אָבער מורא האָבן פאַר טאָן עבירות קאָן ער יאָ, ווייל עפּיס ווייסט ער דאָך. ולא הביישן, און ווער עס שעמט זיך קאָן ניט לערנען, ווייל ווען ער וועט עפּיס ניט וויסן, וועט ער זיך שעמען צו פרעגן. ולא הקפדן, און א בייזער קאָן ניט זיין קיין מלמד. ער טאָר ניט לערנען מיט תלמידים, ווייל ער האָט ניט קיין געדולד, און ווען א תלמיד וועט אים עפּיס פרעגן וועט ער זיך בייזערן אויף אים. ולא, און ווער עס פאַרנעמט זיך א סך מיט מסחר קאָן ניט ווערן א געלערנטער. מיט „מחכים" מיינט מען דאָ ווערן א „חכם", א געלערנטער אין תורה. מחמת צום ווערן א חכם אין תורה דאַרף מען אָפּגעבן דאַרויף א סך צייט און מח, און ווער עס איז איינגעטאָן פיל אין מסחר האָט ניט גענוג צייט און קאָפּ צום לערנען א סך תורה. ובמקום, און אין אַן אָרט, וואו עס זענען ניטאָ קיין מענטשן, באַמי זיך צו זיין דער מענטש. די מפרשים טייטשן, אז אויב ס'איז פאַראַן א זאַך פאַרן כלל וואָס מען דאַרף עס טאָן, און קיינער נעמט זיך ניט דאַצו, זאָלסטו זיך נעמען דאַצו.

ו. אף, ער (הלל) האָט אויך אמאָל געזען א שאַרבן (גלגולת, א קאָפּ־שאַרבן פון א טויטן מענטש) וואָס איז געשוואומען אויפן וואַסער, און ער האָט צו אים געזאָגט: ווייל דו האָסט דערטרונקען (אַן אַנדערן מענטש), האָט מען דיך דערטרונקען, און דער סוף פון דיינע דערטרונקערס וועט זיין אז אויך זיי וועלן דערטרונקען ווערן. די מפר־שים ווייזן אָן אז הלל לערנט דאָ דעם יסוד פון דער געטליכער השגחה און אז פאַר שלעכטע מעשים וועט מען סוף כל סוף באַשטראָפט ווערן. די ווערטער האָט הלל גע־זאָגט אין אַראַמעאיש.

ז. הוא, ער (הלל) פלעגט זאָגן: ווער עס פאַרמערט פלייש, פאַרמערט ווערם. הלל וועט דאָ געבן אין דער משנה אז עס זענען פאַראַן זאַכן, וועגן וועלכע דער מענטש מיינט אז וואָס מער ער וועט זיי האָבן אַלץ בעסער איז פאַר אים, און באמת איז עס ער־גער פאַר אים; און פאַרקערט זענען פאַראַן זאַכן וואָס ער דאַרף זיי האָבן מער און מער און דאָס איז א טובה פאַר אים. הלל הויבט אָן מיט די קערפּערליכע תענוגים, און ער זאָגט, אז וואָס מער דער מענטש עסט און פאַרגרעסערט זיין קערפּער, אַלץ מער וועלן די ווערעם אין קבר האָבן מער צו עסן פון אים. „בשר" מיינט דאָ ניט נור „פלייש" נאָר „קערפּער" בכלל ווי „ובשר כי יהיה בו" (ויקרא י"ג). מרבה נכסים, ווער עס פאַר־מערט פאַרמעגנס, פאַרמערט זאָרגן. ווייל די מורא איז כסדר גרעסער טאָמער וועט מען עס פאַרלירן. מרבה נשים, ווער עס פאַרמערט ווייבער, פאַרמערט כישוף. אין דער צייט פון דער משנה איז געווען מותר חתונה צו האָבן מיט מער ווי איין ווייב. און עס איז געווען דאַמאָלס אָנגענומען אז פרויען פאַרנעמען זיך מיט כישוף. מרבה שפחות, ווער עס פאַרמערט דינסטן, פאַרמערט זנות; ווער עס פאַרמערט קנעכט, פאַרמערט גזלה. דינסטן, שקלאַפינס זענען געווען אויסגעלאַסן, און קנעכט, שקלאַפן האָבן געגזלט. איצט גייט הלל איבער צו די גייסטיקע זאַכן, וואָס דער מענטש דאַרף זען צו האָבן וואָס מער. מרבה תורה, ווער עס פאַרמערט (לערנט א סך) תורה, פאַרמערט לעבן; ווער עס

יְשִׁיבָה מַרְבֶּה חָכְמָה, מַרְבֶּה עֵצָה מַרְבֶּה תְבוּנָה, מַרְבֶּה צְדָקָה מַרְבֶּה שָׁלוֹם, קָנָה שֵׁם טוֹב קָנָה לְעַצְמוֹ, קָנָה לוֹ דִּבְרֵי תוֹרָה קָנָה לוֹ חַיֵּי הָעוֹלָם הַבָּא: **ח** רַבָּן יוֹחָנָן בֶּן זַכַּאי קִבֵּל מֵהִלֵּל וּמִשַּׁמַּאי. הוּא הָיָה אוֹמֵר, אִם לָמַדְתָּ תּוֹרָה הַרְבֵּה, אַל תַּחֲזִיק טוֹבָה לְעַצְמְךָ, כִּי לְכָךְ נוֹצָרְתָּ: חֲמִשָּׁה תַלְמִידִים הָיוּ לוֹ לְרַבָּן יוֹחָנָן בֶּן זַכַּאי. וְאֵלּוּ הֵן, רַבִּי אֱלִיעֶזֶר בֶּן הוֹרְקְנוֹס, רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ בֶּן חֲנַנְיָא, רַבִּי יוֹסֵי הַכֹּהֵן, רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן נְתַנְאֵל, וְרַבִּי אֶלְעָזָר בֶּן עֲרָךְ: הוּא הָיָה מוֹנֶה שִׁבְחָם. (רַבִּי) אֱלִיעֶזֶר בֶּן הוֹרְקְנוֹס בּוֹר סוּד שֶׁאֵינוֹ מְאַבֵּד טִפָּה, רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ (בֶּן חֲנַנְיָא) אַשְׁרֵי יוֹלַדְתּוֹ, רַבִּי יוֹסֵי הַכֹּהֵן חָסִיד, רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן נְתַנְאֵל יְרֵא חֵטְא, וְרַבִּי אֶלְעָזָר בֶּן עֲרָךְ כְּמַעְיָן הַמִּתְגַּבֵּר:

פארמערט זיצן (ישיבה, זיצן און לערנען מיט התמדה) פארמערט חכמה (וויסן); ווער עס פארמערט עצה (פרעגט זיך עצות ביי מענטשן וואָס וויסן) פארמערט פאר־שטאנד (תבונה); ווער עס פארמערט צדקה, פארמערט שלום. ווייל ווען מען העלפט בויט־**באדערפטיקע מענטשן, ווערן דאדורך באזייטיקט די סיבות צו מחלוקות.** קנה שם טוב, האָט איינער זיך איינגעקויפט א גוטן נאָמען, האָט ער זיך אים איינגעקויפט פאר זיך אליין. **הלל מיינט צו זאָגן דאמיט, אז ווען איינער קויפט זיך איין פארמעגנס האָט ער עס ניט פאר זיך, ווייל ווען ער שטארבט נעמען עס צו די קינדער, אָבער א גוטער נאָמען בלייבט דאָס אייגנס פון מענטש אויף שטענדיק.** קנה לו, האָט איינער זיך איינ־געקויפט די ווערטער פון תורה, האָט ער זיך איינגעקויפט דאָס לעבן אין יענער וועלט. „חיי העולם הבא". **דאָס אייביקע לעבן, אויף שטענדיק.**

ח. רבן יוחנן בן זכאי האָט איבערגענומען פון הלל און שמאי. **די משנה קומט איצט צוריק צו פריער אין פרק א' משנה י"ב, ביז וואנען עס איז געגעבן געוואָרן כסדר פון משה רבנו אָן, ווי די חכמים פון איין דור האָבן איבערגענומען פון די חכמים פון פריערדיקן דור, און זי זאָגט איצט אז רבן יוחנן בן זכאי האָט איבערגענומען פון די לעצטע פון די „זוגות", פון הלל און שמאי. רבן יוחנן בן זכאי האָט געלעבט אין דער צייט ווען דאָס צווייטע בית המקדש איז חרוב געוואָרן.** הוא, ער (רבן יוחנן) פלעגט זאָגן: אויב דו האָסט געלערנט א סך תורה, גיב דיר ניט אליין דערפאר קיין דאנק (האלט זיך ניט גרויס דאמיט), ווארום דערצו ביזטו געוואָרן באשאפן. **דאָס לער־נען תורה איז דער תכלית פון מענטש און עס קומט אים ניט דערפאר קיין דאנק. —** חמשה, פינף תלמידים האָט געהאַט רבן יוחנן בן זכאי, און דאָס זיינען זיי: ר' אליעזר, בן הורקנוס, ר' יהושע בן חנניה, ר' יוסי הכהן, ר' שמעון בן נתנאל און ר' אלעזר בן ערך.. **די מפרשים זאָגן, אז רבן יוחנן בן זכאי האָט געהאַט נאָך א סך אנדערע תל־מידים, נאָר זיי זענען געווען די גרעסטע, די חשובסטע און פון זיי האָט ער אממייסטן געהאלטן.** הוא, ער (רבן יוחנן) פלעגט אויסרעכענען זייערע שבחים: „אליעזר בן הורקנוס איז אן אויסגעקאלעכטער גרוב, וואָס פארלירט ניט קיין טראָפן". **מיט „בור" מיינט מען דאָ א גרוב אין וועלכן מען האלט וואסער אָדער אין וועלכן מען זאמלט איין ווייך (זע פריער עבודה זרה פרק ד' „עד שירד לבור"), און דאָס מיינט, אז ער פאר־געסט ניט קיין זאך וואָס ער האָט געלערנט.** „יהושע בן חנניה, וואויל צו דער (מוטער) וואָס האָט אים געבוירן". **דער ירושלמי אין יבמות סוף פרק א' זאָגט, אז ר' יהושע'ס מוטער פלעגט אים פירן, ווען ער איז געווען א קליין קינד, איבער די בתי מדרשים אז ער זאָל הערן דעם קול תורה; דאריבער לויבט רבן יוחנן זיין מוטער.** יוסי הכהן איז א חסיד". **אין אבות דרבי נתן איז דאָ פאראן אז ר' יוסי איז געווען „חסיד שבדורו", דער חסיד אין זיין דור.** „שמעון בן נתנאל איז א ירא חטא". **די מפרשים טייטשן, אז ניט נור האָט ער מורא געהאַט אליין צו זינדיקן נאָר ער האָט זיך אָפּ־**

הוּא הָיָה אוֹמֵר, אִם יִהְיוּ כָּל חַכְמֵי יִשְׂרָאֵל בְּכַף מֹאזְנַיִם, וֶאֱלִיעֶזֶר בֶּן הוֹרְקְנוֹס בְּכַף שְׁנִיָּה, מַכְרִיעַ אֶת כֻּלָּם: אַבָּא שָׁאוּל אוֹמֵר מִשְּׁמוֹ, אִם יִהְיוּ כָּל חַכְמֵי יִשְׂרָאֵל בְּכַף מֹאזְנַיִם, וֶאֱלִיעֶזֶר בֶּן הוֹרְקְנוֹס אַף עִמָּהֶם, וְאֶלְעָזָר בֶּן עֲרָךְ בְּכַף שְׁנִיָּה, מַכְרִיעַ אֶת כֻּלָּם: ט אָמַר לָהֶם, צְאוּ וּרְאוּ, אֵיזוֹ הִיא דֶרֶךְ טוֹבָה שֶׁיִּדְבַּק בָּהּ הָאָדָם, רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר, עַיִן טוֹבָה, רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ אוֹמֵר חָבֵר טוֹב, רַבִּי יוֹסֵי אוֹמֵר שָׁכֵן טוֹב, רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, הָרוֹאֶה אֶת הַנּוֹלָד, רַבִּי אֶלְעָזָר אוֹמֵר לֵב טוֹב: אָמַר לָהֶם, רוֹאֶה אֲנִי אֶת דִּבְרֵי אֶלְעָזָר בֶּן עֲרָךְ מִדִּבְרֵיכֶם, שֶׁבִּכְלַל דְּבָרָיו דִּבְרֵיכֶם: אָמַר לָהֶם,

געהיטן אז ער זאָל ניט גורם זיין אז אנדערע זאָלן זינדיקן. „אלעזר בן ערך איז א קוואל וואָס שטארקט זיך כסדר״. זיין תורה ווערט כסדר פארגרעסערט, ווי א קוואל וואסער וואָס פארשטארקט זיך אָן אויפהער. — הוא, ער (רבן יוחנן בן זכאי) פלעגט זאָגן: ווען אלע יידישע חכמים (חכמי ישראל) זאָלן זיין אויף איין וואָגשאָל, און אליעזר בן הורקנוס זאָל זיין אויף דער צווייטער וואָגשאָל, וועגט ער אריבער זיי אלע. דאָס הייסט, אז ער האָט געהאלטן ר׳ אליעזרן פאר דעם גרעסטן פון אלע. אבא שאול זאָגט נאָך אין זיין (רבן יוחנן בן זכאי׳ס) נאָמען: ווען אלע יידישע חכמים זאָלן זיין אויף איין וואָגשאָל און אליעזר בן הורקנוס זאָל זיין מיט זיי (אויף דער דאָזיקער וואָגשאָל), און אלעזר בן ערך זאָל זיין אויף דער אנדערער וואָגשאָל, וועגט ער (ר׳ אלעזר בן ערך) אריבער זיי אַלע. דאָס הייסט אז ער האָט געהאלטן ר׳ אלעזר בן ערך פאר דעם גרעסטן.

ט. אָמר להם, ער (רבן יוחנן בן זכאי) האָט געזאָגט צו זיי (צו זיינע דאָזיקע פינף תלמידים): גייט ארויס און זעט (און געפינט אויס) וועלכער איז דער גוטער וועג וואָס דער מענטש זאָל זיך אין אים באהעפטן. די מפרשים זאָגן, אז פריער אין משנה א׳ ווען רבי האָט געפרעגט „וועלכער איז דער גלייכער וועג וואָס דער מענטש זאָל זיך אויסקלייבן״, האָט ער געמיינט, וואסער וועג זאָל דער מענטש זיך אויס־קלייבן אין יעדער גוטער מידה, ווי אזוי זאָל ער זיך אויפפירן. דאָ אָבער וויל רבן יוחנן זכאי וויסן, וואָסער גוטע מידה זאָל דער מענטש זיך נעמען, אז אין איר זאָל ער זיך שטארק באהעפטן, איר זאָל עס באזונדערס אָפּהיטן. ר׳ אליעזר זאָגט, א גוט אויג (עין טובה). דער רמב״ם טייטשט, אז דאָס מיינט, אז דער מענטש זאָל זיך באנוגענען מיט דעם וואָס ער האָט, און ער זאָל ניט מקנא זיין קיינעם. ר׳ יהושע זאָגט, א גוטער חבר. מחמת פון אים קאָן ער זיך אָפּלערנען גוטע מידות. ר׳ יוסי זאָגט, א גוטער שכן. ווייל מיט א חבר איז מען נור טיילמאָל, אָבער א שכן האָט מען דאָך שטענדיק און מען קאָן זיך מער אָפּלערנען פון אים. ר׳ שמעון זאָגט, אַדער וועלכער זעט פאָרויס וואָס עס דארף קומען. דער רמב״ם טייטשט, אז דאָס מיינט, אז דער מענטש זאָל קאָנען אין אלע זיינע מעשים נעמען אין באטראכט ניט נור וואָס ער טוט איצט, נאָר אויך צו וואָס דאָס קאָן דערפירן, און וואָס וועט זיין דער סוף פון דעם אלעם. ר׳ אלעזר זאָגט, א גוט הארץ. איינער פון די מפרשים ר״י לירמא טייטשט, אז א גוט הארץ (לב טוב) מיינט ניט נור צו טאָן גוטס צו מענטשן, נאָר אויך „סבלנות״, צו קאָנען פארשוויגן אפילו ווען מען טוט אים שלעכטס, און ניט אריינצופאלן אין כעס און צו זיין א עניו. אָמר להם, האָט ער (רבן יוחנן בן זכאי) געזאָגט צו זיי (צו די פינף תלמידים): איך זע איין (מיר געפעלן) די ווערטער פון אלעזר בן ערך (מער) פון אייערע ווערטער, ווייל אין זיינע ווערטער זענען שוין פאראן אייערע ווערטער. ווייל ווער עס האָט א גוט הארץ האָט שוין אויך א גוט אויג, און ער וועט שוין האָבן א גוטן חבר און א גוטן שכן, און ער וועט שוין באטראכטן דעם תכלית פון יעדער זאַך. — אָמר להם, ער (רבן יוחנן בן זכאי) האָט געזאָגט צו

צְאוּ וּרְאוּ, אֵיזוֹ הִיא דֶּרֶךְ רָעָה שֶׁיִּתְרַחֵק מִמֶּנָּה הָאָדָם, רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר עַיִן רָעָה, רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ אוֹמֵר חָבֵר רָע, רַבִּי יוֹסֵי אוֹמֵר שָׁכֵן רָע, רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר הַלֹּוֶה וְאֵינוֹ מְשַׁלֵּם, אֶחָד הַלֹּוֶה מִן הָאָדָם כְּלֹוֶה מִן הַמָּקוֹם, שֶׁנֶּאֱמַר לֹוֶה רָשָׁע וְלֹא יְשַׁלֵּם וְצַדִּיק חוֹנֵן וְנוֹתֵן. רַבִּי אֶלְעָזָר אוֹמֵר לֵב רָע: אָמַר לָהֶם, רוֹאֶה אֲנִי אֶת דִּבְרֵי אֶלְעָזָר בֶּן עֲרָךְ מִדִּבְרֵיכֶם, שֶׁבִּכְלַל דְּבָרָיו דִּבְרֵיכֶם: י הֵם אָמְרוּ שְׁלֹשָׁה דְבָרִים. רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר, יְהִי כְבוֹד חֲבֵרְךָ חָבִיב עָלֶיךָ כְּשֶׁלָּךְ, וְאַל תְּהִי נוֹחַ לִכְעוֹס, וְשׁוּב יוֹם אֶחָד

זיי (צו די פינף תלמידים): גייט ארויס און זעט (געפינט אויס) וועלכער איז דער שלעכטער וועג, וואָס דער מענטש זאָל זיך דערווייטערן פון אים? **און זיי האָבן יעדער געענטפערט.** ר׳ אליעזר זאָגט, א שלעכט אויג. **דאָס איז דער היפוך פון א „גוט אויג״, און עס מיינט, א מענטש וואָס באנוגנט זיך ניט דערמיט וואָס ער האָט און איז מקנא אנדערע מענטשן.** ר׳ יהושע זאָגט, א שלעכטער חבר. **מחמת פון אים לערנט מען זיך אָפּ שלעכטע מידות.** ר׳ יוסי זאָגט, א שלעכטער שכן. **און אזעלכער איז ערגער פון א שלעכטן חבר, ווייל מיט דעם שכן איז מען דאָך שטענדיק, און מען לערנט זיך מער אָפּ פון אים.** ר׳ שמעון זאָגט, ווער עס באָרגט און באצאָלט ניט, אלץ איינס צי איינער באָרגט פון א מענטשן צי איינער באָרגט פון גאָט, ווארום עס ווערט געזאָגט (תהלים ל״ז) „לוה רשע ולא ישלם וצדיק חונן ונותן, דער רשע באָרגט און באצאָלט ניט, און דער צדיק איז לייטזעליק און גיט״. **דאָס באָרגן און ניט באצאָלן איז דער היפוך פון דער גוטער מידה פאראויסצוזען וואָס וועט ארויסקומען פון די מעשים וואָס מען טוט. ווייל סיי ווען מען זינדיקט קייגן מענטשן** (מען באָרגט און מען באצאָלט ניט) און סיי מען זינדיקט קייגן גאָט (מען „באָרגט״ ביי גאָט) **זעט מען ניט פארויס די שטראָף וואָס מען וועט קריגן דערפאר, אזוי טייטשן די מפרשים.** ר׳ אלעזר זאָגט, א שלעכט הארץ. **אויך דאָס איז דער היפוך פון גוטן הארץ, און מען מיינט דאמיט, א מענטש וועלכער רעגט זיך אויף צוליב דער קלענסטער זאַך, פאלט אריין אין כעס, האלט זיך גרויס.** אָמר להם, האָט ער (רבן יוחנן בן זכאי) געזאָגט צו זיי: איך זע איין (מיר געפעלן) די ווערטער פון אלעזר בן ערך (מער) פון אייערע ווערטער, ווייל אין זיינע ווערטער זיינען שוין פאראַן אייערע ווערטער. **ווייל א מענטש מיט א שלעכט הארץ האָט געוויינטליך אויך א שלעכט אויג און א שלעכטן חבר און א שלעכטן שכן און באָרגט און באצאָלט ניט.**

י. הם, זיי (די פינף תלמידים) האָבן געזאָגט דריי זאכן. **מיר האָבן שוין פריער פרק א׳ משנה א׳ געגעבן וואָס די מפרשים זאָגן, אז מען מיינט ניט דאמיט, אז יעדער פון זיי האָט געזאָגט נור די דאָזיקע דריי זאכן, וואָס וועלן דאָ געבראכט ווערן; נאָר די דאָזיקע דריי זאכן פלעגן זיי כסדר זאָגן, מחמת דאָס איז געווען דער יסוד פון זייערע דברי מוסר.** — ר׳ אליעזר זאָגט: זאָל דער כבוד פון דיין חבר זיין ביי דיר טייער (חביב, באליבט) ווי דיין אייגענער (כבוד). **מיר האָבן שוין געזאָגט עטליכע מאָל, אז „חבר״ אין דער משנה מיינט גאנץ אָפט ניט דווקא א חבר, נאָר יעדער אנדערער מענטש. למשל ווען די משנה זאָגט אין בבא מציעא פרק ג׳ משנה ב׳** „השוכר פרה מחברו״, „אז איינער דינגט א קו פון זיין חבר״, מיינט זי בכלל, פון **יעדן אנדערן מענטש. אזוי מיינט מען דאָ אויך דעם כבוד פון יעדן אנדערן מענטש.** ואל תהי, און זאָלסט ניט זיין לייכט צו ווערן אין כעס. **טייל מפרשים טייטשן, אז דאָס איז איינס מיט דעם פריערדיקן וואָרט, ווייל אז דער כבוד פון יעדן אנדערן מענטש איז טייער ביי איינעם ווי זיין אייגענער כבוד, וועט ער ממילא ניט ווערן שנעל אין כעס אויף יענעם.** ושוב, און טו תשובה איין טאָג פאר דיין טויט. **די גמרא (שבת קנ״ג)**

לִפְנֵי מִיתָתְךָ, וֶהֱוֵי מִתְחַמֵּם כְּנֶגֶד אוּרָן שֶׁל חֲכָמִים, וֶהֱוֵה זָהִיר בְּגַחַלְתָּן שֶׁלֹּא תִכָּוֶה, שֶׁנְּשִׁיכָתָן נְשִׁיכַת שׁוּעָל, וַעֲקִיצָתָן עֲקִיצַת עַקְרָב, וּלְחִישָׁתָן לְחִישַׁת שָׂרָף, וְכָל דִּבְרֵיהֶם כְּגַחֲלֵי אֵשׁ:

**יא** רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ אוֹמֵר, עַיִן הָרָע וְיֵצֶר הָרָע וְשִׂנְאַת הַבְּרִיּוֹת מוֹצִיאִים אֶת הָאָדָם מִן הָעוֹלָם:

**יב** רַבִּי יוֹסֵי אוֹמֵר, יְהִי מָמוֹן חֲבֵרְךָ חָבִיב עָלֶיךָ כְּשֶׁלָּךְ, וְהַתְקֵן עַצְמְךָ לִלְמוֹד תּוֹרָה, שֶׁאֵינָהּ יְרֻשָּׁה לָךְ, וְכָל מַעֲשֶׂיךָ יִהְיוּ לְשֵׁם שָׁמָיִם:

**יג** רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, הֱוֵי זָהִיר בִּקְרִיאַת שְׁמַע וּבִתְפִלָּה, וּכְשֶׁאַתָּה מִתְפַּלֵּל, אַל תַּעַשׂ תְּפִלָּתְךָ קֶבַע, אֶלָּא רַחֲמִים וְתַחֲנוּנִים לִפְנֵי הַמָּקוֹם,

**זאָגט דאַרויף, אז ווייל דער מענטש ווייסט דאָך ניט ווען ער וועט שטאַרבן, וועט ער ממילא שטענדיק זיין אין תשובה טאָן, טאָמער וועט ער צומאָרגנס שטאַרבן.** והוה מתחמם, און וואַרעם זיך אָן פאַר דעם פייער פון די חכמים, אָבער זאָלסט זיין פאָרזיכטיק מיט זייערע (ברענענדיקער) קויל אז דו זאָלסט זיך ניט אפּברענען, וואָרום זייער ביס איז דער ביס פון א פוקס, און זייער שטאָך איז דער שטאָך פון א סקאָרפּיאָן (עקרב) און זייער צישן (לחישתן) איז ווי דאָס צישן (דאָס אַרויסלאָזן א גיפטיקן הויך) פון א שלאַנג (שרף), און אלע זייערע ווערטער זיינען ווי פייערדיקע קוילן. **מען מיינט דאָמיט, אז מען זאָל זיך דערנענטערן צו די גרויסע תלמידי חכמים כדי זיך אָנצוואַרעמען ביי זייער תורה און גוטע מידות, אָבער מען זאָל ניט זיין חוצפה׳דיק צו זיי און אַרויסטרעטן קייגן זיי, ווייל זיי קאָנען מעניש זיין דעם מענטש. רש״י טייטשט, אז מען זאָל ניט עובר זיין אויף די גזרות און איסורים וואָס די חכמים האָבן איינגעפירט, ווייל דער עונש דערפאַר איז גרויס.**

יא. ר׳ יהושע זאָגט, א שלעכט אויג, און א שלעכטער ווילן (יצר הרע, שלעכטע תאוות), און שנאה צו מענטשן (שנאת הבריות) ברענגען־אום (מוציאין) דעם מענטש פון דער וועלט. **„עין הרע״, א שלעכט אויג, האָבן מיר שוין געגעבן פריער, מיינט, אז דער מענטש באַניגנט זיך ניט דאָמיט וואָס ער האָט, נאָר איז מקנא יעדן אייגעם. „יצר הרע״ (פון פסוק אין בראשית ו׳ „וכל יצר מחשבות לבו רק רע״). די שלעכטע נייגונגען פון מענטשן, זיינע שלעכטע תאוות (אזוי טייטשט דער רמבם). „שנאת הבריות״, מיינט שנאה צו מענטשן, וואָס קומט אויך פון בייזער קנאה. דער רמבם זאָגט, אז דאָס אַלץ ווירקט אויך שלעכט אויפן מענטש׳ס גוף, און ער ווערט קראַנק דערפון און ער שטאַרבט פאַר דער צייט.**

יב. ר׳ יוסי זאָגט, דאָס געלט פון דיין חבר זאָל זיין ביי דיר טייער ווי דיין אייגן (געלט). **אויך דאָ מיינט מען „חבר״ יעדן אנדערן מענטש (ווי מיר האָבן געזאָגט פריער אין משנה י׳).** והתקן, און גרייט זיך (באַמי זיך) צו לערנען תורה, ווייל זי קומט דיר ניט בירושה. **אויב איינער לערנט ניט אליין, כאָטש ער האָט עלטערן לומדים, קען ער ניט לערנען. עס איז ניט ווי געלט־זאַכן, וואָס מען קאָן איבערנעמען בירושה.** וכל, און אלע דיינע מעשים זאָלן זיין לשם שמים (פאַר גאָטס וועגן). **די מפרשים טייטשן אז מיט „וכל מעשיך״ מיינט מען אלץ וואָס א מענטש טוט, אפילו אין זיין פרנסה־באַשעפטיגונג, אין עסן, זאָל ער אלץ אינזינען האָבן אז ער טוט עס כדי מקיים צו זיין דעם געטליכן רצון. דער „מדרש שמואל״ ברענגט אויך דעם טייטש, אז ווען מען לערנט און מען טוט מצוות זאָל מען זיך ניט גרויס האלטן דאָמיט.**

יג. ר׳ שמעון זאָגט, זיי אָפּגעהיטן אין ליינען קריאת שמע און אין דאַווענען, און ווען דו דאַווענסט, זאָלסטו ניט מאַכן דיין תפילה ווי (אָפּטאָן) א באַשטימטע זאַך (קבע) נאָר ווי (א געבעטס) פאַר באַרמהאַרציקייט און לייטזעליקייט פאַר גאָט

שֶׁנֶּאֱמַר כִּי חַנּוּן וְרַחוּם הוּא, אֶרֶךְ אַפַּיִם וְרַב חֶסֶד וְנִחָם עַל הָרָעָה. וְאַל תְּהִי רָשָׁע בִּפְנֵי עַצְמְךָ: יד רַבִּי אֶלְעָזָר אוֹמֵר, הֱוֵה שָׁקוּד לִלְמוֹד תּוֹרָה, וְדַע מַה שֶּׁתָּשִׁיב לְאַפִּיקוֹרוֹס, וְדַע לִפְנֵי מִי אַתָּה עָמֵל, וּמִי הוּא בַּעַל מְלַאכְתְּךָ, שֶׁיְּשַׁלֶּם לְךָ שְׂכַר פְּעֻלָּתֶךָ: טו רַבִּי טַרְפוֹן אוֹמֵר, הַיּוֹם קָצָר, וְהַמְּלָאכָה מְרֻבָּה, וְהַפּוֹעֲלִים עֲצֵלִים, וְהַשָּׂכָר הַרְבֵּה, וּבַעַל הַבַּיִת דּוֹחֵק: טז הוּא הָיָה אוֹמֵר, לֹא עָלֶיךָ הַמְּלָאכָה לִגְמוֹר, וְלֹא אַתָּה בֶן חוֹרִין לְהִבָּטֵל מִמֶּנָּה, אִם לָמַדְתָּ תּוֹרָה הַרְבֵּה, נוֹתְנִים לְךָ שָׂכָר הַרְבֵּה, וְנֶאֱמָן הוּא בַּעַל מְלַאכְתְּךָ, שֶׁיְּשַׁלֶּם לְךָ שְׂכַר פְּעֻלָּתֶךָ, וְדַע שֶׁמַּתַּן שְׂכָרָם שֶׁל צַדִּיקִים לֶעָתִיד לָבוֹא:

געבענשט איז ער (המקום ברוך הוא), ווארום עס ווערט געזאָגט (יואל ב׳) „כי חנון ורחום הוא ארך אפיים ורב חסד ונחם על הרעה, וואָרעם ער (גאָט) איז לייטזעליק און בארמהארציק, לייגט אָפּ אויף לאנג זיין צאָרן און באדענקט זיך וועגן (באַשטראָפן) פאר דעם שלעכטן״. מיט „קבע״, „באשטימטע זאך״, **מיינט מען אָפּטאָן און אפּפטרן פון זיך עפּיס א עול. מיר האָבן דאָסזעלביקע אין ברכות פרק ד׳ משנה ד׳. עס הייסט, אז דער מענטש דאַרף מתפלל זיין צו גאָט מיט הארציקייט, און בעטן גאָט אז ער זאָל רחמנות האָבן אויף אים.** ואל תהי, און זאָלסט זיך ניט האלטן אליין פאר א רשע. **דער רמבם טייטשט, ווייל ווען דער מענטש האלט זיך פאר א רשע, מיינט ער, אז ער איז שוין פארפאלן, און ממילא טוט ער שוין כסדר עבירות.**

יד. ר׳ אליעזר זאָגט, זיי פלייסיק צו לערנען תורה. „שקוד״ (**אין טייל גירסאות „שוקד״) איז ווי אין ירמיה א׳ „כי שוקד אני על דברי״, פלייסיק און געשווינד און מיט התמדה טאָן א זאך, ניט אָפּלייגן.** ודע, און דו זאָלסט וויסן וואָס אָפּצוענטפערן אן אפיקורס. **מיט אפיקורס מיינט מען דאָ איינעם וואָס זאָגט ארויס זאכן קייגן דער אמונה. וועגן וואָרט אפיקורס זע אין פירוש צו סנהדרין פרק י׳ משנה א׳. די מפרשים זאָגן אז פון וואָרט „תשיב״, „אָפּענטפערן״ איז צו זען, אז מען זאָל ניט גיין צום אפיקורס כדי צו האָבן מיט אים וויכוחים, נאָר אויב ער פרעגט דאַרף מען וויסן וואָס צו ענטפערן.** ודע לפני מי, און וויס פאר וועמען דו טוסט זיך באמיען (פאר גאָט), און ווער עס איז דער בעל הבית פון דיין ארבייט, וואָס וועט דיר באַצאָלן דעם לוין פאר דיין טאָן. **דער רמבם טייטשט „פאר וועמען דו טוסט זיך באמיען״, אז מען מיינט, אז גאָט זעט אלץ וואָס דער מענטש טוט.**

טו. ר׳ טרפון זאָגט, דער טאָג איז קורץ, און די ארבייט איז א סך, און די ארבייטער זיינען פויל, און דער לוין איז גרויס, און דער בעל הבית דריקט (פאַרלאַנגט כסדר ארבייט). **דאָס מיינט, אז דעם מענטש׳ס יאָרן אויף דער וועלט זיינען ווייניק, און מצוות צו טאָן זיינען פאראן א סך, און די מענטשן זיינען פויל, און דער שכר פאר די מצוות איז גרויס, און גאָט וויל כסדר אז מען זאָל די מצוות מקיים זיין.**

טז. הוא, ער (ר׳ טרפון) פלעגט זאָגן: עס ליגט ניט אויף דיר צו פארענדיקן די (גאנצע ארבייט), און דו ביזט ניט קיין פרייער מענטש (בן חורין) אוועקצוגיין פון איר (ניט צו טאָן די ארבייט). **מען מיינט דאמיט, אז אפילו ווען א מענטש זעט, אז ער קאָן ניט טאָן אלץ אינגאנצן, זאָל ער ניט זאָגן, אז אויב אזוי וועל איך שוין גאָרניט טאָן; נאָר ער זאָל טאָן וויפיל ער קאָן.** אם למדת, אויב דו האָסט א סך געלערנט תורה, גיט מען דיר א סך שכר, און דער בעל הבית פון דיין ארבייט (גאָט) איז באגלויבט אז ער וועט דיר באצאָלן דעם לוין פאר דיין ארבייט, און דו זאָלסט וויסן, אז דאָס געבן שכר צו צדיקים וועט זיין אויף יענער וועלט (לעתיד לבוא, אין דער וועלט וואָס וועט קומען). **אזוי טייטשט דער רמבם, אז „לעתיד לבוא״ מיינט אויף יענער וועלט, אין עולם הבא. דער „מדרש שמואל״ ברענגט, אז דאָס איז צו**

**א** עֲקַבְיָא בֶּן מַהֲלַלְאֵל אוֹמֵר, הִסְתַּכֵּל בִּשְׁלֹשָׁה דְבָרִים, וְאֵין אַתָּה בָא לִידֵי עֲבֵרָה. דַּע מֵאַיִן בָּאתָ, וּלְאָן אַתָּה הוֹלֵךְ, וְלִפְנֵי מִי אַתָּה עָתִיד לִתֵּן דִּין וְחֶשְׁבּוֹן. מֵאַיִן בָּאתָ? מִטִּפָּה סְרוּחָה, וּלְאָן אַתָּה הוֹלֵךְ? לִמְקוֹם עָפָר רִמָּה וְתוֹלֵעָה, וְלִפְנֵי מִי אַתָּה עָתִיד לִתֵּן דִּין וְחֶשְׁבּוֹן? לִפְנֵי מֶלֶךְ מַלְכֵי הַמְּלָכִים הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא:

**ב** רַבִּי חֲנִינָא סְגַן הַכֹּהֲנִים אוֹמֵר, הֱוֵה מִתְפַּלֵּל בִּשְׁלוֹמָהּ שֶׁל מַלְכוּת, שֶׁאִלְמָלֵא מוֹרָאָהּ, אִישׁ אֶת רֵעֵהוּ חַיִּים בְּלָעוֹ: רַבִּי חֲנַנְיָא בֶּן תְּרַדְיוֹן אוֹמֵר, שְׁנַיִם שֶׁיּוֹשְׁבִים, וְאֵין בֵּינֵיהֶם דִּבְרֵי תוֹרָה, הֲרֵי זֶה מוֹשַׁב לֵצִים, שֶׁנֶּאֱמַר, וּבְמוֹשַׁב לֵצִים לֹא יָשָׁב. אֲבָל שְׁנַיִם שֶׁיּוֹשְׁבִים וְיֵשׁ בֵּינֵיהֶם דִּבְרֵי תוֹרָה, שְׁכִינָה שְׁרוּיָה בֵינֵיהֶם, שֶׁנֶּאֱמַר אָז נִדְבְּרוּ יִרְאֵי יְיָ אִישׁ אֶל רֵעֵהוּ, וַיַּקְשֵׁב יְיָ וַיִּשְׁמָע, וַיִּכָּתֵב סֵפֶר

**פארענטפערען די קשיא, פארוואס מיר זען א סך צדיקים וואס אויף דער וועלט גייט זיי שלעכט און זיי ליידן יסורים; און ר׳ טרפון זאגט דאריבער אז דער שכר פאר מצוות ווערט געגעבן אין עולם הבא.**

## פרק ג.

א. עקביא בן מהללאל זאגט: טראכט זיך אריין (הסתכל, קוק אריין, גערענק) אין דריי זאכן, און דו וועסט ניט קומען צו (טאן) א עבירה. **און די דריי זאכן זענען:** דע, וויס פון וואנען דו ביזט ארויסגעקומען, און וואוהין דו גייסט, און פאר וועמען דו וועסט (דארפן) אפגעבן א דין וחשבון. **איצט דערקלערט די משנה יעדע פון די דריי זאכן.** מאין, פון וואנען דו ביזט ארויסגעקומען — פון א שטינקנדיקן טראפן (טיפה סרוחה). **די מפרשים טייטשן, אז ווייל גאוה איז איינע פון די סיבות וואס מאכן א מענטש זינדיקן, דאריבער ווען ער וועט כסדר גערענקן פון וואס ער קומט ארויס, וועט ער זען זיין שיפלות.** ולאן, און וואוהין דו גייסט? צו אן ארט פון ערד, ווערם און ווערמדיקער פארפוילטקייט (עפר, רימה ותולעה). **אויך ווען דער מענטש גערענקט כסדר זיין סוף, זעט ער די נישטיקייט פון די הבלי עולם הזה; אזוי טייטשט דער רמבם.** ולפני, און פאר וועמען דו וועסט (דארפן) אפגעבן א דין וחשבון? פאר דעם מלך מלכי המלכים, דעם הייליקן געבענטשט איז ער (פאר גאט). **דאס הייסט, פאר גאט וועלכער זעט אלץ און קיין זאך איז ניט פארבארגן פאר אים, און דער מענטש קאן זיך ניט איינרעדן אז מען וועט ניט וויסן וואס ער האט געטאן. דאס איז איין טייטש, דער „מדרש שמואל׳׳ ברענגט אויך דעם טייטש, אז ווען דער מענטש, וועלכער קומט ארויס פון א טיפה סרוחה און ווערט שטויב און ווערים, וועט זיך באטראכטן, ווי ער וועט דארפן שטיין צו משפט פאר דער גרויסקייט פון גאט, וועט ער זיך שעמן צו זינדיקן.**

ב. ר׳ חנינא סגן הכהנים זאגט, בעט פאר דעם שלום (פאר דעם וואויל זיין) פון מלכות (פון דער רעגירונג), ווארום ווען ניט די מורא פאר איר, וואלט איין מענטש איינגעשלינגן דעם אנדערן לעבעדיגערהייט. **דער טיטול „סגן הכהנים׳׳ איז געווען פאר דעם געהילף פון כהן גדול. ר׳ חנינא האט געלעבט אין דער צייט פון חורבן פון 2טן בית המקדש.** — ר׳ חנניא בן תרדיון זאגט, ווען צוויי (מענטשן) זיצן צוזאמען און זיי (רעדן) ניט צווישן זיך קיין ווערטער פון תורה, איז עס א זיצונג פון לצים, (און מען טאר עס ניט טאן) ווארום עס ווערט געזאגט (תהלים א׳) „ובמושב לצים לא ישב, און אין א זיצונג פון לצים איז ער ניט געזעסן׳׳. אבער ווען צוויי מענטשן זיצן און זיי (רעדן) צווישן זיך ווערטער פון תורה, רוט די שכינה צווישן זיי, ווארום עס ווערט געזאגט (מלאכי ג׳) „אז נדברו יראי ה׳ איש אל רעהו ויקשב ה׳ וישמע ויכתב ספר זכרון לפניו ליראי ה׳ ולחושבי שמו, דענסטמאל האבן די

זִכָּרוֹן לְפָנָיו לְיִרְאֵי יְיָ וּלְחשְׁבֵי שְׁמוֹ. אֵין לִי אֶלָּא שְׁנַיִם, מִנַּיִן אֲפִלּוּ אֶחָד, שֶׁיּוֹשֵׁב וְעוֹסֵק בַּתּוֹרָה, שֶׁהַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא קוֹבֵעַ לוֹ שָׂכָר? שֶׁנֶּאֱמַר, יֵשֵׁב בָּדָד וְיִדֹּם כִּי נָטַל עָלָיו: ג רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, שְׁלשָׁה שֶׁאָכְלוּ עַל שֻׁלְחָן אֶחָד, וְלֹא אָמְרוּ עָלָיו דִּבְרֵי תוֹרָה, כְּאִלּוּ אָכְלוּ מִזִּבְחֵי מֵתִים, שֶׁנֶּאֱמַר, כִּי כָּל שֻׁלְחָנוֹת מָלְאוּ קִיא צֹאָה בְּלִי מָקוֹם. אֲבָל שְׁלשָׁה שֶׁאָכְלוּ עַל שֻׁלְחָן אֶחָד, וְאָמְרוּ עָלָיו דִּבְרֵי תוֹרָה, כְּאִלּוּ אָכְלוּ מִשֻּׁלְחָנוֹ שֶׁל מָקוֹם, שֶׁנֶּאֱמַר, וַיְדַבֵּר אֵלַי זֶה הַשֻּׁלְחָן אֲשֶׁר לִפְנֵי יְיָ: ד רַבִּי חֲנִינָא בֶּן חֲכִינַאי אוֹמֵר, הַנֵּעוֹר בַּלַּיְלָה, וְהַמְהַלֵּךְ בַּדֶּרֶךְ יְחִידִי, וּמְפַנֶּה לִבּוֹ לְבַטָּלָה, הֲרֵי זֶה מִתְחַיֵּב בְּנַפְשׁוֹ: ה רַבִּי נְחוּנְיָא בֶּן הַקָּנָה אוֹמֵר, כָּל

גאָטספאָרכטיקע גערעדט איינער מיט דעם אנדערן, און גאָט האָט עס פארנומען און צוגעהערט און עס איז פארשריבן געוואָרן א ספר זכרון פאר אים פאר די גאָטס־פירכטיקע און פאר די וואָס טראכטן וועגן זיין (גאָטס) נאָמען״. **„איש אל רעהו״ מיינט צוויי מענטשן, און דער פסוק זאָגט „ויקשב ה׳ וישמע״, און דעריבער איז דערפון געדרונגען אז די שכינה איז פאראן צווישן זיי.** אין לי, (פון דאָזיקן פסוק לערנען מיר) ניט מער ווי וועגן צוויי; פון וואַנען (לערנען מיר) אז אפילו ווען (נור) איין מענטש זיצט און איז עוסק אין תורה באשטימט אים דער הייליקער געבענטשט איז ער (גאָט) שכר? ווארום עס ווערט געזאָגט (איכה ג׳) „ישב בדד וידום כי נטל עליו, ער זיצט איינזאם (אליין) און איז שטילערהייט (פארטראכט) ווארום ער נעמט אויף זיך״. **די משנה טייטשט דעם פסוק, אז ווען ער זיצט אליין און טראכט שטילערהייט אין לערנען נעמט ער שכר פון גאָט. ר׳ חנינא בן תרדיון האָט געלעבט אין דער צייט פון חורבן ביתר (לערך 52 יאָר נאָכן חורבן פון 2טן בית המקדש) און איז איינער פון די עשרה הרוגי מלכות, און ער איז אוימגעקומען אויף קידוש השם פאר לערנען תורה מיט תלמידים.**

ר׳ שמעון זאָגט, ווען דריי מענטשן האָבן געגעסן ביי איין טיש און זיי האָבן ניט געזאָגט ביי אים קיין ווערטער פון תורה, איז עס ווי זיי וואָלטן געגעסן פון קרבנות פאר טויטע, ווארום עס ווערט געזאָגט (ישעיה כח) „כי כל שולחנות מלאו קיא צואה בלי מקום, מחמת אלע זייערע טישן זענען פול מיט אויסגעבראָכענעם שמוץ, אָן אן אָרט״. **„זבחי מתים״, קרבנות פאר טויטע, ווערן אָנגערופן קרבנות וואָס געצנדינער זיינען מקריב פאר זייער עבודה זרה. און די משנה טייטשט איין די ווערטער „בלי מקום״, „אָן גאָט״ (גאָט ווערט אָנגערופן אין דער משנה „מָקום״, דאָס אָרט, זע ברכות פרק ה׳ משנה א׳), און עס הייסט, אז אויב מען רעדט ניט קיין דברי תורה ביים טיש, מען דערמאָנט ניט גאָט, איז עס ווי געגעסן פון עבודה־זרה־קרבנות.** אבל, אָבער ווען דריי מענטשן האָבן געגעסן ביי איין טיש און האָבן געזאָגט ביי אים ווערטער פון תורה, איז עס ווי זיי וואָלטן געגעסן פון טיש פון גאָט ברוך הוא, ווארום עס ווערט געזאָגט (יחזקאל מ״א) „וידבר אלי זה השולחן אשר לפני ה׳, און ער האָט צו מיר גערעדט, דאָס איז דער טיש פאר גאָט״. **און די משנה טייטשט עס איין, אז „וידבר אלי״, אז מען רעדט דברי תורה, איז עס דער טיש פאר גאָט.**

ד. ר׳ חנינא בן חכינאי זאָגט, ווער עס איז אויף ביינאכט, און ווער עס גייט אליין אין וועג, און האָט אינזינען פוסטע זאכן (מפנה לבו לבטלה, ווענדעט אָפּ זיין הארץ צו נישטיקייטן, ניט צום לערנען), פארשולדיקט ער זיך אליין זיין לעבן. **די ווערטער „ומפנה לבו לבטלה״ גייען ארויף אויף יעדן איינעם פון זיי, דאָס הייסט, אויב איינער איז אויף ביינאכט און פארנעמט זיך ניט מיט לערנען, און ווער עס גייט אין וועג אליין און פארנעמט זיך ניט מיט קלערן וועגן דברי תורה.**

הַמְקַבֵּל עָלָיו עֹל תּוֹרָה, מַעֲבִירִים מִמֶּנּוּ עֹל מַלְכוּת וְעֹל דֶּרֶךְ אֶרֶץ, וְכָל הַפּוֹרֵק מִמֶּנּוּ עֹל תּוֹרָה, נוֹתְנִים עָלָיו עֹל מַלְכוּת וְעֹל דֶּרֶךְ אֶרֶץ: ו רַבִּי חֲלַפְתָּא בֶּן דּוֹסָא אִישׁ כְּפַר חֲנַנְיָא אוֹמֵר, עֲשָׂרָה שֶׁיּוֹשְׁבִים וְעוֹסְקִים בַּתּוֹרָה, שְׁכִינָה שְׁרוּיָה בֵינֵיהֶם, שֶׁנֶּאֱמַר, אֱלֹהִים נִצָּב בַּעֲדַת אֵל. וּמִנַּיִן אֲפִלּוּ חֲמִשָּׁה? שֶׁנֶּאֱמַר, וַאֲגֻדָּתוֹ עַל אֶרֶץ יְסָדָהּ. וּמִנַּיִן אֲפִלּוּ שְׁלֹשָׁה? שֶׁנֶּאֱמַר, בְּקֶרֶב אֱלֹהִים יִשְׁפֹּט. וּמִנַּיִן אֲפִלּוּ שְׁנַיִם? שֶׁנֶּאֱמַר, אָז נִדְבְּרוּ יִרְאֵי יְיָ אִישׁ אֶל רֵעֵהוּ, וַיַּקְשֵׁב יְיָ וַיִּשְׁמָע. וּמִנַּיִן אֲפִלּוּ אֶחָד? שֶׁנֶּאֱמַר, בְּכָל הַמָּקוֹם אֲשֶׁר אַזְכִּיר אֶת שְׁמִי אָבֹא אֵלֶיךָ וּבֵרַכְתִּיךָ: ז רַבִּי אֶלְעָזָר אִישׁ בַּרְתּוֹתָא אוֹמֵר, תֶּן לוֹ מִשֶּׁלּוֹ, שֶׁאַתָּה וְשֶׁלְּךָ שֶׁלּוֹ, וְכֵן בְּדָוִד הוּא אוֹמֵר, כִּי

ה. ר׳ נחוניא בן הקנה זאָגט, ווער עס נעמט אויף זיך דעם עול פון תורה (ער פאַרנעמט זיך בלויז מיט לערנען תורה) נעמט מען פון אים אראָפּ דעם עול פון דער מלוכה (צאָלן געלט דער מלוכה) און דעם עול פון פרנסה (דרך ארץ, באַשעפטיקונג כדי צו האָבן דערפון פרנסה). **דאָס הייסט, אַז גאָט העלפט אים אַז ער זאָל ניט דאַרפן זיך זאָרגן וועגן אַנדערע זאַכן.** וכל הפורק, און ווער עס וואַרפט אראָפּ פון זיך דעם עול פון תורה, לייגט מען (פון הימל) ארויף אויף אים דעם עול פון דער מלוכה און דעם עול פון פרנסה. **אַזוי טייטשן די משנה דער גרעסטער טייל מפרשים וואָס ווערן געבראַכט אין „מדרש שמואל״.**

ו. ר׳ חלפתא דער מאַן פון כפר חנניא זאָגט, ווען צען מענטשן זיצן און זענען עוסק אין תורה, רוט די שכינה צווישן זיי, וואָרום עס ווערט געזאָגט (תהלים פ״ב) „אלהים נצב בעדת אל, גאָט שטייט אין דער עדה פון גאָט״. **די ראיה דערפון איז וואָס מיט „עדה״ ווערן אָנגערופן 10 מענטשן, מחמת גאָט רופט אָן די 10 מרגלים (אַ חוץ די 2 מרגלים צדיקים כלב און יהושע) „עד מתי לעדה הרעה הזאת״ (במדבר י״ד).** ומנין, און פון וואַנען (לערנען מיר) אַז אפילו פינף (מענטשן) זענען עוסק אין תורה רוט צווישן זיי די שכינה)? וואָרים עס ווערט געזאָגט (עמוס ט׳) „ואגודתו על ארץ יסדה, ער האָט זיין בונד געגרינדעט אויף דער ערד״. **און „אגודה״ מיינט 5, ווייל די האַנט איז אַ בונד פון 5 פינגער.** ומנין, און פון וואַנען (לערנען מיר) אַז אפילו דריי? וואָרים עס ווערט געזאָגט (תהלים פ״ב) „בקרב אלהים ישפוט, ער משפט צווישן ריכטער״. **דאָס וואָרט „אלהים״ איז טייל-מאָל דער טייטש אַ געריכט, אַ בית דין (שמות כ״א „עד האלהים יבוא דבר שניהם״), און אַ בית דין באַשטייט פון דריי דיינים (זע סנהדרין פרק א׳ משנה א׳).** ומנין, און פון וואַנען (לערנען מיר) אַז אפילו צוויי? וואָרום עס ווערט געזאָגט (מלאכי ג׳) „אז נדברו יראי ה׳ איש אל רעהו ויקשב ה׳ וישמע, דענסטמאָל האָבן די גאָטספאָרכטיקע גערעדט איינער מיט דעם אַנדערן, און גאָט האָט פאַרנומען און צוגעהערט״. **און דאָ אין פסוק ווערט דאָך געזאָגט נור וועגן צוויי מענטשן.** ומנין, און פון וואַנען (לערנען מיר) אַז אפילו נור איינער (ווען איין מענטש איז עוסק אין תורה רוט די שכינה מיט אים)? וואָרום עס ווערט געזאָגט (שמות כ׳) „בכל המקום אשר אזכיר את שמי אבוא אליך וברכתיך, „אין יעדן אָרט וואו איך וועל (מאַכן אַז אַ מענטש זאָל) דערמאָנען מיין נאָמען וועל איך קומען צו דיר (צום מענטש) און דיך בענטשן. **אַזוי טייטשן די מפרשים דאָס וואָרט „אזכיר״, „וואו מען וועט דערמאָנען גאָטס נאָמען״.**

ז. ר׳ אליעזר דער מאַן פון (אָרט) ברתותא זאָגט, גיב אים פון דעם וואָס איז זיינס, ווייל דו און וואָס דו האָסט איז זיינס, און אַזוי ווערט געזאָגט ביי דוד

מִמְּךָ הַכֹּל, וּמִיָּדְךָ נָתַנּוּ לָךְ: ח רַבִּי יַעֲקֹב אוֹמֵר, הַמְהַלֵּךְ בַּדֶּרֶךְ וְשׁוֹנֶה וּמַפְסִיק מִמִּשְׁנָתוֹ וְאוֹמֵר, מַה נָּאֶה אִילָן זֶה, מַה נָּאֶה נִיר זֶה, מַעֲלֶה עָלָיו הַכָּתוּב כְּאִלּוּ מִתְחַיֵּב בְּנַפְשׁוֹ: ט רַבִּי דוֹסְתָּאִי בַּר יַנַּאי מִשּׁוּם רַבִּי מֵאִיר אוֹמֵר, כָּל הַשּׁוֹכֵחַ דָּבָר אֶחָד מִמִּשְׁנָתוֹ, מַעֲלֶה עָלָיו הַכָּתוּב, כְּאִלּוּ מִתְחַיֵּב בְּנַפְשׁוֹ, שֶׁנֶּאֱמַר, רַק הִשָּׁמֶר לְךָ וּשְׁמֹר נַפְשְׁךָ מְאֹד פֶּן תִּשְׁכַּח אֶת הַדְּבָרִים אֲשֶׁר רָאוּ עֵינֶיךָ, יָכוֹל אֲפִלּוּ תָּקְפָה עָלָיו מִשְׁנָתוֹ, תַּלְמוּד לוֹמַר, וּפֶן יָסוּרוּ מִלְּבָבְךָ כֹּל יְמֵי חַיֶּיךָ, הָא אֵינוֹ מִתְחַיֵּב בְּנַפְשׁוֹ עַד שֶׁיֵּשֵׁב וִיסִירֵם מִלִּבּוֹ: י רַבִּי חֲנִינָא בֶּן דּוֹסָא אוֹמֵר, כֹּל שֶׁיִּרְאַת חֶטְאוֹ קוֹדֶמֶת לְחָכְמָתוֹ, חָכְמָתוֹ מִתְקַיֶּמֶת, וְכֹל שֶׁחָכְמָתוֹ קוֹדֶמֶת לְיִרְאַת חֶטְאוֹ, אֵין חָכְמָתוֹ

(דברי הימים א׳, כ׳) „כי ממך הכל ומידך נתנו לך, ווארום פון דיר איז אלץ און פון דיין האנט האבן מיר דיר געגעבן״. **די מפרשים טייטשן, אז דאס ווערט געלערנט וועגן געבן צדקה צו אן ארימאן, און דאס איז, אזוי ווי מען וואלט געגעבן צו גאט. און ר׳ אליעזר איש ברתותא זאגט: גיב צו גאט דאס וואס איז זיינס, מחמת אלץ וואס דו, מענטש, פארמאגסט, און דו אליין, זענט איר דאך זיינס״, און דער מענטש גיט דאך אזוי ארום צום ארימאן דאס וואס עס קומט אים און ער איז מחויב צו געבן.**

ח. ר׳ יעקב זאגט, אז איינער גייט אין וועג און לערנט און ער איז מפסיק זיין לערנען און זאגט: „ווי שיין איז דער דאזיקער בוים! ווי שיין איז דאס דאזיקע (צעאקערטע) פעלד!״, רעכנט עס אים דער פסוק ווי ער וואלט פארשולדיקט זיין לעבן. **די משנה זאגט „ושונה״ „און לערנט״, דאס מיינט לערנען אויף אויסנווייניק הלכות, וואס מען קאן טאן ווען מען גייט; און דאריבער זאגט זי ניט „וקורא״, „און ליינט״ אין דער תורה. רשי טייטשט, אז ער שטעלט זיך אין סכנה, ווייל די תורה הערט אים אויף צו שיצן.**

ט. ר׳ דוסתאי בר ינאי אין נאמען פון ר׳ מאיר זאגט, יעדער וואס פארגעסט (אפילו נור) איין זאך פון זיין לערנען, רעכנט עס אים דער פסוק, ווי ער וואלט פאר־שולדיקט זיין לעבן, ווארום עס ווערט געזאגט (דברים ד׳) „רק השמר לך ושמור נפשך מאוד פן תשכח את הדברים אשר ראו עיניך, אבער דו זאלסט זיין אפגעהיטן, און דו זאלסט זייער היטן דיין לעבן (נפשך), טאמער וועסט דו פארגעסן די זאכן וואס דיינע אויגן האבן געזען״. **דער ברטנורא טייטשט, אז מען מיינט דא אויב מען פארגעסט ווייל מען האט ניט איינגעחזרט דאס לערנען.** יכול, מען קאן (אפשר מיינען אז מען פארשולדיקט זיך דאס לעבן אויב מען פארגעסט) ווייל דאס לערנען איז אים צו שווער געווען? (דאריבער) ווערט געלערנט (פון סוף פון פסוק) „ופן יסורו מלבבך כל ימי חייך, און טאמער וועלן זיי (די תורה־ווערטער) אפגעטאן ווערן פון דיין הארץ אלע טעג פון דיין לעבן״, דערפון (פון דעם ווארט „יסורו״, „אפגעטאן ווערן״) לערנען מיר אז, ער פארשולדיקט זיך ניט דאס לעבן, סיידן ער זיצט און באזייטיקט זיי (די תורה־ווערטער) פון זיין הארץ. **ווי מיר האבן שוין פריער געזאגט, טייטשט דער ברטנורא, אז אפילו מען פארגעסט צוליב ניט חזרן דאס לערנען הייסט עס אזוי ווי מען וואלט בכוונה געמאכט צו פארגעסן זיי.**

י. ר׳ חנינא בן דוסא זאגט, דער (מענטש) וואס זיין מורא פאר זינד (יראת חטאו, די מורא צו זינדיקן) איז פריער פאר זיין חכמה האט זיין חכמה א קיום, און דער וואס זיין חכמה איז פריער פאר זיין מורא פאר זינד (די מורא צו זינדיקן) האט זיין חכמה ניט קיין קיום. **די מפרשים האבן 2 פירושים אויף׳ן ווארט „קודמת״, „פרי־ער״, „פאר״. איין טייטש איז אז דאס מיינט מען „פריער אין צייט״, אז דער מענטש זאל צוערשט זיין פרום, מורא האבן צו זינדיקן, און דערנאך זאל ער ערשט**

מִתְקַיֶּמֶת: הוּא הָיָה אוֹמֵר, כֹּל שֶׁמַּעֲשָׂיו מְרֻבִּים מֵחָכְמָתוֹ, חָכְמָתוֹ מִתְקַיֶּמֶת, וְכֹל שֶׁחָכְמָתוֹ מְרֻבָּה מִמַּעֲשָׂיו, אֵין חָכְמָתוֹ מִתְקַיֶּמֶת: **יא** הוּא הָיָה אוֹמֵר, כֹּל שֶׁרוּחַ הַבְּרִיּוֹת נוֹחָה הֵימֶנּוּ, רוּחַ הַמָּקוֹם נוֹחָה הֵימֶנּוּ, וְכֹל שֶׁאֵין רוּחַ הַבְּרִיּוֹת נוֹחָה הֵימֶנּוּ, אֵין רוּחַ הַמָּקוֹם נוֹחָה הֵימֶנּוּ: רַבִּי דוֹסָא בֶּן הָרְכִּינַס אוֹמֵר, שֵׁנָה שֶׁל שַׁחֲרִית וְיַיִן שֶׁל צָהֳרַיִם וְשִׂיחַת הַיְלָדִים, וִישִׁיבַת בָּתֵּי כְנֵסִיּוֹת שֶׁל עַמֵּי הָאָרֶץ, מוֹצִיאִים אֶת הָאָדָם מִן הָעוֹלָם: **יב** רַבִּי אֶלְעָזָר הַמּוֹדָעִי אוֹמֵר, הַמְחַלֵּל אֶת הַקֳּדָשִׁים, וְהַמְבַזֶּה אֶת הַמּוֹעֲדוֹת, וְהַמַּלְבִּין פְּנֵי חֲבֵרוֹ בָּרַבִּים, וְהַמֵּפֵר בְּרִיתוֹ שֶׁל אַבְרָהָם אָבִינוּ, וְהַמְגַלֶּה פָנִים בַּתּוֹרָה שֶׁלֹּא כַהֲלָכָה, אַף עַל פִּי שֶׁיֵּשׁ בְּיָדוֹ תוֹרָה

**זאמלן חכמה. אזוי טייטשט אויך דער רמבם. אָבער דער „מדרש שמואל" ברענגט אויך אן אנדערן פירוש, אז מיט „קודמת", מיינט דאָ „חשובער", „שטעלן העכער", און מען מיינט, אז דער מענטש זאָל שטעלן העכער די מורא צו זינדיקן ווי דאָס זיין א חכם. אזוי טייטשט רשי און אנדערע מפרשים וועלכע ווערן געבראַכט אין „מדרש שמואל".** הוא, ער (ר' חנינא בן דוסא) פלעגט זאָגן: דער וואָס זיינע (גוטע) מעשים זענען מער פון זיין חכמה, האָט זיין חכמה א קיום, און דער וואָס זיין חכמה איז מער פון זיין מעשים, האָט זיין חכמה ניט קיין קיום. **דאָס איז דער זעלביקער רעיון וואָס איז געלערנט געוואָרן פריער פרק א' משנה י"ז, אז „לא המדרש הוא העיקר אלא המעשה", און אז קוים איז מען ניט מקיים וואָס מען לערנט, פאַרלירט אויך דאָס לערנען דעם ווערט.**

יא. הוא, ער (ר' חנינא בן דוסא) פלעגט זאָגן: דער וואָס מענטשן (בריות) זע־נען צופרידן מיט אים (רוח הבריות, דאָס געמיט פון מענטשן, דער גייסט פון מענטשן, זייער מיינונג) איז אויך (דער גייסט פון) גאָט צופרידן מיט אים, און דער וואָס מענטשן זענען ניט צופרידן מיט אים, איז אויך (דער גייסט פון) גאָט ניט צופרידן מיט אים. **רשי גיט דאָ צו די גמרא ווערטער, אז ווער עס איז „אהוב למטה", באַליבט אונטן, דאָ אויף דער ערד ביי מענטשן, איז א סימן, אז ער איז אויך „אהוב למעלה", באַליבט אין דער הויך, אין הימל, ביי גאָט. —** ר' דוסא בן הרכינס זאָגט, דאָס שלאָפן אין דער פרי, און (דאָס טרינקען) ווייַן אינמיטן טאָג, און שמועסן פון קינדער, און דאָס זיצן אין די זאמל־הייזער פון עמי־הארצים, ברענגען־אום דעם מענטש פון דער וועלט. **דער מענטש דאַרף זיך אויפהייבן באַלד אין דער פרי, כדי ער זאָל זאָגן קריאת שמע אין דער צייט און לערנען און זיך פאַרנעמען מיט זייַן אַרבייט. אויך דאַרף ער ניט טרינקען אין מיטן טאָג קיין ווייַן, ווייל עס געוואוינט אים צו שיכרות. דאָס שמועסן מיט קינדער („ילדים" הייסן אייגנטליך ניט יינגע קינ־דער, נאָר יינגע בחורים) איז נאַרישע שמועסן, און עס פאַרטעמפּט דעם מענטש'ס שכל. דאָס זיצן אין די זאמל־פּלעצער פון עמי הארצים און צו־הערן זיך צו דברים בטלים שוואַכט אויך אָפּ דעם שכל פון מענטש.**

יב. ר' אלעזר המודעי (פון ארט „מודיעין") זאָגט, דער (מענטש) וועלכער פאַרשוועכט הייליקע זאַכן, און דער וועלכער איז מבזה חול־המועד, און דער וועל־כער איז מבייש אן אנדערן מענטשן פאַר א סך מענטשן (מלבין פני חברו, מאַכט ווייס דאָס פנים פון אן אנדערן), און דער וועלכער פאַרשטערט דעם ברית פון אברהם אבינו (וויל זיך ניט מל־זיין), און דער וועלכער טייטשט איין פשט אין דער תורה ניט ווי עס איז ריכטיק די הלכה, — כאָטש ער (דער וואָס טוט איינס פון די דאָזיקע פינף זאַכן), האָט תורה און גוטע מעשים, האָט ער (פונדעסטוועגן) ניט קיין חלק אויף יענער וועלט (אין עולם הבא). **אזוי טייטשט רשי די משנה, און גיט צו, אז מיט „מגלה פנים בתורה שלא כהלכה" מיינט מען אן אפיקורס, וועלכער פרעגט**

וּמַעֲשִׂים טוֹבִים, אֵין לוֹ חֵלֶק לָעוֹלָם הַבָּא: **יג** רַבִּי יִשְׁמָעֵאל אוֹמֵר, הֱוֵה קַל לְרֹאשׁ, וְנוֹחַ לְתִשְׁחֹרֶת, וֶהֱוֵה מְקַבֵּל אֶת כָּל הָאָדָם בְּשִׂמְחָה: **יד** רַבִּי עֲקִיבָה אוֹמֵר, שְׂחוֹק וְקַלּוּת רֹאשׁ, מַרְגִּילִים אֶת הָאָדָם לְעֶרְוָה. מַסֹּרֶת סְיָג לַתּוֹרָה, מַעַשְׂרוֹת סְיָג לָעֹשֶׁר, נְדָרִים סְיָג לַפְּרִישׁוּת, סְיָג לַחָכְמָה שְׁתִיקָה: **טו** הוּא הָיָה אוֹמֵר, חָבִיב אָדָם שֶׁנִּבְרָא בְצֶלֶם, חִבָּה יְתֵרָה נוֹדַעַת לוֹ שֶׁנִּבְרָא בְצֶלֶם, שֶׁנֶּאֱמַר, כִּי בְּצֶלֶם אֱלֹהִים עָשָׂה אֶת

**קשיות חוזק צו מאכן פון דער תורה** (און אזוי זאָגט אויך די גמרא אין סנהדרין אין פרק חלק). **דער רמבם גיט צו אז דאָס איז נור אויב זיי האָבן ניט געטאָן תשובה. — ר' אלעזר המודעי האָט געלעבט אין דער צייט פון דער בר־כוכבא־מלחמה (לערך 52 יאָר נאָכן חורבן בית שני). און איז געזוען א פעטער פון בר כוכבא און עס ווערט דערציילט אז בר כוכבא האָט אים דערהרגעט צוליב א פאלשער מסירה.**

יג. ר' ישמעאל זאָגט: זיי גרינג (מיט הכנעה) פאר א העכערן מענטש (קל לראש), און מילד צו א ייִנגערן (פון דיר, לתשחורת, וועלכער האָט שווארצערע האָר פון דיר, איז ייִנגער פון דיר), און נעם אויף יעדן מענטש מיט שמחה. **אזוי טייטשט דער רמבם די משנה, וועלכע האָט א סך טייטשן. ר' ישמעאל לערנט, אז ווען דו שטייסט פאר א העכערן פון דיר גיב אים אָפּ זייך כבוד, און ווען דו ביזט מיט א ייִנגערן, א קלענערן פון דיר זיי ניט שטרענג צו אים, נאָר זאנפטיק (נוח), מילד, און בכלל זיי יעדן אייִנעם מקבל פנים מיט פרייד, מיט שמחה.**

יד. ר' עקיבא זאָגט, שטיפעריי (שחוק, שפאס) און לייכטזיניקייט (קלות ראש, גרינג־קעפּיקייט) געוואוינען צו (א מענטש) צו אויסגעלאסנקייט. **דער „מדרש שמואל" ברענגט דערצו איין פירוש, אז געוויינטליך ברענגט שטיפעריי און לייכט־זיניקייט צו נבול פּה און דאָס פירט צו אויסגעלאסנקייט.** מסורת, די מסורה איז א צוים צו דער תורה. די מפרשים טייטשן אז „מסורת", די „איבערענטפערונג", **מיינט די „תורה שבעל פּה", די הלכות און דינים וואָס זיינען פאראן אין דער משנה און גמרא, און זיי זיינען ווי א צוים, וואָס היטן אָפּ, אז מען זאָל ניט עובר זיין אויף די מצוות פון דער תורה שבכתב. רשי טייטשט, אז מיט „מסורה" מיינט מען די „מסורה" וואָס איז פאראן צום תנך, ווי אזוי צו לייענען יעדעס וואָרט און וואו, ביי וועלכן וואָרט, מען זאָל זיך אָפּשטעלן, און דאָס איז דער צוים, וואָס היט אָפּ די תורה.** מעשרות, דאָס געבן מעשרות (פון תבואה און פרוכטן) איז א צוים צו עשירות. **דערפאר בענטשט גאָט דעם מענטש אז ער זאָל זיין רייך און ניט פארלירן דאָס עשירות וואָס ער האָט שוין. די גמרא אין תענית ט' לערנט עס אָפּ פון פסוק „עשר תעשר" און זאָגט דארויף „עשר בשביל שתעשר", גיב מעשר כדי דו זאָלסט ווערן רייך.** נדרים, דאָס טאָן א נדר איז א צוים צו פרישות (צו זייער שטארקער פרומ־קייט). מיט „פרישות" מיינט מען זיין אָפּגעשיידט (פרוש) פון זאכן, וואָס מען מעג טאָן, **אָבער זיי קאָנען דערפירן צו זינד, צוימען די תאוות בכלל. זאָגט די משנה, אז ווען מען וויל גיין אין וועג פון פרישות זאָל מען נעמען אויף זיך א נדר ניט צו טאָן די אלע זאכן.** סייג לחכמה, דער צוים צו חכמה איז שווייגן. **דאָס געפינען מיר אין משלי י"ז „גם אויל מחריש חכם יחשב", אפילו ווען א נאר שווייגט ווערט ער באַ־טראכט ווי א חכם.**

טו. הוא, ער (ר' עקיבא) פלעגט זאָגן: באליבט איז דער מענטש, ווייל ער איז באשאפן געוואָרן אין דער געשטאלט פון גאָט (בצלם אלקים), באזונדער גרויס איז די ליבשאפט דערמיט וואָס (גאָט) האָט אים (דעם מענטש) מודיע געווען, אז ער איז באשאפן געוואָרן אין דער געשטאלט פון גאָט ווארום עס ווערט געזאָגט (בראשית ט') „כי בצלם אלהים עשה את האדם, ווארום אין דער געשטאלט פון גאָט

הָאָדָם׃ חֲבִיבִים יִשְׂרָאֵל שֶׁנִּקְרְאוּ בָנִים (לַמָּקוֹם), חִבָּה יְתֵרָה נוֹדַעַת לָהֶם שֶׁנִּקְרְאוּ בָנִים לַמָּקוֹם, שֶׁנֶּאֱמַר, בָּנִים אַתֶּם לַייָ אֱלֹהֵיכֶם. חֲבִיבִים יִשְׂרָאֵל שֶׁנִּתַּן לָהֶם כְּלִי חֶמְדָּה, חִבָּה יְתֵרָה נוֹדַעַת לָהֶם שֶׁנִּתַּן לָהֶם כְּלִי חֶמְדָּה, שֶׁבּוֹ נִבְרָא הָעוֹלָם, שֶׁנֶּאֱמַר, כִּי לֶקַח טוֹב נָתַתִּי לָכֶם תּוֹרָתִי אַל תַּעֲזֹבוּ׃ **טז** הַכֹּל צָפוּי, וְהָרְשׁוּת נְתוּנָה, וּבְטוֹב הָעוֹלָם נָדוֹן, וְהַכֹּל לְפִי רֹב הַמַּעֲשֶׂה׃ **יז** הוּא הָיָה אוֹמֵר, הַכֹּל נָתוּן בָּעֵרָבוֹן, וּמְצוּדָה פְרוּשָׂה עַל כָּל

האָט ער געמאַכט דעם מענטש״. אזוי טייטשט דער רמבם די ווערטער „נודעת לו״ **(עס איז אים באַוואוסט געוואָרן״), אז די באַזונדערע ליבשאַפט באַשטייט אין דעם וואָס גאָט האָט מודיע געווען דעם מענטש וועגן זיין דאָזיקער מעלה.** חביבים, באַליבט זענען יידן ווייל זיי ווערן אָנגערופן קינדער צו גאָט; באַזונדער גרויס איז די ליבשאַפט דערמיט, וואָס (גאָט) האָט זיי מודיע געווען, אז זיי ווערן גערופן קינדער גאָט, ווארום עס ווערט געזאָגט (דברים י״ד) „בנים אתם לה׳ אלהיכם, קינדער זענט איר צו גאָט אייער גאָט״. **דער „תפארת ישראל״ זאָגט דאָ, אז דאריבער באַנוצט זיך די משנה פריער ביי „צלם אלהים״ מיט דעם וואָרט „האדם״, „דער מענטש״ און דאָ מיט „ישראל״, יידן״, ווייל אלע מענטשן, אויך ניט יידן, זענען באַשאַפן גע־וואָרן אין דער געשטאַלט פון גאָט.** חביבים, באַליבט זענען יידן ווייל זיי איז געגעבן געוואָרן א טייערע כלי (כלי חמדה, א זאַך, וואָס מען גלוסט צו איר, א טייערע זאַך, תורה); באַזונדער גרויס איז די ליבשאַפט דערמיט וואָס (גאָט) האָט זיי מודיע גע־ווען אז עס איז זיי געגעבן געוואָרן א טייערע כלי, מיט וועלכער די וועלט איז באַ־שאַפן געוואָרן, ווארום עס ווערט געזאָגט (משלי ד׳) „כי לקח טוב נתתי לכם, תורתי אל תעזובו׳, איך האָב אייך געגעבן א גוטע לערע, מיין תורה זאָלט איר ניט פאַר־לאָזן״. **דער ברטנורא טייטשט אז מיט „טוב״ מיינט מען די וועלט, ווייל אין בראשית א׳ ווערט געזאָגט וועגן באַשאַפן די וועלט „וירא אלהים כי טוב״, און מיט „לקח״ מיינט מען די תורה ווי עס ווערט געזאָגט אין דברים ל״ב „יערוף כמטר לקחי״, און דאָרט מיינט מען די תורה.**

טז. הכל, (ר׳ עקיבא זאָגט אויך), אלץ ווערט פאָרויסגעזען (דורך גאָט), אָבער די פרייהייט ווערט געגעבן. **דער רמבם און אנדערע מפרשים זאָגן, אז אין די דאָזיקע ווערטער ווערן אויסגעדריקט די 2 יסודות פון דער יידישער אמונה, אז גאָט זעט פאָרויס וואָס עס וועט געשען (ידיעה, דאָס וויסן פון גאָט), און אז דער מענטש איז א פריי באַשעפעניש, האָט די בחירה, קאָן זיך אויסוויילן צו טאָן וואָס ער וויל, און גאָט זאָגט אים נור אין דער תורה וואָס ער זאָל זיך אויסוויילן, אָבער עס איז אָפּהענגיג פון מענטש אליין אז ער זאָל זיך אויספירן ווי ער וויל. דער רמבם און די אנדערע מפרשים ברענגען דאָ די קשיא פון די פילאָזאָפן, ווי אזוי קאָנען זיין די ביידע זאַכן צוזאַמען, ידיעה און בחירה, סטייטש, אז גאָט ווייס פריער וואָס דער מענטש וועט טאָן, מוז דאָך שוין דער מענטש שפּעטער אזוי טאָן, און ער קאָן דאָך ניט טאָן אנדערש? דאַרויף ענט־פערט דער רמבם אז מיר פאַרשטיין ניט דאָס געטליכע וויסן, און אז די „ידיעה״ פון גאָט איז ניט אונזער ידיעה, און אז עס קאָנען זיין ביידע זאַכן.** ובטוב, און מיט (דער געטליכער) גוטסקייט ווערט די וועלט געמשפּט, און אלץ איז לויט א סך פון מעשים. **דער רמבם טייטשט „לפי רוב המעשה״, אז למשל ווען איינער גיט צדקה מיט אמאָל 1000 גילדן צו איין אָרימאַן איז עס ניט אזוי פיל ווי ער גיט 1000 מאָל צו איין גילדן און האָט געהאָלפן 1000 אָרימע לייט, יעדן מיט א קלענערער הילף.**

יז. הוא, ער (ר׳ עקיבא) פלעגט זאָגן: אלץ ווערט געגעבן אויף א משכון (ערבון, אויף א גאַראַנטיע, גאָט לאָזט דעם מענטש טאָן וואָס ער וויל, אָבער ער האָט פון אים א משכון אז ער וועט אים אָפּצאָלן), און א נעץ איז פאַרשפּרייט אויף אלע לעבעדקע

הַחַיִּים, הֶחָנוּת פְּתוּחָה, וְהַחֶנְוָנִי מַקִּיף, וְהַפִּנְקָס פָּתוּחַ, וְהַיָּד כּוֹתֶבֶת, וְכָל הָרוֹצֶה לִלְווֹת יָבֹא וְיִלְוֶה, וְהַגַּבָּאִים מַחֲזִירִים תָּדִיר בְּכָל יוֹם, וְנִפְרָעִים מִן הָאָדָם, מִדַּעְתּוֹ וְשֶׁלֹּא מִדַּעְתּוֹ, וְיֵשׁ לָהֶם עַל מַה שֶּׁיִּסְמֹכוּ, וְהַדִּין דִּין אֱמֶת, וְהַכֹּל מְתֻקָּן לִסְעוּדָה: **יח** רַבִּי אֶלְעָזָר בֶּן עֲזַרְיָה אוֹמֵר, אִם אֵין תּוֹרָה אֵין דֶּרֶךְ אֶרֶץ, אִם אֵין דֶּרֶךְ אֶרֶץ אֵין תּוֹרָה. אִם אֵין חָכְמָה אֵין יִרְאָה, אִם אֵין יִרְאָה אֵין חָכְמָה. אִם אֵין בִּינָה, אֵין דַּעַת, אִם אֵין דַּעַת אֵין בִּינָה. אִם אֵין קֶמַח אֵין תּוֹרָה, אִם אֵין תּוֹרָה אֵין קֶמַח: הוּא הָיָה אוֹמֵר, כֹּל שֶׁחָכְמָתוֹ מְרֻבָּה מִמַּעֲשָׂיו, לְמָה הוּא דוֹמֶה? לְאִילָן שֶׁעֲנָפָיו מְרֻבִּין, וְשָׁרָשָׁיו מֻעָטִין, וְהָרוּחַ בָּאָה וְעוֹקַרְתּוֹ וְהוֹפַכְתּוֹ עַל פָּנָיו, שֶׁנֶּאֱמַר, וְהָיָה כְּעַרְעָר בָּעֲרָבָה, וְלֹא יִרְאֶה כִּי יָבֹא טוֹב וְשָׁכַן חֲרֵרִים בַּמִּדְבָּר אֶרֶץ

(באשעפעניש), די קראָם איז אָפן, און דער קרעמער גיט אויף באָרג און דאָס בוך איז אָפן, און די האנט פארשרייבט, און ווער עס וויל בארגן זאָל קומען און באָרגן, און די איינמאָנער (הגבאים) גייען ארום כסדר יעדן טאָג און זיי נעמען אָפּ באצאָלט פון דעם מענטש סיי מיט זיין ווילן סיי ניט מיט זיין ווילן, און זיי האָבן אויף וואָס זיך צו פארלאָזן, און דער משפט איז אן אמת׳ער משפט, און אלץ איז גרייט צו דער סעודה. **ר׳ עקיבא לערנט דאָ די צוויי יסודות: פון „השגחה״, אז אלץ וואָס דער מענטש טוט ווייסט גאָט, און כאָטש מען לאָזט אים טאָן, אָבער אלץ ווערט פארשריבן; און פון „שכר ועונש״, אז פאר גוטע מעשים וועט מען ווערן באלוינט און אז פאר שלעכטע מעשים וועט מען ווערן באשטראָפט. מיט „גבאים״, די איינמאָנער, זאָגט דער רמבם, מיינט מען דעם טויט און אנדערע שטראָפן וואָס קומען אויף דעם מענטש, און אז מיט „סעודה״ מיינט מען דאָס לעבן אויף יענער וועלט.**

יח. ר׳ אלעזר בן עזריה זאָגט, ווען עס איז ניטאָ קיין תורה איז ניטאָ קיין דרך ארץ, און ווען עס איז ניטאָ קיין דרך ארץ איז ניטאָ קיין תורה. **די מפרשים טייטשן, אז מיט „דרך ארץ״ מיינט מען דאָ מידות טובות, און אז אָן תורה קאָן דער מענטש ניט האָבן קיין גוטע מידות, און אָן גוטע מידות האָט אויך דאָס לערנען ניט קיין ווערט.** אם אין חכמה, ווען עס איז ניטאָ קיין חכמה איז ניטאָ קיין יראה (מורא פאר גאָט), און ווען עס איז ניטאָ קיין יראה איז ניטאָ קיין חכמה. **דער פסוק אין איוב כ״ח זאָגט „הן יראת ה׳ חכמה״, אז די חכמה פון מענטש באשטייט אין מורא האָבן פאר גאָט.** אם אין בינה, ווען עס איז ניטאָ קיין פאַרשטאַנד איז ניטאָ קיין וויסן (דעת) און ווען עס איז ניטאָ קיין וויסן איז ניטאָ קיין פאַרשטאַנד. **דער רמבם אין זיין פירוש צו דער משנה מיינט, אז די משנה לערנט דאָ דעם אונטערשיד צווישן קענען, וויסן זאכן און תופס זיין די אידעע פון די זאכן, און עס זאָגט אז דאָס איז א זייער טיפע לערע און עס איז זי זייער שווער צו פארשטיין.** אם אין קמח, ווען עס איז ניטאָ קיין מעל (קיין ברויט, צו עסן) איז ניטאָ קיין תורה, און ווען עס איז ניטאָ קיין תורה איז ניטאָ קיין מעל. **ווארים אויב איינער האָט ניט צו עסן קאָן ער ניט עוסק זיין אין לערנען תורה, און אויב איינער לערנט ניט קיין תורה, האָט ער גאָרניט דערפון וואָס ער האָט צו עסן, ווייל תורה איז דער תכלית פון לעבן. אזוי טייטשט דער ברטנורא.** הוא, ער (ר׳ אלעזר בן עזריה) פלעגט זאָגן: דער מענטש וואָס זיין חכמה איז גרעסער פון זיינע (גוטע) מעשים, צו וואָס איז ער געגליכן? צו א בוים וואָס זיינע צווייגן זענען א סך און זיינע וואורצלן זענען ווייניק, און ווען א ווינט קומט אן רייסט ער אים אויס און דרייט אים איבער אויף זיין פנים (מיט דעם שפיץ בוים אראָפּ), ווארים עס ווערט געזאָגט (ירמיה י״ז) „און ער וועט זיין ווי א ביימל (ערער) אין דער וויסטעניש און ער זעט ניט ווען עס קומט אָן דאָס גוטע, און ער וועט וואוינען אין דער טריקעניש

מְלֶחָה וְלֹא תֵשֵׁב. אֲבָל כֹּל שֶׁמַּעֲשָׂיו מְרֻבִּים מֵחָכְמָתוֹ, לְמָה הוּא דוֹמֶה? לְאִילָן שֶׁעֲנָפָיו מֻעָטִים, וְשָׁרָשָׁיו מְרֻבִּים, שֶׁאֲפִלּוּ כָּל הָרוּחוֹת שֶׁבָּעוֹלָם בָּאוֹת וְנוֹשְׁבוֹת בּוֹ, אֵין מְזִיזִים אוֹתוֹ מִמְּקוֹמוֹ, שֶׁנֶּאֱמַר, וְהָיָה כְּעֵץ שָׁתוּל עַל מַיִם, וְעַל יוּבַל יְשַׁלַּח שָׁרָשָׁיו, וְלֹא יִרְאֶה כִּי יָבֹא חֹם, וְהָיָה עָלֵהוּ רַעֲנָן וּבִשְׁנַת בַּצֹּרֶת לֹא יִדְאָג, וְלֹא יָמִישׁ מֵעֲשׂוֹת פֶּרִי: יט רַבִּי אֶלְעָזָר (בֶּן) חִסְמָא אוֹמֵר, קִנִּין וּפִתְחֵי נִדָּה, הֵן הֵן גּוּפֵי הֲלָכוֹת, תְּקוּפוֹת וְגִמַטְרִיָּאוֹת פַּרְפְּרָאוֹת לַחָכְמָה:

# פרק ד.

**א בֶּן זוֹמָא אוֹמֵר, אֵיזֶהוּ חָכָם? הַלּוֹמֵד מִכָּל אָדָם, שֶׁנֶּאֱמַר, מִכָּל**

אין דער מדבר אין א זאלציק לאנד וואס איז ניט באוואוינט״. **ווייל די וואָרצלן זענען שוואכע, ווייניק, און די צווייגן זענען א סך, שווער, ממילא איז לייכט פאר א ווינט אים אויסצורייסן. אזוי איז אויך מיט א מענטש וואס האָט א סך חכמה, און ווייניק גוטע מעשים.** אבל, אָבער דער (מענטש) וואס זיינע (גוטע) מעשים זענען מער פון זיין חכמה, צו וואס איז ער געגליכן? צו א בוים וואס זיינע צווייגן זענען ווייניק און זיינע וואָרצלן זענען א סך, אזוי אז אפילו אלע ווינטן פון דער וועלט קומען און בלאָזן אויף אים, רירן זיי אים ניט פון זיין אָרט, ווארום ס׳ווערט געזאָגט (אין ירמיה י״ז) „און ער וועט זיין ווי א בוים וואס איז פארפלאנצט ביים וואסער און וואס שפרייט אויס זיינע וואָרצלן ביים שטראָם, און ער זעט ניט (עס אָרט אים ניט) ווען עס קומט אָן א היץ, און זיין בלאַט בלייבט פריש, און אין א טרוקן יאָר זאָרגט ער זיך ניט, און ער הערט ניט אויף ארויסצוגעבן פרוכט״. **דער מענטש מיט א סך גוטע מעשים האָט די זיכערקייט, אז אויף אים וועלן שלעכטע השפעות ניט האָבן קיין ווירקונג. די משנה פארגלייכט דאָ איןביידע משלים דעם מענטש צו א בוים.**

יט. ר׳ אליעזר בן חסמא זאָגט, (די הלכות וועגן) קנין (די פּאָר טויבן־קרבנות) און (וועגן) דער עפנונג (רייניגונג) פון א נידה (א פרוי נאָך איר מאָנאטליכער בלוטיגונג) זענען די חשובע (גופי) הלכות; (דאָס בארעכנען) די תקופות (די צייטן פון יאָר) און רעכנען (גימטריאות) זענען די צו־שפייזן צו חכמה. **די דינים וועגן די פּאָר טויבן קרבנות (פון „קן״, א נעסט, א פּאָר טויבן) וועלכע ווערן געלערנט אין מסכתא „קנים״, און די דינים וועגן נידה וועלכע ווערן געלערנט אין דער מסכתא „נידה״, זענען זייער שווערע. „תקופות״ הייסן די 4 צייטן אין יאָר. און מ׳מיינט דערמיט בכלל דעם רעכנונג פון לוח. „גימטריאות״ איז דאָס גריכישע וואָרט „געאמעטריע״ (אזוי טייטשט דער „תוספות יום טוב״), דאָס איז די וויסנשאפט ווי אויסצורעכנען שטחים. זאָגט די משנה אז זיי זענען די צו־שפייזן צו חכמה, וועגן וואָרט „פרפראות״ זע אין פירוש צו ברכות פרק ו׳ משנה ה׳.**

## פרק ד.

א. בן זומא זאָגט, ווער איז א חכם דער וואס לערנט פון יעדן מענטש, ווארום עס ווערט געזאָגט (תהלים קי״ט) „מכל מלמדי השכלתי, פון אלע מיינע לערערס האָב איך געלערנט שכל״. **בן זומא איז געווען א תנא אין דער ישיבה אין יבנה אין דער צייט פון ר׳ עקיבא; זיין נאָמען איז געווען שמעון, און ער האָט ניט געהאַט באקומען דעם טיטל „רבי״ ווייל ער איז געשטאָרבן יינגערהייט. ער לערנט דאָ וועגן דעם אמתן מהות פון די 4 זאכן, וואָס א מענטש וויל דערגרייכן: חכמה, גבורה, עשירות און כבוד, און ער זאָגט, אז דער ריכטיקער חכם איז דער מענטש וועלכער שעמט זיך ניט**

מִלְּמְדֵי הִשְׂכַּלְתִּי (כִּי עֵדְוֹתֶיךָ שִׂיחָה לִי): אֵיזֶהוּ גִבּוֹר? הַכּוֹבֵשׁ אֶת יִצְרוֹ, שֶׁנֶּאֱמַר, טוֹב אֶרֶךְ אַפַּיִם מִגִּבּוֹר, וּמוֹשֵׁל בְּרוּחוֹ מִלֹּכֵד עִיר: אֵיזֶהוּ עָשִׁיר? הַשָּׂמֵחַ בְּחֶלְקוֹ, שֶׁנֶּאֱמַר, יְגִיעַ כַּפֶּיךָ כִּי תֹאכֵל, אַשְׁרֶיךָ וְטוֹב לָךְ. אַשְׁרֶיךָ בָּעוֹלָם הַזֶּה, וְטוֹב לָךְ לָעוֹלָם הַבָּא. אֵיזֶהוּ מְכֻבָּד? הַמְכַבֵּד אֶת הַבְּרִיּוֹת, שֶׁנֶּאֱמַר, כִּי מְכַבְּדַי אֲכַבֵּד, וּבֹזַי יֵקָלּוּ: **ב** בֶּן עַזַּאי אוֹמֵר, הֱוֵה רָץ לְמִצְוָה קַלָּה כְּבַחֲמוּרָה, וּבוֹרֵחַ מִן הָעֲבֵרָה, שֶׁמִּצְוָה גוֹרֶרֶת מִצְוָה, וַעֲבֵרָה גוֹרֶרֶת עֲבֵרָה, שֶׁשְּׂכַר מִצְוָה מִצְוָה, וּשְׂכַר עֲבֵרָה עֲבֵרָה: **ג** הוּא הָיָה אוֹמֵר, אַל תְּהִי בָז לְכָל אָדָם, וְאַל תְּהִי מַפְלִיג לְכָל דָּבָר, שֶׁאֵין לְךָ אָדָם

**און לערנט דעם אמת פון יעדן איינעם, אפילו פון מענטשן וועלכע זענען קלענער פון אים.** איזהו גבור, ווער איז א גבור? ווער עס באזיגט זיין (שלעכטן) יצר (ווילן, תאווה), ווארום עס ווערט געזאָגט (משלי ט״ז) „טוב ארך אפים מגבור ומושל ברוחו מלוכד עיר, עס איז בעסער איינער וואָס האלט איין זיין צאָרן, פון דעם וואָס נעמט איין א שטאָט״. **דאָס גובר זיין די אייגענע תאוות, דעם אייגענעם שטארקן ווילן צו טאָן שלעכטס, דעם יצר הרע, איז די גרעסטע גבורה.** איזהו עשיר, ווער איז אן עושר? דער וואָס פרייט זיך (איז צופרידן) מיט דעם וואָס ער האָט (השמח בחלקו), ווארום עס ווערט געזאָגט (תהלים קכ״ח) „יגיע כפיך כי תאכל אשריך וטוב לך, די מיה פון דיינע הענט ווען דו וועסט עסן, וואויל איז צו דיר און גוט איז צו דיר״; וואויל איז צו דיר אויף דער וועלט (אין עולם הזה) און גוט איז צו דיר אויף יענער וועלט (אין עולם הבא). **ווארים א מענטש וועלכער איז ניט צופרידן דערמיט וואָס ער האָט און זוכט כסדר אלץ מער פארמעגנס, קאָן ניט פאררעכנט ווערן פאר א עושר, ווייל אים פעלט דאָך כסדר.** איזהו מכובד, ווער האָט כבוד? דער וואָס טוט אָן כבוד צו (אנדערע) מענטשן, ווארום עס ווערט געזאָגט (שמואל א׳, ב׳) „כי מכבדי אכבד ובוזי יקלו, די וואָס טאָן מיר אָן כבוד וועל איך אויך מכבד זיין, און די וואָס זענען מיך מבזה וועלן פאראכטעט ווערן״. **מען האָט אפשיי און דרך ארץ פאר א מענטש, זוען מען זעט אז ער האלט זיך ניט גרויס און אז ער אליין האָט דרך ארץ און טוט אָן כבוד אנדערע מענטשן.**

ב. בן עזאי זאָגט, זאָלסט לויפן צו (זאָלסט זיך איילן צו טאָן) א לייכטער מצוה ווי צו א שווערער (גרויסער) מצוה, און דו זאָלסט אנטלויפן פון א עבירה, ווארום א מצוה שלעפט מיט זיך מיט (פירט צום טאָן) א (אנדערע) מצוה, און א עבירה שלעפט מיט זיך מיט (פירט צום טאָן) א (אנדערע) עבירה, ווארום דער שכר פון (טאָן) א מצוה איז א מצוה, און דער שכר (די שטראָף) פון א עבירה איז א עבירה. **אויך בן עזאי האָט געהייסן שמעון און ער איז געווען א חבר פון בן זומא אין דער ישיבה אין יבנה. ער לערנט דאָ עטליכע זאכן. ערשטנס, אז מען דארף מיט זריזות טאָן א קליינע, לייכטע מצוה, אזוי ווי מען טוט א גרויסע מצוה. צווייטנס אז מען דארף אנט־לויפן, אָפּהיטן זיך, אז מ׳זאָל ניט קומען צו טאָן א עבירה. דריטנס אז ווען א מענטש טוט איין מצוה באשערט מען אים פון הימל אז ער זאָל טאָן נאָך א מצוה, און אז איינער טוט א עבירה ווירקט דאָס אויף אים אז ער זאָל ווייטער זינדיקן און טאָן אנדערע עבירות. פערטנס, אז דאָס אליין איז אויך א טייל פון דער באצאָלונג, דהיינו, אז פאר דער ערשטער מצוה וואָס דער מענטש טוט באצאָלט מען אים ניט נור דעם שכר פאר דער מצוה אליין נאָר אויך דערמיט וואָס מען באשערט אים צו טאָן נאָך א מצוה; און פארקערט איז ביי א עבירה, ניט נאָר באשטראָפט מען אים פאר דער דאָזיקער עבירה, נאָר ער זינדיקט דאָך ווייטער און ער וועט ווערן באשטראָפט אויך פאר דער אנדערער עבירה.**

ג. הוא, ער (בן עזאי) פלעגט זאָגן: זאָלסט ניט גרינגשעצן (מבזה זיין) קיין

שֶׁאֵין לוֹ שָׁעָה, וְאֵין לְךָ דָבָר שֶׁאֵין לוֹ מָקוֹם: ד רַבִּי לְוִיטַס אִישׁ יַבְנֶה אוֹמֵר, מְאֹד מְאֹד הֱוֵה שְׁפַל רוּחַ, שֶׁתִּקְוַת אֱנוֹשׁ רִמָּה. רַבִּי יוֹחָנָן בֶּן בְּרוֹקָה אוֹמֵר, כָּל הַמְחַלֵּל שֵׁם שָׁמַיִם בַּסֵּתֶר, נִפְרָעִים מִמֶּנּוּ בְּגָלוּי, אֶחָד בְּשׁוֹגֵג וְאֶחָד בְּמֵזִיד בְּחִלּוּל הַשֵּׁם: ה רַבִּי יִשְׁמָעֵאל בְּנוֹ אוֹמֵר, הַלּוֹמֵד עַל מְנָת לְלַמֵּד, מַסְפִּיקִים בְּיָדוֹ לִלְמוֹד וּלְלַמֵּד, וְהַלּוֹמֵד עַל מְנָת לַעֲשׂוֹת, מַסְפִּיקִים בְּיָדוֹ לִלְמוֹד וּלְלַמֵּד לִשְׁמוֹר וְלַעֲשׂוֹת. רַבִּי צָדוֹק

מענטש, און דו זאָלסט ניט אוועקמאַכן (מפליג) קיין זאַך, ווארום עס איז ניטאָ (א מענטש וואָס האָט ניט זיין צייט (ווען ער האָט כח און ער קאָן עפּיס טאָן, גוטס צי שלעכטס), און עס איז ניטאָ א זאַך, וואָס האָט ניט איר אָרט. „מפליג", דערווייטערן, **טראַכטן אז די זאַך איז ווייט און קאָן ניט פאַרקומען. בן עזאי לערנט, אז מען טאָר ניט מזלזל זיין אין כבוד פון קיין מענטש, און מען דאַרף זיין פאָרזיכטיק מיט יעדער זאַך.**

ד. ר׳ לויטס דער מאַן פון יבנה זאָגט: זאָלסט זיין זייער און זייער מיט א עניוות־דיקן געמיט (שפל רוח, קליין ביי זיך) ווארום די האָפנונג (דער סוף) פון א מענטש איז ווערם. **אזוי טייטשן טייל מפרשים די ווערטער „שתקות אנוש רימה", אז דאָס מיינט, אז מיט אלע זיינע האָפנונגען וועגן די הבלי עולם הזה איז דער סוף אז ער גייט אין קבר און עס עסן אים די ווערם. דער „תוספות יום טוב" איז ניט צופרידן מיט דעם דאָזיקן פירוש, און ער מיינט אז „תקות" מיינט דאָ ניט „האָפנונג" נאָר דער פאָדעם (פון „תקוה", א פאָדעם), דער לעבנס־פאָדעם פון מענטש ציט זיך ביז צו די ווערעם אין קבר. דער רמבם זאָגט, אז דאריבער זאָגט ר׳ לויטס „מאוד מאוד", „זייער און זייער", ווייל כאָטש ביי אלע אנדערע מדות דאַרף מען גיין אין מיטל־וועג (זע פריער פרק ב׳ משנה א׳), אָבער פון דער שלעכטער מידה פון גאוה זאָל מען זיך דערווייטערן ביז צו דער גרעסטער עניוות, האַלטן זיך גאָר קליין, ווייל די מידה פון גאוה ציט צו דעם מענטש און מען דאַרף זיך דערפון גאָר שטאַרק דערווייטערן.**

ר׳ יוחנן בן ברוקא זאָגט, ווער עס פאַרשוועכט גאָטס נאָמען (שם שמים, דעם נאָמען פון הימל, פון גאָט) אין געהיים, באַשטראָפט מען אים אָפנערהייט (ווען אלע זען), און ביים פאַרשוועכן גאָטס נאָמען (ביים טאָן א זאַך וואָס איז א חילול השם) איז אלץ איינס צי מען איז א שוגג (מען טוט עס אומגערן) צי מען איז א מזיד (מען טוט עס בייזוויליק). **די מפרשים פרעגן דאָ די האַרבע קשיא, היתכן, פאַרוואָס זאָל עס אזוי זיין, אז דער שוגג, דער וואָס טוט אומגערן א זאַך וואָס איז א חילול השם, זאָל זיין גלייך צום מזיד, צו דעם וואָס טוט עס מיט שלעכטער כוונה? דער רמבם טייטשט, אז מען מיינט, אז דער שוגג קריגט א קלענערע שטראָף, און דער מזיד קריגט א גרעסערע שטראָף, אָבער ביידע זיינען גלייך דערמיט וואָס אויב זיי האָבן עס געטאָן אין געהיים ווערן זיי באַשטראָפט אָפן פאַר אלע.**

ה. ר׳ ישמעאל זיין זון (דער זון פון ר׳ יוחנן בן ברוקא) זאָגט, ווער עס לערנט (פאַר זיך תורה) כדי צו לערנען צו אנדערע, העלפט מען אים (מספיקים בידו, מען באַשערט אים פון הימל די מעגליכקייט) אז ער זאָל לערנען (פאַר זיך) און אז ער זאָל לערנען צו אנדערע; און ווער עס לערנט (תורה) כדי צו טאָן (מצוות), העלפט מען אים (פון הימל) צו לערנען (פאַר זיך) און צו לערנען צו אנדערע, אָפּצוהיטן און צו טאָן (מצוות). **דער „תפארת ישראל" ברענגט א פשט אויפן וואָרט „לשמור" „אָפּ־צוהיטן" אז מען מיינט דערמיט אז דאָס לערנען וועט ווערן ביי אים אָפּגעהיטן, אז ער וועט עס ניט פאַרגעסן. דער „תוספות יום טוב" טייטשט, זיין אָפּגעהיטן פון טאָן עבירות. אין טייל משניות איז דאָס וואָרט „לשמור" ניטאָ.** ר׳ צדוק זאָגט זאָלסט זיי (די ווערטער פון דער תורה) ניט מאַכן פאַר א קרוין זיך צו גרויסן דערמיט, און ניט פאַר א לאָפּאַטע (קרדום, א לאָפּאַטע א רידל) צו גראָבן דערמיט. **ר׳ צדוק לערנט דאָ**

אוֹמֵר, אַל תַּעֲשֵׂם עֲטָרָה לְהִתְגַּדֶּל בָּהֶם, וְלֹא קַרְדּוֹם לַחְפֹּר בָּהֶם, וְכָךְ הָיָה הִלֵּל אוֹמֵר, וּדְאִשְׁתַּמֵּשׁ בְּתָגָא חֲלָף, הָא לָמַדְתָּ, כָּל הַנֶּהֱנֶה מִדִּבְרֵי תוֹרָה, נוֹטֵל חַיָּיו מִן הָעוֹלָם: ו רַבִּי יוֹסֵי אוֹמֵר, כָּל הַמְכַבֵּד אֶת הַתּוֹרָה, גּוּפוֹ מְכֻבָּד עַל הַבְּרִיּוֹת, וְכָל הַמְחַלֵּל אֶת הַתּוֹרָה, גּוּפוֹ מְחֻלָּל עַל הַבְּרִיּוֹת: ז רַבִּי יִשְׁמָעֵאל בְּנוֹ אוֹמֵר, הַחוֹשֵׂךְ עַצְמוֹ מִן הַדִּין, פּוֹרֵק מִמֶּנּוּ אֵיבָה וְגָזֵל וּשְׁבוּעַת שָׁוְא, וְהַגַּס לִבּוֹ בְּהוֹרָאָה, שׁוֹטֶה רָשָׁע וְגַס רוּחַ: ח הוּא הָיָה אוֹמֵר, אַל תְּהִי דָן יְחִידִי, שֶׁאֵין דָּן יְחִידִי אֶלָּא אֶחָד, וְאַל תֹּאמַר קַבְּלוּ דַעְתִּי, שֶׁהֵם רַשָּׁאִים וְלֹא אָתָּה: ט רַבִּי יוֹנָתָן אוֹמֵר, כָּל

צוויי זאכן. ערשטנס אז מען טאָר זיך ניט גרויסהאלטן דערמיט וואָס מען לערנט תורה און צווייטנס אז דאָס לערנען און דאָס קענען תורה טאָר מען ניט אויסנוצן צו האָבן דערפון פרנסה, און דאָס מיינט ער מיט די ווערטער „קרדום לחפור בהם". מיט „קרדום" מיינט מען דאָ ניט א האק, נאָר א רידל, א לאָפּאַטע, מיט וועלכער מען גראָבט אין דער ערד, און אזוי איז אויך אין פאה פרק ד' משנה ד' („ואין עוקרין אותה בקרדומות", זע דאָרט אין פירוש). וכך, און (זאָגט ווייטער ר' צדוק) אזוי פלעגט הלל זאָגן: „און ווער עס באַנוצט זיך מיט דער קרוין (פון תורה) גייט אונטער", דער־פון לערנסטו (לערנען מיר אָפּ) אז ווער עס ציט א נוצן (נהנה) פון די ווערטער פון דער תורה ברענגט אום זיין לעבן פון דער וועלט. הלל'ס ווערטער „ודאשתמש בתגא חלף" געפינען מיר פריער פרק א' משנה י"ג. דער רמבם ברענגט דאָ א לענגערן מאמר צו ווייזן, אז די תנאים און אמוראים פון דער צייט פון משנה און גמרא האָבן ניט גענומען קיין געלט פאַר זייער לערנען, און הלל אליין האָט זיך מפרנס געווען פון א מלאכה, און דער רמבם האלט, אז אויך היינט טאָר קיין תלמיד חכם ניט נעמען קיין געלט צוליב זיין תורה.

ו. ר' יוסי זאָגט, ווער עס גיט אָפּ כבוד דער תורה קריגט ער אליין כבוד פון מענטשן, און ווער עס פאַרשוועכט די תורה, ווערט אליין פאַרשוועכט ביי מענטשן. דער ברטנורא טייטשט „מכבד את התורה" אז מען גיט אָפּ כבוד דער ספר תורה און מען איז מכבד די וועלכע זיצן און לערנען.

ז. ר' ישמעאל זיין (ר' יוסי'ס) זון זאָגט, ווער עס באַמיט זיך אויסצומיידן א דין תורה, באַפרייט זיך פון (פורק, ווארפט אראָפּ פון זיך) פיינטשאַפט און גזילה און פאַלש שווערן. פון ברטנורא איז צו זען, אז ער טייטשט דאָס אויף דעם רב, דעם דיין, אז ער זאָל זען אז די בעלי דינים זאָלן מאכן צווישן זיך א פשרה. והגס, און דער (דיין) וואָס האָט א חוצפהדיק הארץ צום ארויסגעבן שנעל א פסק דין (גס לבו, איז ביי זיך פול מיט העזה, פסקנט אומבאַטראַכטערהייט) איז א נאַר, א רשע און א בעל גאוה (גס רוח). מחמת ער רעדט זיך איין אז ער קאָן ניט האָבן קיין טעות.

ח. הוא, ער (ר' ישמעאל) פלעגט זאָגן: זאָלסט ניט פסקנען איינער אליין. ווייל קיינער קאָן ניט אליין פסקנען סיידן דער איינציקער (אחד, גאָט), און זאָג ניט (צו די דיינים וועלכע זיצן מיט דיר אין א דין תורה): „נעמט אָן מיין מיינונג", ווייל נאָר זיי מעגן און ניט דו. דער יחיד טאָר זיך ניט איינעקשענען, נאָר מוז זיך אונטערוואַרפן דער מיינונג פון דעם רוב חברים. דער ברטנורא ברענגט, אז אויב די בעלי דינים זענען אויף זיך מקבל צו האלטן די דין תורה פון איין דיין, מעג ער פסקענען די דין־תורה, ווייל לויט דעם דין מעג איין דיין א מומחה יאָ פסקענען דין תורה, און עס איז נור א מידת חסידות ניט צו פסקענען אליין, און דעריבער ווען ביידע בעלי דינים זענען מסכים מעג מען אפילו לויט מידת חסידות.

ט. ר' יונתן זאָגט, ווער עס איז מקיים די תורה (לערנט תורה) אין אָרימקייט

הַמְקַיֵּם אֶת הַתּוֹרָה מֵעֹנִי, סוֹפוֹ לְקַיְּמָהּ מֵעֹשֶׁר, וְכָל הַמְבַטֵּל אֶת הַתּוֹרָה מֵעֹשֶׁר, סוֹפוֹ לְבַטְּלָהּ מֵעֹנִי: **י** רַבִּי מֵאִיר אוֹמֵר, הֱוֵה מְמַעֵט בְּעֵסֶק, וַעֲסֹק בַּתּוֹרָה, וֶהֱוֵה שְׁפַל רוּחַ בִּפְנֵי כָל אָדָם, וְאִם בָּטַלְתָּ מִן הַתּוֹרָה, יֶשׁ לְךָ בְּטֵלִים הַרְבֵּה כְּנֶגְדְּךָ, וְאִם עָמַלְתָּ בַּתּוֹרָה, יֶשׁ לוֹ שָׂכָר הַרְבֵּה לִתֶּן לָךְ: **יא** רַבִּי אֱלִיעֶזֶר בֶּן יַעֲקֹב אוֹמֵר, הָעוֹשֶׂה מִצְוָה אַחַת, קוֹנֶה לוֹ פְּרַקְלִיט אֶחָד, וְהָעוֹבֵר עֲבֵרָה אַחַת, קוֹנֶה לוֹ קַטֵּגוֹר אֶחָד, תְּשׁוּבָה וּמַעֲשִׂים טוֹבִים כִּתְרִיס בִּפְנֵי הַפֻּרְעָנוּת: רַבִּי יוֹחָנָן הַסַּנְדְּלָר אוֹמֵר, כָּל כְּנֵסִיָּה שֶׁהִיא לְשֵׁם שָׁמַיִם סוֹפָהּ לְהִתְקַיֵּם, וְשֶׁאֵינָהּ לְשֵׁם שָׁמַיִם אֵין סוֹפָהּ לְהִתְקַיֵּם: **יב** רַבִּי אֶלְעָזָר בֶּן שַׁמּוּעַ אוֹמֵר, יְהִי כְבוֹד תַּלְמִידְךָ חָבִיב עָלֶיךָ

(ווען ער איז אָרעם) איז זיין סוף (דער שכר זיינער איז) אז ער וועט זי מקיים זיין (זיצן און לערנען) אין רייכקייט; און ווער עס פארלאָזט (לערנט ניט) די תורה אין רייכ־קייט, איז זיין סוף (זיין עונש) אז ער וועט זי פארלאָזן (ניט לערנען די תורה) אין אָרימקייט. **דער „תפארת ישראל" זאָגט, אז די קשיא, סטייטש מיר זען דאָך טיילמאָל ווי תלמידי חכמים זענען ארעם זייער גאנץ לעבן, און רשעים זענען רייך, איז איי־גענטליך די קשיא בכלל פון „צדיק ורע לו רשע וטוב לו", און אז עס זענען פאראן סיבות דערצו וועלכע זענען פארהוילן פון מענטש.**

י. ר' מאיר זאָגט, גיב זיך אָפּ ווינציקער מיט געשעפט (בעסק, מיט פרנסה־עסקים) און זיי עוסק אין תורה; און האלט זיך נידריק (שפל רוח) קייגן יעדן מענטש (זיי א עניו צו יעדן איינעם); און אויב דו פארלאָזט (דאָס לערנען) די תורה, וועסטו האָבן א סך זאכן וואָס וועלן דיך מבטל זיין (בטלים הרבה, צוליב וועלכע דו וועסט ניט קאָנען לערנען אפילו דו וועסט שוין וועלן); און אויב דו האָסט זיך געמיט אין דער תורה (עמלת בתורה, געלערנט זי מיט מי) האָט ער (גאָט) א סך שכר דיר צו געבן. **ר' מאיר זאָגט, אז אפילו ווען איינער מוז זיך פארנעמען צוליב פרנסה מיט א באשעפטיקונג, זאָל ער אָבער ניט אָפּגעבן דאַרויף א סך צייט, נאָר ער זאָל דער עיקר צייט אָפּגעבן צו תורה לערנען. און ער זאָגט אויך, אז אויב איינער, פארלאָזט דאָס לערנען, וועלן אים שוין אונטערקומען אזעלכע דאגות און קאָפּ־פארדרייעניש, וואָס וועלן אים צונעמען זיין צייט.**

יא. ר' אליעזר בן יעקב זאָגט, ווער עס טוט איין מצוה, קויפט ער זיך איין מליץ־יושר (פרקליט, א פארטיידיקער), און ווער עס איז עובר איין עבירה, קויפט ער זיך איין מקטרג (קטיגור, אָנקלאָגער); תשובה און מעשים טובים זענען ווי א פאנצער (כתרים) קייגן שטראָף. **„פרקליט" איז דאָס גריכישע וואָרט „פאראקלעטאס", דער פארטיידיקער, דער מליץ יושר, דער אדוואָקאט. „קטגור" איז דאָס גריכישע וואָרט „קאטעגאָראס", דער אָנקלאָגער. „תריס" איז דאָס גריכישע וואָרט „טוריס", א פאנצער, און דאָס וואָרט האָבן מיר אויך אין שבת פרק ו' משנה ד' (ולא בתריס). —**
ר' יוחנן הסנדלר זאָגט, יעדע פארזאמלונג וואָס איז לשם שמים (פאר גאָטס וועגן) וועט איר סוף זיין אז זי וועט האָבן א קיום, און (די) וועלכע איז ניט לשם שמים (ניט פאר גאָטס וועגן) וועט איר סוף זיין אז זי וועט ניט האָבן קיין קיום. **ר' יוחנן הסנדלר איז געווען א תלמיד פון ר' עקיבא (ירושלמי חגיגה פרק ג' משנה א'), און וועגן נאָמען „הסנדלר" ברענגט דער ספר „יוחסין" צוויי פירושים. איינער איז, אז ער איז גע־ווען א שוסטער, א סאנדאלן־מאכער, און דער צווייטער איז, אז ער איז געווען א בויערער פון טייערע שטיינער („סנדכין" אין סנהדרין נ"ט). פון ירושלמי דאָרט אין חגיגה פרק ג' איז צו זען אז ר' יוחנן איז געווען פון אלכסנדריא של מצרים, און עס איז מעגליך אז דאריבער האָט ער געהייסן „הסנדלר" (פון אלכסנדריא).**

יב. ר' אלעזר בן שמוע זאָגט, זאָל דער כבוד פון דיין תלמיד זיין ביי דיר ליב

כְּשֶׁלָּךְ, וּכְבוֹד חֲבֵרְךָ כְּמוֹרָא רַבָּךְ, וּמוֹרָא רַבָּךְ כְּמוֹרָא שָׁמָיִם: **יג** רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, הֱוֵה זָהִיר בְּתַלְמוּד, שֶׁשִּׁגְגַת תַּלְמוּד עוֹלָה זָדוֹן. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, שְׁלֹשָׁה כְתָרִים הֵן, כֶּתֶר תּוֹרָה, וְכֶתֶר כְּהֻנָּה, וְכֶתֶר מַלְכוּת, וְכֶתֶר שֵׁם טוֹב עוֹלֶה עַל גַּבֵּיהֶן:

**יד** רַבִּי נְהוֹרַאי אוֹמֵר, הֱוֵה גוֹלֶה לִמְקוֹם תּוֹרָה, וְאַל תֹּאמַר שֶׁהִיא תָבֹא אַחֲרֶיךָ, שֶׁחֲבֵרֶיךָ יְקַיְּמוּהָ בְיָדֶךָ, וְאֶל בִּינָתְךָ אַל תִּשָּׁעֵן: **טו** רַבִּי יַנַּאי אוֹמֵר, אֵין בְּיָדֵינוּ, לֹא מִשַּׁלְוַת הָרְשָׁעִים, וְאַף לֹא מִיִּסּוּרֵי הַצַּדִּיקִים. רַבִּי מַתְיָה בֶּן חָרָשׁ אוֹמֵר, הֱוֵה מַקְדִּים בִּשְׁלוֹם כָּל

(חביב, ליב, טייער) ווי דיין אייגענער (כבוד), און דער כבוד פון אן אנדערן (חברך, פון יעדן אנדערן מענטש) זיין (ביי דיר אזוי טייער) ווי די מורא פאר דיין רבי, און די מורא פאר דיין רבי (זאָל זיין ביי דיר אזוי טייער) ווי די מורא פאר גאָט. **אזוי טייטשט דער „תוספות יום טוב" אז דאָס וואָרט „חביב" (ליב, טייער) אין אָנהייב פון דער משנה גייט ארויף אויך אויף דעם כבוד פון יעדן אנדערן מענטש און אויף די מורא פאר דעם רבי.**

יג. ר' יהודה זאָגט, זיי פאָרזיכטיק ביים לערנען, ווארום דער (טעות וואָס מען מאכט אפילו) אומגערן (בשוגג) ביים לערנען ווערט פאררעכנט ווי מען טוט עס בייזוויליק (כזדון). **דער „תוספות יום טוב" טייטשט „בתלמוד" אז מען מיינט ניט אין לערנען נור „מיטן תלמיד", אז ווען איינער לערנט מיט א תלמיד זאָל ער אכ־טונג געבן אז ער זאָל גוט פארשטיין און ניט מאכן קיין טעותים.** ר' שמעון זאָגט, דריי קרוינען זענען פאראַן: די קרוין פון תורה, די קרוין פון כהונה און די קרוין פון מלוכה; אָבער די קרוין פון א גוטן נאָמען (שם טוב) שטייט העכער איבער זיי אלע. **דער תפארת ישראל טייטשט אז דאָס מיינט מען דריי הויכע אמטן ביי יידן. „כתר תורה" מיינט ווען איינער קאָן לערנען און ער איז א גרויסער דיין. „כתר כהונה" מיינט ווען איינער ווערט א כהן גדול. כתר מלוכה מיינט ווען איינער איז געוואָרן א מלך ביי יידן; און ר' שמעון זאָגט, אז די אלע קרוינען האָבן א ווערט נור ווען עס איז פאראַן מיט זיי די קרוין פון א גוטן נאָמען, פון גוטע מעשים.**

יד. ר' נהוראי זאָגט, זאָלסט אוועקוואנדערן (גולה) אין אן אָרט פון תורה (אויב ביי דיר אין שטאָט זיינען ניט פאראַן קיין תלמידי חכמים), און דו זאָלסט ניט זאָגן, אז זי (די תורה) וועט קומען צו דיר; ווארום (נור) דיינע חברים (די תלמידי חכמים וואָס דו וועסט קריגן פאר חברים) וועלן מאכן אז זי (די תורה) זאָל האָבן א קיום ביי דיר, און דו זאָלסט זיך ניט פארלאָזן אויף דיין אייגענעם שכל. **אזוי טייטשט דער ברטנורא, און ער זאָגט אויך (אין איין טייטש) אז דורך שמועסן אין לערנען און מפלפל זיין זיך מיט חברים האָט דאָס לערנען א קיום. טייל מפרשים מיינען, אז ר' נהוראי האָט מיט „הוה גולה למקום תורה" געמיינט דווקא „אוועקוואנדערן", אז אפילו א בחור האָט אין דער אייגענער שטאָט א ישיבה מיט א רבי און מיט חברים תלמידי חכמים זאָל ער אוועקוואנדערן אין א ישיבה אין אן אנדערער שטאָט צו לער־נען, ווייל ווען מ'איז ניט אין דער אייגענער שטאָט קאָן מען בעסער אָפּגעבן די צייט און דעם קאָפּ צו לערנען, מחמת אין דער אייגענער שטאָט, אין הויז פון די עלטערן, איז מען א מפונק, געצערטעלט און מען גיט זיך אָפּ מיט אנדערע זאכן (אזוי זאָגט אויך דער „תפארת ישראל" אין זיין „בועז").**

טו. ר' ינאי זאָגט, מיר האָבן ניט סיי ניט פון דער רוהיגקייט פון די רשעים (שלות הרשעים), און סיי ניט פון די יסורים פון די צדיקים. **די מפרשים זאָגן, אז ר' ינאי שטעלט דאָ אוועק די שווערע קשיא פון „צדיק ורע לו רשע וטוב לו", פארוואָס מיר זען גאנץ אָפט, אז רשעים האָבן שלוה, רוהיגקייט, אָן דאגות, און צדיקים ליידן יסורים, און ער זאָגט אז „אין בידינו", מיר האָבן ניט דעם תירוץ דערצו, מיר פאר־שטייען עס ניט.** — ר' מתיא בן חרש זאָגט, באגריס דו פריער יעדן מענטש. **„הוה**

אָדָם, וֶהֱוֵה זָנָב לָאֲרָיוֹת וְאַל תְּהִי רֹאשׁ לַשְּׁעָלִים: טז רַבִּי יַעֲקֹב אוֹמֵר, הָעוֹלָם הַזֶּה דּוֹמֶה לִפְרוֹזְדוֹר בִּפְנֵי הָעוֹלָם הַבָּא, הַתְקֵן עַצְמְךָ בִּפְרוֹזְדוֹר כְּדֵי שֶׁתִּכָּנֵס לִטְרַקְלִין: יז הוּא הָיָה אוֹמֵר, יָפָה שָׁעָה אַחַת בִּתְשׁוּבָה וּמַעֲשִׂים טוֹבִים בָּעוֹלָם הַזֶּה, מִכָּל חַיֵּי הָעוֹלָם הַבָּא, וְיָפָה שָׁעָה אַחַת שֶׁל קֹרַת רוּחַ בָּעוֹלָם הַבָּא, מִכָּל חַיֵּי הָעוֹלָם הַזֶּה: יח רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן אֶלְעָזָר אוֹמֵר, אַל תְּרַצֶּה אֶת חֲבֵרְךָ בִּשְׁעַת כַּעְסוֹ, וְאַל תְּנַחֲמֶנּוּ בְּשָׁעָה שֶׁמֵּתוֹ מֻטָּל לְפָנָיו, וְאַל תִּשְׁאַל לוֹ בִּשְׁעַת נִדְרוֹ, וְאַל תִּשְׁתַּדֵּל לִרְאוֹתוֹ בִּשְׁעַת קַלְקָלָתוֹ: יט שְׁמוּאֵל הַקָּטָן אוֹמֵר, בִּנְפֹל אוֹיִבְךָ אַל תִּשְׂמָח,

מקדים״, דאָס הייסט, מען זאָל ניט וואַרטן ביז יענער וועט פריער באַגריסן, **זאָגן „שלום״**, און דערנאָך זאָל מען אים אָפּענטפערן „שלום״, **נאָר מען זאָל זען יענעם פריער צו באַגריסן.** דער ברטנורא גיט צו, „אפילו צו א גוי אין גאס״. והוי, און זיי א עק (זנב) ביי לייבן, און דו זאָלסט ניט זיין א קאָפּ ביי פוקסן. **מען מיינט דערמיט, אז א מענטש זאָל בעסער זיך געפינען צווישן אזעלכע וואָס זיינען גרעסער אין תורה פון אים און ער זאָל קאָנען פון זיי לערנען, איידער ער זאָל זיך געפינען צווישן קלע־נערע פון זיך.**

טז. ר׳ יעקב זאָגט, די דאָזיקע וועלט (העולם הזה) איז געגליכן צו א פּאָדער־צימער (פרוזדור) צו יענער וועלט (צו עולם הבא); גרייט זיך צו אין פּאָדער־צימער, כדי דו זאָלסט קאָנען אריינקומען אין פּאַלאַץ (טרקלין). „פרוזדור״ **איז דאָס גריכישע וואָרט „פּראָסטוראַן״, אָדער „פּראָטוראָן״, די פאָר־האַליע, דער פאָר־צימער, וואו דער מענטש מאַכט זיך צורעכט איידער ער קומט אריין אין הויז, אין פּאַלאַץ. „טרקלין״ איז דאָס גריכישע וואָרט „טריקלינאָס״, דער גרויסער שפּייז־צימער, דער „פּאַלאַץ״** (זע עירובין פרק ו׳ משנה ו׳ אין פירוש). **דאָ זאָגט די משנה, אז דער מענטש דאַרף אויף דער וועלט זיך אָנגרייטן מיט מצוות און מעשים טובים כדי ער זאָל קאָנען אריינקומען אויף יענער וועלט.**

יז. הוא, ער (ר׳ יעקב) פלעגט זאָגן: עס איז בעסער איין שעה פון (טאָן) תשובה און גוטע מעשים אויף דער וועלט (ווען דער מענטש לעבט דאָ אויף דער וועלט) איידער דאָס גאַנצע לעבן אויף יענער וועלט; און עס איז בעסער איין שעה פון תענוג (קורת רוח, צופרידנקייט, תענוג פון גייסט, פון דער נשמה) אויף יענער וועלט איי־דער דאָס גאַנצע לעבן אויף דער וועלט. **די מפרשים טייטשן, ווייל אויף דער וועלט קאָן דער מענטש מיט תשובה און מעשים טובים זיך מתקן זיין, און אויף יענער וועלט קאָן ער עס שוין ניט טאָן; אָבער די גייסטיקע תענוגים פון יענער וועלט זענען א סך העכער פון אלע תענוגים אין עולם הזה.**

יח. ר׳ שמעון בן אלעזר זאָגט, דו זאָלסט זיך ניט (באַמיען) איבערצובעטן דיין פריינט (חברך, אן אנדערן מענטש) ווען ער איז אין כעס. **מחמת ווען ער איז אויפגערעגט, אין כעס, וועט ער זיך ניט צוהערן צו דיינע ווערטער און ער וועט ווערן נאָכמער אין כעס.** ואל תנחמנו, און דו זאָלסט אים ניט טרייסטן ווען זיין מת (דער טויטער גוף פון זיין נאָענטן קרוב) ליגט נאָך פאַר אים. **ווייל דאמאָלס וועט דאָס אים פאַרשאַפן נאָכמער צער.** ואל תשאל, און דו זאָלסט זיך ניט (באַמיען) אים מתיר נדר צו זיין אין דער צייט ווען ער טוט דעם נדר. **ווייל אויף יעדעס וואָרט וואָס מען וועט אים זאָגן, אז אויב ער וואָלט געוואוסט אזוי און אזוי וואָלט ער ניט געטאָן דעם נדר, — וועט ער כסדר ענטפערן, אז ער וואָלט יאָ געטאָן דעם נדר.** ואל תשתדל, און דו זאָלסט ניט וועלן (אל תשתדל, ניט באַמיען זיך) אים זען ווען ער איז פאַרשעמט. **„בשעת קלקלתו״**, ווען עס איז מיט אים פאָרגעקומען ניט קיין שיינע זאַך **און ער שעמט זיך דערמיט.**

יט. שמואל הקטן זאָגט, „ווען דיין שונא פאַלט זאָלסטו זיך ניט פרייען, און ווען

וּבִכָּשְׁלוֹ אַל יָגֵל לִבֶּךָ. פֶּן יִרְאֶה יְיָ וְרַע בְּעֵינָיו, וְהֵשִׁיב מֵעָלָיו אַפּוֹ: כ אֱלִישָׁע בֶּן אֲבוּיָה אוֹמֵר, הַלּוֹמֵד יֶלֶד לְמָה הוּא דוֹמֶה? לִדְיוֹ כְּתוּבָה עַל נְיָר חָדָשׁ, וְהַלּוֹמֵד זָקֵן לְמָה הוּא דוֹמֶה? לִדְיוֹ כְּתוּבָה עַל נְיָר מָחוּק. רַבִּי יוֹסֵי בַּר יְהוּדָה אִישׁ כְּפַר הַבַּבְלִי אוֹמֵר, הַלּוֹמֵד מִן הַקְּטַנִּים לְמָה הוּא דוֹמֶה? לְאוֹכֵל עֲנָבִים קֵהוֹת, וְשׁוֹתֶה יַיִן מִגִּתּוֹ, וְהַלּוֹמֵד מִן הַזְּקֵנִים, לְמָה הוּא דוֹמֶה? לְאוֹכֵל עֲנָבִים בְּשׁוּלוֹת, וְשׁוֹתֶה יַיִן יָשָׁן. רַבִּי אוֹמֵר, אַל תִּסְתַּכֵּל בְּקַנְקַן, אֶלָּא בְמַה שֶּׁיֶּשׁ בּוֹ, יֵשׁ קַנְקַן חָדָשׁ מָלֵא יָשָׁן, וְיָשָׁן שֶׁאֲפִלּוּ חָדָשׁ אֵין בּוֹ: כא רַבִּי אֶלְעָזָר הַקַּפָּר אוֹמֵר, הַקִּנְאָה, וְהַתַּאֲוָה,

ער ווערט געשטרויכלט זאָל דיין הארץ ניט האָבן שמחה דערפון, ווייל טאָמער וועט עס גאָט זען און דאָס וועט זיין שלעכט אין זיינע אויגן, און ער וועט אָפּקערן פון אים זיין צאָרן". **די ווערטער פון שמואל הקטן פון „בנפול אויבך" ביז צום סוף „והשיב מעליו אפו" זענען א פסוק אין משלי כ"ד, און שמואל הקטן פלעגט עס כסדר זאָגן. וועגן שמואל הקטן ווערט געזאָגט אז ער איז געווען א תלמיד פון הלל; עס ווערט אויך געבראַכט א תנא שמואל הקטן וועלכער האָט געלעבט א סך שפּעטער נאָך הלל, אין יבנה, אין דער צייט פון רבן גמליאל דעם צווייטן.**

כ. אלישע בן אבויה זאָגט, ווען איינער לערנט יינגערהייט (ילד, אין די יינגע יאָרן) צו וואָס איז ער געגליכן? צו טינט וואָס איז געשריבן אויף ניי פּאַפּיר; און ווען איינער לערנט אלטערהייט (זקן, אין די עלטערע יאָרן, און ער האָט אין די יינגע יאָרן ניט געלערנט) צו וואָס איז ער געגליכן? צו טינט וואָס איז געשריבן אויף אָפּגעמעקט פּאַפּיר. **דאָס לערנען יינגערהייט איז קלאָרער און עס האלט זיך בעסער און דאָס לערנען אין די עלטערע יאָרן איז שוין ניט אזוי קלאָר און מען פארגעסט עס געשווינדער. אלישע בן אבויה איז געווען א חבר פון ר' עקיבא און א רבי פון ר' מאיר. אין די שפּעטערע יאָרן איז ער אוועק פון פרומען יידישן וועג, און מען האָט אים גערופן אחר („אן אנדערער").** — ר' יוסי בן יהודה דער מאן פון כפר הבבלי זאָגט, ווער עס לערנט פון קליינע (פון יינגע) צו וואָס איז ער געגליכן? צו איינעם וואָס עסט זויערע (ניט־צייטיקע) וויינטרויבן (קהות) און ער טרינקט (פרישן) וויין פון ווינקעלטער ארויס. **ביי די יינגע רביים איז דאָס לערנען נאָכניט גוט פארפעס־טיקט, ניט געענוג באגרינדעט, ווייל דער שכל איז נאָכניט קיין געזעצטער ביי זיי.** והלומד מן הזקנים, און ווער עס לערנט פון עלטערע (מן הזקנים, פון אלטע תלמידי חכמים) צו וואָס איז ער געגליכן? צו איינעם וואָס עסט צייטיקע וויינטרויבן (בשולות) און ער טרינקט אלטן וויין. **די מפרשים זאָגן אז די משנה פארגלייכט תורה צו ביידע זאכן, אי צו ווינטרויבן אי צו וויין, ווייל מיט „וויינטרויבן" מיינט מען דעם פשוטן פשט פון דער תורה, און מיט „וויין" מיינט מען דאָס „אינערליכע", די „פנימיות", די סודות פון דער תורה.** רבי (ר' יהודה הנשיא דער מסדר פון דער משנה) זאָגט, זאָלסט ניט קוקן אויף דעם קרוג נאָר אויף דעם וואָס איז פאראן אין אים (אויף דעם וויין אין קרוג), עס איז פאראן א נייער קרוג וואָס איז פול מיט אלטן (וויין), און (עס איז פאראן) אן אלטער (קרוג) וואָס אפילו קיין נייער (וויין) איז אויך אין אים ניטאָ. **רבי האלט, אז טיילמאָל איז בעסער צו לערנען פון א יינגן תלמיד חכם איידער פון א עלטערן מאן וועגן וועלכן עס קאָן זיך דאכטן אז ער קען לערנען אָבער באמת קען ער ניט. אין טייל גירסאות איז אנשטאט „רבי" דאָ פאראן „ר' מאיר".**

כא. ר' אליעזר הקפר זאָגט, די קנאה, די תאוה און דער כבוד ברענגען אים דעם מענטש פון דער וועלט. **דאָס מקנא זיין אנדערע מענטשן, עסט אויף דעם מענטש. דאָס וועלן דערפילן אלע תאוות ברענגט אים אום. דאָס נאָכיאָגן זיך נאָך כבוד, דאָס**

וְהַכָּבוֹד, מוֹצִיאִים אֶת הָאָדָם מִן הָעוֹלָם: **כב** הוּא הָיָה אוֹמֵר, הַיִּלּוֹדִים לָמוּת, וְהַמֵּתִים לְהֵחָיוֹת, וְהַחַיִּים לִדּוֹן, לֵידַע וּלְהוֹדִיעַ וּלְהִוָּדַע, שֶׁהוּא אֵל, הוּא הַיּוֹצֵר, הוּא הַבּוֹרֵא, הוּא הַמֵּבִין, הוּא הַדַּיָּן, הוּא הָעֵד, הוּא בַּעַל דִּין, הוּא עָתִיד לָדוּן, בָּרוּךְ הוּא, שֶׁאֵין לְפָנָיו לֹא עַוְלָה, וְלֹא שִׁכְחָה, וְלֹא מַשּׂוֹא פָנִים, וְלֹא מִקַּח שֹׁחַד, שֶׁהַכֹּל שֶׁלּוֹ, וְדַע שֶׁהַכֹּל לְפִי הַחֶשְׁבּוֹן, וְאַל יַבְטִיחֲךָ יִצְרְךָ, שֶׁהַשְּׁאוֹל בֵּית מָנוֹס לָךְ, שֶׁעַל כָּרְחֲךָ אַתָּה נוֹצָר, וְעַל כָּרְחֲךָ אַתָּה נוֹלָד, וְעַל כָּרְחֲךָ אַתָּה חַי, וְעַל כָּרְחֲךָ אַתָּה מֵת, וְעַל כָּרְחֲךָ אַתָּה עָתִיד לִתֵּן דִּין וְחֶשְׁבּוֹן לִפְנֵי מֶלֶךְ מַלְכֵי הַמְּלָכִים הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא:

**האלטן זיך גרויס, דערפירט דעם מענטש צום אונטערגאנג.**

כב. הוא, ער (ר' אליעזר הקפר) פלעגט זאָגן: די געבוירענע (די מענטשן וועלכע זענען שוין געבוירן געוואָרן) זענען אָנגעגרייט צום שטארבן (וועלן שטארבן), און די געשטאָרבענע (די מתים) זענען (אָנגעגרייט) צו ווערן צוריק לעבעדיק (אויפצושטיין תחיית המתים), און די לעבעדיקע (והחיים) וועלן ווערן געשמשפט. **דער ברטנורא איז גורס „וחיים" און אז עס גייט ארויף אויף די מתים וואס וועלן ווערן צוריק לעבעדיק, און דער טייטש איז „זיי וועלן לעבן כדי צו ווערן געמשפט ביים יום הדין פון דער וועלט".** לידע, כדי מען זאָל וויסן און מען זאָל מאכן וויסן (דער וואס ווייסט זאָל עס איבערגעבן צו אנדערע מענטשן) און מען זאָל פארשטיין (להוודע), אז ער איז גאָט (אז עס איז דאָ א גאָט אויף דער וועלט), ער (גאָט) איז דער שאפער (היוצר, דער וואס האָט געגעבן די נשמה דעם מענטש), ער איז דער בורא (דער באשאפער פון דער וועלט), ער איז דער וואס פארשטייט (המבין, וואס ווייסט יעדע זאך און יעדנס געדאנקען), ער איז דער דיין (וואס משפט אלע באשעפענישן), ער איז דער עדות (וואָס זאָגט עדות ביים משפט וואס יעדער האָט געטאָן), ער איז דער בעל דין (וואס מאָנט שטראָף פאר די זינדיקע), און ער וועט משפטן. **דאָס הייסט אז גאָט איז אלץ, ער איז דער באשעפער פון דער וועלט און פון מענטש און ער ווייסט וואס דער מענטש טוט און ער איז דער ריכטער, דער דיין און משפט אלע באשעפענישן.** ברוך הוא, געבענטשט איז ער (גאָט), וואָס עס איז ניט פאראן ביי אים קיין אומגערעכטיקייט, און קיין פארגעסן, און קיין נושא־פנים־זיין, און קיין נעמען שוחד, וואָרום אלסדינג איז זיין. **דער רמבם טייטשט אויפן יסוד פון דער גמרא אז מיט „ניט נושא פנים זיין" און ניט נעמען קיין „שוחד" מיינט מען, אז ווען א מענטש טוט אפילו טויזנט מצוות און נור איין עבירה, קריגט ער פאר די מצוות זיין שכר, אָבער פאר דער איינער עבירה קריגט ער זיין עונש.** ודע, און זאָלסט וויסן אז אלסדינג איז (ווערט) פאררעכנט. מען מיינט דערמיט ווי **דער רמבם האָט פריער געטייטשט, אז פאר די מצוות באקומט מען שכר, און פאר דער עבירה ווערט מען באשטראָפט.** ואל יבטיחך, און דיין יצר (דער יצר הרע, דער שלעכטער ווילן אין מענטש צו טאָן עבירות) זאָל דיך ניט איינרעדן (אל יבטיחך, דיך ניט פארזיכערן), אז דער אָפּגרונט (שאול, דער קבר) איז א הויז וואוהין דו אַנטלויפסט (אז נאָכן טויט קאָן דעם מענטש גאָרניט געשען, און מען קאָן דאָרט ניט ווערן באשטראָפט). **מען זאָל וויסן, אז עס איז פאראן נאָכן טויט א משפט און פאר שלעכטע מעשים וועט מען ווערן באשטראָפט.** שעל כרחך, וואָרום ניט מיט דיין ווילן ווערסטו באשאפן (על כרחך, פון „כרח", געצווינגערהייט), און ניט מיט דיין ווילן ווערסטו געבוירן, און ניט מיט דיין ווילן לעבסטו, און ניט מיט דיין ווילן שטארבסטו, און ניט מיט דיין ווילן (צי דו ווילסט צי דו ווילסט ניט) וועסטו דארפן אָפּגעבן א דין וחשבון פאר דעם מלך מלכי המלכים דער הייליקער געבענטשט איז ער. **קיינער זאָל ניט מיינען, אז ער קאָן טאָן וואָס ער**

א בַּעֲשָׂרָה מַאֲמָרוֹת נִבְרָא הָעוֹלָם. וּמַה תַּלְמוּד לוֹמַר? וַהֲלֹא בְּמַאֲמָר אֶחָד יָכוֹל לְהִבָּרְאוֹת. אֶלָּא לְהִפָּרַע מִן הָרְשָׁעִים, שֶׁמְּאַבְּדִים אֶת הָעוֹלָם, שֶׁנִּבְרָא בַּעֲשָׂרָה מַאֲמָרוֹת, וְלִתֵּן שָׂכָר טוֹב לַצַּדִּיקִים שֶׁמְּקַיְּמִים אֶת הָעוֹלָם, שֶׁנִּבְרָא בַּעֲשָׂרָה מַאֲמָרוֹת: ב עֲשָׂרָה דוֹרוֹת מֵאָדָם וְעַד נֹחַ, לְהוֹדִיעַ כַּמָּה אֶרֶךְ אַפַּיִם לְפָנָיו, שֶׁכָּל הַדּוֹרוֹת הָיוּ מַכְעִיסִים וּבָאִים לְפָנָיו, עַד שֶׁהֵבִיא עֲלֵיהֶם אֶת מֵי הַמַּבּוּל. עֲשָׂרָה דוֹרוֹת מִנֹּחַ וְעַד אַבְרָהָם, לְהוֹדִיעַ כַּמָּה אֶרֶךְ אַפַּיִם לְפָנָיו, שֶׁכָּל הַדּוֹרוֹת הָיוּ מַכְעִיסִים לְפָנָיו, עַד שֶׁבָּא אַבְרָהָם אָבִינוּ וְקִבֵּל עָלָיו שְׂכַר כֻּלָּם: ג עֲשָׂרָה נִסְיוֹנוֹת נִתְנַסָּה אַבְרָהָם

**וויל און אז ער וועט ניט דארפן שטיין פאר דעם משפט אין הימל נאָכן טויט. ווארים מיר זען דאָך, אז אלץ וואָס געשעט מיט דעם מענטש, זיין געבוירן ווערן, זיין לעבן, און זיין טויט, איז אָן זיין ווילן. אויף דער דאָזיקער משנה זענען געשריבן געוואָרן א סך פירושים, דער עיקר אויף די ווערטער „יוצר״, „בורא״, און וואָס מיינט מען ביי גאָט מיט „ניט נעמען שוחד״. מיר האָבן דאָ געגעבן דעם פשט לויט דעם רמבם.**

## פרק ה.

א. בעשרה, מיט צען זאָגונגען („מאמרות״, „ויאמר״-ווערטער) איז די וועלט באשאפן געוואָרן. **אין דער פרשה פון בראשית, וואו עס ווערט דערציילט וועגן דער באשאפונג פון דער וועלט, איז פאראן ניין מאָל דאָס וואָרט „ויאמר״ (און ער, גאָט, האָט געזאָגט); אויך דאָס וואָרט „בראשית״ ווערט באטראכט ווי דאָס וואָרט „ויאמר״. צוזאמען איז עס 10 מאָל, 10 מאמרות.** ומה, און וואָס לערנט דאָס אונז? האָט זי (די וועלט) דאָך געקאָנט באשאפן ווערן מיט איין זאָגונג (מיט איין „מאמר״)? נאָר דאָס איז כדי צו באַצאָלן (צו באשטראָפן) די רשעים, וועלכע ברענגען-אום די וועלט וואָס איז באשאפן געוואָרן מיט צען זאָגונגען (מאמרות), און צו געבן א גוטן לוין א (גוטן שכר) די צדיקים וועלכע האלטן אויף די וועלט וואָס איז באשאפן געוואָרן מיט צען זאָגונגען (מאמרות). **דער ברטנורא זאָגט, אז ווייל דער רשע ברענגט דאָך אום זיך אליין, הייסט עס ווי ער וואָלט אומגעבראכט די וועלט; און פארקערט, ווייל דער צדיק האלט אויף זיך אליין, הייסט עס ווי ער וואָלט געהאָלפן דעם קיום פון דער וועלט. — דער דאָזיקער פרק ברענגט משנות מיט צאָלן פון זאכן; צוערשט גייען די 10 מאמרות פון דער וועלט-באשאפונג, דערנאָך אנדערע צענער זאכן, דערנאָך גייען משנות מיט 7 זאכן, און דערנאָך מיט 4 זאכן, און דערנאָך וועגן די פארשידענע צייטן פון מענטש, פון זיין קינדהייט אָן ביז דער טיפסטער עלטער.**

ב. עשרה, צען דורות (זענען געווען) פון אדם (הראשון) ביז נח, כדי צו לאָזן וויסן (צו לערנען) ווי גרויס עס איז די כעס-איינגעהאלטנקייט פון אים (פון גאָט) אז די אלע (צען) דורות האָבן כסדר דערצערנט (גאָט) ביז ער האָט (אין נח׳ס צייט) געבראכט אויף זיי דאָס וואסער פון מבול. **אין חומש בראשית ווערן אויסגערעכנט די דורות, אָדם, שת און אזוי ווייטער, א זון נאָך א פאָטער, ביז נח, צען דורות. דער ברטנורא זאָגט, אז די משנה וויל דערמיט לערנען אז אויך דאָס וואָס מען זעט ווי פעלקער פייניקן און פארקנעכטן די יידן און גאָט באשטראָפט זיי ניט דערפאר, איז דערפאר ווייל גאָט האלט איין זיין כעס.** עשרה דורות, צען דורות (זענען געווען) פון נח ביז אברהם (אבינו), כדי צו לאָזן וויסן, ווי גרויס עס איז זיין (גאָט׳ס) כעס-איינ-געהאלטנקייט, אז די אלע (צען) דורות האָבן כסדר דערצערנט (גאָט) ביז עס איז געקומען אברהם אבינו און ער האָט גענומען דעם שכר פון אלע. **דאָס הייסט דעם שכר וואָס די אלע דורות מענטשן וואָלטן באקומען ווען זיי וואָלטן געווען צדיקים.**

ג. עשרה, מיט צען פרוואונגען (נסיונות) איז אויסגעפרואווט געוואָרן אברהם

אָבִינוּ וְעָמַד בְּכֻלָּם, לְהוֹדִיעַ כַּמָּה חִבָּתוֹ שֶׁל אַבְרָהָם אָבִינוּ: ד עֲשָׂרָה נִסִּים נַעֲשׂוּ לַאֲבוֹתֵינוּ בְּמִצְרַיִם, וַעֲשָׂרָה עַל הַיָּם. עֶשֶׂר מַכּוֹת הֵבִיא הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא עַל הַמִּצְרִיִּים בְּמִצְרַיִם, וְעֶשֶׂר עַל הַיָּם. עֲשָׂרָה נִסְיוֹנוֹת נִסּוּ אֲבוֹתֵינוּ אֶת הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא בַּמִּדְבָּר, שֶׁנֶּאֱמַר, וַיְנַסּוּ אֹתִי זֶה עֶשֶׂר פְּעָמִים, וְלֹא שָׁמְעוּ בְּקוֹלִי: ה עֲשָׂרָה נִסִּים נַעֲשׂוּ לַאֲבוֹתֵינוּ בְּבֵית הַמִּקְדָּשׁ. לֹא הִפִּילָה אִשָּׁה מֵרֵיחַ בְּשַׂר הַקֹּדֶשׁ, וְלֹא הִסְרִיחַ

אבינו עליו השלום, און ער האָט זיי אלע אויסגעהאלטן, כדי צו לאָזן וויסן ווי גרויס עס איז געווען די ליבשאפט פון אברהם אבינו עליו השלום (צו גאָט). די צען נסיונות זענען געווען: איינס, מ׳האָט אים אריינגעוואָרפן אין ברענענדיקן קאלך־אויוון אין אור כשדים ווייל ער האָט ניט געוואָלט דינען צו אָפגעטער. צוויי, ער האָט פארלאָזט זיין פאָטערס לאנד. דריי, ער האָט איבערגעלעבט א הונגער. פיר, מען האָט זיין ווייב שרה אוועקגענומען צו פרעה מלך מצרים. פינף, ער האָט געמוזט פירן די מלחמה קייגן די מלכים. זעקס, גאָט האָט אים ביים „ברית בין הבתרים" געוויזן אז זיינע אייניקליך, דאָס יידישע פאָלק, וועלן זיין אין גלות. זיבן, ער האָט זיך מל געווען. אכט, אבימלך האָט צוגענומען שרה. ניין, ער האָט געמוזט פארטרייבן הגר און איר זון פון אים, ישמעאל. צען, ער האָט געפירט זיין זון יצחק צו דער עקידה.

ד. עשרה, צען ניסים זענען געשען צו אונזערע עלטערן אין מצרים, און צען (ניסים זענען געשען מיט זיי ווען זיי זענען געווען) ביים ים (סוף). אין מצרים איז זיי געשען 10 ניסים, מחמת זיי זענען ניצול געוואָרן פון די 10 מכות וואָס זענען געקומען אויף די מצריים. און די צען ניסים ווען דער ים האָט זיך געשפאלטן און זיי זענען אים אריבערגעגאנגען, ווערן אויסגערעכנט אין אבות דר׳ נתן, ווי אז די ערד פון ים איז געוואָרן הארט, דאָס ים־וואסער איז געוואָרן זיס, גוט צום טרינקען און אנדערע ניסים. — עשר מכות, צען מכות האָט גאָט, געבענטשט איז ער, געבראכט אויף די מצריים אין (לאנד) מצרים, און צען (מכות האָט גאָט געבראכט אויף די מצריים ווען זיי האָבן נאָכגעיאָגט די יידן) ביים ים. די 10 מכות אין לאנד מצרים ווערן געבראכט אין חומש אין די סדרות וארא און בא. און אויך ביים ים האָבן זיי געהאַט 10 מכות. דער ברטנורא זאָגט אז דאָס לערנט מען פון דער שירה אין פרשת בשלח, וואו עס זענען פאראן 10 ווערטער פאר די מפלות פון די מצריים ביים ים, ווי „רמה בים", „ירה בים" און אזוי כסדר. עשרה נסיונות, מיט צען פרוּוואונגען (צען מאָל) האָבן אונזערע עלטערן אויסגעפרוּווט גאָט, געבענטשט איז ער, אין דער מדבר (נאָכדעם ווי זיי זענען ארויס פון מצרים). ווארום עס ווערט געזאָגט (במדבר י"ד) „און זיי האָבן מיך אויסגעפרוּווט צען מאָל און זיי האָבן זיך ניט צו־געהערט צו מיין קול" (זיי האָבן ניט געפאָלגט וואָס גאָט האָט זיי געזאָגט). די 10 מאָל זענען געווען: איינס, זייער באקלאָגן זיך איידער זיי זענען אריבער דעם ים. צוויי, ביים ארויסגיין פון ים. דריי, ביים פארלאנגן וואסער אין אָרט מרה. פיר, ביים פארלאנגן וואסער אין אָרט רפידים. פינף, ביים מן. זעקס, זיי האָבן איבערגעלאָזט פון מן אויף צומאָרגנס, קייגן די ווערטער פון גאָט. זיבן און אכט, ביים פארלאנגן פלייש צוויי מאָל. ניין, ביים חטא מיט דעם גאָלדענעם קאלב (עגל הזהב). צען, מיט די מרגלים.

ה. עשרה ניסים, צען ניסים זענען געשען צו אונזערע עלטערן אין בית המקדש. דאָ רעכנט די משנה אויס די דאָזיקע ניסים: לא הפילה, א פרוי האָט ניט מפיל געווען פון דעם גערוך פון פלייש פון די קרבנות (בשר הקודש). אין בית המקדש האָט מען מקריב געווען א סך קרבנות, און א פרוי האָט טייל קרבנות־פלייש ניט געטאָרט עסן; איז קיינמאָל ניט געשען אז א מעוברת׳דיקער פרוי וואָס איז געקומען אין בית המקדש, זאָל אָנשמעקן דער גערוך פון דעם הייליקן פלייש און מען זאָל איר מוזן געבן צו עסן דערפון, כדי זי זאָל ניט מפיל־זיין. אזוי טייטשן די מפרשים.

בְּשַׂר הַקֹּדֶשׁ מֵעוֹלָם, וְלֹא נִרְאָה זְבוּב בְּבֵית הַמִּטְבְּחַיִם, וְלֹא אֵרַע קֶרִי לְכֹהֵן גָּדוֹל בְּיוֹם הַכִּפֻּרִים, וְלֹא כִבּוּ הַגְּשָׁמִים אֵשׁ שֶׁל עֲצֵי הַמַּעֲרָכָה, וְלֹא נִצְּחָה הָרוּחַ אֶת עַמּוּד הֶעָשָׁן, וְלֹא נִמְצָא פְּסוּל בָּעֹמֶר, וּבִשְׁתֵּי הַלֶּחֶם, וּבְלֶחֶם הַפָּנִים, עוֹמְדִים צְפוּפִים, וּמִשְׁתַּחֲוִים רְוָחִים, וְלֹא הִזִּיק נָחָשׁ וְעַקְרָב בִּירוּשָׁלַיִם מֵעוֹלָם, וְלֹא אָמַר אָדָם לַחֲבֵרוֹ צַר לִי הַמָּקוֹם, שֶׁאָלִין בִּירוּשָׁלָיִם: ו עֲשָׂרָה דְבָרִים נִבְרְאוּ בְּעֶרֶב שַׁבָּת בֵּין הַשְּׁמָשׁוֹת וְאֵלּוּ הֵן,

ולא הסריח, און עס איז קיינמאָל ניט קאַליע געוואָרן (לא הסריח, נישט באַקומען א שלעכטן ריח) דאָס קרבנות־פלייש. אפילו זומער אין ירושלים, ווען עס איז גרויסע היצן, און טייל קרבנות פלייש האָט מען געגעסן אויך צומאָרגנס, איז עס פונדעסט־וועגן ניט קאַליע געוואָרן. ולא נראה, און עס האָט זיך ניט באוויזן א פליג אין דעם שעכט־הויז (בבית מטבחים). אין דעם אָרט אין בית־המקדש־הויף, וואו מען האָט גע־שאָכטן א סך קרבנות און עס איז געווען פאַרבלוטיקט, האָט זיך קיינמאָל ניט באוויזן קיין פליג. ולא אירע, און דעם כהן גדול אים יום כיפור האָט זיך ניט געטראָפן קרי. מיט „קרי" (א ניט־ריינע טרעפונג) מיינט מען פאָלוציע. דער כהן גדול וואָלט ניט געקאָנט טאָן די עבודה אים יום כיפור, ווייל ער וואָלט געוואָרן טמא, און ווייל אלע וואָלטן געוואוסט וואָס עס איז פאָרגעקומען וואָלט דאָס מבייש געווען דעם כהן גדול. ולא כיבו, און רעגנס האָבן ניט פאַרלאָשן דאָס פייער פון דעם האָלץ אויפן מזבח (עצי המערכה). מיט „מערכה" מיינט מען די איינגעאָרדענטע האָלץ־הויפנס אויפן מזבח (זע יומא פרק ד' משנה ו'). כאָטש דער מזבח איז געשטאַנען אונטערן פרייען הימל האָט דער רעגן קיינמאָל ניט פאַרלאָשן דאָס פייער. ולא ניצחה, און דער ווינד איז ניט בייגעקומען דעם זייל פון רויך. מ'מיינט דאָ אז דער רויך פון די קרבנות איז שטענ־דיק ארויפגעגאַנגען גלייך. ולא נמצא, און עס איז ניט געפינען געוואָרן קיין פסול (עס איז ניט פסול געוואָרן) אין עומר און אין די צוויי ברויטן און אין לחם הפנים. דעם מעל־קרבן עומר האָט מען געבראַכט דעם 16טן טאָג אין ניסן. די צוויי ברויטן (שתי הלחם) האָט מען געבראַכט אים שבועות. „לחם הפנים" (דאָס ברויט פון באוויזן פאַר גאָט) זענען געווען 12 חלות, וואָס מען האָט געבראַכט יעדן שבת. די אלע זאכן האָבן געגעסן די כהנים, און אויב זיי זענען פסול געוואָרן (א טמא זאך האָט זיי אָנגערירט, אָדער זיי זענען פסול געוואָרן צוליב אן אנדערער סיבה) האָבן די כהנים זיי ניט געטאָרט עסן. זאָגט די משנה אז דער נס איז געווען אז זיי זענען קיינמאָל ניט פסול געוואָרן. עומדים, זיי (די יידן אין בית־המקדש־הויף) פלעגן שטיין צונויפגע־דריקט (אין ענגשאפט) אָבער זיי פלעגן זיך בוקן גרוים. ביים פאַלן כורעים איז גע־שען א נס אז עס איז געוואָרן גרוים און יעדער האָט געקאָנט פאַלן כורעים. ולא הזיק, און קיינמאָל האָט א שלאַנג אָדער א סקאָרפיאָן (עקרב) ניט מזיק געווען אין ירושלים. קיין מענטש איז ניט צעביסן געוואָרן דורך זיי אין ירושלים. ולא אָמר, און קיין מענטש האָט ניט געזאָגט צו אן אנדערן: „עס איז מיר ענג דאָס אָרט צו נעכטיקן אין ירושלים". קיין ירושלים זענען געקומען זייער א סך יידן פון גאַנץ ארץ ישראל און פון אנדערע לענדער און יעדער האָט געהאַט אן אָרט צו נעכטיקן.

ו. עשרה, צען זאכן זענען באַשאַפן געוואָרן ערב שבת בין השמשות. די משנה מיינט דאָ, אז ווען גאָט האָט באַשאַפן די וועלט אין 6 טעג, און דער זעקסטער טאָג איז דאָך געווען פרייטאָג, ערב שבת, האָט ער די דאָזיקע 10 זאכן באַשאַפן ערב שבת בין השמשות, שטאַרק פאַרנאַכט, צווישן טאָג און נאַכט. ואלו, און דאָס זענען זיי: פי הארץ, דאָס מויל פון דער ערד. דאָס מויל וואָס די ערד האָט געעפנט און איינגע־שלונגען קורח און זיינע מענטשן, ווי עס ווערט דערציילט אין במדבר ט"ז. פי הבאר דאָס מויל פון ברונעם. דער ברונעם מיט וואַסער וואָס איז מיטגעגאַנגען מיט די יידן

פִּי הָאָרֶץ, פִּי הַבְּאֵר, פִּי הָאָתוֹן, הַקֶּשֶׁת, וְהַמָּן, וְהַמַּטֶּה, וְהַשָּׁמִיר, הַכְּתָב, וְהַמִּכְתָּב, וְהַלֻּחוֹת. וְיֵשׁ אוֹמְרִים, אַף הַמַּזִּיקִין, וּקְבוּרָתוֹ שֶׁל מֹשֶׁה, וְאֵילוֹ שֶׁל אַבְרָהָם אָבִינוּ. וְיֵשׁ אוֹמְרִים, אַף צְבָת בִּצְבָת עֲשׂוּיָה:
ז שִׁבְעָה דְבָרִים בַּגֹּלֶם וְשִׁבְעָה בֶּחָכָם. חָכָם אֵינוֹ מְדַבֵּר לִפְנֵי מִי שֶׁגָּדוֹל מִמֶּנּוּ בְּחָכְמָה (וּבְמִנְיָן), וְאֵינוֹ נִכְנָס לְתוֹךְ דִּבְרֵי חֲבֵרוֹ, וְאֵינוֹ נִבְהָל לְהָשִׁיב, שׁוֹאֵל כְּעִנְיָן וּמֵשִׁיב כַּהֲלָכָה, וְאוֹמֵר עַל רִאשׁוֹן רִאשׁוֹן, וְעַל אַחֲרוֹן אַחֲרוֹן, וְעַל מַה שֶּׁלֹּא שָׁמַע, אוֹמֵר לֹא שָׁמַעְתִּי, וּמוֹדֶה עַל הָאֱמֶת, וְחִלּוּפֵיהֶם

אין דער מדבר. פי האתון, דאָס מויל פון דער נקבה־אייזל. בלעם׳ס אייזל וואָס האָט געעפנט דאָס מויל און גענומען רעדן צו בלעם, ווי עס ווערט דערציילט אין במדבר כ״ב. והקשת, און דער רעגנבויגן; והמן, און דער מן. וואָס די יידן האָבן געגעסן אין מדבר. והמטה און דער שטעקן. דער שטעקן, מיט וועלכן משה רבנו האָט באוויזן די ניסים, ווי עס ווערט דערציילט אין שמות ד׳. והשמיר, און דער שמיר־וואָרם. דעם מזבח אין בית המקדש האָט מען ניט געטאָרט בויען מיט שטיינער וואָס זיינען צע־האַקט געוואָרן דורך אייזן. ווען שלמה המלך האָט געוואָלט בויען דעם מזבח האָט ער באַנוצט דערצו א וואָרם וואָס הייסט שמיר, און וואָס ווען מען רירט אים צו צו א שטיין, ווערט דער שטיין צעשפּאָלטן. הכתב, די שריפט. מען מיינט דערמיט די צורה פון די אותיות וואָס זענען געווען אויסגעקריצט אין די לוחות, וועלכע משה רבנו האָט באַקומען אויפן באַרג סיני. והמכתב, און דאָס געשריפטס (פון די לוחות). די מפרשים זאָגן, אז דער נס איז געווען וואָס מען האָט דאָס געשריפטס געקאָנט לייענען פון אַלע פיר זייטן. והלוחות, און די לוחות. דאָס זיינען די הייליקע לוחות וואָס משה רבנו האָט גענומען. ויש אומרים, און טייל (חכמים) זאָגן, אז אויך שדים, מזיקין, שדים זענען אויך באַשאַפן געוואָרן פרייטאָג בין השמשות. וקבורתו, און דער קבר פון משה רבנו. אין חומש צום סוף דברים ווערט געזאָגט, אז קיין מענטש ווייסט ניט וואו דער קבר געפינט זיך. ואילו, און דער ווידער (שעפּס) פון אברהם אבינו. דאָס איז דער שעפּס וואָס אברהם אבינו האָט מקריב געווען אנשטאָט יצחקן ביי דער עקידה, ווי עס ווערט דערציילט אין חומש בראשית. ויש, און טייל (חכמים) זאָגן, אז אויך די צוואַנג צו מאַכן אַנדערע צוואַנגען, א צוואַנג ווערט געמאַכט פון אייזן, וואָס ווערט אויסגעבויגן דורך א צוואַנג. די שאלה איז, ווי אזוי איז געמאַכט געוואָרן די גאָר־ערשטע צוואַנג? איז דער תירוץ אז זי איז באַשאַפן געוואָרן.

ז׳ שבעה, זיבן זאַכן (חסרונות) זענען פאַראַן ביי א גולם, און זיבן (מעלות) ביי א קלוגן. מיט „גולם״ מיינט מען א ניט־דערצויגענעם מענטש. די משנה רעכנט אויס די 7 מעלות פון קלוגן, און זי גיט דערנאָך צו אז פּונקט פאַרקערט איז ביים גולם. די מעלות זענען: חכם, א קלוגער רעדט ניט פאַר דעם וועלכער איז גרעסער פאַר אים מיט חכמה. ער שווייגט און ער הערט זיך צו וואָס יענער, דער גרעסערער, רעדט. ואינו נכנס, און ער גייט ניט אריין אין (ער רייסט ניט איבער) די ווערטער פון אַן אַנדערן. ווען אַן אַנדערער מענטש רעדט, לאָזט ער אים ער אויסריידן און ער רייסט אים ניט איבער אין דערמיט. ואינו נבהל, און ער איילט זיך ניט צו ענטפערן. איידער ער ענטפערט עפּיס, טראַכט ער זיך איבער. שואל, ער פרעגט צו דער זאַך און ער ענט־פערט ווי עס דאַרף צו זיין. דער „תפארת ישראל״ טייטשט „כהלכה״, אז ער ענט־פערט ניט מיט פאַלשע אויסגעטראַכטע תירוצים, וואָס זיינען ניט אמת. ואומר, און ער זאָגט (ער ענטפערט) צוערשט אויף דעם ערשטן (אויף דער ערשטער זאַך) און צולעצט אויף דעם לעצטן. ער זאָגט. אַלץ מיט א סדר, ניט אויסגעמישט. ועל מה, און וואָס ער פאַרשטייט ניט, זאָגט ער „איך פאַרשטיי ניט״. אזוי טייטשט אויך דער „תפארת יש־ראל״, „שמע״, „פאַרשטיין״. דער ברטנורא טייטשט „הערן״, און עס הייסט, אויב ער האָט ניט געהערט א זאַך פון זיינע רביים, זאָגט ער, אז דאָס פּסקנט ער פון זיך איי־

בגלם: ח שִׁבְעָה מִינֵי פֻרְעָנִיּוֹת בָּאִים לָעוֹלָם, עַל שִׁבְעָה גּוּפֵי עֲבֵרָה. מִקְצָתָם מְעַשְּׂרִים, וּמִקְצָתָם אֵינָם מְעַשְּׂרִים, רָעָב שֶׁל בַּצֹּרֶת בָּא, מִקְצָתָם רְעֵבִים, וּמִקְצָתָם שְׂבֵעִים. גָּמְרוּ שֶׁלֹּא לְעַשֵּׂר, רָעָב שֶׁל מְהוּמָה וְשֶׁל בַּצֹּרֶת בָּא. וְשֶׁלֹּא לִטּוֹל אֶת הַחַלָּה, רָעָב שֶׁל כְּלָיָה בָּא: דֶּבֶר בָּא לָעוֹלָם עַל מִיתוֹת הָאֲמוּרוֹת בַּתּוֹרָה שֶׁלֹּא נִמְסְרוּ לְבֵית דִּין, וְעַל פֵּרוֹת שְׁבִיעִית: חֶרֶב בָּאָה לָעוֹלָם עַל עִנּוּי הַדִּין, וְעַל עִוּוּת הַדִּין, וְעַל הַמּוֹרִים

גענער סברא, און אז ער האָט עס ניט געהערט. ומודה, און ער איז מודה אויף דעם אמת. **ער עקשנט זיך ניט איין, און אויב ער זעט אז זיין מיינונג איז ניט קיין ריכטיקע און אז דער אנדערער איז גערעכט, שעמט ער זיך ניט נאָר ער איז זיך גלייך מודה אז יענער איז גערעכט.** וחילופיהן, און פאַרקערט פון זיי (פון די אלע מעלות) איז ביים גולם. **דער גולם רעדט יאָ פאַר א גרעסערן, און רייסט איבער יענעמס רייד, און ענטפערט אין איילעניש, און אזוי כסדר.**

ח. שבעה, זיבן מינים אומגליקן (פורענות, פלאגן, אומגליקן, שטראָפן) קומען אויף דער וועלט צוליב זיבן שטארקע עבירות. **דער „מדרש שמואל" טייטשט „גופי עבירות", די יסודות'דיקע עבירות.** מקצתן, ווען טייל (מענטשן) גיבן מעשר (פון זייערע תבואות און ירקות און פרוכטן צו די לויים און צו די אָרימע לייט) און טייל (מענטשן) געבן ניט קיין מעשר, קומט א הונגער פון א שלעכטן גערעטעניש (בצורת), (און) טייל פון זיי (פון די מענטשן) זענען הונגעריג און טייל פון זיי זענען זאט. **ביי א שלעכט גערעטעניש איז פאראן ברויט, אָבער ניט גענוג פאַר אלע.** גמרו, ווען זיי (אלע מענטשן) האָבן אָפּגעמאַכט ביי זיך ניט צו געבן קיין מעשר קומט א הונגער סיי פון א מהומה און סיי פון א שלעכט גערעטעניש. **דער רמב"ם טייטשט „א הונגער פון א מהומה", אז עס וועלן זיין מלחמות און מהומות אז מען וועט ניט קאָנען פאַרזייען די פעלדער. ביי אזא מהומה און א שלעכט גערעטעניש איז שוין פאראן נאָך ווינציקער ברויט, און גאָר ווינציק מענטשן האָבן צו עסן.** ושלא ליטול, און (ווען מענטשן מאכן אָפּ ביי זיך) ניט צו נעמען קיין חלה (דאָס שטיקל טייג כדי עס צו געבן צום כהן) קומט א הונגער פון פאַרטיליגונג (כליה). **דאַמאָלס איז שוין דער הונגער פאַר אלע מענטשן.** — דבר, א מגיפה קומט אויף דער וועלט צוליב די טויט־שטראָפן פון דער תורה (וואָס די תורה זאָגט אז מען זאָל מיט זיי באשטראָפן די זינדיקע פאַר הארבע עבירות און) וועלכע זענען ניט געוואָרן איבערגעענטפערט צו בית דין. **מחמת דאָס בית דין קאָן היינטיקע צייט ניט פסקענען קיין טויט־שטראָפן, קומט א מגיפה און ברענגט אום די וועלכע טאָן די הארבע עבירות. אזוי ברענגט איין טייטש דער „מדרש שמואל".** ועל, און (אויך) צוליב (ניט אָפּהיטן די דינים פון) שמיטה־פרוכטן, **ווען די תבואות און פרוכטן וועלכע וואַקסן אים שמיטה־יאָר (יעדעס 7־טע יאָר) זיינען פאראן דינים ווי אזוי מען זאָל נוהג זיין מיט זיי; און ווען מען היט זיי ניט אָפּ, ווערט די וועלט דערפאַר באשטראָפט מיט מגיפות.** — חרב, א שווערט (מענטשן קומען אום אין מלחמות און רציחות) קומט אויף דער וועלט צוליב דער אָפּליי גונג פון גערעכטיקייט (עינוי הדין, די דיינים לייגן אָפּ די דין־תורה וואָס אן אָרימאן האָט קייגן א רייכן מאן), און צוליב פאַרקרומען די גערעכטיקייט (עיוות הדין, די דיינים נעמען שוחד און פסקנען ניט ריכטיק) און צוליב די (מענטשן) וועלכע טייטשן אויס די תורה ניט ווי די הלכה איז (זיי זאָגן פאַלש פשט אין דער תורה און זיי פסקנען ניט ווי די הלכה איז). **כאָטש דאָ רעכנט אויס די משנה דריי עבירות, און די משנה האָט דאָך פריער גערעדט וועגן 7 מיני שטראָפן פאַר 7 שטארקע עבירות, און לויט דער איצטיקער משנה קומט דאָך אויס, אז עס זיינען פאראן נאָך 2 עבירות, — איז דער תירוץ, אז די אלע דריי עבירות דאָ אין דער משנה ווערן פאַררעכנט פאַר איין סאָרט עבירה, ווייל אלץ קומט צוליב ניט ארויסגעבן ריכטיק דעם פסק דין** (אזוי זאָגט רש"י).

בַּתּוֹרָה שֶׁלֹּא כַהֲלָכָה: **ט** חַיָּה רָעָה בָּאָה לָעוֹלָם עַל שְׁבוּעַת שָׁוְא, וְעַל חִלּוּל הַשֵּׁם: גָּלוּת בָּאָה לָעוֹלָם עַל עֲבוֹדַת אֱלִילִים, וְעַל גִּלּוּי עֲרָיוֹת, וְעַל שְׁפִיכוּת דָּמִים, וְעַל שְׁמִטַּת הָאָרֶץ: בְּאַרְבָּעָה פְרָקִים הַדֶּבֶר מִתְרַבֶּה, בָּרְבִיעִית וּבַשְּׁבִיעִית, וּבְמוֹצָאֵי שְׁבִיעִית, וּבְמוֹצָאֵי הֶחָג שֶׁבְּכָל שָׁנָה וְשָׁנָה: בָּרְבִיעִית מִפְּנֵי מַעְשַׂר עָנִי שֶׁבַּשְּׁלִישִׁית, בַּשְּׁבִיעִית מִפְּנֵי מַעְשַׂר עָנִי שֶׁבַּשִּׁשִּׁית, בְּמוֹצָאֵי שְׁבִיעִית מִפְּנֵי פֵּרוֹת שְׁבִיעִית, בְּמוֹצָאֵי הֶחָג שֶׁבְּכָל שָׁנָה וְשָׁנָה מִפְּנֵי גֶזֶל מַתְּנוֹת עֲנִיִּים: **י** אַרְבַּע מִדּוֹת בָּאָדָם, הָאוֹמֵר

ט. חיה רעה, שלעכטע חיות קומען אויף דער וועלט (און ברענגן אום מענטשן און טאָן אנדערע שאדנס) צוליב פאלש שווערן (שבועת שוא) און צוליב פארשוועכן (גאָטס) נאָמען (חילול השם). **אויך דאָ זאָגט רשי אז דיביידע עבירות זענען איין מין עבירה, ווייל דאָס שווערן פאלש (אין גאָטס נאָמען) הייסט אויך פארשוועכט דעם נאָמען פון גאָט.** — גלות קומט אויף דער וועלט (די יידן זיינען פארטריבן געוואָרן פון זייער לאנד) צוליב דינען דער עבודה זרה און צוליב זנות (גילוי עריות, לעבן מיט פרויען, מיט וועלכע מען טאָר ניט לעבן) און צוליב בלוט־פארגיסונג (רציחה) און צוליב ניט אָפּהיטן די שמיטה פון דער ערד. **דער דין איז אז אים 7טן יאָר, אים שמיטה יאָר, טאָר מען ניט באארבייטן די ערד (זע אין דער הקדמה צו מסכתא שביעית; אויך צוליב דער עבירה פון באארבייטן די ערד אים שמיטה זענען די יידן פאר־טריבן געוואָרן. ווי עס ווערט געזאָגט אין דער תוכחה אין חומש ויקרא פרשת בחוקותי.** בארבעה, אין פיר צייטן פארשטארקן זיך די מגפות: אין דעם פירטן יאָר, און אין זיבטן (שמיטה־) יאָר, און אין מוצאי־שמיטה־יאָר (באלד נאָך דעם זיבעטן יאָר) און אין מוצאי סוכות יעדעס יאָר. **דאָס 4־טע יאָר מיינט מען דאָס פירטע יאָר נאָכן שמיטה־יאָר. „חג" מיינט סוכות.** ברביעית, אים פירטן יאָר (פארשטארקן זיך די מגפות) צוליב (דער עבירה פון ניט געבן) דעם מעשר עני (דאָס צענטל פון תבואות און ירקות און פרוכטן די אָרימע לייט, וואָס מען האָט געדארפן געבן) אין דריטן יאָר. **דעם מעשר עני, דאָס צענטל פאר אָרימע לייט האָט מען אָפּגעשיידט נור אין דעם 3טן יאָר און אין דעם 6טן יאָר (נאָך דעם שמיטה־יאָר). און ווייל עס איז אדורך דאָס גאנצע דריטע יאָר און מען האָט דעם מעשר עני נישט גע־געבן צו די אָרימע לייט, זענען געקומען די מגיפות אלס א שטראָף (וועגן מעשר עני זע אין דער הקדמה צו מסכתא פאה).** בשביעית, אין זיבעטן (אין שמיטה־) יאָר (פאר־שטארקן זיך די מגיפות) צוליב (דער עבירה פון ניט געבן) דעם מעשר עני (וואָס מען האָט געדארפן געבן אין) דעם זעקסטן יאָר. **ווי מיר האָבן שוין פריער געזאָגט האָט מען אויך אין 6־טן יאָר געדארפן געבן מעשר עני.** ובמוצאי שביעית, און אין מוצאי־שמיטה־יאָר (האָבן זיך פארשטארקט די מגיפות) צוליב (ניט אָפּהיטן די די־נים וואָס מען דארף אָפּהיטן מיט) שמיטה־פרוכטן. **וועגן דעם אז עס זענען פאראן דינים ביי שמיטה־פרוכטן האָבן מיר גענעבן פריער אין משנה ח׳. זע אויך אין דער הקדמה צו מסכתא שביעית.** ובמוצאי החג, און אין מוצאי סוכות יעדעס יאָר (פאר־שטארקן זיך די מגיפות) צוליב (דער עבירה פון) צו־גזלנען די מתנות פון אָרימע לייט. **מיט „מתנות עניים" מיינט מען די אלע זאכן פון פעלדער און גערטנער וואָס גאָט האָט געהייסן געבן די אָרימע לייט, ווי לקט, שכחה און פאה פון די תבואות און פרוכטן (זע אין דער הקדמה צו מסכתא פאה). דאָס מוז מען געבן יעדעס יאָר. ווען עס גייט אדורך סוכות, און דאמאָלס איז די צייט ווען דער בעל הבית נעמט שוין אראָפּ אלץ פון פעלד, און ער האָט ניט געגעבן די לקט, שכחה און פאה צו די אָרימע לייט, ווערט מען באשטראָפט מיט מגיפות.**

י. ארבע, פיר סאָרטן מידות זענען פאראן ביי מענטשן. **מען מיינט דאָ די אויפ־**

שֶׁלִּי שֶׁלִּי, וְשֶׁלְּךָ שֶׁלָּךְ, זוֹ מִדָּה בֵּינוֹנִית, וְיֵשׁ אוֹמְרִים זוֹ מִדַּת סְדוֹם, שֶׁלִּי שֶׁלָּךְ וְשֶׁלְּךָ שֶׁלִּי, עַם הָאָרֶץ, שֶׁלִּי שֶׁלָּךְ וְשֶׁלְּךָ שֶׁלָּךְ, חָסִיד, שֶׁלְּךָ שֶׁלִּי, וְשֶׁלִּי שֶׁלִּי, רָשָׁע: **יא** אַרְבַּע מִדּוֹת בְּדֵעוֹת. נוֹחַ לִכְעוֹס וְנוֹחַ לִרְצוֹת, יָצָא הֶפְסֵדוֹ בִּשְׂכָרוֹ, קָשֶׁה לִכְעוֹס וְקָשֶׁה לִרְצוֹת, יָצָא שְׂכָרוֹ בְּהֶפְסֵדוֹ, קָשֶׁה לִכְעוֹס וְנוֹחַ לִרְצוֹת, חָסִיד, נוֹחַ לִכְעוֹס וְקָשֶׁה לִרְצוֹת, רָשָׁע: **יב** אַרְבַּע מִדּוֹת בְּתַלְמִידִים, מָהִיר לִשְׁמוֹעַ וּמָהִיר לְאַבֵּד, יָצָא

פירונגען פון איין מענטש צום אנדערן מענטש אין געלט־זאכן. האומר, דער וואס זאגט: „מיינס איז מיינס און דיינס איז דיינס" (שלי שלי ושלך שלך) איז עס א מיטל־מעסיקע מידה. אזוי פירן זיך אויף געוויינטליך מיטלמעסיקע מענטשן; ניט זיי ווילן געבן זייערס צו אן אנדערן און ניט זיי פארלאנגען יענעמס. ויש אומרים, און טייל (חכמים) זאָגן, אז (דאָס איז) די מידה פון סדום. די דאָזיקע חכמים האלטן, אז די מידה איז א שלעכטע, ווארים אזא מענטש וויל דאָך ניט העלפן מיט זיין געלט אן אנ־דערן מענטש, כאָטש יענער איז אין נויט, און דאָס איז געווען די שלעכטע מידה פון סדום, וועגן וואָס עס ווערט דערציילט אין חומש סדרה וירא. שלי שלך ושלך שלי (ווער עס איז זאָגט): „מיינס איז דיינס און דיינס איז מיינס", איז ער א עם הארץ. דארויף זיינען פאראן עטליכע פירושים. רשי טייטשט, אז דאָס איז א שלעכטע מידה, פון א גראָבן מענטש, וואָס וויל יענעמס, כאָטש ער איז אויך גרייט צו געבן צו יענעם זיין אייגנס. דער „מדרש שמואל" ברענגט פון מפרשים, אז דאָס איז א גוטע מידה, און אז מיט „עם הארץ" (דאָס פאָלק פון לאנד) מיינט מען, אז דאָס העלפט צום אויפבויען די וועלט, אז מען זאָל ארבייטן בשותפות, אז איינער זאָל העלפן דעם אנדערן. שלי שלך ושלך שלך, (ווער עס זאָגט): „מיינס איז דיינס, און דיינס איז דיינס", איז א חסיד. דאָס איז שוין א גאָר הויכע מדרגה. שלי שלי ושלך שלי, (ווער עס זאָגט): „מיינס איז מיינס, און דיינס איז (אויך) מיינס" איז א רשע. מחמת ער וויל הנאה האָבן פון דעם אנדערנס, און וויל גאָרניט געבן קיינעם פון זיינס.

יא. ארבע מדות, פיר סאָרטן מידות זענען פאראן אין דער טבע (פון מענטשן). „בדיעות", אין די „דיעות" מיינט דאָ „אין דער טבע פון מענטשן", אין זיין כאַ־ראקטער. עס איז צו באמערקן, אז דער רמבם אין „יד החזקה" רופט אָן זיין טייל פון ספר מיט די הלכות וועגן דער אויפפירונג פון מענטש און זיין כאראקטער „הלכות דיעות". נוח לכעוס ונוח לרצות, דער וואָס איז לייכט צו ווערן אין כעס און ער לאָזט זיך לייכט איבערבעטן, ווערט זיין שאדן פארלוירן דורך זיין געווינס. די שלעכטע מידה צו ווערן שנעל אין כעס ווערט פארגיטיקט דאדורך וואָס מען קאָן אים לייכט איבערבעטן. קשה לכעוס וקשה לרצות, דער וואָס איז שווער צו ווערן אין כעס און ער איז שווער צו לאָזן זיך איבערבעטן, ווערט זיין געווינס פארלוירן אין זיין שאדן. די גוטע מידה, וואָס איז אים שווער צו ברענגען אין כעס, ווערט פארלוירן דאדורך, וואָס קוים ווערט ער אין כעס איז שווער אים איבערצובעטן. קשה לכעוס ונוח לרצות, דער וואָס איז שווער צו ווערן אין כעס און ער איז לייכט צו לאָזן זיך איבערבעטן, איז א חסיד. ער האָט ביידע מעלות. די מפרשים זאָגן, אז דאריבער רעכנט ניט די משנה „ווער עס ווערט אינגאנצן ניט אין כעס", ווייל דאָס איז ביי א מענטש אומ־מעגליך, און די גרעסטע מעלה פון מענטש איז צו ווערן שווער אין כעס און לייכט צו לאָזן זיך איבערבעטן. נוח לכעוס, וקשה לרצות, דער וואָס איז לייכט צו ווערן אין כעס און ער איז שווער צו לאָזן זיך איבערבעטן, איז א רשע. ווייל ער האָט ביידע חסרונות, אי ער ווערט לייכט אין כעס, איז עס שווער אים איבערצובעטן.

יב. ארבע מידות, פיר מאָסן (מדריגות) זענען פאראן ביי תלמידים: דער וואָס נעמט אויף געשווינד (מהיר לשמוע, פארשטייט באלד וואָס מען לערנט מיט אים), און ער פארגעסט געשווינד (וואָס ער האָט געלערנט), ווערט פארלוירן זיין

שְׂכָרוֹ בְּהֶפְסֵדוֹ, קָשֶׁה לִשְׁמוֹעַ וְקָשֶׁה לְאַבֵּד, יָצָא הֶפְסֵדוֹ בִּשְׂכָרוֹ, מָהִיר לִשְׁמוֹעַ וְקָשֶׁה לְאַבֵּד, זוֹ חֵלֶק טוֹב, קָשֶׁה לִשְׁמוֹעַ וּמָהִיר לְאַבֵּד, זוֹ חֵלֶק רָע: יג אַרְבַּע מִדּוֹת בְּנוֹתְנֵי צְדָקָה. הָרוֹצֶה שֶׁיִּתֵּן וְלֹא יִתְּנוּ אֲחֵרִים, עֵינוֹ רָעָה בְּשֶׁל אֲחֵרִים, יִתְּנוּ אֲחֵרִים וְהוּא לֹא יִתֵּן, עֵינוֹ רָעָה בְּשֶׁלּוֹ, יִתֵּן וְיִתְּנוּ אֲחֵרִים חָסִיד, לֹא יִתֵּן וְלֹא יִתְּנוּ אֲחֵרִים, רָשָׁע: יד אַרְבַּע מִדּוֹת בְּהוֹלְכֵי בֵית הַמִּדְרָשׁ. הוֹלֵךְ וְאֵינוֹ עוֹשֶׂה שְׂכַר הֲלִיכָה בְּיָדוֹ, עוֹשֶׂה וְאֵינוֹ הוֹלֵךְ שְׂכַר מַעֲשֶׂה בְּיָדוֹ, הוֹלֵךְ וְעוֹשֶׂה, חָסִיד, לֹא הוֹלֵךְ וְלֹא עוֹשֶׂה רָשָׁע: טו אַרְבַּע מִדּוֹת בְּיוֹשְׁבִים לִפְנֵי חֲכָמִים. סְפוֹג, וּמַשְׁפֵּךְ, מְשַׁמֶּרֶת,

געווינס דורך זיין שאַדן. **ער האָט געאַרניט דערפון וואָס ער איז תופס געשווינד, ווייל ער פארגעסט דאָך באלד אלץ.** קשה לשמוע וקשה לאבד, ווער עס נעמט אויף שווער (עס דויערט לאנג ביז ער פארשטייט דאָס לערנען) און עס איז אים שווער צו פאר־געסן (עס דויערט לאנג ביז ער פארגעסט, ער האָט א שלעכטע תפיסה און א גוטן זכרון) ווערט זיין שאָדן פארלוירן דורך זיין געווינס. **מחמת דאָס וואָס ער פארשטייט יאָ, געדענקט ער לאנג.** מהיר לשמוע וקשה לאבד, ווער עס פארשטייט געשווינד, און עס איז אים שווער צו פארגעסן (ער האָט א גוטע תפיסה און א גוטן זכרון), איז דאָס א חכם. **אין טייל משניות איז די גירסא „חלק טוב", א גוטע זאך.** קשה לשמוע ומהיר לאבד, ווער עס פארשטייט שווער און ער פארגעסט געשווינד, איז עס א שלעכטע זאך (חלק רע). **דאָ זאָגט ניט די משנה (ווי אין די פריערדיקע משנות) אז ער איז רשע, ווייל דער תלמיד איז דאָך ניט שולדיק אז ער האָט אי א שלעכטע תפיסה אי א שלעכטן זכרון.**

יג. ארבע, פיר סאָרטן אויפפירונגען (מידות) זענען פאראַן ביי די וואָס געבן צדקה. **בנוגע צדקה־געבן זענען פאראַן 4 סאָרטן מענטשן.** הרוצה, ווער עס וויל (אליין) געבן (צדקה) און ער וויל ניט אז אנדערע זאָלן געבן (צדקה), איז זיין אויג שלעכט (קארג צום פארמעגן פון אנדערע. **מחמת ער וויל ניט אז זיי זאָלן אויך מקיים זיין די מצוה.** יתנו אחרים, (ווער עס וויל אז אנדערע זאָלן געבן (צדקה) און ער זאָל ניט געבן, איז זיין אויג שלעכט צו זיין אייגן (פארמעגנס). **ער איז קארג מיט זיין געלט, אָבער ער באמיט זיך כאָטש אז אנדערע זאָלן יאָ געבן.** יתנו ויתנו, (ווער עס וויל) אז ער אליין זאָל געבן (צדקה) און אויך אנדערע (מענטשן) זאָלן געבן, איז א חסיד. **דאָס איז די בעסטע מידה. ווייל ער אליין איז מקיים די מצוה פון צדקה און ער וויל אז אויך אנ־דערע זאָלן מקיים זיין.** לא יתן, (ווער עס וויל) אז ער אליין זאָל ניט געבן און אויך אנדערע זאָלן ניט געבן, איז א רשע. **צוליב דעם וואָס דער דאָזיקער וויל דאָך אז קיי־נער זאָל ניט געבן קיין צדקה, איז ער סתם א רשע.**

יד. ארבע מדות, פיר סאָרטן מידות (אויפפירונגען) זענען פאראַן ביי די וואָס גייען אין בית המדרש. **אויך דאָ מיינט מען בנוגע דעם גיין אין בית המדרש אריין.** הולך, ווער עס גייט (אין בית המדרש) און טוט גאָרניט (דאָרט, ער לערנט ניט, און ער הערט זיך ניט צו וואָס אנדערע לערנען), קריגט שכר פאר (דער מצוה פון) גיין (אין בית המדרש). **שכר הליכה, ווייל דאָס גיין אליין איז אויך א מצוה.** עושה, ווער עס טוט (לערנט ביי זיך אין הויז) און ער גייט ניט (אין בית המדרש) באַקומט ער שכר פאר דעם טאָן, **שכר מעשה, פאר דעם לערנען; אָבער עס פעלט אים דער שכר פאר גיין אין בית המדרש.** הולך ועושה, ווער עס גייט (אין בית המדרש) און טוט (לערנט, אָדער הערט זיך צו וואָס אנדערע לערנען), איז א חסיד. **ווייל ער טוט ביידע זאכן.** לא הולך, ווער עס גייט ניט און טוט ניט (לערנט ניט אויך אין דער היים), איז א רשע. **אזוי טייטשט רשי די דאָזיקע משנה. עס זענען פאראַן אויך אנדערע פירושים.**

טו. ארבע, פיר מדרגות זענען פאראַן ביי די וואָס זיצן פאר די חכמים.

וְנָפָה. סְפוֹג, שֶׁהוּא סוֹפֵג אֶת הַכֹּל, וּמַשְׁפֵּךְ, שֶׁמַּכְנִיס בְּזוֹ וּמוֹצִיא בְזוֹ, מְשַׁמֶּרֶת, שֶׁמּוֹצִיאָה אֶת הַיַּיִן וְקוֹלֶטֶת אֶת הַשְּׁמָרִים, וְנָפָה, שֶׁמּוֹצִיאָה אֶת הַקֶּמַח וְקוֹלֶטֶת אֶת הַסֹּלֶת: **טז** כָּל אַהֲבָה שֶׁהִיא תְלוּיָה בְדָבָר, בָּטֵל דָּבָר בְּטֵלָה אַהֲבָה, וְשֶׁאֵינָהּ תְּלוּיָה בְדָבָר, אֵינָהּ בְּטֵלָה לְעוֹלָם. אֵיזוֹ הִיא אַהֲבָה שֶׁהִיא תְלוּיָה בְדָבָר, זוֹ אַהֲבַת אַמְנוֹן וְתָמָר, וְשֶׁאֵינָהּ תְּלוּיָה בְדָבָר, זוֹ אַהֲבַת דָּוִד וִיהוֹנָתָן: **יז** כָּל מַחֲלֹקֶת שֶׁהִיא לְשֵׁם שָׁמַיִם סוֹפָהּ לְהִתְקַיֵּם, וְשֶׁאֵינָהּ לְשֵׁם שָׁמַיִם אֵין סוֹפָהּ לְהִתְקַיֵּם. אֵיזוֹ הִיא מַחֲלֹקֶת שֶׁהִיא

מען מיינט, ביי די וועלכע הערן זיך צו צו דעם וואָס די חכמים לערנען זיי. ספוג, א שוואם, א לעיעק (משפך), א דורכזייער (משמרת) און א זיפּ (נפה). און די משנה איז דאָ מסביר וואָס מען מיינט דערמיט. ספוג, (דער מענטש וואָס הערט זיך צו צום לערנען און ער ווערט געגליכן צו) א שוואָם (מיינט מען אזעלכן), וואָס זאפּט אריין אלצדינג. פּונקט ווי א שוואָם נעמט אריין אין זיך אלץ, אזוי נעמט ער אויף גוטע סברות און שלעכטע סברות, און ער ווייסט ניט וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט. משפך, א לעיעק (מיינט אזעלכן) וועלכער נעמט אריין פון דער (איינער זייט) און לאָזט עס ארויס פון דער (אנדערער זייט). ער נעמט טאקע אויף אלע סברות, די גוטע און די שלעכטע, אָבער עס בלייבט גאָרניט ביי אים, ער פארגעסט אלץ. משמרת, א דורכזייער וואָס לאָזט ארויס דעם ווײַן און נעמט אויף די הייוון. דאָס מיינט מען דעם וועלכער נעמט אויף און געדענקט אלע שלעכטע סברות (די הייוון) און איז ניט תופס אָדער ער פארגעסט באלד די גוטע סברות. ונפה, און א זיפּ, וואָס לאָזט ארויס דאָס דינע (שלעכטע) שטויב־מעל (קמח) און פארהאלט (ביי זיך) דאָס פיינע (דיקליכע) זעמל־מעל (סולת). דאָס מיינט מען דעם גוטן צוהערער, וועלכער נעמט ניט אויף די שלעכטע סברות, אָבער ער נעמט אויף און עס בלייבן ביי אים די גוטע סברות.

טז. כל, יעדע ליבשאפט וואָס הענגט אָפּ פון א זאך, ווען די זאך הערט אויף (זי ווערט בטל) הערט אויף אויך די ליבשאפט; און די ליבשאפט, וואָס הענגט ניט אָפּ פון קיין שום זאך, הערט קיינמאָל ניט אויף. ווייל זי איז דאָך א ריינע ליבשאפט, ניט אָפּהענגיק פון קיין שום זייטיקער זאך. איזו, וואָסערע איז א ליבשאפט וואָס הענגט אָפּ פון א זאך? דאָס איז די ליבשאפט פון אמנון און תמר. אין שמואל ב׳, י״ג ווערט דערציילט ווי אמנון, דער זון פון דוד המלך, האָט זיך פארליבט אין זיין שוועסטער תמר, און נאָכדעם ווי ער האָט געשטילט זיין תאוה מיט איר האָט ער זי פיינט באקומען. ושאינה, און (וואָסערע איז א ליבשאפט) וואָס הענגט ניט אָפּ פון קיין זאך? דאָס איז די ליבשאפט פון דוד און יונתן. אין שמואל א׳, י״ח ווערט דערציילט וועגן דער ליבשאפט צווישן דוד און יונתן (דעם זון פון שאול המלך), און אין די ווייטערדיקע קאפּיטלעך פון שמואל א׳ ווערט דערציילט, אז די ליבשאפט האָט כסדר געדויערט צווישן זיי.

יז. כל, יעדע מחלוקה וואָס איז לשם שמים (פאר גאָט׳ס נאָמען׳ס וועגן), איז דער סוף אז זי וועט האָבן א קיום, און יעדע מחלוקה וואָס איז ניט לשם שמים וועט איר סוף זיין אז זי וועט ניט האָבן קיין קיום. דער ברטנורא טייטשט, אז מען מיינט ניט אז די מחלוקה לשם שמים וועט האָבן א קיום, און אז די מחלוקה ניט לשם שמים וועט קיין קיום ניט האָבן, נאָר מען מיינט, אז די זאך, דער תכלית, וועגן וואָס די מחלוקה גייט, וועט האָבן א קיום. איזו, וואָסערע איז א מחלוקה לשם שמים? די מחלוקה פון הלל און שמאי. מיר געפינען אין דער משנה אין א סך ערטער, ווי די בית שמאי און די בית הלל זיינען מחולק אין הלכות, צו דער דין איז אזוי צי אנ־דערש. ווייל זייער מחלוקה איז געווען לשם שמים, האָבן דאריבער ביידע ישיבות געהאט א קיום, און די הלכות וועגן וועלכע זיי זענען געווען מחולק, זענען מבורר געוואָרן און

לְשֵׁם שָׁמַיִם, זוֹ מַחֲלֹקֶת הִלֵּל וְשַׁמַּאי, וְשֶׁאֵינָהּ לְשֵׁם שָׁמַיִם, זוֹ מַחֲלֹקֶת קֹרַח וְכָל עֲדָתוֹ: **יח** כָּל הַמְזַכֶּה אֶת הָרַבִּים, אֵין חֵטְא בָּא עַל יָדוֹ, וְכָל הַמַּחֲטִיא אֶת הָרַבִּים, אֵין מַסְפִּיקִים בְּיָדוֹ לַעֲשׂוֹת תְּשׁוּבָה. מֹשֶׁה זָכָה וְזִכָּה אֶת הָרַבִּים, זְכוּת הָרַבִּים תָּלוּי בּוֹ, שֶׁנֶּאֱמַר, צִדְקַת יְיָ עָשָׂה וּמִשְׁפָּטָיו עִם יִשְׂרָאֵל. יָרָבְעָם בֶּן נְבָט חָטָא, וְהֶחֱטִיא אֶת הָרַבִּים, חֵטְא הָרַבִּים תָּלוּי בּוֹ, שֶׁנֶּאֱמַר, עַל חַטֹּאות יָרָבְעָם אֲשֶׁר חָטָא וַאֲשֶׁר הֶחֱטִיא אֶת יִשְׂרָאֵל: **יט** כָּל מִי שֶׁיֵּשׁ בּוֹ שְׁלשָׁה דְבָרִים הַלָּלוּ, הוּא מִתַּלְמִידָיו שֶׁל אַבְרָהָם אָבִינוּ, וּשְׁלשָׁה דְבָרִים אֲחֵרִים הוּא מִתַּלְמִידָיו שֶׁל בִּלְעָם הָרָשָׁע. עַיִן טוֹבָה, וְרוּחַ נְמוּכָה, וְנֶפֶשׁ שְׁפָלָה, מִתַּלְמִידָיו שֶׁל אַבְרָהָם אָבִינוּ. עַיִן

**מען האָט זיי אויפגעקלערט.** ושאינה, און (וואָסערע איז א מחלוקה) וואָס איז ניט לשם שמים? דאָס איז די מחלוקה פון קורח און זיין גאַנצע עדה. **וועגן דער מחלוקה פון קורח און זיין עדה קעגן משה רבנו און אהרן הכהן און ווי די ערד האָט איינגעשלינגען קורח׳ן און זיינע מענטשן ווערט דערציילט אין במדבר ט״ז.**

יח. כל, יעדער וואָס מאַכט גוט (פּירט אין גוטן וועג) א סך מענטשן (מזכה את הרבים), קומט ניט דורך אים קיין זינד. **פון הימל היט מען אים, אז מענטשן זאָל ניט נכשל ווערן דורך אים אין קיין זינד.** וכל המחטיא, און ווער עס מאַכט זינדיקן א סך מענטשן, דערלאָזט מען ניט (פון הימל) אז ער זאָל תשובה טאָן. **ווייל די מענטשן וועלכע ער האָט דערפירט צום זינדיקן, זענען דאָך געבליבן זינדיקע, און עס איז דאָך ניט ריכטיק, אז ער זאָל נאָכן תשובה טאָן זיין אין גן עדן, און די וועלכע ער האָט געמאַכט פאַר זינדיקע, זאָלן זיין אין גיהנום.** משה זכה, משה (רבנו) האָט אליין געטאָן גוטס (מקיים געווען מצוות) און ער האָט א סך מענטשן (דאָס פאָלק ישראל) געלערנט צו טאָן גוטס, ווערט אים צוגערעכנט (תלוי בו) אויך דער זכות פון די אלע מענטשן, וואָרום עס ווערט געזאָגט (דברים ל״ג) „צדקת ה׳ עשה ומשפטיו עם ישראל, ער האָט געטאָן די גערעכטקייט פון גאָט און זיינע געזעצן מיט די יידן״. **די משנה טייטשט אין דעם פּסוק, אז אויך די אלע מצוות וואָס די יידן האָבן געטאָן ווערט פאַררעכנט ווי ער, משה, האָט זיי געטאָן.** ירבעם חטא, ירבעם (בן נבט, דער מלך פון ישראל) האָט (אליין) געזינדיקט און האָט דערפירט א סך מענטשן צום זינדיקן, ווערט אים צוגערעכנט אויך די זינד פון די אלע מענטשן, וואָרום עס ווערט געזאָגט (מלכים א׳, ט״ו) „על חטאת ירבעם אשר חטא ואשר החטיא את ישראל, פאַר די זינד פון ירבעם, וואָס האָט געזינדיקט און האָט געמאַכט זינדיקן ישראל״. **וועגן ירבעם בן נבט, וועלכער האָט אָפּגעריסן צפון ארץ ישראל פון יהודה און פון ירושלים און איז געווען דער ערשטער מלך אין מלכות ישראל, ווערט דערציילט אין מלכים א׳, י״ב אַז ער האָט אוועקגעשטעלט אין בית אל און דן גאָלדענע קעלבער און געהייסן די יידן דינען צו זיי.**

יט. כל, יעדער וואָס האָט די דאָזיקע דריי זאַכן (דריי מעלות, דריי מידות טובות) איז פון די תלמידים פון אברהם אבינו; און (יעדער וואָס האָט) די דריי אנדערע זאַכן (שלעכטע מידות) איז פון די תלמידים פון בלעם הרשע. **און די משנה רעכנט צוערשט אויס די גוטע מידות.** עין טובה, (ווער עס האָט) א גוט אויג, א נידריק געמיט (רוח נמוכה) און א באַשיידן האַרץ (נפש שפלה) איז ער פון די תלמידים פון אברהם אבינו. **מיט עין טובה, א גוט אויג, מיינט מען אז ער איז קיינעם ניט מקנא. מיט רוח נמוכה, א נידריק געמיט, מיינט מען, אז ער האַלט ניט פון זיך גרויס. און מיט „נפש שפלה״, מיט א „באַשיידן האַרץ״ מיינט מען אז ער פאַרלאַנגט ניט קיין סך.** עין רעה, (ווער עס האָט) א שלעכט אויג, און א גאַוהדיק געמיט, און אַן אויפגעריסן האַרץ (נפש רחבה, פאַרלאַנגט א סך) איז ער פון די תלמידים פון בלעם הרשע.

רָעָה, וְרוּחַ גְּבוֹהָה, וְנֶפֶשׁ רְחָבָה, מִתַּלְמִידָיו שֶׁל בִּלְעָם הָרָשָׁע. מַה בֵּין תַּלְמִידָיו שֶׁל אַבְרָהָם אָבִינוּ לְתַלְמִידָיו שֶׁל בִּלְעָם הָרָשָׁע? תַּלְמִידָיו שֶׁל אַבְרָהָם אָבִינוּ אוֹכְלִים בָּעוֹלָם הַזֶּה וְנוֹחֲלִים הָעוֹלָם הַבָּא, שֶׁנֶּאֱמַר, לְהַנְחִיל אֹהֲבַי יֵשׁ וְאֹצְרֹתֵיהֶם אֲמַלֵּא. תַּלְמִידָיו שֶׁל בִּלְעָם הָרָשָׁע יוֹרְשִׁים גֵּיהִנֹּם וְיוֹרְדִים לִבְאֵר שַׁחַת, שֶׁנֶּאֱמַר, וְאַתָּה אֱלֹהִים תּוֹרִדֵם לִבְאֵר שַׁחַת אַנְשֵׁי דָמִים וּמִרְמָה לֹא יֶחֱצוּ יְמֵיהֶם וַאֲנִי אֶבְטַח בָּךְ: **כ** יְהוּדָה בֶּן תֵּימָא אוֹמֵר, הֱוֵה עַז כַּנָּמֵר, וְקַל כַּנֶּשֶׁר, רָץ כַּצְּבִי, וְגִבּוֹר כָּאֲרִי, לַעֲשׂוֹת רְצוֹן אָבִיךָ שֶׁבַּשָּׁמָיִם: הוּא הָיָה אוֹמֵר, עַז פָּנִים לְגֵיהִנֹּם, וּבוֹשׁ פָּנִים לְגַן עֵדֶן: יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ שֶׁיִּבָּנֶה בֵּית הַמִּקְדָּשׁ בִּמְהֵרָה בְיָמֵינוּ וְתֵן חֶלְקֵנוּ בְּתוֹרָתֶךָ: **כא** הוּא הָיָה אוֹמֵר, בֶּן חָמֵשׁ שָׁנִים לַמִּקְרָא,

**וועגן בלעם ווערט אָפּגעלערנט פון דער פרשה אין בלק אז ער איז געווען ביי זיך גאוהדיק און אז ער האָט געגלוסט צו א סך געלט.** מה, וואָס איז דער אונטערשיד צווישן די תלמידים פון אברהם אבינו און די תלמידים פון בלעם הרשע? די תלמי־דים פון אברהם אבינו עסן (אוכלים, געניסן פון די פּרוכטן פון זייערע מצוות) אויף דער וועלט, און זיי האָבן (נוחלין, זיי ירשענען, קויפן זיך איין מיט די מצוות) יענע וועלט (עולם הבא), וואָרים עס ווערט געזאָגט (משלי ח׳) „להנחיל אוהבי יש ואוצ־רותם אמלא, צו געבן מיינע ליבהאָבער וואָס איז פאַראַן (יש) און איך וועל אָנפילן זייערע אוצרות״. **צום סוף פון משניות עוקצין ווערט פון דאָזיקן פּסוק אָפּגעלערנט, אז יעדער צדיק וועט האָבן 310 וועלטן וויפיל עס באַטרעפט דאָס וואָרט „יש״.** אבער תלמידיו, אָבער די תלמידים פון בלעם הרשע ירשענען (וועלן) האָבן דעם גיה־נום און זיי גייען אַראָפּ אין דעם גרוב פון אונטערגאַנג (באר שחת) וואָרום עס ווערט געזאָגט (תהלים נ״ה) „און דו גאָט וועסט זיי אַראָפּנידערן אין דעם גרוב פון אונטער־גאַנג; די מענטשן פון בלוט און אָפּנאַרעריי וועלן ניט אויסלעבן זייער העלפט טעג (יאָרן); אָבער איך האָב בטחון אין דיר״. **אין דער גמרא איז פאַראַן א מסורה אז בלעם איז געהרגעט געוואָרן ווען ער איז אַלט געווען 33 יאָר. און אזוי ווי דעם מענטש׳ס יאָרן זענען דאָך געוויינטליך 70 יאָר, הייסט עס אז ער האָט ניט אויסגע־לעבט א העלפט פון זיינע יאָרן.**

כ. יהודה בן תימא זאָגט, זיי דרייסט ווי א לעמפּערט (ניט צו שעמען זיך פאַר קיינעם און ניט אָפּצושרעקן זיך פאַר קיין זאַך ביים טאָן אַ מצוה) און לייכט ווי אַן אָדלער, און געשווינד (רץ, לויפן געשווינד) ווי א הירש, און שטאַרק ווי א לייב צו טאָן דעם ווילן פון דיין פאָטער אין הימל (פון גאָט). **זיין מוטיק, דרייסט, ניט פויל און שטאַרק ביי זיך, ביים טאָן מצוות און לערנען תורה.** הוא, ער (יהודה בן תימא) פלעגט זאָגן, דער (מענטש וועלכער איז א) עזות פנים (א מחוצף) איז צום גיהנום. **ווייל חוצפה פירט צו עבירות.** ובושת פנים, און דער (מענטש) וואָס האָט אין זיך בושה, איז צום גן עדן. **ווייל ער שעמט זיך פאַר גאָט און פאַר מענטשן, און ער וועט ניט זינדיקן.** יהי רצון, עס זאָל זיין דער ווילן פאַר דיר, גאָט אונזער גאָט, אז דיין שטאָט (ירושלים) זאָל געבויט ווערן אינגיכן אין אונזערע טעג, און גיב אונז אונזער חלק אין דיין תורה. **אין טייל משניות איז אנשטאט „עירך״ דאָ פאַראַן די גירסא „בית המקדש״, און די תפילה איז אז דאָס בית המקדש זאָל געבויט ווערן.**

כא. הוא, ער (יהודה בן תימא) פלעגט זאָגן, א יינגל פינף יאָר אַלט (בן חמש, זאָל אָנהויבן לערנען) תנך. **„מקרא״ הייסט תורה נביאים וכתובים, ווייל דאָס זענען געווען ספרים וואָס מען האָט אויפגעשריבן און מען האָט אין זיי געליינט (קרא).** בן עשר, א יינגל פון צען יאָר צו משנה. **זאָל מען מיט אים אָנהייבן לערנען משניות.** בן שלש עשרה, א יינגל פון דרייצן יאָר צו מצוות. **דאַמאָלס ווערט ער א בר מצוה**

בֶּן עֶשֶׂר שָׁנִים לַמִּשְׁנָה, בֶּן שְׁלֹשׁ עֶשְׂרֵה לַמִּצְוֹת, בֶּן חֲמֵשׁ עֶשְׂרֵה לַתַּלְמוּד, בֶּן שְׁמֹנֶה עֶשְׂרֵה לַחֻפָּה, בֶּן עֶשְׂרִים לִרְדּוֹף, בֶּן שְׁלֹשִׁים לַכֹּחַ, בֶּן אַרְבָּעִים לַבִּינָה, בֶּן חֲמִשִּׁים לְעֵצָה, בֶּן שִׁשִּׁים לְזִקְנָה, בֶּן שִׁבְעִים לְשֵׂיבָה, בֶּן שְׁמוֹנִים לִגְבוּרָה, בֶּן תִּשְׁעִים לָשׁוּחַ, בֶּן מֵאָה כְּאִלּוּ מֵת וְעָבַר וּבָטֵל מִן הָעוֹלָם: **כב** בֶּן בַּג בַּג אוֹמֵר, הֲפָךְ בַּהּ, וַהֲפָךְ בַּהּ, דְּכֹלָּא בַהּ, וּבַהּ תֶּחֱזֵא, וְסִיב וּבְלֵה בַהּ, וּמִנַּהּ לָא תְזוּעַ, שֶׁאֵין לְךָ מִדָּה טוֹבָה הֵימֶנָּה: **כג** בֶּן הֵא הֵא אוֹמֵר, לְפֻם צַעֲרָא אַגְרָא:

סליק מסכת אבות.

און ער הייסט שוין א דערוואקסענער מענטש און ער דארף מקיים זיין די מצוות. בן חמש עשרה, א זון פופצן יאָר אלט צו תלמוד. מיט „תלמוד" מיינט מען דאָ דאָס מסביר זיין די סברות פון דער משנה, די צוגאבן און די שקלא וטריא ארום די משנה־הלכות, גמרא. בן שמונה עשרה, א בחור אכצן יאָר אלט צו דער חופה. דאמאָלס איז די צייט אז ער זאָל שוין חתונה האָבן און ברענגען אַ נייעם דור. בן עשרים, א מאן צוואנציק יאָר אלט צום יאָגן זיך. דאָ הויבט אָן די משנה געבן דעם מצב פון מענטשן אין די פארשידענע צייטן פון זיין לעבן אויף דער ערד. צו 20 יאָר הויבן זיך די דאגות פון מענטש נאָכצויאָגן זיך, צו זוכן פרנסה. בן שלשים, א מאן צו דרייסיק יאָר צו שטארקייט. ווען דער מענטש איז אלט 30 יאָר איז ער אין דער צייט פון דער העכסטער מדרגה פון זיין קערפערליכן כח. בן ארבעים, א מאן פירציג יאָר אלט צו פארשטאנד. דאמאָלס איז דער שכל פון מענטש אמשטארקסטן. בן חמשים, א מאן פופציג יאָר אלט צו (פרעגן זיך ביי אים) אָן עצה. ווייל דאמאָלס האָט ער שוין געזען א סך אין לעבן און ער קוקט שוין אויפן לעבן און אלע געשעהענישן מיט ישוב הדעת. בן ששים, א מאן זעכציק יאָר אלט צו עלטער. דאמאָלס הייבט מען שוין אָן צו הייסן א עלטערער מאן און עס קומען שוין אָן די זקנה־יאָרן. בן שבעים, א מאן זיבציק יאָר אלט צו גראָקייט. „שיבה", גראָקייט, די האָר זענען שוין איינגאנצן גרא, און די עלטער איז שוין שטארק. בן שמונים, א מאן אכציק יאָר אלט צו גבורות. דאָס איז פון פסוק אין תהלים צ', וואו עס ווערט געזאָגט „ימי שנותינו בהם שבעים שנה ואם בגבורות שמונים שנה", אז געוויינטליך לעבט א מענטש 70 יאָר, נאָר גאָר שטארק (בגבורות) לעבט ער אכציק יאָר. בן תשעים, א מאן ניינציק יאָר אלט צום (גיין) איינגעבויגן. „לשוח", פון „שחוח", זיין איינגעבויגן. בן מאה, א מאן הונדערט יאָר אלט איז ווי ער איז שוין געשטאָרבן און ער איז אוועק און פארשווינדן (עבר ובטל) פון דער וועלט. די מפרשים זאָגן, אז יהודה בן תימא וויל דערמיט דערמאָנען דעם מענטש די פארגענגליכקייט פון לעבן און אז מען דארף אויסנוצן די צייט פאר מצוות און לערנען תורה.

כב. בן בג בג זאָגט, ארבייט אריין אין איר (הפוך בה, קלער אריין אין איר, אין דער תורה) און ארבייט אריין אין איר (כסדר), ווארום אלץ איז פאראן אין איר, און אין איר זאָלסטו קוקן, און ווער גרא און אלט אין איר (לערן תורה ביז טיפסטן עלטער), און פון איר זאָלסטו זיך ניט אוועקרירן, ווארום עס איז ניטאָ קיין בעסערע זאך (מידה) פון איר. די דאָזיקע ווערטער האָט בן בג בג געזאָגט אין אראמעאיש. בן בג בג איז געווען א תנא וועלכער האָט געלעבט לערך אין דער צייט פון חורבן פון 2טן בית המקדש. עס איז פאראן א ידיעה אז ער איז געווען א גר.

כג. בן הא הא זאָגט, לויט דעם צער איז דער לוין. די מפרשים טייטשן אריין אין דעם „לפום צערא אגרא" עטליכע פירושים. איינער איז, אז וואָס מער א מענטש האָט צער און מי ביים טאָן א מצוה אָדער ביים לערנען תורה אלץ א גרעסערן שכר וועט ער האָבן אויף יענער וועלט. אן אנדערער פירוש איז, אז וואָס מער צער און

# פרק א.

**א** הורו בית דין לעבור על אחת מכל המצות האמורות בתורה, והלך היחיד ועשה שוגג על פיהם, בין שעשו ועשה עמהן, בין שעשו ועשה אחריהן, בין שלא עשו ועשה, פטור, מפני שתלה בבית דין. הורו בית דין

מי א מענטש האט ביים לערנען תורה, אלץ בעסער פארשטייט ער די תורה, אלץ לענגער האלט זי זיך ביי אים, און דאס איז דער שכר. אויך וועגן בן הא הא איז פאר־ראן א דעה אז ער איז געוועזן א גר. — ביים זאגן פרקי אבות זומער ווערט דא צוגעגעבן נאך א פרק, דער זעקסטער, „שנו חכמים", וועלכער ווערט אויך גע־רופן „ברייתא דקנין תורה", ווייל באמת איז עס ניט קיין משנה נאר א ברייתא.

(סליק מסכתא אבות — געענדיקט מסכתא אבות)

## מסכתא הוריות

### הקדמה

די מסכתא הוריות, וועלכע האט דריי פרקים לערנט די הלכות וועגן דעם פאל אויב דאס בית דין, דאס סנהדרין, (אפילו דאס קליינע סנהדרין פון 23 דיינים לויט דער מיינונג פון איין תנא, פון ר' יהודה, אדער דאס גרויסע סנהדרין אין ירושלים פון 71 דיינים לויט דער מיינונג פון אנדערע תנאים) האבן געפסקנט ניט ריכטיק א הלכה. פסקנען הייסט „הורה", און דער פסק דין הייסט „הוראה", און דער לשון רבים דערפון איז „הוראות" און אויך „הוריות". ווען דאס בית דין האט געפסקנט ניט ריכטיק אז מען מעג טאן א הארבע עבירה, וואס באמת איז דער דין אז אויב מען טוט זי במזיד קומט דערפאר כרת (פארשניטן צו ווערן פון הימל) אדער מיתה (טויט־שטראף), און אויב מען טוט זי בשוגג דארף מען ברענגען א קרבן חטאת אין בית המקדש, לערנט דא די משנה וואס דארף זיין אויב איין ייד, א יחיד, האט גע־פאלגט דעם בית דין און ער האט עובר געווען די עבירה, אדער אויב א סך יידן האבן געטאן די עבירה. די משנה לערנט אויך די דינים אויב דער כהן גדול (כהן משיח) האט געפסקנט ניט ריכטיק און ער האט עובר געווען אזא הארבע עבירה. אגב, לערנט שוין די משנה נאך עטליכע הלכות וועגן כהן גדול און אויך עטליכע הלכות וועגן דער חשיבות פון פארשידענע מענטשן.

### פרק א.

א. הורו, אויב דאס בית דין (דאס סנהדרין) האט געפסקנט אז מען מעג עובר זיין אויף איינער פון די געבאטן אין דער תורה (אזא עבירה, וואס אויב מען טוט זי בשוגג דארף מען ברענגען א קרבן חטאת), און איינער (א יחיד, איין ייד) איז גע־גאנגען און ער האט געטאן די עבירה בשוגג (ער האט געמיינט אז מען מעג זי טאן) ווייל זיי האבן אזוי געפסקנט (על פיהם, צוליב זייער פסק דין), סיי זיי (די דיינים פון סנהדרין) האבן געטאן (עובר געווען די עבירה) און ער (דער דאזיקער ייד) האט געטאן (עובר געווען די עבירה) מיט זיי (צוזאמען מיט זיי, אין דערזעלביקער צייט), און סיי זיי (די סנהדרין־דיינים) האבן (צוערשט) געטאן (עובר געווען די עבירה) און דערנאך האט ער (דער ייד) געטאן, און סיי זיי (די סנהדרין־דיינים) האבן ניט גע־טאן (ניט עובר געווען במעשה די עבירה) און ער (דער ייד) האט יא געטאן (יא עובר געווען די עבירה, — איז ער פטור (דארף ער ניט ברענגען דעם קרבן חטאת), ווייל ער האט עס אנגעהאנגען אין בית דין. **מחמת ער האט דאך געטאן די עבירה, ווייל ער האט זיך פארלאזט אויף דעם בית דינ'ס פסק־דין, ער האט עס „אנגעהאנגען" אין בית דין, דעריבער איז ער פטור פון ברענגען דעם קרבן חטאת.** הורו, אויב דאס בית־דין האט געפסקנט (וועגן דער הארבער עבירה אז מען מעג זי טאן) און איינער פון זיי (פון די דיינים וועלכער) האט געוואוסט אז זיי האבן א טעות געהאט אדער א תלמיד

וְיָדַע אֶחָד מֵהֶן שֶׁטָּעוּ, אוֹ תַלְמִיד, וְהוּא רָאוּי לְהוֹרָאָה, וְהָלַךְ וְעָשָׂה עַל פִּיהֶן, בֵּין שֶׁעָשׂוּ וְעָשָׂה עִמָּהֶן, בֵּין שֶׁעָשׂוּ וְעָשָׂה אַחֲרֵיהֶן, בֵּין שֶׁלֹּא עָשׂוּ וְעָשָׂה, הֲרֵי זֶה חַיָּב. מִפְּנֵי שֶׁלֹּא תָלָה בְּבֵית דִּין. זֶה הַכְּלָל, הַתּוֹלֶה בְעַצְמוֹ חַיָּב, וְהַתּוֹלֶה בְּבֵית דִּין פָּטוּר:

**ב** הוֹרוּ בֵּית דִּין וְיָדְעוּ שֶׁטָּעוּ וְחָזְרוּ בָהֶן, בֵּין שֶׁהֵבִיאוּ כַפָּרָתָן וּבֵין שֶׁלֹּא הֵבִיאוּ כַפָּרָתָן, וְהָלַךְ וְעָשָׂה עַל פִּיהֶן, רַבִּי שִׁמְעוֹן פּוֹטֵר, וְרַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר, סָפֵק. אֵיזֶהוּ סָפֵק? יָשַׁב לוֹ בְתוֹךְ בֵּיתוֹ חַיָּב, הָלַךְ לוֹ לִמְדִינַת הַיָּם פָּטוּר. אָמַר רַבִּי עֲקִיבָא, מוֹדֶה אֲנִי בָזֶה שֶׁהוּא קָרוֹב לְפָטוּר מִן הַחוֹבָה. אָמַר לוֹ בֶּן עַזַּאי, מַאי שְׁנָא

וועלכער איז שוין ראוי צו פסקענען (א הלכה, און אויך ער האָט געוואוסט אז זיי האָבן א טעות געהאט), איז געגאנגען און ער האָט געטאָן (די עבירה) צוליב זיי (צוליב זייער פסק דין), סיי זיי האָבן געטאָן און ער האָט געטאָן צוזאמען מיט זיי, סיי זיי האָבן געטאָן און ער האָט געטאָן נאָך זיי, סיי זיי האָבן ניט געטאָן און ער האָט יאָ געטאָן, איז ער (דער דאָזיקער דיין, צי דער תלמיד דער בעל הוראה) חייב (צו ברענגען א קרבן חטאת), ווייל ער האָט עס ניט אנגעהאנגען אין בית דין. **ווארים דער דיין, צי דער תלמיד דער בעל הוראה,** (די גמרא זאָגט אפילו נור אויב **ער האָט געלערנט, כאָטש ער האָט ניט קיין היתר הוראה) האָט דאָך געוואוסט, אז די דיינים האָבן געפסקנט פאלש. ער הייסט אָבער א שוגג און ניט קיין מזיד, און ער דארף ברענגען דעם קרבן, ווייל ער האָט געמיינט, אז כאָטש דאָס בית דין האָט געפסקנט פאלש דארף מען מקיים זיין וואָס זיי זאָגן צוליב „מצוה לשמוע דברי חכמים", עס איז א מצוה צו פאָלגן וואָס די חכמים זאָגן. אזוי זאָגט די גמרא.** זה הכלל, דאָס איז דער כלל, דער וואָס הענגט עס אָפּ אין זיך אליין איז חייב (צו ברענגען דעם קרבן חטאת), און דער וואָס הענגט עס אָפּ אין בית דין איז פטור. **די גמרא זאָגט, אז מען מיינט דערמיט אויך א „מבעט בהוראה", איינעם, וועלכער האָט פריער אויך נישט געפאָלגט וואָס בית דין האָט געפסקנט; אויך אזעלכער דארף ברענגען א קרבן חטאת.**

ב. הורו, אויב בית דין האָט געפסקנט (וועגן א כרת-עבירה אז מען מעג זי טאָן), און זיי האָבן דערנאָך דערזען אז זיי האָבן א טעות געהאט (אָבער דערווייל האָט דער רוב פון יידן עובר געווען די עבירה צוליב זייער פסק דין, און דאריבער דארף דאָס בית דין ברענגען א קרבן), און זיי (די דיינים פון בית דין) האָבן צוריקגעצויגן (זייער פריערדיקן פסק דין), און ער (איינער א ייד, וועלכער האָט ניט געהערט אז דאָס בית דין האָט מבטל געמאכט דעם פריערדיקן פסק דין) האָט געטאָן (עובר געווען די עבירה) צוליב זיי (צוליב דעם פסק דין פון די בית דין-דיינים) סיי ער האָט דאָס געטאָן נאָכדעם ווי זיי (דאָס בית דין) האָבן שוין געבראכט זייער קרבן (כפרתן) סיי איידער זיי האָבן געבראכט זייער קרבן, — זאָגט ר' שמעון, אז ער איז פטור. **ער דארף ניט ברענגען קיין קרבן חטאת, ווייל ער האָט דאָך ניט געוואוסט אז דאָס בית דין האָט מבטל געמאכט דעם פריערדיקן פסק דין, הייסט עס אז ער האָט עובר געווען די עבירה נאָר צוליב דעם פריערדיקן פסק דין פון בית דין.** ור' אליעזר, און ר' אליעזר זאָגט, אז עס איז א ספק. וואָס הייסט (וואָס מיינט מען מיט) א ספק? אויב ער איז געווען אין זיין הויז (אין דער היים, וואו דאָס בית דין געפינט זיך), איז ער חייב (דארף ער ברענגען א קרבן), און אויב ער איז געהאט אוועקגעגאנגען אין א ווייטער מדינה (מדינת הים) איז ער פטור. **די משנה וועט ווייטער דערקלערן דעם טעם דערפון.** אמר, האָט ר' עקיבא געזאָגט, איך בין מודה ביים דאָזיקן (וועלכער איז געהאט אוועק אין א ווייטער מדינה און ער האָט דאָרט עובר געווען אויף דער עבירה) אז ער איז גיכער צו זיין פטור (פון ברענגען א קרבן) איידער צו זיין חייב. האָט בן עזאי געזאָגט צו אים (צו ר' עקיבא), מיט וואָס איז דער דאָזיקער (וועלכער איז אוועק

זֶה מִן הַיּוֹשֵׁב בְּבֵיתוֹ? שֶׁהַיּוֹשֵׁב בְּבֵיתוֹ אֶפְשַׁר הָיָה לוֹ שֶׁיִּשְׁמַע, וְזֶה לֹא הָיָה אֶפְשַׁר לוֹ שֶׁיִּשְׁמַע: ג הוֹרוּ בֵית דִּין, לַעֲקוֹר אֶת כָּל הַגּוּף, אָמְרוּ אֵין נִדָּה בַּתּוֹרָה, אֵין שַׁבָּת בַּתּוֹרָה, אֵין עֲ״זָ בַּתּוֹרָה, הֲרֵי אֵלּוּ פְּטוּרִין. הוֹרוּ לְבַטֵּל מִקְצַת וּלְקַיֵּם מִקְצַת, הֲרֵי אֵלּוּ חַיָּבִין. כֵּיצַד? אָמְרוּ יֵשׁ נִדָּה בַּתּוֹרָה, אֲבָל הַבָּא עַל שׁוֹמֶרֶת יוֹם כְּנֶגֶד יוֹם פָּטוּר. יֵשׁ שַׁבָּת בַּתּוֹרָה, אֲבָל הַמּוֹצִיא

אין דער ווייטער מדינה) אנדערש פון דעם וועלכער איז געבליבן זיצן ביי זיך אין הויז? (האָט ר׳ עקיבא אפגעענטפערט בן עזאי׳ן), ווייל דער וועלכער איז געבליבן זיצן ביי זיך אין הויז (אין דעם אָרט וואו דאָס בית דין געפינט זיך) האָט דאָך געוואט די מעגליכקייט צו הערן. **ער האָט דאָך געקאָנט פרעגן און געוואויר ווערן, אז דאָס בית דין האָט מבטל געמאכט דעם פריערדיקן פסק דין, און דאריבער אויב ער האָט געטאָן די עבירה איז עס זיין שולד, ווייל ער האָט זיך ניט געפרעגט.** וזה, אָבער דער דאָזיקער (וועלכער איז אוועק אין א ווייטער מדינה) האָט דאָך ניט געקאָנט הערן. **און ממילא הייסט עס אז ער האָט עובר געווען די עבירה נור צוליב דעם פריערדיקן פסק דין. מיט דעם וואָרט „ספק״ מיינט פריער ר׳ אליעזר צו זאָגן, אז ער דארף ברענגען אן „אשם תלוי״, א קרבן, וואָס מען דארף ברענגען אויב מען ווייסט ניט צי מען האָט עובר געווען א כרת־עבירה בשוגג. די גמרא זאָגט, אז ר׳ עקיבא האלט, אז ניט דוקא ווען ער איז שוין געהאַט אוועק אין דער ווייטער מדינה, נאָר אפילו ביי „החזיק בדרך״, ער האָט זיך געגרייט צו דער נסיעה, איז ער אויך פטור פון ברענגען דעם אשם תלוי, ווייל ער איז געווען פארנומען און ער האָט ניט געקאָנט פרעגן.**

ג. הורו, אויב בית דין האָט געפסקנט אויסצורייסן די גאנצע זאך (לעקור את כל הגוף, מתיר צו מאכן די גאנצע עבירה, למשל) זיי האָבן געזאָגט, אז עס איז אינ־גאנצן ניטאָ (די עבירה צו לעבן מיט) א נידה אין דער תורה, אָדער אז ס׳איז (אינגאנצן) ניטאָ קיין שבת אין דער תורה (אז עס איז ניטאָ קיין עבירה צו ארבייטן אים שבת), אָדער אז עס איז ניטאָ קיין עבודה זרה אין דער תורה (אז עס איז אינגאנצן ניטאָ קיין עבירה צו דינען דער עבודה זרה), זענען זיי פטור. **מיר האָבן שוין פריער געזאָגט, אז אויב די סנהדרין־דיינים האָבן געפסקנט אז מען מעג טאָן א הארבע עבירה (פאר וועלכער מען דארף ברענגען א קרבן חטאת אויב מען טוט זי בשוגג), און דער גרעסטער טייל יידן האָט צוליב דעם פסק דין עובר געווען אויף דער עבירה דארפן די סנהדרין־דיינים ברענגען א קרבן (די משנה וועט ווייטער אין משנה ה׳ זאָגן וואָס זיי דארפן ברענגען). זאָגט דאָ די משנה אז דאָס איז נור אויב זיי האָבן מתיר געמאכט א טייל פון דער עבירה; אָבער אויב זיי האָבן מתיר געמאכט די גאנצע עבירה, און דאָס איז א זאך וואָס אלע ווייסן, אז די עבירה טאָר מען ניט טאָן (זיל קרי בי רב, א זאך וואָס אפילו חדר־יינגגלעך ווייסן), דארפן די בית־דיינים ניט ברענגען קיין קרבן, אפילו דער רוב יידן האָבן זיי געפאָלגט און געטאָן די עבירה.** הורו לבטל, (אויב אָבער) זיי (די בית־דין־דיינים) האָבן געפסקנט אָפצושאפן (מתיר צו מאכן) א טייל (מקצת, אביסל) פון דער עבירה און איבערצולאָזן (לקיים) אביסל (צו זאָגן אז א טייל פון דער עבירה טאָר מען ניט טאָן), זענען זיי חייב. **אין אזא פאל דארפן זיי יאָ ברענגען דעם קרבן אויב ס׳רוב יידן האָבן זיי געפאָלגט און געטאָן דעם טייל עבירה וואָס די דיינים האָבן זיי מתיר געמאכט.** כיצד, ווי אזוי? אויב זיי האָבן געזאָגט, אז עס איז פאראן אין דער תורה (דער פארבאָט אז מען טאָר ניט לעבן מיט דער פרוי ווען זי איז) א נידה, אָבער אז איינער קומט אויף א פרוי ווען זי ווארט א טאָג נאָך א טאָג (שומרת יום כנגד יום) איז ער פטור (איז פריי פון דער עבירה), אָדער זיי זאָגן, אז עס איז פאראן אין דער תורה (אז מען טאָרניט טאָן קיין ארבעט אים) שבת, אָבער ווען איינער טראָגט ארויס (א זאך אים שבת) פון רשות היחיד (פון הויז) אין רשות

מֵרְשׁוּת הַיָּחִיד לִרְשׁוּת הָרַבִּים, פָּטוּר. יֵשׁ עַ״ז בַּתּוֹרָה, אֲבָל הַמִּשְׁתַּחֲוֶה פָּטוּר. הֲרֵי אֵלּוּ חַיָּבִין. שֶׁנֶּאֱמַר, וְנֶעְלַם דָּבָר, דָּבָר וְלֹא כָּל הַגּוּף:

ד הוֹרוּ בֵּית דִּין וְיָדַע אֶחָד מֵהֶן שֶׁטָּעוּ, וְאָמַר לָהֶן טוֹעִין אַתֶּם, אוֹ שֶׁלֹּא הָיָה מוּפְלָא שֶׁל בֵּית דִּין שָׁם, אוֹ שֶׁהָיָה אֶחָד מֵהֶן גֵּר אוֹ מַמְזֵר, אוֹ נָתִין, אוֹ זָקֵן שֶׁלֹּא רָאָה (לוֹ) בָנִים, הֲרֵי אֵלּוּ פְּטוּרִין, שֶׁנֶּאֱמַר כָּאן עֵדָה, וְנֶאֱמַר לְהַלָּן עֵדָה, מָה עֵדָה הָאֲמוּרָה לְהַלָּן, עַד שֶׁיִּהְיוּ כֻלָּם רְאוּיִם לְהוֹרָאָה, אַף עֵדָה הָאֲמוּרָה כָּאן עַד שֶׁיִּהְיוּ כֻלָּן רְאוּיִם לְהוֹרָאָה. הוֹרוּ בֵּית דִּין

הרבים (אין גאס) איז ער פטור (פריי פון דער עבירה), אָדער אז ס׳איז פאראן אין דער תורה (דער פארבאָט אז מען טאָרניט דינען דער) עבודה זרה אָבער ווער עס בוקט זיך (צו דער עבודה זרה) איז פטור (פריי פון דער עבירה),—זענען זיי (די סנהדרין־דיינים) חייב. **זיי דארפן ברענגען דעם קרבן אויב ס׳רוב יידן האָבן זיי געפאָלגט, ווייל זיי האָבן דאָך נור מתיר געמאכט א טייל פון דער עבירה. ווענן „שומרת יום כנגד יום״ זע וואס מיר האָבן געגעבן אין פסחים פרק ח׳ משנה ה׳. די גמרא זאָגט דאָ, אז באמת הייסט דאָס מתיר מאכן א „שומרת יום כנגד יום״, אָדער ארויסטראָגן פון הויז אין גאס אים שבת אָדער בוקן זיך צו דער עבודה זרה, אויך מתיר געמאכט א גאנצע עבירה; נאָר די משנה מיינט דאָ, אז זיי האָבן געפסקנט, אז א זבה (א פרוי מיט אן אומריינער פליסיקייט, און מיט אזא פרוי טאָר מען ניט האָבן געשלעכטליכן פארקער) הייסט נור בייטאג און ניט ביינאכט. אָדער זיי האָבן געפסקנט, אז ארויסטראָגן אים שבת טאָר מען נישט, אָבער ארויסוואַרפן אים שבת א זאך פון הויז אין דער גאס ארויס (זורק) מעג מען יאָ, אָדער זיי האָבן געפסקנט אז בוקן זיך צו דער עבודה זרה טאָר מען נישט נור ווען מען ציט זיך אויס אינגאנצן אויף דער ערד, און מען מעג ווען מען בייגט זיך פאר איר — דאָס הייסט מתיר געמאכט נור א טייל עבירה.** שנאמר, ווארום עס ווערט געזאָגט (ויקרא ד׳) „ונעלם דבר, און עס וועט פארהוילן ווערן (פון די סנהדרין־דיינים) א זאך״, (מיינט מען) „דבר, עטוואָס, (א טייל) אָבער ניט דעם גאנצן יסוד („כל הגוף״ די גאנצע זאך). **מען לערנט עס דערפון א שטייגער ווי אין פסוק וואָלט געשטאנען ,ונעלם מדבר״, „פון א זאך״, דאָס הייסט נאָר א טייל פון דער זאך.**

ד. הורו, אויב א בית דין האָבן געפסקנט (צו טאָן א עבירה, און איינער פון זיי (פון די דיינים) האָט געוואוסט אז זיי האָבן א טעות געהאַט און ער האָט געזאָגט צו זיי „איר זענט זיך טועה״, אָדער דער גרעסטער פון די דיינים (מופלא של בית דין) איז דאָרט ניט געווען (איז ניט געווען דאביי ווען מען האָט פאלש געפסקנט), אָדער איינער פון זיי (פון די דיינים) איז געווען א גר אָדער א ממזר אָדער א נתין, אָדער אן אלטער מאן וואס האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין קינדער (און א גר אָדער א ממזר אָדער א נתין אָדער אן אלטער מאן וואס האָט ניט געהאַט קיין קינדער טאָרן ניט זיין אין סנהדרין), זיינען זיי פטור. **זיי דארפן ניט ברענגען דעם קרבן, אויב ס׳רוב יידן האָבן עובר געווען אויף דער עבירה צוליב זייער פאלשן פסק דין.** שנאמר, ווייל עס ווערט געזאָגט דאָ (ויקרא ד׳ יג) „עדה״ און עס ווערט געזאָגט דאָרט (במדבר ל״ה כ״ד ביים בית דין צו משפטן א רוצח) „עדה״, איז אזוי ווי דאָרט מיינט מען אז זיי אלע (די „עדה״, די פארזאמלונג פון דיינים) זאָלן זיין ראוי צו פסקענען, אזוי מיינט מען אויך דאָ, אז זיי אלע זאָלן זיין ראוי צו פסקענען. **א גר טאָרניט זיין א דיין אין סנהדרין און אויך א ממזר אָדער א נתין (וואס שטאמט פון די גבעונים אין יהושע ט׳) טאָרניט זיין א דיין אין סנהדרין. א זקן וועלכער האָט ניט געהאַט קיין קינדער טאָרניט זיין א דיין, ווייל ער האָט ניט דאָס רחמנות־געפיל פון א פאָטער.**

הורו, אויב בית דין האָבן געפסקנט בשוגג (זיי האָבן נישט געוואוסט אז זיי פסקענען פאלש דעם היתר צו טאָן די עבירה) און דער גאנצער קהל (ס׳רוב ייד) האָבן

שׁוֹגְגִין וְעָשׂוּ כָּל הַקָּהָל שׁוֹגְגִין, מְבִיאִין פָּר. מְזִידִין וְעָשׂוּ שׁוֹגְגִין, מְבִיאִין כִּשְׂבָּה וּשְׂעִירָה. שׁוֹגְגִין וְעָשׂוּ מְזִידִין, הֲרֵי אֵלּוּ פְּטוּרִין: ה הוֹרוּ בֵּית דִּין וְעָשׂוּ כָּל הַקָּהָל אוֹ רֻבָּן עַל פִּיהֶם, מְבִיאִין פָּר, וּבַעֲ"ז מְבִיאִין פָּר וְשָׂעִיר, דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, שְׁנֵים עָשָׂר שְׁבָטִים מְבִיאִים שְׁנֵים עָשָׂר פָּרִים, וּבַעֲ"ז מְבִיאִין שְׁנֵים עָשָׂר פָּרִים וּשְׁנֵים עָשָׂר שְׂעִירִים. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, שְׁלֹשָׁה עָשָׂר פָּרִים, וּבַעֲ"ז שְׁלֹשָׁה עָשָׂר פָּרִים וּשְׁלֹשָׁה עָשָׂר שְׂעִירִים. פָּר וְשָׂעִיר לְכָל שֵׁבֶט וְשֵׁבֶט, פָּר וְשָׂעִיר לְבֵית דִּין. הוֹרוּ בֵּית דִּין וְעָשׂוּ שִׁבְעָה שְׁבָטִים אוֹ רֻבָּן עַל פִּיהֶם, מְבִיאִין פָּר, וּבַעֲ"ז

געטאָן די עבירה בשוגג (זיי האָבן געמיינט אז מען מעג), דארפן זיי ברענגן (א קרבן) אן אָקס; (אויב אָבער די דיינים האָבן געפסקנט) במזיד (זיי האָבן געוואוסט, אז זיי פסקענען פאלש) און זיי (ס׳רוב יידן) האָבן געטאָן (די עבירה) בשוגג (זיי האָבן געמיינט אז מען מעג) דארפן זיי ברענגן א שעפסל א נקבה (כבשה) אָדער א ציג א נקבה (שעירה). **דאָ מיינט די משנה אז יעדער פון די יידן וואָס האָט עובר געווען אויף דער עבירה דארף ברענגן א קרבן חטאת א שעפסל אָדער א ציג. וועגן דעם אָקס וועט די משנה ווייטער אין משנה ה׳ ברענגען די מחלוקה פון ר׳ מאיר און ר׳ יהודה ווער עס דארף אים ברענגן.** שוגגין ועשו מזידין, (אויב זיי האָבן געפסקנט) בשוגג (די דיינים האָבן ניט געוואוסט אז זיי פסקענען פאלש) און זיי (ס׳רוב יידן) האָבן געטאָן (די עבירה) במזיד (זיי האָבן געוואוסט אז דאָס בית דין האָט פאלש געפסקנט), זענען זיי פטור. **די דיינים פון בית דין דארפן ניט ברענגען ווייל די יידן האָבן דאָך געטאָן די עבירה ניט צוליב זייער פסק דין, מחמת זיי האָבן דאָך געוואוסט אז דער פסק דין איז פאלש. די יידן דארפן ניט ברענגן, ווייל זיי האָבן דאָך געזינדיקט במזיד, און פאר א עבירה במזיד ברענגט מען נישט קיין קרבן.**

ה. הורו, אויב בית דין האָט געפסקנט (פאלש מתיר געווען א הארבע עבירה) און דאָס גאנצע קהל (דאָס גאנצע פאָלק) אָדער דער רוב (פון יידן) האָבן געטאָן (די עבירה) צוליב זיי (צוליב זייער פסק דין), ברענגן זיי (די דיינים פון בית דין) א אָקס (אלס קרבן); און ביי עבודה זרה (אויב זיי האָבן פאלש מתיר געמאכט די עבירה צו דינען דער עבודה זרה) דארפן זיי ברענגן א אָקס און א ציגנבאָק, אזוי זאָגט ר׳ מאיר. **דער דאָזיקער קרבן פון אָקס הייסט „פר העלם דבר של ציבור״, און עס ווערט וועגן אים געלערנט אין ויקרא ד׳, י״ג. וועגן דעם אָקס און ציגנבאָק ווערט געלערנט אין במדבר ט״ו, כ״ד „והיה אם מעיני העדה נעשתה לשגגה״ און ווייל דאָרט (אין פסוק כ״ב) ווערט געזאָגט וכי תשגו ולא תעשו את כל המצוות האלה״ ווערט אָנגענומען אז דאָס מיינט מען עבודה זרה וואָס איז אזוי ווי אלע מצוות צו־זאמען.** ר׳ יהודה זאָגט אז די צוועלף שבטים (אויב זיי האָבן געטאָן די עבירה צוליב דעם פאלשן פסק דין פון בית דין) ברענגן צוועלף אָקסן (יעדער פון זיי אן אָקס) און ביי עבודה זרה (אויב דאָס ביתדין האָט פאלש געפסקנט ביי עבודה זרה און די שבטים האָבן געטאָן די עבירה) ברענגן זיי (די צוועלף שבטים) צוועלף אָקסן און צוועלף ציגנבאָקן. **ר׳ יהודה איז מחולק מיט ר׳ מאיר אין 2 זאכן. ערשטנס, אז ניט דאָס בית דין ברענגט דעם קרבן נאָר דאָס קהל, די יידן. צווייטנס, אז יעדער שבט באזונדער ברענגט דעם קרבן.** ר׳ שמעון זאָגט, אז (מען ברענגט) דרייצן אָקסן, און ביי עבודה זרה דרייצן אָקסן און דרייצן ציגנבאָקן, אן אָקס און א ציגנבאָק פאר יעדן שבט, און אן אָקס און א ציגנבאָק פאר בית דין. **ר׳ שמעון האלט ווי ר׳ יהודה אז יעדער שבט ברענגט א באזונדערן קרבן, אָבער ער האלט אז אויך דאָס בית דין ברענגט א קרבן.** הורו, אויב בית דין האָט געפסקנט (פאלש מתיר געמאכט א הארבע עבירה), און זיבן שבטים האָבן געטאָן די עבירה צוליב זיי (צוליב זייער פסק דין)

מְבִיאִין פַּר וְשָׂעִיר, דִּבְרֵי רַבִּי מֵאִיר. רַבִּי יְהוּדָה אוֹמֵר, שִׁבְעָה שְׁבָטִים שֶׁחָטְאוּ מְבִיאִין שִׁבְעָה פָּרִים, וּשְׁאָר שְׁבָטִים שֶׁלֹּא חָטְאוּ מְבִיאִין עַל יְדֵיהֶן פַּר, שֶׁאַף אֵלּוּ שֶׁלֹּא חָטְאוּ, מְבִיאִין עַל יְדֵי הַחוֹטְאִים. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, שְׁמֹנָה פָּרִים, וּבַעֲ"ז שְׁמֹנָה פָּרִים וּשְׁמֹנָה שְׂעִירִים, פַּר וְשָׂעִיר לְכָל שֵׁבֶט וְשֵׁבֶט, פַּר וְשָׂעִיר לְבֵית דִּין.

הוֹרוּ בֵּית דִּין שֶׁל אֶחָד מִן הַשְּׁבָטִים וְעָשָׂה אוֹתוֹ הַשֵּׁבֶט עַל פִּיהֶם, אוֹתוֹ הַשֵּׁבֶט הוּא חַיָּב וּשְׁאָר כָּל הַשְּׁבָטִים פְּטוּרִין, דִּבְרֵי רַבִּי יְהוּדָה. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים אֵין חַיָּבִין אֶלָּא עַל הוֹרָיַת בֵּית דִּין הַגָּדוֹל בִּלְבָד, שֶׁנֶּאֱמַר, וְאִם כָּל עֲדַת יִשְׂרָאֵל יִשְׁגּוּ, וְלֹא עֲדַת אוֹתוֹ שֵׁבֶט:

# פרק ב.

**א הוֹרָה כֹּהֵן מָשִׁיחַ לְעַצְמוֹ, שׁוֹגֵג וְעָשָׂה שׁוֹגֵג, מֵבִיא פָּר. שׁוֹגֵג וְעָשָׂה**

אָדער דער רוב פון יידן (דאָס הייסט אָדער זיבן שבטים וועלכע זיינען דער רוב פון די צוועלף שבטים כאָטש אין צאָל מענטשן זענען זיי ניט קיין רוב פון אלע יידן, אָדער דער רוב פון אלע יידן כאָטש פון שבטים זענען זיי ניט קיין רוב) ברענגען זיי (דאָס בית דין) אן אָקס, און ביי עבודה זרה ברענגען זיי (דאָס בית דין) אן אקס און אַ ציגנבאָק, אזוי זאָגט ר' מאיר. **ווייל דאָס הייסט דאָס רוב פון יידישן פאָלק.** ר' יהודה זאָגט, די זיבן שבטים וועלכע האָבן געזינדיקט ברענגען זיבן אָקסן און זיבן ציגנ־באָקן, און די איבריקע שבטים וועלכע האָבן ניט געזינדיקט ברענגען אן אָקס, ווייל כאָטש די דאָזיקע האָבן ניט געזינדיקט ברענגען זיי (א קרבן) צוליב די זינדיקע. **די גמרא זאָגט (און אזוי זאָגט אויך דער רמבם אין יד החזקה הלכות שגגות פרק י"ב) אז די משנה מיינט, אז פון די איבריקע ניט־זינדיקע שבטים ברענגט יעדער שבט אן אָקס.** ר' שמעון זאָגט, אז זיי ברענגען אכט אָקסן, און ביי עבודה זרה אכט אָקסן און אכט ציגנבאָקן, אן אקס און א ציגנבאָק פאר יעדן שבט (פון די זיבן זינדיקע שבטים) און אן אָקס און א ציגנבאָק פאר בית דין. **אָבער די ניט־זינדיקע שבטים דאַרפן ניט ברענגען קיין קרבן.** הורו, אויב דאָס בית דין (דאָס קליינע סנ־הדרין פון דריי און צוואנציק דיינים) פון איינעם פון די שבטים האָט געפסקנט (פאַלש מתיר געמאכט א הארבע עבירה), און דער דאָזיקער שבט האָט געטאָן (די הארבע עבירה) צוליב זיי (צוליב דעם פסק דין פון בית דין), איז דער דאָזיקער שבט מחויב (צו ברענגען דעם קרבן) און אלע איבריקע שבטים זיינען פטור (פון ברענגען דעם קרבן) אזוי זאָגט ר' יהודה. **מען מיינט דאָ אז דער דאָזיקער שבט איז אין צאָל מענטשן ניט דער רוב יידן פון יידישן פאָלק.** וחכמים, און די חכמים זאָגן, אז מען איז מחויב (צו ברענגען א קרבן) ניט אנדערש סיידן (מען טוט די עבירה) צוליב דעם פסק דין פון גרויסן בית דין (דעם גרויסן סנהדרין פון איין און זיבציק דיינים) אליין, ווארום עס ווערט געזאָגט (ויקרא ד') „ואם כל עדת ישראל ישגו, און אויב די גאנצע עדה פון ישראל וועט א טעות האָבן", און ניט די עדה פון דאָזיקן שבט. **לויט די חכמים מוזן זיין צוויי זאכן. ערשטנס, מוז דער פסק דין זיין פון דעם גרויסן סנהדרין. צווייטנס מוזן די עבירה האָבן געטאָן אָדער 7 שבטים (דער רוב פון די שבטים) אָדער דער רוב יידן פון יידישן פאָלק.**

## פרק ב.

א. הורה, אויב דער געזאלבטער כהן גדול (כהן המשיח, דער געזאלבטער כהן, דעם כהן גדול האָט מען אין דער צייט פון ערשטן בית המקדש געזאלבט מיט הייליקן הייל) האָט געפסקנט פאר זיך (פאַלש געפסקנט פאר זיך אז ער מעג טאָן א הארבע עבירה), אויב ער האָט (פאַלש געפסקנט) בשוגג (ווייל ער האָט ניט גע־

מֵזִיד, מֵזִיד וְעָשָׂה שׁוֹגֵג, פָּטוּר, שֶׁהוֹרָאַת כֹּהֵן מָשִׁיחַ לְעַצְמוֹ כְּהוֹרָאַת בֵּית דִּין לַצִּבּוּר: **ב** הוֹרָה בִּפְנֵי עַצְמוֹ וְעָשָׂה בִּפְנֵי עַצְמוֹ, מִתְכַּפֵּר לוֹ בִּפְנֵי עַצְמוֹ. הוֹרָה עִם הַצִּבּוּר וְעָשָׂה עִם הַצִּבּוּר, מִתְכַּפֵּר לוֹ עִם הַצִּבּוּר. שֶׁאֵין בֵּית דִּין חַיָּבִין עַד שֶׁיּוֹרוּ לְבַטֵּל מִקְצָת וּלְקַיֵּם מִקְצָת. וְכֵן הַמָּשִׁיחַ. וְלֹא בַעֲ"זָ עַד שֶׁיּוֹרוּ לְבַטֵּל מִקְצָת וּלְקַיֵּם מִקְצָת: **ג** אֵין

וואוסט דעם ריכטיקן פסק דין) און ער האָט געטאָן (די עבירה) בשוגג (ווייל ער האָט געמיינט אז מען מעג), דארף ער ברענגען (א קרבן) א אקס. **דאָס ווערט געלערנט אין ויקרא ד׳, ג׳ „אם הכהן המשיח יחטא״. די גמרא זאָגט, אז מען מיינט דאָ אז דער געזאלבטער כהן גדול איז אויך א „מופלא וראוי להוראה״, א למדן וואָס איז ראוי צו פסקענען שאלות. מיט „א הארבער עבירה״ מיינט מען אזעלכע וואָס ווען אן איינצלנער מענטש טוט זי בשוגג דארף ער ברענגען א קרבן חטאת.** שוגג ועשה מזיד. אויב ער האָט געפסקנט (פאלש) בשוגג אָבער ער האָט געטאָן די עבירה במזיד (ער האָט דאמאָלס שוין געוואוסט אז זיין פסק דין איז פאלש), אָדער ער האָט געפסקנט פאלש במזיד (ער האָט געוואוסט אז ער פסקנט פאלש) אָבער געטאָן (האָט ער די עבירה) בשוגג (ביים טאָן האָט ער געמיינט אז ער האָט ריכטיק גע־פסקנט), איז ער פטור (פון ברענגען דעם קרבן), ווייל דאָס פסקענען פון א גע־זאלבטן כהן גדול פאר זיך איז גלייך צום פסקענען פון בית דין פאר דעם ציבור (פאר אלע יידן). **און מיר האָבן פריער פרק א׳ סוף משנה ד׳ געלערנט ביים פסקע־נען פון בית דין אז „מזידין ועשו שוגגין״ אָדער „שוגגין ועשו מזידין״ איז מען פטור פון ברענגען דעם קרבן „פר העלם דבר של ציבור״.**

ב. הורה, אויב ער (דער געזאלבטער כהן גדול) האָט (פאלש) געפסקנט פאר זיך, און ער האָט פאר זיך (אליין) געטאָן (די עבירה), ברענגט ער דעם קרבן פאר זיך. **„מתכפר״ איז דער טייטש „ער ברענגט זיין כפרה״, זיין קרבן. אויך פריער פרק א׳ משנה ב׳ האָבן מיר געהאט „הביאו כפרתן״, „זיי האָבן געבראכט זייער קרבן״, וואו „כפרה״ מיינט קרבן.** הורה עם הציבור, אויב ער האָט געפסקנט (פאלש מתיר געמאכט א הארבע עבירה) צוזאמען מיטן ציבור (מיט דעם סנהדרין), דער גזאעלבטער כהן גדול איז געווען איינער פון די סנהדרין־דיינים) און ער האָט גע־טאָן (די עבירה) צוזאמען מיט דעם ציבור (מיט דעם רוב יידן), ברענגט ער דעם קרבן צוזאמען מיט דעם ציבור (מיט אלע יידן). **דער כהן גדול דארף אין אזא פאל ניט ברענגען קיין באזונדערן קרבן, און דער קרבן פון אלע יידן איז שוין מכפר אויף אים אויך. אזוי טייטשט דער ברטנורא. אז מען מיינט דאָ אז דער כהן גדול איז איינער פון די סנהדרין־דיינים. אָבער פון דער גמרא איז צו זען, אז ער דארף ניט זיין איינער פון די דיינים.** שאין, ווארום (מיר זען דאָך אז דער כהן גדול איז גלייך צום בית דין דערמיט וואָס אזוי ווי) דאָס בית דין איז ניט מחויב סיידן זיי (די דיינים) פסקענען מבטל צו מאכן (מתיר צו מאכן) א טייל פון דער עבירה און מקיים צו זיין (צו אסרן) א טייל פון דער עבירה, אזוי איז אויך ביים געזאלבטן כהן גדול. **אזוי טייטש דער ברטנורא, אז דער „שאין״ מיינט אז „מיר זען אז דער כהן גדול איז גלייך צו בית דין״. אָבער אנדערע מפרשים טייטשן אז דער „שאין״ איז א באזונדערע זאך און עס איז אזוי ווי „ואין״. וועגן דעם וואָס הייסט מתיר מאכן א טייל פון דער עבירה און אסרן א טייל פון דער עבירה האָבן מיר געלערנט פריער פרק א׳ משנה ג׳.** ולא בעבודה זרה, און אויך ביים (פסקענען פאלש מתיר צו מאכן צו דינען דער עבודה זרה) זענען זיי (דער כהן גדול, און דער בית דין) ניט מחויב (צו ברענגען א קרבן) סיידן זיי פסקענען מבטל צו זיין (מתיר צו זיין) א טייל, און מקיים צו זיין (צו אסרן) א טייל (פון דער עבירה). **וואָס הייסט ביי עבודה זרה מתיר צו זיין אַ טייל און צו אסרן א טייל, זע פריער פרק א׳ משנה ג׳.**

חַיָּבִין אֶלָּא עַל הֶעְלֵם דָּבָר עִם שִׁגְגַת הַמַּעֲשֶׂה. וְכֵן הַמָּשִׁיחַ. וְלֹא בַעֲ"ז אֵין חַיָּבִין אֶלָּא עַל הֶעְלֵם דָּבָר עִם שִׁגְגַת הַמַּעֲשֶׂה. אֵין בֵּית דִּין חַיָּבִין עַד שֶׁיּוֹרוּ בְּדָבָר שֶׁזְּדוֹנוֹ כָּרֵת וְשִׁגְגָתוֹ חַטָּאת. וְכֵן הַמָּשִׁיחַ. וְלֹא בַעֲ"ז עַד שֶׁיּוֹרוּ עַל דָּבָר שֶׁזְּדוֹנוֹ כָּרֵת וְשִׁגְגָתוֹ חַטָּאת: ד אֵין חַיָּבִין עַל

ג. אין, זיי זענען (ווען דאָס בית דין פסקנט פאַלש מתיר צו מאַכן די עבירה איז מען) ניט מחויב (צו ברענגען דעם קרבן) סיידן דער (פאַלשער) פסק דין איז אַרויסגעגעבן געוואָרן בשוגג (העלם דבר. די זאַך איז געווען פאַרהוילן, דאָס בית דין האָט ניט געוואוסט דעם ריכטיקן דין) און מען האָט געטאָן (די עבירה) בשוגג; און אַזוי איז אויך ביים געזאַלבטן כהן גדול. **דעם דאָזיקן דין וועגן בית דין האָבן מיר געהאַט פריער פרק א׳ סוף משנה ד׳** (אַז עס מוז זיין „הורו בית דין שוגגין **ועשו כל הקהל שוגגין״) און וועגן כהן גדול האָבן מיר געהאַט פריער פרק ב׳ משנה א׳** (אַז עס מוז זיין „שוגג ועשה שוגג״). ולא בעבודה זרה, און אויך (ביים (פסקענען פאַלש) ביי (דער עבירה פון) עבודה זרה איז מען ניט מחויב צו ברענגען דעם קרבן סיידן אַז דער פסק דין איז געווען בשוגג און דאָס טאָן (די עבירה) איז געווען בשוגג. **אויך דאָ מיינט מען סיי ביים בית דין און סיי ביים כהן גדול.** אין בית דין, דאָס בית דין איז ניט מחויב (מען איז ניט מחויב צו ברענגען דעם אָקס אַלס קרבן צוליב דעם פאַלשן פסק דין פון בית דין) סיידן זיי האָבן געפּסקנט אין א זאַך (אין א עבירה) וואָס אויב איינער טוט זי במזיד קומט אים כרת (אָדער מיתה) און אויב בשוגג דאַרף ער ברענגען א קרבן חטאת. **די משנה אין אָנהויב כריתות גיט א רשימה פון די עבירות, וואָס אויב מען טוט זיי במזיד קומט דערפאַר כרת; אָבער צווישן זיי זיינען פאַראַן עבירות וואָס אויב מען טוט זיי בשוגג ברענגט מען ניט קיין קרבן חטאת, למשל פאַר ניט מל זיין זיך אָדער פאַר ניט ברענגען ערב פסח דעם קרבן פסח, אָדער פאַר מגדף (לעסטערן גאָט), אָדער פאַר עסן קרבנות פלייש ווען מען איז טמא, אָדער פאַר אַריינגיין אין בית המקדש ווען מען איז טמא. זאָגט דאָ די משנה אַז דעם אָקס א קרבן דאַרף מען ברענגען נור ווען דער פאַלשער פסק דין איז וועגן אַן עבירה וואָס ווען אַן איינצלנער מענטש טוט זי במזיד קומט אים כרת, און ווען ער טוט זי בשוגג דאַרף ער ברענגען א קרבן חטאת.** וכן, און אַזוי איז אויך מיט דעם געזאַלבטן כהן גדול. **אויך זיין אָקס־קרבן איז נור ביי אַזאַ עבירה פון כרת במזיד און קרבן חטאת בשוגג.** ולא בעבודה זרה, און אויך ניט ביי א עבודה זרה (ברענגט מען ניט דעם אָקס־קרבן) סיידן זיי האָבן (פאַלש) געפּסקנט ביי א זאַך, וואָס עס קומט דערפאַר כרת אויב במזיד, און מען דאַרף ברענגען א קרבן חטאת אויב בשוגג. **למשל אויב זיי פּסקנען אַז מען מעג אַרומנעמען און קושן א עבודה־זרה־בילד (חיבוק ונישוק), כאָטש מען טאָר עס ניט טאָן, אָבער וויל ווען אַן איינצלנער מענטש טוט עס בשוגג ברענגט ער ניט דערפאַר קיין קרבן חטאת, דעריבער אויב בית דין פּסקנט אַז מען מעג עס טאָן און דער רוב יידן האָבן עס געטאָן, ברענגט מען ניט דעם אָקס־קרבן.**

ד. אין חייבין, מען איז ניט מחויב (צו ברענגען דעם אָקס־קרבן אויב בית דין האָט געפּסקנט פאַלש, אַז מען מעג עובר זיין) אויף די מצות עשה און די לא תעשה פון בית המקדש. **מיר לערנען אין מסכתא שבועות פרק ב׳ משנה א׳, און משנה ג׳, אַז מען טאָר ניט אַריינגיין אין בית המקדש ווען מען איז טמא (דאָס איז א „לא תעשה״, מען זאָל ניט טאָן, ניט אַריינגיין), און אויב איינער איז טמא געוואָרן ווען ער איז שוין אין בית המקדש דאַרף ער באַלד אַרויסגיין פון דאָרט (דאָס איז די מצות „עשה״, טאָן, מען זאָל באַלד אַרויסגיין). זאָגט דאָ די משנה אַז אויב בית דין האָט געפּסקנט אַז ווען א מענטש איז טמא געוואָרן אין בית המקדש דאַרף ער פון דאָרט ניט אַרויסגיין** (ניט מקיים זיין די מצות עשה), **אָדער אויב ער איז טמא געוואָרן אין**

עֲשֵׂה וְעַל לֹא תַעֲשֶׂה שֶׁבַּמִּקְדָּשׁ. וְאֵין מְבִיאִין אָשָׁם תָּלוּי עַל עֲשֵׂה וְעַל לֹא תַעֲשֶׂה שֶׁבַּמִּקְדָּשׁ. אֲבָל חַיָּבִין עַל עֲשֵׂה וְעַל לֹא תַעֲשֶׂה שֶׁבַּנִּדָּה. וּמְבִיאִין אָשָׁם תָּלוּי עַל עֲשֵׂה וְעַל לֹא תַעֲשֶׂה שֶׁבַּנִּדָּה. אֵיזוֹ הִיא מִצְוַת עֲשֵׂה שֶׁבַּנִּדָּה? פְּרוֹשׁ מִן הַנִּדָּה. וּמִצְוַת לֹא תַעֲשֶׂה, לֹא תָבֹא אֶל הַנִּדָּה: ה אֵין חַיָּבִין עַל שְׁמִיעַת הַקּוֹל, וְעַל בִּטּוּי שְׂפָתַיִם, וְעַל טֻמְאַת מִקְדָּשׁ וְקָדָשָׁיו. וְהַנָּשִׂיא כַּיּוֹצֵא בָהֶם. דִּבְרֵי רַבִּי יוֹסֵי הַגְּלִילִי. רַבִּי עֲקִיבָא

דרויסן מעג ער אריינגיין אין בית המקדש (עובר זיין אויף דער „לא תעשה"), דארף מען ניט ברענגען דעם אָקס־קרבן. דער טעם איז, ווייל ווען אן איינצעלנער מענטש איז עובר דאָרויף בשוגג ברענגט ער ניט קיין קרבן חטאת נאָר א קרבן עולה ויורד (א רייכער מאַן ברענגט א טייערן קרבן, און אן אָרימאַן א ביליגערן קרבן, זע מסכתא שבועות פרק א' משנה ב'). ואין מביאין, און מען ברענגט ניט דעם קרבן) אשם תלוי אויף די מצות עשה און די לא תעשה פון בית המקדש. „אשם תלוי" (א הענגנדיקער אשם) הייסט א קרבן וואָס איינער ברענגט אויב ער האָט געטאָן בשוגג א ספק הארבע כרת עבירה. למשל עס זענען געלעגן צוויי שטיקער שמאַלץ, איינס פון זיי איז חלב (וואָס פאַר עסן קומט כרת) און איינס איז כשר שמאַלץ, און מען ווייסט ניט וועלכע פון זיי איז דער חלב, און איינער האָט געגעסן איינס פון די שטיקער בשוגג. זאָגט די משנה אז פאַר טאָן בשוגג די ספק עבירה פון אריינגיין אין בית המקדש ווען מען איז א ספק טמא אָדער בלייבן אין בית המקדש ווען מען איז געוואָרן דאָרט א ספק טמא, ברענגט מען ניט קיין אשם תלוי. ווייל א אשם תלוי ברענגט מען נור פאַר טאָן בשוגג אזא ספק עבירה וואָס אויב זי איז א זיכערע עבירה ברענגט מען א קרבן חטאת. ומביאין, אָבער מען ברענגט אן אשם תלוי פאַר (עובר זיין בשוגג אויף א ספק פון) דער מצות עשה אָדער דער לא תעשה פון (לעבן מיט א פרוי) א נידה. וואָס איז די מצות עשה ביי א נידה? (אויב אין מיטן לעבן מיט דער פרוי איז זי געוואָרן א נידה, און מען זאָגט אים) שייד זיך אָפּ פון דער נידה. און די מצות לא תעשה (ביי א נידה) וואָס איז? (אויב די פרוי איז א נידה) זאָלסט ניט קומען צו איר (ניט לעבן מיט איר). וועגן דער מצות עשה אָפּצושיידן זיך פון דער נידה זע מסכתא שבועות פרק ב' משנה ד'.

ה. אין חייבין, מען איז ניט מחויב (צו ברענגען אן אָקס־קרבן אויב דאָס בית דין פסקנט פאַלש מתיר צו זיין די עבירה) פון שווערן א פאַלשע עדות־שבועה (אז מען ווייסט ניט עדות צו זאָגן, שמיעת קול), און א פאַלשע סתם שבועה (ביטוי שפתים, דער אויסדרוק פון מויל), און אויף אריינגיין אין בית המקדש אָדער עסן קרבנות־פלייש ווען מען איז טמא. אויף די אלע דאָזיקע עבירות ברענגט אן איינצעלנער מענטש א קרבן עולה ויורד, און מיר האָבן שוין פריער געלערנט, אז אויף א קרבן־עולה־ויורד־עבירה ברענגט מען ניט קיין אָקס־קרבן אויב בית דין האָט פאַלש זי מתיר געמאַכט. וועגן שבועת עדות זע שבועות פרק ד' משנה א'. וועגן שבועת ביטוי זע שבועות פרק ג' משנה א'. וועגן טומאת מקדש וקדשיו זע שבועות פרק א' משנה ב'. והנשיא, און אזוי ווי זיי (ווי דאָס בית דין אָדער דער געזאַלבטער כהן גדול, ווען זיי פסקענען פאַלש מתיר צו מאַכן א הארבע עבירה) איז אויך מיט א נשיא, אזוי זאָגט ר' יוסי הגלילי. מיט נשיא מיינט מען דאָ א מלך ביי יידן. אויב דער מלך האָט עובר געווען בשוגג אויף א הארבער כרת עבירה דארף ער ברענגען א ציגנבאָק (שעיר) א קרבן חטאת (ויקרא ד' „אשר נשיא יחטא, — והביא את קרבנו שעיר עזים). זאָגט ר' יוסי הגלילי אז אויב א נשיא האָט געטאָן די עבירה פון פאַלשער עדות־שבועה, אָדער סתם פאַלשער שבועה אָדער פון אריינגיין ווען ער איז טמא אין בית המקדש אָדער עסן קרבנות־פלייש ווען ער איז טמא, דארף ער ניט ברענגען דעם קרבן עולה ויורד. דער טעם איז, ווייל א מלך קאָן דאָך ניט

אוֹמֵר, הַנָּשִׂיא חַיָּב בְּכֻלָּן, חוּץ מִשְּׁמִיעַת הַקּוֹל. שֶׁהַמֶּלֶךְ לֹא דָן וְלֹא דָנִין אוֹתוֹ. (לֹא מֵעִיד וְלֹא מְעִידִין אוֹתוֹ): ו כָּל הַמִּצְוֹת שֶׁבַּתּוֹרָה שֶׁחַיָּבִין עַל זְדוֹנָן כָּרֵת וְעַל שִׁגְגָתָן חַטָּאת הַיָּחִיד מֵבִיא כִּשְׂבָּה וּשְׂעִירָה, וְהַנָּשִׂיא שָׂעִיר, וּמָשִׁיחַ וּבֵית דִּין מְבִיאִין פָּר, וּבַעֲ"ז הַיָּחִיד וְהַנָּשִׂיא וְהַמָּשִׁיחַ מְבִיאִין שְׂעִירָה, וּבֵית דִּין פָּר וְשָׂעִיר, פָּר לְעוֹלָה, וְשָׂעִיר לְחַטָּאת: ז אָשָׁם תָּלוּי הַיָּחִיד וְהַנָּשִׂיא חַיָּבִין, וּמָשִׁיחַ וּבֵית דִּין פְּטוּרִין. אָשָׁם וַדַּאי הַיָּחִיד וְהַנָּשִׂיא וְהַמָּשִׁיחַ חַיָּבִין, וּבֵית דִּין פְּטוּרִין. עַל שְׁמִיעַת הַקּוֹל וְעַל

**ברענגן קיין ביליגן, אָרימען קרבן (יורד) מחמת ער איז דאָך שטענדיק רייך, ממילא ברענגט ער שוין ניט אויך דעם טייערן קרבן. דאָס זעלביקע ברענגט אויך דער געזאלבטער כהן גדול ניט קיין קרבן עולה ויורד.** ר' עקיבא זאָגט, אז דער נשיא (דער מלך) איז מחויב (צו ברענגען דעם קרבן עולה ויורד) אויף די אלע עבירות, א חוץ ביי דער עבירה פון פאלשער עדות־שבועה (שמיעת הקול) ווייל א מלך ניט ער משפט און ניט מען משפט אים, ניט ער זאָגט עדות און ניט מען זאָגט עדות וועגן אים. **דער דאָזיקער דין וועגן מלך איז פאראן אין סנהדרין פרק ב' משנה ב'. ממילא קאָן דאָך ניט זיין ביי אים די עבירה פון שווערן פאלש אז ער ווייסט ניט עדות צו זאָגן, מחמת ער דארף סיי ווי ניט עדות זאָגן.**

ו. כל, אלע מצוות פון דער תורה וואָס מען איז מחויב (אויב מען איז עובר אויף זיי) במזיד כרת און אויב בשוגג (צו ברענגען) א קרבן חטאת, דארף א איינצלנער (א יחיד, וואָס האָט עובר געווען אויף איינער פון זיי בשוגג) ברענגען א שעפסל א נקבה (כשבה) אָדער א ציג; און א נשיא (א מלך, אויב ער האָט עובר געווען בשוגג אויף אזא עבירה דארף ער ברענגען) א ציגנבאָק (שעיר); און דער געזאלבטער כהן גדול און דאָס בית דין ברענגען אַן אָקס; און ביי עבודה זרה (ביים טאָן די עבירה פון דינען בשוגג צו אן עבודה זרה) ברענגען דער יחיד (דער איינצלנער) און דער נשיא (דער מלך) און דער געזאלבטער כהן גדול (המשיח) א ציג, און בית דין ברענגט אַן אָקס און א ציגנבאָק, דעם אָקס פאר א קרבן עולה און דעם ציגנבאָק פאר א קרבן חטאת. **א עולה הייסט א קרבן וואָס מען איז מקריב אויף דאָס גאנצע פלייש אויפן מזבח; און פון א חטאת איז מען מקריב אויפן מזבח נור דאָס פעטס. וועגן „פרים ושעירים הנשרפים" זע זבחים פרק ה' משנה ב'.**

ז. אשם, א קרבן אשם תלוי (וואָס מען ברענגט אויב מען טוט א ספק הארבער עבירה בשוגג) זענען א יחיד (אן איינצלנער מענטש) און א נשיא (מלך) מחויב צו ברענגען, אָבער א געזאלבטער כהן גדול און דאָס בית דין.( אויב עס האָט געפסקנט פאלש )זענען פטור. **ווייל ביים קרבן וואָס דער ציבור, אלע יידן, ברענגען צוליב טאָן די עבירה מחמת דעם פאלשן פסק דין פון בית דין ווערט געזאָגט אין ויקרא ד' „ונודעה", און מען איז געוואויר געוואָרן", אָבער א אשם תלוי ברענגט מען דאָך אויף א ספק. א געזאלבטער כהן גדול איז געגליכן צו בית דין. וועגן אשם תלוי זע פריער משנה ד'.** אשם ודאי, דעם קרבן אשם ודאי (דעם קרבן אשם וואָס מען ברענגט פאר טאָן בשוגג א עבירה) זענען דער יחיד (דער איינצלנער מענטש) און דער נשיא (דער מלך) און דער געזאלבטער כהן גדול מחויב (צו ברענגען, אויב זיי האָבן געטאָן די עבירה), און דאָס בית דין (אויב עס האָט געפסקנט אז מען מעג די עבירה טאָן) איז פטור, **אין דער מסכתא זבחים פרק ה' משנה ה' ווערן אויסגערעכנט די עבירות פאר וועלכע מען דארף ברענגען אן אשם ודאי** (ער הייסט „ודאי", „אויף געוויס", כדי אים אונטערצושיידן פון „אשם תלוי" וואָס מען ברענגט פאר א ספק). **זאָגט די משנה אז אויב בית דין האָט געפסקנט פאלש אז מען מעג טאָן די דאָזיקע עבירות דארף מען ניט ברענגען קיין קרבן. אָבער א מלך איז יאָ מחויב צו ברענגען א קרבן אשם.** על שמיעת, אויף א פאלשער עדות־שבועה און אויף א

בִּטּוּי שְׂפָתַיִם וְעַל טֻמְאַת מִקְדָּשׁ וְקָדָשָׁיו בֵּית דִּין פְּטוּרִין, וְהַיָּחִיד וְהַנָּשִׂיא וְהַמָּשִׁיחַ חַיָּבִין, אֶלָּא שֶׁאֵין כֹּהֵן גָּדוֹל חַיָּב עַל טֻמְאַת מִקְדָּשׁ וְקָדָשָׁיו, דִּבְרֵי רַבִּי שִׁמְעוֹן. וּמָה הֵן מְבִיאִין? קָרְבָּן עוֹלֶה וְיוֹרֵד. רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר, הַנָּשִׂיא מֵבִיא שָׂעִיר:

# פרק ג.

**א** כֹּהֵן מָשִׁיחַ שֶׁחָטָא, וְאַחַר כָּךְ עָבַר מִמְּשִׁיחוּתוֹ, וְכֵן נָשִׂיא שֶׁחָטָא, וְאַחַר כָּךְ עָבַר מִגְּדֻלָּתוֹ, כֹּהֵן מָשִׁיחַ מֵבִיא פָר, וְהַנָּשִׂיא מֵבִיא שָׂעִיר: **ב** כֹּהֵן מָשִׁיחַ שֶׁעָבַר מִמְּשִׁיחוּתוֹ וְאַחַר כָּךְ חָטָא, וְכֵן הַנָּשִׂיא שֶׁעָבַר מִגְּדֻלָּתוֹ וְאַחַר כָּךְ חָטָא, כֹּהֵן מָשִׁיחַ מֵבִיא פָר, וְהַנָּשִׂיא כְּהֶדְיוֹט: **ג** חָטְאוּ עַד שֶׁלֹּא נִתְמַנּוּ וְאַחַר כָּךְ נִתְמַנּוּ, הֲרֵי אֵלּוּ כְּהֶדְיוֹט. רַבִּי שִׁמְעוֹן אוֹמֵר,

פאלשער סתם שבועה, און אויף אריינגיין אין בית המקדש אָדער עסן קרבנות פלייש ווען מען איז טמא, איז בית דין פטור, אָבער דער יחיד און דער נשיא (מלך) און דער געזאלבטער כהן גדול זענען מחויב צו ברענגן (א קרבן); נאָר דער כהן גדול איז ניט מחויב צו ברענגן (א קרבן) פאר טומאת מקדש וקדשיו (אריינגיין אין בית המקדש אָדער עסן קרבנות־פלייש ווען ער איז טמא), אזוי זאָגט ר׳ שמעון. און וואָס ברענגען זיי? א קרבן עולה ויורד (דער רייכער מאן ברענגט א טייערן קרבן און דער אָרימאן א ביליגערן קרבן). ר׳ אליעזר זאָגט, אז דער נשיא (דער מלך) ברענגט א ציגנבאָק. **מען מיינט דאָ נור ביי „טומאת מקדש וקדשיו״ ברענגט דער מלך א ציגנבאָק פאר א קרבן. די סתם משנה האלט ניט דאָ ווי די עקיבא און ר׳ יוסי הגלילי פריער אין משנה ה׳.**

## פרק ג.

א. כהן, אויב א געזאלבטער כהן גדול, וועלכער האָט געטאָן (בשוגג) א עבירה (פאר וועלכער א געוויינטליכער מענטש דארף ברענגען א שעפסל, און דער כהן גדול דארף ברענגען אן אָקס), און דערנאָך (איידער ער האָט געבראַכט דעם קרבן) איז ער געוואָרן אויס כהן גדול, און דאָס זעלביקע אויב א נשיא (א מלך האָט געטאָן די עבירה און איידער ער האָט געבראַכט דעם ציגנבאָק אלס קרבן איז ער געוואָרן אויס מלך), דארף דער כהן גדול ברענגען אן אָקס און דער מלך דארף ברענגען א ציגנבאָק. **ווייל עס ווערט גערעכנט לויט דער צייט ווען דער זינדיקער האָט געטאָן די עבירה, און דאַמאָלס איז ער נאָך געווען א כהן גדול צי א מלך. ווייטער אין משנה ב׳ וועלן מיר לערנען אז ביים כהן גדול איז ניט קיין אונטערשיד ווייל אפילו דערנאָך ווען ער ווערט אויס כהן גדול, ווערט ער נאָך אלץ פאררעכנט פאר א כהן גדול.**

ב. כהן, אויב א געזאלבטער כהן גדול איז געוואָרן אויס כהן גדול און דערנאָך האָט ער געטאָן די עבירה, און אזוי אויך אויב א נשיא (א מלך) איז אראָפּ פון זיין גדולה (איז געוואָרן אויס מלך) און דערנאָך האָט ער געזינדיקט, דארף דער כהן גדול ברענגען אן אָקס, און דער נשיא האָט דעם דין ווי א געוויינטליכער מענטש (ווי א „הדיוט״, און ער ברענגט נור א שעפסל). **ווייל א כהן גדול בלייבט אויף שטענדיק אין דער הייליקייט פון א כהן גדול אפילו ווען ער איז געוואָרן אויס כהן גדול און אן אנדערער כהן האָט פארנומען די כהונה גדולה. אָבער א מלך ווען ער ווערט אויס מלך, איז ער ווי א געוויינטליכער מענטש.**

ג. חטאו, אויב זיי (דער כהן גדול צי דער מלך) האָבן געטאָן (בשוגג) די עבירה איידער מען האָט זיי באַשטימט (פאר א כהן גדול, צי פאר א מלך, און זיי זענען נאָך געווען געוויינטליכע מענטשן) און דערנאָך זענען זיי באַשטימט געוואָרן

אִם נוֹדַע לָהֶם עַד שֶׁלֹּא נִתְמַנּוּ חַיָּבִין, וּמִשֶּׁנִּתְמַנּוּ פְּטוּרִין. וְאֵיזֶהוּ הַנָּשִׂיא? זֶה הַמֶּלֶךְ, שֶׁנֶּאֱמַר, וְעָשָׂה אַחַת מִכָּל מִצְוֹת יְיָ אֱלֹהָיו. נָשִׂיא שֶׁאֵין עַל גַּבָּיו אֶלָּא יְיָ אֱלֹהָיו: ד וְאֵיזֶהוּ הַמָּשִׁיחַ? הַמָּשׁוּחַ בְּשֶׁמֶן הַמִּשְׁחָה, לֹא הַמְרֻבֶּה בְגָדִים. אֵין בֵּין כֹּהֵן הַמָּשׁוּחַ בְּשֶׁמֶן הַמִּשְׁחָה לִמְרֻבֵּה בְגָדִים אֶלָּא פַּר הַבָּא עַל כָּל הַמִּצְוֹת. וְאֵין בֵּין כֹּהֵן מְשַׁמֵּשׁ לְכֹהֵן שֶׁעָבַר

(נתמנו, זיי זיינען געוואָרן א כהן גדול צי א מלך), זענען זיי ווי געוויינטליכע מענטשן, **און זיי דארפן ברענגען א געוויינטליכן קרבן חטאת, א שעפסל. ווייל דער פסוק אין ויקרא ד׳ זאָגט „אשר נשיא יחטא" און „אם כהן המשיח יחטא" מיינט מען דערמיט אז ער מוז האָבן געווען מלך אָדער כהן גדול אין דער צייט פון טאָן דער עבירה. דאריבער כאָטש אין דער צייט פון ברענגען דעם קרבן איז ער שוין א כהן גדול צי א נשיא, פונדעסטוועגן ברענגט ער נור א געוויינטליכן קרבן.** ר׳ שמעון זאָגט, אז אויב זיי זיינען (וועגן דער עבירה, וועלכע זיי האָבן גע־האַט געטאָן בשוגג) געוואויר געוואָרן איידער זיי זענען באשטימט געוואָרן (פאר א כהן גדול צי פאר א מלך) און דערנאָך זענען זיי באשטימט געוואָרן, זע־נען זיי מחויב צו ברענגען א קרבן (ווי א געוויינטליכער מענטש), אָבער (אויב זיי זענען געוואויר געוואָרן וועגן דער עבירה) נאָכדעם ווי זיי זענען געהאט באשטימט געוואָרן, זענען זיי פטור. **זיי דארפן בכלל ניט ברענגען קיין קרבן, ווייל ר׳ שמעון האלט, אז מען ברענגט א קרבן נור ווען סיי ביים זינדיקן און סיי ביים געוואויר ווערן וועגן טאָן די עבירה (חטא וידיעה) איז דער מענטש דערזעלביקער, אָדער א פשוטער מענטש, אָדער א נשיא אָדער א כהן גדול.** ואיזהו, און וואס איז א נשיא? דאָס איז (דאָס מיינט) דער מלך, ווארום עס ווערט געזאָגט (ביי א נשיא, ויקרא ד׳) „ועשה אחת מכל מצוות ה׳ אלהיו, און ער האָט געטאָן איינעם פון די געבאָטן פון גאָט זיין גאָט", א נשיא, וואס האָט איבער זיך (ניט קיין אנדערן הערשער) נאָר גאָט זיין גאָט. **און אזעלכער איז נור דער מלך, וועלכער האָט ניט איבער זיך קיין אנדערן הערשער נור גאָט אליין.**

ד. ואיזהו, און ווער איז דער געזאלבטער (כהן גדול, המשיח)? (דאָס איז) דער (כהן גדול) וואָס איז געזאלבט געוואָרן מיט דעם זאלבונגס־אייל (שמן המשחה), און ניט דער כהן גדול, וועלכער איז געוואָרן כהן גדול דורך אָנטאָן צו דער עבודה אין בית המקדש) א סך קליידער (מרובה בגדים). **אין ערשטן בית המקדש ווען מען האָט געמאַכט א געוויינטליכן כהן פאר א כהן גדול האָט מען אים געזאלבט מיט דעם זאלבונגס־אייל (שמן המשחה) וואָס איז געמאַכט געוואָרן דורך משה רבנו. אין צווייטן בית המקדש איז שוין ניט געווען דער שמן המשחה, און א כהן איז גע־וואָרן כהן גדול דאדורך וואָס ער האָט אָנגעהויבן טאָן די עבודה אין בית המקדש ניט אין 4 קליידער (ווי א געוויינטליכער כהן, א העמד, הויזן, א היטל און א גארטל) גאָר אין 8 קליידער (צו די פריערדיקע 4 זענען צוגעקומען נאָך 4, דער חושן און דער אפוד און דער מעיל און דער ציץ). זע אין מסכתא יומא פרק ז׳ משנה ה׳. זאָגט דאָ די משנה אז דער כהן גדול וואָס איז געוואָרן כהן גדול נאָר דורך מער קליידער (מרובה בגדים) און ער איז ניט געזאלבט געוואָרן (ניט געווען משוח בשמן המשחה) האָט בנוגע ברענגען א קרבן פאר טאָן די עבירה בשוגג געהאט דעם דין ווי א געוויינטליכער מענטש.** אין בין, עס איז ניט פאראַן קיין אונטערשיד צווישן דעם כהן גדול וועלכער איז געזאלבט געוואָרן מיט דעם זאלבונגס־אייל (שמן המשחה) און דעם (וועלכער איז געוואָרן כהן גדול) דורך א סך קליידער (מרובה בגדים), נאָר (בנוגע) דעם אָקס (קרבן) וועלכער קומט (ווען דער כהן גדול האָט עובר געווען) אויף איינער פון די (הארבע) מצוות. **נאָר דער געזאלבטער כהן גדול ברענגט דעם אָקס־קרבן; אָבער דער כהן גדול מיט די 8 קליידער ברענגט א קרבן א שעפסל אזוי ווי יעדער געוויינטליכער מענטש.** ואין בין כהן משמש און עס איז

**אֶלָּא פַּר יוֹם הַכִּפּוּרִים וַעֲשִׂירִית הָאֵיפָה. זֶה וָזֶה שָׁוִין בַּעֲבוֹדַת יוֹם הַכִּפּוּרִים. וּמְצֻוִּין עַל הַבְּתוּלָה, וַאֲסוּרִין עַל הָאַלְמָנָה, וְאֵינָן מְטַמְּאִין בִּקְרוֹבֵיהֶן, וְלֹא פוֹרְעִין וְלֹא פוֹרְמִין, וּמַחֲזִירִין אֶת הָרוֹצֵחַ: ה כֹּהֵן גָּדוֹל פּוֹרֵם מִלְּמַטָּה, וְהַהֶדְיוֹט מִלְמַעְלָה. כֹּהֵן גָּדוֹל מַקְרִיב אוֹנֵן, וְלֹא אוֹכֵל, וְהַהֶדְיוֹט לֹא מַקְרִיב וְלֹא אוֹכֵל: ו כָּל הַתָּדִיר מֵחֲבֵרוֹ קוֹדֵם אֶת חֲבֵרוֹ.**

ניט פאראַן קיין אונטערשיד צווישן א כהן גדול וועלכער דינט (וועלכער איז איצט דער כהן גדול און טוט איצט די כהן־גדול־עבודה אין בית המקדש) און דעם כהן גדול וועלכער איז אוועק (איז געוואָרן אויס כהן גדול), נאָר דער אָקס פון יום כיפור (וואָס דער איצטיקער כהן גדול ברענגט אים יום כיפור) און דאָס צענטל איפה מעל (עשירית האיפה). די „עשירית האיפה" **איז א מעל־קרבן, וואָס דער כהן גדול ברענגט אין בית המקדש יעדן טאָג, א העלפט אין דער פרי און א העלפט פארנאכט. זאָגט די משנה אז די דאָזיקע צוויי זאכן, דעם יום־כיפור־אָקס און די עשירית האיפה ברענגט נאָר דער איצטיקער כהן גדול, און ניט דער געוועזענער כהן גדול. אָבער בנוגע אלע אנדערע זאכן. זענען זיי ביידע גלייך** (ווי מיר האָבן גע־**לערנט פריער אין משנה ב׳).** זה וזה, דער (איצטיקער) און דער (געוועזענער) זענען גלייך צו (בנוגע) דער עבודה אים יום כיפור. **יעדער פון זיי קאָן טאָן אין בית המקדש די עבודה אים יום כיפור, וואָס איז כשר נור דורך א כהן גדול.** ומצווין, און זיי (סיי דער איצטיקער און סיי דער געוועזענער) מעגן (חתונה האָבן) נור מיט א בתולה, און זיי טאָרן ניט (חתונה האָבן מיט) אן אלמנה. **א געוויינטליכער כהן מעג חתונה האָבן מיט אן אלמנה.** ואינן, און זיי (סיי דער איצטיקער און סיי דער געוועזענער) טאָרן זיך ניט מטמא זיין צו קרובים. **אויב זייערס א קרוב, למשל א ברו־דער, איז געשטאָרבן טאָרן זיי זיך ניט צורירן צו אים. אָבער א געוויינטליכער כהן מעג זיך מטמא זיין צו א פארשטאָרבענעם קרוב.** ולא פורעין, און זיי טאָרן זיך ניט לאָזן וואקסן די האָר און ניט צורייסן די קליידער (אפילו אויף א פארשטאָרבענעם קרוב). **דאָס איז פאראַן אין ויקרא כ״א „את ראשו לא יפרע ואת בגדיו לא יפרום". די משנה וועט באלד זאָגן ווי אזוי דער כהן גדול מעג יאָ זיך רייסן קריעה אויף א מת.** ומחזירין, און (ווען איינער פון זיי שטאַרבט) ברענגט ער צוריק דעם רוצח (בשוגג) פון גלות. **זע מכות פרק ב׳ משנה ו׳.**

ה. כהן גדול, א כהן גדול רייסט קריעה (פורם, אויף א מת א קרוב) פון אונטן (ביי זיין קלייד אונטן, ביי דער אונטערשטער זוים), און א געוויינטליכער כהן (הדיוט, רייסט קריעה) אין דער הויך. **דער געוויינטליכער כהן מעג רייסן קריעה ווי יעדער געוויינטליכער מענטש.** כהן גדול, א כהן גדול מעג מקריב זיין (קרבנות אויפן מזבח אין בית המקדש) ווען ער איז אן אונן (אין טיפן טרויער, אין זעלביקן טאָג ווען זיין נאָנטער קרוב איז געשטאָרבן), אָבער ער טאָר ניט עסן (דאָס קרבנות פלייש ווען ער איז אן אונן); און א געוויינטליכער (כהן, א הדיוט) טאָר ניט מקריב זיין און ניט עסן (קרבנות פלייש, ווען ער איז אן אונן). **ווייל מיר געפינען ביי אהרן דעם ערשטן כהן גדול (אין ויקרא י׳) אז ער האָט מקריב געווען ווען ער איז געווען אן אונן אָבער געגעסן די קרבנות פלייש האָט ער ניט.**

ו. כל התדיר, יעדע זאך וואָס קומט פאָר עפטער פון א צווייטער זאך, איז פריער פאר דער צווייטער זאך. **מען לערנט עס אָפּ פון במדבר כ״ח „מלבד עולת הבוקר אשר לעולת התמיד", אז אויב עס זענען פאראַן אין בית המקדש מקריב צו זיין צוויי קרבנות, אזן איינעם איז מען מקריב יעדן טאָג (דעם תמיד) און דעם אנדערן נור אמאָל, דאַרף מען דעם יעדן־טאָג־קרבן פריער מקריב זיין.** וכל, און יעדע זאך וואָס איז הייליקער פון א צווייטער זאך, איז פריער פאר דער צווייטער זאך; דער אָקס־קרבן פון געזאלבטן כהן־גדול און דער אָקס־קרבן פון אלע ייִדן

וְכָל הַמְקֻדָּשׁ מֵחֲבֵרוֹ קוֹדֵם אֶת חֲבֵרוֹ. פַּר הַמָּשִׁיחַ וּפַר הָעֵדָה עוֹמְדִים, פַּר הַמָּשִׁיחַ קוֹדֵם לְפַר הָעֵדָה בְּכָל מַעֲשָׂיו: ז הָאִישׁ קוֹדֵם לָאִשָּׁה לְהַחֲיוֹת וּלְהָשִׁיב אֲבֵדָה. וְהָאִשָּׁה קוֹדֶמֶת לָאִישׁ לִכְסוּת וּלְהוֹצִיאָהּ מִבֵּית הַשֶּׁבִי. בִּזְמַן שֶׁשְּׁנֵיהֶם עוֹמְדִים לְקַלְקָלָה, הָאִישׁ קוֹדֵם לָאִשָּׁה:

ח כֹּהֵן קוֹדֵם לְלֵוִי, לֵוִי לְיִשְׂרָאֵל, יִשְׂרָאֵל לְמַמְזֵר, וּמַמְזֵר לְנָתִין, וְנָתִין לְגֵר, וְגֵר לְעֶבֶד מְשׁוּחְרָר. אֵימָתַי? בִּזְמַן שֶׁכֻּלָּן שָׁוִין, אֲבָל אִם הָיָה מַמְזֵר תַּלְמִיד חָכָם וְכֹהֵן גָּדוֹל עַם הָאָרֶץ, מַמְזֵר תַּלְמִיד חָכָם קוֹדֵם לְכֹהֵן גָּדוֹל עַם הָאָרֶץ: סליקא מסכת הוריות וסליק סדר נזיקין.

(אויב די ביידע אקסן זענען פאראן צוזאמען), איז דער אָקס־קרבן פון געזאלבטן כהן גדול פריער אין אלע זיינע זאכן פאר דעם אָקס־קרבן פון אלע יידן. **ווייל דער כהן גדול איז דער מכפר אויף די זינד פון די יידן (ויקרא אין דער פרשה אחרי מות „וכפר — בעד כל ישראל") דאריבער איז זיין קרבן היילִיקער. דער ברטנורא ברענגט דאָ אז אזוי געפינען מיר אויך דעם דין אז א כהן, וועלכער איז היילִיקער פון א לוי און פון א ישראל, קומט אים די ערשטע עליה צו דער ספר תורה.**

ז. האיש, א מאנספערזאָן איז פריער פאר א פרוי צו דערהאלטן אים ביים לעבן און אים אָפּצוגעבן זיין פארלוירענע זאך; אָבער א פרוי איז פריער פאר א מאנספערזאָן צום באקליידן און ארויסצונעמען זי פון געפאנגנשאפט. **אויב מען דארף געבן פון צדקה צו באקליידן א מאנספערזאָן און א פרוי, דארף מען פריער געבן דער פרוי, אזוי איז אויך אויב א מאנספערזאָן און א פרוי זענען געפאנגען ביי גויים זאָל מען צוערשט אויסלייזן די פרוי.** בזמן, אויב ביידע (געפאנגענע, דער מאן און די פרוי) זענען (אין געפאר) צו ווערן געשענדעט (לקלקלה), איז דער מאן פריער (אויסגעלייזט צו ווערן) פאר דער פרוי. **ווייל די חרפה פון מאן צו ווערן געשענדעט** (געשלעכטליך, דורך משכב זכור) **איז גרעסער פון דער חרפה פון דער פרוי.**

ח. כהן, א כהן איז פאר א לוי. **מען מיינט דאָ אין אלע זאכן פון כבוד, ווי ביי א עליה צום ספר רופט מען אויף צוערשט דעם כהן, ביי בענטשן איז מען מכבד דעם כהן; אויך ביים געבן א שענערע פּאָרציע ביי א סעודה.** לוי, א לוי איז פאר א ישראל, א ישראל איז פאר א ממזר, און א ממזר איז פאר א נתין (וועלכער שטאמט פון די גבעונים אין יהושע ט'), און א נתין איז פאַר אַ גר, און א גר איז פאר א באפרייטן שקלאַף. **אויך דאָ מיינט מען אין די דערמאָנטע זאכן פון כבוד.** אימתי, ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן? **אז א כהן איז פאר א לוי און א לוי פאר א ישראל און אזוי כסדר?** בזמן, ווען זיי זענען אלע גלייך; אָבער אויב דער ממזר איז א תלמיד חכם און דער כהן גדול איז א עם הארץ, איז דער ממזר דער תלמיד חכם פריער פאר דעם כהן גדול דעם עם הארץ. **אין דער צייט פון 2טן בית המקדש זענען געווען טייל כהנים גדולים וועלכע האָבן געקויפט די כהונה גדולה פאר געלט און זיי האָבן ניט געקאָנט לערנען (זע מסכתא יומא פרק א' משנה א' אין פירוש).**

(סליקא לה מסכת הוריות — געענדיקט די מסכתא הוריות)

הדרן עלך סדר נזיקין

# תְּפִלָּה לְאָבֵל וּלְיָאהרצַייט

## קוֹדֶם הַלִּמּוּד

הֲרֵינִי רוֹצֶה לִלְמוֹד מִשְׁנָה שֶׁהִיא אוֹתִיּוֹת נְשָׁמָה עֲבוּר נִשְׁמַת הַנִּפְטָר (הַנִּפְטֶרֶת) (פב״פ) וּבִזְכוּת לִימּוּד זֶה תְּהֵא נִשְׁמָתוֹ (נִשְׁמָתָהּ) צְרוּרָה בִּצְרוֹר הַחַיִּים עִם מֵתֵי עַמְּךָ יִשְׂרָאֵל בְּרַחֲמִים וְיַעֲמוֹד (וְתַעֲמוֹד) לְקֵץ הַיָּמִין, אָמֵן.

## אַחַר הַלִּמּוּד

אָנָּא יְיָ מֶלֶךְ מָלֵא רַחֲמִים, אֲשֶׁר בְּיָדְךָ נֶפֶשׁ כָּל־חָי, וְרוּחַ כָּל־בְּשַׂר־אִישׁ, יְהִי נָא לְרָצוֹן לְפָנֶיךָ תּוֹרָתֵנוּ וּתְפִלָּתֵנוּ בַּעֲבוּר נִשְׁמַת (פלוני בר פלונית: או פלונית בת פלונית) וּגְמוֹל נָא עָלֶיהָ בְּחַסְדְּךָ הַגָּדוֹל, לִפְתּוֹחַ לָהּ שַׁעֲרֵי רַחֲמִים וָחֶסֶד וְשַׁעֲרֵי גַן עֵדֶן, וּתְקַבֵּל אוֹתָהּ בְּאַהֲבָה וְחִבָּה, וּשְׁלַח לָהּ מַלְאָכֶיךָ הַקְּדוֹשִׁים לְהוֹלִיכָהּ וּלְהוֹשִׁיבָהּ תַּחַת עֵץ הַחַיִּים, אֵצֶל נִשְׁמוֹת הַצַּדִּיקִים וְהַצִּדְקָנִיּוֹת הַחֲסִידִים וְהַחֲסִידוֹת לֵהָנוֹת מִזִּיו שְׁכִינָתְךָ לְהַשְׂבִּיעָהּ מִטּוּבְךָ הַצָּפוּן לַצַּדִּיקִים: וְהַגּוּף יָנוּחַ בַּקֶּבֶר בִּמְנוּחָה נְכוֹנָה בְּחֶדְוָה, בְּשִׂמְחָה וּבְשָׁלוֹם, כְּמוֹ שֶׁכָּתוּב יָבוֹא שָׁלוֹם יָנוּחוּ עַל מִשְׁכְּבוֹתָם הוֹלֵךְ נְכֹחוֹ, וּכְתִיב יַעְלְזוּ חֲסִידִים בְּכָבוֹד יְרַנְּנוּ עַל־מִשְׁכְּבוֹתָם. וּכְתִיב אִם־תִּשְׁכַּב לֹא תִפְחָד וְשָׁכַבְתָּ וְעָרְבָה שְׁנָתֶךָ, וְתִשְׁמוֹר אוֹתוֹ מֵחִבּוּט הַקֶּבֶר וּמֵרִמָּה וְתוֹלֵעָה:

**(נִפְטָר)**

וְתִסְלַח וְתִמְחַל לוֹ עַל־כָּל־פְּשָׁעָיו, כִּי אָדָם אֵין צַדִּיק בָּאָרֶץ אֲשֶׁר־יַעֲשֶׂה־טּוֹב וְלֹא יֶחֱטָא וּזְכָר לוֹ זְכֻיּוֹתָיו וְצִדְקוֹתָיו אֲשֶׁר עָשָׂה, וְתַשְׁפִּיעַ לוֹ מִנִּשְׁמָתוֹ לְדַשֵּׁן עַצְמוֹתָיו בַּקֶּבֶר מֵרַב טוּב הַצָּפוּן לַצַּדִּיקִים, כְּמוֹ שֶׁכָּתוּב מָה רַב טוּבְךָ אֲשֶׁר־צָפַנְתָּ לִּירֵאֶיךָ, וּכְתִיב שׁוֹמֵר כָּל־עַצְמוֹתָיו אַחַת מֵהֵנָּה לֹא נִשְׁבָּרָה, וְיִשְׁכּוֹן בֶּטַח בָּדָד וְשַׁאֲנַן מִפַּחַד רָעָה, וְאַל יִרְאֶה פְּנֵי גֵי־הִנֹּם, וְנִשְׁמָתוֹ תְּהִי צְרוּרָה בִּצְרוֹר הַחַיִּים וּלְהַחֲיוֹתוֹ

**(נִפְטֶרֶת)**

וְתִסְלַח וְתִמְחַל לָהּ עַל־כָּל־פְּשָׁעֶיהָ, כִּי אָדָם אֵין צַדִּיק בָּאָרֶץ אֲשֶׁר־יַעֲשֶׂה־טּוֹב וְלֹא יֶחֱטָא, וּזְכָר לָהּ זְכֻיּוֹתֶיהָ וְצִדְקוֹתֶיהָ אֲשֶׁר עָשְׂתָה, וְתַשְׁפִּיעַ לָהּ מִנִּשְׁמָתָהּ לְדַשֵּׁן עַצְמוֹתֶיהָ בַּקֶּבֶר מֵרַב טוּב הַצָּפוּן לַצַּדִּיקִים, כְּמוֹ שֶׁכָּתוּב מָה רַב טוּבְךָ אֲשֶׁר־צָפַנְתָּ לִּירֵאֶיךָ, וּכְתִיב שׁוֹמֵר כָּל־עַצְמוֹתָיו אַחַת מֵהֵנָּה לֹא נִשְׁבָּרָה, וְתִשְׁכּוֹן בֶּטַח בָּדָד וְשַׁאֲנַן מִפַּחַד רָעָה, וְאַל תִּרְאֶה פְּנֵי גֵי־הִנֹּם, וְנִשְׁמָתָהּ תְּהִי צְרוּרָה בִּצְרוֹר הַחַיִּים וּלְהַחֲיוֹתָהּ

בִּתְחִיַּת הַמֵּתִים עִם־כָּל־מֵתֵי עַמְּךָ יִשְׂרָאֵל אָמֵן:

## אַחַר הַתְּפִלָּה אוֹמְרִים קַדִּישׁ זֶה.

**יִתְגַּדַּל** וְיִתְקַדַּשׁ שְׁמֵהּ רַבָּא. בְּעָלְמָא דִּי בְרָא כִרְעוּתֵהּ וְיַמְלִיךְ מַלְכוּתֵהּ. בְּחַיֵּיכוֹן וּבְיוֹמֵיכוֹן וּבְחַיֵּי דְכָל בֵּית יִשְׂרָאֵל. בַּעֲגָלָא וּבִזְמַן קָרִיב וְאִמְרוּ אָמֵן:

יְהֵא שְׁמֵהּ רַבָּא מְבָרַךְ לְעָלַם וּלְעָלְמֵי עָלְמַיָּא: יִתְבָּרַךְ. וְיִשְׁתַּבַּח וְיִתְפָּאַר. וְיִתְרוֹמַם. וְיִתְנַשֵּׂא. וְיִתְהַדָּר. וְיִתְעַלֶּה וְיִתְהַלָּל. שְׁמֵהּ דְּקֻדְשָׁא. בְּרִיךְ הוּא לְעֵלָּא (בעשי״ת וּלְעֵלָּא) מִן כָּל בִּרְכָתָא וְשִׁירָתָא. תֻּשְׁבְּחָתָא וְנֶחֱמָתָא. דַּאֲמִירָן בְּעָלְמָא. וְאִמְרוּ אָמֵן:

**עַל** יִשְׂרָאֵל וְעַל רַבָּנָן. וְעַל תַּלְמִידֵיהוֹן וְעַל כָּל תַּלְמִידֵי תַלְמִידֵיהוֹן. וְעַל כָּל מָאן דְּעָסְקִין בְּאוֹרַיְתָא. דִּי בְאַתְרָא הָדֵין וְדִי בְכָל אֲתַר וַאֲתַר. יְהֵא לְהוֹן וּלְכוֹן שְׁלָמָא רַבָּא. חִנָּא וְחִסְדָּא. וְרַחֲמִין. וְחַיִּין אֲרִיכִין. וּמְזוֹנָא רְוִיחֵי. וּפֻרְקָנָא מִן קֳדָם אֲבוּהוֹן דְּבִשְׁמַיָּא וְאַרְעָא. וְאִמְרוּ אָמֵן:

יְהֵא שְׁלָמָא רַבָּא מִן שְׁמַיָּא. וְחַיִּים טוֹבִים עָלֵינוּ וְעַל כָּל יִשְׂרָאֵל וְאִמְרוּ אָמֵן:

עֹשֶׂה שָׁלוֹם בִּמְרוֹמָיו. הוּא יַעֲשֶׂה שָׁלוֹם עָלֵינוּ וְעַל כָּל יִשְׂרָאֵל וְאִמְרוּ אָמֵן: